# טאַרנע

## קיום און חורבן פון א יידישער שטאָט

ארויסגעגעבען דורך לאַנדסמאַנשאַפטן פון טאַרנער יידן

תשי"ד תל-אביב 1954

צום אַנדענק פון די טאָרנער יידן
אומגעבראַכטע דורך נאַצי־מערדער
אין די יאָרן 1939—1943.

# טרנוב

## קורמה וחורבנה של עיר יהודית

בהוצאת איגודים של יוצאי טרנוב

בעריכת ועד
בראשותו של ד"ר אברהם חומט

תל־אביב תשי"ד

# אינהאלט


זייט

ארייִנפיר־וואָרט . . . . . . . . . . XI

פאָרוואָרט פונעם רעדאַקטאָר . . . . . . . . . . XVIII

ד״ר אברהם כאָמעט — צו דער געשיכטע פון יידן אין טאַרנע . . 3

**פונעם רעליגיעזן יידנטום**

אברהם כהנא־אבר״ך — טאַרנע אַ צענטער פון תורה, חסידות, ציוניזם און קולטור . . . . . . . . 189

חיים דב פרידבערג — מראשית התהוות עדת־ישראל בטרנוב, רבניה, פרנסיה, תורניה וסופריה . . . . . . 201

הרב יהודה גפן (אויסאיבל) — דאָס יידישע רעליגיעזע טאַרנע . . . . . 205

יצחק בלאַזער — אַ בליק איבערן רעליגיעזן יידנטום אין טאַרנע 215

יוסף מאַרגאָשעס — די טאַרנער קלויז . . . . . . . 225

**פונעם יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין טאַרנע**

דוד זיידען — קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע . . . . 235

ד״ר אברהם כאָמעט — יידישע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס . . 240

**דער אַנטייל פון טאַרנער יידן אין ווינסשאַפט, קונסט, ליטעראַטור און פובליציסטיק**

דניאל לייבל - ר׳ מרדכי דוד . . . . . . . . 264

ד״ר שמואל שפאַן — ד״ר לעאָן קעלנער . . . . . . . 270

ד״ר רפאל מאַהלער — יצחק שיפער . . . . . . . 282

ש ה. ברגמן — בן־ציון רפפורט וספרו „טבע ורוח״ . . . 296

בן ציון צאַנגען — בן־ציון ראַפאַפּאָרט . . . . . . . 298

ד״ר שמואל שפאַן — מתולדות חייו של אחד מראשוני הציונות . . 300

ד״ר מ. ראָזענבוש ז״ל — ד״ר מאַקס בינענשטאָק . . . . . . 302

ד״ר ישעיהו פייג — ד״ר זאב בערקעלהאַמער . . . . . . 307

בן ציון צאנגן — צרור זכרונות על המדקדק משה אהרן ויזן ז״ל . 313

ב. וויינריב — דניאל לייבל . . . . . . . . 315

וו. ברכיה — דער שרייבער יהודה יערי (יודקע וואַלד) . . . 316

ד״ר ס. שיינפעלד ז״ל — דער יונגער קאַראָל ראַדעק . . . . . 318

ד״ר אברהם כאָמעט — יידישע וויסנשאַפטלער, ליטעראַטן, קינסטלער און פובליציסטן פון טאַרנע . . . . . . 320

**ציוניזם אין טאַרנע**

ד״ר וו. בערקעלהאַמער ז״ל — טאַרנע אין דער געאָגראַפיע פון ציוניזם . . . 348

ד״ר אברהם כאָמעט — די ציוניסטישע באַוועגונג אין טאַרנע . . . . 351

יצחק ביטנער (מאַדער) — לינקע פועלי ציון אין טאַרנע . . . . . 596

| | | | זייט |
|---|---|---|---|
| יוסף שטריים | — | פועלי ציון (פאַרייניקט מיט צ.ס.) | 608 |
| ד״ר ישעיהו שפירא | — | פון „בר גיורא״ צו „גורדוניה״ | 612 |
| אברהם כהנא | — | אין יענע טעג | 615 |
| קובה פליישער | — | לקראת המחר | 618 |
| חיים הערצבערג | — | מיט דער שיף „טיגערהייל״ קיין ארץ ישראל | 622 |
| י. שפילער | — | פון טאַרנע קיין תל־אביב מיט דער עליה ב׳ | 626 |
| **זש.פ.ס. און בונד** | | | |
| יהושע לאַנדוי | — | יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי — זש. פ. ס. | 632 |
| אורן שפּאַרן | — | דער אלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד „בונד״ | 641 |
| אליעזר וואורצעל | — | פונעם יידישן אַרבעטער־קאַמף אין טאַרנע | 667 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | פונעם יידישן קולטור־וועזן אין טאַרנע | 671 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | פונעם יידישן ספּאָרט־גימנאַסטישן וועזן אין טאַרנע | 715 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | יידישע סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע הילפסטעטיקייט אין טאַרנע | 733 |
| **זכרונות, געשטאַלטן און טיפּן** | | | |
| ד״ר ישעיהו פייג | — | זכרונות | 764 |
| יוסף היימאַן ז״ל | — | פון מיינע זכרונות | 769 |
| גרשון ארגוב (ריב) | — | זכרונות בוגר הגמנסיה „שפה ברורה״ בטרנוב | 774 |
| ב. ווײַנרעב | — | פון יידישן שטייגער אין טאַרנע | 778 |
| ד״ר שמואל שפּאַן | — | וואָלף געצלער | 782 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | מאוריצי הוטער | 785 |
| זאב קימעל | — | צום אָנדענק פון מילעק שיף | 789 |
| אברהם כהנא־אבר״ך | | ר׳ לייביש יאַנאָוויצער | 792 |
| ד״ר ישעיהו פייג | — | טאַרנער טיפּן | 794 |
| ד״ר א. כ. | — | וואָלף וואַקסקערץ | 798 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | די לעצטע | 801 |
| **פיין און אומקום פונעם טאַרנער יידנטום** | | | |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | דער אומקום פון יידן אין טאַרנע | 808 |
| דבורה אברמוביץ־הורוויץ | — | די וועלט האָט געזען און געשוויגן | 871 |
| י. ליכטערמאַן | — | די לעצטע טעג פון ד״ר יצחק שיפּער | 876 |
| ד״ר בערנאַרד טעססע | — | דאָס יידישע שפּיטאָל בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע | 879 |
| רחל פּאַסטראַנג | — | רעפלעקסן | 884 |
| ד״ר דוד אייכענהאָלץ | — | מיין שטאָט — אַ בית הקברות | 887 |
| **יזכור** | | | 889 |
| ד״ר אברהם כאַמעט | — | טאַרנער יידן אין דער וועלט | 890 |
| **זוכצעטל פון נעמען** | | | 919 |

# אריינפיר־וואָרט

טאַרנע, די גרעסטע נאָך קראָקע שטאָט אין מערב־גאַליציע, איז מיין געבורטשטאָט.

איך האָב ליב טאַרנע, הגם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אַ גרופּע באַקאַנטע צו יענער צייט טאַרנער אַנטיסעמיטן און פאַרמאַסקירטע רוסאָפילן גורם געווען דערצו, אַז גאַנצע אַכט טעג האָט מען מיך געהאַלטן אין אויספאָרשונגס־אַרעסט אַלס נקמה דערפאַר וואָס כ׳האָב געהאַט מוט צו פאַרטיידיקן אַן אומשולדיק פאַרמשפּטן ייד פון ראַדאָמשיל וויעלקי, אַ שטעטל ביי טאַרנע.

איך האָב ליב טאַרנע דערפאַר, ווייל מיט דער דאָזיקער שטאָט בינדן מיך אַזויפיל טרויעריקע און פריילעכע זכרונות; ווייל אין טאַרנע בין איך געבוירן געוואָרן; ווייל דאָרט האָב איך פאַרברענגט מיינע קינדער און יוגנט־יאָרן און אָפּגעלעבט, אָן איבעררייס, כמעט צוויי דריטל פון מיין ביזאיצטיקן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער דאָזיקער צייט האָב איך נישט איין ציגל צוגעלייגט צום אויפבוי און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, באַזונדערס בנוגע דעם יידישן טאַרנע.

דערפאַר האָב איך איינגעוויליקט אָנצושרייבן אַן אַריינפיר־וואָרט אין דער פאָרם פון עטלעכע באַמערקונגען צום יזכור־בוך וואָס טאַרנער יידן, געראַטעוועטע פונעם שרעקלעכן מלחמה־פייער און צעשפּרייטע אויף דער גאַנצער וועלט, האָבן אַרויסגעגעבן צו באַערן דעם אָנדענק פון די 25.000 קדושים אונדזערע, דערמאָרדעטע אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דורך די היטלעריסטישע רוצחים. אויך האָבן מיר אין דעם בוך געוואָלט פאַראייביקן דאָס לעבן און די מעשים פונעם טאַרנער ישוב און באַווייזן, ווי טאַרנער יידן, באַגלייך מיט דער דאָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג, האָבן ביייגעשטייערט צום אויפבוי און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

ווי איינער פון די ביים לעבן געבליבענע עלטסטע טאַרנער יידן, קען איך זייער גוט די שטאָט און געדענק זי גענוי ווי זי האָט אויסגעזען נישט נאָר ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק. נאָך איצט איז פאַרבליבן אין מיין זכרון יענער וואָלקנדיקער טאָג פון חול־המועד סוכות, ווען מיין מאַמע ז״ל האָט מיך אַלס דריי־יאָריק קינד אָוועקגעפירט פונעם שמאָלן כישאָווער געסל וואו מיר האָבן געוואוינט, אין דער נישט ווייטער קאַטשקאָווסקי־גאַס, וואו ס׳האָט אין יענער געגנט זיך געפונען דאָס איינאונאיינציקע חדר פון באַוואוסטן מלמד ר׳ איטשעלע — און דאָרט מיך אָנגעדונגען אויף אַ זמן.

צו יענער צייט איז טאַרנע געווען שוואַך באַפעלקערט און ווינציק פאַרבויט. אַלס אייגנטלעכע שטאָט האָט מען דעמאָלט באַטראַכט נאָר דעם מאַרק־פּלאַץ און

די אַרומיקע גאַסן וואַלאָווע און ו.ערנאַרדינער, די איבעריקע גאַסן פונעם שפּעטער־דיקן טאַרנע האָבן באַלאַנגט צו די פאָרשטעט.

אַזעלכע פאָרשטעט זענען געווען פיר: א) „זאַבלאָטשע" פון דרום־זייט; ב) „פּאָדגוויזדווו" פון צפון־זייט; ג) גראַבּוווקע פון מזרח־זייט; ד) סטרושינע פון מערב־זייט..

אויב אין די פאָרשטעט סטרושינע און פּאָגוויזדווו האָט די צאָל יידישע איינוואוינער זיך אויסגעגלייכט מיט דער צאָל פּאָליאַקן, איז אין די צוויי איבעריקע פאָרשטעט געווען גאָר אַן אַנדער בילד: אויף דער גראַבּוווקע האָבן געוואוינט אַן ערך 80% יידן און 20% קריסטן; אויף דער סטרושינע — 10% יידן און די איבעריקע — פּאָליאַקן.

אין מיין קינדהייט האָבן מיינע עלטערן געוואוינט אויף דער סטרושינע. זיי זענען געווען אין פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט די קריסטלעכע שכנים און אויך איך האָב געהאַט אַ סך חברים צווישן די פּוילישע קינדער און אָפט באַזוכט זייערע היימען. דאָרט האָב איך זיך אָפט צוגעהערט צו די שמועסן פון די עלטערע פּאָליאַקן און איינמאָל האָב איך געהערט ווי איינער פון זיי האָט זיך באַקלאָגט:

— אַ שרעק ווי טאַרנע ווערט מיט יעדן טאָג פאַריידישט!

ווי אַ גאָר יונג קינד האָב איך דעמאָלט נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם אייגנטלעכן זין פון אַזעלכע ווערטער. ערשט שפּעטער, ווען כ'בין עלטער געוואָרן, האָב איך תופס געווען דעם מיין פון „טאַרנע ווערט פאַריידישט", וואָס האָט געמיינט — אומצופרידנקייט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג מיטן וואוקס פון דער צאָל יידישע איינוואוינער אין שטאָט.

כ וויל זיך באַמיען צו באַווייזן אויפן סאַמע אָביעקטיווסטן אופן, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג האָט מיט אומרעכט זיך באַקלאָגט אויפן ראַשיקן וואוקס פון די יידן אין שטאָט, ווייל גראָד אַ דאַנק דעם דאָזיקן וואוקס, האָט טאַרנע זיך אַנטוויקלט אויפןווירטשאַפטלעכן, קולטורעלן און פּאָליטישן געביט

אויפן סמך פון געשיכטלעכע באַשרייבונגען פון באַגלויבטע היסטאָריקער, ווי אויך אויפן סמך פון דעם וואָס עלטערע איינוואוינער האָבן דערציילט, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז נאָך אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט איז טאַרנע, לויט דער צאָל איינוואוינער און לויט דער צאָל הייזער, געווען אַ קליין, אָרעם שטעטל. ערשט אָנהויב 1880 יאָר, ווען אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַזעצן יידן אין גרעסערע צאָלן, האָט טאַרנע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים.

אַ דאַנק דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט, אונטערנעמונגס־גייסט און פלייס פון טאַרנער יידן, זענען פון די הויפּט־גאַסן קראָקאָווער און וואַלאָווע און שפּעטער פון די קלענערע גאַסן, פאַרשוואונדן די ליידיקע פּלעצער און הילצערנע הייזקעס און אויף זייער אָרט זענען אַנטשטאַנען גרויסע געמויערטע איין־און צווייִשטאָקיקע הייזער. אַלס באַווייז פונעם יידישן צושטייער צום הייזער־בוי אין טאַרנע קאָן דינען דער פאַקט, אַז אין טאָג ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָבן פון 90 ביז 95 פּראָצענט הייזער געהערט צו יידן אויף די גאַסן קראָקעווער, וואַלאָווע, בערנאַדינער, בראָדזשינסקי, גאָלדהאַמער, נאָווע, שפּיטאַלנע, קאָשאַראָווע,

ברייטע, בורעק (שוין אָפּגערעדט פון אַנדערע גאַסן, ווי: וועקסלאַרסקע און לעמבערגער).

און זאָל מען נישט פרוּוון פאַרטייטשן די דאָזיקע דערשיינונג דערמיט, וואָס יידן האָבן פאַרמאָגט געלט און דערפאַר האָבן זיי געבויט הייזער. דער וואָס איז באַקאַנט מיט די פאַרמלחמהדיקע פאַרהעלטעניִשן אין פּוילן, ווייסט, אַז אויך צווישן פּאָליאַקן זענען געווען באַדייטנדיקע גבירים. געווג צו דערמאָנען, אַז איין פירשט סאַנגושקאָ האָט געהאַט אַ גרונטסטיד פאַרמעגן ווי די מערהייט טאָרנער יידישע גבירים צוזאַמענגענומען. נישט מער, די רייכע פּאָליאַקן האָבן זייערע געלטער אַריינגעלייגט אין די בענק אָדער געבאָרגט זיי צו יידן פאַר אַ הויכן פּראָצענט, צי פאַרשווענדעט ריזיקע סומען אין אויסלאַנד אַנשטאָט צו אינוועסטירן און אַנטוויקלען די אייגענע שטאָט.

אַ דאַנק די יידן איז טאָרנע אויך געוואָרן אַ וויכטיקער האַנדעלס און אינדוסטריע־צענטער אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט. די מאַטעריעלע לאַגע פון דער שטאָט האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט. די ניי־אויפגעקומענע אונטערנעמונגען און געשעפטן, וועלכע זענען אין 95% איינגעשטאַנען אין יידישע הענט, האָבן יעדעם יאָר אַריינגעבראַכט אין דער שטאָטישער קאַסע גרויסע געלטער פאַר שטייערן און אַנדערע אָפּצאָלן, געבנדיק אויך באַשעפטיקונג עטלעכע טויזנט יידישע ווי נישט־יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. כ'וויל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען בלויז עטלעכע וויכטיקע נעמען פון טאָרנער יידן וואָס האָבן אין פאַרשידענע צייטן געגרינדעט און געפירט גרויסע האַנדלס־און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, כדי מען זאָל מיך נישט חושד זיין, אַז איך רעד סתם אין דער וועלט אַריין.

אָט זענען אייניקע פון זיי:

אַרטור שאַנצער — אויפגעבויט די ערשטע דאַמף־מיל אין טאָרנע; בעריש וויטמייער, דוד פאַסט און אברהם דאוויד — גרינדער פון דער גרויסער און איינציקער אין מערב־גאַליציע פאַבריק פון ציקאָריע. דער זעלבער אברהם דאוויד (שווער פונעם באַרימטן יידישן געלערנטן און שרייבער מרדכי־דוד בראַנדשטעטער) איז אויך געווען דער „טאַטע” פון דער טאָרנער גאַרבער־אינדוסטריע, געגרינדעט די ערשטע אין שטאָט אייל־פאַבריק, מיט וועלכער עס האָט דערנאָך אָנגעפירט מ. ד. בראַנדשטעטער מיט זיינע צוויי זין; יעקב ליכטבלאו — אויפגעבויט די ערשטע ליכט־און זייף־פאַבריק, געפירט שפּעטער דורך זיינע צוויי זין חיים־הערש און וואָלף; דוד גאָלדמאַן און עמיל בראָך — אויפגעשטעלט צוויי גרויסע דאַמף־פאַבריקן פאַר אויסברענען ציגל און קאַפליעס; אייזיק סאַפיר און מאיר עקשטיין גרינדער פון אַ טשוועקעס־פאַבריק און ציגל ברענעריי; בערנאַרד בערקעלהאַמער און יוסף הודעס — אויפגעבויט די ערשטע אין טאָרנע פאַבריק פאַר שוסטער־קאָפּיטעס, וועלכע איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איבערגענומען געוואָרן דורך ישעיהו זילבערפעניג, אין זיינע יונגע יאָרן אַ באַקאַנטער אינדוסטריעלער, וואָס איז באַרימט געוואָרן אַ דאַנק זיין ברייטהאַרציקייט און שטיצע פאַר דער אָרעמער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג; הענריק

האַלענדער און מאיר לעוו — גרינדער פון טאַרטאַקן; די פירמע מאַרמאָר און קלאַפּהאָלץ — אויפגעבויט אין טאַרנע אַ דאַמף־פאַבריק פאַר האָלץ־וואָל; אשר שוואַנענפעלד — בויער פון אַ ספירט־און ליקער־פאַבריק וואָס איז נאָך זיין טויט איבערגענומען געוואָרן דורך זיינע זין: אינזש׳ לעאָן, שאול און סאַלאָמאָן. זיי האָבן די פאַבריק פאַרגרעסערט און נאָכן איינפירן דעם מלוכהשן ספירט־מאָנאָפּאָל איז זייער ראַפינעריע געווען איינע פון די דריי גרעסטע אונטערנעמונגען אין גאַנץ גאַליציע; רייזל רובין — באַוואוסטע צדקה־געבערין וועלכע האָט די ערשטע אין טאַרנע איינגעפירט די פאַבריקאַציע פון קאָנפעקציע וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויסגעוואַקסן צו איינע פון די וויכטיקסטע בראַנזשעס אין שטאָט און געגעבן באַשעפטיקונג מערער ווי טויזנט יידישע און נישט־יידישע נאָדל־אַרבעטער און אַרבעטערינס. דאָס איז אויך צו פאַרדאַנקען דעם אונטערנעמונגס־גייסט פון אַזעלכע באַוואוסטע קאָנפעקציע־פירמעס, ווי: וואורצעל און דאַאַר, שמחה קעלער און זון, וועלטש און בעללער, יוסף קעץ און זון; ברידער בראון. א. י. כשר, דוד ציטראָנענבוים, ישראל האָכנער און לאזער האָכנער האָבן אַנטוויקלט די וועש־פאַבריקאַציע; מאיר זילבערשטיין, הערמאַן קליין און די פירמע קינבערג און ווייס האָבן אין טאַרנע געגרינדעט פאַבריקן פון פילץ־הוטן וואָס זענען עקספּאָרטירט געוואָרן אין די באַלקאַנישע לענדער.

אויב טאַרנע האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַזאַ בכבודיקן אָרט אין די האַנדלס־קרייזן איז עס צו פאַרדאַנקען אַזעלכע אונטערנעמונגען, ווי: יואל שפּיגעל, טאָרן און גאַשגע, אביגדור פייוול. ברידער מאַנטעל, קאַץ און פליישער, משה פריס און ישראל בעלער (מאַנופאַקטור־בראַנזשע), יצחק קאַפּעלנער און מענדל הערצבאום (טעקסטיל סחורות), אפרים עדעלשטיין, אברהם לעדער, יוסף שיף, שראל פאָרשירם, שכנא אַניספעלד, צינס און ערליך, ברידער אָפּנער און עדוואַרד שוואַגער (אייזן־בראַנזשע); יצחק בראַנדשטעטער און זון, חיים זינגער און זון, יוסף זינגער (פּערל און בריליאַנטן עקספּאָרט); אהרון סאַפיר (האָלץ־עקספּאָרט); גימפּל שנופּטאַבאַק, פייוול בלאַזער, מעכל פעלבער און יוסף שמערץ (הורט־האַנדל מיט לעדער); הערש וויטמייער, לאָזער באום, משה קאַנעגיסער און אברהם סאַפיר (קאָלאָניאַל סחורות); גוטמאַן גרינפעלד און גוטמאַן זאַמער (הורט האַנדל פון מעל און תבואה־אָפּפאַל); משה רובין, שלמה ליאָן, דורסט און רובין און ישראל פאָלטער (עקספּאָרט פון אייער און פוטער).

אויפן סמך פון די אָפיציעלע ביכער און דאָקומענטן פון דער האַנטווערקער קאַמער, איז אין שטאָט נישט געווען קיין איין פאַך (מיט זעלטענע אויסנאַמען) וואו יידן זאָלן נישט פאַרטרעטן מיט 50% ביז 90%, בעת אין קאַמאַשנמאַכעריי, גלעזעריי און קירזשנעריי איז דער יידישער אָנטייל געווען אויף פולע 100%.

ווען מ׳האָט אָנגעהויבן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע לטובת דער קאָאָפּעראַטיווער

באַוועגונג, זענען דורך טאַרנער יידן געגרינדעט געוואָרן אין שטאָט די ערשטע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון: „עסקאָנטע געזעלשאַפט פאַר האַנדל און אינדוסטריע", „עסקאָנטע געזעלשאַפט" און „טאַרנער באַנק־געזעלשאַפט", וועלכע האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט טאַרנער יידישע סוחרים צו באַקומען קרעדיט אויף אַ קליינעם פּראָצענט. אויסער דעם זענען דורך טאַרנער יידן אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ריי וואוילטעטיקע אינסטיטוציע׳ס און פאַריינען צו באַדינען די אָרעמע באַפעלקערונג. די דאָזיקע אַנשטאַלטן זענען געווען אַ מוסטער פאַר דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אויף דעם געביט אונטערגענומען געוויסע שריט צו העלפן זייערע נויטבאַדערפטיקע מענטשן.

גרויס איז געווען דער אָנטייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע אין די באַמיאונגען צו פאַרבעסערן דעם סאַניטאַרן און געזונטהייטס־מצב פון דער שטאָט. אַ דאַנק דער באַדייטנדיקער הילף פון דער פאַמיליע מאשלער, איז אין די פריע יאָרן אויפגעבויט געוואָרן אין טאַרנע אַ יידיש שפּיטאָל און זקנים־הויז, וואָס איז שפּעטער איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער קהילה. אינעם שפּיטאָל האָבן געאַרבעט אַזעלכע מעדיצינישע כוחות ווי: ד״ר לעאָן שיצער, פרוי ד״ר בלאָך־מערץ און ד״ר עוגעניוש שיעפּר, און ס׳איז געווען אויסגעשטאַט מיט די נייעסטע מכשירים און אַ רענטגען־קאַבינעט, ווי אויך מיט אַ ספּעציעלן אָפּעראַציע־זאַל און קעמפּעטאָרין־אָפּטיילונג. דאָס אַלץ איז געשטאַנען צום דינסט פון דער גאַנצער טאַרנער באַפעלקערונג, יידן ווי פּאָליאַקן, ווי אויך דער אַרומיקער סביבה (כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אפילו דאָס מלוכהשע שפּיטאָל און די קראַנקן־קאַסע האָבן נישט געהאַט אַזעלכע איינריכטונגען).

אויך אויפן קולטור־געביט האָבן טאַרנער יידן צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטוען. מיט אייגענע מיטלען האָבן זיי געגרינדעט און אויסגעהאַלטן אַ גאַנצע נעץ קולטור־פאַריינען און אינסטיטוציעס, טעטיקע אויף אַלע געביטן פון קונסט, ליטעראַטור און געזעלשאַפט, מיטן איינאָרדנען עפנטלעכע רעפעראַטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען און מוזיקאַלישע אָוונטן. די אויסגעצייכנטע מוזיקער ס. באַו און אובער האָבן אין טאַרנע געגרינדעט אַ מוזיק־שול. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן און מיט אייגענע מיטלען אויסגעהאַלטן געוואָרן אַ לייען־זאַל און ביבליאָטעק, צוטריטלעך פאַר אַלע טאַרנער איינוואוינער. די דאָזיקע ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט איבער 10.000 ביכער פון אַלע געביטן: ליטעראַטור, קונסט, וויסנשאַפט אין דער העברעאישער, יידישער, פּוילישער און דייטשער שפּראַך.

מיט אייגענע מיטלען איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַלגעמיינע העברעאישע שול און גימנאַזיע פאַר יידישע קינדער, וועמענס עלטערן האָבן נישט געקאָנט צי נישט געוואָלט שיקן זייערע קינדער אין די אַלגעמיינע מלוכהשע שולן. דער אַלגעמיינער ניוואָ פון די העברעאישע לערן־אַנשטאַלטן אין טאַרנע איז געווען אַזוי הויך, אַז נאָך פיר יאָר עקזיסטענץ האָט די פּוילישע שול־מאַכט געגעבן דער העברעאישער שול די רעכט פון אַ מלוכהשער שול.

אויך אין דער אַדוואָקאַטור און דאָקטוירים־פאַך זענען טאַרנער יידן געווען שטאַרק פאַרטרעטן און פיל בייגעטראָגן צו דער שטייגערונג און באַדייטונג אין די געביטן, בפרט נאָך, אַז פון זיי זענען אַרויסגעוואַקסן אַזעלכע פּערזענלעכקייטן,

ווי אַדוו׳ ד״ר אליהו גאָלדהאַמער, באַוואוסט נישט נאָר אין טאָרנע, נאָר אפילו אין ווין אַלס אויסגעצייכנטער פאַרטיידיקער און גוניטער קענער פון שטראָף־רעכט; ד״ר לעאָן שיצער, מיט זיינע ברייטע מעדיצינישע קענטעניש, אַלגעמיינער הויכער בילדונג איז געווען זייער באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג אין טאָרנע און סביבה.

אַ דאַנק אַזעלכע יידן ווי ד״ר לעאָן קעלנער (געשטאָרבן אין יאָר 1929 אין ווין), וועלכער איז געווען עסטרייכישער האָפראַט און אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר פאַר ענגליש, — אָדער סטעפאַן אובער, פּראָפעסאָר פון דער דרעזדנער מלוכהשער קאָנסערוואַטאָריע ביז היטלערס ממשלה (לעבט איצט אין ניו־יאָרק און איז וועלט־באַרימט אַלס קינסטלער אין טשעלאָ־מוזיק) — איז טאָרנע באַרימט געוואָרן אין דער גרויסער וועלט און געשאַפן דער שטאָט פיל חשיבות און אָנזען.

אין דער טאָרנער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן דעם אַמט פון וויצע־בירגער־מייסטער אַ סך יאָרן פאַרנומען די יידן: ד״ר אליהו גאָלדהאַמער, דערנאָך — יוליוש זילביגער און צום סוף — ד״ר הערמאַן מיץ. ד״ר אַדאָלף רינגעלהיים איז אַ צייט געווען וויצע־מאַרשאַלעק פונעם טאָרנער קרייז. אין זייער מוניציפּאַלער טעטיקייט האָבן די אויבנדערמאָנטע יידן זיך אויסגעצייכנט מיט ערנסטקייט, ערלעכקייט, פּינקטלעכקייט און אָביעקטיוויטעט, דינענדיק דער גאַנצער באַפעלקערונג.

טאָרנער יידן זענען אין דער גרעסטער מערהייט נישט געווען קיין פאַנאַטיקער ווי גלויביקע מענטשן, זענען זיי געווען טריי דער אמונה פון זייערע עלטערן און געטרוי אָפּגעהיטן אַלע געבאָטן פון דער תורה, אפילו ווען דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסן מאַטעריעלן שאָדן (באַזונדערס ביים אָפּהיטן די שבת־רו). און נישט איינמאָל זענען מיר געווען עדות, ווען ריכטער און גלחים האָבן די יעניקע פּאָליאַקן וואָס האָבן נישט אָפּגעהיטן דעם זונטיק־רו, אָנגעוויזן אויף די פרומע טאָרנער יידן און גערופן נעמען פון זיי אַ ביישפּיל. ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס דאָס טאָרנער יידנטום האָט פון אייגענע פאָנדן אויפגעשטעלט אַ שול, איינע פון די עלטסטע אין פּוילן, באַקאַנט אַלס „די אַלטע שול״. ווען די צאָל יידן אין שטאָט האָט זיך באַדייטנדיק פאַרגרעסערט, איז נאָך שווערער מי און אַרבעט אויף דער נאָוואַ־גאַס אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע שול וואָס האָט מיט איר אויסערלעכן אויסזען און אינערלעכער איינריכטונג אימפּאָנירט אַלעמען. די קופּל פון דער שול איז געווען כמעט אַזוי הויך ווי די קאַטעדרע און מען האָט זי געזען ווייט אונטער דער שטאָט — אַן אָנזאָג יעדן גלויביקן ייד וואָס האָט זיך דערנענטערט צו טאָרנע, אַז דאָ איז אַ שטאָט וואו יידן שעמען זיך נישט מיט זייער יידישקייט, נאָר אדרבא, זיי ווילן אויף אַ בכבודיקן אופן דערוויזן, אַז די דאָזיקע שול, די פאַר־קערפּערין פון זייער אמונה, איז אַזוי הויך און האָט דיזעלבע באַדייטונג און דעם־זעלבן כבוד ווי דער צלם אויף דער קאַטעדרע, דער סימבאָל פון דער קריסטלעכער רעליגיע.

די אויבנדערמאָנטע קורצע פאַקטן און ביישפּילן אילוסטרירן אַמבעסטן ווי טאָרנער יידן, בעסטיאַליש דערמאָרדעט דורך די היטלעריסטישע רוצחים, האָבן ביי־געטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און וואוקס פון דער שטאָט. אויך פון דעם שטאַנד־פּונקט האָט דאָס איצטיקע יזכור־בוך צו דערפילן אַ וויכטיקע אויפגאַבע!



כ׳האָב אַמאָל אין אַ בוך איבערגעלייענט אַזאַ געדאַנק ; „מוט איז די טוגנט פון דער יוגנט, האָפענונג — דער מיליאָן פאַר אָרעמע״.

ס׳האָט זיך אומבאַדינגט געפאָדערט זייער פיל מוט, כדי אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען, אָן דער מינדסטער אויסזיכט צו דיספּאָנירן מיט וועלכן ס׳איז היסטאָרישן מאַטעריאַל און געלט־מיטלען צוצוטרעטן אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך וואָס זאָל אין זיך אַריינגעמען די געשיכטע און אומקום פון טאַרנער יידנטום. און גראָד ד״ר אברהם כאַמעט, אַ קינד פון טאַרנע, און דוקא נישט אַזוי זייער יונג, האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ קוואַל פון מוט, אייגנטימלעך נאָך פאַר יונגע מענטשן, און אין די סאַמע שווערסטע פערזענלעכע באַדינגונגען, ווען ער איז אַלס פליט צוזאַמען מיט זיין פרוי, צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד אויף דער חרובער פוילישער ערד, אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, אין אַ זייער שווערער מאַטעריעלער לאַגע און גייס־טיקער דעפּרעסיע, האָט ער גלייך אָנגעהויבן טראַכטן אויף וועלכן אופן צו שילדערן דאָס שרעקלעכע אומגליק פון טאַרנער יידן.

נאָך שווערע און לאַנגע באַמיאונגען האָט ער געהאַט צו פאַרצייכענען אַ געוויסן דערפאָלג, אין איינזאַמלען און אויסגעפינען פאַרשידענע מאַטעריאַלן. נאָך עטלעכע יאָר אינטענסיווער אַרבעט פון ד״ר א. כאַמעט, וועלכער האָט נישט נאָר אויפגעהויבן דעם געדאַנק פון שטעלן אַ מצבה דעם אומגעקומענעם טאַרנער יידנטום, נאָר איז אויך געשטאַנען בראש פונעם רעדאַקציע־קאָמיטעט און אַליין אָנגעשריבן ביי אַ 75% פונעם בוך, דערשיינט איצט דאָס יזכור־בוך פונעם טאַרנער יידנטום.

קומט אים טאַקע אַן אויפריכטיקע און טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דער איידעלער איניציאַטיוו און קרבנותפולער אַרבעט. אינעם נאָמען פון די טאַרנער יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן וועלכע געבן אַרויס דאָס יזכור־בוך, דערלויב איך מיר אויף דעם וועג אויסצודריקן דעם ד״ר אברהם כאַמעט די פולסטע אָנערקענונג און אַ האַרציקן יישר־כוח.

און צום סוף — הגם איך געהער נישט צו די גאָר אָרעמע און כאָטש כ׳פאַרמאָג אויך נישט דעם „מיליאָן״ — האָב איך די פולסטע האָפענונג, אַז :

א) ס׳וועט זיך נישט געפונען קיין איין ייד וואָס שטאַמט פון טאַרנע, אָדער וואָס זיינע עלטערן האָבן געהאַט א שייכות צו טאַרנע, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל זיך נישט געפונען ביי אים אין שטוב ;

ב) אַז דאָס דאָזיקע יזכור־בוך וועט איבערגעזעצט ווערן אויף אַנדערע לשונות, און בפרט אויף עברית (אויב די השגחה וועט דערלויבן — נאָך ביי מיין לעבן) ;

ג) אַז מיינע טאַרנער לאַנדסלייט וואָס האָבן מיר געהאָלפן אין דער ביזאיצ־טיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט לטובת דעם טאַרנער יידנטום, וועלן אַלץ טאָן, כדי מיינע אויבן אויסגעדריקטע האָפענונגען זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן.

חיפה, אויגוסט 1954

**ד״ר שמואל שפאַן**

# פאַרוואָרט פונעם רעדאַקטאָר

נאָך זייענדיק אין רוסלאַנד אַלס פּליטים, האָבן מיר שוין פיל געהערט וועגן שוידערלעכן אומקום פונעם פּוילישן יידנטום. מיר האָבן אָבער נישט געוואוסט דעם גאַנצן אמת. יעדער פון אונדז האָט נאָך געלעבט מיט דער האָפענונג צו טרעפן דאָרט אַ לעבעדיקן קרוב, אַ פריינט צי חבר. מיר האָבן געבענקט נאָך אונדזער היים, נאָך דעם שפרודלדיקן און שעפערישן יידישן לעבן אין טאַרנע.

אין די רעפּאַטריאַנטן־עשאַלאָנען פון רוסלאַנד, אויפן וועג צוריק קיין פּוילן, האָט אונדז נאָך אַלץ נישט פאַרלאָזט דער גלויבן, אַז אין דער אַלטער טאַרנער היים וואַרט אויף אונדז אַ נייע אויפבוי־אַרבעט, עס וואַרט די יידישע קהילה, יידישע שולן, יידישע ביבליאָטעקן און אַלע איבעריקע נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע יידישע אינסטיטוציעס. מיר האָבן געוואוסט, אַז אַ שרעקלעכער שטורעם איז אַדורך איבער טאַרנע, אָבער ס'איז נאָך אַלץ נישט אויסגעלאָשן געווען דער לעצטער פונק פון האָפענונג, אַז ער האָט בלויז אונטערגעבראָכן די צווייגן, און דער שטאַם איז געבליבן.

מיר האָבן געגלויבט...

אין טאַרנע האָבן מיר אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ טאָטאַלן חורבן. קיין שריד און פּליט איז נישט איבערגעבליבן, אויסער חורבות און מויערן־סקעלעטן אינעם יידישן קוואַרטאַל, דערשראָקענע און אויסגעהונגערטע רעשטלעך פון די וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין בונקערס און באַהעלטענישן, און דער בית־עולם מיט פיל איבערגעקערטע מצבות.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע טאַרנע אין דער מיט 1946 — אַ שרעקלעכער קאָשמאַרפולער בית־הקברות וואו ס'איז דורכגעפירט געוואָרן די מאַסן־רציחה. אויף אַזאַ בית־הקברות האָט נאָך קיינער נישט באַוויזן צו בויען אַ לעבן. און דער ערשטער געדאַנק איז געווען: אַנטלויפן, וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון די חורבות, איינגעטונקענע אין בלוט פון אונדזערע נאָענסטע.

אָבער אין די טיפענישן פון דער נשמה האָט אַלץ געעגבערט אַ געדאַנק, אַז פונעם 500־יאָריקן טאַרנער יידישן ישוב וועט נישט בלייבן די מינדסטע שפור, אַז ס'וועט אָפּגעווישט ווערן דער זכר פון אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען פון די פריערדיקע דורות, זייערע טרוימען און האָפענונגען, זייערע נצחונות און מפּלות אינעם קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן. די מאָנענדיקע פראַגע האָט נישט אָפּגעלאָזט קיין איין מינוט: וואָס הייסט? וועט די אַלטע, הערלעכע יידישע קהילה פאַרגעסן ווערן? זאָל מיטן אָפּרוימען די חורבות אינעם יידישן קוואַרטאַל

אויך פֿאַרשווינדן דער אָנדענק פֿון דער פֿאַרפֿייניקטער יידישער באַפֿעלקערונג אין טאַרנע, וועלכע האָט פֿאַרפֿולט די מאַסן־קבֿרים און די היטלעריסטישע טויט־פֿאַבריקן?

דער ענטפֿער איז געקומען. ס׳איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די טאַרנער קדושים דאַרף געשטעלט ווערן אַן אייביקער דענקמאָל אין דער פֿאָרם פֿון אַ יזכּור־בוך. כ׳האָב געפֿילט, אַז אויף מיר, דעם לעצטן פֿאָרזיצער פֿון דער יידישער קהילה אין טאַרנע, ליגט דער דאָזיקער הייליקער חובֿ.

דער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן, אָבער ווי אַזוי פֿירט מען אים אַדורך? אין גאַנץ טאַרנע איז נישט פֿאַרבליבן קיין ברעקל פּאַפּיר וואָס זאָל דערציילן וועגן אַמאָליקן יידישן לעבן. די פּראָטאָקאָלן פֿון דער קהילה, פֿון געזעלשאַפֿטן, שולן, פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, יידישע צייטונגען, די אָרטיקע אַקטיווע טוער — אַלץ איז אַראָפּגעשווענקט געוואָרן דורכן היטלעריסטישן מבול. בלויז אויף איין אָרט, אין דעם בית־המדרש וואָס איז נאָך דער באַפֿרייאונג איינגעאָרדנט געוואָרן אין איינעם פֿון די זאַלן אין זאַלדינגערס האָטעל אויף דער גאָלדהאַמער־גאַס, זענען אין אַ ווינקל פֿאַריתומט געלעגן איינצלנע בלעטער פֿון אַלטע הייליקע יידישע ספֿרים, דער איבערבלייב פֿון די 25.000 טויזנט טאַרנער יידן.

כ׳האָב דעריבער אָנגעהויבן זוכן מאַטעריאַלן פֿאַרן יזכּור־בוך אויפֿן בית־עולם, אין די געריכט־אַקטן, אין פּוילישע ביבליאָטעקן, ביז כ׳האָב אַנטדעקט אַ טייערן אוצר אין דער ביבליאָטעק פֿון יאַגעלאָנער אוניווערזיטעט אין קראָקע: עלף געבונדענע קאָמפּלעטן (יאָרגענג) פֿון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" („יידיש וואָכנבלאַט"), וועלכער איז דערשינען אין טאַרנע פֿון יאָר 1928 אַלס אויסגאַבע פֿון דער דאָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָרט האָב איך אויך געפֿונען די יאָרגענג פֿון קראָקעווער „נאָווי דזשעננניק" און אַנדערע מאַטעריאַלן וואָס האָבן מיך געפֿירט צו ווייטערדיקע מקורות וועגן טאַרנער יידנטום. ערשט איצט האָב איך געקאָנט צוטרעטן צו אַ געניטערער אָנזאַמלונג פֿון מאַטעריאַל, אויפֿנעמען גבֿית־עדות, אַריינבליקן אין דאָקומענטן.

עס איז שווער געווען אַנצווענדן דעם אָנגעהויפֿטן מאַטעריאַל, ווייל מיין אויפֿגאַבע איז געווען נישט נאָר צו באַשרייבן דעם מאַרטירער־טויט פֿון טאַרנער יידנטום, נאָר אויך פֿאַראייביקן עס פֿון די פֿריסטע יאָרן אָן. מיין שטרעבונג איז געווען, אַז אינעם פּלאַנירטן בוך־מאָנומענט, זאָל מיט גאָלדענע אותיות פֿאַרשריבן ווערן די יידישע אונטערנעמערישקייט אין טאַרנע, דער געראַנגל פֿון טאַרנער יידן פֿאַר רעכט אויף לעבן און רעכט אויף אַרבעט. כ׳האָב געוואָלט, אַז דער מאָנומענט זאָל עדות־זאָגן וועגן דעם צושטייער פֿון טאַרנער יידן צום אוצר פֿון דער יידישער און אַלגעמיינער קולטור, ער זאָל דערציילן וועגן אָנטייל פֿון אונדזערע יידן אינעם פּראָצעס פֿון אויספֿאָרמירן דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין און זייערע אָנשטרענגונגען און צושטייער צום אויפֿבוי פֿון אַן אייגענער היים אין ארץ־ישׂראל. מיין ווילן איז געווען, אַז דער דאָזיקער דענקמאָל זאָל אָפּשפּיגלען אַלע דערשיינונגען אינעם טאַרנער יידישן לעבן, פֿון אַלע שיכטן און קרייזן, פֿון יעטוועדער געזעלשאַפֿטלעכער און סאָציאַלער טעטיקייט. אָבער גלייכצייטיק האָב איך זיך אָפּגעגעבן

אַ דין־וחשבון, אַז „כ׳שאַץ די כוחות לויטן פאַרמעסט", ווייל ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ס׳פעלט מיר דאָך די פעאיקייט און דערפאַרונג צו באַנוצן זיך מיט היסטאָרישן מאַטעריאַל און צו שרייבן געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונגען.

איצט, נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע מיפּולע אַרבעט, בעט איך אַנטשולדיקונג ביי די פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, וואָס כ׳האָב זיך אַריינגעלאָזט אין זייער אַרבעטס־געביט, ווייל אָן שום ספק האָב איך עובר געווען נישט אויף איין געזעץ פון אמתער געשיכטע־שרייבעריי...

אַלס מילדערנדיקן אומשטאַנד זאָלן זיי נעמען דעם פאַקט, וואָס מיין איינציקער מאָטיוו איז געווען — צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דעם אַזוי מיר טייערן טאָרנער יידנטום. כ׳האָב געאַרבעט איבער דעם יזכור־בוך אַזוי וי ס׳האָט מיר דיקטירט מיין האַרץ און פאַרשטאַנד. די דאָזיקע הייליקע אַרבעט האָב איך אָנגעהויבן נאָך אין קראָקע אין יאָר 1946, פאָרטזעצנדיק זי אין פאַריז אין יאָר 1948, און (נאָך אַ לענגערן איבעררייס) פאַרענדיקט זי ערשט אין ישראל, אַ דאַנק דער הילף פון אַ גרופּע פריינט פון רעדאַקציע־קאָמיטעט, וועלכע האָבן אין שווערע פאַר מיר מאָמענטן, צוגעגעבן מוט און אויסדויער צו פאַרענדיקן דאָס בוך

כ׳האָב אויך פיל צו פאַרדאַנקען די עצות און הילף פון אַזעלכע געניטע פובליציסטן, ווי א. וואָלף־יאַסני, און דער עיקר — די פריינט דניאל לייבל און דוד שטאָקפיש, וועלכע האָבן נישט געקאַרגט קיין מי און אָנשטרענגונג אריבערצופירן אין יידיש דעם גרעסטן טייל מאַטעריאַל פון בוך, געשריבן נישט אין יידיש. כ׳וויל זיי דאָ אויסדריקן אַ דאַנק און אָנערקענונג. און אויב אין טעקסט האָט זיך דאָ צי דאָרט פאַרוואַלגערט ערגעץ אַ פעלער, זענען נישט זיי דערין שולדיק.

צום סוף וויל איך אויך אויסדריקן אַ דאַנק די אַלע וועלכע האָבן מיר געדינט מיט ידיעות, דאָקומענטן, ביכער און פאָטאָגראַפיעס. אַ באַזונדערן דאַנק די חשובע מחברים וועלכע האָבן מיט זייערע אַרבעטן צוגעהאָלפן באַרייכערן דאָס יזכור־בוך.

כ׳האָב מיטן בעסטן ווילן און כוח אויסגעפירט אַ וויכטיקע אויפגאַבע מיטן פאַראייביקן דעם אַמאָל הערלעכן יידישן ישוב אין טאָרנע. נישט נאָר טאָרנער יידן וועלן דאָרט געפינען מאַטעריאַל וועגן זייער שטאָט און די אַמאָל לעבעדיקע יידן, נאָר אויך צוקונפטיקע היסטאָריקער און פאָרשער, וואָס וועלן זוכן מאַטעריאַל איבערן אָפּגעווישטן יידישן לעבן אין פוילן, וועלן אין דעם בוך קאָנען האָבן אַ באַשיידענעם ביישטייער.

**ד"ר אברהם כאמעט (חומט)**

ד״ר אברהם באָמעט

# צו דער געשיכטע פון יידן אין טאַרנע

# I

## פון די עלטסטע צייטן ביז דער טיילונג פון פוילן

### 1

כדי צו האָבן א געהעריקע פארשטעלונג וועגן לעבן פון יידן אין טאָרנע פון די סאמע עלטסטע צייטן, מוז מען זיך באקענען מיט דער געשיכטע פון דער שטאָט גופא, איר אנטשטייאונג און אנטוויקלונג. דער וואָס האָט א לענגערע צייט געלעבט אין דער דאָזיקער שטאט, וועט זיכער געדענקען דעם טייך ביאַלאַ, וועלכער פאלט אריין אין דונאיעץ נישט ווייט פון טאָרנע, און דעם בארג פון הייליקן מאַרטשין (384 מעטער די הויך), וועלכער דאמינירט איבער דער שטאט און בילדעט דעם לעצטן ראנד פון סאַנדזער־קאַרפּאַטישן פאָרבאַרג.

ארום דעם דאָזיקן בארג האָט זיך אין אָנהויב גרופּירט דאָס לעבן פון דער געגנט. נאָך אין די פּאָרהיסטאָרישע צייטן איז צופיסנס פון באַרג, ביים טייכל וואָנטאָק — א צופלוס צו דער ביאלע, אנטשטאנען א ישוב מיטן נאָמען טאָרנע (טארנווו). מיט דעם דאָזיקן נאָמען טרעפן מיר זיך צום ערשטן מאָל אין אַ רשימה פון גיטער, וואָס האָבן געהערט צום באַזיץ פון די בענעדיקטינער אין טיניעץ, אין יאר 1105. אינעם פעריאד פון איינטיילן פוילן אויף איינצל־חלקים, נאָכן טויט פון קעניג באָלעסלאַוו קזשיוואָאוסטי (1138), האָט טאָרנע געהערט צום סאנדאמירער פירשטנטום און איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרעסער דאָרף.

אָנהויב פערצנטן יארהונדערט איז א העלפט פונעם דארף געווען דאָס אייגנ־טום פון קראָקעווער וואָיעוואָדע ספּיצימיעזש, וועלכער האָט געשטאַמט פון די טאַרנאָווסקיס און מעלשטינסקיס, בעת די צווייטע העלפט פון דאָרף האָט געהערט צו לעאָנארדן, א זון פון פּאָלאַניעצער קאַשטעלאַן דזיערזשיסלאוו, אָפּשטאַם לאָבענדזש, וועלכער האָט פאַרמאָגט נאָך גיטער ארום טאָרנע.

ספּיצימיעזש, וועלכן מען האָט אויך גערופן ספּיטעק פון מעלשטין, האָט אין יאָר 1327, מיטן הסכם פון קעניג וולאַדיסלאַוו לאָקיעטעק, דערוואָרבן פאַר זיך די צווייטע העלפט דאָרף און גאנץ טאָרנע איז געוואָרן זיין אייגנטום. לעבן דעם דאָזיקער טאָרנע, וואָס האָט געהייסן „גרויס", איז שוין דעמאָלט געווען א שכנותדיק דאָרף מיטן נאָמען קליין טאָרנע, וואָס האָט אויך געהערט צו ספּיצי־מיעזשן.

דער קעניג וולאַדיסלאַוו לאָקיעטעק האָט אין דער פּריווילעגיע פון 7־טן מערץ 1330 יאר, ארויסגעגעבן אין קראקע, דערהויבן דאָס דאָרף גרויס־טאָרנע



דער שלאָסבערג און די חורבות פונעם אַלטן שלאָס.

צו דער מדרגה פון א שטאט, געבנדיק אים די רעכט און איינריכטונג וואָס עס האָט דעמאָלט געהאַט קראָקע. באַזונדערס איז אים צוגעטיילט געוואָרן דאָס רעכט פון אייגענער פאַרוואַלטונג לויטן מערב־דייטשן סטאַטוט. די שטאָטישע מאַכט האָט באַלאַנגט צום בירגערמייסטער מיט א ראט; דאָס געריכט־וועזן — אין די הענט פון וואויט און זיבן לאווניקעס, דערוויילטע אויף א צייט פון איין יאר. פון דער יוריסדיקציע פונעם שטאָטישן געריכט, אינעם דערמאנטן צוזאמענשטעל, זענען געווען אויסגעטיילט: פריוואטע שטרייטן צווישן שטאָטישע איינוואוינער מיט דער שטאָט גופא, עניינים פון שטאָטישע „רייצעס" (ראטמענער) און עניינים פון טאַרנער יידן. די אלע פראגן זענען געווען אונטערגעוואָרפן דער יוריסדיקציע פון שלאָס, ד.ה. די הערשער פון טאַרנע. די דאָזיקע באַגרעניצונגען אינעם שטאָטישן געריכט־וועזן האָבן אָנגעהאַלטן ביזן יאר 1643, ווען יאַן זאַמאָיסקי האָט פאַראָר־דנט זיי אַריבערצופירן אין דער קאָמפּעטענץ פון דער שטאָטישער יוריסדיקציע.

דער אייגנטימער פון טאַרנע, ספּיטעק פון מעלשטין, האָט אַ סך געזאָרגט דערפאר, אז די שטאָט זאָל אויסגעברייטערט ווערן. אין יאר 1340 האָט ער אויפ־געבויט אַ פאַרטיידיקונגס־שלאָס און די שטאָט אַרומגערינגלט מיט מויערן, שוץ־וואלן און א ברייטן קאנאל. די מויערן און שוץ־וואלן האָבן זיך געצויגן לענגאויס דער היינטיקער וואַלאָווע־גאס פון איין זייט, און די גאסן בערנאַרדינער און טאַר־גאווע — פון דער צווייטער זייט. נאָך איצט זענען פארבליבן חורבות פונעם שלאס אויפן בארג פון הייליקן מארטשין. טיילן פון די מויערן און באַשטעס קאָן מען נאָך איצט טרעפן אויף דער וואַלאָווע גאס (אין די הייזער נומ' 19 און 23, לעבן דער קאטעדרע).



דער מאַרק אין טאַרנע (פאָטאָגראַפירט פאַר דער מלחמה פון ד"ר ישעיהו פייג)



דער ראַטהויז אין טאַרנע



דער אריינגאַנגס־טויער צום ראַטהויז
אין טאַרנע



די יידישע גאַס אין טאַרנע (אוליצאַ זשידאָווסקאַ)

א באַזונדערע מויער האָט אָפּגעצוימט דעם צענטער שטאָט פון די פאָרשטעט, און אויף צו דערמעגלעכן א פאַרבינדונג צווישן זיי, זענען אין די מויערן געווען גרעסערע טויערן, וועלכע מען האָט גערופן: דאָס קראָקעווער און דאָס פּילזנער. טירלעך און קלענערע טויערן זענען געווען 15.

אין צענטער שטאָט האָט זיך געפונען א פּירעקיקער מארק מיט פיל קראָמען און געשעפטן. אינמיטן מאַרק — דאָס ראָטהויז־געביידע מיט אַ טורעם. דאָס ראָט־הויז איז געבויט געוואָרן אין 14־טן יאָרהונדערט, אין גאָטישן סטיל. די עלטסטע גאַסן אין טאַרנע זענען געווען: די יידישע גאַס (זשידאָווסקאַ) און די וועקסלער־גאַס (וועקסלאַרסקאַ). צו די ערשטע איינוואוינער האָבן געהערט פּאָליאַקן, דייטשן און אַ קליינע צאָל יידן. דייטשע קאָלאָניסטן האָט אָהער געבראַכט ספּיצימיעזש. די דאָזיקע קאָלאָניסטן האָבן זיך גאָר שנעל פּאָלאָניזירט. אין זעכצנטן יאָרהונדערט זענען זיי שוין אַלע געווען פּאָליאַקן.

## 2

ד״ר יצחק שיפּער, דער באַוואוסטער היסטאָריקער, וואָס איז געבוירן געוואָרן, געלעבט און געשאַפן אין טאַרנע, האָט געהאַלטן, אַז עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן קיין גענויע דאַטע בנוגע דעם אריינקום פון די ערשטע יידן אין שטאָט. אויפן סמך פון זיינע אויספאָרשונגען האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז אין די



די אַלטע זאַקאַנטאַ גאַס וואָס האָט געפירט צום פּילזנער טויער

דאָקומענטן פון דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט, איז נישט פאַראַן קיין שום אָנדייטונג וועגן יידן. לויט זיין מיינונג האָבן יידן זיך באַזעצט אין טאָרנע ערשט אין דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן י״ה. אין יאר 1631, ווען מיט דער שטאט האָט אָנגעפירט וולאדיסלאוו דאמיניק, טרעטן שוין יידן ארויס אלס ארגאניזירטע קהילה, מיט אַן אייגן בית־המדרש, בית־עלמין, און באַוואוינען 12 הייזער, וואָס צו יענער צייט האָט עס געהייסן א גרויסע צאָל.

ד״ר י. לעניעק, געוו׳ דירעקטאר פון דער צווייטער טאָרנער גימנאזיע, האָט אין יאָר 1911 פאַרעפענטלעכט אַ בוך א״נ „די געשיכטע פון דער שטאָט טאָרנע״, וואו ער גיט איבער, אַז לויט די באַשלוסן פון סינאָד אין דרייצנטן יאָרהונדערט, האָבן יידן אין טאָרנע געמוזט וואוינען אין א באזונדערן ראיאן, אָפגעטיילט פון דער קריסטלעכער געגנט מיט א מויער, שוץ־וואַל אָדער קאנאל. יורידיש זענען יידן געווען אונטערגעאָרדנט דער ערשטער אינסטאַנץ פון שלאָס־געריכט און דער העכערער געריכט־אינסטאַנץ פון סאַנדאָמירער וואָיעוואָדע. לויט דער מיינונג פון ד״ר לעניעק, האָבן טאָרנער יידן זיך פאַרנומען אין אָנהויב דער עיקר מיט וועקסל־געשעפטן און באָרגן געלט אויף פראצענט, ווייל — „אזעלכע געשעפטן זענען געווען פאַרבאָטן פאַר קריסטן״. לויט זיינע ידיעות פיגורירט שוין אין 1445 אין א דאָקומענט אַ טאָרנער ייד קאַלעף („יודעאוּס קאַלעף דע טאַרנאָוו״). אין די צייטן פון די לעלעוויטן (אָפשטאַם פון ספיטעק פון מעלשטין), האָבן זיך נישט געפונען קיין סך יידן אין טאָרנע. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן און זיבעצנטן יארהונדערט האָט א גרעסער צאָל יידן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין שטאָט. „אַריינגעדרונגען דורכן פילזנער טויער אין צענטער שטאָט, פאַרנומען צו ערשט די גאַסן וואָס ווערן ביז היינט גערופן יידישע גאַס און וועקסלער גאַס, פאַרכאַפּט אין זייערע הענט דעם האַנדל און פאבריקאציע, וואָס איז צוליב פארשידענע סיבות געפאלן ביי די קריסטן״. ד״ר לעניעק מיינט, אז דאָס הויפט וואוינארט פון טאָרנער יידן איז געווען אויף יענער זייט שטאָטישער מויער, אין דער פאָרשטאָט גראַבּוּווקע. זייערע מתים האָבן זיי קובר געווען אינעם שכנותדיקן אָרט פאָגוויזדווו.

די יידישע קהילות אויף די מזרח־קרעסן, וועלכע זענען אין יאר 1241 חרוב געווארן צוליב די טאָטערישע איבערפאלן, זענען געווען דער הויפט־צענטער פאר מסחר צווישן מזרח און מערב. די שטאט קיעוו האָט אויפגעהערט זיין דער צענטער פאַרן יידישן האַנדל און איר אָרט האָט פאַרנומען לעמבערג (אָנהויב פערצנטן י״ה). דאָרט האָבן אָנגעהויבן פאָרן יידישע סוחרים, געקומענע פון מערב.

צו יענער צייט איז די יידישע קהילה אין לעמבערג געוואָרן א פארבינדונגס־סטאַציע פאַר די האַנדלס־נסיעות אויפן מזרח. די שליאַכן פון די דאָזיקע האַנדלס־רייזעס האָבן געפירט דורך די יידישע קהילות וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין פויזן, קראקע, טאָרנע און פשעמישל. אין ד״ר י. שיפערס „געשיכטע פון יידישן האנדל אין פוילן״ ווערט דערציילט, אז דער ייד קאלעף (פון דער שטאט קאלעף — איטאַליע), האָט אָנגעקניפּט האַנדלס־באַציאונגען מיט פוילן, און אַזוי־ווי דער מסחר האָט דערגרייכט נאָר ביז לעמבערג, האָט ער זיך דאָרט באזעצט אלס שטענדיקער תושב (אין יאָר 1442). אין דעמזעלבן יאָר האָט קאַלעף אויך

אָנגעקניפּטע האנדלס־באַציאונגען מיט קראָקע און בערך אין יאָר 1445 — אויך מיט טאָרנע, וואו ער האָט געפירט סחורות. פון דעם פאַקט קאָן מען ארויסציען די מסקנה, אז צו יענער צייט האָבן שוין אין טאָרנע געוואוינט יידן, מיט וועלכע קאַלעף האָט געפירט געשעפטן. אויך ד״ר מאיר באלאבאן, אין זיין בוך „די געשיכטע פון יידן אין קראָקע און פון קאַזימיר״, דערמאנט 50 שטעט אין קליינפוילן, וואו עס האָבן שוין אין פופצנטן יאָרהונדערט עקזיסטירט גרעסערע און קלענערע יידישע קהילות, אָדער זידלונגען מיט עטלעכע יידן, און צווישן זיי ווערט אויך דערמאנט טאָרנע, און דאָס יאָר 1445 — אַלס דאָס פריסטע יאָר ווען יידן האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

ווייטערע ידיעות וועגן די ערשטע יידן אין טאָרנע געפינען מיר אין די דאָקומענטן פון סאַנגושקאָס־אַרכיוו, ציטירט אין די „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן״ און פאַרעפנטלעכט אינעם „אַלמאַנאַך און לעקסיקאָן פון פוילישע יידן״ (דערשינען אין לעמבערג ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה). פון די דאָזיקע דאָקומענטן דערוויסן מיר זיך, אַז יאַן אַמאָר פון טאָרנער אָפּשטאַם, קראָקעווער וואָיעוואָדע און קאַשטעלאַן, בעל־הבית און הערשער אין טאָרנע, האָט אין אַן אַקט, אַרויסגעגעבן אין קראָקע דעם 28־טן אַפּריל 1498, פאַרזאָרגט די קאַנאָניע פון דער הייליקער באַרבאַראַ ביים טאָרנער קאָלעגיאַט מיט די הכנסות פונעם פּראָבאָסט אין וויעזשכאָסלאַוויץ (אַ דאָרף אין טאָרנער קרייז) אויף אַזאַ אופן: „דער קאָלעגיאַלער קאַנאָניק באַקומט 4 גריוונעס פון דער טאָרנער מקוה, וואו זי זאָל זיך נישט געפינען, 4 גריוונעס פון מאַנופאַקטור־סחורות (א.ג. „קריי־קאָווע״) פון אלע מאנופאקטוריסטן און סוחרים, קאטאליקן ווי נישט־קאטאליקן, ווי אויך פון יידן וואָס פארקויפן מאַנופאקטור. אויך ד״ר מאיר באלאבאן דערמאנט



די פּריווילעגיע, וועלכע פירשט קאַזימיעזש ראַדשיוויל האָט געגעבן טאָרנער יידן דעם 17־טן פעברואַר 1676

אין זיין יידישער געשיכטע (באַנד 3, ז׳ 231), אַז אין יאָר 1582 האָט מען געבויט די יידישע שול אין טאָרנע.

אינעם אַרכיוו פון דער יידישער קהילה אין טאָרנע איז געווען אָפּגעהיטן אַ קאָפּיע פון דער ערשטער פּריווילעגיע וואָס פירשט קאָנסטאַנטי אָסטראָגסקי האָט געגעבן די יידן אין יאָר 1581. דער דאָזיקער דאָקומענט איז פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון שטאָט, ווען די קהילה־געביידע איז פאַרברענט געוואָרן אין די ערשטע מלחמה חדשים. דערפאַר איז אין שטאַטישן אַרכיוו איבערגעבליבן דער אָריגינאַל פון דער פּריווילעגיע, וועלכע פירשט קאַזי־מיעזש ראַדזשיוויל פון קראָקע האָט געגעבן טאָרנער יידן דעם 17־טן פעברואַר 1676. מיט דעמדאָזיקן אַקט האָט פירשט מיכאַל ראַדזשיוויל באַשטעטיקט אַלע פּריווילעגיעס וואָס זענען געגעבן געוואָרן דורך די פריערדיקע באַזיצער פון טאָרנע. אין דער אויבנדערמאָנטער פּריווילעגיע (וואָס אויף אַ סך ערטער איז שווער זי איבערצולייענען), רעדט זיך וועגן בריוו פון פירשט קאָנסטאַנטי אָסטראָג־סקי, דאַטירט דעם 4־טן מאַי 1581, צום קיעווער וואָיעוואָדע, וועלכע נעמט אַרויס פון דער שטאָטישער יוריסדיקציע די טאָרנער יידן און גיט זיי די רעכט צו געניסן פון דער פרייהייט און איינריכטונגען באַגלייך מיט אַנדערע שטאָטלייט. פונעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער פּריווילעגיע איז צו זען, אַז די טאָרנער הערשער איז דער עיקר געגאַנגען אין דעם, אַז טאָרנער יידן זאָלן אַרויסגענומען ווערן פון רשות פונעם שטאָטישן געריכט־וועזן, איבערלאָזנדיק זיי דער אויסשליסלעכער יוריסדריקציע פון די טאָרנער פירשטן, וועלכע האָבן געפירט וועגן דעם אַ לאַנג־דויערנדיקן קאַמף מיטן טאָרנער מאַגיסטראַט.

לויט די פּריווילעגיעס פון 26־טן און 16־טן אָקטאָבער פון 1634 יאָר, אונטער־ליגן טאָרנער יידן דעם שלאָס־געריכט. די פּריווילעגיע פון 16־טן אָקטאָבער 1634 יאָר גיט די יידן די באַזונדערע רעכט צו האַנדלען מיט סחורות אין די הייזער, אויפן מאַרק און אין קראָמען, אויסאַרבעטן בראָנפן און אים פאַרקויפן. דערפאַר האָבן זיי געדאַרפט צאָלן שטייערן דירעקט דעם שלאָס, — און אין דעם טאַקע איז עס דאָך געגאַנגען די טאָרנער אייגנטימער. די פּריווילעגיע פון 1676 יאָר האָט באַ־שטעטיקט די רעכט וואָס עס האָבן געגעבן די פריערדיקע טאָרנער בעלי־בתים צו בויען אַ שול, וואָס איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן מיט דער פּריווילעגיע פון 17־טן מערץ 1632 יאָר. ווי אויך אויסצוהאַלטן אַ בית־עלמין אין פּאָגוויזדאָוו, וואָס האָט שוין פון פריער געדינט פאַר טאָרנער יידן.

די אויבנדערמאָנטע פּריווילעגיע פון פירשט מיכאַל ראַדזשיוויל באַשטעטיקט אויך די פּריווילעגיע וואָס איז געגעבן געוואָרן טאָרנער יידן אין יאָר 1631, און וואָס לייגט אַרויף אויף דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ פליכט אָפּצוהיטן, אַז די שול און דער בית־עלמין זאָלן נישט זיין קיין אָרט פון איבערפאַלן און שלעגערייען. דאָרט רעדט זיך אויך וועגן אַ פאַרשטענדיקונג פון 20־טן מערץ 1662 יאָר און פון 13־טן אויגוסט 1669, וואָס רעגולירט די באַציאונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע קצבים. די גאַנצע פּריווילעגיע פון פירשט ראַדזשיוויל פון 17־טן פעברואַר 1676 יאָר איז שפּעטער באַקרעפטיקט געוואָרן מיט אַן אַקט פון דער

פירשטין קאָטאַזשינאַ ראַדזשיוויל פון 8־טן מאַי 1684 יאָר, ווי עס באַשטעטיקט אַ צושריפט צו דער דערמאָנטער פריווילעגיע.

דערפון דארף מען קומען צום אויספיר, אז דער אָנהויב פון יידישן לעבן אין טאָרנע דאטירט זיך פון פופצנטן יארהונדערט. אינעם זעכצנטן י״ה האָט די יידישע קהילה אין טאָרנע געמוזט זיין גענוג שטארק, ווייל אין יאר 1582 האָט זי אויפגעבויט אַ שול, און ווי עס שרייבט ד״ר מאיר באַלאַבאַן אינעם פריער דערמאָנטן בוך „געשיכטע פון יידן אין קראָקע״, געפינען מיר דאָרט דעם טאָרנער ייד דוד אַלס צושטעלער פון סאַלפעטער.

3

אינעם ערשטן פעריאָד פון דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט איז דאָס לעבן פון טאָרנער יידן ענג פארבונדן מיט די ווירטשאפטלעך־געזעלשאפטלעכע באַציאונגען, וועלכע האָבן צו יענער צייט געהערשט אין טאָרנע.

אין יאר 1536 האָט טאָרנע פארמאָגט 200 הייזער, און אין דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן י״ה ווערן אין דער שטייער־רשימה פערצייכנט: 86 בעלי־מלאכות, 1 אַפטייקער, 1 בעדער, 7 בעקער, 5 קרעמער, 10 ביר־ברייער, 6 קצבים, 4 סוחרים, 9 בראַנפן־ברענער, 1 פעלדשער און 1 פריזירער. די איינוואוינער פון שטאָט האָבן שטארק געליטן פון מגפות. די גרעסטע צאָל עפידעמיעס פאלט אויס אויף די יאָרן: 1348, 1482, 1516 און 1543. אַ חוץ די מגפות, האָט די שטאָט אויך פיל געליטן פון שרפות מיט א גרויסן פארנעם, וועלכע האָבן זיך איבערגעחזרט אין די יאָרן: 1485, 1494 און 1617 און כמעט פארניכטעט די שטאָט.

פאַר דער צייט וואָס טאָרנע האָט באַלאַנגט צום קראקעווער וואיעוואדע און קאשטעלאַן יאַן אמאָר, זענען אין יאר 1441 די אונגארן באַפאַלן פוילן, ארייגעריסן זיך קיין טאָרנע און פאַרוויסט די שטאָט מיטן שלאָס. מיט 53 יאָר שפעטער איז די שטאָט ווידער פאַרלענדט געוואָרן. יאַן אַמאָר, ווילנדיק צוריק אויפבויען די שטאָט, האָט אין אַ ספעציעלער פריווילעגיע אין דעם יאָר באַפרייט די נשרפים פון שטייערן און אָפּצאָלן אויף אַ צייט פון 10 יאָר.

די שטאָט האָט אויך פיל געליטן פון א שטרייט וואָס האָט זיך געפירט צווישן דער משפחה פון פירשט אָסטראָגסקי און דער משפחה פון פירשט טאַרנאָווסקי. דער שטרייט, וואָס איז געווען רייך אין אַ סך דראַמאַטישע מאָמענטן, איז דערליידיקט געוואָרן דורך דער אַריינמישונג פון קעניג זיגמונט אויגוסט, וועלכער האָט אין יאָר 1571 ארויסגעגעבן א ווערדיקט, לויט וועלכן טאָרנע ווערט אנערקענט אלס אייגנטום פון פירשט קאָנסטאַנטין אָסטראָגסקי (הערב לעליוואַ), וועלכער האָט פאַר דער צייט פון זיין הערשאפט א סך געזאָרגט פארן וואוילזיין פון דער שטאָט, נאָכדעם ווי איר איז אויסגעקומען אדורכצומאכן עטלעכע אומגליקן.

ווי מיר האָבן געשריבן פריער, האָט פירשט אסטראגסקי אין יאָר 1581 געגעבן די יידן אַ פריווילעגיע, לויט וועלכער זיי אונטערליגן דער יוריסדיקציע פונעם געריכט פון די טאָרנער הערשער, און עס ווערט זיי דערלויבט צו פארנעמען זיך

מיט כלערליי מלאכות, דערווערבן פּאַטענטן און געניסן פון אלע „פרייהייטן און נוצן״ באגלייך מיט אלע שטאטישע איינוואוינער. פירשט אסטראגסקי האָט פארן נוצן פון שטאט באשטימט די הכנסות פונעם ספּעציעלן שטייער פאר אויסברענען בראָנפן און פאַר באַנוצן דאָס באָד, וואָס איז איינגעפלאָסן אין זיין שטייער־אַמט (דאָס באָד איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, וואו עס איז געווען דאָס דורכגאַנג־הויז פון דער קאפּיטולנע־גאס אויף דער באַשטאָווע).

נאָכן טויט פון פירשט אָסטראָגסקי איז די שטאָט בירושה איבערגעגאַנגען צו זיין זון יאַנוש, און ווען אויך ער איז אַוועק אויפן עולם האמת, איז די שטאָט פארטיילט געוואָרן צווישן עטלעכע יורשים, אָפּשטאמיקע פון דער פירשטלעכער משפחה אסטראגסקי. צו יענער צייט איז די שטאט געווען אויסגעשטעלט אויף דער ווילקירלעכער הערשאפט פון די שלאס־סטאראסטעס צי פון די פארוואלטער פון דער טאָרנער געגענט, וועלכע האָבן נישט געזאָרגט פאַר אַנטוויקלען די שטאָט, נאָר פאַרן אייגענעם נוצן. די שטאָט איז געדריקט געוואָרן מיט כסדרדיקע שטייערן און קאנטריבוציעס בעת די קאזאקישע און שוועדישע מלחמות, און איז געווען אויסגעשטעלט אויף שרפות און מגפות. טאָרנע האָט דורכגעמאכט א ירידה אויך צוליב די אומרועען אין לאנד, וואָס האָבן זיך שטארק אָפּגערופן אויפן האנדל, וועל־כער איז געווען אַן אָנשפּאַר פאַרן וואוילשטאַנד פון דער שטאָט. אין יאָר 1662 איז די שטאט דערגאנגען צו אזא קאטאסטראפאלן מצב, אז זי האָט געציילט בסך־הכל 768 איינוואוינער.

## 4

נאָך אין דער ערשטער העלפט פון זיבעצנטן י״ה האָבן יידן אין טאָרנע פאַר־נומען שטארקע עקאנאמישע פאזיציעס. אין זיין „געשיכטע פון יידן״ (ב׳ 3, ז׳ 334) שרייבט ד״ר מ. באלאבאן וועגן דער ירידה פון ועד ארבע ארצות אינעם קראקע־ווער און סאנדאמירער קרייז אין זיבנצנטן י״ה און רעכנט אויס די קהילות, וועלכע זיינען געוואָרן זעלבשטענדיק. צוו. אַנד. דערמאָנט ער, אַז „צום שידלאָווצער באַצירק געהער די רייכע קהילה אין טאָרנע״.

אויסער די אַלגעמיינע צרות פון דער שטאָט (שרפות און מגפות), פון וועלכע די יידישע באפעלקערונג האָט געליטן באגלייך מיט דער קריסטלעכער באפעלק־ערונג, האָבן יידן זיך נאָך געמוזט פאַרטיידיקן קעגן די אָנגריפן פון די צעכן און די שטאט־בירגער, וועלכע האָבן זיך באמיט זיי ארויסצושטופן פון די עקאנאמישע פּאָזיציעס. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט זיך דער טאָרנער מאַגיסטראַט שטענדיק גע־שטעלט אויף דער זייט פון די צעכן און אַזוי אַרום באַמיט זיך צו באַקומען פון די טאָרנער הערשער די דירעקטע איבערמאַכט איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

אין יאָר 1642 איז אַ טייל פון דער שטאָט, וואָס איז געווען דאָס אייגענטום פון קאַטאַזשינאַ זאַמאָיסקאַ פון די אָסטראָגסקיס, אַריבער בירושה צו איר זון יאַן זאַמאָיסקי, קיעווער וואָיעוואָדע און גראַף פון טאָרנע, וועלכער האָט גלייך נאָכן

איבערנעמען די הערשאפט, ארויסגעוויזן זיין אומפריינטלעכקייט צו יידן. זיין נאָכפאלגער וולאדיסלאוו דאמיניק האָט אים שפעטער נאָכגעטאָן, פארוועֶרנדיק יידן זיך צו פאַרנעמען מיט האַנדל, בראָנפן־פאַרקויף, אַרענדע און צוריק איבער־געוויזן די יידישע באפעלקערונג דער שטאטישער יוריסדיקציע. אין יאר 1637 האָט ער געענדערט זיין באציאונג צו יידן און לטובת זיי ארויסגעגעבן א גענעראל־פריוויליעגיע. אָבער מיט עטלעכע יאר שפעטער (1643) האָט ער ווידער בא־גרענעצט די יידישע רעכט אין טאָרנע.

בעת דער הערשאפט פון פוילישן קעניג יאַן קאַזשימיעזש (1654) זענען ארויס פרישע גזירות קעגן יידן און נאָך מערער באגרענעצט זייער רעכט, אין רעזולטאט פון דער פיינטלעכער שטעלונג פון דער שטאטישער מאכט און פון קלער, ווי אויך פון די איינוואוינער וואָס זענען געווען אָרגאניזירט אין צעכן.

פראנצישעק הערציג, היסטאריקער פון דער שטאט טאָרנע, שרייבט אין זיין בוך „געשיכטע פון דער שטאט טאָרנע״ („דזשעיע מיאַסטאַ טאַרנאָוואַ״), אז „די יידנפראַגע, וואָס איז אין טאָרנע נישט געווען באַקאַנט ביז איצט, הייבט אָן אין דער ערשטער העלפט פון זיבעצנטן י״ה צו פאַרנעמען די געדאַנקען פון די שטאָט־אייגנטימער״. דאָס געשעט אין א מאמענט, ווען דראענדיקע וואָלקנס באדעקן דעם פאליטישן האָריזאנט פון פוילן, „ווען דאָס צעבונטעוועטע קאָזאַקנטום, אויס נקמה פאַר עוולות און אונטערדריקונג, האָט זיך באַוואָפנט ארייַנגעריסן אין די פוילישע געביטן און מיט דער הילף פון די טאָטערישע האָרדעס געזייט טויט, שרפה און פארוויסטונג״.

באַזונדער שווער איז געווען די לאַגע פון טאָרנער יידן, ווען די שטאָט האָט זיך געריכט אויפן איבערפאל פון די טאָטערישע האָרדעס. דער דעמאלטיקער הערשער פון דער שטאָט, דער שוין דערמאָנטער וולאַדיסלאַוו דאָמיניק, האָט ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג די שטאָט זאָל זיך גרייטן צו פארטיידיקונג. אין א בריוו פון 20־טן מאי 1651 יאר באפעלט ער, אז דער המון („פאָספולסטוואָ״) און די יידן זאָלן פינקטלעך אויספירן די אנווייזונגען פון שטאטישן אמט, זיי זאָלן זיך איבן אין באַנוצן מיט געווער. נאָר אנשטאט דעם טאָטערישן שונא, איז אין שטאט געקומען אן אנדערער פיינט — א מגפה, וועלכע האָט אין די יארן 1652 און 1653 צוגענומען 2,000 קרבנות. אַממיינסטן געליטן פון דער מגפה האָבן יידן.

ווי עס גיט איבער דער שוין דערמאָנטער היסטאָריקער פראַנצישעק הערציג, האָט די רעטונגס־אקציע (מיט וועלכער עס האָט אנגעפירט די שטאטישע מאכט), זיך אנגעהויבן מיט באזייטיקן יידן פון שטאט. פאר דער גאנצער צייט וואָס די מגפה האָט געדויערט, האָבן יידן געמוזט וואוינען אין געלטן אויסער דער שטאט. ארום דער שטאט זענען אויסגעגראבן געוואָרן גרובנס און די טויערן זענען אָפּ־געשלאָסן געוואָרן, כדי קיינעם נישט אַריינצולאָזן קיין טאָרנע. אַ ספּעציעלע וואַך האָט טאָג און נאַכט געהיט, אַז קיין פרעמדע זאָלן אין שטאָט נישט קומען. דער שטאָטישער אַמט (וועלכער איז באַשטאַנען פון פונעם וואָיט און די לאַווניקעס) האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט אויף דער גאַנצער צייט וואָס די מגפה האָט געדויערט. די שטאט איז אינגאנצן געוואָרן איזאלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט. נישט געווען מקנא צו זיין די יידן, וואָס האָבן איןביידלעך געמוזט וואוינען אין פעלד.

אָבער נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פון טאַרנער איינוואוינער, און ממילא אויך פון די יידן, בעת דעם איבערפאַל פון די שוועדן. פראַנצישעק הערציג שרייבט וועגן דעם שוועדישן איבערפאַל אויף טאַרנע:

„אין יאָר 1655, סוף יולי, זענען די שוועדן אריין קיין פוילן. זיי האָבן צעשלאָגן דאָס פוילישע מיליטער און פאַרנומען קראָקע און ווישניץ. די רעשטלעך פון דער פוילישער אַרמיי האָבן זיך געזאַמלט אין אַ לאַגער אונטער וואָיניטש, לעבן טאַרנע. אינעם טאַרנער בערנאַרדינער קלויסטער איז אונטערן פאָרזיץ פון פירשט וולאַדיסלאַוו דאָמיניק, קראַקעווער וואָיעוואָדע, פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די אַדל־לייט (שליאַכטע) וועגן פאַרטיידיקן די שטאָט. אין דערזעלבער צייט האָבן די רעשטלעך פון פוילישן מיליטער באַקומען אַ ידיעה, אַז דער שונא דער־נעענטערט זיך, האָבן זיי אויף שנעל ליקווידירט דעם לאַגער און אוועקגעלאָזט זיך אויף יענער זייט פּילזנע. די שוועדן זענען אַריין אין די פאָרשטעט פון טאַרנע, אַרויפגעלייגט אויף די איינוואוינער אַ קאָנטריבוציע אין דער הויך פון 5,000 פוילישע זלאָטעס און אוועק ווייטער אויף דרום".

נאָכן טויט פון וולאַדיסלאַוו דאָמיניק, איז אַ טייל פון טאַרנע אַריבערגעגאַנגען בירושה צו זיין מינדיעריקן זון יאַנוש. מיטן פאַרוואַלטן די גיטער האָט זיך אין זיין נאָמען פאַרנומען זיין מוטער. אין אַ בריוו, דאַטירט דעם 29־טן מאַי 1660 יאָר, האָט זי פאַרבאָטן די נאָמיעסטניקעס, פּאַרוואַלטער, סטאַראָסטעס און אַרענדאַרן פון די גיטער אין טאַרנער גראַפשאַפט צו מישן זיך אינעם געריכט־וועזן פון דער שטאָט, מיטן אויסנאַם פון אַפּעלאַציעס. גלייכצייטיק האָט די אלמנה דאָמיניק באַפוילן די טאַרנער יידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, אַריינצוטראָגן זייערן שטייערן אין דער מלוכה־קאַסע, אויף דעמזעלבן אופן ווי עס צאָלן די שטאָט־לייט. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע הנחה מצד די הערשער פון טאַרנע, ווייל פון איין זייט האָבן זיי גופא באַגרענעצט זייער איינפלוס אויפן שטאָטישן געריכט־וועזן, וועגן וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקער קאַמף צווישן מאַגיסטראַט און די הערשער פון טאַרנע; פון דער צווייטער זייט האָבן זיי לטובת דער מדינה זיך אָפּגעזאָגט פון די הכנסות וואָס זיי האָבן באַקומען פון טאַרנער יידן.

אין יאָר 1663 האָט זיך אָנגערוקט אַ ניי אומגליק אויף דער שטאָט: אַ שרפה האָט פאַרניכטעט אַלע בנינים וואָס האָבן זיך געפונען אין די מויערן. כדי צו דערמעגלעכן צוריק אויפצובויען די שטאָט, האָט קעניג יאַן סאָביעסקי באַפרייט טאַרנע פון אַ גאַנצער ריי שטייערן. דער פירשט אַלעקסאַנדער יאַנוש, וועלכער איז געוואָרן פּוליעריק אין יאָר 1670, האָט אַרויסגעוויזן אַ גוטע באַציאונג צו יידן. ער האָט באַשטעטיקט די הויפּט־פּריווילעגיע וועלכע איז אין יאָר 1581 געגעבן געוואָרן יידן דורך דער פאַמיליע אָסטראָגסקי, און דאָס האָט משפּיע געווען אויף צו רעגולירן די באַציאונגען צווישן די יידן און די שטאָטלייט. נאָך דער שרפה און נאָכן אויספּליגדערן די שטאָט דורך די שוועדן, האָט דער מאַגיסטראַט געענדערט זיין באַציאונג צו יידן. אין די טעג פון 19־טן ביזן 28־טן מאַי 1670 יאָר איז צווישן ביידע צדדים דערגרייכט געוואָרן אַ הסכם, די א.ג. „קאָמפּלאַנאַציע", וועלכע מיר ברענגען ווייטער אין פולן טעקסט, לויט די מאַטעריאַלן פון פראַנצישעק הערציג:

„קאָמפּלאַנאַציע צווישן טאַרנער און די אומגלויביקע יידן, טאַרנער בירגער":

„ווייל ביז איצט זענען פאָרגעקומען שטרייטן צווישן גאַנצן המון מיט די אומ־גלויביקע יידן, טאָרנער בירגער, און צווישן ביידע צדדים זענען נישט געווען קיין יושרדיקע באשלוסן אין די ווייטער באשריבענע פונקטן, און כדי א סוף צו מאַכן צו דעם, האָבן סיי די אומגלויביקע יידן, סיי די גאַנצע שטאָט זיך באַוואויגן צו דעם, אַז איינהאַלטנדיק די גילטיקייט פון אַלע פּריווילעגיעס פון זייער העל־לייכטנדיקן הייליקן אָנדענק די הערן גוטבאַזיצער, צו מאַכן צווישן זיך אַן אייביק־דויערנדיקע קאָמפּלאַנאַציע:

איינס: לגבי די שטאָטישע שטייערן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, געוויינלעכע אָפּצאָלן, האָבן די אומגלויביקע יידן מיט זייערע יורשים זיך אונטערגענומען, אַז ביי די אָפּצאָלן וועלכע וועלן ווען ס׳איז אויספאַלן, וועלן זיי צוגעבן צו די דריי שטאָטישע טיילן זייער פּערטן, יידישן טייל. דאָס הייסט, ווען די קאָמונאַל־פּאַרוואַל־טונג (קאָמוניטאַס) באַשליסט אַן אָפּצאָל פון 100 זלאָטעס, גיט די שטאָט פינפאור־זיבעציק זלאָטעס, און די יידן זענען פאַרפליכטעט צו געבן פינפאונצוואַנציק זל., נישט איינשליסנדיק דאָך אין דעם אָפּצאָל די אָפּצאָלן פאַרן באַוואַכן דעם שאסיי באטאָג און ביינאכט, וואָס געהער שוין פון לאנג דער שטאט, ווי אויך, באהיט גאָט, בעתן אריינרייסן זיך פון שונא — אויסקויף־געלט פארן פיינט. וואָס שייך די אָפּצאָלן פון די 12 הייזער און זייערע לאקאטארן, וועלן די אומגלויביקע יידן דעם רויך־אָפּצאָל, ווייל ער גייט פון די הייזער, דאַרפן צאָלן בלויז פון די צוועלף.

צוויי: בנוגע דער פראַגע וואָס פרעמדע קומען אין די וואוינונגען פון יידן, וועלן זיי נישט טאָרן אויפנעמען קיין שום פרעמדן, אונטער דער שטראָף פון 14 גריווענעס אויפן שטאָטישן שפּיטאָל, נאַטירלעך, אויב זיי האָבן וועגן דעם געוואוסט, מיטן צוגאב, אז אזויווי עס איז זיי נויטיק א רב, א חזן, א לערער, א שול־לייטער (דערציאונג) פאר זייערע קונדסים, דעריבער אויב איינער פארלאָזט זיין אמט, און מען וועט אמאָל אויף זיין אָרט צונעמען אן אנדערן, זענען די יידן מחוייב מודיע צו זיין דעם שטאָטישן אַמט, מיטטיילנדיק וועגן דעם נאָך פריער די הערן אַרענדאַרן.

דריי: און ווייל דאָס אויסקויפן מחוץ דער שטאָט קאָרן, האָלץ, לעבנסמיטלען פאַרשטאַרקט אין שטאָט דעם יידן־מאָנאָפּאָל, וועלן אונטער גרויסע געלט־שטראָפן וואָס געהערן דער שטאָט, פון איצט אָן די אומגלויביקע יידן דאָס אויפהערן, און אויך אנדערע איינוואוינער, אויף וואָס די הערן ראטמענער דארפן האָבן די אויפזיכט, אז קריסטן, אזוי גוט ווי יידן, זאָלן קיין שום זאך נישט קויפן אויסער דער שטאָט, נאָר אויפן מאַרק — לעבנסמיטלען, האָלץ, תבואה אדג״ל, און דאָס נאָר פארן אייגענעם געברויך, נישט צום פארקויף און נישט פאר פרעמדע יידן, כל־זמן דאָס פענדל וועט זיך געפינען אויף דער מויער, לויט די אַלטע מנהגים פון דער דאָזיקער שטאָט. נאָכן אַראָפּנעמען דאָס פענדל וועט זיין דערלויבט די יידן ווי אויך די קריסטן צו קויפן אויף האַנדל. יאָרמערק, אָבער, ווייל זיי האָבן זייער עפנטלעכן פלאַץ דערפאַר, דאַרפן אין דאָזיקן פונקט נישט ווערן איינגעשלאָסן.

פיר: בנוגע וואַסער, הגם אין דער קאָמיסיע איז דער דאָזיקער פונקט איינגעהאלטן געוואָרן צו דער דעציזיע פון די וואוילגעבוירענע הערן גוטבאזיצער,

באַטראַכטנדיק אָבער פון ביידע זייטן, אַז דער מאַנגל אין וואַסער, וואָס קומט פון קזשיסקער לייטונג, איז אַ גרויסע סכנה פאַר דער שטאָט און פאַר די שטאָט־לייט און יידן, און אַן אומבאַקוועמלעכקייט, וואָס אויב זי זאָל קאַליע ווערן, מוז די שטאט בלייבן אָן וואסער, און צוליב דעם, ווילנדיק קומען מיט די יידן צו א הסכם בנוגע דעם וואַסער, איז אויסגעפונען געוואָרן אַזאַ מיטל: די צווייטע „לייטונג" (רערן־ליניע) פון זשענדזשינער קאַנאַל, אַזויווי עס איז געווען אַמאָל, דארף געפירט ווערן אין דער שטאט, און אזויווי די אומגלויביקע יידן האָבן אין זייערע הייזער גענומען און נעמען אויך איצט וואסער צוזאמען מיט די שטאט־לייט פון דע ערשטער לייטונג, האָבן זיי אויך מיט דער שטאָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך, אַז צוויי חלקים פון די אויסגאַבן פאַר אַריינפירן די דאָזיקע לייטונג גיבן די יידן, און די שטאט דארף געבן דעם דריטן חלק. ווייל דער צוג וואָס דארף צוגעפירט ווערן צום שטאָטישן ברונעם און די יידן דאַרפן בלייבן ביים וואַסער פון דער אַלטער לייטונג און עס באַנוצן אין זייערע הייזער, וואָס דאָס דאַרפן אויך טאָן די שטאָט־לייט, דאָך, אזויווי פון אַלטע צייטן איז די לייטונג געגאַנגען צום שטאָטישן ברונעם, אַזוי דאַרף זי אויך איצט גיין און דער רער־מייסטער דאַרף ביידע באַזאָרגן. כדי די אלע באשלוסן זאָלן האָבן וואגיקייט און קראפט, האָבן ביידע צדדים מיט זייערע הענט אונטערגעשריבן. דאָס איז פארגעקומען אין טאָרנער ראטהויז דעם 19־טן מאַי 1670 יאָר".

אין דער אייגענער צייט איז קיין טאָרנע אָנגעקומען אַ גרעסערע צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין האַנדל און ביי פאַרשידענע מלאכות. דאָס אָנקומען פון נייע בעלי־מלאכות האָט ארויסגערופן אן אומצופרידנקייט ביי די שטאָטישע צעכן, וועלכע האָבן מיט דער הילף פון דער קאָמונאַלער מאַכט זיך באַמיט אַרויסצושטופן יידן פון זייערע אַרבעטס־פלעצער. אָבער אויך דאָס פּראָבלעם איז רעגולירט געוואָרן דורך א פשרה.

אינעם דערמאנטן אָפּמאך (מאַי 1670) לייענען מיר:

„ווידער איז נאָכן באשלוס אויפן ראטהויז, צווישן די צעכן און אומגלויביקע יידן, צושטאנד געקומען די אונטן־אונטערגעשריבענע קאָמפּלאַנאַציע: פריער איז מצד דעם קירזשנער־צעך, צווישן די צעך־ברידער מיט די יידן געשלאָסן געוואָרן אַזאַ אָפּמאַך, וואָס האָט די דאָזיקע יידן דערלויבט צו ברענגען פאַרשידענע פוטער, וואָס אויב זיי ברענגען זיי, דאַרפן זיי מיטטיילן וועגן דעם אין צעך, כדי די ברידער זאָלן צומערשט זיי קאָנען אָפּקויפן, און אויב זיי וועלן נישט וועלן קויפן, מעגן זיי דערנאָך די יידן פארקויפן, אָבער דערפאר האָבן זיך די יידן פארפליכטעט צו געבן אין יעדן פאַסט־טאָג צו צוויי זלאָטעס; דערפאַר אָבער נישט אויסגע־אַרבעטע סחורות, פון שוסטער, היטלען, פעלצן און אנדערע זאכן, דארפן זיי נישט פארקויפן, אונטער דער דראאונג אַז די סחורה זאָל פאַרפאַלן ווערן.

„וואָס שייך דעם שניידער־צעך, איז קיין שום נייע אַרבעט, ווי קליידער, אַנציגער און אַנדערע זאַכן פאַרן מאַנצבילשן און פרויענצימערשן געשלעכט, נעמ־לעך הויזן פונאַנדערפירן און עפּנטלעך פאַרקויפן — נישט דערלויבט, אויסער דעם וואָס זיי וועלן אויסארבייטן אין צעך און דאָס דארפן זיי זיך נישט דערלויבן, אונטער דער דראָאונג פון קאָנפיסקירן וואָס זיי וואָלטן פאַרקויפט".

„וואָס שייך דעם שוסטער־צעך, איז די יידן דערלויבט צו פאַרקויפן פאַר־שידענע סאַפיאַן־ארבעט, גוט־געמאַכטע, ביז דער צייט ווען די שוסטער וועלן זיך אויפשטעלן עפנטלעכע יאַטקעס (קראָמען), און ווען זיי וועלן אויפגעשטעלט ווערן, וועט דעם צעך דערלויבט זיין מיט זיי (די יידן) וועגן דעם צו באַשליסן".

„וואָס שייך דעם היטלמאַכער־צעך, ווייל דער צעך איז אָרעם, און אין אויס־אַרבעטן פילץ קאָנען זיי יעדן באַפרידיקן, דאַרפן דעריבער די יידן נישט ברענגען קיין פילץ אין צעך, וואַלאַק, מאַגערקעס, און די צעך־היטלמאַכער האָבן נישט קיין רעכט דעם פילץ אויסצואַרבעטן און אים פאַרקויפן".

„וואָס שייך קצבים, אַזוי ווי די יידן האָבן פון די וואויל־געבוירענע פאַרמעג־לעכע גוטבאַזיצער באַקומען זייער רעכט און מיט די יידן דערגרייכט א פאַר־שטענדיקונג, דאַרפן זיי זיך האַלטן ביי די רעכט און פאַרשטענדיקונג און גאָרנישט נישט באַנייען".

„וואָס שייך מאַנופאַקטור און דעם היטלמאַכער־צעך, ווען עס וועט ווער ברענגען וואָל אין שטאָט, דאַרף זי נישט קויפן א קאַטאַליק אַזוי גוט ווי א ייד, כל־זמן די צעך־ברידער וועלן זי נישט האָבן געקויפט. נאָר די יידן איז דערלויבט פון וואו עס איז צו ברענגען וואָל אין שטאָט און פאַרקויפן. אויב די צעך־ברידער וועלן ביזן דריטן טאָג נישט קויפן די וואָל, מעג זי דערנאָך קויפן יעדער ייד. די דאָזיקע ארבעטן, וואָס עס פארגרייטן אין טאָרנע די מאַנופאַקטוריסטן, ד.ה. וועב־שטאָף, טאָר נישט קיינער, א קאַטאַליק ווי א ייד, נישט ברענגען אין צעך און פאַרקויפן. די דאָזיקע אַלע פונקטן, וועלכע זענען אַזוי אָפּגעמאַכט געוואָרן מיט דער שטאָט ווי מיט די צעכן, דאַרפן האָבן קראַפט און באַדייטונג אויף אייביקע צייטן".

„דאָס איז פאַרגעקומען אין טאָרנע, אין אויבן־באַשריבענעם טאָג אין יאָר, ד.ה דעם 19־טן מאַי 1670 יאָר. מצד די יידן האָבן אונטערגעשריבן: שמואל, דער זון פון יאַנקל־יהושע, פּאַוויש, דער זון פון משה־הערש; מרדכי, דער זון פון שמואלן".

אויף אַזאַ אופן זענען אין א געוויסער מאָס רעגולירט געוואָרן די באַציאונגען צווישן טאָרנער יידן און די צעכן, וועלכע האָבן צו יענער צייט זיך באַמיט ארויס־צושטופן די יידן פון זייערע אַרבעטס־וואַרשטאַטן.

## 5

נאָכן טויט פון אַלעקסאַנדער יאַנוש (1676) ווערט טאָרנע דאָס אייגנטום פון די לובאָמירסקיס און עס הייבט זיך אָן איינער פון די טרויעריקסטע פעריאָדן אין דער געשיכטע פון שטאָט. אין דער ערשטער העלפט פון אכצנטן יאָרהונדערט האָט טאָרנע געהאַט אויסצושטיין באַזונדערע אומגליקן — נישט נאָר אויסער־לעכע, נאָר אויך אינערלעכע, לאָקאַלע. די אָפטע שׂרפות און איבערפאַלן פונעם שוועדישן מיליטער האָבן די שטאָט פארוואַנדלט אין א חורבה. די קאָנטריבוציעס און דאָס אויסהאַלטן דאָס אקופּאַנטישע מיליטער האָט גוואַלטיק פאַראָרעמט די

באפעלקערונג, וואָס איז געווען אויסגעשעפּט פון די אָפטע שׂרפות און מגפות. די שטאט איז געשטאנען אויפן ראנד פון אָפּגרונט.

אַזוי האָט אין יאר 1702 א שׂרפה פארניכטעט א באדייטנדיקן טייל פון שטאט. אין די חדשים נאוועמבער־דעצעמבער 1704, ווי אויך אין יאנוואר־פעברואר 1705, איז אין טאָרנע געווען איינקווארטירט זאקסיש מיליטער, ווּעמען די שטאט האָט געמוזט צאָלן קאנטריבוציע. אין יאר 1705 איז אין טאָרנע אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון כאָליערע, און אין יאר 1708 האָט אַ שׂרפה איינגעשלונגען די גאַנצע לעמבערגער גאס. אין חודש מאי 1709 האָט טאָרנע געמוזט באצאָלן א קאנטריבוציע אין דער סומע פון 2,500 טאָלער. אין דעצעמבער 1709 זענען אין טאָרנע אריין די רוסן און די שטאט האָט זיי געמוזט צושטעלן שפּייז. אין יאר 1711 איז ווידער אויסגעבראכן א שׂרפה, וואָס האָט דאָסמאָל דערגרייכט אויך די יידישע גאס און פארניכטעט אלע 23 יידישע הייזער מיט סחורות און תבואה. דער מלוכה־קאסיר האָט צוליב דעם געפונען פאר נויטיק צו באפרייען טאָרנער יידן פונעם קאָפּ־שטייער אויף א צייט פון 4 יאר.

ווי ווייט טאָרנע האָט דורכגעמאכט א ירידה צוליב די דאָזיקע אומגליקן און די שטאָט האָט זיך אויסגעליידיקט פון מענטשן, באווייזן פאלגענדע ציפערן (לויט די דעמאלטיקע לאוויק־אַקטן):

די באפעלקערונג פון דער אייגנטלעכער שטאָט האָט אין יאר 1717 געציילט בסך־הכל 322 נפשות. די פאָרשטעט זאַוואַליע און דאָס דאָרף פאָגוויזדאָוו האָבן אין דערמאָנטן יאָר פאַרמאָגט 253 איינוואוינער. צוזאַמען האָט די טאָרנער באַפעל־קערונג דעמאָלט געציילט 575 פערזאָן. אין אָנהויב פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָט טאָרנע מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאָר טרויעריק בילד.

אין יאָר 1723 האָט די שטאָט געהערט צום פירשט פאַוועל קאַראָל סאַנגושקאָ. כדי צו ראַטעווען טאָרנע פון פולשטענדיקער ירידה, האָט דער פירשט אין זיין פּריווילעגיע פון 30־טן אקטאבער 1723 באשטעטיקט פאר די איינוואוינער אלע פריער־דיקע רעכט און פרייהייטן. צו די אייגנטימער פון די ליידיקע פלעצער האָט ער זיך געווענדט מיט אַ בקשה, אַז אין משך פון אַ יאָר מיט זעקס וואָכן זאָלן זיי פארבויען די פוסטע שטחים, אָדער פארקויפן זיי צו פערזאנען וואָס ווילן בויען, באפרייענדיק די בויער פון שטייערן אויף א צייט פון 5 יאר. א דאנק דער דאָזיקער דערמוטיקונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוי־באַוועגונג אין שטאָט, וואָס האָט געדויערט עטלעכע יאר. אין יאר 1732 איז אויסגעבראכן א גרויסע שׂרפה אין טאָרנע און א האלבע יידישע גאס איז אָפּגעברענט געוואָרן. אין יאר 1735, אין טאָג פון דער הייליקער בארבארא, האָט א שׂרפה ארומגענומען די גאַנצע שטאָט און זי פאר־וואנדלט אין א קופּע אש.

פירשט פאוועל קאראל סאנגושקא, אין זיין זאָרג צו אנטוויקלען די שטאָט און פאַרגרעסערן זיינע הכנסות, האָט אין יאר 1736 דערלויבט די יידן צו פירן אַ גרעסערע ווי ביז איצט בוי־באוועגונג, אָבער נאָר ארום דער יידישער גאס. דער פירשט האָט אויך געברענגט יידן פון אנדערע שטעט אין פוילן און זיי דערלויבט זיך צו באַזעצן אין טאָרנע. די ניי־געקומענע זענען נישט געוואָרן אויפגענומען גע־וואָרן דורך דער טאָרנער קהילה, ווייל זי האָט נישט געוואָלט אויף זיך נעמען

די פינאנסיעלע אחריות פאר די יידן וואָס זענען געקומען אָנעם וויסן פון דער קהילה. צו אזא האנדלונג האָט אויך משפיע געווען דער דעמאָלטיקער פעריאָד, ווען טאָרנער שטאָטלייט און צעכן האָבן צוריק באקומען השפעה. פאר טאָרנער יידן איז באנייט געוואָרן דער אלטער קאמף פארן רעכט צו וואוינען אין שטאָט, פאר די רעכט פון יידישן האנדל און מלאכה. די עקאנאמישע קאמפן צווישן קריסטלעכע שטאָטלייט און יידן האָבן צוריק אויפגעלעבט מיט אַ באנייטער קראַפט, נאָכדעם ווי בערך פופציק יאָר איז געווען שטיל אויף דעם שטח, צוליב דער ירידה וואָס די שטאָט האָט אדורכגעמאכט.

צוליב דער שרפה אין יאָר 1737 זענען טאָרנער שטאָטלייט נישט געווען בכוח צו באצאָלן די ערשטע ראטע קאָפּ־שטייער אין דער הויך פון 1,500 זלאָטעס (צו דער סומע האָבן יידן בייגעטראָגן 100 זלאָטעס), און זיי ווענדן זיך מיט אַן אָנקלאגע צום פירשט סאנגושקא, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט צווו. אנד.:

„די שטאָט־בירגער אין טאָרנע זענען רואינירט, געפאלן, חרוב. אין דער גאַנצער שטאָט זענען פאַראַן אַ פּאָר אָפּגעברענטע קאָטוילישע בעלי־בתים. קיין קריסטלעכע סוחרים זענען נישט פאראן. דער האנדל און דער מארק זענען צווישן יידן און אויף זייערע גאסן".

זאָרגנדיק פאר זיינע הכנסות, האָט דער פירשט סאַנגושקא, אין א בריוו פון 16־טן יולי 1737 יאָר, פאַראָרדנט: „כל־זמן אַ קאָמיסיע, וואָס דאַרף אַראָפּפאָרן אויפן אָרט, וועט נישט אויספאָרשן דעם ענין, דאַרף די טאָרנער שול באַצאָלן א העלפט פון די שטייערן וואָס פאלן אויס אויף דער שטאָט. די יידן וואָס זענען אייגנטימער פון פלעצער און הייזער, דארפן צוזאמען מיט די שטאָטלייט באצאָלן די צווייטע העלפט". אזוי ארום האָט דער פירשט ארויפגעלייגט כמעט א העלפט פון דער שטייער־לאסט אויף דער יידישער באפעלקערונג, און אים איז ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען די צאָל־פעאיקייט פון די טאָרנער יידן.

די דאָזיקע פאראָרדענונג פון פירשט סאנגושקא איז נישט אויסגעפירט גע־וואָרן, ווייל אַ גרויסער טייל שטאָט איז געווען פארמשכונט, און די קאָמיסאַרן פון די טאָרנער גראפישע גיטער האָבן אין א ספעציעלן פארבאָט נישט דערלויבט דורכצופירן סאנגושקאס פאראָרדענונג, ביז זי וועט נישט ווערן אונטערגעשריבן אויך דורך פירשט ראַדזשיוויל און יעזשי פון זלאָטי פּאָטאָק פּאָטאָצקי, וואָס האָבן געהאט משכנות אויף א טייל שטאָט.

טאָרנער יידן האָבן דעם ענין געוואָלט דערליידיקן מיט אַ פשרה און דעם 24־טן מערץ 1738 יאָר האָבן זיי געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די ראטמענער און שטאָטלייט, לויט וועלכן יידן פאַרפליכטן זיך פרייוויליק, אַז אויסער די 200 פוילישע זלאָטעס, וואָס זענען צוגעזאָגט געוואָרן נאָך דעם 23־טן יוני 1717 יאָר, זאָל צו יעדער ראטע קאָפּ־שטייער צוגעצאָלט ווערן 120 פוילישע זלאָטעס. דערביי ווערט געמאכט די באווארעניש, אז אויב דער מצב אין שטאָט וועט זיך בעסערן און די יידן וועט ווערן ערגער, דארף ווערן אָפּגעשטעלט יעטוועדער צוצאָל. גלייכצייטיק האָבן טאָרנער יידן געמאכט באמיאונגען אויסצובריייטערן דאָס געטא אויפן חשבון פון דער שטאָט, דינגען קראמען און וואוינונגען אין דער געגנט וואָס איז באוואוינט דורך דער קריסטלעכער באפעלקערונג נישט געקוקט אויפן

פארפליכטנדיקן געזעץ פון קעניג יאן קאזשימיעזש פון יאר 1656, וואס פארווערט יידן צו ארענדירן אדער דינגען קאטוילישע הייזער, האבן יידן אין פיל פוילישע שטעט, דערונטער אויך אין טארנע, איבערגעטרעטן די גרענעצן פון געטא און זיך באזעצט אין די נאענט־ליגנדיקע גאסן. אויף דעם באדן פלעגט קומען צו אפטע סכסוכים צווישן די שטאטלייט און מאגיסטראטן, און אויף דער זייט פון די יידן האבן זיך, צוליב פינאנסיעלע טעמים, פארשטייט זיך, אפטמאל געשטעלט די פוילישע מאגנאטן. זיי האבן פארטיידיקט די יידן קעגן שטייערן־דרוק נישט נאר מצד דער מלוכה, נאר אויך פון דער יידישער קערפערשאפט — ועד ארבע ארצות.

אין יאר 1740 האבן אין טארנע זיך אנגעהויבן ארגאניזירן יידישע צעכן. זיי האבן געמוזט צאלן שטייערן די פוילישע צעכן, כדי צו קאנען געניסן פון זייערע פריווילעגיעס. די קריסטלעכע צעכן האבן כסדר געמאנט ביי די יידישע צעכן באדייטנדיקע סומען און דערביי געמאכט זיי שוועריקייטן אויף יעדן טריט און שריט. דאס אננעמען א יידישן געזעל איז געווען אפהענגיק פון א ספעציעלער דערלויבעניש פון די קריסטלעכע צעכמייסטער. כדי צו פארקלענערן די צאל יידישע געזעלן, האט מען אויף יעדן יידישן מייסטער ארויפגעלייגט א ספעציעלן אפצאל פאר יעדן געזעל אדער לערניינגל. פארשטייט זיך, אז דאס האט באשווערט יידן זיך צו פארנעמען מיט מלאכה און מיט האנדל.

## 6

אין דער העלפט פון אכצנטן י״ה האט דער יידישער ציבור אין טארנע שוין געהאט זיין פארשטייערשאפט, וועלכע האט אונטערהאנדלט מיט דער שטאטישער מאכט און מיט די אייגנטימער פון דער שטאט. מיט די קריסטלעכע צעכן האבן פארהאנדלט די יידישע צעכן. דאס יידישע לעבן האט זיך געניטיקט אין געוויסע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן וואס זאלן רעגולירן זייער אינערלעך לעבן אויפן געביט פון רעליגיע, סאציאלע שוץ און שולוועזן. אזא אינסטיטוציע איז געווען די דעמאלטיקע יידישע קהילה.

די יידן וואס האבן אין מיטלאלטער געוואוינט אין די שטעט פון פוילן, האבן זיך געפונען אונטער דער אויסשליסלעכער יוריסדיקציע פונעם קעניג אדער זיין וואיעוואדע. זיי זענען געווען די דינער פונעם מלוכה־אוצר. אין פראצעס פונעם קאמף פאר מאכט וואס האט זיך געפירט צווישן די פוילישע מאגנאטן און דעם קעניג, איז אין דער ערשטער העלפט פון זיבעצנטן י״ה ארויס א קעניגלעכע פאר־ארדענונג, לויט וועלכער דער מלך פלעגט אפטמאל זיך אפזאגן פון דער יוריסדיקציע איבער יענע יידן, וואס האבן געוואוינט אין פריוואטע שטעט — לטובת די אייגנ־טימער פון יענע באוואוינטע שטחים. אזוי ארום האבן יידן־איינוואוינער פון די קעניגלעכע שטעט, זיך געפונען אונטער דער קעניגלעכער יוריסדיקציע, און יידן־איינוואוינער פון די פריוואטע שטעט — אונטער דער יוריסדיקציע פון די הערשער און אייגנטימער פון די דאזיקע שטעט.

אין די ראמען פון די גענעראל־פריווילעגיעס וואס זענען דורך פארשידענע

פוילישע קעניגן געגעבן געוואָרן די יידן און וואָס האָבן אין אלגעמיינע שטריכן רעגולירט דעם רעכטלעכן סדר פון יידן אין פוילן, ווי צ״ב דעם אופן פון האַנדל, צינזן, אָפּגעבן אַ שבועה, איינשטעלן קהילה־פאַרוואַלטונגען, געריכטס־וועזן אדג״ל — האָבן א ריי קהילות באקומען באזונדערע קעניגלעכע פריווילעגיעס. אין דער מאס ווי אין פוילן איז געפאלן די צענטראליסטישע קעניגלעכע מאכט און מיטן וואוקס פון דער אויטאָנאָמיע פון די באַזונדערע פוילישע שיכטן, האָבן אַ טייל גרעסערע קהילות זיך דערשלאָגן ווייט־גייענדיקע רעכט. דערמיט האָט זיך דערקלערט די מאַכט פונעם וואָיעוואָדע לגבי די יידן. אין אַ סך פאַלן האָבן זיי זיך פאַרשטענדיקט מיט דער וואָיעוואָדישער מאַכט, כדי צו רעגולירן די קעגנזייטיקע באַציאונגען. אַזעלכע אָפּמאַכן, וועלכע האָבן געהייסן „וואָיעוואָדישע אָרדענונגען״ האבן צוו. אַנד. נאָרמירט די ענינים פון געריכטס־וועזן איבער יידן, וואָס האָט ביז איצט געהערט צו יידישע עלטסטע (אויבביידע צדדים זענען געווען יידן). די „וואָיעוואָדישע אָרדענונגען״ האָבן אויך רעגולירט דעם קהילה־סטאַטוס, די וואַל־אָרדינאציע און אנדערע ענינים.

די אויפגאבן פון די קהילות זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע: א) אדמיניס־טראציע; ב) פינאנסן; ג) געריכטוועזן; ד) רעליגיעזע הצטרכותן; ה) דערציאונג און אַנדערע. אין די ראַמען פון די אויפגאַבן איז די קהילה אויפגעטרעטן ווי אַ רעפּרעזענטאנט פון יידן, פארמיטלט צווישן דער רעגירונג און דער יידישער באַ־פעלקערונג, און איז אין געוויסע פאַלן געווען די העכסטע געריכט־אינסטאַנץ. לויטן מוסטער פונעם סטאַטוט פון די שטעט, אייגעפירט אויפן סמך פון דייטשן מאַגדע־בורגער רעכט, האָט דער סטאַטוט פון דער יידישער קהילה פאָרויסגעזען דעם בוי אירן לויט א דרייפאכיקן סיסטעם: סעניאָרן (פרנסים), זייערע פארטרעטער און קהל־לייט.

די פרנסים זענען געשטאנען אויפן העכסטן שטאפל פון קהילה־מאכט און זענען געווען די איינציק פאראנטוואָרטלעכע מצד דער קהילה לגבי דער קעניג־לעכער מאכט. זיי האָבן אָפּגעגעבן א שבועה דעם קעניג און דער מלוכה. דאָס דערוויילן אַ פרנס האָט געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורכן וואָיעוואָדע, און אין פריוואַט־שטעט — דורכן אָרטיקן בעל־הבית אָדער זיין באַפולמעכטיקטן. די פרנסים האָבן זיך געביטן יעדן חודש, אזוי ארום האָט יעדער פרנס אנגעפירט מיט דער קהילה אין משך פון אַ חודש צייט און דערפאַר האָט ער זיך גערופן „פרנס החודש״ („סעניאָר מענסיס״).

פאַר דער צייט פון זיין אַמטירן האָט דער פרנס החודש פאָרגעשטעלט די קהילה־מאכט, ער איז געווען דער עלטסטער פון דער יידישער שטאט צי פון יידישן קוואַרטאַל און געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין דער צענזוס־קאָמיסיע. אין די שטעט וואו וואוינרעכט האָבן געהאט בלויז א באַגרענעצטע צאָל משפחות, האָט דער פרנס החודש צוגעשטעלט דעם מאגיסטראַט די רשימה פון די פערזאנען וואָס האָבן וואוינרעכט. ער פלעגט אויך צונויפשטעלן דעם קהילה־בודזשעט, געבומען הלוואות, אָפּגעצאָלט חובות. אויף דער מינדלעכער צי שריפטלעכער אויפפאָדערונג פון פרנס החודש, האָט יעדער ייד זיך געמוזט צושטעלן אין קהילה.

די דאָזיקע ווייט־גרייכנדיקע מאכט פון די פרנסים האָט גורם געווען צום

אויסבילדן זיך פון אן אויטאָקראַטישער מאכט, וואָס האָט זיך נישט גערעכנט מיטן ווילן פון דער באפעלקערונג, הגם די וואלן זענען פארגעקומען יעדעס יאר. די רייכע און איינפלוסרייכע יידן זענען תמיד פארבליבן פרנסים און זייער גאנץ לעבן געהאַט אומבאַגרענעצטע מאַכט. אַזוי האָט די הערשאַפט פון עטלעכע רייכע משפחות געדריקט אויף די קהילות, אָנגעפירטע דורך אמביציעזע פארשוינען, וועלכע האָבן זיך לגמרי נישט גערעכנט מיט דער טובה פון דער קהילה.

באגלייך מיט די סעניאָרן האָבן אמטירט זייערע פארטרעטער, וועמענס צאָל האָט געגרייכט פון דריי ביז פינף. אָפטמאָל זענען זיי געווען אַסעסאָרן (בייזיצער) פון יידישן געריכט, אין זיבעצנטן י״ה האָט מען די אַסעסאָרן גערופן לאַווניקעס.

דעם דריטן שיכט אין דער קהילה־היעראַרכיע האָבן געבילדעט די קהל־לייט, וועמענס צאָל איז געווען א פארשידנארטיקע אין באזונדערע קהילות. זיי זענען געווען אָדער ראטמענער פון קהילה צי מיטגלידער פון פארשידענע קאָמיסיעס וואָס האָבן געדאַרפט אויספירן אַ פאַרשידנאַרטיקע קהילה־טעטיקייט. אַזעלכע קאָמיסיעס זענען געווען אַ סך: קאָמיסיע פאַר רעכנמייסטער, ריכטער, שפּיטעלער, מאַרק־פלעצער און ריינקייט אין שטאָט, שולוועזן, שול, אַדמיניסטראַטאָרן, גבאים פאַר ארץ־ישראל, פאַר שאַצונגען פון שטייערן, פראָוויזאָרן־קאָמיסיע אָדער אפוטרופסים פון האנטווערקער־צעך.

די דאָזיקע אַמטן זענען אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער דויער פון אַ יאָר. די וואל־אָרדינאַציע איז געווען אַזוי צוגעשניטן, אז אין דער קהילה־פארוואלטונג זענען דאָס רוב געוויילט געוואָרן מיטגלידער פון רייכע משפחות.

אזוי ארום האָט די קהילה געהאט אירע באאמטע, שול־טוער, אפילו אייגענע פּאָליציי פאַר טאָג און נאַכט־שמירה, פאָרשטעלנדיק מיט זיך אַ באַזונדערע אַד־מיניסטראטיווע גאנצקייט. אן אויטאנאמע קערפערשאפט זענען געווען די רבנים, מלמדים, ריכטער און שוחטים. די קהילה־אויסגאבן זענען צוליב דעם געוואקסן און הגם א גרויסער טייל באאמטע האָט זיך אויסגעהאלטן פון די פאראינטערעסירטע צדדים, איז דער קהילה דאך שווער געווען צו דעקן אלע אירע אויסגאבן, באַ־זונדערס צוליב דעם, וואָס אויסער דעם אַלגעמיינעם סכום מלוכהשע ווי יידישע שטייערן (ריטשאַלט), האָט די קהילה אויך געדאַרפט אויסהאַלטן די באַאַמטע, וואָס האָבן אויסגעפירט די יוריסדיקציע איבער די יידן. צוליב דעם זענען געוואקסן די קהילה־חובות, וואָס האָבן נישט געקאָנט געדעקט ווערן פון די נאָרמאלע הכנסות.

אין אָנהויב האָבן יידן געוואוינט נאָר אין די גרעסערע שטעט און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן די קהילה־אָרגאניזאציע. קיין פוילן זענען יידן געקומען אין גרעסערע גרופּן, און פונקט ווי די דייטשע קאלאניסטן, פריער באזעצט זיך אין די גרויסע שטעט, כדי מיט דער צייט איבערצופאָרן אין קלענערע אָרטשאַפטן, וואו יידן האָבן געבילדעט א פיליע פון דער הויפּט־קהילה. אין קליינפוילן האָבן לכתחילה עקזיסטירט צוויי אזעלכע גרעסערע קהילות: אין קראקע און אין סאַנ־דאָמיר. די רעגירונגס־אָרגאַנען זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג נאָר מיט די גרעסערע קהילות און אויף זיי ארויפגעלייגט די גאנצע לאסט פון שטייערן. פאר איינציען די שטייערן פון אַלע יידן אין געגעבענעם קרייז האָט געטראָגן די אחריות די הויפּט־קהילה. די נייע ישובים, וואָס זענען אנטשטאנען אין דער שכנותדיקער

געגנט, האָבן נישט באַלד באַקומען די רעכט אויפצובויען זיך אַ שול, איינ־אָרדענען א בית־עלמין אָדער אָנשטעלן רבנים. צוליב דעם זענען די קליינע שוואכע קהילות געווען אַפּהענגיק פון די גרעסערע קהילות. אזא קליינע קהילה איז בלויז געווען א פיליע פון דער גרעסערער, צאָלנדיק די שטייערן דורך איר פארמיטלונג. אמת, מיט דער צייט האָט אַזאַ פיליע זיך דערשלאָגן צו זעלבסטשטענדיקייט, איינ־געאָרדנט זיך אַן אייגענע שול, מיט אייגענע רבנים, מלמדים — און צום סוף — אויך אן אייגן בית־עולם. נישט שטענדיק האָט די הויפּט־קהילה גלייך מסכים געווען צו אזא זעלבשטענדיקייט און אויף דעם באָדן פלעגן אויסברעכן אָפטע קאנפליקטן מיט דער פיליע. מיט דער צייט איז א פארשטענדיקונג סוף־סוף דער־גרייכט געוואָרן מיט דער הויפּט־קהילה, באַזונדערס אין פינאַנסיעלע ענינים, כדי צו פאראייגפאכן דאָס איינציען שטייערן פאר דער מלוכה־קאסע. ביי אזא מצב האָבן זיך אויסגעבילדעט לאנדעס־קהילות מיט איין לאַנדעס־רב. אלע יידישע קהילות וואָס האָבן זיך געפונען אינעם קראָקעווער קרייז, זענען געווען פיליעס פון דער קראָקעווער צי סאַנדאָמירער קהילה. דער קראָקעווער רב און די קראָקעווע קהילה האָבן געהאַט זייער כוח איבער אַלע יידישע קהילות, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שטח פון דער קראָקע־סאנדאמירער וואָיעוואָדשאפט, און שוין אינעם זעכצנטן יארהונדערט געבילדעט אן איינהייטלעכן אדמיניסטראטיוון איינס, פאַרטיילט אין פינף ראַיאָנען (מיט קראָקע אַלס צענטער): אָפּאַטאָוו (אַפּט), שידלאָוו, כענטשין, פינטשעוו און וואָדזשיסלאַוו. די יידישע קהילה אין טאַרנע האָט געהערט צום שידלאָווער קרייז (ד״ר מ. באלאבאן: „געשיכטע פון יידן אין קראקע״).

יעדער קרייז („זיעמסטוואָ״), האָט געהאַט זיין לאַנד־קהילה, זיין לאַנד־רב. זיינע אייגענע ענינים זענען דערליידיקט געוואָרן אויף די לאַנד־צוזאַמענפאָרן אָדער סיימיקעס, ווי מען האָט זיי גערופן אויפן פוילישן שטייגער. אין זיבעצנטן י״ה, ווען קראקע האָט פארלוירן איר השפעה און די קראקע־סאנדאמירער געגנט איז געוואָרן א באזונדערער אדמיניסטראטיווער איינס, איז דער סאנדאמירער סיימיק זיך צונויפגעקומען אַ געוויסע צייט אין סטאָפּניץ. אין יאָר 1754 האָבן פאָרשטייער פון דער טאַרנער קהילה זיך באַטייליקט אינעם צוזאַמענפאָר פון די לאנד־דעפוטאטן, פאָרגעקומען אין סטאפּניץ.

אזויווי עס זענען געווען ענינים, וויכטיקע פאר אלע געביטן, איז לויטן מוסטער פונעם הויפּט־סיים אין דער פוילישער מלוכה, אנטשטאַנען א סיים פון יידן פון פוילן און ליטע, וועלכער האָט פארטרעטן אלע קהילות אין ביידע לענדער. אין לובלין זענען דעמאָלט פאָרגעקומען די באַרימטע ירידים, אויף וועלכע עס פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן סוחרים פון גאַנץ פוילן. כדי דערליידיקן פאַרשידענע שטרייטן וואָס פלעגן אויסברעכן אויף די ירידים, האָבן די קהילות געשיקט קיין לובלין יאָרמערק־דיינים, פון וועלכע עס איז נאָך אין דער ערשטער העלפט זעכצנטן י״ה אנטשטאנען דאָס העכסטע בית־דין פאר קרוינפוילן און א באזונדער בית־דין פאר ליטע.

אויסער דעם דאָזיקן געריכטלעכן קשר, איז אין דער העלפט זעכצנטן י״ה געווען א שטרעבונג אויך אויפן פינאַנסיעלן געביט צו פאראייניקן די דאָזיקע לענדער,

צוליב פאָלגענדע סיבות: אין יאר 1549 האָט דער הויפּט־סיים פון דער פּוילישער מדינה איינגעפירט פאר יידן דעם קאָפּ־שטייער. ביים דורכפירן אין לעבן דאָס דאָזיקע געזעץ, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די מלוכה באזיצט נישט אזא אדמיניס־טראַטיוון אפּאראט אויף איינצומאַנען דעם שטייער. צוליב דעם האָט סיי די רשימה, סיי דאָס איינמאַנען שטייער געמוזט איבערגעגעבן ווערן די אָרטיקע און לאַנד־קהילות. די דאָזיקע פּראַצעדור האָט אָבער נישט געגעבן קיין באַפרידיקנדיקע רעזולטאַטן. עס איז דעריבער געוואָרן אין אינטערעס פון דער מלוכה און פון די יידן צו שאַפן אַזעלכע קערפּערשאַפטן, וועלכע זאָלן ווי אַ פאַרטרעטונג פון אַלע קהילות איינמאַנען דעם שטייער אין גאַנץ פּוילן.

צוליב דעם איז אין יאר 1581 אַנטשטאַנען דער יידישער סיים פון קרוינ־פּוילן, וועלכער האָט זיך פאַרפּליכטעט יעדעס יאָר אַריינצוטראָגן דעם מלוכה־אוצר אַ באַשטימטע קיילעכדיקע סומע. די דאָזיקע רעפּרעזענטאַנץ האָט זיך גערופן „ועד ארבע ארצות" (קאַמיטעט פון פיר לענדער) און מיט זיין טעטיקייט ארומ־גענומען גרויספּוילן, קליינפּוילן, ווייסרוסלאַנד און ליטע.

דער ועד ארבע ארצות איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע, אַנערקענט דורך דער מלוכה. דער מדינה־קאַסיר האָט פון פּוילישן הויפּט־סיים באַקומען אַן אינסטרוקציע, אַז ער איז מחוייב זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די איינמאָנערס פונעם קאָפּ־שטייער. אין אַ שפּעטערדיקער צייט, אָנהויב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, איז ליטע אָפּגעפאַלן פונעם ועד ארבע ארצות און געשאַפן אַן אייגענעם סיים, ווי אַ באַזונדערן אדמיניס־טראַטיוון איינס.

ווי מיר ווייסן, האָט דער יידישער סיים זיך צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי אינס־טאַנצן: א סיים און א בית־דין (אָדער סיים־טריבונאַל), וועלכער איז זיך צוזאַמענ־געקומען צוויי מאָל אין יאר — אין חודש פעברואר אין לובלין, און אין חודש סעפּטעמבער אין יאַראָסלאַוול. אויפן סיים זענען זיך צונויפגעפאָרן דעלעגאַטן, געוויילטע אין די לענדער און אין די פרייע שטעט. דעלעגאַטן פון איין לאַנד האָבן זיך פאַרשטענדיקט און געשאַפן קאָרפּאָראַציעס מיט אייגענע מאַרשאַלקעס. דער סיים האָט אויסגעוויילט א מאַרשאַלעק פון די יידן פון קרוינפּוילן, און צו אים — א פאַרטרויאונגס־מאַן אָדער א קאַסיר און א גענעראַל־סעקרעטאַר.

דער יידישער סיים איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּוילישער רעגירונג פאַרן איינמאָנען דעם קאָפּ־שטייער און אַנדערע שטייערן, ווי אויך פאַר פּאַרטייען זיי צווישן די באַזונדערע לענדער און גרעסערע קהילות. אין די יידישע סיימען האָט מען אויך דערליידיקט פאַרשידענע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט האַנדל און מלאכה, עס זענען רעגולירט געוואָרן געזעלשאַפטלעכע און אדמיניס־טראַטיווע ענינים. איינע פון די הויפּט־זאָרגן פונעם יידישן סיים איז געווען די פראַגע פון דערציִען די יוגנט: עפענען און אויסהאַלטן ישיבות, באַשטעטיקן לערן־פּראָגראַמען, דרוקן יידישע ביכער אין פּוילן. דער לעצטער פּונקט איז אָפּט גע־שטאַנען אויפן סדר־היום פון דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ.

כדי צו דעקן די אויסגאַבן פון אַזאַ פאַרצווייגטער טעטיקייט, האָט די קהילה גע־נומען דירעקטע שטייערן פון די אָנגעהעריקע צו די קהילות. די דאָזיקע שטייערן זענען איינגעמאָנט געוואָרן פון חתונות, טילען און משפּטים. אין דער צווייטער

העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט, ווען צוליב דער פאַראָרעמונג פון דער יידישער באפעלקערונג האָבן די דערמאָנטע שטייערן נישט געקאָנט דעקן די קהילה־אויס־גאַבן, איז איינגעפירט געוואָרן אַ קאָנסומציע־שטייער, די א.ג. „קרובקע" — אַן אָפּצאָל פון פלייש, געבעקס, מילך און אנדערע שפּייז־ארטיקלען. ווען אויך די הכנסות פון דעם נייעם שטייער האָבן נישט געדעקט די אויסגאבן, האָט די קהילה געמוזט אָנקומען צו הלוואות, וועלכע די נישט־יידישע וועלט האָט גערן געגעבן, אָננעמענדיק אַלס משכנות די שול, דאָס בית־ עלמין און די הכנסות פון דער קהילה.

נישט שטענדיק איז די קהילה־ווירטשאפט איינגעשטאנען אין די הענט פון ערלעכע פּרנסים. גאנץ אָפט האָבן פרנסים און אָנגעשטעלטע אויסגענוצט זייער פונקציעס פארן פריוואטן נוצן, בעת די קהילות זענען געזונקען אין חובות. די „קרובקע", דער אופן פון דינגען זי, איז געוואָרן אַ מקור פאַר הכנסות פאַר פארשידענע פארשוינען וואָס האָבן געהאט השפעה אין דער קהילה. שפּעטער איז די „קרובקע" אויך אויסגענוצט געוואָרן דורך פאַרשידענע קליקעס, וועלכע האָבן שוין געזאָרגט דערפאר און צוגעהיטן, אז די קהילה זאָל איינשטיין אין די הענט פון „אייגענע" מענטשן.

די יידישע באפעלקערונג האָט זיך געבויגן אונטער דער לאסט פון פארשידענע שטייערן און אָפּצאָלונגען, וואָס זענען ארויפגעלייגט געוואָרן דורך די פרנסים. יעטוועדער פּרווו געזונט צו מאכן די פינאנסן פון די ארטיקע ווי פון די לאנד־קהילות וואָס זענען אונטערגענומען געוואָרן דורך די מלוכהשע אָרגאַנען, צי דורך עסקנים, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאטן. די אינערלעכע רייסערייען, קעגנ־זייטיקע פארדאכטן און נישט־ערלעכקייט, ווי אויך דער קאמף פאר העגעמאניע צווישן די ארטיקע און לאנד־קהילות, האָבן צונישט געמאכט יעטוועדן אנשטרענג צו ענדערן די לאַגע. אין יאָר 1764 האָט די רעגירונג אָפּגעשאַפט די יידישע סיימיקעס און דעם הויפּט־סיים, עס איז איינגעפירט געוואָרן א קאָפּ־שטייער אין דער הויך פון 2 זלאָטעס פאר א פּערזאָן. דער דאָזיקער שטייער האָט געדאַרפט איינקאַסירט ווערן דורך די אָרטיקע קהילות.

אויך די טאַרנער קהילה, וועלכע האָט געהערט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, צום קליינפוילישן אָדער קראקע־סאנדאמירער קרייז, איז נישט געווען פריי פון די אלע לאַסטן און זאָרגן, ווי אויך פון דער נישט־ערלעכער ווירטשאפט. נאָך א גאַנצער ריי שטרייטן און פּראָצעסן איז אויך אויפן יידישן סיים, פאָרגעקומען אין יאָר 1692, באַשלאָסן געוואָרן אויסצוטיילן קראָקע ווי אַ באַזונדערע אַדמיניסטראַטיווע איינהייט. אויפן אָרט פון קראָקע האָבן זיך אַרויסגערוקט זעקס קליינפוילישע שטעט־לעך, וועלכע האָבן געפירט צווישן זיך א קאמף פאר העגעמאניע.

„די רייכע טאַרנער קהילה" — ווי עס באצייכנט זי פּראָפ' מאיר באלאבאן (באנד 3, ז' 334), — „וועלכע איז געווען א קראָקעווער אונטער־קהילה, איז נאָכן אָפּטיילן זיך פון קראָקע אריבערגעגאַנגען אונטער דער אַפּוטרופסות פון שידלאָוועצע און פארוואנדלט געוואָרן אין א שידלאָווצער אונטער־קהילה".

דער קליינפוילישער קהילה־צענטער האָט זיך דערנענטערט צו זיין ירידה נישט נאָר צוליבן שטרייט מיט קראָקע, נאָר דער עיקר צוליב דער פאטאלער פינאנס־פּאָליטיק. די יידישע באפעלקערונג האָט אלץ מערער אָנגעהויבן מורמלען

קעגן די לאסטן וואָס ווערן אויף איר ארויפגעלייגט דורכן קרייז־ועד. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די אלע אָנקלאגעס. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז קיין שום כוח איז נישט אימשטאַנד צו באַזייטיקן דאָס שלעכטס און באַגרענעצן דעם ווילקיר פון די פארטרויאונגס־מענער און די קהילה־סעקרעטארן. אינעם פריער ציטירטן בוך פון מ. באלאבאן ווערט געברענגט פאלגענדע שילדערונג פון דער שלעכטער קהילה־ווירטשאַפט: „נאָכן אויפלייזן דעם ועד ארבע ארצות אין יאָר 1764, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין די יאָרן 1754־1763, האָבן די קהילה־אָנפירער באקומען 897,607 פוילישע זלאָטעס, און געקאָנט זיך דערפון אויסרעכענען נאָר אויף 541,406 פוילישע זלאָטעס. בנוגע דער איבעריקער סומע האָבן זיך די קהילה־לייט פאַרענטפערט מיט „נויטיקע אויסגאַבן", אויף וועלכע עס זענען נישט געווען קיין קוויטירונגען".

אויך די טאָרנער קהילה, וועלכע איז שוין אין יאָר 1631 אַרויסגעטרעטן ווי א באזונדערע קערפערשאפט מיט אלע אטריבוטן פון א קהילה, האָט אדורכגעמאכט דעמזעלבן וועג וואָס די אַנדערע קהילות.* פאָרשטייער פון דער טאָרנער קהילה האָבן זיך באטייליקט אינעם צוזאמענפאר פון די קרייז־דעפוטאטן, פאָרגעקומען אין סטאָפניץ, אין יאָר 1754. אין יאר 1765 האָט אין טאָרנע און אין די דער־בייאיקע קהילות (טאָרנער גראַפשאַפט, פּאָוויאַט) געלעבט 2325 יידן. פאַר יענער צייט איז דאָס געווען א גענוג גרויסע קהילה. לויט א רעגיסטראציע פון דער באַ־פעלקערונג וואָס איז דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אין גאנץ פוילן, איז פעסט־געשטעלט געוואָרן די פאלגענדע צאָל יידן: אין קרוינפוילן — 420,589, ליטע — 137,300. אין דער גאנצער פוילישער מדינה האָבן געלעבט בסך־הכל 577,899 יידן. ביי אַזאַ צאָל, האָט אַ טאָרנער קהילה פון 2325 נפשות זיך גערעכנט צו די גרעסערע קהילות.

אין יאָר 1752 איז געשטאָרבן פירשט קאראל סאנגושקא. אלע זיינע גיטער האָט ער אויף לעבנסלענגלעך פארשריבן זיין פרוי בארבארא. אזוי ארום איז אויך טאָרנע אריבער אין איר באזיץ.

די אַלץ דערנענטערנדע קאַטאַסטראָפע פון דער פוילישער מלוכה האָט זיך שווער אָפגערופן אויפן גורל פון די יידישע קהילות. אויסגעשטעלט אויף שטענדיקע געפארן פונדרויסן און אָפטע קאמפן מיט די שטאָטלייט פארן וואוינרעכט און די רעכט אויף מלאכה, זענען די קהילות אינגאנצן אָפגעשוואכט געוואָרן. פון דער לאגע האָבן בלויז געצויגן נוצן די פרנסים. זיי האָבן געבאלעבאטעוועט אין דער קהילה אויף אַ ווירקירלעכן אופן, אָן שום געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל און גאָר גיך דערפירט די קהילות צו אונטערגאנג.

---

* פון דעם בוך פון ישראל היילפערין: „פנקס ועד ארבע ארצות" דערוויסן מיר זיך, אַז צו די שופטים און עלטעסטע אויף דער לאַנדעספאַרזאַמלונג פון די 4 לענדער פון פוילן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 31־טן אויגוסט 1724 אין יאַראָסלאַוו (זייט 299), האָט צווישן אַנדערע געהערט אויך רבי שמעון וולף הלוי פון טאָרנע און אַז אינעם יאָר 1739 (זייט 321), איז רבי יחזקאל, דער דאַמאָלטיקער מנהיג פון דער טאָרנער קהילה, געווען אַ דעפּוטאַט צו דער פאַרזאַמלונג פון ועד ארבע ארצות אין יאַראָסלאַוו.

## II

# אונטער עסטרייכישער הערשאפט

### 7

בעת דער ערשטער טיילונג פון פוילן (אין יאָר 1772), איז די לאגע פון די קהילות געווען א טרויעריקע. דעם 31־טן יולי 1772 יאָר איז עסטרייכיש מיליטער אַריין קיין טאַרנע. דעם 11־טן סעפטעמבער דעמזעלבן יאָר איז ביי טראָמפּייטן־שאַל פּאַרעפנטלעכט געוואָרן אין טאַרנע דער צעטיילונגס־אוניווערסאַל פון דער קעניגין מאריא טערעזא, אין וועלכער עס איז געמאָלדן געוואָרן דער טאַרנער באפעלקערונג, אז זיי זענען געוואָרן עסטרייכישע בירגער. די פוילישע אָפיציעלע אמטן זענען רעאָרגאניזירט געוואָרן אויפן עסטרייכישן שטייגער.

אין יאָר 1774 האָט באַרבאַראַ סאַנגושקאָ זיך אָפּגעזאָגט פון איר לעבנסלענג־לעכן רעכט אויף טאַרנער גראַפשאַפט. אירע זין האָבן פאַרטיילט צווישן זיך דעם פאטערס גיטער. טאַרנע און אומגעגנט איז איצט געוואָרן דאָס אייגנטום פון פירשט הירעאָנים סאנגושקא, וואלינער וואיעוואדע. אונטערן איינפלוס פון די מאכט־ענדערונגען, נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן, האָבן זיך געשאפן אנדערע באציאונגען מצד דער שטאָט צו די הארן גוטבאזיצער.

ביי דער צעטיילונג פון פוילן האָט דער גוטבאַזיצער, ווי דער אייגנטימער פון שטאָט, דעצידירט וועגן די שטאָטישע איינריכטונגען און וועגן די ענינים פון דער שטאטישער זעלבסטפארוואלטונג. די עסטרייכישע אדמיניסטראציע האָט גע־ענדערט דעם צושטאנד און אָנגעהויבן אריינמישן זיך אין די מאכט־געביטן פון די פארשידענע פירשטן און גראפן און זייערע איינפלוסן אויף שטאטישע ענינים האָבן זיך פאַרקלענערט און זענען מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אויך די הערשער פון טאַרנע האָבן שטופנווייז אָנגעהויבן פאַרלירן זייער איינפלוס אויף די שטאטישע ענינים. פון די עלטסטע צייטן האָט טאַרנע געפירט איר שטאָט־פאר־וואלטונג לויטן מאגדעבורגער רעכט און פארמאָגט דעריבער א ווייטגייענדיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג. פונדעסטוועגן האָט אין די מיינסטע פאַלן דעצידירט דער ווילן פון די גוטבאַזיצער.

ערשט נאָך די פאראָרדענונגען פון דער עסטרייכישער מאכט, האָט אין יאָר 1772 לגמרי אויפגעהערט די גוטבאזיצערישע הערשאפט אין די שטעט. אין יאָר 1787 איז טאַרנע ענדגילטיק איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער עסטרייכישער אַדמי־

ניסטראַציע און דעם 11־טן אַפּריל 1787 יאָר, זענען פאַראָרדנט געוואָרן וואַלן צום טאַרנער שטאַטראַט.

פּאַראַלעל צו די דאָזיקע רעזשים־ענדערונגען, האָט אויך דאָס יידישע לעבן אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. אין די טיילן פּוילן, פאַרנומענע דורך עסטרייך, ד.ה. אין גאַליציע, זענען די יידן געוואָרן אַן אָביעקט פאַר אומבאַרחמנותדיקן דרוק מצד דעם ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט פון דער קיניגין מאַריאַ טערעזאַ און איר נאָכפאָלגער יאָזעף דעם צווייטן. זייערע רעפאָרמען האָבן אין אַ גרויסער מאָס משפיע געווען אויפן איבערפאָרעמען זיך פונעם יידישן לעבן אין גאַליציע. מאַריאַ טערעזאַ, וועלכע האָט פון גאַליצישן יידנטום געוואָלט אַרויספּרעסן וואָס מערער הכנסות, האָט אין יאָר 1776 אַרויסגעגעבן איר „טערעזיאַנישע יודענאָרדנונג", אויף וועמענס סמך ס'איז פאַר די יידישע קהילות איבערגעלאָזט געוואָרן די פולשטענדיקע אויטאָ־נאָמיע און עס איז פאַר זיי געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אויטאָנאָמע קערפּער־שאַפט א.ג. „יידישע דירעקציע", וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו פאַרטיילן די שטייערן צווישן די באַזונדערע יידישע קהילות. דערביי האָבן זיי באַדאַרפט אויסמעסטן די שטייערן פאַר יעדן ייד באַזונדער. די דירעקציע איז באַשטאַנען פון 12 פּרנסים, אונטערן פאָרזיץ פון הויפּט־רב. צו יענער צייט איז דער איינ־ציקער לאַנדעס־ראַבינער געווען דער רייכער ייד פון בראָד — אריה לייב בערנשטיין.

די פאַראָרדענונגען פון מאַריאַ טערעזאַ זענען געווען געווענדעט דירעקט קעגן יידן. דער שטייער־אויסמעסט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען צוויי מאָל גרעסער ווי דער קאָפּ־שטייער וואָס יידן האָבן געצאָלט אין פריערדיקן פּוילן. גלייכצייטיק זענען איינגעפירט געוואָרן הויכע אָפּצאָלן פאַר חתונות, וואָס עס האָט געדאַרפט שטערן דער פאַרמערונג פון די יידן אין לאַנד. עס איז דערקלערט געוואָרן אַ קאַמף דער יידישער אָרעמקייט דורכן באַזייטיקן פון לאַנד די א.ג. „פּאַופּעריזירטע יידן" — די יעניקע וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן די „טאָלע־ראַנץ־טאַקסע". מיטן עטאַפּ פלעגט מען זיי אין די טויזנטער צושטעלן צו דער גרענעץ און זיי אַרויסטרייבן פון גאַליציע. און דאָס וואָס ס'האָבן נישט באַוויזן די דאָזיקע דראַסטישע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען האָט פאַרענדיקט די שטייער־שרויף וואָס האָט דערפירט יידן צו פאַרצווייפלונג. די שטייער־חובות זענען כסדר געוואַקסן.

אויך יאָזעף דער צווייטער האָט זיך נישט בעסער באַצויגן צו יידן, הגם ער האָט זיך באַמיט זיינע פאַראָרדענונגען צוצוגעבן אַ שיין פון הומאַניטאַריזם, וואָס איז געווען אין דער מאָדע ביי די הערשער פון יענער תקופה — אין אכצנטן יאָר־הונדערט. צומערשט האָט ער ביי גאַליציאַנער יידן צוגענומען די לעצטע רעשט אויטאָנאָמיע, וואָס איז נאָך געהאַט פאַרבליבן פון פאַר פּוילנס פאַרטיילונג. ער האָט די יידן אונטערגענומען אונטער דער מלוכהשער יוריסדיקציע, הגם ער האָט גלייכצייטיק אָפּגעשאַפט די באַגרעניצונגען אין האַנדל און דערלויבט פריי צו פאַר־נעמען זיך מיט מלאכה אין די שטעט. לויט זיינער אַ פאַראָרדענונג איז ליקווידירט געוואָרן די יידישע דירעקציע וואָס מאַריאַ טערעזאַ האָט געהאַט אויפגעשטעלט, די אויטאָנאָמיע פון די גאַליצישע קהילות איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, די רבנים־

געריכטן האָט מען אויפגעלייזט און אַלע פּרנסים זענען באַזייטיקט געוואָרן. אַזוי אַרום זענען די יידישע קהילות און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג געשטעלט געוואָרן אונטער דער קייזערלעכער יוריסדיקציע. בלויז פאַר רעליגיעזע ענינים איז געשאַפן געוואָרן א פאָרשטייערשאַפט פון 3־7 פאָרשטייער פון יעדער קהילה. גלייכצייטיק איז יידן פארבאָטן געוואָרן צו האַנדלען אויף די דערפער מיט משקאות, פאַרוואַלטן מיט אַרענדעס, גיטער, באָדן, מילן, — וואָס זענען צו יענער צייט געווען די הויפּט־הכנסות פון דער יידישער באַפעלקערונג. צו יענער צייט, ביי דער ערשטער פאַרטיילונג פון פוילן, האָבן אַרום 40% פון דער יידישער באַפעלקערונג געלעבט אויף די דערפער און אַ דאַנק די אויבנדערמאָנטע „הומאַניטאַרע” פאַראָרדענונגען, זענען זיי געבליבן אָן ברויט. די פּויפּעריזאַציע פון גאַליציאַנער יידנטום איז געגאַנגען מיט ראַשיקע שריט.

דערפאַר אָבער האָט יאָזעף דער צווייטער, אין א קייזערלעכן פּאַטענט פון 1־טן יאַנואַר 1788, באַשאַנקען די יידן מיט דייטשע פאַמיליע־נעמען, מיליטער־דינסט און אַסימילאַטאָרישע שולן, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון טשעכישן משכיל הערץ האָמבערג, דערציער פון מענדעלסאָנס קינדער. האָמבערג איז באַשטימט געוואָרן אַלס אינספּעקטאָר פון די יידישע שולן אין גאַליציע, וועמענס צאָל איז דערגאַנגען ביז 48. זיי האָבן זיך גערופן „דויטש־יידישע שולן”. אויך אין טאָרנע איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ שול. די שולן, וועלכע זענען אין אָנהויב באַשטימט געוואָרן בלויז פאַר יינגלעך, האָבן זיך געטיילט אויף טריוויאַלע און נאָרמאַלע.

בראש פון די דאָזיקע שולן איז געשטאַנען אַן אָבערלערער אָדער א לייטער. דער עיקר קעגנשטאַנד פאַר לערנען איז געווען די דייטשע שפּראַך, וואָס האָט געפירט צו דער גערמאַניזירונג פון יידן. די דאָזיקע דייטש־עסטרייכישע שולן, וואָס האָבן אָנגערירט די יידישע רעליגיעזע טראַדיציעס, זענען דורך דער יידישער באַפעלקערונג אויפגענומען געוואָרן מיט שנאה, וועלכע איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען דער אָנפירער פון די שולן, הערץ האָמבערג, האָט זיך באַמיט מ׳זאָל פאַרמאַכן די חדרים און ישיבות. דאָס גאַליציאַנער יידנטום האָט אויפגעהויבן א קאַמף קעגן די שולן, קיין ווין זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מעמאָראַנדומס, עס זענען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען דאָרט וואו מען האָט באַדאַרפט — און די קעגנער פון די שולן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון: אין יאָר 1797 האָט האָמבערג פאַרלאָזט גאַליציע. די פאַרהאַסטע שולן האָבן נאָך עקזיסטירט ביזן יאָר 1806, ווען קייזער פראַנץ דער ערשטער האָט זיי אָפּגעשאַפט און דערלויבט יידישע קהילות צו עפענען אייגענע שולן.

דעם 7־טן מאַי 1789 יאָר האָט קייזער יאָזעף דער צווייטער אַרויסגעגעבן אַ „טאָלעראַנץ־פּאַטענט” פאַר גאַליציאַנער יידן, וועלכער האָט אויף אַ לענגערער צייט — ביזן יאָר 1848 — רעגולירט דעם רעכטלעכן מצב פון די יידן. די דאָזיקע נייע פאַראָרדענונג האָט צוו. אַנד. סאַנקציאָנירט דאָס אָפּשאַפן די קהילות, איבערלאָזנדיק א מין רעליגיעזע אויפזיכט וועלכע האָט זיך גערופן „קולטוס־געמיינדע פאָרשטאַנד”. די דאָזיקע אינסטיטוציע איז באַשטאַנען פון 3־7 פאָרשטייער (פּרנסים), אויסדערוויילטע אויף אַ צייט פון 3 יאָר. די וואַל־אָרדינאַציע האָט פאָרויסגעזען,

אז די הויז־באַזיצער דאַרפן אויסוויילן פון זיך פון 6 ביז 14 קאַנדידאַטן, און דער סטאַראָסטע דאַרף אַ העלפט פון זיי באַשטעטיקן. בלויז קרייז־שטעט איז דערלויבט געווען אויסצוהאַלטן קרייז־ראַבינער.

אַזוי אַרום איז אַנשטאַט דער אַלטער קהילה־אָליגאַרכיע, געשאַפן געוואָרן אַ פּאַרשטייערשאַפט פון רייכע משפחות, וועלכע זענען אָן שום רעכטלעכן יסוד געוואָרן דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר אינעם לעבן פון גאַליציאַנער יידנטום. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך ווייטער געבויגן אונטער דער שטייערן־לאַסט און טאַקסעס, באַזונדערס צוליב די טאַקסעס אויף כשר פלייש און שבת־ליכט.

## 8

פאַרשטייט זיך אַז אויך טאַרנער יידן האָבן געגאָסן פון די דאָזיקע טובות. ווי ביי אַלע יידן פון גאַליציאַנער שטעט, איז אויך דאָ אָנגעגאַנגען די פאַראָרעמונג. צו דעם צו האָט די פּלאָג פון שרפות נישט אויפגעהערט. דעם 14־טן אַפּריל 1792 יאָר, 1 ביינאַכט, איז די יידישע גאַס באַלויכטן געוואָרן פון אַ שרעקלעכער שרפה. צום אומגליק האָט אַ מזרח־ווינט אונטערגעבלאָזן דאָס פייער און אין משך פון דריי שעה איז דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל מיטן מאַרק פאַרניכטעט געוואָרן. די נויט ביי טאַרנער יידן איז דעמאָלט געווען אַזוי גרויס, אַז יידן פון בזשעסקאָ (בריגל) און דאָמבראָווע האָבן פאַר טאַרנער נשרפים געבראַכט עטלעכע זעק ברויט און 600 גילדן שטיצע.

נאָך דער דאָזיקער שרפה האָבן יידן ווידער אָנגעהויבן צוריק אויפבויען די חרוב־געוואָרענע היימען. לויטן אויבנדערמאָנטן „טאָלעראַנץ־פּאַטענט", זענען יידן אין טאַרנע פּאָליטיש, אַדמיניסטראַטיוו און יורידיש געווען אונטערגעוואָרפן דער זעלבער מאַכט וואָס אַלע יידן אין גאַליציע. די רבנים־געריכטן זענען באַגרענעצט געוואָרן נאָר צו גוטווייליקע אויסגלייכן פון סכסוכים. די מויערן וואָס האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט זענען פאַרשוואונדן און יידן איז דערלויבט געוואָרן צו וואוינען אין אַלע טיילן פון טאַרנע. דאָס איז געשען אין יאָר 1792, ווען אַלע פּריווילעגיעס פון דער שטאָט זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן און זי האָט באַקומען די נייע קייזערלעכע פּריווילעגיע, לויט וועלכער עס איז איבערגעלאָזט געוואָרן: דאָס געריכט פון דער ערשטער אינסטאַנץ, אַ געוויסע אויטאָנאָמיע ביים אויסוויילן אַ מאַגיסטראַט מיט אַ בירגערמייסטער בראש און אַ שטאַטראַט פון 24 מיטגלידער. טאַרנער יידן האָבן באַקומען די זעלבע רעכט ווי אַלע שטאָט־בירגער.

אין דעם דאָזיקן פּעריאָד אַנטוויקלט זיך טאַרנע גאָר שטאַרק. אין די יאָרן 1785־1784 איז אויסגעבויט געוואָרן דער נייער א.ג. „קיסר־וועג" (דורך די איצטיקע גאַסן קראָקעווער, וואַלאָווע און לעמערגער). די דאָזיקע שאָסיי האָט פאַרלייכטערט די קאָמוניקאַציע מיט אַנדערע גאַליציאַנער ישובים, וועלכע זענען געלעגן אויפן קייזערלעכן וועג. וועגן דער אַנטוויקלונג פון טאַרנע זאָגט אויך עדות דער פאַקט, אַז אין יאָר 1786 איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן די ערשטע דרוקעריי.

## 9

אין יאָר 1820 האָט טאַרנע שוין געציילט 7,640 איינוואוינער. אויך די טאַרנער קהילה האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַנטוויקלונג. דעם 20־טן מאַי 1840 יאָר איז די קהילה צוגעטרעטן בויען אַן אייגן יידיש שפּיטאָל. צו דעם צוועק איז ביי דער שטאָט־גמינע אָפּגעקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ. דעם קויף־אַקט האָט אונטער־געשריבן דער קהילה־באַפולמעכטיקטער שמואל דניאל.

פונעם פונדאַציע־אַקט פונעם יידישן שפּיטאָל אין טאַרנע, וואָס איז פייער־לעך צונויפגעשטעלט געוואָרן דעם 26־טן יאַנואַר 1842 יאָר, דערוויסן מיר זיך, אַז די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה: יעקב גאָלדלוסט, פנחס פּאַלעסטער און שלמה פינקעלשטיין, האָבן נאָך מיט 2 יאָר צוריק (אין יאָר 1840), אָנגע־הויבן זאַמלען דעם שפּיטאָל־פאָנד. דער דאָקומענט באַווייזט, אַז אין דער ערשטער העלפט ניינצנטן י״ה איז די יידישע קהילה אין טאַרנע געווען אויף אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז זי איז געווען אימשטאַנד צו קויפן באַדן אויף אויפצושטעלן אַ ניי יידיש שפּיטאָל אויפן אָרט פון אַלטן, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער שטאָט.

דער פונדאַציע־אַקט, געשריבן אין דייטש, האָט פאָלגנדן אינהאַלט:

„אין יאָר 1842, אונטער דער וואוילטעטיקער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט קייזער פערדינאַנד דעם ערשטן, שטעלט אויף די יידישע קהילה אַ יידיש שפּיטאָל. די יידישע קהילה איז צו דער דאָזיקער טעטיקייט אויפגעפאָדערט געוואָרן פונעם קייזערלעך־קיניגלעכן גובערניאַל־ראַט, הער יאָזעף ברייניל פאָן וואַלערשטערן, גלייכצייטיק קרעפטיק אונטערשטיצט דורך דעם דאָזיקן הויכגעשעצטן הער קרייז הויפּטמאַן, דורך זיין אַמטלעכער השפעה און פערזענלעכער מיטווירקונג.

„אין די צוויי פאַרגאַנגענע יאָרן זענען דער בירגערמייסטער הער איגנאַץ היגגלער און די קהילה־פאָרשטייער די הערן יעקב גאָלדלוסט, פנחס פּאַלעסטער און סאַלאָמאָן פינקעלשטיין געווען פאַראינטערעסירט צו זאַמלען אין די פאַרמעגן דאָס שוין פאַראַנענע שפּיטאָל־פאַרמעגן. דער פריערדיקער שפּיטאָל־בנין, וועלכער איז אַ נישט־צוועקמעסיקער געלעגן אין מיטן שטאָט, איז פאַרקויפט געוואָרן. אויף דעם אופן איז געשאַפן געוואָרן דער פאָנד פאַר אויפבויען דאָס נייע שפּיטאָל. אויף דער אינערלעכער איינריכטונג און אויף צו דעקן די ערשטע אויסגאַבן, האָט די יידישע קהילה פרייוויליק געגעבן איר צושטייער. די פאַרוואַלטונג איז אָנפאַר־טרויט געוואָרן פיר אָנגעזעענע קהילה־מיטגלידער, די הערן: מיכאַל פּאַלעסטער, אהרון קאַמינער, חיים־לייב פייגענבוים און ליפּע וויינגאַרטן, אונטער דער אויבער־אָנפירונג פון בירגערמייסטער. די דויערנדע אויפהאַלטונג פון שפּיטאָל איז באַ־שטימט געוואָרן דורך פאָלגנדע פרייוויליקע אָפּצאָלן און זאַמלונגען ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן:

„די הכנסות פון באַד, אָפּצאָלן פון מנינים און בתי־תפילה, געלט־זאַמלונגען ביי געבורט־שמחות, חתונות, האָר־אָפּשניידן, טויטפאַלן, ביים אויפשטעלן מצבות, ביים אויפרופן צו דער תורה אין דער סינאַגאָגע און לסוף פון צדקה וואָס ווערט צונויפגעזאַמלט אין די צדקה־פּושקעס, וואָס ווערן אוועקגעשטעלט אין עפנטלעכע ערטער.

„אויף דעם אופן איז דאָס שפּיטאָל, צום וואויל און ברכה פון די ליידנדע גלויבנס גענאָסן מנדב געוואָרן און היינט צו טאָג דערעפנט געוואָרן.

„זאָל גאָטס ברכה קומען איבער דעם הויז, אין וועלכן מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט צו דעם פייערלעכן און איידעלן צוועק״.

פאָרגעקומען אין טאַרנע, דעם 26. יאַנואַר 1842.

יאָזעף ברײנל פאָן וואַלענשטערן, ק. ק. גובערניאַלראַט און טאַרנער קרייז־הויפּטמאַן, — איגנאַץ הינגלער, בירגערמייסטער, — ראַפּאַפּאָרט, קרייז ראַבינער, — קהילה פאָרשטייער, פּינקאַס פאַלעסטער, ס. פּינקעלשטיין, — שפּיטאָל פאַרוואַל־טער: מיכאַל פאַלעסטער, ס. א. קאַמינער, חיים לייב פייגנבאום, ליפּע וויינגאַרטען, הירש קעללער, דוד ראַפּאַפּאָרט, מענקע וועקסלער, י. לוקסענבורג. — עדות: הומאַנסקי, קרייז קאָמיסאַר, יאַראָש, קרייז־אינזשינער און בוי דירעקטאָר, עדוואַרד קעלערמאַן, ד״ר מעדיצין — ק. ק. קרייז־פיזיקער, קאָרעספּאָנדענט מיטגליד דער ק. ק. געזעלשאַפט פון פּראַקטיצירנדע דאָקטוירים אין ווין, — איזאַק קעלער, — הערש בערנשטיין, — שאול פינקעלשטיין, לייבל מינץ, ישראל בערנשטיין, — מענדל קעלער״.

אין יענער צייט האָט פאַר דער יידישער קהילה זייער פיל געטון די איידעלע יידישע פילאַנטראָפּין דבורה וועקסלער. זי האָט געשענקט דער טאַרנער קהילה אַ גאַנצן קאָמפּלעקס הייזער אויף דער נאָווע גאַסע, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין איר צוואה פונעם 20.11.1875. ביז׳ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך געפונען אין די הייזער: די שול אויפ׳ן נאָמען פון דבורה וועקסלער און די ביוראָס פון דער קהילה. די דאָזיקע אַלע בנינים האָבן די היטלערישע באַנדיטן חרוב געמאַכט אין סוף יאָר 1939.

טאַרנע איז דערגאַנגען צו אַ גרויסן אויפבלי, זינט עס איז, אין יאָר 1845, אין חודש יאַנואַר, געשלאָסן געוואָרן אַ קאָנטראַקט צווישן פירשט וולאַדיסלאַוו סאַנ־גושקאָ, יורש־באַלעבאָס פון טאַרנע, און דעם מאַגיסטראַט, לויט וועלכן פירשט סאַנגושקאָ דערלויבט צוצופאַרייניקן צו דער שטאָט די דערפער גראַבּוווקע, סטרושינע, זאַבלאָטשע און טערליקוווו. דער פירשט האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט לטובת דעם מאַגיסטראַט פון זיין אויבערמאַכט און יורידיקציע איבער די איינוואוינער פון דער שטאָט טאַרנע. אזוי ארום איז טאַרנע געוואָרן איינע פון די געציילטע גרעסערע שטעט אין גאַליציע און מער ווי זיבנפאַליק פאַרגרעסערט איר שטח. די צאָל איינוואוינער האָט זיך פאַרגרעסערט, און מיט דעם — די יידישע קהילה.

אין פעריאָד פון דער מערץ־רעוואָלוציע אין יאָר 1848 איז דאָס יידישע לעבן אין טאַרנע פונדעסטוועגן נישט געווען קיין לייכטס. דער גרויסער היסטאָרי־קער און קדוש ש. דובנאוו שרייבט אין צווייטן באנד פון זיין „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק״ (ז׳ 129), אַז אין טאַרנער קרייז זענען אין די יאָרן 1829 און 1844 יידן אָנגעקלאָגט געוואָרן אין ריטואַל־מאָרד. די אויספאָרשונג וואָס איז דעמאָלט פאָרפירט געוואָרן האָט באוויזן, אז אונטערגעהעצטע מוטערס האָבן דערהרגעט זייערע אומגעזעצלעכע קינדער. לויט דובנאוון, האָט די דעמאָלטיקע עסטרייכישע רעגירונג, הגם א דורכאויס רעאַקציאָנערע, נישט געוואָלט דערלאָזן צו אנטי־

יידישע ארויסטרעטונגען צוליבן בלויזן חשד, אז יידן זענען באגאנגען א ריטואל־מאָרד.

## * 10

אין מערץ 1848 יאָר איז דורך אייראָפּע דורכגעגאַנגען דער „פרילינג פון די פעלקער״. איבער די דייטשע, עסטרייכישע און איטאַליענישע לענדער האָט זיך דורכגעטראָגן אַ רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וועלכע האָט די פעלקער, געדריקטע דורכן אַבסאָלוטיזם, געבערענגט די ערשטע פרייהייט־שטראַלן. די יידן וואָס האָבן אַממייסנטן געליטן פונעם אַבסאָלוטיזם, האָבן גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער מערץ־רעוואָלוציע, וועלכע האָט געגעבן דעם אָנהויב פאַר א ברייטער עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג.

אין עסטרייך, נאָכן צווייטן אויפשטאַנד אין מאי 1848 יאר, אין וועלכן יידן האָבן גענומען אן אקטיוון אנטייל, איז גערופן געוואָרן די קאָנסטיטואיר־פאַרזאַמלונג. נאָך פאַר דעם, אין אַפּריל 1848, איז פאַר יידן אָנערקענט געוואָרן אַקטיוו און פּאַסיוו וואַל־רעכט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. ווען ס׳איז אין יולי דעמזעלבן יאָר זיך צונויפגעקומען אין ווין די קאָנסטיטואיר־פאַרזאַמלונג, זענען אויף די דעפּוטאַטן־בענק געזעסן אויך יידישע רעפּרעזענטאַנטן, פון וועלכע דער אָנגעזעענסטער איז געווען דער ווינער רב מאנהיימער.

פאַר די עסטרייכישע יידן, באַזונדערס פאַר די גאַליצישע, האָט אויפגעלויכטן די האָפענונג פון ווייניקסטנס טיילווייזער גלייכבארעכטיקונג. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסקעמפן שטייערן־פאַרלייכטערונגען און מבטל מאכן דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו קויפן ערד, ווי אויך איינפירן רעליגיעזע טאָלעראַנץ. אַמשטאַרקסטן האָבן יידן געליטן פון „טאָלעראַנץ־שטייער״ און „יידן־שטייער״ — דאָס ערשטע פון קאָנסומירן אָדער שעכטן פלייש אויף כשר, און דאָס צווייטע — פון צינדן שבת־ליכט. די דאָזיקע שטייערן האָבן דעם מלוכה־אוצר אריינגעברענגט גרויסע הכנסות. דער שטייער פאר ליכט האָט פאר יידן אויך געהאט א פאליטישע באדייטונג, ווייל אקטיווע וואל־רעכט צו די קהילות האָבן געהאט נאָר די יידן, וועלכע האָבן געצאָלט א יערלעכן שטייער פון 7 ליכט, און אין די קלענערע קהילות — פון 3 ביז 6 ליכט. פאסיווע וואל־רעכט האָבן געהאט יידן, וועלכע האָבן אין די גרעסערע קהילות געצאָלט שטייער פון 10 ליכט, און אין די קלענערע — פון 5 ביז 8 ליכט.

די יידישע געזעלשאפטלעכקייט, דער עיקר אין גאליציע, האָט נישט גערוט. א לעבעדיקע עמאנציפּאציע־באוועגונג האָט ארומגעכאפּט אלע גרעסערע יידישע קהילות. אין יאָר 1848 האָט די סטאַניסלאַוואָווער „געזעלשאַפט צו פאַרשפרייטן

* דאס קאפּיטל, אָנגעשריבן דורך ד״ר א. כאָמעס, איז געווען פארפענטלעכט אין טאָרנער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 24־טן אויגוסט 1928 יאר. די דאקומענטן און בריוו וואָס ווערן דערמאנט אינעם ארטיקל, האָבן זיך אויפגעהאלטן אינעם ארכיוו פון דער טאָרנער יידישער קהילה. מיטן צעשטערן די קהילה־בינים דורך די דייטשן סוף 1939 יאָר, זענען אויך פארניכטעט געוואָרן אלע היסטארישע מאטעריאלן.

פאליטישן און ליטעראַרישן פאַרטשריט צווישן יידן" איבערגענומען די איניציאַטיוו אין אירע הענט.

צווישן די אקטן פון טאַרנער קהילה־אַרכיוו געפינט זיך אן אָריגינעלער בריוו (אַקט נומ' 267), דאַטירט פון 30־טן פעברואַר 1848 יאָר. אינעם בריוו, גע'ווענדט צו דער טאַרנער קהילה, טיילט מיט די פאַרוואַלטונג פון דער דערמאַנטער געזעל־שאַפט, אַז לויט די רעלאַציעס פון אברהם האַלפּערן פון סטאַניסלאַוואָוו, דעם עס־טרייכישן דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט אין ווין, הערשט דאָרט א גוטע שטימונג לטובת דער יידישער עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג. די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט בעט די טאַרנער קהילה צוצושטעלן די יידישע דעפּוטאַטן סטאַטיסטישע דאַטן וועגן דער צאָל יידן אין טאַרנע און אומגעגענט, וועגן דער הויך פון געצאָלטן „יידן־שטייער" און וואָסערע נאָך ספּעציעלע שטייערן יידן צאָלן דער אָרטיקער מאַכט. אויסער דעם ווערט רעקאָמענדירט אינעם בריוו, אַז די אָרטיקע קהילה זאָל איינעם פון די יידישע דעפּוטאַטן איבערגעבן א פּעטיציע, פאַרזען מיט סטאַטיסטישע דאַטעס.

די יידישע קהילה אין טאַרנע האָט נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן און דעם 31־טן אויגוסט 1848 איבערגעשיקט א בריוו דער פאַרוואַלטונג פון דער סטאַניסלאַוואָווער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן פּאָליטישן און ליטעראַרישן פאָרשריט צווישן יידן". פון דער קאָפּיע פונעם בריוו, וואָס האָט זיך געפונען אינעם קהילה־אַרכיוו (אקט נומ' 267), דערוויסן מיר זיך, אַז דעם 29־טן אויגוסט 1848, האָט די טאַרנער קהילה ארויסגעשיקט א פּעטיציע צום דעפּוטאַט מאַנהיימער, ראַבינער אין ווין, וועלכער איז אין יאָר 1846 דערוויילט געוואָרן פון בראָדי אלס דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. אינעם בריוו איז אויך פאַראַן א באַמערקונג, אַז די פּעטיציע איז איבערגעגעבן געוואָרן מאַנהיימערן, ווייל דער יידישער דעפּוטאַט האַלפּערן, וועל־כער האָט געהאַט א קאָנטאַקט מיט די גאַליצישע קהילות, איז ארויסגעפאָרן אויף אורלויב.

אינעם בריוו פון דער טאַרנער קהילה איז דאָ אַן ענטפער דער סטאַניסלאַ־וואָווער געזעלשאַפט בנוגע דער פראַגע פון סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַ־פעלקערונג און וועגן דער הויך פון די שטייערן. פון דער תשובה דערוויסן מיר זיך, אַז לויט דער באַפעלקערונגס־רשימה פון יאָר 1846, זענען אין טאַרנער פּאָוויאַט געווען 18,479 יידן. פון דער צוגאַב־רשימה וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין קהילה־אַרכיוו, דערוויסן מיר זיך, אַז די דערמאָנטע ציפערן נעמען ארום:

| | | |
|---|---|---|
| טאַרנע | 7.914 | נפשות |
| זשאַבנע | 481 | " |
| דאָמבראָווע | 1.736 | " |
| ראַדאָמישל | 1 241 | " |
| מיעלעץ | 1.980 | " |
| באַראַנאָוו | 1.021 | " |
| קאָלבושאָוו | 867 | " |
| דעמביץ | 1.469 | " |
| ראָפּטשיץ | 1.770 | " |
| צוזאמען | 18.479 | נפשות |

צו דער סטאטיסטיק גייט צו א באמערקונג פון דער טאַרנער קהילה־פארוואל־טונג, אז א גרויסע צאָל יידישע משפחות זענען נישט אריין אין דער רשימה און דערפאר מיינט די קהילה, אז די צאָל יידן אין טאַרנער פאוויאט באַטרעפט 30 טויזנט נפשות.

די הויך פון די שטייערן וואָס עס צאָלן טאַרנער יידן, ווערט אין דער תשובה אָנגעגעבן אויף 25 טויזנט פלאָרינען יערלעך. פון כשר פלייש און פון ליכט — 16.800 פלאָרינען. צוזאמען באטרעפט דער „טאָלעראנץ־שטייער" א סומע פון 41,800 פלארינען יערלעך.

די טאַרנער קהילה איז נישט געווען די איינציקע וועלכע האָט צוגעשיקט א פעטיציע די יידישע דעפוטאַטן אין ווין. פון כמעט אלע יידישע קהילות אין עסטרייך זענען אוועק אזעלכע פעטיציעס פארזען מיט סטאטיסטיש מאטעריאל וועגן דעם מצב פון די יידן. דעם 5־טן סעפטעמבער 1848 יאָר איז דער יידישער דעפוטאַט מאַנהיימער אַרויסגעטרעטן אין פאַרלאַמענט מיט אַ שטאַרקע רעדע, אין וועלכער ער האָט געפאָדערט מבטל צו מאַכן דעם שווערן און דערנידעריקנדיקן „יודענשטייער", וועלכער רואינירט די יידישע קהילות (וועגן דער רעדע דערמאָנט אויך דובנאָוו אין זיין „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק"). מאַנערהיימערס אויפ־טרייסלנדיקע רעדע האָט געווירקט אויף דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון עסטרייכישן פאַרלאַמענט און דעם 5־טן אָקטאָבער 1848 איז מיט אַ מערהייט פון 243 שטימען קעגן 20, באַשלאָסן געוואָרן מבטל צו מאכן די שטייערן פון כשר פלייש און פון ליכט. עס זענען אָבער נאָך געבליבן אין קראַפט אַנדערע געזעצלעכע באַגרעניצונגען פאַר יידן.

גאליצישע יידן האָבן נישט אויפגעהערט פירן דעם קאמף פאר פולשטענדיקער עמאנציפאציע. בראש פון דער דאָזיקער באוועגונג זענען ווידער געשטאַנען די קהילות, און טאַרנער קהילה איז נישט געווען הינטערשטעליק. אין מערץ 1866 יאָר האָט דער גאַליצישער סיים אָנגענומען אַ געזעץ וועגן זעלבסטפאַרוואַלטונגען און אין דעם געזעץ איינגעשלאָסן אַ גאַנצע ריי באַגרעניצונגען פאַר יידן, באַ־זונדערס פאַר דער לעמבערגער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די צוויי גרעסטע קהילות — בראָדי און לעמבערג, האָבן אָרגאַניזירט אַ געמיינזאַמע אַקציע, כדי נישט צו דער־לאָזן די באגרעניצונגען זאָלן סאנקציאנירט ווערן דורך דער צענטראלער מאכט אין ווין. אָן דער אקציע האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן די טאַרנער קהילה, וועלכע האָט געפירט אַ לעבעדיקע קאָרעספאָנדענץ מיט די קהילות פון בראָד און לעמבערג וועגן אָנטייל פון טאַרנע אין דער דעלעגאציע וואָס א גאנצע ריי גאליצישע קהילות האָבן זיך געגרייט ארויסצושיקן קיין ווין.

זייער כאראקטעריסטיש איז דער בריוו פון דער טאַרנער קהילה־פארוואלטונג צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין בראָד, דאַטירט דעם 10־טן אַפריל 1866 יאָר. דער דאָזיקער בריוו באווייזט דעם הויכן ניוואָ און טיפן נאציאנאלן געפיל וועלכן עס האָבן פארמאָגט די דעמאָלטיקע פירער פון דער טאַרנער קהילה. מיר ציטירן דעם בריוו פון דייטש, לויט דער קאָפּיע וואָס האָט זיך אויפגעהאלטן אינעם אַרכיוו פון דער קהילה (אַקט נומ׳ 135):

„גלייך ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט פונעם יידנפיינטלעכן באַשלוס פון לאַנד־

טאג (גאליציישער סיים), נאָך אונטערן שמערצלעכן איינדרוק וואָס די דאָזיקע מיטטיילונג — אַ רעזולטאַט פון ענגהערציקייט און אומטאָלעראַנץ — האָבן אויף אונדז געמאַכט, האָבן מיר אָנערקענט, אַז אָפּהאַלטן די סאַנקציאָנירונג פון די דערמאָנטע באשלוסן, איז דאָס איינציקע פאסיקע מיטל אויף צו באזייטיקן דאָס שלעכטס און די פאַרקנעכטונג וואָס דראָט אונדזערע ברידער. מיט באַזונדערער צופרידנקייט האָבן מיר אויפגענומען אייער צושריפט פון 5־טן ד.ח. פון וועלכער מ׳קאָן זען, אַז אונדזער אידעע איז אַ ריכטיקע, ווייל אויך די לעמבערגער קהילה־פאַרוואַלטונג איז אין דערזעלבער מיינונג. אין שייכות דערמיט, האָבן מיר גלייך נאָכן באַקומען אייער אויפפאָדערונג אָנגעהויבן צו טאָן דאָס נויטיקסטע און דורכגעפירט וואַלן פון א פארטרעטער פון אונדזער קהילה, און עס איז געווײלט געוואָרן אונדזער הער קרייז־ראַבינער ישראל ראַפּאַפּאָרט. ווען אייער ז'עלעגאַציע וועט אָנקומען אויפן היגן באַנהאָף, וועט אונדזער פאַרטרעטער זיך אָן איר אָנשליסן. וועגן דעמזעלבן ענין האָבן מיר זיך אויך טעלעגראפיש פארשטענדיקט מיט דער לעמבערגער קהילה. זאָל דער דעלעגאַציע געלינגען דורכצופירן איר שליחות מיט דעם געוואונטשענעם דערפאָלג און דאָס ליידער, נישט אָנערקענטע, און פון דער בירגערלעכער געזעלשאפט אויסגעשלאָסענע גאליצישע יידנטום, זאָל ווידער באַקומען זיין מענטשן־רעכט. באַהערשט פון דעם וואונטש, וואַרטן מיר אויף ווייטערע ידיעות. די קהילה־פארוואלטונג. טאָרנע, דעם 10־טן אפריל 1866 יאר״.

די דעלעגאציע איז געקומען קיין ווין דעם 22־טן אפריל 1866 יאר. פון די טעלעגראַמעס וואָס דער רב ראַפּאַפּאָרט האָט געשיקט פון ווין צו דער טאָרנער קהילה־פאַרוואַלטונג, דערוויסן מיר זיך, אַז די רעפּרעזענטאַנץ פון די גאַליצישע קהילות איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַן אויסערגעוויינלעכער מיניסטעריאַלער אוידיענץ״.

11

דאָס אָפּשאפן די דערווארבענע רעכט פאר דער יידישער באפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין יאר 1851, ווען אינעם פאַטענט פון 31־טן דעצעמבער 1851, וואָס האָט אָפּגערופן די מערץ־קאָנסטיטוציע, איז די יידנפראגע אינגאנצן פארשוויגן געוואָרן. די דאָזיקע אומקלאָרקייט האָט די מאכט אויסגענוצט לרעה די יידן. לויט א פאראָרדענונג פון 1־טן אקטאָבער 1853 יאר, איז ביי יידן צוגענומען געוואָרן דאָס רעכט זיך איינצושאַפן אומבאַוועגלעכע גיטער. די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן צוריק איינגעפירט אַלע באַגרעניצונגען פון פאַר דער רעוואָלוציע. דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען אין עסטרייך האָט זיך פאָרמירט די קלעריקאַלע רעאַקציע. דער דעמאָלטיקער בילדונג און רעליגיע־מיניסטער, גראַף טהון, האָט אונטערשטיצט די יידישע אָרטאָדאָקסן, האַלטנדיק זיי פאַר לאָיאַלע מאָנאַרכיסטישע עלעמענטן, דערפאַר איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן די יידישע פּראָגרעסיווע קרייזן. דאָס פאַרלאָזן גאַליציע דורכן שוין דערמאָנטן משכיל האָמבערג און די ירידה פון די יידיש־דייטשע שולן האָט זייער דערפרייט די חסידישע קרייזן. האָמבערגס השכלה

און זיינע שולן האָבן אין גאַליציע געהאַט אַ דורכפאַל, צוליבן פאַלשן אויסגעקרימטן אופן וויאַזוי האַמבערג האָט געוואָלט איינפירן צווישן יידן די מערב־אייראָפּעאישע קולטור. צוליב דערזעלבער סיבה האָבן די חסידים אין מערב־גאַליציע געהאַט שטאַרק דערפאלג. די איינציקע קעגנער פון די חסידים זענען געווען די מתנגדים, בראש פון וועמען עס איז געשטאַנען דער רב יעקב ארענשטיין. ווען עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט אין באַקעמפן די משכילים, זענען די מתנגדים מיט די חסידים געגאַנגען צוזאַמען.

די איינציקע אָנהענגער פון בילדונג און ריכטיק־פאַרשטאַנענעם פאָרטשריט זענען געווען די משכילים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַזוי ראַדיקאַל ווי הערץ האַמבורג פאַרניכטן יידישע טראַדיציעס און אויך נישט אַרויסטרעטן קעגן די חדרים. די משכילים פון דעם שניט, האָבן, פאַרקערט, זיך באַמיט צו שאַפן אַ קאָנ־טאַקט צווישן דער יידישער טראַדיציע און אויפקלערונג און אַזוי אַרום אַריינ־ברענגען פאָרטשריט צווישן די יידישע מאַסן. די משכילים האָבן געשאַפן אַ נייע ריכטונג אין דער השכלה־באַוועגונג. די שפּראַך מיט וועלכער מען האָט באַדאַרפט אויפקלערן יידן, איז פאַר זיי געווען נישט דייטש, נאָר העברעאיש. די דאָזיקע אויפקלערונגס־באַוועגונג האָט זיך באַוויזן אויך אין טאַרנע, וואו ס׳האָט זיך אויך אַנטוויקלט דער קאַמף צווישן די חסידים און משכילים, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען מרדכי־דוד בראַנדשטעטער, איינער פון די שעפער פון דער השכלה־באַוועגונג אין גאַליציע, וועלכער האָט אין טאַרנע אָנגעהויבן זיין אויפקלערערישע און ליטעראַרישע טעטיקייט.

אין דער תקופה פון דער דאָזיקער משכילישער טעטיקייט, האָט זיך געשטאַרקט די עסטרייכישע רעאַקציע. דעם גאַליצישן שטאַטהאַלטער גראַף אַגענאָר גאָלוכאָוו־סקי האָט סעקונדירט גראַף טהון און אין יאָר 1857 באַנייט די פריערדיקע באַגרעני־צונגען. די יידן איז בלויז איבערגעלאָזט געוואָרן דאָס רעכט צו האָבן זייער רעפרע־



די יידישע שראַגנס אויפן מאַרק אין טאַרנע נעבן דער ״פאַטשעגע״

זענטאַנץ אין די האַנדלס־און אינדוסטריע־קאַמערן אין לעמבערג, קראָקע און בראָד, ווי אויך באַטייליקן זיך אין די זעלבסטפאַרוואַלטונגען פון אייניקע שטעט, דערונטער אויך טאַרנע.

ביזן יאָר 1848 האָבן זיך די יידישע קהילות כמעט נישט פאַרנומען מיט ווירט־שאפטלעכע ענינים. צעשלאָגן דורכן קייזער יאזעף דעם צווייטן, דעגראַדירט צו דער ראָל פון רעליגיעזע אמטן, דעצענטראַליזירט מיטן אָפּשאַפן די יידישע דירעק־ציע, האָבן יידישע קהילות אין דער ערשטער העלפט פון נײַנצנטן י״ה אָנגעהויבן דורכמאכן א ירידה. א שווערן קריזיס האָבן די קהילות אויך דורכגעמאכט נאָכן יאָר 1848. די פרייהייט פון בייטן וואוינונגען וואָס איז געגעבן געוואָרן דער יידישער באפעלקערונג, האָט ארויסגערופן א לעבעדיקע אינערלעכע מיגראַציע, וואָס האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט צי טיילווייז אויסגעליידיקט די קלענערע קהילות, פונוואַנען מען האָט אויסגעוואנדערט אין גרעסערע ערטער, וואו דאָס ווירטשאפט־לעכע לעבן איז געווען אימפולסיווער.

אויך אין טאַרנע איז געוואַקסן די צאָל יידן, אָבער זיי האָבן נאָך אַלץ גע־מוזט וואוינען אין געטאָס, ביי שרעקלעכע וואוין־באַדינגונגען. נאָך אין יאָר 1833 האָט די טאַרנער קהילה זיך געווענדט מיט אַ פעטיציע צום גאַליצישן גובערנאַטאָר וועגן פארברייטערן דעם יידישן וואוין־שטח פון דער יידישער גאס און געבן יידן די מעגלעכקייט צו וואוינען אויפן מארק. דער טאַרנער מאגיסטראַט איז ארויס־געטרעטן מיט אַ פּראָטעסט און פאַרגעלייגט צו שאַפן אַ מין „יידישע שטאָט״ הינ־טערן גאָרטן און דאָרט באַזעצן אַלע יידן. מצד דער גובערניאַלער מאַכט איז נישט אונטערגענומען געוואָרן קיין שום שריט אין דער ריכטונג און אויף דער פעטיציע איז נישט געגעבן געוואָרן קיין תשובה. פאַקטיש אָבער האָבן יידן גענומען זיך



די „פאשטענע״ אין שבתדיקן טאָג

באַזעצן מחוץ די געטאָ־מויערן*. אין יאָר 1856 האָבן אין טאָרנע שוין געוואוינט 11.153 יידן. **

אויפן סמך פון מיניסטער שמערלינגס פאַראָרדענונג פון 1־טן מערץ 1861 יאָר, האָבן עסטרייכישע יידן באקומען אקטיווע און פאסיווע וואל־רעכט צו גע־זעצגעבערישע קערפערשאפטן און בכן אויך צום ווינער פארלאמענט, גאליצישן סיים און צו די שטאטראטן. אייניקע שטעט, צווישן זיי אויך טאָרנע, האָבן פאָרגע־שלאָגן אַ גאנצע ריי באגרעניצונגען פאר יידן, ספּעציעל לגבי דער צאָל יידישע ראַטמענער און נישט צו דערלאָזן יידן אויפן אַמט פון בירגערמייסטער. געוויסע געזעצן וואָס באַגרענעצן די רעכט פון יידן זענען באַשלאָסן געוואָרן דורכן סיים און באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער רעגירונג.

אין יאר 1861, בעת די ערשטע וואלן צום מלוכה־ראט, האָט גאליציע אויס־געקליבן פיר יידישע דעפּוטאַטן צום סיים: ד״ר ל. ס. סאַמעלזאָן פון קראָקע, מארק דובס פון לעמבערג, מאיר קאליר פון בראדי און ד״ר לאזאר דובס פון קאלאמיי. אין עסטרייכישן פארלאמענט דאקעגן איז נישט געוויילט געוואָרן אפילו קיין איין ייד. אינעם סיים האָבן די יידישע דעפּוטאטן אָנגעהויבן א קאמף פאר פולער גלייכבארעכטיקונג. אין יאר 1866 האָט דער לאנד־סיים באשלאָסן צו רעדוצירן די צאָל יידן אין די מוניציפּאַליטעטן, אָפּשאַפן, עווענטועל באַגרענעצן,



די ברייטע שטיגן־גאַס (פאָטאָגראַפירט פאַר דער מלחמה פון ד״ר ישעיהו פייג)

* „יעווריעיסקאיא ענציקלאפעדיא״, ב׳ 14.

** יידישער לעקסיקאָן, באנד 4, ז׳ 649.

די יידישע קהילות און איינהאלטן דאָס געטאָ. א צוזאמענפּאַר פון פאָרשטייער פון יידישע קהילות וואָס איז פאָרגעקומען אין לעמבערג, האָט אַפּעלירט צו דער רעגירונג אין ווין, וועלכע האָט מבטל געמאכט די רעאקציאָנערע באַשלוסן פון גאַליציִשן סיים.

דער קהילה־סטאַטוט פון יאָר 1866 האָט אָבער אַלץ באַדראָט די עקזיסטענץ פון די יידישע קהילות, באַגרעניצנדיק זייער טעטיקייט. פון פאַרשידענע זייטן, פון רעגירונגס־קרייזן ווי פון יידישע און אסימילאטארישע קרייזן, זענען געקומען פאַרשידענע פּראָיעקטן צו רעפאָרמירן די אונטערגייענדיקע קהילות. מיטן ציל צו רעפאָרמירן דעם שוין פאַרעלטערטן קהילות־רעזשים, האָט די געזעלשאַפט „שומר ישראל" גערופן קיין לעמבערג, אין יאָר 1878, א צוזאמענפּאַר פון די יידישע קהילות. דער צוזאמענפּאַר, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט פאָר־שטייער פון 26 קהילות, האָט אָנגענומען אַ מוסטער־סטאַטוט פאַר די קהילות און אויך באַשלאָסן צו גרינדן אַ רבנים־סעמינאַר.

אויף דעם דאָזיקן צוזאמענפּאַר איז פאָרגעקומען א קאַמף צווישן די פּראָג־רעסיווע עלעמענטן און די אָרטאָדאָקסן. דער בעלזער צדיק רבי יהושע רוקח און דער קראָקעווער רב שמעון סופר (שרייבער) האָבן גערופן צו באָיקאָטירן דעם לעמבערגער צוזאַמענפּאַר. די פּראָיעקטן צו רעפאָרמירן די קהילות האָבן אין די אויגן פון די צוויי רבנים אויסגעזען צו פּראָגרעסיוו. אין בעלז איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פירן אַ קאַמף מיט די פּראָגרעסיווע. אין יאָר 1882 האָבן די אָרטאָדאָקסן אָרגאַניזירט א קאָנפערענץ אין לעמבערג, אין וועלכער עס האָבן זיך באטייליקט 220 רבנים און 800 פאָרשטייער פון יידישע קהילות אין גאליציע און בוקאָווינע. אויף דער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרן אַ סטאַטוט פאַר די קהילות לויטן אָרטאָדאָקסישן גייסט. דער סטאַטוט האָט פאָראויסגעזען, אַז אַקטיווע און פּאַסיווע וואַל־רעכט צו די קהילות האָבן געדאַרפט באַקומען נאָר די וואָס היטן אָפּ אלע פאַרשריפטן פון „שולחן ערוך". קעגן די באַשלוסן פונעם אָרטאָדאָק־סישן צוזאַמענפּאַר האָבן 58 גאַליציִשע קהילות אָפּגעגעבן זייערע פּראָטעסטן דער דעמאלטיקער עסטרייכישער רעגירונג. צום סוף האָט די רעגירונג צוגעגרייט פאַר גאַנץ עסטרייך אַן אַלגעמיינעם פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט פאַר די יידישע קהילות, אין א מער ליבעראַלן גייסט. אין יאָר 1890 האָט דער פּאַרלאַמענט באַ־שטעטיקט דעם סטאַטוט. הגם ער האָט נישט גענומען אין באַטראַכט אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע פּאָסטולאַטן, האָט ער אין אַ געוויסער מאָס נאָרמירט די באַציאונגען אין די יידישע קהילות, פעסטשטעלנדיק דעם רעכטלאָזן מצב פון די „איזראַ־עליטישע רעליגיעזע געמיינשאַפטן". אין יעדער טעריטאָריאַל־אָנגעצייכנטער יידישער קהילה, צו וועלכער עס האָט געמיזט געהערן יעדער ייד לויטן וואוינאָרט, האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געהאַט אַ רעכט אַרויפצולייגן שטייערן און זיי אויפמאָנען אויף אַ צוואַנגס־אופן; צו האָבן די אויפזיכט אויף אַלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, בתי־תפילות און בכלל אויפן גאַנצן יידישן רעליגיעזן לעבן אין געגעבענעם אָרט; די רבנים איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו פירן די מעטריקע־ביכער. דער גאַנצער סטאַטוט איז געווען אין אַלגעמיינע

ראַמען, וועלכע האָבן פאָרויסגעזען די רעגולירונג פון די קהילה־באַציאונגען אויפן סמך פון גענויערע סטאטוטן, וואָס וועלן באשטעטיקט ווערן דורך דער רעגירונג. לויטן אָנגענומענעם סטאַטוט, האָט די מאַכט געהאַט אַ רעכט צו באַזייטיקן מיטגלידער פון דער קהילה־פארוואלטונג, אויב זייער טעטיקייט וועט באַדראָען די עפנטלעכע אָרדענונג.

אויך דער דאָזיקער סטאַטוט האָט די אָנפירונג פון די קהילות־פאַרוואַלטונגען אויסגעליפערט אין די הענט פון רייכע יידישע משפחות. וואַל־רעכט האָט באַקומען א קליינע צאָל גוט־סיטואירטע בעלי־בתים, וועלכע האָבן נישט דערלאָזט אויסצוברייטערן דעם ווילער־קרייז. אַרום דער קהילה זענען פאָרגעקומען לאַנגדויערנדיקע קאמפן צווישן פארשידענע אָרטאָדאָקסישע גרופירונגען ווי אויך צווישן רבנים. עס האָבן געקעמפט צווישן זיך פארמעגלעכע משפחות און מאכטגיריקע יחידים, וועלכע (מיט געוויסע אויסנאַמען) האָבן זיך לגמרי נישט גערעכנט מיט די אינטערעסן און באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די ברייטע מאסע האָט נישט געהאט קיין שום איינפלוס אויפן צוזאמענשטעל פון די קהילה־פארוואלטונגען.

בראש פון די גאליצישע אָרטאָדאָקסן איז צו יענער צייט (יאָרן 1859־1849) געשטאַנען: דער צדיק פון בעלז רבי שלמה און דער סאַנדזער צדיק רבי חיים האַלבערשטאַם. אַ גרויסע השפעה אויפן גאַנצן גאליצישן יידנטום האָט דעמאָלט געהאַט דער סאַנדזער רבי. די שפאַלטונג אין אָרטאָדאָקסישן לאַגער אין די יאָרן 69־1867, האָט געבראַכט צו שאַרפע קאמף־פאָרמען צווישן די רביישע דינאַסטיעס. אינעם קאמף האָבן זיי נישט איבערגעקליבן אין קיין מיטלען און אפילו נישט אָפגעשטעלט זיך פאַר אַ חרם וואָס דער סאַנדזער צדיק האָט אויסגערופן קעגן דער סאַדיגורער דינאַסטיע, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָפזאָג פונעם ליעווער רב, אַ ריזשינער אייניקל, צו זיין וויטער אַ חסידישער רבי.

פאַר דער באלייכטונג פון דעמדאָזיקן קאמף וואָס האָט זיך אָפגעשפילט צווישן די פארשידענע אָרטאָדאָקסישע גרופירונגען אין טאַרנע, ברענגען מיר ווייטער אויסצוגן פון דער ארבעט פונעם שרייבער פון די שורות א.ג. „די אָרטאָדאָקסיע צווישן זיך אין יאָר 1869", פאַרעפנטלעכט אין דער ציוניסטישער וואָכנשריפט „טיגאָדניק זשידאָווסקי" אין טאַרנע, דעם 28־טן נאָוועמבער 1928 יאָר:

„אין ארכיוו פון דער טאַרנער קהילה האָבן מיר געפונען א דאקומענט, וועלכער באלייכט אויף אַן אינטערעסאנטן אופן די באציאונגען צווישן דער טאָרנער אָרטאָדאָקסיע אין יאָר 1869.

דער דאָקומענט שטעלט מיט זיך פאָר אַן אַנאָנימען בריוו, וועלכער איז אין יאָר 1869 איבערגעשיקט געוואָרן דעם טאָרנער סטאראסטע. דער בריוו איז געווענדעט קעגן באַרימטן סאַנדזער רבי חיים האַלבערשטאַם ז"ל, צו וועמענס קבר עס פלעגן שפּעטער יאָר־יערלעך עולה זיין טויזנטער יידן.

דער אנאנים, געשריבן אין דייטש, האָט פאַלגנדן אינהאַלט:

„הויכער קייזערלעך־קעניגלעכער סטאַראָסטע!

דעם הויכגעשעצטן סטאַראָסטע איז אוודאי באַוואוסט, אַז צווישן יידן זענען פאַראַן צוויי סעקטעס, נעמלעך: סאַדאָגורער און נייסאַנדזער. די נייסאַנדזער סעקטע

וועלכע האָט אַן איבערגעוויכט, אונטערדריקט אויף שריט און טריט די סאַדאָגורער. דאָס ווערט געטאָן אויף דעם אופן, אַז יידן וואָס געהערן צו דער סאַדאָגורער סעקטע, ווערט אומעגלעך געמאַכט צו האַנדלען און די עקזיסטענץ. די דאָזיקע מענטשן ווערן אונטערדריקט און פאַרפאָלגט, אפילו אַ חרם לייגט מען אויף זיי אַרויף. מיט איין וואָרט — די מיטגלידער פון דער סאדאגורער סעקטע געפונען זיך אין סכנה. דאָס אַלץ געשעט צוליב דעם, ווייל די סאדאָגורער ווילן נישט אָפּגעבן כבוד דעם רבין ר׳ חיים האַלבערשטאַם פון נייסאנדז. דעם רבין פון נייסאַנדז איז נאָך ווייניק וואָס ער אונטערדריקט די סאַדאָגורער סעקטע, האָט ער נאָך גלייך נאָכן צוריק־קומען פון די בעדער באַשטימט אויף שבת, דעם 21־טן אויגוסט 1869 יאָר און אין די ווייטערע טעג, צו קומען קיין טאָרנע, כדי ביי דער געלעגנהייט צו האַלטן אַ דרשה פאַר די יידן וואָס ער האָט געהייסן צונויפרופן פון דער גאַנצער געגנט, אויך די, וואָס געהערן נישט צו דער סאדאָגורער סעקטע, נישט צו דער נייסאַנדזער. אין דער דאָזיקער דרשה פאר אזא עולם, וועט דער רבי חיים האלבערשטאם אזוי פאַרשוואַרצן די סאַדאָגורער סעקטע, אַז נישט נאָר עס וועט די מענטשן פון דער סעקטע אוממעגלעך זיין צו האנדלען, נאָר נאָך מער — זייער לעבן ווערט געשטעלט אין געפאר. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי דער נישט־געצווימטער המון פון דער סאַדאָ־גורער סעקטע, אָדער די אַלע, אויסער די געבילדעטע מענטשן, וועלכע געהערן נישט צו קיין שום סעקטע, קאָנען נאָך אויף די רעקאָמענדאַציעס פון נייסאַנדזער רבין באַנוצן אלע מעגלעכע מיטלען און דורכדעם קאָן זיך מאכן א רעוואָלוציע. דערפאר האלט איך פאר פאַסיק צו בעטן העפלעך דעם הויכגעשעצטן קייזערלעך־קיניגלעכן סטאַראָסטע, ער זאָל באַפעלן צו פארווערן אריינצוקומען קיין טאָרנע דעם הער ח. האַלבערשטאַם, הויפּט־רבי פון נייסאַנדז״.



די נייע שול

ווייזט אויס, אז צו יענער צייט (1869), ווען ביידע סעקטעס האָבן געקעמפט פאר השפעה צווישן יידן, האָט זיך געפונען אן איינפלוסרייכער אָרטאָדאָקס, וועל־כער האָט דעם סטאַראָסטע צוגעשיקט דעם אויבנציטירטן בריוו, ווייל דער שטאָט־האלטער־ראט און בעצירק־הויפטמאן האָט גענומען ערנסט די אויספאנטאזירטע שרעק וועגן דער רעוואָלוציע וואָס קאָן אַרויסגערופן ווערן מיטן באַזוך פון רבי חיים האלבערשטאם. דער טאַרנער רעליגיעזער קהילה איז ארויסגעגעבן געוואָרן אן אָנווייזונג (מיר ציטירן ווערטלעך) „אין פארשטענדיקונג מיטן שטאטישן רב קעגנווירקן די אָנגעגעבענע כוונות פון חיים האַלבערשטאַם און פאַרמיידן שטרייטן אין דער קהילה״.

12

אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט פאַרמאָגט שוין טאַרנע אַ גרויסע יידישע קהילה, וועלכע איז אין יאָר 1863 צוגעטרעטן אויסבויען א גרויסע שול אויף דער נייער גאַס. אויך אַרום דעם אויפבוי פון דער שול האָט זיך אנטוויקלט א העפטיקער קאמף צווישן די אָרטאָדאָקסן און די פאַרטגעשריטענע יידן אין טאַרנע. די פרומע יידן זענען געווען שטארק אויפגערעגט אויף דעם פאקט, וואָס מיט לייגן דעם ווינקלשטיין פון דער שול איז באַערט געוואָרן אַ קאַטוילי־שער גענעראל, מיליטער־קאָמענדאנט פון טאַרנע. די אויפרעגונג פון דער אָרטאָ־דאָקסיע איז געגאַנגען אזוי ווייט, אז זיי האָבן געלייגט א מין חרם אויף דער שול. אין משך פון 50 יאָר זענען געשטאַנען ליידיקע מויערן פון דער נישט פארענדיקטער



די נייע שול אין טאַרנע פון אינעווייניק

שול, ווייל עס האָבן געפעלט געלט־מיטלען זי אויסצופאַרטיקן. ערשט אין יאָר 1911 האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו פאַרענדיקן מיטן בוי פון דער שול, וועלכע האָט דערנאָך מיט זיך פאָרגעשטעלט איינע פון די פּראַכטפולסטע געבעט־הייזער אין גאַליציע.

די שטאָט האָט זיך האַסטיק אַנטוויקלט. אין יאָר 1866 איז מען צוגעטרעטן בויען אַ שטאַטישן פּאַרק. דעמזעלבן יאָר איז אין שטאָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון כאָליערע, וועלכע האָט פאַרשלונגען 1.700 איינוואוינער, דערונטער פיל יידן. צו דער אַנטוויקלונג פון שטאָט האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער הויפּט־סטאַטוט פון 12־טן אויגוסט 1866 יאָר, וועלכער האָט אויפן יסוד פון אויטאָנאָמיע רעגולירט די מוניציפּאַלע באַציאונגען. צום ווירטשאַפטלעכן אויפבלי פון טאַרנע האָט אַ סך צוגעהאָלפן דאָס אָנהויבן בויען אַ באַן־ליניע (1875) וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך דער שטאָט. אויסערדעם איז טאַרנע געווען די הויפּשטאָט פון אַ גאַנצן קרייז. אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט טאַרנע נאָך געהערט צום פּילזנער קרייז, און איצט איז די שטאָט געוואָרן דער צענטער פאַר דער גאַנצער אומגעגנט, זי האָט באַקומען אַ גימנאַזיע און אַנדערע שול־איינריכטונגען, פון וועלכע אויך די פאַרשריטלעכע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן גענאָסן.

וויאַזוי האָט די דאָזיקע ראַשיקע אַנטוויקלונג געווירקט אויף דער יידישער גאַס?

שוין אין סוף אַכצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אין גאַליציע געלאָזט מערקן דער איינפלוס פון דער השכלה, וועלכע האָט דורכגעבראָכן די געטאָ־מויערן און צוגעאיינגט דער גאַליציישער יידישער באַפעלקערונג די גייסטיקע שטרעמונג פון משה מענדעלסאָן. אָטאָ די ערשטע שפּראָצונג פון דער השכלה־באַוועגונג איז געווען אַ רעאַקציע קעגן דער צוואַנג־בילדונג פון יידן, וועלכע דער קייזער פראַנץ יאָזעף דער צווייטער האָט געוואָלט דורכפירן מיט דער הילף פון די „דייטש־יידישע שולן" מיט דייטשן אונטערריכט. דעם קייזערס צוואַנג־בילדונג האָט אין דער אונטערשטער שורה געפירט צו שמד. די השכלה, אַ שטאַרק פאַרוואָרצלטע אין מזרח־גאַליציע (בראָד, טאַרנאָפּאָל), האָט זיך באַפרייט פון די דייטש־אַסימי־לאַטאָרישע טענדענצן און געגעבן דעם אָנהויב דער נייער העברעאישער ליטעראַטור.

לכתחילה איז דער אַנטייל פון מערב־גאַליציע אין דער השכלה־באַוועגונג געווען אַ קנאַפּער. אין דעם טייל גאַליציע זענען נישט געווען קיין קראָכמאַלס, ראַפּאַפּאָרטס און פּערלס. אויב די טאַרנער קהילה האָט אין דער צווייטער העלפט נײַנצנטן י״ה זיך געפונען, אויסנאַמווייז, אויף דער געהעריקער הויך, אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקן פּאָליטישן באַוואוסטזיין און באַטייליקט זיך אינעם קאַמף פון עסטרייכישן יידנטום פאַר גלייכבארעכטיקונג, — איז דאָס געווען דער עיקר אַ דאַנק דעם אומגעוויינלעכן גייסטיקן הויכן ניוואָ און איידעלן כאַראַקטער פון דעמאָלטיקן טאַרנער ראַבינער ישראל ראַפּאַפּאָרט ז״ל. אויך אין דער השכלה־באַוועגונג איז טאַרנע פאָרויסגעגאַנגען אַלע אַנדערע יידישע ישובים פון מערב־גאַליציע. דאָ אין טאַרנע, איז געווען טעטיק מרדכי־דוד בראַנדשטעטער, איינער פון די פּעאיקסטע משכילים אין נײַנצנטן י״ה.

מ. ד. בראַנדשטעטער איז געבוירן געוואָרן אין בזשעסקאָ ביי טאָרנע, ביי גאָר פרומע יידישע עלטערן. צו 16 יאָר האָט ער חתונה געהאט מיט א טאָכטער פון א טאָרנער סוחר און זיך באזעצט ביי שווער־און־שוויגער. צופעליק האָט ער זיך באַקענט מיט אַ משכיל פון פראָשטשעיאָוו, אַ הייסער אָנהענגער פון העברעאיש. דער משכיל האָט געוואונען בראנדשטעטערן פאר דער השכלה. דער יונגער תלמודיסט האָט זיך באקענט מיט די אוצרות פון דער העברעאישער ליטעראטור און אליין אָנגעהויבן שרייבן און איבערזעצן פון דייטש אויף העברעאיש. אין יאר 1869 איז בראַנדשטעטער געווען אין ווין אין האנדלס־ענינים און דאָרט זיך באקענט מיט פרץ סמאָלענסקין, וועלכער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן די העברעאישע צייטשריפט „השחר". סמאָלענסקין האָט אין בראַנדשטעטערן דערזען אַ טאַלענט און גענומען ווירקן אויף אים, ער זאָל אָנהויבן שרייבן בעלעטריסטיק אין דער העברעאישער שפראך. בראנדשטעטער האָט אָנגענומען די אָנווייזונגען פון זיין לערער און גאָר גיך פארנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער משכילישער העברעאישער ליטעראטור.

13

אין דער צווייטער העלפט פון נייַנצנטן י"ה האָבן טאָרנער יידן געבילדעט 40% פון דער שטאטישער באפעלקערונג און האָבן א סך מיטגעהאָלפן צו דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון דער שטאָט. כמעט דער גאנצער האנדל איז געלעגן אין יידישע הענט. שניידעריי און היטן־פראדוקציע זענען געווען אויסשליסלעך יידישע פאכן. די יידישע גאַס האָט געענדערט איר אויסזען. יידן האָבן שוין געוואוינט אין גאסן אויסערן געטאָ און א דאנק זייער ווירטשאפטלעכער פאָזיציע האָבן זיי פאָרגעשטעלט א באדייטנדיקן כוח אין שטאָט, מיט וועלכן די עסטרייכישע מאכט האָט זיך געמוזט רעכענען. די מלוכה־אָרגאנען האָבן אָפטמאָל גענומען אין שוץ די יידן קעגן די פרוון פון קריסטלעכע שטאָטלייט ארייַנצושטופן די יידן צוריק אין געטאָ.

די קאנסטיטוציע פון 31־טן דעצעמבער 1867 יאָר האָט געגעבן גלייכבארעכטיקונג אַלע עסטרייכישע בירגער אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט. דאָס ארטיקל 6 פון דער קאנסטיטוציע האָט אויך אָפגעשאפט די געטאָ־מויערן. דעמזעלבן יאָר האָט מען אָן שום באַגרענעצונגען צוגעלאָזט יידן צו לערנען אין אלגעמיינע שולן, מיטלשולן און אין אוניווערזיטעט. א דאנק דער טעטיקייט פון פראנטשישעק סמאלקא, האָט אויך דער גאליצישער סיים מבטל געמאכט אלע אנטי־יידישע באגרעניצונגען און דער יידישער אנטייל אין די לערן־אַנשטאַלטן האָט געהאלטן אין וואקסן.

אין יענער תקופה האָט דאָס טאָרנער יידנטום שוין געהאַט זיין אינטעליגענץ. אין שטאָט זענען געווען טעטיק יידישע דאָקטוירים און אדוואָקאַטן, נאָר דערצויגענע אין אַסימילאטארישן גייסט. פון דעם דאָזיקן קרייז אינטעליגענץ האָבן פון צייט צו צייט זיך אַרויסגערוקט פעאיקע און געזעלשאַפטלעך־אַקטיווע יחידים,

וועלכע האָבן שפּעטער פאַרנומען אָנפירנדיקע ערטער צווישן טאַרנער יידנטום. נישט געקוקט אויפן תהום וואָס האָט געהערשט צווישן די אינטעליגענץ און דער ברייטער יידישער פאָלקס־מאַסע, האָט זיי דאָך פאַרייניקט דער געמיינזאַמער יידישער גורל און די נויטווענדיקייט געמיינזאַם צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון פאָלק, וואָס האָבן צו יענער צייט געמיינט קודם כל קאַמף פאַר די עלעמענטאַר־סטע רעכט צום לעבן, רעכט אויף אַרבעט און וואוינונג.

אין מערץ 1867 יאָר זענען אין טאַרנע פאָרגעקומען די ערשטע וואַלן צום שטאַטראַט, אויפן סמך פון דער נייער וואַל־אָרדינאַציע פון 12־טן אויגוסט 1866 יאָר, וועלכע האָט פאָרגעזען 3 קוריעס ווײַלער לויט דער הויך פון די אײַנגעצאָגענע שטייערן. טאַרנער יידן זענען אַרויסגעטרעטן מיט אַן אייגענער קאַנדי־דאַטן־ליסטע און האָבן דורכגעפירט פאָלגענדע ראַטמענער: אין דער ערשטער קוריע — ד״ר הערמאַן ראָזענבערג, דוד ראָזנער, און די מעדיצין־דאָקטוירים יעקב קראַיצער און לעאָפּאָלד גלאַזער, אַלס פאַרטרעטער; אין דער צווייטער קוריע — אַלכסנדר גאָלדמאַן, יעקב פרענקעל און אַדאָלף רינגעלהיים. אַלס זייער פאַרטרעטער הערש מאַיערהאָף. אין דער דריטער קוריע, וואָס האָט אַרומגענומען אַ גרעסערן קרייז ווײַלער — יהושע מאשלער, שלמה שלייטערער, שמחה ראַפּאַפּאָרט, מאיר־אייזיק קעלמאַן און פישל ראַטץ אַלס פאַרטרעטער. נאָך די דאָזיקע וואַלן איז צום ערשטן מאָל אַריין אין מאַגיסטראַט אַלס אַסעסאָר אַ פאַרטרעטער פון דער יידישער באַפעלקערונג — ד״ר הערמאַן ראָזענבערג.

די אויפגאַבן פון די יידישע ראַטמענער און פונעם יידישן אַסעסאָר זענען נישט געווען קיין לייכטע. זייער גאַנצע טעטיקייט איז געווען באַגרענעצט צו כסדרדיקע אינטערווענצן לטובת יידן, וועלכע זענען שטענדיק באַעוולט געוואָרן דורך די נידע־ריקערע שטאָטישע אַמטן. ביי אַזאַ לאַגע האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ באַוואוסטזיניקער אומאָפּהענגיקער יידישער פּאָליטיק אָדער וועלכער עס איז אָרגאַניזירטער אַקציע פאַר אויסקעמפן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס איז געווען אַ שתדלנות־טעטיקייט וואָס יעדער ראַטמאַן האָט זי געפירט אויף אייגענער האַנט און דער דערפאָלג איז געווען אָפּהענגיק פון זיינע איינפלוסן אין די געהעריקע אַמטן.

צוויי זייער וויכטיקע געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין טאַרנע, אין די יאָרן 1869־1870, וועלכע ווארפן אַ ליכט אויף די אייגנאַרטיקע באַציאונגען וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט צווישן דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע צוויי געשעענישן זענען דורכן שרייבער פון די שורות באַשריבן געוואָרן (אויפן סמך פון דאָקומענטן פונעם קהלה־אַרכיוו) אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 10.8.28, א״נ „די באַטייליקונג פון יידן אין לעשן די שרפה פון דער טאַרנער קאַטעדראַלע״. מיר לייענען דאָרט צווו. אַנד.:

„סוף סעפּטעמבער 1869 יאָר האָט אַ שרעקלעכע שרפה אַרומגעכאַפּט די טאַר־נער קאַטעדראַלע. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געלאָפן ראַטעווען דאָס ברענענ־דיקע געבעטהויז. ספּעציעל האָבן יידן זיך מאַסנווייז באַטייליקט אין לעשן די שרפה. כמעט אַלע יידן, יונג און אַלט, זענען געווען פאַרנומען ביים ליקווידירן די פייער־סטיכיע. באַזונדערס אָפּפערווילּיק איז געווען זייער הילף ביים ברענגען

וואסער. פון א גאנצער ריי ברונעמס ארום דער קאטעדרע האָבן יידן אויסגעבילדעט א קייט פון מענטשן ביזן אָרט פון דער שׂרפה. איינער האָט דעם צווייטן איבער־געגעבן פון האנט צו האנט די עמערס וואסער און א דאנק דער דאָזיקער איבער־געגעבענער ארבעט פון די יידן האָט זיך איינגעגעבן צו פארלעשן דאָס פייער.

אין אנערקענונג פאר דער דאָזיקער איבערגעגעבענער הילף מצד יידן, האָט דער טאַרנער הויפט־בישאָף איבערגעשיקט צום הויפט־ראַבינער אַ דאַנק־נאָטע, דאטירט דעם 4־טן אקטאבער 1869 יאר. די דאנק־נאָטע איז אונטערגעשריבן גע־וואָרן דורכן בישאָפס פאַרטרעטער, הויפט־וויקאַר גלח פּראַנטשישעק שלוסאַרטשיק און עס ווערט דאָרט אויסגעדריקט הייסע דאנקבארקייט די יידן פאר זייער הילף ביים פאַרלעשן די שׂרפה. דער בישאָף דריקט אויס זיין ווּאונטש, אַז דער רב זאָל אין א פּאסיקן טאָג פאַרלייענען דעם בריוו אין סינאגאגע פאר די יידן. אין דער נאָטע לייענען מיר צווי. אנד:

ביי דער רעטונג און ביים אָפּווענדן דאָס שרעקלעכע און געפערלעכע פייער וואס האָט באַדראָט דעם קאַשטשאָל און די שטאָט, האָבן זיך באַזונדערס אויסגע־צייכנט די איזראַעליטן. קליין און גרויס, יונג און אלט, אלע זענען מאנסווייז געקומען העלפן. עס איז געווען צו באוואונדערן די רירעוודיקייט פון די יידן ביים דערלאנגען דאָס נויטיקע וואסער צום לעשן און דאָס פארדינט די ברייטסטע אנערקענונג" (ציטירט לויטן דייטשן אריגינאל פון די קהילה־אקטן). די נאָטע פארענדיקט זיך מיט א ברכה, אז „גאט פון אברהם, יצחק און יעקב זאָל מיט זיין פולן חסד ארומנעמען די אלע וואס האָבן זיך באטייליקט אין לעשן די שׂרפה".

סך־הכל מיט א יאָר שפּעטער האָבן טאַרנער יידן איבערגעלעבט א בלוטיקן טאָג, וואס איז געווען באשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 3.8.28, א"נ „דער בלוטיקער טאָג פון 15־טן אויגוסט 1870 יאָר":

„דער טאָג פון 15־טן אויגוסט 1870 יאר האָט זיך בלוטיק פארשריבן אין דער געשיכטע פון טאַרנער יידן. עס איז געווען אין קאַטוילישן חגא־טאָג „דער הייליקער מאַריאָס הימלגאַנג". אויף די גאסן איז געווען א לעבעדיקע באוועגונג, באזונדערס ארום דער מארק און קאטעדרע, וואו ס'האָבן זיך פארזאמלט מאסן מענטשן. צווישן 10 און 11 אזייגער באטאָג איז ביי דער קאטעדרע אויסגעבראָכן א שטרייט צווישן א ייד און א קאטאָליק. באלד האָט זיך געשאפן א גרופּע, כלומרשט נייגעריקע, וועלכע האָבן לויט א פריער אָפּגערעדטן צייכן אָנגעהויבן זייער ארבעט פון שלאָגן יעדן פאַרבייגייענדיקן ייד.

די מאסע, צווישן וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען א גרויסע צאָל פּויערים פון די ארומיקע דערפער, האָט געהאלטן אין וואקסן און געוואָרן אלץ מערער אַגרעסיווער. די אויפגעהעצטע מאַסן זענען אין אַ מאַרש אַוועק פון דער קאַטעדרע צום מארק, פארפולט אין אויגנבליק דעם גרויסן שטח, דורשטנדיק נאָך יידיש בלוט. יעדער פון די אָנפאַלער איז געווען באַוואָפנט — ווער מיט שטיינער, ווער מיט שטעקנס, אייזערנע שטאַנגען, וואָס באַווייזט, אַז דער צווילדעוועטער המון איז דורך עמיצן צוגעגרייט געוואָרן צו דער אַקציע פון פריער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָרמעלער פּאָגראָם. די פּאָגראָמטשיקעס האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו שלאָגן און רויבן יידישע וואוינונגען און געשעפטן. די קרעמער האָבן באַזונדערס געליטן פון די

ברוטאַלע איבערפאַלן, ווי אויך די שראַגן־אייגנטימער, וועלכע זענען ביזן גרונט באַרויבט געוואָרן.

מ׳האָט געשלאָגן און געממיתט אָן רחמנות יעטוועדן דורכגייענדיקן ייד. לויט די מאַטעריאַלן וואָס די קהילה האָט דעמאָלט אויפגעזאַמלט, איז די צאָל קרבנות דערגאַנגען דעם טאָג ביז 90 — 32 שווער צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע יידן, 11 באַרויבטע און לייכט־פאַרוואונדעטע, 47 — פולשטענדיק באַרויבט. צווישן די פאַרוואונדעטע האָט זיך געפונען א גרויסע צאָל פרויען און קינדער, ווי אויך א 85־יעריקער זקן. אַ גאַסהענדלער, משה מינץ, אַ פאָטער פון דריי קליינע קינדער, איז געשטאָרבן פון די וואונדן. אויסער די דאָזיקע רויבן און בלוטיקע אָנפאַלן, האָט אַ טייל פון צעווילדעטן המון זיך פאַרנומען מיט אויסהאַקן די שויבן אין אַלע יידישע הייזער. ווי איז געווען דעם ייד, וואָס האָט געוואגט ארויסגיין פון זיין באהעלטעניש.

אין די בקשות און פעטיציעס, וואָס די טאָרנער קהילה־ פאַרוואַלטונג האָט נאָכן פאָגראָם איבערגעשיקט דער צענטראַלער מאַכט, זענען פאַראַן אויך אָנקלאַגעס קעגן דעמאָלטיקן טאָרנער מאַגיסטראַט. אין אַ פעטיציע צום מיניסטעריום אין ווין ווערט געזאָגט צוו. אַנד.:

„דעם מאַגיסטראַט, וועלכער האָט אין זיין רשות געהאַט די שטאָטישע וואַך אין באשטאנד פון 40 פערזאָן, איז געווען זייער לייכט, באלד ביים אָנהויב, ארויס־צושיקן די וואַך און שטערן דעם אויסגעבראָכענעם טומל, דערשטיקן אין גרונט דעם פארברעך פון די רויבערישע עלעמענטן. דער מאגיסטראט האָט אָבער בעת די געשעענישן זיך פאַרהאַלטן גלייכגילטיק, און טראָצדעם וואָס פון פאַרשידענע זייטן האָט מען זיך געווענדט צו פיל ראַטמענער מיט דער בקשה זיך אַריינצומישן און שטערן די אַנטי־יידישע אומרועו, האָט מען זיך אָפגעזאָגט אונטערן נישטיקן אויסרייד: „וואָס קאָנען מיר טאָן”?

וועגן דער האלטונג פון דעמאָלטיקן מאגיסטראט לגבי דעם פאָגראָם, באווייזט אויך דער פאקט וואָס ווערט דערמאנט אין דער אויבנדערמאנטער פעטיציע: „א סך פערזאָנען, וועלכע זענען געכאפט געוואָרן ביי דער פאָגראָם־ארבעט, זענען דורך דער מיליטערישער מאכט צוגעשטעלט געוואָרן אין די ארעסט־הייזער, זיי זענען אָבער באלד באפרייט געוואָרן דורכן מאגיסטראט”.

„ערשט נאָכמיטאָג האָט דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיך איינגעגעבן צו באַקומען הילף מצד דער אזוי־גערופענער קאָמענדע פון מיליטערישן גאַרניזאָן. די גאנצע אינפאנטעריע און קאוואלעריע וואָס האָט סטאַציאָנירט אין טאָרנע, האָט זיך ארויס־געלאָזט איבער דער שטאָט און זיי איז געלונגען צו צעטרייבן דעם ראַבירנדיקן עולם און דערביי אָפהיטן די יידן פון ווייטערדיקע רציחות געגן זיי. דער המון, אָן אַרויסגעשטויסענער פון מאַרק, האָט אין די נאָכמיטאָג־שעהן זיך פאַר־זאַמלט אויפן בורעק. דאָ האָבן די כוליגאַנעס אויסגעהאַקט אַלע שויבן אין די יידישע וואוינונגען. ערשט אינאָוונט האָט דעם מיליטער זיך איינגעגעבן אָפצו־רייניקן די פלעצער און די גאסן און צוריקשטעלן רו און אָרדענונג. צומאָרגנס, ערשט דעם 16־טן אויגוסט, האָט זיך באוויזן אן אויפרוף אונטערגעשריבן פון ד״ר יאַראָצקי, פאַרטרעטער פון בירגערמייסטער, און קאָטלאַרסקי, סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט, געווענדט צו דער באַפעלקערונג:

„בירגער! די טרויעריקע געשעענישן אינעם נעכטיקן טאָג, אויסגערופענע דורך די שונאים פון אונדזער לאנד און שטאָט, האָבן געטראָפן אין דער אומבארירלעכקייט פון פערזאָנען און פארמעגנס. די אומזיניקע אויפגעברויזטקייט איז דערגאנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז מ׳האָט נישט געוואָלט הערן די געוואונטשענע עצות פון אָנגעזעענע בירגער פון שטאָט. דער כבוד און וואויל פון דער שטאָט פאָדערט, אז די אָנגעגריפענע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג זאָל תיכף צוריקגעשטעלט ווערן, ווייל אזעלכע ענלעכע אַרויסטרעטונגען אונטערליגן אַ שטרענגער שטראָף. פון דור־דורות האָבן מיר אלע געלעבט אין אומבארירלעכן שלום און אייניקייט, און ווער אין אונדזער שטאָט עס גרייפט אָן די דאָזיקע באציאונגען, וועלן מיר אים אנערקענען פאר אן אָפענעם שונא".

„דער מאגיסטראט רופט אלע איינוואוינער פינקטלעך אָפצוהיטן די אָרדענונג, מיט דער וואָרענונג, אז ווער עס וועט שטערן דער אָרדענונג, וועט גלייך פארהאלטן ווערן און איבערגעגעבן ווערן דעם קרימינאל־אמט.

אָנגענומען דורכן טאַרנער שטאטראט דעם 16־טן אויגוסט 1870 יאר.

**ד"ר יאראצקי**, פּאַרטרעטער פון בירגערמייסטער

**קאטלארסקי**, סעקרעטאר פון שטאטראט".

די ארויסגערופענע אומרוען זענען דערשטיקט געוואָרן א דאנק דער ענערגישער שטעלונג פון דער מיליטערישער מאכט אין א פעטיציע פון דער טאַרנער קהילה ווערט דער שאָדן געשאַצט אויף אַ סומע פון 10 טויזנט פלאָרינען. נאָך אַ צייט שפּעטער האָט אין שטאָט אָנגעהאַלטן אַ נישט־זיכערער מצב. אין די ווענדונגען צו דער מאכט, קלאָגט זיך די יידישע קהילה באזונדערס אויף די געוויסנלאָזע אגיטאטאָרן, וועלכע האָבן אונטערגעהעצט דעם פינצטערן המון צו אנטי־יידישע עקסצעסן. אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן אָנווייזן אויף פּערזאָנען וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די עקסצעסן. אַ סך קריסטן האָבן זיך געווענדט צו דער קהילה־אָנפירונג און באַמיט זיך ריינצוואַשן פון די פאָרוואורפן, אַז זיי זאָלן זיך האָבן באטייליקט אין די אומרוען. מיר ברענגען ווייטער דעם אינהאלט פון דער ווענדונג פונעם טאַרנער בירגער און הויז־אייגנטימער מיכאל שווידערסקי, אין וועלכער ער בעט די איזראַעליטישע קהילה איבערגעבן די דאָזיקע ווענדונג אויך דעם ראבינאט. אין דער ווענדונג ווערט געזאָגט:

„חשובה אָנפירונג! צוליבן אומגערעכטן און בייזוויליקן פאַרדאַכט און פאַרשווארצן מיך, אז כ׳זאָל זיך האָבן באטייליקט אין די אומרוען קעגן די איזראעליטן, בין איך מצד זיי אָן א גרונט געוואָרפן געוואָרן אין חרם, און הגם איך בין זיכער אין מיין טיפסטער איבערצייגונג, אז צום סוף וועט מיין אומשולד באוויזן ווערן, אָבער יעדער פארשלעפּונג פון דער אויספאָרשונג וועגן דעם ענין מצד דער חשובער אָנפירונג, ברענגט מיר גרויס שאָדן און שאפט דעם איינדרוק פון וואַרשיינלעכקייט פון די דאָזיקע גרונטלאָזע פארדאכטן וועלכע זענען מיר צום שאָדן. מיין בקשה וועגן צואיילן דעם ענין, וואָס איך האָב נאָך מיט דריי חדשים צוריק איבערגעגעבן, האָט ביז איצט נישט געגעבן קיין רעזולטאט. ווי א בירגער מיט אן אומבאפלעקטן כאראקטער און רעפּוטאציע, נישט פילענדיק זיך שולדיק, לייד איך דערפאר נאָך שטארקער פון דער לאסט פון נישט גערעכטע און נישט־באַגרינדעטע פאַר־

וואורפן, וועלכע ברענגען מיר ווי מיינע פארדינסטן באדייטנדיקע און אומשאצ־באַרע שאָדנס. דאָס אַלץ וועט די חשובע אָנפירונג זיין אימשטאַנד אָפּצושאַצן און דעריבער ווענד איך זיך נאָכאַמאָל מיט אַ בקשה צו דער חשובער אָנפירונג, ווי אמגיכסטן איבערטראָגן מיין ענין אין היגן ראבינאט, פון וועלכן איך דערוואַרט, אז ער זאָל ווי געהעריק און רעכטפארטיק באהאנדלט ווערן און אָפּגעשאצט ווערן און ווי אן אומשולדיקער וועל איך באפרייט ווערן פון די פאלגן.

מיכאל שווידערסקי".

מיטן צוריקשטעלן די אָרדענונג האָט זיך אויך פארנומען די צענטראלע מאַכט. דעם 29־טן אויגוסט 1870 יאָר האָט די סטאַראָסטווע זיך געווענדט מיט אַ צירקולאר צו אלע קהילות:

„צו דער אָנפירונג פון איזראַעליטישן קהל אין טאָרנע. די געשעענישן פון גוואלט־עקסצעסן קעגן יידן מצד דער קריסטלעכער באפעלקערונג וואָס זענען פאָרגעקומען די לעצטע צייט און די מיטיילונגען, וואָס איך באקום פון פארשי־דענע זייטן וועגן א פארגרעסערטער רוגזה פון דער דאָרפישער באפעלקערונג און דעם שטאטישן המון קעגן יידן, — באוועגט מיך צו ווענדן א באזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט פון די אָנפירונגען פון די מוניציפּאַליטעטן לגבי דער פליכט פריצייטיק צו פאַרלויפן די געשעענישן, וואָס קאָנען אַרויסגערופן ווערן צוליב דער אויבנדערמאָנטער סיבה, מאַכנדיק פאַראַנטוואָרטלעך די מוניציפּאַליטעטן פאַר יעדן שאָדן וואָס קאָן ארויסגעברענגט ווערן צוליב דער פארנאכלעסיקונג פון דער פאליציי. פון דער צווייטער זייט מוז איך רופן די אָנפירונג פון איזראעליטן־קהל, זי זאָל אין אַ געהעריקער פאָרם אויפמערקזאָם מאַכן די איזראַעליטישע באפעלקערונג וועגן דער נויטיקייט אויסצומיידן פון איר זייט אלץ וואָס קאָן זיין א סיבה פארן פראָסטן פאָלק, וואָס איז אייליק צו עקסצעסן, ארויסצורופן אָנפאלן, רעקאמענדירנדיק די איזראעליטן א מעסיק פארהאַלטן זיך.

טאָרנע, דעם 29־טן אויגוסט 1870 יאר. ק.ק. שטאַטסהאַלטער־ראט קאַוואָור־סקי מ. פּ.".

## 14

סוף נײַנצנטן יארהונדערט האָבן טאָרנער יידן פאָרגעשטעלט מיט זיך א באדייטנדיקן ווירטשאפטלעכן כוח. צו יענער צייט שטייגט אויך די צאָל יידישע באפעלקערונג. אין יאָר 1880 האָבן אין טאָרנע געלעבט 11,349 יידן, ד.ה. 46.1% פון דער גאנצער טאָרנער באפעלקערונג. אין יידישע הענט איז געלעגן כמעט דער גאנצער האנדל און אינדוסטריע, וועלכע האָבן זיך כסדר אנטוויקלט. שוין צו יענער צייט האָבן אין שטאָט זיך געפונען פאָלגנדע גרויסע יידישע אונטער־נעמונגען: שאַנצערס מיל, גאָלדמאַנס ציגל־פאַבריק, פאַוסטס ציקאָריע־פאַבריק, די גלאָז־הוטע פון האַהן, ליכטבלאוס פאַבריק פון ליכט און זייף, אַרצט׳ס וועב־שטולן, די באנק־הייזער פון מאשלער, וועקסלער, אבערדאם און קראנצלער, גרויסע אייזן־הורט־געשעפטן פון פארשירם, צינז און קליין, הורט־געשעפטן פון קאָלאָניאַלע סחורות פון וויטמאיער און קליינמאן, די קאפעלושן־אינדוסטריע, די ערשטע

גרויסע קאנפעקציע־אונטערנעמונגען, גארבערייען, הורט־געשעפטן פון מאנופאק־טור, האַנדלס־אַגענטורן און בוי־אונטערנעמונגען — בלויז ווינציקע אָפּשניטן פון יידישער ארבעט און דערגרייכונגען.

שוין ביי די וואלן צום צווייטן טאַרנער שטאטראט (צווייטע קאדענץ מערץ 1870) האָבן יידן דעראָבערט אַ גרעסערע צאָל מאַנדאַטן. פון דער ערשטער וואַל־קוריע זענען אויסגעוויילט געוואָרן די יידישע ראַטמענער: דוד ראזנער, העגריק שאנצער, און אַלס פאַרטרעטער — ווילהעלם גרינפעלד, ד״ר זיגמונט שיצער. אין דער צווייטער וואל־קוריע: אלעקסאנדער גאלדמאן, הערש מאיערהאף, הערמאן מערץ, שמחה ראפאפארט, ד״ר הערמאן ראזענבערג און אלטער רובין. פארטרעטער — ד״ר לעאפאלד גלאזער, אברהם וועסטרייך, מאיר וואסערמאן און ד״ר יעקב קרויצער. פון דער דריטער קוריע: אָשר אייבענשיץ, יוסף פאסט, מ. ע. קעלמאַן, יהושע מאשלער, העגעך קליינמאַן. פאַרטרעטער — משה כהנא און ד״ר אַדאָלף רינגלהיים. אין מאגיסטראט זענען אריין צוויי יידישע אסעסארן: אלעקסאַנדער גאָלדמאן און הערמאן ראָזענבערג. אין משך פון ווייטערדיקע יאָרן, ביי די וואלן, וואָס פלעגן זיך איבערחזרן יעדעס יאָר, זענען דערוויילט געוואָרן (מיט קליינע ענדערונגען) דיזעלבע יידישע ראטמענער, אָפּשטאמיקע דער עיקר פון רייכע יידישע משפחות און אסימילירטער אינטעליגענץ.

בעת די וואַלן אין אָקטאָבער 1873 יאָר (דריטע קאַדענץ) זענען פון דער ערשטער קוריע דערוויילט געוואָרן: דוד ראָזנער, העגריק שאנצער, ד״ר הערמאן ראָזענבערג; פון דער צווייטער קוריע: יהושע מאשלער, שמחה ראַפּאַפּאָרט, שלמה שלייטערער, העגעך קליינמאַן, יעקב סאַלאָמאָן, אַלטער רובין, אברהם וועסטרייך. פארטרעטער: מענדל הערץ, אדאָלף שטיגליץ, ווילהעלם מילדנער, מאיר וואַסערמאַן. פון דער דריטער קוריע זענען מיט קליינע אויסנאַמען דערוויילט געוואָרן דיזעלבע ראַטמענער וואָס אין דער פאַריקער קאדענץ, און אלס אסעסארן — דוד ראָזנער און שמחה ראפאפאָרט.

דער קאמף ארום די שטאטראט־וואלן האָט זיך דער עיקר אָפּגעשפּילט צווישן די פארמעגלעכע משפחות, וועמענס אָנגעהעריקע האָבן קאנדידירט אלס ראַט־מענער. די ברייטע יידישע מאסן האָבן געהאט א גאָר קנאפן איינפלוס אויפן אויסגאנג פון די וואלן. אויך די טעטיקייט פון די יידישע ראטמענער האָט נישט גע־האט זיך מיט וואָס צו בארימען: קיין גרויסע אויפטוען זענען נישט געווען. די טע־טיקייט האָט געטראָגן א ריין אינדיווידועלן כאראקטער און איז געווען אָפּהענגיק פון פערזענלעכע אַמביציעס און פעאיקייטן פון יעדן ראַטמאַן באַזונדער. געווען יידישע ראטמענער, ס׳איז אָבער נישט געווען קיין יידישע פאליטיק, עס זענען נאָך נישט געווען קיין יידישע פארטייען — און במילא איז נישט געווען קיין צילבאוואוסטע פארטרעטערשאפט פון יידישע אינטערעסן אין טאַרנער שטאטראט.

א געוויסע ענדערונג אויף דעם געביט איז ערשט אריינגעטרעטן בעת דער פערטער קאדענץ פון שטאטראַט (1877), ווען עס זענען אויסגעקליבן געוואָרן מוניציפּאַלע טוער מיט געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק. אַלס ראַטמענער זענען דע־מאלט דערוויילט געוואָרן: בלאך, ד״ר לעאפאָלד גלאָזער, ד״ר עליאש גאָלדהאמער, אלעקסנדער גאָלדמאן, מענדל הערץ, נאטאן קאסטעל, יהושע מאשלער, הערמאן

מערץ, שמחה ראפאפארט, ד״ר אדאלף רינגעלהיים, דוד ראָזנער, ד״ר זיגמונט שיצער, הענריק שאַנצער און אברהם וועסטרייך.

אין ס׳רוב פאלן זענען די יידישע ראטמענער גלייכצייטיק געווען אויך פרנסים אין קהילה, אויף וועלכער די פאָלקס־מאסן האָבן נישט געהאט דעם קלענסטן איינפלוס. צום סוף נייַנצנטן יאָרהונדערט האָט די טאָרנער קהילה אָנגעפירט דער געוויסנהאפטער און אפפערוויליקער הערמאן מערץ. ער האָט אָנגעפירט מיטן קהילה־פארמעגן אָן שום פערזענלעכע פניות, און הגם ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין קריטיק, האָט ער דאָך זיך באַמיט צו דינען דער יידישער געזעלשאַפט מיט זיינע בעסטע כוחות און כוונות. ער האָט ממשיך געווען די טאקטיק פון די אמאָליקע קהילה־שתדלנים, וואָס איז אין משך פון יאָרן געווען איינגעוואָרצלט אין דער טעטיקייט פון יידישע עסקנים. מיט זיין אומאָפּהענגיקער און ווירדיקער שטעלונג האָט הערמאַן מערץ דערהויבן דעם פרעסטיזש פון דער קהילה ווי א רעפרעזענטאנץ פון דער יידישער באפעלקערונג.

כאראקטעריסטיש איז דער אדרעס וואָס איז אין יאָר 1877 איבערגעשיקט געוואָרן דורך דער קהילה־פאַרוואַלטונג מיט הערמאַן מערץ בראש, צום בישאָף פון דער טאָרנער דיעצעזיע גלח פוקאַלסקי, אין שייכות מיט זיין 25־יעריקן בישאָפן־יובל. דער אַדרעס ווי אויך דער ענטפער פונעם בישאָף וואָס האָבן זיך אויפגעהאלטן אינעם קהילה־ארכיוו, זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון אויגוסט 1928 יאר:

„דעם 17־טן יולי 1877 יאָר, האָט טאָרנע געפייערט דעם 25־יאָריקן בישאָפן־יובילײ פון גלח יוזעף אַלאָיזי באראן פוקאַלסקי. צוליב זיין רעליגיעזער טאָלעראַנץ האָט דער בישאָף געוואונען די סימפאַטיע פון יידן אין טאָרנע און אומגעגענט. אין שייכות מיט דער דאָזיקער יובילײ־פייערונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויך באַטייליקט די טאָרנער קהילה, איז אין נאָמען פון איר פאַרוואַלטונג, בראש פון וועלכער עס איז געשטאנען הערמאן מערץ, איבערגעגעבן געוואָרן דעם בעל־היובל אַן אדרעס, אין וועלכן מען דריקט אויס א דאנק אין נאָמען פון דער יידישער באפעלקערונג, פאר דער טאלעראנץ וואָס איז איר ארויסגעוויזן געוואָרן פאר דער גאַנצער צייט פון דער 25־יאָריקער בישאָפן־טעטיקייט. אינעם אַדרעס ווערט געזאָגט:

„אייער עקסעלענץ, זייער חשובער הער בישאף! באגייסטערט פון די פריידיקסטע געפילן, דערלויבט זיך דערמיט די טאָרנער יידישע רעליגיעזע קהילה צו שיקן דורך אירע פארטרעטער די אויפריכטיקסטע גליקוואונטשן צום 25־טן יעריקן יובל זינט אייער פארנעמען דעם טאָרנער בישאף־שטול. אין דאנקבארקייט געדענקען מיר דעם אוועקגעגאנגענעם פינפאונצוואנציקיאריקן פעריאד, בעת וועלכן אייער עקסצעלענץ איז ווי אַן אַמתער גייסטלעכער אַרויסגעטרעטן מיט ביישפילן פון איידעלער ליבע צום נאָענטן און איז געווען באהויכט איינצוהאלטן אין אונדזער שטאָט דעם ווערטפולן שלום צווישן די גלויביקע פון אלע רעליגיעס. זאָל דער אלמעכטיקער גאָט געבן אייער עקסעלענץ, ער זאָל נאָך פיל פיל יאָרן ווירקן צווישן אונדז ווי ביז איצט, אין גייסט פון גערעכטיקייט, הומאניטעט און טאלעראנץ, וועלכע זענען די שענסטע צירונג פון אייער עקסצעלענץ. מיר האָבן דעם כבוד צו

זיין איבערגעגעבן מיט אויסדרוקן פון אמתער פארערונג צו אייער עקסעלענץ.
די רעפרעזענטאַנץ: הערמאַן מערץ מ. פ., יוזעף פאָסט מ. פ., ד״ר רינגעלהיים מ. פ., הירש מאָסנדאָרף מ. פ., יעקב פרענקעל מ. פ., אַבוש ועסטרייך מ. פ.

טאַרנע דעם 8־טן יולי 1877 יאר״.

דעם 11־טן יולי 1877 יאָר האָט דער בישאָף, גלח פוקאַלסקי איבערגעשיקט דער טאַרנער קהילה אַ דאַנק־בריוו פאַר די יובילייַ־וואונטשן. מיר ברענגען ווייטער דעם פולן טעקסט פונעם ענטפער, לויטן דייטשן אָריגינאַל:

„צו דער חשובער רעליגיעזער קהילה אין טאַרנע!

זונטיק, דעם 8־טן יולי ה.י., ווען מיר האָבן געפייערט דעם 25־יאריקן בישאָף־יובילייַ, איז פאַר אונדז געווען א נישט־קליינע טרייסט צו הערן פון מויל פון די זייער חשובע רעפרעזענטאנטן פון דער ערנווירדיקער טאַרנער יידישער רעליגיעזער קהילה די אויסדרוקן פון פארערונג און דאנקבארקייט, ווי אויך צו לעזן דעם איבערגעגעבענעם אַלבום. ביים אויסדריקן אונדזער פרייד, צופרידנקייט און דאנק פאר דער אונדז געשענקטער אויפמערזאמקייט, בעטן מיר גלייכצייטיק דעם אלמעכטיקן, ער זאָל זיין געטלעכן חסד אויסשפרייטן אויך איבער אייער חשובער יידישער רעליגיעזער קהילה אין טאַרנע.

פון בישאָף אָרדינאַט, טאַרנע, דעם 11־טן יולי 1877 יאר, יוזעף אַלאָיזי, פרייהער פאָן פוקאַלסקי, בישאָף, ק. ק. ווירקלעכער געהיימראַט.״

ארום דער פערזאָן פון הערמאן מערץ האָט זיך גרופירט א גרעסערע גרופּע פאַרמעגלעכע טאַרנער יידן, וועלכע האָבן געשאַפן אַ מין פאַרטיי, נאָר אָן אַ וועלכן ס׳איז אידעאישן יסוד. דאָס איז געווען א „פארטיי״ פון קהל־לייט און שטאַט־ראַטמענער, וועלכע האָבן געפירט א ביטערן קאמף מיט ד״ר עליאש גאָלדהאמער און זיין גרופּע.

א כאראקטעריסטיק פון דער פערזענלעכקייט הערמאַן מערץ און אַן אָפּשאצונג פון זיין קהילה־טעטיקייט געפינען מיר אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי (נומער 11, 22.6.28), אָנגעשריבן דורך איינעם פון די פירער פון טאַרנער ציוניסטן, ד״ר שלמה גאָלדבערג (אומגעבראַכט דורך די דייטשן). אינעם אַרטיקל לייענען מיר:

„מיט די ענינים פון דער יידישער קהילה, האָט ער (הערמאן מערץ) אָנגעפירט ווי א דיקטאטאר, נישט געלייגט קיין אכט אויפן קהילה־ראַט, נישט פאַרטראָגן קיין קריטיק און קיינעם נישט צוגעלאָזט צו מיטארבעט. מיטן פארמעגן פון דער יידישער קהילה איז ער זיך אומגעגאנגען ערלעך און געוויסנהאפט. קעגן הערמאן מערץ האָט אַן אומברחמנותדיקן קאמף געפירט א חברותא אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען די גרויסע און רייכע משפחה מאשלער, וועלכע האָט זיך געריסן צו דער מאכט אין קהילה. ווען בראש פון דער אפּאזיציע האָט זיך געשטעלט ד״ר גאלדהאמער, א מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, איז דער אפּאָזיציע געלונגען צו דעראבערן די קהילה, און דאָס ביי אַן אויסערגעוויינלעכער אונטערשטיצונג מצד דער אדמיניסטראַטיווער מאכט

„די הערשאפט פון דער א.ג. מאָשלער־דינאסטיע, האָט נישט געבראַכט קיין שום פאַרבעסערונגען אין דער קהילה־טעטיקייט. עס האָט זיך דעמאָלט געשאפן די באַרימטע קהל־מאַגיסטראַט־און פּראָפּינאַציע־קליקע, וועלכע האָט מיט דער הילף

פון טעראָר און קאָרופּציע באַקעמפט די נייע שטרעמונגען און פּאָליטישן געדאַנק צווישן יידן, פאַרשפּרייטנדיק אויך דעמאָראַליזאַציע צווישן די מיטגלידער פון קהילה, פאַרוואַלטנדיק אויף אַ פּאַטאַלן אופן מיטן פאַרמעגן פון קהל. ד״ר גאָלדהאַמער, א פּערזענלעך סימפּאַטישער און ערלעכער מענטש, האָט אלס פּאָליטיקער זיך אויסגעצייכנט מיט א גרויסע דאָזע נאַאיוויטעט, און הגם ער האָט געוואוסט אַז אונטער זיין נאָמען און אין זיין „פּאַרטיי" קומען פאָר מיסברויכן, האָט ער נישט פאַרמאָגט גענוג שטאַרקן ווילן זיך צו באַפרייען פון זיינע נאָכלויפער וואָס פלעגן אים ביי יעטוועדער געלעגנהייט אויסנוצן מאָראַליש און מאַטעריעל. איבעריקנס, נישט ער האָט זיך פאַרנומען מיט די ענינים פון דער קהילה, כאָטש זיין גאַנצע ענערגיע און באַדייטנדיקע קאַפּיטאַלן האָט ער אריינגעלייגט אין די וואַלן צום מלוכה־ראַט און קהילה־ראַט. מיט דער קהילה האָבן אָנגעפירט זיינע אָנהענגער, וועלכע ער האָט באַשיצט מיט זיין אויטאָריטעט און אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליטעט".

מערצנס גרופּע, אָבער, האָט זיך פאַרהאַלטן גאָר סימפּאַטיש צו די ציוניסטן, וועלכע האָבן צו יענער צייט געהאַט אַנטוויקלט א טעטיקייט אין טאָרנע און געפירט א ברייטע אַגיטאַציע צו דעמאָקראַטיזירן די קהילה. ווען אין יאָר 1904 איז געשטאָרבן ד״ר טעאָדאָר הערצל, איז מערצנס שול געווען די איינציקע אין טאָרנע, וואָס האָט דערלויבט ביי זיך איינצואָרדענען אַן אזכרה צום אָנדענק פון ציוניסטישן פירער.

הערמאַן מערץ האָט אָנגעפירט מיט דער טאָרנער קהילה צוזאַמען מיט משה וועקסלער און יוליוש זילביגער, וועלכע זענען באַזונדערס שאַרף באַקעמפט געוואָרן אין שטאָט־ראַט דורך ד״ר גאָלדהאַמער, אַ פּעאיקער יוריסט און אַמביציעזער פּאָליטיקער פון אסימילאַטארישע קרייזן, וועלכער האָט גאַנץ שנעל באַקומען א באַדייטנדיקן איינפלוס אויף דער מוניציפּאַלער פּאָליטיק און מיט פאַרביסנקייט באַקעמפט דעם ד״ר טאַדעאוש טערטיל, דעם שעפער פון דעמאָקראַטיקן קלוב אויפן געביט פון שטאָט־ראַט. צו דעם קלוב האָבן אויך געהערט יידישע ראַטמענער, צווישן זיי — ד״ר הערמאַן מערץ.

ווען ד״ר טערטיל איז דערוויילט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער, איז אין אָנהויב באַשטימט געוואָרן ד״ר גאָלדהאַמער אלס זיין פאַרטרעטער, אָבער אין קאַמף מיטן ד״ר טערטיל האָט ער פאַרלוירן דעם אַמט פון וויצע־בירגערמייסטער און זיין אָרט האָט אַ געוויסע צייט פאַרנומען יוליוש זילביגער. נאָך זילביגערן איז אַלס וויצע־בירגערמייסטער געוויילט געוואָרן ד״ר הערמאַן מיץ.

אין דעם דאָזיקן קאַמף פון עטלעכע רייכע יידישע משפחות, צי עטלעכע אַמביציעזע מוניציפּאַלע פּאָליטיקער, האָבן די ברייטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג קיין אָנטייל נישט גענומען. צו יענער צייט האָבן אין טאָרנע געוואוינט 11,349 יידן (46% פון דער אלגעמיינער צאָל איינוואוינער), וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט צו דער קהילה און שטאָטראַט צוליב דער רעאַקציאָנערער וואַל־אָרדינאַציע. אויף דער יידישער גאַס האָט דעמאָלט געהערשט די שוואַרץ־געלע (עסטרייכישע) און ווייס־רויטע (פּוילישע) אסימילאַציע. דאָס קולטור־לעבן אויף דער יידישער גאַס איז געווען שוואַך אַנטוויקלט. ערשט אין יאָר 1880 האָט פּעניכעל אויפגעשטעלט די ערשטע יידישע בוכהאַנדלונג. אסי־

מילאַטאַריש איז אויך געווען די איינציקע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין די אַכציקער יאָרן פון נײַנצנטן י״ה — „די געזעלשאַפט פון אַלטגלוּביקע״ („סטאַראָזאַקאָנני״) האַנדלס־יוגנט״, וועמענס פרעזעס עס איז געווען ראטמאן ד״ר רינגעלהיים.

אַן גרויסע ענדערונגען האָט זיך אָנגעהויבן די פינפטע קאדענץ פון טאָרנער שטאָטראַט. בעת די וואַלן אין יאָר 1881 זענען אויף ווייטערע דריי יאָר דער־ווילט געוואָרן: אין דער ערשטער קוריע — הענריק שאַנצער, אלס זיין פארטרע־טער — ד״ר גלאַזער. צווייטע קוריע — ד״ר פעבוס סאַלאָמאַן, ד״ר עליאַש גאָלד־האַמער, יהושע מאַשלער, משה אָראַנזש, יואל מארגוליעס און סאַלאָמאַן ציגז. פארטרעטער — מענדל הערץ, מ. ד. בראנדשטעטער און נאטאן קאסטעל. פון דער דריטע קוריע — אברהם וועסטרייך, הערמאַן מערץ, ד״ר זיגמונט שיצער, משה כהנא, משה רובין. פאַרטרעטער — שמואל שוצמאַן, ליפע שטעגמאַן און ישעיה הירש. אַלס אַסעסאָרן זענען געווויילט געוואָרן ד״ר זיגמונט שיצער און ד״ר פעבוס סאלאמאן.

## 15

אין יאָר 1883, ווען א פאָגראַם־כוואַליע אין צארישן רוסלאנד האָט פון דאָרט פארטריבן א גרויסע צאָל יידן קיין גאליציע, האָט דאָ אויפגעוואכט דאָס יידישע געוויסן. אין די שטעט זענען אנטשטאנען רעטונגס־קאמיטעטן, וועלכע האָבן דערלאנגט הילף די קרבנות פון די פאָגראמען. פון די דאָזיקע מיטגעפיל־אויס־דרוקן צו די ליידנדיקע ברידער, האָט זיך ביסלעכווייז דערוועקט דאָס נאַציאָנאַלע באוואוסטזיין, באזונדערס אונטערן איינפלוס פון לעא פינסקערס „אויטאעמאַנצי־פאציע״, דערשינען אין יאָר 1882. ווען די ביל״ו־יוגנט האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און אָנגעהויבן די ערשטע קאַמפן מיט די זומפן אויף דער פאָטער־לענדישער ערד, איז אויך אין טאָרנע צום ערשטן מאָל געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג אויפצובויען דאָס יידישע לאַנד. אין יאָר 1887 האָט די „געזעלשאַפט פון אַלט־גלוּביקער יוגנט״ איבערגעריסן מיט דער אַסימילאַציע און געענדערט איר נאָמען אויף „לייענזאל פון דער האנדלס־יוגנט״. דעם 18־טן דעצעמבער 1887 יאָר האָבן זיי איינגעאָרדנט דעם ערשטן מכבייער־אָוונט.

די דאָזיקע ערשטע סימנים פון ציוניסטישן ערב־פרילינג האָבן נישט געהאט קיין שום איינפלוס אויף די מוניציפאַלע און קהלישע פאליטיקער. דער קאמף צווישן צוויי חברותות, וועלכע האָבן זיך גרופירט ארום די דעמאָלטיקע צוויי טאָרנער פערזענלעכקייטן — ד״ר עליאש גאָלדהאמער און הערמאן מערץ — איז ווייטער אָנגעגאנגען. מ׳האָט געקעמפט פאר א בענקל, פאר א מאנדאט, און די אלגעמיינע יידישע ענינים זענען אָפגערוקט געוואָרן אויפן לעצטן פלאַץ.

אין פעברואר 1884 האָט זיך אָנגעהויבן די זעקסטע קאדענץ צום שטאטראט. פון דער יידישער באפעלקערונג זענען דערווייילט געוואָרן פאָלגענדע ראטמענער: מענדל אבערדאם, ד״ר עליאש גאלדהאמער, הערש מייערהאף, יואל מארגוליעס, יהושע מאשלער, הערמאן מערץ, ד״ר אדאלף רינגעלהיים, הערמאן רינגעלהיים,

משה רובין, ד״ר פעבוס סאַלאָמאָן, ד״ר זיגמונט שיצער (געשטאָרבן אין זעלבן יאָר), העינריק שאנצער (געשט׳ אין יאָר 1885), ליפּע שטעגמאַן, אברהם ווערסט־רייך און הערש וויטמאיער. אַלס אַסעסאָרן — ד״ר זיגמונט שיצער און אַדאָלף רינגעלהיים.

דעם 13־טן מערץ 1889 יאָר איז אָנגענומען געוואָרן דאָס נייע זעלבספאַר־וואלטונגס־געזעץ פאר 30 גרעסערע גאליצישע שטעט. לויט דעם געזעץ, האָט יעדער שטאָטראט געדאַרפט באשטיין פון 36 ראטמענער און 18 פאַרטרעטער, מיט א קאַ־דענץ אויף 6 יאָר. אין מערץ 1890 יאָר, ווען די וואלן צום שטאָטראט זענען פאַרגעקומען אויפן סמך פונעם נייעם זעלבסטפערוואַלטונגס־געזעץ, האָט די יידישע באפעלקערונג אין טאַרנע געציילט 11,627 נפשות (42.4 פראצענט פון אלע שטאָ־טישע איינוואוינער). אלס יידישע ראטמענער זענען דעמאָלט אויסגעקליבן גע־וואָרן: משה אָראַנזש, ד״ר פעבוס סאַלאָמאָן, יואל מאַרגוליעס, דוד צינז, הערמאַן מערץ, ד״ר אדאלף רינגעלהיים, הערמאַן רינגעלהיים, יהושע מאַשלער, הערש מאיערהאָף. אַלס פאַרטרעטער: הערמאַן זאלדינגער, אַלטער שפיגעל, דוד קליינ־מאַן. פון דער דריטער קוריע: אברהם ווערסטרייך, ארטור שאנצער, לעאָן שוואַנענ־פעלד, ד״ר עליאש גאלדהאמער, לעאָפּאָלד גערטלער. פאַרטרעטער: משה האבער, ברוך קאָרנמעהל. אַלס בירגערמייסטער פון שטאָט איז דערוויילט מעוואָרן וויטאָלד ראַגאָווסקי. יידישע אַסעסאָרן: ד״ר עליאַש גאָלדהאַמער און אַברהם ווערסטרייך.

דער דאָזיקער שטאָטראַט האָט באַשלאָסן געבן אַ סובווענץ אין דער הייך פון 4,000 גילדען, צו פאַרענדיקן בויען די שול. די שול האָט מען אָנגעהויבן בויען אין יאָר 1863 און די איצטיקע סובווענץ איז געגעבן געוואָרן לכבוד דעם 50־יאָריקן יובל זינט פראַנץ יאָזעף דער ערשטער איז אַרויפגעטרעטן אויפן עסטרייכישן טראָן.

אין יאָר 1899 האָבן מיט דער קהילה אָנגעפירט: יוסף מאשלער (פאַרטרוי־אונגס־מאן פון ד״ר גאלדהאמער), מרדכי דוד בראַנדשטעטער און הירש וויט־מייער. אין יאָר 1897 האָבן אין טאַרנע זיך געפונען 12,484 יידן *.

דאָס וואָס גרויסע טיילן יידן זענען אריינגעדרונגען אין האַנדל, אינדוסטריע און פרייע פּראָפעסיעס (רעגירונגס־אמטן האָבן נישט באַשעפטיקט קיין יידן), האָט ארויסגערופן אנטיסעמיטיזם אין גאליציע. לכתחילה האָט מען פארגעוואָרפן די יידן זייער גערמאַניזאטארישע ראָל, ערשט שפּעטער זענען ארויסגערוקט גע־וואָרן ווירטשאפטלעכע לאזונגען. דער דאָזיקע וואוקס פון אנטיסעמיטיזם אין גאליציע האָט געהאט זיין מקור אינעם אלגעמיינעם אויפשטייג פון יידן־שנאה אין עסטרייך.

אין יאָר 1895, בעת די וואלן צום ווינער שטאָטראַט, האָט אָפּגעהאלטן א נצחון די אנטיסעמיטישע קריסטלעך־סאָציאַלע פארטיי, אין וועמענס שפּיץ עס איז גע־שטאַנען דער שונא־ישראל ד״ר לועגער. אונטערן איינפלוס פון דער פארטיי און אירע אנטיסעמיטיש־ווירטשאַפטלעכע לאזונגען, האָט זיך אין גאליציע פארשטאַרקט דער אנטיסעמיטיזם ווי אויך דער עקאנאמישער קאַמף קעגן יידן.

דער הויפּט־וואָרטזאָגער פון אַנטיסעמיטיזם אין גאַליציע, טעאָפיל מערונאָ־

* „יידישער לעקסיקאָן״, באנד 5, ז׳ 649.

וויטש, האָט געוואָרפן דעם לאָזונג אויפצושטעלן לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַר־קויף־שטעלעס און אָרגאַניזירן די פויערים („קולקאָ ראָלניטשע") צום קאַמף מיטן יידישן האַנדל. דער אַנטי־יידישער קאַמף איז אויך געוואָרן איינער פון די הויפּט־לאָזונגען פון דער נאַציאָנאַל־קאַטוילישער פּאַרטיי (סטראָנניצטווא נאַראָדאָווא־קאַטאָליצקיע), וואָס האָט רעפּרעזענטירט די גוט־באַזיצער און דעם העכערן קלער. אויף א צוזאַמענפאָר פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין קראָקע אין יאָר 1893, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן א ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט אויף יידן, כדי זיי עקאָנאָמיש אונטערצוברענגען, אָן בלוטפאַרגיסונג. עס איז אויך געוואַקסן דער איינפלוס פון דער „נאַראָדאָווא־דעמאָקראַטישער" פּאַרטיי (ענדעקעס), וועל־כע האָט געוואָרפן עקסטרעם יידנפרעסערישע לאָזונגען.

דער עקאָנאָמישער קאַמף און די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען האָבן געמוזט געבן רעזולטאַטן. דער גלח־דעמאַגאָג סטאָיאַלאָווסקי האָט אַנטוויקלט א פאַרביסענע יידנפרעסערישע קאַמפּאַניע, וואָס האָט געגעבן איר בלוטיקן שניט. אין 33 ערטער, דערונטער אויך אין טאָרנע, זענען פאָרגעקומען אַנטי־יידישע עקסצעסן. דער שטאָ־טישער מאַרק אין טאָרנע איז ווידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרענע פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. דאָס עסטרייכישע מיליטער איז געווען געצוואונגען צוריק־צושטעלן די אָרדענונג אין שטאָט. די אומרוען האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין ווינער פּאַרלאַמענט, וואו דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט איגנאַצי דאַשינסקי האָט דערקלערט: „אָרעמע פויערים האָט מען אונטערגעהעצט קעגן אָרעמע יידן. צווישן די גאַליציאַנישע יידן, הגם זיי בילדן 12% פון דער באַפעלקערונג, געפינען זיך 90% אָרעמעלייט. די פּאָגראָמען האָבן חרוב געמאַכט זייער לעצטע עקזיסטענץ".

דערווייל האָט דער ציוניזם שוין געהאַט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויף דער יידישער גאַס. אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג — דעראָבערן די קהילות! די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעמאָלט שוין געהאַט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן די גרויסע אויפגאַבן וואָס לאַסטן אויף דער יידישער קהילה. דערפאַר איז איינער פון די הויפּט־פונקטן אין זייער פּראָגראַם פון דער א. ג. „לאַנדעס־פּאָליטיק" געווען צו באַקומען אין די קהי־לות וואָס א גרעסערע צאָל ציוניסטישע רעפּרעזענטאַנטן. זייער לאָזונג איז געווען — דעמאָקראַטיזירן די קהילות!

דער קאַמף פאַר דעראָבערן די טאָרנער קהילה האָט זיך אָנגעהויבן גאָר פרי. די ערשטע ציוניסטישע אַקטיוויסטן וואָס זענען געווען טעטיק אין טאָרנער געגנט — ד"ר פישל וואַשיץ און ד"ר בינענשטאָק, זענען אָנהויב צוואַנציקסטן י"ה אַרויסגעטרעטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אַרויסגערוקט פאָלגענדע פאָדערונגען: 1) אַלגעמיינע וואַל־רעכט צו דער קהילה; 2) אָפּשאַפן די אומדי־רעקטע שטייערן; 3) רעאָרגאַניזאַציע פון די וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס און אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און קולטור־אַנשטאַלטן. די דעמאָלטיקע קהילה־לייט האָבן שטאַרק פאַרטיידיקט די אַלטע קהילה־פעסטונג, צו וועלכער עס האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט די ברייטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקע־רונג, וואָס האָט אין יאָר 1900 געבילדעט 40% פון דער אַלגעמיינער צאָל טאָרנער איינוואוינער.

אין יאָר 1901 איז דורכגעפירט געוואָרן א ציילונג אין טאַרנע. לויט די אויפ־געשטעלטע רשימות פון 31־טן דעצעמבער 1900, האָבן אין טאַרנע זיך געפונען 1479 הייזער און 31,691 איינוואוינער. לויט רעליגיעס, האָט זיך די באַפעלקערונג געטיילט אויף אַזאַ אופן:

| | |
|---|---|
| רוימיש־קאַטויליש | 18,960 נפשות |
| גריכיש־קאַטויליש | 110 " |
| גריכיש־אָריענטאַליש | 2 " |
| עוואַנגעליקן | 33 " |
| יידן | 12,586 " |

(ד.ה. 39.7% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג).

אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז מען צוגעטרעטן בויען א נייע באַן־ליניע טאַרנע־דאַמבראָווע, וואָס האָט באַדייטנדיק געהאָלפן אַנטוויק־לען די שטאָט. עס ברייטערט זיך אויך אויס די בוי־באַוועגונג. עס ווערן אויפגע־שטעלט נייע הייזער און גאַסן. דער יידישער איינפלוס אין דער שטאָט האַלט אין שטייגן. אין יידישע הענט געפינט זיך כמעט די גאַנצע אינדוסטריע, האַנדל. עס שטייגט די צאָל יידישע אינטעליגענץ. צו יענער צייט האָבן יידן אין טאַרנע געהאַט 6 שולן, אַ יידיש שפּיטאָל און די שולע א. נ. פון באַראָן הירש.

אין יאָר 1905 זענען ווידער פאָרגעקומען וואַלן צום טאַרנער שטאָטראַט און מצד דער יידישער באַפעלקערונג זענען געוויילט געוואָרן פאָלגענדע ראַטמענער: פון דער ערשטער קוריע — ד"ר יוזעף אַפּנער, פון דער צווייטער קוריע — יוליוש זילבערגער, יאָאַכים מאַשלער, לעאָן שוואַנענפעלד, ד"ר אַדאָלף רינגעלהיים, ישראל וועקסלער, פאַרטרעטער: איגנאַץ האַלצאַפּפעל, ברוך הירש און איגנאַץ האַלענדער. פון דער דריטער קוריע — ברוך יאַקובאָוויטש, איגנאַץ מאַשלער, ד"ר שלמה מערץ. פאַרטרעטער: משה קופּפערבערג.

צו יענער צייט האָט נישט געקאָנט זיין נאָך קיין רייד וועגן א וועלכער ס'איז יידישער פּאָליטיק. יידישע ראַטמענער פלעגן זיך אָפּטמאָל קעגנזייטיק באַקעמפן, באַנוצנדיק זיך מיט אייגענע מענטשן אָדער איינפלוסרייכע נישט־יידישע פּער־זענלעכקייטן. אין די מייִנסטע פאַלן איז זייער טעטיקייט געווען באַגרענעצט צו אינטערווענצן ביי דער מוניציפּאַלער מאַכט. די יידישע ראַטמענער זענען גע־שטאַנען ווייט פון אויפוואַכנדן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. באַזונדערס פיינט־לעך האָבן זיי זיך באַציגן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג וואָס האָט פאַרכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזן יידישע יוגנט. צו יענער צייט האָבן שוין עקזיסטירט א ריי ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס ווי „התחיה", אַקאַדעמיקער־פאַריין „בר־כוכבא", די אַרבעטער־פּאַרטיי פועלי־ציון און די יידיש־נאַציאָנאַלע פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים".

אינעם אַרטיקל „דער דאַן־קישאָטישער פּעריאָד", אָפּגעדרוקט אינעם יובל־בוך פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע (1934), באַשרייבט ד"ר שמחה שיינפעלד יענעם פּעריאָד אויף אַזאַ אופן:

„כדי גוט צו פאַרשטיין די דאָזיקע עפּאָכע, דאַרף מען באַזונדער פאַר דער יונגער גענעראַציע אָפּמאָלן די קאַנווע אויף וועלכער נישט־רייפע בחורים פון

די לעצטע קלאַסן גימנאַזיע און איניקע אַנוואַנסיקע אַקאַדעמיקער, זענען אַרויס־געטרעטן ווי אַפּיצירן, געגעראַלן און אויך ווי זעלנער. עס איז דאָך עפּעס גע־גאנגען אין דעראבערן די גאנצע יידישע באפעלקערונג. אין דער טיף — די שוואַרץ־געלע רעגירונגס־באַפּאַרבונג, וועלכע מען האָט געמוזט — ווילנדיק־נישט־ווילנדיק — רעספּעקטירן; נענטער — די שטאַרק־באַפּאַרבטע ווייס־רויטע פּוילישע געזעלשאַפט פון דער היימישער סביבה, וועלכע האָט אונדז פון וויגן אָן צוגעלויכטן מיט איר שפּראַך און קולטור און מיט וועלכער מיר זענען געוועזן געקניפּט און געבונדן מיט טויזנטער פעדים; נאָך נענטער — אַן אָרטאָדאָקסישע מאַסע פון איין זייט וועלכע איז געווען אומקאָמפּראָמיסלאָז נישט טאָלעראַנט, און פון דער צווייטער זייט — אַן אַפּט אומעטיק־קולטורעלע און טיילווייז זינלאָז־סנאָביסטישע קליינע אָבער איינפלוס־רייכע אַסימילאַטאָרישע סביבה אין אַ האָפנונגסלאָזער פּוסטקייט. אויף אזא קאנווע האָט זיך אנטוויקלט דאָס יידישע לעבן אין טאָרנע, און צו יענער צייט זענען יידישע אידעאַליסטן אוועק דעראבערן די יידישע גאס".

ד"ר ש. שיינפעלד גיט איבער אין זיינע זכרונות אַזאַ געשעעניש, וועלכעס כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן דאָס דעמאָלטיקע יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין טאָרנע.

„עס האָבן זיך אָנגערוקט די צייטן פון אנטי־יידישע פאַרפאָלגונגען אין רומע־ניע. גאַנץ אָפט זענען גרופּן פּליטים פון רומעניע דורכגעפאָרן דאָס דעמאָלטיקע גאליציע אויפן וועג קיין אמעריקע. אָפּגעריסענע, אויסגעהונגערטע, זענען זיי גע־קומען קיין טאָרנע אין גאנצע גרופּן. מיט אונדזערע באשיידענע כוחות האָבן מיר געהאָלפן די דאָזיקע אָרעמע מענטשן מיטן גראָשן, וועלכן מיר האָבן באקומען פון הויז־זאמלונגען. מיר האָבן זיי אָנגעהאָדעוועט און געשיקט ווייטער קיין קראָקע. פאַר די יונגע בחורים, אָן איינפלוס און באדייטונג, איז דאָס געווען נישט קיין קליינע אָנשטרענגונג. אין דער גאנצער שטאָט האָבן זיך נישט געפונען קיין דריי דערוואַקסענע מענטשן, וואָס זאָלן זיך ווען באטייליקן אין א הילפס־אַקציע פאַר ליידנדיקע ברידער און שוועסטער. אָט אזא עגאָאיזם האָט דעמאָלט געהערשט, אויף אזויפיל האָט געפעלט די פאַרשטענדעניש פאַר אלגעמיין־יידישע ליידן. מיט דעם לאָזונג „היינט — אים, מאָרגן — דיר", האָבן מיר געקלאַפּט אין די שטיינערנע הערצער און פאַרמאַכטע קעשענעס. אין דערזעלבער צייט האָט דער שטאָטישער רב געדאַרפט האַלטן אַ לאָיאַליטעטס־רעדע אין שייכות מיט עסטריי־כישן מלוכה־יום־טוב. פאַרביטערטע און אויפגערעגטע אויפן רב, אויף דער קהילה און אויף דער גאנצער יידישער געזעלשאפט, וועלכע האָט זיך אזוי עגאָאיסטיש באצויגן צו די רומענישע קרבנות, האָבן מיר זיך פאַרזאמלט אין שול וואו די דרשה האָט געדאַרפט געהאַלטן ווערן און מיט אונדזערע יונגע כוחות געמאַכט אַן אוואַנטורע. מיר האָבן געפאָדערט, אז דער רב זאָל בעסער רעדן וועגן הילף פאַר פּליטים ווי א מער אקטועלן ענין פאַר יידן. מיר האָבן איבערגעריסן דעם רב'ס רעדע און די ידיעה וועגן דער אַוואַנטורע איז דערגאַנגען צו דער מאַכט. צום גליק — נישט צו דער שול־מאַכט".

דאָס האָט דורכגעפירט די קליינע גרופּע אידעאַליסטן, און נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און שוועריקייטן, איז אין משך פון געציילטע יאָר אויס־

געוואקסן פונעם קליינעם הייפל ענטוזיאסטן א גרויסע ציוניסטישע פארטיי, וואָס האָט אלץ ווייטער ארומגענומען גרעסערע מאסן טאָרנער יידן, דערצויגן זיי אין נאַציאָנאַלן גייסט און דערוועקט ביי זיי דאָס באַוואוסטזיין וועגן דער נויטווענדיי־קייט צו בויען אן אייגענע היים אין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1906 האָט אין גאַנץ עסטרייך זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר אַלגע־מיינע וואַלן צום פאַרלאמענט. די עקזיסטירנדיקע יידישע פארטייען אין גאליציע האָבן דעמאָלט איינגעאָרדנט מאַסן־פאַרזאַמלונגען און געפאָדערט דאָס פירפאַכיקע וואַלרעכט צום עסטרייכישן פארלאמענט.

ווי עס גיט איבער דער „יידישער ארבעטער", אָרגאַן פון פועלי־ציון אין עסט־רייך, אין א קארעספאנדענץ פון טאָרנע (פון 1־טן מערץ 1906), איז דאָרט דעם 7־טן פעברואר 1906 פאָרגעקומען א גרויסע פאָלקס־פארזאמלונג, אָרגאניזירט דורך די ציוניסטישע פאַריינען (אַלגעמיינע ציוניסטן און פועלי־ציון). אויפן טאָג־אָרדע־נונג איז געשטאנען איין פונקט: „די וואַל־רעפאָרם און די יידן". די גרויסע מער־צישע שול איז געווען איבערפולט. דעם פארזיץ האָט געפירט ד״ר זאלץ, מיט א לענגערער רעדע איז ארויסגעטרעטן דער דעמאָלט אקטיווער פועלי־ציוניסט אין טאָרנע — ד״ר פעלדבלום (איצט אין ישראל. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען איינער פון די אנפירנדיקע אלגעמיינע ציוניסטן אין מערב־גאליציע). די רעדע ווי אויך די רעזאלוציע וועלכע האָבן אויסגעדריקט די נויטווענדיקייט פון א יידישער פארלאמענט־פארטרעטערשאפט, איז אָנגענומען געוואָרן מיט גרויס בייפאַל. „די סעפעראַטיסטן (זש. פּ. ס.) — לייענען מיר אין דער דאָזיקער קאָרעס־פאנדענץ — וועלכע זענען דאָסמאָל געווען פאראייניקט מיט זייערע פוילישע חברים, איז נישט געלונגען צו צעשטערן די פאַרזאַמלונג".

כדאי צו דערמאנען, אז די פירער פון פּ. פּ. ס. און בפרט די יידישע מיט־גלידער פון דער פוילישער סאָציאליסטישער פארטיי, האָבן זיך דעמאָלט ארויסגע־זאָגט קעגן אַ נאַציאָנאַלער קוריע פאַר יידן.

אויף דער לאנד־קאנפערענץ פון גאליצישע ציוניסטן, פאָרגעקומען אין קראקע אין חודש יולי 1906, איז טאָרנע געווען פארטרעטן דורך ד״ר אברהם זאלץ און עדוואַרד שוואַגער. פאַר די ציוניסטן אין גאַליציע איז אָנגענומען געוואָרן דער פראָגראַם פאַר „לאַנדעס־פּאָליטיק", און ביי די קומענדיקע פאַרלאַמענט־וואַלן איז באשלאָסן געוואָרן ארויסצושטעלן א ציוניסטישע קאנדידאטן־ליסטע. אינעם וואַל־קאמיטעט וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פארן גאנצן לאנד, זענען דער־ווילט געוואָרן: ד״ר מ. בראודע, אַדאָלף שטאַנד, ד״ר גרשון ציפּור. אַלס הויפּט־לאזונג איז ארויסגערוקט געוואָרן דער קאמף מיט אסימילאציע, קעגן ארויס־שטויסן יידן פונעם עקאנאמישן לעבן, קאמף פאר אנערקענען די יידישע נאציע און איר נאַציאָנאַלע שפּראַך, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און אָפּשאַפן דאָס געזעץ וועגן צוואנג־זונטיק־רו.

אין צוואנציק וואַל־קרייזן האָבן נאציאנאלע יידן און ציוניסטן ארויסגעשטעלט אייגענע קאנדידאטן און באקומען 30,000 שטימען. אין יאָר 1907 האָט אויף דער ציוניסטישער ליסטע אין טאָרנע קאנדידירט ד״ר דוד מאלץ. זיינע רעדעס אויף די וואַל־מיטינגען האָבן ארויסגערופן אן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאזם ביי די

ווײלער. דער דעמאָלטיקער אָנפירער פון טאַרנער ציוניסטן, ד״ר אברהם זאלץ, האָט קאַנדידירט אינעם וואַל־קרייז סטרי־קאַלוש. זיין קאָנטער־קאַנדידאַט איז געווען דער אסימילאַטאר אשכנזי, מצד די סאָציאַליסטן — מאַראַטשעװסקי. די גרעסטע צאָל שטימען — 2,900 — האָט באַקומען ד״ר זאלץ. ווי עס גיט איבער ד״ר א. זאלץ אין זיינע זכרונות, פאַרעפנטלעכע אינעם שוין־דערמאַנטן יובל בוך פון דער טאַרנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „50 יאָר ציוניזם״, — האָט אשכנזי דעמאָלט צונויפגעקליבן קוים 600 שטימען, מאַראַטשעװסקי — 2,500 שטימען. ביי שטיך־וואַלן צווישן ד״ר זאלץ און מאראטשעװסקי, האָבן די אסימילאַטאָרן געשטיצט מאַראַטשעװסקי, וועלכער איז טאַקע געווײלט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט.

אין טאַרנע האָט אויסער ד״ר מאַלץ קאַנדידירט אַ צווייטער ייד — ד״ר יוזעף דראבנער פון קראָקע, וועמענס קאנדידאטור איז ארויסגעשטעלט געוואָרן דורך פּ. פּ. ס. און אונטערשטיצט פון די יידישע סאציאַליסטן (זש. פּ. ס.). א דריטער קאַנדידאַט, וועלכער האָט געוואָלט באַקומען יידישע שטימען, איז געווען דער רעגערונגס־קאַנדידאַט באַראָן באַטאַליאַ.

איינער פון די גרינדער פון זש. פּ. ס. (יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין גאַ־ליציע), יהושע לאַנדאו, דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז בעת די וואַלן אין יאָר 1907, איז אין טאַרנע דערגרייכט געוואָרן א „וואפנשטילשטאנד״ צווישן זש. פּ. ס. און ציוניסטן, לויט וועלכע ביידע פּאַרטייען האָבן נישט געדאַרפט באַקעמפן דעם קעגנערס קאַנדידאַט. ביי שטיך־וואַלן האָבן די יידישע סאָציאַליסטן געדאַרפט אָפּ־געבן זייערע שטימען פאַר ד״ר מאַלץ, אויב ער וואָלט געדאַרפט נאָכאַמאָל שטיין אין פאַרמעסט מיט א צווייטן קאַנדידאַט.

פון אַן אנדערן מקור, אין לעמבערגער „יידישן טאַגבלאַט״, דערוויסן מיר זיך, אַז נאָך די וואַלן וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 23־טן מאַי 1907 יאָר, איז דערשינען אַן אויפרוף צו די טאַרנער ציוניסטן, זיי זאָלן איינגיין אויף אַ קאָמפּראָ־מיס מיט ד״ר דראָבנער, מיטן באַדינג, אַז די פּ. פּ. ס. אין בראַד זאָל רופן אירע אָנהענגער אָפּצוגעבן זייערע שטימען דעם דאָרטיקן ציוניסטישן קאַנדידאַט אדאָלף שטאַנד, וועלכער איז דערגאַנגען צו שטיך־וואַלן מיטן אַסימילאַטאָר וואַלערשטײַנער.

אויף דער יידישער גאַס האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט אַ העפטיקער וואַל־קאַמף. דער יידישער קלער און די קרייזן וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום דער קהליש־מאגיסטראַטישער קליקע, האָבן זיך באַמיט צו געווינען יידישע שטימען לטובת דעם באַראָן באַטאַליאַ. נישט געקוקט אויף דעם וואָס ד״ר מאַלץ האָט באַקומען א באַדייטנדיקע צאָל שטימען, איז ער צו קיין שטיך־וואַלן נישט דער־גאַנגען. דער ענדגילטיקער וואַל־קאַמף איז פאָרגעקומען צווישן ד״ר דראָבנער און ד״ר באַטאַליאַ. דער ראַבינאַט, קהל־לייט, יידישע ראַטמענער און די אָרטאָ־דאָקסישע קרייזן האָבן געשאַפן איין פראָנט קעגן סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט און ער איז ביי די שטיך־וואַלן דורכגעפאַלן.

אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט זענען דערווײלט געוואָרן בעת די וואַלן אין יאָר 1907 די ציוניסטן: אַדאָלף שטאַנד, ד״ר ה. גאַבעל, ד״ר א. מאַהלער, ד״ר שטראוכער (דער לעצטער — פון בוקאָווינע). דריי יידן וואָס האָבן געהערט צום פּוילישן קאָלאָ — ד״ר גאָלד, ד״ר ה. קאַלישער און ד״ר נאַטאַן לעווענשטיין; פון פּ. פּ. ס. —

ד״ר דיאַמאַנד און ד״ר ליבערמאַן. דער יידישער דעפּוטאַט פון קראָקע, ד״ר אַדאָלף גראָס, האָט זיך דערקלערט פאַר אַן אומאָפּהענגיקן.

די דריי דערמאָנטע ציוניסטישע דעפּוטאַטן, צוזאַמען מיט ד״ר שטראוכער פון בוקאווינע, האָבן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט געשאַפן א יידישן קלוב, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקער אַקטיוויטעט און איניציאַטיוו.

באַלד נאָך די וואַלן צום פּאַרלאַמענט זענען אויפן סמך פון דער אַלטער וואַל־אָרדינאַציע פאָרגעקומען וואַלן צום טאָרנער שטאָטראַט. צו יענער צייט איז אין טאָרנע געווען טעטיק א גרופּע יידישע כלל־טוער, וועלכע זענען ארויסגעטרעטן אין אָפענעם קאַמף מיט קאָרופּציע־דערשיינונגען אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און דערביי געפאָדערט די דעמאָקראַטיזירונג פון שטאָטראַט און קהילה. די דאָזיקע כלל־טוער, הגם זיי האָבן גראַוויטירט צו די סאָציאַליסטישע קרייזן, האָבן נישט געהערט צו קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי און אין זייערע ארויסטרעטונגען זענען זיי געווען אייניק מיט די איינשטעלונגען פון די דעמאָלטיקע יונגע ציוניסטישע טוער אין טאָרנע בנוגע דער שטאָטישער און קהלישער טעטיקייט פון די אַסימילאַטאָרישע פּאָליטיקאַנער און לעבנסלענגלעכע קהילה־דינאַסטיעס. צוזאַמען מיט דער גרופּע כלל־טוער, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער אַדוואָקאַט ד״ר באַרגעניכט, האָבן זיי אויסגעבילדעט א געמיינזאַמען פראָנט.

ווען אין יאָר 1907 האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַל־קאַמף צום שטאָטראַט, איז•ארויסגעשטעלט געוואָרן א בשותפותדיקע קאַנדידאַטן־ליסטע וועלכע איז אויך אונטערשטיצט געוואָרן דורך די יידישע סאָציאַליסטן (זש. פּ. ס.). אויף דער געמיינזאַמער וואַל־ליסטע האָבן קאַנדידירט ד״ר י. שיפּער, ד״ר באַרגעניכט, חיים נייגער, ד״ר זילביגער (דעמאָלט — אַן אַקטיווער ציוניסט אין טאָרנע) און דער זש. פּ. ס. פירער יהושע לאַנדאו (זינט לאַנגע יאָרן אין ישראל). עס איז דערשינען אַוואָכנבלאַט אין דער פּוילישער שפּראַך, רעדאַגירט דורך ד״ר באַרגעניכט. ס׳האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט ציוניסטן און סאָציאַליסטן. די דאָזיקע דעמאָקראַטישע ליסטע האָט באַקומען אַ גרויסע צאָל שטימען אַ דאַנק דער ברייטער אויפקלערונגס־אַקציע בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע. דער בשותפותדיקער דעמאָקראַטיש־ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פראָנט האָט אויך אָנגעהאַלטן ביי די קהילה־וואַלן, וועלכע זענען פאָרגעקומען מיט אַ צייט שפּעטער. הגם די ברייטסטע יידישע־מאַסן האָבן נאָך נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט, האָט דער דאָזיקער בלאָק אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון ביי די קהילה־וואַלן.

אלס בירגערמייסטער איז דערוויילט געוואָרן ד״ר טאַדעאוש טערטיל, שפּעטערדיקער דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און פּרעזעס פון „פּוילישן קאָלאָ״ (די גרופּע פּוילישע בירגערלעכע דעפּוטאַטן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט וואָס האָט זיך אָנגערופן „קאָלאָ פּאָלסקיע״). פאַר דער צייט וואָס טערטיל איז געווען בירגערמייסטער פון שטאָט, האָט טאָרנע דורכגעמאַכט א ראַשיקע אַנטוויקלונג. צו יענער צייט האָט מען דאָרט אָנגעהויבן בויען די וואַסער־לייטונג, עלעקטרישע סטאַנציע, טראַמווייען און דעם נייעם באַנהאָף. עס איז אויך אָפּגעקויפט געוואָרן די גאַז־לייטונג.

אויך אינעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן איז פאָרגעקומען אַן ענדע־

רונג. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט די דעמאָקראַטישע גרופּע זיך געשטעלט
פאַר אַן אויפגאַבע אויפצוהויבן דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן און באַ־
זייטיקן די השפעה פון דער מאגיסטראטיש־קהלישער כנופיה. צו דער גרופּע איז
אויך צוגעשטאנען דער זון פון הערמאן מערץ — ד״ר שלמה מערץ, וועלכער
האָט אלס ריכטער פארנומען אן אָנגעזעען אָרט אין טאַרנער קרייז־געריכט. ד״ר
שלמה מערץ, א שטאָלצער ייד מיט פעסטן כאראקטער, האָט זיך געהאלטן ביי
דער טראדיציע פון זיין פאָטער, וועלכער האָט ערלעך געדינט דער טאַרנער
יידישער געזעלשאפטלעכקייט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אלס הויכער רעגי־
רונגס־באאמטער האָט אים געדראָט א באשטימטע געפאר צוליבן פארנעמען זיך
מיט יידישע ענינים. מיט מסירת־נפש האָט ער זיך געווידמעט יידישע אינטערעסן.

ארום ד״ר שלמה מערץ האָבן זיך גרופּירט נאָך עטלעכע פּאָליטיקער און
געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי ד״ר באַרגעניכט, ד״ר שיצער, חיים מאשלער (דער
זון פון הירש מאשלער) און אנדערע. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מיט דער
דאָזיקער גרופּע מיטגעארבעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, און ווען אין יאָר
1911 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום עסטרייכישן פּארלאמענט, איז ארויסגעשטעלט
געוואָרן די קאנדידאטור פון ד״ר שלמה מערץ ווי דער קאנדידאט פון די ציוניסטן
און די יידישע דעמאקראטישע קרייזן. ד״ר מערץ, וועלכער האָט געהאט דעם
מוט אויפצונעמען די ציוניסטיש־נאציאנאלע לאָזונגען, האָט באקומען א גרויסע
צאָל שטימען, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַר יידישע שטימען האָבן געקעמפט
דער סאָציאַליסטישער קאנדידאט ד״ר דראבנער און ד״ר טערטיל. ביי די שטיך־
וואַלן צווישן ד״ר דראָבנער און ד״ר טערטיל האָט געזיגט דער לעצטער.

אויך די דאָזיקע וואַלן האָבן פיל געהאָלפן אַנטוויקלען דאָס נאַציאָנאַלע באַ־
וואוסטזיין אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע. אין יאָר 1911 האָבן אויסער
דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געווירקט אויך אין טאַרנע די זש. פּ. ס. (יידישע
סאָציאַליסטן) און פּועלי־ציון. אויך דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך גע־
שטאַרקט, און אין די יאָרן 1911־14 איז טאַרנע פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ פעסטן
אינדוסטריעלן און האנדלס־צענטער. אין יאָר 1914, ערב דעם אויסברוך פון דער
ערשטער וועלט־מלחמה, האָט טאַרנע געציילט 40 טויזנט איינוואוינער, דערונטער
איבער 13 טויזנט יידן.

## 16

באַזונדערס שטאַרק האָט זיך אין שטאָט אַנטוויקלט די קאָנפעקציע און קאַפּע־
לושן־בראַנזשע ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די טאַרנער
טעקסטיל־אינדוסטריע איינגעשטאנען אין יידישע הענט. דער אָנהויב פון דער
דאָזיקער אינדוסטריע גרייכט אין די ווייטע פארגאנגענע יאָרן, ווען עס זענען
אויסגעאַרבעט געוואָרן נאָר טליתים. אין יאָר 1906 געלינגט דער פּ.פּ.ס. צו אָרגאַ־
ניזירן א פראָפעסיאָנעלן פאריין פון טאַרנער יועבער, צו וועלכן עס האָבן געהערט
50 ארבעטער, פרומע יידן מיט בערד, אלע פארהייראטע, מיט קינדער. געוועבט

האָבן זיי אויף אַלטמאָדישע וועבשטולן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דריי לאָקאַלן פון ה׳ ארצט. אין יאָר 1912 האָבן זיינע יורשים אויסגעבויט אַ וועבעריי אויף דער גאס פון הייליקן מאַרטשין. די וועבעריי איז אויסגעשטאט געוואָרן מיט די נייסטע מאַשינען און צוליב דעם האָט געדראָט אַ געפאַר פון באַזייטיקונג פאַר אַ טייל עלטערע אַרבעטער וואָס זענען נישט געווען צוגעפּאַסט צו די מער מאָדערנע מאַשינען. דעמאָלט האָבן די וועבער אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג צו שליסן אַ קאָלעקטיוון אָפּמאַך מיט אַלע באַשעפטיקטע אַרבעטער, ווי אויך נישט צונעמען צו דער ארבעט פרויען, וועלכע נעמען א קלענערן לוין ווי די מענער. דער פאַבריקאַנט האָט נישט געוואָלט נאָכקומען די דאָזיקע פאָדערונגען און עס איז אויסגעבראָכן א שטרייק וואָס האָט זיך געצויגן 14 חדשים. דער שטרייק איז פארענדיקט געוואָרן מיט א טיילווייזן נצחון. די עלטערע ארבעטער וואָס זענען נישט געווען מסוגל צו ארבעטן ביי די נייע מאשינען, זענען רעדוצירט געוואָרן. נאָכן שטרייק האָט די פאַבריק זיך גוט אַנטוויקלט, דאָס איז אָבער געשטערט געוואָרן מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. בעת דער מלחמה האָט דער אייגנטימער אַריבערגעפירט די פאַבריק קיין ביעלסקאָ (אויבערשלעזיע) און אָנגעהויבן אויסאַרבעטן טעקסטיל־סחורות אָנשטאָט טליתים. אין טאָרנע איז בלויז איבערגעבליבן א סימן פון דער אמאָליקער וועבעריי — דער ליידיקער פאבריקס־בנין מיטן הויכן קוימען. די טעקסטיל־אינדוסטריע איז פון טאָרנע אינגאנצן פארשוואונדן...

די צווייטע בראַנזשע דאקעגן, די קאַפּעלושן־אינדוסטריע, האָט אין טאָרנע אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען נאָך אין דער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט און באשעפטיקט זייער פיל יידן. אין די לעצטע יאָרן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער דאָזיקער אינדוסטריע־צווייג דערגרייכט דעם העכסטן גראַד פון אַנטוויקלונג און באַשעפטיקט 300 ארבעטער — מענער און פרויען. 80% באַשעפטיקטע זענען געווען פאַרהייראַטע, אַזוי, אַז איבער 1,000 נפשות האָבן געלעבט פון דעם פאַך. טאָרנע איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער צענטער פון דער קאַפּעלושן־בראַנזשע אין עסטרייך. וועכנטלעך זענען אין דורכשניט אויסגעארבעט געוואָרן פון 700 ביז 800 טוץ פויערים־קאפעלושן, וועלכע זענען פארקויפט געוואָרן אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער גרויסע עסטרייך־אונגארישער מאָנארכיע, און אויך אין אויסלאַנד: רומעניע, סערביע און טערקיי. דער פארדינסט פון אן ארבעטער האָט באַטראָפן פון 30 ביז 60 עסטרייכישע קראָן א וואָך, וואָס איז צו יענער צייט געווען א גוטער פארדינסט.

אין די ערשטע יאָרן פון אומאָפּהענגיקן פוילן (1920־1923), האָט דאָס קאַפּעלושן־פאַך אין טאָרנע זיך אַנטוויקלט נאָך שטאַרקער. צוזאַמען מיט געהילפן, האָט דאָס דעמאָלט באַשעפטיקט איבער 600 פערזאָן. דער עקאָנאָמישער קריזיס און די שטייערן־פאָליטיק פון דער פוילישער רעגירונג, וועלכע איז באזונדערס געווען איינגעשטעלט קעגן יידישער אינדוסטריע און מלאכה, ווי אויך די אוממעגלעכקייט אריינצוברענגען די נייעסטע מאשינען פאר דער דאָזיקער אינדוסטריע, האָבן אין די דרייסיקער יאָרן דערפירט די גאַנצע בראַנזשע צו אַזאַ מצב, אַז עס זענען דעמאָלט באשעפטיקט געווען בלויז 80 ארבעטער, ווען פארדינסט איז

דערגאנגען פון 25 מיז 28 זלאָטעס א וואָך, דערביי איז אין יאָר אויסגעקומען צו ארבעטן בלויז 4 חדשים.

די אַנטוויקלונג פון אויבערטייל־מאַכעריי אין טאָרנע דאַטירט זיך פון יאָר 1905, ווען נאָכן דערשטיקן די ערשטע רעוואלוציע אין רוסלאנד, האָבן פון דאָרט עמי־גרירט אַ סך יידישע אַרבעטער פון דעם פאך, און ווי פליטים באַזעצן זיך אין טאָרנע און פאַרשפרייטן קאָמאַשנמאַכעריי אַלס מאַסן־פּראָדוקציע. אויף דער בער־נאַרדינער־גאַס אין טאָרנע, וואו ס'האָבן זיך געפונען די שטעפּער־וואַרשטאַטן, האָט שטענדיק געהערשט א באוועגונג און לעבעדיקייט. אין דעם פאַך האָבן באלד בא־קומען באשעפטיקונג אויך ארטיקע ארבעטס־כוחות. אין יאָר 1920 האָט דער פּראָ־פעסיאָנעלער פאַריין פון שטעפּער־אַרבעטער געציילט 120 מיטגלידער, און אין יאָר 1930 איז עס דערגאנגען צום זעלבן מצב ווי דאָס קאָפּעלושן־פאַך. צום סוף פון די דרייסיקער יאָרן האָט טאָרנע געהאַט בלויז 10 שטעפּער־אַרבעטער, און אויך זיי זענען געווען באשעפטיקט געציילטע טעג אין וואָך.

## 17

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך דאס יידישע ווירטשאפטלעכע לעבן אין טאָרנע נישט שלעכט אַנטוויקלט. אן ערנסטער איבערברוך איז פאַרגעקומען אין די אויגוסט־טעג פון יאר 1914, ווען עס האט אויסגעבראכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די מאָביליזאציע אין דער אַרמיי האט אויך אַרומגענומען גרויסע מאַסן יידן.

דער ארטיקער קאמיטעט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין טארנע, אזוי גוט ווי אלע לאקאלע קאמיטעטן אין גאליציע, האט אין אויגוסט 1914 ארויס־געגעבן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, אין וועלכן עס ווערט געזאגט צוו. אנד.:

„עס איז ענדלעך געקומען די געלעגנהייט, ווען דאס יידישע פאלק קאן ארויסווייזן זיין גרויסע סימפאטיע און אויפריכטיקע באגייסטערונג צום פוילישן פאלק וואס גייט ארויס אין קאמף אונטער דער לאזונג פון א פריי אומאפהענגיק פוילן. אונדזער פאלק, וואס איז הונדערטער יארן פארפאלגט און אונטערדריקט, האָט די גרעסטע אַכטונג פאר זיינע אידעאַלן. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם פאָלגן מיר נאָך דעם לויף פון די געשעענישן און מיר קוקן נאָך מיט באַוואונדערונג דעם נצחון־מארש פון די פוילישע זעלנער, וועלכע באנייען די העלדישע טראדיציע פון פוילישן געווער. פון גאנצן הארצן ווינטשן מיר דערפאלג און גליק דער העלדישער קאמפּאניע".

באזונדערס ווענדעט זיך דער אויפרוף צו דער יידישער באפעלקערונג:

„יידן! אין דער דאָזיקער מלחמה זאָל קיינער נישט פעלן. ווער עס איז פעאיק צו טראגן געווער זאל גיין אין שלאכט און פארגיסן זיין בלוט אין נאמען פון די בכבודיקע לאזונגען: „פאר דער פרייהייט פון יידן! פאר א פריי פוילן"! (ציטירט לויטן „טיגאדניק זשידאווסקי", נומ' 10, 1933).

די יידישע יוגנט איז אוועק אויפן פראנט, פארגאסן איר בלוט אויף אלע

שלאַכטפעלדער. זי האט דעמאָלט געגלויבט אין דער נייער תקופה פון פרייהייט און רעכט פאר אלע, וואס וועט געבוירן ווערן אין רעזולטאט פון קריג. נישט קיין סך צייט איז אריבער און דאס גאליצישע יידנטום האט זיך איבערצייגט, אז נישט נאר ס'האָט נישט געשלאָגן די שעה פון פרייהייט, נאָר מען האָט ערשט באַדאַרפט אָנהויבן אַ קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, רעכט אויף לעבן.

אין נאוועמבער 1914 האט דאס רוסישע מיליטער פארנומען טארנע. א גרויסער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג האט זיך עוואקואירט פון שטאט טיף אין עסטרייך. די יוגנט וואָס איז געווען פעאיק צו טראָגן געווער האָט פאַרפולט די רייען פון עסטרייכיש־אונגארישן מיליטער. טארנער יידן האבן געגעבן זייער ביישטייער צו דער צאל קרבנות אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיטן מאמענט ווען דאס רוסישע מיליטער האט זיך אריינגעריסן קיין טארנע, איז דארט איבערגעריסן געווארן דאס ווירטשאפטלעכע און פאליטיש־געזעלשאפטלעבע לעבן צווישן דער יידישער באפעלקערונג. אין די יידישע קראמען, וואס זענען פארלאזט געווארן דורך זייערע אייגנטימער, האט דער מאגיסטראט אריינגעזעצט קאמיסארן. נאכן פארטרייבן די רוסן, ווען די יידישע קרעמער האבן זיך צוריקגעקערט, האָבן זיי געטראָפן ליידיקע געשעפטן און פאַר די אויספאַרקויפטע סחורות האט מען זיי אויסגעצאלט גראשנס.

אין זיין בוך „טארנע בעת דער רוסישער אינוואזיע”, שרייבט פראנטשישעק שעווטשיק (א פאליאַק פון טארנע) וועגן דעם מצב פון די יידן אין יענער צייט:

„די באציאונג פון די רוסן צו יידן, באזונדערס מצד די קאָמענדאַנטן, איז אין אלגעמיין געווען נישט קיין גינסטיקע. עס זענען געווען קאָמענדאַנטן אויסנאמען, גוט געשטימטע צו יידן, וועלכע זענען אבער שטענדיק געווען אויפן לעצטן ארט. מען האט זיי באהאנדלט אונטער יעטוועדער קריטיק. דאס שלאגן זיי מיט נאהייקעס איז געווען אויפן טאג־ארדענונג. דערפאר האבן יידן נישט געקאנט זיין קיין אפטימיסטן, ווייל די רוסן גופא האבן זיי געגעבן א גענוגנדיקן גרונט פאר פעסימיזם. אממיינסטן עוולות האבן יידן געליטן פון פאָלקאָווניק קאָזלאָוו. אויף זיינע באפעלן האט מען פון יידישע בראנפן־געשעפטן אויסגעגאסן די משקה אין די רינשטאקן. מיט אלטן וויין און בראנפן האט מען געוואשן דעם ברוק. אזוי האט מען פון קערבערס וויין־געשעפט אויסגעגאסן די בעסטע געטראנקען, דאס זעלבע איז געשען מיט דער סחורה פון שוואנענפעלדס ראפינעריע און פון אנדערע לאגערן מיט משקה. וויין און בראנפן איז גערונען מיט אלע ריינשטאקן פונוואנען טארנער איינוואוינער האבן געשעפט מיט טעפלעך די סחורה, צעגאסן זי שפעטער אין פלאשן און פארקויפט צו רוסישע זעלנער א פלאש אָקעוויט פאר 8 רובל...

פאָלקאווניק קאָזלאָוו, וועלכער האט געהאט אן אומבאגרעניצטע מאכט, האט פאר דער גאנצער צייט פון זיין הערשן אין טארנע צוגעטראכט אלץ נייע ראַפינירטע מיטלען צו אונטערצודריקן יידן. אזוי האט ער געהייסן ברענגען יידן אין דער קאמענדע, חוזקן פון זיי און דערנאך דערלאנגט זיי בעזעמער, מיט וועלכע זיי האבן געמוזט קערן די גאסן, אונטער דער אויפזיכט פון רוסישע זעלנער. דערביי פלעגן קריסטלעכע דורכגייער זיך אפשטעלן און אויסלאכן די

באליידיקטע יידן. מען האט אויך נישט געשוינט קיין יידישע פרויען, צווינגענדיק זיי צו ספעציעלע אַרבעטן. די יידן האָט מען נאָך געצוואונגען אויסבעסערן דעם שאסיי, בויען א פראָוויזארישע בריק איבערן טייך ביאַלע און גראָבן אָקאָפּעס.

רוסישע זעלנער פלעגן אפט איינארדענען אבלאוועס אויף יידן, באזונדערס אויפן מאַ־ק און אויף דער לעמבערגער גאַס. אין די מיינסטע פאַלן פלעגן די גזירות אויף יידן איינגעארדנט ווערן אום שבת, ווען זיי זענען געגאנגען דאווענען. בעת דער הערשאפט פון פאלקאווניק קאזלאוו, וועלכער איז געווען טויב לגבי די יידישע אנקלאגעס, פלעגן די זעלנער, צוזאמען מיט דער שטאטישער אונטערוועלט, אויסרויבן יידישע געשעפטן. אויב א ייד איז אוועק צום פאלקאווניק באקלאגן זיך וועגן די רויבערייען, האָט קאָזלאָוו אים נאָך געהייסן באַשטראָפן מיט 25 שמיץ „פאר וואַרפן בילבולים אויף דער רוסישער אַרמיי”. פאָלגענדע צוויי פאקטן (פון טויזנטער) וועלן אמבעסטן אילוסטרירן די באציאונג פון דער רוסישער מאכט צו דער יידישער באַפעלקערונג:

צום פאלקאווניק קאזלאוו איז איינמאל געקומען אן ארעמער פארוויינטער ייד און דערציילט, אז רוסישע זעלנער האבן אויסגעפלינדערט זיין וואוינונג און צוגענומען אלע זאכן און אויף א צולאג — אים צעשלאגן. דאסמאל האט דער קאמענדאנט אויסגעהערט דעם קלאגעדיקן ייד, ארויסגעוויזן מיטגעפיל און אויף זיין וויזיט־קארטע אויפגעשריבן עטלעכע ווערטער, איבערגעגעבן זיי דעם ייד, ער זאָל זיך דערמיט ווענדן אין קאַסע פון סטאַראָסטווע, וואו ער וועט באַקומען באַלוינונג פאַרן שאדן. א בארואיקטער איז דער ייד אוועק אין סטאראסטווע און דעם פאָלקאווניקס וויזיט־קארטע איבערגעגעבן דעם דיזשורנע אָפיציר, וועלכער האט דעם ייד געשיקט צו דער קאַסע. דארט האט ער אַנשטאָט רובל באַקומען דיזעלבע צאל שמיץ וואס קאזלאוו האט אויסגעשריבן אלס פארגיטיקונג פארן ייד. א צווייטער ייד, וועלכער האָט אויך באַקומען אַ וויזיט־קאַרטע, האָט אין סטאַראָסטווע געשיקט א יינגל אפנעמען די „באלוינונג”. אויך דאס יינגל האט אנשטאט געלט באקומען שמיץ.

אַ צווייטער פאַקט: מיט גרויס מי איז א יידן געלונגען צו באַקומען פון פאלקאווניק קאזלאוו א פאר־שיין אויף א באן־נסיעה קיין לעמבערג צו באזוכן דארט זיין קראנקע פרוי. מיטן צעטל פון קאזלאוון איז דער ייד אוועק צום באַנהויף־קאָמענדאַנט אין טאָרנע, פּראַפּאָרשטשיק סאָבאָלעווסקי, וועלכער האָט ענדגילטיק געדארפט באַשטעטיקן דעם פאָר־שיין. אויפן וואָקזאַל האט מען דערקלערט דעם ייד, אז סאבאלעווסקי איז איצט נישטא, ער איז אוועק פרישטיקן אין רעסטאראן. דער ייד איז דארט אוועק און דערזען סאבאלעווסקין זיצן אין א געזעלשאפט פון אפיצירן, ביי א געגריטן טיש. דער ייד האט זיך אנגענומען מיט מוט, צוגעגאנגען צום טיש און אנגעהויבן דערקלערן סאבאלעווסקין נאך וואס ער איז געקומען. דאס צארישע אפיצירל האט אפילו נישט געלאזט דעם ייד ענדיקן זיין בקשה, אפגעקנעפלט די נאהייקע פונעם פאסעק און אנגעהויבן שמייסן דעם ייד אן רחמנות, זידלענדיק אים דערביי מיט די ערגסטע ווערטער. פארשטייט זיך, אז דער ייד אין קיין לעמבערג שוין נישט געפארן.

רוסישע זעלנער צי טשינאווניקעס פלעגן ארויסווייזן א באזונדערע רציחה

לגבי יידן מיט בערד. שלאגן אזעלכע יידן מיט נאהייקעס איז געווארן א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערציילן פאַלגנדן אינטערעסאנטן פאַל: די רוסן פלעגן אָפּט איינזעצן אַלס ערובניקעס פיל קאַטאַליקן, צווישן וועלכע עס האט זיך אויך געפונען דער קריסט סאָקאָלסקי, וואס האט געטראגן א לאַנגע באָרד. דער דעמאָלטיקער בירגערמייסטער ד״ר טערטיל האָט אונטער־גענומען שריט צו באַפרייען די ערובניקעס. דער שטאַב־אָפיציר פּאַסטניקאָוו איז נאכגעקומען דער בקשה פון ד״ר טערטיל און באפרייט די יידישע ווי די קריסטלעכע ערובניקעס. אמלענגסטן אבער איז פארהאלטן געווארן אין ארעסט דער פּאָליאַק סאָקאָלסקי. דער מאָטיוו פון אַזאַ האַנדלונג פון די רוסן איז געווען דער, אַז סאָקאָלסקי איז זיכער אַ ייד, ווייל, ערשטנס, טראָגט ער אַ באָרד, צווייטנס, איז זיין פאמיליע־נאמען איבערגעארבעט געווארן פונעם יידישן נאמען סאָקאָל, אַ שטעטל אין גאַליציע... עס איז אָבער דאָך געלונגען איבערצוצייגן די רוסן וועגן סאָקאָלסקיס פּוילישקייט און ער איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן.

אין די פארלאזענע וואוינונגען פון די פארמעגלעכע יידן האבן די רוסן איינגעארדנט שטאַלן און דאָרט ארייגעפירט פערד. די קליינע פלינקע קאָזאקישע פערדלעך פלעגט מען שלעפן אויף די טרעפּ און זיי געבן א מקום אין יידישע דירות אויף די העכערע שטאקן. דאס קינאָ „העליאָס״ (אייגנטימער — דער פּאָליאַק ליסאַווסקי) איז געווען טעטיק בעתן קריג און עס זענען דארט געוויזן געווארן פילמען, בעת דאס קינא „אַפּאָללא״ (אייגנטימער — ווילהעלם ליכטבלאַו, אנטלאפן קיין עסטרייך) איז פולשטענדיק פארניכטעט געווארן. די רוסן האבן דארט איינגעארדנט א גרויסע שטאל פאר זייערע פערד, הגם דאס קינא האט זיך געפונען אין צענטער שטאט.

די רעסטאראנען און משקאות־געשעפטן וועמענס אייגנטימער האבן זיך עוואַ־קואירט, זענען איבערגענומען געווארן דורך מענטשן, וואס האבן נישט געהאט די מינדסטע אנונג וויאזוי צו פירן אזא מסחר. ראָסטאַלס רעסטאָראַן אינמיטן מארק איז איבערגעגעבן געווארן אין די הענט פון א געוויסן קאזשימיערטשיק און זיין שותף קאַראַל. דער רעסטאָראַן האָט גוט פּראָספּערירט, ווייל מ׳האָט דאָרט אין געהיים פאַרקויפט בראָנפן פון אומלעגאַלע קוועלן.

נאכן איבערנעמען די שטאטישע קאמענדאנטור דורך מארקעוויטשן, האט זיך די לאגע אביסל פארבעסערט, ווייל מאַרקעוויטש האט ארויסגעוויזן מערער פריינטלעכקייט צו יידן. ווען יידן האבן זיך פאר אים באקלאגט, אז מען רויבט זייערע וואוינונגען, האט מארקעוויטש געשיקט זיינעם א סאלדאט צו באשיצן די יידישע וואוינונג, דערפאַר אָבער, האָט דער סאָלדאַט געמוזט אויסגעהאַלטן ווערן דורכן ייד מיט עסן און „וואָדקא״ (בראנפן) ווי לאנג ער האט באשיצט די וואוינונג. פארשטייט זיך, אז פון אזעלכע קאסטבארע אויפזעער האט מען זיך באמיט וואס גיכער צו באפרייען..

אין דער העלפט פעברואר 1915 האבן זיך אנגערוקט אויף יידן שווערע טעג. ווייזט אויס, די רוסישע מאַכט האט פארגעפילט, אַז זי מוז זיך בקרוב אָפּטראָגן פון טארנע און דערפאר האט זי זיך א נעם געגעבן צו יידן. מען פלעגט זיי כסדר באפאלן אין גאס און שלאגן, דראענדיק דערביי אז מ׳וועט זיי פארשיקן קיין

טיף רוסלאַנד. פיל יידן זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אַלס ערובניקעס, אַז די פאַרבלי־בענע יידן אין שטאָט זאָלן נישט איבערגעבן דעם שונא וועגן דער באַוועגונג פון רוסישן מיליטער. די רוסישע „אָכראַנע״ (פּאָליטישע פּאָליציי) האָט צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון אָנגעזעענע טאַרנער יידן, וועלכע זענען נאָכן אַרעסט פאַרשיקט געוואָרן קיין ניזשני־נאָוואָגאָראָד, נאָכדעם ווי די רשימה איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קאָמענדאַנט מאַרקעוויטש. פאָלגנדע יידן זענען דעמאָלט פאַרשיקט געוואָרן קיין טיף־רוסלאנד:

יעקב קליין, מאיר סראָקאָ, איזאַק לעמבערגער, בערל בערקעלהאַמער, יעקב טענענבאַום, יחיאל בירנבאַום, שמעון בלומענקראַנץ, הערש־מענדל בלומער, דוד בעריש, חיים־לייב פייגנבאַום, יחזקאל פלור, זיסקינד פלור, דוד פריס, מאַרקוס גאָרליצער, גראָס אברהם, יצחק־מעכל הערץ, מאוריצי הירשהארן, מאוריצי קירשענבאום, יחיאל קארנהויזער, הערש־מלך קארנרייך, מארקוס קורץ, יעקב לאַנדמאַן, מאָוריצי ליאָן, הענריק נוימאַן, אליעזר זילבערמאַן, אפרים זינגער, דוד שפּאַניער, ישראל שפּירא, הענריק וויינפעלד, משה שפּירא און אייזיק עדער (צוזאמען — 31 יידן).

אויף דער ידיעה וועגן אַרעסט פון טארנער יידן מיטן ציל זיי אַרויסצושיקן קיין רוסלאַנד, האָט דער בירגערמייסטער זיך געווענדט צום קאָמענדאַנט מיט דער בקשה איבערצולאזן די אומשולדיקע יידן אין טארנע. דער קאמענדאנט האט אפגעזאגט דער דאָזיקער בקשה, פונקט ווי ער איז געבליבן טויב אויף דער ווענדונג פון א פּרוויזאָר־דעלעגאציע, וועלכע האבן געבעטן איבערלאזן זייערע פאטערס, מענער אין זין. עס האט גארנישט געהאָלפן — די 31 יידן זענען ארויסגעפירט געווארן.

ווי מיר האבן שוין געשריבן, האבן פארן אריינקומען פון דער רוסישער ארמיי קיין טארנע, פיל יידן פארלאזט די שטאט. אין זייערע געשעפטן און דירות האבן זיי איבערגעלאזט פארטרוילעכע מענטשן אדער קרובים. אבער נישט יעדער פון זיי האָט אויסגעפירט די אים אָנפאַרטרויטע אויפגאַבע, באַזונדערס די, וועלכע האָבן נישט געגלויבט אינעם צוריקקער פון דער עסטרייכישער מאכט. זיי האבן די געשעפטן וואס זענען זיי איבערגעגעבן געווארן אונטער דער אויפזיכט, פארקויפט אדער זיך צוגעאייגנט.״

ש. אנ־סקי, אין זיינע זכרונות וואָס זענען דערשינען אינעם בוך „חורבן גאליציע״, דערציילט אויך וועגן דער לאגע פון טארנער יידן בעת דער רוסישער אינוואזיע. אנסקי איז דעמאלט געווען דעלעגירט קיין גאַליציע דורך דעם רעטונגס־קאמיטעט פונעם יידנטום און איז געווען, אין ראנג פון א אפיציר, א מיטגליד פון דער אפיציעלער רוסישער הילף־דעלעגאציע, אופן נאמען פון א צארישער פרינצעסין. ער האט געוויילט אין טארנע אין יאר 1915 און שילדערט אזוי דעם דעמאלטיקן צושטאנד:

„ד״ר אַדער האט מיר דערציילט פרטים וועגן די טראגישע איבערלעבונגען פון טארנער יידן. נאכן פארנעמען די שטאט דורך די רוסן, איז איינגעארדנט געווארן א פּאגראם אויף יידן און אייניקע פון זיי זענען דערהרגעט געווארן. נאך פאר דעם האבן די רייכע יידן פארלאזט טארנע, און די וואס זענען געבליבן, זענען אינגאנצן רואינירט געווארן. קיין פארדינסטן זענען נישט געווען און די יידישע

באפעלקערונג איז געשטארבן פון הונגער. מיטן אנקומען פון רוסישן מיליטער איז אויפגעלייזט געווארן די יידישע קהילה" (זי איז געווען טעטיק אומלעגאל). אויף אַן אַנדער אָרט שרייבט אנ־סקי, אַז „טאָרנער יידן האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַ מלמד א מסור, וועלכער האט שאנטאזשירט די רייכע יידן, דראענדיק, אז ער וועט זיי פאַרשוואַרצן פאַרן קאָמענדאַנט פון שטאָט". דער דאָזיקער מסור (ער האָט געהייסן נטע אייזנבערג — „נאָטל פּוילישער" און האט געשטאמט פון פּיאָטרקאָוו אין פוילן) האט אבער געהאט זיין פארדינטן סוף. ווי עס דערציילט דער קראָקאווער „נאָווי דזשענניק" (נומ׳ 65, 1918), איז אין חודש אויגוסט 1918 יאָר פאָרגעקומען פארן קראקאווער מיליטערישן געריכט דער פראצעס קעגן טארנער איינוואוינער נתן אייזנבערג, באַוואוסט אַלס „נאָטע מלמד". ער איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז אַלס רוסישער בירגער, פלעגט ער דינען אין דער צארישע אכראנע, נאכשפיאנירט עסטרייכישע זעלנער וועלכע זענען אנטלאפן פון דער געפאנגענשאפט און זיי איבער־געגעבן דער רוסישער מאכט. דערפאר איז ער פארמשפט געווארן אויף 4 יאר תפיסה.

אין מאַי 1915 האָט דאָס רוסישע מיליטער פאַרלאָזט טאָרנע. וויאַזוי האָט אויסגעזען דאס יידישע לעבן נאך דער רוסישער אקופאציע? וועגן דעם דערציילט ד"ר שמואל שפאן אין זיין אפהאנדלונג „ציוניסטישע ארבעט אין טארנע אין די יארן 1934—1914", וואס איז געווען אפגעדרוקט אינעם יובל־בוך פון דער טארנער



די פאַרוואַלטונג און די מיטאַרבייטער פון דער יידישער פאָלקסקיך אין טאָרנע אינעם יאָר 1916

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ד״ר שפּאַן דעמאלטיקער פּרעזעס פון דער טאָרנער ציוניסטישער ארגאניזאציע, שרייבט צוו. אנד.:

„באַלד נאכדעם ווי דאס רוסישע מיליטער איז אוועק פון טארנע, פרילינג 1915, און ווי נאָר אייניקע אונדזערע חברים, צוזאמען מיטן שרייבער פון די שורות זענען צוריקגעקומען אהיים, האבן מיר ווייטער גענומען פארטזעצן די ציוניסטישע טעטיקייט אין טארנע. צוליב די הערשנדיקע מלחמה־באדינגונגען, האט די דאזיקע ארבעט געמוזט זיין א באגרענעצטע בלויז אויף זאמלען געלט פאר ארץ־ישראל פאנדן און איינארדענען מאניפעסטאציעס ביי געלעגנהייטלעכע נאציאנאלע פייערונגען. צוליב דעם וואס אין די אויבנדערמאנטע 3—4 מלחמה־יארן האט מען פאר ארץ־ישראל נישט געקאנט ארבעטן מיט דער אייגנטלעכער טארנער ציוניסטישער אינטעליגענץ, האָבן אונדזערע חברים געצלער, שינאַגעל, שוואגער און אנדערע, וועלכע האבן זיך דעמאלט געפונען אין טארנע, זיך אפגעגעבן מיט דער גאנצער ענערגיע דער געזעלשאפטלעך־וואוילטעטיקער ארבעט. א דאנק דער דאזיקער טעטיקייט און גרענעצלאזער קרבנות־גרייטקייט פון אונדזערע חברים אין יענער צייט, איז ביי די סאמע שווערסטע קריגס־באנדינגונגען געלונגען צו שאַפן און פירן אַ יידישע פאָלקס־קיך, וועלכע האָט טעגלעך אַרויסגעגעבן 2.000 מיטאגן פאר דער ארעמער יידישער בפעלקערונג, ציווילע און מיליטער־לייט פון אונדזער שטאט. די מיטאגן זענען ארויסגעגעבן געווארן אן שום אפצאל, בלויז אַ טייל פון זיי — פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל.

„אויסער דער דאזיקער טעטיקייט האבן אונדזערע חברים געארבעט זייער איבערגעגעבן אין פארשידנע קאמיטעטן, וועמענס אויפגאבע איז געווען צו העלפן דער גרויסער צאל אלמנות און יתומים נאך די יידישע קריגס־געפאלענע, וואס האבן זיך געפונען דעמאלט אין טארנע אין א גרויסער צאל״.

III

# אין אומאפהעגגיקן פוילן

## 18

ווען עס האָט זיך סוף 1918 יאָר פאַרענדיקט די בלוטיקע וועלט־מלחמה, — דערציילט ווייטער ד״ר שפּאַן — און אַ גרויסע צאָל אונדזערע ציוניסטן האָט זיך פון דער ארמיי צוריקגעקערט א היים, האבן מיר אנגעהויבן די נארמאלע ציוניסטישע טעטיקייט. אונדזערע באמיאונגען זענען אין דער ערשטער ריי געגאנגען אין דער ריכטונג אריינצונעמען אין אונדזערע הענט נישט נאר די פארטיידיקונג פון יידישן האָב־און־גוטס, נאָר אויך צו פאַרטיידיקן די רעכט און כבוד פון טארנער יידנטום. אויף דורכצופירן די אנגעצייכנטע אויפגאבן, האבן מיר אין טארנע געשאפן א יידישן נאציאנאל־ראט, וועלכן מיר האבן דערקלערט אלס רעפרעזעטאנץ פון טארנער יידן, וועלכע האט זיי טאקע באשיצט נישט פון איין געפאַר, וואָס האָט געדראָט אין די ערשטע טעג פון אויספאָרמירונג פוילנס אומאפהענגיקייט. די אנפירונג פון נאציאנאל־ראט איז איינגעשטאנען אין די הענט פון אונדזערע חברים: נייגער, הײמאַן, ד״ר שענקעל, געצלער און שינאגעל״.

ביסלעכווייז האבן אנגעהויבן צוריק אויפלעבן די פאליטישע פארטייען. עס איז דעמאלט דערשינען די ארבעט פונעם פועלי־ציון פירער ד״ר מ. ראזענפעלד „די פוילישע יידנפראגע״, וואו ער רוקט ארויס די פאדערונג פון נאציאנאלער אויטאנאָמיע פאר יידן אין פוילן. דעם 5־טן אויגוסט 1917 יאר האבן פארשטייער פון פועלי־ציון איבערגעגעבן א מעמאריאל דעם האלענדיש־סקאנדינאווישן קאמיטעט, וואס איז געשאפן געווארן דורכן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואו עס ווערן ארויסגערוקט די נאציאנאלע פּאָסטולאַטן פון פוילישן יידנטום. באגלייך מיט דער פאדערונג אויפצושטעלן א פאראייניקט אומאפהענגיק פוילן, זענען ארויסגערוקט געווארן פאדערונגען פאר אינטערנאציאנאלע גאראנטיעס צו זיכערן יידן אין פוילן נאציאנאלע אויטאנאָמיע. אינעם מעמאריאַל איז אויך ארויסגע־ברענגט געוואָרן דער פאַקט, אַז אַ טייל פוילישע סאָציאַליסטן פאַרנעמען, צום באדויערן, אזא עקסטערמינאציע־שטעלונג לגבי יידן ווי די פוילישע פריצים. אויסערדעם האט די פועלי־ציון באוועגונג אין גאליציע גערופן קיין קראקע א צוזאמנפאר פון אירע אקטיוויסטן, מיט דער באטייליקונג פון טארנער דעלעגאטן, פנחס גליק און דעם שרייבער פון די שורות. דער צוזאמענפאר איז פארגעקומען קאנספיראטיוו, דעם פארזיץ האט געפירט ד״ר יצחק שיפער. צוו. אנד. איז דארט

אנגענומען געווארן א רעזאלוציע וועגן פוילנס אומאפהענגיקייט, ווי אויך א פראטעסט קעגן אפרייסן פון פוילן דעם כעלעמער קרייז. צוליב א פראוואקאציע האָט די עסטרייכישע מאַכט זיך דערוואוסט וועגן צוזאַמענפאָר. קעגן זײַנע אנטיילנעמער איז פארפירט געווארן אן אויספארשונג, וועלכע איז אבער נישט פארענדיקט געווארן צוליבן פאלן פון דער עסטרייכיש־אונגארישער מאנארכיע.

די ציוניסטן האבן גאר גיך פארשטאנען, אז דער הויפט־אנגריף דארף איצט געווענדעט ווערן אויף די וועלקנדע קהילה־שטיבלעך, וועמענס פאַרוואַלטונגען זענען געווילט געווארן אויפן סמך פון דער אַלטער אנטי־דעמאָקראַטישער וואַל־ארדינאציע, וואס האט לכתחילה אויסגעשלאסן די ברייטסטע מאסן יידן פונעם אנטייל אין די וואלן. אין דער אנפירונג פון דער דעמאלטיקער טארנער יידישע קהילה האָבן זיך געפונען בעריש מאַשלער און זיין פאַרטרעטער אליהו באַראָן, וועלכע האבן געוועלטיקט אין קהילה צוזאמען מיטן סעקרעטאר לערהאופט. טארנער ציוניסטן האבן אויפגעהויבן א קאמף קעגן דער דאזיקער קהילה־פארוואלטונג, געפירט אן ענערגישער אויפקלערונגס־אקציע צווישן דער יידישער באפעלקערונג וועגן דער ראל און אויפגאבן פון די קהילות. באזונדערס אויס־געצייכנט אין דער אקציע האט זיך דער נאר־וואס צוריקגעקומענער פון מיליטער־דינסט חיים נייגער, וועמענס ארויסטרעטונגען אויף די מאסן־פארזאמלונגען פלעגן מיטרייסן דעם צוהערער.

די הערשער פון דער דעמאלטיקער קהילה האבן אויפגעכאפט די אפקלאנגען פון דער דאזיקער מאסן־אקציע, דערהערט די ווארענונג, וואס טראגט זיך פון די טיפענישן פון פאלק און פארגעלייגט דעם נאציאנאל־ראט 21 ערטער אין דער קהילה־פארוואלטונג. לויט זייער פראיעקט האט די פארוואלטונג באדארפט באשטיין פון 42 מיטגלידער — 21 פון די פריערדיקע קהילה־לייט, 11 ציוניסטן, 6 סאציאליסטן (זש. פּ. ס.) און 4 פועלי־ציוניסטן. ווען די פארהאנדלונגען וועגן דעם האבן זיך פארצויגן, בפרט נאך אז די אלטע קהילה־פארוואלטונג האט אפגע־שלעפּט מיט דעם גאנצן ענין, האט א פארזאמלונג פון נאציאנאלע יידן, אפגע־האלטן דעם 31־טן נאוועמבער 1918 יאר, באשלאסן גלייך אנהויבן פירן א טעטי־קייט מיטן ציל איבערצונעמען די מאכט אין דער קהילה. אויף א פארזאמלונג פאר דער קהילה־געביידע איז אויסגעקליבן געווארן א דעלעגאציע, וועלכע איז אריין אין קהילה און אולטימאטיוו געפאדערט פון דער פארוואלטונג צוקאָפּטירן צו איר די פארשטייער, וואס זענען באשטימט געווארן פון די פאליטישע פארטייען, וועלכע האבן אין דעם פאל געהאנדלט סאלידאריש. די אלטע פארוואלטונג האט אונטערן מאַסן־דרוק נאָכגעגעבן און עס זענען צוקאָפּטירט געווארן פאלגנדע פערזאָנען: עדוואַרד שוואַגער, חיים נייגער, אינזש׳ לויכטער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, דניאל לייבל (פועלי־ציון), דוד באטיסט (בונד) הענעך טיש (פועלי־ציון), ד״ר פייג און ד״ר ליאן.

די ניי־פארמירטע פארוואלטונג האט אפגעהאלטן גלייך איר ערשטע זיצונג, אויף וועלכער עס איז אויסגעווילט געוואָרן אַ נייען אָנפירונג אין פאָלגנדן צוזאמענשטעל: חיים נייגער און עדווארד שוואגער. אויפן פארשלאג פון נייגערן

און דניאל לייבל איז דערוויילט געווארן א סטאטוטן־קאמיסיע אויף אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ נייער וואַל־אָרדינאַציע צו דער קהילה.

וועגן דעראַבערן די יידישע קהילה דורך יידישע פּאָליטישע פּארטייען אין טארנע, לייענען מיר אינעם שוין דערמאנטן יובל־בוך פון טארנער ציוניזם, אין דער ארבעט פון ד״ר שמואל שפאן:

„די טארנער יידישע געזעלשאפט וועט נישט אויסמעקן פון איר זכרון יענעם קאלטן הערבסט־אָוונט פון יאר 1918, ווען א ציוניסטישע דעלעגאציע, אנגעפירט דורך די חברים נייגער, שפאן און געצלער, וואס איז דערוויילט געווארן אויף דער מאסן־פארזאמלונג אין טארנע מיט דער באטייליקונג פון טויזנטער יידן, האט א דאנק איר שטאלצער אנטשלאסענער האלטונג געצוואונגען אפצוטרעטן די אלטע קהילה־לייט וועלכע זענען געווען פארהאסט ביי דער יידישער באפעלקערונג און איבערגעבן די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה אין די הענט פון ציוניסטן, וועלכע איז דורך די חברים נייגער און שוואגער אנגעפירט געווארן אין משך פון אַ לענגערער צייט. די פּראָיעקטן און מעמאָריאַלן וועגן איינפירן אַלגעמיינע וואל־רעכט צו דער טארנער קהילה, אויסגעארבעט דורך אונדזערע חברים, זענען איבערגעשיקט געווארן צו דער אויפזיכט־מאכט. רעפערענט פונעם געזעץ־פּראָיעקט איז געווען ד״ר עמיל מערץ. די דאזיקע פראיעקטן און מעמאריאלן האבן א סך צוגעהאלפן איינצופירן אלגעמיין וואל־רעכט צו די קהילות אין פוילן״.

אויסער דער קהילה איז געשאפן געוואָרן אַ צווישנפארטייאישער ווירט־שאפטלעכער ראט אין וועמענס שפיץ עס איז געשטאנען דער יונגער ציוניסטישער טוער ד״ר ליאָן. עס איז אויך באַשלאָסן געווארן גלייך אויפשטעלן אַן אמבולאטאריע אונטער דער אנפירונג פון ד״ר מאנהיימער (אגב, האט ער דארט געארבעט אן שום באלוינונג). עס איז אויך געעפנט געווארן אן אמבולאטאריע פאַר אויגן־קראַנקהייטן, אָנגעפירט דורך ד״ר פייג, אויך אָן שום אייננוצן.

דער חודש נאָוועמבער 1918, ווען אויף די חורבות פון די אָקופּאַנטישע מלוכות איז אנטשטאנען די נייע פוילישע מדינה, האט זיך שווער געלאזט פילן דער יידישער באפעלקערונג אין גאליציע. א טיפע אנטוישונג האבן איצט איבערגעלעבט די אלע, וואס האבן די מלחמה־יארן פארברענגט אין די אקאפּעס, אויף די שלאכט פעלדער און געגלויבט אז עס וועט געבוירן ווערן א פריי יושרדיק פוילן. אַנשטאָט דער געגאַרטער פרייהייט און רעכט פאַר יידן, האָט זיך אנגערוקט א תקופה פון עקסצעסן און פאגראמען, די פיזישע און עקנאמישע עקזיסטענץ פון דער יידישער באפעלקערונג איז געווארן באדראט. באזונדערס טראגיש איז געווען די לאגע פון די יידן אין די דערפער און קליינע שטעטלעך. נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס דער יידישער נאַציאָנאַל־ראָט אין קראָקע האָט אין גאַנץ גאַליציע אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ פון געוועזענע יידישע זעלנער און אָפיצירן, איז די יידישע באַפעלקערונג פאַרהיטן געוואָרן פון מערער קרבנות. אינעם נאָר־וואָס אַנטשטאַנענעם זעלבשטענדיקן פוילן האָט זיך געשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם, באזונדערס א דאנק דער העצע פון דער ענדעקישער פארטיי. יידן זענען געווען געצוואונגען צו פארלאזן די דערפער און שטעטלעך און אריבערטראגן זיך אין גרעסערע שטעט. פארשטייט זיך, אז די יידישע באפעלקערונג אין די גרעסערע

שטעט איז צוליב דעם געוואַקסן, וואָס עס איז נישט געבליבן אָן השפּעה אויף דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פון יידן בכלל. אין טאָרנע איז די תקופה אַדורך אָן גרעסערע אויפטרייסלונגען. דאס פויליש־יידישע צוזאמענלעבן אין שטאט איז נישט געשטערט געוואָרן דורך עקסצעסן, הגם עס האָבן נישט געפעלט קיין פראוון מצד דאָרפישע עלעמענטן און אָרטיקער אונטערוועלט אַרויסצורופן אומרועז, ראַבירן יידישע געשעפטן און מאַכן באַזונדערע איבערפאַלן. אָבער די דאזיקע פרוון זענען אין שורש דערדריקט געווארן אי א דאנק דער אנטשלאסענער האלטונג פון דער יידישער זעלבסטשוץ אונטער דער אנפירונג פון געוו. אפיציר יעקב סאַלאָמאָן, אי אַ דאַנק דער זעלבסטשוץ פון די יידישע אַרבעטער־פאַרטייען, ווי אויך אַ דאַנק די אינטערווענצן פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט ביי די אָרטיקע מיליטערישע און אַדמיניסטראַטיווע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע זענען אין טאָרנע געשטאַנען אויף דער הויך פון זייערע אויפגאַבן און נישט דערלאָזט צו אַנטי־יידישע ארויסטרעטונגען. נישט ווייניק געהאלפן צו דער לאגע האט די שטארקע אין טאָרנע פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי (פ.פ.ס.), וועלכע האָט זיך קעגנגעשטעלט די אַנטי־יידישע עקסצעסן.

## 19

די איבערוואַנדערונג פון די אַרומיקע שטעטלעך אויס זיכערהייטס־טעמים, האָט לחלוטין געענדערט די באַפעלקערונגס־סטרוקטור אין טאָרנע. לויט דער סטאַטיסטיק וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פּרופ׳ זדשיסלאַוו סימכע (געשמדטער ייד, דערמאָרדעט דורך די נאַציס) אויפן סמך פון דער דורכגעפירטער פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1921, האָט ער אינעם בוך „טארנע און איר אומגעגנט” (ארויסגעגעבן דורכן טארנער מאַגיסטראַט און דערשינען אין יאָר 1930 אין שייכות מיטן 600 יאָריקן יובל פון דער שטאָט) אזוי געשילדערט דעם צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין טאָרנער געגנט, לויט נאַציאָנאַליטעטן:

| | פאָלאַקן | יידן | רוטענער | דייטשן | אַנדערע | ס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|
| טאָרנער געריכט־קרייז | 70,641 | 10,338 | 469 | 33 | 86 | 81,567 |
| דאָרפישע גמינעס פון טאָרנער געריכט־קרייז | 46,052 | 115 | 29 | 6 | 18 | 46,220 |
| די שטאָט טאָרנע | 24,589 | 10,223 | 440 | 27 | 68 | 35,347 |

פון דער דאזיקער טאבעלע איז צו זען, אז די באפעלקערונג אין דארף איז געווען א כמעט דורכאויס פוילישע (99,6%), בעת די יידן דארט האבן באטראפן בלויז אַ קליינעם ברוכטייל (0,2%). אין גאַנצן קרייז לאָזט זיך מערקן די דאָזיקע ענדערונג, וואו צוזאמען מיט דער שטאט טארנע האט די צאל יידישע איינוואוינער באטראפן 12,6 פראצענט, די פוילישע — 86 פראצענט. אין טארנע גופא איז די פראָפאָרץ געווען אַזאַ: 69,5 פראָצענט פאָליאַקן, 28,9 פראָצענט יידן.

אויסער די צוויי נאַציאָנאַלע גרופן, זענען די אונטערשידן ביי דער באַפעלקערונג זייער קליינע — 27 דייטשן און 440 רוטענער (אוקראַינער). די דאָזיקע צוויי נאַציאָנאַלע גרופן, האָבן געבילדעט בסך־הכל 2% פון דער גאַנצער טאַרנער באפעלקערונג. די פארגרעסערטע צאל אוקראַינער אין שטאט דערקלערט זיך דערמיט, וואס צו יענער צייט האט אין טארנע געוויילט פעטליורא מיט זיין שטאָב.

לויט דער רשימה פון דער באפעלקערונג אין יאר 1921, זענען אין גאנצן טאַרנער געריכט־קרייז (ד. ה. צוזאַמען מיט דערפער) געווען 79,4% פון רוימיש־קאַטוילישן גלויבן, 19,8% פון משהס גלויבן, 0,7 פּראָצענט פון אַנדערע רעליגיעס. אָבער אין טאַרנע גופא האָט די לאַגע אַזוי אויסגעזען: 44,1 פּראָצענט פון משהס גלויבן, 54,4 פּראָצענט פון רוימיש־קאַטוילישן, 1,5 פּראָצענט פון אַנדערע גלויבנס. דער פאַרגרעסערטער פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג דערקלערט זיך סיי מיטן נאַטירלעכן צוזואוקס, סיי מיטן איבערגיין פון דאָרף אין שטאָט.

לויט דער פאלקס־ציילונג אין יאר 1921, האט דער באפעלקערונג־צושטאנד (לויט רעליגיעס) אין טארנער קרייז און אין טארנע גופא, אויסגעזען אויף אזא אופן:

| | רוימיש־קאטויליש | משה'ס גלויבן | גריכיש־קאטויליש | עוואנג. | אַנדערע קריסטלעכע | אנדערע | צוזאמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קרייז־געריכט טארנע | 64,810 | 16,197 | 102 | 31 | 413 | 14 | 81,567 |
| **דארפישע** גמינעס | 45,593 | 589 | 5 | — | 33 | — | 46,220 |
| די שטאט גופא | 19,217 | 15,608 | 97 | 31 | 380 | 14 | 35,347 |

פאַרגלייכנדיק די טאַבעלע לויט דער נאַציאָנאַליטעט מיט דער טאַבעלע לויט רעליגיעס, קומט אויס, אז א הויכער פּראָצענט פון דער יידישער באפעלקערונג (36%) האָט זיך רעגיסטרירט אַלס אָנגעהעריקע צו דער פּוילישער נאַציאָנאַ־ליטעט. די יידישע באפעלקערונג אין טארנער קרייז האט זיך קאנצענטרירט בעיקר אין דער שטאט גופא, ווייל לויט דער רשימה פון יאר 1921, האבן אין די דארפישע גמינעס פון געריכט־קרייז געוואוינט 98,6% רוימיש־קאטוילישע אויף 1,3% פון משה'ס גלויבן. גרעסערע יידישע ישובים האבן זיך געפונען אין פאַלגענדע דערפער פון טאַרנער קרייז: זשעגאָדזשין — 79 יידן (בעת יידישע נאציאנאליטעט האבן דארט אנגעגעבן בלויז 20 יידן); פלעשנע — 45, קזשיש — 32. אויף די 56 דאָרף־געמיינדעס, אָנגעהעריקע צום טאַרנער קרייז אין יאָר 1921, פאַלט אויס דורכ־שניטלעך צו 10 יידן אויף יעדער געמיינדע.

אין יאָר 1922, בעת די וואַלן צום פּוילישן סיים, איז די יידישע באַפעלקערונג ארויסגעטרעטן אייניק און געשלאָסן, כדי צו באַקומען אַ געהעריקע פאַרטרעטער־שאַפט אין פּאַרלאַמענט. אויך טאַרנער יידן האָבן אויף אַ סאָלידאַרן אופן אָפּגעגעבן

זייערע שטימען פאַרן יידיש־נאַציאָנאַלן בלאָק. אין וואַל־קרייז נומ׳ 45, צו וועלכן עס האָבן געהערט די פּאָוויאַטן: טאַרנע, פּילזנע, בזשעסקאָ, דאָמבראָווע, גריבאָוו און גאָרליץ, האָבן פון די זיבן מאַנדאַטן צום סיים, באַקומען: די פּויערים־פּאַרטיי „פּיאַסט״ — 81,768 שטימען און 5 דעפּוטאַטן; קאַטוילישע פאָלקס־פּאַרטיי — 28,627 שטימען און 2 דעפּוטאַטן; דער נאַציאָנאַלער יידישער בלאָק האָט באַקומען 14,133 ,11 343 שטימען. אַזוי ווי דער וואַל־צייל לער פאַר אַ מאַנדאַט איז געווען 2,790 שטימען, האָט דער יידישער ליסטע צוגעפּעלט 2,790 שטימען צו אַ מאַנדאַט. דער דאָזיקער וואַל־קרייז איז ספּעציעל צוגעשניטן געוואָרן אַזוי, אַז יידישע שטימען זאָלן דערטרונקען ווערן אינעם מבול פון פּוילישע שטימען. מיט אַ באַזונדערער ליסטע איז אויך אַרויסגעטרעטן דער בונד, וועלכער האָט דעמאָלט באַקומען 869 שטימען.

אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, האָט טאַרנע, אַ דאַנק דער יידישער באַפעלקערונג, דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון אַנטוויקלונג. אינזשיניער ריפּושינסקי, דעמאָלטיקער רעגירונגס־קאָמיסאַר, האָט אונטערגענומען אַ ריי אַרבעטן צו אָרדענען און אויסבעסערן די שטאָט, וואָס איז רואינירט געוואָרן פון די מלחמה געשעענישן. דער יידישער האַנדל און אינדוסטריע האָבן דורכגעמאַכט אַ באַרג־אַרויף. עס איז אויך געוואַקסן די צאָל יידישע אַרבעטער אין טאַרנע. אָבער באַגלייך דערמיט, האָט זיך געשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע כוואַליע. דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, די ביטוועבדיקייט פון זעלבסטפּאַרטיידיקונג קעגן דער העצע און בויקאָט מצד די קלעריקאַלע און ענדעקישע עלעמענטן, האָבן געגעבן אַ שטויס צו אָרגאַניזירן די יידישע ווירטשאַפטלעכע קרייזן אויף נאַציאָנאַלע יסודות.

## 20

די כסדרדיקע פאַראָרעמונג פון יידישע קליינע סוחרים און האַנטווערקער, האָט אויף דער קהילה אַרויפגעלייגט וויכטיקע אויפגאַבן און פליכטן. זינט יענעם טאָג (31־טער נאָוועמבער 1918) ווען די אַלטע קהילה־הערשער האָבן געמוזט אָפּטרעטן זייער הערשאַפט אין טאַרנער קהילה, איז דער קאַמף דאָרט דורכגעגאַנגען פאַרשידענע פאַזן. ווי מיר האָבן שוין געשריבן, איז דער אָנהויב געמאַכט געוואָרן מיטן צוקאָאָפּטירן ציוניסטישע פאַרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג וועלכע האָט זיך לכתחילה באַשעפטיקט מיט דער פראַגע פון נייעם קהילה סטאַטוט און איינפירן אַלגעמיינע וואַלן, אָבער די פּוילישע אויפזיכט־מאַכט האָט די פּראָיעקטן נישט באַשטעטיקט. שפּעטער האָט די רעאָרגאַניזירטע פאַרוואַלטונג פאַרגעלייגט פאַרקלענערן ביז 2 זלאָטעס דעם שטייער, וואָס גיט אַ רעכט צו וויילן אין קהילה, כדי אויך די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג זאָלן זיך קאָנען באַטייליקן אין די קהילה־וואַלן.

די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט אויף די אַלע פאָרשלאָגן רעאַגירט מיטן... אויפלעזן די צייטווייליקע קהילה־פאַרוואַלטונג און אויף איר אָרט אַוועקגעשטעלט

א רעגירונגס־קאָמיסאר, וועלכער האָט באלד דורכגעפירט די ערשטע וואַלן צו דער טאָרנער קהילה, וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט א נצחון פון די ציוניסטן. די אלטע קהילה־פאַרוואלטונג האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין איר מפלה, אָנגעהויבן אינטריגירן און אונטערשטעלן פיסלעך דער נייער פארוואלטונג. אין רעזולטאט — איז אויך די קהילה־פארוואלטונג געוואָרן פונאנדערגעלאָזט, און אויף איר אָרט איז אוועקגעזעצט געוואָרן א קאָמיסאר, וועלכער האָט ווידער דורכגעפירט וואַלן. אויך דאָסמאָל האָבן די ציוניסטן געהאט א נצחון און איבער־גענומען די הערשאפט אין קהילה, אָבער נישט אויף לאנג. די פארוואלטונג (מיט ישעיהו זילבערפעניג אלס פאָרזיצער) איז געוואָרן פונאנדערגעלאָזט. אין אָנהויב 1922 זענען צום דריטן מאָל פאָרגעקומען וואַלן צו דער קהילה, און ווידער מיט א זיג פאַרן ציוניסטישן בלאָק. דאָסמאָל איז געפירט געוואָרן א פארביסענער קאַמף פאַר קאָנסטיטואירן די פאַרוואלטונג, אזש ביז אן אינטערווענץ ביים מיניסטער פאר בילדונג און רעליגיעס. אָבער די כסדר'דיקע אינטריגעס און מסירות האָבן ווידער דערפירט צום אויפלייזן די פאוואלטונג. דער דאָזיקער באַשלוס האָט גורם געווען אַן אָנקלאַגע צו דער העכסטער אדמיניסטראטיווער מאַכט, וועלכע האָט מבטל געמאכט דעם באשלוס פון דער ערשטער אינסטאנץ און די פארוואלטונג האָט זיך ענדלעך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגענדן אופן: ד״ר הענריק עהרענפרוינד — פאָרזיצער, ד״ר שמואל שפאַן — וו.־פאָרזיצער, חיים נייגער — פאָרזיצער פון קהילה־ראַט. עס האָבן נאָך געהערט צו דער קהילה־אָנפירונג: וואָלף געצלער, ד״ר ישעיהו פייג, יחיאל קורץ, לעאָפּאָלד שינאַגעל, עדווארד שוואגער, אליהו באראן און חיים אבערדאם (דער לעצטער — פון דער אָרטאָדאָקסישער ליסטע), מאַוריצי הוטער (האַנטווערקער) און אבוש פאויסט (אגודה).

די ארבעט פון דער פארוואלטונג איז געווען באשווערט, ווייל זי איז געפירט געוואָרן אין א תקופה פון כסדר'דיקע אויפלעזונגען, אין אן אַטמאָספער פון אומזיכערקייט און שיקאנעס מצד דער אַדמיניסטראטיווער מאכט, אינטריגעס און מסירות מצד דער קהליש־אסימילאטארישער קליקע. פאר די צוויי א האלב יאָר פון איר עקזיסטענץ איז די ניי־דערוויילטע קהילה־פאַרוואַלטונג געגאַנגען אויף דער ליניע פון לאנגזאַמער אָבער כסדר'דיקער אַנטוויקלונג און נאָרמאַליזירונג פון דער קהילה־ווירטשאפט, קעמפענדיק גלייכצייטיק פאר איר פולער דעמאָקראַ־טיזירונג. טאָרנער קהילה האָט געזאָרגט נישט נאָר פאר די רעליגיעזע אינטערעסן פון דער יידישער באפעלקערונג, נאָר אויך געפירט א טעטיקייט אויפן קולטורעלן און געזעלשאפטלעכן געביט. אלע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין טאָרנע, אָן אונטערשייד פון זייער פאָרטייאישער צי פאָליטישער אָנגעהעריקייט, האָבן באקומען סובסידיעס פון קהילה־פאָנדן. די קהילה־פאַרוואלטונג האָט דעמאָלט צוגעטיילט סובווענצן פאר „שפה ברורה״, תלמוד־תורה, בית יעקב, מחזיקי למוד, דערגענצונגס־קורסן ביי דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, מזרחי־שול „יבנה״, קולטור־ליגע, יידישע ביבליאטעק, לייענזאַל און אנדערע. אָבער פריער פאַר אלעמען האָט די דעמאָלטיקע קהילה זיך פאַרנומען מיטן יידישן שפיטאָל און מושב זקנים, וועלכע פלעגן ביז דעמאָלט זיך אויסהאַלטן בלויז פון נדבות און שפענדונגען פון

פריוואַט־פערזאָנען. פון קהלישע סובווענצן האָבן אויך אָנגעהויבן געניסן אלע פילאנטראָפּישע געזעלשאַפטן וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין טאַרנע: ביקור חולים, אנשי חסד, חברה „יולדות" (אויפזיכט איבער אָרעמע קימפעטאָרינס), „נאַדזשעיאַ" (צו העלפן · אָרעמע סטודענטן געניסן פון אַ סאַנאַטאָריע), אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, די בונדישע געזעלשאַפט „אונדזערע קינדער", די געזעלשאַפט „צדקה" (געגרינדעט דורך וואָלף געצלער און ד"ר פייג). פון אַ שטענדיקער חודש'לעכער סובווענץ האָט אָנגעהויבן געניסן דאָס יתומים־הויז. עס זענען אויך נישט אויסגעמיטן געוואָרן: דער אינוואַלידן־פאַריין, האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע „יד חרוצים", געזעלשאַפט צו אונטערשטיצן דעם העברעאישן אוני־ווערסיטעט אין ירושלים, קרן היסוד און קרן קימת לישראל.

די אַלץ־ארומנעמענדיקע טעטיקייט פון דער טאַרנער קהילה וועט אַמבעסטן אילוסטרירן דער קהילה־בודזשעט פאַרן יאָר 1928, וועלכן מיר ברענגען ווייטער, ווי אויך די בודזשעט־רעדע פון דעמאָלטיקן פאָרזיצער פון קהילה־ראַט — חיים נייגער:

## בודזשעט פון טארנער קהילה פארן יאר 1928

(איבערגעדרוקט פון טאַרנער „יידיש וואָכנבלאַט")

### הוצאות:

#### 1. פערסאנאלע אויסגאבן:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | רב (אויב מען וועט אויפנעמען) | 7.500 |
| 2) | דיינים | 18.112.50 |
| 3) | שוחטים | 21.188 |
| 4) | נאמנים | 7.670 |
| 5) | אַדמיניסטראַציע, פערסאָנאַל | 14.950 |
| 6) | שפיטאָל־אַמבולאַטאָריום און מושב־זקנים־פערסאָנאַל | 32.007 |
| 7) | בית הקברות פערסאָנאַל | 5.825 |
| 8) | משרתים און הויזבעזאָרגער | 1.820 |
| 9) | עמעריטורן און אלמנות | 16.852.33 |

#### 2. זאכליכלע אויסגאבן:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | ביוראָ־אויסגאַבן, דרוק, אַנאָנסען, קראַנקנקאַסע, שטייערן, באַלייכטונג, וואסער שפּטאל, מושב זקנים א.אַ. | 30.300 |
| 2) | אויסהאַלטונג און רעמאָנט פון קהל־געביידעס (דאַרונטער 20.000 זל. פאַר שולען און בתי־מדרשים און 20.000 זל. פאַרן באָד | 55.000 |
| 3) | בית הקברות | 12.500 |
| 4) | שפיטאל (פראָוויאַנט, מעדיקאַמענטען א.א. | 81.000 |
| 5) | אמבולאטאריום | 2.000 |
| 6) | מושב זקנים | 1.500 |

### 3. שטענדיקע סובסידיעס:

| | | |
|---|---|---|
| תלמוד תורה | 4.000 | |
| יתומים־הויז | 2.520 | |
| שפה ברורה | 1.800 | |
| יוד. ביב. „ספריה עממית" | 600 | |
| „אכראנקע" | 900 | |
| בקור חולים | 800 | |
| בית יעקב | 800 | |
| אנשי חסד | 600 | |
| חברה יולדות | 800 | |
| בית לחם | 360 | |
| זעלבסטהילף פאר סטודענטן | 360 | |
| יוד. אינוואלידן | 480 | |
| פראפעס. שולע | 360 | |
| מזרחי־שולע „יבנה" | 600 | |
| „אגניסקא" | 600 | |
| חברת נושאי המטה | 240 | |
| יוד. לייען־זאל | 480 | |
| „נאדזיעיא" | 400 | |
| פערשידענע סובווענציעס פאר יחידים | 7.740 | 24.440 |

### 4. איימאליקע סובסידיעס

| | |
|---|---|
| 1) געליטענע פון שרפות און פארפלייצונגען | 4.100 |
| 2) קמחא דפסחא | 15.000 |
| 3) באשפייזונג פון זעלנער און ארעסטאנטען בעת די ימים טובים | 4.000 |
| 4) רעטונגסקאמיטעט (ווייטערע באטייליקונג צו דער ג"ח קאסע | 10.000 |
| 5) ג"ח קאסע (פערסאנאל) | 500 |
| 6) קליינע אונטערשטיצונגען (געשטעלט צו דיספאזיציע פון פרעזידיום) | 15.000 |
| 7) חובות אבצאהל | 3.000 |
| 8) עירובין | 3.000 |
| 9) נישט פארויסגעזעהענע אויסגאבען | 6.000 |
| 10) דירה געלד פאר בעאמטע | 3.000 |

סה"כ 396.264.83

## הכנסות:

| | |
|---|---|
| 1) קריפקע | 135.530 |
| 2) פעדערן | 9.500 |
| 3) באד | 10.000 |

| | |
|---|---|
| 4) דירה געלד | 7.600 |
| 5) אבצאהל פון פסח׳דיק מעהל | 10.000 |
| 6) חתונות | 5.000 |
| 7) ריקשטענדיגער קולטוס שטייער | 20.000 |
| 8) קבורה געלד | 20.000 |
| 9) שפיטאָל (טאַקסען) | 48.000 |
| 10) קליינע הכנסות (דאָקומענטען א.אַ. וו. | 1.000 |
| 11) מאַגיסטראט (סובסידיע) | 5.440 |
| סה״כ | 271.890 |

צוזאַמענשטעלונג:

| | |
|---|---|
| הוצאות | 396.264.83 |
| הכנסות | 271.890 |
| דעפיציט | 124.374.83 |

דער דעפיציט דאַרף געדעקט ווערען דורך דירעקטע שטייערען.

## די בודזשעט־רעדע פון — חיים נייגער

מיר האָבן איצט באשלאָסן דעם בודזשעט פון קרוב 400.000 זל. אויף וועלכן עס איז נישט דאָ קיין פולע דעקונג דורך נאָרמאַלע הכנסות און ער שליסט זיך מיט א דעפיציט אין דער סומע פון 125.000 זל. בערך, וואָס דאַרף זיין געדעקט דורך דירעקטע שטייערן.

פון לאַנגיעריקער ערפאַרונג ווייסן מיר, אַז די דירעקטע שטייערן ברענגען באמת נישט מער ווי לכל היותר 20.000 זל. אזוי אז דער גאנצער בודזשעט איז נישט רעאַל און מיר אָפּערירן מיט ציפערן, וועלכע האָבן נישט קיין ממשות׳דיקן ווערט. דער דאָזיקער צושטאנד איז אַן אומגעזונטער און פּאַסט נישט פאַר אזא ערנסטע און וויכטיקע אינסטיטוציע ווי ס׳איז די טאַרנער קהלה, וועלכע נעמט ארום אַן עדה פון 20,000 יידן.

איך האָב געזאָגט, אז דער צושטאנד פון א נישט רעאַלן בודזשעט איז אַן אומגעזונטער און איך וועל עס באלד באווייזן. ווען מיר זאָלן קאָנען רעדוצירן אלע הוצאות אין דער מאָס ווי ס׳רעדוצירן זיך די הכנסות, וואָלט די אנטוויקלונג געווען א נאָרמאַלע. וואָלטן מיר צום ביישפּיל, ביי א בודזשעט פון 400.000 זל. אויף וועלכן מיר קאָנען אַריינברענגען הכנסות נישט מער ווי 300.000 זל., געקאָנט רעדוצירן יעדע הוצאה־פּאָזיציע ביז צו 75 פּראָצענט, וואָלט דאָס גאָר נישט געשאַדט. די אַנטוויקלונג וואָלט נאָר געווען אַ לאַנגזאַמע און ס׳וואָלט נאָר באַדאַרפט לענגער דויערן ביז די פּלענער פון דער פאַרוואַלטונג וואָלטן געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן. מיר קאָנען אָבער דאָס נישט טאָן. דער גרעסערער טייל פון אונזער בודזשעט קאָן נישט פאַרקלענערט ווערן אפילו מיט איין פּראָצענט. די אַלע אויסגאַבן אויף געהעלטער פאַר די פונקציאָנערן און אַנגעשטעלטע פון דער

קהילה מוזן באַצאָלט ווערן הונדערט פּראָצענט אָן שום רעדוקציע; דאָס זעלבע גילט אויך פאר דער אויסהאַלטונג פונעם שפּיטאָל און זקנים הויז, פאר קמחא דפסחא און סתם דריגנענדע נדבות, פאַר די אַלע סובסידיעס פאַר די חברות און יחידים, פאַר שטייערן, קראַנקן קאַסע און אַנדערע נויטיקע פּאָזיציעס. דאָס אַלץ מוז פול באַצאָלט ווערן. קומט דעריבער אויס, אז א גאנצע ריי פון בודזשעט־פּאָזיציעס מוזן לגמרי אוועקפאלן, מחמת די הכנסות דעקן נישט די הוצאות. ס׳מוזן אוועקפאלן למשל, רעמאנטן פון די בנינים, וועלכע זענען אייגנטום פון דער קהלה, ווי נויטיק די רעמאנטן זאָלן אויך נישט זיין, און ס׳מוזן אויך אוועק־פּאַלן א סך אנדערע הוצאות, הגם זיי זענען אפילו איינשטימיק באשלאָסן געוואָרן.

אויב מיר וועלן ווייטער אַזוי אָפּערירן מיט בודזשעט־ציפערן, וועלכע זענען ריינע פיקציעס, וועלן מיר זיך שטענדיק געפינען אין א צושטאנד פון קריזיס און אונדזער פאַרוואַלטונג וועט קיינמאָל נישט געזונט ווערן.

מיר מוזן שטרעבן דערצו, אז בעת מען באשליסט די הוצאות זאָלן מיר זיין זיכער, אז זיי וועלן טאַקע קאָנען באמת אויסגעגעבן ווערן, אָדער מיט אנדערע ווערטער, אז די פּרעלימינירטע הכנסות זאָלן האָבן א ממשות׳דיקן ווערט.

היוצא לנו מזה איז, אז אויב מיר שליסן אָפּ מיט א דעפיציט פון 125.000 זל. מוזן מיר טראכטן, אז די דאָזיקע סומע זאָל אויך טאַטזעכלעך געדעקט ווערן. היות די יידישע באפעלקערונג איז גענוג באַלאסטעט מיט אומדירעקטע שטייערן און דאָס באשטרעבן פון א דעמאָקראטישער פארוואלטונג מוז זיין איבערהויפּט צו פארקלענערן די אומדירעקטע שטייערן אָבער נישט זיי צו פּארגרעסערן, איז נישט דאָ קיין אנדערער אויסוועג, ווי צו דעקן דעם דעפיציט דורך דירעקטע שטייערן. מיר טאָרן זיך פאר דעם מיטל נישט שרעקן. דאָס יידישע פאָלק גיט זייער גערן אויף נויטיקע צוועקן, אויב מען קלערט אויף וועגן דער נויטיקייט פון דעם צוועק און מען מוז דווקא נישט קומען מיט צוואַנגס־עקזעקוציעס.

ס׳איז נויטיק א סיסטעמאטישע אויפקלערונגס־ארבעט און א סיסטעמאטישע דירעקטע באשטייערונג, וועלכע זאָל דעקן דעם דעפיציט אין זיין גאנצער הויך.

דער רעדנער שטעלט צו דעם צוועק אַ גאַנצע ריי פּאַרשלאַגן, צו וועלכע ס׳האָבן נאָך גערעדט די ראַטמענער ד״ר פּייג, הוטער, ד״ר שפּאַן און באַראַן. די פּאַרשלאגן פונעם ראַטמאַן נייגער ווערן איינשטימיק אָנגענומען.

*

נאָך א לאנג יאָריקן קאמף, האָט דער פּוילישער סיים ענדלעך אָנגענומען דאָס געזעץ וועגן רעליגיעזע קהילות. אין „דזשענניק אוסטאוו״ נומ׳ 6 פּאָזיציע 38, פון 18־טן יאַנואַר 1928 יאָר, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער וואַל־רעגולאַמין צו די יידישע קהילות, לויט וועלכן עס ווערן איינגעפירט גלייכע, געהיימע, פּראָפּאָרציאָנעלע און דירעקטע וואַלן. אקטיווע וואַל־רעכט האָט באקומען יעדער ייד, פון 25 יאָר אָן, אָן אונטערשיד צי ער צאָלט קהילה־שטייער (עטאט) צי נישט.

אין גאנץ פוילן האָט מען זיך געגרייט צו די קהילה־וואַלן. צו יענער צייט

האָבן אין די מײנסטע ײדישע קהילות אין פּוילן געװעלטיקט קאָמיסאַרן, װעמען די אַדמיניסטראַטיװע מאַכט האָט באַשטימט אויף אָנצופירן מיטן ײדישן עפנטלעכן און רעליגיעזן לעבן. די זעלבע לאַגע איז געװען אין טאָרנע. דערפאַר האָט זיך טאָרנע אויך איצט געגרייט צו די װאַלן און אַלע ײדישע פּאַרטײען זענען אַרײנגעטרעטן אין קאַמף פאַר דעראָבערן די קהילה. נישט נאָר פּאָליטישע פּאַרטײען האָבן איצט אָנגעגורט זײערע לענדן צו דער װאַל־שלאַכט. אויך די חברותא, װעלכע האָט אונטערן מאַנטל פון רעליגיע אמשאַרפסטן באַקעמפט דעם ציוניזם, איז אַרײנגעטרעטן אין דער װאַל־קאַמפּאַניע. די ציוניסטן אָבער, זענען געגאַנגען מיט א קלאָרן פּראָגראַם: פאַרװאַנדלען די קהילות אין נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן, אײנפירן ענדערונגען אין דער קהילה־װירטשאַפט און זי אױפֿשטעלן אויף ראַציאָנאַלע יסודות, פירן די קהילה אויף דער ליניע פון פאַרינטערעסירונג און רעאַליזירונג פון ציוניזם.

דאָס איז פאָרגעקומען אין א צײט, װען קעגן ציוניזם זענען שאַרף אַרויסגעטרעטן דער אָבסקוראַנטיזם און אַסימילאַציע, װען די מלוכה־אָרגאַנען האָבן אַקטיװ אונטערשטיצט די פינצטערניש אויף דער ײדישער גאַס.

בײ די איצטיקע קהילה־װאַלן איז דער קאַמף אָנגעגאַנגען צװישן דרײ עיקר־כוחות: ציוניסטן, אָרטאָדאָקסן און בונדיסטן. בעת דער בונד האָט געקעמפט פאַרן פולשטענדיקן אויסטײלן די רעליגיעזע ענינים פון דער קהילה־טעטיקײט, האָבן די אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזע קרײזן געשטרעבט אײנצופאַסן די קהילה אין דער ראַם פון בלויזע רעליגיעזע הצטרכותן. די שטעלונג פון די ציוניסטן צו דעם פּראָבלעם און זײער װאַל־פּראָגראַם צו דער קהילה איז אַרויסגעברענגט געװאָרן אין אַן אַרטיקל, װאָס איז אָפּגעדרוקט געװאָרן אינעם „טיגאָדניק זשידאָװסקי" (נומ' 3, 1928). דער מחבר פונעם אַרטיקל — ד"ר שמואל שפּאַן, דעמאָלטיקער װיצע־פּרעזעס פון דער קהילה־פאַרװאַלטונג און פאַקטישער אָנפירער מיט דער קהילה־װירטשאַפט, שרײבט אינעם אַרטיקל „פאַרװאָס קעמפן מיר?":

„די ציוניסטן קעמפן דערפאַר, אַז די ײדישע קהילה זאָל אָנפירן און אינגאַנצן אויסהאַלטן דאָס ײדישע שול־װעזן און די תלמוד־תורה — אַלזאָ — דאָס אַלגעמײנע שול־װעזן װי אויך די מיטל־שולן, נישט אויסשליסנדיק דאָס פּראָפעסיאָנעלע שול־װעזן. די ציוניסטן פאָדערן, אַז די ײדישע קהילה זאָל אָרגאַניזירן און אויסהאַלטן: שפּיטעלער, זקנים־הײזער, ערטער פאַר אומהײלבאַר־קראַנקע, פאָלקס־בעדער, נאַכט־אַזילן פאַר הײמלאָזע, דערציאונגס־הײזער פאַר אָרעמע קינדער, יתומים־הײזער, אינטערנאַטן פאַר שטודירנדיקער יוגנט און בורסעס פאַר בעל־מלאכות. אין דער ײדישער קהילה װעלן די ציוניסטן זײן א רעפּרעזענטאַנץ, װאָס װעט פעאיק זײן אויף אַן אַנטשלאָסענעם אופן צו דערמאָנען װעגן די בירגער־לעכע און נאַציאָנאַלע רעכט, װאָס עס קומט די ײדן, אַ רעפּרעזענטאַנץ, װאָס זאָל קאָנען אַרויסטרעטן און פאַרטײדיקן ײדן, װען עס װעט זײ װען געשען אַן עװלה.

„די אַסימילאַטאָריש־רעאַקציאָנערע ספערן װילן פאַרװירקלעכן זײער קהילה־פּראָגראַם דורך פאַרשװאַרצן די ציוניסטן אין די אויגן פון דער ײדישער מאַסע מכוח זײער אַנטי־רעליגיעזקײט, און אין די אויגן פון דער מאַכט — צוליב אַנטי־

מלוכה׳שקייט. מיר ציוניסטן קעמפן אָבער פאר דעמאָקראטיזירן די פריערדיקע קהילות און פארוואנדלען זיי אין יידישע גמינעס דורך אויפקלערן דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט און דורך אן ענערגיש דערמאָנען וועגן די רעכט וואָס עס קומט די יידן״.

עס פלעגן פאָרקומען מאַסן־וואַל־פאַרזאמלונגען מיטן אַנטייל פון 2 ביז 3 טויזנט טאָרנער יידן אין דער שול אָדער אויפן קהילה־הויף (לעמבערגער־גאַס). דער פאָפולערסטער פאָלקס־טריבון, וואָס פלעגט מיטרייסן דעם פשוטן רעלי־גיעזן ייד איז געווען חיים נייגער, וועלכער האָט אומ׳ברחמנות׳דיק דעמאַסקירט די באַנקראָטירטע אַסימילאַטאָרן און פראָקלאַמירט דעם ציוניסטישן אמת. עס האָט



חיים נייגר ז״ל

זיך אויך קונה־שם געווען מיט זיינע וואַל־רעדעס דער פּאָפּולערער גערעזלשאַפט־לעכער טוער ד״ר שמואל שפּאַן, וועלכער האָט אום׳ברחמנות׳דיק דעמאַסקירט די פּאָליטישע קעגנער פון ציוניזם.

אויך ביי אנדערע פּאַרטייען האָבן נישט געפעלט גוטע רעדנער. אויף די טריבונעס פון די אָרטאָדאָקסישע מיטינגען זענען דערשינען אזעלכע תלמודיסטן ווי שלמה מעהר און נחמן רענערט. זיי האָבן גערופן טריי צו בלייבן דער תורה און אויפגעוויזן, אז ציוניסטישע געטריישאַפט לאָזט זיך נישט אייניקן מיט די אידעאלן פון דער תורה. אויך צווישן ציוניסטן האָבן נישט געפעלט קיין פרומע יידן, וועלכע האָבן אויף וואַל־פאַרזאמלונגען אויפגעקלערט די וויילער וועגן דער נאַציאָנאַלער מיסיע פון דער אָרטאָדאָקסיע. צו דעם מין רעדנער האָבן געהערט: דער טיף־גלויביקער ייד און געטרייער ציוניסט וואלף געצלער און דער זון פון שידלאָווער רב יחיאל קורץ, אַן איבערגעגעבענער הייסער ציוניסט, אָנפירער פון דעם טאָרנער מזרחי.

דעמאָלט האָט אין דער וואַל־קאַמפּאַניע זיך אויך באַטייליקט דער גענוג שטאַרקער בונד, מיט וועמענס וואַל־אַקציע עס האָט אָנגעפירט דוד באַטיסט — אַן אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר, פאַרדינסטפולער און דערפאַרענער בונדישער טוער, וועלכער האָט ביי זיין גאַנצער איבערגעגעבנקייט און ליבע צום בונדישן אידעאל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אז ער איז א זון פון יידישן פאָלק און מיט די



ד״ר שמואל שפּאַן

בעססטע כוונות געקעמפט פארן זיג פון זיין פּאַרטיי, וועלכע איז געווען שטאַרק פאַרוואָרצלט צווישן דער יידישער ארבעטערשאַפט אין טאַרנע.

אויך לינקע פועלי ציון האָבן געפירט זייער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער קהילה. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער פּאַרטיי איז געשטאַנען דער געטרייער איבערגעגעבענער פועלי־ציוניסטישער טוער הענעך טיש, די קרבנות־גרייטע פנחס גליק, נחום איינשפרוך.

אין ציוניסטישען לאַגער האָט זיך אויך געפונען די „התאחדות״־פּאַרטיי, געפירט דורך ד״ר בערקעלהאַמער, אַ באַקאַנטע ציוניסטישע פּערזענלעכקייט אין גאַנץ פוילן און פעאיקער זשורנאַליסט. צו די התאחדות־טוער האָבן נאָך געהערט: ד״ר ישעיהו פייג, איבערגעגעבענער ציוניסטישער עסקן.

דער וואַל־פּאַרמעסט צו דער טאַרנער קהילה איז נישט געווען בלויז אַ קאַמף פאַר מאַנדאַטן, נאָר אַ געראַנגל פאַר נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאַלן, אַ געראַנגל אַן ערנסטער און פאַרביסענער. טאַקע דעפאַר האָבן די גרופּן, וואָס זענען ביי די וואַלן ארויסגעטרעטן אין נאָמען פון אומפּאַרטייאישקייט, אָדער מיט ליסטעס פון פּריוואַט־פּערזאָנען, נישט געקאָנט רעכענען אויף שטימען און השפעה ביי די ווילער.

די צוגרייטונגען צו דער קאַמפּאַניע האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך נאָכדעם ווי פון סטאַראָסטע איז געקומען די מעלדונג וועגן דורכפירן וואַלן אין טאַרנער קהילה. דעם דריטן מאַי 1928 יאָר האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג, אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר עהרנפרוינד, באַשטימט אַ וואַל קאָמיסיע פון 16 פּערזאָן: דוד באַטיסט, איזאַק ברי, ד״ר הענריק עהרנפרוינד, איגנאַצי גינגער, עליאַש געווערץ, וואָלף געצלער, שמשון ליבער, ד״ר מ. מענדערער, ווילהעלם רובין, ד״ר נפתלי שוואַרץ, ד״ר עדוואַרד שאַליט, ד״ר וואָלף שענקעל, ד״ר שמואל שפּאַן, פנחס טעמפּלער, יצחק וואַלאַך, וואָלף וועקסלער. אַלס פאַרטרעטער: ד״ר יעקב האַלענדער, ד״ר שלמה גאָלדבערג, חיים־לייב קלוגמאַן, מאַרקוס קעלנער און ד״ר אברהם כאַמעט. אַלס פּרעזעס פון דער קאָמיסיע איז דערווײלט געוואָרן ד״ר הענריק עהרנפרוינד און אלס וויצע־פּרעזעס — ד״ר שמואל שפּאַן.

די קאָמיסיע האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַקאַנטמאַכונג צו דער באַפעלקערונג און גערופן יעדן טאַרנער ייד אויספילן אַ דעקלאַראַציע, וואָס וועט דינען אַלס יסוד צו וואַל־רעכט צו דער קהילה. לויטן סטאַטוט פון די קהילות, האָט יעדער ייד פון 25 יאָר אָן, געהאַט וואַל־רעכט, אויב עד האָט לכל הפחות אַ יאָר געוואוינט אין דעם וואַל־קרייז. יידן וואָס האָבן גענאָסן פון עפנטלעכע צדקה, האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט. דער פאָרזיצער פון דער וואַל־קאָמיסיע, ד״ר הענריק עהרענפרוינד, האָט אַבסאָלוט אָביעקטיוו און ערלעך אָפּגעהיטן די פאָרשריפטן פון דער וואַל־אָרדינאַציע. יעדע ריכטונג און גרופּע האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן. דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שאַרפער און פאַרביסענער. פון די אַרטיקלען אין שייכות מיט די וואַלן, פאַרעפנטלעכטע אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, באַקומען מיר אַ געוויס בילד וועגן דער וואַל־אַטמאָספער און שפּאַנונג, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע. מיר ברענגען ווייטער אַן אַרטיקל „ענדלעך״ פון חיים נייגער (יידיש וואָכנבלאַט״ נומ׳ 5, 1928):

מאָטאָ: לא יחרך רמיה צידו (משלי י״ב)

„צווי און אַ האַלב יאָר שטייט שוין די דריטע געווײלטע יידישע קהילה אין טאָרנע אינעם פלאַם פון מחלוקות. אין די דרייסיק חדשים פון איר עקזיסטענץ איז זי שטענדיק איינגעהילט אין שוואַרצע וואָלקנס און אַלע מאָל האָבן נייע בליצן אויפגעפלאַקערט אין דער אַרומיקער פאַרכמאַרעטער פינסטערניש. אָבער די קהלה, וועלכע האָט געשעפּט דעם כוח פון איר לעבן פון דעם פרישן קוואַל פונעם פאָלקס־רצון, די געווײלטע פאָלקס־קהילה האָט מנצח געווען אַלע קריזיסן און שטייט איצט יונג שטאַרק און זיגרייך, און גרייט זיך צו דער ערשטער דעמאָקראַטישער וואַל — לכל הפּחות האַלב דעמאָקראַטישע — פון דער טאָרנער יידישער קהלה. טאַקי די דאָזיקע ג ע װ ײ ל ט ע יידישע קהילה און נישט קיין שום רעגירונגס קאָמיסאַר, וואָס רעכנט זיך נישט מיטן רצון פונעם פאָלק, וועט האָבן די זכיה פאָרצובערייטן און דורכפירן דעם ערשטן אַקט פון דעמאָקראַטישע וואַלן אין אונדזער קהלה און דאָס איז דער פּועל יוצא פון דער ערציערישער אַרבייט, וועלכע די ציוניסטישע פּאָליטיק לייסטעט זייט צענדליקער יאָרן אויף דער יידישער גאַס. אויב טאָרנער יידן זענען אָפּגעהיט געוואָרן אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט פון דער חרפּה פון אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר, פון דער בושה פון אַ קוראַטעל, פון אַ נישט־מונדיג ווערן, איז דאָס דער פאַרדינסט פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק, וועלכע איז אַ פּאָליטיק פון יידישן שטאָלץ, פון אויסגעגלייכטע רוקנס, פון אַ סוווערענעם יידישן רצון.

די מלחמה אַרום דער טאָרנער קהילה איז נישט געוועׂן קיין דועל צווישן די אָדער יענע פערזאָנען, וועלכע ווילן האַלטן דעם רודער פון הערשאַפט אין דער יידישער געמיינדע; דאָס איז געווען אַ קאַמף צווישן דעם רצון פונעם יידישן פאָלק פון איין זייט און צווישן געוואַלד און אינטריגעס פון דער אַנדערער זייט.

פון איין זייט איז געשטאַנען דאָס רוב פון די יידישע ווײלער, וועלכן האָט מיט זיין פאַרטרויען באַשענקט די ציוניסטישע פירער, און פון דער אַנדערע̇ר זייט אַ פינסטערע קליקע, וואָס האָט נישט קיין אָנהאַלט אינעם פאָלקס ווילן און שטרעבט דערפאַר צו צ ע ב ר ע כ ן דעם דאָזיקן פאָלקס־ווילן; פון איין זייט אַ פּאַרטיי, וועלכע זעט די איינציקע אינסטאַנץ און דעם איינציקן מקור פון פּאָליטישן כוח נאָר אין שטים־צעטל אַליין, און פון דער אַנדערער זייט אַ גרופּע וועלכע האָט דווקא מורא פאַר דעם שטים־צעטל און וויל דווקא הערשן מיט געוואַלד קעגן דעם ווילן פונם ווײלער.

ס'איז מערקווירדיק און פאַר אַ פּשוטן בשר ודם מיט אַ געזונטן מענטשלעכן שכל גאָר נישט פאַרשטענדלעך, אַז האָבנדיק 4 פאַרטרעטער אין דעם קהילה־ראַט פון זייער אייגענער ליסטע, האָט די אָפּאָזיציע קיינמאָל נישט, ביי אָפענע זיצונגען, דורך די גאַנצע לאַנגע דרייסיק חדשים, פאָרגעוואָרפן דער מאַיאָריטעט די אַלע שווערע חטאים, וועלכע מען האָט שטילערהייט אין דענונציאַציעס געוואוסט אויסצו־רעכענען ביי די קאָמפּעטענטע פאַרטרעטער פון דער מאַכט. און ס'איז ווידער מערקווירדיק און פאַר אַ בעל־שכל פּשוט נישט צו פאַרשטיין, אַז די שווערע חטאים פון דער מאַיאָריטעט און קהילה־ראַט האָט די אָפּאָזיציע קיינמאָל נישט פאָרגעבראַכט פאַר עפנטלעכע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, ווי ס'וואָלט דאָך געווען די בעסטע געלעגנהייט די פאַרהאַסטע ציוניסטן צו טרעפן אין האַרץ אַריין, צו פאַרשליסן פאַר

זיי די יידישע עפנטלעכע מיינונג, דעם איינציקן קוואַל פון זייער פּאָליטישער חיונה. אָדער קאָן אפשר עמיצער די מאָדנע טאַטזאַך פאַרשטיין, אַז די פּאַרטרעטער פון דער מאַכט האָבן קיינמאָל נישט געפּראובט זיך צו איבערצייגן צי איז די מאַיאָריטעט אין קהילה־ראַט טאַקע באמת שולדיק אין די מורא׳דיקע חטאים, וועלכע ס׳זיינען איר פאַרגעוואָרפן געוואָרן אין די אַלע מסירות פון דער קליקע?

און ס׳איז דאָך פּאַרט אַ פאַקט, אַז נישט איינמאָל איז שוין די אויפלייזונג פון טאַרנער קהל באַשטימט און אפילו אונטערגעשריבן געוואָרן, הגם מען האָט דער באַשולדיקטער און פאַראורטיילטער פאַרוואַלטונג אַפילו קיין אַנקלאַגע־אַקט נישט פאָרגעלייגט; שוין גאָרנישט רעדנדיק פון אַ גענויער אונטערזוכונג, וועלכע וואָלט בולט ארויסגעוויזן דעם שקר פון די קליקע־מסירות.

אויב ס׳האָבן אָבער, טראָצדעם, הויכע מאַכטפאַקטאָרן סוף כל סוף איינגעזען, אַז די איצטיקע קהל־פאַרוואַלטונג דאַרף נישט אויפגעלייזט ווערן; אויב די מאַכט האָט זיך סוף כל סוף איבערצייגט, אַז די טאַרנער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך דריי מאָל געוויילט איר קהל, האָט עס נישט פאַרדינט באַהאַנדלט צו ווערן ווי אַ „מאַרנאַטראַוווניק״ וועלכן מען נעמט צו דאָס רעכט איבער זיך אַליין צו האָבן אַ דעה און מען זעצט איבער אים אַ קוראַטאָר, איז דער ערפאָלג קיינעם נישט צו פאַרדאַנקען נאָר דער ציוניסטישער פירונג, וועלכע האָט דערצויגן דאָס פאָלק צו אַ זעלבסטשטענדיק דענקען, צו א שטאָלץ מוטיק אויפטרעטן, צו אַ הויכהאַלטן פון פּאָליטישער פרייהייט, פון באַזיגלטע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט.

איצט שטייען מיר שוין אין דער סאַמע וואַל־אַקציע. די רעדער פון דעם וואַל־אַפּאַראַט זענען שוין אין באַוועגונג און אין אַ פּאָר וואָכן ארום וועט ווידער דער יידישער וויילער — דאָס מאָל שוין אין אַ ברייטערער מאָס ווי פריער — האָבן צו אַנטשיידן, וועמען ער שענקט זיין פאַרטרויען און וועמען ער באַפולמעכטיקט די קהלה צו פירן. די ציוניסטישע פּאַרטיי וועט זיך, ווי תמיד, שטעלן פאַר אירע וויילער, זי וועט זיי זאָגן וואָס זי האָט ביז איצט געלייסטעט און וואָס ס׳איז איר פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט. די ציוניסטישע פּאַרטיי וועט אויפפאָדערן אירע פאַרבאָרגענע געגנער, וועלכע האָבן מורא פאַר דער טאָג־ליכט, זיי זאָלן מיט די מסירות קומען צו דעם איינציקן קאָמפּעטענטן געריכט — צו דער וויילער־פאַרזאַמלונג און זיי זאָלן דאָרט — אויב זיי האָבן מוט — אויסרעכענען די חטאים, וועלכע מען האָט אַזוי גוט געקאָנט פון אויסנווייניק, ווען מ׳איז געשטאַנען פאַרן פּריץ.

די ציוניסטישע פּאַרטיי רופט צו דער פינסטערער מוסרים־קליקע: „לכו נא ונוכחה!״ — קומט אַהער צום יידישן וויילער, דאָ וועלן מיר זיך אויסטענה׳נען, מיר וועלן אייך די תשובה נישט שולדיק בלייבן, צי זי וועט אייך זיין אָנגענעם צי נישט!״

דעם 21־טן אָקטאָבער 1928 יאָר זיינען ענדלעך פאָרגעקומען די קהילה־וואַלן. די ציוניסטן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ באַדייטנדיקן נצחון. פון 4448 וואַל־באַרעכטיקטע, האָבן געשטימט 3475 פּערזאָן (אַרום 80%). די באַזונדערע פּאַרטייען האָבן באַקומען פאָלגנדע צאָל שטימען:

ליסטע 1 — האַנטווערקער־ליסטע „יד חרוצים״ (מאַאוריצי הוטער) — 142 שטימען, קיין מאַנדאַט.

ליסטע 2 — ציוניסטישער בלאָק — (אלג׳ ציוניסטן, מזרחי און התאחדות) — 1245 שטימען און 8 מאַנדאַטן: חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן, וואָלף געצלער, יוסף היימאַן, ד״ר ישעיהו פייג, יחיאל קורץ, הענריק האָלענדער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, (געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1951). פאַרטרעטער: גבריאל דורסט, אברהם שפּילמאַן (איצט אין טאָרנע), שמואל ענגעלהאַרדט, ד״ר יצחק פיש, שמעון ליינער (איצט אין ישראל), חיים־שלום קאָרן, יוסף פריש און חיים־לייב קלוגמאַן.

ליסטע 3 — יידישע פאָלקספּאַרטיי (געוועזענע קהל־לייט און אַסימילאַטאָרן) — 515 שטימען, 3 מאַנדאַטן: ד״ר הערמאַן מיטץ (טאָרנער וויצע־בירגערמייסטער), אַרטור מאַרגוליעס און זעליג בראַוו. פאַרטרעטער: ד״ר עדוואַרד קליין, איגנאַצי מאשלער און שמואל האַבער.

ליסטע 4 — בונד — 441 שטימען, 3 מאַנדאַטן: דוד באַטיסט (געשטאָרבן אין אַ שפּיטאָל אין בוכאַראַ, בעת דער עוואַקואַציע אין ראַטנפאַרבאַנד), שמואל צוקער, איזאַק גרינבאום. פאַרטרעטער: משה פייעראייזן, מענדל ליכטיק און אַרנאָלד שפּאָרן.

ליסטע 5 — פּועלי־ציון (לינקע) — 86 שטימען, קיין מאַנדאַט. אין שפּיץ פון דער ליסטע איז געשטאַנען הענעך טיש.

ליסטע 6 — אָרטאָדאָקסן — 144 שטימען — 1 מאַנדאַט: מאיר לעוו. פאַרטרעטער: חיים זאָמער.

ליסטע 7 — פּריוואַטע אָרטאָדאָקסישע ליסטע — 126 שטימען. קיין מאַנדאַט. אויפ׳ן ערשטן אָרט האָט קאַנדידירט גבריאל גערשטן.

ליסטע 8 — אָרטאָדאָקסן פון „קלויז״ — 777 שטימען. 5 מאַנדאַטן: וואָלף וועקסלער, שמעון אַבערדאַם, אליהו געווערץ, מלך ריינהאָלד. פאַרטרעטער: שלמה מער, ראובן שטראוס, דוד בראַכפעלד, מאַרקוס קעלנער, חיים־דוד צוויבל. די ליסטע איז געווען פאַרבונדן מיט דער אגודה.

אין דער צייט וואָס איז פאַרויסגעזען אין געזעץ, דעם 1־טן דעצעמבער 1928 יאָר, איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון ניי־דערוויילטן קהילה־ראַט אויף אויס־צוויילן אַ פאַרוואַלטונג. אויך דאָ האָט פאַרפּליכטעט דער סיסטעם פון פּראָפּאָרציאָ־נעלע וואַלן. אַזוי ווי קיין איין ליסטע האָט נישט באַקומען קיין אַבסאָלוטע מערהייט, האָבן פאַר דער זיצונג זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אויפשטעלן אַ מערהייט, וואָס זאָל אויף זיך נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אָנפירן מיט דער קהילה. דער ציוניסטישער בלאָק האָט געהאַט 8 מאַנדאַטן און מיט די 3 בונדישע מאַנדאַטן וואָלט עס געווען אַ מערהייט (11 אויף 20). אָבער אַזאַ קאָמבינאַציע איז נישט געקומען אין באַטראַכט, ווייל דער בונד איז געווען אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון צוזאַמענאַרבעטן מיט די ציוניסטן. עס זענען דעריבער געבליבן די אָרטאָדאָקסישע גרופּן און די פאָלקיסטן, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם וויצע־בירגערמייסטער ד״ר מיץ און געצויגן צו אַסימילאַציע. סוף־כל־סוף האָבן אין קהילה־ראַט זיך אויסגעבילדעט דריי בלאָקן און די וואַלן צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געגעבן פאָלגנדן רעזולטאַט. די אָרטאָדאָקסן מיט וואָלף וועקסלער (קלויז) אין פאַרבינדונג מיט אגודה און פאָלקיסטן האָבן דיספּאָנירט מיט 8 שטימען און אין דער פאַרוואַלטונג אויסדערוויילט: ד״ר זיגמונט זילביגער, אהרן ראָזענצווייג, אַרטור

מאַרגוליעס און חיים אבערדאם. די ציוניסטן צוזאַמען מיט דער אָרטאָדאָקסישער גרופּע פון מאיר לעוו — 9 שטימען און זיי האָבן דערווילט אין דער פאַרוואַלטונג: ד״ר שמואל שפּאַן, וואָלף געצלער, ד״ר הענריק עהרענפרוינד, יוסף היימאַן און אייזיק קויפמאַן. דער בונד האָט באַקומען נאָר איין פאַרטרעטער אין דע פאַר־וואַלטונג. דוד באַטיסט.

אויף דער זיצונג פון דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 22־טן דעצעמבער 1928 יאָר, איז אויסגעווילט געוואָרן אַ פרעזידיום אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: דר העגריק עהרענפרוינד — פאָרזיצער, ד״ר שמואל שפּאַן — וויצע־פאָרזיצער. דאָס פרעזידיום פון קהילה־ראַט איז באַשטאַנען פון צוויי פּערזאָן: חיים נייגער — פאָרזיצער, מאיר לעוו — וויצע־פאָרזיצער.

דאָס ניי־דערווילטע פרעזידיום פון דער פאַרוואַלטונג האָט געהאַט דורכצופירן גאָר וויכטיקע אויפגאַבן. דאָס געזונט־מאַכן די פאַרנאַכלעסיקטע קהילה־ווירטשאַפט האָט געפאָדערט אַ גרויסע אָנגעשטרענגטע אַרבעט, וואָס איז ווידער געשטערט געוואָרן דורך די אַלטע קהילה־לייט, וואָס האָבן נאָך אַלץ געטרוימט וועגן דעראָבערן די מאכט אין דער קהילה. דער נייער קהילה־פאָרזיצער ד״ר העגריק עהרענפרוינד, אַן אומפּאַרטייאישער ערלעכער עסקן, מיט געוויסע סימפּאַטיעס פאַרן ציוניזם, האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט און אָנערקענט די אויפריכטיקע כוונות פון די ציוניסטן צו באַזירן די קהילה־ווירטשאַפט אויף געזונטע ערלעכע יסודות און באַפרידיקן די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע באַדערפענישן פון די ברייטע מאַסן, באַזונדערס אין אויפהייבן די סאָציאַלע הילף צו אַזאַ הויך, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער וואַקסנדיקער נויט און פאַראָרעמונג אויף דער יידישער גאַס. די הויפּט־אַרבעט פון פאַרוואַלטן מיט די קהילה־ענינים האָט ד״ר עהרענפרוינד איבערגעלאָזט אין די הענט פון אומדערמידלעכן ציוניסטישן טוער ד״ר שמואל שפּאַן, וויצע־פאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכער האָט גענאָסן פון ברייטסטן צוטרוי פון אַלע אָן אויסנאַם שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיט זיין אומפּאַרטייאישקייט, ערלעכקייט, אויפריכטיקייט און טיפער פאַרשטענדע־ניש פאַר דער לאַגע פון דער יידישער אָרעמקייט, האָט ער דערהויבן די חשיבות און אָנזען פון דער יידישער קהילה אין טאָרנע. ד״ר שפּאַן האָט זיך אפילו נישט אָפּ־געשטעלט פון זאָגן מוסר אייגענע פאַרטיי־חברים, ווען ער האָט פעסטגעשטעלט וועלכן עס איז נישט ריכטיקן צוגאַנג פון זיי צו אַ געזעלשאַפטלעכן ענין. זיין לאָזונג איז געווען: לטובת דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט! און דאָס גוטס פונעם כלל האָט ער געשטעלט העכער ווי דעם שלעכט־פאַרשטאַנענעם פאַרטיי־אינטערעס.

די ערשטע זאָרג פון דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען באַמיען זיך איינצושטעלן אַזאַ אָרדענונג אין יידישן שפּיטאָל, ער זאָל זיין צוטריטלעך פאַר אַלע יידן וואָס נויטיקן זיך אין מעדיצינישער הילף. אויך דאָס זקנים־הויז האָט מען באַדאַרפט פאַרוואַנדלען אין אַן אמתער היים פאַר מענטשן, וועלכע זענען אויף דער עלטער געבליבן אָן לעבנסמיטלען און אויפזיכט. די רעליגיעזע ענינים, וואָס זענען געלעגן אין דער קאָמפּעטענץ פון דער יידישער קהילה, זענען פון איצט אָן באַטראַכט געוואָרן פון שטאַנדפּונקט פון די אמתע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואָלף געצלער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און פירער פון מזרחי,

אליין אַ טיף־רעליגיעזער מענטש, האָט שטאַרק געזאָרגט דערפאַר, אַז די רעליגיעזע אויפגאַבן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג זאָלן נישט ווערן אויסגענוצט פאַר פּאָליטישע צילן אָדער פאַר פּריוואַטע אינטערעסן פון פּערזאָנען און קליקעס.

כדי דער קהילה־בודזשעט זאָל געשטיצט ווערן אויף געזונטע יסודות, האָט די פאַרוואַלטונג געמוזט זאָרגן דערפאַר, אַז די הכנסות פאַר דער קהילה זאָלן זיין סטאַבילע, און דער קהילה־שטייער (עטאַט) זאָל יושרדיק פונאַנדערגעלייגט ווערן צווישן די ברייטסטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון די דאָזיקע פאָנדן זענען איצט גרעסערע סומען פאַרנוצט געוואָרן אויף סאָציאַלע פאַרזאָרגונג צוליב דער שטייגנדיקער נויט אויף דער יידישער גאַס. פון די קהילה־סובווענצן, האָבן אויך געגאָסן, דערווייל אין אַ באַגרענעצטער פאָרם, די ציוניסטישע אינסטיטוציעס. די דאָזיקע אונטערשטיצונג איז געגעבן געוואָרן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די אויפּאָזיציעס־מאַכט האָט שטאַרק געהיטן, אַז אינעם קהילה־בודזשעט זאָלן זיך נישט אריינגנבעבנען קיין ציוניסטישע פאָזיציעס. פון קהילה־הילף האָבן איצט געגאָסן די רעליגיעזע אינסטיטוציעס. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרינטלעכער רעמאָנט אין דער מקוה, אויך דאָס בית־עולם האָט זיך גענויטיקט צו ברענגען אין אָרדענונג. דאָס שפּיטאָל און זקנים־הויז איז איצט אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער קהילה און עס האָט אויפגעהערט צו זיין אויסגעשטעלט אויף נדבות און שפּענדונגען פון יחידים.

די גאַנצע פאַרוואַלטונג האָט נישט געקאַרגט קיין מי און אָנשטרענגונגען, כדי אויפצוהייבן דעם אָנזען און אויטאָריטעט פון דער קהילה ווי אַן ערנסטע רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באפעלקערונג. צום באַדויערן האָבן זיך נאָך געפונען אַזעלכע, פאַר וועמען די ערלעכקייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען ווי זאַלץ אין די אויגן. באַזונדערס האָט די דאָזיקע פאַרשוינען געררייצט דער נאַציאָנאַל־יידישער גייסט וואָס האָט באַהערשט די קהילה. מסירות און אינטריגעס אין די „הויכע פענסטער" האָבן באַשווערט די אַרבעט. אין די אָפיציעלע




דער בנין פון דער מקוה אין טאַרנע

קרייזן איז מען געווען גינסטיק איינגעשטעלט צו דער אָפּגעשטאַנענקייט אויף דער יידישער גאַס.

אַלע סובווענצן אויף ציוניסטישע צוועקן זענען סיסטעמאַטיש געשטראָכן געוואָרן דורך דעם טאַרנער סטאַראָסטע אָדער דורך דעם וואָיעוואָדישן אַמט אין קראָקע. קעגן דער קהילה־פאַרוואַלטונג האָבן זיך פאַרבונדן די רעשטלעך אַסימילאַטאָרן און אָרטאָדאָקסישע פּאָליטיקאַנער, וועלכע האָבן דעם קאַמף מיטן ציוניזם באַטראַכט ווי אַ רעליגיעזע אויפגאַבע.

דעם 28־טן און 30־טן אַפּריל 1929 יאָר האָט דער טאַרנער קהילה־ראַט באַהאַנדלט דעם בודזשעט אויפן יאָר 1929/30. בעת דער דאָזיקער דעבאַטע האָט זיך קעגן די ציוניסט געשאַפן איין פראַנט פון בונדיסטן, ד״ר זילביגערס אָרטאָדאָקסן און פאָלקיסטן פון ד״ר מיטץ. דער דאָזיקער משונהדיקער פראַנט האָט דיספּאָנירט מיט 11 שטימען אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 20 ראַטמענער — און מיט דער מערהייט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער פאַרגעלייגטער בודזשעט־פּראָיעקט. דער דאָזיקער אַבסורדאַלער פראַנט האָט אָבער נישט געהאַט קיין האַפּט. כדי צו באַקומען אַ בילד פון דעמאָלטיקן פולסירנדיקן יידישן לעבן אין טאַרנע, כדי צו פאַרשטיין די שטרעבונגען פון דער פינפאונצוואנציקטויזנט־קעפּיקער יידישער מאַסע אין שטאָט, וועלן מיר ברענגען ווייטער דעם פּולן באַריכט פון דער דאָזיקער זיצונג (לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ נומ׳ 14, 1929):

„אין די טעג פון 28—30 אַפּריל איז זיך צונויפגעקומען דער ניי־דערווײלטער קהילה־ראַט, כדי צו באַהאַנדלען און באַשליסן דעם בודזשעט־פּראָיעקט, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורך דער קהילה־פאַרוואַלטונג. די זיצונג האָט געעפנט דער פאַרזיצער חיים נייגער. זיין רעדע האָט ער אָנגעהויבן אויף העברעאיש און שפּעטער איבערגעגאַנגען אויף יידיש. ער האָט האַרציק באַגריסט די ראַטמענער און אונטערגעשטראָכן די באַדייטונג או וויכטיקייט פון דער קהילה, וואָס איז געשטיצט אויפן נייעם וואַל־געזעץ און געדאַנקט דער רעגירונג פאַר אויסברייטערן אויף גאַליציע דעם פאַרפליכטנדיקן א. ג. פּילסודסקי־דעקרעט וועגן יידישע קהילות וואָס גיט אַ טיילווייזע באַפרידיקונג די יידישע פאָדערונגען אויפן געביט פון אויטאָנאָמיע, און דערנאָך ווייטער דערקלערט:

„דער פּילסודסקי־דעקרעט, וועלכער רעגולירט די יידישע אויטאָנאָמיע, האָט וואָס אָן אמת געווויסע בלויזן, אָבער ער שאַפט דעם יסוד אויף וועלכן עס קאָן זיך שטיצן דער ווייטערדיקער פונאַנדערבוי פון דער אויטאָנאָמיע. אַזאַ אַנטוויקלונג קאָן פאַרקומען, אויב די יידישע קהילות אין גאַליציע וועלן זיך פאַרשטענדיקן אין דער פראַגע און געמיינזאַם האַנדלען. די אויפגאַבן וואָס שטייען פאַר די קהילות זענען זייער גרויסע. אין טאַרנע איז קודם כל וויכטיק, עס זאָל איינגעפירט ווערן אַ געהעריקער סדר אין ראַבינאַט. דער אַמט פון רב זאָל באַזעצט ווערן מיט אַ קולטורעלן מענטש וואָס זאָל כלפּי דער מאַכט און כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג באַזיצן אַזאַ אויטאָריטעט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אַמט. דער ראַבינאַט דאַרף איינפירן אָרדענונג אין רעליגיעזע קולטור־אַנשטאַלטן וועלכע געהערן צו דער קהילה און מיט זיי אָנפירן אין איינקלאַנג מיט די רעליגיעזע פאַרשריפטן און פאַרשטענדעניש פאַרן דעמאָקראַטישן גייסט פון אונדזער צייט. ווייטער דאַרף די קהילה צוטרעטן

פונאַנדערבויען די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — דאָס שפּיטאָל און זקנים־הויז״.

„דאָס יתומים־הויז וואָס באַקומט פון דער קהילה קליינע סובווענצן, דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קהילה־אינסטיטוציע; די קהילה איז פאַרפליכטעט צו באַפרידיקן אַלע מאַטעריעלע און גייסטיקע באַדערפענישן פון די יתומים וואָס געפינען זיך אין דער אַנשטאַלט. אַלע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי ביבליאָטעקן, לייענזאַלן און שולן דאַרפן ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה און דורך איר געשטיצט. עס דאַרף באַדייטנדיק אויסגעברייטערט ווערן די קאָמפּעטענץ פון דער קהילה. אין דער ריכטונג דאַרף דערגרייכט ווערן אַ הסכם מיט די איבעריקע קהילות אין גאַליציע״.

„דער רעדנער דערקלערט ווייטער, אַז אַלס פאָרזיצער רעדט ער אין נאָמען פון אַלע גרופּירונגען און ריכטונגען און אַפּעלירט צו זיי וועגן שאַפן אַ ברייטע פּלאַטפאָרם וואָס זאָל דערמעגלעכן אַ צוזאַמענאַרבעט צום וואויל פון דער קהילה. מיר זענען דאָ נישט קיין הערשער, נאָר דינער פון אונדזערע ווילער וואָס האָבן אונדז געשיקט אין קהילה דורכצופירן נויטיקע און ערנסטע אויפגאַבן פאַרן וואויל פון כלל. לאָמיר האַלטן בכבוד און שעצן די באַקומענע אויטאָנאָמיע און אַרבעטן אין הסכם מיטן ווילן פון אונדזערע ווילער לטובת דער קהילה, באַפעלקערונג און מלוכה. אַלס פאָרזיצער פאַרגעס איך אין דעם, אַז כ׳בין אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטער ריכטונג, איך וויל די באַראַטונגען פירן אָביעקטיוו און בעט דערצו אייער מיטהילף״.

נאָך דער רעדע פון פאָרזיצער גיבן אָפּ זייערע פּראָגראַמאַטישע דערקלערונגען די פאָרשטייער פון די באַזונדערע ריכטונגען.

ד״ר שפּאַן שטעלט פעסט, אַז דער ציוניסטישער פּראָגראַם איז יעדן באַקאַנט, און בלויז כדי אָפּצוּוואַרפן די פאַרשידענע פאַלשע טענדענציעז־פאַרשפּרייטע קלאַנגען, פּרעציזירט ער די פּרינציפּיעלע פּאָסטולאַטן, צו וואָס די ציוניסטן שטרעבן און מיט וועלכע מיטלען זיי ווילן דאָס דערגרייכן. די יידישע קהילה איז די פאָרשטייערין פון אַלע אָן אויסנאַם געזעלשאַפטלעכע גרופּן אינעם יידישן ציבור און זי דאַרף באַפרידיקן די באַדערפענישן פון אַלע שיכטן.

די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק און די ספּעציפישע באַדינגונגען פון יידן אין גלות האָבן געבראַכט דערצו, אַז רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט איז ביי יידן געוואָרן איין באַגריף און ביי אונדז איז שווער אָפּצוטיילן איינס פונעם צווייטן. אין זיין גרויסער מערהייט איז דאָס יידישע פאָלק טיף רעליגיעז, און דעריבער מוז די יידישע קהילה שאַפן און אונטערשטיצן די אינסטיטוציעס וואָס זענען באַשטימט צו באַפרידיקן די רעליגיעזע באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן.

אָבער איין זאַך איז רעליגיעזקייט און עפּעס אַנדערש איז דער פינצטערער קלעריקאַליזם, וועלכער האָט מיט רעליגיע גאָרנישט וואָס צו טאָן און שטרעבט בלויז, אונטערן מאַנטל פון רעליגיע, צו פאַרפינצטערן און אָפּצונאַרן די יידישע מאַסן. די רעפּרעזענטאַנטן פונעם קעמפנדיקן יידישן קלעריקאַליזם זענען אָפּט מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין שום געמיינזאַמס מיט רעליגיע, דער יידישער

גלויבן איז זיי נישט באַקאַנט, זיי האָבן נישט פאַר אים קיין שום דרך־ארץ און שפעקולירן דערמיט אויף פּאָליטישע צילן.

מיט רעכט זענען יידן באַצייכנט געוואָרן ווי אַן „עם הספר”. נאָך מיט קנאַפּע 4.000 יאָר צוריק, נאָכן געבוירן ווערן פון יידישן פאָלק און זיין מדינה, האָבן יידן אַנטוויקלט זייער געזעצגעבונג, די פּרינציפּן פון מאָנאָטעאיזם, געשאַפן געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, געשטיצט אויף יושר, וויסן און ליבע צום נאָענטן. דעם קולט פון די דאָזיקע פּרינציפּן און לערער האָבן יידן פאַרשפּרייט מיט דער הילף פון ביכער. די שול איז דער יסוד פון וויסן, און דערפאַר מוז די קהילה אויסהאַלטן אָדער ווי געהעריק אונטערשטיצן אַלע אָן אויסנאַם שולן, קינדערהיימען, ביבליאָטעקן און לייענזאַלן. די קהילה איז נישט און קאָן נישט זיין קיין רעליגיעזע אינסטיטוציע אין פולן זין פון וואָרט, אָבער זי דאַרף דערליידיקן און באַפרידיקן אַלע באַדערפענישן פון יידן אויפן שטח פון רעליגיע, קולטור, סאָציאַלע און פיזישע דערציאונג. מיר מוזן געדענקען אין פּרינציפּ: אַ געזונטער גייסט אין אַ געזונטן קערפּער! און דערפאַר מוזן מיר אונטערשטיצן אויך די אינסטיטוציעס וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פיזישער אַנטוויקלונג ביי דער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון דער יידישער יוגנט.

די סאָציאַלע הילף דאַרף אַרומנעמען אַלע געביטן. אין דער ריכטונג איז נאָך פאַראַן אַ סך וואָס צו טאָן: אַנטוויקלען די פאַראַנענע אינסטיטוציעס און אויפבויען נייע, ווי: אַ היים פאַר זקנים, אַ הויז פאַר היימלאָזע, אַן אויפהאַלט־אָרט פאַר אומהיילבאַר־קראַנקע, הייזער פאַר בעלי־מלאכות. די דאָזיקע אויפגאַבן מוזן ווערן אויסגעפירט אין דער נאָענסטער צוקונפט. מ'דאַרף שטופנווייז אָפּשאַפן דאָס סיסטעם פון אומדירעקטע שטייערן און שטיצן דעם בודזשעט אויף דירעקטע שטייערן. ארץ־ישראל איז דאָס צענטראַלע יידישע פּראָבלעם, דעריבער מוז דאָס יידישע פאָלק העלפן דעם ציוניזם אין זיין קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל. עס איז דעריבער די פליכט פון דער קהילה צו אונטערשטיצן אַלע אינסטיטוציעס וואָס האָבן פאַר אַ ציל אויפצובויען ארץ־ישראל.

צום סוף פאַרלאַנגען אויך די ציוניסטן אויסצוברייטערן די אויטאָנאָמיע פון דער קהילה, דעמאָקראַטיזירן זי דורך געבן וואַל־רעכט אַלע פרויען און מענער פון 21 יאָר אָן.

אין נאָמען פון בונד האָט דוד באַטאָנט איבערגעלייגט אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער ער זאָגט צוו. אנד.:

דער „פּילסודסקי־דעקרעט” האָט נאָר טיילווייז גענומען אין אַכט אונדזערע פאָדערונגען אין דער ריכטונג פון דעמאָקראַטיזירן די קהילה און מעגלעך געמאַכט דעם אַרבעטער־קלאַס צו דערוואַרבן זיך דאָרט אַ פאַרטרעטערשאַפט. דער סטאַטוט וואָס זעט פאָר, אַז די קהילה זאָל באַפרידיקן די רעליגיעזע באַדערפענישן, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רעזולטאַט פון באַמיאונגען מצד די אָרטאָדאָקסיש־אַסימילאַטאָרישע קרייזן. מיר בונדיסטן זענען קעגן די קלעריקאַלן און די ציוניסטן: מיר פאָדערן אַ וועלטלעכע קהילה, וואָס זאָל אויסשליסן די רעליגיעזע ענינים.

אונדזער שפּראַך איז יידיש און מיר פאָדערן צו לערנען אין די שולן די דאָזיקע שפּראַך. די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע באַדערפענישן פון דער

יידישער באַפעלקערונג מוזן באַפרידיקט ווערן דורך דער קהילה און דער בודזשעט דאַרף געדעקט ווערן דורך דירעקטע שטייערן. אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען ווילן האַלטן דאָס פאָלק אין פינצטערניש, און דער בעסטער באַווייז דערפאַר איז דער פאַר־געלייגטער בודזשעט־פּראָיעקט. אָבער מיר נעמען אונטער אַ קאַמף מיט דער בורזשואַזיע און מיר װעלן אים פירן ביזן נצחון פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

אין נאָמען פון אגודה האָט אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג ה׳ מעהר. ער זאָגט, אַז די אַגודה שטרעבט צו צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע גרופּירונגען אין דער קהילה, אָבער די קהילה מוז זיין רעליגיעז. זי קאָן אויך אַרומנעמען געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, נאָר זי מוז געפירט ווערן לויט די רעליגיעזע פאָרשריפטן. מיר פאָדערן אָבער: די רעאָרגאַניזאַציע פון ראַבינאַט, שולן פאַר יינגלעך און מיידלעך, אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטנדיקער יוגענט, געלט־און פּראָדוקטן שטיצע פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג. דאָס באַזייטיקן פון דער קהילה די רעליגיע איז דאָסזעלבע ווי פּראָפּאַגירן אַסימילאַציע.

אין נאָמען פון התאחדות האָט ד״ר פייג אָפּגעגעבן פאָלגנדע דעקלאַראַציע:

„1) מיר פּראָטעסטירן קעגן נישט־דעמאָקראַטישן וואַל־סיסטעם צו דער קהילה. די ווילער דאַרפן זיין צוזאַמענגעשטעלט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון 20 יאָר אָן, אָן אונטערשיד פון געשלעכט.

2) מיר פּראָטעסטירן קעגן באַגרענעצן די אויטאָנאָמיע פון דער קהילה, וועלכע דאַרף בילדן די עקספּאָזיטור פון דער יידישער פּערסאָנאַל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין דער פּוילישער מלוכה. די קהילה דאַרף זיין די אויסדריקערין פון גאַנצן יידישן נאַציאָנאַלן לעבן — פון געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און רעליגיעזן.

3) ווי אַ פאָרשטייערשאַפט פון די יידן, דאַרף די קהילה נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אויפבוי פון ארץ־ישראל: אונטערשטיצן ווי געהעריק די פאָנדן און אין דער ערשטער ריי די, וואָס דינען צום אויפבוי פון פאָטערלאַנד אויף די יסודות פון סאָציאַלן יושר — ובכן, קרן קיימת און קופּת פּועלי ארץ־ישראל.

4) כדי צוצוגרייטן די עמיגראַנטן וואָס זענען עולה קיין ארץ־ישראל און צו דעם צוועק זיי איבערשיכטן און פּראָדוקטיוויזירן אין גלות, דאַרפן די קהילות אויפשטעלן פאַך־שולן און לאַנדווירשאַפטלעכע פערמעס, ווי אויך שטיצן די „עזרה לחלוץ״.

5) דער עטאַט־סיסטעם פון דער קהילה דאַרף זיך שטיצן אויסשליסלעך אויף דירעקטע שטייערן און נישט אויף קיין קאָנסומציע־שטייער.

6) די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס דאַרפן אין די ראַמען פון מעגלעכקייטן פאַרטוישט ווערן אויף אַזעלכע אינסטיטוציעס וואָס זאָלן דינען פּראָדוקטיוויזאַציע־צוועקן. די קהילה דאַרף אויפשטעלן קאָאָפּעראַטיוון און שטיצן די שוין עקזיסטירנדיקע.

7) אויפן קולטורעלן געביט דאַרף די קהילה שאַפן און אויסהאַלטן שולן מיט דער העברעאישער אונטעריכט־שפּראַך, ווייל נאָר אַזעלכע גיבן די גאַראַנטיע פאַר אַ נאַציאָנאַלער דערציאונג; שאַפן ביבליאָטעקן און אויפשטעלן יידישע אַרכיוון.

אין נאָמען פון מזרחי האָט גערעדט ה׳ יחיאל קורץ. צווישן אנדערן האָט ער דערקלערט:

„לויט דער תורה איז די יידישע רעליגיע נאַציאָנאַל און די יידישע נאַציע איז געשטיצט אויף דער רעליגיע. דאָס אַריינפירן וועלכע עס איז צעטיילונג צווישן די דאָזיקע צוויי שותפותדיקע פאַקטאָרן, וועט פון זיי צונעמען יעטווועדן אייגנטלעכן תוך. עס איז דעריבער אויסער יעדן ספק, אַז אונדזער קהילה וואָס איז אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע איז במילא אויך אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע. מיר, מזרחיסטן, שטרעבן מיט אונדזער גאַנצן כוח און ענערגיע צו דעם, אַז די טאָרנער קהילה זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אַ געהעריקער הייך, און קאָנצענטרירן אין זיך אַלע ענינים — רעליגיעזע ווי נאַציאָנאַלע. מיר באַפרידיקן זיך נישט מיטן אויפהאַלטן די שוין פאַראַנענע אינסטיטוציעס צי אפילו אויפשטעלן נייע, מיר שטרעבן דערצו, אַז אין די פאַרשידענע קולטורעלע און פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן זאָל הערשן דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער גייסט. האַלטענדיק די קהילה פאַר אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע, אָנערקענען מיר די העברעאישע שפּראַך אַלס אָפיציעלע שפּראַך פון דער קהילה. האָבנדיק אין זין, אַז די קהילה איז אַ יסוד פאַר דער יידישער אויטאָנאָמיע, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַרבעטן פאַרן וואוקס פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע וואָס איז טייער יעדן ייד.

נאָכן אָפּגעבן די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע דערקלערונגען, מעלדעט זיך צום וואָרט ד״ר מיץ, וועלכער זאָגט צוו. אַנד.:

עס איז אַ פּאַרלאַמענטאַרישער מינהג, אַז ביים אָננעמען אַ בודזשעט ווערן אַרומגערעדט נישט נאָר די טרוקענע ציפערן, נאָר אויך די פּראָגראַמען פון די פאַרשידענע גרופּירונגען וועלכע זענען פאַרטראָטן אין ראַט, ווי אויך די שטעלונג פון איין גרופּירונג צו דער צווייטער. מיר זענען איצט אַ דעמאָקראַטישע קהילה און אונדזער אויפגאַבע איז נישט צו באַגרענעצן זיך מיטן דערליידיקן בלויז רעליגיעזע ענינים, נאָר אויך געזעלשאַפטלעכע. דער פאַרגעלייגטער בודזשעט איז ענלעך צום בודזשעט פון פאַר 30 יאָר, און פאַר דער דאָזיקער צייט בעת איך בין אויך געזעסן אין קהילה־ראַט, האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

איך פרעג די ציוניסטן: צי איז דער בודזשעט אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער פּראָגראַם? עס זענען, אמת, פאַראַן סובסידיעס פאַר ציוניסטישע, אָרטאָדאָקסישע און אפילו אַרבעטער־אינסטיטוציעס, אָבער די הכנסות פאַר די דאָזיקע אויסגאַבן דאַרפן געדעקט ווערן דורך קאָנסומציע־שטייערן און נישט דורך דירעקטע שטייערן.

אמת, דער בודזשעט זעט אויך פאָר הכנסות פון דירעקטע שטייערן אויף אַ סומע פון 167 טויזנט זלאָטעס, אָבער די דאָזיקע הכנסות זענען נישט רעאַל, אויב אין פאַרגאַנגענעם יאָר איז פון דעם מין שטייערן אריינגעפלאָסן בלויז 20 טויזנט זלאָטעס. צוליב דעם וועט מען ווייטער מוזן העכערן דעם אָפּצאָל אויף דער א. ג. „קרובקע". מיט וואָס, אייגנטלעך, אויב אַזוי, רעאַליזירן די ציוניסטן זייער פּראָגראַם, בעת דער בודזשעט איז אַ פיקציע און געזעצלעך נישט דערלאָזבאַר?

אויב די קהילה וויל דערפילן איר אויפגאַבע אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, מוז זי אַרויפלייגן אַ 20% שטייער־צושלאָג צום מלוכהשן הכנסה־שטייער וואָס דאַרף איינגעמאָנט ווערן דורך דער פינאַנס־מאַכט.

און ווי זעט אויס דער שלום צווישן די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען? ביי די וואַלן האָבן די ציוניסטן נישט באַקומען קיין אַבסאָלוטע מערהייט

און דעריבער האָבן זיי פאַר דעם ציל צוגעצויגן צו זיך נאָר איין ראַטמאַן, כדי זיי זאָלן מיט נוצן פאַר זיך קאָנען באַזעצן דאָס פּרעזידיום פון ראַט און פון דער פאַרוואַלטונג. צי דאָס הייסט רופן צו שלום? געווען אַ מאָמענט, ווען מען האָט געקאָנט שאַפן אַ מערהייט, אָבער דער דאָזיקער מאָמענט איז דורך די ציוניסטן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן.

צוליב דעם וואָס דער בודזשעט איז נישט רעאַל, לייג איך פאָר מ׳זאָל אים אָפּוואַרפן און דער פאָרשלאַג, ווי אַ פאַרמעלער, זאָל געשטעלט ווערן צו דער אָפּשטימונג.

דער פאָרזיצער דערקלערט, אַז דער פאָרשלאַג פון ד״ר מיץ איז אַ מעריטאָ־רישער און נישט קיין פאָרמעלער, די אָפּשטימונג איבער אים קאָן דעריבער פאָר־קומען נאָר נאָכן רעפעראַט און דיסקוסיע איבערן בודזשעט, און ער גיט דאָס וואָרט דעם רעפערענט.

דער בודזשעט־רעפערענט ד״ר שפּאַן רעדט אַרום זאַכלעך די באַזונדערע טיילן פונעם בודזשעט, ווייזט אָן אויפן וואוקס פון די אויסגאַבן, באַזונדערס אויף דער העכערונג פון געהאַלט פון די קהילה־אָנגעשטעלטע און אויף דער נויטווענדיקייט צו העכערן די דירעקטע שטייערן.

נאָכן רעפעראַט פון ד״ר שפּאַן, מעלדעט זיך צום וואָרט ה׳ אַרטור מאַרגוליעס, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד. ער וואַרפט פאָר דעם ראַט־פאָרזיצער, ח. נייגער, אַז ער האָלט נישט דאָס געגעבענע וואָרט צו פירן אָביעקטיוו די זיצונג. מאַרגוליעס האַלט, אַז דער פאָרשלאַג פון ד״ר מיץ וועגן אָפּוואַרפן דעם בודזשעט איז אַ פאָרמעלער און מען דאַרף אים אָפּשטימען פאַרן אָנהויב פון דער דעבאַטע. ער טרעט ארויס קעגן פאָרזיצער, וועלכער פאַרגוואַלטיקט די רעכט פון ראַט און אַפּעלירט צום קהילה־ראַט ער זאָל באַשטימען אין דער פראַגע.

ד. באַטיסט, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, דערקלערט, אַז דער פאָרשלאַג פון ד״ר מיץ איז אַ מעריטאָרישער. הגם באַטיסט און זיינע חברים וועלן שטימען קעגן בודזשעט, האַלט ער דאָך, אַז מען דאַרף דעם בודזשעט באַטראַכטן, כדי יעדער זאָל קאָנען אַרויסזאָגן זיין שטאַנדפּונקט און אויפקלערן צוליב וועלכע סיבות די בונדיסטן וואַרפן אָפּ דעם בודזשעט.

נאָך דער אויפקלערונג פון ה׳ באַטיסט, אַז דער פאָרשלאַג אָפּצוּוואַרפן דעם בודזשעט איז נישט קיין פאָרמעלער, איז ד״ר מיץ מסכים, עס זאָל פאָרקומען אַ דיסקוסיע איבערן בודזשעט און איבער זיין פאָרשלאַג. דער פאָרזיצער פון ראַט דערקלערט, אַז נאָכן שליסן די אַלגעמיינע דעבאַטע און נאָכן אַריבערגיין צו אַ פּרטימדיקער דיסקוסיע, וועט דער פאָרשלאַג פון ד״ר מיץ געשטעלט ווערן צו דער אָפּשטימונג. נאָכדעם גיט דער פאָרזיצער דאָס וואָרט דעם ה׳ מעהר.

ה׳ מעהר, פאָרשטייער פון אגודה, שאַצט אָפּ קריטיש דעם פאָרגעלייגטן בוד־זשעט און דערקלערט, אַז פריער פאַר אַלץ דאַרף מען שטרעבן אויפצוהאַלטן און פלעגן די שוין עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע קהילה־אינסטיטו־ציעס. דער רעדנער קריטיקירט, וואָס די מקוה און דאָס שפּיטאָל גיבן נישט די געהעריקע הכנסות און פאַרגלייכט דעם מצב צו ענלעכע אַנשטאַלטן אין קראָקע און פשעמישל. די מקוה אין קראָקע צ״ב גיט אַ יערלעכע הכנסה פון 100.000 זלאָטעס.

און די הכנסות פון היילן קראַנקע אין פשעמישלער שפּיטאָל דעקן 80% פון שפּיטאָל־בודזשעט, בעת ביי אונדז — נאָר 20%. דער רעדנער שטעלט פעסט, אַז אין דער מקוה און אין שפּיטאָל הערשן אומאָרדענונגען, עס ווערן נישט דורכגעפירט קיין אינוועסטיציעס. די מקוה איז נישט איינגעאָרדנעט ווי געהעריק און ווערט נישט געהאַלטן אין אַ גענוגנדיקן היגיעניש מצב. ה׳ מעהר וואַרפט אויך פאָר דער שפּיטאָל פאַרוואַלטונג אַז זי איז ביוראָקראַטיש, און דאָס העכערן דעם געהאַלט דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל איז נישט באַגרינדעט. דער רעדנער לייגט פאָר, אַז די קראַנקע פון די פאַרמעגלעכע און מיטל־פאַרמעגלעכע שיכטן וואָס געניסן פון שפּיטאָל, דאַרפן פאַרפליכטעט ווערן איינצוצאָלן אַ באַשטימטן סכום, כדי דאָס שפּיטאָל זאָל נישט האָבן קיין דעפיציט. צום סוף דערקלערט ה׳ מעהר, אַז ער און די אָפּאָזיציע אין ראַט אין וועמענס נאָמען ער רעדט, וועלן שטימען קעגן בודזשעט, דערפאַר, ווייל די אָפּאָזיציע האָט נישט קיין פאַרטרעטער אין פּרעזידיום.

ה׳ באַטיסט רעדט אין נאָמען פון בונד. צוו. אנד. זאָגט ער פאָלגנדעס:

דער פאַרגעלייגטער בודזשעט־פּראָיעקט באַשטעטיקט, אַז ער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אונטערן איינפלוס פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי און פון די קלעריקאַלע גרופּירונגען. די ציוניסטן זענען די שטאַרקסטע ריכטונג אין דער יידישער געזעל־שאַפט. זיי ווילן לייזן די יידנפראַגע אויפן טעריטאָריאַלן יסוד. מיר בונדיסטן באַקעמפן אַנטשלאָסן די דאָזיקע ריכטונג, ווייל מיר האַלטן, אַז אין לעבן אַנטשיידן עקאָנאָמישע מאָמענטן און נישט ראָמאַנטישע לאָזונגען.

די באַנקראָטירטע ציוניסטישע אידעע ברענגט שאָדן די אינטערעסן פון די יידישע מאַסן, ווייל עס ווערט פאַרלוירן ענערגיע און קאַפּיטאַלן אויף ווייטע און ניטש־רעאַלע צילן. דער ציוניזם רייסט אָפּ די יידישע מאַסן פונעם קאַמף דאָ אויפן אָרט, פון קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. די שטרעבונג פון די ציוניסטן איז אויך אין סתירה מיטן פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג רעכט פון אַראַבישן פאָלק אין פּאַלעסטינע. די גאַנצע באַלפור־דעקלאַראַציע און דער מאַנדאַט פון ענגלאַנד איבער פּאַלעסטינע איז נישט מער ווי אַן אימפּעריאַליסטישער אינסטרומענט פון דער ענגלישער פּאָליטיק.

איבערגייענדיק צו דער שפּראַכן־פראַגע, פרעגט ה׳ באַטיסט: צי דאָס ווירקלעכע לעבן באַשטעטיקט דעם ציוניסטישן פּראָגראַם? כמעט 90% פון דער יידישער באַפעלקערונג רעדט יידיש. עס עקזיסטירט אַ גרויסע נעץ יידישע שולן וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורכן אַרבעטער, בעת די ציוניסטן ווילן איצט, קעגן דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אַז די העברעאישע שפּראַך זאָל ווערן די שפּראַך פון יידישן פאָלק. דער שפּראַכן־קאַמף ביי יידן רופט ארויס דעם רעזולטאַט, אַז די פּוילישע רעגירונג וויל נישט אונטערשטיצן נישט די יידישע — נישט די העברעאישע שולן.

די ציוניסטן זענען אַ שטאַרקע פּאַרטיי, נאָר אויב אָבער עס גייט דער קאַמף צווישן רייך און אָרעם, צווישן גוטבאַזיצער און פּויערים, אויף וועמענס זייט זענען די ציוניסטן? אין בעסטן פאַל קוקן זיך די ציוניסטן גלייכגילטיק צו דעם דאָזיקן קאַמף און שפּעטער געניסן זיי פון די רעכט וואָס דאָס פאָלק האָט אויסגעקעמפט. דאָ אין לאַנד פירן די ציוניסטן אַזאַ פּאָליטיק ווי עס האָבן אַמאָל געפירט די

אַסימילאַטאָרן. דאָס באַווייזן אַזעלכע פאַלן, ווי דער פשרה־אָפּמאַך צווישן „יידישן קאָלאָ" און גראַבסקי, ווי אויך די שטעלונג פון די ציוניסטן אין רומעניע לגבי דער דאָרטיקער פּויערים־רעגירונג. די ציוניסטן מיינען, אַז דורך פּראָטעקציע קאָן מען באַקומען רעכט, ווייל זיי גלויבן נישט אין זייערע אייגענע כוחות און ווילן נישט נעמען קיין אָנטייל אין די קאַמפן וואָס עס פירט די דעמאָקראַטיע פון פוילישן פאָלק.

די דעמאָקראַטיעס פון אַלע פעלקער קעמפן מיט דער איצטיקער רעגירונג און די ציוניסטן האָבן דערקלערט אין סענאַט, אַז פאַרן פרייז פון קליינע הנחות זענען זיי גרייט צו שטימען פאַרן בודזשעט. צי האָבן די ציוניסטן עפּעס־וואָס געטאָן אין סיים כדי אָפּצוהאַלטן דאָס געזעץ וועגן לאָקאַטאָרן־שוץ?

ווענדנדיק זיך צו די אָרטאָדאָקסן, שטעלט פעסט דער רעדנער, אַז זיי וואָלטן געוואָלט באַגרענעצן דאָס היינטיקע לעבן מיט קאָנסערווירן רעליגיעזע פאָרמולעס. וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט האָבן די אָרטאָדאָקסן אין דער פראַגע פון פּראָפעסיאָנעל איבערשיכטן די יידישע באַפעלקערונג? די אָרטאָדאָקסן, זייענדיק אייגנטימער פון גרויסע פאַבריקן, לייזן די פראַגע אויף אַ פשוטן אופן: יידן טאָרן נישט אַרבעטן אין שבת, און אַזוווי די פאַבריק מוז זיין טעטיק דעם דאָזיקן טאָג, נעמען זיי נישט צו דעריבער קיין יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן חס ושלום נישט דאַרפן מחלל שבת זיין. אין רעזולטאַט: די יידישע אַרבעטער קאָנען נישט באַקומען קיין אַרבעט און קיין באַשעפטיקונג. די ציוניסטן בייגן זיך פאַר די אָרטאָדאָקסן, וועלכע יעדער קאָן קויפן. די אָרטאָדאָקסן שטיצן יעטוועדע רעגירונג. צום ערשט האָבן זיי זיך געבוקט פאַר וויטאָסן, היינט — פאַר דער איצטיקער רעגירונג, און ווען אין דער צוקונפט זאָל פאָרקומען אַן ענדערונג אין דער מאַכט און ס'וואָלטן געקומען מענטשן פיינט־לעכע צום איצטיקן רעזשים, וועלן זיי אויך די אונטערשטיצן. דעם קלעריקאַליזם דאַרף מען אויסראָטן. מיר טרעטן נישט אַרויס קעגן רעליגיע ווי אַזעלכע, אָבער מיר פאַראורטיילן די קלעריקאַלע ריכטונגען, וועלכע נוצן אויס די רעליגיע אויף אַ צבועקישן אופן.

צום סוף ווענדעט זיך דער רעדנער צו די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער אַסימי־לאַציע וואָס גורפירן זיך אין דער פאָלקס־פאַרטיי פון ד"ר מיץ: איר האָט איבערגעמאָלן די שילד אויף נאַציאָנאַל־יידיש, אָבער דאָס איז נישט גענוג. די יידישע פאָלקס־פאַרטיי האָט צוזאַמען מיט „יד חרוצים" דערקלערט בעת די קהילה־וואַלן, אַז זיי באַקעמפן פאַרטייאישקייט. דאָס זענען די מענטשן, וועלכע יעדע רעגירונג באַנוצט אויף אונטערצודריקן די יידישע באַוועגונג, זיי האָבן ערשט נישט לאַנג זיך געחברט מיט וויטאָסן. קיין שום באַפּוצונגס־פעדערן וועלן שוין נישט העלפן די דאָזיקע הערן, מיר וועלן זיי אינגיכן באַזייטיקן פון פאָליטישן לעבן. די דאָזיקע לעצטע מאָהיקאַנער פון אַסימילאַציע האָבן אליין אויפגעשטעלט אַ בודזשעט־פּראָיעקט אין פאַרשטענדיקונג מיט אַנדערע בורזשואַזע און קלעריקאַלע פאַרטייען, אין דער פאַרוואַלטונג האָבן זיי אַליין באַשטעטיקט אַלע בודזשעט־פּאָזיציעס און איצט, אויפן ראַט, שפּילן זיי אַ קאָמעדיע, פּעסטשטעלנדיק, אַז זיי וואַרפן אָפּ דעמזעלבן בודזשעט וועלכן זיי האָבן אַקצעפּטירט אין דער פאַרוואַלטונג. דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט דער כוונה אויסצופּרעסן פאַר זיך הנחות אין פּרעזידיום.

אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג — דערקלערט דער רעדנער, — ווען איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען ביי דער פראַגע פון איבערשיקן דעם בודזשעט צום ראַט, האָט ד״ר זילביגער דעמאָנסטראַטיוו פאַרגעלייגט דאָס צו פּאַרפּראָטאָקאָלירן. פון ווען אָן קאָנטראָלירט עס ד״ר זילביגער די טעטיקייט און טאַקטיק פון בונד? דעם ד״ר זילביגער און זיינע חברים זאָגן מיר אָפּ די רעכט צו מישן זיך אין אונדזערע ענינים. מיר זאָגן אָפּ די דאָזיקע רעכט אויך אַלע קאַפּעען־פּאָליטיקאַנער.

דער רעדנער קריטיקירט שאַרף דעם טייל פון בודזשעט־פּראָיעקט וואָס לייגט פאָר צו העכערן די געהעלטער דעם רב און די געהילפן אין ראַבינאַט, די א. ג. דיינים. די דאָזיקע מענטשן אַרבעטן נישט און נעמען געלט פון דער קהילה און פון די אינטערעסאַנטן. מען מוז פאַרטיידיקן די באַפעלקערונג קעגן אויסנוצן זי מצד דעם ראַבינאַט און פעסטשטעלן פאַר די רבנים אַ טאַריף פאַר באַשטימטע דורך זיי דורכגעפירטע טעטיקייטן. צום סוף פון זיין רעדע סטעמפּלט ה׳ באַטיסט דעם בודזשעט אַלס שוואַרצן, קלעריקאַלן, וועמענס אויסגאַבן זענען באַשטימט אויף נישט פּראָדוקטיווע צילן, און דערקלערט, אַז צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות, וועט די בונדישע פראַקציע שטימען קעגן בודזשעט.

אין נאָמען פון מזרחי האָט גערעדט וואָלף געצלער, וועלכער באַקעמפט די אויספירן פון דער בונדיש־אָרטאָדאָקסישער אָפּאָזיציע. עס איז אוממעגלעך זיך פאַר־צושטעלן אַזאַ זאַך — זאָגט ה׳ געצלער — ווי דאָס באַזייטיקן פון דער קהילה רעליגיעזע ענינים. ביי יידן זענען רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט איינהייטלעכע באַגריפן. ווער עס טרעט אַרויס פון אונדזער רעליגיעזער געזעלשאַפטלעכקייט, דער פאַלט אָפּ פון שטאַם און פון יידישן פאָלק.

די אָפּאָזיציע מאַכט אונדז פאָרוואורפן, אַז מיר גיבן אַוועק אונדזער ענערגיע און קאַפּיטאַלן אויף וויטערע צילן און פאַרנאַכלעסיקן דערביי די אינסטיטוציעס אין די גלות־לענדער. דער דאָזיקער פאָרוואורף איז לחלוטין נישט ריכטיק, ווייל די ציוניסטן זענען דאָ אין לאַנד טעטיק אויף יעדן געביט. נאָר די אינסטיטוציעס וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך ציוניסטן און ווערן דורך זיי געפירט, אַנטוויקלען זיך צום גונסטן פאַרן יידישן פאָלק. מיר זענען גרייט צו העלפן. מיר גיבן אונדזער אַרבעט און אונדזער געלט, בעת איר, וועלכע רופן זיך אָרטאָדאָקסן, דרייט זיך אַרויס פון יעטווידער אַרבעט און שפּענדונג. די אינסטיטוציעס וואָס ווערן דורך אייך אָנגעפירט, זענען פאַרנאַכלעסיקט און שמוציק. די רייכסטע פון אייך האָבן נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכע ענינים און פאַרמאַכן זייערע קעשענעס, ווען מען דאַרף געבן אַ נדבה. מיט רעכט האָט נישט די יידישע באַפעלקערונג קיין צוטרוי צו אייך, ווייל זי ווייסט, אַז איר זענט נישט פעאיק אָנצו־פירן מיט געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און האָט נישט קיין חוש פאַר אָרגאַני־זאַציאָנעלער אַרבעט.

דאָס פאַרנאַכלעסיקן די תלמוד־תורה, וועלכע זינקט אין שמוץ און אין אָפּגעלאָזנקייט, אילוסטרירט אַמבעסטן אייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן און אייער קרבנות־גרייטקייט. איר דערציט קינדער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי ווערן פיזישע און גייסטיקע קאַליקעס. מאַכט דאָרט אָרדענונג, דעמאָלט וועט איר האָבן רעכט צו קריטיקירן אונדזערע אינסטיטוציעס, וואָס אין יעדער הינזיכט שטייען

זיי אויף אַ הויכער מדרגה און זענען דער שטאָלץ פון דער יידישער געזעלשאַפט. מיר גופא זענען נישט אַנטציקט מיטן פאָרגעלייגטן בודזשעט־פראָיעקט, אָבער מיר ווייסן, אַז שטופנווייז וועט קומען אַ פאַרבעסערונג און אַז די פאַרווירקלעכונג פון אונדזער קהילה־פראָגראַם קאָן קומען אין אַ קורצער צייט.

ד״ר פייג, פאָרשטייער פון התאחדות, פּאָלעמיזירט מיט די אויספירן פון ה׳ באַטיסט איבער זיין קריטיק איבערן ציוניסטישן פראָגראַם. נישט דער קלאַסן־קאַמף — זאָגט ד״ר פייג — נאָר דאָס אויסגלייכן דעם אונטערשיד צווישן די קלאַסן, קאָן אַ סוף מאַכן צו די סאָציאַלע קאַמפן.

די שפּראַך־פראַגע איז דורכן בונד פאַלש אויפגעפאַסט. דאָס לעבן אין ארץ־ישראל האָט באַוויזן, אַז די העברעאישע שפּראַך איז אַ לעבעדיק שפּעריש לשון און אויף אַזאַ אופן פאַרבינדן מיר זיך מיט אונדזער אַלטער קולטור און שאַפן נייע קולטור־ווערטן. אונדזער פראָגראַם וואָס שטרעבט לייזן די יידנפראַגע אויפן טעריטאָריאַלן פּרינציפּ, איז דאָס איינציק־גערעכטע. די רוסישע סאָציאַליסטן, נאָכן באַקומען די מלוכה־מאַכט, זענען אויך צוגעטרעטן לעזן די יידנפראַגע אויפן טערי־טאָריאַלן פּרינציפּ, און דערפון די אָנשטרענגונגען פון די באָלשעוויקעס צו שאַפן יידישע קאָלאָניעס אין ביראָבידזשאַן.

ה׳ מעהר פון אגודה ענטפערט אויף די אויסיפירונגען פון זיינע פּאָליטישע קעגנער און פרעגט די בונדיסטן: פאַרוואָס זיצן זיי אין דער קהילה, וויבאַלד דאָס איז אַן אינסטיטוציע אויף צו דערליידיקן רעליגיעזע ענינים און באַדערפעניש, — זיי ווילן דאָך אויסשליסלעך אַ וועלטלעכע קהילה. די אגודה באַקעמפט דערפאַר די ציוניסטן, ווייל לויט אונדזער מיינונג, זענען זיי ווייניק רעליגיעז. אויסער דעם באַקעמפן מיר זייער שטרעבונג און קולטור־לאָזונגען ווי אַזעלכע וואָס קאָנען אָפּשוואַכן דעם רעליגיעזן גייסט ביי יידן. די ציוניסטן האַלטן מיר פאַר אַסימילאַטאָרן. מיר האַלטן, אַז דער פאָרגעלייגטער בודזשעט איז אַ גוטער און מיר זענען מסכים אויף אַלע זיינע פּאָזיציעס. אָבער מיר וועלן שטימען קעגן אָננעמען דעם בודזשעט, ווייל אונדז גייט וועגן אַן אָרט אין פּרעזידיום.

ד״ר זילביגער דערלערט, אַז זיין גרופּע האָט געוואָלט צוזאַמענאַרבעטן מיט די ציוניסטן, וועלכע ווילן אָבער אַליין הערשן אין דער קהילה און דערפאַר האָבן זיי זיך צוזאַמענגערעדט מיט לעוו׳ן. איר מוזט רעזיגנירן פון לעוו׳ן, און דעמאָלט וועט זיין מעגלעך אַ צוזאַמענאַרבעט. אין דער פאַרוואַלטונג האָבן מיר געשטימט פאַר יעדער בודזשעט־פּאָזיציע, נאָר וויבאַלד עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳זענען פאַראַן געוויסע בלויזן, האָבן מיר געוואָלט באַזונדער רעווידירן יעטוועדע פּאָזיציע אין בודזשעט.

אין אַ גלענצענדער פּרעכטיק־געבויטער רעדע ענטפערט אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ד״ר שפּאַן אויף די באַזונדערע פאָרוואורפן מצד דער אָפּאָזיציע. ווענדנדיק זיך צו ד״ר זילביגער, זאָגט ד״ר שפּאַן, אַז פּונקט ווי אין פּריוואַטן לעבן קאָן מען פאַרלאַנגען פון מענטשן זיי זאָלן זאָגן אמת און ריכטן זיך נאָר מיטן אמת, אַזוי אויך אין דער פּאָליטישער טעטיקייט מוזן מיר קעמפן מיט דער הילף פון אמת. דעריבער פאָדערט דער רעדנער, אַז אויך דאָ זאָל געזאָגט ווערן דער אמת.

איך שטעל פעסט — זעצט פאָר ד״ר שפּאַן — אַז ס׳איז אמת, אז ד״ר זילביגער האָט אַנטיילגענומען אין די באַראַטונגען פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג און מסכים געווען אויף אַלע פּאָזיציעס אינעם בודזשעט־פּראָיעקט. עס איז אויך אמת, אַז איידער דער בודזשעט־פּראָיעקט איז פאָרמעל איבערגעשיקט געוואָרן צום קהילה־ראַט, האָבן די הערן פון דער אָרטאָדאָקסיש־פאָלקיסטישער ריכטונג פאַרלאַנגט איבערצורייסן די זיצונג, גערופן אַ פאַרטרוילעכע באַראַטונג, איינגעלאַדן דעם ד״ר עהרענפרוינד און זיינע חברים אויף אַ קאָנפערענץ און געפאָדערט אַן אָרט אין פרעזידיום אַלס באַלוינונג פאַר זייער אָננעמען דעם בודזשעט.

אויף דעם, חשובע הערן, האָט איר באַקומען אַ תשובה, אַז די דאָזיקע פאָדערונג איז אַמווייניקסטנס אויף דער צייט און אַזאַ מסחר מיט פרעזידיום־בענקלעך איז נישט דערלאָזבאַר, נאָכמער דערפאַר, ווייל עס איז איצט נישט דאָ קיין מעגלעכקייט צו צווינגען אויסגעווײלטע, זיי זאָלן אָפּטרעטן. די דאָזיקע תשובה און נישט די כלומרשטע אומרעאַלקייט פון בודזשעט, האָט אייך באַוואויגן צו שטימען קעגן אָפּשיקן דעם בודזשעט צום קהילה־ראָט.

ווענדנדיק זיך צום אָרטאָדאָקסישן ראַטמאַן פון אגודה, ה׳ מעהר, כאַראַקטעריזירט ד״ר שפּאַן זיין רעדע ווי אַ דורכאויס נישט רעליגיעזע, ווייל לויט די רעליגיעזע פּרינציפּן דאַרף מען זאָגן אמת — און מעהר באַנוצט זיך אין זיין קאַמף מיט נישט־אמת. ווייל נישט־אמת איז, אַז אין יידישן שפּיטאָל הערשט אַ פּראָטעקציע־סיסטעם אָדער עס זאָלן דאָרט פאָרקומען מיסברויכן און פאַרשווענדונגען. מען דאַרף זיך רעכנען מיט ווערטער, אויב עמען וואַרפט מען פאָר דער שפּיטאָל־אָנפירונג אַז זי באַגייט מיסברויכן, און ס׳איז נישט גענוג ווען מען ציט נאָר צוריק דעם אויסדרוק „מיסגעברויכט”, וואָס ער האָט באַנוצט אין זיין רעדע. ה׳ מעהר האָט אויף אַ פאַרזאַמלונג אונדז געהאַט פאָרגעוואָרפן, אַז מיר האָבן נישט קיין סך אויפגעטאָן פאַרן שפּיטאָל, מיר האָבן עס בלויז אויסגעקאַלכט. עס איז אמת, אַז מיר האָבן געלאָזט אויסווייסן דעם בנין און מיר קאַלכן אים כסדר. מיר פאַרטיליקן די ווערים אין יעטוועדער פאָרם. דאָס שפּיטאָל און זיין אָרגאַניזאַציע אַרבעטן אָן פאָרוואורפן. דער דאָזיקער אַנשטאַלט איז דער שטאָלץ פון דער קהילה און פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע.

אמת איז, אַז די הכנסות פון שפּיטאָל זענען מינימאַלע, די קהילה דערלייגט גרויסע סומען אויף אויסצוהאַלטן עס, און דאָס איז דערפאַר, ווייל עס איז אַ געבאָט פון דער רעליגיע, אַז יעדער אָרעמער קראַנקער זאָל געהיילט ווערן בחנם. מיר שטרעבן טאַקע דערצו, אַז דאָס שפּיטאָל זאָל נישט האָבן קיין שום הכנסות און מיר רעזיגנירן פון די איינקונפטן וואָס ווערן געשלעפּט פון אָרעמע יידן וואָס נויטיקן זיך אין מעדיצינישער אויפזיכט. אין שפּיטאָל קומען נישט קיין פאַרמעגלעכע מענטשן, און אויב עס געשעט אַזאַ פאַל, נעמען מיר דעם געהעריקן אָפּצאָל.

אייך, פאָליטיקער פון דער אָרטאָדאָקסיע, געפעלט נישט די ריינקייט און מוסטערהאַפטע אָרדענונג וואָס הערשט אין שפּיטאָל. צוליב פּאָליטישע צילן ווילט איר אויסנוצן די אומצופרידנקייט פון קליינע גרופּן פון דער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע פילן זיך נישט גוט אין אַ היגיענישן און ריין־געהאַלטענעם בנין. אָנשטאָט איר זאָלט די דאָזיקע יידן איבערצייגן אַז אין אַ שפּיטאָל מוז הערשן ריינקייט און אָרדענונג

און אַז מ׳קאָן נישט צו יעדער צייט — באַטאָג און ביינאַכט — קומען מיט וויזיטן צו קראַנקע, ווילט איר גאָר אויסנוצן די דאָזיקע אומצופרידנקייט פאַר פּאָליטישע צוועקן.

אויב עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן באַגרינדעטע פּאָסטולאַטן, ווי צ״ב דאָס אַננעמען אין שפּיטאָל מענער אַלס סאַניטאַרן, איז די איצטיקע פאַרוואַלטונג גרייט נאָכצוקומען דער דאָזיגער פאָדערונג, אויב דער ראַבינאַט וועט עס אָנערקענען פאַר נויטיק, אין איינקלאַנג מיט די רעליגיעזע פאַרשריפטן.

די רעדע פון ה׳ באַטיסט באַצייכנט ד״ר שפּאַן ווי אַ דעמאַגאָגישע, וואָס האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיטן פאַקטישן מצב. אין קאַמף פאַר יידישער גלייכ־באַרעכטיקונג נעמען מיר דעם אַקטיווסטן אָנטייל. קיין שום יידישע פּאַרטיי קאָן זיך אויף דעם געביט נישט גלייכן מיט אונדזער אַקטיוויטעט. וואָס שייך דעם מעטאָד פון דער דאָזיקער טעטיקייט — געהער עס שוין צו אונדז.

מיר האַלטן, אַז יידן קאָנען זיך נישט שטיצן אויף פיזישן כוח און דעריבער קאָן מען נישט מיט גוואַלט־מיטלען פאָדערן רעכט. מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שעמען מיט דער פשרה וואָס איז געמאַכט געוואָרן צווישן יידישן סיים קאָלאָ און גראַבסקין. דאָס דערוווערבן עלעמענטאַרע רעכט דורך פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף און פאַר־שטענדיקונג פון די יידן מיט דער פּוילישער רעגירונג — ליגט אויף דער ליניע פון אונדזער פּראָגראַם. מיר אַפּעלירן צו די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט, און אויב די פּוילישע רעגירונג וויל אָנערקענען אונדזערע גערעכטע פּאָסטולאַטן, שעמען מיר זיך נישט דערמיט, נאָר פאַרקערט, מיר האַלטן אַז די פאַרשטענדיקונג צווישן יידן מיטן פּוילישן פאָלק איז אַ נויטווענדיקייט. דער אויסדריקער פון דער מיינונג פון פּוילישן פאָלק קאָן זיין נאָר די פּוילישע רעגירונג, און נישט קיין באַזונדערע פּאַרטייען, ווי פּ.פּ.ס., וועמענס שוץ עס זוכט דער בונד.

ענטפערנדיק אויף די אויספירן פון ה׳ באַטיסט בנוגע דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, האָט ד״ר שפּאַן אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג, וואָס אויפן געביט פון קאַמף אין דער יידישער קהילה, מיינט ה׳ באַטיסט אַז די אַראַבער זענען באַדראָט דורך די יידן. מיר גייען נישט קיין ארץ־ישראל מיט פייער און שווערד, מיר ווילן נישט קיינעם באַזייטיקן פון דאָרט, ווי עס איז געשען מיט אונדז מיט 2,000 יאָר צוריק. מיר ברענגען קיין ארץ־ישראל קולטור, אונדזערע קאַפּיטאַלן און אַרבעטס־ענערגיע. דער אויפבוי פון ארץ־ישראל דורך די יידן ברענגט אויך גליק און וואויל־שטאַנד די אַראַבער. עס איז נויטיק די פּראָפּעסיאָנעלע איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. פאַראַן צווישן אונדז צופיל סוחרים און מענטשן פון נישט־באַשטימטע פּראָפעסיעס. דער דאָזיקער איבערפלוס איז פאַר דער מלחמה באַזייטיקט געוואָרן דורך עמיגראַציע. ה׳ באַטיסט אָנערקענט אַוודאי די נויטיקייט פון עמיגראַציע, ער איז אָבער געגן עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל. דער שטאַנדפּונקט פון בונד רופט אַרויס נאָך מער פאַרוואונדערונג דערמיט, וואָס די פירער פון די מערב־אייראָפּעאישע סאָציאַליסטן, ווי בלום, מאַקדאָנאַלד, וואַנדערוועלדע און אַנדערע, באַוואונדערן אין ארץ־ישראל דאָס אויפבוי־ווערק פון די ציוניסטן און אַרבעטן מיט מיט אונדז אין די פּראָ־ארץ־ישראלדיקע קאָמיטעטן.

דער פירער פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, לעאָ בלום, דער געוועזענער

און זיכער אויך דער צוקונפטיקער פרעמיער פון דער ריזיקער ענגלישער אימפעריע, מאקדאנאלד, דער פירער פון די בעלגישע סאציאליסטן און פיל פיל אנדערע, זעען אין אויפבוי פון ארץ־ישראל א קאלאסאלן פארטשריט און היסטארישע גערעכטיקייט, אבער נאר ה׳ באטיסט באקעמפט אונדז. מיט דער גאנצער אנטשלאסנקייט ווארפן מיר אפ דעם פארוואורף, אז מיר זענען כלומרשט קלעריקאלן. אונדזער ביזאיצטיקע ארבעט אויף דער יידישער גאס ווייזט דעם היפוך דערפון. מיר אנערקענען אבער אז רעליגיע און יידישע נאציאנאליטעט זענען צווישן זיך אזוי ענג פארבונדן, אז מען קאן נישט אפטיילן איין באגריף פון צווייטן. שטייענדיק דעריבער אויף דעם שטאנדפונקט, זענען מיר אין דער מיינונג, אז די יידישע קהילה איז בארופן דערצו זי זאל רעגולירן און אויפהאלטן די רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

צום סוף ווענדעט זיך ד״ר שפאן צו די ארטאדאקסן און קלערט אויף, אז די ציוניסטן האבן געוואלט צולאזן ארטאדאקסן צום פרעזידיום, אבער די אמתע ארטאדאקסן און נישט קיין פאליטיקאנער וואס האבן נישט קיין שום געמיינזאמס מיט רעליגיע, נאר אויפן חשבון פון ארטאדאקסיע ווילן זיי באקומען מאכט און איינפלוס. אייער אפעדטע איז דורך אונדז אפגעווארפן געווארן, ווייל איר האט נישט קיין אייגענעם ווילן, אייגענעם פארשטאנד, מיט אייך פירט עמעץ אן, ווען ס׳איז נישט אויף דער האנט, אז אין קהילה זאל הערשן אן אטמאספער פון שלום און צוזאמענארבעט. מיר האבן אייך געוואלט געבן מער וויפל איר פארלאנגט איצט, נאר איר האט געשפילט „וא־באנק״ און אלץ פארשפילט. היינט פארלאנגט איר פון אונדז הנחות וועלכע קאנען נישט מער רעאליזירט ווערן צוליב די פארגעקומענע וואלן וואס זענען באשטעטיקט געווארן דורך דער אויפזיכטס־מאכט.

נאך דער רעדע פון ד״ר שפאן האט דער פארזיצער געשלאסן די זיצונג.

אויף דער דאזיקער זיצונג האט דער בונדישער ראטמאן גרינבוים אריינגעטראגן א פארשלאג, אז די פראטאקאלן פון די ראט־זיצונגען זאלן געפירט ווערן אין דער יידישער שפראך.

*

אויף דער זיצונג פון קהילה־ראט, פארגעקומען דעם 30־טן מערץ 1929 יאר, איז דער ערשטער רעדנער געווען ה׳ מעהר, פארשטייער פון אגודה. ער האט זיך באמיט אפצוווארפן די פארוואורפן וואס די ציוניסטישע רעדנער האבן געמאכט אויפן אדרעס פון די ארטאדאקסן. ער האט פארגעווארפן די ציוניסטן: זיי זענען נישט רעליגיעז, ווייל זיי האלטן רעליגיע פאר א פריוואטע זאך; די ציוניסטישע סיים־דעפוטאטן דערפילן נישט זייערע פליכט און נעמען נאר פענסיע; די קראנקן־שוועסטער אין טארנער שפיטאל זענען אנטיסעמיטקעס. ה׳ מעהר האט פארטיידיקט די אומריינקייט אין תלמוד־תורה. ער האט געטענהט, אז די תלמוד־תורה קאן נישט געהאלטן ווערן ריין, ווייל די ארטאדאקסן האבן נישט קיין פאנדן. צום סוף פארלאנגט דער רעדנער אן ארט אין פרעזידיום, ווייל מיט אייערע ניין שטימען אויף דער אלגעמיינער צאל פון צוואנציק, וועט איר נישט קאנען אנפירן מיט דער קהילה.

נאכדעם ווי דעם פארזיץ נעמט איבער ה׳ לעוו, באקומט דאס ווארט חיים נייגער, וועלכער דריקט אויס די צופרידנקייט, וואס די דיסקוסיע, מיט קליינע אויסנאמען, איז געשטאנען אויף א הויכן ניווא. ענטפערנדיק דעם פארשטייער פון בונד,

שטרייכט אונטער דער רעדנער, אַז די ציוניסטן קאָנען נישט און ווילן נישט פירן קיין קלאַסן־פּאָליטיק, נאָר אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אין נאָמען פון אַלע יידישע שיכטן אין טאָרנע, באַזונדערס פאַרן וואויל פון אַרבעטער. דאָס יידישע פאָלק באַשטייט נישט פון בלויז אַרבעטער, ווייל אַרבעטער ביי אונדז זענען אַ קליינע מינדערהייט. עס איז דעריבער פּשוט נישט פאַרשטענדלעך, הלמאַי דער בונד אוזורפּירט זיך די רעכט פון רעפּרעזענטירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אייער באַציאונג צו דער שפּראַך־פראַגע איז משונהדיק. איר באַקעמפט פאַרביסן די העברעאישע שפּראַך און אויף זיצונגען באַמיט איר זיך אפילו צו שטערן די וואָס רעדן העברעאיש. קיין שום שפּראַך באַקעמפט איר נישט, און דאָס טוט איר נאָר אין באַצוג צו עברית, אין וועלכע עס זענען געשריבן די מייסטערווערק פון אונדזער ליטעראַטור און מיט וועלכער עס רעדט אַ באַדייטנדיקער טייל פון אונדזער פאָלק אין גלות און אַלע יידן אין ארץ־ישראל. אויב איר פאַרשטייט נישט די העברעאישע שפּראַך, טאָ שעמט זיך און זיצט שטיל, ווען עמעץ רעדט אין דער שפּראַך. אויך מיר אָנערקענען די וויכטיקייט פון דער יידישער שפּראַך און באַנוצן זיך מיט דעם לשון. מיר האַלטן, אַז ביידע שפּראַכן דאַרפן זיין גלייכבאַרעכטיקט און די צוקונפט וועט ווייזן וועלכע וועט זיגן און פאַרבלייבן די נאַציאָנאַלע שפּראַך. מיר ווילן, אַז די העברעאישע שפּראַך, ווייל מיר ווילן אָנקניפּן אָן דער אַלטער גרויסער העברעאישער קולטור און די אויפלעבונג פון דער דאָזיקער שפּראַך אין ארץ־ישראל באַרעכטיקט אונדזער שטעלונג.

די הערן פון דער אָרטאָדאָקסיש־פאָלקיסטישער ליסטע ווילן נאָר אַ בענקל און פאַר דעם זענען זיי גרייט אומצוברענגען די באַקומענע אויטאָנאָמיע. די דאָזיקע הערן מיינען, אַז מיט אָפּוואַרפן דעם בודזשעט וועט קומען אַן אויפלייזונג פונעם קהילה־ראַט און אַ קאָמיסאַר פון זייערע רייען וועט איבערנעמען די הערשאַפט אין דער קהילה. די דאָזיקע האָפענונגען קאָנען אַמאָל פאַרפירן און איר וועט טראָגן די אחריות פאַרן יידישן פאָלק צוליב דער דאָזיקער דעסטרוקטיווער אַרבעט.

עס רעדן נאָך די ה״ה האָלענדער, ד״ר שפּאַן, ד״ר פייג און וואָלף געצלער.

ה׳ באַטיסט פּאָלעמיזירט מיט די פריערדיקע רעדנער, וועלכע ער באַצייכנט אַלס בורזשואַזע. ער דריקט אויס זיין פאַרוואונדערונג, וואָס די אָרטאָדאָקסן קעמפן קעגן די ציוניסטן, בעת עס טיילט זיי נישט קיין סך און אַן אויסגלייך וואָלט זייער מעגלעך געווען. דער רעדנער חזרט איבער זיינע פריערדיקע אויספירן און שטעלט פעסט, אַז די ציוניסטן נעמען נישט קיין אָנטייל אינעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע. ווען אין דער נאָענסטער צוקונפט וואָלט אויסגעבראָכן אַ קאַמף געפירט דורך די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן קעגן איצטיקן רעגירונגס־סיסטעם און פאַר דעמאָקראַטיע, וואָלטן די ציוניסטן זיכער נישט געפונען זיך אויף דער זייט פון די קעמפנדיקע אַרבעטער.

עס נעמט נאָך אַ וואָרט ה׳ מעהר און די דעבאַטע ווערט געשלאָסן מיט דער רעדע פון חיים נייגער, וועלכער ווענדט זיך באַזונדערס צום ד״ר מיץ. נייגער איז אין דער מיינונג, אַז ד״ר מיץ דאַרף מען נישט צורעכענען צו די אַסימילאַטאָרן, ווייל זיין גאַנץ פאַרהאַלטן זיך ביז איצט, אין פריוואַטן ווי אין פּאָליטישן לעבן, דערלויבן נישט אויף אַזאַ קוואַליפיקאַציע. אָבער די מענטאַליטעט פון ד״ר מיץ לגבי

דער יידישער קהילה, איז אָן שום ספק אַן אַסימילאַטאָרישע. ווען מיט אייניקע יאָר צוריק איז אויפגעלייזט געוואָרן דער שטאָט־ראַט אין טאַרנע און עס איז אַריינגעזעצט געוואָרן אַ רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט מיט אַ בייראַט, האָט ד״ר מיץ, טראָץ דעם איינשטימיקן באַשלוס פון אַלע יידישע ריכטונגען, נישט געוואָלט אָנעמען דעם מאַנדאַט אינעם בייראַט, ווייל דאָס אָנעמען דעם מאַנדאַט וואָלט געקאָנט דערקלערט ווערן אַלס שלום מאַכן מיטן פאַקט פון אויפלייזן דעם ראַט און אַריינזעצן אויף זיין אָרט אַ קאָמיסאַר. דאָס וואָס ס׳איז נישט געווען אין הסכם מיט ד״ר מיצ׳ס איבער־צייגונגען לגבי דעם שטאָט־ראַט, האָלט ער איצט דערלאָזבאַר לגבי דער יידישער קהילה. ה׳ נייגער אַפּעלירט צום געוויסן פון ד״ר מיץ, ער זאָל נישט דערלאָזן פאַרניכטן די יידישע אויטאָנאָמיע.

דער פאָרשלאָג פון ד״ר מיץ אָפּצוּוואַרפן דעם בודזשעט איז אָנגענומען געוואָרן מיט 11 שטימען פון דער אָרטאָדאָקסיש־פאָלקיסטיש־בונדישער מערהייט קעגן די 9 שטימען פון ציוניסטישן בלאָק. נאָך דעם באַשלוס האָט ד״ר מיץ פאָר־געלייגט אָפּצושיקן דעם בודזשעט־פּראָיעקט צו דער פאַרוואַלטונג, כדי ער זאָל פונדאַסניי באַאַרבעט ווערן און אַן אויסגעבעסערטער צוריקקומען אויף די זיצונגען פון קהילה־ראַט. קעגן דעם פאָרשלאָג איז אַרויסגעטרעטן ד״ר שפּאַן און אויך ד״ר עהרענפרוינד, וועלכע האָבן פעסטגעשטעלט, אַז אַזאַ פאָרשלאָג וואָלט געווען דער־לאָזבאַר פאַרן אָפּוואַרפן דעם גאַנצן בודזשעט. נאָכדעם ווי דער פאָרשטייער פון בונד, פייעראייזן, האָט דערקלערט, אַז זיין פראַקציע וועט שטימען קעגן פאָרשלאָג פון ד״ר מיץ, וועמענס ציל איז נאָר צו פאַרלייכטערן דעם האַנדל מיט די פרעזידיום־בענקלעך, האָט ד״ר מיץ צוריקגעצויגן זיין פאָרשלאָג.

*

דער גרויסער פאַרזאַמלטער עולם האָט די אָפּשטימונג אויפגענומען מיט אויס־דרוקן פון אומצופרידנקייט, אויפרעגונג, פייפעריי און צווישנרופן. די יוגנט האָט געזונגען „התקוה״.

## 21

ווען אין דערזעלבער צייט זענען אויסגעפאַלן די וואַלן צום טאַרנער שטאַטראַט, האָבן די ציוניסטן אויפגעהויבן אַן אקציע פאַר שאַפן אַן איינהייטלעכן יידישן וואַל־בלאָק (כדאי צו באמערקן, אַז דער שטאַטראַט איז דערוויילט געוואָרן מיט 17 יאָר צוריק). נישט אזוי לייכט איז געווען צו רעאַליזירן אויף דער יידישער גאַס די אידעע פון איינהייטלעכן פראָנט, וואָס וואָלט אַרומגענומען אַלע יידישע פּאַרטייען אין טאַרנע. דעם געדאַנק וועגן א יידישן בלאָק האָבן געוואָרפן די ציוניסטן, הגם צו אים האָבן באַדאַרפט געהערן אויך אזעלכע פּאַרטייען, מיט וועלכע עס האָט זיך במשך פון יאָרן געפירט א קאַמף וועגן פאַרמירן דאָס יידישע לעבן לויט דער ציוניסטישער אויפפאַסונג. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט קאָנסעקווענט גע־שטרעבט צו א וואַפנשטילשטאַנד און א שלום־פאַקט אויף דער יידישער גאַס,

ארויסגייענדיק פון דער הנחה, אז דער ענין וואלן צום שטאטראט איז אן אלגע־מיין יידישע זאך, און נישט די זאך פון דער אָדער יענער פארטיי.

אין רעזולטאט פון דער דאָזיקער אויפקלער־ארבעט, האָט די לאזונג פון אן איינהייטלעכן יידישן פראָנט געגעבן רעזולטאטן. אויף דעם געביט איז אָפּגעהאלטן געוואָרן א פולשטענדיקער נצחון און עס איז געשאפן געוואָרן אן איינהייטלעכער וואַל־קאָמיטעט, וועמענס ציל עס איז געווען אַריינפירן אין שטאָטראָט ערלעכע און ווערדיקע מענטשן, צוגעגרייטע צו געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. גלייכצייטיק איז דער עיקר־ציל פונעם איינהייטלעכן יידישן בלאָק געווען אויפצושטעלן אַ פּאָסיקע יידישע רעפּרעזענטאַנץ, וואָס וואָלט געווען אַ קלענערע, ווען יעדע פּאַרטיי וואָלט באזונדער געגאנגען צו די וואלן. דער דאָזיקער בלאק האָט טאקע ארומגע־נומען אלע יידישע גרופּירונגען, אויסער דעם בונד, וועלכער האָט זיך בלאקירט צו די וואַלן מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

די גרונט־הנחה פון דער ציוניסטישער וואַל־טאַקטיק ביים אויפשטעלן דעם פאַרייניקטן יידישן בלאָק, איז געווען די זאָרג פאַרן וואויל פון דער שטאט און די שטרעבונג צו פאַרזיכערן דער טאָרנער יידישער באַפעלקערונג א רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן איר צאָל און וואָג אין דער שטאָט. אין אנבליק פון דער פאַרעלטערטער רעאַקציאָנערער וואַל־אָרדינאַציע, לויט וועלכער 550 ווײלער פונעם ערשטן קרייז אָדער 550 ווײלער פונעם צווייטן קרייז האָבן באַדאַרפט ווײלן אין שטאָטראָט אַזוי־פיל ראָטמענער וויפל 16.000 ווײלער פון פערטן קרייז, און דערצו נאָך זענען עס געווען מערהייטס־וואלן, — איז דער געבאָט פון דער שעה געווען שאַפן קודם כל אַן אַלגעמיינעם יידישן פראָנט, פאַראייניקן די זיך באַקעמפנדיקע יידישע גרופּירונגען אין איין בלאָק. אין אן אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון די יידישע מאַסן, האָבן די ציוניסטן געמוזט פאַרגעסן די ביזאַיצטיקע קאַמפן, ווייל נאָר מיט גע־מיינזאַמע כוחות האָבן יידן ביי דער דעמאָלטיקער סיטואַציע געקאָנט זיך אויס־קעמפן אַ פאַרטרעטערשאַפט אין שטאָטראָט וואו עס זענען אָפּטמאָל אַנטשידן געוואָרן גאָר וויכטיקע פראַגן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. פאַרשטייט זיך, אז דאָס איז בלויז געווען א טעכנישער בלאָק, און דאָס איז דורך די ציוניסטן אונטערגעשטראָכן געוואָרן בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע. ד״ר שענקעל, וועלכער איז ארויסגעטרעטן אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג (אונטערן פּאָרזיץ פון ד״ר ש. שפּאַן, 2.6.29), האָט צוו. אַנד. דערקלערט: „מיר ציוניסטן, שליסנדיק דעם דאָזיקן בלאָק, האָבן נישט רעזיגנירט פון אונדזער פּראָגראַם. מיר וועלן קיין איין מינוט נישט אויפהערן אונדזער אידעא־אישן קאַמף מיט דער פּראָגראַמלאָזיקייט פון די פּאָלקיסטן, מיר האָבן נישט רע־זיגנירט פון אונדזער קאַמף מיטן קריגערישן קלעריקאַליזם, מיט דער גרופּע מענ־טשן, וועלכע באַמיען זיך אויסצונוצן די רעליגיע פאַר פּאָליטישע צוועקן און פאַר באַפרידיקן פּערזענלעכע אַמביציעס. דעם דאָזיקן קאַמף וועלן מיר ווייטער פירן מיט דערזעלבער פאַרביסנקייט ווי ביז איצט, אין איינקלאַנג מיט אונדזער פּראָגראַם״.

אָבער די דעמאַלטיקע וואַל־אָרדינאַציע צום שטאָטראָט וואָס האָט געהייסן ווײלן ראָטמענער אין פיר קרייזן לויטן שטייער־צענזוס, האָט באַשאַפן אַזאַ לאַגע,

אז די יידן, אפילו בלאָקירטע, האָבן נישט געקאָנט האָבן אן אנטשפּרעכנדיקע פארטרעטונג אינעם שטאטראט און דערפאר האָבן זיי געמוזט שטרעבן צו פאַר־רייניקן זיך אָדער בלאָקירן זיך מיט נאָך אַ גרופּע אָדער אַפילו אַ נישט־יידישן בלאָק, כדי צו באקומען די נויטיקע צאָל שטימען. די פאָרשטייער פון איינ־הייטלעכן יידישן פראנט האָבן בפירוש אונטערגעשטראכן, אז דער בלאָק איז נישט געווענדעט געגן דער פוילישער באפעלקערונג, און ארויסרוקנדיק דרייסט און מוטיק נאציאנאל יידישע לאזונגען, פאָדערנדיק פּאָליטישע און ווירטשאפט־לעכע גלייכבארעכטיקונג, — נישט באהאלטן זיך אונטער אַ מענטעלע פון אסימי־לאַציע צו אָבסקוראַנטישן מאָשקיזם, שטרעבט ער צו שאַפן אַ יסוד פאַר אַ שטענדיקן דויערנדיקן צוזאמענלעבן צווישן דער יידישער און פוילישער באַ־פעלקערונג. דעריבער האָט די אנפירונג פונעם איינהייטלעכן יידישן פראנט באַ־שלאָסן (דעם 6־טן מאי 1929) צו מעלדן דעם פרעזעס פון ב.ב.וו.ר., דעם ד״ר סקאָווראָנסקי, וועגן דעם פאקט פון שאפן א יידישן בלאק

אָט איז דער אינהאלט פון דעמדאָזיקן בריוו (לויטן „טיגאדניק זשידאווסקי״ פון 17־טן מאי 1929, נמ׳ 19):

„מיר טיילן אייך מיט העפלעך, אז די פאַרייניקטע יידישע גרופּירונגען מיטן אויסנאם פון בונד, האָבן איינשטימיק באשלאָסן, אז די דאָזיקע גרופּירונגען זאָלן אלס איינהייטלעכער יידישער בלאק צוטרעטן צו דער וואל־קאמפּאניע צום שטאט־ראט אין טאָרנע. גלייכצייטיק מעלדן מיר העפלעך, אז דערזעלבער יידישער בלאק האָט אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אז אין לעבנסוויכטיקן אינטערעס פון דער שטאט ווי אינעם אינטערעס פון אן אנטשפּרעכנדער און נאָרמאלער פונקציאָנירונג פונעם שטאטראט, איז וויכטיק, עס זאָלן אין אים זיין רעפּרעזענטירט אלע פּארטייען, אויך די סאָציאַליסטישע פּארטייען. צום סוף דריקן מיר אויס אונדזער גרייטקייט צו בּאראטן זיך מיט די פּארטייען וואָס געהערן צום קריסטלעכן בלאק און מיר בעטן רופן צו דעם צוועק א פארזאמלונג, כדי ארומצורעדן די פראגן וואָס זענען פארבונדן מיטן אדורכפירן די אקציע״.

אין איינקלאנג מיטן פארלאנג וואָס איז ארויסגעבראַכט געוואָרן אינעם אויבנ־דערמאָנטן בריוו, איז דעם 13־טן מאי 1929 יאר פאָרגעקומען אין זאל פון דער שפאר־קאסע א געמיינזאמע זיצונג פונעם יידישן בלאק און קריסטלעכן בלאק. פאָרזיצערס זענען געווען ד״ר סקאָווראָנסקי און חיים נייגער. אויף דער דאָזיקער זיצונג זענען איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן פאלגנדע באשלוסן:

„די פאָרשטייער פון דער פּארטיי ב.ב.וו.ר. און די פאָרשטייער פון די יידישע פּאַרטייען באַשליסן איינשטימיק: די פאַרזאַמלטע פאַרפליכטן זיך אין נאָמען פון די פּארטייען וועלכע זיי רעפּרעזענטירן, צו שאפן ביי דער וואל־אקציע צום שטאט־ראט אן איינהייטלעכן פראנט און סאלידאריש אָפּגעבן זייערע שטימען אויף דער געמיינזאמער קאנדידאטן־ליסטע פון ראטמענער און זייערע פארטרעטער. די פאר־זאַמלטע דריקן אויס זייער ווילן, אַז אויך די פּאַרטיי פּפּ.ס. זאָל אינעם צוקונ־פטיקן ראט האָבן איר רעפּרעזענטאנץ, און אויף צו פארשטענדיקן זיך מיט דער אנפירונג פון דער דאָזיקער פּארטיי ווערן דעלעגירט גלח־פּראַלאַט ד״ר לובעלסקי, ד״ר קארגול, ד״ר מיץ און ד״ר שענקעל״.

די פארהאנדלונגען מיט פ.פ.ס האָבן נישט געגעבן קיין פאזיטיוון רעזולטאט, צוליב דעם וואָס פ.פ.ס האָט געפאָדערט א גרויסע צאָל מאנדאטן. דעריבער האָט די דאָזיקע פארטיי צוזאמען מיטן בונד געשאפן א באזונדערן וואל־בלאק. דער בלאק פון די פאראייניקטע יידיש־פוילישע פארטייען האָט אויסגעוויילט א פרעזידיום אין די פערזאָנען פון ד״ר סקאָווראנסקי און חיים נייגער אלס פרעזעסן, מאַרשאַל־קאָוויטש און ד״ר גאָלדבערג אלס סעקרעטארן. לויט א פארשטענדיקונג איז פון פאראויס באשטימט געוואָרן די צאָל מאנדאטן פאר יעדער פארטיי באזונדער. אזוי האָבן די יידן באדארפט באקומען אין פערטן און אין דריטן קרייז צו פינף מאנדאטן, און אין צווייטן קרייז צוועלף מאנדאטן. אין דער שטאט־פארוואלטונג האָט דער קריסטלעכער בלאק באדארפט באקומען דעם אמט פון בירגערמייסטער און דריי לאַווניקעס, דער יידישער בלאק — איין וויצע־בירגערמייסטער און דריי לאַווניקעס.

נאָך א פארביסענעם וואל־קאמף, האָט דער פאראייניקטער פויליש־יידישער בלאק אפגעהאלטן א פולן נצחון. צומאָרגנס נאָך די וואלן אין פערטן קרייז, האָט דער סעקרעטאר פון יידישע־פוילישן בלאק, ד״ר גאָלדבערג, געשריבן אין „טי־גאדניק זשידאווסקי״ (נמ׳ 24, 21־טער יוני 1929 יאר):

„אינעם שטאטראט וועט צווישן די בירגערלעכע פארטייען זיך נישט געפינען קיין שום מערהייט, וועמענס הערשאפט זאָל זיין געריכטעט קעגן די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע שיכטן. די ארבעטער זענען סיי אין דער מוניציפאליטעט סיי אין דער מלוכה אונדזערע ברידער, וואָס מיט זייער ארבעט גיבן זיי זייער ביי־שטייער צום אלגעמיינעם וואוילזיין. קיינעם פון אונדז האָט זיך אַפילו נישט געחלומט, אז אינעם שטאטראט זאָל אויפגעהויבן ווערן א קאמף קעגן די ארבעטער. דער פויליש־יידישער בלאק האָט זיך געשטעלט פאר א הויפט־אויפגאבע די פריד־לעכע צוזאמענארבעט פון אַלע שיכטן פון דער באפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון קלאס, רעליגיע און נאציאנאליטעט. מיר פירן נישט און פראָפאגאנדירן נישט קיין קאמף, נאָר א פרידלעכע צוזאַמענארבעט פון אלע, פארן וואויל פון דער מלוכה און זעלבסטפאַרוואַלטונג. די דאָזיקע גרונט־הנחות פון אונדזער פראָגראַם וועלן רעאליזירט ווערן. דעריבער קאָנען מיר דרייסט זאָגן דער באפעלקערונג, אז מיר באַטראַכטן זיך נישט ווי זיגער לגבי דעם אַרבעטער־קלאַס״.

אינעם פערטן קרייז זענען אויסגעוויילט געוואָרן נאָר די קאנדידאטן פונעם פויליש־יידישן בלאק, די פאָלגנדע ראטמענער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. | ד״ר מיץ הערמאן | 4898 | שטימען |
| 2. | ד״ר שפאַן, שמואל | 4871 | ״ |
| 3. | ד״ר עהרענפריינד, הענריק | 4863 | ״ |
| 4. | נייגער, חיים | 4859 | ״ |
| 5. | טורעק, וולאדיסלאוו | 4858 | ״ |
| 6. | ענגלענדער, חיים | 4852 | ״ |
| 7. | האבארסקי, מאקסימיליאן | 4845 | ״ |
| 8. | גלח ד״ר לובעלסקי, יוזעף | 4820 | ״ |
| 9. | סמאלעץ, סטאניסלאוו | 4801 | ״ |
| 10. | גזשעביעלוך, יאן | 4727 | ״ |

11. הײדוקעוויטש, יוזעף 4727 שטימען
12. פישינסקי, עאוגעניוש 4723 ״

אלס פארטרעטער פון די ראטמענער זענען דערוויילט געווארן:

1. ד״ר כאַמעט, אברהם 4866 שטימען
2. וויטעק, יוזעף 4858 ״
3. בלאזער, פיוול 4850 ״
4. יוזשיצא, אאוגוסטין 4847 ״
5. האמעל, קאראל 4845 ״
6. ראזענבערג, מאריא 4841 ״

אינעם דריטן קרייז זענען דערוויילט געווארן פאָלגנדע ראטמענער:

גלאַצנער ישראל, ד״ר גאָלדבערג שלמה, קאמושינסקי סטאניסלאוו, מארגוליעס ארטור, מיקאַש מיכאל, ניעדזשעלסקי מיכאל, פאַזדראַ יאן, פיקול יאן, ד״ר שענקעל וואלף, ד״ר סקאווראנסקי מיכאל, שאַדזשינסקי לודוויק, וועקסלער ישראל. אלס פארטרעטער: באנעק יאן, דיטשעק הענריק, פריש יוסף, קארגול סטעפאן, קליינ־הענדלער הערמאן, ראַט טעאָדאָר.

אינעם צווייטן קרייז:

היימאן יוסף, ד״ר ראפאפארט עדוואַרד, האלענדער הענריק, רובין ווילהעלם, שינאגעל לעאָפּאָלד, ד״ר שאליט עדוואַרד, געווערץ אליהו, ד״ר זילביגער זיגמונט, געצלער וואָלף, שפּילמאן אברהם, ד״ר מענדערער מ., ליבער שמשון. אלס פאר־טרעטער: פעלדבאום גוסטאוו, ד״ר פינק אדאָלף.

אינעם ערשטן קרייז זענען דערוויילט געווארן רעפּרעזענטאנטן נאָר פון דער פוילישער באפעלקערונג, לויטן אפמאך וועלכער האָט דערפאר פאראויסגעזען דאָס דערוויילן אין צווייטן קרייז אויסשליסלעך פארשייער פון דער יידישער בא־פעלקערונג.

קעגן די וואלן איז אריינגעטראגן געווארן א פראטעסט מצד פ.פ.ס. און דערפאר איז דאָס קאנסטיטואירן דעם שטאטראט אָפּגעלייגט געווארן ביזן דערליידיקן דעם פראטעסט דורך דער אדמיניסטראטיווער מאכט.

דער געמיינזאמער יידישער פראנט (אויסער דעם בונד, התאחדות און פועלי־ציון), האָט געהאט זיין לעבעדיקן אפקלאנג אויך אויף דער זיצונג פון קהילה־ראט, פארגעקומען דעם 11־טן יולי 1929 יאר, וואו עס האָט באדארפט באשלאָסן ווערן דער בודזשעט פארן יאר 30־1929. עס דארף אונטערגעשטראכן ווערן, אז זינט עס איז אין אפּריל 1929 אָפּגעוואָרפן געווארן דער קהילה־בודזשעט, האָט די קהילה געפירט איר פינאנס־פּאָליטיק לויטן אלטן בודזשעט פון יאר 1928, אָבער אָן דער מעגלעכקייט אויפצומאַנען דירעקטע שטייערן צוליבן פעלן פון דער בודזשעט־אָפּשטימונג. דאָס מאָל אָבער איז אויף דער אויבנדעמאַנטער זיצונג אָנגענומען געווארן דער בודזשעט־פּראָיעקט מיט די שטימען פון אלע ראטמענער, אויסער די בונדישע. די הוצאות פונעם בודזשעט זענען געווען פּרעלימינירט אויף א סומע 402.928 זלאָטעס, הכנסות פון די קהילה־אונטערנעמונגען האָבן באטראָפן 271.000 זלאָטעס, די איבעריקע סומע אויסגאבן פון 131.928 זלאָטעס האָט געדארפט גע־דעקט ווערן פון דירעקטע שטייערן. דערביי האָט דער ראט באפולמעכטיקט די

פאַרוואַלטונג צו נעמען אן אינוועסטיציע־הלוואה אויף א מאקסימאלער סומע פון 100.000 זלאטעס.

## 22

דאָס יאר 1930 איז געשטאנען אונטערן צייכן פון ווירטשאפטלעכן קריזיס אין פוילן, ווען מענטשן סימפּטאָמען זענען שוין געווען מערקבאר אין יאר 1929. צווישן די ברייטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן האָט זיך געמערט נויט און ארבעטלאָזיקייט. הגם דער קריזיס איז געווען אן אלגעמיין־מלוכהשע דערשיינונג, האָט ער קודם כל ארומגענומען דעם האנדל און אינדוסטריע, וועלכע זענען ממש צוזאמענגעבראָכן געוואָרן אונטער דער פאטאלער שטייערן־לאסט און עקאָנאמישער פאליטיק. די פאלגן פון דער דאָזיקער מוראדיקער שטייערן־באַלאַסטונג האָבן אַמשטאַרקסטן און אַמפּילבאַרסטן געשפּירט די מיטעלע סוחרים און קליינהענדלער, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין פעסטן עקאָנאמישן יסוד, און זענען אין אנבליק פון דער שטייגנדיקער ווירטשאפטלעכער דעפּרעסיע אוועקגעשטעלט געוואָרן פארן געשפּענסט פון נויט און הונגער. דאָס גאנצע פוילישע יידנטום האָט זיך געפונען אין א פארצווייפלטער לאגע. די רעגירונגס־קרייזן זענען געווען טויב אויף די הילף־רופן, אויף די פאָדערונגען אביסל נאָכצולאָזן די שטייערן־שרויף, אָפּשטעלן די עטאטיסטישע פאָליטיק, און צולאָזן יידן אין רעגירונגס־אמטן.

אין דער טארנער וואכנשריפט „טיגאדניק זשידאווסקי" (4־טער יולי 1930 נומ' 27), אינעם ארטיקל פון ד"ר א. כאַמעט „וואָס וועט זיין מאָרגן"? — לייענען מיר:

„דאָס באַזייטיקן יידן פון די שוין פארנומענע דורך זיי פּאָזיציעס, דאָס נישט צולאָזן יידן צו קיין שום נייע עקאָנאמישע פּאָזיציעס, דער „נומערוס נולוס" סיי אין די מלוכהשע ווי אין מוניציפּאלע אמטן, — אויף דעם געביט זענען אייניק אלע פאקטאָרן — סיי די „דעמאָקראַטישע", סיי די „דיקטאטארישע". אויך דאָס טארנער יידנטום איז נישט קיין אויסנאם. עס איז געוואַקסן די ארבעטלאָזיקייט צוליבן קריזיס אין דער קאָנפעקציע־בראנזשע. דעם 19־טן יאנואר 1930 יאר האָבן אן ערך 100 שניידער זיך פארזאמלט אינעם לאָקאל פון דער קהילה, פאָדערנדיק הילף. די יידישע קהילה איז צו יענער צייט געווען די איינציקע איסטיטוציע, וואו די אָרעמע האָבן געזוכט הילף. דעריבער זענען געוואַקסן די אויסערגעוויינלעכע אויסגאבן אין שייכות מיט דער קאטאסטראפאלער לאגע פון די אָרעמע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן".

אן אָפּשפּיגלונג פון דער דאָזיקער ווירטשאפטלעכער לאגע איז אויך געווען דער קהילה־בודזשעט אויפן יאר 1930־31, אָנגענומען אויף דער זיצונג פון 17־טן אַפּריל 1930 יאר, וועמענס ציפערן שטעלן זיך פאָר אזוי:

אויסגאַבן: ראבינאט 32,196.53 זלאָטעס, קהילה־ביוראָען 20,039.50 זלאָטעס, עמעריטורן 18,634.83 זלאטעס, שפּיטאל, זקנים־הויז, אמבולאטאריום 92,568.50

זלאטעס, שעכטהויז 35,627.56 זלאטעס, גמינע־הייזער 48,520 זלאטעס, שטענדיקע סובווענצן 21,110 זלאָטעס, סובווענצן און איינמאָליקע שפענדונגען 28.500 זלאָטעס, בית־עולם 16,513.75 זלאָטעס, פאַרשידענע 29,700 זלאָטעס, דאָמעסטיקאַל־שטייער אויסגאבן 1,800 זלאטעס.

אויף דער זייט פון די הכנסות האָבן פיגורירט פאָלגנדע פאָזיציעס:

שפּיטאָל און אַמבולאטאריום 39.880 זלאטעס, שעכטהויז 145,700 זלאטעס, קהילה־הייזער 19,000 זלאָטעס, בית־עולם 40,000 זלאָטעס, פאַרשידענע 8,000 זלאָטעס, דאָמעסטיקאַלע שטייערן 92,900 זלאָטעס. די אויסגאבן האָבן אלזאָ באטראָפן 345,210 זלאָטעס 61 גראָשן, די איינקונפטן — 345,480 זלאָטעס, ד.ה. אן עודף אינעם בודזשעט אויף א סומע פון 269 זלאָטעס 39 גראָשן.

א זייער ענערגישע און נוצלעכע טעטיקייט האָבן געפירט די יידישע ראַט־מענער אין שטאטראט. איינשטימיק איז אלס בירגערמייסטער דערוויילט געוואָרן ד״ר מיכאל סקאָווראָנסקי, אלס וויצע־בירגערמייסטער — ד״ר הערמאַן מיץ, אלס לאווניקעס — גערירכט־ראט דוטקיעוויטש, פּולקאָווניק האבארסקי, יוסף היימאַן אינזש׳ רייצא, ד״ר שענקעל, ד״ר שאליט, ארכיטעקט מיקאָש.

די יידיש־פּוילישע קאאליציע האָט אין דער פּראַקטישער ארבעט אין מאגי־סטראַט און אין שטאָטראַט אויסגעהאַלטן איר פייער־פּרווו. באַזונדערס איז דאָס געקומען צום אויסדרוק ביים אויסשטעלן דעם שטאָטישן בודזשעט אויפן יאר 1930־31. אלע בארעכטיקטע פאָדערונגען פון די יידן זענען באריקזיכטיקט געוואָרן. קאָן זיין, אז דאָס איז געווען די איינציקע שטאט אין דער פּוילישער רעפּובליק, וואו אינעם שטאָטראַט האָבן בירגער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און רעלי־גיעס געארבעט אין פרידן און אין הארמאָניע לטובת הכלל. גענוג צו דערמאנען, אז דעם בודזשעט־פּרעלימינאר פארן אויבנדערמאנטן יאר האָט רעפערירט ראַט־מאַן ד״ר שלמה גאָלדבערג. אין דעם דאָזיקן בודזשעט זענען באשטימט געוואָרן סובווענצן פאר פארשידענע קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אויף א סומע פון 80.000 זלאָטעס, דערפון 56% פאר קאטוילישע אינסטיטוציעס, 44% — פאר יידישע. דערביי איז פאר יעדער נאציאנאלער גרופּע באזונדער איבערגע־לאָזט געוואָרן די רעכט צו אויסצוטיילן די סובווענצן.

אָבער די בשותפותדיקע פּויליש־יידישע צוזאמענארבעט און דער פּאזיטיווער אויפטו פון די דעמאלטיקע ציוניסטישע טוער, איז געווען ווי א דארן אין אויג עטלעכע יידישע שטאטישע פּאליטיקער, וועלכע דער זיך שטארקנדיקער איינפלוס פון די ציוניסטן — סיי אין דער קהילה, סיי אין שטאָטראט, איז נישט געווען אויף דער האַנט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הינטערקוליסן־שפּיל, אָנגעפירט דורכן וויצע־בירגערמייסטער, וועלכער איז מיט דער הילף פון די ציוניסטן דערגאנגען צו זיין אמט. אין שייכות מיטן צוטיילן דער העברעאישער שול „שפה ברורה״ א שטאטישע סובווענץ, האָט זיך אָנגעהויבן אן אמתע וואקכאנאליע פון אינטריגעס און ליגנס, דערביי האָט מען פון איין זיין פארשריגן די העברעאישע שול ווי א „בורזשואזע״ אינסטיטוציע, און פון דער צווייטער זייט האָט מען איר פאָרגע־וואָרפן, אז זי איז אן אויסגעשפּראָכן פארטייאישע פּאָזיציע פון די ציוניסטן. דער שטאטישער בודזשעט איז אָבער באשטעטיקט געוואָרן דורכן וואָיוואָדישן

אמט, דערביי האָט דער בירגעמייסטער ד״ר סקאָוראָנסקי דרייסט פאַרטיידיקט די באַשטעטיקטע דורכן שטאַטראַט סובווענצן פאַר די יידישע אינסטיטוציעס. אויף דער זיצונג פון שטאַטראַט דעם 28־טן מאַי 1930, האָט ד״ר סקאָוראָנסקי געגעבן אָנצוהערן, אַז צוליב די אוואַנטורעס און אָנפאַלן וואָס ווערן איינגעאָרדנט אינעם שטאַטראַט דורך איינער פון די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען וואָס האָבן נישט קיין פאַרטרעטערשאַפט אינעם שטאַטראַט, וואָלט ער געדאַרפט לייגן זיין אַמט. אָבער גראַד מצד דער יידישער זייט איז געקומען אַ דערקלערונג וואָס האָט אים דערמוטיקט: ד״ר שפּאַן האָט אויף דער דאָזיקער זיצונג פעסטגעשטעלט, אַז דער בירגערמייסטער געניסט פון צוטרוי פונעם גאַנצן שטאַטראַט און דעריבער דאַרף ער נישט אָפּטרעטן, כאָטש ער טרעפט זיך אָן אויף שוועריקייטן צוליב זינלאָזע אוואַנטורעס.

## 23

די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט זיך באַמיט צו לינדערן די נויט אויף דער יידישער גאַס. די פינאַנסיעלע לאַגע פון דער קהילה איז אָבער צו יענער צייט געווען אַן אויסערסט שווערע. די הכנסות פון דער יידישער קהילה האָבן געדעקט די לויפנ־דיקע אויסגאַבן, ווי באַאַמטע־פּענסיעס, שפּיטאָל און אנד. זיי האָבן אָבער נישט געסטייעט אויף דורכצופירן פאַרשידענע דרינגענדע אינוועסטיציעס, בפרט נאָך, ווען די קהילה־פאַרוואַלטונג איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער נויטווענדיקייט צו רעסטאַווירן אירע אייגענע קהילה־הייזער, וועלכע זענען זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט רעמאָנטירט געוואָרן און ממש געדראָט איינצופאַלן. צו דעם צוועק האָט די קהילה באַשלאָסן נעמען אַ הלוואה אויף אַ סומע פון 8,000 דאָלאַר, דערביי האָט מען פאַר אַ טייל פון דעם געלט געדאַרפט איינקויפן אַ רענטגען־אַפּאַ־ראַט פאַרן שפּיטאָל און באַצאָלן פאַרן פּלאַץ וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן פאַר נייעם יידישן בית־עלמין.

אויף דער יידישער גאַס האָט זיך געשטאַרקט די פאַראָרעמונג, וועגן וואָס עס זאָגט עדות דער פאַקט, אַז אינעם בודזשעט־יאָר 1930 האָט די קהילה־פאַר־וואַלטונג פּרעלימינירט פאַר דירעקטע שטייערן די סומע פון קוים 70.000 זלאָטעס, דערביי איז דער יסוד פאַר אויסמעסטן די גרונט־סטאַווקע די צאָלער געהעכערט געוואָרן צו דער מאַקסימאַלער סומע פון 1,000 זלאָטעס. די העכסטע סטאַווקע אָבער איז געשטעלט געוואָרן קוים דריי צי פיר פּערזאָן, ווייל אין טאָרנע זענען נישט געווען מערער קיין יידן וועמען מען זאָל קאָנען אויסמעסטן דעם שטייער אין אזא הויך. די יידן האָבן זיך פשוט געבראָכן אונטער דער שטייער־לאַסט.

ביי אזא שווערער לאַגע פונעם טאָרנער יידנטום, איז נאָך גוט געשען, וואָס עס האָט געהאַט פּעאיקע איבערגעגעבענע פאַרשטייער סיי אין דער קהילה, סיי אין שטאַטראַט. זיי האָבן זיך באַמיט לויט זייערע מעגלעכקייטן און כוחות לינדערן די כסדר זיך פאַרשאַרפנדיקע נויט צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אָבער אויך פאַר די צוויי קערפּערשאַפטן אין שטאָט איז געקומען אַ

שווערע צייט, ווען עס האָט זיך אַנטשידן דער גורל סיי פון דער קהילה, סיי פונעם שטאַט. געוועהן אין פוילן אזעלכע קרייזן, יידישע ווי פוילישע, וועלכע האָבן זיך דערלאַנגט די הענט נישט לטובת דער שטאַט צי לטובת די טאַרנער יידן. א טייל האָט זיך שלעכט געפילט אין א קהילה, וואו מענטשן מיט גוטן ווילן האָבן זיך באמיט צו ברענגען אין אָרדענונג און אנטוויקלען די קהילה־ווירטשאַפט, בעת אנדערע האָבן אין געיעג נאָך בענקלעך אָדער צוליב ענגע פּארטייאישע אינטערעסן געשטרעבט צו צעקלאַפּן דעם פויליש־יידישן פראָנט און פונאנדערצוּלאָזן דעם שטאַט.

צו הילף די דאָזיקע גרופּקעס איז געקומען די וואַל־קאמפּאַניע צום סיים און סענאַט, וועלכע האָבן באַדאַרפט פאָרקומען דעם 30־טן נאָוועמבער 1930 יאָר. די דאָזיקע וואלן האָבן געהאַט א וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער פּוילישער מלוכה און איר רעזשים, ווייל דער צוקונפטיקער סיים האָט באַדאַרפט אָננעמען אַ גאַנצע ריי געזעצן פון אן אויסערגעוויינלעך וויכטיקער באַדייטונג פאַרן פּוילישן יידנטום: ענדערן די קאָנסטיטוציע און באַשטימען א נייע וואַל־אָרדינאַציע. אין גאַנצן לאַנד האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט א שאַרפער קאַמף צווישן דעם פּראָ־רעגירונגס בלאָק, וועלכער האָט געפּרעדיקט די נייטיקייט פון קאָנסטיטוציאָנעלע ענדערונגען כדי צו פאַרפעסטיקן די מאַכט פון דער רעגירונג, איינהאַלטנדיק די פּאַרלאַמענ־טאַרישע פאָרם, — און דעם לאַגער, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען כמעט אַלע פאָלקס־ריכטונגען און זיי האָבן געפאָדערט איינהאַלטן די דעמאָקראַטישע פּאַר־לאַמענטאַרישע פּרינציפּן.

די יידן אין מערב־גאַליציע האָבן געשאַפן אן איינהייטלעכן וואַל־בלאָק, וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע נאַציאָנאַל־יידישע גרופּירונגען, די ציוניסטישע, די סוח־רים־ און האַנטווערקער־קרייזן, אַרויסטרעטנדיק צום וואַל־קאַמף מיט אן אייגענער ליסטע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ד״ר יהושע טהאָן. דאָס האָט אַנט־שפּראָכן די פּרינציפּן פון יידישער זעלבשטענדיקער און אומאָפּהענגיקער נאַציאָ־נאַלער פּאָליטיק אויף דער מלוכהשער אַרענע. אינעם טאַרנער קרייז איז דערלאַנגט געוואָרן א ליסטע פונעם נאַציאָנאַל־יידישען בלאָק, נומ׳ 14, מיט פאָלגנדע קאַנדי־דאַטן: ד״ר יהושע טהאָן, ד״ר דוד בולווא פון קראָקע, אינש׳ בערנאַרד צימערמאַן פון קראָקע, יוסף היימאַן פון טאַרנע, ד״ר שמואל שפּאַן פון טאַרנע, וואָלף געצלער פון טאַרנע, ד״ר יעקב בלעך פון גאָרליץ (איצט אין ישראל).

אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע איז נישט געגאַנגען אַזויפיל אין דעראָבערן א מאַנדאַט אינעם טאַרנער קרייז, ווייל די וואַל־געאָגראַפיע אויפן געביט פון פּאַר־טיילן די באַזונדערע וואַל־קרייזן איז צוגעשניטן געוואָרן מיט דער בפירושער איינשטעלונג צו פאַרקלענערן צאָלמעסיק די יידישע פאַרטרעטערשאַפט. עס האָט זיך געהאַנדלט אין צונויפזאַמלען אַלע יידישע שטימען אין טאַרנער קרייז (ווי אין אַלע אַנדערע קרייזן) אויף דער נאַציאָנאַל־יידישער ליסטע, ווייל אַזוי אַרום האָבן די יידישע דעפּוטאַטן אין סיים געקאָנט זיך פאַררופן אויף דעם, אַז זיי רעפּרעזענטירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון גאַנצן לאַנד און אַז דער יידישער קיבוץ אין פּוילן שטייט הינטער זיי. דער עיקר איז אָבער געגאַנגען אין איינהאַלטן דעם פּרינציפּ פון א זעלבשטענדיק נאַציאָנאַל־יידישער פּאָליטיק, אַרויסשלעפּן די יידן

פון דער שטענדיקער היפּאָטעק פון די פּאַקטאָרן, וועלכע האָבן געהאַט די מאַכט און אויפן אַלטן פּריצישן שטייגער באַמיט זיך צו געווינען יידישע שטימען — מיט בקשות אָדער דראָאונגען.

אינעם וואַל־אויפרוף צו די יידן אין מערב־גאַליציע האָט ד״ר טהאָן קלאָר און דייטלעך באַצייכנט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט:

„ניין — פון אונדזער באַפרייערישער טאַט וועלן מיר נישט אָפּטרעטן. אונדזער פּרינציפּ איז געווען, איז און וועט זיין: ביי די וואַלן זענען די יידן אַ באַזונדערע און געשלאָסענע גרופּע. דער יידישער ווייַלער גיט אָפּ זיין שטים אַ ייד און נאָר אַ ייד. אַ „ייד״ מיינט נאָר אַזעלכן, וועלכער קאַנדידירט אַלס ייד, און נישט אונטער אַ פרעמדער פירמע״.

פאַר דער נאַציאָנאַל־יידישער ליסטע אין טאַרנע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט יידישע סוחרים, קליינהענדלער און כמעט די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ. אין שטאָט האָבן זיך אָבער געפונען „מאַכערס״, וועלכע זענען געווען אַ ווערקצייג אין נישט־יידישע הענט און באַמיט זיך צו געווינען יידישע שטימען. צווישן דער טאַרנער אָרטאָדאָקסיע האָבן זיך אפילו געפונען געציילטע יחידים וואָס האָבן גערופן שטימען פאַר דער רעגירונגס־ליסטע, דאָס אַ.ג. „איינסל״ (סאַנאַציע). דער קאַמף פון די דאָזיקע פראָ־רעגירונגס־גרופּן האָט אָנגענומען אַ שאַרפן כאַראַקטער, ווייל צו זיי איז צוגעשטאַנען די טאַרנער אַגודה, וועלכע האָט אין קלויז איינגעאָרדנט אַ וואַל־פאַרזאַמלונג, בעת אין דער קהילה האָט זי צוזאַמען מיטן בונד דורכפאַרסירט אַ באַשלוס וואָס פאַרווערט איינצואָרדענען וואַל־פאַרזאַמלונגען אין דער נייער שול, כדי אַזוי אַרום צו שטערן דער וואַל־אַגיטאַציע פאַר דער נאַציאָנאַל־יידישער ליסטע.

פונדעסטוועגן האָט די נאַציאָנאַל־יידישע ליסטע דעם 16־טן נאָוועמבער 1930, אָפּגעהאַלטן אַ פולן נצחון. דער טאַרנער קרייז האָט אַרומגענומען טאַרנע־גאָרליץ, דאָמבראָווע, גריבאָוו און בריגעל. אין טאַרנע גופא זענען געווען 23.271 וואַל־באַרעכטיקטע, געשטימט האָבן נאָר 16,743. דערפון האָט די רעגירונגס־ליסטע נומ׳ 1 באַקומען 7,189 שטימען, און די ליסטע נר׳ 14 — נאַציאָנאַל־יידישע — 3.108 שטימען, בונד (פאַרייניקט מיט רעכטע פועלי־ציון) האָט באַקומען 1.027 שטימען, לינקע פועלי־ציון (נר׳ 6) האָט באַקומען 307 שטימען. די ליסטע פון „צענטראָלעוו״ (פּ.פּ.ס., פּיאַסט, ענדעציע), האָט באַקומען 4,871 שטימען. אינעם גאַנצן טאַרנער וואַל־קרייז איז דער וואַל־רעזולטאַט געווען פאָלגנדער: אויף 250,185 וואַל־באַרעכטיקטע, זענען אָפּגעגעבן געוואָרן 198,975 גילטיקע שטימען. דערפון האָבן די באַזונדערע וואַל־ליסטעס באַקומען:

| | | |
|---|---|---|
| נמ׳ 1 — 80,092 | שטימען | (רעגירונגס ליסטע) |
| 5 — 1,110 | ״ | (בונד און רעכטע פועלי־ציון) |
| 6 — 355 | ״ | (לינקע פועלי־ציון) |
| 7 — 112,261 | ״ | („צענטראָלעוו״) |
| 14 — 5,157 | ״ | (נאַציאָנאַל־יידישער בלאָק) |

לויט דער אָפּשאַצונג, פאַרעפנטלעכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (21־טער נאָוועמבער 1930, נומ׳ 43), זענען אויף די נישט־יידישע ליסטעס אָפּגעגעבן גע־

וואָרן בסך־הכל 739 יידישע שטימען, בעת אויף די יידישע וואל־ליסטעס — 14, בונד און לינקע פועלי־ציון, זענען אין טאָרנע גופא צוזאַמען אָפּגעגעבן געוואָרן 4.442 יידישע שטימען.

יוסף היימאן, פּרעזעס פון סוחרים און אינדוסטריעלער פאריין אין טארנע, האָט אינעם ארטיקל „דער וואַל־שניט" („טיגאדניק זשידאווסקי" נום׳ 43 פון 21־11 1930), אזוי אָפּגעשאצט די רעזולטאטן פון די סיים־וואלן אין טאָרנע:

„מיר זענען נאָך די וואלן צום סיים. דער נאציאנאל־יידישער לאגער איז פון דער קאַמפּאַניע אַרויס בשלום, נישט געקוקט אויף דער אַלגעמיינער אַפּאַטיע, הגם ער האָט כמעט נישט געפירט קיין וואל־אגיטאציע אין אָנבליק פון דער עקל־האפטער, מיאוסער און ליידנשאפטלעכער קאנטר־אקציע מצד דער אסימילאטאָריש־אָרטאדאקסישער קליקע, וועלכע האָט אָפן און מיט דער גאנצער פארביסנקייט אַגיטירט פאַר דער נישט־יידישער ליסטע. מיר חזרן איבער און שטרייכן אונטער, אז כמעט אָן א וועלכער ס׳איז אגיטאציע פון אונדזער זייט איז די היגע יידישע באפעלקערונג, באוואוסטזיניק אין איר רענעסאנס־גייסט, געגאנגען צו דער וואל־אורנע און אָפּגעגעבן 3,108 שטימען אויף דער ליסטע נר׳ 14. די מיינסטע פון די וואָס האָבן געשטימט אויף דער ליסטע האָבן נישט געהאט קיין אילוזיעס, געוואוסט אז עס זענען כמעט נישט גובר צו זיין די שוועריקייטן, אז אינעם איצטיקן טאָרנער קרייז זאָל זיי געלינגען צו געווינען א יידישן מאנדאט. אָבער די ווילער האָבן געהאט די פולסטע איבערצייגונג, אז דאָס איז א קאטעגארישער אימפּעראטיוו, א דיקטאַט פון פּאָליטישער פאַרנונפט און פערזענלעכער ווירדע, אַז דערפילנדיק דעם בירגער־חוב גייענדיק צו דער וואַל־אורנע, דאַרפן זיי אַוועקגעבן זייער שטים בלויז און איינציק פאר דער ליסטע נומ׳ 14".

אזוי האָבן די סיים־וואלן באוויזן, אז די יידישע געזעלשאפטלעכקייט אין טאָרנע האָט אין א באדייטנדיקער מאָס דעמאָנסטרירט איר הויכע פּאָליטישע רייפקייט. אין אָנהויב האָט זיך אויסגעוויזן, אז די דאָזיקע וואלן וועלן נישט האָבן קיין שום אָפּקלאנג אינעם שטאטראט, אז די פּויליש־יידישע צוזאמענארבעט אויפן געביט פון שטאָטראַט האָט צוליב די סיים־וואַלן נישט געהאַט קיין שום פארלוסט.

פאר די ציוניסטן זענען די דאָזיקע וואלן צו די געזעצגעבערישע קערפּער־שאפטן געווען בלויז אן עפּיזאָד אין זייער אויפקלער־ארבעט צווישן דער יידישער באפעלקערונג, און שטייענדיק אויפן שטאנדפּונקט פון א זעלבשטענדיקער יידישער פּאליטיק, האָבן זיי זיך נישט געלאָזט אראָפּשטופּן פון דאָזיקן וועג, הגם דאָס איז געווען פארבונדן מיט געוויסע קרבנות און שוועריקייטן אויפן שטח פון קהילה און שטאטראט. גלייך נאָך די וואלן האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאנגען וועגן פונאנדערלאָזן דעם שטאָטראט. די וועלכע האָבן געדינט דער סאנאציע בעת די סיים־וואלן, האָבן געפאָדערט זייער שכר, עס האָט געדארפט פארווירקלעכט ווערן זייער טרוים וועגן בענקלעך אין דער קהילה און אין שטאטראט.

ליידער איז זייער טרוים גאָר שנעל פארווירקלעכט געוואָרן. דער שטאטראט איז פונאנדערגעלאָזט געוואָרן. דעם 16־טן דעצעמבער 1930 יאר איז פאָרגעקומען די לעצטע זיצונג פון טאָרנער שטאטראט. די וואכנשריפט „טיגאדניק זשידאווסקי"

(19.12 1930), פרווופ אין אן ארטיקל ענטפערן אויף דער פראגע, צי דארפן יידן באדויערן דעם לעצטן שטאטראט:

„מיר זענען שטענדיק געשטאנען אויפן שטאנדפונקט פון זעלבסטפארוואלטונג און געווען קעגנער פון קאמיסארישער הערשאפט. מיר באדויערן דעם שטאטראט, ווייל ער איז געווען א טריבונע פאר פויליש־יידישער פארשטענדיקונג, א זייער וואגיקער עקספערימענט, אפשר דער איינציקער אין גאנץ פוילן. אין משך פון 14 חדשים האט דער שטאטראט געארבעט גלאטיק און הארמאניש. נישט געווען קיין איין גרילץ, קיין איין אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונג. די פארשטענדיקונג צווישן אונדז יידן און די קריסטלעכע ראטמענער איז געווען א פולשטענדיקע און הונדערטפראצענטיקע. ווער ווייס צי טארנע ווער נאך אמאל האבן אזא שטאט־ראט. מיר שעמען זיך נאר, וואס צווישן די באגרעבער פון דער זעלבספארוואלטונג האבן זיך געפונען יידן, אונדזערע „ליבע ארטאדאקסן" און אין זייער שפיץ דער ייד־וויצע־בירגערמייסטער".

אויף דער לעצטער זיצונג פון שטאטראט זענען די באגרעבער פון דער שטא־טישער זעלבסטפארוואלטונג שארף דעמאסקירט געווארן דורך די ראטמענער חיים נייגער, ד"ר שענקעל און ד"ר שפאן, און דער גלח ד"ר לובעלסקי האט בפירוש אפגעלייקנט די קלאנגען, אז די ציוניסטן זאלן כלומרשט האבן פארכאפט דאס ראטהויז צום שאדן די קריסטלעכע ענינים. „איך שטעל דא פעסט עפנטלעך — האט דערקלערט ד"ר לובעלסקי, פרעזעס פון דער קריסטלעכער פאלקס־פארטיי אין מערב־גאליציע — אז קיין קאטוילישע ווי אויך פוילישע ענינים זענען נישט פארנאכלעסיקט געווארן".

אינעם מאגיסטראט האט זיך באזעצט דער רעגירונגס־קאמיסאר הער מארשאל־קאוויטש און זיין פארטרעטער ד"ר מיץ. אלס ראטגעבער זענען צווישן אנדערע באשטימט געווארן די יידן ארטור מארגוליעס, ד"ר אפנער, ד"ר זיגמונט זילביגער, ישראל וועקסלער, חיים אבערדאם, ווילהעלם רובין און ד"ר קליין. מיטן אויסנאם פון ד"ר אפנער, האבן אלע יידישע בייראט־מיטגלידער געהערט צו דער גרופע וואס האט ביי די לעצטע סיים־וואלן געשטיצט די רעגירונגס־ליסטע. די יידישע רעפרעזענטאנץ אין ראטהויז איז פארקלענערט געווארן און דער יידישער איינ־פלוס דארט איז באדייטנדיק איינגעשרומפן געווארן.

אבער נישט בלויז מיט דעם האט זיך געענדיקט דאס באשטראפן טארנער יידן פאר זייער מאסנווייזן שטימען אויף דער נאציאנאל־יידישער ליסטע. די אגודה האט געפאדערט נאך א באצאלונג. זי האט געוואלט הערשן אין דער קהילה. די ציוניסטן, הגם זיי האבן נישט געהאט אין קהילה קיין מערהייט, האבן זיך באמיט ארייננפירן ענדערונגען אויפן סאציאלן און קולטורעלן געביט. די פילמאליקע אטאקעס פון דער ארטאדאקסיע קעגן דער קהילה־פארוואלטונג האבן זיך לעצטנס פארענדיקט מיט דורכפאלן. אבער נאך דעם הוראגאן־פייער קעגן די ציוניסטן אין שטאטראט, האט די אטאקע אויף דער קהילה געהאט גרעסערע שאנסן אויף דערפאלג.

דעם 29.1 1931 יאר איז פארגעקומען די לעצטע זיצונג פון קהילה־ראט אונטערן פארזיץ פון פרעזעס חיים נייגער. אויף דער דאזיקער זיצונג, וועלכע

האָט לויט דער הערשנדיקער שטימונג געגני דערמאנט די אפשידס־זיצונג פון שטאטראט, האָט ד״ר פיש אין נאָמען פון דער ציוניסטישער פראקציע אריינגעטראָגן א פראָטעסט קעגן די כוונות אויפצולייזן דעם קהילה־ראט און קהילה־פארוואלטונג. „מיר זענען עדות — האָט דערקלערט ד״ר פיש — פון א העצע וואָס וועט מסתמא פירן צום אויפלייזן די קהילה און באשטימען פאר איר א קאמיסאר. די דאָזיקע העצע — נישט זי וואונדערט אונדז, נישט זי שרעקט אונדז. זי וואונדערט אונדז נישט, ווייל מיר זענען שוין צוגעוואוינט צום אומגעזעצלעכן אויפלייזן אויטאנאמע קערפערשאפטן. עס שרעקט אונדז נישט דערפאר, ווייל מיר האָבן נישט מורא צו פארלירן אונדזער הערשאפט אין קהילה, באזונדערס אין אזעלכע באדינגונגען ווען די ארבעט איז גאָר שווער און אומדאנקבאר. מיר וועלן אויך נישט פארגיסן קיין טרערן צוליבן אויפלייזן די קהילה, מיר מוזן זיך אָבער באוואָרענען קעגן אזא מין באהאנדלונג. דער קאמף פאר אויסברייטערן די יסודות פון אונדזער אויטאנאמיע האָט דערפירט דערצו, אז די קהילה האָט אויפגעהערט זיין אַן אָרט פאַר משפחה־פריווילעגיעס פאַר געוויסע פאַמיליעס. אין דער יידישער קהילה זענען געקומען צום וואָרט די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. אויסגעקליבן אויפן סמך פון דער פארברייטערטער וואל־ארדינאציע, איז די קהילה דער אויסדרוק פונעם פאָלקסווילן און פארדינט אויף א גרעסערער אַכטונג און נישט מען זאָל זיך מיט איר יעדן טאָג וואַרפן און פונאַנדערלאָזן״.

„מען ברעכט איצט אונטער — האָט אין זיין רעדע דערקלערט דער פרעזעס פון קהילה־ראט חיים נייגער — איין אויטאנאמיע נאָך דער צווייטער. די זעלבע מענטשן וואָס האָבן אינטריגירט קעגן שטאטראט, באמיען זיך איצט אונטערצוגראָבן די קהילה — די לעצטע אויטאנאמע פאזיציע וואָס איז פארבליבן אין טאָרנע. עפּעס פינסטערע כוחות הוליען איצט אויף דער יידישער גאס און פארניכטן אלץ וואָס איז נוצלעך און נויטיק דעם פאראָרעמטן יידנטום. זאָל אונדזער פראָטעסט זיין א ווירדיקער ענטפער און אויסדרוק פון פאראכטונג פאר די אונטערערדישע כוחות, וועלכע שטרעבן צילבאוואוסט צו צעקלאַפּן די יידישע קהילה און פארניכטן די יסודות פון דער יידישער אויטאנאמיע״.

אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע אין קהילה האָט דוד באַטיסט דערקלערט: „דער עצם פאקט פון אויפלייזן די קהילה מאכט שוין נישט היינט קיין שום רושם, מיר מוזן אָבער סטעמפּלען אזעלכע מעטאדן, די באוואוסטע דענונציאציעס מצד די, וועלכע באהאלטן זיך היינט אויס. דער פאקט פון אויפלייזן די קהילה, דאָס פארניכטן אונדזער אויטאנאמיע, איז נישט עפּעס אַן אָפּגעריסענע דערשיינונג. דאָס איז בלויז א רינג אין דער קייט פון די גרויסע פאַרסירונגען וואָס זענען לעצטנס פאָרגעקומען. פארוואָס ווערט די העגעמאניע אין יידישן לעבן איבערגעגעבן דער ארטאדאקסיע און דער אסימילירטער אינטעליגענץ? ווייל אזוי אָרום קאָן מען אויף א הומאניטאָרן אופן פּטור ווערן פון דער אפּאָזיציע. בעת די וואלן צום סיים האָבן די אָרטאדאָקסן געגעבן דעם פריץ וואָס זיי האָבן אים געהאט צו געבן. מען האָט זיי צוגעזאָגט צו פארקלענערן די שטייערן און אנדערע גאָלדענע גליקן, און געגעבן האָט מען זיי א דעקרעט וואָס נאָוועליזירט דאָס קהילה־געזעץ. מען האָט די יידישע מאסן אויסגעליפערט צו די, וואָס

מיטן נאָרמאלן ערלעכן וועג קאָנען זיי נישט קומען צו דער מאכט, זיי האָבן נישט ביי אונדז קיין שום צוטרוי, און נאָר מיטן כוח פון פריץ וועלן זיי קאָנען הערשן".

ד"ר שפאן, וויצע־פּרעזעס פון דער יידישער קהילה, האָט דערקלערט: „די יידן זענען פון דער לעצטער פּאליטישער אקציע ארויס מיט א נצחון און ארייגעפירט אין שטאטראט א יידישע רעפּרעזענטאנץ, וועלכע האָט ווירדיק פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן און געשטאנען אויף דער וואך פאַרן וואויל פון דער שטאט. וואָס אן אמת האָט א טייל יידישע ראטמענער אונדז פאַרראטן און מיטן אונטער־גראָבן די שטאטישע זעלבסטפאַרוואלטונג געבראכט אומגעהויערן שאָדן קודם כל דעם טאָרנער יידנטום. פאַר דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן שטאטראט איז דאָס טאָרנער יידנטום געווען ווירדיק פאַרטרעטן. זינט טאָרנע עקזיסטירט, זענען אונדזערע קולטורעלע באַדערפענישן נישט באַפרידיקט גע־וואָרן מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש און לאָיאַליטעט מצד דעם קאַטוילישן טייל ראַטמענער, ווי דאָס איז געווען לעצטנס, און יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס זענען צום ערשטן מאָל באהאנדלט געוואָרן מיט דער געהעריקער זאָרגפעליקייט. דאָס וואָס מיר האָבן דערגרייכט פאַר יידישע צוועקן, האָבן מיר באַקומען אויף א ווירדיקן אופן און נישט מיט געבעט, און אונדזער באציאונג צום קאַטוילישן טייל ראטמענער האָט זיך געשטיצט אויף קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, צוטרוי און טאָלעראַנץ. קיינער וועט נישט לאָזן א טרער צוליבן אויפלייזן די קהילה, מיר מוזן אָבער פּראָטעסטירן קעגן די מיטלען און מעטאָדן מיט וועלכע עס באַנוצן זיך אונדזערע קעגנער".

אויף דער דאָזיקער זיצונג האָבן געפעלט די אָפּאָזיציע־ראַטמענער חיים אבערדאם, זעליג בראַון, אליהו געווערץ, שלמה מעהר, ד"ר מיץ, ד"ר קליין, מ. ריינהאלד, וואלף וועקסלער. די דאָזיקע אינטריגעס האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דער קהילה־פאָרזיצער ד"ר הענריק עהרענפּרוינד, אַן אָפּאָליטישער מענטש, וועלכער האָט געאַרבעט אין קהילה אַן אייגננוץ און זייטיקע כוונות. געטריבן דורך די אָפּטע מסירות און קעגנזאַצן, האָט ער סוף פעברואַר 1931 יאָר געלייגט זיין אַמט אלס פאָרזיצער פון קהילה־פאַרוואלטונג. אויף דעם דאָזיקן שווערן פּאָסטן איז פאַרבליבן דער וויצע־פאָרזיצער ד"ר שפאַן, וועלכער האָט צוזאמען מיט וואָלף געצלער און פרעזעס פון ראַט חיים נייגער געראַנגלט זיך מיט פאַרשידענע שוועריי־קייטן, נישט וועלנדיק דערלאָזן צו א קאָמיסאַרישער הערשאַפט אין דער גמינע. צוליבן דרוק אָבער פון די, וואָס האָבן זיך געריסן צו די קאָמיסאַרישע בענקלעך, האָט די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט פאַראָרדנט אַ קאָנטראָל אין דער קהילה, זוכנדיק מאָטיוון אויפצולייזן די יידישע גמינע און דערמיט באַרעכטיקן דאָס אוועקזעצן א קאָמיסאַר. די מאָטיוון האָבן זיך געפונען, ווייל די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט בשעתה איינגעצאָלט 890 זלאָטעס פאַר קרן־קיימת, כדי פאַראייביקן די דעמאָלט געפייערטע אין גאַנצן לאַנד דאַטע פון פוילנס צעניאָריקער אומאָפּהענגיקייט. אויסערדעם איז „אַנטדעקט" געוואָרן, אז די קהילה האָט אויסגעצאָלט 900 זלאָטעס אויף מצות פאַר יידן אין רוסלאַנד, און צום סוף — די קהילה האָט אסיגנירט, מיט דער הסכמה פון אַלע ראַטמענער, פאַרשטייט זיך, די סומע פון 9,863 זלאָטעס 50

גראַשן פאַרן רעטונגס־קאַמיטעט (גמילות חסדים), פונוואַנען מען האָט די אָרעמסטע יידן געגעבן אומפּראָצענטיקע הלוואות פון 100 זלאָטעס אויף לענגערע און קליינע ראַטעס. די דאָזיקע סומע איז בלויז געבאָרגט געוואָרן דעם רעטונגס־קאַמיטעט, און פאַרן אומקערן דאָס געלט זענען געווען פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך: ד״ר שפּאַן, וואָלף געצלער און גבריאל דורסט.

עס איז געשען — דעם 10־טן מערץ 1931 איז דעם וויצע־פּרעזעס ד״ר שפּאַן דערלאַנגט געוואָרן דער דעקרעט וועגן אויפלייזן די קהילה־פאַרוואַלטונג אין טאַרנע. אויפן אָרט פון דער פונאַנדערגעלאָזטער קהילה האָט די סטאַראָסטווע, אויפן סמך פון פאַר׳ 30 פונעם געזעץ פון 21־טן מערץ 1890 יאָר, באַשטימט (אַלס דרינגענדער פאַל) א צייטווייליקע פאַרוואַלטונג מיט ד״ר זילביגער אין שפּיץ. אויסער דעם זענען אַריין אין דער פאַרוואַלטונג: חיים אַבערדאַם, זעליג בראַון, אינזש׳ אייכהאָרן, אליהו געווערץ, ד״ר גאָלדשטערן, חיים גאָלדבערג, ד״ר קליין, בערנארד לייב, אהרון ראָזענצווייג, ארטור מארגוליעס, שלמה מעהר, וואָלף ווערקס־לער, אליהו וויינבערגער און צוויבל.

אַרומרעדנדיק דעם פאַקט פון אויפלייזן די יידישע קהילה אין טאַרנע, שרייבט „טיגאדניק זשידאָווסקי״ (פון 13.3 1991 יאָר, נומ׳ 11):

„א קאַמיסאַר אין דער קהילה — דאָס איז שוין א לאַנג געגאַרטער ציל פון דער אגודה און אירע נאָכשלעפּער, א הייפל אסימילאַטאָרן וואָס באַהאַלט זיך אונטער איר מאַנטל. ענדלעך זענען איצט געשטילט געוואָרן די אַפּעטיטן און אַמביציעס פון פאַרשידענע „באַדייטנדיקע יידישע פּאָליטיקער״, ענדלעך איז אינקאַסירט גע־וואָרן דאָס וועקסל וואָס איז דער אגודה אויסגעשטעלט געוואָרן בעת די סיים־וואַלן״.

מיט וואָס האָט אָנגעהויבן זיין הערשאַפט אין קהילה די צייטווייליקע קהילה־פאַרוואַלטונג? אין ביורא פון קהילה איז צווישן אַנדערע בילדער געהאָנגען אויף דער וואַנט דער פּאָרטרעט פון ד״ר צ. פּ. חיות, דער באַרימטער אין דער יידישער וועלט הויפּט־ראַבינער פון ווין, גרויסער געלערנטער, געשעצט און געאַכטעט אויך דורך קריסטלעכע געלערנטע. האָט די צייטווייליקע פאַרוואַלטונג אָנגעהויבן איר באַלעבאַטעווען אין קהילה מיטן א פאַראָרדנונג אַראָפּצונעמען דאָס בילד פון ד״ר חיות און אָוועקשטעלן עס אין א ווינקל, און דאָס בלויז דערפאַר, וואָס ער איז געווען א ציוניסט...

אין דעמזעלבן ביורא זענען אויף דער וואַנט געהאָנגען צוויי אַנדערע בילדער. דאָס זענען געווען דיפּלאָמען פון קרן קיימת לישראל, געשיקט פון ירושלים דער יידישער קהילה אין טאַרנע אין שייכות מיטן איינשרייבן דורך איר אין „ספר הזהב״ פון קק״ל די פּוילישע רעפּובליק אין צענטן יאָרטאָג פון איר אומאָפּהענגיקייט. אויך די צוויי בילדער זענען געפאַלן א קרבן פון דער צייטווייליקע פאַרוואַלטונג. אוי־סער דעם האָט די קאַמיסאַרישע פאַרוואַלטונג פאַרווערט זינגען אין דער נייער שיל די „התקוה״ און פאַרווערט קלייבן שפּענדונגען פאַר קרן קיימת לישראל, וועלכע מען פלעגט מנדר זיין ביים אויפרופן צו דער תורה. ווען אין דער העלפט מאַי 1931 יאָר איז דורך דער צייטווייליקער פאַרוואַלטונג באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פון סובווענצן פאַר פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס, זענען די סובווענצן

צוגעטיילט געוואָרן די שולן און שטיבלעך ווי: קלויז, באָבאָווער, בעלזער און אנד. דאקעגן איז נישט צוגעטיילט געוואָרן קיין פרוטה די העברעאישע שולן פון שפה ברורה, דעם לייענזאל און דער פאָלקס־ביבליאָטעק. אויף צו באַרעכטיקן אַזאַ האַנדלונג, האָט דער פאָרשטייער פון אגודה דערקלערט פאָלגנדעס (ציטירט לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 15.5.31, נומ׳ 19):

„ער וואָלט יאָ געוואָלט דערפאַר מען זאָל באַשטימען אַ געוויסע סומע, אָבער נאָר אויף צו פאַרברענען די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק".

24

אין דער צייט האָבן אַלץ שווערערע וואָלקנס פאַרטונקלט דעם יידישן האָריזאָנט. נויט און הונגער האָבן זיך באַזעצט אין יידישע היימען, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג געפירט אַ פאַרמעגלעך לעבן. דאָס יידישע בירגערטום האָט זיך געפונען אין ממש אַ האָפנונגסלאָזער לאַגע. דער סוחר און אַרבעטער, דער האַנטווערקער און יידישער אינטעליגענט האָבן מיט זאָרג און מורא געקוקט אין דער צוקונפט. אין אַזאַ סיטואַציע האָט זיך אויך געפונען דאָס טאַרנער יידנטום, און דאָס גראָד אין אַ צייט, ווען עס האָט נישט געהאַט קיין אייגענע פאַרטרעטערשאַפט אין שטאָטראָט און ווען די קהילה, די איינציקע אינסטיטוציע וואָס האָט געקאָנט קומען צו הילף דער יידישער באַפעלקערונג דורך פאַרברייטן איר סאָציאַלע טעטיקייט, האָט זיך געפונען אין אומפאַראַנטוואָרטלעכע הענט פון מענטשן, וועלכע האָבן לגמרי נישט געזאָרגט פאַרן וואויל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

נישט געקוקט אויפן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, אַלגעמיינער נויט און קאַטאַס־טראָפאַלער לאַגע פון גאַנצן האַנדל און אינדוסטריע, האָט די שטייער־מאַכט אין טאַרנע, אויסמעסטנדיק דעם אינדוסטריע־שטייער (פּאָדאַטעק פּזשעמיסלאָווי) פאַרן יאָר 1930, געשטעלט דעם יידישן שטייער־צאָלער אַ צוויי־פאַכיקן און דריי־פאַכיקן אויסמעסט לגבי דעם יאָר 1929. עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז צוליב די איבערגע־טריבענע שטייער־אויסמעסטונגען האָבן אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט אַזעלכע קאָנ־פעקציע־אונטערנעמונגען ווי: י. קעץ, ברידער בראַון, י. פייגענבאַום, צאַודער און ווינשטאַק, ד. לאַנדמאַן, רייזל רובין, שטיין און ראָט, גרינבערג. 400 יידישע אַרבעטער, באַשעפטיקטע אין די אויבנדערמאַנטע אונטערנעמונגען, זענען געבליבן אַרבעטלאָז.

מען דאַרף דערביי נישט פאַרגעסן, אַז די קאָנפעקציע־בראַנזשע אין טאַרנע האָט פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע נישט בלויז אין דער אינדוסטריע אין פוילן, נאָר געפונען זיך אויך אויף אַ גאַר בכבודיק אָרט אינעם פוילישן עקספּאָרט. די אַנט־וויקלונג פון דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע דאַטירט זיך נאָך פון יאָר 1850 בערך. ווי אין עסטרייך־אונגאַרן, אַזוי האָט קאָנפעקציע אין פאַרמלחמהדיקן פוילן לויט דער קוואַליטעט און קוואַנטיטעט פאַרנומען אַ דאָמינירנדיקן פּלאַץ. אָבער בעתביים עסטרייכער האָבן די אויסאַרבייטונגען פון דער טאַרנער קאָנפעקציע־בראַנזשע געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַץ אין אַלע לענדער פון דער געוו.

האַבסבורגער מאָנאַרכיע, אין די באַלקאַנישע לענדער, אַריינגערעכנט טערקיי, וואו עס זענען עקספּאָרטירט געוואָרן א סך סחורות — האָבןביים סאנאציע־רעזשים, צוליב דער נישט־ראַציאָנעלער פּאָליטיק אויפן געביט פון שטייערן, פּאַספּאָרטן, צאָל און קרעדיט, — די אויסאַרעטונגען פון דער טאַרנער קאָנפעקציע־אינדוסטריע נישט געקאָנט אויסהאַלטן די אויסלענדישע קאָנקורענץ, באַזונדערס פון די טשעכאָסלאָוואַקישע אויסאַרבעטונגען (פּראָשטשיאָוו) און עסטרייכישע (ווין), אַזוי, אז דאָס צוריק געווינען די פריערדיקע מערק האָט זיך אָנגעטראָפן אויף פיל שוועריקייטן. דערפאר איז לעצטנס פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה באַגרענעצט געוואָרן דער אָפּזאַץ־מאַרק בלויז אויפן אינלענדישן מאַרק, הגם עס האָבן נישט געפעלט קיין באַמיאונגען צו דעראַבערן אויך פרעמדע מערק. אין סעפּטעמבער 1931 יאָר איז קיין לאָנדאָן אַרויסגעפאָרן א ספּעציעלע דעלעגאַציע, כדי אָנצוקניפּן א קאָנטאַקט מיט די דאָרטיקע אָפּנעמער. די טאַרנער קאָנפעקציע־אויסאַרבעטונגען, זענען לגמרי נישט געבליבן הינטערשטעליק לגבי די אויסלענדישע אויסאַרבייטונגען, אפילו זיי איבערגעשטיגן, א דאַנק דער אינטענסיווער אַרבעט און אָנשטרענגונגען מצד די פּראָדוצענטן, ביי דער מיטהילף פון די אַרבעטער, באַשעפטיקטע אין דער בראַנזשע. אויך איז געלונגען אויסצוברייטערן די אינדוסטריע מיט אַנדערע אַרטיקלען, ווי דאַמען־קאָנפעקציע, פוטער־אויסאַרבייטונגען, גומי־אַרטיקלען. מיט איר פאַרנעם האָט צו דער טאַרנער קאָנפעקציע־אינדוסטריע זיך געקאָנט פאַרגלייכן בלויז די קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין בזשעשין (הינטער לאָדזש), הגם לויט דער קוואַליטעט איז בזשעשין געווען הינטערשטעליק.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דעם סחורה־באַדאַרף פאַר דער קאָנפעקציע אינדוסטריע אין טאַרנע,געדעקט אינגאַנצן די לאָדזשער מאַנופאַקטור־פאַבריקן. די שפּינערייען אין ביאַליסטאָק, ביעלסק און טשענסטאָכאָוו האָבן פאַר טאַרנע געהאַט א קנאַפּע באַדייטונג, דערביי זענען אויך געבראַכט געוואָרן סחורות פון אַנדריכאָוו, ריישע און כזשאַנאָוו, און זיי זענען עס געווען דער יסוד פאַר דער אין טאַרנע אַנטוויקלער וועש־פּראָדוקציע, וואָס איז אין א גרויסער מאָס איינגעשטאַנען אין יידישע הענט.

פּראָפ׳ זדשיסלאַוו סימכע, אין זיין בוך „טאַרנע און איר אומגעגנט״ וועלכעס מיר האָבן שוין דערמאָנט, באַשרייבט פאַרשיידענע אינדוסטריע־צווייגן אין טאַרנע און גיט איבער בפּרטיותדיק דעם פאַרנעם פון א ריי בראַנזשעס. דערביי דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אז דער גאַנצער אָן אויסנאַם קאָנפעקציע־צווייג אין טאַרנע איז איינגעשטאַנען אין יידישע הענט.

ווי עס גיט איבער פּראָפ׳ סימכע, לויט די ציפערן וואָס ער האָט באַקומען אין דער אָרטיקער קראַנקן־קאַסע, האָבן אין דער העלפט יאָר 1929, געאַרבעט אין 61 קאָנפעקציע־אונטערנעמונגען 1,200 אַרבעטער. די דאָזיקע ציפער איז נישט קיין גענויע, ווייל פאַקטיש איז דאָרט געווען באַשעפטיקט א פיל גרעסערע צאָל אַרבעטער, א.ג. כאַלופּניקעס, וואָס האָבן באַוואוינט גאַנצע גאַסן אויף דער גראַבוווקע, און דאָס זענען מערסטנטייל געווען יידישע אַרבעטער. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אז א גרויסע צאָל כאַלופּניקעס זענען צוליב פאַרשידענע סיבות נישט געווען פאַרשריבן אין דער קראַנקן־קאַסע.

אין יאר 1929 האָבן פאָלגנדע אונטערנעמונגען פון דער קאָנפעקציע־בראַנזשע אין טאָרנע באשעפטיקט איבער 4 ארבעטער (די אָנגאבן — לויט פראָפ׳ סימכע):

אין 32 שניידער־ווארשטאטן — 303 ארבעטער

אין 5 ווארשטאטן פאר דאמען־קאָנפעקציע — 457 ארבעטער און 313 כאלופּ־ניקעס

אין 10 ווארשטאטן פאר היטלען און קאפעלושן — 82 ארבעטער (אויסשליסלעך יידישע)

אין 7 וועש־ווארשטאטן האָבן געארבעט 127 ארבעטער (דערונטער 70% יידן)

אין 3 ווארשטאטן פאר קאָלדרעס און גארסעטן — 30 ארבעטער

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז צוגעקומען א גרעסערע צאָל קאָנפעקציע־אונטערנעמונגען. די צאָל יידישע ארבעטער באשעפטיקטע אין דער בראַנזשע, איז פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דערגאנגען ביז 3000.

דער עטאטיזם, די שטייער־שרויף, די עקסטערמינאַציע־פאליטיק, דאָס נישט צולאָזן יידן צו מלוכהשע אמטן — אלץ צוזאמענגענומען האָט גורם געווען צו דעם, אז דער אלגעמיינער ווירטשאפטלעכער קריזיס האָט שווער געטראָפן די יידישע עקזיסטענץ.

דער אנטיסעמיטיזם, געפלעגט דורך דער ענדעציע, וואָס האָט זיך געריסן צו דער מאכט, האָט זיך שטארקער געלאָזט שפּירן. אין אזא טאָרנע, וואו דאָס פויליש־יידישע צוזאמענלעבן איז אין אלגעמיין געווען הארמאניש, האָט די ענדעציע אויפגעהויבן דעם קאָפּ און באאיינפלוסט א גרויסן טייל פון דער פוילישער שול־יוגנט. ווען אין סוף יאר 1931 האָבן די אבסאלווענטן פון די טאָרנער מיטלשולן געגרייט א בשותפותדיקע פאטא־אויפנאמע מיט די פּראפעסארן, זענען אלע דריי גימנאזיעס געווארן אַן אַרענע פון סקאנדאלן מיט אן אויסגעשפּראכן אנטיסעמיטישן כאראקטער. אין דער ערשטער גימנאזיע האָבן די פּוילישע שילער זיך נישט געוואלט פאטאגראפירן צוזאמען מיטן רעליגיאנס לערער וואַכטעל. אין דער צווייטער גימנאזיע האָבן די קאטוילישע שילער זיך נישט געוואָלט געפינען אויף איין בילד מיטן פּראפעסאר צוועכער. אן ענלעכע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט אין דער דריטער גימנאזיע. עס איז דערגאנגען דערצו, אז אלס צייכן פון סאלידאריטעט מיט די פּראפעסארן וואכטעל און צוועכער, האָבן די יידישע אבסאלווענטן זיך נישט געוואָלט פאטאגראפירן מיט די פּוילישע אבסאלווענטן, און מיט דער שטעלונג האָבן זיך סאלידאריזירט זיבן קאטוילישע שילער פון דער אָפּטיילונג ב׳ אין דער צווייטער גימנאזיע. דערביי האָבן די יידישע אבסאלווענטן פון אלע דריי גימנאזיעס זיך געמאכט א בשותפותדיק בילד און עס ארויסגעהאָנגען אין איינעם פון די געשעפטן אויף דער קראקעווער גאס.

פון פאָנדן וואָס זענען מיט בלוט און שווייס אויסגעפּרעסט געווארן פון דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן, זענען אויפגעבויט געוואָרן אונטערנעמונגען און אנשטאלטן, דערביי זענען לגמרי אויסגעמיטן געוואָרן יידישע ארבעטער, האנט־ווערקער, אינטעליגענץ, טעכניקער און סוחרים.

ווען דער שטח צווישן דונאַיעץ און סאַן פון איין זייט און די ווייסל פון דער

צווייטער זייט, וועלכער האָט אויך ארומגענומען די שטאָט טאָרנע, איז לויט א דעקרעט פון מלוכה־פרעזידענט פון 22.3, 1928, אנערקענט געוואָרן אלס א פריווילעגירטער פאר ניי־געגרינדעטע אונטערנעמונגען וואָס האָבן געהאט א באדייטונג פאר דער מיליטערישער אינדוסטריע, און ווען אויף דעם שטח האָבן ווירקלעך אָנגעהויבן אנטשטיין הוטעס, גיסערייען, כעמישע און קעראמיק־פאבריקן, און נישט ווייט פון טאָרנע איז אויפגעשטעלט געוואָרן די ריזיקע מלוכהשע אזאָט־פאבריק וועלכע האָט באשעפטיקט איבער 5,000 ארבעטער און 100 אינזשעניערן, — איז בוכשטעבלעך קיין איין יידישער ארבעטער, קיין איין יידישער אינזשעניער, נישט באשעפטיקט געוואָרן אין קיין איינער פון די מלוכהשע אונטערנעמונגען. פאר יידישע סוחרים איז דער גאנצער ראיאן געווען הערמעטיש אָפגעשלאָסן.

דאָס זענען נאָך אלץ געווען שוואכע שפּראָצן פון דער גרויסער אנטיסעמיטישער אקציע וואָס איז אין לאנד אָנגעפירט געוואָרן דורך דער ענדעציע. איר פארטרעטער אין סיים, דעפּוטאט ריבארסקי, האָט אָפן געדראָט, אז „די פּוילישע עפנטלעכע מיינונג וועט זיך בפירוש ווענדן קעגן יידן, ווייל יידן זענען די שולדיקע אין דער איצטיקער לאגע אין פּוילן".

ליידער האָט איצט אין טאָרנע געפעלט דער כוח ווי עס איז געווען די פריערדיקע יידישע רעפּרעזענטאנץ אין שטאטראט. עס האָט געפעלט די פריערדיקע קהילה־פארוואלטונג און ראט וואָס זאָלן קומען צו הילף דער אָרעמער יידישער באפעלקערונג וואָס זאָלן אָפּשלאָגן די אטאקעס קעגן טאָרנער יידנטום. די קאמיסארישע פארוואלטונג מיט ד"ר זילביגער אין שפּיץ האָט איר גאנצע ארבעט געווידמעט צונישט צו מאכן די וויכטיקע אויפטוען פון דער לעצטער געוויילטער קהילה־פארוואלטונג. א דאנק דער הערשאפט פון עטלעכע אסימילאטארישע פּאליטישע באנקראָטן געשטיצט דורך רעשטלעך פון פינצטערניש און איבערגלויבן, ביי דער הילף פון די מאכט־ארגאנען, איז די יידישע גמינע אין טאָרנע צוריקגערוקט געוואָרן מיט עטלעכע הונדערט יאר צוריק.

ערשט ווען ארום די קאמפן אויף די אמטן פון דיינים, שוחטים און רבנים, האָבן צווישן די פּאָליטיקירנדע אָרטאדאקסן זיך אָנגעהויבן אינטריגעס, ווען דער קהילה־קאמיסאר האָט אויפגעהערט זיך רעכענען מיטן ווילן פון זיינע אייגענע אנהענגער, ווען עס זענען ארויפגעשוואומען קאסע־מאניפּולאציעס מיט גמינע־געלטער, די א.ג. „ב.ב.־פּאָזיציעס", — איז אין גמינע אויסגעבראָכן אן אָפענער בונט קעגן ד"ר זילביגער. עס איז דערגאנגען דערצו, אז ד"ר זילביגער האָט פון קהילה־געלטער אסיגנירט באדייטנדיקע סומען פארן וואל־פאנד פון דער רעגירונגס־פּארטיי, די סאנאציע, וועלכע האָט זיך געגרייט צו די סיים־וואלן. אָט די דאָזיקע פאָנדן האָבן עס אין די ביכער פיגורירט אלס „ב.ב.־פּאָזיציעס". דאָס איינציקע געוווער פונעם טאָרנער יידנטום, וועלכעס האָט אין זיין איבערוועגנדיקער מערהייט פאראורטיילט די קאמיסארישע הערשאפט אין דער קהילה, איז געווען דעמאסקירן די קהילישע קליקע. דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" האָט געגעבן דעם טאָן און די ריכטליניעס אין דעמדאָזיקן קאמף.

די געשיכטע מיט די „ב.ב.־פּאָזיציעס" האָט געצווינגען די אויפזיכט־מאכט אדורכצופירן א רעוויזיע אין ביורא פון קהילה און באפרייען ד"ר זילביגער פון

זיין אמט אלס פארזיצער פון דער קאמיסארישער פארוואלטונג אין גמינע (15.1, 1932).

25

אזעלכע זענען געווען די דעסטרוקטיווע רעזולטאטן פון דער אסימילאטאָריש־אָרטאָדאָקסישער קליקע: אויפלייזן די שטאטישע זעלבסט־פארוואלטונג, אויפלייזן די יידישע קהילה און אויפלייזן אן אלטע נוצלעכע ארגאניזאציע פון יידישע סוחרים (וועגן וואָס מיר שרייבן אויף א צווייט אָרט). עס זענען אויך פארניכטעט געוואָרן יידישע קולטור־פּאָזיציעס, עס זענען צוגענומען געווארן די סובווענצן פאר די נאַציאָנאלע פאָנדן, העברעאישע שולן און נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע אינס־טיטוציעס. בעת דער קאמיסארישער הערשאפט אין דער גמינע האָט מען דאָרט געלאָזט וואַרפן לאָזונגען וועגן פארברענענען יידישע ביבליאטעקן. מיטן איין וואָרט — עס איז פראקלאמירט געוואָרן אן אמתער קרייצצוג קעגן ציוניזם און קעגן אלע אויפטוען פונעם נאציאנאלן יידנטום. אלע ביזאיצטיקע אנשטרענגונגען און דערגרייכונגען פון די קהילה־פארוואלטונגען, זענען געגאנגען לאיבוד. עס זענען פארנאכלעסיקט געוואָרן די קהילה־אנשטאלטן, ווי דאָס יידישע שפּיטאָל, זקנים־הויז און אנד.

מיט א פאראָרדענונג פון וואיעוואָדישן אמט אין פעברואר 1932 יאר, איז אלס פארזיצער פון דער צייטווייליקער (קאמיסארישער) קהילה־פארוואלטונג אין טאָרנע באשטימט געוואָרן ד״ר קליין, געשטיצט דורך דער אגודה. דעם אמט האָט ער איבערגענומען דעם 21־טן פעברואר 1932 יאר און אלס זיינע פארטרעטער באשטימט: ארטור מארגוליעס, חיים אבערדאם און אליהו גוועורץ. אין עטלעכע טעג ארום איז ארטור מארגוליעס באפרייט געוואָרן פון דעם אמט.

קיינער האָט נישט געהאט קיין אילוזיעס, אז דער נייער קהילה־קאמיסאר וועט זיין בעסער פון זיין פארגייער. די קהילה איז פארוואנדלט געוואָרן אין אן אמתער דזשונגל. אויך א טייל אָרטאָדאָקסן זענען געווען אומצופרידן מיט ד״ר קליינס הערשאפט, וועלכער האָט זיך לגמרי נישט גערעכנט מיטן בייראט און רעגירט אין קהילה ווי אויף אן אייגענעם הויף. הגם דאָס איז געווען א צייט פון שטייגנדיקער נויט און פויפעריזאציע פון דער יידישער באפעלקערונג, האָט די דאָזיקע קאמיסארישע פארוואלטונג גאָרנישט געטאָן, כדי צו טראָגן הילף דער טאָרנער יידישער אָרעמקייט. דערביי זענען באשטימט געוואָרן סובווענצן פאר די אונטערשטוּפּערס פונעם קאמיסארישן קהילה־פארזיצער.

אויף א קאנפערענץ פון אינדוסטריעלער אין טאָרנע, פאָרגעקומען דעם 30־טן אפריל 1932 יאר, איז ארומגערעדט געוואָרן דאָס ארבעטלאזיקייט־פראבלעם אין שטאָט. ווי עס גיט איבער דער ״טיגאָדניק זשידאווסקי״ (6.5, 1932, נר׳ 18), האט די צאל ארבעטסלאזע אין יענער צייט באטראָפן 4,000, וואס צוזאמען מיט די משפחה־מיטגלידער איז עס געווען 12,000 פערזאָן. אין דעם זענען געווען ביי א 20% יידן. די יידישע פראפעסיאָנעלע פאריינען האָבן געטאָן אלץ וואָס זיי האָבן

געקאָנט, כדי לייכטער צו מאכן די שווערע לאגע פון די יידישע ארבעטער, אָבער אין שטאטראט, ווי אין דער קהילה האָבן רעגירט רעגירונגס־קאָמיסארן וועלכע האָבן זיך ווייניק־וואס געזאָרגט וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אויף דער יידישער גאס. בעת אויף דער פוילישער גאס האָט די קאָמיסארישע שטאָט־פארוואלטונג באשעפטיקט א טייל ארבעטלאָזע ביי עפנטלעכע ארבעטן, 10 טעג אין חודש (צוויי מאָל צו 5 טעג), איז דאָרט פון די יידישע ארבעטלאָזע באשעפטיקט געוואָרן בלויז איינער, הגם הונדערטער יידישע ארבעטלאָזע האָבן זיך געיאָגט נאָך ארבעט. פארשטייט זיך, אז די דעמאָלטיקע יידישע נאָמינאַנטן, האָבןביים שטאָט־קאָמיסאר נישט געמאכט קיין שום באמיאונגען צו פארריכטן די עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן יידישע ארבעטסלאָזע. די יידן האָבן איצט פארלוירן דעם מינדסטן איינפלוס אויף שטאטישע ענינים, ווייל דאָס אויפלייזן דעם שטאטראט האָט אממיינסטן געטראָפן יידן. די ברייטסטע יידישע מאסן האָבן פארלוירן די מעגלעכקייט משפיע צו זיין די שטאטישע ענינים. טאָרנער יידן האָבן איצט אנגעוואוירן איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. דער שטאטישער בודזשעט, אין א גרויסן טייל געדעקט דורכן יידישן שטייער־צאָלער, האָט לגמרי נישט באריקזיכטיקט יידישע אינטערעסן. אין שפּיץ פון טאָרנער יידנטום זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן מענטשן פון דער פּאָליטיקאַנישער אָרטאָדאקסיע, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין שום איינפלוס. אויף די אנטוויקלונגען אין שטאט. דער יידישער וויצע־בירגערמייסטער ד״ר מיץ, וועלכע האָט בשעתו צוגעלייגט אַ האנט אויפצולייזן דעם שטאָטראט, האָט אלס וויצע־קאָמיסאר פארלוירן יעטוועדן אויטאריטעט צווישן דער באפעלקערונג — סיי יידישער, סיי פוילישער, — ווייל דאָס האט מען אים צוגעשריבן די באמיאונגען פונאנדערצולאָזן דעם שטאטראט און די קהילה.

פונדעסטוועגן איז ד״ר מיץ גאָר איניגיכן באפרייט געוואָרן פון זיין אמט אלס וויצע־קאמיסאר און זיין אָרט האָט פארנומען ד״ר עדווארד שאליט, און אלס מיטגליד פון דער קאמיסארישער זעלבסטפארוואלטונג איז צוקאאפטירט געוואָרן ד״ר הענריק עהרענפרוינד, אויפן אָרט פון באזייטיקטן ארטור מאַרגוליעס.

גלייך אויף דער ערשטער זיצונג פונעם קאמיסארישן בייראָט, האָט ד״ר שאליט אין זיין פראגראם־רעדע דערקלערט די סיבות פון אויפלייזן דעם פריערדיקן שטאטראט.

„דער שטאָטראַט — האָט דערקלערט ד״ר שאַליט — איז צעקלאפט געוואָרן פון אינעווייניק, און צעקלאפּט האָבן אים מענטשן, וואָס זענען דאָרט געזעסן. צופיל שטארקע פערזענלעכקייטן זענען אריין אין נייעם ראט, סיי צווישן קאטאָליקן, סיי צווישן יידן, וועלכע האָבן זיי אוועקגערוקט אָן א זייט, אזוי אז זיי האָבן אָנגעהויבן פארלירן דעם פריערדיקן איינפלוס און אָנזען. אזוי ווייטער האָט נישט געקאָנט גיין. מען האָט איינמאָל פאר אלעמאָל באדארפט דערצו א סוף מאכן און די בעסטע לייזונג — צעטרייבן דעם שטאטראט. און אזוי איז געשען. דער ראט איז געוואָרן אויפגעלזייט. אויפן אָרט פון בירגערמייסטער איז געקומען א קאָמיסאַר. א יונגער, אומדערפארענער, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געארבעט אין א זעלבסטפארוואלטונג. ערשט איצט וועלן קומען די גאָלדענע צייטן. אזא יונגן מענטשן קאָן מען דאָך ממש ארומוויקלען ארום א פינגער. אָבער דער

יונגער קאמיסאר, ווייזט אויס, נישט קיין גרינגער, האט זיך שנעל אלץ אויסגע־לערנט, נישט געוואָלט זיין אונטערטעניק אָדער א בלינד ווערקצייג אין די הענט פון דער קליקע, וועמענס פלענער ער האָט קלאָר דורכגעזען. פונדאנען די אנטטוי־שונג, פונדאנען דער צאָרן, פונדאנען די אינטריגעס, פונדאנען די פרוון אויפצו־רייסן דעם קאמיסאריאט אָדער נאמינירן א צווייטן קאמיסאר, און דאָס נישט אין נאָמען פון געהויבענע לאָזונגען, אדער גאָר פון צוריקקערן די אויטאָנאָמיע, נאר כדי ווידער צו פארכאפן די מאכט. צו דעם האָט מען נישט געדארפט דערלאזן, די קליקע האָט נישט געטאָרט נאָכאמאָל טריאומפירן, מען האָט זיך געדארפט אנטקעגנשטעלן, דאָס איז געווען א נויטווענדיקייט, און דעריבער „האָב איך זיך געשטעלט אין א נויט".

„די הערן וואָס זענען באזייטיקט געוואָרן פון ראט — האָט פארטגעזעצט ד"ר שאליט — האָבן אויפגעהויבן א געשריי און אָנגעהויבן קלאפן טרעוואָגע, אפילו געדראָט דער רעגירונג מיט א רעוואָלט, ד.ה. מיט רעזיגנאציע פון דער קאמיסארישער קהילה־פארוואלטונג און פון אלע יידישע מיטגלידער פון בייראט, גלייך זייער ממשלה וואָלט אין משך פון עטלעכע מינוט נישט געקאָנט פארטראָטן ווערן מיט אנדערע. און צוליב וואָס דער געשריי, צוליב וואָס דער טומל? וואָס הייסט — איר זעט דען נישט, אז באשטימען עהרענפרוינד'ן און שאַליט'ן אינעם בייראט איז א „קער צו די ציוניסטן"? וואָלט אזוי געווען, וואָלט גוט געשען, דאָס וואָלט איך מיטן גאנצן הארץ געוואונטשן פוילן און די פאליאקן. אבער אזוי איז נישט. דאָס רופן אונדז אינעם ראט איז נישט קיין קער צו די ציוניסטן, נאָר אן אָפּקערן זיך פון ליגנס, פאלשקייט און צביעות, וואָס האָט אָנגעהויבן אריינ־דרינגען אין די דאָזיקע אלטע ערנסטע קלויסטער־מויערן. ארום מיין פערזאָן האָט זיך שוין געשאפן א לעגענדע. שאליט — איז שוין נישט קיין געוויינלעכער, נאָר אן עקסטרעמער ציוניסט. אזעלכע זענען געווען די אינפארמאציעס, רעלאציעס און דענונציאציעס קיין קראקע און ווארשע. כ'בין נישט קיין ציוניסט — כ'האָב זיך שטענדיק אָפּן אנערקענט צו דער פוילישער נאציאנאליטעט. א ציוניסט קאָן נאָר זיין דער, וועלכער אנערקענט זיך צום יידישן פאָלק. אָבער אפילו ווען איך וואָלט געווען א ציוניסט, וואָלט איך זיך נישט געשעמט דערמיט און עס נישט אויסבאהאלטן. ציוניזם איז א גרויסע אידעאישע באוועגונג, געבויט אויפן דער־הויבנסטן און איידלסטן גרונט. איך סימפאטיזיר מיט די ציוניסטן — איך לייקן עס נישט און צי איז עס נישט א לעכערלעכער פאָרוואורף, וועלכער ווערט מיר געשטעלט, אז איך סימפאטיזיר מיט די ציוניסטן? כ'בין זיך אָפּן מודה דערצו. כ'וועל אפילו גיין ווייטער און זאָגן, אז מיט זיי דארף סימפאטיזירן יעדער גוט־דענקענדיקער פאָליאק וואָס האָט ליב זיין פאטערלאנד. נישט קיין אנדערער ווי זיי האָבן צעקלאפּט די מויערן פון געטא און באַקעמפט די פינצטערניש וואָס האָט געהערשט אויף דער יידישער גאס. כ'בין אָבער אויך נישט קיין שונא אָדער קעגנער פון דער אָרטאָדאָקסיע. די ארטאדאקסיע — דאָס איז א געדאנקען־גאנג, א וועלט־אנשויאונג צו וועלכער מען דארף זיך באציען מיט אכטונג. כ'בין אָבער א קעגנער פון די כלומרשטע ארטאדאקסישע פירער, וועלכע האָבן בוכשטעבלעך קיין שום געמיינזאמס נישט מיט דער דאָזיקער אנשויאונג, און האלטן זיך פאר אר־

טאדאקסן כדי דערמיט צו שפעקולירן. איך פאראכט די דאזיקע פירער, וואָס האָבן דעזארגאניזירט און דעמאראליזירט א טייל פונעם יידנטום. און אויף דעם פונקט בין איך ווידער אייניק מיט די ציוניסטן, און אויך מיט א גרויסן טייל ארטאדאקסן. אזאַ איז מיין באציאונג צו די ציוניסטן און דאָס האָב איך היינט געוואָלט זאָגן. אויפריכטיקער פאטריאטיזם, ריינקייט פון גייסט און פון די הענט, אָפנהארציקייט און גראדליניקייט וועלן מיט מיר אָנפירן אין מיין נייער עפנטלעכער ארבעט״.

אָבער, די דאָזיקע ענדערונגען האָבן נישט געקאָנט באאיינפלוסן דאָס געזונט־מאכן די שטאטישע ווירטשאפט. ווייל דער מקור פון שלעכטס איז געווען דער גאנצער סיסטעם און קאמיסארישער רעזשים. דעריבער האָט די מערהייט שטאטישע איינוואוינער — פאליאקן ווי יידן — געפאָדערט צוריקשטעלן דעם שטאטראט וואָס זאָל געניסן פון צוטרוי פון די ברייטסטע מאסן, ווייל א מאגיסטראט אויס־געטיילט פון אזא שטאטראט וואָלט געקאָנט פירן די קאמונאלע ווירטשאפט אויף געזונטע ראציאנעלע וועגן.

א נאָך ערגערע און טרויעריקערע ראָל האָט אין דער צייט געשפילט די קאָ־מיסארישע קהילה־פארוואלטונג. עטלעכע חדשים פון קאמיסארישן באלעבאטע־ווען אין דער קהילה האָבן געברענגט מיט זיך א שרעקלעכע ירידה און צערודערונג אין די קהילה־אינסטיטוציעס, און דאָס גראד אין א צייט, ווען אויף דער יידישער גאס האָט אין אלגעמיין געהערשט נויט. א גענונגדער ביישפיל פון דער דאָזיקער נויט איז ארויסגעברענגט געוואָרן אין אן אינטערוויאו וואָס חיים פרידמאן, רע־דאקטאר פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, האָט אדורכגעפירט מיטן וויצע־פרעזעס פון האנטווערקער־פארבאנד „יד חרוצים״ אין טאָרנע, ה׳ זיגמונט האבער. אָט ווי ה׳ האבער שילדערט די לאגע אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 5־טן אויגוסט 1932 יאר, נומער 5:

„די יידישע האנטווערקער געפינען זיך אויפן ראנד פון אָפגרונט. הונגער און נויט בליקן איצט ארויין אפילו אין די שטובן פון גוט סיטואירטע האנטווערקער, ווען מענטש פרויען און קינדער ראַנגלען זיך פאַר א שטיקל ברויט. די לאגע פון די האנטווערקער איז א פיל ערגערע ווי די לאגע פון די ארבעטער. ווייל אן ארבעטער האָט נאָך עפעס־וואָס פון ארבעטלאָזע־אונטערשטיצונג, בעת דער האנט־ווערקער באקומט נישט קיין שום אונטערשטיצונג״.

צו אלע צרות האָט די פאטאלע קהילה ווירטשאפט דערפירט דערצו, אז צוליבן מאנגל אין געלט איז אויף עטלעכע וואָכן געשלאָסן געוואָרן דאָס יידישע שפיטאָל, קיין שום סובווענצן זענען נישט אויסגעצאָלט געוואָרן די יידישע אינס־טיטוציעס, פילאנטראפישע ווי קולטורעלע, אפילו דעם יתומים־הויז איז נישט אויסגעצאָלט געוואָרן די באשטימטע סובווענץ. אינעם זקנים־הויז איז נישט געווען קיין לייטישע אויפזיכט און פלעגע איבער די אלטע לייט, וועלכע זענען גאנצע טעג ארומגעגאנגען איבער דער שטאָט און געבעטלט.

דער קהילה־בודזשעט פארן יאר 1933, אָפגעשטימט דורך דער קאמיסארישער פארוואלטונג אין ווען מענטש שפיץ עס איז געשטאנען ד״ר קליין, האָט ארויסגערופן גרויס פארביטערונג צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. בעת אויף דער תלמוד־תורה איז אין בודזשעט באשטימט געוואָרן די סומע פון

7,000 זלאָטעס, איז פאר קיין איינער פון די פאראנענע אין טאָרנע יידישע סאציאלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס וואָס זענען געשטאנען אונטער ציוניסטישער השפעה, נישט באשטימט געוואָרן קיין פרוטה, אפילו פארן יתומים־הויז איז פרעלימינירט געוואָרן די נעבעכדיקע סומע פון 350 זלאָטעס א חודש.

אָבער די שטענדיקע מסירות און קעגנזייטיקע אָנקלאָגעס פון די קאמיסארישע פארוואלטונגס־מיטגלידער, ווי אויך די הפקרדיקע ווירטשאפט, האָבן ענדלעך געצוואונגען די אדמיניסטראטיווע מאכט צו פאַראָרדענען נייע וואלן צו דער טאָרנער קהילה.

די וואל־אקציע, אָנגעהויבן דורך דער קאמיסארישער הערשאפט, האָט קודם כל באוויזן צו שטרייכן פון דער וויילער־רשימה די ציוניסטישע וויילער. די באַרימטע פאראָרדענונג פון קולטוס־מיניסטעריום פון 24־טן אקטאָבער 1930 יאר (דז. או. זש. פ. נומ׳ 75), האָט צוו. אנד. אנטהאלטן דעם בארימטן פאראגראף 20, לויט וועלכן די וואל־קאמיסיע האָט געקאָנט צונעמען די וואל־רעכט ביי יעדן ייד, אונטערן אויסרייד אז ער איז נישט גענוג רעליגיעז. די דאָזיקע פאראָרדענונג האָט געהאט א ציל איינצושרומפן די קהילה־טעטיקייט צו די סאמע נויטיקסטע רעליגיעזע הצטרכותן, אלס „פארגיטיקונג״ דער אגודה, וועלכע האָט בעת די סיים־וואלן געשטיצט די סאנאציע. די קאמיסארישע הערשאַפט, נישט רעכנדיק זיך לגמרי מיט דער עפנטלעכער מיינונג, האָט באשטימט א וואל־קאָמיסיע וואו עס זענען אריין די צאן־קדשים פון ד״ר קליין. שוין די ערשטע פאראָרדענונגען פון דער וואל־קאָמיסיע האָבן ארויסגערופן גרויס צאָרן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע. בעת צו די לעצטע קהילה־וואלן אין יאר 1928, איז די וויילער־רשימה באשטאנען פון 4,400 וויילער, האָט די איצטיקע קהילה־פארוואלטונג געגעבן וואל־רעכט בלויז 2,940 יידן. איבער 2,000 וויילער, דורכגעלאָזטע אין די רשימות, האָבן דערלאנגט רעקלאמאציעס. בעת א טייל ארטאדאקסישע מיטגלידער פון דער קאמיסארישער פארוואלטונג האָבן געלייגט זייערע מאנדאטן, האָט די אדמיניסטראטיווע מאכט באפרייט ד״ר קליין פון זיין אמט און אויף זיין ארט אלס פארזיצער פון דער קאמיסארישער פארוואלטונג איז באשטימט געוואָרן ד״ר אנזעלם באזלער, וועלכער האָט אויך געדארפט אדורכפירן די וואלן צו דער קהילה.

ד״ר אנזעלם באזלער, א זון פון איינעם פון די ערשטע חובבי־ציון, וועלכער האָט נישט געהערט צו קיין שום פאליטישער פארטיי, האָבנדיק דערביי פיל פארשטענדעניש פאר דער ציוניסטישער שטרעמונג, האָט אָנגענומען דעם מאנדאט אונטערן באדינג, אז עס וועלן גלייך אדורכגעפירט ווערן וואלן. די נייע (נאמינירטע) קהילה־פארוואלטונג איז באשטאנען פון פאלגנדע פערזאנען: שמעון אַבערדאם, אליהו געווערץ, שלמה מעהר, אהרון ראזענצווייג, (אגודה), חיים אבערדאם, חיים ענגלענדער, פנחס טעמפלער, דוד צוויבל, מעכל שניידער (קלויז), ישראל ווינד און שמואל צענווירט (באָבאָווער), ליפע שמידט (קאָלאָטשיץ), יעקב עהרענבערג (סטוטשין), ווי אויך ד״ר גאלדשטערן, ד״ר עדווארד שאליט, אינזש׳ מאקסימיליאַן אייכהארן, זעליג בראוו, יחזקאל פאָסטראָנג, ווילהעלם רובין.

וועגן דעם צושטאנד פון דער קהילה־ווירטשאפט, געפירט דורך דער פריערדיקער קאמיסארישער פאוואלטונג, זאָגט עדות דער פאקט, אז ביים איבערנעמען די

קהילה דורכן נייעם קהילה־קאָמיסאַר, האָט זיך אין דער קהילה־קאַסע געפונען מזומן געלט 84 זלאָטעס. שוין אין צווייטן טאָג פון הערשן פון דער נייער מאַכט, האָט מען אין די קהילה־הייזער איינגעפירט אַ צוואַנגס־פאַרוואַלטונג, כדי אויף אַ צוואַנגס־אופן איינצוקאַסירן דעם חוב פאַר וואַסער אין דער סומע פון 2,000 זלאָטעס. און אין פערטן טאָג פון נייעם רעזשים, האָט דעם קהילה־קאָמיסאַר אין זיין ביורא אָפּגעוואַרט דער עקזעקוטאָר כדי אַדורכצופירן די ליציטאַציע אויף די פאַרנומענע קהילה־מעבל פאַר נישט צאָלן דעם שטייער פון אומבאַוועגלעכע גיטער (אַ סומע פון 1,750 זלאָטעס). גלייכצייטיק איז אין קהילה אָנגעקומען אַ דערמאָנונג־בריוו פון דער שפּאַר־קאַסע מיט אַ דראָאונג איבערצוגעבן דעם ענין אין געריכט, אין פאַל ווען עס וועלן נישט איינגעצאָלט ווערן די 4 ראַטעס פון דער היפּאָטעק־הלוואה.

## 26

דאָס איז געווען אַ שווערע צייט פאַרן טאָרנער יידנטום. נויט און הונגער האָבן ממש אָנגענומען פאַרצווייפלטע פאָרמען און אַרומגעכאַפּט אַלץ ברייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין „טיגאָדניק זשידאַווסקי״ (16.12.32 נומ׳ 50), ווערט אַזוי געשילדערט די דעמאָלטיקע לאַגע:

„די לאַגע פון די אַרבעטלאָזע האָט זיך היי־יאָר באַדייטנדיק פאַרערגערט לגבי פאַראַיאָרן, ווייל צוליבן קורצן סעזאָן אין די סעזאָן־אַרבעטן, באַזונדערס אין דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע, קאָנען נישט די אַרבעטסלאָזע אויפווייזן אַזאַ אַרבעטס־צייט, וואָס איז נייטיק אויף צו באַקומען הילף פון די מלוכהשע פאָנדן פאַר אַרבעט־לאָזע. דעריבער רעגיסטרירן זיך מאַסנווייז יידישע אַרבעטלאָזע אינעם שטאָטישן קאָמיטעט צו העלפן אַרבעטלאָזע. נישט געקוקט אויף דעם וואָס די הילף, וואָס דער קאָמיטעט גיט, איז זייער אַ באַשיידענע און איז פאַרבונדן מיט אָפּאַרבעטן אַ גע־וויסע צאָל טעג ביי עפנטלעכע אַרבעטן, טרעפן זיך אָן די אַרבעטלאָזע ביים רעגיסטרירן זיך אויף פאַרשידענע שוועריקייטן פון פאָרמעל־ביוראָקראַטישן כאַ־ראַקטער. באַזונדערס באַוואָלט אויף דעם געביט זענען די יידישע אַרבעטלאָזע, וועמען מען באַשווערט אויף פאַרשידענע אופנים צו באַקומען הילף באַשטימטע פאַר אַרבעטלאָזע. כאַלופּניקעס, וועלכע בילדן אַ מערהייט יידישע אַרבעטער אין טאָרנע, קאָנען זיך בכלל נישט ווענדן נאָך הילף צום שטאָטישן קאָמיטעט, וועלכער האָט זיי אויסגעשלאָסן פון דער קאַטעגאָריע מענטשן וואָס דאַרפן אַזאַ הילף באַקומען. הגם אַזאַ כאַלופּניק האָט אין משך פון יאָרן געאַרבעט איינער אַליין, נישט באַ־שעפטיקנדיק קיין געהילף, פונדעסטוועגן זאָגט אים אָפּ דער קאָמיטעט די רעכט צו געניסן פון אַרבעטלאָזן־פאָנד. די כאַלופּניקעס זענען אין יעדער הינזיכט באַ־ווולט, זיי צאָלן פאַרהעלטנישמעסיק הויכע שטייערן, געניסן נישט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג און אין פאַל פון אַרבעטלאָזיקייט קאָנען זיי נישט פּרעטענדירן אויף די עטלעכע טעג אַרבעט ביי די עפנטלעכע אַרבעטן, וואָס זענען באַשטימט פאַר אַרבעטלאָזע. זיי לעבן אין דער גרעסטער נויט און זייער לאַגע איז פּשוט אַ פאַר־

צוויפלטע. אויף 550 ארבעטלאָזע ביי די עפנטלעכע ארבעטן אין חודש דעצעמבער, זענען געווען באשעפטיקט אַן ערך 20 יידן. העכער 100 יידישע ארבעטלאָזע זענען אויסגעמעקט געוואָרן פון דער ליסטע. מען האָט געשטראָכן אפילו די, וואָס האָבן געהאַט אלע תנאים וואָס דער קאמיטעט פאָדערט. און די האנטווערקער, שראַגן־שטייער און קליינהענדלער? זיי שטארבן פשוט פון הונגער און קיינער זאָרגט נישט פאר זיי, קיינער פארנעמט זיך נישט מיט זיי״.

איז נישט קיין וואונדער, וואָס דעם 15־טן דעצעמבער 1932 יאָר איז פאר דער קהילה פארגעקומען א דעמאָנסטראַציע פון יידישע ארבעטלאָזע. איבער 200 פערזאָן האָבן געפאָדערט אונטערשטיצונג.

אין צווישנצייט זענען פון דייטשלאַנד אָנגעקומען ידיעות וועגן ביישפּיללאָזן טעראָר לגבי יידן. די יידן אויף דער גאנצער וועלט האָבן אויפגעשטורעמט, עס האָט זיך דערהערט א מעכטיקע פּראָטעסט־שטימע קעגן דער היטלעריסטישער באַרבאַריי. כדי צו ברענגען צום אויסדרוק דעם דאָזיקן שטורעם און כדי דערוועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט און מאַניפעסטירן די סאָלידאַריטעט מיט אונדזערע אומגליקלעכע ברידער אין דייטשלאַנד, איז דער טאָג פון 27־טן מערץ 1933 באַ־שטימט געוואָרן אלס פּראָטעסט־טאָג פונעם גאַנצן וועלט־יידנטום. אויך טאַרנער יידן האָבן אויפריכטיק און אָן שום באוואָרענישן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פּראָ־טעסט־אַקציע. אין דעם טאָג האָבן כמעט אלע טאַרנער יידן זיך צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ פאַר דער נייער שול, וואו עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן א פּראָ־טעסט־מיטינג, גערופן אויף דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. איבער 4,000 יידן האָבן אויסגעפילט די גרויסע שול, און איבער 2,000 (ווי עס האָט געשריבן דער „טיגאדניק זשידאווסקי״), האָבן צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ אויסגעפילט אלע דורכגענג, קאָרידאָרן און דעם פּלאַץ ארום דער שול. אלע יידישע געשעפטן זענען בעתן פּראָטעסט־מיטינג געווען געשלאָסן. אין דער ערנסטער מינוט האָט מען פארגעסן אין די קאַמפן און חילוקי־דעותן. דאָס גע־מיינזאַמע פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון חיים אבערדאַם און ד״ר קליין, דעמאָלטיקע רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידישער קהילה, וואָלף געצלער, פּרעזעס פון מזרחי, און ד״ר אברהם כאָמעט, פּרעזעס פון דער ציוניסטישער ארגאַניזאַציע. אלע אַנוועזנדיקע אויפן מיטינג, דורכגענומען מיט דער טויט־געפאַר וואָס האָט געהאָנגען איבער די קעפּ פון דייטשן יידנטום, האָבן אויפמערקזאַם אויסגעהערט די שטאַרקע רעדעס פון חיים נייגער און שלמה מעהר (אגודה). אין אַן איינשטימיק אָנגענומענער רעזאָלוציע איז געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק דער צאָרן קעגן די פאַרברעכערישע טאַטן פון די היטלעריסטישע באַנדעס לגבי די דייטשע יידן.

גלייכצייטיק האָבן יידישע סוחרים אָנגעהויבן באָיקאָטירן דייטשע סחורות. יידישע ביבליאָטעקן און אבאָנענטן פון דייטשע צייטשריפטן — פּאָליטישע ווי פּראָפעסיאָנעלע — האָבן געקינדיקט דעם אבאָנאַמענט. דייטשע פירמעס האָבן פאַר־פּלייצט מיט בריוו יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער, באַרואיקנדיק זיי מיט פערפידע פארזיכערונגען, נאָך וועלכע עס זענען ערשט געקומען אַנטי־יידישע דעקרעטן און פאַראָרדענונגען פון די היטלעריסטישע פּאַגראָמשטשיקעס. דער אַנטי־דייטשער באָיקאָט האָט ארומגענומען אלץ וואָס איז געקומען פון דייטש־

לאנד, אפילו מעדיקאַנעמטן פון דאָרט. דער קאמף מיט דער היטלעריסטישער בעסטיאַלישקייט האָט אינגיכן אָנגענומען קאָארדינירטע פאָרמען. די פאָליטישע אָנפירונג מיט דער באיקאָט־אַקציע איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון דעם יידישן „קאָלאָ" אין סיים, און מיט דער באיקאָט־אַקציע גופא האָט אָנגעפירט א פאַרייניקטער יידישער קאמיטעט צום קאמף מיט די יידן־פאַרפאָלגונגען אין דייטשלאַנד.

טאָרנער יידן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אַקציע פונעם גאַנצן פוילישן יידנטום. אויף דער איניציאַטיוו פון דעם יוגנט־קאמיטעט פון בני־ציון, איז אין טאָרנע געגרינדעט געוואָרן אן אָרגאַניזיר־קאמיטעט. דעם 22־טן אַפּריל 1933 יאָר אויף א צוזאַמענקונפט פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, איז אויס־געקליבן געוואָרן א באיקאָט־קאמיטעט, אין וועלכן עס זענען אריין פאָלגנדע פערזאָנען: ד״ר שמואל שפאַן, ד״ר ישעיה פייג, שמעון ליינער, חנה פעסעל, ד״ר אברהם כאַמעט, הוגא שפּילער, מגר. טאַובעלעס, שטריים, משה שפּילמאַן, חיים נייגער, וואָלף געצלער, הענריק האַלענדער, אינזש׳ קאַראַל שאַנצער, ד״ר עדוואַרד שאַליט, ד״ר הענריק עהרענפרוינד, ד״ר מ. בלאַך, ד״ר וואָלף שענקעל, גינגער, חיים ערליך, יחיאל קורץ, מגר. הענריק שפּילמאַן, הערש עדער, מ. שפּירא, שמעון פּריס, זיגמונט פעניכעל, פּרוי ד״ר ווייס, ישראל רייך, ד״ר עדוואַרד קליין. דעם 29־טן אַפּריל האָט דער בויקאָט־קאמיטעט אָפּגעהאַלטן זיין ערשטע זיצונג, וואו עס איז אלס פּרעזעס דערוויילט געוואָרן חיים נייגער, אלס וויצע־פּרעזעסן — ד״ר עדוואַרד שאַליט און יוסף היימאַן, סעקרעטאַר — מגר. הענריק שפּילמאַן, קאַסיר — דיר׳ יצחק שענוועטער. דער בויקאָט־קאמיטעט האָט ארומגענומען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע, וואָס עס איז געקומען צום אויס־דרוק אין צוזאַמענשטעל פון פאַרשידענע קאָמיסיעס, דערוויילטע אויף דער ערשט־ער זיצונג. אזוי זענען באַשטימט געוואָרן פאָלגענדע קאָמיסיעס: פינאַנס־קאָמיסיע — ד״ר קליין אלס פאַרזיצער, אלס מיטגלידער — וואָלף געצלער, הענריק האַלענ־דער, ד״ר הענריק עהרענפרוינד, מגר. טאַאובעלעס, הוגא שפּילער, חיים אבערדאַם, אליהו געווערץ, ישראל גלאַצנער.

ווירטשאַפט־קאָמיסיע: אינזש׳ קאַראַל שאַנצער אלס פאַרזיצער, אלס מיט־גלידער — ד״ר מאַרטשין בלאַך, אברהם שפּילמאַן, יחיאל קורץ, חיים ערליך, ישראל רייך, חנא פעסעל, שמעון ליינער, הערש עדער, וואָלף שפּירא, ד״ר פייג, מאַאוריצי שפּירא, שמעון פּריס, איגנאַץ גינגער, שמואל צינס, יצחק ענגעלבערג, ווילהעלם רובין, בערנאַרד לייב, אהרון ראַזענצווייג, דוד בוים, ד״ר וואָלף מאַנדעל, מאַאוריצי הוטער.

פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסיע: ד״ר אברהם כאַמעט אלס פאַרזיצער, אלס מיטגלידער — ד״ר שמואל שפּאַן, ד״ר וואָלף שענקעל, פּרוי ד״ר ווייס, זיגמונט פעניכעל, מ. שטריים, שלמה מעהר, ד״ר באַרגעניכט.

אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע איז אלס פאַרזיצער דערוויילט געוואָרן משה שפּילמאַן און אלס מיטגלידער — דעלעגאַטן פון באַזונדערע יידישע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס.

דער פאַרייניקטער באיקאָט־קאמיטעט האָט אַנטוויקלט אן אינטענסיווע טעטי־

קייט מיטן ציל צו פאפולאריזירן די באיקאט־לאזונגען און געבן זיי אן אָרגאניזא־ציאָנעלע ראם. אויף דער איניציאַטיוו פונעם קאָמיטעט איז פאָרגעקומען א קאָנ־פערענץ פון יידישע דאָקטוירים און אַפּטייקער, וואו עס איז באשלאָסן געוואָרן נישט צו פארשרייבן קיין רעצעפּטן וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דייטשלאַנד. א ספּעציעלע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון אכט דאָקטוירים — ד״ר מאַנדעל, ד״ר פייג, ד״ר פּייוועל, ד״ר גאָלדמאַן, ד״ר הוללעס, ד״ר שענפעלד, ווי אויך דריי אַפּ־טייקער — מגר. טאַאובעלעס, מגר. רייך און מגר. רעמער האָט געדאַרפט אויפ־שטעלן א רשימה פון מעדיקאַמענטן אויסגעאַרבעטע אין דייטשלאנד און א רשימה וואָס וואָלט געקאָנט די דאָזיקע מעדיקאַמענטן פאַרטרעטן. אויף עפנטלעכע פאַר־זאַמלונגען, אין דער פּרעסע און דורך אויפרופן האָט דער קאָמיטעט פּאָפּולאַרי־זירט די באַיקאָט־לאָזונג, אָבער טנדיק זיי זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

צו דער באַיקאָט־אַקציע איז אויך צוגעטרעטן די קאַטוילישע געזעלשאַפטלעכ־קייט אין טאָרנע. דאָס איז געווען אין א צייט, ווען אין אייראָפּע האָט זיך מאַנטירט א בלאָק פון אַנטי־היטלעריסטישע מלוכות און די פּאָליטיק פון מאַרשאַל פּיל־סודסקי איז אין יענער תקופה נאָך געגאַנגען אויף דער ליניע פון נויט:ועַנדי־קייט אָנצוהויבן מיט היטלער־דייטשלאַנד א פּרעווענטיוון קריג. צו יענער צייט האָט מען נאָך געשריבן אין דער פּוילישער פּרעסע און אין די פּאָליטישע קרייזן האָט מען נאָך גערעדט וועגן דער פייַנטלעכער שטעלונג פון היטלער־דייטשלאַנד צו דער פּוילישער מלוכה, וועגן די רעוויזיאָניסטישע פאָדערונגען פון די דייטשן, וועגן נישט צולאָזן קיין פּוילישע אויסאַרבייטונגען אויף די דייטשע מערק און וועגן דעם באַרבאַרישן פאַרפאָלגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין דייטשלאַנד. מען האָט אַפילו געשריבן וועגן פּרווון פון א פּויליש־סאָוויעטישער דערנענטערונג, און אלס אָפיציעלער גאַסט פון די פּוילישע רעגירונגס־קרייזן איז דעם 16טן יולי 1933 געקומען פון מאָסקווע קאַרל ראַדעק (דער הויכער סאָוויעטישער גאַסט האָט אויך באַזוכט זיין היימשטאָט טאָרנע, וואו עס האָט דעמאָלט געוואוינט זיין מוטער זאָשע סאָבעלזאָהן).

עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס אויף דער איניציאַטיוו פונעם פאַריין פון רעזערוו־אָפיצירן איז אין טאָרנע אנטשטאַנען אַ קאָמיטעט צו קעמפן מיטן דייטשן אימפּאָרט. צום דאָזיקן קאָמיטעט זענען צוגעשטאַנען אַלע פּוילישע ווירטשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציעס.

אין חודש מאַי 1933 יאָר איז פאָרגעקומען א בשותפותדיקע זיצונג פונעם פּוילישן און יידישן קאָמיטעט, וואו עס איז אויסגעקליבן געוואָרן א געמיינזאַמע עקזעקוטיווע: אינזש׳ העמפּעל אלס פּרעזעס, חיים נייגער און אַלעקסי אלס וויצע־פּרעזעסן, מגר. הענריק שפּילמאַן אלס סעקרעטאַר און אלס עקזעקוטיווע־מיטגלידער — אינזש׳ שאַנצער און שאַדזשינסקי.

דעמאָלט האָבן זיך שוין אין טאָרנע געפונען די ערשטע פּליטים פון דייטש־לאַנד, וועלכע האָבן פון באַיקאָט־קאָמיטעט באַקומען די מעגלעכסטע הילף, און אויף צו דעקן די דאָזיקע הילפס־אַרבעט איז צווישן דער טאָרנער באַפעלקערונג אַדורכגעפירט געוואָרן א זאַמל־אַקציע.

27

אויף דער יידישער גאַס האָבן דערוייל נישט געפעלט קיין צרות. יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער האָבן זיך געבראָכן אונטער דער שטייערן־לאַסט. די ארבעטסלאָזיקייט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. באַזונדערס טראַגיש איז געווען די לאַגע פון יידישן האַנטווערקער. אסך יידישע האַנטווערקער־ווארשטאַטן זענען ליקווידירט געוואָרן. דער האַנטווערקער איז נישט געווען בכוח אויסצוקויפן די אינדוסטריע־צייגעניש (פאַטענט). פון איין זייט איז דער האַנטווערקער ארויסגע־שטויסן געוואָרן פון זיין פּאָזיציע דורך דער גרויס־אינדוסטריע און אלס „אונטער־נעמער" נישט געקאָנט געניסן פון ארבעטסלאָזן־שטיצע, און פון דער צווייטער זייט, צוליבן אלגעמיינעם פאַלן פון פאַרברויך, איז ער אונטערגעבראָכן געוואָרן עקאָנאָמיש, ווייל ער האָט נישט דיספּאָנירט מיט קיין שום רעזערוון וואָס זאָלן אים דערמעגלעכן איבערהאַלטן די שלעכטע צייט.

דער דעמאָלטיקער פּרעזעס פון האַנטווערקער־פאַריין „יד חרוצים", ה׳ מאַאור־ריצי הוטער, האָט אויף די שפּאַלטן פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (24.2.33 נומ׳ 8 און פון 17.3.33 נומ׳ 11) אויפן פאַן פון דער אלגעמיינער ירידה פונעם טאַרנער האַנטווערקערטום, ארויסגעברענגט די באַזונדערס שווערע לאַגע פון יידישע האַנט־ווערקער אין די באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן. מיר ברענגען דעם תמצית פון הוטערס אויספירונגען.

זינט יאָרן האָבן אין טאַרנע עקזיסטירט גרויסע ארבעטס־ווארשטאַטן, וואו הונדערטער ארבעטער האָבן געהאַט באַשעפטיקונג. מיט דער צייט זענען לגמרי פאַר־שוואונדן גאַנצע אינדוסטריע־צווייגן אין טאַרנע. לויט די אָנגאַבן פון פּרעזעס פון „יד חרוצים" האָבן אין יאָר 1933 געאַרבעט אין טאַרנע בערך 2,000 האַנטווערקער, וואָס א העלפט פון זיי זענען געווען יידן. אזוי איז גענצלעך ליקווידירט געוואָרן דאָס פאַך פון קעפּעלושן־אויסאַרבעטונג, וואָס איז מיר עטלעכע יאָר פריער געווען איינע פון די וויכטיקסטע פּראָדוקציע־צווייגן אין שטאָט, אויסגעשטעלט אויף עקספּאָרט אין גרויסן מאַסשטאַב. אין דער בראַנזשע זענען געווען באַשעפטיקט אַן ערך 600 פּערזאָן צוזאַמען מיט געהילפן. אין יאָר 1933 זענען קוים פאַרבליבן עטלעכע קליינע קאַפּעלושן־ווארשטאַטן, און די מייסטע האַנטווערקער פון דעם פאַך זענען אָדער אריבער צו א צווייט פאַך, אָדער געלעבט אין גרויס נויט.

אמאָל האָבן אין טאַרנע עקזיסטירט דריי גרויסע סטאָליערײ־פאַבריקן (מייכער, סאַנגושקאַ און לעדער), וועלכע האָבן באַשעפטיקט א גרויסע צאָל ארבעטער. צוביס־לעך האָבן זיך די פאַבריקן ליקווידירט, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין קליינע וואַר־שטאַטן מיט קוים עטלעכע ארבעטער. אויסערדעם זענען אין טאַרנע געווען 40 סטאָליער־ווארשטאַטן, פון וועלכע א העלפט האָט געהערט צו יידן. נישט געווען אין שטאָט קיין איין סטאָליערײ, וואָס זאָל באַשעפטיקן מערער ווי 3—4 ארבעטער.

שוסטעריי אין טאַרנע איז אינגאַנצן געשטאַנען אונטערן צייכן פון ירידה. די מייסטע שוסטער, נישט האָבנדיק קיין ארבעט, האָבן זיך באַמיט צו באַקומען באַשעפטיקונג ביי עפּנטלעכע ארבעטן, וואו דער טאָג־לוין האָט באַטראָפן א האַלבע

זלאָטע, און דערביי האָט מען באקומען ארבעטס־טעג נאָר 2—3 אין דער וואָך, אָפּ־הענגיק פון דער צאָל נפשות אין דער פאמיליע.

נישט ערגער האָט אויסגעזען ביי קאמאשנמאכעריי. מיט עטלעכע יאר צוריק זענען ביי דעם פאך געווען באשעפטיקט אן ערך 100 יידישע ארבעטער, ווייל די דאָזיקע בראנזשע איז אינגאנצן איינגעשטאנען אין יידישע הענט. אין יאר 1933 האָט מען געקאָנט אנציילן עטלעכע קליינע ווארשטאטן, וואו עס האָט קוים געסטייעט ארבעט פאר זייערע אייגנטימער.

א קריזיס האָט זיך אויך געלאָזט מערקען ביי די בלעכער, וועמענס צאָל אין אויבנדערמאָנטן יאר איז דערגאנגען ביז דרייסיק. צוליבן אלגעמיינעם קריזיס אינעם בוי־וועזן, האָט אויך דאָס בלעכער־פאָך נישט געמאכט קיין שום געשעפטן.

אן ענלעכע לאגע איז געווען ביי די יידישע מאלער און גלעזער, וועמענס צאָל האָט באטראָפן 25. זייער ארבעט איז געווען נאָר אין סעזאָן, אָבער צוליב דער ירידה אינעם בוי־וועזן איז אויך אין די פאכן געווען א פולשטינדיקער קריזיס.

לוקסוס־פאכן ווי גאָלדשמידעריי און זייגערמאכעריי זענען אינגאנצן אונטער־געבראָכן געוואָרן צוליבן שטייגנדיקן קריזיס און צוליב דער גרויסער קאנקורענץ. אמאָל זענען אין טאָרנע געווען 25 גאָלדשמידן, באגילדער און זייגערמאכער, כמעט אלע יידן. אין יאר 1933 — 60, דערונטער ביי א 50 יידישע ווארשטאטן.

פונקט ווי שוסטעריי און קאמאשנמאכער, איז אין טאָרנע געווען אנטוויקלט גארבעריי, און איין פאבריק פון דער בראנזשע האָט אמאָל באשעפטיקט 60 ארבע־טער און געארבעט אויף עקספּאָרט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער באקאנטער אינדוסטריעלער בראָך בשותפות מיטן ייד וויינפעלד, אויפגע־שטעלט א גרויסע גארבעריי, וואו עס האבן געארבעט פופציק (הויפּזעכלעך נישט־יידישע) ארבעטער. גאָר אינגיכן האָט מען אויך די פאבו״ק פארמאכט. אין יאר 1933 זענען אין טאָרנע געווען קוים עטלעכע יידישע גארבער. געארבעט האָט בלויז איינע פון די עלטסטע גארבערייען (פערלבערג) אויף סלאָוואַצקיעגאָ 8, באַ־שעפטיקנדיק איין ארבעטער.

צוליב דער אנטוויקלונג פון דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע, איז כמעט פול־שטענדיק אונטערגעגאנגען דאָס שניידער־פאָך. שווער איז אויך געווען די לאגע פון יידישע דרוקער, איינבינדער, פריזירער און פאטאגראפיסטן. דאָס יידישע שלאָ־סער־פאָך האָט ממש געגוסס׳ט. די סאניטארע פארשריפטן, אין תוך ריכטיקע, האָבן מיט זייער גאנצער שארף זיך געווענדט קודם כל קעגן די יידישע בעקער, וועלכע זענען נישט געווען ביכולת איינצוריכטן די בעקערייען, ווי די פאָרשריפטן האָבן עס געפאָדערט. געווען אמאָל אין טאָרנע בעקערייען, וועלכע האָבן באשעפטיקט איבער 10 ארבעטער, אָבער אין יאר 1933 איז נישט געווען אין שטאָט קיין איין בעקעריי וואָס זאָל באשעפטיקן מערער ווי איין ארבעטער.

דאָס איז נאָר אן אלגעמיין בילד פון דער פאראָרעמונג פון דער יידישער באפעלקערונג אין טאָרנע. מען דארף אויך נישט פארגעסן וועגן דער גרויסער צאָל יידישע שראָגן־שטייער, קרעמער, עופות־הענדלער, געבעקס־קלייטלעך און אנדערע, וואָס האָבן כמעט געלעבט פון הילף וואָס פארשידענע פילאנטראפישע געזעלשאפטן האָבן זיי געגעבן, און דער עיקר פון שטיצע מצד דער יידישער קהילה.

## 28

אָבער אין יאר 1933 איז טאקע נישט געווען די דאָזיקע יידישע קהילה וואָס זאָל שטיין אויף דער הויך פון אירע אויפגאבן. די קליקע וואָס איז באזייטיקט געוואָרן פון דער קהילה־קאָריטע, האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. אין דער צייט איז אויף דער יידישער גאס אנטשטאנען א פאליטיש פארזעעניש, דער א.ג. יידישער אומ־פארטייאיער בלאק פאר צוזאמענארבעט מיט דער רעגירונג, אזויווי אויף דער פוילישער גאס די ב.ב.וו.ר. (סאנאציע). צו דעם דאָזיקן בלאק, האָבן געהערט קודם כל די פאליטיקירנדע אָרטאָדאָקסישע קרייזן צוזאמען מיט דער אגודה (אָבער אין א גאָר קליינער צאָל, ווייל דאָס אמתע רעליגיעזע יידנטום איז געווען ווייט פון די אַלע פאליטישע מאכינאציעס). דאָס דאָזיקע פארזעעניש איז נויטיק געווען דער סאנאציע, ווייל סוף יאר 1933 זענען נאָך א לענגערער קאמיסארישער הערשאַפט אין ראטהויז, דורכגעפירט געוואָרן וואלן צום שטאטראט. די סאנאציע האָט פאר יעדן פרייז געשטרעבט צו דעראבערן די שטאטישע זעלבספארוואלטונג.

אויף דער יידישער גאס האָט די סאנאציע פארסירט און אונטערשטיצט די פינצטערניש, כדי אוועקצונעמען ביי די יידישע מאסן די מעגלעכקייט צו שטעלן פאָדרונגען און פארטיידיקן זיך פאר די ערשטע סימפטאמען פון דער טרויעריק־בארימטער „אווישעם"־פאליטיק (לויט דער דערקלערונג פון דעמאָלטיקן סאנאציע־פרעמיער גענ' סלאוואוי־סקלאדקאווסקי: „עקאָנאמישער קאמף (קעגן יידן) — „אווישעם"" (אדרבא). גלייכצייטיק האָבן די רעגירונגס־קרייזן זיך באנוצט מיט אסימילאטארישע רעשטלעך און געוויסע אָרטאָדאָקסישע קרייזן, וואָס פלעגן בלינד אויספירן די באפעלן פון דער מלוכהשער אדמיניסטראציע, הגם זיי האָבן געטראָפן אין די לעבנס־וויכטיקע אינטערעסן פון דער יידישער באפעלקערונג.

בלויז די יידישע ארבעטער פארטייען און די אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן דעם דרוק פון דער ארטיקער אדמיני־סטראטיווער מאכט, אין וועמענס שפיץ עס איז געשטאנען דער סטאראסטע ד"ר דעלינגער, וועלכער האָט געמאכט אלע באמיאונגען אויף אריינצוציען די ציוניסטן אינעם סאנאציע־בלאק. הגם פון איין זייט האָט די זאָרג פאר א געהעריקער פארטרעטערשאפט פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטאטראט געפאָדערט אן אנשלוס צום אלגעמיינעם בירגערלעכן בלאק, בפרט נאָך, אז דער סאָציאליסטישער בלאק, (פ.פ.ס. או בונד) האָט צוליב קלאסן־טעמים אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון צוזאמענארבעטן מיט די ציוניסטן, האָבן אָבער די לעצטע פון דער צווייטער זייט, זיך אָפגעגערענעצט פון די, וואָס האָבן ביז איצט סיי אין שטאטראט, סיי אין דער קהילה געשעדיקט די אינטערעסן פון דער יידישער באפעלקערונג אין טאַרנע. די ציוניסטן האָבן אונטערגעשטראָכן די אומאָפהענגיקייט פון דער יידישער פאלי־טיק, ארויסגערוקט פאָדערונגען צו זיכערן דער טאָרנער יידישער באפעלקערונג א קוואליטאטיווע און קוואנטיטאטיווע רעפּרעזענטאנץ, שטאָלץ און ווירדיק ארויס־גערוקט אין פאדערגרונט נאציאנאל־יידישע לאזונגען, באווארענענדיק זיך קעגן דער סאנאטאָרישער „אווישעם"־פאליטיק. מען האָט געדארפט האָבן פיל פאליטישן מוט, כדי נישט ארונטערצופאלן דעם דרוק פון דער ארטיקער אדמיניסטראטיווער

**מאכט, און דעם דאָזיקן** מוט **האָבן דעמאָלט** ארויסגעוויזן די **פאָרשטייער פון טאָרנער נאציאנאלן יידנטום**, וועמענס **פאליטישע** אָנפירונג איז **איינגעשטאנען אין די הענט פון אַזעלכע** גוטע ערלעכע ציוניסטישע טוער, ווי חיים נייגער, **ד״ר שמואל שפאן און וואלף געצלער.**

די יידישע באפעלקערונג, געיאגט פון די שטייערן און עקסטערמינאציע־פאר־אָרדענונגען — אָפענע און פארמאסקירטע, איז נישט געווען איינגעשטעלט אויף א וואל־קאמף, וואָס האָט צעטיילט די יידישע גאס גראד אין א צייט, ווען איינהייט איז געווען דער געבאָט פון מאָמענט. דערפאר האָבן די ציוניסטן און א גרופע ארטיקע אומאפהענגיקע יידישע פאליטישע טוער (סימפאטיקער פון ציוניזם) ווי ד״ר עדוואַרד שאליט און ד״ר אנזעלם באזלער, געשטרעבט צו שאַפן קודם כל אן איינהייטלעכן יידישן בלאק, אָבער מיטן באדינג, אז אויף דער קאנדידאטן־ליסטע זאָלן ארויסגעשטעלט ווערן נאָר די יידן, וועלכע וועלן געבן א גאראנטיע, אז זיי וועלן ווירדיק און ערלעך רעפּרעזענטירן די יידישע באפעלקערונג. און ווען דאָס האט זיך נישט געלאָזט אדורכצופירן, האָבן די ציוניסטן, ווילנדיק אין געגעבענעם מאמענט אויסמיידן דעם וואל־קאמף, אן אומגינסטיקן און אפילו שעדלעכן צו יענער צייט, זיך צוריקגעצויגן פון שלאכט־פעלד, נישט ארויסשטעלנדיק קיין אייגענע קאנדידאטן־ליסטע.

אין אן אויפרוף צו דער יידישער באפעלקערונג אין טאָרנע האָבן די ציוניס־טישע אָרגאניזאציע און מזרחי באגרינדעט דעם דאָזיקן שטאנדפונקט. אינעם אויפ־רוף לייענען מיר:

„דריי יאר האָבן מיר געוואַרט אויף וואלן צו דער שטאטישער זעלבסטפאר־וואלטונג. א דאַנק די אינטריגעס פון פארשידענע פאליטישע קרעמער איז מיט דריי יאר צוריק פונאנדערגעלאָזט געוואָרן דער שטאטראט, וואו פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע האָבן ווירדיק פארטרעטן די אינטערעסן פון דער שטאט און פון די יידן. אויך ביי די איצטיקע וואלן איז אונדזער לאָזונג געווען צו שאפן א שטארקן, איינהייטלעכן פראנט פון אלע שעפערישע כוחות, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאציאנאליטעט. אָבער אלס באדינג האָבן מיר אוועקגעשטעלט נישט צוצולאָזן צום שטאטראט מענטשן פאר וועמען דער מאנדאט איז נישט א מיטל און לעגיטימאציע צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון כלל, נאָר א קוואַל פון פערזענלעכע איינפלוסן און אייגננוצן. אלס יידן איז אונדזער עיקר זאָרג געווען צו דערהאלטן דעם באזיץ וואָס קומט אונדז און אדורכפירן דעם פאסטולאט פון אן אנטשפרעכנדיקער יידישער רעפּרעזענטאנץ הן אין צאָל הן אין איכות. מיר האָבן געשטרעבט צו אן איינהייטלעכן פראנט. מיר זענען גרייט געווען אויף ויתורים, מיט אלע כוחות האָבן מיר געוואָלט רעאליזירן דעם לאָזונג: „די בעסטע און פעאיקסטע מענטשן אויפן פראנט פון געזונט מאכן די פארשולדיקטע שטאטישע ווירטשאַפט, אַנטוויקלען זי און אויפהייבן״. אַלע אונדזערע באַמיאונגען וואָס האָבן געשטרעבט צו רעאליזירן דעם אויבנדערמאָנטן ציל, זענען דורכגעפאלן. די „גייס־טיקע פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע״, די העלדן פון די „נ.ב.־פּאָזיציעס״, האָבן אוממעגלעך געמאַכט אויפצושטעלן אַזאַ איינהייטלעכן פראָנט״.

צום סוף ווערט געזאָגט אינעם אויפרוף: „יידן בירגער! מיר וואָלטן אייך

געקאָנט ארויספירן צום קאמף מיט א גרופּע דעמאראליזירטע פּאליטישע קרעמער, וועמען עס איז געלונגען צו געווינען די שוץ און אונטערשטיצונג פון די מאסגעבנדע פאקטאָרן, וועלכע אריענטירן זיך נאָך נישט ווי געהעריק אין די שטימונגען, וואָס הערשן אויף דער יידישער גאס. מען האָט אונדז נישט געוואָלט געבן קיין פרייע האנט מיר זאָלן אומגעשטערט מאכן דעם חשבון מיט דער דאָזיקער גרופּע „גייסטיקע פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע”. מיר האָפן אַז אויך אָן דעם קאַמף וועלן די מאסגעבנדע פאקטאָרן זיך איבערצייגן, אז זיי זענען באגאנגען א שווערן פעלער, געבנדיק זייער אויטאריטעט און אונטערשטיצונג דעסטרוקטיווע און שעדלעכע כוחות פאר דער שטאט און מלוכה. דעריבער האָבן די ציוניסטישע אָרגאניזאַציעס נישט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענע קאַנדידאַטן־ליסטע צום שטאָטראַט”. („טיגאָדניק זשידאָווסקי” פון 8.12.33 נומ׳ 47).

צום שטאטראט האָבן דעריבער קאנדידירט די פּאליטיזירנדע גרופּע ארטאדאקסן פון ד״ר זילביגער׳ס חדר, צוליב וועלכע די יידן האָבן באקומען קוים 7 מאַנדאַטן, הגם אין פריערדיקן שטאָטראַט זענען געווען 17 יידישע ראַטמענער. טאָרנער יידן האָבן מאסנווייז זיך אָפּגעהאלטן פון שטימען, אָדער געשטימט פאר דער סאָציאַליסטישער ליסטע, וועלכע האָט ביי די וואַלן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון. אויף דער סאָציאליסטישער ליסטע זענען דערוויילט געוואָרן אלס ראטמענער עטלעכע קאנדידאטן פון בונד, מיט דוד באטיסט אין שפּיץ.

פאַרשטייט זיך, אַז די וואַלן צום טאָרנער שטאָטראַט האָבן געהאַט אַן ענגע שייכות צו די צוגרייטונגען צו די קהילה־וואַלן. דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי” (5.1.34 נר. 1), גיט פאָלגנדע אָפּשאַצונג דער דעמאָלטיקער סיטואציע אין רעזולטאט פון די אדורכגעפירטע שטאטראט־וואלן:

„אַזאַ איז אונדזער לאַגע אין אָנבליק פון נייעם שטאָטראַט, וועלכער וועט אָן ספק איינגיכן זיך קאָנסטיטואירן. אָן אַ פאַרטרעטערשאַפט, אָן שוץ, איבערגעלאָזט אויפן חסד צי אומחסד פון די פאקטאָרן, וועלכע שלאָגן אונדז נישט, וואָס אן אמת, אָבער זיי שניידן אונטער די יסודות פון אונדזער קיום. און נאָך ערגערס קומט פאָר אויף אונדזער קהילה־הויף. עס טריאומפירן איצט פינצטערקייט, אָבסקוראַנטיזם, געזעלשאַפטלעכע צעקראָכנקייט מיט נאַציאָנאַלע פאַררעטער אין דער שפּיץ. אויף דער יידישער גאס האָט מען פריי געלאָזט אלע פינצטערע כוחות און זיי דעלויבט אַרומהוליען שטראָפּלאָז. דאָס וואָס עס קומט פאָר אויף דער יידישער גאַס אין טאָרנע, שטייגט איבער די עקלדיקע משונהדיקסטע איינפאַלן פון די אַמאָליקע קליינשטעטלדיקע קהלישע קליקעס”.

די דאָזיקע קהלישע קליקעס האָבן ווידער אָנגעהויבן שטורעמען די קהילה, כדי נישט צו דערלאָזן אַדורכצופירן צו איר וואַלן, וואָס וואָלטן זיך געמוזט פאַרענדיקן מיט אַ נצחון פון די ציוניסטן.

די דאָזיקע קליקעס האָבן אויך פארלוירן זייער צוטרוי צום פארזיצער פון דער קאָמיסאַרישער קהילה־פאַרוואַלטונג ד״ר באַזלער, וועלכער האָט נישט געוואָלט פון זייערע הענט אָננעמען דעם מאַנדאַט אין שטאָטראַט, סאָלידאַריזירנדיק זיך מיטן שטאנדפונקט וואָס די טאָרנער ציוניסטן האָבן געהאט בנוגע די שטאטראט־

וואַלן. אינגיכן האָט ד״ר באַזלער געמוזט אָפּטרעטן און לייגן זיין אַמט אַלס פּאַר־זיצער פון דער קאָמיסארישער הערשאַפט.

אין דעם אויבן ציטירטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ לייענען מיר צוו. אַנד. וועגן דער רעזיגנאַציע פון ד״ר באַזלער:

ד״ר באַזלער, אַלס פּאַרזיצער פון דער קהילה־פּאַרוואַלטונג, האָט געהאַט דעם בעסטן ווילן און ערנסט באַטראַכט די אים אַנגעטרויטע מיסיע אַדורכצופירן קהילה־וואַלן, און דאָס סאמע וויכטיקסטע — ער האָט געוואָלט דורכפירן ריינע ערלעכע וואַלן. אָבער די וואַלן צום שטאַטראַט האָבן באַוויזן ווי נישטיק עס זענען געווען די איינפלוסן פון דער דאָזיקער קליקע וואָס האָט פאַרהאַנדלט יידישע שטימען. דערפאַר האָט זי דערקלערט דעם ד״ר באַזלער אַ הייליקן קריג, אַן אָפענעם און אונטערערדישן. זיי האָבן באַיקאָטירט די זיצונגען פון דער פּאַרוואַלטונג, אומ־מעגלעך געמאַכט אָפּצושטימען דעם בודזשעט, כדי אַזוי אַרום צו צווינגען די אויפ־זיכט־מאַכט אָנצונעמען די רעזיגנאַציע פון ד״ר באַזלער, וועלכע ער האָט דער־לאַנגט דעם 27־טן נאָוועמבער 1933 יאָר דעם סטאַראָסטע ד״ר דעלינגער.

ווען ד״ר באַזלער האָט אָפּגעטרעטן, איז באַשטימט געוואָרן אַ נייע קאָמיסאַרי־שע פּאַרוואַלטונג מיט חיים אבערדאַם אַלס פּאַרזיצער און אינזש׳ מאַקסימיליאַן אייכהאָרן און אליהו גוועערץ אַלס זיינע פּאַרטרעטער. די נייע פּאַרוואַלטונג האָט פון דער נייער אויפזיכט־מאַכט באַקומען אַ פּאַראָרדענונג אַמשפּעטסטנס ביז צווי חדשים אַדורכצופירן וואַלן צום קהילה־ראַט און קהילה־פּאַרוואַלטונג.

## 29

די קהילה ווירטשאַפט האָט זיך געפונען ערב אַ פולשטענדיקן חורבן. עס איז שוין אַזוי געווען די אייגנשאַפט פון יעדער קאָמיסאַרישער פּאַרוואַלטונג צו באַשעפ־טיקן זיך נאָר מיט לויפנדיקע ענינים, די סאַמע דרינגענדע, איבערלאָזנדיק די געזונטמאַכונג פון דער לאַגע דער צוויטער פּאַרוואַלטונג וואָס וועט קומען. די צייטווייליקייט און דאָס באַוואוסטזיין, אַז גאָר אינגיכן וועט מען דאַרפן פּאַרלאָזן דעם אַמט, האָבן גורם געווען צו דעם, אַז די חובות פון דער קהילה זענען געוואַקסן, די קהילה־שטייערן זענען נישט ווי געהעריק איינגעמאָנט געוואָרן, די קהילה־אינסטיטוציעס זענען פּאַרנאַכלעסיקט געוואָרן (יידיש שפּיטאָל, זקנים־הויז א. אַנד.) עס איז נישט געגעבן געוואָרן קיין הילף די אָרעמע, צי אַ וועלכער עס איז יידישער געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, און וועגן אַן אַנדערער טעטיקייט, וואָס זאָל זיין אַנטשפּרעכנד דעם דעמאָלטיקן פּאַרטגעשריטענעם יידישן לעבן, איז נישט געווען קיין זכר. ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון דאָזיקן צושטאַנד זענען געווען די יאָר־בודזשעטן פון דער יידישער קהילה. אַזוי צ. ב. האָט זיך דער בודזשעט פון דער קאָמי־סאַרישער קהילה־פּאַרוואַלטונג אין דערמאָנטן יאָר 1933־34 לגמרי נישט אונטער־געשיידט פון די פריערדיקע קאָמיסאַרישע בודזשעטן. דאָס איז געווען אַ רעאַקציאָנערער, טויטער בודזשעט אויף אַ סומע פון 274,439 זלאָטעס, פון וועלכע עס איז באַשטימט געוואָרן פּאַר דער יתומים־אַנשטאַלט קוים 3,000 זלאָטעס, די ביב־

ליאַטעק און שולן פון „שפה ברורה" — 500 זלאָטעס. אבער פאַר דער תלמוד־תורה, האָט מען באשטימט 7,000 זלאָטעס און פארן בית־יעקב חדר 1,500 זלאָטעס.

דערוויל איז די קאמיסארישע פארוואלטונג גלייך צוגעטרעטן אדורכפירן די וואַלן, אַזוי ווי די אויפזיכט־מאַכט האָט פאַראָרדנט. אויף דער יידישער גאַס האָט זיך ווידער פונאַנדערגעפלאַקערט אַ וואַל־קאַמף. דאָסמאָל האָט דער בונד זיך נישט באַטייליקט אין די וואלן. געקעמפט צווישן זיך האָבן צוויי כוחות: דער ציוניסטישער בלאק און דער אסימילאטאריש־אָרטאָדאָקסישער בלאק, וועלכער איז ארויסגעטרעטן אונטער פאַרשידענע שילדלעך, ווי אויך אַ האַנטווערקער־בלאָק „יד חרוצים". די ציוניסטן האָבן אויסגענוצט די וואל־קאמפאניע צו פראפאגאנדירן ציוניזם און דע־מאסקירן די פאליטישירנדע צבועקעס, מיט וועמען עס האָבן אָנגעפירט באנקראַ־טירטע אַסימילאַטאָרן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט יידישקייט.

דעם 24־טן יוני 1934 זענען פאָרגעקומען די וואַלן. וואַל־באַרעכטיקטע זענען געווען 4012 פערזאָן, געשטימט האָבן בלויז 2808 וויילער. די שטימען זענען אָפּגע־געבן געוואָרן פאַר פאלגענדע ליסטעס:

ליסטע נומ׳ 1 (אָרטאָדאָקסן פון קלויז און בעלזער) האָט באַקומען 270 שטימען און דריי מאנדאטן: חיים אבערדאם, מעכל שניידער און ראובן שטראוס.

ליסטע נומ׳ 3 (יד חרוצים) האָט באַקומען 443 שטימען און אויך דריי מאַנדאַטן: מאוריצי הוטער, איגנאץ גינגער און זיגמונט האבער.

ליסטע נומ׳ 4 (פריוואַטע נישט־אָרגאַניזירטע אָרטאָדאָקסיע) האָט באַקומען 197 שטימען און איין מאנדאט: שמעון ווען.

ליסטע נומ׳ 5 (נאַציאָנאַל־יידישער בלאָק) האָט באַקומען 1059 שטימען און אַכט מאַנדאַטן: חיים נייגער, וואָלף געצלער, ד״ר שמואל שפּאַן, יוסף היימאַן, יחיאל קורץ, ד״ר מ. מענדערער, יצחק שענוועטער און הענריק האלענדער.

ליסטע נומ׳ 6 (באָבאָווער חסידים) — 203 שטימען און צוויי מאַנדאַטן: שכנא אניספעלד און מרדכי י. זאנדער.

ליסטע נומ׳ 7 (אגודה) האָט באַקומען 413 שטימען און דריי מאַנדאַטן: אליהו געווערץ, אהרון ראזענצווייג, שלמה מעהר.

ליסטע נומ׳ 10 (אומפאַרטייאישער יידישער בלאָק מיטצואַרבעטן מיט דער רעגירונג) האָט באַקומען 110 שטימען, אָן אַ מאַנדאַט.

פון די דאָזיקע וואלן איז דער ציוניסטישער בלאק ארויס מיט א נצחון, הגם ער האָט געהאט קעגן זיך א גענוג שטארקע אויף דער יידישער גאס פינצטערניש, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרן דורך אסימילאטארישע עלעמענטן, געשטיצטע דורך די רעגירונגס־קרייזן. די אנטי־ציוניסטישע ליסטעס האָבן באקומען א צעשמע־טערנדיקע מפלה. דאָס טאַרנער יידנטום האָט אויך דאָסמאָל פאראורטיילט דעם סיסטעם פון קאמיסארישער הערשאפט און באשאנקען מיט צוטרוי די אויסגע־פרוווטע נאציאנאל־יידישע טוער, וועלכע האָבן בעת דער וואל־קאמפאניע אָפּן פראפאגירט ציוניסטישע לאָזונגען. א מפלה האָבן געהאט באזונדערס די קרייזן, וועלכע האָבן געשטיצט די סאנאציע, א פארטיי וואָס האָט זיך איצט שוין נישט באהאלטן מיט איר אנטיסעמיטיזם און אלץ בולטער געגאנגען אויף דער ליניע פון עקאנאמישער עקסטערמינאציע־פאליטיק לגבי דער יידישער באפעלקערונג.

דעריבער איז נישט געקומען צום קאָנסטיטואירן זיך פון דער נייער נאָר וואָס דערוויילטער קהילה־פאַרוואַלטונג. די אויפזיכט־מאַכט האָט אַנולירט די וואַלן צו דער יידישער קהילה, ווייל די ציוניסטן, צוזאַמען מיט יד חרוצים (האַנטווערקער), וואָס האָבן רעפּרעזענטירט א פאַרטגעשריטענעם עלעמענט, א נישט־פיינטלעכן צום ציוניזם, האָבן אינעם קהילה־ראַט געהאַט א מערהייט. זיי האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן די ציוניסטן איבערצונעמען די הערשאַפט אין קהילה. די אויפזיכט־מאַכט האָט זיך ווידער געכאַפּט צו איר אויסגעפּרוווט מיטל: קאָמיסאַרישע קהילה־פאַר־וואַלטונג.

צו יענער צייט זענען אויף דער פּאָליטישער ארענע אין פוילן אויפגעטרעטן די א.ג. „יידישע קאָמבאַטאַנטן". דאָס זענען געווען יידן, באַטייליקטע אין די באַוואַפנטע קאַמפן פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט. האָבנדיק א גאָר שוואַכן נאַציאָנאַל־יידישן פּראָגראַם, האָבן זיי דורך דער מיטאַרבעט מיט דער סאַנאַציע־רעגירונג געשטרעבט צו געווינען השפעה אויף דער יידישער גאַס. הגם זיי האָבן אין זייער פּראָגראַם אונטערגעשטראָכן די נויטוועגדיקייט צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן, האָבן זיי זיך נישט אַרומגעזען, ווי זיי זענען געוואָרן א ווערקצייג אין די הענט פון דער סאַנאַציע אויף איינצוברעכן די ציוניסטישע איינפלוסן צווישן די יידישע מאַסן אין פוילן. די יידישע קאָמבאַטאַנטן זענען געווען א פאַרטגעשריטענער עלעמענט, אָממיינסטן פון די קרייזן פון דער אינטעליגענץ. מענטשן מיט אויפריכטיקע שטרע־בונגען, אָבער אָן א געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג, פּאָליטיש נאַאיווע. זיי האָבן געגלייבט, אַז א דאַנק זייערע פאַרדינסטן אויפן שלאַכטפעלד פאַר פוילנס אומאָפּ־הענגיקייט וועט זיי געלינגען אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס קעגן דער יידישער באַפעל־קערונג אין פוילן.

אָט דער דאָזיקער גרופּע איז איבערגעגעבן געוואָרן די הערשאַפט אין דער יידישער קהילה אין טאַרנע. אַלס פאָרזיצער פון דער קאָמיסאַרישער קהילה־פאַר־וואַלטונג איז באַשטעטיקט געוואָרן ד"ר יוסף אָפּנער, נעסטאָר פון דער פּאָלעסטרע אין גאַליציע, אַ לעגאַליסט, אַ מענטש מיט אַ גראַדליניקן כאַראַקטער. אַלס זיין פאַרטרעטער איז באַשטימט געוואָרן דער פאַרשטייער פון דער אומפּאַרטייאישער אָרטאָדאָקסיע חיים אַבערדאַם, וועלכער איז שוין געווען באַקאַנט מיט דער קהילה־ווירטשאַפט. אַלס פאַרוואַלטונג־מיטגלידער זענען באַשטימט געוואָרן: דיר' פון „באַנק פּאָווּשעכני" לעאָן קאַפּלער (איצט אין פוילן), לעאָן האַלצער (אויסגעצייכנט מיטן אָרדער „ווירטוטי מיליטאַרי"), ד"ר אַלעקסאַנדער אָבערלענדער, ד"ר בצלאל שפּייזער, ד"ר עמיל ווידער — אַלע געוו. יידישע קאָמבאַטאַנטן. צו זיי זענען צו־קאָאָפּטירט געוואָרן: אליהו געווערץ, פרעזעס פון דער אגודה, בערנאַרד לייב, משה־לייב לעפּפּעל, שמעון אָסטערווייל, מאַרקוס ראָזענבערג, ישראל ווינד און ישראל וואָלף — די לעצטע נישט געווען אַנגאַזשירט פּאָליטיש. די נייע קאָמי־סאַרישע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געאַרבעט ערלעך און מיט פיל מי, כדי צו ראַטע־ווען די קהילה־ווירטשאַפט פאַר א פולשטענדיקן חורבן. דער דאָזיקער פאַרוואַלטונג האָט אָבער בפירוש געפעלט א טעטיקייט־פּאָגראַם, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די באַ־דערפענישן פון נאַציאָנאַלן יידנטום. דאָס איז געווען א פאַרוואַלטונג מיט א ריין ביוראָקראַטישן כאַראַקטער, און זי האָט נישט געקאָנט געווינען דעם צוטרוי פון

דער יידישער באפעלקערונג אין טאָרנע. דערפאר איז איר טעטיקייט געווען א באגרענעצטע, בפרט נאָך, ווען די קהילה איז פארוואנדלט געוואָרן אין אַ קאַמפּס־אַרענע צו באַקומען אין אַרענדע די א.ג. „קרובקע" — די רעכט צו שעכטן עופות און כשר פלייט. הינטער די קוליסן פון דעם דאָזיקן קאַמף האָבן געווירקט פאַרשידענע גרופּקעלעך און קליקעס, פאר וועלכע די קהילה איז געווען בלויז א קוואל פון הכנסה.

נישט האָבנדיק דעריבער קיין אנשפאר ביי די יידישע מאסן, האָט די דאָזיקע קאָמיסאַרישע פאַרוואַלטונג נישט געקאָנט זיך אָפּגעבן אַקעגנשטעלן די קליקעס און אין צוויי יאָר אַרום — וואָס איז אַזוי אויך געווען אַ לאַנגע הערשאַפט־צייט פון אַ קאָמיסארישער קהילה־פארוואלטונג — האָט זי געמוזט רעזיגנירן. די יידישע באפעלקערונג אין טאָרנע האָט געפאָדערט וואלן צו דער קהילה, בפרט נאָך, אז דאָס אַנולירן די לעצטע וואַלן איז געווען אַ בפירושער ברוך אין גרינגשעצונג פונעם ווילן פון יידישן ווײלער.

אין מלוכה־מאסשטאב איז אין דער צייט נאָך שטארקער אָנגעגאנגען די פּאָליטיק פון אַרויסשטויסן די יידן פון די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס וואָס זיי האָבן פארנומען, און דער קאמף פאר רעכט אויף ארבעט און רעכט אויף לעבן האָט געפאָדערט א. וואָס גרעסערע קאנסאלידאציע אויף אנטקעגנצושטעלן זיך דער שטייגנדיקער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורכן קלער און ענדעציע. בלויז דער בונד און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָפּגעשאַצט די לאַגע, רופנדיק דאָס פוילישע יידנטום צונויפצושליסן די רייען אין קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן און פאַר ראַטעווען די באַדראָטע עקזיסטענצן. אין גאַנץ פוילן זענען פאָרגעקומען מאַסן־פאַרזאַמלונגען אונטער דעם לאָזונג פון פארטיידיקן די רעכט און כבוד פון יידנטום. אויף דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע איז אַזאַ מאַסן־מיטינג פאָרגעקומען אין מערץ 1936 יאָר, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאלוציע (ציטירט לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי"): „ווירדיק און פעסט וועלן מיר שטיין אויף דער וואך פון אונדזערע אינטערעסן, פול מיט גלויבן, אז מיר וועלן גובר זיין די איצטיקע שווערִיקייטן. נישט ווייט איז דער מאָמענט פון רענעסאנס פון יידישן פאָלק אויף זיין אייגענער ערד און צו באקומען רעכט אין די לענדער פון דער צעשפּרייטונג".

אין שייכות מיט די אַנטי־יידישע עקסצעסן וואָס זענען דעמאָלט אויסגעבראָכן אין פארשידענע ערטער אין פוילן, איז דעם 17־טן מערץ 1936 יאָר פאָרגעקומען אין טאָרנע א פּראָטעסט־שטרייק פון יידישע ארבעטער, פּראקלאמירט דורך די יידישע פּראָפעסיאנעלע פאריינען. אין טאג פון שטרייק זענען פאָרגעקומען דריי גרויסע פּראָטעסט־פארזאמלונגען אין די לאָקאלן פון די פּראָפ.־פאריינען, וואו מיט רעדעס זענען ארויסגעטרעטן די ארטיקע בונדישע טוער צעללער, באַטיסט און קאַלפוס, און דער אָנפירער פון לינקע פּועלי־ציון אין טאָרנע, יצחק ביטנער (איצט אין ישראל). א צווייטע פארזאמלונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאל פון דער קולטור־ליגע. דאָרט האָבן גערעדט: גרינשטיין, שיף און שפּאָרן (איצט אין קאנאדע). די דריטע פארזאמלונג — אין לאקאל פון בונדישן ספּאָרט־קלוב

„מאָרגנשטערן". גערעדט האָבן סוקמאַן, קאַלב און גאָטלאָב (איצט אין טאָרנע). אויך דאָס יידישע בירגערטום האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פּראָטעסט־אַקציע פון די ארבעטער, דעמאָנסטרירנדיק קעגן די פּרווון צו פארגוואלטיקן די רעליגיעזע פרייהייט און קעגן אנטיסעמיטישער העצע, און אלס צייכן פון פּראָטעסט זענען אלע יידישע געשעפטן אין שטאט געווען געשלאָסן אויף צוויי שעה.

אין אַפּריל 1936 איז ד"ר אָפּנער און צוזאַמען מיט אים די גאַנצע קאָמיסאַרישע קהילה־פּארוואלטונג אָפּגעטרעטן פון זייערע אמטן. די מיסיע צונויפצושטעלן אַ נייע פאַרוואַלטונג האָט זיך ווידער אונטערגענומען ד"ר אַנזעלם באַזלער, נאָר מיטן באַדינג אז ער וועט באַקומען א פאראָרדענונג גלייך אדורכצופירן נייע וואלן, און אז די ציוניסטן וועלן אריינטרעטן אין דער פארוואלטונג. די יידישע באפעלקערונג אין טאָרנע האָט שוין געהאט גענוג קאָמיסארישע הערשאפט אין דער קהילה. אפילו די מער ערנסטע אָרטאָדאָקסישע טוער האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז די ביזאיצטיקע קאָמיסאַרישע פאַרוואַלטונג מיט ‎.געזעלשאַפטלעך נישט־אויסגעארבעטע און אָפּט אומפאראנטוואָרטלעכע מענטשן האָבן ‎.איגנאָרירט אָדער נישט ארויסגעוויזן די נויטיקע פארשטענדעניש פאר די רעליגיעזע הצטרכותן פון די יידן. אויך די ציוניסטן האָבן באַשלאָסן צו שטיצן דעם ד"ר באַזלער, וועלכער האָט מיט דער גאנצער אנטשלאָסנקייט ארויסגעזאָגט זיך פארן באַלדיקן דורכפירן וואלן, און דערפאר האָבן זיי דעלעגירט זייערע פאָרשטייער אין דער קהילה־פארוואלטונג, וועלכע האָט ארומגענומען אלע פּאָליטישע פארטייען אין שטאט, אויסער דעם בונד. די שטרעבונג פון אלע איז געווען ליקווידירן די קאָמיסארישע הערשאפט און געזונט מאכן די קהילה־ווירטשאפט. דאָס מאָל איז באַשטעטיקט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורכן ד"ר באַזלער, וועלכער איז געווילט געוואָרן אלס פאָרזיצער. אין דער פארוואָלטונג זענען אריין פאָלגנדע פערזאָנען: חיים אַבערדאם, אליהו באַראָן, אליהו געווערץ, אהרון ראָזענצווייג, ליפּע שמידט (אָרטאָדאָקסישע קרייזן), וואָלף געצלער, חנא פעסעל, הערמאַן פלור, חיים נייגער, ד"ר וואָלף שענקעל, ד"ר אברהם כאָמעט (ציוניסטן), מאוריצי הוטער, בערנאַרד לייב, שמואל דינטענפאַס, ראובן קאופמן, מגר. אַפּטייקער טאובעלעס (איצט אין פוילן) — אומפארטייאישע.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג איז גלייך צוגעטרעטן דורכצופירן די וואַלן. דאָסמאָל האָבן אויך דער בונד און פּועלי ציון לינקע געמאָלדן וועגן זייער אָנטייל אין די וואלן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א פארביסענער וואל־קאמף. די ציוניסטן האָבן געמוזט קעמפן אויף צוויי פראנטן. פון איין זייט — קעגן די נאָך שטארקע איינפלוסן פון בונד, און פון דער צווייטער זייט קעגן די פארייניקטע אָרטאדאקסיש־אַסימילאַטאָרישע גרופּן. דערביי איז די ציוניסטישע פּאַרטיי אָפּגעשוואַכט געוואָרן מיט צוויי באדייטנדיקע כוחות, וועלכע זענען אין צווישנצייט עולה געווען קיין ארץ־ישראל — חיים נייגער און ד"ר שמואל שפּאַן. דער יידישער נאַציאָנאַלער בלאָק, וועלכער האָט אַרומגענומען די אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי און דעם סוחרים־פאריין, האָט דעריבער מיט נאָך מער ברען מאָביליזירט זיינע אָנהענגער און די מאסן־וואל־פארזאמלונגען זענען פארוואנדלט געוואָרן אין שיינע מאניפעסטאציעס פאר די ציוניסטישע אידעאלן.



א פאָלקספאַרזאַמלונג צו די וואַלן צו דער קהלה אין טאַרנע אינעם יאָר 1936

דער דערפאלג פון די ציוניסטן איז געווען א נישקשהדיקער, נעמענדיק אין אַכט, אַז זיי איז געלונגען איינצוהאַלטן דיזעלבע צאָל מאַנדאַטן וואָס פריער (אַכט), ווען בונד און פועלי־ציון האָבן זיך נישט געהאַט באטייליקט אין די וואלן. אין קהילה־ראט זענען געוויילט געוואָרן:

ציוניסטן: וואלף געצלער, יוסף היימאן, קאָהן, ד״ר וואלף שענקעל, יחיאל קורץ, הענריק האַלענדער, דיר׳ לעאָפּאָלד שינאַגעל, ד״ר אברהם כאָמעט.

בונד: דוד באַטיסט, צעללער, יצחק גרינבאום, משה פייעראייזן.

אגודה און באבאווער: אליהו געווערץ, אהרון ראָזענצווייג, שלמה מעהר.

יד חרוצים (האַנטווערקער): מאוריצי הוטער, יוסף גינגער.

ארטאדאקסן: חיים אבערדאם.

פועלי ציון: מגר. דוד לענקאָוויטש.

אומפּאַרטייאישע אָרטאָדאָקסישע ליסטע: מ. שניידער.

קיין איינע פון די פּאַרט־יען האָט נישט געהאַט קיין אַבסאָלוטע מערהייט, וואָס זאָל קאָנען איבערנעמען די הערשאַפט אין קהילה. קיינער האָט אָבער נישט גע־וואָלט זיין דער גורם אויף ווידער איינצופירן אַ קאָמיסאַרישע הערשאַפט אין קהילה, וואָס וואָלט געמוזט געשען אויב איינע פון די קהילה־פּראַקציעס זאָל דאָך נישט האָבן קיין מערהייט ביי די וואלן צו דער פארוואלטונג. די עפנטלעכע מיינונג האָט געפאָדערט פון די ציוניסטן איבערצונעמען די אחריות פאַרן גורל פון דער קהילה. אפילו אַנדערע גרופּירונגען האָבן שטילשווייגנדיק געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי רעכענען אויפן איבערנעמען די אָנפירונג פון דער קהילה מצד די ציוניסטן.

דער קהילה־ראַט האָט אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענ־שטעל: ד״ר מ. מענדערער, קאָהן, וואָלף געצלער און ד״ר א. כאָמעט (בלאָק פון ציוניסטן און מזרחי), וואָס האָט געאַרבעט אין פאַר־שטענדיקונג מיט חיים אבערדאם



פאַר די וואלן צו דער קהילה אין טאַרנע אינעם יאָר 1936. אויף קהל׳ס הויף רעדט צום פאַרזאַמלטן המון ד״ר כאָמעט. — לינקס פון אים שטייען די פאַרטרעטער פון בונד.

(וואָס איז אויך אריין אין דער פאַרוואַלטונג). אַ חוץ דעם זענען געוויילט געוואָרן אהרן ראָזענצווייג (אגודה) און יחזקאל ניימאַן (באַבאָווער חסידים), דוד באַטיסט און פייעראייזן (בונד) און מאאוריצי הוטער (האַנטווערקער). אַ דאַנק דער געשאַפּע־נער סיטואַציע איז דער ציוניסטישער פאָרשטייער ד״ר מ. מענדערער דערוויילט גע־וואָרן אלס פאָרזיצער פון דער פארוואלטונג און אלס פאָרזיצער פון ראט — אליהו געווערץ (אגודה). אלס וויצע־פאָרזיצער פון דער פארוואלטונג זענען דער־וויילט געוואָרן: וואלף געצלער און חיים אבערדאם.

די ניי־דערוויילטע פאַרוואַלטונג האָט געאַרבעט אונטערן צייכן פון קעגנ־זייטיקער פאַרשטענדיקונג מיט אַלע יידישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן זיך ערנסט באַצויגן צו דער ראָל און די אויפגאַבן פון דער יידישער קהילה.

די פארוואלטונג האָט געהאט פאר זיך א שווערע אויפגאבע. די פאטאלע קאמי־סאַרישע הערשאַפט האָט איבערגעלאָזט שווערע פאָלגן אין אַלע יידישע אינסטי־טוציעס. וועגן דער טעטיקייט פון דער ניי־דערוויילטער פארוואלטונג לייענען מיר אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (22.1.37 נומ׳ 4):

„קוים עטלעכע וואכן זענען פארביי זינט די נייע קהילה־פארוואלטונג איז צוגעטרעטן צו דער ארבעט, און מען דארף פעסטשטעלן, אז אין משך פון דער דאָזיקער קורצער צייט האָט די טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג שוין אַרומגע־נומען כמעט אלע געביטן פון יידיש־געזעלשאפטלעכן לעבן, ארויסווייזענדיק איני־ציאַטיוו און זעלטענעם אָרגאַניזאַציאָנעל־געזעלשאַפטלעכן חוש. אין דער ערשטער צייט פון איר טעטיקייט האט די פארוואלטונג געמוזט ברענגען אין ארדענונג די ירושה פון די פריערדיקע קאמיסארישע פארוואלטונגען, וועלכע איז אין אלע



די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אינעם וואַלקאמף צו דער קהלה אין יאָר 1936. — נעבן דעם רעפערענט ד״ר כאַמעט — דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג וואָלף געצלער ז״ל און די מיטגלידער פונעם פּרעזידיום: זיצנדיק — חיים ערליך ז״ל, — ד״ר וואָלף שענקעל ז״ל,
פון דער לינקער זייט שטייט מגר׳ יעקב בינענשטאָק.

שטחים געווען א נעגאטיווע. אפּענע און וועקסל־חובות אויף א סומע פון עטלעכע טויזנט זלאטעס, א גרויסע צאל נישט אויסגעצאלטע סובווענצן, א פארנאכלעסיקט באד, דאס יידישע שפּיטאל מיט אסך בלויזן און פעלערן, און די סאציאלע־שוץ אפּטיילונג געפירט כאאטיש און פלאנלאז, די שטענדיקע אוואנטורעס אין די קהילה־ביוראָען ארויסגערופן דורך אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן גע־שטערט דער נארמאלער ארבעט. די נייע פּארוואלטונג איז צוגעטרעטן ארדענען די אַלע לויפנדיקע ענינים, כדי צו באַנען אַ וועג פּאַר ווייטערדיקער איניציאַטיוו און פארברייטערטער טעטיקייט".

גאר שנעל האבן זיך געפונען אזעלכע, וואס האבן שטארק געוואלט אז אין קהילה זאל ווידער זיצן א קאמיסאר באשטימט דורך דער אויפזיכט־מאכט.

אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ' 6 פון 5־טן פעברואַר 1937) לייענען מיר, אז אינעם וואיעוואדישן אמט אין קראקע איז איינגעפלאסן אן אנקלאגע אויף דער קהילה־פּארוואלטונג. די אנקלאגע איז געווען אן אנאנימע און געשטיצט מיט א פּאַמפלעט וואָס איז פריער געלייענט געוואָרן אין די שולן און בתי־מדרשים. אין שייכות דערמיט באַמערקט די צייטונג: „דער אָנגריף אויף דער איצטיקער קהילה־פּארוואלטונג איז געקומען מצד די וועלכע האלטן זיך נישט אפּ פון באנוצן דעם נאָמען פון גלויבן און רעליגיע צוליב פּערזענלעכע איינפלוסן און מאַטעריעלן נוצן. אין די שולן האָט מען די טעג פונאַנדערגעקלעבט אַן עקלהאַפט בלעטל, אונטערגעשריבן דורך „מחזיקי הדת", וואס נעמט ארום דער עיקר בעלזער חסידים. אין דעם דאָזיקן בלעטל רופן די צבועקעס, נישט מער און נישט ווייניקער, „צום קאמף מיט די אפּיקורסים", דערביי גיבן זיי צו, אז „א גרופּע מענטשן וועלכע האָט מיט כוח זיך געריסן צו דער מאַכט, האָבן איינגעאָרדנט אַ טרויער־פּאַר־זאמלונג נאכן טויט פון א באוואוסטן אפּיקורס, וואס האט אונדז שטארק אויפגע־בראכט, ווייל לויטן דין דארף יעדער ייד זיך פרייען, אויב עס שטארבט אן אפּיקורס".

„ווארשיינלעך מיינט מען דא — שרייבט ווייטער די צייטונג — די טרויער־פּארזאמלונג וואס די פּארוואלטונג פון דער יידישער קהילה אין טארנע האט איינ־געאָרדנט ביים טויט פונעם פירער פון פּוילישן יידנטום, ראַבינער ד"ר יהושע טהאָן. מען דארף אבער אונטערשטרייכן, אז די אפיציעלע אנפירונג פון דער חברה „מחזיקי הדת" גרענעצט זיך אָפּ פון דעם בלעטל, דערקלערנדיק, אַז עמעץ באַהאַלט זיך אונטערן נאמען פון „מחזיקי הדת".

דאָס זענען געווען האַנדלונגען פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע יחידים, אָן א אפּקלאנג. די יידישע באפעלקערונג אין טארנע, די ארטאדאקסישע ווי די אר־בעטער־קרייזן, האָבן זיך מיט פולן צוטרוי באַצויגן צו דער קהילה־פּאַרוואַלטונג, אנגעפירט דורך א ציוניסטיש פּרעזידיום, פאראנטוואָרטלעך מיט איר טעטיקייט פאר דער פּארוואלטונג און קהילה־ראט.

נאך א זעקסיאריקער קאמיסארישער הערשאפט, איז אין פעברואר 1937 יאר פּאָרגעקומען די ערשטע בודזשעט־זיצונג פון קהילה־ראַט, געוויילט דורך דער יידישער באפעלקערונג. וועגן פארלויף פון דער דאזיקער זיצונג דערציילט אונדז דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (26/2 1937 נומ, 9) :

„מען דארף מודה זיין, אז דער ראט האט ערשטקלאסיק אויסגעהאלטן דעם עקזאַמען. מיט זיין ערנסטקייט, זאַכלעכקייט, פאַסיקן ניווא, לאָיאַליטעט לגבי דעם געגנער און מיט געפיל פון אחריות, האָט דער ראַט זיך אויסגעשטעלט אַ צייגעניש פון פאליטישער רייפקייט. ביים פרעזידיום־טיש זענען געזעסן דער פארזיצער פון ראַט אליהו געווערץ, וועמענס פאַטריאַרכאַל אויס.ען רופט צו זיך אַרויס אַכטונג, און דער ענערגישער, איבערגעגעבענער און זארגעוודיקער רעפרעזענטאנט פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָס געניסט פון אַלעמענס צוטרוי, פּרעזעס פון דער קהילה־פארוואלטונג ד״ר מ. מענדערער. עס דערשיינען מיטגלידער פון ראט, פאר־שטייער פון אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג ביי אונדז אין שטאט, באוואוסטע געזעלשאפטלעכע טוער. כמעט אלע האבן זיי זיך פארדינט אויף זייערע אַרבעטס־שטחים, באַשאָנקען מיט צוטרוי פון זייערע אָנהענגער, אָבער אויך באַ־לאָדנט מיט אחריות און זאָרג פאַר זייער גורל ווי פארן גורל פון דער גאַנצער יידישער געמיינדע. ווייל אלע גרופירונגען האבן אין דער קהילה געשיקט זייערע בעסטע מענטשן. אַלע אָריענטירן זיך שנעל, אַזוי, אַז די זיצונג ווערט געפירט גלאַטיק, איינהאַלטנדיק די פולע פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרם, אָן באַנוצן זיך מיט רעגולאַמין־קונצן. עס הערשט אַ פולשטענדיקע פרייהייט פון וואָרט, וואָס ווערט דורך קיינעם נישט געמיסברויכט. אַלע שטייען אויף דער הייך פון זייער אויפגאַבע. דער פּרעזעס פון דער ציוניסטישער פראַקציע, ד״ר כאָמעט, אַן אומפאַרגלייכלעכער פּאָלעמיסט, וועלכער קאָן גרונטיק די יידישע פראָבלעמאַטיק, דערשיינט איצט ווי א געניטער און דערפארענער פאליטיקער, רעאליזירט די טאקטיק פון אויס־גלייכן די פרטייאישע אונטערשיידן און שאפן א פלאטפארם פאר צוזאמענארבעט צווישן די ציוניסטן און אגודה, ביי אַ זאַכלעכער און אָביעקטיווער באַציאונג צו אַרבעטן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג מצד אַנדערע גרופן אין דער קהילה.

די דאָזיקע אָביעקטיוויטעט איז אויך געווען אייגנטלעך פאַר די אַרויסטרעטונגען פון די פאָרשטייער פון בונד, דעם געניטן פאַראַנטוואָרטלעכן אַרבעטער־טוער דוד באַטיסט, ווי אויך צעללער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרויס געניטקייט אין שטעלן און באגרינדן דעמאנסטראטיווע פארשלאגן. מיט ערנסטקייט אין טיפן אַדורכדרינגען דאָס רעליגיעזע פראָבלעם איז געווען אַדורכגענומען די אַרויסטרעטונג פונעם מזרחי־טוער יחיאל קורץ. אַ גוטן פּאָזיטיוון איינדרוק האָבן איבערגעלאזט די ארויסטרעטונגען און די עצם האלטונג פון די אגודה־ראטמענער. ווייל הער שלמה מעהר, וועלכער ווייזט אַרויס אַ גלענצנדע אָריענטאַציע אין פארטייאיש־פאליטישע ענינים און שטעלט דרייסט אפ די פארוואורפן פון די עקסטרעמע ארטאדאקסן אויפן אדרעס פון דער אגודה, האט געגעבן א באווייז, אז לכל־הפחות אויפן אָפשניט פון דער קהילה קאן מען צוזאמענארבעטן מיט דער אגודה. דעם בודזשעט האט רעפערירט ד״ר וואלף שענקעל. ער האט געשילדערט א טרויעריק בילד פון דער יידישער ווירקלעכקייט. ער צייכנט אן אן אויסוועג. ער רופט קאנסאלידירן אלע יידישע שעפערישע כוחות, פונאנדערצובויען די ווירטשאַפטלעכע אַליינהילף, אַנאַליזירט די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אינעם בודזשעט. ער שטרייכט אונטער די פאזיטיווע זייטן און ברענגט ארויס די פעלערן און בלויזן, וועלכע מען קאָן נישט, ליידער, דערווייל באַזייטיקן. ער אַפּעלירט פאַר אַ זאַכ־

לעכער דיסקוסיע און צו האַלטן דעם אייגנטלעכן ניוואָ, ווירדיק פאַר פארשטייער פון א גרויסער פאליטיש־רייפער יידישער קהילה אין טארנע. דער רעפעראט, א שיינער לויט דער פארם און לויטן אינהאלט, איז געווען דורכגענומען מיט אחריות און זארג איבערן גורל פון דער יידישער באפעלקערונג אין טארנע. דאָס יידישע לעבן איז טרויעריק, דערשלאָגנדיק, האָט אין זיין רעדע אונטערגע־שטראָכן ד״ר שענקעל. עס מערן זיך די אַטאַקעס פון אַלע זייטן. פון אַלע ווינקלען שרייט ממש אַרויס די האָפנונגסלאָזיקייט. דאָס אַרויסשטויסן יידן פון זייערע עקאָנאָ־מישע פּאָזיציעס גייט אָן סיסטעמאַטיש. די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט ווערט געש־לאָגן און שיקאַנירט. מיר דאַרפן אָבער נישט אַריינפאַלן אין יאוש. מיר דאַרפן אויסגלייכן די רוקנס און אַרבעטען איבערן אויפבוי פון אונדזער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל ווי אויך אַקטיוויזירן אונדזער לאַנדעס־פּאָליטיק. מיר דארפן שאַפן אַ איינהייטלעכן יידישע פראָנט״.

אט איז א בילד פון דער בודזשעט־זיצונג פון דער יידישער קהילה אין טארנע, איבערגעגעבן דורק חיים פרידמאַן, גלענצנדן באַריכט־אָפּגעבער פון „טיגאָדניק זשידאָווסי״.

דער עצם בודזשעט־פּרעלימינאר — לייענן מיר אין „טיגאדניק זשידאווסקי״ — האָט זיך אַזוי פאָרגעשטעלט: „די ליסטע פון עטאַט־צאָלער אויפן יאָר 1936 האָט אַרומגענומען 1829 פערזאָן, בעת אין יאָר 1935 זענען נאָר געווען 1562 צאָלער. פונ־דעסטוועגן איז די גלאָבאַלע סומע געהעכערט געוואָרן לגבי דעם פאָריקן יאָר בלויז מיט 2040 זלאטעס. אין יאר 1935 האט די גלאבאלע סומע פון שטייער־אויסמעסט באטראפן 61.395 זלאטעס, און איצט — 63.435 זלאטעס. דאגעגן די גלאבאלע סומע אויף דער זייט פון הכנסה און פון דער הוצאה האט באטראפן 269.490 זלאטעס. אויף דער זייט פון הכנסה האבן אין בודזשעט פיגורירט פאלגענדע פאזיציעס: קהילה־אָפּצאָל — 44.900 זלאָטעס; פון די קהל־הייזער — 9.000 זלאָטעס; פון דער כשרער שחיטה — 116.000 זלאָטעס; פון בית־עולם (מצבות, קברים) — 27.600 זלאטעס; פון דער מקוה — 13.000 זלאטעס; פון שפיטאל און אמבולא־טאריום — 20.000 זלאטעס; סובסידיעס — 4040 זלאטעס; טאקסעס און אנדערע הכנסות — 5.950 זלאטעס.

די הוצאות (לויט באזונדערע פאזיציעס): אפצאלן חובות — 12.200 זלאטעס; רעליגיעזע אדמיניסטראציע — 20 232 זלאטעס; ביורא־אדמיניסטראציע — 24.144 זלאָטעס; אַדמיניסטראַציע פון די קהל־הייזער און פון דער שול — 21.350 זלאטעס; אדמיניסטראציע פון שעכטהויז — 30.933 זלאטעס; אדמיניסטראציע פון באָד — 12.600 זלאָטעס (דערונטער אַ רעמאָנט אויף אַ סומע פון 12.000 זלאטעס); אדמיניסטראציע פון שפיטאל — 48.978 זלאטעס; זקנים־הויז — 11.956 זלאטעס; וואוילטעטיקע און יומטוב־אקציעס — 30.060 זלאטעס; סובסיד־יעס — 24.800 זלאטעס; אסעקוראציעס, שטייערן און היפאטעק־פראצענטער — 8.960 זלאָטעס; אָנגעשטעלטע־פאַרזיכערונג — 7.500 זלאָטעס; נישט־פאָרויס־געזעענע אויסגאבן — 3.300 זלאטעס״.

די בודזשעט־דעבאטע האט זיך אלץ געדרייט ארום דעם פונקט „סובסידיעס״, וואו עס זענען געווען פאָרויסגעזען פאַרש־ידענע סומעס לטובת כמעט אַלע טעטיקע

געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישע און קולטור־אינסטיטוציעס. דערביי האָבן אין דער פּאָזיציע פיגורירט געוויסע סומעס פאר ארץ־ישראל פאנדן, העברעאישע שולן און ציוניסטישע געזעלשאַפטן פון קולטור־און ספּאָרט־כאַראַקטער. קעגן די דאָזיקע פּאָזיציעס זענען באזונדערס שארף ארויסגעטרעטן די בונדישע פארשטייער און די עקסטרעמע ארטאדאקסן („בעלזער"). אויפן פאָן פון דער טראַגעדיע פונעם אייראָפּעאישן יידנטום בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, ווי אויך פון פאַקטישן רעאַליזירן דעם ציוניסטישן אידעאל — איז כדאי איבערצוגעבן א פראגמענט פון דער אויבנדערמאנטער בודזשעט־דעבאטע וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר די דעמאָלטיקע פּאָליטישע באַציאונגען אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן.

„נאָך די אנטי־ציוניסטישע ארויסטרעטונגען מצד די בונדישע פארשטייער — דערציילט דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" — האט אן אלזייטיקע און טרעפלעכע רעפּליק אויף די אויספירן פון הער באַטיסט געגעבן ד"ר כאַמעט, וועלכער האָט אין אָנהויב אונטערגעשטראָכן, אַז דער בונד האַלט פאַר נייטיק אַרויסצוטרעטן קעגן ציוניזם ביי יעדער געלעגנהייט און דעמאָנסטרירן זיין נעגאַטיווע באַציאונג לגבי פאלעסטינע, הגם ארץ־ישראל האט שוין פון לאנג אויפגעהערט צו זיין א חלום פון אַ גרופּע טרוימער און איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון די ברייטסטע יידישע מאַסן, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן דורך באַדייטנדיקע סאָציאַליסטישע פירער ווי ניעדזשאַלקאָווסקי, לעאָן בלום און אַנדערע. דער פאָר־געלייגטער בודזשעט איז א כוחות־אפשפּיגלונג פון דער איצטיקער קהילה, ווי אויך א אויסדרוק פון די שטרעבונגען צו א צוזאמענארבעט פון די דאזיקע כוחות. דאס שטרייכן די סובווענצן וועט דעם בודזשעט פארוואנדלען אין א בית־עולם בודזשעט, בעת אונדזער שטרעבונג איז, אז די קהילה זאל ארומנעמען דאס גאנצע יידישע לעבן — דאס רעליגיעזע, קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע. אויב די פּי־נאנסיעלע מיטלען דערלויבן אונדז נישט צו באפרידיקן די אלע באדערפעניש, טא זאלן מיר כאטש מאניפעסטירן אונדזער שטרעבונג מיט א קליינער סומע. מאָדנע איז דער שטאַנדפּונקט פון בונד. ער קעמפט פאַר דער נאַציאָנאַל־קולטורע־לער אויטאנאמיע. דער ארגאן פון דער אויטאנאמיע דארף זיין די קהילה, און איצט וויל דער בונד רעדוצירן די ראל פון דער קהילה צו א פארוואלטער פון בית־הקברות און פון דער מקוה. מיר זענען פאַר געבן סובווענצן — האָט דערקלערט ד"ר כאָמעט — אויך די אינסטיטוציעס, וועלכע אַנטשפּרעכן אונדז נישט אידעאיש, ווייל מיר רעכענען זיך מיט די רעאַלע כוחות־פאַרהעלטעניש און מיר ווילן דער־מעגלעכן אַ צוזאַמענאַרבעט אין דער קהילה, און אַ צוזאַמענאַרבעט איז מעגלעך נאר ביים פולן אכטן אלעמענס אנשויאונגען. ווייל נאר אזא צוזאמענארבעט קאן זיין אַ גאַראַנטיע פאַר פרוכטבאַרער געזונטער טעטיקייט לטובת דעם גאַנצן יידנטום, וואָס דאַרף שאַפן אַ וואָס ברייטערן נאַציאָנאַלן פראָנט, אַזוי ווי דאָס געשעט ביי אנדערע פעלקער וואס זענען אין געפאר. און אויב מיר רעדן וועגן דער נויטווענ־דיקייט אויפצושטעלן די איינהייט אויף דער יידישער גאַס, דאַרף מען די דאָזיקע איינהייט רעאליזירן. איינהייט — מיינט נישט דיקטירן, הערשן. אויב מיר ווילן שאַפן איינהייט, מוזן מיר זיך פאַרשטענדיקן מיט אַלע קרייזן פון יידנטום, וועלכע קומען אין באטראכט אין דער ארבעט לטובת יידן. דער איצטיקער בודזשעט,

באזונדערס דער טייל סובווענצן, איז טאַקע אַ ביישפּיל פאַר אַזאַ פאַרשטענדיקונג. מיר שטימען אויך פאַר געבן סובווענצן צו „אינסטיטוציעס, וועלכע זענען אונטערן אידעאישן איינפלוס פון אונדזערע קעגנער, טאַקע אין נאָמען פון צוזאַמענאַרבעט און קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ. דער בונד שטעלט זיך אויך אַנטקעגן די סובווענצן פאַר קרן קימת און קרן היסוד. אַ דאַנק די פאָנדן האָבן מיר דאָך געשאַפן אַ מעכטיק ווערק אין ארץ־ישראל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַנטציקונג אויף דער גאַנצער וועלט. און וואָס האָט געשאַפן דער בונד? וואָס האָט ער געשאַפן אייביקס און דויערהאַפטיקס פאַרן יידנטום, הגם ער איז אַזוי לאַנג ווי דער ציוניזם טעטיק אויף דער עפנטלעכער אַרענע? דער בונד האַלט זיך נאָך אַלץ ביי זיין עקשנות און נעגאַציע פון ציוניזם. דאַקעגן סאָציאַליסטן פון אַזאַ פאַרנעם ווי אַנדזשיי סטרוג, דיבואַ, וואַנדערוועלדע, דער פירער פון יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע וולאַדעק, פּרעמיער פון פראַנקרייך לעאָן בלום — האָבן בלויז אַנערקענונג־ווערטער פאַרן ארץ־ישראלדיקן אויפבוי".

דער אויבערדערמאָנטער בודזשעט איז אָנגענומען געוואָרן מיט די שטימען פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי, אגודה און פאַרשטייער פון יידישע האַנטווערקער, דערביי האָבן קעגן בודזשעט געשטימט דער בונד און די ראַטמענער פון די בעלזער חסידים. די באַמיאונגען פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אַז די קהילה זאָל מיט איר טעטיקייט אַרומנעמען אַלע געביטן פון יידישן לעבן און אויסער די ריין־רעליגיעזע ענינים זאָל זי מאַניפעסטירן איר אָנטייל אינעם פּראָצעס פון אויפבויען ארץ־ישראל, האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן אויך מצד דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וועלכע האָט פּאַטראָנירט דער פינצטערניש און דעם אָבסקוראַנטיזם אויף דער יידישער גאַס.

יענע צייט איז געווען אַ גאָר שווערע פאַרן טאָרנער יידנטום, פּונקט ווי פאַרן גאַנצן פּוילישן יידנטום. די קהילה איז בלויז געווען אַן אָפּשייט פון ציוניסטישער טעטיקייט, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון יידישן לעבן. אין יאָר 1937 איז דאָס דאָזיקע לעבן געווען שטאַרק באַדראָט דורך די וואָס אַמאָל מער אַגרעסיווע ענדעקישע כוחות, ווי דורך דער אָפיציעלער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק אויפן עקאָנאָמישן געביט, געפירט דורך די מלוכהשע סאַנאַציע־פאַקטאָרן. אַמבעסטן אילוסטרירט די דאָזיקע לאַגע אין טאָרנע דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (10.11.37 נומ' 37): „עטלעכע יידישע געשעפטן מיט שרייב־מאַטעריאַל זענען דעם 3־טן אָקטאָבער געווען אונטער דער קאָנטראָל פון פּיקעטן, וועלכע האָבן אַפילו אַרויסגעצויגן פון געשעפט מיט כוח פּוילישע קונים, וועלכע האָבן געוואָלט קויפן ביי יידן. דער פאַקט פון פּיקעטירן יידישע געשעפטן האָט אין די יידישע קרייזן אַרויסגערופן אַ דערדריקטע שטימונג, בפרט נאָך, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער אַנטי־יידישער פאַל פון דעם מין. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז די פּיקעטעס זענען ליקווידירט געוואָרן דורך אַ גרופּע פּוילישע אַרבעטער פון פּ.פּ.ס., וועלכע האָבן פאַרטריבן די פּיקעטירער. די ווירדיקע און מוטיקע האַלטונג פון פּוילישע אַרבעטער האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דער אַרעסטירטער בעת די געשעענישן ה' שיט, סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ס., איז איינגיכן אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי".

די אויפזיכטס־מאַכט האָט פון אויבנדערמאָנטן הילף־בודזשעט פאַרן יאָר 1937 גלייך געשטראָכן כמעט אַלע פּאָזיציעס פאַר די אינסטיטוציעס וואָס זענען געווען אָנגעפירט און אויסגעהאַלטן דורך ציוניסטן. און נישט בלויז די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט באַגרענעצט און געהעמט די ציוניסטישע באַמיאונגען אַרויסצופירן די קהילה אויפן ברייטן שליאַך, אויף וועלכן עס איז געגאַנגען דאָס פּוילישע יידנטום. אַזוי ווי די ציוניסטן האָבן נישט געהאַט אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג אַ מערהייט, איז נישט לייכט געווען צו פירן די קהילה, נישט רעזיגנירנדיק פון אַ טייל ציוניס־טישע פאָדערונגען.

אויף דעם באָדן איז אויך אויסגעבראָכן אַ קריזיס אין דער קהילה־פאַרוואַל־טונג. אויפן 28־טן נאָוועמבער 1937 איז קיין קראָקע גערופן געוואָרן אַן ארץ־ישראל קאָנפערענץ, וועלכע האָט געדאַרפט מאַניפעסטירן די סאָלידאַריטעט פון די יידן אין גאַליציע און שלעזיע מיטן קעמפנדיקן ישוב אין ארץ־ישראל. דער אויספיר־קאָמיטעט פון דער קאָנפערענץ האָט צוו. אנד. איינגעלאַדן אויך די יידישע קהילה אין טאַרנע. ווען דאָס פּרעזידיום פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג (ד״ר מענ־דערער און וואָלף געצלער) האָט געפאָדערט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג אויסצוקלייבן אַ דעלעגאַציע אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, האָט די מערהייט אין דער פאַרוואַלטונג (בונד און אָרטאָדאָקסן) באַשלאָסן אַראָפּנעמען די פראַגע פון סדר־היום. ד״ר מענדערער, פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג, האָט זיך געפילט דערמיט געטראָפן און געלייגט זיין אַמט. דער קריזיס איז אָבער אויסגעמיטן געוואָרן, ווייל די פאַרוואַלטונג האָט אויף איר זיצונג דעם 24־טן נאָוועמבער 1937 יאָר, דערקלערט, אַז די אויבנדערמאָנטע אָפּשטימונג האָט נישט געמיינט אויסצו־דריקן אומצוטרוי דעם פאָרזיצער, און אַ דאַנק דעם איז דערמעגלעכט געוואָרן דעם פּרעזידיום ווייטער פאָרטצוזעצן די אַרבעט.

אָנהויב 1938 יאָר האָט דאָס פּרעזידיום ווידער רעזיגנירט. דאַסמאָל איז שוין דערגאַנגען צו נייע וואַלן פון אַ פאָרזיצער און זיין פאָרטרעטער. די וואַלן זענען פאָרגעקומען דעם 23־טן יאַנואַר 1938 יאָר, דערביי איז ד״ר מענדערער צום צווייטן מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער, און וואָלף געצלער — אַלס וויצע־פאָר־זיצער. ביידע קאַנדידאַטן האָבן (אויף 10 שטימען אין דער פאַרוואַלטונג) באַקומען נאָר פיר ציוניסטישע שטימען, צוויי שטימען האָט באַקומען די קאַנדידאַטור פון דוד אַטיסט, דאַקעגן די פאָרשטייער פון אגודה, אָרטאָדאָקסן און יד חרוצים האָבן אָפּגעגעבן ווייסע צעטלען און אַזוי אַרום דערמעגלעכט די אויסוואַל פון אַ ציוניסטיש פּרעזידיום. אויפן פאָן פון דעם לעצטן אינצידענט אין דער טאַרנער קהילה, האָט „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (28.1.38) געשריבן:

„כל זמן די מערהייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג וועט לאָיאַל און זאַכלעך צוזאַמענאַרבעטן מיט דער ציוניסטישער מינדערהייט אויפן שטח פון דער קהילה, אַזוי לאַנג וועט דאָס איצטיקע פערוואַלטונגס־פּרעזידיום דרייסט און טריי טראָגן די אויף איר אַרויפגעלייגטע לאַסט. דער בילאַנס פון אַן איינייאָריקער טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג איז אויסגעפאַלן פּאָזיטיוו, דערביי דאַרף מען אונטער־שטרייכן, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכע באַשטייט פון פאָרשטייער פון פּאָלי־טישע פּאַרטייען, האָט אויסגעטיילט די מאָמענטן וואָס צעטיילן און די וואָס

פאַרבינדן אין האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט אויפן געביט פון קהילה־ווירטשאַפט אַלע כוחות וואָס קאָנען ברענגען נוצן דער יידישער קהילה אין טאָרנע".

אפילו די קאָנטראָל וואָס איז דורך דער סטאַראָסטווע אַדורכגעפירט געוואָרן אין דעצעמבער 1937 יאר, האט געמוזט פעסטשטעלן, אז די קהילה־ווירטשאפט איז געפירט ראַציאָנעל און צילבאוואוסט, אַז זי מאַכט געזונט די לאַגע אין דער קהילה, וועלכע האט צוליב דער קאמיסארן־הערשאפט אין משך פון עטלעכע יאר, זיך געפונען אין אַ שווערע לאַגע. אויסערדעם האָט די קאָנטראָל פעסטגעשטעלט, אַז זינט דאָס קהילה־פאַרמעגן איז איבערגענומען געוואָרן דורך דער איצטיקער פאַר־וואַלטונג ביז דעצעמבער 1937, איז עס אויסגעוואַקסן מיט העכער 42,000 זלאָטעס. נאכן ארדענען די באציאונגען אינעם יידישן שפיטאל און זקנים־הויז, האט די נייע פאַרוואַלטונג זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע נאָך אין יאָר 1938 אַדורכצופירן אַ רעמאָנט פון דער נייער און אַלטער שול, קהילה־בנינים, מקוה, און אין ווייטערדיקן פראָגראַם איז געווען פאָרויסגעזען דאָס אויפבויען גדעקטע יאַטקעס אין די האַלעס, אויסשטאַטן און פירן אַ רענטגענאָלאָגישן קאַבינעט און אויפשטעלן א פאווילאן פאר טובערקולאז־קראנקע.

די יידישע גמינע איז אַזוי אַרום געוואָרן די איינציקן רעפּרעזענטאַנץ פונעם גאַנצען טאָרנער יידנטום, ווייל די גרופּע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט האָט זיך לגמרי נישט פאַרנומען מיט פאַרטיידיקן די באַדראָטע יידישע פּאָזיציעס, אונטעראָרדנדיק זיך געהאָרכזאַם אַלע האַנדלונגען פון די סאַנאַציע־לייט, וואָס האָבן זיך נישט באַהאַלטן מיט זייער „אָוושעם"־איינשטעלונגען בנוגע דער יידנפראַגע.

וועגן דער טאקטיק פון די דעמאלטיקע יידישע ראטמענער אין טארנער שטאטראט שרייבט דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (5.3.37, נומ' 10) :

„א טאקטיק איז דאס א שלעכטע, שעדלעכע און אומפאראנטווארטלעכע פאר די לעבנסוויכטיקע יידישע אינטערעסן. די יידישע ראטמענער, אין זייער בעסטן גלויבן, פאַרשטייט זיך, ווערן אַ ווערקצייג אין די הענט פון מענטשן וואָס זענען אומפריינטלעך צו יידן".

בלויז די בונדישע ראטמענער, מיט וועלכע עס האט אנגעפירט דער פעאיקער און ענערגישער ארבעטער־טוער דוד באטיסט, האבן דרייסט דעמאסקירט די סאַ־נאציע־אנטיסעמיטן, וועלכע האבן געגאסן פון ארטאדאקסישער אונטערשטיצונג. אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט, פאָרגעקומען דעם 23־טן מערץ 1937 יאָר, האָט די לאגע פון די יידן אין טארנע אמבולטסטן כאראקטעריזירט דוד באטיסט בעת אן ארויסטריט אויף דער זיצונג (ציטירט לויטן „טיגאדניק זשידאָווסקי") :

„אין די קאמונאלע אמטן באהאנדלט מען יידישע אינטערעסאנטן מיט אומ־ווילן, ריגאָריסטיש. יידן ווערן נישט צוגעלאזט צו שטאטישע ארבעטען. זינט עטלעכע יאָר איז קיין איין יידישער באַאַמטער נישט צוגענומען געוואָרן, און צווישן 65 שטאָטישע אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן לעצטנס באַקומען אַן אַוואַנס, איז נישט פאַראַן קיין איין ייד. און די יידן אין טאָרנע זענען דאָך 45% פון דער אלגעמיינער צאל באפעלקערונג אין שטאט, וואוינען שוין דא 600 יאר, טראגן אויף זיך אלע פינאנסיעלע לאסטן פאר דער גמינע, און אינעם גאנצן אדמיניס־טראטיוון בודזשעט וואס באטרעפט בערך 2 מיליאן זלאטעס, זענען פאראן קוים

3 יידישע פּאָזיציעס אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 9.800 זלאָטעס (דערפון פאַרן יידישן שפּיטאָל 2.000 זלאָטעס, זקנים־הויז 1.800 זלאָטעס, יתומים־הויז 6.000 זלאָטעס), אויסעדרעם האָט קיין שום יידישע קולטורעלע אָדער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע נישט באַקומען קיין סובווענץ".

אין שטאָטראַט גופא האָט זיך צו יענער צייט פאַרשאַרפט דער קאַמף צווישן אַ גרעסערע גרופּע סאָציאַליסטישע ראַטמענער (פּ.פּ.ס. און בונד) מיט דער סאַנאַציע מערהייט, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט די יידישע ראַטמענער. באַזונדערס שטאַרק האָבן די סאָציאַליסטן אַטאַקירט דעם שטאָט־פּרעזידענט ד"ר בראָדזשינסקי. „טיגאָדניק זשידאָווסקי" שילדערט אַזוי די דעמאָלטיקע לאַגע אין שטאָטראַט:

„די לעצטע זיצונג פון שטאָטראַט, פאָרגעקומען דינסטיק דעם 11־טן פעברואַר, האָט ווידעראַמאָל באַוויזן, אַז דער איצטיקער שטאָטראַט איז נישט לעבנספעאיק און אַז אונדזער קאָמונאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג גייט צו גרונט. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליקווידירן דעם קאָנפליקט צווישן דעם קלוב פון סאָציאַליסטישע ראַטמענער און דעם שטאָט־פּרעזידענט ד"ר בראָדזינסקי. די זיצונג איז געווען זייער אַ שטורמישע. די סאָציאַליסטישע ראַטמענער האָבן פאַרלאָזט דעם זיצונגסזאַל מיטן געזאַנג פון „טשערוואָני שטאַנדאַר" („רויטע פאָן"). אויפן ראַנד פון דער איבערדערמאָנטער זיצונג מוזן מיר זיך ווידער אומקערן צו אונדזערע יידישע ראַטמענער. מיר קענען זיי שוין. זיי זענען נישט פעאיק צו קיין שום ענערגישע שריט, צו אַ מוטיקער שטעלונג און אַ ברעקל זעלבשטענדיקייט".

דער דאָזיקער קאָנפליקט האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער רעזיגנאַציע פון ד"ר בראָדזשינסקי, און ווען די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט גענומען צו קענטעניש די דאָזיקע רעזיגנאַציע, איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע פון וויילן אַ נייעם בירגערמייסטער. ווי דער שטייגער, איז אין אַזעלכע פאַלן געווען פיל אָפּהענגיק פון דער שטעלונג פון די יידישע ראַטמענער. ליידער האָט די דעמאָלטיקע גרופּע סאַנאַטאָריש־אָרטאָדאָקסישע יידישע ראַטמענער בלינד אויסגעפירט די באַפעלן פון די אַנטיסעמיטישע סאַנאַציע־ראַטמענער, נישט באַמיט זיך בכלל משפיע זיין אויף דער וואַל פון אַ נייעם שטאָט־פּרעזידענט פון שטאַנדפּונקט פון יידישע אינטערעסן. וועגן דעם שרייבט טאַקע דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי":

„דער ענין פון אויסוויילן אַ נייעם שטאָט־פּרעזידענט איז נישט בלויז אַן ענין פון יידישע ראַטמענער. זיי האָבן ביז איצט אַרויסגעוויזן ווינציק פעסטקייט און מוט, אַז דאָס טאַרנער יידנטום זאָל איבערלאָזן די אַנטשיידונג אין די הענט פון די יידישע ראַטמענער, וואָס זענען ביז איצט נישט געשטאַנען אויף דער הייך פון זייערע אויפגאַבן. די פראַגע פון אויסוויילן אַ נייעם שטאָט־פּרעזידענט איז לעבנסוויכטיק פאַר אַלע טאַרנער יידן. עס קאָן אפילו נישט געמאָלט זיין, אַז אין דער פראַגע זאָלן דעצידירן צוזאַמען מיט אַנדערע סאַנאַציע־ראַטמענער נאָר די יידישע ראַטמענער, וואָס רעפּרעזענטירן אין בעסטן פאַל אַ הייפל טאַרנער יידן. די קאָנסאָלידאַציע פון גאַנצן יידישן כלל קומט ליידער פאַר נאָר אונטערן דרוק פון מפּלות און דרוק פונדרויסן. ערשט די טרויעריקע ווירקלעכקייט צעמענטירט די זיך באַקעמפנדיקע יידישע גרופּירונגען. מיר וואַרפן אַ לאָזונג פאַר דער יידישער גאַס

אין טארנע אויפצושטעלן א געמיינזאמען ארגאן פארן גאנצן טארנער יידנטום פאַר ענינים, וואָס גייען אונדז אַלעמען אָן, אָן אונטערשיד פון פּאָליטישע איבערצייגונגען. די קאנסאלידאציע פון אונטן — אט איז אונדזער לאזונג. אזא קערפּערשאַפט וואָס זאָל רעפּרעזענטירן דאָס גאַנצע טאָרנער יידנטום, וואָלט אויך געקאָנט דעצידירן וועגן דער ליניע און טאַקטיק פון די יידישע ראַטמענער ביים דערוויילן א נייעם שטאט־פּרעזידענט״.

די דאזיקע ווערטער אבער, האבן נישט גערירט די פּאליטיזירנדע ארטאדאקסישע ראַטמענער. דערווייל האָבן שווערע פינסטערע וואָלקנס זיך אָנגעזאַמלט אויפן האָריזאָנט פון פּוילישן יידנטום. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פאַר אָפּשאַפן די כשרע שחיטה. די באַרימטע פרוי פּריסטאָר, געשטיצט דורכן גלח טשעטשאק, איז נישט אפגעשטאנען אין איר אנטיסעמיטישער פּראפּאגאנדע, ארויסגערוקט ווי אַ צענטראַל פּראָבלעם דאָס אָפּשאַפן די ריטועלע שחיטה, אַלס סגולה גובר צו זיין דעם שווערן עקאנאמישן קריזיס אין פּוילן. די יידנפרעסערישע לאזונגען האבן געפונען א גינסטיקן באדן אין דעמאלטיקן פּוילישן סיים, אין וועלכן די יידישע דעפּוטאטן מיט ד״ר עמיל זאמערשטיין אין שפּיץ האבן געפירט אן אומדערמידלעכן קאמף צו פאַרטיידיקן די באַדראָטע יידישע עקזיסטענצן. אַ לענגערע צייט איז אנגעגאַנגען דער קאַמף אַרום דער פראַגע. דערביי האָבן די פּוילישע יידן ארויסגעוויזן פיל פעסטקייט און עקשנות, נישט אפּהאלטנדיק זיך אפילו פון פּראקלאמירן א פלייש־תענית אויף א גאנצן חודש, וואס האט געהאט דעם רעזולטאט, אַז דער אַנטיסעמיטישער סיים איז געווען געצוואונגען אָפּצולייגן ביזן יאָר 1940 די דורכפירונג פון געזעץ צו פארווערן ריטועלע שחיטה. אבער די יידנפרעסערישע אַגיטאַציע האָט אָנגעטראָפן אויף אַ גינסטיקן באָדן צווישן פּוילישן פאָלק. אין בריסק האט די יידישע באפעלקערונג פיל געליטן צוליב אנטי־יידישע עקסצעסן. שטאָטישע און פּויערים האָבן זיך געוואָרפן אויף יידישע געשעפטן און קראָמען, מאָרדנדיק די יידישע באַפעלקערונג און רויבנדיק איר האָב און גוטס. דאָס פּוילישע יידנטום האט אקטיוו רעאגירט אויף די געשעענישן, וואס האבן געהאט דעם כאַראַקטער פון אַן אָרגאַניזירטן פּאָגראָם. צוזאַמען מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום האט די טארנער יידישע באפעלקערונג געבערענגט צום אויסדרוק איר סאלידארן פּראטעסט דעם 24־טן מאי 1937 יאר. אויפן רוף פון די צענטראלע אינסטאַנצן פון אַלע יידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן טאָרנער יידן געווארפן די ארבעט אויף 2 שעה. פונקט 12 באטאג זענען געשלאסן געווארן אלע יידישע געשעפטן און ווארשטאטן. יידישע געזעלשאפטלעכע אוןווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס האבן איבערגעריסן די ארבעט. אלע האבן דורך דער שטילער דעמאָנסטראַציע פּראָטעסטירט קעגן די בריסקער געשעענישן. אויף דער זיצונג פון דער טארנער קהילה־פארוואלטונג איז באשלאסן געווארן צו פּראטעסטירן קעגן די בריסקער געשעענישן און אויסדריקן דער יידישער קהילה אין בריסק אַן אויפריכטיקן און האַרציקן מיטגעפיל, און אויך איז באַשלאָסן געוואָרן אויסטיילן אַן אנטשפּרעכנדיקע סומע אלס דרינגענדע הילף די געליטענע פון פּאגראם. אויף דער איניציאַטיוו פון דער יידישער קהילה איז דעם 27־טן מאי 1937 יאָר פאָרגעקומען אַ

קאָנפערענץ, מיטן אנטייל פון ראבינאט, וואו עס איז אויסגעוויילט געוואָרן א קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע אין בריסק. אינעם קאָמיטעט זענען אריין:

ד״ר מענדערער, אליהו געווערץ, שמואל צינס, וואָלף געצלער, יוסף היימאַן. סעקרעטאר — עדוואַרד זאַוערשטרום, קאסיר — חיים אבערדאַם.

ד״ר מענדערער, פאָרזיצער פון קהילה־פאַרוואַלטונג אין טאַרנע, האָט טריי און איבערגעגעבן געווידמעט זיך דער ארבעט אין קהילה. די אָפטע מיספארשטענדענישן מיט דער נישט־ציוניסטישער מערהייט, האָבן אָבער אָפגעשלאָגן דעם חשק ביי דעם דאָזיקן טיכטיקן געזעלשאַפטלעכן טוער אויף אַזוי ווייט, אז אין אויגוסט 1938 האָט ער רעזיגנירט פון זיין אמט נישט נאָר אלס פאָרזיצער נאָר אויך אלס מיטגליד פון דער קהילה־פארוואלטונג. די פארוואלטונג האָט איינשטימיק באשלאָסן אויסצודרוקן אים אַ דאַנק פאַר זיין טרייער אַרבעט. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן ווי אַמגיכסטן אַדורכצופירן וואַלן פון אַ נייעם פאָרזיצער. אויפן אָרט פון ד״ר מענדערער איז לויט דער ריי אַריין אין פאַרוואַלטונג ה׳ הענריק פלור.

אויך דאַסמאָל האָבן אַלע פאַרטייען פאַרטראָטענע אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, זיך אָפגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער אחריות וואָס ליגט אויף זיי, באַזונדערס אין דער צייט, ווען אויפן געביט פון סאָציאַלער שוץ האָט די קהילה־טעטיקייט אַרומגענומען וואָס ברייטערע קרייזן יידישע אָרעמקייט. מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די פאראָרעמטקייט אויף דער יידישער גאס. די שטייער־שרויף האָט פארניכטעט הונדערטער יידישע עקזיסטענצן, וועלכע האָבן זיך אַזוי אויך געפונען צווישן האַמער פון דער אַנטיסעמיטישער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וואָס האָט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו באַזייטיקן יידן פון ווירטשאַפטלעכע פאָזיציעס, — און דעם אמבאָס פון דער יידנפרעסערישע ענדעציע, וועלכע האָט וואס אן אמת באקעמפט די סאנאציע־רעגירונג, אָבער געווען אייניק מיט דער סאַנאַציע אינעם קאַמף געגן יידן. אונטער דעם לאָזונג פון אַנטוויקלען דעם פוילישן האַנדל האָט מען פאַרשטאַנען די פאַרניכטונג פון יידישן סוחרטום, און די אדמיניסטראטיווע מאכט האָט צו דעם צוגעהאָלפן. נאָך אין יאר 1938 איז אין טאָרנע פראקלאמירט געוואָרן א „וואָך פאר פארפוילישן דעם האנדל״, וואָס האָט געמיינט פארשטאַרקן די בויקאט־אקציע קעגן יידישע סוחרים, ווייל די פוילישע באפעלקערונג, באזונדערס פון די ארבעטער־קרייזן, האָט גערן געקויפט ביי יידישע סוחרים, באקומענדיק בעסערע און ביליקערע סחורות. ווי עס גיט איבער דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (אפריל 1938, נומ׳ 15), האָט „די ענדעקישע דעמאנסטראַציע אין שייכות מיט דער „וואָך צו פאַרפוילישן דעם האַנדל״, זיך געענדיקט מיט א דורכפאל, און שבת דעם 9־טן אפריל 1938 יאר, איז אן ענדעקישע דעמאנסטראציע פון עטלעכע צענדליק פערזאן באהערשט געוואָרן דורך דער פ.פ.ס. ווען דער צוג איז צוגעקומען צום דענקמאָל פון אומבאקאנטן זעלנער, איז ער שוין באַשטאנען אויסשליסלעך פון סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן געזונגען סאָציאַליסטישע לידער. זונטיק דעם 10־טן אפריל איז אין זאל פון „סאקול״ פאָרגעקומען א פארזאַמלונג אונטערן פאָרזיץ פון אינזש׳ דרעוונאָווסקי פון מאָשטשיצע, דערביי האָט געהאלטן א רעדע דעפוטאט דודזשינסקי פון לאָדזש, דערנאָך זענען אָנגענומען געוואָרן אַ ריי אַנטי־יידישע רעזאָלוציעס. דער ערשטער עפנטלעכער אויפטריט

פון דער ענדעציע אין טאָרנע האָט זיך געענדיקט מיט א פולשטענדיקן דורכפאַל א דאַנק דער דרייסטער שטעלונג פון די היגע סאָציאַליסטן".

דעם 11־טן נאָוועמבער 1938 יאָר זענען פאָרגעקומען די וואַלן פון אַ נייעם פאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. בעת דער אָפּשטימונג האָט דער ציוניסטישער קאַנדידאַט וואָלף געצלער באַקומען 5 שטימען (4 ציוניסטן און 1 אָרטאָדאָקס — חיים אבערדאם), בונד האָט באַקומען 2 שטימען, איין צעטל איז געווען ווייס, און די פארשטייער פון אגודה און באבאווער חסידים (אהרון ראזענצוויג און יחזקאל נוימאן) האָבן זיך אָפּגעהאלטן פון שטימען. אלס פארזיצער איז דערווילט געוואָרן וואלף געצלער. ווען דער וואָיעוואָדישער אמט האָט נישט באשטעטיקט די וואל פון וואלף געצלער אלס פארזיצער, האָט איבער דער טאָרנער קהילה ווידער א שוועב געטאָן די געפאר פון קאמיסארישער הערשאפט. לויט די פארשריפטן פאר די רעליגיעזע געמיינדעס (פאראָרדענונג פון קולטוס־מיניסטעריום פון 24.10.30) האָט מען נישט געקאָנט אויסוויילן אלס פארזיצער א פערזאָן, וואָס געהערט נישט צו דער פארוואלטונג, און אויב א געווילטער פארזיצער איז צום דריטן מאָל נישט באשטעטיקט געוואָרן דורך דער אויפזיכט־מאכט, האָט זי געהאט א רעכט צו נאמינירן א פארזיצער.

ביי אזא לאגע האָבן די ציוניסטן געמוזט רעזיגנירן פון ארויסשטעלן צום צווייטן מאָל די קאַנדידאַטור פון וואָלף געצלער אויפן אַמט פון פאָרזיצער פון קהילה־פארוואלטונג, הגם פון אלע פארוואלטונגס־מיטגלידער האָט ער געהאט די סאַמע נייטיקסטע קוואַליפיקאַציעס איבערצונעמען דעם דאָזיקן אַמט. אויף אַ ווייטערער זיצונג פון קהילה־פארוואלטונג, פאָרגעקומען דעם 12־טן אקטאָבער 1938, איז אַרויסגערוקט געוואָרן די איינציקע קאַנדידאַטור פון ד"ר א. כאָמעט, וועלכער האָט באַקומען 4 שטימען (פון 9 אָנוועזנדיקע אויף דער זיצונג) בעת דריי צעטלען (פון בונד און יד חרוצים) זענען געווען ליידיקע, דאָקעגן האָבן די פארשטייער פון אגודה און באָבאָווער חסידים זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. אַזוי אַרום איז אַלס פאַרוואַלטונגס־פאָרזיצער דערווילט געוואָרן ד"ר כאָמעט. נאָך די וואַלן האָט דער פאָרשטייער פון אגודה, אהרן ראָזענצוויג געלייענט אַ דעקלאַראַציע, אַז הגם ער און זיין חבר האָבן זיך נישט באטייליקט אין דער אָפּשטימונג, דריקן זיי אָבער אויס זייער פולע גרייטקייט לאָיאַל מיטצוארבעטן מיטן ניי־דערווילטן פארזיצער.

נאָכן באַשטעטיקן דורך דער אויפזיכט־מאַכט די אויסוואַל פון ד"ר כאָמעט, האָט ער דעם 23־טן סעפטעמבער 1938 יאר איבערגענומען די אמטירונג אין טאָרנער קהילה. די אויפגאבן פון דער ציוניסטישער רעפרעזענטאנץ אין קהילה, האָט ד"ר כאָמעט אַזוי באַצייכנט אין אַן אַרטיקעל, אָפּגעדרוקט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (25.11.38 נומ' 47) :

„די שוועריקייטן פוןווירטשאפטלעך־געזעלשאפטלעכן כאראקטער דרינגען ארויס פון דעם פאקט, אז יעדער דריטער ייד אין טאָרנע געניסט פון עפנטלעכער וואויל־טעטיקייט, סיי איינמאָליק, סיי פעריאָדיש, אַמאָל אויך פערמאַנענט. אונדזערע הילפס־אַקציעס ערב פסח און ווינטער־צייט די קוילן־אַקציע, זענען דער בעסטער באַוויז דערפאַר. אין דער ערשטער ריי איז דעריבער די קהילה־טעטיקייט

באַזאָרגט צו לייזן די סאָציאַלע נויטן. דער דאָזיקער טעטיקייט מוזן מיר געבן אַ קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. ווייניקער בעטלעריי, מערער הילף צוצואיילן דעם פּראָדוקטיוויזאַציע־פּראָצעס פון דעקלאַסירטע פאַראָרעמטע יידן. די אַנט־שפּרעכנדיקע באַפרידיקונג אין פולן באַריקזיכטיקן און דערפילן די רעליגיעזע באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג, איז אָפּהענגיק פון א פּאַסיקער קהילה־באַלעבאַטישקייט. אזא באַלעבאַטישקייט, כדי זי זאָל דערפילן אירע אויפגאַבן, מוז זיין א ראַציאָנעלע און פּלאַנירטע".

די קהילה־פאַרוואַלטונג, הגם זי איז צו יענער צייט געווען באַשווערט מיט אויפהאַלטן און איינאָרדענען איבער 1,000 אויסגעזידלטע יידן פון היטלער־דייטש־לאַנד, האָט מיט דער גאַנצער ענערגיע און אחריות גענומען זיך צו דערפילן די אויפגאַבן וואָס זענען געשטאַנען פאַר דער יידישער גמינע. דער נייער פּאַרזיצער ד״ר כאַמעט האָט פאָרגעלייגט דער פאַרוואַלטונג אַ ברייטן אַרבעטס־פּלאַן, וועלכער האָט אַרומגענומען פאָלגנדע פּונקטן (ציטירט לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״):
1) געזונט־מאַכן די פינאַנס־ווירטשאַפט אין דער קהילה דורך פאַרקלענערן אירע חובות, 2) געהעריק אויפמאָנען דעם עטאַט און אים יושרדיק פאַרטיילן, 3) רעאַלער מאַכן דעם בודזשעט און 4) אויסברייטערן די טעטיקייט אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף, פונאַנדערבויען דאָס יידישע שפּיטאָל, אַמבולאַטאָריום, זקנים־הויז, בויען אַ הויז פאַר היימלאָזע, פאַר אומהיילבאַר־קראַנקע, שוץ איבערן קינד און מוטער, בויען אַ בורסע פאַר האַנטווערקער־געזעלן (טערמינאַטאָרן), דורכפירן דעם פּראָיעקט פון עפענען אַ פּאַווילאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע". — מיר לעבן איבער אַ שווערע צייט, — שרייבט ד״ר כאָמעט — די יידישע קהילה מוז ברענגען הילף און דערמוטיקונג די פאַראָרעמטע יידישע מאַסן און מוז אויך דערפילן אירע פליכטן לגבי דעם זיך בויענדיקן און קעמפנדיקן ישוב אין ארץ־ישראל".

ווי שווער דאָס טאַרנער יידנטום האָט געלעבט צו יענער צייט, זאָגט אמבעסטן עדות דער פאַקט, אַז לויטן באַריכט פון דער פסח־אַקציע, דורכגעפירט אינעם יאָר 1938 דורך דער יידישער קהילה, האָבן איבער 1,700 יידישע פאַמיליעס גע־נאָסן פון דער פסח־הילף, ד.ה. בערך א פערטל פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקע־רונג אין טאַרנע. אין מזומן איז צו 534 משפחות פאַרטיילט געוואָרן די סומע פון 4,953 זלאָטעס 60 גראָשן. 1,100 משפחות ווי אויך יידישע אנשטאַלטן און אינסטי־טוציעס האָבן באַקומען 5,571 קילאָ מצות. אויסער דעם זענען איינגעאָרדנט געוואָרן סדרים־נעכט פאַר 178 זעלנער וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויף מיליטער־דינסט אין טאַרנע, און פאַר 50 יידישע ארעסטאַנטן, אויף וואָס עס איז אויסגעגעבן געוואָרן די סומע פון 4,500 זלאָטעס. אין אלגעמיין האָט די קהילה־פאַרוואלטונג אויסגעגעבן אויף פסח־הילף אַ סומע פון 15,200 זלאָטעס, דערביי זענען די דאָזיקע געלטער געדעקט געוואָרן אינגאַנצן פון די קהילה־פאָנדן („טיגאָדניק זשידאָווסקי נומ' 18, 1938 יאר).

## 30

אויך אין דער שווערער תקופה זענען טאָרנער יידן נישט געפאַלן ביי זיך. כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דער סאַנאַטאָרישער „אָווּשעם" פּאָליטיק און קעגן דער ענדעקישער יידנפרעסערישער אגיטאציע, האָבן יידישע ווירטשאפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַנאַזאַציעס, ווי אויך פּאָליטישע פּאַרטייען, אנטוויקלט א לעבהאפטע אויפקלער־טעטיקייט, נישט פאַרנאַכלעסיקנדיק דעם קאַמף פאַר יידישע רעכט אויף דער שטאטישער און אלגעמיין־מלוכהשער ארענע.

אין דער צווייטער העלפט 1938 יאָר, האָט מען זיך אין גאַנץ פּוילן געגרייט צו סיים־וואלן. די סאנאציע האָט געהאט קעגן זיך דעם גאנצן סאָציאַליסטישן לאַגער, די שטאַרקע פויערים פאַרטיי פון וויטאָס און די גאַנצע ענדעציע. דער דאָזיקער אַנטיסאַנאַטאָרישער בלאָק האָט דערקלערט בויקאָט די דאָזיקע וואַלן, צוליב דער אַנטידעמאָקראַטישער וואַל־אָרדינאַציע. יידן אין פּוילן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ דילעמע: אָדער בויקאָטירן די וואַלן און פערבלייבן אָן אַ רעפּרעזענטאַנץ, אָדער פירן די יידישע מאַסן צום וואַל־קאַמף, כדי צו באַקומען אַ פאַרלאַמענט־טריבונע צום קאמף פאר יידישע רעכט. די ציוניסטישע אָרגאניזאציע אין מערב־און מזרח־גאליציע און אין שלעזיע איז געשטאנען אויפן שטאנדפונקט, אז די יידן געפינען זיך אין אַ בעזונדערער סיטואַציע, זיי טאָרן נישט רעזיגנירן פון דער באגרענעצטער, דאָך איינציק־מעגלעכער געלעגנהייט צו דעמאסקירן פון דער פאַרלאַמענט־טריבונע די העצע פון די סאַנאַטאָריש ענדעקישע אַנטיסעמיטן. דערפאַר האָבן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן, בפרט נאָך, אז אינעם בלאק וואָס האָט בויקאטירט די וואלן, האָבן זיך געפונען סיי ענדעקעס, סיי וויטאסעס פּאָלקס־פּארטיי, וואָס ביידע האָבן זיי זיך נישט באהאלטן מיט זייערע אנטי־יידישע לאָזונגען.

דער באַשלוס פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס צו באַטייליקן זיך אין די סיים־וואלן, האָט אין די קרייזן פון די פּוילישע סאָציאליסטן ארויסגערופן א גענוג שארפע קריטיק. אויך אויף די שפּאלטן פון דער יידישער פּרעסע איז אָנגעגאנגען א לעבעדיקע דיסקוסיע וועגן דער פראגע. דעם שטאנדפּונקט פון יידישן בלאק, וואָס האָט ארומגענומען די ציוניסטישע אָרגאניזאציעס און די קרייזן פון סוחרטום און האנטווערקער, האָט אויף די שפּאלטן פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פּארטייִדיקט ד"ר כאָמעט. ער האָט געשריבן פּאָלגענדעס (26.8.38) :

„נאָר מיר אליין קאָנען דעצידירן צי מיר דארפן זיך אריענטירן אויף דער פּוילישער דעמאקראטיע. אויפן סמך פון דערפארונגען אין די לעצטע עטלעכע יאָר ווייסן מיר, אז דער דערפאלג פון דער פארטגעשריטענער דעמאקראטיע אין פּוילן איז אָפּהענגיק פון דעם, אין וואָס פאַר אַ מאָס די פּוילישע פּראָגרעסיווע עלעמענטן וועלן זיך אנטקעגנשטעלן דער אנטיסעמיטישער כוואליע. אין א צייט פון צעווילדעוועטן אנטיסעמיטיזם איז אונדזער נאטירלעכער פארבינדעטער א דעמאקראטישער פראנט, און דער קיום פון דער פּוילישער דעמאקראטיע איז אָפּהענגיק דערפון, צי אים וועט געלינגען אָפּרייניקן די לופט וואָס איז פאַרסמט פון אַנטיסעמיטישער העצע. דער פּוילישער סאָציאליזם מוז קעמפן מיטן אנטיסעמיטיזם און

דערפאַר מוז ער זיך אין דעם קאַמף שטיצן אויף אַלע דעמאָקראַטישע כוחות פון בירגערטום און דארפישער באַפעלקערונג. אין פוילן איז איצט אַקטועל דער קאַמף צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע אינעם סאָציאַלן זין, ווייל דער יסוד פון די רייבונגען איז איצט געריכטעט אויפן קאַמפּס־אָפּשניט פאַר די פּשוטסטע רעכט פון מענטש און בירגער. און דאָרט, וואו עס הערשט אַנטיסעמיטיזם, דאָרט איז פאַראַן אַ גינסטיקער באָדן פאַר כל־המינים אבסקוראַנטיזם און סאָציאַלער רעאַקציע, דאָרט מוז טריאומפירן די פאַרשידנאַרטיקע צוריקגעשטאַנענקייט און רעאַקציע. דערפאַר איז דער פוילישער סאָציאַליזם אַזוי בלוטיק פאַראינטערעסירט אין באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם, ווייל ביי אונדז אין לאַנד וויל די ענדעציע קומען צו דער מאַכט אויפן אַנטיסעמיטישן פערדל און דערשטיקן אַלע סימנים פון פאָרטשריט וואָס ווערן רעפּרעזענטירט דורך די סאָציאַליסטן און דורך געוויסע ליבעראַלע קרייזן פון בירגערטום. פאָרוואַרפן די ציוניסטן, אַז דעמאָלט זענען זיי געגאַנגען צוזאַמען מיט איקס, און דעמאָלט האָבן זיי געשטימט פאַר איפּסילאָן, דערמאָנט אָן אַ מחלוקת וועגן נעכטיקן שניי. איצט גייט נישט וועגן פאָרוואַרפן זיך די פאַרגאַנגענהייט. האָט דאָך דיזעלבע פּ.פּ.ס. אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן באַגאַנגען אַ ריי פעלערן, וואָס האָבן טיילווייז דערפירט צו דער איצטיקער לאַגע. נישט אונדז דאַרף מען פאָרוואַרפן דאָס שטיצן די סאַנאַציע, ווי בכלל איז נישט געזונט צו מאַכן זיך קעגנזייטיקע רעקרימינאַציעס. גיכער דאַרף אַלץ געטאָן ווערן, כדי נישט איבערצוחזרן די פעלערן פון דער פאַרגאַנגענהייט. דער גורל האָט צונויפגעבונדן דאָס דריי־מיליאָניקע פוילישע יידנטום מיט די אָנשטרענגונגען פון דער פוילישער דעמאָקראַטיע, וועלכע קעמפט קעגן יעטוועדער אונטערדריקונג, פּאָליטישער ווי נאַציאָנאַלער, רעליגיעזער ווי סאָציאַלער. די שייד־ליניע איז דעריבער פאַר אונדז אַ בולטע. מיר זענען נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פון די וואָס וואַכן איבער דעם אַז טאַרנע זאָל נישט זיין שוואַרץ".

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען דער וואַל־קאַמף איז געווען אין פולן ברען, לייענען מיר אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (21.10.38 נומ׳ 42) אַן אַרטיקל פון דעמזעלבן מחבר א.נ. „צי גייען מיר צו די וואַלן"?:

„מיר ווילן אין אָנהויב אונטערשטרייכן, אַז דער לעבנס־געבאָט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן איז שטיצן זיך אויף דער פוילישער דעמאָקראַטיע. קיינער אויף דער יידישער גאַס קאָן זיך שוין היינט נישט אָריענטירן אַנדערש. די דאָזיקע אָריענטאַציע אויף דער דעמאָקראַטיע מיינט אָבער נישט גלייכצייטיקע רעזיגנאַציע פון אַן אייגענער, זעלבשטענדיקער יידישער פּאָליטיק, דיקטירט פון דער נויטווענדיקייט צוצופּאַסן זיך צו די סוביעקטיווע מעגלעכקייטן און אָביעקטיווע באַדינגונגען, אין וועלכע עס קומט אויס די יידן צו לעבן און צו קעמפן. אָריענטאַציע אויף דער דעמאָקראַטיע מיינט נאָך נישט אָן קריטיק זיך באַציען צו אַלע אויפטוען און דעציזיעס פון דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע, אפילו בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אונדזער ספּעציפישע עקאָנאָמישע סטרוקטור ווי די נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע לאַגע הייסן אונדז טריי בלייבן דער זעלבשטענדיקער יידישער פּאָליטיק. די פראַגע פון אָנטייל אָדער אָפּהאַלט ביי די סיים־וואַלן גייט אַריין אינעם געביט פון געוויינלעכע פּאַרטייאיש־טאַקטישע קאַלקולאַציעס,

וועלכע האָבן אָפּטמאָל גאָרנישט קיין שום געמיינזאַמס מיט דעמאָקראַטישע איינ־שטעלונגען. די איצטיקע טאַקטיק פון דער ענדעציע ביי די וואלן וואָלט שווער געווען צו באטראכטן אלס אן אויסדרוק פון אירע שטרעבונגען צו א זיג פון דער דעמאקראטיע, הגם איר שטאנדפונקט ביי די איצטיקע סיים־וואלן איז דערזעלבער ווי דער שטאנדפונקט פון דער פאָלקס־פּאַרטיי צי פ.פ.ס. דעריבער חזרן מיר איבער: מיר גייען צו די וואלן, אָריענטירענדיק זיך אויף דער פוילישער דעמאָקראַ־טיע, וועלכע האָט געהאלטן פאר אנטשפרעכנד איבערלאָזן די פארלאמענארישע טריבונע ווערמען אנדערש. אונדז איז נישט דערלויבט צו טאָן דאָס דאָזיקע. ווייל אונדזער קאמף איז פיל שווערער ווי דער קאמף פון דער פוילישער דעמאקראטיע. פאַר אונדז וועט דער זיג פון דער פוילישער דעמאָקראַטיע ערשט מיינען די שאַפונג פון דער אטמאספער, וואו עס וועט לייכטער זיין צו קעמפן פאר רעכט אויף לעבן און אַרבעט. אָבער וועגן דעם דאָזיקן רעכט אויף לעבן און אַרבעט מוזן מיר קעמפן שוין היינט און מאָרגן, אומאָפּהענגיק פון דער פאליטישער קאָנסטעלאציע אין לאנד".

די לאגע פון יידן אין פוילן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער. פון מערב איז געקומען אַ שטורעם ווען ערשטער אָנזאָג איז געווען די פּליטים־כוואַליע פוילישע יידן פון דייטשלאַנד, וועלכע די היטלעריסטישע רעגירונג האָט איבער־געוואָרפן קיין זבאָנשין. יידן אין פוילן האָבן אויפגענומען זייערע פארטריבענע און פארפאלגטע ברידער. אין גאנץ פוילן האָט זיך אָנגעהויבן אן אקציע לטובת די יידן אין דייטשלאנד. די דאָזיקע אקציע איז איינס פון די שענסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון יידן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן. אויך טאָרנע איז נישט גע־בליבן הינטערשטעליק. מיט דער אקציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באטייליקט די בעסטע בירגער פון שטאָט, אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, האָט אָנגעפירט די פארוואלטונג פון דער קהילה. אויף א צייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די נאָרמאלע טעטיקייט פון דער קהילה. די פארוואַלטונג, דער ראט, די באאמטע, זענען געווען פאַרנומען מיט טראָגן הילף די היימלאָזע ברידער. עס דאַרף באַ־שריבן ווערן אָט די אָפּפערווילקייט, אָנשטרענגונג און מי פון טאָרנער יידן ביי דער אַקציע, כדי אויך צו באַערן דעם אָנדענק פון די, וועלכע האָבן אין יענער צייט אַרויסגעוויזן אַזויפיל האַרציקייט און אָנשטרענגונג — מאַטעריעלע ווי פיזישע, — פאר די וואָס האָבן אין משך פון מינוטן פארלוירן דעם דאַך איבערן קאָפּ. דערציילן וועגן דער דאָזיקער טעטיקייט דאַרף מען אויך, ווייל זי איז געווען אָן אייגנבוצן. צו יענער צייט האָבן יידישע געזעלשאפטלעכע טוער אין פוילן נישט גענומען קיין לוין פאר זייער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט.

דער ערשטער טראנספארט פליטים איז אָנגעקומען קיין טאָרנע דעם 20־טן אקטאָבער 1938 יאר, ביינאכט. דער ארטיקער קאמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע איז גלייך צוגעטרעטן אָרגאניזירן הילף. די פליטים זענען גלייך איינגעאָרדנט געוואָרן אינעם לאָקאַל פון ציוניסטישן קלוב אין טאָרנע, אויף מיצקעוויטשא־גאס 4, און אין די שולן. אזוי ווי יעדער צוג וואָס איז אָנגעקומען פון קראָקע פלעגט אַרויסוואַרפן אויפן וואָקזאַל עטלעכע צענדליק פליטים (אַ סך פון זיי פלעגן גלייך זיך צעפאָרן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין

מזרח־ און מערב־גאַליציע), איז נאָך דיזעלבע נאַכט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ באַשפּייזונגס־פּונקט אויף דער סטאַציע, וועלכער איז אָן איבעררייס געווען טעטיק באַטאָג און ביינאַכט, באַזאָרגענדיק די פּליטים מיט וואַרעם עסן אויפן אָרט און פאַרן ווייטערדיקן וועג.

א צייטווייליקער הילפס־קאָמיטעט איז דורך די ציוניסטן אָרגאַניזירט געוואָרן אין שטאָט. דער קאָמיטעט האָט אַמטירט אין לאָקאַל פון דער קהילה, וואו־אַהין די פּליטים זענען אָפּגעפירט געוואָרן גלייך פון דער סטאַציע. אין קהילה האָבן זיי באַקומען אָנווייזונגען וועגן א דאַך איבערן קאָפּ, דאָרט איז זיי ארויסגעגעבן געוואָרן עסן, געלט און די נויטיקע מעדיצינישע הילף. עס איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַן ארבעטס־פאַרמיטלונג ביוראָ און א פּרויען־סעקציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צונויפזאַמלען מלבושים.

די יידישע באַפעלקערונג אין טאָרנע האָט מיטגעלעבט מיט דער טראַגעדיע פון זייערע פאַרשטויסענע ברידער. וועגן די סאָלידאַריטעט־געפילן פון טאָרנער יידן מיט די פּליטים דערציילט דער אַרטיקל פון ד״ר א. כאַמעט, אָפּגעדרוקט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (4־טן דעצעמבער 1938, נומ׳ 44) א. נ „אונדזער טראַגעדיע״.

„וויאַזוי זיי באַצייכענען? אויסגעזידלטע? פאַרטריבענע? פּליטים? וויאַזוי באַשרייבן זייער טראַגעדיע? היימלאָזיקייט? נע־ונד? זיי רעדן נישט, זיי באַקלאָגן זיך נישט, זיי זענען ווי וואַגאַבונדן. אַרויסגעריסן פון הייזער, שטובן, פון די בעטן, פון די ארבעטס־ווארשטאַטן, אין איין העמד, אָן א פּרוטה. מוטערס זענען אָפּגעטיילט געוואָרן פון זייערע קינדער, פרויען — פון מענער. זיי רעדן נישט, זיי באַקלאָגן זיך נישט, נאָר זיי וויינען. זיי וויינען, ווען דו האָסט אויף זיי רחמנות. זקנים באַגיסן זיך מיט טרערן, ווען דו דערלאַנגסט זיי אַ ביסל וואַרעם געקעכטס. זיי שווייגן, ווען דו דערלאַנגסט זיי הילף. קוקסט זיך איין אין די בלייכע איבערגעשראָקענע פּנימער פון די ייִנגלעך און מיידלעך, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט באַפרייט פון שרעק און פחד. קוקסט אויפן האָפענונגסלאָזן אויסדרוק פון די מענטשן און וויינסט מיט מיט זיי. דו וויינסט אויף זייער און אונדזער אומגליק, וויינסט אויף דער טראַגעדיע און פּיין פון א היימלאָזן פאָלק. ווייל אונדזער טראַגעדיע איז היימלאָזיקייט. ערשט אין אָנבליק פון אָט די טרערן און נויט איז עס קלאָר און באַשיינפּערלעך. ווען מיט 50 יאָר צוריק האָבן די ערשטע חלוצים זיך צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל, כדי א סוף מאַכן צום נע־ונד און אָנהויבן בויען אַן אייגענע היים אין אייגענעם פאַטערלאַנד, ווען זיי האָבן זיך דאָרט אָנגעטראָפן אויף זומפּן און וויסטעניש, זאַמד־בערגלעך און טריקעניש, ווען טראָץ די מאַלאַריע און הונגער האָבן זיי דעראָבערט די פאַטערלענדישע ערד, האָט דאָס פאָלק נאָך נישט געגלויבט, נאָך נישט געווען דורכגעדרונגען מיטן באַוואוסטזיין פון דעם אמת, אַז אונדזער גרעסטע טראַגעדיע איז היימלאָזיקייט. און היינט, ווען מיר טראָגן הילף אונדזערע אומגליקלעכע ברידער, ווען פאַר אונדזערע אויגן שוועבט ווידער אַדורך דאָס קאַשמאַרפולע בילד פון גלות, ווען די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט באַטייליקט זיך אין דער רעטונגס־אַקציע, היילנדיק דעם ווייטיק און די ליידן, ווען אונדז כאַפּט אַרום האָפענונגלאָזיקייט און פאַרצווייפלונג, קוקן מיר מיט גלויבן אויפן קעמפדיקן העלדישן ישוב, וואָס

מיט בלוט קעמפט ער אויס יעדן שפאַן אייגענע ערד, בויענדיק דאָס היימלאנד פאר אונדז און פאר די, וועלכע פארגיסן היינט טרערן איבער זייער גורל. דאָס אומגליק האָט פאראייניקט אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. אין די דאָזיקע שווערע טעג האָבן מיר פאַרגעסן אָן דעם וואָס אונדז טיילט אָפּ. הלוואי זאָל די טראַגעדיע וואָס מיר לעבן איצט דורך, זיין פאַר אונדז די לעצטע וואָרנונג, אַז מיט געמיינזאמע כוחות דאַרפן מיר קעמפן פאר א בעסערן מאָרגן פארן גאנצן פאָלק — אזוי אין גלות ווי אין ארץ־ישראל״.

דאָס פראבלעם פון יידישע פליטים איז נישט געווען קיין לייכטער ענין. דאָס פארנעמען זיך מיט אן ערך טויזנט מענטשן, צושטעלן זיי א וואוינונג, שפייז, ארבעט און געלט אויף די נויטיקסטע אויסגאבן, האָט געפאָדערט באדייטנדיקע פאנדן און אַ מענטשן־אַפּאַראַט וואָס זאָל וועלן אָן אייגננוצן אַרבעטן אַ לענגערע צייט.

דער דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין טאָרנע, ד״ר כאָמעט, האָט אויף דעם 5־טן נאָוועמבער 1938 יאָר צונויפגערופן אַ בירגער־פאַרזאַמלונג פון פארשטייער פון אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג, וואו ער האָט קודם־כל באריכטעט פון דער ביזאיצטיקער טעטיקייט אויפן געביט פון דער־לאַנגען דרינגענדע הילף די פאטריבענע יידן, דורך געבן זיי פינאנסיעלע הילף, פולשטענדיקע דערנערונג, וואוינונג און מעדיצינישע הילף. אויסערדעם איז פאַר־טיילט געוואָרן מלבושים, וועש און שיך. נאָכן פארשטעלן די טראגישע לאגע פון די פליטים, האָט דער רעדנער הייס אפעלירט צו דער יידישער באפעלקערונג וועגן ווייטערדיקער פינאנסיעלער הילף און צוזאמענארבעט אין דער אקציע. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ שטענדיקער קאָמיטעט צו טראָגן הילף די יידן — פליטים פון דייטשלאנד. אין קאמיטעט זענען אריין פאלגנדע פערזאנען:

ד״ר א. כאָמעט — פאָרזיצער, זיגמונט פליישער, וואָלף געצלער, אליהו גוועוערץ — וויצע־פאָרזיצער, אלס פרעזידיום־מיטגלידער — ישראל קאָהן, אהרון ראזענ־צווייג, מאוריצי הוטעטער, הענריק פלור, יחזקאל ניימאן, דוד באטיסט, משה פייער־אייזן, פרוי ד״ר עהרענפרוינד, אננא פלור, ד״ר וואָלף מאנדעל, ריכטער פון קרייז־געריכט ד״ר מערץ, הענריק האָלענדער, ד״ר מ. מענדערער, מגר. שפילמאַן, ד״ר זיידענווערג איגנאץ, ווילהעלם ליכטבלאו, לעאן בירענבאום. אינעם סעקרעטאַ־ריאַט זענען דערוויילט געוואָרן: טאָשקאַ לאופער, פרל. צוגעלטוך דאָראַ, ווילד־שטיין מרים, מאנגעל וואָלף, זאוערשטרום עדווארד, שטראם ראזא (באאמטע פון דער קהילה וועלכע האָבן זיך פרייוויליק געמעלדעט צו דער אַרבעט, אָן באַלוינונג. זיי פלעגן בלייבן אין ביוראָ ביז די שפעטע אָוונט־שעהן, כדי צו דערלעדיקן די לויפנדיקע ענינים פון די פליטים). אויסערדעם זענען אין סעקרעטאריאט נאָך אריין: דארא גאָלדשטיין (די טאָכטער פון אהרון ראזענצווייג) און מגר. פרימעס.
אין דער פינאנס־סעקציע: זיגמונט פליישער — פאָרזיצער, הערמאן פלור, דיר׳ אָסקאַר קאָפלער, אברהם יאָרטנער, הענריק האָלענדער, מגר. שפילמאַן, קעץ יוסף, שטראוס ראובן, פאביאן יעקב, רעננערט נחמן, אינזש׳ שאנצער קאראל, שוואנענ־פעלד מאוריצי, דיר׳ שענוועטער איזאַק, ד״ר זילבערגער זיגמונט, גוועוערץ אליהו, געצלער וואָלף, ראָסקעס יצחק, האָניג ישראל, קורץ יחיאל, האָלענדער הערש־

לייב, ליכטבלאו ווילהעלם, פעססעל חנא, גלאצנער ישראל, לייב בערנארד און די ראבינאט־מיטגלידער.

אין דער יורידישער סעקציע: ד״ר אפנער — פאַרזיצער, ד״ר עהרענפרוינד, ד״ר באַזלער אַנזעלם, ד״ר שענקעל וואָלף, ד״ר גאָלדבערג שלמה, ד״ר שפייזער בצלאל, ד״ר זיידענווערג איגנאַץ, ד״ר מאשלער לעאָן, מגר. לענקאָוויטש דוד, מגר. פרל. סימכע, מגר. וועקסלער, ד״ר ס. ריין, ד״ר קליין עדוואַרד, מאַקס דינטענפאס און מאוריצי הוטטער.

אין דער וואוינונגס־סעקציע: הענריק פלור — פאַרזיצער, ניימאן יחזקאל, מאַרגוליס יוליוש, ערליך חיים, קעללער שמואל, פאטאשמאכער מענדל, קליינ־הענדלער דוד.

אין דער סעקציע פאר פרויען־קליידונג: פרוי דיר׳ קאַפלער — פאַרזיצערין, די פרויען: — עהרענפרוינד, גאָלדבערג, פליישער, געלב, אפנער, געצלער, פו־נארסקא, ווייס, האלצער, אַבערלענדער, ראסקעס, צינס, טשעכאַנאָווסקאַ, מערץ, מושקאַטבלים, פעניכעל, שוואַנענפעלד, קעץ און זאַטלער.

אין דער סעקציע פאר מענער־מלבושים: שמעון זיידען — פאַרזיצער, חיים קעללער, עמיל גאנס, טעאדאר ראט, היינבערג דוד, טעאדאר שמשון, יוסף ווייג־שטאַק, חיים שלום קארן, ס. בלאנד, אליעזר זעלינגער, פנחס טעמפלער.

אין דער אפראוויזאציע־סעקציע: סאלא געלב, אהרון ראָזענצווייג — פאַר־זיצער, פרוי אסתר כאַמעט, פרוי דיר׳ עפשטיין־פריס, אינזש׳ מערץ, פרל. שטארק־מאַן, פרוי ליאַן, פרוי מענדערער, פרוי פעססעל, פרוי געווערץ, פלוגאַייזען, פרוי קלוגער.

סעקציע פאר ארבעטס־פארמיטלונג: ליבער גאָטלאָב, — פארזיצער, חיים פרידמאַן, לעאָן קוואדראטשטיין, יצחק־דוד אונגער, פעניכעל זיגמונט, משה שפיל־מאַן, דיר׳ איגנאַץ ליבליך.

סעקציע פאר באשיצן קראנקע: ד״ר מאנדעל וואָלף, — פאַרזיצער, דיר׳ עאו־געניוש שיפער, ד״ר עמיל דינטענפאס, אַפטייקער טאוועבלעס, ד״ר חיים האַבער, ד״ר קלאַוזנער־מיללער, ד״ר שמעון בלאך, ד״ר רובין, ד״ר שענפעלד, ד״ר פעני־כעל, ד״ר חיים ווייס.

סעקציע פאַר לעדער־אויסאַרבעטונגען: ישראל בלאַזער — פאַרזיצער מענדל פאטאשמאַכער, לעאָן פריס, לאופער מאַרקוס, פערבער מעכל, פייבוש קאַץ, ראָזענ־טאל לייב, האַלפערן ישראל.

סעקציע פאר דיזשורן אויף דער סטאַציע: הערמאַן קלוגער און ארטור בריג, מיט דער הילף פון שטענדיקע יוגנט־דיזשורן, וועמענס פאַרזיצער איז געווען נחום בלומענקראַנץ, און געהערט צו איר האָבן אלע לייטער פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאניזאציעס.

אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע: דיר׳ לעאָפאָלד שינאגעל, יצחק שענוועטער, בראָניסלאַוו נעבענצאַל, אָסקאַר קאַפלער, בערנאַרד טשעך. אַ דאַנק דעם אַזוי אויסגעבערייטערטן קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין מענטשן וואָס האָבן זיך ביז איצט אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילפס־אַקציע, איז אַנטלאַסטעט געוואָרן די קהילה, וועלכע האָט ביז דעמאָלט איינציק און אליין געטראָגן די גאַנצע

לאסט פון העלפן די פליטים. דער דאָזיקער קאמיטעט האָט פולשטענדיק דערפילט זיין אויפגאבע.

מיר האָבן אויסגערעכנט די נעמען פון אלע קאמיטעט־מיטגלידער, כדי אזוי אַרום צו באַערן דעם אָנדענק פון די טרייע ערלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן אָן אייגננוצן נישט געקאַרגט קיין מי און געלט צו טראָגן הילף זייערע ברידער.

דאָס דערנערן די פליטים איז פאָרגעקומען אין צוויי פונקטן: מיטאגן און אָונטברויט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער קיך וואָס איז אַיינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער קהילה אין דער ווירטשאפטלעכער שול פון פרוי ד״ר עפשטיין־פּריס, דערביי האָט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן — הנוער הציוני — אַוועקגעגעבן צו דער דיספּאָזיציע פון די פליטים איר לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער קיך. פרישטיקן האָבן די פליטים באַקומען אינעם לאָקאַל פון האנטווערקער־פאריין „יד חרוצים” אויף דער נאָווע גאס, גלייכצייטיק האָט דער לאָקאַל געדינט פאַר אַ לייענזאַל און קלוב, וואו די פליטים האָבן פאַרבראַכט די פרייע צייט, האָבנדיק פאַר זיך אַ ספּעציעל איינגעאָרדנטן לייענזאַל און טייהאַלע. די וואוינונגס־פראַגע איז געלייזט געוואָרן אויף אַזאַ אופן: שלמה וורצעל האָט צו דער דיספּאזיציע פון קאמיטעט אוועקגעגעבן א לאָקאל פון זיין גרויסער קאָנפעקציע פאַבריק אויף נאַרוטאָוויטש גאַס, וואָס איז אָן אָפּצאָל אויסרעמאָנטירט געוואָרן דורך יידישע האַנטווערקער, און אַ דאַנק דעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קאלעקטיווער וואוינונג פאר עטלעכע צענדליק פערזאן. אלע פליטים האָבן פון קאמיטעט באקומען אָנטאָן, וועש און שיך. פיל פון זיי זענען געשיקט געוואָרן אויף פּאָסטנס. שניידער זענען צוגעטיילט געוואָרן ניי־מאשינען וואָס דער „ארט” האָט צוגעשטעלט.

אין שייכות מיט דער הילפס־אַקציע פאַר די פליטים איז נאָך כדאי צו דערמאנען וועגן דער יזכור־תפילה וואָס איז אָפּגעריכט געוואָרן צום אָנדענק פון די דייטשע יידן. דער יזכור, איינגעאָרדנט דורך דער קהילה, האָט אויך באַדאַרפט ארויסברענגען דעם פּראָטעסט קעגן די היטלעריסטישע טעראָר־מעשים. „טיגאָדניק זשידאָווסקי” (נומ׳ 49, דעצעמבער 1938) באריכטעט אזוי וועגן דער אזכרה־פייערונג:

„טאָרנע האָט שוין לאנג נישט געזען אזא צאָלרייכע פארזאמלונג. טויזנטער יידן פון אַלע שיכטן פון ער באַפעלקערונג האָבן אויסגעפולט די נייע שול. די תפילה האָט אָנגעהויבן קאַנטאָר ראָזענבלאַט, מיט דער באַגלייטונג פון כאָר אונטער דער לייטונג פון דיריגענט קינסטלער, דערנאָך האָט גערעדט ד״ר א. כאָמעט פאָרזיצער פון דער קהילה־פארוואלטונג, וועלכער האָט געשילדערט די טראַגעדיע פונעם דייטשן יידנטום און דערביי אונטערגעשטראכן, אז די סיבה פון דער טראַגעדיע פונעם יידישן פאָלק איז זיין היימלאזיקייט, דאָס פעלן פון טעריטאריעל־מלוכהשע יסודות פאַר זיין קיום און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. דער ציוניזם האָט פאראויסגעזען אזא אנטוויקלונג פון די געשעענישן און געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער צו לייזן דאָס יידן־פראבלעם. די פארשטענדעניש פאר דער נויטווענדיקייט צו בויען אן אייגענע נאציאנאלע היים אין ארץ־ישראל, איז ליידער, זייער פאמעלעך אַריינגעדרונגען אין באַוואוסטזיין פון געוויסע שיכטן פון דער יידישער באַ־

פעלקערונג און פיל מעגלעכקייטן אויף דעם געביט זענען צעטרעגנצעלט געוואָרן. דער ציוניזם אָבער האָט שוין נישט ווייניק דערגרייכט. מען דאַרף אָנשטרענגען אַלע כוחות, אויף צוויילן די אנטוויקלונג פון ארץ־ישראל, כדי פארלייגן די יסודות פאר דער אנטשטייאונג פון א יידישער מדינה. צום סוף האָט ד״ר כאָמעט גערופן העלפן די פליטים. עס האָבן נאָך גערעדט דער וויצע־פּרעזעס פון דער קהילה, וואָלף געצלער, שלמה מעהר און דער פליט ראזענבערג וועלכער האָט דעם רעטונגס־קאמיטעט געדאנקט פאר דער הילף און זאָרג.

דאָס אויסזידלען די פוילישע יידן פון דייטשלאנד איז נאָר געווען איינער פון די עקסטערמינאַציע־אַקטן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין „דריטן רייך״. דאָס איז פאָרגעקומען אין א צייט, ווען די סאנאַציע־רעגירונג אין פוילן האָט גע־האט די אילוזיע, אז א שותפות מיטן היטלעריסטישן דייטשלאנד האָט רעאלע יסודות און קאָן זיין א גאראנטיע פאר פוילנס אומאָפּהענגיקייט. דער פוילישער אויסערן־מיניסטער בעק האָט נישט בלויז אונטערהאנדלט מיט דייטשלאנד, נאָר אנדערע פוילישע מיניסטאָרן זענען געפאָרן אין היטלער־דייטשלאנד לערנען זיך די מלאכה ווי אַזוי ראַדיקאַל צו לייזן די יידן־פּראַגע.

## 31

די צווייטע העלפט פון 1939 יאר איז שוין געשטאנען אונטערן צייכן פון אומזיכערקייט און מלחמה־פּסיכאָז. די היטלעריסטישע בעסטיע האָט שוין נישט באהאלטן אירע פּלענער בנוגע פוילן. דער ענין דאנציק און קארידאר האָט זיך קאמפּליצירט. אינדערלופטן האָט זיך געשפּירט פּולווער. אין פוילן האָט זיך אָנגע־הויבן די אקציע פון צובאוואפענען דאָס מיליטער און צו דעם צוועק האָט די רעגירונג אפּעלירט צו דער באפעלקערונג צו געבן געלט. אין טאָרנע, ווי אין אנדע־רע שטעט, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן בירגער־קאמיטעטן אויף אָנצופירן מיט דער אקציע. בעת אין יאר 1938 האָט די פוילישע מאַכט, אומגערן, קוים טאָלערירט די בויקאָט־אקציע קעגן דייטשלאנד וואס איז פּראָקלאמירט געוואָרן דורכן פוילישן יידנטום, האָט זי איצט, אין אָנבליק פון דער דראָענדיקער געפאר מצד היטלער־דייטשלאנד, אריינגענומען אין די שטאטישע קאמיטעטן פאר צובאוואפענען די ארמיי, אויך פארשטייער פון דער יידישער באפעלקערונג. א דאנק וועמען די אַקציע איז געפירט געוואָרן מיטן אמתדיקן פאַרנעם. אויף די גאַסן פון טאָרנע האָבן זיך באַוויזן אַנטיהיטלעריסטישע אויפרופן, אונטערגעשריבן דורכן טאָרנער סטאראסטע, דורכן שטאט־פּרעזידענט און דורכן פארזיצער פון דער יידישער קהילה. ווען אין יולי 1939 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פייערונג פון איבער־געבן דער ארמיי קריגס־מאטעריאל איינגעקויפט דורך דער טאָרנער באפעלקערונג, האָבן אינעם גאסן־צוג נישט פארפעלט אויך טאָרנער יידן, וועלכע האָבן איינגע־קויפט פאר דער ארמיי צוויי מאשינגעווערן. אין שפּיץ פון דער יידישער גרופּע אין דער מאניפעסטאציע, איז געטראגן געוואָרן א טראנספּאַרענט מיטן אויפשריפט: „טאָרנער יידן — דער פוילישער ארמיי״.

פונדעסטוועגן זענען געווען אילוזיעס. קיינער האָט נישט געגלויבט אין אַזאַ שנעלן, אויסברוך פון קריג. נאָך אין יולי 1939 יאר זענען פאָרגעקומען וואלן צום שטאָטראָט. דערביי האָט דער יידישער פאַרייניקטער בלאָק באַקומען אַ גרויסע צאָל שטימען און מאנדאטן. אָבער דער ניי־דערוויילטער שטאטראט האָט שוין נישט באוויזן זיך צונויפצוקומען. אין טאָרנע האָט די מלחמה געלאָזט זיך פילן עטלעכע טעג פאַר איר אויסברוך. די באַנדע דייטשע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן וואָס זענען געווען טעטיק אין גאנץ פוילן, האָט דעם 28־טן אויגוסט 1939 יאר אויפגעריסן די באַן־סטאציע אין טאָרנע. עס זענען געווען פיל געהרגעטע און פארוואונדעטע.

נאָך פאַרן ערשטן סעפטעמבער 1939 יאָר האָט אין טאָרנע זיך אָנגעהויבן די אַרבעט ביים גראָבן פאָסעס א. ז. קעגנלופט־באַהעלטענישן. טאָרנער יידן האָבן זיך מאַסנווייז באַטייליקט אין די דאָזיקע אַרבעטן. יידישע אָפיצירן און מאָביליזירטע זעלנער האָבן צאָלרייך זיך צוגעשטעלט אויף די זאמלפונקטן, ווייל עס איז דאָך געגאנגען אין א מלחמה אויף לעבן און טויט מיט דער היטלעריסטישער בעסטיע.

ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער טאָג פון 1־טן סעפטעמבער 1939 יאר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, וועט זיין דער אָנהויב פונעם סוף פון פוילישן יידנטום, פון די יידישע קיבוצים אין פוילן, אז עס הייבט זיך אָן דאָס טראגישע קאפיטל פון יידישן מארטירערטום און קידוש־השם — ביז דער שוידערלעכער פארניכטונג. דער טראגישער גורל האָט נישט אויסגעמיטן דאָס טאָרנער יידנטום, וואָס האָט די לעצטע יאָרן אַדורכגעמאַכט אַזאַ ראַשיקע אנטוויקלונג.

לויטן „מאלי ראטשניק סטאטיסטיטשני" (קליינער סטאַטיסטישער יארגאנג) פון יאר 1939, האָט אין יאר 1921 טאָרנע געציילט 35,300 איינוואוינער, דערונטער 15,608 יידן, ד.ה. 45%. נישט געקוקט אויפן אנטיסעמיטיזם און „אושעם"־פּאליטיק, איז די אַנטוויקלונג־ליניע פון טאָרנער יידנטום געגאַנגען אינדערהייך. אין משך פון 20 יאָר איז געוואַקסן די צאָל יידן אין טאָרנע, און אין יאָר 1939 איז זי דערגאנגען ביז 25,000, אויף אן אלגעמיינער צאָל באפעלקערונג פון 44,900, ד.ה. אז יידן האָבן געבילדעט 55% פון דער טאָרנער באפעלקערונג אין אלגעמיין.

דורך יסורים און פיין איז דאָס טאָרנער יידנטום אומגעקומען אין די מאסן־גריבער אויפן יידישן בית־עולם, אויפן זביליטאָוער באַרג, אין די וועלדער הינטער טאָרנע, אין די גאזאוויונס אין אוישוויץ, בעלזשעץ און אין אנדערע טויט־פאבריקן.

עס איז פארענדיקט געוואָרן דאָס קאפיטל אויפשטייג פון יידן אין טאָרנע און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קאפיטל אומקום פון איינער פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פוילן, די מארטיראלאגיע פונעם טאָרנער יידנטום ברענגען מיר באַזונדער אין דעם בוך.

## 32

נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, האָבן פון די לעכער און באַהעלטענישן צוריקגעקערט קיין טאַרנע געציילטע יידן וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס היטלעריסטישע גהינום. די מיינסטע צאָל יידן האָט זיך צוריקגעקערט פון ראטנפארבאנד מיט דער רעפּאַטריאַציע. זיי האָבן אָבער געטראָפן חורבות. אַלע הייזער אין שטח פון געטאָ וואָס איז געשאַפן געוואָרן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, זענען צעשטערט געוואָרן, נישט אַזוי דורך די דייטשן, ווי דורך די אָרטיקע איינוואוינער, וועלכע האָבן געזוכט „באַהאַלטענע אוצרות" פון די יידן. יידישע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען אין צענטער שטאָט לענגאויס די גאַסן וואַלאָווא, קראַקאָווסקאַ, יידישע גאַס און מאַרק, ווי אויך אין די זייטיקע גאַסן — סעמינאַרסקאַ, אָגראָדאָוואַ און אז. וו., זענען געוועזן פאַרנומען דורך פּאָליאַקן, אַהערגעברענגטע פון מזרח־גאַליציע. פון אַלע קראָמען אויפן מאַרק, פון אַלע געשעפטן וואָס האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו יידן, זענען איצט פּאָליאַקן געוועזן די אייגנטימער. די פּאָליאַקן האָבן זיך איצט געריסן צום האַנדל, אַנטוויקלט אַפילו אַ „שוואַרצע בערזע", וואו זיי האָבן פאַרקויפט „האַרטע", „ווייכע" און גאָלד. אויפן שענקעוויטש־פּלאַץ איז אַנטשטאַנען א באַזאַר, וואו עס איז געווען אויסגעשטעלט צום פאַרקויף דאָס צוגערויבטע יידישע פאַרמעגן, ווי בעטגעוואַנט, מעבל, אָנטאָן, לייכטער און אַנדערע שטוב־זאַכן. די נייע קרעמער, וואָס פלעגן פאַר דער מלחמה חוזקן פון יידישע באַשעפטיקונגען, האָבן זיי איצט אויסגעפירט מיט אוסערגעוויינלעכן פלייס און קענטעניש, אַרויסווייזנדיק אַן אומגעוויינלעכן קרעמערישן טאַלאַנט. די פוילישע באַפעלקערונג האָט



די פּאַלקסקיך ביים יידישן קאָמיטעט אין טאַרנע אינעם יאָר 1946

מיט אַ געוויסן אומחשק אויפגענומען די צוריקקומענדיקע יידן צו זייערע טאַרנער היימען. מיטן אויסנאַם פון די פּאָליאַקן וואָס האָבן געהערט צו פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און פּ.פּ.ר. (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי), ווי אויך די ביים לעבן־געבליבענע פּוילישע אינטעליגענץ, וועמען דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט האָט אויך נישט געשוינט און פיל פון זיי אומגעבראַכט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט דער פּוילישער המון אָפן אַרויסגעוויזן זיין פאַרוואונדערונג, אַז עס זענען נאָך לעבן געבליבן אַביסל טאַרנער יידן. דער דעמאָלטיקער שטאָט־פּרעזידענט שיט (ביז דער מלחמה — סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ס. אין טאַרנע), האָט זיך באַמיט העלפן די רעפּאַטריאַנטן ביים איינאָרדענען זיך, צוטיילנדיק זיי וואוינונגען, דער עיקר אויף די גאַסן גאָלדהאַמער און וואַלאָווא. עטלעכע טאַרנער יידן — בלייוויס, שפּאָרן, חיים־אליעזר שעדליסקער, פּנחס גלאַצנער, ד״ר קאָהן, פּרל. טערקעל, פּרל. מגר. סימכע, האָבן געשאַפן אַ יידישן קאָמיטעט, וועמענס ביוראָ האָט זיך געפונען אין הויז פון אבערדאַם, אויף דער גאָלדהאַמער־גאַס. גלייכצייטיק איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע קאָנגרעגאַציע, וועלכע האָט איבערגענומען אַ טייל פונקציעס פון דער אַמאָליקער יידישער קהילה. אין שפּיץ פון דער קאָנגרעגאַציע זענען אין אָנהויב געשטאַנען אברהם שפּילמאַן, דערנאָך חיים אליעזר



די חורבות פון יידישע גאַסן אין טאַרנע אינעם יאָר 1946

× די חורבות פון יידישע הייזער אויף דער פּאַלוואַרטשנע־גאַס (וואָס האָט געפירט צו דער נייער שול).

×× די מקוה נישט באַשעדיקט.

××× דער שניי־באַדעקטער פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען די נייע שול.

×××× דער פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער בנין פון דער יידישער קהלה.

××××× דער פּלאַץ, אויף וועלכן עס ׳ז געשטאַנען דבורה מענקעס שול.

שעדליסקער, ביי דער מיטהילף פון פנחס גלאַצנער און נאָך עטלעכע רעליגיעזע טאַרנער יידן. אין געוו. האָטעל פון סאַלדינגער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שול, עס איז אפילו אַנגאַזשירט געוואָרן אַ רב און אַ מוהל. דער יידישער קאָמיטעט האָט געפירט אַ ברייטע טעטיקייט אַ דאַנק די פאָנדן וואָס ער האָט באַקומען פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, פון די „דזשוינט"־פאָנדן. אין אַבערדאַמס הויז איז פאַר די לעבענגעבליבענע יידישע קינדער, געעפנט געוואָרן אַ יתומים־הויז (אָכראַנקע) אָנגעפירט דורך פרל. בירקען, וועלכע האָט זיך גופא אָפּגעראַטעוועט פונעם היטלעריסטישן גהינום. עס איז אויך געווען טעטיק אַן אַמבולאַטאָריום אָנגעפירט דורך ד"ר עמיל דינטענפאַס (איצט אין ישראל). ביים יידישן קאָמיטעט איז אויך געווען טעטיק אַ פאָלקס־קיך, וואו די מיינסטע אָפּגעראַטעוועטע יידן האָבן געגעסן.

אָבער קוים האָט אָנגעהויבן דערוואַכן דאָס נייע יידישע לעבן, האָבן פוילישע באַנדעס אָנגעהויבן צו הוליען. אונטער דער מאַסקע פון קאַמף מיטן נייעם רעזשים אין פוילן, האָבן זיי גערויבט און געמאָרדעט יידן. די ערשטע קרבנות פון אַזאַ מאָרד אין טאַרנע זענען געווען די שוועסטער און ברידער ראַט, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון שטאָט ביי דער ערשטער היטלעריסטישער אויסזידלונגס־אַקציע, אויסבאַהאַלטן זיך אין די נאָענטע וועלדער, און מיטן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי, אומגעקערט זיך קיין טאַרנע.

מ. צאַנין, וועלכער האָט אין יאָר 1947 באַזוכט פוילן, האָט אין זיין בוך „איבער שטיין און שטאָק" (תל־אביב, 1952), אַזוי געשילדערט זיינע איינדרוקן פונעם נאָכמלחמהדיקן טאַרנע:



די חורבות פונעם געטאָ אין טאַרנע בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.
(די קאַשאַראַוואַ גאַס מיטן קאַסערנבנין, וואס איז נישט באַשעדיקט)



די חורבות — געזען פונעם פלאץ וואָלנאָשטשי
(אזוי גערופענער חזיר־פלאץ)



די חורבות — געזען פונעם פלאץ פאָד דעמבעם.

„פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן שיקן בריוו צו די צוריקגעקומענע יידן זיי זאָלן באַצאָלן גרויסע סומעס געלט פאַר דערלויבן זיי צו וואוינען אין שטאָט. שפּעטער האט דער געשאפענער יידישער קאָמיטעט באַקומען אַ בריוו, אַז אויב די יידן וועלן נישט אוועקלייגן הונדערט טויזנט זלאָטעס אונטער אַן אָנגעצייכנטן שטיין אין שטאַטישן וואלד — וועט מען אלע טארנער יידן אויסמאָרדן.

און געווען זענען שוין דעמאָלט דריי טויזנט יידן פון טארנע גופא און פון די ארומיקע שטעטלעך.

דער יידישער קאָמיטעט האָט דעם דראָאונגס־בריוו איבערגעגעבן דער אָרטי־קער מיליץ. אין דער באַשטימטער צייט איז דער וואַלד באַוואַכט געוואָרן. יידן האָבן אונטער אַ שטיין ארונטערגעלייגט אַ פּעקל פּאפּיר. אין דער שעה, וואָס איז געווען אָנגעוויזן אין בריוו, איז געקומען אַ פוילישע פרוי און אַפּירגענומען פון אונטערן שטיין דאס פּעקל, גלויבנדיק, אַז די יידן האָבן אַוועקגעלייגט די געפאָדערטע הונדערטע טויזנט זלאָטעס. די פרוי איז ארעסטירט געוואָרן, אָבער שפּעטער איז זי באפרייט געוואָרן אפילו אָן אַ פּראָצעס.

דער פירער פון דער מיליץ איז אין יענער צייט געווען אַ באקאנטער אנטי־סעמיטישער אויסוואורף, וואס די רעשטלעך יידן זענען אים איבעריק געווען אין די אויגן“.



מצבות, וועלכע די דייטשע רוצחים האבן פארשלעפט פונעם בית הקברות אויף די גאסן אין טאַרנע און דער יידישער קאמיטעט האָט זיי נאָך דער מלחמה צוריקגעזאמלט אויפן בית עולם.



די ערשטע מיטגלידער פונעם יידישן קאמיטעט נאך דער באפרייאונג פון טארנע אויף דעם בית הקברות (אויף דעם בילד: רעכטס — אשר בלייוויס איצט אין טאַרנע; לינקס — פאַסטערנאַק (איצט אין ניו־יארק)

נאָך די סיים־וואַלן אין פוילן האָבן פּאָליאַקן אפּגעשטעלט יידן אין גאַס און געפרעגט, צי זיי האָבן געשטימט פאַר דער רעגירונג. וועלכער ייד עס האָט גע־ענטפערט — יאָ, איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן.

יידן האָבן ווידער געלעבט אין שרעק און אין בהלה. איינציקווייז האָט מען אָנגעהויבן אַנטלויפן פון טאָרנע. אָבער ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קעלצער פּאָגראָם, האָט דאָס אַנטלויפן אָנגענומען אַ פּאַניק־כאַראַקטער.

דער כוס פּין די ליידן פון טאָרנער יידן איז אָבער נאָך נישט איבערפילט געוואָרן. צוויי חדשים נאָכן קעלצער פּאָגראָם האָבן פּאָליאַקן אויסגעקלעבט אין שטאָט פּלאַ־קאַטן, מען זאָל נקמה נעמען אין די יידן, ווייל זיי האָבן דערמאָרדעט אַ קריסטלעך קינד. איבער די גאַסן איז אַרומגעלאָפן אַ מטורפע פרוי און געשריגן, אַז יידן האָבן פאַרכאַפּט איר קינד און עס געשאָכטן אויף מצות. צווישן די יידן איז אויס־געבראָכן אַ בהלה. מען האָט זיך באַהאַלטן אויף בוידעמער און אין קעלערס. מען האָט אָנגעהויבן פּאַקן פּעקלעך אויף צו אַנטלויפן. אָבער דערווייל האָט די מיליץ געפונען דאָס פאַרפאַלן־געוואָרענע קינד. עס האָט זיך געשפּילט אין זאמד ערגעץ־וווּ אויף די חורבות פון געטאָ. די מיליץ האָט די מוטער פון דעם קינד אַרעסטירט. שפּעטער זענען פּאָליאַקן געקומען צו יידן און געפּאָדערט זיי זאָלן פאַרגעבן די זינד פון דער „אומגליקלעכער מוטער". און די יידן זענען געלאָפן צו דער מיליץ און געפּועלט מען זאָל די פרוי באַפרייען פון תפיסה..

נאָך די אַלע איבערלעבונגען אין דעם „באַפרייטן" טאָרנע איז פון די דריי טויזנט צוריקגעקומענע יידן געבליבן אין טאָרנע נישט מער ווי דריי הונדערט און פופציק „עקשנים".

אָבער אויך דאָס הייפל יידן איז געזעסן „אויף די טשעמאָדאַנעס". אין גאַנץ טאָרנע האָט זיך געפונען בלויז איין דרייסטער ייד, אַ פּעאיקער הורט־סוחר פון דער קאָלאָניאַל־בראַנזשע נאָך פון פאַר דער מלחמה, ח. מ. שעדליסקער, וועלכער



דער בית הקברות אין טאָרנע נאָך דער מלחמה אינעם יאָר 1946.
(אויף דעם בילד זעט מען צוויי ביימלעך, וועלכע שטייען אויף די צוויי מאַסן־קברים).

האָט צוערשט אין זיין פּריוואַט־וואוינונג, און דערנאָך אין געשעפט אויף לוואָווסקע־גאַס, געפירט אַ האַנדל פון קאָלאָניאַל־סחורות. ער האָט אָבער גלייך ליקווידירט זיין געשעפט און אריבערגעפארן קיין ישראל, וואו ער געפינט זיך איצט. דער באוואוסטער און געאַכטער יידישער אינדוסטריעלער אברהם שפילמאַן האָט געעפענט אַ באַשיידן פאַבריקל פון ליכט, און איינער פון די גרעסטע טאַרנער קאָנפעקציאָנערן, ה׳ קעץ, האָט איינגעאָרדנט אַ וואַרשטאַט פאַר וועש־נייעריי. אָבער גאָר אינגיכן האָט ער זיך איבערגעקליבן קיין וראָצלאַוו, דערנאָך קיין



אומגעוואָרפענע מצבות אופן בית הקברות אין טאַרנע.




יזכור־טאָוולען לכבוד די דערמאָרדעטע טאַרנער קדושים, איינגעמויערט אין דער מויער פונעם בית הקברות דורך זייערע ביים לעבן פארבליבענע קרובים.

פּאַריז, וואו ער האָט געפירט אַ גרעסערע קאָנפעקציע־פאַבריק און וואו ער איז געשטאָרבן אינעם יאָר 1953.

א דאנק די פאנדן פון יידישן צענטראל־קאמיטעט האט א גרופע טארנער יידישע שניידער אויפגעשטעלט א שניידער־קאאפעראטיוו, וואו עטלעכע יידישע ארבעטער און ארבעטערינס האבן געהאט באשעפטיקונג. דריי יידישע אדוואקאטן, צוויי דאָקטוירים, א רב, א שוחט, — אָט איז אַ בילד פונעם יידישן לעבן אין נאָכ־מלחמהדיקן טאָרנע. דערנאָך האָבן פון דער גרופע פאַרלאָזט טאָרנע צוויי אַדוואָ־קאטן, א דאקטאר און דער רב.





דער טרויער־צוג פון דער שארית הפליטה פונעם טאָרנער יידנטום דורך די גאסן פונעם געוועזענעם טאָרנער געטאָ — צו דער ערשטער אזכרה אויפן בית הקברות דעם 11־טן יוני 1946 און צו דער אנטהילונג פונעם מאנומענט אויפן מאסן־קבר פון 25000 דערמאָרדעטע יידן.

דער טרויער־צוג צו דער ערשטער אזכרה.







אינעם ערשטן פעריאָד נאָכן באַפרייען טאָרנע זענען די יידן אַנטלאָפן קודם כל אין די מערב־געביטן. ווראָצלאַוו, וואַלבזשיך, דזשערזשאָניוו האָבן געהאַט גרעסערע טארנער קאלאניעס, וועלכע האבן אין דער גרעסטער טייל געגרייט זיך צו פארלאזן פוילן דורך עמיגראציע. א הייפל יידן וואס איז פארבליבן אין טארנע, האט זיך באמיט האלטן לויט די פארמלחמהדיקע טראדיציעס, צוריק געשאַפן כמעט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס יעדע פון זיי האָט געציילט אַ קליינע צאָל מיטגלידער. פונדעסטוועגן האָט יעדע פּאַרטיי געהאַט איר לאָקאַל, אַ לייענזאַל, אַ ביבליאָטעק און עס פלעגן זייער אָפט איינגעאָרדנט ווערן רעפע־ראטן. געווען אין טארנע די אלגעמיינע ציוניסטן (איחוד), לינקע און רעכטע פועלי־ציון, השומר הצעיר, בונד, יידישע קאמוניסטן, אָרטאָדאָקסן. דער בונד





אויפן בית הקברות אין טאַרנע, בשעת דער ערשטער אזכרה אינעם יאר 1946 לכבוד די טאָרנער קדושים.

האט אויפגעשטעלט א ספארט־קלוב און א כאר, לינקע פועלי־ציון האבן געשאפן אַ דראַמאַטישן קרייז. געווען צוויי שולן, אויסגעהאַלטן דורך דער רעליגיעזער קאנגרעגאציע.





אויפן בית הקברות בשעת דער ערשטער אזכרה.

אויפן בית הקברות בשעת דער ערשטער אזכרה און אנטהילונג פונעם מאָנומענט.







אויפן בית הקברות בשעת דער ערשטער אזכרה.







ביסלעכווייז האבן אויך די גרופן אנגעהויבן איינצושרומפן, ווייל די מייסטע האבן עולה געווען קיין ישראל. די אויבנדערמאנטע „פארטייען" האבן אויפגע־הערט צו עקזיסטירן נישט בלויז צוליב דער סאוויעטיזירונג פונעם אלגעמיינעם לעבן אין פוילן, נאר אויך דערפאר, ווייל גאנצע קאמיטעטן און די מיטגלידער פון די פארטייען האבן עמיגרירט. געבליבען זענען אין טארנע א הונדערט יידישע נפשות, דערונטער בלויז א קליינע גרופע יידן, וואס זענען באמת געווען טארנער.

אויך דאָס מאָגערע נאָכמלחמהדיקע יידישע לעבן אין טאָרנע האָט אויפגעהערט. איינמאָל אין יאר, זיכער אינעם יארטאָג פון פארניכטן דאָס טאָרנער יידנטום, וועט נאָכאמאָל א הייפל יידן וואָס וואוינט איצט אין שטאט, אוועקלאָזן זיך אויפן יידישן בית־עולם, כדי צו לייגן אַ קראַנץ ביים דענקמאָל, וואָס שטייט אויף אַ הויך קבר, וואו אין אייביקער רו שלאָפן צוואַנציק טויזנט אומגעבראַכטע טאָרנער יידן, קרבנות פון דער היטלעריסטישער רציחה.

צופוסנס פון דעם דענקמאל, וואס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון אַ זייל פון דער חרוב־געוואָרענער נייער שול, וועט געזאָגט ווערן קדיש נאָך די אומגעקומענע שוועסטער און ברידער, טאַטעס און מאַמעס, קינדער און פרויען, קרובים און פריינט.

און דאָס געשריי נאָך נקמה וועט זיך ארויסרייסן ביזן הימל, יעדער וועט זיך אדורכנעמען מיטן אויפשריפט אויפן קאָלום וואָס שטייט אויפן מאסן־קבר פון די טאָרנער קדושים:



די בונדישע דעלעגאַציע אין טאָרנע אויפן וועג צום בית הקברות דעם 4־טן יולי 1948 צו דער אזכרה לכבוד דער 6־טער יארצייט פון דער אויסזידלונג פון טאָרנער יידן.



די זייל, וואס שטייט אויפן בית הקברות אין טאַרנע, אויפן מאסן־קבר פון די טאַרנער קדושים.
(פראָיעקטירט און אויסגעפאַרטיקט פונעם שילער פון דער פוילישער קונסט־אקאדעמיע —
דוד בעקער — איצט אין ישראל).

„דאָ רוען פינפאונצוואנציק טויזנט יידן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויף א שרעקלעכן אופן דורך די דייטשע רוצחים אין דער צייט פון 11־טן יוני 1942 ביז דעם 5־טן סעפטעמבער 1943 יאר.

און דעם גאנצן גרויל, דאָס גאנצע גהינום פונעם טאַרנער יידנטום, אונדזער גרויס נאציאנאל אומגליק און דעם גייסט פון דער צייט אין וועלכער עס זענען מעגלעך געווען טויט־פאבריקן, זענען איינגענומען אין פיר ווערטער, אויסגעקריצטע אויף דער זייל:

„השמש זרחה ולא בושה" (די זון האָט געשיינט און זיך נישט געשעמט).

דאָס יידישע טאַרנע, דער פינפאונצוואנציק טויזנט קעפיקער ישוב וואָס האָט דאָרט געוואוינט אין משך פון 600 יאר, האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. דער טאַר־נער יידישער ישוב, דער ערנסטער, קולטורעלער, ווירטשאפטלעך אנטוויקלטער, דער באוואוסטזיניקער ציבור אין געזעלשאפטלעכן, פאליטישן אין נאציאנאלן זין — אין מער נישטאָ.

אין יידישן טאַרנע איז נאָר פארבליבן א בית־הקברות.



די אויפדעקונג פון דער מצבה אויפן זביליטאָווסקי באַרג אינעם יאר 1948 איבערן קבר פון דערמאָרדעטע 3.000 יידן.



די אזכרה אויפן טאַרנער בית עולם אינעם יאָר 1948, צום 6־טן יאָרצייט פון דער אויסזידלונג פון טארנער יידן.

# ביבליאָגראַפיע

ש. אַנסקי: דער חורבן גאַליציען
מ. צאַנין: איבער שטיין און שטאָק, 1952
ישראל האלפרין: פנקס ועד ארבע ארצות, ירושלים תש״ה.
Jan Leniek — Tarnów za czasów Leliwitów, 1911.
Dr. Schiper Ignacy — Żydzi w Tarnowie do konńca 18. wieku.
Dr. Schiper Ignacy — Dzieje handlu żydowskiego na ziemiach polskich.
Dr. Schiper Ignacy — Żydzi w Odrodzonej Polsce.
Dr. Zdzisław Simche — Tarnów i jego okolica.
Dr. Jakób Schall — Historia Żydów w Polsce, na Litwie i na Rusi.
Dr. Majer Bałaban — Historia Żydowska.
Dr. Majer Bałaban — Dzieje Żydów w Krakowie i na Kazimierzu 1304—1868.
Franciszek Szewczyk — Tarnów podczas inwazji rosyjskiej.
S. M. Dubnow — Die neueste Geschichte des juedischen Volkes.
Friedman Filip — Die galizischen Juden im Kampfe um Ihre Gleichberechtigung 1848—-1868.
Tygodnik Żydowski — organ organizacji syjonistycznej w Tarnowie 1928—1939.
Nowy Dziennik, Kraków — rocznik 1919.
Pięćdziesiat lat syjonizmu — Jubileuszowa księga pamiątkowa organizacji syjonistycznej w Tarnowie, 1934.
Almanach i leksykon Żydostwa polskiego. Lwów 1938.
Juedisches Lexikon. Juedischer Verlag Berlin.
The Jewish Encyklopedia, London.

**אברהם כהנא** — אבר״ך — תל־אביב

לזכר אמי הנאמנה והיקרה **חיה בת דוד יצחק הכהן**, ואחי הנאמן והיקר **זאב וולף** ואשתו **רבקה**, ובנם יחידם **ישראל חיים**, שנשמדו בתוך שאר קדושי ישראל בטרנוב. האנהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו — ה׳ ינקום דמם — ותהא נפשם צרורה בצרור החיים — ויהי זכרם לברכה.

## טארנע — א צענטער פון תורה, חסידות, ציוניזם און קולטור

### 1

טאַרנע איז פון אַלטע צייטן אַ באַרימטע שטאָט. צו איר געשיכטע, וועלכע דאַרף נאָך גרינטלעך באַאַרבעט ווערן, וויל איך צולייגן אַ ציגל מיט מיינע פאַרשידענע פּרטים און זכרונות.

אין דער גאַנצער סביבה פון טאַרנע איז געווען זעבאַר דער רעסטאַוורירטער בית הכנסת מיטן קופּאַל, וואָס איז געווען, אין אַרכיטעקטאָנישן זין, כמעט אַ קאָפּיע פון בודאַפּעסטער טאַבאַק־טעמפּל. אין שייכות מיטן בוי פון דער שול איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל. אַ טייל חרדים האָבן זיך זיינערצייט אַדורכ־געשריבן מיט קאָנסערוואַטיווע וועלט־גדולים וועגן דעם כשרות פון דער שול. מאַנכע האָבן געאסרט, מאַנכע האָבן געכשרט. דאָך איז די שול אויפגעבויט געוואָרן, און איז געווען אַ מערקווירדיקייט און שטאָלץ פון דער שטאָט. דאָ דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די שול פון דבורה מענקעס, וואָס איז געשטאַנען אַקעגן דער פריער דער־מאָנטער שול, און די מערצישע שול, וואָס איז געשטיצט און געגרינדעט געוואָרן פון אַמאָלטיקן ראש הקהל פון טאַרנע — הערמאַן מערץ (דער פאָטער פון אויבער־לאַנדסגעריכטס־ראָט ד״ר שלמה מערץ).

די שטאָט טאַרנע איז געווען אַ גור אַ וויכטיקער צענטער פאַר תורה. אַ סך יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה פלעגן בחורים פון גאַנץ גאַליציע אַהינקומען דאָרט צו די באַרימטע און שאַרפע למדנים פון אונדזער צייט, די דיינים און גאונים ר׳ נפתלי גאָלדבערג ז״ל. פאָרפאַסער פון דעם שאַרפן ספר „בית לוי״ (אויף מסכת „גטין״), אַ חיבור, וואָס זיינע פּלפּולים און שאַרפזיניקייטן זענען געווען אַ פּרווו־

שטיין פאַר אַלע למדנים פון יענער צייט (אַ זון פון דעם דיין איז געווען אַ באַרימטער למדן און מחבר אין פאַביאַניץ — הגאון רבי אלתר גאָלדבערג) און ר׳ משה ר׳ יעקעלס (ר׳ משה אַפטער ז״ל — זיין פאָטער איז געווען אַ פשוטער בעל מלאכה, מחבר פון ספר „אמרי משה״ אויף פאַרשידענע מסכתות פון ש״ס).ביידע האָבן דערצויגן אַ סך וויכטיקע תלמידים, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשידענע ערטער און שטעט. ווייטער דערמאָן איך דאָ די חשובע דיינים פון מיין צייט, רבי יודעלע אָרשיצער ז״ל, ר׳ יואל עטקעס, ר׳ פישל ראַדאָמישלער און ר׳ יוסף חיים קירשענבוים, אַן איידעם פון ר׳ משה ר׳ יעקעלס — פאַרפאַסער פון „קב מים חיים״, אַ קונטרס בייגעשלאָסן צום חיבור פון זיין שווער (אַ זון פון אים איז געווען דיין און ראש בית דין אין פראַנקפורט אַם מיין פאַרן חורבן). ווייטער — רבי זלמן יוסף קורץ, אַ באַרימטער למדן און משכיל, אויסגעצייכנטער „מליץ״ אין עברית פון ערשטער מדרגה. זיין איידעם, הרב ראַפּאַפּאָרט פון קראָקע, איז לעצטנס געווען דיין אין טאָרנע. רבי יענקלי גוטווירט, וועלכער האָט געפירט אַ געוויסע צייט אַ קליינע ישיבה פאַר דערוואַקסענע בחורים אין טאָרנע, איז שפּעטער אַוועק פון דאָרט און געוואָרן רב אין קאָלבישוב. רבי שאול ראַפּאַפּאָרט, געוועזענער קאַנדידאַט פאַרן טאָרנער רבנות, אַ קרוב פון הרב רבי אַבעלע שנור ז״ל. רבי שמעון ראַפּאַפּאָרט (ברז״פ) זון פון ליזענסקער רב רבי משה ברז״פ (שפּעטער אין לעמבערג), און זיינע קינדער הערשעלע און יוסף (יאָשע) ראַפּאַפּאָרט, ווי אויך זיין איידעם רבי שאול האָראָוויץ, זון פון הגאון רבי לייביש האָראָוויץ ז״ל, בעל „הרי בשמים״, פריער רב אין סטרי און שפּעטער אין סטאַניסלאַוואָוו. דער וועלטבאַרימטער גאון רבי יוסף ענגעל, מחבר פון אַ גאַנצער ריי תלמודישע און קבלה׳שע ווערק, וועגן וועלכן מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ באַזונדערן סקיץ, לעצטנס אין קראָקע און צום סוף אין ווין. און אויך זיין גרויסער און וויכטיקער קרוב, הגאון רבי שמואל ענגעל, רב אין ראַדאָמישל, שפּעטער אין מונקאַטש — מחבר פון פיל וויכטיקע חיבורים און שאלות ותשובות, זענען אויך פון דער אָפּשטאַמונג טאָרנער. דעם לעצטנס אַ ברודער, רבי וואָלף ענגעל, איז אויך געווען אַ באַקאַנטער תלמיד חכם. ווייטער איז דאָ צו דערמאָנען דער גאון און פראָדוקטיווער מחבר פון אַ סך וויכטיקע ספרים בנגלה ובנסתר (תלמודיסטיק און קבלה), פריער געווען אַ געוויסע צייט ראש ישיבה אין טאָרנע, דערנאָך אין אַנטווערפּן, רבי אַביש ריינהאָלד ז״ל, זון פון באַקאַנטן שוחט און למדן רבי הענאָך (חנוך) שוחט ז״ל, דער דיין רבי יעקב קורץ, דער דיין רבי וואָלף פינק, דער דיין און למדן האָלענדער. ווייטער די למדנים און באַקאַנטע מלמדים פאַר דערוואַקסענע, רבי ישעיהו מאַן און רבי אביש קליינהענדלער, פון יונגערע למדנים לייביש ראָזענטאַל, חיים זעלינגער, יעקלי בערנשטיין, דער עלטערער און דער ייִנגערער, מאָטל קאָרנמעהל (שפּעטער דיין אין ווין).

אַ דור פריער איז געווען רב אין טאָרנע דער באַקאַנטער גאון הרב רבי ישראל ראַפּאַפּאָרט ז״ל (אַ זיידע פון לעצטן רב ר׳ אַבעלע שנור ז״ל), מחבר פון באַקאַנטן חיבור „שאלות ותשובות מהר״י הכהן״, און צו אַלעמען געווען אויך אַ משכילישער מענטש. נאָך אים איז נאָך אַ געוויסער פּויזע געקומען אויפן שטאָטישן רבנות פון טאָרנע, זיין אייניקל אבעלע שנור ז״ל.

## הרב הגאון רבי מאיר אראק ז״ל
## און דער תלמודישער גאון רבי יוסף ענגעל ז״ל

אין אַ בוך געווידמעט דעם אָנדענק פון דער עיר ואם בישראל טאַרנע - איז געוויס אַ הייליקער חוב אָפּצוגעבן אַ בכבודיקן פּלאַץ דעם גרויסן גאון רבי מאיר אראק ז״ל און איינעם פון די גרעסטע תלמודישע גאונים און אַ קינד פון אונדזער שטאָט, רבי יוסף ענגעל ז״ל.

צוליב מאַנגל אין פּאַסיקע קוואַלן, ברענגען מיר נאָר עטלעכע פּרטים פונעם לעבן און שאַפן פון גרויסן גאון ר׳ מאיר אַראַק ז״ל. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרט״ו (1855) אין שטעטל גזשימאַלאָוו (מזרח גאַליציע), און איז געווען פון די תלמידים פון די צוויי באַרימטע גאונים רבי יעקעלע ווייזענפעלד פון גזשימאַלאָוו, מחבר פון באַקאַנטן ספר „מלוא הרועים״, און פון רבי שלום מרדכי הכהן שוואַדראָן פון בערזשאַן, איינער פון די גרעסטע פּוסקים און הלכיסטן פון זיין צייט, פאַרפאַסער פון פאַרשידענע חיבורים און שאלות ותשובות, הלכות, פירושים און דרשות. און איז טאַקע פון זיי ביידע אויטאָריזירט געוואָרן פאַרן ראַבינאַט.

צוערשט איז ער געווען רב אין די שטעטלעך פּאָטאָק זלאָטי און יאַזלאָוויץ, וואו ער האָט געלעבט בצמצום און מיט קליינע אנשפּרוכן. נישט געשטערט דורך געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט פלייסיק צו לערנען און דערגרענצן זיין גרויס למדנות. שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין בוטשאַטש און איז דאָרט פאַרבליבן ביז צום יאָר 1914 (דאָס יאָר פון אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה). דאָרט איז ער פאַרבליבן ביז צום יאָר תרפ״ב (1922), דערנאָך איז ער געקומען קיין טאַרנע און איז דאָרט פאַרבליבן ביז צום יאָר תרפ״ו (1926), וואו ער איז געשטאָרבן סוכות דעמזעלבן יאָר.

אין דער וועלט־מלחמה זענען פאַרלוירן געגאַנגען 5 גרויסע בענדער מיט שאלות ותשובות, וועגן וועלכע ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען, ווייל דאָס איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט, אויפן למדנישן געביט. אָבער ער האָט ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן אויפן זעלבן געביט און ענטפערן צו אַלע די, וועלכע האָבן זיך צו אים געווענדעט אין הלכה זאַכן. עס זענען דערשינען פאָלגנדע חיבורים זיינע: „שירי טהרה״, אַ חיבור אויף משניות „טהרות״. „מנחת קנאות״ אויף מסכת „סוטה״, „מנחת פתים״ אויף 4 חלקים פון שולחן ערוך. „טל תורה״, הגהות (קאָרעקטורן) אויף תלמוד בבלי און ירושלמי, — דאַן ווייטערע חיבורים: „אמרי יושר״, 2 חלקים — דער ערשטער, שאלות ותשובות (געדרוקט אין מונקאַטש, תרע״ז, 1917), דער צווייטער חלק, קראָקע־טאַרנע, תרפ״ה, 1925. געוויס זענען געבליבן נאָך כתבים אין מאַנוסקריפּטן, אָבער מיר ווייסען נישט זייער גורל.

און כאָטש ער איז כל ימי חייו געווען אין אַ נישט גוטן מאַטעריעלן מצב, האָט דאָס גאָר נישט באַאיינפלוסט זיין גייסטיקע אַרבעט. ביי דעם אַלעמען איז ער נאָך געווען אַ שוואַכער מענטש און געהאַט שוואַכע אויגן. טראָץ זיין גרויסער למדנות און באַרימטקייט, איז ער געווען אַ פאַרבילד פון באַשיידנקייט.

יהי זכרו לברכה.

# דער תלמודישער גאון יוסף ענגעל ז״ל

ר׳ יוסף ענגעל איז געבּוירן אין טאַרנע אין יאָר תרי״ט (1859 און איז נפטר געוואָרן אין ווין אין יאָר תר״פ, ב׳ חשון (1920). די יאָרן ביז 1914 האָט ער פאַרבּרענגט אין קראָקע און האָט אויך אָנגעהערט דעם דאָרטיקן בּית דין. אין יאָר 1914, בּיים אויסבּרוך פון דער ערשטער וועלט - מלחמה, איז ער אַוועק קיין ווין, וואו ער איז פאַרבּליבּן בּיז צו זיין פּטירה, ב׳ חשון תר״פ. ער איז אויך אין ווין נקבר געוואָרן. מיר ציילן נאָר אויף די נעמען פון זיינע ווערק, וועלכע נעמען אַרום תלמוד־שטודיעס, קאָרעקטורן און דערגענצונגען צו תלמוד בּבלי און ירושלמי, שאלות ותשובות, קבּליסטישע שריפטן און דרשות. אין דער קבלה איז זיין הויפּט אויפטועניש געווען אָנצוּווייזן אויף די ענגע קשרים און קאָנעקסיעס, וועלכע פאַרבּינדן די יידישע מיסטיק מיט דעם פּאָפּולערן ראַציאָ־נאַליסטישן טייל פון תלמוד און הלכה און די שפּעטערע ליטעראַטור פון הלכה און אגדה און מדרשים (תורת הקבּלה) א. אז. וו.

בּיי זיין לעבּן זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן פון אים בּערך 20 ווערק. בּערך 90 זענען געבּליבּן אין מאַנוסקריפּטן, וועלכע ווערן איצט צוביסלעך פאַרעפנטלעכט, מיט הילף פון מעצענאַטן און פריינט פון תורה־ליטעראַטור, דורך אַן אייניקל, משה בּרוך מאָרגענשטערן, וועלכער דעקלאַרירט זיך אַלס תלמיד פון דעם גרויסן גאון (גלייכצייטיק אַן אייניקל פון דעם בּאַרימטן גאון און צדיק רבּי מענדעלע מקוצק זצ״ל — וועלכער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק).

דאָס אַרבּעטס־געבּיט פון גרויסן גאון, וואָס האָט כּמעט נישט זיינס גלייכן, נעמט אַרום די געבּיטן פון תלמוד בּבלי וירושלמי, ספרי־ספרא, תוספתא־מכילתא, ראשונים ואחרונים, דאָן הלכה רעגלען (כּללים) אין תלמוד בּבלי וירושלמי — קבלה לויט תלמוד־קוועלן, אַ ריכטונג, וועלכע ווערט איצט שטאַרק אויסגעבּויט דורך דעם גרויסן למדן הרב ראובן מרגליות אין תל־אביב.

פון זיינע חיבורים דערמאָנען מיר נאָר די פאָלגנדע: ע׳ פּנים לתורה, שב דנחמתא, לקח טוב, אתוון דאורייתא, ציונים לתורה, גבורת שמונים. „שאלות ותשובות״: „בּן פּורת״ (2 חלקים), אוצרות יוסף (5 חלקים), גליוני הש״ס, נאָטיצן און דערגענצונגען פון אַ געוואַלדיקן למדנישן ווערט צו סדר „זרעים״, גליוני הש״ס סדר „מועד״ — און גאַנץ צולעצט איז אַרויסגעגעבּן געוואָרן דורך דעם אייניקל משה בּרוך מאָרגענשטערן, ניו־יאָרק 1949, „גליוני הש״ס״, נשים ונזיקין — בּבלי וירושלמי. אַ חוץ דעם איז געבּליבּן אַ גרויסע תלמודישע ענציקלאָפּעדיע (כּללי הש״ס), ש״ס רעגלען, גרונדזאַצן און שיטות — נעמט אַרום דאָס גאַנצע טעאָרעטישע מאַטעריאַל פונעם גאַנצן תלמוד אין 32 חלקים, — פון וועלכע עס זענען דערשינען בּלויז 2 חלקים — „אלף״ און „בּית״, און די איבּעריקע חלקים זענען געבּליבּן נישט געדרוקט. נאָך זיין פּטירה האָט זיך געגרינדעט אַ חברה פריינט פון דעם גאון, מיטן נאָמען „אוהבי תורה״ אין ווין, אויף אַרויסצוגעבּן דאָס גאַנצע פאַראַנענע האַנטשריפטלעכע מאַטעריאַל, וועלכעס איז געוויס אַ גרויסער אוצר פאַר תלמודיסטן. מיר האָבּן ווייטער נישט געהערט וואָס ס׳איז פון דעם געוואָרן.

2

## חסידות און צדיקים אין טארנע פאר די לעצטע אכציק יאר

טאַרנע איז געווען, נעבן אַנדערע צענטערס, אויך אַ וויכטיקער מרכז פון חסידות פון פאַרשידענע פאַרבן און שאַטירונגען. עס איז צו באַטאָנען, אַז דער באַרימטער רבי ר׳ הערש רימאַנאָווער, געבוירן אין דאָמבראָווע, האָט זיך אַ צייט לאַנג אין די יוגנט־יאָרן אויפגעצויגן אַלס יתום ביי אַ פרומען שניידער אין טאַרנע, פון וואַנען ער איז שפעטער אַוועק, ווייל אין שניידעריי האָט ער נישט געזען קיין תכלית פאַר זיך און פאַר זיינע גייסטיקע שטרעבונגען. צוערשט איז ער געוואָרן אַ שמש ביי דעם צדיק ר׳ מענדעלע פון רימאַנאָוו („רימאַנאָווער״) ז״ל, און שפעטער איבערגענומען דעם כיסא הרבנות נאָך זיין רבין, ווייל דער זון און יורש פונעם רבין רבי מענדעלע איז נישט געווען געגנג פעאיק דערצו. זענען טאַקע אין טאַרנע געווען פיל רימאַנאָווער חסידים. איינער פון די עלטסטע חסידים איז געווען רבי גרשון קאָמעלהאָר, פאַרפאַסער פון „קול מבשר״, די תולדות פון רבין. דערנאָך ר׳ הערש רימאַנאָווער — אַ פאָטער פון הרב הגאון ר׳ יקותיאל קאָמעלהאָר, באַקאַנטער ראש ישיבה פון ריישע, סטאַניסלאַוואָוו (געשטאָרבן אין ירושלים), פאַרפאַסער פון אַ גאַנצער ריי למדנישע און חסידישע געשיכטס־ווערק (אַמאָליקער אַרויסגעבער פון דער תלמודישער צייטשריפט „אוהל מועד״ אין ריישע). ווייטער — רבי יוסף שיף (אַמאָליקער קאַנדידאַט אויף טאַרנער רבנות, ווי עס ווערט דערציילט), און רבי ירוחם טייטעלבוים (אַ אייניקל פון רבי משה טייטעלבוים, רב פון אוהעל, געקומען שפעטער קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז געשטאָרבן). ביידע זענען שפעטער געוואָרן חסידים פון הגאון רבי חיים האַלבערשטאַם, בעל „דברי חיים״, רב און צדיק פון סאַנדז, ז״ל.

איז טאַקע דאָס הויפט־חסידות אין טאַרנע באַשטאַנען שפעטער פון סאַנדזער נוסח, און יעדן טאַרנער איז באַקאַנט די סאַנדזער קלויז, וועלכע איז געווען פון לאַנגע יאָרן דער צענטער פון חסידות און למדנות. זענען טאַקע פון דאָרט אַרויס גרויסע למדנים און גדולי תורה, צווישן זיי: דער באַרימטער גאון רבי גדליה שמעלקעס ז״ל, דער „עילוי״ און גאון, איידעם פון רבי יהושע זילבער ז״ל אין טאַרנע, — שפעטער רב אין קאָלאָמיי און אין פשעמישל, (וואו ער איז געשטאָרבן כ״ח טבת תרפ״ח), אַ פאָטער פון באַקאַנטן צווייטן פרעדיגער און ראַבינער שטעל־פאַרטרעטער פון ד״ר טאָן ז״ל — ד״ר שמואל שמעלקעס. מען דערציילט פון סאַנדזער רב, אַז ער איז עס געווען דער, וועלכער האָט זיינערצייט פאַרשאָלטן די נייע שול אין טאַרנע, וועלכע איז געשטאַנען חרוב אַן ערך 40 יאָר, צוליב דעם, וואָס אַ נישט־יידישער עסטרייכישער גענעראַל זאָל האָבן געלייגט דעם ערשטן שטיין פון פונדאַמענט. אַ זון פון הרב הגאון רבי חיים האַלבערשטאַם איז געווען רבי שלום אליעזר (דאַכט זיך דער יונגסטער פון זיינע קינדער). ער האָט היפשע יאָרן געוואוינט אין טאַרנע, געהאַט אַ סך חסידים צוליב זיין יחוס און גרויסן טאָטן. אַ סך יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קיין אונגאַרן (ראצפערט),

וואו ער איז געבליבן ביז אין טיפן עלטער (ער איז דאָרט אומגעקומען פון די נאַציס ימ״ש).

הצדיק רבי יחזקאל האַלבערשטאַם, אַ זון פון „דברי חיים״, האָט נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער אין טאַרנע, געהאַט פיל חסידים. רבי לייביש האַלבערשטאַם ז״ל, זיין זון, האָט זיך אַ סך יאָר פאַר יענעם קריג באַזעצט אין טאַרנע. זיין פּלאַץ איז געווען אין דער סאַנדזער קלויז, ער האָט געהאַט אַ סך חסידים און אַנהענגער.

אויך באָבאָווער חסידים זענען אין אַ גרויסער מאָס געווען פאַרטרעטן אין טאַרנע, אָנגעהויבן פון ר׳ שלמה האַלבערשטאַם, פריער רב אין אָשפיצין, שפּעטער אין באָבאָוו. אויף זיין אָרט איז געקומען זיין זון, רבי בן ציון האַלבערשטאַם (הי״ד), וועלכער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר תורה און ישיבות, און האָט געהאַט, ווי באַקאַנט, אַ גאַנץ גרויסע השפעה אויף דער חסידישער יוגנט. ער איז אויך געווען אַ גרויסער מנגן און קאָמפּאָזיטאָר און פאַרפאַסט חסידישע ניגונים וועלכע זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער אין חסידישע קרייזן.

הצדיק רבי יהושע האָראָוויץ ז״ל, רב פון טאַרנאָבזשעג (דזשיקאָוו), אַ גאון און באַקאַנטער רבי, דער זון פון הצדיק רבי מאיר האָראָוויץ (בעל „אמרי נועם״ און אייניקל פון רבין רבי אליעזר האָראָוויץ, און אוראייניקל פון דעם באַרימטן צדיק ר׳ נפתלי ראָפּשיצער ז״ל) האָט געהאַט אַן אייגענע קלויז אין טאַרנע, וואו מען פלעגט אַ סך דאַווענען און לערנען, און עס זענען פון דאָרט אַרויס היבשע לומדי תורה.

אין שפּעטערע יאָרן, באַלד נאָכן קריג פון 18—1914, האָט זיך באַזעצט אין טאַרנע און געהאַט חסידים און אַנהענגער זיין זון ר׳ אַלטער האָראָוויץ ז״ל (הי״ד), מיט זיין בני־בית אומגעקומען אין קראָקע.

רבי יחיאל האָראָוויץ, אַ ברודער פון דזשיקאָווער רבין, האָט אויך געוואוינט צענדליקער יאָרן אין טאַרנע. זיין זון רבי נפתלי, האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין דער ירושה־שטאָט פון זיין פאָטער, אין פּאָקשעוויץ. אַ צווייטער זון האָט געהייסן רבי אַלטער, און אַ דריטער — אברהם.

פון ווייטערע רביים פון גרויסן פאָרמאַט איז צו דערמאָנען הרב איגרא ז״ל, אַ גרויסער למדן און סגפן (פאַסטער). אַן אייניקל פון הגאון רבי משולם איגרא ז״ל, גערופן „דער זשילינער רבי״, וועלכער איז שפּעטער אַוועק פון טאַרנע מיט אַ סך יאָרן צוריק. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ סך יאָרן אין טאַרנע און געהאַט אַ סך אַנהענגער.

דאָן הרב ר׳ יעקב באַראַנאָווער ז״ל, הרב חיים אליעזר אונגער (ראַדלאָווער רב ז״ל), נאָך אים האָט געפירט דאָס רבנות זיין זון, רבי מאיר ז״ל, און זיין ברודער רבי ישראל יוסף ז״ל (נישט געפירט קיין רבנות).

עס איז אויך צו דערמאָנען דעם טוטשינער רבי, וועלכער האָט, ווי מען זאָגט, נישט גענומען קיין פדיונות.

סאַדיגאָרער און באָיאַנער חסידים זענען אין טאַרנע אויך געווען אין אַ היפּשער צאָל. פון די הויפּט אַנהענגער זענען צו דערמאָנען די משפחות פון רבי יצחק בראַנדשטעטער און פון רבי אַלטער און רבי חיים און רבי יוסף זינגער, ר׳ זלמן זילבערבערג ז״ל און פיל אַנדערע.

אַסטראָווצער חסידים. די אָנהענגער פון דעם באַקאַנטן רב, צדיק און גאון, ר׳ מאיר יחיאל פון אָסטראָווצע (פוילן), זענען אין טאַרנע אויך געווען פאַרטרעטן. צווישן אַנדערע איז צו דערמאָנען דער גרויסער עסקן און נדבן רבי ישעיה זילבער־פעניג (אַן אייניקל פון דעם באַקאַנטן נגיד און למדן ר׳ זכריה מנדל אַבערדאַם ז״ל. ער איז אומגעקומען אין טאַרנע בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע).

זשאבנער חסידים. דער גאון רבי שלום דוד אונגער אין זשאבנע האָט אויך געהאַט אַ היפשע צאָל חסידים אין טאַרנע. שפּעטער באַזעצט ער זיך אין טאַרנע, וואו זיין זון, רבי אליעזר אונגער, האָט ווייטער געפירט דאָס רבנות.

אויפן תורה געביט זענען טעטיק געווען אין טאַרנע הגאון והמגיד רבי וואָלף בער שענקעל ז״ל אַ תלמיד פון הגאון רבי משה סופר בעל „חתם סופר״. זיין זון רבי יעקב שענקעל (רבי יעקב מגיד), אַ באַוואוסטער למדן, — רבי וואלוויש מגיד (אין שטעטישן בית המדרש) און זיין זון רבי יעקלי בעלזער. רבי שמעון ניימאַן



ר׳ אבעלע שנור ז״ל — שטאָט רב אין טאַרנע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

— אַ גרויסער למדן און מחבר פון אַ סך ילקוטים און למדנישע חיבורים, שפּעטער באַזיצער פון דער אַלט־באַרימטער ספרים־פּירמע „אהרן פויסט" אין קראָקע. דער מגיד און למדן רבי נתן נטע לנדוי — מגיד ביי דער חברה „קובע עתים לתורה" אין עטלעכע צייט, שפּעטער — ראש בית דין אין אָשפּיצין, מחבר פון וויכטיקע למדנישע ספרים.

דער דיין ר' מרדכי קאַרנמעהל, פון די טאַרנער חריפים, שפּעטער אין ווין. מרדכי אליהו פייוועלס, יצחק קאשע (שנור), שפּעטער דיין אין קרעניץ. אלימלך יהודה און משה יוסף זאַליץ, יוסף סאַפּיר, רבי משה ראַפּאַפּאָרט, זון פון רבי שבתיל ראַפּאַפּאָרט, רב אין דאָמבראָווע, גרויסער למדן און אינטימער פריינט פון מרדכי דוד בראַנדשטעטער.

פון אַמאָליקע למדנים זענען צו דערמאָנען: רבי אברהם וואַקסקערץ און זיין ברודער פנחס וואַקסקערץ, דער גדול רבי יעקב בערנשטיין, דער עלטערער און דער יונגערער יעקלי בערנשטיין, וויכטיקע למדנים פון דעם סאַנדזער קלויז, — רבי מענדל מילער, שפּעטער ראש בית דין אין זלאָטשאָוו, אַ גרויסער למדן און מחבר פון ספר „מנחם ציון", — הגאון רבי יעקעלע האָראָוויץ, פריער רב אין דעלאַטין, זלקא קאַנאַרעק, וועלכער איז אַוועק קיין אַמעריקע און דאָרט געוואָרן רב. — אבלי הירש, זון פון מלמד רבי משה מרדכי, גלייכצייטיק געווען אַ וויכטיקער קאָמפּאָזיטאָר פון ליטורגישע מוזיק און ניגונים. ס'איז נאָך צו דערמאָנען ראובן יאַקובאָוויטש און ר' אַלטער לעזער.

מיט דעם איז די צאָל למדנים אויפ'ן תורה געביט אין טאַרנע נאָך נישט געענדיקט, ווייל אַ חוץ אויבן דערמאָנטע, האָבן נאָך געלעבט און געווירקט אין טאַרנע אַ סך וויכטיקע למדנים.

3

**אויפן קולטורגעביט** האָט זיך אויסגעצייכנט פּראָפעסאָר לעאָן קעלנער, זון פון טאַרנער בעל בית רבי רפאל קעלנער. פּראָפעסאָר קעלנער איז געווען אַ אינטימער פריינט און מיטאַרבעטער פון ד"ר הערצל ז"ל. ער איז געווען אוניווער־זיטעטס־פּראָפעסאָר אין טשערנאָוויץ, שפּעטער אין ווין. אַ וויסנשאַפטלער, ערשט־קלאַסיקער ענגלישער פילאָלאָג, פאַרפאַסער פון דער שעקספּיר ענציקלאָפּעדיע, איבערזעצער פון ד"ר בלאָך'ס ווערק „וועגן יידן און פעלקער" אין ענגליש. דערביי איז ער געווען גאָר אַ וואַרעמער ייד, וועלכער האָט געהאַט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר יידישער טראַדיציע און קדושה.

אין טאַרנע זענען געבוירן און האָבן דאָרט לאַנגע יאָרן געלעבט אַזעלכע גדולים און באַדייטנדע מענטשן ווי ד"ר יצחק שיפּער, באַקאַנטער שריפטשטעלער, ליטעראַטור־קריטיקער און היסטאָריקער, — דער וויסנשאַפטלער ד"ר פּראָפעסאָר מאַקס בינענשטאָק, — דער באַקאַנטער קאָמוניסטן־פירער ראַדעק־סאָבעלזאָהן, — דער שרייבער און וויסנשאַפטלער, בעל דקדוק און פילאָזאָף, משה אהרן וויזען, געבוירן אין באַראַנאָוו, געשטאָרבן אין יאָר תשי"ג אין ארץ־ישראל, וואו ער האָט

פאַרבראַכט זינט היטלער איז אָנגעקומען קיין ווין, און האָט אין משך פון אַ סך יאָרן פאַרשפּרייט אַ זייער פּרוכטבאַרע טעטיקייט אויפן געביט פון שפּראַכוויסנשאַפט, דקדוק, פילאָזאָפיע און רעליגיע.

פון טאַרנע שטאַמט דער באַקאַנטער היסטאָריקער און וויסנשאַפטלער פון גרויסן פאַרנעם, פּראָפעסאָר ד״ר שלום באַראָן, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע היסטאָרישע ווערק. איצט אין אַמעריקע, מיט אַ גרויסן שטאַב מיטאַרבעטער ביי דער קאָלומביאַ־אוניווערזיטעט.

פון פּערזענלעכקייטן פונעם גרעסערן פאַרנעם איז צו דערמאָנען דעם באַרימטן אַדוואָקאַט און פּאַרטיידיקער ד״ר אליהו גאָלדהאַמער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן נאָמען אין גאַנץ עסטרייך. דערנאָך ד״ר שלמה מערץ, אָבערלאַנדסגעריכטס־ראַט אין טאַרנע און דערביי אַ רעליגיעזער ייד. צו די אַמאָליקע באַרימטע טאַרנער דאָקטוירים האָבן געהערט ד״ר לעאָן שיצער, לאַנגיעריקער לייטער פון יידישן שפּיטאָל אין טאַרנע, אַ מענטש מיט ליטעראַרישע פעאיקייטן און דענקער. פון טאַרנער דאָקטוירים פון די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז צו דערמאָנען דעם כשרן און באַרמהאַרציקן ד״ר יעקב יעקעל, וועלכער האָט אַזוי פיל מענטשן געהאָלפן און איז אומגעקומען אין סטאַניסלאַוואָוו פון די דייטשע רוצחים.

## טאַרנע — א זיץ ארט פון העברעאישע סופרים

רבי מרדכי וויסמאַן חיות (מו״ח), איז געווען אַ רעדאַקטאָר און פאַרפאַסער פון אַ סך ווערק און זאַמלונגען פון חרוזים און שירים לויט׳ן געשמאַק פון יענער צייט (פון דער פרומער השכלה). זיינע שפּעטערע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין ווין, וואו ער האָט געפירט אַ כשר רעסטאָראַן. זיין ברודער פישל איז געווען קאָרעספּאָנדענט פון העברעאישע צייטונגען.

שמואל וויסמאַן און זיין פרוי דבורה, שפּעטער אין דינאָוו, אַ שרייבערין אין עברית (אַ זעלטנקייט אין יענער צייט).

אברהם יהודה היימאַן, אַ לערער פאַר האַנדלס־וויסנשאַפטן און אַ שרייבער אויף עקאָנאָמישע טעמעס. (זיין זון הילל היימאַן, אַ מאָדערנער סוחר, וועלכער פלעגט אַמאָל אויך שרייבן איבער פאַך־טעמעס).

נפתלי קעלער (רעדאַקטאָר פון די „ביכורי העתים״), דערנאָך דער משכיל פנחס סיס, דער וועלטבאַקאַנטער שריפטשטעלער מרדכי דוד בראַנדשטעטער (וועלכער האָט אויס פּערזענלעכע מאָטיוון און חששות פאַרברענט לײדער זיינע לעצטע שריפטן, ער זאָל חלילה נישט אָנרירן וועמענס כבוד). אַ גרויסער טייל קאָרעספּאָנדענץ מיט אַלע וועלט־סופרים און וויסנשאַפטלער פון זיין צייט איז פאַרלוירן געגאַנגען. אויך פאַרשידענע אינטערעסאַנטע רייזע־איינדרוקן פון דער וואַנדערונג (קיין פּראַג און צוריק) זענען בשעת דעם וועלט־קריג צוגרונד געגאַנגען און פאַרשוואונדן.

אַ געוויסע צייט האָט געווירקט אין טאַרנע ביי דער באַראָן הירש שול, דער סופר משה אָרנשטיין, רעדאַקטאָר פון „השחר״ נאָך סמאָלענסקין. אויך אַ געוויסע

צייט (1905—1907) האָט געווירקט אין טאַרנע דער למדן און פּילאָסאָג ד״ר יוסף מיזעס (הי״ד) אַלס רעליגיע־לערער אין די טאַרנער גימנאַזיעס, שפּעטער מילי־טערישער אויבער־ראַבינער פאַר גאַנץ פּוילן (אומגעקומען אין פּשעמישל).

4

## ציוניזם אין טאַרנע

די שטאָט איז אין משך פון מער ווי פופציק יאָר געווען דער צענטער פון ציוניזם. נאָך מיט 60 יאָר צוריק איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן דער קאָלאָניזאַציע־פאַריין „אהבת ציון", וועלכער האָט געהאַט פיליאַס און חברים אין פאַרשידענע שטעט אין גאַליציע און פאַרנומען זיך מיט דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע „מחנים", וועלכע האָט אינעם פאַרלויף פון איר עקזיסטענץ ביז צום היינטיקן טאָג דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים, קינדער און עלטער־קראַנקהייטן און עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג. אין שפּיץ פון דעם ווערק איז געשטאַנען ד״ר אברהם בן אהרן זאַלץ, דעלע־גירטער צום ערשטן קאָנגרעס און זיין וויצע פּאַרזיצנדער, ווי אויך פּראָפעסאָר זיגמונט בראָמבערג־ביטקאָווסקי.

אַ חוץ די שוין דערמאָנטע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן ווי ד״ר שיפּער און ד״ר בינענשטאָק, האָבן אין טאַרנע פאַרן ערשטן וועלט־קריג געווירקט אַזעלכע פירנדע ציוניסטישע עסקנים ווי ד״ר אפרים פישל וואַשיץ, שפּעטער אַ רעוויזיאָ־ניסט, געווירקט און געשטאָרבן אין ארץ־ישראל, — ד״ר שמעון פעלדבלום, פירער פון ציוניזם אין קראָקע און אין מערב גאַליציע, זייט דער צווייטער וועלט־מלחמה אין ישראל. ד״ר זעלענפרוינד פון רימאַנאָוו, שפּעטער אין בזשאָזאָוו. דער שריפט־שטעלער צבי הלוי רומעלד (צה״ר), שפּעטער אין זאַקאָפּאַנע, — אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט משה אהרן וויזען דעם ערשטן ליטעראַרישן לוח „לוח שעשועים".

לאַנגע יאָרן האָט געווירקט אין טאַרנע דער פּאָפּולערער און באַליבטער פאָלקס־רעדנער, שרייבער און משכיל רבי חיים נייגער ז״ל, וועלכער איז געווען באַקאַנט און באַליבט אין יעדן יידישן ישוב אין גאַליציע, שפּעטער אין גאַנץ פּוילן. ד״ר שמואל שפּאַן, אַדוואָקאַט און כלל־טוער, לאַנגיעריקער אָנפירער פון דער יידישער קהילה און ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, איצט זייט 20 יאָר אין חיפה. צו די אַקטיווע ציוניסטישע פירער אין טאַרנע האָבן געהערט נאָך ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר וואָלף שענקעל (ביידע אומגעקומען), ד״ר ווילהעלם בערקעל־האַמער (שפּעטער רעדאַקטאָר פון „נאָווי דזיענניק" אין קראָקע), דער שרייבער און אַרבעטער־טוער דניאל לייבל, — מער ווי 20 יאָר אין ישראל, ד״ר אליהו טיש (שוין עטלעכע יאָר אין לאַנד), ד״ר אברהם כאַמעט — אַדוואָקאַט, עסקן, לענגערע יאָרן רעדאַקטאָר פון „יידישן וואָכנבלאַט" („טיגאָדניק זשידאָווסקי"), לעצטער ראש הקהל פון טאַרנע, איצט אין ישראל, — ד״ר ישעיהו פייג, בערך 20 יאָר אין ישראל און ד״ר ישעיהו שפּירא, איצט מיטאַרבעטער פון „קול ישראל".

טאַרנע איז אַמאָל געווען אַ וויכטיקער מרכז פון דער מזרחיסטישער באַוועגונג.

צו די ערשטע אַקטיווע מזרחישע טוער האָט געהערט דער משכיל און חוקר רבי משה אהרן נייגער ז״ל, דער פאָטער פונעם באַקאַנטן ציוניסטישן עסקן פון טאַרנע רבי חיים נייגער ז״ל. ס׳איז דאָ צו דערמאָנען די וויכטיקע דערציערישע אַרבעט פון רבי משה אהרן נייגער אַלס אינסטרוקטאָר און מחנך פון אַ גאַנצער ריי יידישע משכילים.

אָנגעהויבן פון די יאָרן 1911—1912 ביזן אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג איז די מזרחישע אַרבעט און אויפקלערונגס־טעטיקייט געפירט געוואָרן דורך דעם שרייבער פון די שורות מיט זיינע מיטאַרבעטער אהרן האָפמייסטער (חצרוני), איצט שוין איבער 20 יאָר אין לאַנד, און דעם לערער און שריפטשטעלער יוסף אומאַנסקי (שוין לענגערע יאָרן אין ישראל).

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען בראש פון דער מזרחישער באַוועגונג געשטאַנען צווישן אַנדערע די באַקאַנטע עסקנים רבי וואָלף געצלער און רבי יחיאל קורץ ז״ל (ביידע אומגעקומען אין טאַרנע).

## דאס העברעאישע שולוועזן

מיט איבער 50 יאָר צוריק איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן די ערשטע העברעאישע שול, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט פון די ערשטע עסקנים רבי חיים צבי ליכטבלוי, זייט בערך 30 יאָר אין ישראל, און אברהם בראַנדשטעטער, וועלכע זענען דאָרט געווען פון די ערשטע לערער, ווי אויך רבי פנחס באַזלער און רבי זכריה מענדעל שפּירא (שפּעטער אין ארץ־ישראל, וואו ער איז ווייטער געווען טעטיק אין זיין פאַך), דערנאָך האָבן אין דער באַנייטער שול „שפה ברורה״ געלערנט צבי שאַרפשטיין (איצט אין אַמעריקע), רפאל סופּרמאַן, (לאַנגע יאָרן אין ארץ ישראל), שמעון קאָפּעלאַנסקי, יוסף אומאַנסקי (באַקאַנטער למדן און מחבר פון אַ סך וויכטיקע ווערק און תלמודישע מאָנאָגראַפיעס, שוין אַ סך יאָרן אין ארץ ישראל, וואו ער אַרבעט פלייסיק. אין די לעצטע יאָרן זענען דערשינען זיינע צוויי ווערק פון גרויסער וויסנשאַפטלעכער וויכטיקייט: מפתחות לתלמוד בבלי וירו־שלמי — 2 בענדער). זייער פיל האָבן געלייסטעט פאַר דער „שפה ברורה״ דער לייטער פון דער פאָלקסשול, דירעקטאָר ליבליך ז״ל, און דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע, ד״ר זכריה זילבערפעניג (איצט כסיף) — סגן מנהל מחלקת החינוך פון עירית תל־אביב. נאָך אים האָט די לייטונג פון דער גימנאַזיע „שפה ברורה״ איבערגענומען ד״ר ראָזענבוש ז״ל, וועלכער איז אומגעקומען אין טאַרנע.

## די השחר באַוועגונג אין טאַרנע

די השחר באַוועגונג איז אין אָנהויב באַשטאַנען פון בית המדרש בחורים, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי איז בערך מיט 40 יאָר צוריק אַוועק קיין ארץ־ישראל. געגרינדעט פון דעם עסקן און שריפטשטעלער משה וויזענעלד ז״ל פון ריישע

(נאָך אַ סך גלגולים געווען לעצטענס לייטער און דירעקטאָר פון קרן קיימת אין קראָקע און דאָרט אומגעקומען), מיט דער מיטאַרבעט פון דב קמחי (מעלער) באַ־קאַנטער שריפטשטעלער אין ארץ ישראל שוין בערך 40 יאָר און יצחק לויפבאַן, שפּע־טער רעדאַקטאָר פון „הפועל הצעיר" (אויך אַהערגעקומען מיט 40 יאָר צוריק און מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן), פון יודעל באָרנשטיין פון דעמביץ, דניאל און שבח לייבל (ביידע אַ סך יאָרן אין לאַנד), דערנאָך לייב ליכטינגער, לאַנגיעריקער ציוניסטישער עסקן, זייט פיל יאָרן אין ארץ ישראל, — האָט די השחר באַוועגונג געהאַט אויך אין טאָרנע אַ שיינעם סניף און עס האָבן אים אָנגעהערט צווישן אַנדערע: יחזקאל און יהושע בראַנדשטעטער (ביידע בערך 40 יאָר אין לאַנד), דוד געלדצעהלער ז"ל, געפאַלן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער ערשטער „השחר" קאָנפערענץ אין דעמביץ, שלמה קעלער ז"ל, א. יונגערווירט (אברך) און נאָך פיל אַנדערע אַקטיווע אָנהענגער פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

## חיים דב פרידברג

# מראשית התהוות עדת-ישראל בטארנוב, רבניה, פרנסיה, תורניה וסופריה

צמיחת הישוב הישראלי שבעיר טארנוב, כבר הוחלה באמצע המאה הרביעית לאלף הנוכחי. בשנת שצ״ז קבלו היהודים פה אגרת זכות מאת המלך ולאדיסלב, וזכויות אלה קיימו אחרי כן על ידי הנסיך ראדזיביל. עקב מסע־הטבח של הצורר חמלניצקי, לא יכלה העדה הזאת להתפתח כל צרכה, ומסיבה זו לא נשאר לצערנו, אות זכרון מן התקופה הראשונה למשמרת ונסתם דבר כל חזון מימים ההם והדור ההוא.

על אף המאורעות והמכשולים שעמדו לשטן על דרכה של הקהילה, התרחבה העדה לאט לאט. בשנת תכ״ה כבר ישבו בתוכה אלפים וכשלש מאות נפשות ואחרי כן בנו לתלפיות בית הכנסת[1] לשפוך בתוכו שיחם לפני יוצרם.

בשנת תל״י (1673) החליטה העדה לשום אלוף לראשה, אשר יצא ואשר יבוא לפניה ונפלה הבחירה על הרב מ׳ שמואל שמלקה, בנו של הרב מ׳ יהושע ממשפחת הורוביץ[2]). הוא הקשיב לקח בימי נעוריו בישיבות השונות שבעיר קראקא, ושמעו הטוב הגיע לאזני הרב מ׳ משה, בנו של המחבר ס׳ מגיני שלמה, ויתן לו את בתו לאשה. ברבות הימים נתפרסם שמו ובקהל גדולי התורה יחד כבודו, וזכה להבחר ולהשתמש באצטלא דרבנן בקהלת טארנוב. בעת ישבו פה על כסא הרבנות הסכים בשנת תנ״ד על הספר ויכתב משה (פפד״א תנ״ד) ובשנת תנ״ט על הספר שם שמואל (שם תנ״ט), כמו כן נזכרו ד״ת בשמו בס׳ ארבעה טורי אבן (לבוב תקמ״ט) מאת חתנו והאריך ימים על ממלכתו, ואחרי ארבעים שנה נפטר בש״ט בשנת תע״ג ועל מצבת קבורתו חרות[3]):

אוי נא לנו כי נפלה עטרת ראשינו
מורינו ורבינו הרב המאור הגדול
הזקן זה שקנה חכמה מו״ה שמואל
שמעלקי סג״ל בהרב המאה״ג מו״ה
יהושע איש הורוביץ שהלך לעולמו
ביום ד׳ א׳ אלול תע״ג לפרט וישפוט
שמואל את העם ארבעים שנה וימת.

---

[1]) השוה בג׳ואיש אנציקלופדיה בשפת אנגלית, חלק י״ב עמ׳ 64, וכמו כן בספר לקורות העיר טארנוב בשפת פולנית (טארנוב 1911).

[2]) השוה מה שכתבתי על אודותיו בספרי תולדות משפחת הורוביץ ושלשלת יחוסו מיוצאי חלצי הר״י הורוביץ בעל השל״ה.

[3]) השוה בשנתון בכורים חלק שני (תרכ״ו) עמ׳ 11.

אחרי מות הרש"ש הורוביץ מלא מקומו בתור רב העיר חתנו לוקח בתו, הרב הנודע לשם ולתהלה ה"ר אלעזר מרגליות, המחבר ס' מעשה רוקח שעל התורה והמשנה, שהיה באחרית ימיו רב של הקהלה האשכנזית באמשטרדם, ופרשת גדולתו וקורות ימי חייו ספרתי באריכת דברים בספרי לוחות זכרון (עמ' 71 והלאה). ואחרי עזבו משרתו בטארנוב, הושב על כנו למלא מקומו הרב מ' יצחק אייזק, בנו של הרב מ' יהודה ליב האבד"ק שידלוב. הוא ישב בתחלה שנים רבות על כסא הרבנות שבעיר טארניגרוד[4א], ומשם נתעלה להיות רב העיר טארנוב ולשכון כבוד בתוכה. בעתו היה נחשב מאד, ובשנת תצ"ו חתם גם הוא בין הרבנים על החרם נגד הרב הנודע מ"ה משה חיים לוצאטו[4], וימת בשיבה טובה בשנת תקט"ז ועל מצבת קבורתו חרות[5]:

פ"ט ע"ה פ"ה הרב מו"ה יצחק אייזק
אבד"ק טארנוב בהרב מו"ה יהודה ליב
מקראקא נפטר ונקבר בעש"ק... בשנת
תקט"ז.

על כסא הרבנות בטארנוב ישב אחרי כן הרב מו"ה יצחק, בנו של הרב מ' חיים האבד"ק לובלין[6], ובתו של הר"י, מ' פיגלה, היתה אשת הרב מ' חיים הוכגלרנטר, שהרביץ תורה בקהלות שונות בפולניה[7].

לדאבוני לא יכלתי לזהות מי מלא מקומו של הר"י הנ"ל, אמנם אחרי כן נתעטר בעטרת הרבנות מקהלת טארנוב הרב מו"ה אברהם אבלי הכהן רפאפורט, מגזע הרב בעל הש"ך[8], ותשובות שונות שהשיב לשואליו בענינים שונים הדפיס בנו בתוך[9] שני חלקי ספרו שו"ת מהר"י הכהן (לבוב תרכ"ט—ל"ה).

ה"ר אברהם אבלי הנזכר הרביץ תורה בטארנוב שנים רבות, ובהלקחו למרומים הושיבו את בנו הרב מ' ישראל הנזכר על כסאו, ואחרי מותו נתעלה לרב העיר טארנוב הרב מ' אברהם אבלי הכהן שנור, נין ונכד של הרא"א הנ"ל. הוא נולד בשנת תרי"ח, שמש בתחילה בתור רב העיר אושפיצין, ובשנת תרנ"ט הושיבוהו על כס זקנו. יהי זכרם לברכה.

* * *

מן פרנסי העיר טארנוב אשר זכו לשם עולם לא יכרת היה ה"ר בנימין וולף לנדא. אביו ה"ר יחזקאל היה אלוף ודיין בעיר אפטא[10], וזכה לגדל את בנו לתורה ולגדולה, כי נעשה למנהיג העיר טארנוב והגליל, והיה גובה את המסים מן הקהלות בעד הממשלה, שהיה איש אמון בו, במשך שנים רבות עד יום מותו, ועל מצבת קבורתו חרות:

---

4א) השוה היילפרין, פנקס מדינת ליטא, עמ' 591.
4) השוה כרם חמד השלישי עמ' 156, אגרות רמח"ל עמ' שכ"ז.
5) השוה בכורים הנ"ל עמ' 14.
6) השוה דעת קדושים עמ' 69 והלאה.
7) השוה דעת קדושים עמ' 72.
8) כאשר הוכחתי לדעת בספרי כתר כהונה.
9) כמו ח"א מחלקת אה"ע סמן ד' כ"ה, יו"ד סמן נ"ב, ס"ב, ואו"ח סמן ל"ז.
10) דעת קדושים עמ' 104, והשוה גם בספרי בני לנדא למשפחותם.

פ״ט, בגבול בנימין, עליו יגדל המספד
כמספד יאשיהו ברמון, רועה נאמן, אביר
הרועים ורעיא מהימנא, כמוה״ר בנימין
וואלף ב״ר יחזקאל לנדא, נפלה עטרת
ראש המדברים, פרנס וראש המדינה, אוי
לדור שאבד מנהיגו... נפטר... ד׳ ז׳
אייר תצ״ז לפ״ק[11].

* * *

ואלה תורניה וסופריה:

א) ה״ר שבח מגיד, שהטיף פה דרשות לפני קהל ועדה ומעת לעת היה סובב גם בערים אחרות כנהוג בימים ההם. הרב החכם והחוקר מו״ה שמחה פינסקר בנו, שחבר הספר החשוב לקוטי קדמוניות (וינה תר״ך), נולד פה בשנת תקס״ג, והוא אבי הד״ר יהודה ליב פינסקר, ממחוללי הציונות.

אחרי שנות עמל ותלאה עזב ה״ר שבח את ארץ החיים בשנת תקע״ו, וזאת חרות על מצבתו:

שבח מגדל עז מוכיח בשער,
מגיד דברי אל לזקן ולנער,
לקח נפשות חכם במתק שפתים,
בדעתו הבין פתיים, האיר עינים,
זה שבח של יום השביעי שבו דרש
חכמה ומוסר ורבים השיב מעון
בדרשותיו הנחמדות בתורה שבכתב
ושבע״פ ה״ה הרב המפורסם חריף
ובקי בנגלה ונסתר בשבע חכמות
מורינו ורבינו מו״ה שבח במו״ה
מרדכי הלוי זצ״ל מ״מ ומו״צ פה
ק״ק טארנוב ובשאר קהלות קדושות
נפטר בתשעה באב תקע״ו. תנצב״ה.[12]

ב) ה״ר זאב דב שנקיל, המחבר ס׳ מגיד צדק (קראקא תרנ״ד), הכולל באורי ההפטרות בדרכי החסידים.

ג) ה״ר יעקב שנקיל, שהיה עסוק בנעודיו במסחר הספרים, והביא לדפוס בוינה (בשנת תרכ״ד) הגדה של פסח עם פירושים רבים, ובסוף ס׳ תפלה למשה (פודגורזע תר״ס) נדפס ממנו תפלה ליעקב, דרשה על המדות.

ד) ה״ר נפתלי צבי גולדברג, המחבר ס׳ בית לוי על מסכת גטין (פרמישלא תרל״ח) היה שנים רבות ראב״ד בטארנוב.

---

11) בכורים, שנה שניה עמ׳ 9.
12) שם עמ׳ 11.

ה) ה״ר שמעון בצלאל ניימן, מיוצאי חלצי ה״ר ישראל ניימן, המחבר מחנה ישראל, שכהן פאר בקראקא בתור ראב״ד בימי הרב מ׳ שמעון סופר, גם הוא שלח ידו במסחר הספרים, ויהי הסוכן הראשי של המדפיסים בווילנה בעד מדינת גליציה, ואחרי כן רכש את בית מסחר הספרים מן יורשי ה״ר אהרן פויסט בקראקא. הוא פרסם במשך ימי חייו ספרים רבים במקצוע ההלכה, וכמו כן ספרי דרוש שהבאתים בספרי בית עקד ספרים.

ו) ה״ר מרדכי וייסמן־חיות, בנו של ה״ר יצחק יהודה ליב. בנעוריו חבר הגהות ומ״מ אל הוצאת התלמוד ירושלמי (קרוטושין תרכ״ו), „ואני הנני טרוד מאד כל היום בעניני מסחר ורגעים מנו לי, ובחפזון גדול במשך זמן קצר בעתותי לילה השלמתי בעזה״י כל המלאכה הכבדה הזאת מהחל ועד כלה״. זולת זה העשיר העתונים המגיד, הנשר ועוד במאמרים יקרי הערך, מלבד מספר רב ספרים במקצועות שונים. הוא נולד בטארנוב בשנת תקצ״א ונפטר בוינה בשנת תרע״ד.

ז) ה״ר נפתלי קלר, נולד בטארנוב בשנת תקצ״ד (ט״ז שבט) לאביו ה״ר מנחם מנדל, סוחר ביין, וכבר בנעוריו החלה רוח ההשכלה לפעם בקרבו, ומעת לעת פרסם מאמריו בעתונים שונים, ונעשה לסופר פורה רב־צדדי, מספר ועורך השנתון בכורים (וינה תרכ״ד—ה) אשר במשך הדפסת החלק השני נאסף אל עמיו. חתנו לוקח בתו, ה״ר חיים מרגליות, מי שהיה רב בדובנא, הוציא ספרו ספורי נפתלי (ורשה תרם).

ח) ה״ר מרדכי דוד ברנדשטטר מספר והומוריסט, אחד מעמודי התוך של חוגי השחר, שהעשיר את ספרותנו בספוריו מחיי החסידים והצדיקים בגליציה, שנתפרסמו בשם כל ספורי (קראקא תרנ״ה) ובהוספות ותולדות ימי חייו, ורשה תר״ע—פ.

ט) ה״ר אהרן יהודה היימן, חוקר נעלה שחבר הס׳ הזכרון והשכחה (קראקא תרמ״ח) על מהות הזכרון ואיכותו וכו׳, כמו כן הדפיס סדרים והתרכזות, איך להיטיב מצבם החמרי של היהודים בגליציה, עם שם ושארית, על השארות הנפש (קראקא תרס״ד).

**הרב יהודה גפן** (אויסאיבל) — אב״ד כפר אתא*

# דאס יידיש-רעליגיעזע טארנע

### 1.

טאַרנע איז געווען איינע פון די שענסטע יידישע שטעט אין גאַליציע, באַוואוסט אין דער יידישער וועלט אַלס עיר ואם בישראל, אַלס צענטער פון תורה, יידישקייט, צדקה וחסד. דער נאָמען טאַרנע איז געווען שטאַרק פּאָפּולער אין דער יידישער וועלט און פלעגט דערמאָנט ווערן מיט דרך־ארץ און כבוד. דער עיקר איז טאַרנע באַרימט געוואָרן אַ דאַנק איר אייגנאַרטיקן לעבנסשטייגער פונעם יידישן ציבור און אירע מוסטערהאַפטע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן. די רעליגיעזע יידן אין טאַרנע האָבן געבילדעט אַ ריזיקן כוח, אָבער אויך די אַזוי־גערופענע „פרייע״ (נישט־רעליגיעזע) זענען געווען גאַנץ־ווייט פון דעם, וואָס מיר פאַרשטייען, ליידער, היינט אונטער דער דאָזיקער באַצייכענונג. דאָס זענען געווען פשוטע יידן — בעלי־בתים, סוחרים, בעלי־מלאכות, מיט אַ טיפן געפיל פאַר תורה און יידישקייט, יידן וואָס פלעגן אין גרויסע צאָלן צונויפזאַמלען זיך אין די שולן און בתי־מדרשים. כופרים און מומרים־להכעיס זענען כמעט נישט געווען בנצא אינעם גרויסן יידישן צענטער טאַרנע.

די צירונג און שטאָלץ פונעם יידישן טאַרנע זענען געווען די שולן, בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך, וואו דאָס קול תורה ותפילה האָט כמעט נישט אויפגעהערט בייטאָג און ביינאַכט און זיי זענען שטענדיק פול געווען מיט לעבן, שמחה און גייס־טיקער דערהויבנקייט. די גרויסע קלויז, אָדער ווי מען פלעגט זי רופן — די סאַנדזער קלויז, איז געווען די פעסטונג פונעם אָרטאָדאָקסישן טאַרנע. דאָרט האָבן געדאַוונט אַרום 500 מתפללים, אַ חוץ אין די דערבייאיקע שטיבלעך. די סלתה ושמנה — די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט פלעגן דאַוונען און לערנען אין קלויז, וועלכע איז געווען אָפן אַ גאַנצן מעת־לעת פאַר תורה ותפילה. אין די ווינטער־נעכט, בעת די גרעסטע פרעסט, שנייען און זאַווערוכעס, איז שוין 2 אַ זייגער פאַרטאָג געווען טעטיק די קלויז, וואו ס׳האָבן זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל בחורים און בעלי־בתים,

---

* דער מחבר — זון פון אַן אָנגעזעענער חסידישער משפחה אין טאַרנע האָט געלערנט אין דער באַקאַנטער ישיבה אין לובלין און איז געווען איינער פון די בעסטע תלמידים פון הרב מאיר שפירא זצ״ל. ר׳ יהודה אויסאיבל איז עולה געווען קיין ישראל נאָך דער לעצטער וועלט מלחמה און געפירט אַ געוויסע צייט אַ ישיבה אין חיפה. זייט אַ לענגערער צייט איז ער רב אין כפר־אתא.

רעד.

וואָס האָבן געלערנט מיט התמדה. די וואָס האָבן פאַרשפּעטיקט און געקומען אַרום 5 פאַרטאָג אין דער גרויסער קלויז, האָבן קיין זיץ־פּלאַץ שוין נישט געקענט געפינען. אויך אין משך פון גאַנצן טאָג איז די קלויז פול געווען מיט בחורים, קעסט־יונגעלייט און תלמידים פון די העכערע כיתות אין תלמוד־תורה. אַלע האָבן זיי געשטראָמט אין דער גרויסער קלויז. אין די אָוונטן האָט דאָרט געקאָכט ווי אין אַ קעסל פון די מתפללים און לומדי־תורה און סתם יידן וואָס פלעגן קומען וואַרימען זיך ביי די גרויסע אויוונס און ביי דער געלעגנהייט אַריינגעכאַפּט אַ וואָרט תורה אָדער אַ קאַפּיטל תהילים. אַזוי איז מען געזעסן ביז שפּעט ביינאַכט, ווען ס'איז אָנגעקומען די צווייטע שיכט לומדים.

נישט קיין וואונדער, וואָס פון דער טאָרנער קלויז זענען אַרויסגעוואַקסן וועלט־באַרימטע גאונים און גדולי ישראל.

אויך דאָס שטאָטישע בית־המדרש אויפן פיש־פּלאַץ איז נישט געבליבן הינטער־שטעליק. דאָרט האָט מען שוין 2 פאַרטאָג געקענט טרעפן יידן לערנען מיט חשק און זאָגן תהילים. עטלעכע יידן האָבן ספּעציעל פאַרנומען זיך מיט קאָכן טיי און מיט איר מכבד געווען די שטענדיקע געסט — געפּרווירענע יידן וואָס פלעגן קומען פאַרטאָג פון גאַנץ ווייטע גאַסן. אויך אין די אָוונטן איז דאָס בית־המדרש געווען געפּאַקט מיט מתפללים, און מגידים פלעגן דאָרט לאָזן הערן זייערע דרשות וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אינטערעס. אַזוי האָבן יידן געדאַוונט אינדערפרי, ביי מנחה־מעריב, שבת און יומטוב, געזאָגט תהילים, געלערנט מדרש, עין יעקב, פּרקי אבות אָדער געהערט די דרשות פון מגיד.

אין טאָרנע האָט זיך אויך געפונען די אַלטע שול, איינע פון די עלטסטע אין פּוילן. עס איז געווען אָנגענומען, אַז די דאָזיקע שול איז שוין אַלט 500 יאָר, און אַז דער באַרימטער ש"ך, הרב שבתי הכהן ראַפּאַפּאָרט ז"ל, האָט אין איר געדאַוונט. די אַלטע שול איז געווען איינע פון די היסטאָרישע שולן אין פּוילן, און רבנים פלעגן דאָרט האַלטן דרשות ביי אָפיציעלע געלעגנהייטן.

די נייע שול (סינאַגאָגע) איז אָנגעגאַנגען אַלס איינע פון די שענסטע אין



די חורבות פון דער נייער שול (פאָטאָגר. אינעם יאָר 1946)

פוילן צוליב איר גלאַנץ און פּראַכט, אַרכיטעקטאָנישער קונסט און גרויסקייט. אינעווייניק, האָט יעדער באַזוכער געמוזט באַוואונדערן די שענקייט און הערלעכ־קייט פון דעם קונסטווערק. די באַרימטע חזנים מיט אַ וועלט־נאָמען און אויסגע־צייכנטן כאָר, פלעגן דאָרט דאַוונען. די גרויסע שול־געביידע האָט מען געזען פון גאַנץ ווייטע מקומות אין און אַרום טאַרנע.

אין שטאָט האָבן זיך נאָך געפונען צענדליקער שולן, מנינים און חסידים־שטיבלעך, ווי: דבורה׳ס מענקעס שול, סטוטשינער מנין, ר׳ ישעיהלעס מנין, סטרו־שינער שול, גראַבאָווקער שול, די מנינים: דזשיקאָווער, פּאָקשעוויצער, בעלזער, באָבאָווער, גראָדזשיסקער, אַלט־סאַנדזער, מגיד, לומדי־תורה און צענדליקע אַנדערע.

הערלעך־שיין האָט אויסגעזען אין טאַרנע דער שבת און יומטוב. אַלע יידישע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. זיין מאַיעסטאָט דער שבת — האָט אויסגע־געשפּרייט זיין מלוכה איבער גאַסן און קוואַרטאַלן, וואו ס׳זענען אַרומגעגאַנגען יידן מיט זיידענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך. ווער ס׳האָט זיך געאײַלט צום שיעור אין קלויז צי אין בית־המדרש, אָדער צום טיש פון זיין רבין. אַרבעטער און בעלי־מלאכות, אויסגעהאָרעוועטע פון אַ גאַנצער וואָך, האָבן אויסגענוצט דעם שבת־רו פאַר אַ שפּאַציר מיט נאָענטע און באַקאַנטע. אין אַזעלכע ימים טובים ווי ראש־השנה און שבועות, פלעגן טויזנטער חסידים פון גאַנץ פוילן קומען צו זייערע רביים קיין טאַרנע. אויך חסידים פון אויסלאַנד (ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד און דייטשלאַנד), פלעגן קומען צום דזשיקאָווער רב ז״ל, וועלכער האָט געוואוינט אין טאַרנע.

הערלעכע יידישע אינסטיטוציעס האָבן עקזיסטירט אין שטאָט: דאָס יידישע שפּיטאָל מיט הונדערטער בעטן, מאָדערנסטע איינריכטונגען און אַלע באַקוועמלעכ־קייטן. די בעסטע דאָקטוירים זענען דאָרט געווען טעטיק; די תלמוד־תורה האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע געביידע און בערך 600 תלמידים זענען דאָרט דערצויגן געוואָרן.



די חורבות פון דער זשאַבנער שול (פאָטאָגר. אינעם יאָר 1946)

דער עיקר זענען דאָס געווען אָרעמע קינדער, וועמענס עלטערן האָבן נישט געקאָנט צאָלן קיין שכר לימוד; געווען אויך אַ ברייטע נעץ פון חדרים, בית־יעקב שול און ישיבות, דאָס בית־יתומים, ביקור חולים, וואו אָרעמע קראַנקע זענען געשטיצט געוואָרן בכבוד.

רעליגיעזע יידן אין טאַרנע זענען געווען אָרגאַניזירט אין אגודת ישראל, צעירי אגודת ישראל און מזרחי. בלויז דער טייל אָרטאָדאָקסיע וואָס האָט זיך גרופירט אין קלויז, איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום פּאַרטיי, ווייל דאָס איז פאַר זיי געווען אַ מאָדערנע ערשיינונג. פון די יידיש־רעליגיעזע עסקנים זענען באַזונדערס געווען טעטיק: ביי אגודת ישראל — ר׳ אהרון ראָזענצווייג, ר׳ אלי געווערץ, ר׳ שמעון אבערדאם, ר׳ שלמה מעהר, ר׳ זלמן לייב וואַלאַך, ר׳ מרדכי לויפער און אַנדערע. ביי דער קלויז — ר׳ פנחס טעמפּלער, ר׳ וואָלף וועקסלער, ר׳ אלימלך רייגהאָלד, ר׳ חיים אבערדאם, ר׳ ישראל ווינד, ר׳ ראובן שטרויס, ר׳ חיים ענגלענדער און אַנדערע. פון בעלי־בתים — ר׳ אלי באַראַן, ר׳ פייוול בלאַזער, ר׳ אבוש פויסט, ר׳ מאיר לעוו, ר׳ נפתלי אלימלך פינעס און אַנדערע. פון מזרחי — ר׳ וואָלף געצלער, ר׳ יחיאל קורץ, ר׳ יעקב הערצמאַן, ר׳ יצחק מ. ציטראָנענבאום.

דאָס אָרטאָדאָקסישע טאַרנע איז געווען טעטיק און אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון יידישן ציבור־לעבן און אַרויסגעגעבן פון זיך ערלעכע, געוויסנהאַפטע עוסקים בצרכי ציבור באמונה, אויפריכטיקע כלל־טוער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן פיל פון זייער צייט, געלט און כוח פאַר די אינטערעסן פון כלל. טיפּזי פון אַזעלכע ערלעכע



ר׳ חיים ענגלענדער ז״ל

כלל־טוער זענען היינט, ליידער, גאַנץ ווייניק בנמצא און געהערן צו דער הערלעכער פאַרגאַנגנהייט.

פונעם שיינעם יידישן טאַרנע זענען געבליבן לעבן נאָר יחידים, צעזייט און צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט, און אויף זיי ליגט די אויפגאַבע איבערצוגעבן די שפּעטערע דורות וועגן לעבן, יסורים, ליידן און חורבן פונעם היסטאָרישן יידישן קיבוץ טאַרנע וואָס האָט זיך געפונען אין האַרץ פון גאַליציע.

דברי ימי טארנוב לא יעברו מתוך היהודים וזכרה לא יסוף מזרעם.

די יידישע וועלט וועט שטענדיק געדענקען דעם חרוב־געוואָרענעם גרויסן יידישן צענטער טאַרנע.

2

## גדולי ישראל אין טאַרנע

טאַרנע איז געווען באַרימט מיט אירע גדולים וצדיקים מיט וועלט־נעמען. צו די ערשטע גדולי טאַרנע געהערט דער רבי ר׳ שמעלקע טאַרנער ז״ל, אַ זיידע פון ר׳ שמעלקע פון ניקלשפורג, וועלכער איז נפטר געוואָרן לערך מיט 260 יאָר צוריק, אין יאָר תנ״ו — ווי עס שטייט אויף דער מצבה: וישפט שמואל את העם ארבעים שנה וימת... דאָס הייסט, אַז דער רבי ר׳ שמעלקע איז אין טאַרנע געווען רב אין משך פון 40 יאָר און איז נפטר געוואָרן אין יאָר וימת (ד. ה. תנ״ו). אינטערעסאַנט, אַז אין משך פון פיל יאָרן האָט קיינער נישט געקענט געפינען זיין קבר. ערשט דער רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ ז״ל האָט מיט זיין שטעקן אָנגעוויזן אויפן אָרט פון קבר און געהייסן גראָבן. און טאַקע דאָרט איז אַנטדעקט געוואָרן די אוראַלטע מצבה וועלכע איז דערנאָך אָפּגעפרישט געוואָרן.

אויפן טאַרנער בית־החיים רוען אַזעלכע גדולי ישראל, ווי: בעל „שובע שמחות", הר״י הכהן ראַפּאַפּאָרט. אינטערעסאַנט, אַז דער באַרימטער צדיק, רבי ר׳ הערש פון רימאַנעוו און תלמיד פון רבי ר׳ מענדעלע פון רימאַנעוו (שטאַמט אויך פון טאַרנע), האָט אין טאַרנע אין דער יוגנט געלערנט שניידעריי און שפּעטער אויס־געוואַקסן איינער פון די גרעסטע צדיקים פון זיין דור. אַ געוואַלדיקער איש מופת, דער וועלט־באַרימטער גאון אין דער לעצטער צייט, ר׳ יוסף ענגעל ז״ל, מחבר פון מאָנומענטאַלע הלכה־ספרים — שטאַמט אויך פון טאַרנע. דער גרויסער גאון ר׳ שמואל ענגעל ז״ל, באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט אַלס ראַדאָמישלער רב (די לעצטע יאָרן זיינע געוואוינט אין קאַשאַו, טשעכאָסלאָוואַקיי), שטאַמט אויך פון טאַרנע. עס איז שווער איבערצוגעבן די אַלע נעמען פון די גאונים און צדיקים וואָס זענען געבוירן געוואָרן, געלעבט און געווירקט אין טאַרנע. מיר וועלן דאָ זיך באַגנוגענען מיט איבערגעבן בלויז אַ קורצע רשימה פון די גדולי וצדיקי ישראל, טעטיקע אין טאַרנע אין דער לעצטער צייט.



די מצבה פון ר׳ אברהם הלוי ז״ל



די מצבה פון ר׳ אריה בן פנחס הלוי ז״ל, אַן אייניקל פונעם ראָפּשיצער רבי זצ״ל

## הרב ר׳ מאיר אראק זצ״ל

דער לעצטער רב „מרא דאתרא״ אין טאַרנע איז געווען דער וועלט־באַרימטער גאון וצדיק ר׳ מאיר אראק, באַוואוסט אַלס יאַזלאָוויצער רב, אָדער בוטשאַטשער רב. ער איז געווען דער „חד בדרא״, דער גרעסטער אויטאָריטעט אויפן געביט פון הלכה. פון דער גאַנצער וועלט האָט מען זיך צו אים געווענדט מיט פאַרשידענע קאָמפליצירטע און שווערע שאלות. זיין וואָרט איז געווען דעצידירנדיק אין דער תורה־וועלט. ער איז געווען דער מחבר פון ריזיקע תורה־ווערק, ווי: מנחת קנאות, מנחת פתים, שיורי טהרה, טל תורה און אמרי יושר, ווי אויך פון פיל אַנדערע חיבורים וואָס זענען נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן. זיינע ספרים זענען באַרימט געוואָרן אין דער וועלט אַלס קלאַסישע הלכה־ספרים. געווען טעטיק אויף פיל געביטן און אָנגעפירט מיט אַ גרויסער ישיבה. פון גאַנץ ווייט פלעגן קומען בחורים־עילויים לערנען ביים טאַרנער רב. צו זיינע גדולי־התלמידים פון דער לעצטער צייט געהערן: הרב מיכאל פרעמינגער, הרב יוסף שעפּפל, הרב מיכאל העניק, הרב מנחם־מענדל הורוויץ, הרב יצחק טעמפּלער, הרב מעכעלע האָלענדער, הרב שלמה וואָלף, הרב משה וואָלף, הרב חיים־אליעזר הורוויץ, און פיל אַנדערע. די אויבנ־דערמאָנטע יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. פון די לעבנ־געבליבענע תלמידים איז נאָך באַוואוסט הרב יהודא הורוויץ, אַ זון פון דזשיקאָווער רב, איצט אין ירושלים. הרב אלקנה זאַובערמאַן, געוועזענער רב אין יאָרדאַנאָוו, איצט אין אַמעריקע. הרב עהרענבערג, איצטיקער ראש בי״ד אין יפו און הרב ווייסבלום פון חיפה. דער לעצטער טאַרנער רב ר׳ מאיר אראק זצ״ל איז נפטר געוואָרן דעם ערשטן טאָג סוכות תרפ״ו.

## בית דינא רבא דק״ק טארנוב

דער לעצטער צוזאַמענשטעל פון ראַבינאַט אין טאַרנע איז געווען פאָלגענדער:

הרב ר׳ חיים קירשענבוים, הרב יצחק ראַפּאַפּאָרט (דעם שידלאָווער רב׳ס איידעם), הרב קלמן אראק (אַן אייניקל פון אויבנדערמאָנטן ר׳ מאיר אראק זצ״ל), הרב זאב פרידמאַן, הרב יעקב קורץ, הרב זאב פינק, און דער יונגער גאון און עילוי הרב מיכל האָלענדער — כמעט אַלע אומגעבראַכט דורך די נאַציס.

## דער פּאקשעוויצער רב ר׳ יחיאל הורוויץ זצ״ל

דער עלטסטער רבי אין טאַרנע אין דער לעצטער צייט איז געווען דער פּאָקשעוויצער רב זצ״ל, אַ זון פון אמרי נועם זצ״ל, אַן אייניקל פון רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ זצ״ל, פון גרעסטן רביישן יחוס, אַ גרויסער עובד ד׳ און אוהב ישראל. ער איז געווען זייער באַליבט און פּאָפּולער ביי אַלע שיכטן און קרייזן פון שטאָט. הונדערטער חסידים, אפילו פון קאָנגרעס־פּוילן, פלעגן פון גאַנץ ווייט קומען צום



די מצבה פון רבי נפתלי בן יחיאל אב״ד פאָקשעוויץ — אַן אייניקל פונעם ראָפּשיצער צדיק זצ״ל.

פּאָקשעוויצער רבין זצ״ל און אַ סך פלעגן געהאָלפן ווערן פון זיינע עצות און ברכות. ער איז נפטר געוואָרן י׳ שבט תרפ״ח. איבערגעלאָזט דריי זין, וועלכע האָבן ממשיך געווען אין זיין דרך. זיין זון ר׳ אַלטער הי״ד, לעצטער פּאָקשעוויצער רבי, איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

## דער סטוטשינער רב ר׳ יצחק הורוויץ זצ״ל

דער שטוטשינער רב ז״ל, אַ זון פון אַלטן ראָזוואַדאָווער רב ר׳ משה׳לה ז״ל, אייניקל פון רבין ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ זצ״ל, האָט געהערט צום אַלטן דור חסידישע רביים. אַ גרויסער למדן און צדיק, פיל יאָרן איז ער אינגאַנצן געווען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אָפּגעשלאָסן אין זיין צימער אויף שפּיטאַלנע גאַס און עוסק געווען בתורה ובעבודה. ער איז אויך באַרימט געווען מיט זיין כוח הנגינה נוסח ראָזוואַדאָוו. אַן אמתער תענוג איז געווען צו הערן אים דאַוונען אָדער זינגען די באַרימטע



דער סטוטשינער רב ר׳ יצחק הורוויץ זצ״ל — (נעבן אים שטייט זיין זון הרב הצדיק ר׳ יהודה הורוויץ).

ראָזוואַדאָווער ניגונים, וואָס פלעגן צוציען הונדערטער יידן. סטוטשינער חסידים האָבן אים אויפגעשטעלט אַ גרויס הויז מיט אַ בית־המדרש אַנקעגנאיבער דער נייער שול, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון תורה און חסידות. אָנהויב דעם צווייטן וועלט־קריג אין יאָר 1939 איז ער פאַרפייניקט געוואָרן פון די **נאַציס**. נפטר געוואָרן אין סאַנאָק אין יאָר ת״ש. זיין זון הרב הצדיק ר׳ יהודא הורוויץ, סטוטשינער רב אין אַמעריקע, איז דאָרט ממשיך דאָס סטוטשינער־ראָזוואַדאָווער חסידות.

## דער דזשיקאָווער רבי ר׳ אלטער הורוויץ הי״ד

איינער פון די פאָפּולערסטע רבנים אין טאָרנע איז געווען דער דזשיקאָווער רב הי״ד, אַ זון פון אַלטן דזשיקאָווער רבי בעל „עטרת ישועה״ און אַן איידעם פון ווישניצער רבין ר׳ ישראלטשע ז״ל (אַן אייניקל פון רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ זצ״ל). ער האָט פיל יאָרן געוואוינט אין טאָרנע און געהערט צו די חשובסטע רביים אין גאַליציע בכלל און אין טאָרנע בפרט. ער איז באַרימט געווען מיט זיין אמתער חכמה און פקחות, באַוואוסט אַלס חכם עתיק אין מילי דעלמא, אין וועלטס־ענינים. טויזנטער פלעגן זיך ווענדן צו אים וועגן עצות אין אַלע פאַרוויקלטע ענינים און מיט זיין גרויסער חכמה האָט ער אַלעמען געהאָלפן.

צו די דזשיקאָווער חסידים האָבן באַלאַנגט די שענסטע יידן אין גאַליציע: תלמידי־חכמים, גבירים, יחסנים און אויך יידן פון דער גרויסער וועלט — ענגלאַנד,

דייטשלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד א. אַז. וו. אויף די יומטובים פלעגען זיי קומען צום דזשיקאָווער רבי. נאָך איצט עקזיסטירן דזשיקאָווער קלויזן אין ענגלאַנד, בעלגיע, אַמעריקע, וועלכע זעצן פאָר די הערלעכע טראַדיציע פון דזשיקאָווער חסידות. די דזשיקאָווער נגינה איז באַרימט געווען אויף דער גאַנצער וועלט. דער דזשיקאָווער רב איז געווען אויסערגעוויינלעך פּאָפּולער און באַליבט אין אַלע קרייזן און שיכטן. ער פלעגט אָפט רעדן וועגן קריג וואָס דאַרף אויסברעכן און כמעט פאָראויסגעזען זיינע טראַגישע אַנטוויקלונגען.

ער האָט מיטגעמאַכט דאָס גאַנצע גהינום יסורים ביי די נאַציס אין די געטאָס פון טאַרנע און קראָקע. אומגעקומען דורך די פאַרברעכערישע דייטשן אין קראָקע, ז׳ אדר תש״ג. פון זיינע קינדער זענען לעבן געבליבן זיין זון הרב הצדיק ר׳ יהודא הורוויץ (איצט אין ירושלים) און זיין טאָכטער דבורה אַבראַמאָוויטש־הורוויץ (אין תל־אביב), ווי אויך אייניקע אייניקלעך וועלכע געפונען זיך אין ישראל.



פון רעכטס דער דזשיקאווער רבי ר׳ אלטער זצ״ל — פון לינקס זיין נאענטסטער חסיד ר׳ שמואל עדער ז״ל.



דער דזשיקאווער רבי ר׳ אלטער הורוויץ הי״ד.

## ר׳ לייביש טאַרנער זצ״ל

ר׳ לייביש טאָרנער, אָדער ר׳ לייבישל, ווי מען פלעגט אים רופן, איז געווען אַ זון פון אַלטן שיניוועער רב, בעל „דברי יחזקאל״ זצ״ל, אַ רעכט אייניקל פון הייליקן סאַנדזער צדיק, בעל „דברי חיים״ זצ״ל. ער איז געווען דער רבי פון קלויז און פון די סאַנדזער שיניוועער חסידים. טאָרנער יידן האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ און רעספּעקט אַלס למדן, ירא־שמים און גרויסער מיוחס. ער איז געווען אַ שטרענגער מענטש, נישט לייכט מותר געווען אויף זיינע פּרינציפּן און שטרענג געפירט זיך לויטן שולחן ערוך. נפטר געוואָרן אין יאָר תר״ץ אין טאָרנע.

## דער זשאַבנער רבי ר׳ אליעזר אונגער הי״ד

דער זשאַבנער רבי ר׳ אליעזר אונגער הי״ד, אַ זון פון אַלטן זשאַבנער רב ר׳ שלום דוד אונגער זצ״ל, אַן אייניקל פון רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ זצ״ל און פון רבין ר׳ מרדכי־דוד פון דאָמבראָווע, וועלכער האָט אויך געוואוינט אין טאָרנע און פיל יאָרן געווען דאָרט טעטיק, — איז געווען באַוואוסט אַלס גרויסער למדן. אַלס אייניקל פון ראָזוואַדאָווער פון דער מוטערס זייט, האָט ער געירשנט דעם כוח הנגינה פונעם ראָזוואַדאָווער און באַרימט געווען מיט זיין דאַווענען און זינגען. אומגעקומען דורך די נאַציס אין לעצטן קריג.



דער זשאבנער רבי ר׳ אליעזר אונגער ה״יד

# דער גראַדזשיסקער רב ר׳ אליעזר הורוויץ הי״ד

דער גראַדזשיסקער רב ר׳ אלעזר הי״ד, אַ זון פון פלאַנטשער רב זצ״ל און אייניקל פון אַלטן ראָזוואַדאָווער רב ר׳ משה׳ל זצ״ל, איז געווען באַוואוסט אַלס גרויסער ירא שמים און עובד ד׳. געהאַט אַ גרויסן קרייז חסידים און פאַרערער. אומגעקומען פון די נאַציס אין די מלחמה־יאָרן.

* * *

אויסער די אָפיציעלע רביים וואָס האָבן געגומען „קוויטלעך״ און געפירט „טישן״ א. אַז. וו., זענען אין טאַרנע אויך געווען רביישע אייניקלעך, גרויסע מיוחסים, וואָס יעדער איינער פון זיי איז געווען טעטיק אויף זיין שטייגער, ווי: הצדיק ר׳ ישראל יוסף אונגער ז״ל, ראדלעווער, וויעליפּאָלער און אַנדערע אייניקלעך פון חסידישע רביים.

אין טאַרנע האָבן זיך אויך געפונען בעלי־בתים, גרויסע תלמידי־חכמים, צווישן זיי: ר׳ משהל ראַפּאַפּאָרט, ר׳ רפאל צימעטבוים, ראש־ישיבה און מחבר פון ספרים; ר׳ יעקב־יצחק פּולוער, תלמיד־חכם און ירא־שמים (אָדער ווי מען האָט אים גערופן ר׳ יאקעלע, געוו. בראָדער דיין). ער האָט דערצויגן הונדערטער תלמי־דים (אויך דער שרייבער פון די שורות האָט געהערט צו זיינע ערשטע תלמידים); ר׳ וואָלף ענגעל, ר׳ אברהם געוועלב; ר׳ אליעזר מארדער און פיל פיל אַנדערע.



די מצבה פונעם גראַדזשיסקער רב ר׳ אליעזר הורוויץ הי״ד — אויף דעם בית עולם אין טאַרנע.

## יצחק בלאזער (חיפה)

# א בליק איבערן רעליגיעזן יידנטום אין טארנע

## 1. שבתים און יומטובים

אונדזער פאָלק האָט ספּעציעלע אייגנשאַפטן אויף אָפּהיטן זכרונות און זיי איבערגעבן די צוקונפטיקע דורות. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון לערנען אונדזער תורה, אין וועלכער עס איז פיל מאָל געבאָטן געוואָרן איבערצוגעבן, צו געדענקען און לערנען: „למען תספר באזני בנך ובן בנך״; „זכור את אשר עשה לך עמלק; „לא תשכח!״ — א. אַז. וו.

ווען מיר דערמאָנען דאָס יידישע טאָרנע און איר גרויזאַמען סוף, איז פאַר די פאַרבליבענע שרידים און זייערע קינדער נויטווענדיק צו דערמאָנען וועגן דעם אַמאָליקן פּרעכטיקן, אינטענסיוון־געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז נויטיק צו דערמאָנען די חסידישע יידן יראים ושלמים, די שטאָלצע יידישע אינטעליגענץ, די האַנטווערקער און טרעגער, די שטאָט פון תורה און חכמה, פון די צענדליקער בתי־מדרשים, שולן, קלויזן און ישיבות, וואו פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון תורה און תפילה. ס'דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די טויזנטער תינוקות דבית רבן, די תלמידים ותלמידות, די שאַרפזיניקע מוחות, וואָס האָבן ווי דורשטיקע געטרונקען פונעם תורה־קוואַל אין די שולן, חדרים און ישיבות.

ווער קאָן דערציילן וועגן די ווערטפולע כתבי־יד, תורה־שאַפונגען און ספרים וואָס זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט דער עדה, וועמען זיי האָבן ביים לעבן געדינט?...

* * *

נישט קיין סך שטעט אין מערב־גאַליציע האָבן געהאַט אַזאַ בולט יידישן און רעליגיעזן כאַראַקטער ווי טאָרנע. שוין פונדערווייטנס האָט מען געקאָנט זען די פּרעכטיקע גרויסע געביידע פון דער אַזוי גערופענער נייער שול, איינע פון די שענסטע און גרעסטע שולן אין אייראָפּע, מיט איר קופּערנעם קופּאָל אינעם יידיש־ביזאַנטישן סטיל. דער שבת אין טאָרנע, מיט די פאַרשלאָסענע געשעפטן און וואַרשטאַטן אויף די צענטראַלע גאַסן אין שטאָט, די פאַרבייפאָרנדיקע ליידיקע טראַמווייען (שבת פלעגט מען זיי רופן די „ליידיקגייערס״, ווייל יענעם טאָג זענען געפאָרן אַ העלפט פּאַסאַזשירן ווי אינדערוואָכן), האָבן געלייגט אַ ספּעציפישן יידישן חותם אויף דער שטאָט. און אַז מען רעדט שוין וועגן שבת אין טאָרנע, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַלע טאָרנער יידן, אָן אונטערשיד פון אַנשויאונגען און

פאַרטייען, האָבן אָפּגעהיטן דעם שבת. יעדער האָט פאַרשטאַנען די הייליקייט פון דעם טאָג — פון רעליגיעזן ווי פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט. מיט די שבתדיקע בגדים ביי עמך, מיטן שטריימל און בעקעשעביים חסידישן ייד, זענען אַוועק די וואָכעדיקע געדאַנקען און זאָרגן. אַלץ איז געווען געווידמעט צו פאַרהייליקן דעם שבת און לערנען תורה.

חסידישע יידן אין טאָרנע האָבן זיך געפרייט מיטן שבת ביי רביאישע טישן, הערנדיק דאָרט תורה, זמירות ותשבחות, אַמאָל אַ נייַ ניגונדל, און דערביי געכאַפּט אַ התלהבותדיק ריקודל. דער מיינסטער טייל טאָרנער רביים זענען געווען אייניקלעך פון דער ראָפּטשיצער דינאַסטיע פון האדמו״ר נפתלי ראָפּטשיצער זצ״ל, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דער עיקר ביים מענטשן איז די שמחה וואָס קומט אַרויס פון האַרץ, ווייל די שכינה קאָן נישט רוען אויף דעם מענטש, ווען אין זיין האַרץ איז נישטאָ קיין פרייד. מיט אַלע רמ״ח אברים און שס״ה גידים האָט דער חסידישער ייד אין טאָרנע געפילט דעם עונג־שבת, די פרייד פונעם רו־טאָג.

פון אַלע יידישע יומטובים וואָס זענען געפייערט געוואָרן אין גייסט פון



ר׳ גדליה שוללעהרער ז״ל שטייט פאַר דער סוכה, וועלכע ער האָט אייגנהענדיק אויסגעשניצט און אויפגעשטעלט אויף דעם הויף פון זיין הויז אין דער יידישער גאַס.




צו תשליך אין טאַרנע ביים טייכל „וואַנטאַק״ (פאָטגר. ד״ר פייג)

יידישער טראַדיציע און פייערלעכקייט, האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט שמחת־תורה, מיט דעם גרויסן התלהבות ביי די טענץ ביי די רביים, און ספּעציעל די טענץ אינעם גרויסן הויף פון מזרחי אויף לוואָווסקע 4, וואו עס האָבן זיך באַטייליקט די גאַנצע ציוניסטישע יוגנט פון אונדזער שטאָט: הנוער הציוני, עקיבא, גורדוניה, בית״ר, השומר הצעיר און אַנדערע. דאָס איז געווען אַ הערלעכע צוזאַמענגיסונג פון רעליגיעזע געפילן מיט נאַציאָנאַלע.

עס דערמאָנט זיך אויך דאָס גיין צו תשליך אין טאַרנע, דער גרויסער שטראָם יידן פון אַלע בתי־מדרשים און בתי־תפילות, די רבנים מיט זייערע חסידים אין די שטראַמלען, יידן אין קאַפּעלושן, שול־יידן, טעמפּל־יידן, אַלץ האָט געשטראָמט צום „וואַנטיק״. עס איז געווען ווי אַ רעליגיעזע דעמאָנסטראַציע פונעם טאַרנער יידנטום.

## 2. רביים, רבנים און חזנים

ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, איז טאַרנע באַרימט געווען מיט אירע חסידישע רביים. פיל קלייזלעך זענען אָנגערופן געוואָרן אויף זייערע נעמען. אַזוי, למשל, איז געווען די דזשיקאָווער קלויז, וואו ס׳האָט מתפלל געווען דער דזשיקאָווער רבי ר׳ אַלטער הורוביץ זצ״ל, אַ זון פון „עטרת ישועה״ און אַן אייניקל פון „אמרי נועם״. ער פלעגט באַצויבערן מיט זיין פּאַטריאַרכאַליש געשטאַלט, הדרת־פנים און פקחות. ער האָט זיך אויך אויסגעקענט אויף וועלטלעכע ענינים, געגנוי ווי זיין פאָטער ר׳ יהושועלע זצ״ל. דער דזשיקאָווער רבי איז געווען זייער מפורסם און שטאַרק באַליבט ביי דער גאַנצער שטאָט, אפילו אין די נישט־חסידישע קרייזן. אויך דער סטוטשינער רבי זצ״ל האָט געהאַט אַ גרויסע מאַסע אָנהענגער אין שטאָט און אין דער סביבה. דאָס זעלבע — דער גראַדזשיסקער רבי זצ״ל; דער זשאַבנער רבי זצ״ל; ר׳ ישראל יאָסעלע אונגער זצ״ל; דער זון פון ר׳ לייבישל

האָלבערשטאַם זצ״ל, — און פיל אַנדערע רביים וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן רעליגיעזן לעבן אין טאַרנע.

כמעט אין אַלע רביישע קלייזלעך, אין שטאָטישן בית־המדרש, אין דער גרויסער קלויז, אין באַבאָווער, בעלזער און ביאַלער שטובלעך, האָבן צענדליקער ישיבה־בחורים געלערנט תורה לשמה. און דוקא האָט מען געלערנט גמרא און תוספת מיט חריפות און פּלפּול, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די יסודות פון חסידות זענען קעגן דער שיטה פון לערנען מיט איבערגעטריבענער חריפות, ווייל דאָס טרינקט אויס די זאַפטיקייט און השראה פון יידישן האַרץ. אונדזערע חסידישע ישיבה־בחורים האָבן געלערנט מיט פּלפּול און חריפות און גלייכצייטיק אויף חסידישן שטייגער אויפגענומען תורה און אמונה. אַזוי האָט ביי די טאַרנער תלמידי־חכמים זיך צוזאַמענגעגאָסן דער חסידיזם מיט דער שיטה פון די מתנגדים, דאָס חריפות מיטן פּראָסטן פשט.

פיל פון די דאָזיקע לומדים און ישיבה־בחורים זענען שפּעטער באַרימט געוואָרן אין דער יידישער וועלט אויף פאַרשידענע געביטן: מ. אהרון וויזע, פּראָפעסאָר ד״ר לעאָן קעלנער, פּראָפעסאָר שלום באַראָן — פּראָפ. פון געשיכטע אין אַן אַמע־ריקאַנער אוניווערסיטעט, און פיל אַנדערע.

פיל פון דער טאַרנער רעליגיעזער יוגנט האָבן געלערנט אין דער לובלינער ישיבה, אין דער הילדעסהיימער ישיבה אין בערלין, וואו ס'האָט אויך געלערנט מיין יינגערער ברודער, הרב ד״ר מענדיל בלאזער ז״ל.

זאָלן אויך דערמאָנט ווערן יענע טייערע יידן, די בעלי־נגינה און בעלי־תפילה, וואָס האָבן מיט זייערע שטימעס אַריינגעגעבן אַ רוח־החיים און מתיקות די הייליקע ווערטער פון תפילה: ר' אביש פאָוסט ז״ל, וועמענס מעכטיקער יתגדל ויתקדש טראָגט זיך נאָך אַרום איבער די חורבות פון יידישן טאַרנע; ר' שלום קירשענבוים, און אַלע אַנדערע חזנים און בעלי־תפילות, ווי אויך די חסידישע כלל־טוער און פערזענלעכקייטן: ר' וואָפּטשע וועקסלער, ר' פנחס טעמפּלער, ר' מלך רייגהאָלד, ר' יאָשע הודעס, ר' ישראל ווינד, ר' טוביה גרינבאָום, ר' זימל מוהל, די דיינים: ר' יוסף חיים קירשענבאָום ,דער גראַבאָווקער דיין ר' וואָלף פינק, דער סטרושינער דיין ר. יעקעלע קורץ, הרב אַראָק — און טויזנטער משפחות וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צו די מאַסן־קברים פון טאַרנער יידן, אין די קרעמאַטאָריעס אין בעלזשעץ און זייער לעצטער ווידוי איז געווען דער „ובכל זאת אנו ליה ועינינו' ליה״...

## מחברים פון רעליגיעזע ספרים

דער היטלעריסטישער רוצח האָט אויך פאַרניכטעט טויזנטער ספרים וואָס האָבן זיך געפונען אין די טאַרנער בתי־מדרשים און קלויזן. געווען דאָרט פיל ווערטפולע ספרים, דערונטער אַ טייל דערשינענע אין די ערשטע יידישע דרוקע־רייען. ספרים זענען אַזוי ווי מענטשן און אינעם ספר האָט דער תלמיד־חכם און דענקער אַריינגעלייגט זיין גאַנצע לעבנס־פילאָזאָפיע און קענטעניש. ספרים זענען

דער גייסט פון מענטש, זיי לערנען און דערציען דורות. עס האָט מחבר געווען שיינע ספרים אונטערן נאָמען „אמרי משה" ר׳ משהלע רב יעקעלס ז״ל. אַ ווערט־פול ספר „בית הלוי" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון ר׳ נפתלי ר׳ פסח״ס (גאָלדבערג) ז״ל. הרב הגאון יוסף ענגעל זצ״ל, וועלכער איז געווען ראש אב בית־דין אין קראָקע (געבוירן און דערצויגן אין טאַרנע, געשטאָרבן אין ווין אין יאָר 1920), האָט מחבר געווען 101 ווערטפולע ספרים אויף פאַרשידענע געביטן, ווי: תלמודישע ענציקלאָפעדיע אין 30 בענדער, 28 ספרים אין חכמת הקבלה, 8 ספרים וועגן שבת ול״ט מלאכות, אַ ספר אויף הלכות עירובין, 5 ספרים שאלות ותשובות, 2 ספרים הדושים אויף שולחן ערוך, 6 ספרים וועגן שרשים כלליים על ש״ס ירושלמי, 8 בענדער דרשות וואָס ער פלעגט דרשענען אין די בתי־מדרשים, 11 ספרים חידושים ופלפולים אויף סוגיות הש״ס בבלי וירושלמי. אַ ספר האָט מחבר געווען מעכעלע האָלענדער, אַ תלמיד פון בוטשאַטשער רב ר׳ מאיר אראק זצ״ל, וועלכער איז אין זיינע לעצטע יאָרן געווען אב בית־דין דק״ק טאַרנע און אַ מחבר פון פיל ספרים. ספרי שאלות ותשובות האָט צוו. אַנד. אויך געשריבן ר׳ אַלטער שטיגליץ ז״ל. אַ ספר וועגן מקואות האָט מחבר געווען דער דיין ר׳ יוסף חיים קירשענבאום ז״ל. דער מורה אומאַנסקי האָט אַרויסגעגעבן אַ ספר וועגן „אמוראים" און פיל אַנדערע, וועלכע עס איז אוממעגלעך דאָ אויסצורעכנען. עס איז כדאי צו דערמאָנען דאָס ספר פון דזשיקאָווער חסיד ר׳ מעניע עקשטיין ז״ל, וועלכער פלעגט יעדן יום טום קומען קיין טאַרנע. איך געדענק נישט גענוי דעם נאָמען פון ספר, דוכט זיך — „תנאי הנפש להשגת החסידות" — אַ טיף ספר, וואָס אַ טאַרנער ייד האָט עס געקאָנט באַקומען אין דער גרויסער ציוניסטישער ביבליאָטעק „שפה ברורה". אין דעם דאָזיקן ספר האָט דער מחבר באַגרינדעט זיין פילאָזאָפישע לערע ווי אַזוי זיך צו פירן אויף צו דערגרייכן צו דער מדרגה פון חסידות און אויפגעוויזן וויפל ליכטיקייט, חכמה און טיפע געדאַנקען זענען באַהאַלטן אין דער לערע פון חסידות.

## אגודת ישראל

אין יאָר 1927 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן די אגודת ישראל דורך אָנגעזעענע רעליגיעזע פערזענלעכקייטן: ר׳ אלי געווערץ ז״ל, ר׳ אביש פאוסט ז״ל, ר׳ פייבל בלאזער ז״ל, ר׳ נחמן־לייב וואָלף, ר׳ שלמה מעהר ז״ל, ר׳ מאָטיש קעלנער ז״ל, ר׳ נחמן רענעט ז״ל, ר׳ פייביל קלויזנער ז״ל, ר׳ אהרון ראָזענצווייג ז״ל און אַנדערע.

די גרינדער האָבן אַוועקגעגעבן פיל ענערגיע אויף לערנען תורה. דער רוב חברים פון קאָמיטעט האָבן מקדיש געווען זייער צייט אויף צדקה, הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע. זייער ציל איז געווען צו הויבן דעם נידעריקן מאַטעריעלן מצב אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען פיל יידן אין שטאָט. אַזוי למשל האָט ר׳ אהרון ראָזענצווייג אויסגענוצט די סימפּאַטיע צו זיין פערזאָן לטובת הכלל און פשוט פאַרנאַכלעסיקט זיינע אייגענע ענינים.

די אגודה האָט געהאָלפן פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן און גייסטיקן מצב אין



ר׳ שלמה מעהר ז״ל

טאַרנע, האָט שטאַרק מקפיד געווען צו לערנען תלמוד, ספּעציעל דעם דף יומי.

זי האָט אויך געגרינדעט אַ מיידל־שול „בית יעקב״, אָנגעפירט דורך ר׳ שלמה מעהר, וועלכע איז געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן די אָרטאָדאָקסישע קרייזן אין שטאָט.

## מזרחי

די שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז געווען מזרחי, וועלכע האָט אַרומגענומען אַ ריי משכילים, חובבי ציון פון אַלטן דור, וועלכע האָבן זיינערצייט געקעמפט פאַרן ציוניזם און געשפּינט געדאַנקען וועגן ארץ־ישראלדיקן ישוב. געווען צווישן זיי אייניקע, וועלכע האָבן זיך משתתף געווען אינעם ערשטן כינוס פון חובבי ציון (קאַטאָוויץ, 1884), ווי: ר׳ וואָלף מינץ און אַנדערע. זיי זענען עס געווען די וועג־ווייזער פאַרן מזרחי אין טאַרנע.

די פאַקטישע לייטנדע פּערזאָן פון דעם טאַרנער מזרחי איז געווען איר לאַנג־יעריקע יושב־ראש ר׳ וואָלף געצלער ז״ל, אַ בעל לב גדול, איבערגעגעבענער צו ציון, וועלכער האָט הייליק געגלויבט אין דער נאָענטער אַנטשטייאונג פון אַ יידישער מדינה, אַ בעל־השפעה אויף אַלע יידישע קרייזן אין שטאָט, פאַרשטייער פון

מזרחי, טעטיק אין ועד הקהילה, דעלעגאַט צו עטלעכע ציוניסטישע קאָנגרעסן (צוזאַמען מיט ר׳ יחיאל קורץ ז״ל, באַקאַנטער עסקן און תלמיד־חכם), — און צוזאַמען מיט אים האָבן געאַרבעט פאַרן מזרחי געדאַנק די הברי הועד ר׳ דוד לייבעל ז״ל, מורה גלאַס ז״ל, טרינטשער ז״ל, אברהם בורשטין ז״ל, משה ווייסמאַן ז״ל, העניג ז״ל, ש. ז. לעפעלהאָלץ ז״ל, קליינהענדלער ז״ל, יוסף געווערץ ז״ל, ר׳ ישראל געצלער ז״ל, געוועלב ז״ל, קלמן גערטנער ז״ל און להבדיל לחיים ר׳ חנא פעסיל און אַנדערע. די מזרחיסטישע פאַרטיי האָט אין אַ גרויסער מאָס משפיע געווען צו דעם, וואָס אונדזער שטאָט טאָרנע איז געוואָרן אַ פעסטונג פון ציוניזם.

און אויב אין ישראל איז דאָ אַ באַדייטנדיקער טייל טאָרנער יידן, איז דאָס אַ דאַנק דער השפעה פון מזרחי און דער פערזענלעכער השפעה פון די ציוניסטישע טוער ר׳ חיים נייגער ז״ל ולהבדיל לחיים ד״ר שמואל שפאַן און זייערע תלמידים — ד״ר אברהם כאָמעט, ד״ר וואָלף שענקעל ז״ל און אַנדערע.

מזרחי אין טאָרנע האָט זיין טעטיקייט אַרויסגעוויזן אין פראַקטישער אַרבעט, און אַלע זיינע מעשים און אָנשטרענגונגען זענען געווען געווידמעט דער פאַרגרע־סערונג פונעם ישוב אין ארץ־ישראל. ער האָט אויך אין גרויסער פריינדשאַפט מיט־געאַרבעט מיט אַנדערע פאַרטייען אין פאַרשידענע אינסטאַנצן און אַנשטאַלטן, ווי: שטאָטראַט, קהילה, קרן־קיימת, קרן־היסוד און אַנד.

אויך אויפן קולטורעלן געביט האָט מזרחי זייער פיל אויפגעטאָן. אין לאָקאַל פון מזרחי האָבן מורים משכילים און תלמידי חכמים געלערנט גמרא און תוספות. די העברעאישע שפראַך האָט פאַרשפרייט ר׳ דוד לייבעל און מורה גלאַס. יעדן אָוונט



ר׳ וואָלף געצלער ז״ל

האָט מען געגעבן אַ קורס פאַר יודאַאיסטישער וויסנשאַפט און מיט גרויס טאַלענט האָבן די מורים איינגעפלאַנצט די לערע פון אהבת ישראל וארץ ישראל פון בעל הכורזי ר׳ יהודה הלוי און זיינע לימודים. עס זענען אויך פאָרגעקומען אינטערע־סאַנטע פאָרלעזונגען, אָרגאַניזירטע דורכן חוג עברי.

אין יאָר 1930 איז אין טאָרנע אַנטשטאַנען דער השומר הדתי, וועלכער האָט אַרומגענומען הונדערטער יוגנטלעכע און שילער פון דער רעליגיעזער שול. פיל צייט און מסירות נפש פאַר דער יוגנט־באַוועגונג האָט געווידמעט איר יושב־ראש פיניע בורשטין ז״ל.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ טעטיקע מזרחיסטישע מיידל־אָרגאַניזאַציע „ברוריה״.

די פּרעכטיקע געביידע פון דער באַראָן־הירש שול האָט אין משך פון אַ לענגערער צייט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון מזרחי. הונדערטער תלמידים האָבן דאָרט באקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. די שול איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה און לימוד פון ספרי קודש וספרי חול.

* * *

טאָרנע, מיין יידיש טאָרנע, ווער קאָן דיך פאַרגעסן? ווער קאָן אָפּווישן פון זכרון יענע ליכטיקע טעג, אָנגעפולטע מיט אינהאַלט און אמונה, מיט בטחון און גלויבן אין דער אויפריכטונג פון עם ישראל? ווער קאָן דיר, מיין יידישע טאָרנע, אויפשטעלן אַ מצבה און אויסקריצן אויף איר די געשיכטע פון דיין לעבן און אומקום? עס איז צו אָרעם אונדזער שפּראַך און צו פריש די וואונד פון אונדזער יתומדיקיים, אַז מיר זאָלן געפינען אין זיך גענוג כוח אויף צו קאָנען איבערגעבן און דערציילן כאָטש אַ טייל פון דעם וואָס דו ביסט געווען?

די ווייניק פאַרבליבענע וואָס געפינען זיך דאָ אין לאַנד, וועלן צוריק אויפ־שטעלן רינגען פון דער שיינער קייט טאָרנער יידישקייט און זיי איינשמידן אין דער גרויסער קייט פון עם ישראל. מיר וועלן דערציילן פון דור צו דור די מגילת החיים והמות פון דער קהילה טאָרנע, פון אירע קדושים וטהורים אשר קידשו את נפשם על קידוש השם והעם, ה. י. ד.

## יוסף מאַרגאָשעס

.1

### די טאַרנער קלויז
(קאַפּיטלען פון אַ בוך)

יוסף מאַרגאָשעס ז״ל (דער פאָטער פונעם איצטיקן רעדאַקטאָר פון דער ניו־יאָרקער טעגלעכער יידישער צייטונג „דער טאָג — מאָרגן־זשורנאַל״), האָט אין יאָר 1936 אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק זיין בוך זכרונות א. נ. „ערינערונגען פון מיין לעבן״. דאָרט דערוויסן מיר זיך, אַז יוסף מאַרגאָשעס ז״ל שטאַמט פון אַ געלערנטער משכילישער משפחה אין לעמבערג. צוליבן טויט פון זיין פאָטער (1881) פאָרט ער מיט זיין מוטער אַריבער קיין טאַרנע, וואו זיין פעטער ר׳ יהושע האָט זיך געהאַט באַזעצט נאָך דער חתונה מיט אַ טאָכטער פון די חסידיש־נגידישע משפחות: לעזער, אַבערדאַם און וועקסלער. יוסף מאַרגאָשעס איז געקומען קיין טאַרנע אַלס 14־יאָריק ייִנגל און דאָרט פאָרטגעזעצט זיין לערנען, באַקענענדיק זיך גענוי מיטן חסידישן לעבן אין דער שטאָט. ווייטער ברענגען מיר דריי קאַפּיטלען פון זיין בוך (זייטן 90—98), וועלכע גיבן אונדז אַ בילד פונעם חסידישן לעבן אין טאַרנע אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט .

די טאַרנער קלויז איז געווען אַ שם־דבר איבער גאַנץ גאַליציע און אין איר איז געהערט געוואָרן דער קול תורה גאַנצע פיראונצוואַנציק שעה אין מעת־לעת. די דאָזיקע קלויז איז נישט געווען קיין ישיבה אין וועלכער עס האָט געלערנט אַ רבי מיט תלמידים. דאָ האָט יעדער — העכסטנס צו צוויי־דריי צוזאַמען — געלערנט באַזונדער. אָבער יעדער אין שטאָט (אַ גרויסע קהילה פון איבער פיפצן טויזנט יידן מיט אַ סך לומדים) וואָס האָט נאָר מער אָדער ווייניקער געקאָנט לערנען, האָט געהאַט אַ שייכות צו דער דאָזיקער קלויז.

זי איז אויך געווען אַ סימבאָל און פעסטונג פון חסידות (איבערהויפּט סאַנדזער חסידות). אַלע פרומע יידן אין טאַרנע, מיט קליינע אויסנאַמען, זענען געווען אַנהענגער פון סאַנדזער רבין. און נאָך זיין הסתלקות — פון זיינע קינדער און אייניקלעך.

די טאַרנער אָרטאָדאָקסיע האָט געהאַט איר אָרט אין קלויז און ביי יעדער קלענערער אָדער גרעסערער אָנגעלעגנהייט פאַר כלל ישראל האָט מען זיך באַלד געפרעגט וואָס די קלויז וועט דערויף האָבן צו זאָגן...

ווי אין יעדער שטאָט אין גאַליציע, זענען אין טאַרנע און אויך אין דער קלויז געווען גאָר אַ סך אָרעמעלייט, אָבער אויך אַ היפּש ביסל חסידישע נגידים. און ווי, די גבירים, האָבן אָנגעפירט די גאַנצע „גרענדע" אין קלויז. זיי זענען אויך געווען — אַ חוץ די אויפגעקלערטע און די גאָר „דייטשע" פאַמיליעס — די אָנפירער און טאָן־געבער פון דער ידישער טאַרנע. איבערהויפּט זענען דאָס געווען די צוויי גרויסע איינפלוסרייכע און ווייט־פאַרצווייגטע פאַמיליעס: די שיפּ'ס און די לעזערס.

ר' יאָסל שיף איז, ווען איך האָב אים באַגעגנט, געווען שוין אַ גאַנץ אַלטער ייד. צוזאַמען מיט זיינע זין און איידעמס האָט ער געפירט דאָס גרעסטע אייזן־געשעפט אין גאַנץ טאַרנע. זיי האָבן געהאַט די אויסשליסלעכע פאַרטרעטונג פון עטלעכע גרויסע אויסלענדישע און אינלענדישע פאַבריקן און אייזן־ גיסערייען. ווען מען האָט אין טאַרנע און אין די אַרומיקע שטעטלעך געדאַרפט עפּעס האָבן אין דער אייזן־בראַנזשע, האָט מען געמוזט אָנקומען צו זיי.

דער אַלטער ר' יאָסל שיף האָט זיך שוין מער נישט געמישט אינעם געשעפט, נאָר זיך אָפּגעגעבן מיט חסידות און קהלישע זאַכן. כאָטש ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער תלמיד־חכם, האָט אָבער איטלעכער אין שטאָט אָן אים שטאַרק נוהג כבוד געווען און זיך גערעכנט מיט זיינע מיינונגען. ער איז געווען דער עלטסטער און חשובסטער סאַנדזער חסיד אין טאַרנע.

(קיין גרויסע נגידים זענען אין דער דאָזיקער ווייט־פאַרצווייגטער משפחה פון זון און עטלעכע איידעמס, אפילו נישט געווען. זיי האָבן זיך שטענדיק געדרייט מיט וועקסעלעך און הלוואות ווי אַלע טאַרנער סוחרים, ביז זיי האָבן, נאָכן אַלטנס אָפּשטאַרבן, באַנקראָטירט אויף צווייהונדערט טויזנט גולדען, און שוין פאַרבליבן אָרעמעלייט. בלויז איין איידעם, ר' יוסף שמואל ערליך, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין לאָנדאָן, האָט דאָרט שטאַרק מצליח געווען. ער האָט צווישן די דאָרטיקע יידן באַקומען אַ שיינעם נאָמען פאַר אַ בעל־צדקה און מכניס אורח).

די צווייטע באמת רייכע און שטאַרק איינפלוסרייכע פאַמיליע אין טאַרנע איז געווען די דאָזיקע פון די לעזער'ס.

דער אַלטער ר' וואָלף לעזער איז געווען אַ זון פון באַוואוסטן סטריזשאָווער רב, ר' מנחם מענדל לעזער, מחבר פון צוויי וויכטיקע ספרים,ביידע מיטן נאָמען „שובע שמחות" (דאָס ערשטע אויף תורה על פּי דרך החסידות, און דאָס צווייטע אויף די מסכתות קידושין און כתובות).

קיין גרויסער תלמיד־חכם איז דער דאָזיקער ר' וואָלף לעזער אויך נישט געווען. אַ שטיקל בטלן און אַ באַנק־קוועטשער דערצו. האָט אים אָבער השם יתברך מזכה געווען מיט אַ ווייב, אַ גאָר גרויסע אשת חיל און מיט עטלעכע זייער פּעאיקע טעכטער וואָס האָבן געפירט דאָס גרעסטע טוך און זייד־געשעפט אין גאַנץ טאַרנע. אַלע אַרומיקע פּריצים און שטאָטישע קריסטלעכע איינוואוינער זענען דאָרט

געוועזן שטענדיקע קונים און מיט קיינעם ניט געוואָלט האַנדלען, נאָר מיט דער „באָבאָווסקאַ” (זי האָט געשטאַמט פונעם נישט־וויטן שטעטל באָבאָוו).

זי האָט אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן, אַלע קינדער חתונה געמאַכט, געגעבן גרויסע נדנים (אַלע אירע טעכטער זענען דערנאָך זייער רייך געוועזן) און איר מאַן איז געזעסן אין סאַנדז ביים רבין... אָדער דאָ, אין טאַרנע, אין קלויז און געפּראַוועט חסידות.

צוויי פון זיינע איידעמס זענען געווען שטאַרק רייך: ר׳ זכריה מענדל אבערדאם און ר׳ משה׳ל וועקסלער. ביידע האָבן געהאַט גרויסע קאַנטאָרן און וועקסל־געשעפטן.

איינער פון ר׳ וואָלף לעזערס זין, ר׳ דוד, איז געווען מיין ברודער יהושעס שווער. ער איז געווען אַ שותף אינעם קאַנטאָר מיט זיין שוואָגער ר׳ משה׳ל וועקסלער.

(ער איז געשטאָרבן אַ יונגער מענטש פון קוים פערציק יאָר, באַלד נאָך מיין ברודערס חתונה, און זיין אלמנה האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיטן באַראַנאָווער רב, ר׳ ישראל האַראָוויץ, אַ זון פונעם רבין ר׳ אליעזרל פון דזשיקאָוו, וואָס איז ווידער געווען אַ זון פונעם גרויסן ראָפּטשיצער, דעם רבין ר׳ נפתלי).

די דאָזיקע צוויי משפחות מיט זין און איידעמס און אַ גאַנצע שורה פון אייניקלעך, זענען געווען די פירער פון דער חסידישער קלויז אין טאַרנע און מיט זיי אַלע בין איך געוואָרן „געקניפּט און געבונדן” דורך מחותנותשאַפט.

אין אָט דער דאָזיקער קלויז־סביבה בין איך אַריינגעפאַלן באַלד נאָך אונדזער אָנקומען קיין טאַרנע.

די אויפנאַמע אונדזערע איז געווען אַ גאָר פריינטלעכע. מיט מיר, אַ יינגל, האָט מען זיך אין אָנפאַנג ווייניק־וואָס צערעמאָניעט, אָבער די מאַמען, אַ חשובע נגידיסטע, און נאָך דערצו פון לעמבערג, זענען געקומען אַלע פרויען פון מיין שוועגערינס רייכער משפחה באַזוכן און האָבן זי אויך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים.

די מאַמע איז געווען אַ שוואַכע פרוי און אַ היימזיצערין, אָבער פון יוצא־וועגן האָט זי בלויז איינמאָל אָפּגעשטאַט אַ וויזיט צו אַלע פרויען וואָס זענען שוין פריער געווען ביי איר.

די מאַמע, און איבערהויפּט מיין שוועגערין, זענען געווען מיט דער מיינונג, אַז עס איז שטענדיק גוט אָנצוהאַלטן פריינטלעכע באַציאונגען מיט אַ רייכער משפחה...

.2

## קלויז־בחורים

באַלד ווי איך בין אָנגעקומען קיין טאַרנע, האָט מיך מיין ברודער יהושע מיטגענומען אין קלויז אַריין און מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער ווייבס פאַמיליע. אַלע זענען געווען פריינטלעך צו מיר. אָבער ווייל זיי זענען אַלע געווען מענטשן אַ סך עלטער פון מיר, האָב איך אין זייער געזעלשאַפט גאָר קיין שום אינטערעס נישט געהאַט און דערפאַר מיט זיי געהאַט אַ גאַנץ קליינעם מגע־ומשא.

עס זענען צווישן זייערע קינדער געווען עטלעכע ייִנגלעך אין מײַנע יאָרן. אָבער זיי זענען אַלע געווען פּשוטע עמי־הארצים און עס איז נישט געווען מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן.

אַזוי ווי עס זענען דעמאָלט געווען בלויז עטלעכע וואָכן צו פּסח און עס האָט זיך שוין נישט געלוינט מיך אָוועקצוגעבן צו אַ גמרא־מלמד, האָב איך דערפאַר די גאַנצע צײַט פאַרבראַכט אין הויז, אויסער וואָס איך בין צוויי מאָל אַ טאָג געגאַנגען אין קלויז צום דאַוועגען.

דאָרט אין קלויז זענען אפילו געווען אַ היפּש ביסל ייִנגלעך פון מײַנע יאָרן און מײַן שטאַנד און איך האָב אין די ערשטע עטלעכע וואָכן געפּראוווט מיט עטלעכע פון זיי אַ שמועס צו טאָן און „טאַפּן דעם דופק" וועגן השכלה און לשון־קודשדיקע ספרימלעך — האָבן זיי אָבער נישט געוואוסט וועגן וואָס איך רעד צו זיי און אפילו נישט געהאַט געהערט אַז עס זענען אַזעלכע ספרימלעך פאַראַן אויף דער וועלט...

זיי האָבן קיינמאָל נישט געהערט די נעמען לעטעריס (זײַן „יונה הומיה" איז דעמאָלט געווען שטאַרק באַוואוסט און געזונגען געוואָרן פון אַלע משׂכּילים), לעבענזאָן — פאָטער און זון, מאַפּו. זיי האָבן פון זיי נישט געהערט און זייערע ספרים קיינמאָל נישט געזען.

צווישן די דאָזיקע בחורים זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געקאָנט אַביסל לערנען און געלערנט ביי אַ גמרא־מלמד אָדער פאַר זיך אין קלויז. אָבער דאָס רוב פון זיי זענען געווען „לא הא ולא הא", האָבן גאָרנישט געקענט, אָבער דערפאַר פאַרמאָגט... לאַנגע געקרייזלטע פּיאות...

איך האָב איינגעזען, אַז עס איז נישטאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין. דערצו האָב איך פּשוט מורא געהאַט פאַר אַ „שלעכטן שם", אַז איך בין עוסק אין אַפּיקורסישע ספרימלעך — האָב איך זיך באַלד צוריקגעצויגן און זיך מיט זיי מער נישט געחברט דורך דער גאַנצער צײַט וואָס איך בין געווען אין טאַרנע.

בלויז איינאיינציקן חבר האָב איך דעמאָלט געהאַט און ער איז מיר געבליבן טריי און ליב דורך אַלע יאָרן פון מײַן לעבן.

דאָס איז געווען אַ בחור, אפילו עלטער פון מיר, אָבער ער האָט זיך צו מיר דערנעטערט באַלד ווי ער האָט מיך נאָר דערזען און אונדזער פרײַנטשאַפט איז זייט דעמאָלט נישט איבערגעריסן געוואָרן. דאָס איז מײַן יוגנט־פרײַנט יהודה לייבוש קאָרעץ. ער איז געווען דער איינציקער מיט וועמען איך האָב געקאָנט רעדן וועגן השׂכּלה־ספרים, איך בין אויך געוואָרן זײַן רבי און אים געלערנט אַביסל דקדוק, לשון קודש שרייבן און אים אויך געבאָרגט מײַנע ספרים וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון לעמבערג.

ער איז דערנאָך געוואָרן אַ העברעאישער שרייבער און איינער פון די ערשטע און וויכטיקסטע חובבי־ציון אין גאַליציע און האָט וועגן דעם אַרויסגעגעבן עטלעכע אינטערעסאַנטע בראָשורן. ער האָט נאָך זײַן חתונה געוואוינט אין ראָפּטשיץ (עטלעכע מייל פון זײַן געבורטשטאָט טאָרנע), געפירט אַ גרויס שפּעצערייגעשעפט אין הורט און איז געווען אַ שיינער עושר. איצט, אויף זײַנע עלטערע יאָרן, וואוינט ער מיט זײַנע דריי טעכטער און איידעמס אין דער קאָלאָניע תל־מונד אין ארץ־

ישראל (איין טאָכטער מיטן מאַן, מר. שוועבעל, וואוינען אינעם שטעטל אָזאָן־פּאַרק ביי ניו־יאָרק).

ער שרייבט מיר אָפט „ליבעס־בריוולעך" און דערמאָנט מיט גרויס בענקשאַפט אונדזערע אָנגענעמע יוגנט־יאָרן.

.3

## ר׳ נפתלי ר׳ פסח׳ס

ווייל איך האָב זיך דאָך ניט געקענט אַרומדרייען אַ גאַנצן טאָג אַ פּועל בטל, און דאָס האָט אויך בשום אופן נישט געפּאַסט פאַר אַ נגידישן בחור וואָס שטייט שוין אין שידוכים, האָט מיין ברודער יהושע, באַלד נאָך פּסח, מיך אַוועקגעגעבן צום גרעסטן און וויכטיקסטן גמרא־מלמד פון טאַרנע ר׳ נפתלי ר׳ פסח׳ס, דער הויפּט־דיין פון שטאָט.

געוויינלעך פלעגט ר׳ נפתלי (גאָלדבערג איז געווען זיין פאַמיליע־נאָמען) נעמען צו הונדערט גולדן אַ זמן פון אַ תלמיד, אָבער ווייל איך בין געווען אַ יתום און געהאַט אַ נאָמען פון אַ בחור (דאָס וואָרט ייִגל האָט מען דאָ נישט געטאָרט דער־מאָנען — לא יזכר ולא יפקד) מיט אַ גוטן קאָפּ, האָט ר׳ נפתלי מסכים געווען פון מיר צו נעמען בלויז זיבעציק גולדן.

צוזאַמען האָבן ביי אים געלערנט זעקס־זיבן בחורים.

קיין גרויסע עילויים זענען מיר אַלע נישט געווען. דערפאַר האָבן מיר געלערנט (אָדער געמוזט זיין ביים רבין אין הויף) אַ סך שטונדן אין טאָג.

באַלד נאָך פּסח האָבן מיר אָנגעהויבן לערנען פּוסקים, חושן משפט הלכות טוען ונטען.

געזעצט לערנען האָבן מיר זיך נאָך פאַר זעקס אַ זייגער אין דער פרי. אָבער כדי נישט צו שטערן דעם שלאָף פונעם רבינס בני־בית, איבערהויפּט פון דער יונגער רביצין — (וואָס איז געווען ביי אים דאָס צווייטע אָדער גאָר דאָס דריטע ווייב, — אַ גאַנץ שיין ווייבל, אָבער נאָר פון איין זייט פּנים, ווייל אויף דער צווייטער באַק איז ביי איר געווען אַ זייער מיאוסער מוטער־צייכן: אַ מייזל, מיט פיסלעך און אפילו מיט די האָר), האָבן מיר געלערנט אין דער פרי אין „דבורה מענקע׳ס שול" וואָס איז געווען פּונקט קעגן דעם רבינס דירה.

נאָך אַכט אַ זייגער זענען מיר אַוועק אין דער נישט ווייטער קלויז דאַוונען און נאָך צען זענען מיר שוין געווען צוריק און געלערנט גמרא ביז אַרום צווי. ווינטער־צייט האָבן מיר געלערנט נאָך צוויי שעה אין אָוונט.

אויף וויפל איך ווייס, איז קיין איינציקער פון ר׳ נפתליס תלמידים נישט אויסגעוואַקסן אַ גרויסער למדן...

דער רבי אליין, כאָטש ער איז געווען אַ וואַזשנער תלמיד חכם (ער האָט מחבר געווען אַ גרויסן ספר „בית לוי" אויף מסכת גיטין) און אַ גרויסער בעל פּלפּול, האָט ער אָבער נישט געהאַט די אייגנשאַפטן און געניטשאַפט וואָס אַ מלמד מוז האָבן.

והשנית, איז ער געווען, ווי שוין געזאָגט, דער וויכטיקסטער דיין אין שטאָט, און זיין הויז וואָס האָט זיך געפונען אינעם מיטן ריכטיקן יידישן קוואַרטאַל איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן. מען איז געקומען מיט דין־תורהס, גטין, שאלות וועגן טעפל־לעפל, אַזויפיל, אַז מיר תלמידים האָבן שוין שיר נישט געקאָנט אַליין פּסקענען אַזעלכע שאלות. און דאָס איז פאָרגעקומען אין די שעהן ווען מיר זענען געזעסן איבער די גמרות און פונקט געהאַלטן אין מיטן שיעור...

גאָר אַ סך צייט האָבן אַוועקגענומען די גט׳ן און איבערהויפּט די חליצה׳ס. אַזעלכע זאַכן ווערן ניט געטאָן אַזוי גיך ווי מען שטעלט זיך דאָס פאָר. קודם כל הרגענען און קריגן זיך די פּאַרטייען (זיי קומען קיינמאָל נישט אַליין, נאָר מיט עטלעכע פון דער משפחה און גוטע פריינד) און אַז ס׳קומט שוין צום גט און דאָס בית דין מיטן סופר זעצן זיך אַוועק, הויבן זיך ערשט אָן צווישן זיי די פּלפּולים און חלוקי־דעהס וועגן די נעמען און צונעמעניש פון די פּאַרשוינען וואָס האָבן אַ שייכות צום גט און נאָך ענלעכע זאַכן. אַזאַ גט האָט אָפט געדויערט אַ גאַנצן טאָג אָדער נאָך מער. אין אַזאַ טאָג האָבן מיר שוין נישט געלערנט, אָבער געבליבן זענען מיר ביים רבין אין הויז און זיך צוגעקוקט צו אַלעם וואָס קומט פאָר... היינט אַז גאָט האָט געהאָלפן א חליצה — האָט דאָס שוין געדויערט אַ סך לענגער, אָפטמאָל עטלעכע טעג.

די דינים און מנהגים פון חליצה וואָס קומען נישט אַזוי אָפט פאָר, זענען שווערע, גאַנץ פאַרוויקלטע און נישט יעדער רב אָדער דיין, — איבערהויפּט אין די קליינע שטעטלעך — ווייסט ווי אַזוי דערמיט אומצוגיין. מיין רבי איז אָבער געווען אַ גרויסער פאַכמאַן אין דעם דאָזיקן עסק. אַלע חליצה׳ס וואָס זענען אין זיין צייט פאָרגעקומען אין טאַרנע און די אַרומיקע שטעטלעך, זענען פון אים דורכגעפירט געוואָרן. דורך די אַנדערטהאַלבן יאָר וואָס איך האָב ביי אים געלערנט, זענען געווען סך־הכל פיר חליצה׳ס און מיר תלמידים האָבן אין דעם שוין געהאַט אַ היפּשע ידיעה.

אָט ווי אַזוי מען איז זיך נוהג:

קודם כל מוז דער רב אָדער דער דיין גרינטלעך דורכלערנען און געבן צו פאַרשטיין צו די צוויי פאַרשוינען (אין פרשת כי תצא) וואָס רעדט וועגן יבום און חליצה. דעריבער פלעגט זיך דער רבי אַוועקזעצן אין אַן אָוונט, מיט דעם מאַן און דער פרוי, און פונקט ווי אַ חומש־מלמד מיט זיי לערנען און פאַרטייטשן די גאַנצע פרשה. דאָס איז געווען אַ זייער שווערע, פּשוט אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט...

שטעלט אייך פאָר אַ פּראָסטן יידן, אָפטמאָל אַ גאָר גרויסן עם־הארץ, און אַ נאָך נאַרישערע פאַרגרעבטע און פאַרצרהטע יידענע — און זיי מוז מען דאָס אויסלערנען גרינטלעך אַלע צען פסוקים פונעם חומש און דערצו מוזן ביידע נאָך קאָנען זאָגן פאַרן בית־דין בשעת חליצה נעמען, עטלעכע פסוקים און טאַקע אין אַ ריכטיקן לשון־קודש.

אַז אַזאַ ייד דאַרף אַרויסזאָגן די ווערטער: „לא חפצתי לקחתה!“ מוזן זיי אַרויס פון זיין מויל ריין, דייטלעך און על פי דקדוק:

— לא ח—פצ—תי לקח—תה!

נישט געכאַפּט צו גיך אָבער אויך נישט צו לאַנגזאַם...

אָבער נאָך גרעסערע צרות זענען געווען, אַז די יידענע האָט געמוזט פאַרן בית־דין — און טאַקע אויסנווייניק — אַרויסזאָגן דעם גאַנצן און לאַנגן פסוק:

— מ—אן יב—מי לה—קים ל—אחיו שם ביש—ר—אל לא א—בה יב—מי!

עס איז געווען אַ גאָטס רחמנות צוצוקוקן אויף דער אָרעמער חלוצה ווי זי האָט זיך נעבעך אַזוי שטאַרק אָפּגעמאַטערט און פאַרשוויצט ביי דעם דאָזיקן פסוק...

דעם רבינס ווייב פלעגט אָפּט אַרויסהעלפן און מיט דער חלוצה כסדר איינחזרן דעמדאָזיקן פסוק.

היינט־זשע דער חליצה־שוך!

דאָס איז געווען אַזאַ גרויסער און גראָבער שיך וואָס קהל האָט שוין אירן אַן אייגענעם, וועלכער האָט געפּאַסט, צוליב זיין גרויסקייט און ברייטקייט, אויף יעדנס פוס. ער האָט אָבער געהאַט אַזאַ לאַנגן „שרוך״ (שוך רימען), און ווען ער איז אָנגעטאָן און פאַרקניפּט געוואָרן אויף אַ משונהדיקן שטייגער, אויפן פוס פון חלוץ, האָט די וויסטע אלמנה אים געמוזט פאַרן בית־דין אויפקניפּן בלויז מיט איר לינקער האַנט...

דאָס איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט, וואָס דער רבי מיט דער הילף פון דער רביצין האָבן געמוזט אויסלערנען די אידענע ביז זי האָט געקענט...

מיר, די תלמידים, האָבן דערביי שוין געהאַט איינמאָל אַן עסק: זיך צוגעקוקט, געהאָלפן מתעסק זיין, אונטערגעשטופּט און שוין נישט געלערנט...

רבי נפתלי ר׳ פסח׳ס איז געווען אַ שטענדיק בייזער און פאַרטראַכטער ייד און אַ שרעקלעכער כעסן. ער האָט אָבער, נעבעך נישט געהאַט צו וועמען אויסצולאָזן זיין אָפּטן כעס.

פאַרן ייִנגן ווייב האָט ער פשוט מורא געהאַט (זי איז איינמאָל פון אים אַוועק מיטן קליינעם קינד אויף עטלעכע וואָכן. איז טאַקע געווען צרות. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף אים און אויף די קינדער פון דער ערשטער פרוי. ער האָט זי קוים דערבעטן צוריקצוקומען).

מיט די תלמידים ווידער האָט ער זיך אויך נישט געקאָנט צופיל איינרייסן. אַלע זענען געווען נגידישע קינדער און צוויי זענען שוין געווען חתנים, מיט גאָלדענע זייגערס און קייטן. אַז ער האָט זיך אויף זיי גע׳כעסט, האָט ער מהדר געווען זיך נישט צו בייזערן אויף וועלכן עס איז בחור באַזונדער, נאָר בלשון רבים, אויף אַלע צוזאַמען און אונדז מכבד געווען מיט אַלגעמיינע צונעמען: „גראָבע קעפּ, עמי־הארצים, עכברושים״ און נאָך ענלעכע טיטלען...

און אַז ער איז שוין גאָר שטאַרק בייז געוואָרן, פלעגט ער אויסלאָזן זיין כעס... צום בענקל אויף וועלכן ער איז געזעסן. ער האָט זיך פלוצום געגעבן אַ שטעל אויף, אָנגעכאַפּט דאָס בענקל ביים אָנלען, עס פעסט געהאַלטן מיט ביידע הענט און דערמיט גענומען קלאַפּן אויף דער פאָדלאָגע אָדער אַרומטאַנצן איבערן שטוב...

דאָס פלעגט אַזוי אָנהאַלטן עטלעכע מינוט, ביז ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, שווער אָפּגעזיפצט, זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, ווידער געעפנט די גמרא און מיט אונדז ווייטער געלערנט...

## דוד זיידען

# קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע

**דער מחבר דוד זיידען ז״ל האָט אָנגעשריבן דעם מאמר נאָך אינעם יאָר 1951 — זייענדיק שוין אינעם לאַנד. אינעם יאָר 1952 איז ער ליידער געשטאָרבן נאָך אַ לענגערן שווערן ליידן און פאַר־יתומט אַ פרוי און צוויי קינדער. צוזאַמען מיט זיין ברודער שמעון, וועלכער וואוינט אין חיפה, האָט דוד זיידען געהערט אין טאַרנע פאַר דער מלחמה צו די אָנגעזעענסטע קאָנפעקציע פּראָדוצענטן. אַלס אַרבעטסגעבער האָט ער זיך דערוואָרבן גרויסע סימפּאַטיע ביי די אַרבעטער וועלכע ער האָט באַשעפטיקט. ער האָט אויך געפונען צייט צו פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און האָט מיט זיין גרויסער אינטעליגענץ און פלייס טריי געדינט דעם יידישן כלל אין טאַרנע. נאָך דער מלחמה איז ער עולה געווען מיט דער גאַנצער פאַמיליע קיין ישראל, און אויך דאָ אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און וואַרימקייט פאַר זיינע ברידער פון טאַרנע און האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער אַרבעט פאַרן אַרויסגעבן דאָס יזכור בוך. ליידער איז אים נישט געווען באַשערט צו דערלעבן דעם מאָמענט פונעם דערשיינען פונעם בוך. כבוד זיין אָנדענק!**

די אייגנטלעכע גרינדערין פון דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע איז געווען די פרוי רייזל רובין, אַ פרוי מיט אַ ברייטן האָריזאָנט און סוחרישן חוש, וועלכע האָט אין אָנהויב געהאַנדלט מיט אַלטע זאַכן, כדי צו קאָנען מפרנס זיין איר גרויסע משפחה. די אַלטע קליידער פלעגט זי אַראָפּברענגען פון בודאַפּעשט, און בערך אין יאָר 1860 האָט זי אָנגעהויבן אין טאַרנע אַליין צונויפשטעלן הויזן און צייג־בלוזעס, וואָס זי האָט פאַרקויפט אין הורט. איר אונטערנעמונג האָט אָנגעהויבן גלענצנד פּראָספּערירן, און אין משך פון אַ גאָר קורצער צייט האָט זי געקאָנט דאָרט באַשעפטיקן אירע פילע איידעמס און זין, וואָס האָבן געהאַט דערפון פרנסה בריווח פאַר זייערע פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע פאַמיליעס. די אייניקלעך פון רייזל רובין געפינען זיך איצט אין ישראל און אַ טייל פון זיי פירן אין לאַנד קאָנפעקציע־אונטערנעמונגען.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָבן די איניציאַטיוו אויפן געביט פון קאָנפעקציע־אינדוסטריע איבערגענומען עטלעכע טאַרנער פירמעס: זעליג פאַאוסט, א. ל.

שטיינער, מאַרקוס־דוד פעלד און אַנד., וועלכע האָבן שוין פּראָדוצירט בעסערע אויסאַרבעטונגען, אָפּגעזעצט זיי אין אַ סך שטעט פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דעם אויבן־אָן אין דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע פאַרנומען שאול בראַנדשטעטער, וועלכער האָט געפירט אַ פאַבריק שוין אויפן מאָדערנעם שטייגער, און די אויסאַרבעטונגען פון דער פאַבריק זענען געווען באַוואוסט פון זייער געשמאַק, פאַסאָן און קוואַליטעט. די פירמע בראַנד־שטעטער איז געווען די ערשטע וואָס האָט אָנגעהויבן עקספּאָרטירן טאַרנער קאָנפעקציע אין די באַלקאַנישע לענדער — סערביע, בולגאַריע, טערקיי.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַזונדערס בעת דער רוסישער אָקופּאַציע, ווען דער שונא האָט אַרויסגעפירט אַלע מאַשינען קיין רוסלאַנד, איז דער אינדוסטריע־צווייג אָפּגעשטאַרבן, כדי נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער פּוילישער מלוכה, אַנט־שפּרעכנד צו די פאַראַנענע רוישטאָפן און אַרטיקן אָפּזאַץ־מאַרק, אָנהויבן אַ נייע תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע, וואָס האָט נישט נאָר אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ פון אויסלענדישע פּראָדוצענטן, נאָר אויך, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, באַוויזן זיי איבערצושטייגן אין דער ביליקייט פונעם פּרייז און בעסערער קוואַליטעט פון די סחורות.

אינעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער קאָנפעקציע־בראַנזשע האָבן זיך באַטייליקט אַלע אָפּצווייגן, ווי: וועש, טריקאָ, שיך, היטן, קאָפּעלושן, אַלע סאָרטן אָנטאָן פאַר מענער און פרויען, גומי־אויסאַרבעטונגען און אימפּרעגנירטע זאַכן, לעדער, פוטער — און דאָס פון די סאַמע פּשוטסטע פאָלקס־אויסאַרבעטונגען ביז די לוקסוס־אַרטיקע אַרטיקלען.

אויב מען רעדט וועגן אינדוסטריאַליזירן טאַרנע דורך יידישער אַרבעט, קאַפּיטאַל און יידישער איניציאַטיוו, דאַרף די בכורה אָפּגעגעבן ווערן דער קאָנפעקציע־אינדוסטריע, וואָס האָט נישט געהאַט אויסצושטיין קיין קאָנקורענץ פון דער



דוד זיידען ז״ל

פוילישער זייט, הגם מצד די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען זענען געווען באַמיאונגען צו נאַציאָנאַליזירן דעם אינדוסטריע־צווייג, וועלכער איז זינט זיין געבורט ביז דער פאַרניכטונג דורכן היטלעריזם, איינגעשטאַנען אין יידישע הענט.

די היטלעריסטישע פאַרכאַפּער האָבן פּונקט ווי די פריערדיקע פוילישע רעגירונג געפּרוּווט נאַציאָנאַליזירן דעם אינדוסטריע־צווייג, וואָס עס האָט זיך זיי, טראָץ די גרעסטע באַמיאונגען, נישט איינגעגעבן, און גיכער אים דערפירט צו חורבן. אפילו די איצטיקע פוילישע רעגירונג איז נישט אימשטאַנד צוריק אויפשטעלן די קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע, און בלויז דער פאַראַנערער קאָנפעקציע־קאָאָפּעראַטיוו אין טאַרנע ווערט טאַקע אָנגעפירט דורך יידישע אַרבעט און לייטונג, בעת דאָס טאַרנער יידנטום ציילט איצט ביז צוויי הונדערט פערזאָן, דערצו נאָך פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

פאַרוואָס האָט די פאַרמלחמהדיקע פוילישע רעגירונג, וועלכע האָט נישט אויס־באַהאַלטן איר פּראָ־היטלעריסטישע אָריענטאַציע און מיט אייפערזוכט געקוקט אויף די נירנבערגער געזעצן, דאָך זיך גערעכנט מיט דעם יידישן אינדוסטריע־צווייג? די וואָס האָבן געקענט די פוילישע פאַרהעלטענישן, איז נישט שווער צו דערקלערן די פראַגע. ביי אַ חודשלעכער פּראָדוקציע פון 250.000 ביז 500.000 שטיק אָנטאָן, האָט דער דאָזיקער אינדוסטריע־צווייג אומדירעקט באַשעפטיקט טויזנטער אַרבעטער, ביי אַ געלט־ווערט פון די פּראָדוצירטע אַרטיקלען וואָס איז דערגאַנגען ביז 2—3 מיליאָן זלאָטעס אַ חודש. דערפון האָט די רעגירונג איינקאַסירט פּאָר שטייערן מיליאָנען זלאָטעס יערלעך.

ווייטער — ווען די קאָנפעקציע־אינדוסטריע איז דערגאַנגען צו פּאָלקאָמענהייט און אָנגעזעטיקט דעם אינערלעכן מאַרק, האָבן עטלעכע פּראָדוצענטן זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וועגן עקספּאָרט־מעגלעכקייטן. אויף דער איניציאַטיוו פון דער פירמע „ברידער זיידען" (דוד און שמעון) איז געגרינדעט געוואָרן אַ שותפות געזעלשאַפט מיט אַ באַגרענעצטער האַפטונג, א. נ. „דרעססעקספּאָרט", אויסצואַרבעטן און עקס־פּאָרטירן קאָנפעקציע. צו דער נייער פירמע האָבן זיך אָנגעשלאָסן פּאָלגנדע אונטער־נעמונגען, וואָס פלעגן בלויז אַרבעטן פאַרן אינערלעכן מאַרק: ברידער זיידען, ברידער קעללער, צאודער און וויינשטאָק, וואורצעל און דאַאַר. דער סטאַטוט פון דער ניי־געגרינדעטער פירמע האָט פאָראויסגעזען, אַז זי שטערט נישט די אין איר באַטייליקטע אונטערנעמונגען צו אַרבעטן אויף אייגענער האַנט פאַרן אינערלעכן מאַרק. די שותפים האָבן באַוויזן אין דער נייער אונטערנעמונג אַריינצולייגן אַזויפיל ערלעכע לאָיאַלע צוזאַמענאַרבעט, אַז אין משך פון אַ פאַרהעלטענישמעסיק קורצער צייט האָט „דרעססעקספּאָרט" געוואונען די אייראָפּעאישע מערק, און מיט אירע אויסאַרבעטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן אימפּאָרט־פירמעס פון אויסער אייראָפּעאישע לענדער (ראַטנפאַרבאַנד, ארץ־ישראל, קאַנאַדע און אַנד.). דער אומזאַץ פון דער פירמע איז געווען אַ באַדייטנדיקער, און נאָכן צוטיילן דורך דער פוילישער רעגירונג די דעמפּינג־פּרעמיעס, זענען די אומזאַצן נאָך מערער געשטיגן און דערגרייכט מיליאָניקע סומעס, וואָס עס האָט דעם מלוכה־אוצר אַריינגעבראַכט באַדייטנדיקע סומעס אויסלענדישע וואַליוטע.

אין איר אלגעמיינער שטרעבונג צו „אַריזירן" דעם האַנדל האָט די פוילישע

רעגירונג געפּרוווט זיך טשעפּן אויך צו דער עקספּאָרט געזעלשאַפט. די פּראָדוצענטן האָבן אָבער געשטעלט אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד. דער קאַמף האָט סוף כל סוף דערפירט צו אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון דער דאָזיקער עקספּאָרט אינדוס־טריע און גראָד אין אַ צייט פון איר גרעסטן אויפבלי.

גלייכצייטיק זענען אַנטשטאַנען אַנדערע עקספּאָרט־געזעלשאַפטן, הגם אין אַ קלענערן פאַרנעם, וועלכע האָבן אָבער אויך געטיילט דעם גורל פון „דרעס־עקספּאָרט״.

פאָרשטייער פון דער טאַרנער קאָנפעקציע־אינדוסטריע איז אין דער קראָקעווער האַנדלס און אינדוסטריע־קאַמער געווען דוד זיידען, נאָמינירט דורך דער רעגירונג. די דאָזיקע נאָמינאַציע האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט משפיע צו זיין אויף אַנדערע ווירטשאַפטלעכע פּלאַצוווקעס און טיילווייז אויך אויף געוויסע געזעץ־פּראָיעקטן.

אין פעברואַר 1939 יאָר, נאָכן פאַרשאַרפן זיך פון די פּויליש־דייטשע באַצי־אונגען צוליבן באַזעצן די פּוילישע גרענעץ דורך היטלעריסטישע דיוויזיעס, האָבן די מיליטערישע אינטענדאַנטן פון גענעראַל־שטאַב זיך געכאַפּט, אַז די מונדירונגס־מאַגאַזינען פון דער פּוילישער אַרמיי זענען ליידיק, און אויף דער איניציאַטיוו פון דער קראָקעווער האַנדלס־קאַמער האָבן די מיליטערישע קרייזן זיך פאַראינטע־רעסירט מיט דער טאַרנער קאָנפעקציע־אינדוסטריע. נאָך פיל באַמיאונגען און פיל־מאָליקע קאָנפערענצן מיטן שרייבער פון די שורות, האָט מען דריי טאַרנער יידישע קאָנפעקציע־אונטערנעמונגען: ברידער זיידען, יוסף קעץ און גאנז־האָכבערג, פאַרפליכטעט זיך גלייך אונטערנעמען צו אַרבעטן פאַרן מיליטער ביים גלייכצייטיקן ליקווידירן די ציווילע פּראָדוקציע. יעדע פירמע באַזונדער האָט באַדאַרפט ליפערן 100.000 מיליטערישע מונדירן אַ חודש.

צו די אַרבעטן האָט מען צוגענומען אַ גרעסערע צאָל טאַרנער יידישע אַרבעטער און די מיליטערישע מאַכט האָט אַרויסגעוויזן איר פולע צופרידנקייט מיט דער צוגעשטעלטער סחורה.



שלמה וואורצעל ז״ל

צו דער דאָזיקער אַרבעט, ווי צום גאַנצן אינדוסטריע־צווייג, האָט אַ סוף געמאַכט דער היטלעריסטישער איבערפאַל אויף פוילן, וועלכער האָט גלייך נאָכן אַריינקומען קיין טאַרנע, אַרויסגעפירט אַלע פאַרטיקע זאַכן, די רוישטאָפן און מאַשינען קיין דייטשלאַנד.

אַזוי האָט פאַרענדיקט איר עקזיסטענץ די קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין טאַרנע, וועלכע איז פאַרלייגט געוואָרן דורך אַ יידישער פרוי און אין משך פון צענדליקער יאָרן געגעבן באַשעפטיקונג און מפרנס געווען טויזנטער יידישע אַרבעטער.

## ד״ר אברהם כאַמעט

# יידישעווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס

## 1. „יד חרוצים״

אויסער די שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס פון יידישע אַרבעטער, האָבן גאָר פרי זיך אַנטוויקלט אין טאָרנע אָרגאַניזאַציעס פון יידישע האַנטווערקער און סוחרים.

אַמפריסטן איז אַנטשטאַנען די אָרגאַניזאַציע פון יידישע באַלמעלאָכעס, פאַראייניקט אין דער חברה „יד חרוצים״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1875 און אין אָנהויב געפונען זיך אין דער שניידער־שול אויף דער וועקסלאַרסקע גאַס נר׳ 7. דער ציל פון דער געזעלשאַפט איז לכתחילה געווען צו געבן מאַטעריעלע הילף אירע מיטגלידער אין פאַל פון אַ קראַנקהייט, ווי אויך הלוואות.

צו די גרינדער פון דער געזעלשאַפט האָבן געהערט די האַנטווערקער מיץ, גערטלער און קאמף. דער ערשטער פאָרזיצער פון „יד חרוצים״ איז געווען יעקב פייטעל, ערשטער קאַסיר — פתחיה אברהם און קאָנטראָלאָר — העניק סימכע, ערשטער סעקרעטאַר — יחזקאל בלוטמאַן. צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט האָבן געהערט: זיסל הערבסט, הירש מעלינגער, בערל שיף, יאַנקל וואַנד, משה גאַסטווירט און לייביש ראָזענפעלד.

דעם 10־טן יאַנואַר 1892 יאָר איז אַלס ערשטער פאָרזיצער פון „יד חרוצים״ אויסגעקליבן געוואָרן ד״ר הערמאַן מיץ, אַ זון פון אַ האַנטווערקער, דעם גרינדער פון דער געזעלשאַפט, און זינט יענער צייט הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון פאַריין. אין דער נייער פאַרוואַלטונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן יונגערע האַנטווערקער, ווי: הערמאַן קליינהענדלער אַלס וויצע־פאָרזיצער, מיץ, גערטלער, קאוועגט, ישראל אָסטערוויל, שלמה קאָמעט (כאַמעט) און וועסטרייך. פון דעמאָלט אָן האָט „יד חרוצים״ אַרומגענומען אַ וואָס גרעסערע צאָל יידישע האַנטווערקער און איז מיט דער צייט געוואָרן אַן ערנסטער פאַקטאָר וואָס האָט רעפּרעזענטירט די אינטערעסן פונעם טאָרנער יידישן האַנטווערקערטום.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די אויפגאַבן און קאָמפּעטענצן פון „יד חרוצים״ שטאַרק אויסגעוואַקסן. עס איז אויך געשטיגן די צאָל יידישע באַלמעלאָכעס, באַזונדערס שניידער, און אַ דאַנק דעם אָנשליסן זיך אָן דעם פאַריין פון אַ גרעסערער צאָל כאַלופניקעס, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די גרעסטע קאָנפעקציע־געשעפטן אין טאָרנע, איז די צאָל מיטגלידער שטאַרק אויסגעוואַקסן. אָבער גלייכצייטיק איז פאָרגעקומען אַ געוויסע ענדערונג אינעם כאַראַקטער און

אין דער שטרעמונג פון דער געזעלשאַפט. בעת ביז איצט האָט „יד חרוצים", אָנגע־פירט דורך האַנטווערקער פון עלטערן שניט, געטראָגן גיכער דעם כאַראַקטער פון אַ פילאַנטראָפּישער קאָאָפּעראַציע, אָן פּאָליטישע אויסערונגען, האָבן איצט אינעם פאַריין פאַרנומען דעם אויבן־אָן די פריש צוגעקומענע האַנטווערקער און כאַלופּ־ניקעס, מער באַוואוסטזיניקע פּאָליטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן אין דער יוגנט אַדורכגעמאַכט אַ פּאַרטיי־שול אין בונד צי אין פּועלי־ציון. האָבנדיק אַ מער ראַדיקאַלע איינשטעלונג, האָבן זיי נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט די הערשנדיקע פּאַטריאַרכאַלע באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דער געזעלשאַפט פון יידישע האַנטווערקער, בפרט נאָך, אַז צו יענער צייט איז פון טאָרנער בונד אַרויסגעטרעטן איינער פון זיינע אָנפירער, זעליג בראַוו, וועלכער האָט זיך אויפגעעפנט אַן אייגענעם וואַרשטאַט פון הוטן און געוואָרן אַ מיטגליד אין „יד חרוצים". אַלס דערפאַרענער אָרגאַניזאַטאָר האָט ער גיך געוואונען דעם צוטרוי פון דער מיט־גלידערשאַפט און זיך אַרויסגערוקט אין שפּיץ פון דער געזעלשאַפט. אין יאָר 1925 איז טאַקע בראַוו אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזעס פון „יד חרוצים" (אַלס ערן־פּרעזעס איז דערוויילט געוואָרן הערמאַן קליינהענדלער און אַלס וויצע־פּרעזעס שמעון ליינער). דער ניי־דערוויילטער פּרעזעס, האָט, ווי אַן אַמביציעזער פּאָלי־טיקער, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יונגע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, אַריינגעצויגן זיך אין פאַרשידענע פּאָליטישע מחלוקתן אינעם קאַמף פאַר מאַנדאַטן אין דער קהילה און אין שטאָטראַט. אַלס פּרעזעס פון „יד חרוצים" האָט זיך בראַוו צונויפ־גערעדט מיט ד"ר זיגמונט זילביגער אינעם קאַמף קעגן ציוניסטן און בונדיסטן און ביידע האָבן נישט איבערגעקליבן קיין שום מיטלען, כדי צו דערגרייכן די געגאַרטע מאַנדאַטן.

אין דער צייט האָט זיך „יד חרוצים" באַדייטנדיק פאַרפעסטיקט, דער עיקר אַ דאַנק דער אינטענסיווער און אָפּפערווילּיקער אַרבעט פון דעמאָלטיקן יונגן האַנטווערקער־טוער אַדאַם מאַרגוליעס, וועלכער האָט נישט געקאַרגט קיין מי, אַז דער פאַריין זאָל קאָנען דערפילן זיינע אויפגאַבן וואָס זענען אַרויסגעדרונגען פונעם פאַרטיידיקונגס־קאַמף פונעם יידישן האַנטווערקער פאַר רעכט אויף אַרבעט און עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. די געזעלשאַפט האָט אויך באַקומען אַ נייעם לאָקאַל. כמעט יעדער וואָך פלעגן פאָרקומען אין פאַריינס־קלוב פאָרלעזונגען, און עס איז אפילו אָנגעהויבן געוואָרן צו פירן אַן אַקציע פאַר אויפבויען אַן אייגן הויז, נאָכדעם ווי דער מאַגיסטראַט האָט פאַר דעם צוועק צוגעטיילט אַ פּלאַץ.

דעם 9־טן אַפּריל 1928 יאָר איז אין לאָקאַל פון „יד חרוצים" פאָרגעקומען די אַנטהילונג פונעם פּאָרטרעט פון ד"ר הערמאַן מיץ, דעמאָלטיקער וויצע־בירגער־מייסטער פון טאָרנע, געוועזענער לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט, וועלכער האָט געהאַט פאַר איר גרויסע פאַרדינסטן.

נאָך דער פּאָליטישער מפּלה אויפן באַדן פון דער קהילה און שטאָטראַט, האָט זעליג בראַוו פאַרלאָזט די פּרעזעסור פון „יד חרוצים", וועלכע איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דעם אַלטן פאַרדינסטפולן פ.פּ.ס.־ישן טוער מאַאוריצי הוטער, וועלכער האָט געהאַט גרויס אָנזען און צוטרוי ביי די האַנטווערקער־קרייזן. פון איצט איז די געזעלשאַפט „יד חרוצים" אַרויף אויף אַ זעלבסטשטענדיקן, פּאָליטיש

אומאָפּהענגיקן וועג. אַזויווי מאַאוריצי הוטטער האָט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער זיך דעראָבערט פיל פּאָפּולאַריטעט און סימפּאַטיע צווישן די אָרעמע יידישע שיכטן, איז דעריבער אויך די פּאָזיציע פון „יד חרוצים" געשטאַרקט געוואָרן.

אין יאָר 1935 האָט „יד חרוצים" געפייערט דעם יאָרטאָג פון איר 60־יאָריקער עקזיסטענץ. די אָרגאַניזירטע אין „יד חרוצים" האַנטווערקער, האָבן געבילדעט אַ גרויסן אָרגאַניזירטן כוח, וועלכן מען האָט נישט געטאָרט גרינגשעצן, באַזונדערס ביי אַלע וואַלן צו דער קהילה אָדער שטאָטראָט. ביי אַלע וואַל־אַקציעס איז „יד חרוצים" געגאַנגען זעלבשטענדיק, מיט אַן אייגענער ליסטע, און געוואונען אַ גרויסע צאָל שטימען, דער עיקר צוליב דעם, וואָס דער הויפּט־קאַנדידאַט פון די יידישע האַנטווערקער איז געווען מאַאוריצי הוטטער.

די לעצטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „יד חרוצים" איז פאָרגעקומען דעם 9־טן יאַנואַר 1938. עס איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: הוטטער מאַאוריצי, שטיינהאַוער הערש, גרינבערג ישראל, ראָזענבערג מאַרקוס, ווייס רובין, גינגער איגנאַץ, זינגער יחזקאל, גרינבערג הערש־מאיר, גאָלדוואַסער יעקב, פּפעניג אַדאָלף, האַבער זיגמונט, גראָסמאַן לייב, וואַראַך־וויטש אברהם, פייערשטיין נח, קליין יוסף, קליינהענדלער הערמאַן, וואָלוואָוויטש סאָלאָמאָן. קיין איינער פון די דאָזיקע שטילע ערלעכע מענטשן איז נישט געבליבן ביים לעבן. אַלע זענען זיי אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט בעת די אויס־זידלונגס־אַקציעס פונעם טאַרנער געטאָ.

דער אומדערמידלעכער מאַאוריצי הוטטער האָט אָנגעפירט מיט „יד חרוצים" ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. גלייך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה איז אים אויסגעקומען עטלעכע וואָכן צו זיין מיט די דייטשן. דערנאָך איז ער אַנטלאָפן קיין לעמבערג, וואו ער איז אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים.

## 2. „ציונים בעלי־מקצוע"

די געזעלשאַפט „יד חרוצים" האָט אַרומגענומען כמעט אַלע יידישע האַנט־ווערקער אין טאַרנע, אַן אונטערשיד פון פּאָליטישע אָנשויאונגען. צום פאַריין האָבן געהערט אויך ציוניסטן און אַ גרויסע צאָל יידישע האַנטווערקער, וואָס הגם זיי האָבן נישט געהערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי זיך מיט סימפּאַטיע באַצויגן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. אַרויסגייענדיק פון שטאַנד־פּונקט, אַז די געזעלשאַפט „יד חרוצים" דאַרף נישט זיין דערווייטערט פון ציוניזם וואָס האָט אַרומגענומען וואָס ברייטערע קרייזן פון דער יידישער באַפעלערונג. דער אָנשפאַר פאַר דער שטרעמונג אינעם פאַריין איז געווען דער איבערראַל געשעצ־טער באַלמעלאָכע שמעון לייבער, אייגנטימער פון אַ שלאָסער־וואַרשטאַט, וועלכער איז אין משך פון יאָרן געווען וויצע־פּרעזעס פון „יד חרוצים" און אַלס טעטיקער ציוניסט האָט ער קיין איין ציוניסטישע אַקציע נישט פאַרפעלט. ווען ביי פיל האַנטווערקער האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער געדאַנק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, האָט דער אָרטיקער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, כדי

צוצוגרייטן די האַנטווערקער צו עליה און זי אָרגאַניזירן, אין יאָר 1932 געשאַפן אַ פאַרבאַנד פון ציוניסטישע האַנטווערקער „ציונים בעלי מקצוע", אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען שמעון ליינער.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן פיל מיטגלידער פון „ציונים בעלי־מקצוע" עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דער ערשטער האָט עולה געווען דער פּאָרזיצער שמעון ליינער (איצט אין חיפה). דערנאָך האָבן פאַרלאָזט טאַרנע אויפן וועג קיין ארץ־ישראל: מאיר ליכטינגער (וועלכער איז נאָך עטלעכע יאָר דאָרט געשטאָרבן), אַלעקסאַנדער שוואַנענפעלד (איצט אין ישראל). אויפן ביישפּיל פון טאַרנע זענען ענלעכע ציוניסטישע האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס אַנטשטאַנען אין אַנדערע שטעט פון מערב־גאַליציע און שלעזיע. אַזוי אַרום זענען אין ציוניסטישן גייסט אַקטי־וויזירט געוואָרן פיל יידישע האַנטווערקער, וואָס זענען געשטאַנען ווייט פונעם ציוניסטישן פּאַרטייאישן לעבן.

די לעצטע פאַרוואַלטונג פון „ציונים בעלי מקצוע" אין טאַרנע איז דערוויילט געוואָרן אין יאָר 1938, אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אַרטור בריג (פּרעזעס), יאַנאַש שטאַרקמאַן און עליאַש זעלינגער (וויצע־פּרעזעסן), לעאָן לעסער (סעקרע־טאַר — איצט אין ישראל), ס. קעללער (קאַסיר און פאַרוואַלטער פונעם לאָקאַל), באַלעסלאַוו שפּענאדל, שמואל ראַפּאַפּאָרט (איצט אין ישראל), מ. זיידען, לעאָן ענדער (איצט אין אַמעריקע).

## 3. דער נייער האַנטווערקער פאַריין

אין „יד חרוצים", וואָס איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אינעם געראַנגל פון די פּאָליטישע קאַמפן, איז אַנטשטאַנען אַן אָפּאָזיציע, וועלכע האָט נישט מסכים געווען מיט דער פּאָליטישער ריכטונג וואָס איז געווען רעפּרעזענטירט דורך דעם פּרעזידיום. די אָפּאָזיציע האָט געפאָדערט נייטראַליטעט פון דער געזעלשאַפט אין פּאָליטישע פראַגן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אָפּאָזיציע האָט פאַרלאָזט דעם פאַריין און דעם 7־טן פעברואַר 1937 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פונעם באַזונדערן האַנטווערקער פאַריין. פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען הוגאָ שפּילער (איצט אין טאַרנע), וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן (לויטן באַריכט פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" מר' 7, פון 12.2.37), אַז דער נייער פאַריין וועט שטיין אויף דער וואַך פון די אינטערעסן און פאַך־ענינים פון די יידישע האַנטווערקער, וועט שטרעבן אויפצוהייבן דעם פּראָפעסיאָנעלן און קולטורעלן ניוואָ פונעם יידישן בעל־מלאכה און אויך אַנטשפּרעכנד דערציען און אויסשולן סיי אין דער פּראָפעסיע, סיי גייסטיק, דעם יידישן האַנטווערקער און די יידישע אַרבעטער־יוגנט. אונטער־שטרייכנדיק, אַז די פאַראַנענע האַנטווערקער־געזעלשאַפט „יד חרוצים" שטייט נישט אויף דער הויך פון אירע אויפגאַבן און דערפילט נישט די פליכטן וואָס דרינגען אַרויס פון דער לאַגע פונעם יידישן האַנטווערקער אין די איצטיקע צייטן.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם נייעם האַנטווערקער־פאַריין זענען דערוויילט געוואָרן: נאַטאַן האוט, יוסף פריש, משה קאַך, הערמאַן שוואַרצבאַרט, מאַקס וויינ־

פעלד, ישראל אָסטערוויל, דוד לערפעלד. אַלס פּאַרטרעטער: ענדער לעאָן, זיגמונט פּילערסדאָרף, שמעון אָסטערוויל. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: הוגאָ שפּילער, לעאָן וועסטרייך, שמואל ראַפּאַפּאָרט, חיים אַלבאַן און איזאַק שטיין. אינעם חברים־געריכט: אהרון לייבל, שמעון טענענבוים, משה שעהנאוג. אויסער הוגאָ שפּילער און לעאָן ענדער, איז קיינער פון די דאָזיקע ערלעכע, שטילע מענטשן נישט געבליבן לעבן. אַלע זענען זיי ווי קדושים אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער.

## 4. סוחרים און אינדוסטריעלער־פאַריין

נאָך אינעם לעצטן יאָרצענדליק פון פאַריקן יאָרהונדערט, זענען יידישע סוחרים אין טאַרנע געווען אָרגאַניזירט אין דער „טשיטעלניאַ מלאָדזשעזשי סטאַראָזאַקאָנגעי״ („לייענזאַל פון דער יידיש־גלוביקער יוגנט״), וועמענס סעקרעטאַר עס איז געווען יוסף היימאַן, דעמאָלט נאָך אַ יוגנטלעכער. אין אָנהייב האָט די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט געטראָגן גיכער אַ געזעשאַפטלעכן כאַראַקטער. ערשט אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער סוחרים־קלוב, וועמענס פּרעזעס איז אין משך פון לאַנגע יאָרן געווען דער אַפּטייקער מאַאוריצי אַדלער, און סעקרעטאַר — עדוואַרד שוואַגער. אויך די געזעלשאַפט איז נישט געווען צוטריטלעך פאַר אַלע סוחרים. דאָס אָננעמען אַלס מיטגליד איז געווען אָפּהענגיק פונעם איינשטימיקן באַשלוס פון אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. פאַקטיש איז דאָס געווען אַ קלוב פאַר רייכערע סוחרים און אינדוסטריעלער. די טעטיקייט פונעם קלוב האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרלעזונגען, פאַרוויילונגען, טיי־אָוונטן, אַ ביבליאָטעק — דער עיקר פון דייטשע ביכער ווייל די ערשטע תקופה פון טעטיקייט פונעם יידישן סוחרים־קלוב אין טאַרנע איז אויסגעפאַלן אין דער צייט פון עסטרייכישער הערשאַפט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן זיך געשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע טענדענצן און דאָס יידישע סוחרטום האָט אָנגעהויבן זיך איינצוברעכן אונטער דער לאַסט פון די שטייער־געזעצן, וואָס איז מיט דער גאַנצער שאַרף געווען געווענדעט קעגן די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס וואָס זענען געווען פאַרנומען דורך יידן, — איז דער יידישער סוחרים־קלוב אָוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר נייע אויפגאַבן.

סיי אינעם שטייער־אַמט, סיי אין די אַדמיניסטראַציע־אָרגאַנען, האָט דער יידישער סוחר געמוזט האָבן זיין פאַרשטייער און פאַרטיידיקער. דעם יידישן סוחר איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן אינעם לאַבירינט פון די פאַרשידענע פאַרשריפטן, וואָס האָבן באַגרענעצט די רעכט פון האַנדל. דעריבער האָבן די טירן פונעם סוחרים־פאַריין געמוזט געעפנט ווערן פאַר אַלע יידן וואָס פאַרנעמען זיך מיט האַנדל. באַלד איז אויך פאַרגעקומען אַ רעאָרגאַניזאַציע פונעם פאַריין, אָן וועלכן עס האָבן זיך מאַסנוויז אָנגעשלאָסן כמעט אַלע יידישע סוחרים אין טאַרנע. אין שפּיץ פון דער נייער פאַרוואַלטונג איז אין אָנהויב געשטאַנען ד״ר זיגמונט זילביגער, וועלכער האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פונעם פאַריין. ווען

אָבער ד״ר זילביגער האָט בעת די וואַלן צום פּוילישן געזעצעגבערישן סיים זיך גע־לאָזט אויף אַסימילאַטאָרישע וועגן און געוואָלט מיטשלעפּן דעם יידישן סוחרים־פאַריין, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד דעם נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקן יידישן סוחרטום און ער האָט גלייך געמוזט רעזיגנירן פונעם פאָרזיצער־אַמט.

אַלס פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט איז דערוויילט געוואָרן דער איבעראַל געשעצטער סוחר יוסף הײמאַן, אונטער וועמענס אָנפירונג די געזעלשאַפט איז דערגאַנגען צו דער העכסטער אַנטוויקלונג און געוואָרן די שטאַרקסטע ווירט־שאַפטלעכע פּלאַצוווקע פונעם טאָרנער יידנטום. זינט דעמאָלט איז די יידישע סוחרים־געזעלשאַפט קיינמאָל נישט אַוועק פונעם וועג פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, קעמפנדיק קאָנסעקווענט און מוטיק פאַר די גערעכטע פאָדערונגען פונעם יידישן סוחר.

אַ דאַנק דער נישט דורכשניטלעכער אינטעליגענץ און אַלזייטיקן פאַך־וויסן, ווי אויך אַ דאַנק דער אַכטונג פון וועלכער עס האָט גענאָסן יוסף הײמאַן, איז דער סוחרים־פאַריין געשטעלט געוואָרן אין שפּיץ פון אַלע יידישע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אונדז איז באַוואוסט דער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג אין יאָר 1929, צו וועלכער עס האָבן געהערט אָנגעזעענע יידישע סוחרים, וועמענס אַקטיווע טעטיקייט האָט פיל מיטגעהאָלפן באַשיצן די אינטערעסן פונעם טאָרנער יידישן סוחרטום. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט:

מ. דינטענפאַס, שמואל ענגעלהאַרט, שמעון פריעס, וואָלף געצלער, הענריק האָלענדער, יוסף הײמאַן, ל. קלוגמאַן, ל. ליכטבלאו, ד״ר ע. ראַפּאַפּאָרט, זיגמונט פליישער, אברהם שפּילמאַן, דוד זיידען, מ. שפּיראָ, לעאָפּאָלד שינאַגעל, נתן שענקעל, א. טאובענשלאַג, איזאַק וואַלאַך, מ. ציטראָנענבוים.

אַלס ערן־פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט איז דערוויילט געוואָרן דער אַפּטייקער מאַאוריצי אַדלער, וועלכער האָט גענאָסן פון אַלעמענס סימפּאַטיע און אָנערקענונג. מאַאוריצי אַדלער איז געשטאָרבן אין יאָר 1930 אין עלטער פון 73 יאָר. אין משך פון אַ סך יאָרן האָט ער זיך באַטייליקט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, געווען ראַטמאַן אין שטאָטראַט, ראַטמאַן אינעם האַנדלס־געריכט, פּרעזעס פונעם יתומים־הויז. הגם ער האָט באַלאַנגט צו די לעצטע מאָהיקאַנער פון אַסימילאַציע (ער איז געווען אפילו קאַסיר פון דער פּוילישער געזעלשאַפט פאַר דער פאָלקס־שול), האָט ער זיך נישט אָפּגערוקט פונעם יידנטום, נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין יאָר 1929 איז אַלס פּרעזעס דערוויילט געוואָרן יוסף הײמאַן, וויצע־פּרעזעסן — הענריק האָלענדער און אברהם שפּילמאַן, סעקרעטאַר — דוד זיידען, קאַסיר — שמעון פריעס, פאַרוואַלטער — ל. קלוגמאַן און גדליה באָרנשטיין (אַ טרייער ציו־ניסט, וועלכער האָט זיך אַרויסגעריסן פון די היטלעריסטישע נעגל און געקומען קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז פון אַן אַראַבישער קויל אומגעקומען בעת דער באַפרייאונגס־מלחמה).

ד״ר זיגמונט זילביגער האָט צוזאַמען מיט זיינע אָנהענגער געגרינדעט אַ נייעם קאָנקורענץ־פאַריין אונטערן נאָמען „פאַרבאַנד פון סוחרים און אינדוסטריעלער״ („זזשעשעניע קופּצוו אי פּשעמיסלאָווצוו״), וועלכער האָט פּאַקטיש נישט געהאַט

קיין שום השפעה און באדייטונג אויפן יידישן סוחרטום אין טאַרנע. צו שטאַרק איז געווען די פּאָזיציע פונעם פרעזעס פון סוחרים־פאַריין יוסף היימאַן, וועלכער איז געשעצט געוואָרן נישט בלויז דורך די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר אויך נישט יידישע קרייזן האָבן אים אַרויסגעוויזן גרויס כבוד צוליב זיין איידלקייט און קרישטאַל־ריינעם כאַראַקטער. דאָס גאַנצע יידישע סוחרטום האָט געהערט צום פאַריין וועמענס פרעזעס איז געווען יוסף היימאַן און זיינע פאַרדינסטן פאַרן יידישן סוחרטום זענען געווען אומבאַשטרייטבאַר.

דערפאַר איז אין אַפּריל 1929 פאָרגעקומען אינעם לאָקאַל פון סוחרים־פאַריין די דערהויבענע פייערונג פון אַנטהילן דעם פּאָרטרעט פון יוסף היימאַן, אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג און אַכטונג פאַר דעם פאַרדינסטפולן געזעלשאַפטלעכן טוער אין טאַרנע.

אויף דער דאָזיקער פייערונג, אין וועלכער עס האָבן זיך אויך באַטייליקט פאַר־שטייער פון דער קאַטוילישער סוחרים־קאָנגרעגאַציע, האָט י. היימאַן אין זיין רעדע דערקלערט צווו. אנד.:

„מיט אויפריכטיקער פרייד באַגריס איך די דעלעגאַציע פון דער היגער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, רעפּרעזענטירט דורך אירע מוטיקע פּיאָנערן און קעמפער. מיט האַרץ און מיט נשמה באַלאַנג איך צו זיי, און סיי אין דער אידעע, סיי אינעם ציוניסטישן פּראָגראַם שעפּ איך, ווי אַנטעאוס פון דער מוטער־ערד, ענערגיע און כוח צו מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס איז אָנגענומען, אַז פאַריינען און אָרגאַניזאַציעס האָבן זייערע פאָנען. אונדזער געזעלשאַפט האָט נישט קיין פאָן, אָבער אונדזער נישט־זעבאַרע פאָן וועלכע מיר האַלטן הויך, איז די פאָן פון ערלעכקייט און סוחרישער סאָלידאַריטעט, די פאָן פון ברידערלעכקייט און סוחרישע חברישקייט, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט, די פאָן פון ליבע און דאַנקבאַרקייט צו דעם שיינעם לאַנד, וואָס מיר באַוואוינען יאָר־הונדערטער. — זאָלן די בכבודיקע לאָזונגען זיין פאַר אונדז אַ ליכטיקער וועג־ווייזער אין אונדזער ווייטערדיקער, געמיינזאַמער און אומדערמידלעכער אַרבעט אויסצוקעמפן זיך אַ בעסערע און ליכטיקערע צוקונפט״.

דער סוחרים־פאַריין איז טריי געשטאַנען אויף דער וואַך פון די סוחרישע אינטערעסן. די פאַרוואַלטונג וואָס איז באַשטאַנען פון גענייטע און ערנסטע מענטשן, האָט אין די ראַמען פון אירע מעגלעכקייטן געאַרבעט געטריי און איבערגעגעבן. מען האָט געהאָלפן די אָרעמע הילפלאָזע יידישע שראַגן־הענדלער, מען האָט אינ־טערווענירט אין פאַל ווען פאַרשידענע אויספיר־אָרגאַנען פלעגן אָפּן ברעכן די עקזיסטירנדיקע פאָרשריפטן, און נישט איין הנחה איז אויסגעקעמפט געוואָרן פאַרן געדריקטן און געפייניקטן סוחרטום. קודם כל האָט די פאַרוואַלטונג געזאָרגט דערפאַר, אַז יעטוועדער אינטערוועניץ זאָל געמאַכט ווערן מיט געהעריקער יידישער ווירדע. אַלס פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, האָט די פאַרוואַלטונג פאַרשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג פון די אינטערעסן פונעם יידישן סוחרטום מיטן יידנטום אין פוילן בכלל, און דערפאַר האָט זי דרייסט און אָפן געשטיצט די יידיש נאַציאָנאַלע פּאָלי־טיק. דער פאַריין איז נישט געווען אַ ציוניסטישער, אָבער די פאַרוואַלטונג איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון ציוניסטן. דערפאַר האָט די געזעלשאַפט פון יידישע

סוחרים אין טאָרנע דעראָבערט זיך איר פּלאַץ צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט און קיין שום אַקציע פון וועלכן עס זאָל נישט זיין כאַראַקטער, האָט נישט געקאָנט פאַרקומען אָנעם אָנטייל פון דער געזעלשאַפט.

דער ציוניסטישער איינפלוס אויפן סוחרים־פאַריין איז געווען אַ גרויסער. פאַרשידענע מינים אַסימילאַטאָרן און פּאָליטיקאַנער, באַנקראָטירטע קהל־לייט און פּאָליטישע ספּעקולאַנטן, פלעגן נישט איינמאָל פּרובירן מזל אינעם סוחרים־פאַריין, אָבער יעדעס מאָל זענען זיי מיאוס דורכגעפאַלן, ווייל טאָרנער יידישע סוחרים האָבן אין זייער איבערוויגנדער מערהייט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר די ציוניסטן. שיקאַנעס און אָפטמאָל געפאַרן פון פשוטער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ האָבן נישט געקאָנט צוזאַמענברעכן די יידישע סוחרים אין טאָרנע. זיי זענען פעסט געשטאַנען אויפן יידיש־נאַציאָנאַלן באָדן.

בלויז אַ קליין הייפל סוחרים האָט זיך נישט געוואָלט אונטעראָרדנען דעם ווילן פון דער מערהייט. דאָס דאָזיקע הייפל, אָנגעפירט דורך ד״ר זיגמונט זילביגער, ביי וועמען עס איז אָוועקגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו רעפּרעזענטירן דאָס יידישע סוחרטום און ער האָט דערביי פאַרלוירן יעטוועדע השפעה אויך באַדייטונג, האָט אָנגעהויבן אינטריגירן, באַשמוצן און מסר׳ן.

אין יאָר 1931 האָבן די פּוילישע מאָסגעבנדע פאַקטאָרן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות איינצוברעכן דעם איינפלוס פון ציוניזם אויף דער יידישער גאַס. צו יענער צייט איז נאָר נויטיק געווען איבערצוצייגן די דאָזיקע פאַקטאָרן, אַז די ציוניסטן האָבן אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויף די יידישע סוחרים אין טאָרנע, און דער גורל פון סוחרים־פאַריין איז געווען אַ געחתמעטער.

דעם 22־טן אויגוסט 1931 יאָר איז דעם פּרעזעס יוסף היימאַן דערלאַנגט געוואָרן אַ דעקרעט, וועלכער לייזט אויף די סוחרים־געזעלשאַפט אין טאָרנע. די דאָזיקע פאַראָרדנונג כאַראַקטעריזירט באַשיינפּערלעך די דעמאָלטיקע באַציאונגען אין פּוילן לגבי דער יידישער גאַס. מיר ציטירן ווערטלעך דעם דעקרעט, לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 1931.28.8 יאָר:

„נר׳ 34. — סטאַראָסטווע פּאָוויאַטאָווע אין טאָרנע. ל. ש. 137/31. טאָרנע, דעם 20.8.1931. סוחרים־קרייז טאָרנע. אויפלייזונג. צו דער סוחרים־געזעלשאַפט אין טאָרנע (אויף די הענט פון פּרעזעס היימאַן יוזעף). — איך מעלדע, אַז דער וואָיע־וואָדישער אַמט אין קראָקע מיטן בריוו פון 1931.31.7 יאָר ל. ב־34/7, אויפן סמך פון פּאַר׳ 24 און 25 פונעם געזעץ פון 15.9 1867 דז. או פ. נר׳ 134, האָט פונאַנדער־געלאָזט די „סוחרים־געזעלשאַפט״ אין טאָרנע, רעגיסטרירט אונטערן רעסקריפּט פון 8־טן יולי 1922 יאָר ל/92703/עקס 1922/פּר. ווייל עס איז פעסטגעשטעלט גע־וואָרן אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט, רעגיסטרירט אַלס אַפּאָליטישע, גייט אַריבער איר טעטיקייט־געביט, פעסטגעשטעלט לויטן פּאַר׳ 2 פונעם סטאַטוט, פאַרנעמענ־דיק זיך מיט פּאָליטישע ענינים. אַלס באַווייז קאָן דינען דער פאַקט, אַז בעת די סיים־וואַלן פאַריקעס יאָר, זענען אינעם לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט פאָרגעקומען נישט בלויז פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען, נאָר אין דעם לאָקאַל איז געווען אפילו דאָס וואַל־ביוראָ פון איינער פון די ווילער־ליסטעס. מיטן פאַרמעגן דאַרף די געזעלשאַפט טוען לויטן פּאַר׳ 14 פונעם סטאַטוט. פון דער דעציזיע קאָן מען אַפּעלירן אינעם

אינערן־מיניסטעריום דורכן וואַיעוואָדישן אַמט אין משך פון 14 טעג, רעכנענדיק פון צווייטן טאָג זינט דעם דערהאַלטן די מיטטיילונג. אַן עווענטועלע אַפּעלאַציע איז נישט פאַראַן לויטן פּאַר׳ 87 קאַפּיטל 4 פונעם פּרעזידענטס פאַראָרדנונג פון 22־טן מערץ 1928 וועגן אַדמיניסטראַטיווער האַנדלונג (דז. או. זש. פּ. נר׳ 26 פּאָז׳ 341), צוליבן עפנטלעכן אינטערעס וואָס דערלאָזט נישט צו דעם. פאַרן פּאָוויאַט־סטאַראָסטע סאָקאָלאָווסקי״.

דאָס יידישע סוחרטום אין טאַרנע האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער פאַראָרדענונג. רירנד ממש איז געווען דער פאַרלויף פון דער לעצטער פאַרוואַלטונגס זיצונג פון דער אויפגעלעזטער געזעלשאַפט. מיר ציטירן לויטן „טי־גאָדניק זשידאָווסקי״ פון 22־טן אויגוסט 1931, נומ׳ 34:

## „טאַרנער סוחרטום פּראָטעסטירט קעגן אויפלייזן די סוחרים-געזעלשאַפט אין טאַרנע

„אויף דער ידיעה וועגן אויפלייזן דורך די אַדמיניסטראַטיווער מאַכט די עקזיסטירנדיקע אין משך פון 20 יאָר סוחרים־געזעלאַפט, האָבן זיך סטיכיש פאַר־זאַמלט פיל מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, כדי אָנטייל צו נעמען אין דער לעצטער עפנטלעכער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, אויף וועלכער מען האָט באַדאַרפט איבערלייענען דעם רעסקריפּט פון דער וואַיעוואָדסטווע וואָס לייזט אויף דעם פאַריין.

די רחבותדיקע זאַלן פון דער געזעלשאַפט זענען געווען איבערפולט מיט מיטגלידער, וועלכע האָבן אויפמערקזאַם און ערנסט זיך צוגעהערט צו דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג

געעפנט די זיצונג האָט דער לאַנגיאָריקער פאַרדינסטפולער פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט יוסף היימאַן, וועלכער האָט אַ טיף גערירטער איבערגעלייענט דעם רעסקריפּט פון דער וואַיעוואָדסטווע, וועלכן מיר ברענגען אויף אַ צווייטן אָרט.

נאָכן איבערלייענען דעם רעסקריפּט מערקט זיך אויף אַלעמענס פּנימער אַ באַשיינפּערלעכער פאַרדרוס און אַן אַנטשידענער פּראָטעסט. אַלע פילן אַרויס, אַז דעם טאַרנער סוחרטום איז געטאָן געוואָרן אַ גרויסע אומפאַרדינטע עוולה, וועלכע וועט זיך אַזוי שנעל נישט לאָזן פאַרריכטן.

דערמיט זענען געטראָפן געוואָרן די זעלבסטווירדע און די לעבנס־אינטערעסן פון טאַרנער סוחרטום. עס איז צעשטערט געוואָרן דער יסוד פון דער פּראָפעסיאָ־נעלער זעלבסטפאַרוואַלטונג פונעם סוחרטום און אַוועקגענומען ביי אים אַ טריבונע, פון וועלכער עס האָט אין משך פון פיל יאָרן געלאָזט הערן די שטים פונעם באַוואוסטזיניקן יידישן סוחר אין שוץ פון זיין פּראָפעסיאָנעלער און נאַציאָנאַלער ווירדע.

ביי אַ ממש קבר־שטילקייט פון די פאַרזאַמלטע, האָט זיין רעדע פאַרטגעזעצט פּרעזעס היימאַן, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו די מיטגלידער פון דער סוחרים געזעלשאַפט:

„חשובע הערן!

כ׳מוז אייך איבערלייענען דעם דערהאַלטענעם פון דער היגער סטאַראָסטווע רעסקריפּט (מיר ציטירן אים אויף אַ צווייטן אָרט).

פאַרשטייט זיך, אַז די פאַראָרדענונג פון דער מאַכט מוזן מיר אין דער פולער קראַפט רעספעקטירן.

אונדזער געזעלשאַפט איז אזוי אַרום אויפגעלייזט, און די איצטיקע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג איז די לעצטע און אָפשיידנדיקע.

די חשובע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער באַדאַנק איך האַרציק פאַר דער ביז־איצטיקער מיטאַרבעט פאַרן וואויל פון היגן סוחרטום, ווען מיר האָבן זיך באַמיט וויפל די כוחות האָבן געסטייעט, צו העלפן.

איבער 20 יאָר האָט עקזיסטירט אונדזער געזעלשאַפט. כ׳בין געווען איינער פון אירע ווינציקע גרינדער און כ׳מוז מודה זיין, אַז כ׳בין זיך צוזאַמענגעוואַקסן מיט איר עקזיסטענץ, אַוועקגעבנדיק דערפאַר פיל צייט, מי און אַרבעט.

צוואַנציק יאָר — דאָס איז אַ גרויס שטיק צייט, און איך האָב געאַרבעט מיט איבערגעגעבענקייט און ליבע צו מיינע ברידער פון דער סוחרים־בראַנזשע.ליידער, האָב איך צוליב מיין קראַנקהייט, נישט געקאָנט די לעצטע חדשים נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל, אָבער דער קיום און וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט זענען מיר געלעגן אויפן האַרץ.

עס איז מיר היינט צוגעפאַלן אַ שווערע און נישט־אַנגענעמע אויפגאַבע איבער־צוגעבן אייך דעם רעסקריפט פון אונדזער מאַכט. נישט דאָ איז אונדזער זאַך קריטיקירן די מאָטיוון וועלכע האָבן באַוואויגן די מאַכט־אָרגאַנען אויפצולייזן אונדזער געזעלשאַפט. כ׳וואָלט זיך אָבער אויסגעמיטן מיטן אמת, ווען כ׳זאָל נישט אָפן מודה זיין, אַז ביי אַלע ביזאיצטיקע וואַלן צו געזעצגעבערישע צי מוניציפּאַלע קערפערשאַפטן, איז אונדזער וועגווייזער, אויסער די מאָטיוון לטובת דער ווירט־שאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער פוילישער רעפובליק, געווען אויך דער רעגעסאַנס פון יידנטום, זיין דערוועקט נאַציאָנאַל זעלבסטגעפיל און די דער־גרייכונג פון דער פ אַ ק ט י ש ע ר גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין פוילן.

מיר האָבן זיך נישט פאַרקויפט פאַר אַ טאָפּ לינדזן. מיר זענען געגאַנגען נאָכן געבאָט פון האַרץ און שכל, וואָס האָבן אונדז געהייסן גיין אין אייגענעם וועג וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געקרייצט מיט די אינטערעסן פון לאַנד, וועמענס גוטע איבערגעגעבענע בירגער מיר זענען.

מיר זענען נישט ווייניקער אַזעלכע גוטע בירגער פון דעם לאַנד ווי די יידן, וועלכע האָבן ביי די לעצטע סיים־וואַלן געשטימט פאַרן „איינסל" און איצט געניסן זיי פון חסד פונדערהייך.

פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער פּיליאָריקער טעטיקייט, האָבן מיר זיך נישט וואָס פאַרצוּוואַרפן. עס וואָלט דאָך געווען איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז קיין שום באַפעלקערונג־קאַטעגאָריע פון אונדזער לאַנד, ווי דאָס סוחרטום, שטרעבט נישט אַזוי אַז ביי אונדז זאָל אָנגעהאַלטן ווערן רו און אָרדענונג, זיכערקייט און רעכטספארטיקייט, ווייל נאָר אין אַן אַטמאָספערע פון די דאָזיקע פאַקטאָרן קאָן זיך דאָס סוחרטום אויסלעבן.

דער „עפנטלעכער אינטערעס" וועגן וועלכן דער רעסקריפט פון אונדזער מאַכט דערמאָנט דאָ, איז דאָך אייגנטלעך אונדזער אייגענער אינטערעס. „טוּאַ רעס

אַגיטור״* מוז יעדער פון אונדז זאָגן, און די לאַנגיאָריקע טעטיקייט פון אונדזער סוחרישער אָרגאַניזאַציע איז נאָר אַ באַשטעטיקונג פאַר אונדזערע שטרעבונגען, איז די פאַרקערפערונג פון אונדזער לאָזונג: איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם, פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין.

היינט, טייערע חברים, זענען מיר זיך דאָ צונויפגעקומען צום לעצטן מאָל.

פאַרלאָזנדיק דעם לאָקאַל, מיט וועלכן עס בינדן אונדז דערינערונגען פון פיליאָריקער געמיינזאַמער פראָפעסיאָנעלער, קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, בעט איך אייך צו געדענקען וועגן דעם, אַז אויך אויף ווייטער בינדט אונדז דער גייסט פון פרידן און ברידערלעכקייט, אַז די סוחרישע געוויסנהאַפטיקייט און ערלעכקייט איז אונדזער אומזעבאַרע פאָן וועלכע מיר מוזן אויך אויף להבא האַלטן הויך, און אונדזערע ליכטיקע וועגווייזער זאָלן אונדז ווייטער זיין די אַנטוויקלונג און וואוילזיין פון דער פוילישער רעפובליק און דער רענעסאַנס פון יידישן פאָלק״.

נאָך די ווערטער האָבן זיך געהערט לאַנגדויערנדיקע שטורמישע אָוואַציעס, דערנאָך האָט ה. דוד זיידען אין וואַרעמע און האַרציקע ווערטער זיך געווענדעט צום פרעזעס אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג און דעם גאַנצן טאַרנער סוחרטום, דאַנקענדיק אים פאַר דער פיליאָריקער קרבנותפולער אַרבעט לטובת דעם סוחרטום, און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז נאָך לאַנגע לאַנגע יאָרן וועט דאָס טאַרנער סוחרטום געניסן פון זיינע כוחות און פעאיקייטן, שווערנדיק דערביי, אַז אַלע אָן אויסנאַם סוחרים וועלן אים ווייטער אונטערשטיצן מיט צוטרוי און ליבע.

עס האָבן נאָך גענומען אַ וואָרט די ה״ה וואַקסמאַן, ערליך, אייכהאָרן, וועלכע האָבן סאָלידאַריש אויסגעדריקט זייער נישט אונטערבראָכענעם ווילן אויסצודריערן און פאַר יעדן פרייז צו דערהאַלטן די פראָפעסיאָנעלע סוחרישע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין טאָרנע. אַ שטאַרקע רעדע האָט דערנאָך געהאַלטן ה׳ וואָלף געצלער, וועלכער האָט נישט געקאַרגט קיין ווערטער פון פאַראַכטונג און צאָרן אויפן אַדרעס פון די צווישן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָבן פאַר זייער פריוואַטן אייגננוצן און ריווח געוואַגט אויף אַ פאַרמאַסקירטן אופן אויסגראָבן אַ קבר פאַר דער איינציקער אמתער רעפּרעזענטאַנץ פונעם יידישן סוחרטום אין טאָרנע.

צום סוף איז אויפן פאַרשלאַג פון אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד איינשטימיק באַש־לאָסן געוואָרן צו אַפּעלירן אין די העכערע אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנצן געגן פונאַנדערלאָזן דעם סוחרים־פאַריין אין טאָרנע״.

אַ לאַנגע צייט איז דאָס יידישע סוחרטום אין טאָרנע פאַרבליבן אָן אַ וועלכער עס איז פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך פון זיינע אינטערעסן, און דאָס גראָד אין אַ צייט, ווען עס האָט געדאַרפט שטיין אין געראַנגל מיטן פיסקאַליזם און עטאַטיזם מצד די דעמאָלטיקע מאַסגעבנדע פאַקטאָרן אין פוילן. ערשט נאָך קנאַפּע צוויי יאָר זינט דעם פונאַנדערלאָזן דעם סוחרים־פאַריין, ווען דאָס פעלן פון אַן אָרגאַניזאַציע האָט זיך געלאָזט שפּירן אויף יעדן טריט, זענען די פריערדיקע סוחרים־טוער צוגעטרעטן גרינדן אַ נייע געזעלשאַפט, בפרט נאָך, ווען די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך איבערצייגט, אַז די לייט וועלכע האָבן גורם געווען

* „עס גייט וועגן דיין טובה״ — (פון לאטיין) — (רעד.)

צום פונאַנדערלאָזן דעם סוחרים־פאַריין, האָבן פאַקטיש נישט קיין שום איינפלוס אויף די יידישע סוחרים אין טאָרנע. דעם 22־טן יאַנואַר 1933 איז אין זאַל פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט, אונטערן פאָרזיץ פון אינזש׳ קאַראָל שאַנצער, פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער. נאָכן איבערלייענען דעם סטאַטוט דורך אברהם ליינוואַנד, דערקלערט וואָלף געצלער, אַז כדי אוממעגלעך מאַכן אויף להבא שיקאַנעס אָדער עווענטועל אויפלייזן צום צווייטן מאָל די געזעלשאַפט וואָס ווערט איצט געגרינדעט, וועלן די ציוניסטן, הגם זיי אָנערקענען פולקאָם די באַדייטונג און נוצלעכקייט פון דער סוחרישער אָרגאַני־זאַציע, נישט נעמען קיין שום אַקטיוון אָנטייל אין פאַריין. דעריבער זענען אין דער פאַרוואַלטונג אַריינגעגאַנגען פאָלגנדע פערזאָנען: אינזש׳ קאַראָל שאַנצער, יוסף היימאַן, מאַאוריצי ליאָן, הענריק האָלענדער, וואָלף געצלער, זיגמונט פליישער, דוד בוים, דוד זיידען, פאָסטראַנג, ה. האכהאוזער, ע. פרענקעל, ישעיהו האָניג. אַלס פאַרטרעטער: יוסף ווײנשטאָק, לאַזאַר זעלינגער, ס. וויינטראוב, מ. קרישער, ח. ל. קאָרן, י. אָרמיאַן. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מ. ראָזענבלום, ס: דינטענפאַס, שאול פישלער. אין ערן־געריכט: מאוריצי שפּיראָ, יעקב צוויבעל, אהרון ריינהאָלד, ראובן וואַקסמאַן און סאַלאָ געלב. די פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: פרעזעס — אינזש׳ קאַראָל שאַנצער, וויצע־פרעזעסן — הערמאַן פלור און סאַמועל דינטענפאַס. סעקרעטאַר — הערמאַן לאוטערבאַך. די פאַרוואַלטונג איז גלייך צוגעטרעטן צו אַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט צווישן די ברייטסטע שיכטן פונעם טאָרנער סוחרטום און אינדוסטריעלער. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין נייעם לאָקאַל אויף לעגיאָנווו נר׳ 4.

אין דעצעמבער 1937 יאָר איז געשטאָרבן יוסף היימאַן. אַ טיפער טרויער האָט באַהערשט די יידישע גאַס אין טאָרנע. דער מאַסן־אָנטייל פונעם טאָרנער יידנטום אין דער לוויה פון יוסף היימאַן ז״ל האָט עדות געזאָגט וועגן דער גרויסער סימפּאַטיע און אָנערקענונג פון וועלכער עס האָט גענאָסן דער איבערגעגעבענער און באַדייטנ־דיקער געזעלשאַפטלעכער טוער ביי אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

יוסף היימאַן איז געווען דער גרינדער און לאַנגעיריקער פרעזעס פון דער סוחרים־געזעלשאַפט, לאַנגע יאָרן געווען ראַטמאַן אין שטאָטראַט און אַ געוויסע צייט שטאָטישער אַסעסאָר, געווען מיטגליד אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג און קהילה־ראַט. געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט און פרעזעס פון אויפזיכטס־ראַט פונעם קרעדיט־פאַרבאַנד, וויצע־פרעזעס פון פאַרבאַנד פון סוחרישע פאַריינען אין מערב־גאַליציע מיטן זיץ־אָרט אין קראָקע, קאָרעספּאָנדענט פון דער האַנדלס־און אינדוסטריע־קאַמער אין קראָקע און צענזאָר אין באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ.

יוסף היימאַן איז געווען אַ מוסטער פאַר אַלע יידן און נישט־יידן. זיין קרישטאָל־ריינער כאַראַקטער און איידל האַרץ האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג אין קרייזן אפילו פיינטלעכע צו יידן, אָבער קודם כל ליבע און אָנערקענונג פון די סוחרישע קרייזן, וועמענס וואָרטזאָגער און באַשיצער ער איז געווען. אַן ערלעכער פאַטריאָט, גרייט צו יעדער צייט און אין יעדער סיטואַציע צו דינען דעם געזעלשאַפטלעכן אינטערעס. און צו דעם אַלעמען — אַ הייסער שטאָלצער ייד. שטאָלץ פון זיין

אָפּשטאַמונג, האָט ער עס קיינמאָל נישט באַהאַלטן, באַזונדערס אין די נישט־יידישע קרייזן, מיט וועלכע ער איז זייער אָפּט געקומען אין באַרירונג צוליב זיין פּראָפּע־סיאָנעלער צי געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט. זיין צוגעבונדענקייט צום יידנטום, זיין שטאָלץ, זיין טיף באַוואוסטזיין פון נאַציאָנאַלער ווירדע, זיין זאָרג וועגן דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק, וועמענס טרייער זון ער איז שטענדיק געווען, האָט אים דערפירט צום ציוניזם אויס ריינע אימפּולסן. בעת זיין לוויה זענען אויף דער טראַסע וואו דער טרויער־צוג איז אַדורכגעגאַנגען, געווען געשלאָסן אַלע געשעפטן אַלס צייכן פון גרויסן טרויער און פאַרלוסט צוליבן טויט פון יוסף היימאַן, דער מענטש מיט גרויסע מעלות־טובות פון האַרץ און גייסט.

כבוד זיין אָנדענק!

דעם פאַריתומטן אַמט פון פּרעזעס פון סוחרים־פאַריין האָט איבערגענומען דער פעאיקער און יונגער ציוניסטישער טוער, לאַנגיאָריקער מיטגליד פונעם פאַר־באַנד פון דער עלטערער ציוניסטישער יוגנט, מגר. העריק שפּילמאַן. די דאָזיקע גליקלעכע און טרעפלעכע אויסוואַל האָט דערמעגלעכט צו קאָנטינוירן די ווייטער־דיקע אַנטוויקלונג פון פאַריין

אין יאָר 1938 האָט אָן דעם סוחרים־און־אינדוסטריעלער־פאַרבאַנד זיך אָנגע־שלאָסן דער פאַריין פון קאָנפעקציע־פּראָדוצענטן, וועלכער האָט פון יאָר 1926 רעפּרעזענטירט בלויז די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער. אין יולי 1928 איז פאָרגעקומען אַ רעאָרגאַניזאַציע פונעם פאַריין פון קאָנפעקציע־פאַבריקאַנטן און עס איז דערוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: מענדל דאַר — פּרעזעס (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה), אַרנאָלד שוואַרץ (איצט אין ישראל) און שניידער — וויצע־פּרעזעסן, שמעון זיידען און וויינשטאָק (איצט אין פּאַריז) — סעקרעטאַרן, יוסף שוואַרץ — קאַסיר, אהרון ריינהאָלד, שאָפּ (איצט אין ישראל), עמיל גאַנז און גיסלער — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. אַלס פאַרטרעטער: סאַמבערג, מ. אונגער. חברים־געריכט: שלמה קעללער, פּנחס טעמפּלער און קלאַוזנער. דער פאַריין האָט געציילט 50 מיטגלידער.

נאָכן אָנשליסן זיך פון די קאָנפעקציאָנערן אינעם סוחרים־פאַריין, איז לויט אַ דעציזיע פון מיניסטעריום פאַר האַנדל און אינדוסטריע פון 20־טן יוני 1938, דער אָפיציעלער נאָמען פון פאַריין געווען: „זזשעשעניע קופּצוו אי פּשעמיסלאָווצוו וו טאַרנאָוויע" (פאַרייניקונג פון סוחרים און אינדוסטריעלער אין טאָרנע).

די פאַרייניקונג איז געוואָרן אַ מעכטיקע אָרגאַניזאַציע פון סוחרים און אינדוס־טריעלער אין טאָרנע. איר פּרעזעס מגר. הענריק שפּילמאַן האָט נישט אַנטוישט אין די אויף אים אַרויפגעלייגטע האָפענונגען.

אינעם ערשטן יאָרטאָג פון יוסף היימאַנס טויט, האָט דער סעקרעטאַר פון דער פאַרייניקונג דוד זיידען (געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1951), געשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 30.12.38, נר' 52:

„מען דאַרף מודה זיין, אַז דאָס פאַרלאָזענע פּרעזעסור־אַמט פון סוחרים און אינדוסטריעלער פאַריין איז ווירדיק באַזעצט געוואָרן, און דאָס דערוויילן מגר. שפּילמאַן אַלס פּרעזעס איז געווען אויסערסט טרעפלעך און גליקלעך. די פאַריי־ניקונג וועיזט איצט אַרויס אַ גרויסן פאָרטשריט און אַ באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג,

און וועגן דעם צוטרוי פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט צו דער פּערזאָן פון מגר. שפּילמאַן באַווייזט דער פאַקט, אַז דאָס יידישע סוחרטום אין טאָרנע האָט אויף זיינע הענט אין משך פון עטלעכע טעג געשפּענדעט די סומע פון בערך 10.000 זלאָטעס אַלס פרייוויליקע שפּענדונג פאַר באַוואָפענען די אַרמיי".

מגר. שפּילמאַן האָט אין די שווערסטע באַדינגונגען איבערגעהאַלטן די גאַנצע דייטשע אָקופּאַציע אין וואַרשע. בעת די קאַמפן פאַר באַפרייען וואַרשע איז ער אומגעקומען, ווען די שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן. זיינע עלטערן האָבן נאָך דער באַפרייאונג געבראַכט זיין קערפּער קיין טאָרנע, וואו ער איז באערדיקט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם. דער גרויזאַמער גורל האָט נישט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן יונגן פעאיקן און אויסערסט אינטעליגענטן געזעלשאַפטלעכן טוער, און דאָס גראָד אין אַ מאָמענט, ווען די זיגרייכע רויטע אַרמיי און פּוילישע אַרמיי האָבן געטריבן דעם מוראדיקן שונא. דער אומגעקומענער הענריק שפּילמאַן האָט פאַר־יתומט נישט בלויז זיין פרוי און יונג קינד, און איבער זיין טויט ווייטיקן זיין מוטער און פאָטער (דער געניטער און לאַנגיאָריקער געזעלשאַפטלעכער טוער אברהם שפּילמאַן — איצט אין טאָרנע). מגר. הענריק שפּילמאַן האָט אויך פאַריתומט דאָס ביים לעבן געבליבענע הייפל טאָרנער יידן, וועמען עס איז אַזוי נויטיק געווען דער דאָזיקער באַדייטנדיקער, ענערגישער, ערלעכער און יונגער געזעלשאַפטלעכער טוער.

כבוד זיין אָנדענק!

דעם 23־טן יאַנואַר 1939 יאָר איז דערווײלט געוואָרן די לעצטע פאַרוואַלטונג פונעם סוחרים און אינדוסטריעלער פאַריין אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: שמואל דינטענפּאַס, סאַלאָ געלב, וואָלף געצלער, הענריק האַלענדער, מאיר ראָזענבאום, מגר. הענריק שפּילמאַן, זיידען דוד, חיים קאָרן, מאַאוריצי שוואַנענפעלד, לעאָן פּריעס, יוסף וויינשטאָק (איצט אין פּאַריז), ד"ר בערנאַרד טעססע (איצט אין אַמעריקע), לייב גערסטען, ווילהעלם רובין, יהודה פרייררייך. פאַרטרעטער: מאַקס באַלזאַם, יעקב צימערמאַן, ישראל רייך, לאַזאַר זעלינגער, איזאַק קירשענבוים, דינדאס פּייוול. רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: דיר' לעאָפּאָלד שינאגעל, בראָניסלאַוו נעבענ־צאל (איצט אין בעלגיע), פעניכעל זיגמונט. חברים־געריכט: חנא פעססעל (איצט אין ישראל), קורץ יחיאל, פאסטראנג יחזקאל, דיר' שענוועטער איזאַק, בערנארד לייב.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: פּרעזעס — מגר. הענריק שפּילמאַן, וויצע־פּרעזעסן — הענריק האַלענדער, שמואל דינטענפּאַס, סעקרעטאַר — דוד זיידען, קאַסיר — סאַלאָ געלב, פאַרוואַלטער — לעאָן פּריעס.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט און אַרומ־גענומען ברייטע קרייזן פון יידישן סוחרטום, וואָס האָט געמוזט קעמפן מיט דער עקסטערמינאַציע פּאָליטיק פון דער פאַרמלחמהדיקער פּוילישער סאַנאַציע־רעגירונג און די צעווילדעוועטע בויקאָט־פּיקעטן פון די ענדעקישע זינדלעך. אָבער די עיקר אויפגאַבע פון דער נייער פאַרוואַלטונג איז געווען צו הייבן די פאַך־קוואַליפי־קאַציעס פונעם יידישן סוחר דורך פאַרשפּרייטן בילדונג און קענטעניש פון דער שטייער־געזעצגעבונג און אַדמיניסטראַציע. אינגיכן איז דער סוחרים און אינדוס־

טריעלער פאַריין צוגעטרעטן דורכצופירן אַ גרויסע אַקציע צונויפצושטעלן די נויטיקע קאַפּיטאַלן אויף אַ פאָנד פאַר דרינגענדער הילף פאַר געפאַלענע סוחרים. דער דאָזיקער פאָנד האָט גלייכצייטיק געדאַרפט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון יוסף היימאַן ז״ל.

אין ביוראָ פון פאַריין איז געווען טעטיק אַ שטענדיקער סעקרעטאַריאַט, אָנגעפירט דורך מגר. נויגאַסער, וועלכער האָט דערלעדיקט אַלע ענינים וואָס האָבן געפאָדערט קענטעניש אין דער אַדמיניסטראַטיווער און שטייער־געזעצגעבונג. דאָס ענערגישע פּרעזידיום האָט שטענדיק אינטערווענירט ביי די מאַכט־אָרגאַנען, ווען עס איז נויטיק געווען צו באַשיצן די אינטערעסן פון יידישן סוחר.

באַגלייך מיט דער ליקווידאַציע פון טאַרנער יידנטום, איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער יידישער האַנדל און אינדוסטריע אין טאַרנע. עס זענען פאַרשוואונדן אַלע הורט־געשעפטן און סקלאַדעס, נישטאָ מער די סוחרים, קרעמער און שראַגן־זיצער, נישט פאַרבליבן קיין סימן פון די יידישע וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן באַשעפטיקט הונדערטע אַרבעטער און כאַלופּניקעס, נישטאָ מער די יידישע פאַבריקן. די מי און אָנשטרענגונג פון טאַרנער יידנטום אין משך פון הונדערטער יאָרן — איז געגאַנגען לאיבוד. זיי זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע אונטערנעמונגען.

5.

## יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ביי יידן אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן פיל יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1901 איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן דער „אַלגעמיינער קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד", וועלכער האָט אַ סך גורם געווען צו דער פאַרשפּרייטונג פון די קאָאָפּעראַציע־אידעאַלן אויף דער יידישער גאַס. אַ דאַנק דעם דאָזיקן פאַרבאַנד, וועלכער האָט אין אָנהויב באַגרענעצט זיין טעטיקייט אויפן שטח פון מזרח־גאַליציע, זענען דערנאָך אין גאַנץ גאַליציע אַנטשטאַנען פיל קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַדורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס און די מיינסטע פון זיי האָבן זיך ליקווידירט.

ערשט אין נאָוועמבער 1918 יאָר איז פאַרצייכנט געוואָרן אַ נייע תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, דערביי האָט דער „אַלגעמיינער קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד" אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר ראָזמאַריז, באַנייט זיין לעבהאַפטע טעטיקייטן און אַלס צענטראַלע אינסטיטוציע פאַרנומען זיך מיט פּראָפּאַגירן און אָרגאַניזירן קאָאָפּעראַטיוון ביי יידן אין פּוילן.

עס זענען צו יענער צייט אויך אַנטשטאַנען פּראָדוציר־און קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, אַלס רעזולטאַט פון דער אָנגעהויבענער דורך יידישע געזעלשאַפטלעכע

אָרגאַניזאַציעס זעלבסטהילף־אַקציע, גראָד אין אַ צייט פון גרויסע אַפּראָוויזאַציע־שוועריקייטן און מאַנגל אין רוישטאָפן אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה.

אַ דאַנק דער הילף פון „דזשוינט", זענען אין גאַנצן לאַנד אַנטשטאַנען קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און וואַרשטאַטן, אָרגאַניזירטע דורך יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען. אַ באַזונדערס אַקטיווע טעטיקייט אויף דעם געביט האָט געפירט אין מערב־גאַליציע די פּועלי־ציון פּאַרטיי, שאַפנדיק פון איר זייט אין די גרעסטע שטאָטישע צענטערן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און וואַרשטאַטן, וואָס האָבן פּאַרלייכטערט די שפּייז־פּאַרזאָרגונג פּאַר דער יידישער באַפעלקערונג, מיינסטנטייל רעגלאַמענטירטע און צוטריטלעכע פּאַר די קאָאָפּעראַטיוון, — און פון דער צווייטער זייט דערמעג־לעכט יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות אַריינדרינגען אין קאָאָפּעראַטיווע וואַרשטאַטן.

אין קראָקע איז אַנטשטאַנען דער „פּאַרבאַנד פון קאָנסומען און קאָאָפּעראַטיוו־וואַרשטאַטן" („זוויאָנזעק קאָנסומווו אי וואַרשטאַטווו ספּולדזשעלטשיך" — „זקיווס"), אָנגעפירט דורכן דעמאָלטיקן פּועלי־ציון טוער אין קראָקע, שמעון פריינד.

דער ציל פונעם פּאַרבאַנד איז געווען: טראָגן הילף אין דער פאָרם פון קרעדיט און סחורות די באַזונדערע קאָאָפּעראַטיוון; קאָנטראָל און פּאַראייינהייטלעכונג פון זייער טעטיקייט. אויך די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, וועלכע איז אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז דער שפּאַלטונג אין יאָר 1920, געווען שטאַרק אַנטוויקלט, האָט אויפגעשטעלט דעם יידישן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו „פּועלי ציון", וועלכער האָט פּאַרמאָגט אַ הויפּט־לאַגער אויף דער לוואָווסקע גאַס און א פיליע אין הויז פון בנימין פּאַריזער ביים פּילזנער טויער. דערביי האָבן צו דעם דאָזיקן קאָנסום געהערט עטלעכע הונדערט מיטגלידער פון אַרבעטער־קרייזן און בעלי־מלאכות. די אָנפירונג פון קאָנסום איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון די דעמאָלטיקע פּועלי־ציוניסטישע טוער — אליהו זעלינגער, הענעך טיש, אַלטער בייטש, נחמיה קאַץ (איצט אין ישראל), נחום איינשפּרוך און א. כאָמעט. דער קאָנסום האָט אַלע זיינע מיטגלידער באַזאָרגט מיט אַלע שפּייז־אַרטיקלען, וועלכע מען האָט נישט געקאָנט באַקומען אין פרייען פּאַרקויף.

אין ליאָנ'ס הויז אויף דער לוואָווסקע גאַס איז געעפנט געוואָרן אַ שוסטער־קאָאָפּעראַטיוו (אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט ביי אַ 10 יידישע שוסטער) פּאַר די באַדערפנישן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג, ווייל עס איז שווער געווען צו באַקומען לעדער, בעת די קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיי באַקומען דורכן „זקיווס". מיטן שוסטער־קאָאָפּעראַטיוו האָבן אָנגעפירט די פּועלי־ציון טוער הענעך טיש און פנחס גליק. אין הויז פון וויקטאָר גרינהוט אויף לוואָווסקע איז געעפנט געוואָרן אַ הוטן־קאָאָפּעראַטיוו, אָנגעפירט דורך יצחק שיפּער און שפּילפויגל (איצט אין פּאַריז).

אויך די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעעפנט אַן אייגענעם קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו (אָנגעפירט דורך קלוגער), און אַ שניידער־קאָאָפּעראַטיוו. די ביר־גערלעכע ציוניסטן האָבן אויפגעשטעלט אַ קאָנסום, אָנגעפירט דורך איגנאַץ האָלצאַפּעל, לאַנגיעריקער ראַטמאַן פון טאָרנער שטאָטראַט.

בעת די שפּייז־קאָאָפּעראַטיוון האָבן געהאַט די געהעריקע אונטערשטיצונג

פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געהאַט גענאָסן פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס, האָבן די פראָדוציר־קאָאָפעראַטיוון זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קעגנערשאַפט מצד יידישע האַנטווערקער, וועלכע האָבן נישט דערשאַצט די געזעלשאַפטלעכע אוןווירטשאַפטלעכע באַדייטונג פון די קאָאָפעראַטיוון און געזען אין זיי בלויז אַ קאָנקורענט וואָס באַדראָט זייערע אַרבעטס־וואַרשטאַטן, טענהנדיק, אַז די קאָאָפעראַטיוון עקזיסטירן נאָר אַ דאַנק דער הילף פון „דזשוינט״, בעת די בעלי־מלאכות פאַרלירן זייער אַרבעט. עס איז אפילו דערגאַנגען דערצו, אַז דער פאַריין פון יידישע האַנטווערקער „יד חרוצים״ אין טאָרנע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, רופנדיק צו בויקאָטירן די יידישע קאָאָפעראַטיוון. אין עטלעכע חדשים אַרום זענען ליקווידירט געוואָרן אַלע פראָדוציר־קאָאָפעראַטיוון, און אַ לענגערע עקזיסטענץ האָבן געהאַט בלויז די שפּייז־קאָאָפעראַטיוון, אָבער אויך נאָר ביז דעמאָלט, ווען ס׳האָבן זיך נאָרמאַליזירט די אַפּראָוויזאַציע פון די שטאָטישע איינוואוינער. ווען עס איז דערנאָך אָפּגעשאַפט געוואָרן דער קאַרטן־סיסטעם אויף די וויכטיקסטע שפּייז־אַרטיקלען, האָבן זיך אויך די קאָנסום־קאָאָפעראַטיוון ליקווידירט, איבערלאָזנדיק דעם יידישן סוחרטום די שפּייז ליפערונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

וואָס אַן אמת איז נאָך אין יאָר 1928 (ווי עס גיט אָן דער אָפיציעלער „קליינער סטאַטיסטישער יאָרגאַנג״ פון יאָר 1939) געווען אין פוילן 774 יידישע קאָאָפעראַטיוון, דערונטער קוים 10 לאַנדווירטשאַפטס־האַנדלס קאָאָפעראַטיוון, 4 וואוינונגס־קאָאָפעראַטיוון, 80 פון פאַרשידענעם כאַראַקטער און 680 קרעדיט־קאָאָפעראַטיוון. אַזאַ לאַגע איז מער־ווייניק פאַרבליבן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1939.

די אַנטוויקלונג פון די יידישע קרעדיט־קאָאָפעראַטיוון האָט געהאַט איר סיבה אין דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין וועלכער עס האָט זיך באַזונדערס געפונען דאָס יידישע סוחרטום. „באַנק פּאָלסקי״ און „באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ״ האָבן די יידישע סוחרים צוגעוואָרפן זייער מאָגערע קרעדיטן און די פּריוואַטע בענק האָבן אים אַזוי באַגרענעצט, אַז דער סוחר איז געווען געצוואונגען צו זוכן קרעדיט אויפן פּריוואַטן מאַרק פאַר אַ הויכן פּראָצענט. דעם סוחר און קליינהענדלער איז דעריבער איבערגעבליבן דער וועג פון אַליינהילף, דער וועג פון אויפשטעלן קרעדיט־קאָאָפעראַטיוון.

די הויפּט־נעץ פון יידישע קאָאָפעראַטיווע קרעדיט־אינסטיטוציעס איז אונטערן פּאַטראָנאַט פון דער באַנק פאַר יידישע קאָאָפעראַטיוון אין וואַרשע, אַנטשטאַנען אין קאָנגרעס־פּוילן און אין ווילנער געגענט. בעת אויף די דאָזיקע געביטן האָבן עקזיסטירט 400 קאָאָפעראַטיוון, פאַראייניקט אינעם פאַרבאַנד פון יידישער קאָאָפעראַציע־געזעלשאַפטן אין וואַרשע, האָט מערב־גאַליציע געהאַט שוין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה בלויז עטלעכע צענדליק, און טאָרנע — בלויז צוויי יידישע קרעדיט־קאָאָפעראַטיוון.

אין טאָרנע האָט די יידישע קרעדיט־קאָאָפעראַציע געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין די פריסטע יאָרן. נאָך אין יאָר 1888 איז דורך אַ גרופּע פּערזענלעכקייטן אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר עליאַש גאָלדהאַמער און יהושע מאשלער, געגרינדעט געוואָרן די עסקאָנטע־געזעלשאַפט, וועלכע האָט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־

מלחמה אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט דורכן געבן אירע מיטגלידער ביליקן און באַקוועמען קרעדיט, און אויך געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע פילאַנ־טראָפּישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די געזעלשאַפט האָט פון אירע אייגענע פאָנדן אויפגעשטעלט אַ יתומים־הויז אין טאַרנע און געגעבן באַדייטנדיקע פאָנדן פאַרן יידישן שפּיטאָל. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט מיט דער אינסטיטוציע אָנגעפירט חיים נייגער, און אַ באַזונדערס פאַרצווייגטע און עפעקטיווע טעטיקייט האָט די געזעלשאַפט געפירט מיטן מאָמענט ווען די אָנפירונג איבער איר האָט איבערגענומען דער דירעקטאָר לעאָפּאָלד שינאַגעל, וועלכער האָט מיט זיין אחריות־פולער אַרבעט אויפגעהויבן דעם דאָזיקן קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו צו דער מדרגה פון אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט אַן ערנסטע און וויכטיקע באַדייטונג פאַר די יידישע ווירטשאַפטלעכע קרייזן אין טאַרנע.

אין אַפּריל 1938 האָט די עסקאָנטע־געזעלשאַפט געפייער איר 50־יאָריקן יובל. אין שייכות מיט דער דאָזיקער דאַטע, האָט ד"ר וואָלף שענקעל, מיטגליד פון אויפזיכטס־ראַט, געשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" וועגן דער באַדייטונג פון דער אינסטיטוציע:

„אין טרויעריקע און שווערע טעג פאַלט אויס דער 50־יאָריקער יובל פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט, איינע פון די עלטסטע קאָאָפּעראַטיווע פלאַצוווקעס אין פוילן. אין אונדזערע הערצער איז פאַראַן אַ טיפער און אויפריכטיקער טרויער, וואָס דעם דאָזיקן דערהויבענעם מאָמענט האָט נישט דערלעבט יוסף היימאַן, וועמען די עסקאָנטע־געזעלשאַפט האָט אַזויפיל צו פאַרדאַנקען און וועמענס נאָמען איז אויף אייביק איינגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דער אינס־טיטוציע. אינעם יובליי־טאָג דערמאָנען מיר מיט אויפריכטיקן טרויער יוסף היימאַן, וואָס האָט זיין גייסטרייכן אינטעלעקט אַוועקגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער טעטיקייט, ווידמענדיק זיינע בעסטע כוחות אויף צו רעאַליזירן די קאָאָפּעראַציע־אידעאַלן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע קאָאָפּעראַ־טיווע באַוועגונג האָט אין דער פּערזאָן פון יוסף היימאַן פאַרלוירן אַן אומדער־מידלעכן מנהיג, וועלכער האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט און קרבנות־גרייטקייט אָנגעפירט אָן שום מאַטעריעלן נוצן מיט די אַרבעטן פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט. די קרעדיט־קאָאָפּעראַציע דערפילט אַ בכבודיקע פאַרטיידיקונגס־פונקציע אינעם קאַמף וועלכן עס פירט דאָס יידישע סוחרטום אינעם שווערן געראַנגל פאַר זיין קיום. בעת געוויסע בענק טיילן נישט צו קיין קרעדיטן פאַר יידישע סוחרים, מוז אויפטרעטן אויף דער אַרענע קעגנ־זייטיקע הילף און אַ פאַראייניקטער יידישער קאָאָפּעראַטיווער כוח. אַלס קרעדיט־אינסטיטוציע פון אַ זעלבסטהילף־כאַראַקטער, אַנטוויקלט די עסקאָנטע־געזעלשאַפט איר טעטיקייט אין גייסט פון פּראָפּאַגירן אָפּשפּאָרונגען צווישן די ברייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג ווי אויך אין געבן ביליקן דיסקאָנטע־קרעדיט יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער. די לאָנגיאָריקע, פאַרזיכטיקע און אחריותפולע אַרבעט אונטער דער לייטונג פונעם דערפאַרענעם דירעקטאָר לעאָפּאָלד שינאַגעל, האָט באַקרעפטיקט דעם צוטרוי פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט צו דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט".



צום 50־יאַריקן יובל פון דער עסקאַנטע־געזעלשאַפט אינעם יאָר 1938.
די פאַרוואַלטונג און אויפזיכטס־ראַט. עס זיצן פון רעכטס: וואָלף געצלער ז״ל, הערמאַן פלור ז״ל, שמואל וויינטרויב (איצט אין ישראל), מאַקס דינטענפאַס ז״ל און לעאָפאָלד שינאַגעל ז״ל. עס שטייען פון רעכטס: מאוריצי ליאָן ז״ל, אברהם שפּילמאַן (איצט אין טאָרנע), ד״ר וואָלף שענקעל ז״ל און אברהם יאַרטנער (איצט אין ישראל).

דעם 18־טן אַפּריל 1938 איז פאָרגעקומען די 43־טע יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט, אויף וועלכער דירעקטאָר לעאָפּאָלד שינאַגעל האָט אויפן סמך פון ציפערן באַוויזן די כסדרדיקע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. לויט דעם דאָזיקן באַריכט, האָט דער אומזאַץ פאַרן באַריכטס־יאָר באַטראָפן 25.634.728 זלאָטעס, דערביי איז געגעבן געוואָרן קרעדיט אויף אַ סומע פון 5.614.360 זלאָטעס, און די איינלאַגן זענען אויסגעוואַקסן צו דער סומע פון 632.907 זלאָטעס. ריינער ריוח אין אויבנדערמאָנטן יאָר האָט באַטראָפן 13,873 זלאָטעס, פון וועלכע עס איז פאַרטיילט געוואָרן אויף וואוילטעטיקע צוועקן 3.000 זלאָטעס, אויף דיווידענדן 1782 זלאָטעס, אויף רעמונעראַציע 4.000 זלאָטעס און די איבעריקע סומע — 5091 זלאָטעס — אויפן רעזערוו־פאָנד, וועלכער האָט באַטראָפן 71.633 זלאָטעס.

אויף דער דאָזיקער, שוין לעצטער, אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער עסקאָנטע־ געזעלשאַפט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג און אויפזיכטס־ראַט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל:

פאַרוואַלטונג: ד״ר מאַרטשין בלאָך, לעאָפּאָלד שינאַגעל, אברהם שפּילמאַן (איצט אין טאַרנע), שמואל ווײַנטרויב (איצט אין ישראל).

אויפזיכטס־ראַט: מ. דינסטענפּאַס, וואָלף געצלער, אברהם יאַרנטער (איצט אין ישראל), אינזש׳ לייכטער און מאַאוריצי ליאָן.

פון דער דאָזיקער שיינער און נוצלעכער אינסטיטוציע איז קיין זכר נישט געבליבן. דער פאַרדינסטפולער און לאַנגיאָריקער דירעקטאָר פון דער אינסטיטוציע, לעאָפּאָלד שינאַגעל, האָט די שווערסטע מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט אין רוסלאַנד, און ווען ער איז נאָכן קריג צוריקגעקומען קיין טאַרנע, האָט ער געהאַט פאַר זיין איינאונאיינציקן ציל — רעאַליזירן זיין אידעאַל, וועמען ער האָט אַ גאַנץ לעבן געדינט געטריי און געאַרבעט מיט אַזויפיל קרבנות־גרייטקייט. אין יאָר 1949 איז ער געקומען קיין ישראל, וואו עס האָבן פון לאַנג שוין געוואוינט זיינע קינדער. אינעם אייגענעם לאַנד האָט ער זיך געפילט גליקלעך און צופרידן. אין דעצעמבער 1951 איז ער פלוצים געשטאָרבן אין תל־אביב. דער טויט פון דעם דאָזיקן טרייען און ערלעכן ציוניסט האָט שווער געטראָפן די טאַרנער יידן וואָס וואוינען אין ישראל.

כבוד זיין אָנדענק!

✶

צו די עלטסטע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס אין טאַרנע האָט אויך געהערט דער קרעדיט־פאַרבאַנד, וועלכער איז אין יאָר 1903 געגרינדעט געוואָרן פון די פאָנדן פון באַראָן הירש, און פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געשטיצט די אָרעמסטע שיכטן פונעם טאַרנער יידנטום, באַשעפטיקטע ביים קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי. דער קרעדיט־פאַרבאַנד האָט אַלס קאָאָפּעראַטיוו געשטיצט זיך אויף אַקציע־אַנטיילן פון די מיטגלידער, צום מיינסטן קליינהענדלער, בעלי־מלאכות און קליין־פאַבריקאַנטן. לויטן סטאַטוט פונעם פאַריין, איז זיין ציל געווען צו געבן הלוואות, פון וועלכע עס האָט געקאָנט געניסן נאָר אַ מיטגליד פונעם פאַרבאַנד, און אין דער ערשטער ריי דער, וועמען עס זענען נויטיק געווען פאָנדן

אויף אויפצוהאַלטן זיין וואַרשטאַט, כדי צוהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך און ראַטעווען עטלעכע הונדערט פאַמיליעס, וועלכע וואָלטן געקאָנט פאַלן צו לאַסט דער געזעלשאַפט. אַ רעאָרגאַניזאַציע פונעם קרעדיט־פאַרבאַנד אויף אַ גרעסערן מאַשטאַב איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1925, ווען אויף דער 25־טער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די אַנטייל־באַזיצער, אויף וועלכער עס איז אַנוועזענד געווען ד״ר זילבערשיין, סיים־דעפּוטאַט, עקזעקוטיוו־פּרעזעס פון די קאָאָפּעראַטיווע בענק אין גאַליציע, — איז אַלס פּרעזעס פונעם אויפזיכטס־ראַט דערוויילט געוואָרן יוסף היימאַן, וועלכער איז פאַרבליבן אויפן דאָזיקן אַמט ביז זיין טויט אין יאָר 1937. היימאַן האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע אַנטוויקלט ביז גאָר. אַלס פאַרוואַלטונגס־פאַרזיצער איז דעמאָלט דערוויילט געוואָרן אדוו׳ העשל פישלער. דער קרעדיט־פאַרבאַנד האָט אין יאָר 1928 געציילט 650 אַקציאָנערן מיט 1570 אַקציעס, דערביי האָט דער אומזאַץ קאַפּיטאַל באַטראָפן די סומע פון 70.000 זלאָטעס, ביי געגעבענע הלוואות אויף אַ סומע פון 163.000 זלאָטעס.

דער קרעדיט־פאַרבאַנד איז גאָר אינגיכן געוואָרן איינע פון די ערנסטע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, אונטערהאַלטנדיק מיט קליינע הלוואות כמעט אַלע יידישע קליינהענדלער און בעלי־מלאכות אין טאַרנע. פיל געהאָלפן צו דעם האָט דער דירעקטאָר בראָניסלאַוו נעבענצאַל (איצט אין בעלגיע), וועלכער האָט זייער אַ סך געלייסטעט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער ווירטשאַפטלעכער אינסטיטוציע. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין פעב־רואַר 1931 יאָר, האָט דיר׳ נעבענצאַל באַריכטעט, אַז אין יאָר 1930 אויף דער אַלגעמיינער צאָל 331 יידישע האַנטווערקער אין טאַרנע, האָבן 201 גענאָסן פון קרעדיטן אינעם קרעדיט־פאַרבאַנד.

וועגן דער באַדייטונג און וויכטיקייט פונעם קרעדיט־פאַרבאַנד זאָגט עדות דער באַריכט פון דער לעצטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, פאָרגעקומען דעם 24־טן יוני 1938. באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך 119 מיטגלידער, דעם פאָרזיץ האָט געפירט מאַאוריצי שוואַנענפעלד. דיר׳ נעבענצאַל האָט אויף דער אויבנ־דערמאָנטער פאַרזאַמלונג אויפגעוויזן, אַז אין יאָר 1937 איז געווען ריינער ריוח 3.863 זלאָטעס, פון וועלכע 1.800 זלאָטעס איז באַשטימט געוואָרן פאַר קולטור־געזעלשאַפטלעכע צוועקן. אויב מען וועט נעמען אין אַכט, אַז אין יאָר 1938 האָט דער פאַרבאַנד באַשעפטיקט עטלעכע אָנגעשטעלטע, און פון די אַרויסגעגעבענע הלוואות האָט ער גענומען אַ מינימאַלן פּראָצענט, האָט דאָס דערגרייכן אַזאַ ריוח נאָך אַ גאַנציאָריקער טעטיקייט געוויזן אויף אַ גרויסן דערפאָלג און עדות געזאָגט וועגן דער פולבלוטיקייט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

צוזאַמען מיטן טאַרנער יידנטום איז אויך די דאָזיקע וויכטיקע עקאָנאָמישע פלאַצוווקע פאַרניכטעט געוואָרן.

*

אויסער די צוויי אויבנדערמאָנטע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון, איז אין טאַרנע געווען נאָך אַ „קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט״, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו געבן אַ גינסטיקן קרעדיט אירע מיטגלידער. דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיוו, געגרינדעט אין יאָר 1930, איז אָנגעפירט געוואָרן דורך

איינעם פון די גרינדער און דירעקטאָרן, חיים אבערדאם, פאַרדינסטפולער אָרטאָ־דאָקסישער טוער און געזעלשאַפטלעכער עסקן, באַזונדערס אויפן געביט פון דער טאַרנער יידישער קהילה, און איזאַק שענוועטער, איבערגעגעבענער מזרחי־טוער, ווי אויך יוסף מאשלער, וועלכער האָט זיין דערפאַרונג אינעם באַנק־וועזן אָפּגע־געבן צום דינסט פון דער אויבנדערמאָנטער אינסטיטוציע. אינגיכן איז זי געוואָרן אַ וויכטיקע קרעדיט־אַנשטאַלט פאַר יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען צוליב דער אַנטי־יידישער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק איז די יידישע ווירטשאַפטלעכע קרייזן אָפּגע־שלאָסן געוואָרן דער צוטריט אין די רעגירונגס בענק. אויף דער אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג אין יאָר 1931 (אונטערן פאָרזיץ פון שמואל הוללעס), איז אַלס פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג אויסגעקליבן געוואָרן יוסף מאשלער. לויטן באַריכט פאַרן יאָר 1930, האָט דער ריינער ריוח פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט באַטראָפן 20.343 זלאָטעס, וואָס האָט גלייך עדות געזאָגט וועגן דער פּרעכטיקער אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע. אין יאָר 1937 האָט די אינסטיטוציע דערגרייכט אַ ריוח פון 35.427 זלאָטעס, פון וועלכע עס איז אַוועקגעגעבן געוואָרן אויף דיווידענדן און אויף קולטור־געזעלשאַפטלעכע צוועקן (גמילות־חסד, קרן קיימת לישראל, קרן היסוד און אַנד.) די סומע פון 17.888 זלאָטעס, און דאָס איבעריקע געלט — 17.539 — איז איבערגעוויזן געוואָרן אינעם רעזערוו־פאָנד, וועלכער האָט דאָס יאָר באַטראָפן 323.767 זלאָטעס.

אין יאָר 1937 איז אַלס פּרעזעס פון אויפזיכטס־ראַט דערוויילט געוואָרן שמואל הוללעס, דערביי דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז אַ דאַנק די באַמיאונגען און קאָסטן פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט, איז אין טאָרנע געעפנט געוואָרן אַ טיי־האַלע אין אַ באַזונדער לאָקאַל אויפן פּלאַץ „פּאָד דעמבעם”, וועלכע פלעגט יעדן ווינטער אַרויסגעבן אומזיסט טיי מיט ברויט יעדן וועלכער האָט עס געבעטן.

אויך פון דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער האָט באַשעפטיקט פיל אָנגעשטעלטע, איז נישט געבליבן קיין זכר. אַלע דירעקטאָרן, די מיטגלידער פונעם אויפזיכטס־ראַט און אַלע מיטגלידער פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט, זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

# דער אנטייל פון טארנער יידן
# אין וויסנשאפט, קונסט, ליטעראטור
# און פובליציסטיק

דניאל לייבל

## ר׳ מרדכי דוד

ר׳ מרדכי דוד — אַזוי האָט ער געהייסן ביי אונדז אין שטאָט. ווען מ׳האָט געזאָגט ר׳ מרדכי דוד, האָט מען געמיינט יענעם הויכן יידן מיטן גלאַט ראַזירטן לענגלעכן פנים און קורץ געשוירענע גראָע האָר, וואָס איז געגאַנגען איבערן גאַס מיט געניטע פעסטע טריט, נישט אָפּגעשטעלט זיך, סיידן ס׳האָט אים עמיץ אָפּגעשטעלט, און די זשוואַווע בלאָע אויגן פון די געפּעלבלטע רעמלעך אַרויס האָבן זיך געגליטשט איבער אַלץ מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע, חלילה נישט מיט יהירות. יידן האָבן פאַר אים געצויגן דעם הוט; ווי פאַר אַ שררה, אַפילו מ׳האָט אים געקענט בלויז פון דערווייטנס. מ׳האָט עפּעס נישט געקאָנט פאַרבייגיין פאַר אים סתם אַזוי ווי פאַר יעדן אַנדערן. ס׳איז נישט געווען גלייכגילטיק, אַז ער גייט אויפן גאַס.



מרדכי דוד בראַנדשטעטער ז״ל

מ׳האָט אים גערופן רעב, כאָטש ער איז געווען אַ גלוח און אין דער שטאָט און אין דער גאַנצער סביבה האָט ער געשמט אַלס שרעקלעכער אַפּיקורס. אַלע מעשׂיות וואָס מ׳פלעגט דערציילן וועגן ערגעץ וואו אַן אפיקורוס אין דער וועלט, פלעגט מען דערציילן ביי אונדז אין שטאָט וועגן אים, וועגן ר׳ מרדכי דודן. מענטשן האָבן געזען ממש מיט די אייגענע אויגן, ווי ער זיצט איבערן זוהר אין בלויזן קאָפּ, און פון חוזק וועגן האָט ער אפילו אַ באַזונדערן פייקע־ציבוך אויף שבת מיט אַ זילבערנער אויפשריפט „לכבוד שבת״, כאָטש גערייכערט האָט ער גאָר פּאַפּיראָסן. פונדעסטוועגן האָט מען פאַר אים געהאַט גרויס אָפּשיי, און אפילו מ׳האָט אויף אים אויסגערעדט כל׳עס בייז, האָט מען אין די רייד געהערט אי דרך ארץ אי סימפּאַטיע, נישט אַזוי ווי וועגן די יונגע „שקצים״, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן איינציקווייז פון בית המדרש, אָדער מ׳האָט זיי מיט גרויס חרפּה גענומען אַרויסטרייבן פון דער קלויז פאַר צוקנעפּלען דעם קאַלנער פון העמד אָדער גאָר אָנטאָן אַ „שניפּסל״. ווייל ר׳ מרדכי דוד איז געווען אַ גרויסער למדן, אַזוי האָבן זיך געשוואוירן יידן, וואָס האָבן מיט אים קיינמאָל קיין וואָרט נישט אויסגערעדט.

ווי אַזוי מ׳האָט אים גערופן פּנים אל פּנים איז געווען געווענדט פון דעם יידן וואָס האָט גערעדט. איז עס געווען אַ ייד אַ למדן, פון עלטערן דור, אַ ייד וואָס שאַצט אָפּ מענטשן לויט דעם צו זיי זענען לערנערס אָדער נישט, האָט ער נישט געהאַט, חלילה, קיין פּחד אים אָנצורופן ר׳ מרדכי דוד, און פאַרטיק. איז עס געווען אַ ייד אַ היינטצייטיקער, מיט אונטערגעהאַקטע פּאה׳לעך, אַ דייטש אָדער אַ האַלב־דייטש געקליידעטער, לאָמיר זאָגן, אַ סוחר, האָט ער זיך צו ר׳ מרדכי דוד׳ן געווענדט מיטן מער דיסטאַנצירטן „הער בראַנדשטעטער״. דער למדן אין אפיקורס האָט געהייסן ר׳ מרדכי דוד, דער סוחר און בוימל־פאַבריקאַנט האָט געהייסן „הער בראַנדשטעטער״. דער יונגערער דור, וואָס האָט שוין געוואוסט וואָסער פּלאַץ ר׳ מרדכי דוד פאַרנעמט אין דער געשיכטע פון דער העברעאישער ליטעראַטור, האָט פאַראייניקט ביידע נעמען אינאיינעם: ר׳ מרדכי דוד בראַנדשטעטער.

צי האָט ר׳ מרדכי דוד געהאַט חברים אין שטאָט געדענק איך נישט. מ׳האָט אים אוודאי אַמאָל אין אָנהויב פונעם יאָרהונדערט געזען כאַפּן אַ ליצנישן שמועס מיט דעם קהל־שרייבער, דעם ציניש משׂכּיל, וואָס האָט הינטער די גבירישע פּני געדרייט מיט דער שטאָט און פון צייט צו צייט געוויזן זיין שאַרפע פען אין אַ פּאַמפלעטל קעגן די יונגע צוציקעס, די ציוניסטן, מיטן „הויקערל״ מאַקס בינענשטאָק, און מיטן ד״ר זאַלץ, דעם זון פון יידל מוץ, דעם שניידער פון דער גראַבאָווקע. אַמאָל האָבן זיך צו אים אַרויפגעכאַפּט די צוויי פאַרשיכורטע משׂכּילים, וואָס דער ערשטער פון זיי איז געווען פישל ווייסמאַן־חיות, אַ ברודער פון דעם באַקאַנטן מי״ח, אָדער פאָפּולערער „פּישעלע פּיאַק״, קאָרעספּאָנדענט פון „המגיד״ און פון דער ווינער „נייע פרייע פּרעסע״, וואו ער פלעגט שרייבן עטלעכע שורות וועגן אַ גרויסער שׂריפה, אָדער וועגן דער פייערונג פונעם קיסרס געבורטס־טאָג, און בשׂכר זה האָט ער געהאַט „דאָס רעכט״ צו זאַמלען אַבאָנענטן פאַר דער צייטונג אין אַראָפּוצונעמען פּראָוויזיע; און דער צווייטער איז געווען שלמה מענדל האַבער, זועלכער האָט אויך אַמאָל געשריבן אין די העברעאישע צייטונגען, — אַ מער

בכבודיקער בעל־הבית, וואָס איז שוין מחמת שיכרות געשטאַנען אונטער דער קוראַטעלע פון דער משפחה און באקומען זיין טעגלעכן „געהאַלט" — אַ האַלבע ליטער מעד ביי חיים בערל, דעם מעד־שענקער, אָבער נאָך געהאַט געגוג כוח צו טייטשן אַ פסוק, אויסצוגלייכן אַ מדרש ער זאָל שטימען מיט דער „וויסנשאַפט", אָדער אויסגעפינען פאָרנאָגראַפישע שטיקלעך ביי די נביאים, כל המינים קיצלדיקע ראשי־תיבותן, פאַר וועלכע עס קאָן זיך געפינען אַ בעלן מכבד צו זיין אים מיט אַ צוגאָב־גלעזל אין דוד לייבלס וויינשענק, וואָס קיין פּרנסה האָט ער נישט געהאַט, אָבער אַ מבין אויף אַ גוט וואָרט איז ער געווען, אָדער אין משה לייבלס ביר־שענק, וואו ס׳איז אַלעמאָל געווען ביים לאַנגן טיש אין דער ערשטער שטוב אַ גענוג גרויסער עולם, פאַר וועלכן מען קאָן זיך רחבותדיק באַווייזן אי מיט תורה אי מיט חכמה.

אַז די צוויי, פישל פּיאָק און שלמה מענדל האַבער, האָבן זיך צוזאַמען אַרויס־געוואַקלט פון שענק און די פיס האָבן נאָך געטראָגן, האָט מען זיך געלאָזט אויף דער וואַלאָווע, קייגנאיבער דער פּאָליציי, וואו ס׳האָט געוואוינט „מרדכי דוד", וואָס האָט אָפּגעהיט די שעהן פון מיטאָג, און מ׳האָט גוט געוואוסט ווען מ׳קאָן אים כאַפּן. ער האָט אויך אַלע מאָל צו פאַרקויפן אַ גלייך וואָרט, אַ תורה וכדומה.

אָבער דאָס איז שוין געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק.

די צוויי — פישעלע און מנחם מענדל, זענען שוין לאַנג געווען אויפן עולם האמת, און אַרום ר׳ מרדכי דודן איז גאָר שטיל געוואָרן. סיידן אַמאָל אַ שמועס מיטן ד״ר גאָלדהאַמער, דעם „אַסימילאַטאָר", וואָס איז געווען אי אַ דזשענטעלמאַן אי אַ פיקח, און כאָטש ער איז געווען דער בריליאַנטענער רעדנער און אויסער־געוויינלעכער יוריסט, וואָס אפילו די באַדינער פון העכסטן געריכט אין ווין האָבן געוואוסט זיין גדלות, האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזט בלויז אויף דער יוריספּרודענץ און רעטאָריק, נאָר צוגעאַרבעט מיט אַ מתנת־יד — אַזוי האָבן געזאָגט שטילערהייט, אַז קיינער זאָל נישט הערן, טייל עלטערע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן נישט געקענט לייקענען, אַז ער איז דער גרעסטער, אָבער אַביסל מקנא געווען האָבן זיי אים פאָרט. ד״ר גאָלדהאַמער איז טאַקע געווען דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט געקאָנט אימפּאָנירן מיט עפּעס דעם גרויסן שרייבער ר׳ מרדכי דודן; ער איז געווען אַ גאַנצער אייראָפּעער. נאָך אין די אַכציקער יאָרן האָט ער, ד״ר גאָלדהאַמער, נאָך אַ יונגער אַדוואָקאַט, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען פון אַ קליין שטעטל, געהאַלטן עפנטלעכע רעפעראַטן אין טאָרנע וועגן איבסענען, קוים וואָס מ׳האָט פון אים אָנגעהויבן צו וויסן אין דער וועלט.

ס׳איז געווען נאָך אַ סיבה, וואָס דער עלטערער שרייבער האָט געהאַלטן פונעם יונגן אַדוואָקאַט. נאָך אין יענע יאָרן, ווען דער ענין „יידיש נאַציאָנאַל" האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויסצופּיקן פון די משכילישע שאָלעכצן, ווען אין דעם לעמבערגער „שומר ישראל" האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די ערשטע פונקן פון וועלטלעכער יידישקייט, האָט שוין דער דאָקטאָר גאָלדהאַמער ביי די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט קאַנדידירט געגן דעם גלח סטאַיאַלאָווסקי אונטער דער פירמע פון אַ „יידישער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי", וואָס ער האָט צו דעם צוועק געגרינדעט. אַזוי אַרום איז דער יונגער אַדוואָקאַט מיטן „גילדערנעם מויל" געוואָרן דער פירער פון

די „פאַרטגעשריטענע" יידן, וואָס האָבן געהאַט אַן אייגענעם טעמפּל, וואו מ׳האָט געדאַוונט אין קורצע טליתימלעך און ס׳איז געווען אַן אָרגעל מיט אַ כאָר, ווי ס׳פּאַסט פאַר „בעסערע מענטשן". אָבער די נאַציאָנאַלע בלי־צייט פון ד״ר גאָלד־האַמער האָט נישט געדויערט לענגער ווי די צייט פון די וואַלן. ס׳האָט געמוזט דויערן פופצן יאָר ביז עס האָבן אויפגעכאַפּט די זאַך יינגערע און מער פשוטע יידן, סוחרים, בעלי בתים, און זיי זענען געגאַנגען אַ טריט ווייטער, ווי סתם נאַציאָנאַל. זיי זענען געווען ציוניסטן. זיי האָבן געגרינדעט דעם „אהבת ציון": אָט דער זון פון דעם שניידער יידעלע מוץ — ד״ר אברהם זאַלץ, דער פּישער האַלענדער און אין איינעם מיט זיי דער העברעאישער לערער זכריה מענדל שאַפּיראָ, וואָס איז שפּעטער געווען לערער אין ראש־פּינה, אין ארץ־ישראל, דערנאָך אין תל־אביב, און האָט דאָ אַרויסגעגעבן אין די צוואַנציקער יאָרן אַ בוך אויף דייטש, וואָס ה׳ייסט אַזוי שיין: „די ביבעל אַלס אַריאַדנע־פאַדן אים לאַבירינטע דער שפּראַכן". זיי האָבן געגרינדעט דעם „אהבת ציון" און גענומען זיך בויען מחנים אין ארץ־ישראל, אויפ־געשטעלט אַ גאַנצע באַוועגונג, עטלעכע יאָר פאַרן סוף פונעם יאָרהונדערט, אפילו געפּרוּווט באַקומען פאַר דעם הכשר פון רביים און באַקומען שיר נישט אַ חרם פונעם בעלזער רבין, וואָס מען קאָן זייער אינטערעסאַנט נאָכלייענען אין אחד־העם׳ס „על פרשת דרכים".

ר׳ מרדכי דוד׳ן האָט ציוניזם נישט גענומען. די יונגע לייט האָבן אים נישט אימפּאָנירט. ער האָט פאַר זיי געהאַט אַ ניכטערן שמייכעלע, ווי בכלל פאַר „האַלב אַזיע" מיט אירע חסידים און משכילים אינאיינעם. דער נייער מין חסידות, — ציוניזם, — איז געווען צו „פּלעבעאיש" פאַר אים. און בכלל, אַ מענטש ווערט עלטער. אין די זעכציקער יאָרן האָט ער געשריבן „רעוואָלוציאָנערע" לידער (וועלכע ער האָט נישט פאַרעפנטלעכט). מ׳איז דעמאָלט יונג געווען, געוואָלט איבערקערן די וועלט, דערנאָך געפירט מיט דער פעדער די מלחמה מיט די חסידים, מיט בעלז און זידעטשויו. און איצט, אַז דער גרויסער שונא ציט זיך שוין צוריק — קומט אָן דער אויפגעקומענער גביר. ס׳איז דען דאָ מיט וועמען צו קעמפן? זיי זענען לעכערלעך, און מ׳דאַרף פון זיי אַביסל אָפּלאַכן... אמת שוין מער אייראָפּעאיש, מער מאָדערן, — עפּעס האָט מען דאָך געלערנט אין די יאָרן, — אָבער נישט קיין קאַמף, און אויך די יונגע ציוניסטן זענען לעכערלעך.

בלייבט איבער — די קינדער, איינער אַ דאָקטאָר, מיכאַל בראַנדשטעטער, אַ פיינער פעדאַגאָג, די איניקלעך, וואָס מען ווייסט נישט וואָס פון זיי וועט ווערן. — און עטלעכע נאָענטע: דאָ אין דער היים — ד״ר גאָלדהאַמער, אָבער אַ פאַרנומענער מענטש, און אין וואַרשע אַ פריינט, וואָס דאָס האַרץ דערקוויקט זיך פון אים ביים בלויזן דערמאָנען — דוד פרישמאַן. „אָ, דער פרישמאַן, דאָס איסט איין פיינער מאַן". ווען ער איז אַמאָל געפאָרן פון קאַרלסבאַד, האָט ער זיך ספּעציעל אויפן וועג אַראָפּגעלאָזט צו ר׳ מרדכי דוד׳ן קיין טאַרנע און פאַרבראַכט צוזאַמען דריי טעג. דאָס איז געווען אַ יום־טוב, נישט צו פאַרגעסן. „דוד פרישמאַן איסט איין ווירקליכער אייראָפּעער אונד איין גייסטרייכער מאַן". זיי האָבן זיך פּשוט נישט געקענט צעשיידן, און דאָס האָט דעם אַלטן מאַן געוואַרעמט לאַנגע יאָרן.

ר׳ מרדכי דוד׳ס לעצטע דערציילונג איז געווען די לעצטע פון דער סעריע

„תמונות מקריניצה״ .ער האָט זי שוין געשריבן נאָך אַלעמען. זי האָט שוין אפילו נישט געקאָנט אַריין אין דער בוך־אויסגאַבע פון די „תמונות״, אָבער זי איז באמת אַ וואונדערבאַרער אָפּשלוס פון אַ שרייבער־לעבן. דאָס איז אַ בילד פונעם „לעצטן סעזאָן״ אויפן קריניצער „דעפּטאַק״. איין מענטש אינגאַנצן זיצט אויף דער באַנק. דער האַרמידער פון די סעזאָנען איז אַריבער. די האַרבסטיקעביימער שיטן מיט פאַרוויאַנעטע בלעטער. אַ ווינטל צעשאָקלט אַמאָל דעם פּוסטן פּאַרק. און דאָ — פון צווישן די בוימער דערנענטערט זיך אַ וועוויאָרקע, שפּרינגט אַרויף אויף דער באַנק און זעצט זיך אַוועק, אַזוי פאַרטראַכט, לעבן דעם בארואיקטן מענטש. זיי ביידע אין איינעם — דער גרויסער שרייבער פון זיין צייט, און די וועוויאָרקע פונעם וואַלד. דער דערציילער ענדיקט ווי אַ ליריקער.

איצט איז געבליבן די הנאה פון ליטעראַטור — פון העברעאישער און יידישער. זיינע אייגענע געזאַמלטע ווערק האָט „תושיה״ אין וואַרשע אָנגעהויבן אַרויסגעבן און נישט פאַרענדיקט. ער וועט נישט איינרייסן וועלטן, מ׳זאָל עס פאַרענדיקן. סוף כל סוף זענען דאָ אַזויפיל גרויסע היינטיקע שרייבער. ער רעדט נישט אפילו וועגן דעם. ער האָט שוין הנאה, ווען עס קומען צו אים יונגעלייט און ברענגען אים אַמאָל אַ ניי בוך. פאַר זיי באַרימט ער זיך, אַז נאָך אין יאָר 1896 האָט ער גערעדט מיט בערדיטשעווסקין אין קאַרלסבאַד, אַז מען דאַרף דרוקן ביאַליקן; אַז ער האָט אים דער ערשטער אָפּגעשאַצט ווי געהעריק. פאַר זיי קאָן ער אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען וועגן ליטעראַטור. שלום־עליכעמען האַלט ער פאַר דעם גאָר גרויסן קינסטלער. „ער האַט ניוואָ״, אייביק איין קינסטלעריש ניוואָ (דאָס איז געווען זיין מיינונג לויט די בענדער, וואָס ער האָט געקענט). פּרצ׳ן האָט ער געהאַלטן פאַר זייער אַ פעאיקן „דילעטאַנט״ — באשר ער האַלט נישט איין אַלעמאָל דעם אייגענעם ניוואָ. פון די יונגע האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט משה בראָדערזאָן מיט זיין יידישער וואָרט־קונסט. אַז ער האָט געזען די יידישע ליטעראַטור אין איר אויפבלי, האָט ער שוין שטאַרק הנאה געהאַט, וואָס אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק זענען עטלעכע פון זיינע אנטי־חסידישע דערציילונגען אַרויס אין אַ יידישער איבערזעצונג. מיט צער האָט ער גערעדט וועגן דער זאַמלונג פון טויזנט בריוו פון יידישע שרייבער פון זיין צייט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין זיין דירה, אַנטלויפנדיק פאַר דער רוסישער אינוואַזיע קיין ווין, און זיי זענען אויף תמיד פאַרשוואונדן. אין דער בהלה האָט ער געכאַפּט אַנשטאָט די בריוו אַ קישן, צו האָבן אויף וואָס צו שלאָפן. אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מ׳האָט אים פאַר די בריוו געהאַט אָנגעבאָטן עטלעכע טויזנט דאָלאַר... ער האָט געהערט, אַז בעת דער אינוואַזיע איז געווען אויבן אין זיין דירה ש. אַנ־סקי, נאָכקוקן וואָס איז געבליבן; אָבער, ווייזט אויס, די בריוו זענען שוין געווען פאַרהייצט דורך די רוסישע אָפיצירן.

שרייבן האָט ער נישט אויפגעהערט. אַז נישט קיין דערציילונגען, האָט ער נאָטירט אַפאָריזמען און פאַרעפנטלעכט אַ היפּש ביסל פון זיי אין אַמעריקאַנער „הדואר״. די געשעפטן זענען געווען שמאָל, דער דאָלאַר איז זיך צונויף געקומען. האָט ער מסכים געווען, ווען ר׳ חיים נייגער, דער אויבער־ציוניסט פון שטאָט, האָט מיט אים אָפּגערעדט: מיר קויפן פון אייך די ביבליאָטעק, און איבער הונדערט יאָר וועט מען זי אַריבער שיקן אין דער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים.

צעשיידן זיך מיט די ביכער האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט. צי זיי זענען אָנגעקומען? דאָרט אין אַ העפט זענען געווען די לידער, וואָס ער האָט מיר פאָרגעשטעלט אַלס סאָציאַליסטישע („איך בין יונגערהייט אויך געווען אַ סאָציאַליסט״), אָבער איך האָב אין זיי געפונען בלויז געזאַנג קעגן טיראַנען און אַריסטאָקראַטן, לידער פון אַ דעמאָקראַט פון די 60־ער יאָרן.

ער איז שוין געווען קרוב אַן אַכציקער.

ד״ר שמואל שפאַן

# ד״ר לעאָן קעלנער

## זיין ביאָגראַפיע, וויסנשאַפטלעכע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

כ׳וויל דינען דער וויסנשאַפט,
מיין פֿאָלק וויל איך אַ העלפער זיין.

דעם אינהאַלט פון אויבנדערמאָנטן עפּיגראַם, אַרויסגעזאָגט דורך אים גופא, האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אין זיין צוקונפטיק לעבן דער דעמאָלט 15־יאָריקער שילער פון טאָרנער קלויז, דער שפּעטערדיקער האָפּראַט און אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר ד״ר לעאָן קעלנער.

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1859 אין טאָרנע, אַלס עלטסטער זון פון רפאל און לאה קעלנער. אין די ערשטע יאָרן פון זייער צוזאַמענלעבן, האָבן ד״ר קעלנערס עלטערן געלעבט אין גענוג שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, פונדעסט־וועגן האָבן זיי באַשלאָסן צו געבן זייער באַליבט און געאַכטעט קינד די סאַמע בעסטע דערציאונג אויף אַלע געביטן, און באַזונדערס האָבן זיי געשטרעבט דערצו, אַז דאָס קינד זאָל באַזיצן גרינטלעכע ידיעות אין תנ״ך און גמרא.

ווען דאָס קינד האָט געענדיקט 3 יאָר, האָט מען אים צוליב דעם אָנגעדונגען אין חדר, ער זאָל זיך באַצייטנס אויסלערנען דעם א״ב. צו יענער צייט האָט זיך אַ ביסל פאַרבעסערט די פינאַנסיעלע לאַגע פון די קעלנערס, וועלכע האָבן זיך געעפנט אַ קליינהאַנדל פון קאָלאָניאַל, וואָס איז דורך זיי געפירט געוואָרן לאַנגע יאָרן אינעם עק־הויז אויף דער כישאָווער גאַס און כישאָווער פאַראַלעלע („פשעטשניצע״) אין טאָרנע.

ווי ד״ר קעלנער אַליין שרייבט אין זיין אַרטיקל „דער ערשטער שולטאָג״, אָפּגעדרוקט אין יאָר 1927 אין דער צייטשריפט „מנורה״, האָט ער אין די ערשטע חדשים זייער אומגערן באַזוכט דאָס חדר און זיין בעלפער האָט געהאַט פיל אויס־צושטיין, איידער ער האָט דעם קונדס געבראַכט צו שלעפּן פון דער היים אין חדר.

נאָר אינגיכן האָט די לאַגע זיך געענדערט צום בעסערן אויף אַזוי ווייט, אַז דער קליינער קעלנער איז געוואָרן נישט נאָר פלייסיק אין לערנען, נאָר אויך דער בעסטער תלמיד. דערפאַר האָט דער רבי אים אָנפאַרטרויט יעדן דאָנערשטיק

דורכצואַרבעטן מיט די איבעריקע תּלמידים דעם חומר וואָס זיי האָבן געלערנט אין משך פון דער וואָך.

אַזוי האָט דער גורל געוואָלט, אַז שוין אין די ייִנגסטע יאָרן, האָט לייביש קעלנער, איינגאַנצן אומבאַוואוסטזיניק, זיך געגרייט צום לערער־פאַך, וואָס האָט אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערפירט ביז דער אוניווערזיטעט־קאַטעדרע.

וועגן זיינע אייסערגעוויינלעכע גייסטיקע פעאיקייטן און נישט בלויז אין די יוגנט־יאָרן, נור אין קינדער־עלטער, זאָגט עדות דער פאַקט, אַז זייענדיק 8 יאָר אַלט, האָט לייביש קעלנער שוין געשריבן אָפּהאַנדלונגען אין פאָרם פון „פירושים״ צום תנ״ך. נישט קיין וואונדער, אַז זיין שפּעטערדיקער עלטערער פריינט ד״ר גידעמאַן, דער אויבער־ראַבינער פון ווין, פלעגט שרייבן אָדער רעדן וועגן קעלנערן ווי וועגן דעם „עילוי פון טאַרנע״.

ווען לעאָן קעלנער איז אַלט געוואָרן 10 יאָר, האָבן זיינע עלטערן באַשלאָסן צו מאַכן די ווייט־גרעסטע אָנשטרענגונגען (באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַרלאַנג פון זיין מוטער), אַז זייער טאַלענטירט זינדל זאָל באַגלייך מיט דער קענטשאַפט פון תנ״ך און תלמוד, באַזיצן אויך וועלטלעכע בילדונג, און ווייל



ד״ר לעאָן קעלנער ז״ל

זיי האָבן נישט געהאַט קיין דרייסטקייט אים איינצושרייבן אין דער אַלגעמיינער שול, האָבן זיי באַשלאָסן, כדי צו רעאַליזירן זייער געדאַנק, אנגאזשירן פאַר אים אַ פּריוואַטן לערער, און זוכנדיק אַזעלכן, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף דוד שפּיצער, דעמאָלטיקער סטודענט פון העכערן גימנאַזיום אין טאָרנע.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיט 50 יאָר שפּעטער, ווען עס איז אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון פירשט לובאמירסקי געשאַפן געוואָרן אין פּוילן דער „פּראָ־פּאַלעסטינער קאָמיטעט", און ווען אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג, האָט דער פּראָפ. ד״ר דיבאָווסקי, פּראָפעסאָר פון דער ענגלישער שפּראַך אויפן קראָ־קעווער אוניבערסיטעט (וועלכער איז געווען אַ שילער פון ד״ר קעלנער בעת זיין שטודיום אין ווין), אויסגעדריקט זיך מיט אָנערקענונג וועגן ד״ר קעלנער און פעסטגעשטעלט, אַז הגם ד״ר קעלנער שטאַמט פון פּוילן, איז ער אַ בעסערער קענער פון דער ענגלישער ליטעראַטור איידער ווער ס׳איז פון די עכטע ענגלישע פּראָפעסאָרן פון די דאָרטיקע אוניווערסיטעטן, — האָט זיך דעמאָלט אויפגעשטעלט דער אָנוועזנדיקער אויף דער זיצונג ראַט פון העכסטן לאַנד געריכט (אָבערלאַנדעס־געריכטסראַט) דוד שפּיצער און צו אַלעמענס צופרידנקייט דערקלערט, אַז דאָס איז ער, אַלס סטודענט אין טאָרנע, געווען דער ערשטער לערער פון ד״ר לעאָן קעלנען פאַר וועלטלעכע לימודים.

דאָס אָנגאזשירן דורך די עלטערן אַ פּריוואַטן לערער פאַר זייער זון אויף וועלטלעכע לימודים, איז געווען אַן איבערברוך אינעם לעבן פונעם יונגן קעלנער און האט אומבאַדינגט דעצידירט וועגן זיין צוקונפט.

ווי מיר האָבן שוין געשריבן, איז לעאָן קעלנער שוין פון זיין קינדהייט געווען באַשאָנקען מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און איז אויסער דעם געווען זייער פלייסיק אין לערנען. נישט קיין וואונדער, וואָס צו דער גרעסטער צופרידנקייט פון זיין פּריוואַט־לערער (וועמען לעאָן׳ס עלטערן פלעגן רופן „דער דייטשער לערער"), האָט דער יונגער שילער געמאַכט גרויסע פּאָרטשריט אויך אין די וועלט־לעכע קענגשטאַנדן, אַרויסווייזנדיק אַ באַזונדערן אינטערעס צו געאָגראַפיע און פרעמדע שפּראַכן.

הגם דער יונגער קעלנער האָט זייער פלייסיק געלערנט די וועלטלעכע לימודים און דערפאַר אַוועקגעגעבן פיל שעהן אין טאָג, האָט ער אויף קיין ווייל נישט איבערגעריסן דאָס לערנען תנ״ך און תלמוד. זיינע עלטערן האָבן אים געוואָלט פאַרפולקאָמען אין דער ריכטונג און אָפּגעבען צום לערנען צו ר׳ ישעיה מאַן, וועלכן מען האָט אין טאָרנע באַטראַכט פאַרן בעסטן תלמיד חכם. ביי אים האָבן זיך געלערנט בלויז עלטערע און מער פעאיקע פון דער יידישער יוגנט בחורים פון טאָרנע און סביבה.

אויך צווישן די עלטערע תלמידים פון ר׳ ישעיה מאַן האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן לייביש קעלנער, הגם ער איז דאָרט געווען דער יינגסטער. צוליב זיינע פעאיקייטן איז ער אינגיכן געוואָרן דער שטאָלץ פון ר׳ ישיעיה, וועמען דער יונגער קעלנער האָט זייער געשעצט און זיין גאַנץ לעבן פלעגט ער אים שטענדיק דער־מאָנען צום גוטן. פונדעסטוועגן איז דאָך פאָרגעקומען אַן ענדערונג אינעם אופן פון לערנען יידישע לימודים דורכן יונגן קעלנער, ווייל וואָס מערער ער איז

אריינגעדרונגען אין די וועלטלעכע לימודים, האָט ער אַלץ קריטישער אנגעהויבן באַטראַכטן די פאָרשריפטן און געזעצן פון תנ״ך און תלמוד.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז ביים לערנען תנ״ך, האָט דער יונגער קעלנער זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם קאַפּיטל, וואָס באַשרייבט דעם גן־עדן, וואו עס האָבן געלעבט די ערשטע מענטשן, אדם און חוה. ער האָט אויפמערקזאם געמאַכט אויפן פאַקט, אַז לויטן תנ״ך האָט דער גן־עדן באַדאַרפט זיך געפונען אויפן אָרט, פונוואַנען עס שטראָמען אַרויס פיר טייכן, צווישן זיי דער נילוס, פרת און חידקל. די דאָזיקע תנכ״ישע לעגענדע איז אָבער נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם דעמאָלט 13־יאָריקן קעלנער, ווייל פון די לעקציעס געאָגראַפיע האָט ער שוין געוווּסט, אַז די קוואַלן פון נילוס געפינען זיך נישט אויף דעמזעלבן אָרט, פונוואַנען עס שטראָמט אַרויס דער פרת און דערפאַר האָט ער זיך געווענדט צו זיין פאָטער רפאל קעלנער, וועלכער איז אויך געווען אַ קענער פון תנ״ך, און געבעטן אים דערקלערן די סתירה צווישן תנ״ך און דער געאָגראַפיע.

פאָטער און זון האָבן באַשלאָסן פעסטצושטעלן וואָס עס זאָגט וועגן דעם דער גרעסטער און בעסטער ביזן היינטיקן טאָג מפרש פון תנ״ך און תלמוד — ר׳ יצחק בן שלמה (רש״י). ווען דער טאַטע האָט אויפגעוויזן זיין יונגן זון, אַז רש״י איז ביי דער זעלבער מיינונג וואָס דער תנ״ך בנוגע די קוואַלן פון די טייכן, האָט דער יונגער קעלנער, נישט האָבנדיק אין זינען, אַז דאָס איז אַן אַפּיקורסות אָפּגעענטפערט גלייך, אַז „רש״י האָט געהאַט אַ טעות״.

דאָס האָט אזוי ארויסגעבראַכט פון די כלים דעם אַלטן קעלנער, אַז ער האָט זיין געאַכטעטן זון דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים און גלייך משלח געווען דעם סטודענט וואָס האָט געגעבן וועלטלעכע לימודים דעם זון, פאַרניכטעט אַלע זיינע נישט־יידישע ביכער.

אָבער אויך דער דאָזיקער פּאַטש האָט נישט געקאָנט ענדערן די אָנגענומענע מיינענגען פונעם יונגן קעלנער, אָדער צווינגען אים איבערצורייסן די וועלט־לעכע לימודים. פון איצט לערנט ער אַליין אַלע וועלטלעכע קעגנשטאַנדן, אָן דער הילף פון סטודענט, אין געהיים, אויסערהאלב פון דער היים, מערסטנטייל אויפן פעלד צי אויף דער לאָנקע, וועגן וואָס ס׳איז דעמאָלט נישט שווער געווען אויף דער כישאָווער גאַס, וואו ס׳האָבן געוואוינט זיינע עלטערן.

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער יונגער קעלנער איז געזעסן אויף דער לאָנקע אין געלערנט לאַטיינישע גראַמאַטיק. אַ מידער פון לערנען איז ער איינגעשלאָפן ביים בוך. גראָד איז פאַרביי־געגאַנגען אַ פּראָפעסאָר פון טאַרנער גימנאַזיע, און דערזעענדיק ביים שלאָפנדיקן חסידישן יונגערמאַן אַ בוך, האָט ער עס אויפגעהויבן אין זיך איבערצייגט אַז דאָס איז אַ גראַמאַטיק פאַר לאַטיין. פונקט האָט זיך קעלנער אויפגעוועקט און צווישן אים און דעם פּראָפעסאָר האָט זיך פאַרפירט אַ געשפרעך, נאָך וועלכן דער פּראָפעסאָר האָט זיך איבערצייגט, אַז דער חסידישער יונגערמאַן קען אויסגעצייכנט די כללים פון דער לאַטיינישער גראַמאַטיק. צו־מאָרגנס האָט דער פּראָפעסאָר דערציילט זיינע שילער וועגן דער באַגעגעניש מיטן יידישן יינגל און אים שטאַרק געלויבט. די סטודענטן ווידער האָבן דערציילט די געשיכטע זייערע עלטערן ביז זי איז דערגאַנגען צו טאַטע־מאַמע פון קעלנערן.

קהל און טאַטע־מאַמע זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט וואָס זייער זון, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט פון פאָטער, לערנט ווייטער וועלטלעכע לימודים.

נאָך דעם דאָזיקן געשעעניש, האָט מען דעם יונגן קעלנער ווידער געכאַפּט ביי אַ שרעקלעך „פאַרברעכן״: מ׳האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַ געוויסן פרימאָרגן איז ער געקומען דאַווענען אין קלויז און אונטערן סידורל געהאַלטן אַ גוייש ביכל. דערפאַר האָט מען קעלנערן פאַרבאָטן צו קומען אין קלויז. דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר זיינע עלטערן.

דאָס אַלץ האָט דערפירט דעם אַלטן קעלנער דערצו, אַז ער איז אַוועק אַן עצה האַלטן ביי אַ געוויסן ה׳ פייט, וועמען מען האָט געהאַלטן אין טאָרנע פאַר אַ קלוגן ערלעכן מאַן. ער איז געווען לערער פון רעליגיע אין די טאָרנער עפנטלעכע שולן. נאָך דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די עלטערן זאָלן אַרויסשיקן דעם יונגן קעלנער קיין ברעסלוי, וואו עס האָט זיך געפונען אַ טעאָלאָגישער סעמינאַר און נאָכן ענדיקן אים, וועט דער יונגער קעלנער ווערן אַ קרייז־ראַבינער, וועלכער וועט א חוץ זיין וויסן אין תנ״ך און תלמוד, באַקומען אויך וועלטלעכע לימודים. אזוי ארום האָבן קעלנערס עלטערן געוואָלט כאָטש טיילוויז פאַרווירקלעכן זייער חלום וועגן דערציען זייער טאַלענטירטן זון, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 15 יאָר.

נאָכן אַריינפיר־עקזאַמען איז דער יונגער קעלנער אָנגענומען געוואָרן אויפן טעאָלאָגישן סעמינאַר (אויפן העכערן קורס). סיי זיינע לערער ווי די עלטערן האָבן הייליק געגלויבט, אַז לעאָן וועט אויפוואַקסן אַ באַרימטער קרייז־ראַבינער.

געשען איז אָבער אַנדערש. נאָך פאַרן אָפּלויף פון צווייטן לערניאָר איז דער יונגער לעאָן אַוועק צום דירעקטאָר פון סעמינאַר און דערקלערט אים, אַז ער איז לגמרי נישט צופרידן פונעם אופן לערנען אינעם טעאָלאָגישן סעמינאַר, ווייל ער איז דאָ געקומען לערנען תנ״ך און תלמוד לויט די פּרינציפּן פון אַזעלכע געלערנטע ווי די ברידער פיליפּסאָן און גרעץ, און דערווייל זעט ער, אַז די פּראָפעסאָרן פון סעמינאַר לערנען מיט דעמזעלבן מעטאָד ווי עס האָבן עס געטאָן זיינע מלמדים אין טאָרנע. מיט אַנדערע ווערטער — ער האָט אומנויטיק פאַרלאָזט די עלטערנס היים און זיין געבורטשטאָט.

נאָכן אויסהערן דעם „אני מאמין״ פון יונגן קעלנער, האָט דער דירעקטאָר פאַרשטאַנען, אַז לעאָן קעלנער וועט שוין קיין ראַבינער נישט זיין, און אים געעצה׳ט אַרויסצופאָרן קיין ביליץ און באַמיען זיך אָנגענומען צו ווערן אין דער דאָרטיקער דייטשער גימנאַזיע. נאָכן באַקומען דאָרט די מאַטורע, אויב ער וועט נאָר וועלן, קאָן ער צוריקקומען אויפן סעמינאַר, וואו ער וועט אָן שוועריקייטן קאָנען פאַרענדיקן אַלס ראַבינער.

דאָס דאָזיקע געשפּרעך איז פאָרגעקומען אין יאָר 1878, און נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת האָט דער יונגער קעלנער באַשלאָסן אָנצונעמען די עצה פונעם דירעקטאָר. דעם 1־טן מאַי 1878 איז ער שוין געווען אין ביליץ, פאַרזאָרגט מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום באַוואוסטן ביליצער סוחר ה׳ שיינגוט. נאָך עטלעכע טעג זיין אין שטאָט, איז ער אַוועק אין גימנאַזיע באַלייגן דעם עקזאַמען און אָן באַזונדערע שוועריקייטן איז ער אָנגענומען געוואָרן אין זיבעטן קלאַס. נאָך צוויי יאָר לערנען האָט ער אין יאָר 1880 באַקומען מאַטורע און אין הערבסט דעמ־

זעלבן יאָר אַרויסגעפאָרן קיין ווין און פאַרשריבן זיך אויפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון דאָרטיקן אוניווערזיטעט, וואו ער האָט געלערנט קלאַסישע שפּראַכן, אָבער דער עיקר געווידמעט זיך ענגליש און פראַנצויזיש.

פאַר דער גאַנצער צייט פון זיינע אוניווערזיטעט־סטודיומס, האָט דער יונגער קעלנער אַליין זיך אויסגעהאַלטן פון לעקציעס וואָס ער האָט געגעבן קינדער פון רייכע היימען אין ווין, ווי קאַראָל זיילער, סאָבאָטקאָ און פראַנק מאיר.

אַלס סטודענט פון זעקסטן אוניווערזיטעט־סעמעסטער, האָט דער זייער פעאיקער און פלייסיקער לעאָן קעלנער אָנגעהויבן אַרבעטן איבער אַ דיסערטאַציע „צום סינטאַקס פון ענגלישן ווערבום, מיט באַזונדערער באַריקזיכטיקונג פון שעקספּירן". ווען אַזעלכע באַרימטקייטן, ווי די דעמאָלטיקע פּראָפעסאָרן האָפּראַט שיפּער און היינל האָבן די דאָזיקע אַרבעט אָנערקענט אַלס גלענצנדע, איז קעלנער גלייך נאָך די פריען צוגעטרעטן צו אַ ספּעציעלן עקזאַמען, וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן מיטן סאַמע בעסטן רעזולטאַט און באַזונדערער אויסצייכענונג, און אין סוף 1883 האָט ער באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר־פילאָזאָפיע.

נאָכן באַקומען דעם דאָקטאָראַט, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן באַמיאונגען וועגן פּאָסטן פון אַ לערער. ער באַקומט דעם אַמט אין דער העכערער רעאַל־שול אין ווין. אַזויווי דער לוין פאַר אַזאַ אַרבעט איז געווען זייער אַ קליינער, קאַרגע 60 גולדן אַ חודש, וואָס וואָלט לויט זיין מיינונג, נישט געסטייעט אויף אַ באַשיידענער אויסהאַלטונג פון אַ משפחה, האָט ד״ר קעלנער אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך נאָך אַ זייטיקן פאַרדינסט און צו דעם האָט אים צוגעהאָלפן זיין אַלזייטיק קענען די יידישע וויסנשאַפטן, וועלכע ער האָט דעראָבערט אין זיינע יוגנט־יאָרן לערנענדיק אין טאַרנער קלויז און אינעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ברעסלוי. אַ דאַנק דעם באַקומט ער אַ צווייטן לערער־פּאָסטן (אַלס לערער פון רעליגיע) אין איינער פון די ווינער גימנאַזיעס.

האָבנדיק פאַרזיכערטע צוויי פענסיעס, האָט ד״ר קעלנער ערנסט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן חתונה האָבן מיט פרײַלין אַננאַ ווייס, מיט וועלכער ער האָט זיך צופעליק באַקענט צום ערשטן מאָל אין ביליץ, אין הויז פון הער שיינגוט, צו וועמען ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו פון טאַרנע.

זייער חתונה איז פאָרגעקומען דעם 12־טן פעברואַר 1884 יאָר.

אַננאַ ווייס, די פרוי פון ד״ר קעלנער, איז געווען אַ טאָכטער פון שלמה און קלאַראַ ווייס. שלמה ווייס איז געווען אַ באַוואוסטער תלמודיסט, געשטאַמט פון אינגאַרן און זיין פרוי האָט געשטאַמט פון אַ באַוואוסטער חסידישער פאַמיליע אין ביאַליסטאָק.

אַננאַ ווייס איז נאָכן חתונה האָבן שנעל באַרימט געוואָרן אין די ליטעראַרישע קרייזן אַ דאַנק די זייער געלונגענע איבערזעצונגען אירע פון באַרימטע ענגלישע און פראַנצויזישע שרייבער אויף דייטש און איבערזעצונגען פון דייטש אויף ענגליש און פראַנצויזיש.

דאָס פאָרפאָלק לעאָן און אַננאַ קעלנער האָבן געהאַט דריי קינדער — צוויי טעכטער און איין זון. צוויי פון זיי — די טאָכטער פאולאַ און זון וויקטאָר, לאַנגיאָריקע קאָלאָניסטן, לעבן ביזן היינטיקן טאָג אין בנימינה (ישראל).

דער שעפערישער גייסט פון ד״ר לעאָן קעלנער האָט נישט געוואוסט וועגן דעם באַגריף „אָפּרו״, ווייל שוין דעם 24־טן פעברואַר 1884 האָט ער אין דעם באַוואוסטן זשורנאַל „דייטשע וואָכנשריפט״, רעדאַגירט דורך פרידיונג, פאַרעפנט־לעכט זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט א. נ. „שאָפּענהאַוער אַלס שפּראַכפאָרשער״ און אויפן סמך פון דער דאָזיקער אַרבעט איז ער גלייך אָנערקענט געוואָרן דורך די ליטעראַרישע קרייזן אַלס באַרימטער שרייבער מיט אַ סך וויסן.

ד״ר קעלנער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער ריכטיקער הנחה, אַז כדי צו פאַר־בלייבן אַ גוטער פּראָפעסאָר פון ענגליש אין פּולן זין פון וואָרט, מוז מען זיך באַקענען ווי געהעריק מיטן לעבן און שטייגער פון דער ענגלישער וועלט, און נישט בלויז דורכן לייענען ביכער און ענגלישע צייטשריפטן, נאָר דורכן פּערזענלעכן לעבן צווישן ענגלענדער אין זייער לאַנד. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, איז פאַר אים געווען קלאָר, אַז ער דאַרף זיך באַזעצן אין ענגלאַנד, אויב נישט אינגאַנצן, איז לכל הפחות אויף אַ געוויסער צייט. דערפון נעמען זיך זיינע אָפטע אַרויספאָרן קיין לאָנדאָן און אַנדערע בריטישע שטעט.

צום ערשטן מאָל איז ד״ר קעלנער אַרויסגעפאָרן קיין לאָנדאָן אין יאָר 1885, כדי אַ טייל פון די שול־פעריען פאַרברענגען דאָרט. מיט אַ יאָר שפּעטער, אין יאָר 1886, האָט ער די גאַנצע צייט פון די פעריען פאַרברענגט אין לאָנדאָן, צוזאַמען מיט זיין פרוי. נאָכן אומקערן זיך קיין ווין, האָט ד״ר קעלנער זיך געשטעלט צום לערער־עקזאַמען, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ גלענצנדן רעזולטאַט און גלייך באַקומען די שטעלע פון פּראָפעסאָר פאַר ענגליש און פראַנצויזיש אין דער העכערער רעאַל־שול אין דריטן באַצירק פון ווין.

אין יאָר 1887 באַקומט ער פון עסטרייכישן בילדונגס־מיניסטעריום אַ סטיפּענ־דיע, וואָס דערמעגלעכט אים ווידער אַרויסצופאָרן קיין ענגלאַנד, כדי זיך צו פאַרטיפן אין דער ענגלישער ליטעראַטור. בעתן באַזוך האָט ער צונויפגעזאַמלט מאַ־טעריאַל פאַר צוויי וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וועלכע זענען נאָכן צוריק־קומען קיין ווין גוט באַאַרבעט געוואָרן און פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1889. איינע פון די אַרבעט הייסט „היסטאָרישער איבערבליק אויף ענגלאַנדס געשעענישן״ פון רישאַרד מאָריס * (באַאַרבעט און דערגענצט דורך ד״ר לעאָן קעלנער), און די צווייטע — זיינס אַן אָריגינעלע אַרבעט א. נ. „די געשיכטע פון ענגלישן סינטאַקס״. **

ביידע ביכער, דערשינען אינעם באַוואוסטן לאָנדאָנער פאַרלאַג מאַקמילאַן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער וויכטיק, און ביזן היינטיקן טאָג ווערן לויט די דאָזיקע ביכער דורכגעפירט עקזאַמענס אין ענגלאַנד, קאַנאַדע און די ענגלישע קאָלאָניעס פאַר אַלע, וועלכע ווילן אָנקומען אויפן אוניווערזיטעט. אין די אויבנ־דערמאָנטע לענדער ווייסט מען נישט וועגן אַזאַ אינסטיטוציע ווי מאַטורע, אָבער יעדער, וואָס וויל נאָכן ענדיקן די מיטלשול אָנקומען אויפן אוניווערזיטעט, מאַכט דורך אַן אַריינפיר־עקזאַמען, און דער קאַנדידאַט ווערט אויסגעפרעגט לויט די מאַטעריאַלן פון די צוויי ביכער פון ד״ר לעאָן קעלנער. אַזוי אַרום מוזן צענדליקער

* "Historical outlines of English Accidence".
** "Historical outlines of English Syntax".

טויזנטער סטודענטן פון דער בריטישער אימפעריע, וואָס ווילן גענים פון אַ הויכ־שול, שטודירן די ביכער פונעם טאָרנער ייד — ד״ר לעאָן קעלנער. דאָס איז אַ באַזונ־דערע סאַטיספאַקציע פאַר יידן ווי נישט־יידן פון פוילן, און אַ באַזונדערע פרייד פאַרן טאַרנער יידנטום, פון וועמענס מיט עס איז אַרויסגעוואקסן ד״ר קעלנער, באַקומענדיק אין שטאָט די יודאַאיסטישע און אַלגעמיינע בילדונג.

די שול־פעריען אין די ווייטערדיקע צוויי יאָר, האָט ד״ר קעלנער ווידער פאַרבראַכט אין לאָנדאָן, אָנקניפּנדיק פריינטלעכע באַציאונגען מיט פיל ליטעראַ־רישע און פּאָליטישע פערזענלעכקייטן און זייער פלייסיק געאַרבעט אין פאַרשידענע מוזייען, ביבליאָטעקן און אַרכיוון. די פּרוכט פון די דאָזיקע אָנשטרענגונגען איז געווען — צוויי זייער ווערטפולע ביכער, אַרויסגעגעבענע דורך דער רעקאָמענ־דאַציע פון אָן ענגלישער וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט.

איינס פון די דאָזיקע ביכער איז אַנטפּלעקט געוואָרן דורך ד״ר קעלנער און פאַרעפנטלעכט אַלס ראָמאַן פון פּופּצנטן יאָרהונדערט א. נ. „בלאַנשאַרדין און אנגלאַנטין״***, אומאָפּשאַצבאַרע אויפן געביט פון שפּראַך און אינהאַלט. דאָס צווייטע בוך — אַן אָריגינעלע אַרבעט פון ד״ר קעלנער: „סעקסטאָנס סינטאַקס און סטיל״****.

דאָס צווייטע בוך איז געווען זיין האַביליטאַציע־אַרבעט, אַ דאַנק וועלכער ער אָט אין יאָר 1890 באַקומען דעם טיטל דאָצענט אויפן ווינער אוניווערזיטעט פאַר זיין אַלזייטיקער פילאָלאָגישער אַרבעט. אויף זיין נייעם אַמט האָט ער געהאַט פיל אָנערקענונג מצד סטודענטן און פּראָפעסאָרן.

נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר אַרבעט אויף דעם נייעם געביט, ווערט ער אין יאָר 1891 באַשטימט אַלס ווירקלעכער פּראָפעסאָר פאַר דער ענגלישער און פראַנצוי־זישער שפּראַך אין דער העכערער רעאַל־שול אין אָפּאַווע (טראָפּאו), וואו אַהין ער ווערט אַריבערגעטראָגן.

הגם אין אָפּאווע האָט ער געהאַט אַ רואיק און אנגענעם לעבן, דערווערבנדיק זיך דאָרט אַ גרויסע צאָל פריינט און פאַרערער, אויסער ליבע און אנערקענונג מצד די שילער, איז ער אָבער אינערלעך נישט געווען צופרידן פונעם אויפהאַלט אין דער דאָזיקער שטאָט. ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן צוריקקערן זיך קיין ווין, כדי האָבן אַ מעגלעכקייט פאַרטצוזעצן די לימודים אויפן אוניווערזיטעט. דאָס איז אים געלונגען ענדגילטיק ערשט אין יאָר 1894, ווען ער איז איבערגעפירט געוואָרן צוריק קיין ווין און ווידער געוואָרן פּרעלעגענט אויפן אוניווערזיטעט.

* * *

אין יאָר 1896 באַקומט ד״ר קעלנער אַ בריוו פון ד״ר טעאָדאָר הערצל, אין וועלכן דער לעצטער לאַדט אים איין אויף אַ וויכטיקער זיצונג געווידמעט ציוניס־טישע פּראָבלעמען. ד״ר קעלנער נעמט אָן די איינלאַדונג און ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג איז ער אַ טעטיקער מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס אין יענער צייט איז די זאַך נישט געווען אזוי פשוט, נעמענדיק אין אַכט וואָס ער איז געווען אַ הויכער רעגירונגס־באַאַמטער. דער דאָזיקער פאַקט באַווייזט,

***"Blanchardyn and Englantine".

****"Caxtons syntax and Style".

אַז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקן נאַציאָנאַלן ענין פאַרן יידנטום, איז ד״ר קעלנער אפילו גרייט געווען צו ריזיקירן מיט זיין קאַריערע.

ער האָט זיך באַטייליקט אַקטיוו אין די אַרבעטן צונויפצורופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, געווען מיטרעדאַקטאָר פון ערשטן ציוניסטישן אָפיציעלן וואָכנבלאַט „די וועלט“ און צום ערשטן נומער אָנגעשריבן אַ פרעכטיק אַרטיקל „לאָרד ביקאָנספילד — בנימין ד׳יזראַעלי“.

אין יאָר 1898 האָט ד״ר קעלנער ווידער באקומען אַ געצאָלטן אייניאָריקן אורלויב אויף אַרויסצופאָרן קיין ענגלאַנד, כדי צו פאַרטיפן זיינע קענטעונישן אויפן געביט פון ענגלישער שפּראַך און ליטעראַטור. צו יענער צייט שרייבט ער אָן אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען אין פאַכמענישע זשורנאַלן און פאַרעפנטלעכט אַ זייער וויכטיק בוך א. נ. „אַ יאָר אין ענגלאַנד“, אַרויסגעגעבן דורכן וועלט־באַרימטן פאַרלאַג „קאַטאָ“.

נאָכן אומקערן זיך פונעם יערלעכן אורלויב, האָט ד״ר קעלנער ממשיך געווען אין דער אַרבעט אַלס דאָצענט אויפן ווינער אוניווערזיטעט און געלערנט אין דער ווינער רעאַל־שול. נאָך ווייטערדיקע צוויי יאָר ווערט ער נאָמינירט אַלס פּראָפעסאָר פאַר דער ענגלישער ליטעראַטור און שפּראַך אויפן אוניווערזיטעט אין טשער־נאָוויץ. די דאָזיקע נאָמינאַציע איז געווען ענג פאַרבונדן מיט זיין באַזעצן זיך אין טשערנאָוויץ און גורם געווען צו אַ ראַדיקאַלער ענדערונג אין זיין ביזאיצטיקן לעבן. ער האָט זיך גלייך געפונען אין אַן אַנדערער יידישער סביבה, מיט אַן אַנדערן לעבנסשטייגער און מענטאַליטעט, וואָס איז נישט געווען אייגנטימלעך דעם ווינער יידנטום.

אַלס אַ מענטש, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַן אויסערגעוויינלעכן אָריענטאַציע־חוש, האָט ד״ר קעלנער, אין די ערשטע טעג פון זיין אָנקומען קיין טשערנאָוויץ, פאַרשטאַנען, אַז איצט איז געקומען דער מאָמענט דורכצופירן דאָס, וואָס ער האָט נאָך אין זיינע יוגנט־יאָרן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע: „מ י י ן פ אָ ל ק  וו י ל  א י ך  אַ  ה ע ל פ ע ר  ז י י ן“. פאַרטראַכטנדיק זיך אין אַ וואָסער ריכטונג צו לענקן איצט זיין טעטיקייט, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז אין דער ערשטער ריי דאַרף מען הויבן דעם גייסטיקן ניוואָ פון די בוקאָווינער יידן און כאָטש טיילוויז פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די ברייטסטע מאַסן יידישע אָרעמקייט — די אַרבעטער און בעלי־מלאכות.

אויף צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, האָט ד״ר קעלנער אויפגעשטעלט אין דער הויפּטשטאָט פון בוקאָווינע אַן אינסטיטוציע מיטן נאָמען „טוינבי־האַלע“, אַ מין פאָלקס־אוניווערזיטעט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אים געלונגען צו געווינען פאַר דער אינסטיטוציע דאָס פאָרפאָלק מאַרקוס און אַננאַ קינסטלינגער, באַקאַנטע אין טשערנאָוויץ צוליב זייער ברייטע האַנט לטובת אָרעמע און נויט־באַדערפטיקע יידן. אויך איצט האָבן זיי געשפענדעט פאַרן פאָלקס־אוניווערזיטעט אַ פערטל מיליאָן עסטרייכיש־אונגאַרישע פאַרמלחמהדיקע קראָנען.

מיט דער הילף פון אַזאַ באַדייטנדיקער סומע, איז אין טשערנאָוויץ אויפגעבויט געוואָרן אַ ריזיקער פרעכטיקער בנין, וואו אויסער גרעסערע און קלענערע צימערן, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער שיינער זאַל אויף קאָנצערטן, פאָרלעזונגען, פאַר־

זאַמלונגען, פאַרווייַלונגען און אַנדערע אימפּרעזעס, וועלכע זענען שטענדיק געווען צוטריטלעך פאַר דער גאַנצער טשערנאָוויצער באַפעלקערונג אָן וועלכן ס׳איז אָפּצאָל. די באַטייליקטע אין די אונטערנעמונגען פלעגט מען אָן אָפּצאָל טיילן טיי מיט צובייס און באַדינט האָבן שטענדיק פרויען פון די פאַרמעגלעכע קרייזן און דאָס פּאָרפּאָלק קינסטלינגער גופא.

אין דערזעלבער געביידע האָבן די קינסטלינגערס איינגעאָרדנט אַן אינטערנאַט פאַר אָרעמע יידישע לער־יינגלעך און אַלע אויסגאַבן פאַרן אויסהאַלטן אַזאַ אינטערנאַט זענען געדעקט געוואָרן דורך דעם פּאָרפּאָלק קינסטלינגער.

אַזוי אַרום איז ד״ר לעאָן קעלנער געלינגען אָפּצושוואַכן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן דער באַזיצנדיקן שיכט און די ברייטסטע מאַסן יידישער אָרעמקייט אַ דאַנק דעם אָפּטן געמיינזאַמן פאַרברענגען אויף די פאַרשידענע אימפּרעזן פון דער טוינבי־האַלע. מיט די אָפּטע פאָרלעזונגען און רעפעראַטן פון באַוואוסטע געלערנטע און פעדאַגאָגן, איז באַדייטנדיק געהויבן געוואָרן דער קולטור־ניוואָ פון די אַר־בעטנדיקע שיכטן.

אויף צו לינדערן די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקע־רונג אין טשערנאָוויץ, האָט ד״ר קעלנער זיך באַמיט ביי דער פּאַריזער „איקאַ״ צו גרינדן אין טשערנאָוויץ אַ באַנק צו געבן קלענערע הלוואות פאַר אַ קליינעם פּראָצענט אָדער אפילו אָן פּראָצענט.

אַ דאַנק די באַמיאונגען פון ד״ר קעלנער איז אין טשערנאָוויץ געשאַפן געוואָרן דער „יידישער נאַציאָנאַל־ראַט״, וועלכער איז אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן אַלס רעפּרעזענטאַנץ פון די בוקאָווינער יידן און מיט דערפאָלג געקעמפט פאַר געבן יידן די רעכט וואָס זענען זיי געקומען. דער ראַט האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ וואָכנ־שריפט א. נ. „יידישער פאָלקסראַט״.

אַזויווי צו יענער צייט האָט די עסטרייכישע רעגירונג פאַראָרדנט וואַלן צום בוקאָווינער פּאַרלאַמענט, האָט דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט פאַרלאַנגט פון ד״ר קעלנער ער זאָל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אַלס דעפּוטאַט. נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער קעגנערשאַפט מצד זיינע עלטערן און פרוי, אַז ער זאָל נישט קאַנדידירן, בפרט נאָך ווען די דעמאָלטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געגעבן אָנצו־געהערן דעם ד״ר קעלנער, אַז צוליבן הויכן מלוכהשן אַמט וועלכן ער פאַרנעמט, דאַרף ער נישט דערשיינען אַלס אָפיציעלער ציוניסטישער קאַנדידאַט אין קאַמף מיטן רעגירונגס־קאַנדידאַט, האָט ער דאָך אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור און איז דערוויילט געוואָרן אין בוקאָווינער סיים, וואו ער האָט מיט גרויס נוצן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג ווירדיק פאַרטיידיקט אירע אינטערעסן און אַנטקעגנ־געשטעלט זיך אָפּשטימונגען, וואָס האָבן געקאָנט שאָדן ברענגען יידן.

וועגן דעם גרויסן ענטוזיאַזם פון דער יידישער באַפעלקערונג צוליבן דער־וויילן ד״ר קעלנער אַלס דעפּוטאַט, קאָן דינען דער פאַקט: נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם וואַלבאַריכט האָט ד״ר קעלנער געוואָלט פאָרן אַ היים פון ראָטהויז. יידישע אַקאַדעמיקער האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד פון זיין וואָגן און אַליין זיך איינגע־שפּאַנט, כדי אים אַהיימצופירן. ביי זיין הויז, האָבן זיי אים אויף די הענט אַריינ־געטראָגן אין שטוב מיט אויסגעשרייען „יחי ד״ר קעלנער״!

ד״ר קעלנער האָט גוט געקענט ארץ־ישראל פון די באַשרייבונגען אין תנ״ך, פונדעסטוועגן האָט ער מיט זיין גאַנץ וועזן געוואָלט זיך באַקענען מיט דער שיינקייט פון דעם דורך אים אויסגעטרוימטן פּאָטערלאַנד, פאַר וועמענס תחית־המתים ער האָט געקעמפט מיט דער אנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דעם דאָזיקן פאַרלאַנג האָט ד״ר קעלנער דורכגעפירט אין יאָר 1913, ווען ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי אַרויסגעפאָרן אויף אַ צוויי־חדשימדיקן באַזוך קיין א״י.

ווי גרויס ס׳איז געווען ד״ר קעלנערס ליבע צו ארץ־ישראל (און וועגן דעם קאָנען וויסן נאָר די, וועלכע זענען דעמאָלט מיט אים צוזאַמען געפאָרן, און צווישן זיי — דער שרייבער פון די שורות), קאָן דינען דער פאַקט, וואָס ווי נאָר ד״ר קעלנער האָט באַטרעטן די ערד פון א״י, האָט ער אַנידערגעקניט און מיט טרערן אין די אויגן אַ קוש געגעבן דעם באָדן. זיין פנים האָט געשטראַלט פון פרייד און גליק. אויפן וועג צוריק האָט ער די מיטרייזנדע דערציילט וועגן דער שיינקייט פון ארץ־ישראלדיקן פייזאַזש.

נאָכן אומקערן זיך קיין אייראָפּע, האָט ער ווייטער געלערנט אויפן טשערנאָוויצער אוניווערזיטעט ביזן אָקופּירן די שטאָט דורך די רוסישע חיילות אין הערבסט 1914.

נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט ד״ר קעלנער זיך שוין נישט אומגעקערט קיין טשערנאָוויץ, נאָר פאַרבליבן אין ווין, וואו ער האָט געמאַכט באַמיאונגען צו באַקומען די קאַטעדרע אַלס פּראָפעסאָר אויפן ווינער אוניווערזיטעט, צו וואָס די אַנטיסעמיטישע אוניווערזיטעט־מאַכט האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, מאָטיווירנדיק עס מיט געלט־מאַנגל, וואָס ס׳איז נישט געווען ריכטיק, — ווייל ד״ר קעלנער האָט די גאַנצע צייט באַקומען זיין פּראָפעסאָרישן געהאַלט, — נישט מער, ער האָט נישט געקאָנט זיין לעקטאָר אויפן אוניווערזיטעט.

אַזאַ באַציאונג און אויפפירונג פון דער אוניווערזיטעט־מאַכט האָט שטאַרק געדריקט אויף דער שטימונג פון ד״ר קעלנער, ווייל ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס אַלץ ווערט געטאָן נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ ייד, דערצו נאָך אַ טעטיקער מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דערפאַר אָבער האָבן אינגאַנצן אַנדערש באַצויגן זיך צו ד״ר קעלנער די עסט־רייכישע מלוכה־אָרגאַנען, וואָס עס האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַראַגיטיקט די גרויסע עוולה מצד דעם אוניווערזיטעט. ד״ר קעלנער ווערט באַשטימט אויף אַ וויכטיקן מלוכהשן פּאָסטן אַלס הויכער באַאַמטער אין דער פּרעזידיאַל־קאַנצעלאַריע פון דער עסטרייכישער רעגירונג און ס׳איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דאָס פירן קאָנפערענצן אין נאָמען פון דער רעגירונג מיט פאָרשטייער פון דער ענגלישער און אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטיע. אויסער דעם האָט ער אין יאָר 1923 באַקומען דעם אַמט און טיטל פון „האָפראַט״ (בעל־יועץ פון דער רעגירונג) און אַ גאַס אינעם קוואַרטל היצינג אין ווין, וואו ער פלעגט אָפט שפּאַצירן, איז אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען („לעאָן קעלנער שטראַססע״).

וועגן דער חשיבות פון ד״ר קעלנער פאַר עסטרייך, קאָנען אַלס באַווייז דינען די ווערטער פון עסטרייכישן פּרעזידענט ד״ר זייץ ביים פאָרשטעלן ד״ר קעלנער

פאַרן בונדעסקאַנצלער ד״ר הייניש, ווען דער לעצטער האָט איבערגענומען זיין אַמט:

„מיר זענען אַן אָרעם לאַנד, אַ זייער אָרעם לאַנד, אָבער אין איין פונקט האָבן מיר געקאָנט אויך אין דער איצטיקער שווערער לאַגע שטאָלץ הייבן דעם קאָפּ, און דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען אונדזער ליבער פּראָפעסאָר קעלנער האָט אונדז געדינט מיט זיין דערפאָלגרייכער טעטיקייט לגבי די ענגלענדער און אַמעריקאַנער. מיט אים האָבן מיר גרויס כבוד דערגרייכט״.

אין אַפּריל 1927 האָט ד״ר קעלנער צום ערשטן מאָל באַקומען אַ לייכטן האַרץ־אַטאַק און גראַד בעת אַ פאָרלעזונג, ווען ער איז אינמיטן דער רעדע געפאַלן אויפן דיל אַ פאַרחלשטער. נאָכן געזונט ווערן, איז ער אין אָקטאָבער 1927 אַרויסגעפאָרן צום צווייטן מאָל קיין ארץ־ישראל, און אויפגעהאַלטן זיך ביי זיין איינציקן זון וויקטאָר, אַ קאָלאָניסט אין בנימינה.

נאָך אַ צוויי־חדשימדיקן באַזוך אין א״י האָט ד״ר קעלנער זיך אומגעקערט קיין ווין, וואו ער איז ערנסט קראַנק געוואָרן. נאָך אַ בעסערונג, האָט ער פאַר זיין פרוי אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, אין פרילינג ווידער אַרויסצופאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער דעם דאָזיקן פּלאַן האָט ער שוין נישט פאַרווירק־לעכט. דעם 4־טן דעצעמבער 1928 האָט אויף שטענדיק אויפגעהערט קלאַפּן דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן גרויסן ייד, אַ געבוירענער און דערצויגענער אין טאָרנע, וועלכער איז געווען אַ גלענצנדער לערער, אַ וועלט־באַרימטער געלערנטער, אַ באַדייטנדיקער ליטעראַט און גוטער פּאָליטיקער. אינעם הספד איבער ד״ר קעלנער, וואָס יאָרק־שטיינער האָט אָפּגעדרוקט אין דער צייטשריפט „מנורה״, ווערט געזאָגט:

„ד״ר לעאָן קעלנערס אַלזייטיק וויסן געהערט דער וועלט, אָבער זיין האַרץ — דעם יידישן פאָלק״.

(באַאַרבעט לויטן בוך פון אַננאַ קעלנער א. נ. „ד״ר לעאָן קעלנער, זיין לעבן און שאַפן״, ווי אויך אויפן סמך פון פערזענלעכע זכרונות, ידיעות און באַמערקונגען).

ד״ר רפאל מאהלער

## יצחק שיפּער

(1943—1884)

ד״ר יצחק שיפּער איז געווען גרונט פאַרשיידן פון זיין מיט זיבן יאָר עלטערן קאָלעגע מאיר באַלאַבאַן סיי אין זיינע וועגן און אין היקף פון היסטאָרישער אַרבעט, סיי ווי אַ פּערזענלעכקייט. ווי אַ וואונדערלעכע פאַראייניקונג פון וואולקאַנישן לעבנס־טעמפּעראַמענט און פּאָליטישער אַקטיוויטעט מיט וויסנשאַפטלעכער שעפע־רישקייט פון אַ מעין המתגבר, איז שיפּער געווען אַן איינציק־אַרטיקע געשטאַלט נישט בלויז אין פּוילישן יידנטום, נאָר אין וועלט־יידנטום פון דער מאָדערנער צייט.

די דינאַמיק פון זיין פּאָליטישער טעטיקייט האָט ער אַריינגעטראָגן אין זיין היסטאָרישער פאָרשונג, ניט כדי צו פּאָליטיזירן וויסנשאַפט, נאָר כדי זי צו אַקטו־אַליזירן. זיין וויסנשאַפטלעכער אינטערעס איז געווענדעט נישט אויף דער סטאַטיק, נאָר אויף דער דינאַמיק פון דער יידישער געשיכטע, אויף די אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן וואָס האָבן אויסגעפורעמט דעם היינט פון דעם יידישן פאָלק. געשיכטע האָט פאַר אים באַטייט אַ סך מער ווי „איין אינטערעסאַנטעס בילדערבוך פיר נוי־גיריגע מענטשענקינדער״, ווי מאַקס אַדלער האָט מיט רעכט באַצייכנט די דעס־קריפּטיווע ריכטונג אין דער היסטאָריאָגראַפיע. ער האָט באַנומען געשיכטע ווי אַ סאָציאַלע וויסנשאַפט, אַ וויסנשאַפט וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונדז די געזעצ־מעסיקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. „זאַמלער פון אַלטע קאַלאָשן״, פלעגט ער מיט זיין שניידיקן סאַרקאַזם אָנרופן די היסטאָריקער וואָס ווערן נתפעל פון יעדן אַלטן דאָקומענט, אומאָפּהענגיק דערפון, צי די „מציאה״ העלפט עפּעס אויפקלערן היסטאָרישע פּראָצעסן. מיט גוטמוטיקן ביטול פלעגט ער דער־פאַר קוקן אויף היסטאָריקערס וואָס האָבן זיך אַריינגעגראָבן גאַנצע יאָרן אין אַ זאַמלונג דאָקומענטן נאָר דערפאַר, וואָס פּונקט די דאָזיקע זאַמלונג איז זיי גע־קומען אונטער דער האַנט. דער אמתער היסטאָריקער, האָט ער דערקלערט אין איינער פון זיינע גייסטרייכע שיחות־חולין, דארף זיך ניט לאָזן באַהערשן פון מאַטעריאַל, נאָר דאַרף הערשן איבער דעם מאַטעריאַל; ער דארף זיך קודם־כל שטעלן פּראָבלעמען און מיט התמדה אויסזוכן און צוקלייבן דעם נייטיקן היסטאָרישן מאַטעריאַל, כדי צו קענען פאַרענטפערן די פּראָבלעמען.

און שיפּער האָט זיך טאַקע געשטעלט פּראָבלעמען, ער האָט זיך פאַרמאָסטן אין זיין לעבנסווערק צו פאַרענטפערן עיקרדיקסטע פּראַגעס פון דער יידישער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. נישט בלויז דערפאַר וואָס די יידישע ווירטשאַפט־

געשיכטע איז געווען פאַרוואַרלאָזט מער ווי אַלע אַנדערע געביטן פון דער היסטאָ־רישער וויסנשאַפט האָט ער זיינע בעסטע כוחות אַוועקגעגעבן אויף אַדורכצואַקערן דאָס דאָזיקע ווילדע פעלד; כאָטש ער איז נישט געווען קיין געשוואוירענער היסטאָ־רישער מאַטעריאַליסט, האָט ער תמיד פאַרשטאַנען דעם עלעמענטאַרן אמת, אַז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון אַ פאָלק זענען דער יסוד פון אַלע דערשיינונגען פון פאָלקסלעבן. זיין פאָרש־אינטערעס האָט זיך אויסגעשפרייט אויף אַלע געביטן פון דער שעפערישקייט פון פאָלק, און אירע אַנטפּלעקונגען האָט ער געזען אין דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט מכל המינים פונקט ווי אין די שענסטע דערגרייכונגען פון קולטור־שאַפן. שוין אין 1908 דריקט עס אויס דער קוים 24־יאָריקער געלערנטער אין דער הקדמה צו זיין ערשטער, פוילישער אויס־גאַבע פון דער ווירטשאַפטס־געשיכטע פון יידן אין פוילן בעתן מיטל־עלטער, אין אַזאַ פאָרמולירונג, וואָס איז שוין היינט געוואָרן קלאַסיש:

אַ סך זאַכן האָבן אויפגעטון די קאָריפייען פון דער יידישער געשיכטע־שרייבונג... אַ דאַנק זיי פאַרמאָגן מיר אַן אימפּאַזאַנט בילד פון די גייסטיקע אָנפירערס פון יידנטום אין גלות. ס'איז אָבער לחלוטין נישט פאַראַן די געשיכטע פון יענע הונדערטער טויזנטער וואָס האָבן אויסגעשפּונען אַ זכר פאַרן עתיד,



ד״ר יצחק שיפער ז״ל

נישט פון עשירות פון גייסט, נאָר פון זייער מי און האָרעוואַניע, אָדער פון זייערע ספּעקולאַטיווע פעיקייטן. בקיצור, מיר קענען דעם שבתדיקן ייד מיט זיין נשמה יתרה. עס איז שוין צייט צו באַקענען זיך מיט דער געשיכטע פון די וואָכעדיקע טעג און וואָכעדיקע געדאַנקען און צו גיין זוכן ליכט אין דער געשיכטע פון יידישער אַרבעט[1].

פונקט ווי אין דערווירטשאַפט־געשיכטע אַזוי איז אויך שיפּער אין זיינע קולטור־געשיכטלעכע ווערק געווען אויסן צו אַנטפּלעקן פאַר אונדז נישט נאָר די אויפטוען פון גדולי־הדור נאָר דאָס אַנאָנימע שאַפן פון פאָלק, פון די ברייטע יידישע מאַסן; זייער אויסדרוק פון לייד און פרייד; זייערע שטרעבונגען און אידעאַלן; זייער קוק אויפן לעבן; זייער דורות לאַנג אָנגעזאַמלטע חכמה און דער־פאַרונג. דער פּיאָנערישער היסטאָריקער פון וואָכעדיקן לעבן פון „גייסטיקן" פאָלק, איז שיפּער אויך געווען דער אַנטדעקער פון גייסטיקייט און שיינקייט אין דעם וואָכעדיקן לעבן פון די וואָכעדיקע גרויע מאַסן.

שיפּער האָט געקוקט אויף יידישער ווירטשאַפטלעכער, סאָציאַלער און קול־טור־געשיכטע ווי אויף קאָמפּלעקסן פון האַרבע פּראָבלעמען, האָט ער ממילא נישט געקאָנט געפינען קיין באַפרידיקונג אין באַגרענעצן זיין פאָרשונג בלויז מיט דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. די געשיכטע פון יידן אין פּוילן, וואו עס איז אויס־געוואקסן אַ יידישער מאַסן־צענטער ערשט צום סוף מיטל־עלטער, איז דאָך בעצם אַן ענדסטאַדיע פון אַ טויזנטיאָריקער געשיכטע פון יידן אין מיטלעלטער אין פאַרשיידנסטע לענדער פון אייראָפּע און אפילו פון אַזיע און אפריקע. שיפּער האָט דעריבער באַלד נאָך די ערשטע טריט פון פאָרשונג אויפן געביט פון פּוילישער יידישער געשיכטע זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער פאָרשונג פון אַלגעמיין אייראָפּעאישער יידישער געשיכטע אין מיטל־עלטער. ערשט נאָך דעם ווי ער איז אַרויסגעשוואומען פון דער דאָזיקער אַרבעט מיט אַ שלל וויסן און אויפטוען, האָט ער זיך נאָך אַ מאָל גענומען צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. אויב ער האָט אין די שפּעטערע יאָרן נאָך אַ מאָל זיך אומגעקערט צו דער אַלגעמיין אייראָפּעאישער יידישער געשיכטע, איז ער דאָרט געבליבן שטיין ביים סוף פון מיטל־עלטער. אין דער פּוילישער יידישער געשיכטע האָט ער געפאָרשט אַלע תקופות און דאָ האָט ער אויפן געביט פון דער נייצייט און אפילו פון דער נייסטער צייט אויפגעטאָן נישט ווייניקער ווי בנוגע דער תקופה פון מיטל־עלטער.

ווי אַ פּראָבלעם־שטעלער און איינער פון די דרייסטסטע פּראָבלעם־פאַר־ענטפערערס אין דער יידישער געשיכטע־פאָרשונג האָט שיפּער אויסגעמיטן דעם טראַדיציאָנעלן חסרון פון דער אַלטער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, וואָס שלעפּט זיך נאָך ביז אין היינטיקן טאָג נאָך אַ סך יידישע היסטאָריקערס: ער האָט קיין מאָל נישט פאַרקוקט דעם אַלגעמיינעם געשיכטלעכן הינטערגרונט, ניט אין זיינע היסטאָריש־עקאָנאָמישע פאָרשונגען, ניט אין זיינע קולטור־געשיכטלעכע ווערק. יידישע היסטאָריקערס וואָס זעען זייער אויפגאַבע אין באַשרייבן בילדער

[1] איך ציטיר לויט דער יידישער איבערזעצונג פון 1926, אַחוץ עטלעכע שטעלן, וווּ די איבערזעצונג בייט בפירוש דעם זינען פון דעם פּוילישן אָריגינאַל; די דאָזיקע שטעלן האָב איך קאָריגירט לויטן אָריגינאַל.

פון דער פאַרגאַנגענהייט און אין צייכענען סילועטן פון היסטאָרישע פערזענלעכקייטן ארט ניט גאר שטאַרק, אויב זיי באטראכטן דאס יידישע לעבן ווי אן אינדזל פאַר זיך. שיפער, וואָס האָט געזוכט אין דער געשיכטע קודם כל דעם סיבותדיקן צוזאַמענ־האַנג, האָט דווקא פאַר די וויכטיקסטע פראַגעס פון דער יידישער עקאָנאָמישער און קולטורעלער פאַרגאַנגענהייט געפונען דעם שליסל צום ענטפער אין באַלייכטן די שטרעמונגען און דערשיינונגען פון דער אַלגעמיינער סביבה.

נישט אויף אלע פראָבלעמען וואָס שיפער האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרענטפערן האָט ער געפונען אַ בשלמותדיקן ענטפער. אַ טייל פראָבלעמען האָט ער מיט אַ כיוון געשטעלט אויף דעם סדר־היום פון דער היסטאָרישער פאָרשונג, כאָטש ער האָט אויף זיי איבער דוחק אין מקורים נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער. בנוגע אַ טייל פראַגעס איז זיין ענטפער לכתחילה געווען אָפּגעפרעגט און האָט אַרויסגערופן אַ באַרעכטיקטע פּאָלעמיק. דער גוואַלדיקער היסטאָרישער פאַרדינסט פון שיפערן ווערט אָבער איבער דעם לחלוטין נישט געמינערט; ער האָט אָנגערעגט צום דענקען און פאָרשן פונקט אַזוי דורך זיינע נישט־פאַרענטפערטע וויסנשאַפטלעכע פראָבלעמען, ווי דורך זיינע גרויסע ווערק וואָס וועלן בלייבן לדורות אַ קרן־קיימת פון דער יידישער וויסנשאַפט. ער האָט זיך נישט לייכט געמאַכט די אַרבעט דורך גיין אין אויסגעטראָטענע וועגן פון שאַבלאָן און רוטין, קיין מאָל ניט פאַרמאַטערט געוואָרן זוכנדיק נייע ענטפערס. זיין געדאַנק איז געווען תמיד אָריגינעל, פריש און פאַרכאַפנדיק און דערפאַר איז ער געווען פראָדוקטיוו, שעפעריש, אפילו אין זיינע טעותים.

„דער סטיל איז דער מענטש", זאָגט אַן אַלט פראַנצויזיש ווערטל און מען מעג אויך צוגעבן: דער סטיל איז דער היסטאָריקער. שיפערס סטיל איז געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון זיין דרך אין געשיכטע־שרייבונג, פונקט ווי ער האָט אויסגעדריקט זיין פערזענלעכקייט פון אַ טעמפעראַמענטפולן און פאַנטאַזיע־רייכן דענקער און פאָרשער. עס איז דער סטיל פון אַ ראָמאַנטישן רעאַליסט. ווייט פון דער פוסטער מליצהדיקייט און פאַטעטישקייט פון דערציילערישע היסטאָריקערס, איז אָבער שיפערס שפּראַך דורכאויס נישט די טרוקענע שפּראַך פון פאַקטן־זאַמלערס און פאַקטן־באַשרייבערס, ווייל זי איז אָנגעלאָדן מיט עכטער דראַמאַ־טישקייט פון היסטאָרישן געשען. דאָס באַגעגענען מיר נישט נאָר אין זיינע ביכער און שטודיעס וועגן קולטור־געשיכטלעכע און סאָציאַל־פּאָליטישע פראָבלעמען, וואו דער שטאָף אַליין איז אַ קאָלירפולער[2]; ער האָט אויך וועגן סטאַטיסטישע און עקאָנאָמישע פראַגעס געשריבן אַזוי, אַז די טעמע פלעגט פאַרכאַפּן אַפילו דעם דורכשניטלעכן לייענער וואָס ווייזט בדרך כלל נישט אַרויס קיין אינטערעס פאַר אַזעלכע „פּראָזאַאישע" ענינים[3]. עס איז נאָך מער צו באַוואונדערן וואָס שיפער

[2] פ"גל דעם סוף פון דער סקיצע (אויף פויליש) וועגן „פויליש־ליטווישע יידן און ארץ־ישראל" (זשורנאַל Moriah, 1917): פלאָנסקי, דער ייד, וואָס איז אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך נאָוואָסילצאָווס פאליציי, האט געענטפערט אויף דער פראַגע, ווי אַזוי יידן ריכטן זיך צוצואיילן די גאולה: „דורך תפילה". שיפער פאַרענדיקט: „צו די ענטפערס פון פלאָנסקין האָט זיך צוגעהערט דער גייסט פון מולכו און אויפגעפלאַמט פאַר הייליקער בושה..."

[3] דעם קאַפּיטל וועגן פאָגראָמען אין זיין בוך ווירטשאפטס־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטל־עלטער הייבט שיפער אָן מיט אַזאַ קונסטפולן און אויסדרוקפולן צימצום: „צוויי מעשׂאָדן אויף צו באַפרייען זיך פון די יידישע הלוואָות האָט געקענט דאָס מיטל־

האָט מייסטערדיק באַרייכערט דעם סטיל אין אַלע דריי שפּראַכן אין וועלכע ער האָט געשריבן זיינע ווערק: יידיש, דייטש און פּויליש. אין זיינע מינדלעכע פאָרטראָגן איז צו די אַלע מעלות נאָך צוגעקומען דאָס התלהבות און דער פּאַטאָס פון אַ פאָלקסטריבון.

צו אומצייליקע תלמידים און פאַרערערס האָט זיך שיפּער דערדינט אַ דאַנק דעם באַוועלטיקנדיקן איינדרוק פון זיין איידעלער, אַרטיסטישער פּערזענלעכקייט, נישט ווייניקער ווי אַ דאַנק זיין פּיאָנערישקייט אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. ער האָט זיך קיין מאָל נישט געעלטערט, נישט גייסטיק און נישט אין זיין דרויסנדיקער האַלטונג, ווייל ער האָט קיין מאָל נישט פאַרלוירן זיין אימפּולסיוון טעמפּעראַמענט, זיין יוגנטלעכן שוואונג און התלהבות.[4] אַ מאַרקאַנטער כאַראַקטערשריך פון זיין יוגנטלעכקייט, פון זיין נאַטירלעכער אָפנהאַרציקייט און מענטשלעכער באַשיידנקייט איז געווען זיין וואַרעמע, חברישע באַציאונג צו זיינע יינגערע און אפילו יינגסטע קאָלעגן. ער האָט קיין מאָל נישט געשפּאָרט קיין צייט און מי צו העלפן יונגע היסטאָריקערס מיט זיינע אומשאַצלעכע עצות און אָנווייזונגען. נישט נאָר איז אים געווען פרעמד דער יצר־הרע פון קינאַת־סופרים לגבי יינגערע פון אים, נאָר ער פלעגט זיך אויפריכטיק פרייען, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער אַרבעטער אויפן געביט פון יידישער געשיכטע און ער פלעגט אויפנעמען ענטוזיאַסטיש, מיט אַכטונג, אָנערקענונג און דערמוטיקונג יעדע נייע אַרבעט פון דער יונגער גרופּע היסטאָריקערס.

זיין טיפע ליבשאַפט צו יידיש און צו דער קולטור פון די יידישע פאָלקסמאַסן האָט ער אויסגעדריקט נישט נאָר אין זיינע אָנרעגנדיקע פאָרשונגען וועגן אַלט־יידיש און אלטיידישע ליטעראטור; ער איז געווען איינער פון די בויערס און איינער פון די הויפּטזיילן פון דער היסטאָרישער סעקציע פון ייוואָ, און דערביי געווען אַקטיוו אין דער וואַרשעווער ייוואָ־אָפּטיילונג, באַזונדער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע פאַר פּוילן, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין וואַרשע.

ער איז געווען אַ רענעסאַנס־פּערזענלעכקייט נישט נאָר אין ברייטערן זינען פון אייראָפּעאישן רענעסאַנס: ער איז געווען איינער פון די שענסטע פאָרשטייערס פון מאָדערנעם יידישן קולטור־רענעסאַנס אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט, פּונקט ווי י. ל. פּרץ איז עס געווען אויפן הימל פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

---

עלטער: די רעדוקציעס פון די חובות וואָס פלעגן געוויינטלעך אַדורכגעפירט ווערן דורך די מושלים 'אויף אַ תיקון פאַר דער נשמה און צום שבח פון די אָבות' און די יידן־פּאָגראָמען. דאָס לעצטע מיטל איז געווען דאָס סאַמע זיכערסטע".

זיין פּיאָנערישע סטאַטיסטישע אָפּהאַנדלונג וועגן „גאַליצישן יידנטום אין די יאָרן 1772—1848" (געדרוקט אין Neue Jüdische Monatshefte, 1918) הייבט אָן שיפּער, צווישן אַנדערע, מיט אַ ציטאַט פון הערמאַן באַרס ווערק ווין וועגן קיסר יאָזעף II: „לענדער, פעלקער, מענטשן זיינען פאַר זיי געווען נישט מער ווי שטאָף...."

[4] דער ניכטערער און רויקער פּיקח, דער נאַטור־פאָרשער און געזעלשאַפטלעכער טוער יוסף יאַשונסקי, וואָס האָט איצט אויך געטיילט דעם ביטערן גורל פון שיפּערן, האָט אין 1934 אויף אַן אינטימען צוזאַמענקום אין לאָקאַל פון וואַרשעווער אָפּטיילונג פון ייוואָ לכבוד דעם 50־סטן געבוירן־טאָג פון ד״ר שיפּער בערך אין די ווערטער אָנגעהויבן זיין רעדע:
„עס איז אַבסאָלוט אויסגעטראַכט, אַז ד״ר שיפּער איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר! די פאָרשטעלונג שיפּער פאָרט זיך נישט אַנדערש ווי מיט יוגנט!"

*

יצחק שיפער איז געבוירן געוואָרן דעם 9־טן נאָוועמבער 1884 אין טאַרנע (מערב־גאַליציע). זיין פאָטער האָט געשטאַמט פון אַן אויפגעקלערטער לומדישער משפחה; זיין מוטער איז געווען אַ בעקערס אַ טאָכטער. פון זיין פאָטער — האָט שיפער דערציילט צו זיין 50־יאָריקן יובל — האָט ער געירשנט דעם דראַנג צו וויסן און צו פאָרשונג, פון זיין מוטער די ליבשאַפט צום פשוטן פאָלק און צו דער יידישער שפּראַך. שוין אין דער גימנאַזיע איז ער געווען טעטיק אין יוגנט־לעכע פּאָליטישע קרייזן, צו ערשט אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואו ער האָט מיטגעאַרבעט מיט דעם אַנדערן באַרימטן שפּעטער טאַרנער — קאַרל ראַדעק־סאָבעלסאָן, שפּעטער — אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין 1903, שוין ווי אַ סטודענט פון אוניווערסיטעט, איז שיפער אַריינגעטרעטן אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, וואו ער איז געווען אַ פּראָמינענטער פירער ביז 1922.

זיינע אוניווערסיטעט־שטודיעס האָט שיפער אַדורכגעמאַכט אויף די פילאָ־סאָפישע און יורידישע פאַקולטעטן אין קראָקע און אין ווין, און אין 1907 איז ער געוואָרן דאָקטאָר־יוריס. זיין צייט האָט עד צעטיילט צווישן וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און פּאָליטישער טעטיקייט. ער איז געווען אַ מיטגליד פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די עסטרייכישע פּועלי־ציון, אַ מיטאַרבעטער און אַ צייט אויך רעדאַקטאָר פון יודישער אַרבעטער אין לעמבערג און פון דעם פּוילישן פּאַרטיי־אָרגאַן פאַר שטודירנדיקער יוגנט Nasze Hasła. זיין וויסנשאַפטלעכע און פּאַרטיי־פּאָליטישע אַרבעט האָט ער אויך נישט אָפּגעשטעלט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, סיי אין די ערשטע צוויי יאָר ווען ער איז געווען אַ פּליט אין ווין, סיי שפּעטער, ווען ער האָט געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי, פריער ווי אַ זעלנער, דערנאָך ווי אַ מיליטערישער ריכטער.

אין אָנהויב 1919 איז שיפער אַריינגעגאַנגען ווי אַ דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים אויפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם ד״ר מאַקס ראָזענפעלד וואָס איז אויסגע־וויילט געוואָרן אויף דער פּועלי־ציון־ליסטע אין כעלעמער וואַלקרייז. אין 1920, נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, איז שיפער תחילת געבליבן ביי די לינקע פּועלי־ציון, שפּעטער, נאָך אין זעלבן יאָר, זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג פון רעכטע פּועלי־ציון. אין 1922 איז שיפער אַריבערגעגאַנגען אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג, ווו ער איז פאַרבליבן ביז צו זיינע לעצטע יאָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע פירערס. אין צווייטן סיים (1922—1928) איז שיפער געווען אַ דעפּוטאַט פון דער ציוניסטישער ליסטע. דורך זיין אַקטיווער באַטייליקונג אין סיים מיט רעדעס אויפן פּלענום און מיטאַרבעט אין סיים־קאָמיסיעס האָט ער זיך אַרויסגערוקט צווישן די אָנגעזעענסטע דעפּוטאַטן. זינט 1928 איז שיפער געווען דער דירעקטאָר פון דער יידישער אַקאַדעמישער היים אין וואַרשע (אויף פּראַגע) און עטלעכע יאָר געלייענט לעקציעס אין יודאיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע ווי אַ דאָצענט פאַר יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט שיפער פאַרנומען דעם פּאָסטן פון דירעקטאָר פון קרן־היסוד אין פּוילן און אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד.

שיפער, וואָס האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון היסטאָרישער וויסנשאַפט סיי אין איכות, סיי אין כמות מער ווי עטלעכע דורכשניטלעכע אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן צוזאַמען, האָט אין רעזולטאַט פון דער אַנטיסעמיטישער קולטור־פּאָליטיק פון דער מאַכט, קיין מאָל נישט געהאַט די זכיה צו באַקומען אַ קאַטעדרע אין אַ פּוילישן אוניווערסיטעט. קיין גרויס עגמת־נפש האָט ער דערפון ניט געהאַט, ווייל די „געלערנטע פון צעך״, אָדער „צונפטגעלעהרטע״, ווי ער פלעגט זיי אָנרופן אויף דייטש, זענען פאַר אים אָפט געווען אַן אָביעקט פון שפּאָט.

זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט האָט שיפער אָנגעהויבן שוין צו 18 יאָר, אין 1902, מיט אַ שטודיע וועגן „קאַזשימיעזש דעם גרויסנס געזעץ־געבונג וועגן יידן״ (געדרוקט אין דער צייטשריפט Moriah). אין 1905, קוים 21 יאָר אַלט, האָט ער אין דער וויכטיקסטער פּוילישער צייטשריפט פאַר געשיכטע, אין Kwartalnik Historyczny פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט וועגן „יידן אין טאָרנע ביז צום סוף 18טן י״ה״. שוין אין דער דאָזיקער יוגנט־אַרבעט האָט שיפער אַרויסגעוויזן זיין פעאיקייט צו אַנאַליזירן סאָציאַל־פּאָליטישע אַנטאַגאָניזמען און זיין מעטאָד פון באַלייכטן די פּאָליטיק לגבי יידן פון שטאַנדפּונקט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די מאַכטפאַקטאָרן.

אַ יאָר שפּעטער, אין 1906, האָט שיפער זיך באַוויזן מיט זיין ערשטער סטאַנדאַרד־אַרבעט. דאָס איז געווען די שטודיע וועגן „אָנהייבן פון קאַפּיטאַליזם ביי די מערב־אייראָפּעאישע יידן״ “Die Anfänge des Kapitalismus bei den abendländischen Juden” פאַרעפנטלעכט אין דער ווינער Zeitschrift für Volkswirtschaft, Sozialpolitik und Verwaltungslehre און אין 1907 ווי אַ באַזונדער ביכל[5]. די באַדייטונג פון זיין אַרבעט פאַר דער יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע האָט שיפער אַזוי כאַראַקטעריזירט אין דער הקדמה: אַנדערע פאַר אים האָבן בלויז געבראַכט אָפּגעריסענע ידיעות וועגן יידישן האַנדל אין מיטלעלטער, אָן אַ שום פּרווו אויסצופאָרשן זיין ראָלע אין דעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. געווען אויך ערנסטע אַרבעטן וועגן יידישן וואָכער, אָבער באַלויכטן בלויז פון רעכטלעכן שטאַנדפּונקט, נישט פון שטאַנדפּונקט פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. געאָרג קאַראָ — וואָס האָט שפּעטער אין 1908 אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון זיין באַרימטער „סאָציאַל־ אונד ווירטשאַפט־געשיכטע דער יודען״ — האָט אין 1904 פאַרעפנטלעכט אין דער מאָנאַטס־שריפט אַ שטודיע וועגן „די יודען אים מיטל־אַלטער אין אירער ווירטשאַפטלעכן בעטעטיגונג״, אָבער ער האָט זיך באַגרענעצט בלויז מיט דייטשע יידן. שיפער האָט דער ערשטער זיך אונטערגענומען אָנצוצייכענען די ווירטשאַפט־געשיכטע פון יידן אין מיטל־עלטער (ביז צום סוף 12טן י״ה) פון שטאַנדפּונקט פון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער מיטל־עלטערלעכער געזעלשאַפט. זיין צענטראַל פּראָבלעם איז געווען די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל ביי יידן אין מיטל־עלטער.

מען קען היינט אָפּפרעגן שיפערס טעזע, אַז די קאַפּיטאַלן וואָס יידן האָבן גענוצט אין האַנדל בעת דעם פריען מיטל־עלטער האָבן זיי געהאַט אָנגעקליבן

[5] אין דער יידישער איבערזעצונג איז דאָס ביכל אַרויס אין 1920 אין וואַרשעווער פאַרלאַג „אַרבעטער־היים״.

נאָך אין אַלטערטום ווי גרונטבאַזיצערס. שיפּער אַליין האָט אויך שפּעטער אין זיין פירבענדיקער ווירטשאַפט־געשיכטע רעווידירט זיין ערשטע טעאָריע, אַז יידן האָבן אין יענע הקופות פון מיטל־עלטער נישט געהאַט קיין שייכות מיט מלאכה. עס בלייבט אָבער דער פאַרדינסט פון יענער אַרבעט וואָס דאָרט האָט שיפּער פעסטגעשטעלט: דעם כאַראַקטער פון יידישן האַנדל אין פריען מיטל־עלטער; די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע סיבות וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם בהדרגה־דיקן איבערגאַנג פון יידן אין מערב־אייראָפּע פון האַנדל צו וואָכער־געשעפטן; דעם כאַראַקטער פון יידישן קרעדיט אָפּהענגיק פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און פון סאָציאַלע שיכטן וועלכע ער האָט באַדינט, תחילת ווי פּראָדוקטיוו־קרעדיט און שפּעטער בעיקר ווי קאָנסומציע־קרעדיט. דער גרויסער סאָציאָלאָגישער געווינס פון דער אַרבעט באַשטייט אין צעשטערן אַלע פּסיכאָלאָגישע און ראַסן־טעאָריעס וועגן דער מכלומרשט איינגעבוירענער נטיה פון יידן צו באַשטימטע פּרנסות, האַנדל אָדער וואָכער.

שוין אין דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס האָט שיפּערן געמאַכט אַ נאָמען נישט נאָר אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, נאָר אין ברייטע קרייזן פון ווירטשאַפטס־היסטאָריקערס, ווערט אָנגעוויזן דער חילוק צווישן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון מזרח־אייראָפּעאישע און מערב־אייראָפּעאישע יידן אין מיטל־עלטער. דער פאָרשונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידן אין פּוילן בעת דעם מיטל־עלטער האָט שיפּער אָפּגעגעבן ווייטערדיקע עטלעכע יאָר. ער האָט פאַר־עפנטלעכט פּרעלימינאַרע שטודיעס אין אַ ריי יידיש־פּויליש, יידיש־דייטשע און יידיש־רוסישע צייטשריפטן און אויסגאַבעס, צווישן זיי אַ קריטישן איבערזיכט וועגן דער היסטאָריאָגראַפיע אויפן געביט פון יידן אין מיטל־עלטערלעכן פּוילן (אין Wschód 1909). אין 1911 איז אַרויס אויף פּויליש שיפּערס בוך „שטודיעס וועגן די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון יידן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער" (Studya nad stosunkami gospodarczemi Żydów w Polsce podczas średnio-wiecza). דאָס בוך האָט באַקומען די ערשטע פּרעמיע פון פילאָסאָפישן פאַקולטעט פון לעמבערגער אוניווערסיטעט אין קאָנקורס אויפן נאָמען פון וואַרשעווער פילאַנ־טראָפּ היפּאָליט וואַוועלבערג (אַרויס אין יידישער איבערזעצונג אין 1926).

אין די „שטודיעס" האָט שיפּער אויף אַ קלאַסישן אופן אָנגעווענדט די מעטאָדן פון פאָרשן יידישע ווירטשאַפט־געשיכטע, וועלכע ער האָט געהאַט אָנגעצייכנט אין די „אָנהייבן פון קאַפּיטאַליזם". מיטן איינציקן אויסנעם פון קאַפּיטל וועגן יידישער ערדאַרבעט, וווּ שיפּער האָט נישט גענוג מאָטיווירט זיין טעאָריע וועגן לאַנדווירטשאַפט ווי די הויפּט־באַשעפטיקונג פון די ערשטע יידן אין פּוילן, ווי אויך פון זיין סברה וועגן יידישער ערד־קאָלאָניזאַציע אין מזרח־גאַליציע אין 15טן י"ה, איז יעדעס קאַפּיטל פון בוך אַ מוסטער פון היסטאָרישן פאָרשן און דענקען. גענוג צו דערמאָנען דעם אַנאַליז פון דער גענעראַל־פּריווילעגיע פאַר פּוילישע יידן פון 1264, ווו שיפּער באַווייזט, ווי אַזוי די עטלעכע פּאַראַגראַפן וואָס געפינען זיך נישט אין עסטרייכישן מוסטער פון דער פּריווילעגיע זענען אַ פּועל־יוצא פון די ספּעציפישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען פון פּוילן; דעם גרינטלעכן אַנאַליז פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון יידישע קרעדיט־

אָפּעראַציעס און זייערע פֿונקציעס אין עקאָנאָמישן לעבן פֿון לאַנד; די אויפֿקלערונג פֿון דער צייט, אין וועלכער עס געפֿאַלן די פּאָגראָמען אויף פֿאַרשיידענע טערי־טאָריעס פֿון מיטל־עלטערלעכן פּוילן, אָפּהענגיק פֿון דער דערגרייכטער מדרגה פֿון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג; די צעשטערונג פֿון דער טעאָריע פֿון פּוילישן היסטאָריקער קוטזשעבאַ וועגן דעם אַז ביז צום סוף 15טן י״ה האָבן יידן אין פּוילן זיך נישט פֿאַרנומען מיט האַנדל, נאָר בלויז מיט לייען געלט; דער אינהאַלט־רייכער קאַפּיטל וועגן יידישער מלאכה; די גלענצנדיקע קלאַסיפֿיקאַציע פֿון שטייער־סיסטעם בנוגע יידן.

אויף דעם דאָזיקן סאָלידן פֿונדאַמענט איז שיפּער צוגעטרעטן צו זיין אומדערמידלעכער לעבנלאַנגער פֿאָרשונג וועגן דערווירטשאַפֿט־געשיכטע פֿון יידן אין פּוילן אין דער נייצייט. אַ ריי אַרטיקלען וועגן יידן אין פּוילן האָט שיפּער אין יענער תקופֿה, קורץ פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער רוסיש־יידישער ענציקלאָפּעדיע. גאָר צייטיקע פּירות פֿון זיין אַרבעט און טאַלענט זענען עטלעכע קאַפּיטלען וועלכע ער האָט צוגעטראָגן צום קאָלעקטיוון ווערק „געשיכטע פֿון יידן אין פּוילן״ וואָס איז אַרויס אויף רוסיש אין מאָסקווע אין 1914 ווי דער עלפֿטער באַנד פֿון פּראָיעקטירטער Istoria jewreiskowo naroda. ממש עפּאָכעמאַכנדיק פֿאַר דער יידישער היסטאָרישער סטאַטיסטיק איז דער קאַפּיטל וועגן דער צאָל און צעשפּרייטונג פֿון יידן אין פּוילן פֿון 15טן ביז צום 18טן י״ה. ער האָט גענומען פֿאַר אַ באַזעביים באַרעכענען די צאָל יידן דעם יידישן שטייער פֿון הייזער און דעם יידישן קאָפּשטייער. דער קאַפּיטל וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון יידן (געשריבן צוזאַמען מיט ד״ר ווישניצער, יבדל לחיים) איז אַ גוטער סינטעז פֿון דעם ביסל מאַטעריאַלן וואָס איז דעמאָלט געווען באַקאַנט. דער קאַפּיטל וועגן יידישע שטייערן צייכנט זיך אויס מיט דער זעלבער סיסטעמאַטישקייט און געניקייט ווי דער שייכדיקער קאַפּיטל אין זיינע „שטודיעס״ וועגן פּוילישע יידן אין מיטל־עלטער.

אין דער זעלבער צייט, אין 1913, פֿאַרעפֿנטלעכט שיפּער אין דער מאָנאַטס־שריפֿט זיין ערשטע אַרבעט וועגן אויטאָנאָמיע פֿון יידן אין פּוילן[6].

אויפֿן יסוד פֿון צעוואָרפֿענע אַרכיוו־דאָקומענטן האָט אונדז שיפּער דאָ געגעבן אַזאַ סיסטעמאַטישן און בפּרטיותדיקן אַנאַליז פֿון דער אָרגאַניזאַציע און פֿון די פֿונקציעס פֿון פּראָווינציעלע וועדים (וועדי הגלילות), אַז די שטודיע קען פֿאַררעכנט ווערן פֿאַר דער בעסטער וואָס איז בכלל געשריבן געוואָרן וועגן יידישער אויטאָנאָמיע, אויב מען זאָל נישט רעכענען די שפּעטערדיקע אַרבעטן פֿון שיפּערן גופֿא אויף דעם דאָזיקן געביט.

אין די יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שיפּער אַ חוץ עטלעכע אַרבעטן אין דער צייטשריפֿט Moriah, וואָס זיינען כמעט אַלע שפּעטער אַריינ־געגומען געוואָרן אין זיין קולטור־געשיכטע פֿון די יידן אין פּוילן בעת דעם מיטל־עלטער, נישט געקאָנט אַ סך פֿאַרעפֿנטלעכן. ער האָט אָבער אין די ערשטע צוויי יאָר מיט זיין כאַראַקטעריסטישער התמדה שטודירט אין דער ווינער קהילה־

[6] Beiträge zur Geschichte der partiellen Judentage in Polen um die Wende des XVIIten und XVIIIten Jahrhunderts.

ביבליאָטעק, ווו ער האָט אָנגעזאַמלט אַ שלל מאַטעריאַלן פאַר אַ יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע. פון דער דאָזיקער תקופה איז כדאי צו פאַרצייכענען זיין אינטערעסאַנטע סקיצע וועגן „פויליש־ליטווישע יידן און ארץ־ישראל״ (Moriah 1917) און די אָריגינעלע עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע שטודיע וועגן „גאַליציאַנער יידנטום אין די יאָרן 1772—1848״ (Neue Jüdische Monatshefte, 1918). ווידער ווייזט ער דאָ אַרויס זיין אויסגעפינערישקייט אין מעטאָדן פון היסטאָרישער סטאַטיסטיק דורך פאַרטייטשן די אַלטפרענקישע ציילונגס־רובריקן אין דער שפּראַך פון מאָדערנע סטאַטיסטישע קאַטעגאָריעס.

דעם ערשטן צענדליק יאָרן נאָך דער מלחמה איז שיפער פאַרנומען מיט ווייט פאַרצווייגטע פאָרשונגען וועגן יידישער קולטור־, ליטעראַטור־ און שפּראַך־געשיכטע, אַ געביט, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן נאָך אין זיינע יוגנטיאָרן. אויפן געביט פון דער געשיכטע פון דער עלטסטער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור האָט ער באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן בלויז עטלעכע קלענערע אַרבעטן און קריטישע אַרטיקלען אין יידישע פילאָלאָגיע, אין די יידישע וועלט, אין דער ביכער־וועלט און אין ליטעראַרישע בלעטער. די דאָזיקע פאָר אַרבעטן זענען שפּעטער סומירט געוואָרן דורך שיפערן אין צוויי וואָגיקע אַרטיקלען אין די ייוואָ־בלעטער פון 1934 און 1935: „פּראָבלעמען פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור־געשיכטע״ און „קולטור־געשיכטלעכער פאָן פון דער עלטסטער יידישער ליטעראַטור״. שיפערס אָריגינעלער אויפטו באַשטייט דאָ בעיקר אין אויפווייזן, ווי אַזוי אין די נעמען פון דייטשן יידן אין מיטל־עלטער, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט אין די אָפיציעלע אַקטן און אין די מעמאָרביכער, קען מען דערקענען די השפעה פון ארומיקע קולטור־שטרעמונגען און קולטור־אידעאַלן.

די דאָזיקע פאָרשונגען האָבן שיפערן אויך געדינט ווי ציגל פאַר אַ ריי וויכטיקע קאַפּיטלען פון זיין בוך קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעת דעם מיטל־עלטער (1926), דעם ערשטן בוך וואָס ער האָט אין אָריגינאַל געשריבן אויף יידיש. דאָס זענען די ווערטפולע קאַפּיטלען וועגן די נעמען פון די יידן אין פוילן אין 14טן און 15טן י״ה און וועגן דער אומגאַנגשפּראַך פון די פויליש־רייסישע יידן אין יענער צייט. אין דעם זעלבן בוך וואַרפט שיפער אַ סך ליכט אויף דער ווייניק אויסגעפאָרשטער פּראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע קהילות אין פוילן בעתן מיטל־עלטער, און באַווייזט נישט נאָר דעם וויכטיקן היסטאָרישן פאַקט, אַז די פּראָגרעסיווע שטרעמונגען פון הומאַניזם, הוסיטיזם און רעפאָרמאַציע האָבן אויך אין פוילן זיך אויסגעצייכנט מיט טאָלעראַנץ און יידן־פריינדלעכקייט, נאָר אויך אַז די שפּיצן פון דער יידישער געזעלשאַפט, דאָקטוירים, הויפיידן, זענען באַאיינפלוסט געוואָרן דורך דעד אַרומיקער קולטור־שטרעמונג. אויב דאָס בוך איז נישט אַזוי עפּאָכעמאַכנדיק ווי שיפערס „שטודיעס״ וועגן ווירטשאַפט־געשיכטע, ליגט די שולד אין דוחק פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן יענער נאָך אַלץ טונקעלער קולטור־תקופה פון פוילישע יידן.

דער גלענצנדיקסטער פּראָדוקט פון שיפערס קולטור־היסטאָרישע פאָרשונגען איז דאָס אימפּאָזאַנטע דרייבענדיקע ווערק וועגן דער געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע (1־טער באַנד 1923, 2־טער באַנד 1927, 3־טער באַנד

1928). די פּיאָניר־שע באַדייטונג פון דעם דאָזיקן ווערק פאַר דער יידישער קולטור־געשיכטע איז איינשטימיק אָנערקענט געוואָרן אַפילו פון קריטיקערס וואָס האָבן געהאַט אָנצוווייזן געוויסע חסרונות און טעותים אין פּרטים. אַ דאַנק זיין חריפות און אַ דאַנק זיין קולטור־היסטאָרישן מעטאָד האָט דאָ שיפּער פון ברעקלעך און פראַגמענטן רעקאָנסטרואירט גאַנצע עפּאָכעס פון יידישער טעאַטראַלער שאַפונג. דאָס בוך האָט אָבער מער ווי אַ וויסנשאַפטלעכע באַדייטונג, עס איז אַ רעוואָלוציאָניזירונג פון אונדזער קוק אויף אונדזער אייגענער קולטור־פאַרגאַנגענהייט. ניט מיטן כוח פון הוילע סברות, נאָר אויפן סמך פון אַ ריזיקן עשירות פון סיסטעמאַטיש אַדורכגעאַרבעטן מאַטעריאַל האָבן מיר דאָ אַ לעבעדיקן באַווייז, ווי אַזוי סיי אונדזער מאָדערנע טעאַטער־קולטור, סיי אונדזער וועלטלעכע פאָלקסקולטור בכלל איז נישט אַ נייס אין יידישן לעבן, נאָר אַ המשך פון אַ פאַרבנרייכער, האַרץ און אויג פאַרכאַפּנדיקער טראַדיציע פון לאַנגע הונדערטער יאָרן. אויב שיפּער אַליין האָט אָפּגעשאַצט די דאָזיקע באַדייטונג פון זיין ווערק אין דער גייסטרייכער הקדמה צום ערשטן באַנד, איז ניט שווער זיך משער צו זיין, אַז טאַקע דאָס באַוווּסטזיין פון דערפילן אַ גרויסע קולטור־אויפגאַבע האָט אים געשטאַרקט אין זיינע לאַנגיאָריקע מיפּולע פאָרשונגען אויף דעם דאָזיקן געביט.

צוויי יאָר שפּעטער, אין 1930, איז אַרויס שיפּערס יידישע געשיכטע (ווירטשאַפט־געשיכטע), אַ ווערק אין פיר בענד וועגן דער תקופה פון מיטל־עלטער. די גרונטשטיינער פאַר דעם דאָזיקן ווערק האָט שיפּער שוין געהאַט געלייגט אין זיינע „אָנהייבן פון קאַפּיטאַליזם״ און אין „שטודיעס״. דאָך האָט ער געמוזט בויען גאָר פון אָנהייב די יידישע ווירטשאַפט־געשיכטע פון אַ ריי לענדער וועלכע ער האָט פריער קוים געהאַט באַרירט, ווי שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, איטאַליע, און פאַר אַלע לענדער האָט ער נישט געהאַט קיין שום פאָרגייער פאַר דער תקופה פון שפּעטן מיטל־עלטער: געאָרג קאַראָס צווייטער באַנד, וואָס איז אַרויס אין 1920, דערגרייכט נישט שפּעטער ווי ביז צו דער העלפט פון 14טן י״ה.

נישט געקוקט דערויף וואָס זינט 1930 זענען אַרויס וויכטיקע מאָנאָגראַפיעס, באַזונדער אויפן געביט פון געשיכטע פון יידן אין דייטשלאַנד, שפּאַניע און אין נאָענטן מזרח, וואָס ברענגען אַריין קאָרעקטיוון אין שיפּערס ווירטשאַפטלעכן בילד וועגן די דאָזיקע לענדער; נישט געקוקט אויך דערויף וואָס שיפּער האָט נישט אין אַלע פאַלן אויסגענוצט אַלע מקורות, וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען בנמצא, — איז זיין ווערק אַ מיילנשטיין אין דער יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע. דער גרויסער ווערט פון ווערק באַשטייט בעיקר אין דעם מעטאָדישן צוגאַנג און אין די טרעפיקע סינטעטישע אויספירן. דאָ ווערן אַנטפּלעקט אַלע זייטן פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן און נישט בלויז די טעטיקייטן וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל. באַזונדער וויכטיק איז דער פּרווו אויפצוקלערן אין שייכות מיט יעדן לאַנד און מיט יעדער תקופה באַזונדער די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַקטאָרן וואָס האָבן געפורעמט די יידישע ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור. דער וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט צום סוף פון מיטל־עלטער דערפירט צום גירוש פון יידן פון גאַנץ-מערב־אייראָפּע און פון אַ גרויסן טייל צענטראַל־אייראָפּע ווערט אויפגעקלערט אויפן פאָן פון קלאַסן־אינטעסערן פון

יעדן באַזונדערן שיכט פֿון דער לאַנד־באַפֿעלקערונג בנוגע יידן. די דאָזיקע דער־קלערונג איז בעצם ריכטיק, ווען אַפֿילו מען וואָלט זי געדאַרפֿט דערגאַנצן מיט אַן אַנאַליז פֿון דער פּאָליטישער ראָלע פֿון דער שפּעט־מיטל־עלטערלעכער קאַטוילישער רעאַקציע. לאָמיר נאָך צוגעבן, אַז די ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן פֿון יידן ווערן פֿאַרגעשטעלט אין אַלע לענדער אויפֿן פֿאָן פֿון גרינטלעכע דיסקוסיעס וועגן צאָל און צעשפּרייטונג פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. דער מחבר האָט אויך בפרטיות אַנאַליזירט די פּאָליטישע לאַגע פֿון די לענדער פֿון די יידישע מאַסן־יישובים. דאָס בוך איז דערפֿאַר נישט בלויז ראוי אויסצופֿירן די ראָלע — די כוונה פֿון מחבר — פֿון דערגאַנצן גרעצס ווערק דורך אַ ווירטשאַפֿטלעך־געשיכטלעכן פֿונדאַמענט: עס איז לויטן פֿאַרמעסט און לויט די עצם רעזולטאַטן מער ווי דאָס. די געשיכטע פֿון יידן, — „דולדער און דענקער" אין דער תקופֿה פֿון מיטל־עלטער, וועלכע גרעץ האָט אַזוי מייסטעריש באַשריבן, קען מען ערשט דעמאָלט רעכט פֿאַרשטיין אין אַלע עיקרדיקע, פֿאַרוויקלטע פּראָבלעמען, ווען מען לייענט און מען טראַכט אַדורך (לייענען בלויז איז נישט גענוג!) שיפּערס פֿירבענדיק ווערק.

אָפּגעגעבן אַזאַ גרויסן חלק פֿון חוב זיין יוגנט־חלום וועגן אָנשרייבן אַן אַלגעמיינע ווירטשאַפֿט־געשיכטע פֿון יידן אין אַלע דורות, האָט זיך שיפּער ווידער אַריינגעטון אין דער פֿאָרשונג פֿון דער געשיכטע פֿון יידישן מאַסן־קיבוץ אין פּוילן. ער נעמט זיך קודם־כל צו דער געשיכטע פֿון דער יידישער צענטראַל־אויטאָנאָמיע אין פּוילן, פֿון וועלכער ער האָט געהאַט געגעבן אַזאַ פֿיינע התחלה אין זיין שטודיע פֿון 1913 וועגן די פּראָווינציעלע וועדים. להיפּך צו זיינע אַנדערע היסטאָרישע אַרבעטן, ווו ער האָט זיך בלויז טיילווייז געשטיצט אויף אַרכיוו־מאַטעריאַלן און מער אויסגענוצט פֿאַר זיינע סינטעטישע אויספֿירן די מקורות וואָס זענען שוין געווען פֿאַרעפֿנטלעכט, האָט ער זיינע פֿאָרשונגען וועגן דער אַרבע ארצות געבויט כמעט אויסשליסלעך אויף אַרכיוואַלישע דאָקומענטן, באַזונדער אויף אַקטן פֿון מלוכישן הויפּטאַרכיוו אין וואַרשע. יוסף פּערלעס, לוי לעווין, ש. דובנאָוו און אַנדערע פֿאָרשערס, וואָס האָבן אַ סך אויפֿגעטון אויף דעם דאָזיקן געביט, האָבן שטודירט די יידישע צענטראַל־אויטאָנאָמיע אין אַמאָליקן פּוילן פֿון דער אינעווייניקסטער זייט, ווי זי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די פּנקסים פֿון וועד און פֿון די קהילות. שיפּער איז צוגעטרעטן אויסצופֿאָרשן די געשיכטע פֿון וועד פֿון דער דרויסנדיקער זייט, דעם מגע־ומשׂא מיט פּוילישער מלוכה־אַדמיניסטראַציע, אַ מעטאָד וואָס איז טיילווייז דיקטירט געוואָרן דורך דעם כאַראַקטער פֿון די אַרכיוו־דאָקומענטן. אין דעם ליגט אויך די הויפּט־באַדייטונג פֿון די דריי גרעסערע אַרבעטן וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די היסטאָרישע שריפֿטן פֿון ייוואָ (ב׳ I, 1928) און אין די עקאָנאָמישע שריפֿטן פֿון ייוואָ (ב׳ II, 1932). זיין אָריגי־נעלער פּרוּוו פֿון רעקאָנסטרואירן דעם צוזאַמענשטעל פֿון די אינסטאַנצן פֿון וועד ארבע ארצות לויט דער הנחה פֿון דער לעבעדיקער טראַדיציע פֿון פֿאַרצייטיקן גרויסן און קליינעם סנהדרין, איז מיט גענוג באַווייזן אָפּגעפֿרעגט געוואָרן. נישט געקוקט דערויף איז אָבער וויכטיק די פּראָבלעם־שטעלונג און די נייע פּרטים, וועלכע שיפּער ברענגט אַרויס אין דעם דאָזיקן שייכות. גאָר וויכטיקע מאַטעריאַלן ברענגט שיפּער אין די „פּוילישע רעגעסטן צו דער געשיכטע פֿונעם וועד ארבע

ארצות״. מיט זיין סיסטעמאַטישקייט וואָס איז ווערט צו באַוואונדערן צייכנט זיך אויס די דריטע, גרעסטע אַרבעט פון דער דאָזיקער סעריע, וועגן „פינאַנציעלן חורבן פון דער צענטראַלער און פּראָווינציעלער אויטאָנאָמיע פון יידן אין פוילן״. אַ גאַנץ נייע טעמע באַרירט שיפּער אין דער אַרבעט וועגן דער „וואַרשעווער קאָמיסיע פון וועד ארבע ארצות (געדרוקט אויף פּויליש אין יובל־בוך לכבוד ד״ר ברוידע, 1931).

אין 1932 האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע גרעסערע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין 19־טן י״ה, „יידן אין קאָנגרעס־פוילן אין דער צייט פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד״ (אויף פּויליש). להיפּוך צום קעפּל איז דאָס אָבער אין תוך אַ געשיכטע פון דער וואַרשעווער יידישער קהילה בעת דעם אויפשטאַנד און פון איר באַציאונג צום אויפשטאַנד. אין די דאָזיקע ענגערע ראַמען האָט דער מחבר געגעבן אַ קאָלירפול היסטאָריש בילד, כאָטש אַ ביסל טענדענציעז פּאַטריאָטיש און איינזייטיק לויטן מקורות־מאַטעריאַל (בעיקר לויט אַקטן פון קהילה־אַרכיוו אין וואַרשע).

דאָס לעצטע גרויסע ווערק פון שיפּערן איז די געשיכטע פון יידישן האַנדל אויף פּוילישע טעריטאָריעס, וועלכעס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין 1937 (אויף פּויליש). פּרעלימינאַרע אַרבעטן אויף דעם דאָזיקן געביט האָט דער מחבר שוין פריער געהאַט אויסגענוצט פאַר זיינע שטודיעס אין דער צווייבענדיקער פּוילישער אויסגאַבע „יידן אין אויפגעלעבטן פוילן״ (Żydzi w Polsce Odrodzonej), וואָס איז אַרויס צום 15־יאָריקן יובל פון דער נייער פּוילישער מלוכה אין 1932—1933. די האַנדלס־געשיכטע האָט שיפּער אַזוי ברייט פאַרטראַכט (דאָס בוך האַלט קרוב 800 זייטן), אַז זי קען דינען אין אַ גרויסער מאָס ווי אַ געשיכטע פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון יידן אין פוילן. אחוץ דער געשיכטע פון אָנטייל פון יידן אין אויסווייניקסטן און אינעווייניקסטן האַנדל פון פוילן, גיט דאָ שיפּער אַ שלל ווערטפולע פאָרשונגען וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור ביי יידן, וועגן יידישער באַפעלקערונג־סטאַטיסטיק, וועגן יידן־פּאָליטיק פון דער פּוילישער מאַכט און וועגן דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון די קהילות. מען קען זיך היינט נישט פאָרשטעלן קיין היסטאָרישע אַרבעט אויפן געביט פון דערווירטשאַפט־געשיכטע פון יידן אין פוילן, וואָס זאָל נישט נעמען צו הילף די דאָזיקע „האַנדלס־געשיכטע״, פונקט ווי עס איז אוממעגלעך צו שטודירן געשיכטע פון יידן אין פוילן אין מיטל־עלטער אָן שיפּערס נאָך אַלץ נישט פאַרעלטערטע „שטודיעס״.

אַ ביבליאָגראַפיע פון שיפּערס פּובליקאַציעס, וואָס זאָל אַרומנעמען אויך אַלע זיינע אַרטיקלען, וואָלט געווען אַ שווערע אַרבעט, ווייל צו פיל הונדערטער גרייכט די צאָל פון זיינע אַרטיקלען אין זשורנאַלן און צייטונגען אויף יידיש, פּויליש, דייטש, רוסיש, העברעאיש, אָנגעהויבן פון 1902 ביז צום אויסבראָך פון דער מלחמה אין 1939. אָט האָט שיפּער בלויז אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה, פון מיטן 1938 ביז מיטן 1939, אָפּגעדרוקט אין פאַרשיידענע פּובליקאַציעס פינף אַרטיקלען וואָס זיינען אַלע וויכטיקע ביישטייערן צו דער יידישער וויסנשאַפט: אַ שטודיע וועגן בעל־שם־טוב אין יובל־בוך פון היינט; זיבן זייטן הערות וועגן פּורים־שפּילן אין 5־טן באַנד פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוואָ; אַן אַרטיקל וועגן

„אַ יידישן ליבע־ראָמאַן פון מיטל־עלטער" (צושטייער צו דער געשיכטע וועגן דעם אויפקום פון „מעשׂה בריעה וזימרה") אין די ייוואָ־בלעטער; אַן אַריינפיר וועגן „היינריך גרעץ און זיין מאָנומענטאַל ווערק", צו דער פוילישער איבערזעצונג פון גרעצס פאָלקס־אויסגאַבע; און אַ פוילישע בראָשור וועגן „700 יאָר יידישע קהילה אין פלאָצק". עס זענען אויך פאַראַן ידיעות, אַז קורץ פאַר דער מלחמה איז אַרויס שיפערס אַ גרעסער בוך וועגן דער געשיכטע פון יידן אין דראָהאָביטש. און דאָס אַלץ אין אַ יאָר ווען שיפערס אויסערגעוויינטלעכע אַרבעט־פעיקייט איז געווען שטאַרק באַגרענעצט מחמת אַ שווערער האַרצקראַנקהייט!

אַ פולשטענדיקע ביבליאָגראַפיע פון שיפערס ווערק וואָלט אָבער דווקא צוליב איר פאַרנעם געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער היסטאָרישער וויסנשאַפט. עס איז שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס איז שווער צו געפינען ביי שיפערן אַן אַרטיקל אָדער אַפילו אַ רעצענזיע, וואָס זאָל זיך נישט אויסצייכענען מיט חריפות און מיט אָריגינעלקייט פון געדאַנק. בעיקר וואָלט אָבער אַזאַ ביבליאָגראַפיע געדאַרפט אונטערגענומען ווערן כדי מעגלעך צו מאַכן אַ פולע אויסגאַבע פון שיפערס שריפטן אין יידיש, וואָרום וואָס קען זיין אַ שענערער תיקון פאַר דעם אָנדענק פון דער איינציקאַרטיקער פערזענלעכקייט יצחק שיפער, ווי פאַרשפרייטן דאָס עשירות פון זיין גייסט צווישן די ברייטסטע מאַסן פון יידישן פאָלק?

(איבערגעדרוקט פון סעפּאַראַטן אָפּדרוק פון ייוואָ בלעטער, שריפט פון יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט, באַנד XXV).

**ש. ה. ברגמן**

## בן־ציון רפפורט וספרו „טבע ורוח"

בנציון רפפורט, איש קראַקוב, אשר עם זכרו יתיחדו בימים אלה תלמידיו ומעריציו לרגל הופעת ספרו „טבע ורוח" (מוסד ביאליק), הוא ממניחי היסוד של המחשבה הפילוסופית בתקופת התחיה בספרות העברית. רפפורט נולד בטארנוב בשנת תרמ"ד (1884). אביו ואמו הם מזרע רבנים מפורסמים. מתולדות חייו, שעליהן הוא מספר בספר, משתקפות הסערות הרוחניות של דור המעבר בסוף המאה הי"ט: עילוי בצעירותו; מאבק פנימי בין האמונה והדעת, קריאת תהלים בבכי ובהתלהבות כדי להתגבר על יצר הקריאה בספרים חיצוניים, אָבדן האמונה התמימה תחת השפעת „הדת והחיים" של ראובן אָשר ברוידס. בהיותו בן י"ח שנה, משיאו אביו אשה, כדי למנעו מנסיעה למערב אירופה. חנווני לא־מצליח אחרי חתונתו, פונה הוא, אחרי הכשלון במסחר, אל המלמדות. החשק לכתיבה מתעורר בו והוא משתתף ב„המצפה" שיצאו אז בקראקוב, מפרסם שם מאמרים על הבעש"ט, על ר' ברוך מקוסוב, על „שאלת הבחירה והקבלה". ההשתתפות בעתון פוסלת אותו בעיני בעלי־הבתים שבעיירה והוא נאלץ לעזבה. משתקע בקראקוב, חי כמורה בעוני ולומד כאוטודידקט את הפילוסופיה המערבית ומתחיל לפרסם את פרי עבודתו בשבועון „העולם" (תרע"ג, תרע"ד) באודיסה. לאט־לאט הוא קונה לו שם ועומד לפרסם את ספרו הראשון. הספר נדפס בשנת תרפ"ד, אך משום מה המו"ל מעכב את הוצאתו במשך חמש שנים. אחרי סבל של שנים רבות מתחיל רפפורט לנשום לרווחה, ואז באה השואה ועקבותיו נעלמו. בדרך נס ניצל כתב־היד של הספר „טבע ורוח". איש לא־יהודי, פולני, שבידו הפקיד רפפורט את כתב היד, שמר עליו במסירות נאמנה. נכיר טובה ל„גוי" עילום־שם, אשר הציל לספרות העברית ספר חשוב זה.

הרכוש הספרותי שהשאיר בנציון רפפורט אחריו אינו גדול. שלושה ספרים: „הכרה ומציאות. קובץ מאמרים פילוסופיים" (תרפ"ד), „הוגים והגיונות" (תרצ"ו), והספר „טבע ורוח: מחקרים פילוסופיים" שיצא זה עתה. במצבה של הספרות העיונית בעברית באותו הזמן היה רפפורט יכול להיות רק פופולריזטור. אמנם היו גם באותו הדור הוגי־דעות בפילוסופיה העברית, שהעיזו לפרסם את שיטותיהם רק בעברית, כגון ר' אליעזר יצחק אילנאה־שינבום, בעל הספר „מעבר לחושיות. תורת־הנפש ומסתריה" (תר"ץ), והם שילמו את המחיר עבור העזתם: איש לא שם אליהם לב, איש לא קרא את ספרם, ושמם נשכח. רפפורט נעשה פופולריזטור, הוא הביא לידיעתו של הקורא העברי את הרעיונות הפילוסופיים של העמים. והוא

עשה זאת מתוך נאמנות ואצילות. האצילות מתבטאת בזה, שהוא אינו מתנשא מעל לקורא, אינו רומז ברמיזה קלה שבקלה, שהוא יודע יותר ממנו, אינו משתמש במלים מפוצצות או באפיריזמים שנונים ועוקצים כדי לגרות או להשפיל את הקורא ולעשות רושם עליו בכל שורה שהוא כותב. הוא אינו רק מסביר, אלא נלחם עם הפילוסוף שעליו הוא כותב, ונלחם עם עצמו ומכניס את הקורא להבנת הקשיים שבהם הוא מתלבט. כשהוא בא להסביר את רעיונותיו של גדול ההוגים העבריים בדורו, את אחד העם, עומד הוא אמנם בענווה כתלמיד בפני הרב, אך בתוך סוגריים הוא משמיע את בקרתו. בצער הוא רושם שאחד־העם חשב את הפילוסופיה ל„שם שנתרוקן מתוכנו", ולאחר שהסביר את משנתו לקוראיו, מעיר הוא בענווה: „אין כוונתנו כאן לבקר את דעותיו של אחד־העם אלא לבארן. לא כאן המקום לחקור עד כמה נכונה השקפתו של אחד־העם על מהות היהדות, ואם באמת אין ביהדות אלא „חיבת ציון" ותו לא. וכן אין אנו דנים בדבר, עד כמה ,שאיפה חיה בלב לאחדות האומה' יכולה למלא את מקום היהדות הדתית של האורתודוכסים התמימים או של רבני־התעודה. כוונתנו בעיקר להבין את דעותיו של אחד־העם". הרמז ברור, אך רפפורט מסתתר מאחרי „אין כאן המקום" ונשאר מוסר דברי אחרים, גם כאן.

רק במסה היפה על שפינוזה, שנדפסה בראש הספר „הכרה ומציאות" אין הוא יכול להתגבר על יצרו ומעמיד את מוסר הנביאים מול האֶתיקה של שפינוזה, לאחר שהוא מתאר אותה בקוויה היסודיים: „הנביא העברי לא היה יכול להביט על נטיות הנפש ורגשותיה ,כאילו היו לפניו קוים, שטחים וגופים'. אי־אפשר היה לנביא בהתבוננו במאורעות חיי החברה האנושית, ,שלא לשחוק ולא בכות אלא להבין'. אותה האובייקטיביות שאנו מוצאים לפעמים בחוקרים מדעיים, המשתדלים ל ה ב י ן, אינה נמצאת בנביאי ישראל, מפני שאלה לוחמים ומוחאים". בהמשך דבריו מסביר רפפורט, שהצווי המוסרי המוחלט, שאותו הרגישו הנביאים בלבם, אינו יכול להתישב עם ההכרחיות הטבעית של שפינוזה או של תורת־ההתפתחות. וחוזר לאחד־העם: „ניגוד זה בין ההכרחיות הטבעית ובין הצווי המוסרי נעלם מעיני אחד־העם. ואין כאן מקום לבאור ענין זה".

רפפורט מסביר בפשטות ובפשטנות את דברי הפילוסופים שעליהם הוא מרצה. ודאי משפיעה השאיפה לפופולאריזציה גם השפעה שלילית על אופן הכתיבה. הוא אינו יכול לפרוש את היריעה כולה. במקום שהיה צריך לכתוב ספר, נאלץ להסתפק במאמר לא־ארוך. אבל כתיבתו היא כתיבת מחנך, מורה ותיק. היקף ידיעותיו בפילוסופיה של זמנו והטווח של מסותיו הוא מפליא: שפינוזה וקאנט, לאנגה ומאך ואוונאריוס, הרמאן כהן, ניצשה, שופינהאוֶר, הוסרל, דיקרט, וכמובן הפילוסופים היהודיים הקלאסיים. ביחוד בולטת בקיאותו בספר „הוגים והגיונות", שהוצא על ידי התאגדות הסופרים העברים בקרקוב.

אחת התופעות המוזרות והמעציבות ביותר בשוק הספר העברי היא העלמותם של ספרים משוק. ספר נדפס לפני עשר או עשרים שנה נעלם וכאילו לא נכתב, הגם שהוא נדרש לחיינו הרוחניים ביותר. הספרים העבריים הרבים שנדפסו בפולין בין שתי המלחמות, אוצר בלום של ערכי תרבות עברית ומתורגמת לעברית — כגון ספרי שטיבל ואחרים, נעלמו ואף מו"ל או מוסד צבורי — גם לא משרד החינוך

והתרבות — אינֶנו דואג להדפסתם מחדש של הספרים האלה. וכך נידונו, כנראה, גם שני הספרים הראשונים של רפפורט, על אף עושר תכנם, לכליה. הבה נקווה שספרו האחרון, שהוצא על ידי מוסד ביאליק בכבוד ובצורה יפה, יעשה את שליחותו.

„דבר"

## בן ציון צאנגען

## בן ציון ראפאפארט

בן ציון ראַפּאַפּאָרט איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַרן פילאָזאָפישן געדאַנק אין דער תקופה פון אויפלעבונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור. געבוירן אין טאַרנע אינעם יאָר 1884, שטאַמט ער פון אַן אָפּצווייג באַרימטע רבנים. זיין פאָטער, ר' משה גאָרליצער, האָט געהערט צו די גרויסע מלמדים אין טאַרנע, געלערנט אין קלויז און געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר וועלטלעכע ענינים. בן ציון האָט געלערנט אין דער ישיבה און האָט שוין אין די יינגסטע יאָרן אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן און האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט לערנען תורה. ווי אַן אויטאָדידאַקט האָט ער אַליין געלערנט און איינגעזאַפּט אין זיך וועלטלעכע וויסנשאַפטן.

אינעם 16־טן לעבנס־יאָר האָט ער חתונה און אַזוי ווי ער איז נישט מצליח אין דער פרנסה, צו וועלכער ער האָט זיך גענומען, הייבט ער אָן געבן לעקציעס. ער ווערט פריוואַט לערער און לערנט מיט נגידישע בחורים העברעאיש, פילאָזאָפיע און וועלט־ליטעראַטור. אין דער זעלבער צייט הייבט ער אָן צו שרייבן און צו דריקן אַרטיקלען איבער באַרימטע חסידים. דערנאָך טראָגט ער זיך אַריבער קיין קראָקע.

אין אָרעמקייט און אַן שום מיטלען באַקענט ער זיך מיט דער מערב־פילאָזאָפיע, און דער שטרענג רעליגיעזער ייד, מיט באָרד און פאות, וואָס איז אַן אויסגע־צייכנטער קענער פון יודאַאיסטישער וויסנשאַפט, — ווערט באַלד אַ גלענצנדער קאָמענטאַטאָר אויך פון די גרויסע וועלט־פילאָזאָפן. אינעם יאָר 1924 דערשיינט זיין בוך „הכרה ומציאות", אַ זאַמלונג פון פילאָזאָפישע אַרטיקלען, און אינעם יאָר 1936 דערשיינט דאָס ווערק „הוגים והגיונות".

זייער אָפט, ווען כ'האָב ביי אַ געלעגנהייט באַזוכט קראָקע, זיין וואוינונגסאָרט, האָב איך אים באַזוכט אין זיין באַשיידענער דירה, וואָס איז געווען פול מיט ספרים ביז צום לעצטן אָרט. עס האָט פון אים געשיינט אַ גייסטיק ליכט, בפרט דעמאָלט, ווען ער האָט גערעדט איבער די אידעען פון אַ פּלאַטאָ אָדער די געדאַנקען פון קאַנט וועגן דער „ריינער פאַרנונפט", וועגן לאָגיק און מאָראַל.

תמיד פלעגט ער זוכן גאָטס וואָרט, וואָס קלינגט אָפּ אינעם האַרץ פונעם מענטש. ער האָט געזוכט די אינערלעכע מאָראַל אינעם מענטש. און בפרט „דאָס העכערע

אינעם מענטש איבער דער בהמה". פילאָזאָפיע איז פאַר אים געווען נישט בלויז אַ וועלט־אַנשויאונג, נאָר אַ לעבנסוועג. זי האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ וועזן.

נאָך דער גרינדונג פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין קראָקע, איז בן ציון ראַפּאַ־פּאָרט געוואָרן דאָרט לערער פון דער העברעאישער שפּראַך און איז אויף דעם פּאָסטן פאַרבליבן ביז צו דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די היט־לעריסטישע רוצחים האָבן אים בשעת אַן אויסזידלונג אין קראָקע פאַרשלעפּט אין אַ „טויטן־צוג" קיין בעלזשעץ, וואו ער איז אומגעקומען על קדוש השם.

די פּויערים, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער לענגאויס דער באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט קיין בעלזשעץ, האָבן טאָג איין, טאָג אויס צוגעקוקט זיך צו די „טויטן־צוגן". אין איינעם אַ טאָג האָט איינער פון די פּויערים געפונען אַ בינטל פּאַפּירן, אָנגעשריבן אין אַ פרעמד לשון און צום בונטל איז געווען צוגעלייגט אַ צעטל מיט אַ פּוילישן כתב־יד. אין צעטל איז געווען געשריבן, אַז ווער עס וועט געפונען דאָס בינטל פּאַפּירן, ווערט געבעטן איבערצוגעבן זיי נאָך דער מלחמה אַ ייד אָדער צושיקן זיי דער ירושלימער אוניווערזיטעט.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, איז איינער פון די וויסנשאַפטלער פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט געפאָרן קיין פּוילן, כדי אויסצופאָרשן און צונויפצוזאַמלען די גייסטיקע אוצרות פונעם פּוילישן יידנטום. און גראָד האָט זיך דער פּויער דערמאָנט אין דעם בינטל, וואָס ער האָט אַמאָל געפונען, און האָט מקיים געווען די לעצטע בקשה פון אַ מענטש, וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט געקענט און וועט אים שוין נישט מער קענען.

אַזוי האָט געוואַנדערט דער כתב־יד פון בן ציון ראַפּאַפּאָרט, ביז ער איז אָנגעקומען צום „מוסד ביאַליק", וואָס האָט אינעם יאָר 1953 אַרויסגעגעבן דעם ספר „טבע ורוח": מחקרים פילוסופיים, אין וועלכע דער מחבר האָט זיך פאַרטיפט אין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך אונדזער דור.

ד״ר שמואל שפן

## מתולדות חייו של אחד מראשוני הציונות *

ר׳ חיים נייגר ז״ל היה בעל תכונות מיוחדות ונדירות בדורנו. מצד אחד היה תלמיד חכם מובהק ומצד שני בעל השכלה כללית חילונית, שומר דת על כל פרטיה ודקדוקיה ומעורב בין הבריות וגם בין החוגים החפשיים בדעותיהם. התכונות האלה, שלכאורה מנוגדות הן, נשתלבו ונתמזגו אצל ר׳ חיים נייגר ז״ל בלי לדחוק אחת את רגלי השניה. ההרמוניה המופלאה הזאת מובנת רק לאלה שיודעים את מקור מחצבתו של ר׳ חיים ז״ל ואת השרשים אשר מהם ינק ואשר עצבו את דמותו הרוחנית.

אביו זקנו של ר׳ חיים היה תלמיד חכם וגם מהשכלה ומידיעות חילוניות לא הניח ידו; היה איש אמיד, חוכר אחוזה והיו לו מהלכים בחוגי האינטליגנציה הפולנית במקום ובסביבה. בבנו ר׳ משה אהרן ז״ל, אביו של ר׳ חיים ז״ל, נתרכזו כל המדות שמנו חז״ל בתלמיד חכם: הוא היה בקי בש״ס ופוסקים וכמעט שלא היה מאמר בגמרא שלא ידע את מקומו ואת שם אמרו; הוא ידע את ספרות ימי הבינים ואת ספרות המחקר שלנו; היה מתמיד גדול, פומיה לא פסק מגירסא, עשה לילות כימים ועסק בלמודים; הוא היה אדוק מאד ונזהר במצוה קלה כבחמורה; היה חכם גדול וידע לשית עצות בכל מצב מסובך. כאשר התחילה התנועה הציונית בפעולותיה הצטרף לשורות הציונים.

בדור השלישי, בר׳ חיים נייגר ז״ל, חזרה תורה על אכסניה שלה. הוא נולד בשנת תרל״ג בגליציה המערבית. חנוכו היה חנוך כולל והקיף כל מה שנכנס בגדר תורה וחכמה; כוונת אביו היתה לגדלו לרב בישראל, אולם תנאי הזמן הגוהו מהמסלה הזאת. בשל התנאים האלה שונה היה גם ר׳ חיים מאביו; ר׳ משה אהרן חקרן היה ועמקן ואהב להתעסק באיזו סוגיא חמורה או בבעיה פילוסופית. ר׳ חיים לא יכול עוד למצוא בזה את ספוקו. הוא שקע ראשו ורובו בעולם הציוני; הציונות היתה משאת נפשו ובה היו כל מעיניו.

אחר בואו ברית הנשואין ישב במשך שנים אחדות בגליציה המזרחית בעיירה סמוכה לטרנופול. בה התמסר לעבודה הציונית בת זמנה: עשה נפשות לרעיון הציוני והסביר את רעיון תחית העם להמוני העם. רוב מאמריו מהימים ההם נדפסו ב„יידישע צייטונג״, העתון הציוני המרכזי באוסטריה.

---

* דער ארטיקל איז איבערגעדרוקט פון דער העברעאישער זאַמלשריפט „שנות חיים״, וואָס איז דערשינען אינעם יאָר תש״ו צום אָנדענק פון חיים נייגער ז״ל אינעם פאַרלאַג פון ברית הציונים הכלליים — סניף חיפה.

בשנת 1908 העתיק ר׳ חיים את דירתו לטרנוב. לא כאדם חדש בא לעירנו. שמו הלך לפניו כבנו של ר׳ משה אהרן נייגר וכעסקן ציוני לוחם ומסור. הימים ימי ראשית הציונות, קטני מעש ורבי מעוף. טרנוב היתה עיר בעלת מסורת ציונית. סגן נשיא הקונגרס הציוני הראשון ועוזרו של ד״ר הרצל היה ד״ר אברהם זלץ איש טרנוב. בה נוסדה גם האגודה הציונית הראשונה, אגודת „אהבת ציון״, שיסדה בשנת 1899 את המושבה מחנים, אשר בגליל.

תכונותיו של ר׳ חיים ומידותיו התרומיות הכשירוהו להיות מנהיגו של המחנה הציוני בעיר. בקיאותו הרבה בספרות ישראל הישנה והחדשה, השכלתו הכללית הרחבה וכשרונו הרב כנואם העמידוהו בראש המחנה הזה. נאומיו המזהירים שהשמיע בהזדמנויות שונות — בחירות לפרלמנט האוסטרי ואח״כ לסיים הפולני, לועד הקהלה ולעיריה — המתובלים מאמרי חז״ל מצאו הד רב בלבות המוני היהודים.

רבות היו פעולותיו הצבוריות. הוא הבין מה רב ערכו של החנוך היהודי המקורי. בשנה הראשונה לבואו לטרנוב ניגש יחד עם חבריו לדעה ליסוד בית ספר עברי „שפה ברורה״. מטרת המוסד הזה היתה להשלים את החנוך שנתן לילדי ישראל בבית הספר הכללי. אולם עד מהרה נוכח לדעת שאין שניות זו בחנוך רצויה מבחינה חנוכית; על כן הפך את בית הספר הזה לבית ספר שנלמדו בו המקצועות העבריים יחד עם המקצועות הכלליים. עד יום עזבו את טרנוב היה ר׳ חיים הרוח החיה במוסד הזה ויו״ר הועד המנהל שלו. מאות מילדי ישראל קבלו במוסד הזה את חנוכם הציוני וידיעה רחבה בלמודי היהדות.

איש זולתו לא הבין אולי כמוהו מה רב ערכו של הספר לעצוב דמות העם; הן אצל הספר מצוי היה הוא רב ימיו. משום כך יסד ספריה עממית, שכללה כעבור זמן רבבות ספרים.

ר׳ חיים נייגר ז״ל הצטיין גם בהבנה רבה לאדם הסובל המעונה. מיד אחר גמר מלחמת העולם הקודמת ניגש לחידוש בית החולים של הקהלה העברית בעירנו. מאות חולים מצאו בבית חולים זה מרפא לגופם הודות לפעולתו הברוכה של המנוח.

שדה פעולתו העיקרי היה שדה העבודה הפוליטית.

נאמן לסיסמתו של הרצל התחיל להתמסר לכבוש המוסד המרכזי בחיי הצבור היהודי, מוסד ועד הקהלה. לפני מלחמת העולם הקודמת התנהל המוסד החשוב הזה על־ידי מספר „בעלי טאקסע״, שלא ייצגו את המוני העם ושלא ידעו גם לתבוע את המגיע להם. מצב זה היה למורת רוחו של הצבור, בתוכו חי ופעל ר׳ חיים נייגר. יחד עם חבריו לדעה התחיל הוא להלחם לשנוי פני הנציגות היהודית הזאת. והנה בא יום „המהפכה״; אלפי יהודים נתאספו ליד משרדי ועד הקהלה; משלחת ובראשה ר׳ חיים נייגר התיצבה לפני פרנסי הקהלה ותבעה שנויים בהרכב הועד. התוצאה היתה סיפוח אחדים מחברי המשלחת הזאת — כחברי ועד הקהלה. מפעלם הראשון של החברים החדשים האלה היתה העברת החלטה בדבר פיזור הועד הזה. בבחירות לועד החדש נבחרה רשימת הציונים, שבראשה עמד ר׳ חיים נייגר. הוא היה גם במשך שנים רבות יו״ר מועצת הקהלה בעירנו.

גם מעניני הפוליטיקה הכללית לא הניח את ידו. בשנת 1911 לקח חלק פעיל מאד בבחירות לפרלמנט האוסטרי; אם המועמד הציוני השיג בטרנוב את

מספר הקולות הגדול ביותר הרי זה הידות לפעולתו של חיים נייגר ז״ל. גם בבחירות לסיים הפולני לקח חלק פעיל מאד; פעמים הוצג כמועמד למוסד המחוקק הזה. הוא הצליח לרכז במחוז הבחירות שלו את מאת האחוזים של קולות היהודים, אשר הצביעו בעדו על אף הסכנות הרבות שארבו להם.

במשך שנים רבות היה ר׳ חיים יו״ר ההסתדרות הציונית בעירנו וצירה לקונגרס הציוניים מאז שנת 1913; הוא נבחר גם כנציג הציונים במערב גליציה לועד הפועל הציוני הגדול.

בשנת 1936 בא ר׳ חיים נייגר ז״ל לארץ ישראל. גם פה לא נח ולא שקט; הוא לא הסתפק ב„רנטה״, שהגיעה לו כותיק בציונות. בלהט, האפייני כל כך בשבילו, התחיל מחדש.

עם מותו ירד לקבר אחד מאלה היהודים המעטים, אשר כל יודעיו, וביחוד אנחנו מוקיריו, בני עירו טרנוב, יכולים לומר עליו בלי הפרזה: הוא שרת את עמו שרות נאמן.

## ד״ר מ. ראזענבוש ז״ל

ד״ר מאקס בינענשטאק*

אָנגעהויבן האָט ער צו ווערן אַ כלל־טוער אינעם מאָמענט פונעם גרויסן, אייראָפּעאישן איבערקערעניש נאָך דער וועלט־מלחמה. אָבער שוין פריער איז ער געשטאַנען אין אַ לעבעדיקער באַרירונג מיט אַלע גרויסע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. ביז צום יאָר 1918 האָבן מיר געזען זיינע אויסער־געוויינלעכע פעאיקייטן אויפן ליטעראַרישן און פּעדאַגאָגישן געביט. אָבער שוין דעמאָלט פלעג ער פון צייט צו צייט שטעלונג נעמען אין דער יידישער פּובליציסטיק צו אַקטועלע טאָג־פּראָבלעמען. זיין פּערזענלעכער מוט און גרויסער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, מיט וועלכן ער האָט זיך אויסגעצייכנט, האָבן אים נישט דערלויבט זיך צו רעכענען מיט זיין שטעלונג אַלס אַ פּראָפעסאָר אין אַ מלוכה־גימנאַזיע און פון יענער צייט שטאַמען אויך זיינע ערשטע פּאָליטישע אַרטיקלען.

נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער וועלט־מלחמה האָט זיך אונדז אַלע געדאַכט, אַז ענדלעך איז געקומען די צייט פון אַן אַבסאָלוטער פרייהייט פאַר אַלע אונטער־דריקטע אומות. סימפּאַטאַטיש פאַר דער דעמאָלטיקער צייט זענען געווען די ידיעות וועגן דער בילדונג פון אַ יידישער רעגירונג אין ארץ־ישראל. און אויך דאָ אין די גלות־לענדער זענען מיר דעמאָלט צוגעטרעטן צו אַן אָרגאַניזיר־אַרבעט פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. מיר זענען אין יענער צייט געווען

* דער אַרטיקל איז דערשינען אינעם זאַמלהעפט, אַרויסגעגעבן דורך דער התאחדות פּאַרטיי אין מזרח גאַליציע אין יאָר 1923 צו דער יאָרצייט פון ד״ר מאַקס בינענשטאָק׳ס אָפּשטערבן. דער מחבר, דירעקטאָר פון דער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה״ אין טאַרנע איז אומגעקומען פון היטלעריסטישע רוצחים.

פול מיט גלויבן, אַז אויף די חורבות פונם אַלטן סדר מוז אויפגעבויט ווערן אַ ניי געביידע פאַר אונדזער קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן.

אין דער באַציונג איז געווען די צייטווייליקע עקזיסטענץ פון דער אזוי־גערופענער „מערב־אוקראַינישער רעפּובליק״ אַ געוויסע פּראַקטישע אילוסטראַציע פאַר דער רעאַליזירונגס־מעגלעכקייט פונעם אידעאַל פון דער נאַציאָנאַל־פּערזאָנאַלער אויטאָנאָמיע אַלס אַ המשך פון דער טראַדיציע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די גרויסע יידישע קהילות אינעם אַלטן פּוילן און דעם „ועד ארבע ארצות״.

בינענשטאָק איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. ער איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פונעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין סטרי. דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל געפּילט, אַז עפּעס ציט מיך צו אים. איך האָב אים געוואָלט זען און רעדן מיט אים. גראָד אין דער צייט איז פאָרגעקומען אין סטאַניסלוי אַ צוזאַמענפאָר וועגן דעם יידישן שול־וועזן. איך האָב דעמאָלט באַטראַכט, אַז בינענשטאָק וואָלט אַממייסטן ראוי געווען אָנצופירן דאָס נאַציאָנאַל־יידישע שולוועזן. אין זיין אָפּוועזנהייט, אָן זיין הסכמה, נישט קענענדיק אים פערזענלעך, האָב איך אויף דעם צוזאַמענפאָר אויפגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור און געקעמפט פאַר איר קעגן דער אזוי גערופענער „פאַך־פּעדאַגאָגישער״. איך האָב אין מיר געטראָגן די איבערצייגונג, אַז די אָרגאַניזירונג פונעם נאַציאָנאַלן שולוועזן מוז אָנגעפירט ווערן פון אַן אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. די שול, אַלס יסוד פון דער נאַציאָנאַלער דערציונג פונעם נייעם דור, איז פאַר מיר געווען



ד״ר מאַקס בינענשטאָק ז״ל

אַ פּאָליטישער ענין פון דער ערשטער מדרגה. דערפאַר האָב איך געוואָלט זען בראש פון דער אָנפירנדער שול־אַנשטאַלט (דעם יידישן שולראַט) אַ געזעלשאַפט־לעכן טוער און נישט בלויז אַ גרויסן פאַך־פּילאָלאָג. מיר האָבן געהאַט פאַרשידענע שוועריקייטן מיט אונדזער אויטאָנאָמיע אין קורץ האָט געדויערט דער חלום וועגן דער אָרגאַניזירונג פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן.

ס׳זענען געקומען שווערע קאַמפן. בינענשטאָק איז געסטעמפּלט געוואָרן אַלס פּאָליטישער פאַרברעכער. ער איז געזעסן אין דער תפיסה. און דאָס באַווייזט אונדז דייטלעך, אז ער האָט נישט געקענט קיין שום גרעניצן אין זיין איבער־געבנקייט צו דער זאַך. און כאָטש ער איז אין דעם ענין גופא געווען לגמרי אומשולדיק און אומזיסט איז געווען דער חשד וועלכן מ׳האָט אויף אים געוואָרפן, איז עס דאָך געלעגן אין זיין טבע צו טראָגן אַלע קאָנסעקווענצן פון זיין אַרבעט לטובת דעם כלל. פון דעמאָלט אָן האָט ער, דער איבערגעבענער כלל־טוער, געטראָגן אויף זיך דעם סטעמפּל פון מאַרטירערטום. פאַר זיין לעבן און געזונט האָט עס געהאַט די ערגסטע פאָלגן. און דאָך האָט ער, נישט קוקנדיק דערויף, אפילו אויף איין מינוט נישט איבערגעריסן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

ער טרעט אַריין אַלס לערער אין דער יידישער גימנאַזיע און נעמט איבער נאָך אַ געוויסער צייט איר לייטונג. די שול־מאַכט לאָזט אים נישט צורו און וויל אים נישט באַשטעטיקן אויף דעם דאָזיקן שול־פּאָסטן. פאַרשידענע יידישע פאַקטאָרן האָבן זיך, אמת, פאַר אים משתדל געווען, אינטערווענירט — אָבער עס האָט זיך געפילט באשיינפּערלעך, אַז דאָס איז נישט געווען דער אמת׳ער קאַמף, וועלכער וואָלט געווען געדאַרפט געפירט ווערן פאַר אַזאַ מענטשן, ווי בינענשטאָק איז געווען. ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון כלל־טוערס, וואָס זענען נישט אַלעמען געווען געוווּנשן און סימפּאַטיש. ער האָט געהערט צו די, פאַר וועלכע מען האָט געדאַרפט קעמפן. און ס׳מוז געזאָגט ווערן: דער קאַמף וועגן אים האָט אים דערהויבן און צוגעגעבן מוט און כוח.

ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פאַרמאַכן בלויז אין די ד׳ אמות פון זיין שול־אַרבעט. עס איז פאַר אים געווען אַ זאַך, וואָס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, אַז די יידישע געזעלשאַפט קאָן זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס, אַז אירע פּראָמינענטערע יחידים זאָלן זיך באַגרעניצן אין זייער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט בלויז אויף זייער פאַך־געביט, אפילו ווען עס איז דאָס פעדאַגאָגישע אַרבעטס־פעלד. ער האָט געפילט, אַז דאָס יידישע פאָלק מוז האָבן נישט נאָר לערער פאַר זיינע קינדער, נאָר אויך דערציער פאַר זיך אַליין. די דעמאָראַליזירטע און מאַטעריאַליזירטע געזעלשאַפט לעבט שטענדיק איבער אַ קריזיס, וועלכער קאָן ברענגען דערצו, אַז עס זאָל אפשר פאַרלוירן גיין אויף תמיד דער פאַסיקער מאָמענט פאַר דער רעאַליזירונג פונם געדאַנק וועגן דעם אויפבוי פון אַן אייגענער טעריטאָריאַלער ווירטשאַפט.

און ער האָט אָנגעהויבן זוכן וועגן פאַר אַ באַנייטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין גאַנצן לאַנד איז די פּאַרטייאישע און אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט געווען כמעט ווי אָפּגעשטאָרבן. די פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען געגאַנגען דעמאָלט דעם לייכטן וועג פון פשרות און אָפּאָרטוניזם. אַן אומצופרידנהייט האָט

געהערשט צווישן די ראַדיקאַל דענקענדיקע. מיר האָבן זיך דעמאָלט געווענדט צום פאַרשטאָרבענעם מיט דעם פאָרשלאַג צו גרינדן אַ ראַדיקאַלע גרופּע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען שטאַרק צופרידן דערפון, וואָס ער האָט געפונען חברים, וועלכע פילן גלייך מיט אים און געבן זיך אָפּ דין וחשבון פון דעם טרויעריקן מצב. צווישן עטלעכע פון אונדז איז דעמאָלט אַנט־שטאַנען דער געדאַנק צו גרינדן אַן אידעאישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל בילדן אַ סינטעז פונם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַפרייאונגס־קאַמף. מיר האָבן דעמאָלט באַקומען די ערשטע העפטן די „אַרבעט״ פונם דייטשן הפועל־הצעיר. אַ פּאָר חדשים פריער איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן אין מערב־גאַליציע די אָרגאַניזאַציע פון צעירי־ציון.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון אידעאישער צוגרייטונג. בינענשטאָק האָט געהערט צו דער רעדאַקציאָנעלער קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט אויס־אַרבעטן די נייע פּראָגראַמאַטישע טעזיסן. זיין עצה און זיין מיינונג זענען פאַר אונדז שטענדיק געווען מאָסגעבנד. מיר האָבן געפילט, אַז ער ווערט אונדזער גייסטיקער פירער, הגם ער איז לכתחילה אין אַ סך וויכטיקע פּרטים נישט מסכים געווען מיט אונדז. ער האָט אַליין אויך דורכגעמאַכט אַ געוויסע עוואָלוציע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, אַז דער סאָציאַליסטישער מאָמענט אין דעם עטישן און פּעדאַגאָגישן זין זאָל פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער צ״צ־באַוועגונג. אָבער ווען די ספקות האָבן ביי אים אויפגעהערט, איז ער געוואָרן אינגאַנצן אונדזער. קאָנסעקווענט האָט ער אָנגעהויבן צו פּראָפּאַגירן דעם געדאַנק פון אַרבעט און סאָציאַלן יושר. ער איז געוואָרן דער לידער פון אונדזער פּאַרטיי אויף אַלע צוזאַמענפאָרן און קאָנגרעסן.

גלייכצייטיק איז געגאַנגען די אַרבעט אין טאַקטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער ריכטונג. פון אָנהויב אָן איז אויפגעוויקלט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פון אונדזער באַציאונג צו די „אלטע״. עס איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף מיט די אָנהענגערס פון אַ קאַסערן־סיסטעם, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין אידעאישע און פּראָגראַמאַטישע דיפערענצירונג. אין די שווערסטע סיטואַציעס איז בינענשטאָקס עצה און שטים געווען דעצידירנד, ווייל זי האָט בולט באַלייכט אַלע פראַגן, וואָס פלעגן שטייען אויפן סדר־היום. ער איז אַוועק פון אונדז בשעת דער פּראָצעס פון דעם אָפּשיידן זיך פון דער בשותפותדיקער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן רייף. זיין פּרעציז־לאָגיש דענקען, מיט וועלכן ער האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט, וואָלט אים געוועזן געמוזט פירן צו דער דאָזיקער קאָנסעקווענץ.

ער איז געווען ראַדיקאַל. זיין ראַדיקאַליזם איז געווען אַ פּועל־יוצא פון אַ קאָנסעקווענטן איבערקלערן די פּראָבלעמען. זיינע נישט אָפּאָרטוניסטישע און נישט פּשרותדיקע אַנזיכטן פלעג ער שטענדיק באַגרינדן מיט זאַכלעכע אַרגו־מענטן. ער איז קיינמאָל נישט אויסן געווען צו פאַרניכטן. ער איז געווען תמיד אַ הייסער אָנהענגער פון אַ קאָנסטרוקטיווער שאַפערישער ארבעט. און דערפאַר האָט ער אויך זיין קריטיק געטראָגן אַ שאַפערישן כאַראַקטער. פון דער אָפּאָזיציע — פלעג ער תמיד זאָגן — מוז מען אַריבערגיין צו אַ פּאָזיטיווער אָנפירנדער אַרבעט. ער איז געווען אַ מענטש מיט פאַרלאַמענטאַרישע פאָרמען, הגם ער פלעג זיך

מאַנכמאָל אויפריכטיק, האַרציק און ראַדיקאַל אָננעמען פאַר קריוודעס און אומ־גערעכטיקייטן. ער האָט געקאָנט קיל אַנאַליזירן, אָבער ער פלעגט אויך ארויסווייזן טעמפעראַמענט, בשעת ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן וויכטיקע ענינים. ער האָט פאַראַכטעט די זאַטע בורזשואַזיע, דעם שמאָלן בעל־הבית׳ישן קוק און דעם שמוציקן געשעפטס־גייסט. ער האָט געהאַט אַ האַרץ פאַר די אַרבעטנדע מאַסן. אויף אַ נישט געקינצעלטן, נישט דעמאַגאָגישן אופן פלעג ער קומען אין באַרירונג מיטן המון און געפינען אַ האַרציקע באַציאונג צו דעם פראָסטן האָראָפּאַשנעם יידישן מענטש, הגם ער האָט זיך געקאָנט רעכענען צו די אמתע אַריסטאָקראַטן פונם גייסט, אַ דאַנק זיין גרויסער ליטעראַרישער און גייסטיקער קולטור.

ער איז געווען אַ כלל־טוער. ער האָט אין זיך געהאַט דעם אונרואיקן נערוו, וואָס דערלויבט נישט זיך צו פאַרמאַכן אין די ד׳ אמות פון זיין היים, אפילו ביי אַ שיינער ביבליאָטעק אין אַ צימער פאַרצירט מיט בילדער, ביי מוזיק, אין געזעל־שאַפט פון אַ ליבנדער, קלוגער פרוי. ער איז געווען שטענדיק אומרואיק וועגן אונדזער הייליקער זאַך, וועגן דעם, צי וועט „זיין״ פאָלק אימשטאַנד זיין זיך צוצוגרייטן אַ בעסערן גורל, אָדער צי וועט אפשר די נשמה פון אונדזער פאָלק חלילה אינגאַנצן צוגרונטגיין צוליב דעם פוילעניש, וואָס דראָט אים דאָ. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען דעם אינדעפערענטיזם און די פאַסיוויטעט. ער איז אַליין געווען טעטיק און פלעגט זיך מקריב זיין. תמיד פלעגט ער אַרויס־טרעטן קעגן דער יוגנט, וואָס האָט פאַרלוירן דעם סאָציאַלן חוש. ער איז געווען אַ דערציער נישט נאָר פאַר דער יוגנט, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. ער האָט אַמאָל אָנגעשריבן אַ זאַך וועלכע האָט אויך היינט אַן אַקטועלע באַדייטונג און קאָן דינען אַלס וועגווייזער פאַר טעאָרעטיקערס און פּאָליטיקערס: אַן אָפּ־האַנדלונג איבער דעם פּראָבלעם פון סאָציאַלער דערציאונג. שטיצנדיק זיך אויף פערסטער, שרייבט ער איבער דער געזעלשאַפטלעכער קולטור, אַז איר אויפגאַבע איז צו דערהייבן דעם איינצלנען יחיד איבער זיין פּערזענלעך־עגאָאיסטישן אינ־טערעס און אים אידעאיש צו פאַרקניפּן מיט אַ געוויסער גרופּע פון מענטשן, צווישן וועלכע ער לעבט, און אַזוי אַרום אויך מיט דער גאַנצער מענטשהייט.

דער גרויסער פּעדאַגאָג און כלל־טוער האָט נישט געהאַט קיין גליק. פרעמדע האָבן אים נישט געוואָלט דערלאָזן צו דער אָנפירונג מיטן יידישן שול־וועזן און אויך אייגענע האָבן אים נישט איינמאָל פאַרביטערט דאָס לעבן און אפשר דער איינציקער אמת־יידישער סענאַטאָר איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיין טעטי־קייט דורך דעם אומברחמנותדיקן טויט.

זיין השפּעה און זיין אויטאָריטעט זענען געבליבן הייליק פאַר זיינע פריינט און חברים. די פּאַרטיי פון אַרבעט וועט אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

**ד״ר ישעיהו פייג**

# ד״ר זאב בערקעלהאמער

(1889 — 1934)

ער האָט געלערנט אין אַ פּאַראַלעל־קלאַס אין דער מלוכהשער גימנאַזיע, אָבער איך האָב אים זייער גוט געקענט, פונקט ווי עס האָבן אים געקענט אַלע יידישע שילער. זיי פלעגן אויף אים אָנווייזן: ער באַטייליקט זיך שוין אין דער רעדאַקציע פון „מוריה״, די ציוניסטישע יוגנט־צייטשריפט אין דער פוילישער שפּראַך, באַשטימט דער עיקר פאַר דער יוגנט וואָס האָט געלערנט אין די מיטלשולן. און אַלט געווען איז ער בסך־הכל 14 אָדער 15 יאָר. די דאָזיקע צייטשריפט האָט מען געלייענט אין קאָנספּיראַציע, און אַ שילער וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביים אָבאָנירן די צייטונג צי ביים לייענען זי, איז גלייך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון גימנאַזיע. ניש געקוקט אָבער אויף דער דראַקאָנישער שטראָף, איז „מוריה״ דערשינען רעגלמעסיק און דערגאַנגען צו אַלע פּאַראינטערעסירטע. מיר האָבן געוואוסט, אַז די באַזונדערע נעמען, די ראשי־תיבות פונעם מחבר פון די אַרטיקלען האָבן אַ שייכות צו דעם באַשיידענעם יונגערמאַן, אַ הויכער, מיט ראָזעווע בעקלעך, לענגלעך פּנים און אַביסל אַרויסשטאַרצנדיקע קינבאַקן, האַלב־פאַר־טעמטע אויגן, וואָס מאַכן



ד״ר זאב בערקעלהאַמער ז״ל

שטענדיק דעם איינדרוק צו זיין איבערראַשט־פאַרטרוימטע, מיט קורצע אַרבל אָדער צו לאַנגע הענט.

געשטאַמט האָט ער פון אַ בירגערלעכער משפחה. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ זעג־מיל אין אַ דאָרף לעבן טאָרנע, אויפן ברעג טייך דונאַיעץ, ביאַדאָליני. דאָרט האָט ווילעק (אַזוי האָבן מיר אים גערופן) פאַרברענגט זיינע וואַקאַציעס צוזאַמען מיט זיין יינגערער שוועסטער לאה (לאָנקע), אַ פעאיק מיידל וואָס האָט דערשאַצט איר ברודערס פעאיקייטן און באַצויגן זיך צו אים מיט אַכטונג (זי האָט חתונה געהאַט צו ד״ר יעקעל, אַ טרייער ציוניסט, וועלכער האָט זיך איינגעקויפט אין א״י אַ הויז, כדי די גאַנצע משפחה זאָל קאָנען עולה זיין. זיינע עלטערן האָבן טאַקע עולה געווען און אויסגעלעבט זיך אין לאַנד, אָבער ער, זיין פרוי און צוויי קינדער האָבן נישט זוכה געווען עולה צו זיין און געטיילט דעם גורל פון אונדזערע אומגעקומענע ברידער).

צו יענער צייט איז דורך די יידישע שילער פון די מיטלשולן געשאַפן געוואָרן אַ „יודאַאיסטישער קרייז״ („קולקאָ יודאַיסטיטשנע״), וואו ווילעק איז געווען פון די סאַמע אַקטיווסטע מיטגלידער. זיינע רעפעראַטן פלעגן שטענדיק אַרויסרופן אַ דיסקוסיע. ער איז שטאַרק באַליבט געווען ביי אַלעמען. פון דער נאַטור אויס א גוטהאַרציקער מענטש וואָס האָט נישט זיינס גלייכן, פלעגט ער זיך אַביסל צעהיצן בעת אַ דיסקוסיע, זיין געזיכט פלעגט זיך רויטלען און אָפטמאָל איז ער איבערגעטרעטן די אָנגענומענע ראַם פון אַ דיסקוסיע. אָבער אַ ווילע שפּעטער איז ער געווען דערזעלבער האַרציקער ליבער חבר. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ טאַלענטירטן בחור, און ווען איינע פון די גוט סיטואירטע משפחות האָט געזוכט אַ לערער פאַר זייער טאָכטער (מ׳האָט זי נישט געקאָנט שיקן אין גימנאַזיע מחמת פרומקייט), איז דער אויסוואַל געפאַלן אויף ווילעקן. די דאָזיקע שילערין זיינע, שרה אבערדאם, איז דערנאָך געוואָרן זיין פרוי.

ווילעק האָט זיך געשניטן אויף אַ ציוניסטישן מנהיג. זיינע ערשטע אַקטיוויטעטן האָט ער אַרויסגעוויזן אין דער טאָרנער און ווינער „בר־כוכבא״, ציוניסטישע סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס, באַרימט־געוואָרענע מיט זייער דערציען אַ דור אַקטיוויסטן. די ווינער „בר־כוכבא״, וועלכע האָט געקענט הערצלען, האָט זוכה געווען אויף אַ דירה אין ציוניסטישן ביוראָ אין ווין ביי הערצלס צייטן, אויף דער טירקענשטראַססע נומ׳ 9, נאָכדעם ווי דאָס ביוראָ איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין קעלן (דייטשלאַנד). מיר זענען געווען שטאָלץ אויף דער דאָזיקער זכיה. ווילעק האָט געענדיקט זיין סטודיום אין ווין און באַקומען דעם דיפּלאָם אַלס דאָקטאָר־יורי, ד. ה. אַז פאַר אים איז איצט געווען אָפן דער וועג פאַר אַן אַדוואָקאַט. מיר האָבן אָבער אַלע געוואוסט, אַז אַלס אַדוואָקאַט וועט ער שוין נישט באַרימט ווערן. און נאָך האָבן מיר געוואוסט, אַז מיט זיין גאַנץ וועזן איז ער נישט קיין אַדוואָקאַט, נאָר אַ רעדאַקטאָר און אַלע זיינע רמ״ח אברים ציען אים צו זשורנאַליסטיק. „מוריה״ איז שוין געווען פאַר אים אַ צו קליינע טריבונע און אים האָט געפעלט אַן אַנטשפּרעכנדיקע אויסגאַבע. מען דאַרף שאַפן אַ טריבונע!

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין לעמבערג דערשינען אַ ציוניסטישע צייטונג אין דער פוילישער שפּראַך — „ווסכוד״. אַזוי ווי גאַליציע איז געווען די

אַרענע פון שלאכטן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דאָרט נישט געווען קיין פּאַסיק אָרט פאַר אַ ציוניסטישער רעדאַקציע. עס איז נויטיק אַ טאָג־צייטונג. פיל גאַליצישע יידן האָבן זיך דעמאָלט אַלס פליטים געפונען אין מערב־עסטרייך. אַלץ האָט געוועדט דערפאַר, אַז מ׳דאַרף אַרויסגעבן אַ טעגלעכע ציוניסטישע צייטונג אין דער פוילישער שפּראַך, וואָס זאָל דערשיינען אין מעריש־אויסטרוי (מאָראַווסקאַ אָסטראַוואַ). דאָ איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן דער „נאָווי דזשענניק״ און זאב בערקעלהאַמער איז געוואָרן זיין ערשטער רעדאַקטאָר און דער לעבעדיקער גייסט פון דער צייטונג. זיין זשורנאַליסטישער טאַלענט, וועלכער איז נאָך געווען באַוואוסט פון פריער, האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט מיט דער גאַנצער קראַפט. פּונקט ווי אין „מוריה״, אַזוי האָט ער אויך דאָ געשריבן נישט נאָר דעם לייט־אַרטיקל, נאָר אויך אַנדערע אַרטיקלען אונטער פאַרשידענע אונטערשריפטן און איניציאַלן. ער פלעגט זיך אָפט חתמנען פעפּין, לויטן נאָמען פון זיין מוטער פעפּי, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט. די דאָזיקע אונטערשריפט פלעגט ער באַזונדערס אַרונטערשטעלן אונטער פּאָלעמישע אַרטיקלען, פולע מיט הומאָר און איראָניע. גאָר גיך האָט די צייטונג זיך דעראָבערט אַ גוטן נאָמען, אַ סך דערפאָלג און אויך פּראָפיטירט מאַטעריעל. מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיטן איינשטעלן פיל־וויינ׳ק נאָרמאַלע באַציאונגען, איז די צייטונג אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין קראָקע, די הויפּט־שטאָט פון מערב־גאַליציע. אויף אַ קורצער צייט האָט בערקעלהאַמער איבערגעריסן זיין מיטאַרבעט אין „נאָווי דזשענניק״ צוליב אַ סכסוך מיטן דירעקטאָר, און זיך אומגעקערט קיין טאָרנע, וואו ער האָט פּרובירט אַרבעטן אַלס אַדוואָקאַט. ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט שרייבן אין פאַרשידענע צייטונגען אין פּויליש, יידיש און דייטש.

אַלס אַדוואָקאַט איז ער דאָך נישט באַוואוסט געוואָרן. מען האָט דערציילט פאַרשידענע וויצן פון דער צייט פון זיין אַדוואָקאַטישער פּראַקטיק, ווייל אין דער אונטערשטער שורה איז ער דאָך געווען אַ זשורנאַליסט פון גאָטס גענאָד. אין דער דאָזיקער צייט איז פאָרגעקומען אַ ריס אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ביז דעמאָלט זענען אין אָרטיקן ציוניסטישן קאָמיטעט געווען פאַרטראָטן אַלע דריי ריכטונגען: אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי און התאחדות. בערקעלהאַמער איז געווען פאָרזיצער פון דער התאחדות־פּאַרטיי און ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער שפּאַלטונג. זי איז אָבער געוואָרן אַ פאַקט און דאָס האָט בערקעלהאַמער שטאַרק איבערגעלעבט. אין שטאָט זענען אנטשטאַנען דריי ציוניסטישע קאָמיטעטן (לינקע פּועלי ציון האָבן זיך נישט באַטייליקט אין ציוניסטישן קאָנגרעס און די רעכטע פּוע״צ זענען געווען שוואַך אין טאָרנע). בערקעלהאַמערס פּאַרטייאישע באַגאַבונג, זיין עקאָנאָמישע און ליטעראַרישע ערודיציע, דער רעדנער־טאַלאַנט און טרייהאַפט צום ציוניזם, האָבן אים גאָר גיך געשאַפן אַן אָנגעזעען אָרט און אַ נאָמען אין טאָרנע. זיינע וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן וועגן די יסודות פון דער באַוועגונג און זיינע ליטעראַרישע פאָרלעזונגען האָבן געהאַט גרויס בייפאַל ביים עולם. אויך פון אַנדערע שטעט האָט מען געפאָדערט אַז בערקעלהאַמער זאָל צו זיי קומען אלס רעפערענט אויף אַגיטאַציע־מיטינגען, ליטעראַרישע אָוונטן, צו פייערונגען, באַזונ־

דערס צו מכבייער־אוונטן אין חנוכה, וואָס זענען דעמאָלט געווען וויכטיקע אונטער־נעמונגען פאַר ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

דער „נאָווי דזשענניק" האָט אָבער לאַנג נישט געקאָנט אָנהאַלטן אַן בערקע־האַמערן. מען האָט אָנגעהויבן מיט אים פאַרהאַנדלען און ענדלעך האָט ער זיך צוריקגעקערט צום אַלטן אַרבעטס־פּלאַץ אין קראָקע. די אַרבעט אין רעדאַקציע איז נישט געווען פון די לייכטע. די צייטונג האָט געברענגט צום אויסדרוק דעם אַלגע־מיינעם ציוניזם, אָבער דער רעדאַקטאָר האָט אָפּגעהיטן דעם כאַראַקטער פון דער צייטונג. עס האָט זיך געפאָדערט פיל טאַקט און מאַנעווערס כדי נאָכצוקומען דעם פארלאַנג פון דירעקטאָר און נישט טרעפן אינעם גייסט פון זיין פּאַרטיי. עס איז אויך נישט אָנגעקומען גרינג די דיסקוסיעס מיט די פּוילישע צייטונגען, מיינסטנס אַנטיסעמיטישע. אין זיין פּאָלעמיק איז ער געווען שאַרף, ער האָט אָבער אָפּגעהיטן אַ ניוואָ, און נישט אומזיסט איז גראָד ער, דער איינציקער ייד, געווילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון קראָקאָווער זשורנאַליסטן־פאַריין.

אין יאָר 1934 איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אַנצינדונג. ליגנדיק אין קראַנקנבעט, האָט ער אויפגענומען די באַוואוסטע פּוילישע שרייבערין אירענאַ האַראַנד. ער איז געשטאָרבן פּלוצים, פון אַן אַדערן־פאַרשטאָפּונג, אין עלטער פון 45 יאָר. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי און צוויי קליינע קינדער (זיין זון איז געש־טאָרבן אין רוסלאַנד אויף טיפוס, זיין פרוי און טאָכטער געפונען זיך אין חיפה).

שווער איבערצוגעבן אין ווערטער דעם שווערן רושם וואָס זיין טויט האָט געמאַכט אויף אַלעמען. בליץ־שנעל איז באַוואוסט געוואָרן וועגן דעם אומגליק. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז בערקעלהאַמער איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. דערוואַקסענע מענטשן האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער. נישט בלויז אַ טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט איז ער געווען, נאָר אַ באַדייטנדיקער פירער, באַ־ליבט דורך אַלעמען. אַן אויפריכטיקער טרויער האָט אַרומגענומען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

נישט געקוקט אויף זיין יונגען עלטער, האָט ער אויף די אַלע וואָס האָבן אים געקענט, איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. ער איז געווען באַוואוסט מיט זיין אַלזייטיקער טעטיקייט: אין דער באַוועגונג, אין פאַרשידענע אינסטיטו־ציעס וואו ער האָט געאַרבעט, אין דער רעדאַקציע וואָס איז געווען זיין לעבנסווערק.

אַלע האָבן אונטערשטראָכן, אַז קודם כל איז ער געווען אַ גוטהאַרציקער מענטש וואָס זעלטן מען זעט אַזעלכן. ער האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט דעם וואָס האָט ביי אים עפּעס געבעטן. דאָס האָט געמעגט זיין זיינס אַ באַקאַנטער צי אַ פרעמדער, אַ יונגער צי אַלטער, אַ וויכטיקע פערזענלעכקייט צי אַ פּשוטער מענטש. אַלע האָבן זיך צו אים געווענדט מיט זייערע דאגות, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז ער וועט נישט אָפּזאָגן, אַז ער וועט נישט רוען ביזוואַנען די געפאָדערטע זאַך וועט איינגעאָרדנט ווערן. קיינער איז נאָך נישט אַוועקגעגאַנגען פון אים מיט ליידיקע הענט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַזאַ פאַל:

אין קראָקע איז געשטאָרבן דער פּאָליאַק טאַרנאָווסקי, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ פּוילישע אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, אַ באַהעם און פילאָזאָף, אַן אָפּלאַכער

פון ראַסן־פּאָראורטיילן, מיט אַ פרייער וועלט־אָנשויאונג און נישט קיין אַנטיסעמיט ווי די מיינסטנס זייניקע. די משפחה זיינע האָט זיך לאַנג געהאַט פון אים אָפּגעזאָגט און עס איז נישט געווען צו באַצאָלן די עטלעכע זלאָטעס כדי אים איינ־צואָרדענען די לוויה („פּאָגזשעב״). ס'איז אויך נישט געווען ווער ס'זאָל זיך מטפל זיין מיטן מת. זיינע קריסטלעכע פריינט האָבן זיך געווענדט צו בערקעלהאַמערן, און ער, אָן לאַנגע טראַכטעניש, האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט דער חברא קדישא, און נאָך אַן „אידעאישן״ ויכוח האָבן זיי מסכים געווען איינצואָרדענען די לוויה. אַז טאַרנאָווסקיס משפּחה האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, עס זאָל זיי אָנגעטאָן ווערן אַזאַ חרפּה און זיי האָבן אַרויסגענומען דעם טויטן קערפּער און געבראַכט צו קבורה אין לאַנצוט, אינעם פאַמיליע־קבר פון די גראַפן טאַרנאָווסקי.

איך וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך פאַקטן פון זיין ממשותדיקער הילף פון זיינע פריוואַט־געלטער (זיין פּענסיע אַלס רעדאַקטאָר איז געווען אַ קליינע). אין פיל פאַלן האָט ער אַליין צונויפגעזאַמלט געלט פאַרא נויטבאַדערפטיקן, ער האָט פאַרמיטלט, געווירקט אויפן נויטיקן פלאַץ. נישט ווייניק צרות האָט ער געהאַט אויסצושטיין פון די וואָס האָבן געבעטן ביי אים הילף ביים איינשאַפן זיך אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין קיין ישראל (ווען די עליה איז געווען שטאַרק באַג־רענעצט דורך דער בריטישער מאַנדאַט־מאַכט). בערקעלהאַמערס שתדלנות אין פאַלעסטינע־אַמט פלעגט באַטראַכט ווערן מיט דער גאַנצער ערנסטקייט.

און דאָס אַלץ האָט געטאָן דער מענטש וואָס איז געווען שטאַרק באַשעפטיקט אַלס פירער פון אַ באַוועגונג. אין די מיינסטע פאַרזאַמלונגען, פייערלעכע אָונטען, פאַרטיי־קאָנפערענצן איז ער געווען פון די אַקטיווע באַטייליקטע. בעת די וואַלן צום עסטרייכישן פאַרלאַמענט, דערנאָך — צום פּוילישן סיים, איז ער געווען דער לעבעדיקער גייסט פון פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, אויפגעקלערט די ברייטסטע מאַסן דעם מהות פון ציוניזם. ביי די סיים־וואַלן איז ער אפילו אַרויסגערופן געוואָרן קיין וואַרשע, און פון דאָרט אָנגעפירט מיט דער וואַל־פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער ציוניסטישער ליסטע, פאַרשפּרייטנדיק דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן די ברייטסטע שיכטן וואָס זענען ביז איצט געווען ווייט פון ציוניזם — צוליב פרומקייט, פאַנאַטיזם אָדער גלייכגילטיקייט. זיין גאַנץ לעבן איז געווען אויסגעפולט פאַרן רענעסאַנס פון פאָלק, צו באַפרייען עס פונעם פינסטערן גלות.

זיינע פּאָליטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען, זיינע עסייען און פּאָלעמיק זענען געווען באַגרינדעט מיט אַן אייזערנער לאָגיק, דערביי אָנגעשריבן לייכט, מיט איראָניע און געזונטן הומאָר. זיין אָפּהאַנדלונג „מיר און די פעלקער פון דער וועלט״ האָט געגעבן אַ פּסיכאָלאָגישן קווערשניט פונעם יידישן פאָלק. „בערג גלייכן זיך אויס מיט בערג, אָבער נישט מיט טאָלן״ — זאָגט ער דאָרט. און אויב מען וויל פאַרגלייכן פעלקער, דאַרף מען נעמען אין חשבון זייערע שרייבער, פילאָ־זאָפן. אויפן סמך פון אַ טיפער אָפּהאַנדלונג פון דער פּיעסע „דער בלוט־בלבול אין טיסא־עסלאר״ פון אַרנאָלד צווייג — וואָס ער שטעלט עס אויס פאַר אַ ביישפּיל, פילט מען אַרויס, אַז אין די טיפסטע טיפענישן פון זיין נשמה און האַרץ איז נ י ש ט אַ ק י ן ג ע פ י ל פ ו ן נ ק מ ה, נאָר פאַרגעבונג. אַ צווייטע טאָרנער פערזענ־

לעכקייט, מאַקס בינענשטאָק, האָט אויפן סמך פון אַן אַנאַליז איבער דער דייטשער ליטעראַטור און זייערע פאָלקס־לעגענדעס אויפגעוויזן, אַז אין דייטשן מהות ליגט נקמה און אכזריותדיקייט. דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳זענען געווען שטאַרקע סימפּאַטיעס פאַרן גערמאַניזם (אויך מצד געלערנטע יידן).

ד״ר בערקעלהאַמערס ליטעראַרישע ירושה איז צעוואָרפן איבער פאַרשידענע צייטונגען אין עטלעכע שפּראַכן. עס איז דער חוב צונויפצוזאַמלען דאָס אַלץ, אַרויס־געבן אַ בוך, כדי ס׳זאָל נישט פאַרלוירן גיין זיין גייסטיקע ירושה.

בערקעלהאַמערס נאָמען איז געווען איבעראַל באַוואוסט, ווי ס׳איז געווען באַ־קאַנט זיין ליבע צום לאַנד, וואָס ער האָט עטלעכע מאָל געהאַט באַזוכט און געגרייט זיך עולה צו זיין. אַן אָנפירנדיקער חבר, אַ קעמפער, אַ זייל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גלות, אַ טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט און אחרון אחרון חביב — אַ האַרציקער טייערער מענטש, מיט אַ גאָלדענעם כאַראַקטער, אַ פיינפילנדיקער פאַר קונסט־ווערטן — אַזעלכע זענען געווען די כאַראַקטער־שטריכן פון דעם דאָזיקן וואונדערבאַרן מאַן.

**בן ציון צאנגן**

## צרור זכרונות על המדקדק משה אהרן ויזן ז״ל
## הקנאי לעברית

בימים האלה מלאו שלושים לפטירתו של אחד מגדולי המדקדקים של השפה העברית בימינו — משה אהרן ויזן. הוא מת בגיל 75, ובשנותיו האחרונות שכב במוסד רפואי בתל־אביב, חולה אנוש.

מוצאו מגליציה ואת כל חייו הקדיש למטרה אחת ויחידה: חקר השפה העברית והפצתה בקרב העם היהודי. במשך עשרות שנים עבר על פני ערים ועיירות יהודיות בגליציה והיה שם לא רק מורה לעברית, אלא בראש וראשונה מפיץ התרבות העברית. אחר־כך יצא לוינה והיה אחד העוזרים הראשיים של הרב הראשי בוינה פרופ׳ ד״ר צבי חיות ז״ל. בסמינריון העברי שלו בוינה התעמק בחקירת השפה העברית בשיטה מדעית. שם התחיל לעבוד על דקדוק עברי־מדעי מכל הבחינות. בסמינריון העברי בוינה חינך מורים רבים בשטח הפילולוגי והמדעי של השפה העברית. ואמנם כעבור כמה שנים הוציא ספר דקדוק עברי שאפשר לכנות אותו כספר דקדוק המבוסס על השיטה המדעית החדשה ביותר בשטח זה.



משה אהרן ויזן ז״ל

היה זה בערך לפני שלוש שנים. בשליחות „דבר השבוע" בקרתי את משה אהרן ויזן ז"ל במוסד רפואי שבו שכב כבר כמה שנים. הוא היה משותק ומרותק למטתו. האחות שטיפלה בו אמרה לי שהיא מיעצת לי לא להכנס אליו היום. הנימוק היה: האיש רגיש, עדין ויפה־נפש ואינו רוצה להראות את עצמו לפני אנשים ביום שמחלתו מציקה לו. חוץ מזה הוא רוצה להופיע לפני אנשים כאיש בריא, כלומר הוא מוכרח להכין עצמו לקבלת אנשים.

באתי למחרת. הוא שכב על המטה כמעט כאיש בריא — כאילו היתה זו שינה של אחרי־הצהרים. הוא היה רענן, מגולח ונקי למופת. הרגשתי בחוש שהוא מתגבר על מחלתו בכל כוחו.

השיחה היתה תיכף ומיד לבבית. הוא דיבר אלי כאילו היה מכיר אותי עשרות בשנים. וכמובן, הוא דיבר רק על נושא אחד ויחיד, — על השפה העברית. הוא התריע על זה שמקלקלים אצלנו את השפה העברית ומדברים שלא כהלכה. הוא שפך את חמתו על העתונות העברית ועל אלה שבידם לתקן את המצב ואינם עושים כן. ביחוד התריע על הזלזול בדיקדוק השפה. במשך כמה רגעים הביא עשרות דוגמאות של שיבושי השפה וביטויים שאינם משתמשים בהם כהלכה. על כל ביטוי וביטוי הביא ראיות והוכחות מהתנ"ך, התלמוד, המדרש וכו'. בקיאותו לא ידעה גבול. אי אפשר היה פשוט להשיג, איך הוא יכול לשמור בזכרונו את כל האוצר הזה. בדברו על עניני דקדוק, לא עמד על הביטויים, או על הסגנון מבחינה לשונית גרידא, אלא גם מבחינה פילוסופית. ואמנם היה האיש הזה מדקדק והוגה־דעות מקורי. הוא ציטט את הפילוסופיה היהודית והאירופית ממש כמו ספרי דקדוק.

הוא הדגיש במיוחד את הקורסים לדקדוק שניהל בארץ ודיבר בגאוה על תלמידיו בקורסים אלה: ברל כצנלסון ז"ל ויבדלו לחיים זלמן שזר, דוד זכאי ואנשי מערכת „דבר".

במשך השיחה סיפר כיצד, יצא מוינה בימי הנאצים, ובמיוחד כיצד הציל בנס חלק מכתביו בחקר השפה העברית. שנים רבות טפח בלבו רעיון מקורי ליצור ליגה דתית עולמית מעמים שונים ומדתות שונות — למען השלום.

הלכה מאתנו דמות מקורית שתרמה הרבה בהנחת אבני־היסוד לשפה העברית המדרנית. ויהיו דברים צנועים אלה זר פרחים על קברו הרענן של משה אהרן ויזן החוקר, המדקדק והאדם היקר.

„אמר"

## ב. וויינרעב

# דניאל לייבל

איך האָב קיינמאָל נישט געפרעגט דניאלן, וואָס האָט אויף אים געווירקט, אַז ער איז פאַרבליבן ביי פּועלי ציון, צווישן אָרעמע אַרבעטער און אנגעשטעלטע, בעת אַ גרויסער טייל אינטעליגענץ האָט זיי פאַרלאָזט. עס בלייבט אַ פאַקט, אַז יידישע אַרבעטער אין טאַרנע האָבן דניאלן אַ סך צו פאַרדאַנקען.

אין טאַרנע האָבן דעמאָלט געווירקט אויך אַנדערע חברים, ווי יאָשע באַנד, נחום איינשפרוך, יואל שנור, חיים העניג, אברהם כאַמעט און אַנדערע. אָבער קיינער פון זיי האָט אונדז נישט געגעבן דאָס וואָס דניאל לייבל. ער האָט אונדז באַקענט מיט די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור. פאַר אונדז, יוגנטלעכע, ערשט נאָר וואָס אַרויס פון חדר, ישיבה צי בית־המדרש, האָט ער פּאָפּולאַריזירט מענדעלען, פּרצן, אַשן, שלום־עליכמען, מאָריס ראָזענפעלד. פאַר אונדז האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט. עס האָבן זיך אויך טיף איינגעקריצט אין זכרון די אויספלוגן אין נאָענטן וואַלד, וואו דניאל לייבל פלעגט רעפערירן וועגן פאַר־שידענע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. כדאי אונטערצושטרייכן ביי דער געלעגנ־הייט, אַז דאָס יידישע קולטורעלע לעבן אין שטאָט, וויניקסטנס ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געפירט געוואָרן דורך פּועלי ציון. אויב אַ יידישער שרייבער איז געקומען קיין טאַרנע, האָט ער געהאַט איינאונאיינציקן אַדרעס: די פּועלי ציון פאַרטיי. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס געווען צו פאַרדאַנקען דניאל לייבלען. נישט געווען אין טאַרנע כמעט קיין איין ליטעראַרישע אונטערנע־מונג, אַז דניאל זאָל דאָרט נישט אויפגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט. צי איז דאָס געווען וועגן מענדעלען, ביאַליקן, פּרצן, ראָזענפעלדן, שלום־עליכמען. די צוויי שטענדיקע רעפערענטן זענען געווען ד״ר יצחק שיפּער און — צו לאַנגע יאָר — דניאל לייבל. ער האָט געהאַט פיל תלמידים און סימפּאַטיקער. שווער צו זאָגן, אַז ער זאָל האָבן געהאַט פערזענלעכע שונאים, אָדער אַז ס'זאָל ווער צו אים האָבן געהאַט פערזענלעכע טענות, הגם ער איז געווען מוטיק און ריקזיכטלאָז ביים פאַרטיידיקן זיינע פּרינציפּן און אידעאישע איינשטעלונגען. עס געדענקט זיך גוט זיין אַרויסטרעטונג קעגן ד״ר נתן ברינבוים, נאָכן אַנשרייבן זיין בוך „גאָטס פאָלק״, אָדער דער שאַרפער ענטפער דוד איינהאָרנען אויף זיין אַרטיקל קעגן ציוניזם, וואָס איז דערשינען אין די „לעבנספראַגן״ אין יאָר 1920. פונדעסטוועגן האָבן אפילו זיינע פאַרטיי־קעגנער געהאַט צו אים דרך ארץ און סימפּאַטיע.

אין יאָר 1919 ווערט ער איינגעלאַדן צו פאַרטיי־אַרבעט קיין וואַרשע, וואו

ער איז טעטיק אויפֿן פּאָליטישן, פּובליציסטישן און ליטעראַרישן געביט. ער ווערט אויך באַקאַנט אַלס דיכטער, עסייאיסט, איבערזעצער און פֿילאָלאָג. דאָס האָט דניאל לייבל איבערגעזעצט וויספּיאַנסקיס צוויי דראַמען: „די ריכטער" און „דניאל". די לעצטע דראַמע איז צום ערשטן מאָל גראָד אין יידיש אויפֿגעפֿירט געוואָרן אויף דער סצענע אין קראָקעווער יידישן טעאַטער.

## וו. ברכיה

### דער שרייבער יהודה יערי (יודקע וואלד)

אייגנטלעך שטאַמט ער פֿונעם גאַליצישן שטעטל דזשיקאָוו־טאַרנאָבזשעג. זיין גייסטיקע דערציאונג האָט ער באַקומען אין טאַרנע, אין סאַמע קריגס־צייט. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914—18, באַזעצט ער זיך מיט זיינע עלטערן אין טאַרנע. אַ צייט לאַנג לערנט ער אין סאַנדזער קלויז. אין טאַרנע באַקענט ער זיך מיט דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און ווערט אריינגעצויגן אין השומר הצעיר. אין יאָר 1920 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל. הגם פֿיזיש נישט קיין שטאַרקער, גייט ער ארבעטן אויף די כבישים (שאָסייען) מיט דער התלהבות און חסידישן ברען, וועלכן ער האָט איבערגענומען בירושה פֿון זיין זיידן ר' הערשל פֿון דזשיקעוו. נישט איינמאָל האָט ער געהאַט א געלעגנהייט זיך צוצוקוקן ביים זיידן צו חסידישע התנהגות, איינגעזאַפּט אין זיך חסידישע געוואוינהייטן, און דערנאָך, ביי דער אַרבעט אויף די כבישים, געלערנט די „גויים" ווי אזוי מען פּראַוועט שלוש־סעודות און מלוה־מלכות. ער פֿלעגט דאָס באַווייזן נישט נאָר שבת, נאָר אינמיטן דער וואָך. ביי דער ארבעט אין דער מחצבה (שטיינהאַקעריי) האָט ער געפּראַוועט קאָצקער חסידות. אין זיינע שריפֿטן (דער־ציילונגען, ראָמאַנען) ברענגט ער ארויס חסידישן שטייגער. זיין ערשטע אַרבעט איז געווען אין קרית ענבים, דערנאָך אין נתניה, ווייטער — אויפֿן כביש חיפה—נצרת, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט א. ד. גאָרדאָן, מיט וועלכן ער איז שטאַרק באַפֿריינ־דעט געוואָרן. נאָך היינט איז אויף אים קענטיק גאָרדאָנס השפעה.

אין משך פֿון עטלעכע יאָר האָט ער געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק ביים ירושלימער אוניווערסיטעט, פֿונוואַנען מען האָט אים געשיקט קיין אמעריקע דערלערנען דאָס ביבליאָטעק־וועזן. אין יאָר 1952 באַקומט ער דעם „פּרס אוסישקין" (פּרעמיע א. נ. פֿון מ. מ. אוסישקין) פֿאַר א בוך דערציילונגען.

עטלעכע ביאָגראַפֿישע שטריכן: געבוירן אין יאָר 1900 אין דזשיקעוו, שפּע־טער געוואוינט אין טאַרנע. עולה געווען אין יאָר 1920, וואו ער האָט דעמזעלבן יאָר אויפֿגעפֿירט אין א"י (צום ערשטן מאָל!) אנסקי'ס „דיבוק" (וועגן דער דאָזי־קער אויספֿירונג איז אין בוך „עליה השלישית" אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פֿון ב. ווינרעב). יהודה יערי איז געווען איינער פֿון די מיטגרינדער פֿון בית־אלפֿא. איצט

איז ער גענעראַל־סעקרעטאַר פון קרן־היסוד אין וועמענס שליחות ער איז געווען צוויי מאָל אין אמעריקע און קאַנאַדע.

ביז איצט זענען דערשינען פאָלגנדע ביכער זיינע:

כאור יהל, רומן מהעליה השלישית. צוויי אויפלאגן. הוצאת ארץ־ישראל, תל־אביב, תרצ״ז.

דרכי איש, קובץ סיפורים. הוצאת „דבר״ תל־אביב.

באהליך, קובץ סיפורים. הוצאת ארץ־ישראל, תל־אביב 1983.

בין אשמורת, קובץ סיפורים. מסדה, תל־אביב, תש״ח.

שורש עלי מים, רומן. מוסד ביאליק, ירושלים.

ארבעים יום על הים. מחזה בשלוש מערכות. הוצאת „דרום״, ירושלים, תרצ״ח.

## ד״ר ס. שיינפעלד, ז״ל

### דער יונגער קאראל ראדעק *

די טעג ווילט אין פוילן איינער פון די הויפט־זיילן פון דער סאָוויעטישער אויסערן־פּאָליטיק, רעדאַקטאָר פון דער מאָסקווער „איזוויעסטיאַ״ — קאַראָל ראַדעק.

פאר אונדז, זיינע שול־חברים, איז ער באַקאַנט פון די צייטן, ווען ער האָט געהייסן קאַראָל סאָבעלסאָן, בקיצור — לאָלעק.

אויב איך וואָלט היינט געוואָלט געבן א בינטל זכרונות וועגן דעם גרויסן טוער און מלוכה־מאַן פון פ. ס. ס. ר., וואָלט איך קודם כל געוואָלט אָפּגעבן כבוד איינער פון די בעסטע און הארציקסטע מוטערס, וואס עס איז געווען די מוטער פון לאָלעקן. און דער דאָזיקער כבוד קומט איר אלס רעקאָמפּענסאַטע דערפאַר, וואָס אין פאַרשידענע כאדעקישע און ענדעקישע צייטונגען איז מיר אויסגעקומען צו לייענען וועגן איר אין שייכות מיט דער ביאָגראַפיע צי אַנדערע ענינים פון איר זון. אַן אַלטע שיטה פון ליידאַקעס, וואָס באַפאַלן מוטערס פאַר נישט געטוענע עבירות פונעם זון אָדער טאָכטער, אויב עס איז נישטאָ וואָס פאָרצוואַרפן דעם פאָטער. די דאָזיקע אָרעמע מאַמע, אַן אלמנה פון גאַנץ פריען עלטער, מיט צוויי קליינע קינדער, האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן געפירט אַ פריוואַט דערגענ־צונגס־שול פאַר יידישע מיידלעך. „פּאַננאַ זאָשיאַ״ (פריילין זאָשיאַ), אַזוי מן־הסתמא האָט מען זי גערופן פון די מיידל־צייטן, האָט מיט מי און זעלבסט־אָפּפערונג באוויזן פון די קליינע אָפּצאָלן צו דערציען און אויסבילדן אירע קינדער, און עס קאָן וועגן איר דרייסט געזאָגט ווערן, אַז זי האָט אַלץ פון זיך געגעבן פאַר אירע קינדער. היינט לעבט די אלטיטשקע אין א קליין שטעטל אין פּאָדהאַליע און האַלט זיך אויס פון אייגענער אַרבעט.

לאָלעק איז געווען איר אויג אין קאָפּ; אַ קליין דאַר יינגל, פון די פריסטע יאָרן מיט ברילן אויף דער נאָז, און טראָץ דער כלומרשטער נישט־אַנטוויקלטקייט — שטענדיק חוצפהדיק און זעלבסטזיכער. אין די העכערע גימנאַזיאַל־קלאַסן האָט ער אנגעהויבן פּאָליטיקירן, און דאָס אונטערן איינפלוס פון אַ היינט שוין אלטן פּ.פּ.ס.־טוער, וועלכער אין דעמאָלט געווען סעקרעטאַר פון דער טאָרנער פּ.פּ.ס.

דאָס איז געווען ביים סוף פאָריקן יאָרהונדערט און אָנהויב היינטיקן יאָרהונ־דערט, ווען די אמביציע פון דער יוגנט איז געווען א סך לייענען און פירן דיסקוסיעס

* דער אַרטיקל איז דערשינען אינעם טאָרנער יידישן וואָכנבלאַט נומ. 27, 1933 יאָר. צו ראַדעקס באַזוך אין פוילן אינעם יאָר 1933

אין די זעלבסטבילדונגס־קרייזלעך לויט אידעאיש־פּאַרטייאישע פּראָגראַמען. לאָ־לעקס פיגור איז געווען באַקאַנט אין טאָרנע. מיט אַ וואַקלדיקן צוויקער אויפן נאָז, מיט אַ לייכט צעעפנט מויל, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע ביז דער אונטערשטער ליפּ באַקציינער, שטענדיק מיט אַן אומאָרדענונג אין זיין גאַרדעראָב, פלעג ער אַלעמאָל דורכגיין די גאַס מיט אַ בוך אָדער צייטונג און די הענט. ער האָט געלייענט אין שטוב, ער האָט געלייענט אויף דער גאַס, ער האָט געלייענט באַטאָג, ער האָט געלייענט ביינאַכט, ער האָט געלייענט אויף די פּויזעס, געלייענט בעת די לעקציעס אין שול. נישט געקוקט אויף דער גענוג ליבעראַלער אַטמאָספער וואָס האָט צו יענער צייט געהערשט אין שול, איז ער פון דער לעצטער קלאַס אין גימנאַזיום באַזייטיקט געוואָרן צוליב עפּעס אַ פּאָליטישער אַקציע, און מאַטורע האָט ער געמוזט אָפּגעבן אויסערהאַלב טאָרנע.

אַזויפיל וועגן זיין חברן זיך מיט אונדז. זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג און אַריבערגיין אין פּ. פּ. ס., וואו ער האָט געהערט צו די עקסטרעם לינקע, צו די קאָמוניסטן, איז שוין באַקאַנט אונדזערע לייענער פון ערגעץ אַנדערש.

פאַר יידן און יידישע פּראָבלעמען האָט ער נישט געהאַט אָדער נישט געוואָלט האָבן קיין ספּעציעלן אינטערעס, און במילא אַ ריכטיקע פאַרשטענדעניש. ציוניסטן האָט ער שוין דעמאָלט שטענדיק און אומעטום באַקעמפט מיטן וואָרט און שריפט, ווי עס איז געווען אָנגענומען ביי יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פּ. פּ. ס. אָדער אין אירע פּאַרטיי־אָרגאַנען. איך שטרייך אונטער בפירוש, אַז נאָר די יידן, ווייל צווישן די פּאָליאַקן האָבן מיר זייער אָפט געהאַט שטילע און אפילו אָפענע סימפּאַטיקער פאַר אונדזער גערעכטער זאַך.

זיכער איז אויך היינט פאַר דעם דאָזיקן טוער און איינעם פון די לייטער פון דער סאָוויעטישער אויסערן־פּאָליטיק, נאָך נישט אַרויפגעשוואומען די יידן־פראַגע.

## ד״ר אברהם כאמעט

# יידישע וויסנשאפטלער, ליטעראטן און פובליציסטן פון טארנע

## מרדכי דוד בראנדשטעטער

דאָס קולטורעלע לעבן פונעם טאָרנער יידנטום האָט דורכגעמאַכט ענלעכע אַנטוויקלונגען, ווי דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום פון דער סאַמע פריסטער צייט. דורכן געשלאָסענעם געטאָ־לעבן, מיט אייגענע פאָרמען פון קולטורעלן אויסלעבן זיך אין די בתי־מדרשים און ישיבות, האָט זיך בהדרגה געענדערט דער גייס־טיקער האָריזאָנט פון פוילישע יידן: חסידיזם, השכלה, אַסימילאַציע, ציוניזם, סאָציאַליזם. דער קאַמף צווישן די אָרטאָדאָקסישע קאָנסערוואַטיווע מאַסן און דער השכלה־אינטעליגענץ אין טאָרנע האָט אָנגענומען גאָר שאַרפע פאָרמען און דאָס אַ דאַנק דעם, וואָס אין דער שטאָט האָט פרי אָנגעהויבן זיין ליטערארישע טעטיקייט מ. ד. בראַנדשטעטער, דער נעסטאָר פון דער דעמאָלטיקער העברעאישער ליטעראַטור, פיאָנער פון דער השכלה־באַוועגונג אין גאַליציע, פאַרביסענער שונא פון פאַנאַטיזם און אָפּגעשטאַנענקייט. זיינע ווערק, נאָוועלן און הומאָרעסקעס, געשריבן אין אַ שיינער העברעאישער שפּראַך, האָבן פיל געהאָלפן צו אַנטוויקלען די פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור ביי דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט אין גאַליציע און געשפּילט אַ דערציערישע ראָל אין משך פון פיל יאָר־צענדליקער פונעם נייַנצטן יאָרהונדערט.

מרדכי דוד בראַנדשטעטער איז געבוירן געוואָרן אין בריגל, אין יאָר 1844. אין דער פריסטער יוגנט האָט ער זיך פאַרטיפט אין תלמודישע לימודים. ביי 12 יאָר האָט ער געלערנט ביים באַרימטן גאון לאַנדאו פון בריגל און ביי אים באַקומען העכערע רבנישע בילדונג. צו 15 יאָר איז ער אַרויסגעפאָרן קיין לימאַ־נאָווע, כדי ביים דאָרטיקן רבין ווייטער צו לערנען. אַלס 16־יאָריקער יונגערמאַן האָט ער חתונה געהאַט צו דער טאָכטער פון אַן אָנגעזעענעם טאָרנער סוחר און זיך אַריבערגעטראָגן צו שווער און שוויגער. דאָ, אין טאָרנע, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ משכיל פון פּראָשטשעיוב, וועלכער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון דער העברעאישער שפּראַך. דער משכיל האָט זיך גלייך דערקענט אויף בראַנד־שטעטערס פעאיקייטן, פאַרנומען זיך מיט זיין וועלטלעכער בילדונג און פאַר דעם דורשטיקן נאָך וויסן יונגערמאַן אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט, נייע האָריזאָנטן, באַקענענדיק אים אויך מיט דער דעמאָלטיקער העברעאישער ליטעראַטור. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט דער בן־תורה בראַנדשטעטער אָנגעהויבן מיט לידער, פאַרעפענטלעכטע אין פאַרשידענע העברעאישע צייטשריפטן. בעת זיין באַזוך אין

וואַרשע אין האַנדלס־אַנגעלעגנהייטן, האָט ער זיך באַקענט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד. זיינע עסקים האָבן אים געטריבן קיין ווין, וואו ער באַקענט זיך מיט פּרץ סמאָלענסקין און ער גיט אים איבער פאַרן „השחר" איינע פון זיינע נאָוועלן. סמאָלענסקין איז אַנטציקט מיט זיין אַרבעט און פירט אַריין דעם יונגן שרייבער אין דער וועלט פון דער העברעאישער ליטעראַטור, וואו בראַנדשטעטער פאַרנעמט גלייך אַ בכבודיק אָרט. ער הויבט אָן אין „השחר" פאַרעפנטלעכן אַ ריי דערציילונגען וועגן חסידישן לעבן אין גאַליציע. זיינע וויכטיקע אַרבעטן זענען אַריין אין דער נישט פאַרענדיקטער אויסגאַבע, פון וועלכער עס זענען אין יאָר 1910 דערשינען אין וואַרשע דריי בענדער אונטערן נאָמען „כל כתבי" (אַלע שריפטן). אַ ריי דערציילונגען פון מ. ד. בראַנדשטעטער זענען איבערזעצט געוואָרן אויף ענגליש, רוסיש, דייטש און יידיש.

מרדכי דוד בראַנדשטעטער האָט געוואוינט אין טאַרנע פון זיין 16־טן ביזן 84־טן לעבנס־יאָר. ער האָט אַנטייל גענומען אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אַלס מיטגליד אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

משה מאַנטעפיאָרע איז געווען אַ הייסער אַנהענגער פון בראַנדשטעטערס טאַלענט. דעם 22־טן מאַי 1880 האָט מאַנטעפיאָרע, אין צייכן פון אָנערקענונג פון זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, איבערגעשיקט בראַנדשטעטערן זיינס אַ בוך אין דער ענגלישער שפּראַך א. נ. „דערציילונג וועגן אַ פערציק־טאָגיקן באַזוך אין הייליקן לאַנד". דאָס בוך איז געווען פאַרזען מיט דער פאָטאָגראַפיע פון יהודית און משה מאַנטעפיאָרע און זיין אייגנהענטיקער אונטערשריפט.

אינעם בריוו האָט מאַנטעפיאָרע אין האַרציקע שבחים געלויבט בראַנדשטעטערס ליטעראַרישע טעטיקייט. מאַנטעפיאָרעס מתנה האָט ביי בראַנדשטעטערן אַרויסגערופן פיל פרייד, אוןביים גאַליציישן יידנטום — אַ גרויסע סענסאַציע. טאַרנער יידן האָבן מאַסנווייז געשטראָמט צו אים אין וואוינונג, כדי באַקוקן דאָס בילד פון דעם, וועלכער האָט אויף דער גרויסער וועלט רעפּרעזענטירט נישט נאָר די אידעאַלן פונעם יידנטום, נאָר אויך געטראָגן רעטונג די ליידנדיקע אין טבריה, דמשק, טערקיי, פוילן און רוסלאַנד. זיי זענען געגאַנגען אָנקוקן דעם עכטן אונטערשריפט פון דעם, וועמענס געשטאַלט זיי האָבן אָנגעטאָן אין דער גליקלעכסטער לעגענדע און העכסטער מענטשלעכקייט*.

דעם 25־טן מאַי 1880 האָט בראַנדשטעטער צוריקגעענטפערט מאָנטעפיאָרען מיט אַ דאַנק־בריוו. מיר ברענגען דאָ אַ גענויע קאָפּיע פון דעם בריוו**:

„ליכט פון ישראל, קרוין פון הייליקן פאָלק און זיין צירונג, מעכטיקער משה, אויסדערוויילטער פון גאָט פון די אבות.

„אַ פּשוטער מענטש און דיין קנעכט, מיט אַ ציטערדיק האַרץ, לייג איך ביי דיינע פיס אַ דאַנק פאַרן איבערגעשיקטן ווערק און דיין בילד. איך בין שטאָלץ, וואָס דיין גרויסמוטיקייט און גוטסקייט האָט זיך אויף מיר אויסגעגאָסן. אויב איך האָב זוכה געווען דיין אויפמערקזאַמקייט, איז עס אַ דאַנק דער ליבע און פאַר־

* „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פונעם 16־טן אויגוסט 1929.

** „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פונעם 16־טן אויגוסט 1929.

ערונג פאַר דער הייליקער שפּראַך — דעם אייביקן אוצר פון אונדזערע אבות, די אויסדערוויילטע באַליבטע פון דיין האַרץ. די ליבע צו איר איז דער אינהאַלט פון דיין לעבן און דיין פאַן וועלכן דו האַלסט שטאָלץ. האַר, איך בין נישט ווערט דיין גרויס גנאָד, וואָס האָסט אַרויסגעוויזן דיין קנעכט. איך שטאָלציר מיט דיין גרויסמוטיקייט און דיין ברכה וואָס האָסט באַשאַנקען מיך און מיין גאַנצע משפחה. דיין מתנה וועט פאַר מיר פאַרבלייבן אַן אייביקער אָנדענק, און דאָס ווערק פון דיין לעבן — אַ הייליקער דענקמאָל פאַרן פאָלק ישראל און זיין קולטור.

„ווען עס וועלן רעדן וועגן דיין אויפטו די צוקונפטיקע דורות, וועלן מיינע קינדער אָנווייזן אויף דיין בילד און זאָגן: אָט איז דאָס בילד פון משה, דעם איידעלן מאַן, אויסדערוויילטער צווישן טויזנטער מענטשן. אָט איז זיין בוך וואָס באַזינגט דאָס לאַנד פון די אבות, דאָס לאַנד וואָס איז דיין בענקשאַפט און האָפענונג. אָט איז די אונטערשריפט וואָס זיין מעכטיקע האַנט האָט אָנגעצייכנט. מיט די האַנט־באַוועגונגען האָט געפירט גאָט. ער האָט זי באַשטימט פאַר דער וועלט צו העלפן ישראל.

„און דיין געליבטער גאָט האָט דיר געהאָלפן. דו ביסט עס אַ באַווייז, אַז גאָטס אויגן רוען אויפן אויסדערוויילטן פאָלק: גאָט האָט זיין פאָלק אין גלות אַראָפּ־געשיקט אַ באַשיצער.

„מענטשן, זעענדיק זיין באַשיינפּערלעכן סימן, וועלן טרויען דעם קנעכט משה און זיינע נביאים.

„זאָל דעריבער דיין נאָמען, משה, אויסדערוויילטער פון גאָט, געאַכטעט ווערן לעולם ועד.

„האַר! זאָל גאָטס ברכה רוען אויף דיר און דיינע נאָענטע, זאָל זי דיר ביי־הילפיק זיין אין דיין אַרבעט. זאָל גאָט בענטשן יעדער מינוט פון דיין לעבן, זאָל ער גליקלעך פאַרמערן דיינע יאָרן פון משה רבינו, וועמענס נאָמען דו טראָגסט, און וועמענס גייסט האָסט געירשנט. זאָל גאָט אויף אייביק בענטשן דיין הויז און דעם מענטש, וואָס האָט דיר אָנגעוויזן מיין נאָמען.

„דיין קנעכט, פול מיט פרייד און פאַרערונג בויגט דעם קאָפּ צו דיינע פיס.

מרדכי דוד בראַנדשטעטער.״

די קאָפּיע פון בריוו האָט בראַנדשטעטער פאַרזען מיט פאָלגנדער נאָטיץ:

„אַ הייליק אָנדענק. זאָל זיין געבענטשט דער היינטיקער טאָג, אין וועלכן איך האָב באַקומען די שיינע מתנה פון משה מאָנטעפיאָרע צוזאַמען מיט זיין בילד און אונטערשריפט. שבת, פרשת מסעי, כ׳ סיון 5650; 22־טער מאַי 1880. דאָס איז מיין ענטפער און באַשיידענער דאַנק איבערגעשיקט הער מ. מאָנטעפיאָרע דינסטיק פרשת בהעלותך, ט״ו סיון, 25־טער מאַי 1880.״

ז׳ ניסן 5685 איז פאָרגעקומ־ען די דערעפענונג פון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

בראַנדשטעטער איז געזעסן ביים שרייבטיש און געשריבן***:

„מיר זענען גליקלעך, אַז מיר האָבן דערלעבט דעם דערהויבענעם מאָמענט

*** „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פונעם 16־טן אויגוסט 1929.

פון דערעפענען דעם ערשטן העברעאישן אוניווערסיטעט אין דעם יידישן לאַנד, וואָס ווערט געבוירן. גאָט זאָל העלפן, אַז פון ציון זאָל אויפלייכטן תורה, לעבנס־וויסן און גליק, גלויבן אין שלום און אין ליבע פאַר אונדז, פאַר אונדזערע אַלע ברידער, פאַר אַלע פעלקער. הלוואי זאָל דאָס נס פאַרקומען פאַר אונדזערע אויגן".

„מיר זענען גליקלעך, אַז מיר האָבן דערלעבט דעם דערהויבענעם מאָמענט פון עפענען דעם ערשטן העברעאישן אוניווערסיטעט" — האָט איבערגעחזרט דער 80־יאָריקער זקן מיט אַ ציטערדיקער שטים, פול מיט איינגעהאַלטענער, טרויעריקער און גרענעצלאָזער פרייד.

„מיר האָבן דורכגעמאַכט אַ סך צרות — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטיל קול. — מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פיל ביטערניש פון מענטשן. מיר וויסן וואָס עס זענען אַזוינס ליידן און פאַרקנעכטונג — מיר, דאָס אומגליקלעכסטע פאָלק אויף דער וועלט. איצט האָבן מיר שוין הינטער זיך די יאָרן פון שטענדיקער פיין. שפּאַנענדיק צו אַ ניי פריידיק לעבן, דאַרפן מיר זיין נישט בלויז יידן, נאָר אויך מענטשן. אַזאַ פולקאָמער סינטעז פון יידנטום און איידעלער מענטשלעכקייט איז געווען מאָנטעפיאָרע. זיין פערזאָן און זיין גייסט דאַרפן שטיין אויף דער וואַך פון אונדזערע היסטאָרישע האַנדלונגען. סאַראַ שאָד, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט נישט דערלעבט דעם גרויסן מאָמענט".

אינעם יאָר 1914 האָבן טאַרנער יידן געפייערט דעם 70־יעריקן יובל פון מ. ד. בראַנדשטעטער. אַ באַזונדער יובל קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון דעמאָלטיקן ראש הקהילה אין טאַרנע, בעריש מאַשלער, — פונעם פרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, ד"ר שמואל שפּאַן און פונעם אָנפירער פון די העברעאיסטן אין טאַרנע, צבי שאַרפשטיין — האָט דעם 21.6.1914 איינגעאָרדנט אינעם •זאַל פון האָטעל זאַלדינגער אַ גרויסע פייערונג מיט אַ באַנקעט, אויף וועלכן עס זענען אַרויסגעטרעטן יידישע שרייבער, קריטיקער און פאָרשטייער פון פאַרשידענע פאַריינען און אָרגאַניזאַציעס.

מרדכי דוד בראַנדשטעטער איז געשטאָרבן אין טאַרנע דעם 24־טן מאַי 1928 יאָר, אין עלטער פון 84 יאָר. אינעם אָרגאַן פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע, „יידיש וואָכענבלאַט", פון 18־טן מאַי 1928, האָט חיים נייגער געגעבן אַן אָפּשאַצונג דער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון מ. ד. בראַנדשטעטער. מיר ברענגען דעם אַרטיקל אינגאַנצן:

„דאָס יידישע פאָלק טרויערט ביי דער מיטה פון איינעם פון זיינע בעסטע זין. דאָס שטיק לעבעדיקע יידישע ליטעראַטור־געשיכטע, דער זעלטענער רעשט פון דער אַלטער השכלה־עפּאָכע, דער באַרימטער העברעאישער שריפטשטעלער מרדכי דוד בראַנדשטעטער, האָט אין הויכן עלטער פון 84 יאָר, איבערגעשריטן די בריק פון דער קעגנוואַרט צו דער אייביקייט פון דער געשיכטע.

ווי זעלטן ווער, האָט מ. ד. בראַנדשטעטער דערלעבט צו זען מיט אייגענע אויגן דעם היסטאָרישן אָפּשלוס פון אַ תקופה, צו וועמענס שעפער ער אַליין האָט געהערט. ער האָט מיטגעווירקט אין דער בלי־צייט פון דער השכלה, דעראָבערט

זיך אין איר אַ חשובן פלאַץ און אויך געהאַט די זכיה צו זען דעם בילאַנס פון דער השׂכלה־עפּאָכע נאָך איר אָפּשלוס.

אַלס אַמאַטאָר, אַלס אַ חובב שׂפת עבֿר, אַלס אַ פּשוטער ליבהאָבער פון אונדזער אַלטער הייליקער שפּראַך, האָט ער אָנגעהויבן זיינע ערשטע שריט אינעם היכל פון דער העברעאישער ליטעראַטור. אויס בלויזער פּיעטעט פאַר דער דאָזיקער אַלטער ירושה פון אונדזער פאָלק, אויס דאַנקבאַרער ליבע פאַר דער אַלטער מאַמע, אָן וועמענס יונג־ווערן דער גאַנצער השׂכלה־דור האָט נישט געגלויבט, און פאַר־שטייט זיך, אַז אונזדערע שריפטשטעלער אויך נישט, האָט ער זיין גלענצנדיקע פעדער, זיין פרישן לעבעדיקן גייסט, געשטעלט אין איר דינסט. אָבער ער האָט געהאַט דאָס גליק צו דערלעבן דאָס וואונדער, דורך וועלכער די שוין פאַר טויט־געהאַלטענע העברעאישע שפּראַך איז פאַריינגערט געוואָרן און צוריק אָנגעהויבן קלינגען מיט פרישע לעבעדיקע קלאַנגען אין די מיילער פון טויזנטער קינדער




מתכבדים אנחנו להזמין את כ׳ עם משפחתו הנכבדה

אל

**החגיגה והבנקט**

אשר יערכו לכבוד יובל השבעים של הסופר העברי

הגדול בן עירנו מר

**◎ מ. ד. ברנדשטטר ◎**

**ביום כ״ז כיון, 21 יוני, בשעה 8 בערב,**

**באולם זולדינגר.**

על ערכו של התן היובל בספרות העברית, ינאמו

שורת דברנים וסופרים מצוינים.

אהרי הנאומים תגשנה דפוטציות של חברות ואגודות

::: ::: את ברכותיהן. ::: :::

ברטיסי כניסה אל החגיגה במחיר שלשה ושנים כתרים,

וברטיסי השתתפות בבנקט שלשה כתרים נמצאים

בבית מסחר הספרים של א. י. זיידן.

ברטיסים אל הבנקט ימכרו רק עד כ״ד סיון, 18 לירח יוני.

**בעריש מאשלער** נשיא הקהלה היהודית

**דר. שמואל שפאן** — **צבי שרפשטן**

כס״ח ההסתדרות הציונית האמריקנית — נשיא העבריים האמריקניים

די איינלאַדונג צו דער יובל־פייערונג לכבוד מ. ד. בראַנדשטעטער אינעם יאָר 1914

פונעם פאַרייניגטן פאָלק אין דעם פאַרייניגטן אויפגעלעבטן יידישן לאַנד. דאָס גליק וואָס איז נישט באַשערט געווען זיין פאָרגייער י. ל. גאָרדאָן און זיין ליטעראַרישן חבר פרץ סמאָלענסקין, דאָס גליק האָט מ. ד. בראַנדשטעטער זוכה געווען צו זען מיט אייגענע אויגן.

און טאַקע אין דעם פרט מוזן מיר אונטערשיידן צווישן בראַנדשטעטער פון דער השכלה־עפּאָכע און צווישן דעם פון דער איצטיקער רענעסאַנס־עפּאָכע. דער ערשטער, דער השכלה־בראַנדשטעטער, האָט געפילט אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט אַ מין חסד של אמת, אַ חסד וואָס מען טוט מיט אַ טויטן, פון וועלכן מען האָפט שוין מער גאָרנישט צו באַקומען. דער צווייטער אָבער, דער בראַנדשטעטער פון אונדזער צייט, איז איבערראַשט געווען צו זען, אַז די אַלטע מאַמע, די העברעאישע שפּראַך, וועלכע איז שוין באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מת, איז ווידער לעבעדיק געוואָרן און אַלס אַ לעבעדיקע האָט זי איר ליבהאָבער דאַנקבאַר אָפּגעדינט מיט דער פּיעטעט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן. די דאָזיקע העברעאישע שפּראַך, פון וועלכער בראַנדשטעטער האָט, נישט קוקנדיק אויף איר כלומרשטער טויטקייט, נישט געקאָנט זיך אָװעקרייסן, האָט אים אויך זיין יידנטום פאַרייניגט, זי האָט אין אים צוריק דערוועקט דעם גלויבן אין אייביקן כוח פון זיין פאָלק און זיינע נאַציאָנאַלע געפילן זענען אַ דאַנק דער השפעה פון דער שפּראַך־רענעסאַנס אויך באַלעבט און פאַרייניגט געוואָרן. בראַנדשטעטער האָט אַ דאַנק זיין בונד מיט דער העברעאישער שפּראַך איבערגעלעבט דעם אַסימילאַציע־קריזיס, וועלכן אונדזער פאָלק האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן אַדורכגעמאַכט, אויס דעם אַלטן משכיל איז געוואָרן אַ יונגער באַגייסטערטער ייד.

צום שלוס ווילן מיר נאָך דערמאָנען מיט אַ פּאָר ווערטער, אַז דער פאַר־שטאָרבענער איז געווען אַ קינד פון גאַליצישן יידנטום, און מיר, זיינע ענגערע לאַנדסלייט, דאַרפן זיין שטאָלץ אויף דעם שאַץ מיט וועלכן מיר האָבן מזכה געווען די העברעאישע ליטעראַרישע וועלט. מיט זיין באַרימטן נאָמען איז אונדזער שטאָט טאָרנע און זיין געבורט־שטעטל בריגל פאַראייביקט געוואָרן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע פונעם יידישן פאָלק. די לייענער פון בראַנדשטעטערס ווערק, וואָס געפינען זיך אויף דער גאַנצער וועלט, דערמאָנען מיט אַכטונג דעם נאָמען פון אונדזער שטאָט, וועלכע האָט זוכה געווען צו זיין די היים פון אַ גרויסן זון פון יידישן פאָלק, פון אַ שטאָט, אין וועמענס מויערן ס׳האָט געאַרבעט דער גרויסער יידישער גייסט און וואו ער האָט פאַר זיין פאָלק געשאַפן די אייביקע היסטאָרישע ווערטן. דאַנקבאַר בויגן מיר זיך אין טרויער פאַר דער מיטה פון דעם אומפאַר־געסלעכן דיכטער מ. ד. בראַנדשטעטער.

ת נ צ ב ״ה.

* * *

אָנהויב אויגוסט 1929 יאָר איז אויפן יידישן בית־עולם אין טאָרנע אַנטהילט געוואָרן אַן אימפּאָזאַנטער דענקמאָל אויף וועלכן עס איז דאָ אַן אייפשריפט, פאַרפאַסט דורך מרדכי דוד בראַנדשטעטער ביי זיין לעבן. די אַנטהילונג פון דענק־מאָל איז פאָרגעקומען צום ערשטן יאָרטאָג פון גרויסן נפטר.

## פראָפ. לעאָן קעלנער

איז דער שטאָלץ פון טאַרנער יידנטום. ער איז געבוירן אין טאַרנע אין יאָר 1859. אין יאָר 1900 נעמט ער איבער די דאָצענטור פון ענגליש און ענגלישער ליטעראַטור אויפן ווינער אוניווערזיטעט, און פון יאָר 1904 איז ער אוניווערזיטעט־פראָפעסאָר אין טשערנאָוויץ. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן וועגן דער ענגלישער שפּראַך און ליטעראַטור. אין זיין פריסטער יוגנט איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. ביי דאָקטאָר טעאָדאָר הערצלס לעבן האָט ער געהערט צו זיינע הייסטע אָנהענגער און אַ געוויסע צייט רעדאַגירט „די וועלט״.

## פנחס סימא

פונקט ווי טאַרנאָפּאָל און בראָדי, אַזוי איז טאַרנע אין גאַליציע געווען די שטאָט, וואו עס האָט זיך פרי באַוויזן דער טיפּ פונעם ייד — משכיל, וועלכער האָט געשעפּט פונעם קוואַל פון דער וועלטלעכער קולטור און פונדעסטוועגן נישט נאָר דערווייטערט זיך פונעם יידישן שטאַם, נאָר זיך נאָך באַמיט אים צו פאַר־פעסטיקן און שטאַרקן זיינע וואָרצלען. דערפאַר האָבן טאַרנער משכילים פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אינעם פּראָצעס פון אויפלעבן די העברעאישע ליטעראַטור און שפּראַך. פנחס סימא אין געווען אַ משכיל וואָס האָט גוט געקענט אונדזער יודאַאיסטיק.

## נפתלי קעללער

לעבן פנחס סימא האָט צווישן די טאַרנער משכילים פאַרנומען אַ גאָר אָנגעזען אָרט נפתלי קעללער. מען קאָן אים דרייסט באַטראַכטן פאַר איינעם פון די ערשטע פּיאָנערן פון העברעאיזם אין שטאָט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלשריפט א. נ. „ביכורים״.

## משה ארענשטיין

לערער פון רעליגיע אין דער שול א. נ. באַראָן הירש אין טאַרנע, וואו ער האָט געלערנט אין מאָדערנעם גייסט. נאָך פּרץ סמאָלענסקין האָט ער אַ געוויסע צייט רעדאַגירט דעם „השחר״. משה אָרענשטיין איז דער מחבר פון דער געשיכטע „תולדות גויי ימי קדם״.

## זכריה־מענדל שאַפּירא

ווען די געזעלשאַפט „אהבת ציון" האָט אין טאַרנע געגרינדעט די ערשטע העברעאישע שול, איז איינער פון די ערשטע לערער געווען ז. מ. שאַפּירא, אַ הייסער משכיל, הגם דורכאויס רעליגיעז. אין יאָר 1900 האָט ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז געווען לערער. אין טאַרנער העברעאישער שול האָט ער געלערנט צוזאַמען מיטן לערער באַזלער, פאָטער פונעם באַקאַנטן טאַרנער אַדוואָקאַט ד"ר באַזלער, וועלכער איז אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. זכריה מענדל־שאַפּירא איז געשטאָרבן אין זכרון־יעקב אין יאָר 1938.

## לייבוש קאָרעץ

צו דערזעלבער קאַטעגאָריע משכילים אין טאַרנע האָט געהערט לייביש קאָרעץ, מחבר פון דער בראָשור אין העברעאיש „האתרוג" און אַנדערע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אויסגאַבן לטובת דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. אַלס 70־יאָריקער זקן איז ער עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

## בן ציון ראַפּאַפּאָרט

לאַנגע יאָרן איז געווען אין קראָקעווער העברעאישער גימנאַזיע פּראָפעסאָר פון דער העברעאישער שפּראַך, בן ציון ראַפּאַפּאָרט, געבוירן אין טאַרנע אינעם יאָר 1884, וואו ער האָט אויך געלערנט אין דער ישיבה. מיט אייגענע כוחות און פלייס האָט ער דערוואָרבן וועלטלעכע וויסנשאַפט און מיט גרויס אינטערעס שטודירט פילאָזאָפיע. מיט דער צייט איז בן ציון ראַפּאַפּאָרט אַרויסגעוואַקסן צו אַ באַרימטן יידישן געלערנטן און זיינע פילאָזאָפישע ווערק האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג אין די ברייטסטע וויסנשאַפטלעכע קרייזן. בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז ער אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים. פּרטים וועגן לעבן און שאַפן פון בן ציון ראַפּאַפּאָרט אינעם אַרטיקל פון בן ציון צאַנגען און ש. ה. בערגמאַן.

## מרדכי און פישל וויסמאַן

אַ זאַמלונג רעליגיעזע לידער פון פאַרשידענע מחברים און אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע אָפּהאַנדלונגען, דער עיקר איבערן תלמוד, אגדה און מדרש, האָט אַרויסגעגעבן דער טאַרנער ייד מרדכי ווייסמאַן. זיין ברודער פישעלע ווייסמאַן איז געווען אַ שרייבער און אַ געוויסע צייט טאַרנער קאָרעספּאָנדענט פון „המגיד".

## אברהם־יהודה היימאַן

באַדייטנדיקער משכיל, וועלכער האָט אין דער דעמאָלטיקער העברעאישער ליטעראַטור אַריינגעבערענגט ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

## משה־אהרון וויזען

טאַלענטירטער שרייבער און דיכטער. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם „לוח שעשועים". נאָכן פאַרענדיקן זיין סטודיום אין דער שווייץ, איז ער אַרויס־געפאָרן קיין ווין, וואו ער איז אַ געוויסע צייט געווען פּראָפעסאָר פון דער העב־רעאישער שפּראַך אינעם העברעאישן פּעדאַגאָגיום א. נ. פון ראַבינער ד"ר חיות. ער האָט אַרויסגעגעבן אַן אויסגעצייכנטע העברעאישע גראַמאַטיק, געשטיצט אויף די דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער שפּראַכוויסנשאַפט. ער האָט אויך אין יידיש פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג פאָלקלאָר „חכמה און חריפות". אין יאָר 1938 איז ער אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט אַנטוויקלט אַ וויכטיקע פּעדאַגאָגישע טעטיקייט. אַלס מיטגליד פונעם „ועד הלשון" האָט ער גענאָסן פון גרויס אָנזען אין די פּעדאַגאָגישע קרייזן. איז נפטר געוואָרן אינעם יאָר 1953.

## צבי רומעלד

לערער און דערציילער, האָט אין משך פון פיל יאָרן געוואוינט אין טאַרנע. צווישן אַנדערע האָט ער אַרויסגעגעבן דאָס בוך „הלאה הנשק".

## רב שלמה קורץ

האָט געשמט אין טאַרנע פאַר אַ פרומען משכיל. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען אין דער העברעאישער שפּראַך.

## משה־אהרון און חיים נייגער

משה־אהרון נייגער איז געווען אַ באַדייטנדיקער געלערנטער, וועלכער האָט דערצויגן אַ גאַנץ דור אין טאַרנע. אויך זיין זון חיים נייגער איז געווען אַ געלערנ־טער און באַדייטנדיקער קענער פון דער העברעאישער שפּראַך. אינעם יאָר תרצ"ק איז דערשינען זיינס אַ ספר „אבות לבנים".

## יוסף אומאַנסקי

ייען דאָס העברעאישע שול־וועזן אין טאַרנע האָט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע טריט, איז דערשינען איינער פון די ערשטע לערער, אַן איבערגעגעבענער און אויסדויערנדיקער פיאָנער פון דער העברעאישער שפּראַך — יוסף אומאַנסקי. אַלס געניטער קענער פון תלמוד, האָט ער אַרויסגעגעבן אַן אַרבעט „חכמי התלמוד", וואו ער פּרוּווט דעם שלל געדאַנקען אין תלמוד אויסטיילן לויט די געדאַנקען פון יעדן מחבר באַזונדער, שאַפנדיק אַזוי אַרום איין גאַנצקייט פון די באַזונדערע געדאַנקען, וואָס זענען צעוואָרפן איבערן גאַנצן תלמוד. די דאָזיקע אַרבעט, אַ באַווייז פון גרויסע קענטעניש פונעם שפּעדיקן תלמוד־מאַטעריאַל, האָט אַרויסגערופן אַנערקענונג מצד באַרימטע אויטאָריטעטן אויף דעם געביט, ווי דיכטער חיים־נחמן ביאַליק, פּראָפ. באַלאַבאַן, פּראָפ. שאָר, פּראָפ. ווייס. אין בריוו צום מחבר האָבן זיי אים אויסגעדריקט אַ דאַנק און אַנערקענונג פאַר דער דורכגעפירטער אַרבעט. אין יאָר 1931 איז דערשינען די צווייטע מאָנאָגראַפיע פון אומאַנסקין — „ספר רב" (אין צוויי טיילן). די ערשטע אַנטהאַלט רב׳ס ביאָגראַפיע, די צווייטע — זיינע אָפּהאַנדלונגען, געדאַנקען און אַנשויאונגען, אויסגעסדרטע לויט א"ב.

אין יאָר 1934 האָט י. אומאַנסקי געפייערט דעם 25־יאָריקן יובל פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אין טאַרנע. דערנאָך האָט ער מיט זיין משפחה עולה געווען קיין ארץ־ישראל, וואו ער וואוינט ביזן היינטיקן טאָג.



צום 25־יאָריקן יובל פון י. אומאַנסקיס ליטעראַרישער טעטיקייט (1934).

## אברהם כהנא (אבר״ך)

פון יאָר 1907 געפירט אַ ברייטע ליטעראַרישע און פובליציסטישע טעטיקייט אין טאַרנע. אַ דערצויגענער אין טאַרנער בית־המדרש, האָט ער דערנאָך פאַרטיפט זיין תלמודיסטיש וויסן, און איז אין פריען עלטער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון ציוניזם און השכלה. ער איז געוועזן איינער פון די ערשטע ציוניסטישע פראָפּאַגאַנדיסטן צווישן דער חסידישער יוגנט אין טאַרנע. ער שליסט זיך אָן אין מזרחי און ווערט איינער פון זיינע ערשטע אָנגעזעענע טוער אין גאַליציע. כהנא׳ס ערשטע אַרטיקלען צייכענען זיך אויס מיט טיפער קענטעניש פון יודאַאיסטיק, אַלגעמיינע אינטעליגענץ און שפּראַך־קענטעניש, וואָס זענען טיף פאַרוואָרצלט אין דער יידישער טראַדיציע. זיי זענען דערשינען אין „השחר״, „המצפה״ און „העברי״ נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געוועזן אין פּראַג און מיטגעאַרבעט אין אַ גאַנצער ריי יידישע צייטונגען: „זעלבסטוועהר״, „יידישע פאָלקסשטימע״ אין בערן, „המצפה״, „הצפירה״, „הירדן״, „די צייט״, „העולם״ און די „וואָכענשריפט״ פון ד״ר בלאָך. כהנא האָט אויך פאַרעפנטלעכט עטלעכע קלענערע אַרבעטן, צוו. אַנד. אַ מאָנאָגראַפיע וועגן מהר״ל. אין יאָר 1920 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין פשעמישל, פון וואַנען ער האָט געשיקט זיינע אַרטיקלען אין אַ ריי יידישע און העברעאישע צייטונגען, ווי: „טאָגבלאַט״, „מאָרגן״, „הארץ״ און אנד. אין דרוק זענען צוו. אנד.



אברהם כהנא (אבר״ך)

דערשינען זיינע אַרבעטן „לקורות יהודי ביהם", אברהם מאפו, און אין דייטש „ישראל בעל־שם". כהנא׳ס פעליעטאָנען, קריטישע אַרטיקלען און רעצענזיעס זענען צעוואָרפן איבער פיל צייטשריפטן אין פאַרשידענע שפּראַכן. זיי גיבן אַ בילד פון אַ באַדייטנדיקער ליטעראַרישער דערגרייכונג פון אַ באַשיידענעם מענטשן, וועלכער האָט זיך נישט געיאָגט נאָך רום. זיינע אַרבעטן נעמען אַרום טיפע פּראָבלעמען פון יידישן וויסן און זאָגן עדות וועגן דער ערודיציע פונעם קריטיקער, וועגן זיין אַלזייטיקן קענען אונדזער אַלטע ליטעראַטור, פאַרבונדן מיט מאָדערנער בילדונג און צוגעבונדנקייט צו דער יידישער טראַדיציע. אברהם כהנא, וועלכער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1936, זעצט דאָ פאָר זיין ליטעראַרישע אַרבעט אונטערן פּסעוודאָנים אבר״ך.

## פּראָפ. שלום באַראָן

אַ זון פון באַקאַנטן טאַרנער בירגער אליהו באַראָן (אומגעקומען מיט זיין פרוי בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע), איז שלום באַראָן געבוירן געוואָרן אין טאַרנע אין יאָר 1895. אַלס עקסטערניסט האָט ער געענדיקט די מיטל־שול. דעם אוניווערסיטעט האָט ער פאַרענדיקט אין ווין, באַקומענדיק פיר דאָקטאָראַטן: פילאָזאָפיע, רעכט טעאָלאָגיע און פּאָליטישע וויסנשאַפטן. אין משך פון עטלעכע יאָר איז ער געווען פּראָפעסאָר פאַר יידישער געשיכטע אינעם העברעאישן פּעדאַגאָגיום א. נ. פון ראַבינער חיות אין ווין. אין יאָר 1927 איז ער אַנגאַזשירט געוואָרן אויפן טעאָלאָגישן סעמינאַר פון סטיפען וויז אין ניו־יאָרק. פּראָפ. סאַלאָ באַראָן האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, און צוו. אַנד. (אין יאָר 1920) „די יידנפראַגע אויפן ווינער קאָנגרעס"; אין יאָר 1923 — אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג איבער פערדינאַנד לאַסאַל. אין ניו־יאָרק איז דערשינען אויף ענגליש אַ גרעסער ווערק „געטאָ און עמאַנציפּאַציע" און „נאַציאָנאַליזם און אומטאָלעראַנץ". ביידע ביכער האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן אין אַמעריקע. פון יאָר 1930 איז שלום באַראָן געוויינלעכער פּראָפעסאָר אויפן קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק.

## יהודה יערי (וואַלד)

געלערנט אין דער טאַרנער קלויז און דערנאָך דערצויגן אינעם טאַרנער השומר הצעיר. אינעם יאָר 1920 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס ביבליאָטעקאַר אין דער ירושלימער אוניווערסיטעט. אין לאַנד איז ער געוואָרן אַ טאַלענטירטער העברעאישער שרייבער, פאַרנעמט באַלד אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַ בכבודיקן פּלאַץ און איז אינעם יאָר 1952 אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין ליטעראַרישער טעטיקייט מיטן פּרס אוסישקין. פּרטים וועגן יהודה יערי׳ס שאַפן אינעם אַרטיקל פון וו. ברכיה.

* * *

אין טאַרנע זענען געבוירן געוואָרן, דערצויגן זיך, געלערנט און געוואוינט אַ לענגערע צייט ד״ר בינענשטאָק מאַקס, ד״ר יצחק שיפּער, און ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער.

## ד״ר מאקס בינענשטאק

געבוירן דעם 24־טן מערץ 1881 יאָר אין טאַרנע. אונטערן איינפלוס פון זיין מוטער (געבוירן קנאַפּף), אַ געבילדעטע און אינטעליגענטע פרוי — האָט ער פון דער פריסטער קינדהייט געצויגן צו ביכער און צו לערנען. זייענדיק אַכט יאָר אַלט, האָט ער שוין געקענט אַלע דייטשע קלאַסיקער און איז אָנגעגאַנגען פאַרן פּעאיקסטן שילער אין דער טאַרנער גימנאַזיע. ביים גאָר יונגן בינענשטאָק האָט דערוועקט אַן אינטערעס די ציוניסטישע באַוועגונג אין טאַרנע, און אַלס 16־יאָריקער שילער פון זעקסטן קלאַס האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אינעם ציוניסטישן פאַריין „התחיה״. אין יאָר 1902, גלייך נאָך זיין מאַטורע, האָט ער געגרינדעט אַ ציוניסטישע מיידל־אָרגאַניזאַציע „מרים״ און דעם ערשטן ציוניסטישן אַקאַדעמישן פאַריין „בר־כוכבא״, וועמענס ערשטער פּרעזעס ער איז געווען. איז איז אויך צו פאַרדאַנקען די אַנטשטייאונג (אין יאָר 1903) פונעם ערשטן פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין טאַרנע.

מאַקס בינענשטאָק איז געווען איינער פון די ערשטע אין גאַליציע פּאָפּולאַריזאַטאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור. אויך זיין פרוי פּראַנטשישקאַ (שטאָק) האָט דערצו אַ סך מיטגעהאָלפן דורך אירע איבערזעצונגען אויף פּויליש.

שוין גאָר יונגערהייט האָט ער אָנגעהויבן אין טאַרנע דעם קאַמף פאַר דער „דעראָבערונג פון דער קהילה״ דורך די ציוניסטן.

נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט (1908), האָט ער באַקומען דעם וויסנשאַפטלעכן טיטל דאָקטאָר־פילאָזאָפיע אויפן סמך פון זיינער אַ דיסערטאַציע וועגן היינריך היינע. אין יאָר 1910 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט וועגן יידישע עלעמענטן אין די שאַפונגען פון היינע. אין יאָר 1913 — אַ גרעסערע אַרבעט וועגן די אַרטיסטישע איינשטעלונגען פון איבסען. אין יאָר 1912 האָט בינענשטאָק איבערגעזעצט אויף דייטש די „אומגעטלעכע קאָמעדיע״ פון קראַשינסקי, אויסער אַ גאַנצער ריי פּעדאַגאָגישע סטודיומס. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מאַקס בינענשטאָק אַנטוויקלט אין מזרח־גאַליציע אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט לטובת די מלחמה־פּליטים, מלחמה־קרבנות און יידישע יתומים. נאָכן פאַלן פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע האָט ער געאַרבעט לטובת אַ ריי יידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, גרינדנדיק דעמאָלט אין סטרי (וואו ער האָט געלערנט אַלס פּראָפעסאָר אין אַ גימנאַזיע), אַ פּירקלאַסיקע יידישע שול. ער רעדאַגירט די לאָקאַלע צייטשריפט „די יידישע פאָלקס־שטימע״. בעת דער אוקאַאינישער רעגירונג איז ער אין דעם טייל גאַליציע דערוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון צענטראַלן יידישן ראַט אַלס רעפערענט פאַר שול־ענינים.

נאָכן פאַלן פון דער מערב־אוקראַאינישער רעפּובליק, ווערט ער צוליב אַ פּאָל־
שער מסירה אַרעסטירט אין יוני 1919. ער זיצט עטלעכע וואָכן אין דער לעמבערגער
תפיסה, און נאָכן פאַרלאָזן זי, באַזעצט ער זיך שוין אין לעמבערג, וואו ער נעמט
איבער די דירעקציע פון אַ יידישער גימנאַזיע. מאַקס בינענשטאָק האָט אין לעמבערג
אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט אַלס פּובליציסט, ליטעראַטור־קריטיקער און
פּאַרטיי־טוער. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם ראַדיקאַל־
דעמאָקראַטישן פליגל אין דער גאַליצישער ציוניסטישער באַוועגונג, פון וועלכער
עס איז שפּעטער אַנטשטאַנען די ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות". ער
ווידמעט דער דאָזיקער פּאַרטיי פיל אַרבעט און רעפּרעזענטירט זי אויף פאַרשידענע
ציוניסטישע קאָנפערענצן. פאַר דער צייטונג „דאָס פרייע וואָרט" שרייבט ער
זייער פיל אַרטיקלען. אין יאָר 1921 ווערט ער דערוויילט אַלס דעלעגאַט פון
„התאחדות" צום צוועלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד.

אין יאָר 1922 ווערט ער פון דער נאַציאָנאַל־יידישער ליסטע דערוויילט אַלס
דעפּוטאַט פון פּוילישן סענאַט. ער ווערט אָבער אינגיכן קראַנק. דעמזעלבן יאָר איז
ער געשטאָרבן. איינער פון די גרויסע און איידעלע זין פון טאַרנער יידנטום.
ביז דער לעצטער מינוט האָט מאַקס בינענשטאָק געדינט דעם ציוניסטישן אידעאַל —
מיט זיין פעדער, אָראַטאָרישן טאַלאַנט, אָרגאַניזאַטאָרישע און פּעדאַגאָגישע
פעאיקייטן. כבוד זיין אָנדענק.

## ד"ר יצחק שיפּער

געבוירן אין טאַרנע דעם 9־טן נאָוועמבער 1884 יאָר. דאָ האָט ער געענדיקט
די פאָלקס־שול און אָריבער אין גימנאַזיע. אין די יונגע גימנאַזיע־יאָרן האָט ער
זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיט דער שיינער ליטעראַטור, וועגן וואָס שיפּער
דערמאָנט זייער אָפט אין זיינע יוגנט־זכרונות, שילדערנדיק אויך וויאַזוי ער האָט
פאַרברענגט צוזאַמען מיט זיין שול־חבר ראַדעק־סאָבעלסאָן. נאָכן ענדיקן די מיטל־
שול, האָט שיפּער שטודירט רעכט און פילאָזאָפיע אויפן יאַגעללאָנער אוניווערסיטעט
אין קראָקע און אין ווין. באַלד אין ערשטן יאָר פון זיין לערנען אויפן אוניווער־
זיטעט האָט ער באַקומען אַן אויסצייכענונג פאַר זיין היסטאָרישער אַרבעט „וועגן
דער געזעצגעבונג לגבי יידן אין פּוילן אין די צייטן פון קאַזימיר דעם גרויסן".

אַלס צוואַנציקיאָריקער יוגנטלעכער האָט ער אין דייטש פאַרעפנטלעכט זיין
אַרבעט „דער אָנפאַנג פון קאַפּיטאַליזם ביי די מערב־יידן אין מיטלאַלטער". דאָס
דאָזיקע ווערק האָט באַדאַרפט זיין דער אָנהויב פון אַ גרעסערע אַרבעט איבער דער
ווירטשאַפטלעכער געשיכטע פון יידן און האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אָפּקלאַנג
אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז עס איבערזעצט
געוואָרן אויף רוסיש.

אין יאָר 1911 האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט זיין „סטודיום איבער די ווירט־
שאַפטלעכע באַציאונגען פון יידן אין פּוילן אין מיטלאַלטער", — אַ פּרעמירט
ווערק אויפן וויסנשאַפטלעכן קאָנקורס א. נ. פון סט. וואַוועלבערג, דורכן פילאָ־

זאָפישן פאַקולטעט פון לעמבערגער אוניווערזיטעט. צו שיפּערס וויכטיקע אַרבעטן געהערן נאָך: „קריטיק פון דער ליטעראַטור בנוגע דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן" (1909), „אָנטייל פון יידן אין גרויסהאַנדל מיטן אָריענט", „הומאַניזם און די יידנפראַגע" (מוריה 1911), „פּויליש־ליטווישע יידן און פּאַלעסטינע" (ווין 1917), „אָנהייב פון די יידן אין פּוילן" (ווין 1918), „די שול, קלויסטער און פאַרשידנ־גלויביקע געמיינדעס" (מוריה), „יידן פון פּוילישן קעניגרייך בעתן נאָוועמבער־אויפשטאַנד". אוסער דעם האָט ד״ר י. שיפּער פאַרעפנטלעכט פיל אָפּהאַנדלונגען און אַרבעטן אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק אין פּוילישע, דייטשע און יידישע צייטשריפטן און קאַלענדאַרן. שיפּערס ערודיציע און אַלזייטיק וויסן איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק אין זיין ווערק „יידן אין באַנייטן פּוילן".

צו שיפּערס גרעסערע אַרבעטן געהערן: „ווירטשאַפט־געשיכטע" (אין יידיש) און „געשיכטע פון יידישן טעטאַטער און דראַמע" (אין יידיש). אויסער דעם איז דערשינען זיינס אַ גרעסער בוך „געשיכטע פון יידישן האַנדל אויף פּוילישער ערד".

ד״ר י. שיפּער איז פון דער פריסטער יוגנט געווען איינער פון די אָנפירנדיקע פּועלי־ציון טוער אין פּוילן. ביזן יאָר 1919 האָט ער געוואוינט אין טאָרנע. ערשט נאָכן טויט פון ד״ר ראָזענפעלד, האָט ער איבערגענומען דעם מאַנדאַט אין פּוילישן סיים און צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. בעת זיין וואוינען אין טאָרנע, האָט ער דער אָרטיקער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע געהאָלפן מיט וואָרט און טאַט. יעדן שבת פלעגט ער האַלטן רעפעראַטן אין פאַרטיי־קלוב. ווען עס האָבן געפעלט פאָנדן צו באַצאָלן דירה־געלט פאַרן פּאַרטיי־לאָקאַל, האָט ד״ר שיפּער אַוועקגעגעבן זיינע לעצטע גראָשנס פאַר דעם צוועק. איך געדענק, אַז ווען כ׳האָב אין יאָר 1912 (אָדער 1913), איבערגעגעבן ד״ר שיפּער, אַז דער באַלעבאָס פונעם לאָקאַל אויף אָגראָדאָווע דראָט מיט אַן עקסמיסיע צוליבן נישט באַצאָלן דירה־געלט, וואָס האָט באַטראָפן עטלעכע צענדליק עסטרייכישן קראָן, האָט ד״ר שיפּער גלייך אַראָפּגענומען זיין זילבערן זייגערל, איבערגעגעבן עס מיר און געבעטן כ׳זאָל עס פאַרזעצן און באַצאָלן דעם חוב דירה־געלט.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ד״ר שיפּער געוואוינט אין קראָקע, וואו ער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסער ווערק „געשיכטע פון דער יידישער נויט". ליידער איז דער דאָזיקער כתב־יד אַוועקגעגנבעט געוואָרן פון זיין וואוינונג בעת אַן איינברוך פון גנבים. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין געטאָ וואַרשע און אָנטיילגענומען אין דער אונטערערדישער אויפשטאַנד־באַוועגונג.

ד״ר שיפּער איז געווען פאַרבונדן מיט טאָרנע מיט משפּחהדיקע, געזעלשאַפט־לעכע און פערזענלעכע פעדים, און ווען ער איז געווען מיד פון זיין פּאָליטישער, וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז ער געקומען קיין טאָרנע און דאָ פאַרברענגט זיינע פעריען. ער איז אומגעקומען אין נאַצי״סטישן לאַגער, וועגן וואָס מיר באַריכטן גענוי אינעם קאַפּיטל „אומקום".

## ד״ר ווילהעלם בערקעלהאמער

געבוירן אין טאַרנע, אין יאָר 1889. דאָ האָט ער פאַרענדיקט די מיטל־שול און נאָכן באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון רעכט אויפן ווינער אוניווער־סיטעט, האָט ער זיין אַדוואָקאַטישע פּראַקטיק דורכגעפירט אין טאַרנע, וואו ער האָט אויך פאָרטגעזעצט זיין ציוניסטישע און פובליציסטישע טעטיקייט. דאָ האָט ער רעדאַגירט די „מוריה״, און אין יאָר 1918 האָט ער איבערגענומען די הויפּט־רעדאַקציע פון „נאָווי דזיעננניק״ אין קראָקע. אויף דעם אַמט איז ער פאַרבליבן ביזן יאָר 1920, און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין טאַרנע. פון 1920 ביז 1922 איז ער געווען פרעזעס פון דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. שפּעטער איז ער אַוועק קיין וואַרשע און רעדאַגירט דאָרט די צייטונג „נאָוויני צאָדזשעננע״. ד״ר בערקעלהאַמער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע אַרבעטן, צוו. אַנד. „מיר און די פעלקער פון דער וועלט״. אין יאָר 1925 באַזעצט ער זיך צוריק אין קראָקע און נעמט ווידער איבער די רעדאַקציע פון „נאָווי דזשעננניק״, וועלכע איז אונטער זיין אָנפירונג געוואָרן איינע פון די ערנסטע און פאַרשפּרייטסטע יידישע צייטונגען אין פּוילן. צוויי מאָל האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל. ער איז פּלוצים געשטאָרבן אין זאַוואָיאַ, דעם 17־טן אויגוסט 1934 יאָר.

דער טויט פונעם באַגאַבטן, אַרבעטזאַמען און שטילן פובליציסט און ציוניס־טישן פירער האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם טרויער ביי דער יידישער באַפעל־קערונג אין מערב־גאַליציע, וואו ער איז געווען שטאַרק באַליבט און געשעצט פון אַלע יידישע קרייזן. כבוד דיין אָנדענק!

## ד״ר ש. מארגאשעס

איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן און פובליציסטן פון ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגענפרייהייט״, האָט זיינע וועלטלעכע לימודים באַקומען אין טאַרנער גימנאַזיע. געבוירן אין יוזעפאָוו (לעבן טאַרנע) אין יאָר 1887. דערצויגן אין חדר און ישיבה אין ראַדאָמישל, שפּעטער באַזוכט גימנאַזיע אין טאַרנע, וואו ער האָט אין יאָר 1903 געגרינדעט אַ ציוניסטישן סטודענטן־קרייז.

קיין אַמעריקע אויסגעוואַנדערט אין יאָר 1905. שטודירט פילאָזאָפיע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן אויפן קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק. דאָקטאָראַט באַקומען אין יאָר 1917. שטודירט אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. לייטער פון דערציאונגס־דעפאַרטאַמענט פון דער ניו־יאָרקער קהילה ביז צום יאָר 1918. שעף־רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „טאָג״ אין די יאָרן 1922—1941. מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַמעריקע. פרע־זידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד. מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. וויצע־פרעזידענט פון אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס. מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. באַטייליקט זיך אין יידישע, העברעאישע און

ענגלישע צייטשריפטן. מחבר פון „געשיכטע פון יידישער דערציאונג אין דייטש־לאַנד אין 1648—1848״.

ד״ר מאַרגאָשעס איז נישט בלויז באַדייטנדיקער זשורנאַליסט און שרייבער, נאָר אויך אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער און מיטבאַטייליקער אין די פּאָליטישע אַקציעס פונעם אַמעריקאַנער יידנטום, וואו ער שטייט אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון קאַמף פאַר ריאַליזירן די ציוניסטישע פאָסטולאַטן. ער געהערט צו די טעטיקסטע טוער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

## ד״ר אליהו טיש

געבוירן און געענדיקט די גימנאַזיע אין טאַרנע. ביי זיינע עלטערן האָט ער באַקומען אַ גוטע יידישע דערציאונג און האָט זיין וועלטלעכע בילדונג דערגענצט מיט יידיש וויסן. זייט די ערשטע יאָרן פון זיין צוגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג — האָט ער געהערט צו די בעסטע ציוניסטישע פאָלקסרעדנער אין גאַליציע. שטודירנדיק אין ווין, איז ער געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מיט־גלידער פון דער סטודענטן־געזעלשאַפט „טעאָדאָר הערצל״. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (1921) איז ער געווען אַ געוויסע צייט הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם קראָקעווער „נאָווי דזשענניק״. דערנאָך איז ער אַריבער קיין ניי־סאַנדז, וואו ער האָט געווירקט אַלס אַדוואָקאַט און אַקטיווער ציוניסטישער עסקן און פאַרנומען אַן אָנפירנדע ראָל אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע, אַרויס־ווייזנדיק אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג פאַר ענינים פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ. זייט עטלעכע יאָרן וואוינט ד״ר אליהו טיש אין ירושלים.

## דניאל לייבל (אלכסנדר)

אין ישראל איז זייט פיל יאָרן טעטיק דער געניטער זשורנאַליסט, טאַרנער בן־עיר, דניאל לייבל, באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים אלכסנדר. אַן אויסגעצייכנטער קענער פון העברעאיש, מייסטער פון יידישן וואָרט, האָט ער זיין פּובליציסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די יאָרן 1919—23 האָט ער מיטגעאַרבעט אין צענטראַל־אָרגאַן פון פועלי־ציון „אַרבעטער צייטונג״ אין וואַרשע. אין דער דאָזיקער ערנסטער אַרבעטער צייטונג האָט ער פאַרעפנטלעכט זיינע פּאָליטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען. צו יענער צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער „ביים גרינעם לאָמפּן־שיין״. ער האָט אויך איבערזעצט אויף יידיש וויספּיאַנסקיס „ריכטער״ און „דניאל״. נאָכן באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל (אין יאָר 1924), ווידמעט ער זיך כסדר דער יידישער און העברעאישער אַרבעטער־פּרעסע. אין יאָר 1929 איז אַרויס זיין העברעאישע איבער־זעצונג פון סלאָוואַצקיס „אַנהעללי״. ער איז שעף־רעדאַקטאָר פון דער עלטסטער יידישער צייטונג אין ישראל — „נייוועלט״, וואו ער שרייבט אויף ליטעראַרישע

און פּאָליטישע טעמעס. ער איז היינט־צו־טאָג איינער פון די פּאָפּילערסטע און ערנסטע יידישע פובליציסטן אין ישראל.

## בן-ציון צאנגען

אין ישראל איז איצט טעטיק אַלס זשורנאַליסט און טעאַטער־רעצענזענט דער טאַרנער בן־ציון צאַנגען. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער מיט־געאַרבעט אין דער לעמבערגער „כווילאַ״. איצט פאַרעפנטלעכט ער אין די ערנסטע צייטונגען אין ישראל אָפּהאַנדלונגען איבער טעאַטער־פאַרשטעלונגען, פילם־רעצענזיעס און פובליציסטישע אַרטיקלען.

## מנשה אונגער

דערצויגן אין טאַרנע, אַ זון פון זשאַבנער רב, ר׳ שלום דוד אונגער זצ״ל. נאָך זיין אַריבערפאָרן קיין וואַרשע, האָט ער אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין דער דאָרטיקער יידישער פרעסע, שרייבנדיק דער עיקר וועגן חסידישן לעבן. עטלעכע זיינע ערנסטע ביכער פון דעם געביט זענען ביז איצט דערשינען. איצט איז מנשה אינגער איינער פון די מיטרעדאַקטאָרן פון ניו־יאָרקער „טאָג״.

## איגנאַץ געלב

געבוירן און געענדיקט די מיטלשול אין טאַרנע. נאָכן פאַרענדיקן די אוני־ווערזיטעט, איז ער געוואָרן דאָקטאָר פון אָריענטאַליסטישע וויסנשאַפטן, באַקומען אַ וויסנשאַפטלעכן טיטל אַלס אוניווערסיטעט־אַסיסטענט אויפן פאַקולטעט פאַר אָריענטאַליסטישע וויסנשאַפטן אין טשיקאַגאָ. נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז איגנאַץ געלב באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד אין דער אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלעכער עקספּעדיציע אין מעזאָפּאָטאַמיע. זיינע עלטערן, איבערגעגעבענע ציוניסטישע עסקנים און געזעלשאַפטלעכע טוער אין טאַרנע, זענען אומגעקומען פון היטלעריסטישע רוצחים.

## נפתלי ווייניג

אַ געבוירענער אין טאַרנע, האָט ער גאָר פרי אָנגעהויבן שרייבן ליטעראַרישע קריטיק, מיט וועלכער מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט אין די שרייבערישע קרייזן אין פוילן. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געפונען אין ווילנער געטאָ און געפירט דאָרט אַ קולטור־טעטיקייט. ער איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט פון די היטלעריסטישע רוצחים.

## אדאלף רודניצקי

באַדייטנדיקער און איצט אַממיינסטן געלייענטער פוילישער שריפטשטעלער. ער שטאַמט פון דער טאַרנער אַרטאָדאָקסישער פאַמיליע הירשהאָרן.

## יוסף ראַגעל

אַ טאַרנער קינד. אַ יונגער, טאַלאַנטירטער דיכטער. אַדורכגעמאַכט די מלחמה־צייט אין פאַרשידענע דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן. נאָך דער באַפרייאונג פאָרט ראַגעל קיין קאַנאַדע (מאָנטרעאַל), וואו עס דערשיינט זיינס אַ בוך: „אוישוויץ״, אַ זאַמלונג פון לידער, געווידמעט זיין אויסגעמאָרדעטער משפחה און די קדושים פון זיין היים־שטאָט טאַרנע. דאָס בוך — אַרויסגעגעבן דורך אַ קאָמיטעט פון שרייבער אין קאַנאַדע, באַווייזט גרויסע דיכטערישע פעאיקייטן פונעם מחבר.

## יעקב ניימארק

זון פון אַ באַקאַנטער, בכבודיקער טאַרנער משפחה. געווען פאָפולער אין טאַרנע מיטן נאָמען „דער רויטער יענקל״. שוין אין די יונגע יאָרן איז ער געווען טעטיק אַלס יידישער דיכטער און איז באַקאַנט געווען מיט זיינע באַגאַבטע דיכטערישע שאַפונגען אין גאַנץ גאַליציע. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַריבער קיין דרום־אונגאַרן, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין אַ דאָרף און איז דאָרט אומגעקומען מיט דער גאַנצער משפחה פון די היטלעריסטישע רוצחים.

## לעאָן פעלדשטיין

באַקאַנט אַלס „לייבקע״, האָט לעאָן פעלדשטיין געהערט אין טאַרנע צו די ערשטע פירער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (זש. פ. ס.). אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג האָט ער אַרויסגעוויזן פאַר יידישער ליטעראַטור און האָט גאָר פרי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פלאַץ צווישן די ערשטע ליטעראַטור־קריטיקער אין גאַליציע. זיין צוגעהעריקייט צו דער זש. פ. ס. האָט אים נישט געשטערט צו זיין אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פונעם לעמבערגער „טאָגבלאַט״. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק אין דער שווייץ, וואו ער איז געווען טעטיק אויפן געביט פון יידישער קולטור. ער איז געשטאָרבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אין דער שווייץ.

# ד״ר דוד איינהאָרן

זון פונעם באַקאַנטן מלמד „פרענקל לערער״, אין וועמענס חדר עס האָט געלערנט אין די פריערדיקע יאָרן דער גרעסטער טייל פון דער יידישער שטודירנ־דיקער יוגנט אין טאָרנע. דער יונגער דוד איינהאָרן האָט נאָכן פאַרענדיקן די טאָרנער גימנאַזיע שטודירט אין ווין פילאָזאָפיע און איז אויסגעוואָקסן צו אַ באַ־דייטנדיקן וויסנשאַפטלער און געהערט צו די מיטאַרבעטער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער וויסנשאַפטלעכער צייטשריפט „סציענצאַ״. ד״ר דוד איינהאָרן האָט זיך קונה שם געמאַכט מיט זיין אייגנאַרטיקער טעאָריע, וואָס באַקעמפט דעם דאַר־וויניזם אויף פילאָזאָפישע יסודות.

צו דער יונגסטער גענעראַציע וויסנשאַפטלער, וואָס שטאַמען פון טאָרנע געהערט צבי ווּרובעל (היינט אנקורי). זיין פאָטער, אייזיק ווּרובעל איז געקומען קיין טאָרנע נאָך אַלס יונגער בחור, אָנגעהויבן לערנען אין דער קלויז און איז באַלד געוואָרן דער בעסטער תלמיד פונעם באַקאַנטן למדן רבי משה׳ל. מיט דער צייט האָט אייזיק ווּרובעל אָנגעהויבן צו געבן לעקציעס אין גמרא אַ גאַנצע ריי זין פון אָנגעזעענע בעלי בתים, ווי למשל, דעם זון פון אליהו באַראָן ז״ל, דעם היינטיקן באַרימטן פּראָפעסאָר שלום באַראָן אין אַמעריקע.

דער יונגער צבי ווּרובעל איז געבוירן אין טאָרנע, וואו ער האָט אויך באַזוכט די העברעאישע גימנאַזיע „שפה ברורה״. שוין אַלס גאָר יונגער גימנאַזיע שילער האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן און איז געווען דער שטאָלץ פון דער „שפה ברורה״ אין טאָרנע. שוין ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער עולה געווען קיין ארץ ישראל, אָנגעהויבן שטודירן אויף דער אוניווערסיטעט אין ירושלים און בשעת דער מלחמה געדינט אין דער יידישער בריגאַדע. נאָך דער מלחמה האָט ער אַלס שילער פון דער ירושלימער אוניווער־סיטעט, אַ דאַנק זיינע פעאיקייטן, באַקומען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַ סטי־פענדיע כדי אין אַמעריקע צו פאַרטיפן זיינע וויסנשאַפטלעכע קענטענישן.

## יידישע פעדאגאגן, מאלער, פלאסטיקער, סקולפטארן זינגער און מוזיקער פון טארנע

## ד״ר רודאלף טויבנשלאג

זיין פאָטער, ר׳ יוסף טויבנשלאַג, האָט געוואוינט אין טאָרנע אין פילזנער טויער. זיינע צוויי זין רודאָלף און אַדאָלף האָט ער דערמעגלעכט צו שטודירן. רודאָלף האָט דערוואָרבן דריי דאָקטאָראַטן, פון מעדיצין, רעכטוויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, און האָט אויסערדעם אַרויסגעוויזן באַדייטנדיקע פעאיקייטן אַלס זינגער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען לערער אין דער העברעאישער גימנאַזיע אין לאָדזש און האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע פעדאַגאָגישע צייט־שריפטן. דער פוילישער רעגירונג האָט ד״ר רודאָלף טויבנשלאַג פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון רעפאָרמירן דאָס פוילישע מיטלשול־וועזן, וואָס איז טאַקע טיילווייז אָנגענומען געוואָרן. זיינע פעדאַגאָגישע קענטענישן האָט ער געהאַט מעגלעכקייט צו אַנט־וויקלען אַ דאַנק די שטודיען־סטיפּענדיעס, וואָס ער האָט באַקומען פון דער פּוי־לישער מלוכה. ער איז אומגעקומען מיט זיין פרוי אין די נאַציסטישע לאַגערן. זיין ברודער אַדאָלף טויבנשלאַג איז געווען לאַנגע יאָרן דירעקטאָר פונעם ווינער באַנק־פאַריין אין טאָרנע. נאָך דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געקומען מיט זיין פרוי קיין ישראל און דאָ געשטאָרבן פאַר עטלעכע יאָר.

## מיכאל בראנדשטעטער

מיכאַל בראַנדשטעטער, דער זון פון מרדכי דוד בראַנדשטעטער, איז געבוירן געוואָרן אין טאָרנע אין יאָר 1888. ער האָט שטודירט אין לעמבערג און אין ווין, און שוין אַלס סטודענט פאַרעפנטלעכט זיינע אָפּהאַנדלונגען אין דער „מוריה״. נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט, איז ער געוואָרן לערער פון דער דייטשער שפּראַך אין אַן עסטרייכישער גימנאַזיע און רעדאַגירט דעם פעדאַגאָגישן חודש־זשורנאַל „מוזעאום״, אַרויסגעגעבן דורך די פּוילישע מיטלשול־לערער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיינע גאַנצע פעדאַגאָגישע פעאיקייטן געווידמעט דעם יידיש־נאַציאָנאַלן שולוועזן. אין יאָר 1921 נעמט ער איבער די לייטונג פון דער יידישער מענער־גימנאַזיע אין לאָדזש, דערנאָך (שוין ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה), איז ער געווען דירעקטאָר פון דער יידישער פּרויען־

גימנאַזיע מיט העברעאיש־פּוילישן אונטעריכט. אין לאָדזש האָט מיכאַל בראַנד־שטעטער פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן „החלוץ". ער האָט רעדאַגירט די „רינגען", פּעדאַ־גאָגישע צייטשריפט אין העברעאיש און פּויליש, ווי אויך אַרויסגעגעבן אַ פּעדאַ־גאָגישן זשורנאַל אין פּויליש פאַר דער יידישער יוגנט — „אונדזער גאָרטן". ער האָט אויך מיטגעווירקט אין ד"ר עלענבערגס „יידישע מאַנאַטשריפט" („מיע־שענטשניק זשידאָווסקי") און אָנגעפירט אין לאָדזש מיט דער דאָרטיקער „געזעל־שאַפט פריינט פון העברעאישן אוניווערסיטעט".

אינעם בוך „חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע" פון מלך נייַ־שטאַדט, דערוויסן מיר זיך דעם ווייטערדיקן גורל פון מיכאַל בראַנדשטעטער. אין צווייטן טייל פונעם בוך (ז' 382) לייענען מיר:

„אויך נאָכן מלחמה־אויסברוך איז מיכאַל בראַנדשטעטער געבליבן אויף זיין וואַך־פּאָסטן אין דער לאָדזשער יידישער גימנאַזיע ביז דעצעמבער 1939, און ערשט דאַן האָט ער אונטערן דרוק פון זיינע פריינט, מסכים געווען אַריבערצופאָרן קיין וואַרשע. תחילת האָט ער דאָרט געוואוינט ביי זיינעם אַ ברודער און שפּעטער האָט ער צוזאַמען מיט דער פרוי און טאָכטער געוואוינט אין אַ קליין צימערל. ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר אינדיווידועלער באַהאַנדלונג פון געזעלשאַפטלעכע פּערזאָנען, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן ביים יידישן אַמט פאַר סאָציאַלער הילף (זש. ט. א. ס.). ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די אונטערערדישע העברעאישע „תרבות"־גימנאַזיע, האָט ער דאָרט געאַרבעט אַלס לערער. אין געטאָ האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אַ מעמואַרן־בוך וועגן זיין פּאָטערס הויז. בשעת דעם אָנהויב פונעם גירוש אין יאַנואַר 1943, איז ער געלעגן קראַנק. די דייטשן זענען אַריין אין זיין צימער (זאַמענהאָף־גאַס 44) און אים גע־צוואונגען אַראָפּצוגיין אין הויף נישט אָנגעטועענערהייט, בלויז אין איין העמד. און אַזוי האָבן זיי אים דערמאָרדעט. זיין פרוי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן בשעתן גירוש. זיין טאָכטער איז אומגעקומען בעתן געטאָ־אויפשטאַנד".

מיכאַל בראַנדשטעטער איז אָפּט געקומען קיין טאָרנע, נאָך ווען זיין פּאָטער האָט געלעבט. אַלס פאַרדינסטפולער פּעדאַגאָג, געזעלשאַפטלעכער טוער פון וויסנ־שאַפטלער, געהערט ער צו די הערלעכע געשטאַלטן פון טאָרנער יידנטום. כבוד זיין אָנדענק!

אויף דעם געביט פון פּעדאַגאָגיק איז ישראל האָבן זיך אויסגעצייכנט און זענען טעטיק דריי טאָרנער יידן: ד"ר דוד נייגער, ד"ר ז. זילבערפעניג און ד"ר חיים אָרמיאַן.

## ד"ר דוד נייגער

דער זון פון חיים נייגער ז"ל, האָט פאַרענדיקט די גימנאַזיע אין טאָרנע און איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען לעקטאָר פון העברעאיש אויפן ווילנער אוניווערזיטעט א. נ. סטעפאַן באַטאָרי. איצט איז ער וויצעדירעקטאָר פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין חיפה.

## ד״ר ז. זילבערפעניג

געבוירן און געלערנט אין טאַרנע, האָט זיין פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אָנגעהויבן אַלס דירעקטאָר פון דער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה״ אין טאַרנע און דערנאָך איבערגענומען די לייטונג פון דער העברעאישער גימנאַזיע א. נ. חיים הילפשטיין אין קראָקע. איצט — לייטער פון דער שול־אָפּטיילונג ביי דער תל־אביבער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

## ד״ר חיים ארמיאן

געבוירן אין טאַרנע און דאָ אויך פאַרענדיקט די גימנאַזיע. נאָכן פאַרענדיקן די אוניווערזיטעט אין ווין, איז ער נאָך פאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ ישראל, וואו ער האָט פאַרפולקאָמט זיינע וויסנשאַפטלעכע סטודיען. היינט איז ער דאָצענט אויף דער אוניווערזיטעט אין ירושלים.

## מרדכי בראנשטיין (ארדון)

אין יאָר 1905 געקומען קיין טאַרנע פון רוסיש פּוילן מיט זיינע עלטערן און מערערע געשוויסטער, האָט ער אַלס יונגער בחור געשעפּט זיין בילדונג און נייגונגען אין דער סביבה פון פועלי־ציון אין טאַרנע און אָנטיילגענומען נאָך אַ סך יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין אַלע קולטורעלע פאַראַנ־שטאַלטונגען אַלס באַגאַבטער דעקלאַמאַטאָר און פּעאיקער שפּילער אין אַמאַטאָ־רישע דראַמאַטישע אַרויסטרעטונגען פון דער דעמאָלטיקער טאַרנער פועלי ציון. שפּעטער איז מרדכי בראַנשטיין אַריבער קיין בערלין, וואו ער האָט געלערנט ביי ריינהאַרדט און געוואָרן אַ באַדייטנדיקער שוישפּילער. צוגלייך אָבער האָט ער זיך באַקענט מיט מאָלער־קרייזן און איז באַלד איבערגעגאַנגען צו דער מאָלעריי און קונסטגעווערבע און מיט איבערגעגעבנקייט שטודירט אין דייטשלאַנד די יסודות פון די דאָזיקע קונסטשאַפונגען, אַרויסווייזנדיק אויף דעם געביט אַ באַזונדערן טאַלענט און גרויסע פעאיקייטן.

שוין אַלס באַדייטנדער קינסטלער און מאָלער איז מרדכי בראַנשטיין עולה קיין ארץ ישראל נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און נעמט איבער די לייטונג פון דער קונסט־שול בצלאל אין ירושלים. מיט זיינע אָריגינעלע קונסט־שאַפונגען האָט ער זיך דערוואָרבן אין ישראל אַ בכבודיקן פּלאַץ אַלס אַ באַדייטנ־דיקער מאָלער און פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ישראלדיקער קינסטלער־משפחה. זיין שטענדיקער וואוינאָרט איז ירושלים, וואו ער געהערט צום ראַט פון דער קונסט־אָפּטיילונג ביים משרד החינוך והתרבות ביי דער ממשלה.

## מוקדי

מוקדי — אַ זון פון אברהם בראַנדשטעטער, איז געבוירן אין טאַרנע אינעם יאָר 1902. ערשטע קונסט־לימודים באַקומט ער אין ווין, וואוהין זיין פאַמיליע האָט אויסגעוואַנדערט מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ באַזונדערע נייגונג האָט ער צו מוזיק. ער פאַרט שפּעטער קיין ציריך און שטודירט אין דער דאָרטיקער קאָנסערוואַטאָריע. אויך די טעאַטער־וועלט וועקט ביי אים אינטערעס. דער אַכצן־יאָריקער זאַמלט אַרום זיך אַ גרופּע קינדער און מיט מיניאַטור־פּיעסן, צו וועלכע ער האָט אַליין פאַרפאַסט דעם טעקסט און מוזיק, שפּילט ער מיט זיי טעאַטער. אינעם יאָר 1920 איז ער עולה קיין ארץ ישראל, וואו ער מאָלט און גיט אויך לעקציעס איבער מוזיק און מאַלעריי.

אַ גרויסן דערפאָלג ברענגט אים די ערשטע אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין חיפה אינעם יאָר 1926 און דאָס האָט אים געשטויסן זיך צו ווידמען אינגאַנצן דער מאַלעריי. פינף יאָר פאַרברענגט ער דערנאָך אין פאַריז און ווען ער קערט זיך צוריק קיין ארץ ישראל אינעם יאָר 1932, ווערט אינעם תל־אביבער מוזיי איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער. ער באַזוכט דערנאָך בעלגיע, שוועדן, אַרבעט אַ לענגערע צייט אין די פאַרייניקטע שטאַטן און קומט צוריק קיין ישראל אינעם יאָר 1949. דאָ ווערט ער באַשטימט אַלס דירעקטאָר פון דע־פּאַרטאַמענט פאַר שיינער קונסט ביים בילדונגס און קולטור מיניסטעריום. זייט דעם יאָר 1952 געהערט ער צו דער לייטונג פון אינסטיטוט פאַר מאַלעריי און בילד־קונסט אין תל־אביב. אינעם יאָר 1952 האָט ער אַלס פאָרשטייער פון ישראל־דיקער קונסט אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין ווענעדיק און אינעם יאָר 1953 טרעט מוקדי אַרויס מיט אַן אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק.

וועגן דער דאָזיקער אויסשטעלונג לייענען מיר צווישן אַנדערע אין דעם ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט „אויפבוי" פונעם 6.2.53 :

„זיין — מאַקאַדיס — איצטיקע אויסשטעלונג פון איבער פופציק בילדער אין דער פיגל־גאַלעריע (ניו־יאָרק) אַנטהאַלט אויך „לאַנדשאַפט 1952" מיט 19 בילדער. זיינע קאָמפּאָזיציעס פון אַ הויכער מאַלערישער קולטור — באַווייזן נישט נאָר דאָס אויפנעמערישע אויג פונעם באַאָבאַכטער, נאָר אויך די ריטמישע קענט־שאַפט פונעם געבוירענעם מוזיקער. — „אינטעריאָר" מיט זיין שוואַרצן אונטער־גרונט און „אין טבריה" זענען דעם מאַלערס שטימונגספולע שאַפונגען."

## בן ציון וויינמאַן

זיין פאָטער ר' הירש צבי וויינמאַן איז געווען חזן אין דער נייער שול אין טאַרנע ביז צום יאָר 1914. בן ציון איז געבוירן אין רוסלאַנד און אַלס יונגער בחור געקומען מיט זיינע עלטערן קיין טאַרנע, וואו ער האָט געלערנט ביי וויכטיקע מלמדים. שוין אין די יונגע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע פאַראינטערעסירונג פאַר ליטעראַטור און פאַרפעסטיקט זיינע קענטענישן אין עברית.

נאָכן טויט פון זיין פאָטער האָט ער אין די צוואַנציקער יאָרן עמיגרירט קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט די העברעאישע שרייבער אין ניו־יאָרק מיט ראובן בריינין בראש און באַלד זיך דערוואָרבן אַ געהעריקן פלאַץ אַלס יונגער העברעאישער דיכטער. זיין דראַמע „נפתולי כנור" איז דערשינען אין „נימים" און עס זענען געמאַכט געוואָרן הכנות צו דרוקן זיינע ווייטערע דראַמעס „הנביאים" און „שלמה המלך".

די היטלעריסטישע כוואַליע, וואָס האָט זיך פאַרשפרייט אין די דרייסיקער יאָרן האָט טיף געווירקט אויף בן ציונס קינסטלערישער נשמה און ער האָט אָנגעהויבן צו צוויפלען, צי דאָס געזאָגטע און געדרוקטע וואָרט קאָן דעם קינסטלער דינען אַלס אַ מיטל אויסצודריקן זיינע מחשבות. ער האָט טאַקע פאַרלאָזט די ליטעראַטור און איז אָן וועלכער פאַכמענישער שולונג איבערגעגאַנגען צו דער קונסט פון מאָלעריי און באַלד אויסגעקעמפט זיך — הן צוליב זיין אָריגינעלן פאַרנעם פון טעמען, הן צוליב זייער אויספירונג — אַ בכבודיקן נאָמען אַלס באַדייטנדיקער מאָלער. זיינע בילדער זענען אויסגעשטעלט געווען אין די גרויסע אַמעריקאַנער מוזעאומס און אוניווערסיטעטן און אַ סך פון די בילדער זענען געקויפט געוואָרן דורך וויכטיקע בילדער־גאַלעריעס אין ניו־יאָרק און וואַשינגטאָן. ווען אַמעריקאַנישע קינסטלער האָבן געשיקט קיין ישראל אַלס מתנה זייערע בילדער — האָט זיך אין דער גאַלעריע אויך געפונען אַ בילד פון בן ציון ווינמאַן.

## אלעקסאנדער פלוצער

דער באַוואוסטער פאָרטרעטיסט, פראָפעסאָר פון צייכענען אין דער טאָרנעו רעאַל־שול, אַביטוריענט פון דער קראָקעווער אַקאַדעמיע פאַר שיינער קונסט, האָט פיל מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער אַרטיסטישער באַוועגונג אין טאָרנע. ער פלעגט אָפט איינאָרדענען אין די זאַלן פון שטאָטישן מוזיי זיינע בילדער־אויסשטעלונגען. די עטלעכע צענדליק בילדער זיינע האָבן עדות געזאָגט וועגן זיינע גרויסע אַרטיסטישע מעלות. באַזונדערס אויסגעצייכנט האָבן זיך זיינע בלומען און פאָרטרעטן פון טאָרנער פערזענלעכקייטן. אַלעקסאַנדער פלוצער געפינט זיך איצט אין ישראל, וואו ער זעצט פאָר זיין אַרטיסטישע טעטיקייט.

## אבא פעניכעל

אַ באַקאַנטער און טאַלענטירטער קונסטמאַלער אין ישראל, געבוירן אין זשאַבנע נעבן טאָרנע. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע־שטודיען אין טאָרנע, האָט ער פאַרענדיקט די קונסט־אַקאַדעמיע אין קראָקע און געווען ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה פראָפעסאָר פון צייכענען אין דער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה" אין טאָרנע. אבא פעניכעל׳ס פאָרטרעטן פאַרנעמען איצט אין ישראל אַ בכבודיקן פלאַץ אין דער גאַלעריע פון ישראלדיקע קונסטמאַלער.

אין טאַרנע איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן די פעאיקע סקולפּטאָרין פרל. י. קערנער, וועמענס אַרבעטן פון קעראַמיק זענען געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכן קינסטלערישן ניוואָ. פרל. קערנער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט דער דורך איר אַרויסגעברענגטער קונסט אויף וואַזעס, פּלאַקאָנען, שיסלען און פאַרשידענע פיגורן, ווי אויך קליינינקייטן אויסגעשניצטע פון שטיין.

איר ברודער זיגמונט קערנער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אַלס אַרטיסט אין דער סקולפּטור־קונסט.

## דוד בעקער

צו די יונגע סקולפּטאָרן געהערט אויך דוד בעקער. שוין אין די יונגע יאָרן ווייזט ער אַרויס אַלס זון פונעם באַקאַנטן מצבה־קריצער בעקער, אַ גרויסע נייגונג און טאַלאַנט צו סקולפּטור, וואָס האָט אים פאַרהאַלפן אָנגענומען צו ווערן אויף דער קונסט־אַקאַדעמיע אין קראָקע, הגם ער האָט נישט געהאַט קיין גימנאַזיע־שטודיען. די מלחמה האָט איבערגעריסן זיין לערנען און ווען ער איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען פון רוסלאַנד קיין טאַרנע, האָט ער דאָס פּראָיעקטירט און אַליין אויסגעפּערטיקט דעם מאָנומענט, וואָס שטייט אויף דעם מאַסן־קבר פון 25.000 דערמאָרדעטע יידן אויף דעם טאַרנער בית עולם. איצט געפינט זיך בעקער זייט עטלעכע יאָר אין ישראל און אַרבעט ווייטער אויף דעם געביט פון סקולפּטור.

## שושנה שושן

שושנה שושן — אַן אייניקל פונעם טאַרנער היטלמאַכער ר׳ לייביש ראַכמיל ז״ל איז עולה געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט אירע עלטערן קיין ישראל. שוין אין טאַרנע האָט זי אַלס קינד אַרויסגעוויזן אַ גרויסן טאַלענט צום זינגען, אַ ירושה פון איר פאָטער שמואל ראַכמיל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טענאָר־שטים אינעם כאָר, וועלכן עס האָט דיריגירט אין דער נייער שול דער דיריגענט קינסטלער. אויסערדעם האָט אויך שושנה׳ס פאָטער אָנטיילגענומען לאַנגע יאָרן אין די טאַרנער געזאַנג־פאַריינען. אין ישראל האָט שושנה אַ דאַנק איר הערלעכער שטים זיך שנעל אַנטוויקלט און באַקומען די מעגלעכקייט אַרויס־צופאָרן קיין אַמעריקע, צו דערגענצן און אַנטוויקלען אירע געזאַנג־קענטעניש. אין אַמעריקע האָט זיך שושנה שושן שנעל דערוואָרבן אַ געהעריקן פּלאַץ אין דאָרטיקע זינגער־קרייזן און ווען זי איז אין די ראַמען פון אַ קאָנקורס אַרויס־געטרעטן מיט אַ געזאַנגס־פּראָגראַם אין דער ניו־יאָרקער טעלעוויזיע, האָט זי באַקומען דעם ערשטן פּרייז. שושנה טרעט איצט אַרויס אין גרעסערע שטעט אין אַמעריקע מיט איר געזאַנג־פּראָגראַם און רופט אַרויס גרויס באַוואונדערונג ביים דאָרטיקן יידישן עולם.

אויפן געביט פון מוזיק האָט זיך אויסגעצייכנט דער טאַרנער זענאָ פליישער, וועלכער האָט געענדיקט די ווינער מוזיק־אַקאַדעמיע. ער איז אויך אַרויסגעטרעטן אַלס פידלער, דערגרייכנדיק אַ גרויסן דערפאָלג. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

אָנשטאָט אַ הקדמה

## ד״ר וו. בערקעלהאַמער ז״ל

### טאַרנע אין דער געאָגראַפיע פון ציוניזם *

דער חשובער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע — נחום סאָקאָלאָוו — אַרבעט, דוכט זיך, שוין עטלעכע יאָר, איבער אַ גרויס ווערק וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „געאָגראַפיע פון ציוניזם״. דאָס וועט זיין אַן ענציקלאָפּעדישע צונויפשטעלונג פון אַלע ערטער אויף דער וועלט, וואו די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט צו פאַרצייכענען פאַקטן און געשעענישן פון באַדייטנ־דיקער וויכטיקייט. דאָס וועט, הייסט עס, זיין נישט נאָר די געאָגראַפיע, נאָר אויך די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין דער דאָזיקער געאָגראַפיע פון ציוניזם וועט טאָרנע זיכער פאַרנעמען אַן אָנגעזעען און בכבודיק אָרט.

איך בין נישט קיין ספּעציעלער לאָקאַלער פּאַטריאָט, איך ווייס זייער גוט אַז אָדעס, ווילנע, קאַטאָוויץ, ווין, באַזעל, האָבן אין דער געשיכטע פון אונדזער באַוועגונג זיך איינגעשריבן מיט גרעסערע און דויערהאַפטיקערע אותיות, אָבער אויפן אונדזער באַזונדערן, פּוילישן, אַמאָל גאַליצישן שטח, דאַרף טאָרנע נישט בלויז זיך נישט פאַרשעמען, נאָר גראָד פאַרקערט — עס האָט דערגרייכט איינס פון די ערשטע, שענסטע און היסטאָרישע ערטער.

* * *

פונקט ווי די שטאַם־אַריסטאָקראַטיע רעכנט זיך נישט פון ערשטן, נאָר פון די גאָר עלטסטע דורות, אַזוי האָט די „שטאַם״־אַריסטאָקראַטיע אין ציוניזם איר אייגענעם קריטעריום: צי איז איר ציוניזם פון די צייטן פאַר אָדער נאָך הערצלען. אַ ציוניסטישער אַריסטאָקראַט — „סיט וועניאַ ווערבאַ״ (זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן) — וועט זיין אַלזאָ דער, וועלכער איז געווען ציוניסט נאָך איידער הערצל איז אויפגעטרעטן, אויב פאַרשטייט זיך, דער דאָזיקער פּרעטענדענט אויפן טיטל פון ציוניסטישן אַדל האָט געלעבט און איז שוין געווען פּאָליטיש רייף פאַרן יאָר 1895/6. דאָס, פאַרשטייט זיך, הייסט אָבער נישט, אַז דער, וואָס איז נישט קיין ציוניסטישער אַריסטאָקראַט, זאָל נישט זיין קיין גוטער ציוניסט, אָבער אונדז גייט נישט אין ווערטפולקייט, נאָר טאַקע אין... אַריסטאָקראַטיע.

*) דעם אַרטיקל האָט ד״ר וו. בערקעלהאַמער ז״ל געשריבן פאַרן יובל־בוך „50 יאָר ציוניזם״, אַרויסגעגעבן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע אינעם יאָר 1934.

אַלזאָ, טאַרנע איז געווען אַריסטאָקראַט אין בעסטן זין פון וואָרט. טאַרנע איז געווען אַ ציוניסטישע שטאָט — און נאָך אַ וואָסערע! — עטלעכע גוטע יאָר פריער איידער עס איז אויפגעטרעטן דער שעפער און פירער פון פּאָליטישן ציוניזם. אויב אין דער געשיכטע פון ציוניזם זענען פאַראַן עטלעכע ערטער, איבער וועלכע עס שוועבט פאַר יעדן ציוניסט דער טייערער אָרעאָל פון ציוניסטישער ראָמאַנטיק, איז צווישן די דאָזיקע אָרטשאַפטן אונדזער קליין באַשיידן טאַרנע איינע פון די ערשטע. דאָ האָט אונדזער פאַרדינסטפולער און אומגעווײנלעכער אין זיין ענערגיע ד״ר אברהם זאַלץ, צוזאמען מיט זיין קרייז פריינט און חברים פון טאַרנער יידנטום, אָנגעצונדן דעם פלאַם פון ציוניסטישן ענטוזיאַזם אין צייטן ווען אויף דער ברייטער וועלט האָט מען נאָך קיין פּיפּס נישט געטאָן וועגן פּאָליטישן ציוניזם, וועגן זיין הויכן און זיגרייכן פאָראויסמאַרש. דאָ —אין אונדזער קליינעם שטילן טאַרנע — איז אַ הייפל באַגייסטערטע אידעאַליסטן צוגעטרעטן צו רעאַלער ארץ־ישראלדיקער טעטיקייט, צו גרינדן אין ארץ־ישראל קאָלאָניעס, צו אָרגאַניזירן אַהין אַן עמיגראַציע, — אין צייטן ווען ארץ־ישראל איז געווען כמעט אומבאַקאַנט, ווען דאָס אַריבערטראָגן זיך קיין ארץ איז געווען אַן אמתע העלדנטאַט און צו דער ווייטער ארץ־ישראלדיקער ערד האָבן בלויז געוואַנדערט פרומע זקנים, כדי אין הייליקן לאַנד אָוועקצולייגן זייער בינטל ביינער אויף אייביקער רו. דעמאָלט האָט דאָ, אין אונדזער טאַרנע, אויפגעפלאַמט דאָס גרויסע פייער פון ציוניסטישן געדאַנק און טאַט. אַרום האָט געהערשט גלייכגילטיקייט, חוזק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, שלעכטער ווילן האָט געציטשעט. אָבער די פּיאָנערן האָט נישט אָפּגעשראָקן נישט די גלייכגילטיקייט, נישט דער חוזק, נישט דער שלעכטער ווילן, — פּיאָנערן זענען עס טאַקע די מענטשן, וועלכע האַקן אויס אַ וועג דער צוקונפט צווישן געבערג פון צוריקגעשטאַנענקייט און אומווילן פונעם כלל.

° ° °

עס זענען פאַרביי די ערשטע יאָרן פון ציוניסטישער ראָמאַנטיק. עס איז געקומען דער פּאָליטישער ציוניזם אונטערן שטערן פון הערצלס מאַני־פעסט, וואָס האָט דערוועקט גרויסע מאַסן פון יידישן פאָלק אין מזרח ווי אין מערב. דאָס אַלטע חובבי־ציוניסטישע טאַרנע איז נישט געבליבן הינטערשטעליק אויך איצט. איך וויל נישט איינרייסן מיט קיין איין אַנדערער שטאָט פון פריערדיקן גאַליציע, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז זעלטן ווער פון זיי האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל ציוניסטישן ברען און אויסדויער ווי טאַרנע. זעלטן האָט וועלכע שטאָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע פולקאָמע און איבערגעגעבענע צויניסטישע טוער ווי אונדזער שטאָט.

אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין טאַרנע זענען פאַראַן אויך נישט־ציוניסטן. איך וויל לגמרי נישט צואייגענען זיי פאַר אונדזערטוועגן, אָדער איגנאָרירן זייער עקזיסטענץ... אויב אָבער מען קאָן רעדן וועגן אַן אַטמאָספער, וואָס הערשט אין דער געגעבענער שטאָט, וועגן די שטימונגען פון גאַס אין אַ געוויסער שטאָט, וועגן גייסט פון דער שטאָט, וועט יעדער מוזן מודה זיין, אַז דאָס יידישע טאַרנע איז אַ שטאָט דורכאויס און כמעט הונדערטפּראָצענטיק ציוניסטיש.

דאָ אָטעמט די יידישע גאַס מיט ציוניזם. דאָ שיינט אַרויס דער ציוניזם פון יעדן יידס אויגנגלאַנץ. דערמאָנט זיך נאָר אָן אונדזערע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, אונדזערע מאַניפעסטאַציעס, פאַרשידענע וואַלן! דאָ לעבט דער ציוניזם אין יעדן ווינקעלע, און יעדער ווינקל לעבט מיט ציוניזם.

* * *

דער וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער דאָזיקער סביבה, דער, וואָס האָט פון די יינגל־יאָרן איינגעזאַפּט אין זיך, געאָטעמט גליקלעך אין דער ערשטער יוגנט מיט ציוניסטישער לופט פון דער באַשיידענער געליבטער שטאָט, — גיט היינט איבער, צום גרייסן ציוניסטישן יומטוב, זיין טיפן האַרציקן דאַנק דעם ציוניס־טישן טאַרנע.

ד"ר אברהם כאמעט

# די ציוניסטישע באוועגונג אין טארנע

## I.

## אלגעמיינער ציוניזם

### 1. ערב-פרילינג פונעם ציוניזם

וויאַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אין גאַליציע אין דער צווייטער העלפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט? אין עקאָנאָמישן זין האָבן גאַליצישע יידן געלעבט אין נויט, אין דער טיפּישער גאַליציאַנער נויט. צו יענער צייט האָט גאַליציע, באַגלייך מיטן צאַרישן רוסלאַנד און רומעניע, געהערט צו די וויכטיקסטע לענדער, פונוואַנען עס איז געגאַנגען אַ מאַסן־עמיגראַציע פון יידן. געשטויסן צו דער אויסוואַנדערונג אַזאַ גרויסע צאָל יידן האָבן קודם כל די אומנאָרמאַלע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז זיי אויסגעקומען צו לעבן. מען האָט אפילו געפּרוווט צו זוכן רעטונג אין דער אַסימילאַציע, וואָס האָט באַדאַרפט לינדערן די נויט פון די פּאַראָרעמטע יידישע מאַסן. עס האָט זיך אָנגעהובן דער מאַסקאַראַד פון „פּאָליאַקן פון משה רבינו'ס גלויבן", באַגלייט אָפטמאָל מיט ענדערן די פאַמיליע־נעמען, וואָס פלעגט זיך ענדיקן מיט שמד, אויב נישט פון ערשטן, טאָ פון צווייטן דור.

די פרוּוון צו לייזן די יידנפראַגע דורך פולשטענדיקער עמאַנציפּאַציע האָבן נישט געגעבן דעם נויטיקן רעזולטאַט, אפילו אין די מערב־לענדער. דאָס בוך פון משה העס „רוים און ירושלים", דערשינען אין יאָר 1862, האָט אויפגעוויזן די אומזיניקייט פון אַלע ביזאיצטיקע אַסימילאַטאָרישע און עמאַנציפּאַנטישע באַ־מיאונגען. העס, אַ דעמאָקראַט און סאָציאַליסט, איז צו דער יידנפראַגע צוגעגאַנגען פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, באַטראַכטנדיק דאָס יידנטום ווי אַ גאַנצן נאַציאָ־נאַלן איינס, צו וועמענס קאָנסטיטואירונג עס זענען נויטיק פּאָליטישע פּאָר־הנחות, וואָס דעצידירן וועגן קיום פון יעטוועדער פאָלק. קאָן זיין, אַז העסנ'ס ווערק וואָלט פאַרגעסן געוואָרן און נישט געלאָזט קיין שום אָפּקלאַנג, הגם נאָך פאַר אים האָבן נישט געפעלט קיין מענטשן, וואָס האָבן געזוכט מיטלען און וועגן צו באַזייטיקן די יידישע אַנאָמאַליע, אויך דורך אַסימילאַציע. אָבער אין די יאָרן 1860 — 1880 האָבן זיך געלאָזט הערן די ערשטע שטימען פאַרן ווידעראויפבוי פון ארץ־ישראל. די רבנים אליהו גוטמאַכער, הירש קאַלישער פון טורן, יהודה אַלקלעי און ד"ר חיים לוריע פון פראַנקפורט אַן דער אָדער, זענען געווען די ערשטע

פראָפּאַגאַנדיסטן פאַר דער אידעע. דער הויפּטמאָטיוו פאַר זייערע אַרויסטרעטונגען איז געווען דער ווילן צו ראַטעווען די יידישע רעליגע. זיי האָבן געהאַלטן, אַז נאָר אין ארץ־ישראל וועט זיך אויפהאַלטן די יידישע רעליגיע. קאַלישער האָט אין יאָר 1860 צונויפגערופן קיין טורן אַ קאָנפערענץ פון יידישע פערזענלעכקייטן און רבנים, כדי זיך צו באַראָטן איבער די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין ארץ־ישראל. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז אין יאָר 1862 געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט אין פראַנקפורט אַם מיין.

אין דער צווישנצייט זענען אויפגעקומען אויך אַנדערע פלענער אויפצובויען ארץ־ישראל: פון לאָרד שעפטסבורי און סער לאָרענס אָליפאַנט, הויכער ענגלישער באַאַמטער און דיפּלאָמאַט. אין יאָר 1870, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די נייע העברעאישע ליטעראַטור, האָט דוד גאָרדאָן פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען אין וועלכע ער האָט גערופן יידן צו קאָלאָניזירן ארץ־ישראל, ווי אַן איינציקער באַדינג פאַר זייער נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. אין דעמזעלבן גייסט האָט אין יאָר 1879 געשריבן אליעזר בן־יהודה אינעם „השחר״, אַרויסגעגעבן דורך פרץ סמאָלענסקין. די אידעע פון צוריקקער פון יידן קיין ארץ־ישראל, געפינט וואָס אַמאָל מערער אָנהענגער. ווען ס׳איז אין יאָר 1878 פאָרגעקומען דער „בערלינער קאָנגרעס״, האָט אַ גרופּע יידן דאָרט דערלאַנגט אַ מעמאָריאַל, אין וועלכן זיי בעטן באַנייען די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. דער פאָרזיצער פון קאָנגרעס, ביסמאַרק, האָט דעם מעמאָריאַל אָפּגעוואָרפן, מיטן מאָטיוו, אַז ער שטאַמט פון משוגעים...

אין מזרח־אייראָפּע, וואו אויף דער רוסישער ערד פלעגן זיך אָפּשפּילן בלוטיקע אַנטי־יידישע פּאָגראָמען, האָט גראָד די רוסיפיצירטע יידישע יוגנט צוריק געפונען דעם וועג צום יידנטום נישט דורך לאָזונגען, נאָר דורך קאָנקרעטע מעשים. יידישע סטודענטן, אונטערן איינפלוס פון די פּאָגראָמען, האָבן אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל אַלס די ערשטע קאָלאָניסטן, באַקאַנט שפּעטער אונטערן נאָמען בילו׳יים (פון די ראשי־תיבות בית יעקב לכו ונלכו — בילו). דאָס האָבן זיי פון ארץ־ישראלדיקע זאַמדן און רויערד אויסגעכישופט די ערשטע קאָלאָניע ראשון־לציון. דער טאָג פון גרינדן די דאָזיקע קאָלאָניע (ט״ו אב תרנ״ב — 1882), שליסט אָפּ די תקופה פון פאַנטאַזיע. דאָס קערנדל, געוואָרפן אינעם פרוכטבאַרן באָדן, הויבט אָן אויפגיין. עס פאַרגרעסערן זיך די רייען פון די חובבי ציון. אין טייל שטעט אין רוסלאַנד האָבן זיך געשאַפן גרופּעס אָנהענגער פון ציוניסטישן אידעאַל, „חובבי ציון״.

אין יאָר 1882 דערשיינט לעאָ פּינסקער׳ס „אויטאָעמאַנציפּאַציע״. דער הויפּט־געדאַנק פון דעם ווערק איז די הנחה, אַז די סיבה פון אַלע אַנאָמאַליעס פונעם יידישן לעבן איז זיין עקסטעריטאָריאַלקייט, און אַז די לייזונג פון דער יידנפראַגע קאָן פאָרקומען נאָר דורך דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. אַזוי ווי אין די יאָרן 1882—1884 האָבן שוין עקזיסטירט חובבי־ציון גרופּעס אין רוסלאַנד, רומעניע און גאַליציע, און אין יאָר 1883 איז אפילו אין ווין געהאַט שוין געגרינדעט געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־יידישע סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „קדימה״, האָט לעאָ פּינסקער צונויפגערופן פון 6־טן ביזן 12־טן נאָוועמבער 1884 יאָר אַ קאָנפערענץ קיין קאַטאָוויץ, כדי צו קאָאָרדינירן די קאָלאָניזאַציע־אַרבעטן אין ארץ־ישראל, וואָס איז בשעתו גע־

פירט געוואָרן דורך פאַרשידענע גרופּן אין עטלעכע לענדער. אויף דער קאָנפערענץ האָט פינסקער פאַרגעשטעלט דעם פּראָגראַם פון דער חובבי־ציון באַוועגונג און פאַרגעלייגט שאַפן אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע צו שטיצן יידישע קאָלאָניזאַציע אין א״י.

נאָך דעם ווי ס'איז אין יאָר 1890 באַשטעטיקט געוואָרן דער פאַרבאַנד פון די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפטן אין א״י מיטן זיצאָרט אין אָדעס, איז די ציוניסטישע באַוועגונג אַריבער פונעם אַבסטראַקטן פילאַנטראָפּישן עטאַפּ אין אַן עטאַפּ אַ קאָנ־קרעטן ,רעאַלן, מיט אַ נאַציאָנאַלן פאַרנעם. דאָס איז דער ערב־פרילינג פונעם ציוי־ניזם, וואָס איז שפּעטער דערהויבן געוואָרן דורכן נאַציאָנאַלן פירער טעאָדאָר הערצל צו דער באַדייטונג פון אַ נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע.

## 2. „סתם־ציוניזם״

אין דער אויסקריסטאַליזירונג פונעם ציוניזם, אינעם ערשטן גערענגל פאַרן ציוניסטישן געדאַנק, אין די בראשיתדיקע קאָלאָניזאַטאָרישע אָנשטרענגונגען, אין די ערשטע קאַמפן און קרבנותפולע אַרבעטן פאַרן רעאַליזירן דעם ציוניזם, האָבן אַ גאַר חשובן אָנטייל גענומען טאַרנער יידן.

אין טאַרנע, פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט פון גאַליציע, האָט אין דער צווייטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט זיך צעהוליעט די דייטש־פּוילישע אַסימילאַציע, אַ פאַרמאַטעריאַליזירטע, אַ דערווייטערטע פון יידישע ווערטן. אָט אין דער פאַר־סמטער אַטמאָספער האָבן עטלעכע יונגעלייט, נאָר וואָס אַרויס פון די שולן, ישיבות און חדרים, זיך גרופּירט אַרום דער בלוי־ווייסער ציוניסטישער פאָן און אויפגעהויבן די מרידה געגן דער מאָראַלישער גאַנגרענע וואָס האָט זיך צעגאָסן אויפן יידישן קערפּער. צו דער ערשטער יידיש־נאַציאָנאַער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „קדימה״, וואָס איז אין יאָר 1883 געגרינדעט געוואָרן אין ווין אונטער דער אָנפי־רונג פון העברעאישן שרייבער פּרץ סמאָלענסקין, האָבן געהערט טאַרנער יידישע סטודענטן: אברהם זאַלץ, ז. בראָמבערג, אויסאיבעל, אָפּנער, פלוגאייזן. זומער 1884 יאָר, האָבן דריי יידישע יוגנטלעכע אין טאַרנע, געלאָזט זיך מיטרייסן און איבער־צייגן מיט די שילדערונגען פון דעם „קדימה״־מיטגליד, דעם טעכניקער אויסאיבעל פון טאַרנע, וועגן די היסטאָרישע צילן פון דער נייער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי זענען אַוועק פונעם וועג פון אַסימילאַציע און מיט באַגייסטערונג אַריבער צום ציוניסטישן גלויבן. דאָס זענען געווען די טאַרנער אַביטוריענטן אברהם זאַלץ, זיגמונט בראָמבערג (שפּעטער ביטקאָווסקי), דער סטודענט עדוואַרד שוואַגער. אַלע דריי זענען גלייך צוגעטרעטן פירן ציוניסטישע אַגיטאַציע. אין טאַרנע געפינט זיך אָבער בלויז עדוואַרד שוואַגער און זיינע באַמיאונגען איינצופלאַנצן אין שטאָט ציוניסטישע אידעאַלן, טרעפן אַן אויף גרויסע שוועריקייטן. אין אַ בריוו, דאַטירט פון 2־טן דעצעמבער 1884 יאָר *, שרייבט ע. שוואַגער צו זיין טאַרנער חבר אברהם זאַלץ, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין ווין:

* יובל־בוך „50 יאָר ציוניזם״, אַרויסגעגעבן אונטער דער רעדאַקציע פון אברהם כאָמעט דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע 1934.

„וואָס שייך אונדזער לייענזאַל, וועלן זיך אין אים פון ערשטן יאַנואַר אָן גע־פינען אַן ערך אַכט יידישע צייטונגען, אויסער דעם העברעאישן יאָרבוך „המאסף״, וואָס ווערט געבערענגט דורך איינעם פון די מיטגלידער. פאַראַן אַן ערך 80 מיט־גלידער, אָבער פינאַנסיעל שטייט עס נישט גלענצנד. וועגן דעם אַרויסגערוקטן דורך אייך געדאַנק אָנצוהויבן קאָרעספּאָנדירן מיט „קדימה״, קאָן איך אייך אַזויפיל זאָגן, אַז אין פּרינציפּ בין אויך איך דערפאַר אַן אָנהענגער, אָבער פּאָר־לויפיק וועט עס זיך נישט לאָזן רעאַליזירן, ווייל ביבליאָטעקאַר איז טאובענפעלד, אַ הייסער אָנהענגער פון אַסימילאַציע, און איבעריקנס, צוליב די אַרטיקע באַדינ־גונגען קאָן מען דאָ נישט טראַכטן וועגן אַן אָפענעם אַנטשידענעם אַרויסטריט קעגן אַסימילאַציע, נישט ווערלנדיק פּשוט פאַרווישן דעם אָנגעוויזענעם אין סטאַטוס ציל פון לייענזאַל. אויף דעם געביט האָב איך גאָר אַנדערע פּלענער, וועלכע איך וועל אייך אין צייט אויפקלערן״.

און ווירקלעך: אין יוני 1885 יאָר שרייבט שוואַגער צו זאַלצן, אַז אין לייענזאַל הענגט שוין אויף אַן אָנגעזעענעם אָרט זאַלצ׳נס אַ ציוניסטישער אויפרוף, וואָס איז דערשינען אין ווין לכבוד דער גרינדונג פון דער נאַציאָנאַל־יידישער יוגנט־געזעלשאַפט „צוקונפט״.

צווישן ווין און טאַרנע ווערט איצט אָנגעקניפּט אַ שטענדיקער קאָנטאַקט און קאָרעספּאָנדענץ בנוגע ווייטערדיקער אַרבעט, וועלכע איז אין אָנהויב געפירט געוואָרן דורך דעם איינציק־פאַרבליבענעם אין טאַרנע עדוואַרד שוואַגער, און איז באַשטאַנען אין פירן אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון פערזאָן צו פערזאָן. ווען זאַלץ און בראָמבערג קומען אַהיים קיין טאַרנע בעת די וואַקאַנסן, נעמען זיי אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער דאָזיקער אויפקלער־אַרבעט. דעם ערשטן שטורעם האָבן זיי צוגעלאָזט אויף די פאַראַנענע אין טאַרנע אָרגאַניזאַציעס: „פאַריין פון אַלט־גלויביקער (יידישער) האַנדלס־יוגנט״, אונטער דער פּרעזעסור פון ד״ר רינגעל־היים, און דער „זעלבסטבילדונגס־קרייז״ פון יידישע שילער פון העכערער גימ־נאַזיע. די אויפקלער־אַרבעט אין די געזעלשאַפטן האָט געהאַט די פעולה, אַז ביידע האָבן זיי אַװעקגעשאָנקען זייערע ביכער־זאַמלונגען און בראָשורן דער „קדימה״ אין ווין.

אברהם זאַלץ האָט אין ווין צוזאַמענגעאַרבעט מיט נתן בירנבוים ביים אויפ־שטעלן אין עסטרייך די ערשטע נאַציאָנאַל־יידישע וואָכנשריפט „זעלבסטעמאַנצי־פּאַציאָן״, וואו זיי האָבן געשריבן אַרטיקלען און קאָרעספּנדענצן איבער פראַגן, וואָס האָבן באַזונדערס פאַראינטערעסירט גאַליציִשע יידן. די דאָזיקע צייטשריפט, אַ״ופרופן און פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן פלעגט ער איבערשיקן קיין טאַרנע און אַנדערע שטעט אין גאַליציע. עדוואַרד שוואַגער פלעגט מיט דער הילף פון איבערגעשיקטן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע צווישן קראָ־קעווער אַקאַדעמיקער און טאַרנער יוגנט.

אין יאָר 1887 קערט זיך צוריק קיין טאַרנע אברהם זאַלץ, וואו ער טרעפט שוין אַ באַאַרבעטן און צוגעגרייטן באָדן. דער „פאַריין פון יידישער האַנדלס־יוגנט״, וואָס איז בשעתו געהאַט פאַרקראָכן אין אַסימילאַציע, האָט געביטן זיין אידעאישן פּרצוף, אָנגערופן זיך „לייענזאַל פון דער האַנדלס־יוגנט״ און אונטער

זיין שילד דערלויבט זאַלצן איינאָרדענען דעם ערשטן אין גאַליציע מכבי־אָוונט. די דאָזיקע פייערונג איז פאָרגעקומען דעם 18־טן דעצעמבער 1887 יאָר אין טאָרנע, אינעם גרויסן זאַל פון דעמאָלטיקן „לעמבערגער האָטעל" אויף דער לוואָווסקע גאַס נר. 2. און באַטייליקט האָט זיך אַ גרויסער עולם.

אין דער פוילישער וואָכנשריפט „פּאָגאָן", וואָס איז צו יענער צייט דערשינען אין טאָרנע, איז געווען אָפּגעדרוקט פאָלגנדער באַריכט פון דער פייערונג:

„דאָס אַריינפיר־וואָרט האָט געהאַלטן ד״ר רינגעלהיים, וועלכער האָט זיין רעדע באַפאַרבט מיט קאָמפּלימענטן אויפן אַדרעס פון דער פוילישער געזעלשאַפט־לעכקייט, און דערנאָך בפרטיות אויפגעוויזן די ציוויליזאַטאָרישע אַרבעט פונעם יידישן שבט נישט נאָר אין די אַנטיקע צייטן (מאָנאָטעאיזם, תנ״ך, נביאים), נאָר אויך אין מיטלאַלטער און איצט. דערנאָך האָט סטודענט־יורי אברהם זאַלץ מיט התלהבות און קערנדיק פאָרגעשטעלט פאַר די פאַרזאַמלטע דעם היסטאָרישן פּאַן און באַדייטונג פונעם מכבייער קאַמף פאַר דער איצטיקער לאַגע פונעם יידישן פאָלק. אַנטציקט די פאַרזאַמלטע מיט זייער שפּילן האָבן פריילין ר. (בעטהאָווענס סאָנאַטע אויף פאָרטעפּיאַן) און די ברידער אויבער (דועט). די שיינע פייערונג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט פאַרוויילונג און טענץ ביז אינדערפרי".

דער דאָזיקער מכבי־אָוונט איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער אידעע נישט נאָר אין טאָרנע, נאָר אויך אין גאַנץ גאַליציע. אין טאָרנע זענען צוגעקומען אַזויפיל נייע אָנהענגער צווישן דער יוגנט פון דער אינטעליגענץ און אָרטאָדאָקסישע קרייזן, אַז אברהם זאַלץ האָט געגרינדעט אַ געזעלשאַפט „התחיה", וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל, וואו עס פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיע־אָוונטן. לויטן ביישפּיל פון טאָרנע, האָבן לעמבערגער יידישע סטודענטן — אברהם קאָרקיס, אַדאָלף שטאַנד, מ. מאַנש און אַנדערע, געגרינדעט דאָרט די געזעלשאַפט „ציון", וועלכע האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנ־טאַקט מיט א. זאַלצן, און דער לעצטער פלעגט זיי העלפן איינאָרדענען מכבי־אָוונטן. אין דעזעלבער צייט האָט גרשון ציפּער געגרינדעט אין סטרי די געזעלשאַפט „אדמת ישראל", פאַרשטענדיקנדיק זיך מיט זאַלצן בנוגע די וויטערדיקע אַנט־וויקלונגס־פּלענער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע. זאַלץ פאָרט אַרום איבער גאַליצישע שטעט, אויפטרעטנדיק מיט רעדעס אויף מכבי־אָוונטן, וועלכע זענען צו יענער צייט געווען אַ סימבאָל פון רענעסאַנס און גלייכצייטיק געדינט ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־מיטל לטובת דעם ציוניזם. אין אַ גאַנצער ריי גאַליצישע שטעט אַנטשטייען יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און ציוניסטישע פאַריינען, וועלכע האָבן אין זייער עצם נאָמען שוין געטראָגן אַ ציוניסטישן כאַראַקטער: „אדמת ציון", „אדמת ישראל", „אדמת ישורון". זייער ציל איז געווען: ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק און פון דער העברעאישער שפּראַך, אויפבויען דאָס פאָטערלאַנד דורך באַזעצן יידן אין ארץ־ישראל. זאַלץ האָט אויסגעאַרבעט אַנטשפּרעכנדיקע סטאַטוטן פאַר די געזעלשאַפטן, דערביי זענען אין טאָרנע געענדערט געוואָרן די סטאַטוטן פון דער געזעלשאַפט „התחיה" אויף „ציון", כדי זי פאַראייניהייטלעכן מיט די אַנדערע געזעלשאַפטן אין גאַליציע און פאַרייניקן אין איין פאַרבאַנד פון ציוניסטישע פאַריינען.

אַזוי אַרום הייבט אָן די ציוניסטישע באַוועגונג אין גאַליציע זיך אויסצובריי־טערן און פאַרטיפן, און אַלץ אָפטער רעדט מען וועגן דער נויטווענדיקייט צו צענטראַליזירן די דאָזיקע באַוועגונג און געבן איר שטענדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. טאַרנע איז געוואָרן דער דאָזיקער צענטער, וואָס האָט צוזאַמענגענומען די באַזונדערע גרופּן אין די שטעט פון גאַליציע. אפילו די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע אין ווין („אדמת ישורון״), און די אָרגאַניזאַציע אין בערלין (יונג־ישראל״, געגרינדעט דאָרט דורך ד״ר יהושע טהאָן), פלעגן זיך ווענדן קיין טאַרנע נאָך אָנווייזונגען.

אין יאָר 1891 קומען פאָר ציוניסטישע קאָנפערענצן אין לעמבערג און אין טאַרנע, מיט דער באַטייליקונג פון אַדאָלף שטאַנד און אברהם קאָרקיס, כדי אויס־צוזוכן די אַנטשפּרעכנדע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פאַר דער זיך שאַפנדיקער ציוניסטישער פאַרטיי אין גאַליציע. דערביי האָט ד״ר נתן בירנבוים קאָנפערירט מיט ד״ר זאַלץ וועגן שאַפן אַן אַלגעמיין־עסטרייכישע נאַציאָנאַל־יידישע פאַרטיי.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו דער קאָנפערענץ פון אַלע ציוניס־טישע פאַריינען אין גאַליציע. די צוגרייטונגען אָבער האָבן זיך נישט גערוקט פאָראויס. אויף דער אַרויסגעשיקטער אַנקעטע פון אברהם זאַלץ צו דרייצן ציוניסטישע פאַריינען אין גאַליצע וועגן אָנטייל אין דער קאָנפערענץ, האָבן בלויז צוויי — די ווינער „קדימה״ און דער טאַרנער פאַריין — געגעבן אַן ענטפער. דער לעמבערגער „ציון״ האָט נישט געהאַט די נויטיקע פאָנדן אַרויסצושיקן אַ דע־לעגאַט. אין אַ בריוו פון קאָרקיס צו זאַלצן פון 11־טן סעפּטעמבער 1891 יאָר, לייענען מיר *:

„דאָס צונויפרופן די קאָנפערענץ אויף דעצעמבער צי אפילו אויף יאַנואַר איז אילוזאָריש. נישטאָ אָבער קיין אַנדערע עצה און מיר מוזן וואַרטן אַ גאַנץ יאָר און דורכפירן ענערגישע צוגרייטונגען״. דערווייל איז מען צוגעטרעטן אַרויסגעבן אַ ציוניסטישן אָרגאַן און אַגיטאַציע־בראָשורן. דעם 8־טן יולי 1892 יאָר איז אונטער דער רעדאַקציע פון אַדאָלף שטאַנד דערשינען די אויסגאַבע „צוקונפט״, און ד״ר זאַלץ האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור „וואָס פאַראַ באַציאונג דאַרפן יידן האָבן צו פּאַליאַקן?״. די בראָשור איז אָפגעדרוקט און פאַרשפּרייט געוואָרן אין גאַליציע אין 800 עקזעמפּלאַרן. די ערשטע פאָנדן אַרויסצוגעבן די אויבנדערמאָנטע אויס־גאַבן, האָבן אַריינגעטראָגן די „ציון״־פאַריינען אין טאַרנע און אין לעמבערג. אַ דאַנק דער אויפקלער־אַרבעט איז שוין מעגלעך געווען אין יאָר 1893 צו אָרגאַניזירן אַ גאַליצישע ציוניסטישע פאַרטיי. אין אַ בריוו דאַטירט דעם 6־טן יאַנואַר 1893 יאָר, שרייבט א. קאָרקיס צו זאַלצן: „איך פאַרנעם זיך איצט מיטן צוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר, און איך בעט דעריבער דעם חשובן דאָקטאָר אַזוי גוט זיין און געבן מיר עצות און אָנווייזונגען, ווי און ווען וואָלט דער צוזאַמענפאָר באַדאַרפט פאָר־קומען? צו וועמען דאַרף מען איצט אַרויסשיקן איינלאַדונגען, באַזונדערס אין קראָקע? ווער פון קראָקע וואָלט זיך געקאָנט באַטייליקן אינעם צוזאַמענפאָר,

---

* יובל־בוך: „50 יאָר ציוניזם״ (אין טאַרנע).

ד. ה. אַזעלכער וואָס זאָל דאָרט אַרויסרופן אַ גרעסערע באַוועגונג און גרינדן דאָרט אונדזערס אַ געזעלשאַפט".

די צוגרייטונגס־אַרבעטן צום צוזאַמענפאָר האָבן זיך אַ רוק געגעבן פאָראויס. דעם 23, 24 און 25 אַפּריל 1893 איז אין לעמבערג פאָרגעקומען די „ערשטע קאָנפערענץ פון דעלעגאַטן פון יידישע נאַציאָנאַליסטן אין גאַליציע", ווי עס האָט געזאָגט די איינלאַדונג. דעם פאָרזיץ פון דער קאָנפערענץ האָט געפירט ד"ר אברהם זאַלץ, וועלכער האָט אויך געהאַלטן דעם הויפּט־רעפעראַט וועגן אָרגאַניזירן די באַוועגונג. ער איז דערוויילט געוואָרן אַלס פרעזעס פון צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון דער נייער פּאַרטיי, וועמענס פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, איז געווען: רענעסאַנס פון יידישן פאָלק, קאַמף מיט דער אַסימילאַציע, פאַרשפרייטן די קענטעניש פון געשיכטע, העברעאישער ליטע־ראַטור און שפּראַך און שאַפן אַ יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין ארץ־ישראל. פון טאַרנע האָבן אין צוזאַמענפאָר זיך באַטייליקט ד"ר זאַלץ, בראַמבערג און עד־וואַרד שוואַגער.

דעם 2־טן סעפּטעמבער 1894 יאָר האָט ד"ר זאַלץ צונויפגערופן קיין לעמבערג דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער גאַליצישער נאַציאָנאַל־יידישער פּאַרטיי. ער האָט דאָרט רעפערירט אויף דער טעמע: „געווינען דעם איינפלוס אין די קהילות". ד"ר יהושע טהאָן, דעמאָלט סטודענט פון פילאָזאָפיע, האָט נאָך מרדכי עהרענפרייז רעפערירט „וועגן יידישן שולוועזן אין גאַליציע", ד"ר נתן בירנבוים — „וועגן דער לאַגע אין דער ציוניסטישע באַוועגונג". „וועגן גרינדן אַ גאַליציאַנער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל", האָט רעפערירט ל. מ. לאַנדאו.

אויפן אויבנדערמאָנט צוזאַמענפאָר איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו פירן אַ זעלבשטענדיקע יידישע פּאָליטיק ביי די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און צו די זעלבסטפאַרוואַלטונגען אין גאַליציע. וואָס שייך דער קאָלאָניזאַציע, איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ גאַליצישן פאַרבאַנד פון קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפטן מיטן זיצאָרט אין טאַרנע. דער ציל פונעם פאַרבאַנד איז געווען צו גרינדן גאַלי־צישע קאָלאָניעס אין א"י. דאָס אויסאַרבעטן דעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן און באַשטימען די סטאַטוטן איז איבערגעגעבן געוואָרן ד"ר זאַלץ.

נאָכן דערשיינען פון ד"ר הערצלס „יודענשטאַט" (1895), האָט די ווינער „קדימה" זיך געווענדט צו די טאַרנער ציוניסטן מיט אַ ביטע צונויפצוזאַמלען אונ־טערשריפטן אונטער אַ פּעטיציע צו הערצלען מיט דער פאָדערונג, אַז ער זאָל זיך שטעלן אין שפּיץ פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג. אַזאַ פּעטיציע האָט אין משך פון אַ קורצער צייט צונויפגעזאַמלט הונדערטער אונטערשריפטן. אין טאַרנע האָבן די ערשטע צוויי געחתמעט די פּעטיציע: ד"ר יוסף אָפּנער, אַדוואָקאַט, ד"ר אַדאָלף רינגעלהיים, דעמאָלטיקער צווייטער וויצע־מאַרשאַלעק פון טאַרנער פּאָוויאַט.

אין יאָר 1896 האָט די עסטרייכישע אויפזיכט־מאַכט אין לעמבערג באַשטע־טיקט דעם סטאַטוט פון דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט א. נ. „אהבת ציון", מיטן זיצאָרט אין טאַרנע. דער אויספיר־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָבן שטענדיק געוואוינט אין טאַרנע. אַלס הויפּטציל —

האָט „אהבת ציון״ פעסטגעשטעלט: „גרינדן נייע זידלונגען אין א״י און קאָלאָניזירן זיי, אויף וויפל מעגלעך מיט יידן פון גאַליציע״. די עיקר אָנשטרענגונגען זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו געווינען די דאָזיקע קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען ווייט פון ציוניזם. דער העברעאישער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט זכריה־מענדל שאַפּיראָ פון טאַרנע (וועלכער איז עטלעכע יאָר שפּעטער אַרויסגעפאָרן קיין א״י אין דער קאָלאָניע מחניים, געשטאָרבן אין יאָר 1933 אַלס פאַר־דינסטפולער פּעדאַגאָג אין תל־אביב), האָט צוגעצויגן צוואָנציק רבנים פון פאַרשידענע שטעט, און זיי האָבן אים צוגעשיקט „קול־קורא׳ס״, וואָס האָבן גערופן יעדן ייד צו שטיצן די באַוועגונג פאַר באַזעצן זיך פון יידן אויף דער ארץ־ישראלדיקער ערד. די דאָזיקע אויפרופן און אָפּהאַנדלונגען האָט שאַפּיראָ פאַרעפנטלעכט אין צוויי בראָשורן א. נ. „שיבת ציון״ און „חיבת ציון״.

אויף דער ווענדונג פון דער געזעלשאַפט „אהבת ציון״ אין טאַרנע, האָט זיך געמעלדעט אַ גרויסע צאָל יידן פון אָרטאָדאָקסישע קרייזן. אַלע ציוניסטישע גרופּן און געזעלשאַפטן אין גאַליציע און בוקאָווינע זענען צוגעטרעטן צו דער באַוועגונג. אין דער אַגיטאַציע אויסער טאַרנע האָבן זיך באַטייליקט פיל אָנגעזעענע טאַרנער איינוואוינער, באַזונדערס דער רעליגיע־לערער אין די עפנטלעכע שולן פּנחס באַזלער. אַ דאַנק די פּערזענלעכע באַמיאונגען פון ד״ר זאַלץ און די טאַרנער בעלי־בתים ל. שפּיץ און דוד פּאַסט, איז געלונגען צו געווינען פאַר דער געזעלשאַפט „אהבת ציון״ דעם טשאָרטקאָווער צדיק פרידמאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער געזעלשאַפט און דערלויבט וועגן דעם צו שרייבן אין דער פּרעסע. דעם 10־טן יאַנואַר 1897 יאָר האָבן זיך אין „אהבת ציון״ אָנגעשלאָסן ד״ר טעאָדאָר הערצל און אַנדערע אָנפירנדיקע מיטגלידער פונעם ווינער קאָלאָניזאַציע־פאַריין אין עסטרייך, ווי שנירער, ד״ר קאָקעש.

די קאָנסטיטואירנדיקע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „אהבת ציון״ אין טאַרנע איז פאָרגעקומען דעם 19־טן און 20־טן מאַי 1897 יאָר. צו דער פאַרזאַמלונג איז געקומען דער עלטסטער גאַליצישער רב, דער 80־יאָריקער ר׳ פייוויש שרייער פון באָהאָראָדטשאַן. לכבוד זיין אָנקומען קיין טאַרנע זענען די פענסטער פון די יידישע הייזער אויף דער גראַבּוווקע, וואו עס האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון „אהבת ציון״, געווען אילומינירט. אויסער אים זענען דעמאָלט קיין טאַרנע געקומען 48 דעלעגאַטן פון פאַרשידענע שטעט אין גאַליציע, אַ ספּעציעלער דעלעגאַט פון ד״ר הערצל פונעם ווינער פאַריין — דער ליטעראַט ה. יאָרק־שטיינער, און פיל מיטגלידער פון טאַרנע און אומגעגנט.

אַלס ערן־פּרעזעס פון דער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן דער רב פ. שרייער, אַלס פאָרזיצער — ד״ר א. זאַלץ. פונעם אָפּגעגעבענעם באַריכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין משך פון פיר חדשים זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן 2.082 גולדן, 22 קראָן, אויסגעגעבן זענען געוואָרן 470 גולדן. פאַר דער צייט זענען צוגעקומען 600 נייע מיטגלידער פון גאַליציע, בוקאָווינע און אויסלאַנד. דער וויכ־טיקסטער פונקט אינעם סדר־היום פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען די פּראַגע פון איינקויפן אַ באָדן־קאָמפּלעקס אין א״י צו גרינדן דאָרט אַ קאָלאָניע פון גאַליצישע יידן. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט טאַקע באַשלאָסן צו באַפולמעכטיקן דעם צענטראַל־

קאָמיטעט איינצוקויפן באָדן אין ארץ־ישראל. גלייכצייטיק איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, אונטערגעשריבן דורך ד״ר אַ זאַלץ, בראָמבערג, עדוואַרד שוואַגער, מ. ד. בראַנדשטעטער, אדוו׳ ד״ר יוסף ראָסט, (פאָטער פון ד״ר ב. ראָסט אין קראָקע, איידעם פון יהושע טהאָן). אין דער צייטווייליקער פאַרוואַלטונג זענען פון טאַרנע דערוויילט געוואָרן פאָלגנדע פערזאָנען: ד״ר אַנזעלם אַדער, עמיל בראָך, לייב שפּיץ, דוד פאַסט, מאיר האָלענדער, איכל לעזער (געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1952), חיים הערש ליכטבלאו, חיים מאַשלער און וו. טענענבוים.

די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „אהבת ציון״ האָט אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ב. א. ווייס, הויפּט־ראַבינער פון טשערנאָוויץ — אַלס פרעזעס; ד״ר אברהם זאַלץ, דעמאָלט שוין אַדוואָקאַט אין טאַרנע, אַלס אַמטירנדיקער פרעזעס; אינעם צענטראַל־קאָמיטעט: לייב שפּיץ, דוד פאַסט, ד״ר י. ראָסט, עדוואַרד שוואַגער, מאיר האָלענדער, פנחס באַזלער, זיגמונט בראָמבערג (סעקרעטאַר), ז. מ. שאַפּיראָ (העברעאיש־סעקרעטאַר), — אַלע פון טאַרנע. י. האָכפעלד (לעמבערג), א. עפּעלבאום (ריישע), אהרון מאַרקוס (פּאָדגוזשע), נ. נייפעלד (יאַוואָזשנאָ), ע. ה. זשופּניק (רעדאַקטאָר פון דראָהאָביטש), ח. ענגעלבערג (טאַרנאָבזשעג), ס. ס. פוקס (רעדאַקטאָר פון „המגיד״), מענדל פרענקל (קראָקע), ס. מעלצער, ע. שטערנהעל, א. ווײדמאַן (ראָהאַטין), מ. אַשהיים (מעליץ), ס. שרייבער (סערעט), מ. פּאָמעראַנץ (באָריסלאַוו), ל. טאובעס (קאָלאָמיי). אַלס פאַרטרעטער: עמיל בראָך, ח. ה. ליכטבלאו, מ. בינענשטאָק — אַלע פון טאַרנע, ד״ר גאַבעל (לעמבערג), ל. קאָרעץ (ראָפּטשיץ), א. ראָזמאַרין (לאַנצוט) און מ. אשכנזי (זבאַראַזש).

אויפן פאַרלאַנג פון ד״ר הערצל האָט די פאַרוואַלטונג פון „אהבת ציון״ אין טאַרנע צונויפגעזאַמלט צען טויזנט אונטערשריפטן פון גאַליציִשע יידן אונטער אַ פּעטיציע צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, וואו די אונטערגעשריבענע האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו באַזעצן זיך אין א״י אויפן רוף פון ד״ר טעאָדאָר הערצל, וועגן וואָס ער האָט, אגב, דערמאָנט אין זיין פייערלעכער דערעפענונג־רעדע אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1897. „אהבת ציון״ האָט צום ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל אַרויסגעשיקט דריי דעלעגאַטן פון טאַרנע: ד״ר זאַלץ, ד״ר זיגמונט בראָמבערג און עדוואַרד שוואַגער. אַלס צווייטער וויצע־פאָרזיצער פון קאָנגרעס איז דערוויילט געוואָרן ד״ר זאַלץ.

אין יאָר 1897 האָט „אהבת ציון״ אין טאַרנע אָנגעהויבן דורכפירן צוגרייטונגס־אַרבעטן צו גרינדן אין א״י די ערשטע גאַליציִשע קאָלאָניע. כדי איינצוקויפן אַן אַנטשפּרעכנדיקן באָדן־קאָמפּלעקס אין ארץ ישראל, האָט ד״ר זאַלץ זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן באַראָן עדמונד ראָטשילד אין פּאַריז און דער עיקר מיטן „צענטראַל־קאָמיטעט פון „חובבי ציון״ אין פּאַריז, וועמענס פרעזעס עס איז געווען נאַרציז לעווען, דערנאָך מיטן הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר פון אַלע ראָטשילד־קאָלאָניעס אין א״י, עלי שייד (פון זכרון יעקב), און מיטן הויפּט־ראַבינער אין פראַנקרייך צדוק קאָהן, מיטן פרעזידענט פון „איקא״ אין פּאַריז, מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט אין בערלין „עזרה״, מיט „חובבי ציון״ אין לאָנדאָן, און



ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל (1897)
דעלעגאַטן פון טאַרנע: *—ד״ר אברהם זאַלץ, **—ד״ר זיגמונד בראָמבערג,
***—עדוואַרד שוואַגער.

מיטן אָדעסער אויספיר־קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט אין אָדעס.

גלייך פון קאָנגרעס איז ד״ר זאַלץ אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, אַרויסגערופן דורכן באַראָן עדמונד ראָטשילד. דעם 9־טן סעפּטעמבער 1897 יאָר איז אין פּאַלאַץ „סענהאנער״ אויף רי פּאָבורג 41, געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן „אהבת ציון״ קויפט אָפּ פון באַראָן ראָטשילד אַלס איר אייגנטום, אַ שטח פון 10.000 דונאַם באָדן אין גליל, צווישן דער קאָלאָניע ראש־פּינה און משמר הירדן, אויף אַ סומע פון 100.000 פראַנצויזישע פראַנק, צאָלבאַרע אין פינף ראַטעס צו 20.000 פראַנק, דערביי פאַרפליכטעט זיך באַראָן ראָטשילד אַוועקצוגעבן דער געזעלשאַפט אין באַזיץ דעם גאַנצן באָדן, נאָכן איינצאָלן די ערשטע ראַטע.

די נייע קאָלאָניע האָט באַקומען דעם נאָמען מחניים. אַלס איר פאַרוואַלטער איז באַשטימט געוואָרן זיגמונט בראָמבערג, וועלכער איז דעם 12־טן יוני 1898 יאָר אַרויסגעפאָרן קיין א״י, כדי צוצוגרייטן דעם באָדן, אויפשטעלן געביידעס פאַר די קאָלאָניסטן. לכבוד זיין אָפּפאָר האָט דער דעמאָלטיקער קלוב „אָגניסקאָ״ אין טאָרנע איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן באַנקעט. מיט אַ געזעגענונגס־רעדע איז אַרויס־געטרעטן בראָמבערג׳ס פריינט און חבר ד״ר לעאָן שיצער.

הערבסט 1898 זענען פון טאָרנע אַרויסגעפאָרן קיין מחניים עלף קאָלאָ־ניסטן, אָנהויב 1899 — נאָך פינף. סוף 1898 יאָר האָט „אהבת ציון״ געציילט 597 מיטגלידער, דערפון פון טאָרנע — 208. צוליב איר קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט זענען אָפּטמאָל געווען אַ ריי מיספאַרשטענדענישן צווישן „אהבת ציון״ און ד״ר הערצל, וועלכער איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפונקט, אַז מען דאַרף נישט דערווייל פאַר־לייגן קיין שום קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. אַפילו אַנטקעגנגעשטעלט זיך יעטוועדער אייליקער קאָלאָניזיר־אַרבעט, כל־זמן עס איז נישט געלונגען צו באַקומען ביי דער טערקישער רעגירונג די נויטיקע פּאָליטישע גאַראַנטיעס, וועגן וועלכע טאַקע ער האָט זיך באַמיט. כדי גענויער צו באַהאַנדלען די ענינים און געפינען וועגן צו מילדערן דעם קאָנפליקט, האָט ד״ר זאַלץ צונויפגערופן אין טאָרנע (סוף סעפּטעמבער 1897 יאָר) אַ פאָלקס־מיטינג, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס דריקט אויס צוטרוי און הילף דער ציוניסטישער טעטיקייט פון הערצלען און דערקלערט גלייכצייטיק די אוממעגלעכקייט אָפּצוטרעטן פונעם אָנגעהויבענעם ווערק צו גרינדן אַ נייע קאָלאָניע אין ארץ־ישראל. דאָס פרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג — ד״ר א. זאַלץ, ז. בראָמבערג און עדוואַרד שוואַגער — האָבן די רעזאָלוציע איבערגעשיקט דעם ד״ר הערצל מיט אַ בייגעלייגטער בקשה צו שטיצן די שטרעבונגען פון „אהבת ציון״ אין טאָרנע, אָדער לכל הפחות זיי טאָלערירן. אַ דאַנק די אינטערווענצן און באַמיאונגען פון ד״ר לעאָן קעלנער איז געלונגען צו באַקומען ביי ד״ר הערצל די קאָנצעסיע, אַז ער אַפּראָבירט מחניים בלויז אַלס פּרוביר־סטאַציע. וועגן דעם דאָזיקן אינצידענט שרייבט הערצל אין זיינע זכרונות, אונטער דער דאַטע פון 11־טן אַפּריל 1898 :

„די טאָרנער אַגיטירן געגן פּאָליטישן ציוניזם, ווייל זיי מיינען, אַז ער וועט זיך לאָזן לייזן דורך עדמונד ראָטשילד און זייער „אהבת־ציון״ — די קליינע באָדן־פאַרקויף געזעלשאַפט. ד״ר זאַלץ איז אַלס וויצע־פרעזידענט פון קאָנגרעס געפאָרן

קיין פּאַריז און האָט דאָרט עפּעס וואָס אַדורכגעפירט געגן די אָנערקענטע באַזעלער פּרינציפּן״.

אין מושב „מחניים״ זענען אָבער אויסגעבראָכן מחלוקתן צווישן דעם פאַרוואַלטער בראָמבערג און די קאָלאָניסטן, פאָנדן פאַר דער קאָלאָניע זענען אַריינגעפלאָסן וואָס ווייניקער, און דער פינאַנסיעלער יסוד פון דער קאָלאָניע איז צעטרייסלט געוואָרן. נאָך עטלעכע יאָר, אין אָקטאָבער 1902, איז מחניים איבערגעגעבן געוואָרן דער „איקא״־געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרוואַלטעט מיט אַלע ראָטשילד־קאָלאָניעס. טראָץ דעם איז מחניים געווען אַ דורכברוך אין דער דעמאָלטיקער ציוניסטישער אַרבעט. וואָס אַן אמת איז דאָס געווען בלויז אַ פּרווו, אָבער אַ נויטיקער פאַר דער ווייטערדיקער קאָלאָניזיר־טעטיקייט אין א״י.

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין יאָר 1897 האָט פּראָקלאַמירט די שאַפונג פון אַ ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. פון דעמאָלט האָט דער אויספיר־קאָמיטעט פון „אהבת ציון״ אין טאָרנע דערפילט אויך די אויפגאַבן פון אַן אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. ווען הערצלס פּאָליטישע קאָנצעפּציע האָט אָפּגעהאַלטן דעם נצחון איבערן דעמאָלטיקן חובבי־ציוניזם, האָט „אהבת ציון״ אין טאָרנע פאַרלוירן איר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. אַלע ציוניסטישע אַרבעטן האָט איבערגענומען דער אָרטיקער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז פון איצט אָן געווילט געוואָרן יאָר־יערלעך אויף פאַרזאַמלונגען פון די שקל־באַזיצער. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרזאַמלונגען אין פאַרלעזונגען, עס זענען פאַרקויפט געוואָרן שקלים און אַקציעס פון דער באַנק פאַר קאָלאָניזאַציע, מען האָט געזאַמלט געלט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. די צאָל שקל־צאָלער אין טאָרנע האָט מייסטנס איבערגעשטיגן אין צאָל די געווינלעכע צאָל מיטגלידער, באַרעכטיקטע צו דערוויילן אַ באַזונדערן דעלעגאַט. צו יענער צייט זענען נאָך נישט געווען קיין פראַקציעס און באַזונדערע ציוניסטישע פּאַרטייען.

די תקופה פונעם ערב־פּרילינג פון ציוניזם, וואָס איז זיך אַזוי ברייט פונאַנדער־געוואקסן אין טאָרנע, איז נישט אַריבער אָן השפעה אויפן דעמאָלטיקן דור טאָרנער יידן. די געגרינדעטע דורך „אהבת ציון״ מחניים־קאָלאָניע אין א״י, איז געווען אַן אויפטו פון גאַליצישן יידן, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן זייער איניציאַטיוו און צושטייער ביים אויפבויען ארץ־ישראל. דעריבער דערמאָנען מיר מיט כבוד די ערשטע בויער פון דער קאָלאָניע, וואָס זאָגט עדות וועגן באַדייטנדיקן אָנטייל פון טאָרנער יידן אין דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. וועגן יענער תקופה שרייבט אברהם כהנא (איצט אין ישראל, איינער פון די מרזחי־פירער אין מערב־גאַליציע, אינעם יובל־בוך פון דער טאָרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1934:

„ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די בית־המדרש בענק און אונדזערע פאַראינטערע־סירונגען האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף אַן אַנדערער, פיל ברייטערער פלעכע, האָט טאָרנע שוין געהאַט הינטער זיך אַ גרויסע ציוניסטישע טראַדיציע. ווייל טאָרנע איז געווען דער אַרבעטס־צענטער פאַר דער ערשטער גאַליצישער קאָלאָניע מחניים, וועמען עס איז אַוועקגעגעבן געוואָרן פיל מי און אָנשטרענגונגען. דער דאָזיקער

פּרוּוו האָט זיך ליידער נישט איינגעגעבן, טראָץ דער אָפּפערונג פון עטלעכע אידעאַליסטן, און צווישן זיי — דער משכיל און ציוניסטישער פאַנאַטיקער מרדכי לייבל און זיין משפחה, א. ניימאַרק און עטלעכע יידן פון טאַרנאָבזשעג. אָבער דער דאָזיקער עקספּערימענט איז געווען אַ דורכברוך אין דער דעמאָלטיקער ציוניסטישער טעטיקייט. אָן אַזעלכע עקספּערימענטן, אָן אַזעלכע אָנהויבן, וואָלט נישט געווען צו דענקן אַ ווייטערדיקע קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט און אירע איצטיקע רעזולטאַטן״.

דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט צו יענער צייט דורך ד״ר אברהם זאַלץ, איז נישט אָפּגעשטאַנען אין דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט. און די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. פון איין זייט איז דער ציוניזם באַקעמפט געוואָרן דורך די אָרטאָדאָקסישע מאַסן, פון דער צווייטער זייט — דורך זש. פּ. ס. (יידישע סאָציאַליסטן), וועלכע האָבן דעמאָלט געהאַט אָרגאַניזירט ביי זיך פיל טאָרנער יידישע אַרבעטער פון שניידער און קאַפּעלושן־פאַן. דער הויפּט־קאַמף פון די ציוניסטן איז אָבער געווען געווענדט קעגן דער אַסימילאַציע, וועלכע איז געווען טיף פאַרוואָרצלט צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. די אָרטאָדאָקסיע איז טאַקע געווען קאָמפּראָמיסלאָז אין איר קאַמף, אָבער אין די בתי־מדרשים האָט שוין אָנגעהויבן בליען דער ציוניסטישער געדאַנק און פון דאָרט זענען אַרויסגעקומען פיל ציוניסטישע חלוצישע קאַדרען.

שווערער איז געווען צו געווינען די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ און די שטודירנדיקע יוגנט, וועלכע האָט זיך געזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט אין דער טאָרנער „ליטעראַרישע געזעלשאַפט א. נ. אַדאַם מיצקעוויטש״. אין די יאָרן 1900/1, איז אַ דאַנק דער אָנגעשטרענגטער אויפקלער־אַרבעט פון מאַקס בינענשטאָק (שילער פון דער זיבעטער גימנאַזיאַל־קלאַס, אויסערגעוויינלעך פעאיקער און אינטעליגענטער בחור, שפּעטערדיקער ציוניסטישער מנהיג, וועלכער איז אין יאָר 1903 אין ווין געווען הויפּט־רעפערענט אויפן צוזאַמענפאָר פון סטודענטישע ציוניסטישע קרייזן), האָט דער ציוניסטישער געדאַנק דערגרייכט צו דער שטודירנדיקער יוגנט אין טאָרנע. אין טאָרנער גימנאַזיע איז אין געהיים אַנטשטאַנען אַ „קרייז פאַר יודאַאיסטיק״, צו וועלכן עס האָבן געהערט די שילער פון די העכערע קלאַסן אין די מיטלשולן: יצחק שיפּער, פּ. באַזלער, י. ראַבינאָוויטש, ס. מענאַסע, ס. שיינפעלד, מ. בלאָך, שלמה גאָלדבערג און אַנד.

דער הויפּט־ציל פון דעם קרייז פאַר יודאַאיסטיק איז געווען צו פאַרשפּרייטן צווישן דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט די קענטעניש פון יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, באַקענען זיי מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. כמעט אַלע יידישע שילער פון יענער צייט, וואָס זענען געווען אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעךקולטורעלער אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג (און אַנדערע טוער איז געווען זייער ווייניק), האָבן באַלאַנגט צום יודאַאיסטישן קרייז, אויסער קאַראָל סאָבעלסאָן (ראַדעק), וועלכער האָט געהערט צום קרייז „פּראָמיען״ און געפּרעדיקט סאָציאַליסטישע לאָזונגען. פונדעסטוועגן זענען די באַציאונגען צווישן די צוויי געהיימע קרייזלער געווען אויסערסט גוטע און האַרציקע.

אין דער אַטמאָספער פון דערהויבנקייט און אידעאַליזם האָבן זיך דערצויגן

די שפּעטערדיקע ציוניסטישע פירער, וועלכע האָבן פאַרנומען אָנפירנדיקע אַמטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאַנד און אויף דער וועלט.

די דאָזיקע אַטמאָספער פון „שטורם און דראַנג״ פון דער ציוניסטישער יוגנט אין טאָרנע באַשרייבט שיין ד״ר יצחק שיפּער אין אַ ווידמונג לכבוד זיין פריינט און שול־חבר ד״ר מאַקס בינענשטאָק, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1923. אין אַ ספּעציעלער זאַמלשריפט געווידמעט דעם אָנדענק פונעם פאַרשטאָרבענעם, וואָס איז דערשינען אין לעמבערג אין יאָר 1924, האָט ד״ר שיפּער אָנגעשריבן זיינע דערינערונגען א. נ. „מאַקס״. מיר ברענגען דאָ אַ גרעסערן טייל פון דער אַרבעט, וואָס באַציט זיך צום סטודענטן־קרייז פון שילער פון העכערע קלאַסן אין די מיטל־שולן אין טאָרנע, וואָס איז אין יאָר 1901 געגרינדעט געוואָרן דורך ד״ר מאַקס בינענשטאָק:

„איך פאַרגעס אין הונדערטער פּרטים, וואָס שטימען ערנסט און צומאָל טרויע־ריק און עס רייסט זיך אַדורך אַ זילבערנער קלאַנג פון פריילעכקייט. איך זע אים, דעם „מאַקסיו״ פון דעם קרייזל יוגנט־פריינט, מיט זיין „משה רבינו שטעקן״ (אַזוי פלעגן מיר רופן דעם שטעקן, וועלכן ס׳האָט מיט זיך תמיד געטראָגן אונדזער האַרציקער „שטאָק״), איך זע אים, ווי ער דערלאַנגט אונדז, יונגע גימנאַזיסטן פון דער טאָרנער גימנאַזיע, האַרבע מוסר־ווערטער, מחמת מיר זענען פאַרקאָכט אין יינגלישע נישטיקייטן און זענען צו ווייניק ערנסט... פּלאַצן מיר אַרויס מיט אַ גע־לעכטער און פאַרשטייען נישט וואָס ער וויל פון אונדזער לעבן...

איך זע אים, ווי אין אַ קליין חדרל, וואָס מען האָט פאַר אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס געדונגען אין אַ האָטעל, פּרעדיקט ער דאָרט אַ גאַנצע נאַכט פאַר אַ פאַרבעטענעם הייפל סטודענטן וועגן הערצל, ציוניזם און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס... און עס ווילט זיך ערנסט זיין, נאָר עס לאָזט זיך נישט, מחמת „מאַקסיו״ שיט אינמיטן דרינען שטעכווערטלעך און וויצן...

עס ווילט זיך זיין ערנסט און מען קאָן נישט, ווייל צו וואָס ערנסטע מינעס, אַז מיר זענען אַלע איבערצייגטע, אַז מיר זענען אַלע פול מיט גלויבן! און מיר גלויבן איינער דעם צווייטן: מאַקסיו אין אונדז און מיר אין אים.

שאַפן מיר לוסטיק, פריילעך קרייזלעך און פאַריינען און פרייען זיך — מיר ווייזט איצט אויס — מערער מיט זיך אַליין, מיט אונדזער יינגלישער פרישקייט און אויפגעברויזטער ענערגיע, ווי מיט די אָרגאַניזאַציעס אין וועלכע מיר האַלטן דרשות, רעפעראַטן א. אז. וו. מיר ווייזט אַזוי אויס, מחמת אַמבעסטן האָבן מיר זיך געפילט אין „סאַלאָן״.

געווען איז דאָס אַ שטוב ביי אַ יוגנט־חברטע: דאָרט פלעגט מען זיך צונויפ־קומען, געציילטע יונגעלייט און יונגע מיידלעך (אָקאָרשט וואָס אַרויסגעפלויגן פון די „שטייגן״ אין וועלכע עס האָבן זיי געהאַלטן די פאַנאַטישע עלטערן). מיר פלעגן רעדן און דיסקוטירן איבער פאַרשידענע טעמעס, וועגן ציוניזם, ליטעראַטור (ס׳רוב וועגן פּוילישער און דייטשער, וואָרום פון יידישער האָבן מיר דעמאָלט נאָך נישט געהאַט קיין באַגריף), און נאָך אַזעלכע שיינע זאַכן. דער עיקר אָבער איז דער „סאַלאָן״ געווען אַ בונד פון „ווייסער חברה״, וואָס איז געווען פאַרקאָכט אין „לי־



**דער „סאַלאָן"**; ערשטע ריי אויבן פון לינקס אויף רעכטס: שלמה גאָלדבערג, יצחק שיפער, פריילין מ. ראָזענצווייג, מ. סאַפּיר, יוסף פערלבערג
צווייטע ריי (זיצנדיג) פון לינקס אויף רעכטס: שרה באָנאַט, פראַניע בינענשטאָק, דאָראַ גלייכער ר. בירער
אונטן פון לינקס אויף רעכטס: אידאַ סאַפּיר־רינגעל, א. בינענשטאָק, מאַקס בינענשטאָק.

בעס״ און וואָס האָט איינער דעם צווייטן (און איינער דער צווייטער) אַריינגעקוקט אין די ראָמאַנטיש־צעדרייטע ליבע־ענינים.

דער „סאַלאָן״ איז געווען דערווייטערט פון דער וואָכעדיקייט, מיר האָבן אים אָפּגעהיט ווי אַ שבת. געלאַכט האָבן מיר תמיד, הגם נישט זעלטן מיט פאַרבאַ־האַלטענע טרערן...

און אַ שפּיל, אַ ראָמאַנטיש שפּיל איז אויך געווען די ערנסטע אידעאישע אַר־בעט, וועלכע די חברה פון „סאַלאָן״ האָט גלייכצייטיק באַוויזן אויפצוטאָן מחוץ די פיר איילן פון „סאַלאָן״.

דער דלות אין דער קעשענע האָט נישט געקאָנט משפּיע זיין אויף אונדזער ראָמאַנטיק און אונדז אַראָפּציען פון די פריילעכע הויכן אויף וועלכע מיר האָבן אַמאָל געהאַט זיך אַרויפגעכאַפּט.

„מאַקסיו״ פלעגט אונדז תמיד ווייזן די קונץ, ווי מען קאָן „מאַכן אַ לעבן״, האָבנדיק אַ פּאָר צעבראָכענע גראָשנס אין קעשענע.

וואָס מער דער דלות, אַלץ מער המצאות, אַלץ גרעסער אונדזער הומאָר, אַלץ מערער ליבעס, רעפעראַטן, אַלץ הייסער דער ציוניסטישער ברען.

איך זע אים, אונדזער מאַקסיו, ווי ער פאַרט אין אויסגעבאָרגטע שיך און הויזן אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון ציוניסטישע סטודענטן קיין ווין... איך דערמאָן זיך, ווי מיר זענען אים אַלע מקנא, אַז ער וועט זוכה זיין צו זען הערצלען פנים אל פנים. און ער דערציילט אונדז שפּעטער, נאָך זיין צוריקקומען פון צוזאַמענפאָר, ער דער־ציילט אונדז, שנעקעס, די ציוניסטישע נסים ונפלאות, וועלכע ער האָט איבער־געלעבט אין ווין און מיר שלינגען די ווערטער און באַשליסן צו איבערצייגן דאָס אַקאַדעמיקער וועלטל מיט אַ... נייעם ציקל רעפעראַטן וועגן ציוניזם.

עס קאָכט אין קראָקעווער פאַריין פון יידישע אַקאַדעמיקער, אין „פּזשעד־שוויט״: „מאַקסיו״ האָט נאָך זיין צוריקקומען פון ווין אָנגעקינדיקט אַ רעפעראַט וועגן ציוניזם און אויסגערעכנט, אַז דער רעפעראַט וועט דויערן אינאיינעם מיט דער דיסקוסיע אַ גאַנצע וואָך... באַטאָג שלאָפן מיר, באַנאַכט רעדן מיר אין „פּזשעד־שוויט״ ביזן טאָג אַריין...

אַזוי לעבן מיר שטורמיק און ברויזנדיק, און איידער מען קוקט זיך אום, זענען מיר מיט דאָקטאָר־דיפּלאָמען אין די הענט און דאַרפן ווערן ערנסטע טוער... מיר פאַרלירן דעם „סאַלאָן״: צעלאָפן זיך, ווי די וועלט האָט אַן עק, מאַקסיו, קיין וואַדאָוויץ אויף אַ לערער־פּאָסטן, דער אַהין, יענער אַהער, די יוגנט־ליבעס אויך זיך צעלאָפן (הגם נישט צערונען).

דער „סאַלאָן״ איז געוואָרן עקסטעריטאָריאַל. אין פאַרשידענע שטעט און לענ־דער זענען איצט צעשפּרייט זיינע מיטגלידער. מיר שאַפן אויף פאַרשידענע געביטן — און מען שאַצט אָפּ אונדזער אַרבעט אויף כלערליי אופנים.

מיר, די מיטגלידער פון אַמאָליקן „סאַלאָן״, האָבן אָבער אונדזער אייגענע קריטעריע: מיר האַלטן זיך אין אונדזער שאַפן, ווי אַ שפּראָצונג, וואָס איז פאַר־וואָרצלט אין דער גייסטיקער אַטמאָספער, וועלכע אונדזערע יונגע ענטוזיאַסטישע נשמות האָבן אַמאָל פאַרזייעט אין „סאַלאָן״.״

די פאַרזאַמלונגען פלעגן אין טאָרנע פאָרקומען אין וואוינונגען פון אַ טייל

סטודענטן. אין דער פּריוואַט־דירה פון אַ סטודענט האָט זיך געפונען די יודאַאיס־טישע ביבליאָטעק.

אינגיכן זענען אַזעלכע קרייזלעך אַנטשטאַנען אויך אין אַנדערע גאַליציש־ע שטעט. אין לעמבערג איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע, וואו עס זענען אויסגע־אַרבעט געוואָרן אינסטרוקציעס און רעפעראַטן, וואָס פלעגן איבערגעשיקט ווערן צו אַלע עקזיסטירנדיקע קרייזן אין גאַליציע און בוקאָווינע. די צענטראַלע האָט צוו. אנד. אויסגעצייכנט אַ רעפעראַט א. ד. ט. „אידעאָלאָגישע יסודות פון ציוניזם", אָנגעשריבן דורכן טאַרנער סטודענט שמחה שיינפעלד, דער שפּעטערדיקער ד"ר שיינפעלד, איבערגעגעבענער ציוניסטישער טוער, לאַנגיאָריקער פּאַרזיצער פון קרן קימת אין טאַרנע, וועלכער איז אומגעקומען אין דאָרטיקן געטאָ בעת דער היט־לעריסטישער אָקופּאַציע.

אינעם יאָר 1902 איז אין לעמבערג פאָרגעקומען דער ערשטער דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָר פון די ציוניסטישע קרייזלעך אין גאַליציע און בוקאָווינע. פון טאַרנע זענען דעלעגירט געוואָרן: סטודענט ראַבינאָוויטש (שפּעטערדיקער ד"ר ראַבינאָ־וויטש, לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין יאַראָסלאַוו, געשטאָרבן אין יאָר 1940 אויפן וועג קיין רוסלאַנד), און שלמה גאָלדבערג (שפּע־טער — ד"ר שלמה גאָלדבערג, אָנגעזעענער ציוניסטישער טוער אין טאַרנע, דער־מאָרדעט דורך די היטלעריסטישע רוצחים אין אוישוויץ). אויף דעם דאָזיקן צוזאַ־מענפאָר (אין וועלכן עס האָט זיך אויך באַטייליקט סטודענט זאָמערשטיין, שפּעטער



**דער ערשטער דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָר פון די ציוניסטישע סטודענטן־קרייזלעך אין לעמבערג אין יאָר 1902.**

— ציוניסטישער פירער און סיים־דעפּוטאַט ד"ר עמיל זאַמערשטיין), איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די יוגנט־שריפט „מוריה", וועמענס מיט־אַרבעטער זענען הויפּטזעכלעך געווען גימנאַזיע־סטודענטן, שפּעטערדיקע אָנגע־זעענע צענטראַלע ציוניסטישע טוער אין גאַליציע און אין גאַנץ פּוילן.

פון קליינע בייטראָגן האָבן די מיטגלידער פון יודאַאיסטישן קרייז אין טאָרנע געשאַפן אַ יודאַאיסטישע ביבליאָטעק, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פאַר דער שפּע־טערדיקער גרויסער פאָלקס־ביבליאָטעק „ספריה עממית" אין טאָרנע (ערב אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זי געהאַט ביי אַ 10.000 בענד).

ביים אָנטייל פון סטודענט שמואל שפּאַן (שפּעטער — לאַנגיאָריקער ציוניס־טישער פירער אין טאָרנע, געשעצטער און פּאָפּולערער געזעלשאַפטלעכער טוער אין שטאָט), איז געשאַפן געוואָרן אַ כאָר אונטער דער לייטונג פון די סטודענטן דאַניעל און מענאַסע. דער כאָר האָט יומטוב געזונגען אין שול מיטן דעמאָלטיקן חזן העללער, און פאַרן פאַרדינטן אויף אַזאַ אופן געלט איינגעקויפט יודאַאיסטישע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק.

דעמזעלבן יאָר (1902) האָבן עטלעכע מיטגלידער פון יודאַאיסטישן קרייז אין טאָרנע באַקומען מאַטורע און גלייך געגרינדעט אַן אַקאַדעמישן פאַריין „בר־כוכבא", די ערשטע אָפענע אַקאַדעמישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, אָנגעפירט דורך מאַקס בינענשטאָק, יצחק שיפער, באַזלער, מ. מענדערער. אָט דאָס הייפל ענטוזיאַסטן האָט באַקומען וואָס מער איינפלוס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע. עס איז נישט דורכגעלאָזט געוואָרן קיין איין געלעגנהייט, כדי צו מאַני־



דער ציוניסטישער כאָר אין טאָרנע אינעם יאָר 1904
(אין דער ערשטער ריי אויבן *) שמואל שפּאַן)

פּעסטירן אַ ווירדיקע מוטיקע נאַציאָנאַל־יידישע שטעלונג צו אַלע פראַגן. צי איז דאָס געווען אויפן געביט פון קאַמף מיט דער אַסימילאַציע, וועלכע האָט זיך פאַרלייגט אַ נעסט אין דעמאָלטיקן „קלוב טאָוואַזשיסקי״ ; צי איז דאָס געווען דער פּראָטעסט קעגן די פּראָ־עסטרייכישע אַרויסטרעטונגען פונעם דעמאָלטיקן טאָרנער רב, פון וועלכן מען האָט געפאָדערט פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן הילף פאַר די פליטים, וואָס זענען אין די יאָרן 1904/5 אָנגעקומען קיין טאָרנע צוליב פּאָגראָמען און רדיפות, — אָנשטאָט צו לויבן אין הימל אַריין די האַבסבורג־דינאַסטיע ; צי זענען דאָס געווען שטורמישע דיסקוסיעס מיט יידישע סאָציאַליסטן אויף פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען — אומעטום האָבן די מיטגלידער פון „בר־כוכבא״ געקעמפט פאַר ציוניסטישע לאָזונגען.

און אַזוי ווי „בר כוכבא״ איז געווען אַ פאַריין פון אַקאַדעמיקער, איז ער אָרגאַניזאַטאָריש געווען ענלעך צו די פאַריינען פון אַקאַדעמיקער אין די אוני־ווערזיטעט שטעט. אַקאַדעמיקער, וואָס האָבן באַקומען אַן אוניווערזיטעט־דיפּלאָם און האָבן מיטגעמאַכט זייערע יאָרן אין אַ ציוניסטישן אַקאַדעמיקער־פאַריין, האָבן באַקומען דעם טיטל „אַלטער הער״, אַ מין עלטערער אפּוטרופּוס. אויך „בר־כוכבא״ האָט געהאַט אַ זעלכע בכבודיקע מיטגלידער, צווישן וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען דעם ד״ר אלחנן דוד, א זון פון פרומע, אָרטאָדאָקסישע עלטערן, וואָס האָט אין טאָרנע געלערנט אין דער קלויז און אויפן וועג פון זעלבסט־בילדונג דערגרייכט אַ דאַנק זיינע פעאיקייטן צו דעם טיטל דאָקטאָר אויף דער ווינער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט זיך פרי באַקענט מיט די ציוניסטישע לאָזונגען. אַלס שטענדיקער מיטגליד פון דער טאָרנער „בר־כוכבא״, ווערט ער אינעם יאָר 1904 דער ערשטער „אַלטער הער״ פון דער געזעלשאַפט. אינעם יאָר 1934 איז ד״ר אלחנן דוד אַרויסגעפאָרן קיין ארץ ישראל און וואוינט היינט אין חיפה. זיין פרוי איז געווען אַן אייניקל פון ר׳ מרדכי דוד בראַנדשטעטער ז״ל.

ד״ר שמחה שיינפעלד, אַקטיווער מיטגליד אין „בר־כוכבא״ אין יאָר 1905, באַצייכנט די דאָזיקע ציוניסטישע תקופה אין טאָרנע ווי אַ „דאָנקישאָטישע״, און שרייבט וועגן איר אַזוי * :

„נישט געווען די וואָך, מיר זאָלן זיך נישט אַקטיוו באַטייליקן אין פאַרזאַמלונגען צי פאָרלעזונגען גערופענע דורך אונדז צי דורך אונדזערע פּאָליטישע קעגנער. געווען זענען עס דעמאָלט די פאָרגייער פון בונד, די זש. פּ. ס. דאָס איז געווען אַ געניג שטאַרקע אָרגאַניזירטע אַרבעטער־פּאַרטיי, אָנגעפירט דורך אַרבעטער. געווען צווישן זיי עטלעכע אָנגעזעענע יחידים, און פון צייט צו צייט פלעגט זיי באַזוכען אַן אינטעליגענט, אימפּאָרטירט פון קראָקע. דער דעמאָלט שוין טעטיקער סאָבעלזאָן־ראַדעק האָט זיך כמעט נישט געמישט אין יידישע ענינים. יעדע פאַרזאַמלונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף צווישן צוויי באָיוווקעס — אַ זיך־פאַרטיידיקנדיקע און אָנגרייפערישע, אָפּהענגיק פון דעם, ווער עס איז געווען דער בעל־הבית און ווער עס האָט געוואָלט דעם בעל־הבית אַריינקריכן אין קרויט אַריין. עס איז געגאַנגען אין דעם, אַז איינער זאָל דעם צווייטן אַראָפּרייסן די פאַרזאַמלונג,

* יובל־בוך : „50 יאָר ציוניזם אין טאָרנע״. 1934.

און דאָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ געשלעג פאַרן לאָקאַל אָדער בעתן דערוויילן אַ פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג. ווען סיי דער ערשטער, סיי דער צווייטער פּרווו איז נישט געלונגען, האָט זיך אָנגעהויבן די אָפּשטימונג איבער דער רעזאָלוציע נאָך אַ הייסער און לגמרי נישט־פּאַרלאַמענטאַרישער דיסקוסיע. און אַ „רעזאָלוציע" איז נישט קיין קלייניקייט! מען האָט געקעמפט פאַר איר מיט אַ פאַרביסנקייט, וואָס פּאַסט פאַר די סאַמע ערנסטע און אַקטועלסטע לעבנס־ענינים. די זיגער פון אַזאַ רעזאָלוציע האָבן פאַרלאָזט דעם קאַמף־פּלאַץ, ווי היינט, להבדיל, זיגער פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער פוסבאָל־אימפּרעזע. עס האָבן נישט געפעלט קיין סי־ניאַקעס און סימנים פון קלעפּ, אַלס שלום־עפעקט פון די דאָזיקע האָמערישע קאַמפן".

שוין אין יאָר 1905 האָבן צו „בר־כוכבא" געהערט די בעסטע יחידים פון דער טאָרנער יידישער אינטעליגענץ, שפּעטערדיקע ציוניסטישע פירער, וועלכע האָבן פון דער פריסטער יוגנט זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון ציוניסטישער טעטי־קייט, — פריער ביים עסטרייכער, שפּעטער אין אומאָפּהענגיקן פוילן. אַזוי צ. ב. איז געווען אָנגעשלאָסן אין „בר־כוכבא" דער היסטאָריקער יצחק שיפּער, וועלכער איז דעמאָלט, אין יאָר 1905, אַלט געווען 21 יאָר און שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין ווערק „דער אָנפאַנג פון קאַפּיטאַליזם ביי די מערב־יידן אין מיטלאַלטער",



„בר־כוכבא" אין טאָרנע אינעם יאָר 1905

אין דער ערשטער ריי שטייען פון לינקס אויף רעכטס: באו, קאַסלער, סאַלאָמאָן, מאָנדרער, קייל, ד"ר באָרגעניכט, פּראַווין, וועסטרייך, מענדערער, שיינפעלד. אין דער צווייטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: אָווידע, ש. גאָלדבערג, יצחק שיפּער, שמואל שפּאַן, עלענד. אין דער דריטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: העניק גרינבערג, וואַסערמאַן, לאַשקאָוויץ, שיף.

וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט; און אַ חוץ אים ד״ר שמואל שפּאַן, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר ה. גרינבערג, ד״ר שמחה שיינפעלד, באַו, באַזלער, סאַלאָמאָן, מענדערער, קייל, ד״ר באַרגעניכט, פּראַווין, וויסטרייך, מ. אָווידע, עלענד, ד״ר וואַסערמאַן, אינזש׳ לאַשקאָוויטש, אינזש׳ שיף און אין די שפּעטערדיקע יאָרן ד״ר חיים אַרנאָלד ד״ר י. פייג, ד״ר בערקעלהאַמער, ד״ר מערץ, איזעק ליאָן, און אַנד. באַו, ד״ר באַרגעניכט און פּראַווין, זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. ד״ר מענדערער מיט זיין פאַמיליע, ד״ר שמחה שיינפעלד און פרוי, וויצאָ־טוערין אין טאָרנע, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר י. שיפער מיט דער פאַמיליע, ד״ר וואַסערמאַן און פאַמיליע, אינזש׳ שיף און אָווידע — זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים. ד״ר שמואל שפּאַן האָט אין יאָר 1934 עולה געווען קיין א״י און פאַרווירקלעכט זיין אידעאַל. ער וואוינט היינט אין חיפה. אויך ד״ר פייג, טוער פון טאָרנער „התאחדות״, געפינט זיך היינט אין חיפה. גלייך נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז געלונגען דעם ד״ר גרינבערג (לאַנגיאָריקער וויצע־פּאָרזיצער פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע) און זיין פרוי (פּאָרזיצערין פונעם פּאַטראָנאַט איבערן השומר הצעיר), צו קומען קיין ארץ־ישראל נאָך פיל וואַנדערונגען.

## 3. „השחר״

גאָר פרי האָט דער ציוניזם דערגרייכט צו דער יוגנט וואָס האָט זיך געזאַמלט אין די בתי־מדרשים. משה וויזענפעלד, לעצטער פּאַרמלחמהדיקער דירעקטאָר פון קרן קיימת לישראל אין קראָקע, האָט נאָך אין יאָר 1905 געווינען פאַר דער ציוניסטישער אידעע פיל בית־המדרש בחורים אין פאַרשידענע גאַליצישע שטעט. דאָס האָט ער אויפגעשטעלט די אָרגאַניזאַציע „השחר״. די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך באַזונדערס אַנטוויקלט אין טאָרנע, וואו עס האָט זיך געפינען די שטאַרקסטע און בעסטע גרופּע (ווי עס דערציילט מ. וויזענפעלד גופא), צו וועלכער עס האָבן בשעתו געהערט: אברהם כהנא, געלדציילער, די ברידער יהושוע און יחזקאל בראַנדשטעטער. זיי האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט און געווינען ברייטע קרייזן אָרטאָדאָקסישע יוגנט, שטאַרקנדיק אַזוי אַרום די ציוניסטישע פּאָזיציעס אין טאָרנע. אַ דאַנק דעם „השחר״ זענען צו יענער צייט אַרויסגעפאָרן די ערשטע טאָרנער חלוצים קיין א״י: אהרון האָפּמייסטער, ברידער בראַנדשטעטער, לייב ליכטינגער (אריה נהור פון מפ״ם, מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט), נתנאל דאַמאַסט, פנחס וואָלף. דעם ביישפּיל פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן נאָכגעטאָן „השחר״־מיטגלידער פון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן פאַרנומען דערנאָך ערנסטע אַמטן אין ארץ־ישראל: בעריש מעללער פון יאַסלאָ — באַקאַנטער ארץ־ישראלדיקער ליטעראַט, באַוואוסט אונטערן נאָמען דב קמחי, יצחק לאופבאַן, אַרבעטער־אָנפירער אין א״י און רעדאַקטאָר פון „הפועל הצעיר״, צבי קליין פון כזשאַנאָוו — הויפּט־בוכהאַלטער פון דער קק״ל צענטראַלע אין ירושלים. אברהם כהנא פון טאָרנע געהערט היינט צו די באַוואוסטע העברעאישע ליטעראַטן אין ישראל און

פיל מיטגלידער פון דעמאָלטיקן „השחר״ האָבן געהערט צו די באַדייטנדיקסטע ציוניסטישע טוער אין לאַנד און אין חוץ־לארץ.

ווי עס גיט איבער מ. וויזענפעלד אין זיינע זכרונות *, האָט די טאַרנער יוגנט פון „השחר״ געגעבן דעם טאָן דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַרן „השחר״ איז ער איינגעשריבן געוואָרן אין „ספר הזהב״ פון קרן קימת לישראל דורכן אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע מיט ד״ר זאַלץ אין דער שפּיץ. אויך די רעדאַקציע פון זשורנאַל „השחר״ האָט זיך דעמאָלט געפונען אין טאַרנע (צוזאַמען מיטן באַקאַנטן העברעאישן שרייבער צבי רומעלד).

דער „השחר״ האָט אָפּגעהאַלטן צוויי צוזאַמענפאָרן. דער ערשטער אין דעמביץ — דער צווייטער אין ריישע. ביזן צווייטן צוזאַמענפאָר (1908), האָט די אָנפירונג פון דער באַוועגונג זיך געפונען אין ריישע, וואו עס האָט דעמאָלט געוואוינט מ. וויזענפעלד. אַזויווי ער איז בעתן צווייטן צוזאַמענפאָר אַוועק פון דער אָנפירונג, איז דער צענטראַל־קאָמיטעט איבערגעטראָגן געוואָרן קיין טאַרנע. אין שפּיץ פון „השחר״ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער טאַרנער דוד געלדציילער (אומגעקומען אויפן פראָנט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה). מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט: אברהם כהנא, בראַנדשטעטער, לייבל און אַנדערע. אַ טייל פון די יונגע אָרטאָדאָקסישע ציוניסטן (ווי א. כהנא), האָבן פאַרלאָזט „השחר״ און זיך אָנגעשלאָסן אין דער ניי־אַנטשטאַנענער אין יאָר 1906 מזרחי־פראַקציע אין טאַרנע.

## 4. ציוניזם אין טארנע נאך הערצלס טויט

די ידיעה וועגן טעאָדאָר הערצלס טויט (אין יאָר 1904) האָט אין טאַרנע אַרויסגערופן גרויס טרויער און אַלעמען דערשיטערט. אין דער מערץ־שול איז פאָרגעקומען אַ טרויער־אַקאַדעמיע, אויף וועלכער עס האָבן גערעדט מאַקס בינענשטאָק און ד״ר יצחק שיפּער. די גרויסע שול האָט נישט געקאָנט אַריינעמען די צאָלרייך פאַרזאַמלטע יידן, וועלכע האָבן באַוויינט דעם טויט פון גרויסן מנהיג.

דער טויט פון ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט פאַרענדיקט די תקופה פון גרויסע העראָאישע פּלענער פונעם ציוניזם. עס איז נאָך פאַרבליבן דער ראָמאַנטיזם פון די דעמאָלטיקע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעלעבט אין דיסקוסיעס, מכבי־אָוונטן און זאַמלונגען לטובת קרן קיימת לישראל. וועגן די שטימונגען אין דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו יענער צייט (1906), דערציילט אינעם שוין דערמאָנטן יובל־בוך (זייט 37) ד״ר שמעון יעלדבלום, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין טאַרנע אַלס פּראַקטיצירנדער אַדוואָקאַט, איצט אין ישראל:

„1906 יאָר אין טאַרנע. אַ זיצונג פון אָרטיקן קאָמיטעט אין לאָקאַל פון „מרים״. דער רעפערענט פון נאַציאָנאַל־פאָנד גיט איבער, אַז אין איין חודש האָט מען אין

---

*) יובל־בוך „50 יאָר ציוניזם אין טאַרנע״ (1934).



דער לאָקאַל־קאמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע אינעם יאָר 1904
אין דער ערשטער ריי שטייען פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר וואַשיץ, ד״ר גאָלדבערג,
ד״ר זאַלץ, ד״ר פעלדבלום, פרל. קערנער אינזש. לייכטער.
אין דער צווייטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: פרל. טרוים, פרל. ראָזענצווייג,
פרוי זאַלץ, פרל. באַנאַט, פרוי מאַנדשיין.

טאַרנע צונויפגעזאַמלט 36 קראָן. אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. אויסגעשרייען. קושן. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט מען אויפגעהויבן אַ טענה, הלמאי צו איין אַבאָנענט פון „דער ייד״ — אַ צייטונג אַרויסגעגעבן אין קראָקע, איז די צייטונג נישט אָפּגעטראָגן געוואָרן אַ היים. אַן אַלגעמיינער שטורעם. פּאַרענטפּערונגען. דער פּאָרזיצער האָט מיט גרויס מי איינגעשטילט די רעוואָלוציע. — אַ מכבי־אָוונט. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע איז אין משך פון וואָכן אין באַוועגונג. אַ יומטובדיקע שטימונג. מען רעדט נישט וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר וועגן דעם אָוונט. דער רעדנער איז „פּייערלעך״, פּשוט פאַרגעטערט. די התקוה ווערט געזונגען מיט פרייידיקע טרערן״.

אין די יאָרן 1902 — 1906 זענען, אויסער דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען טעטיק אין טאָרנע די יידישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים״, יידישער אַקאַדעמיקער פאַריין „בר־כוכבא״, אַ בירגער־פאַריין „התחיה״ און פּועלי־ציון. צום לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן אין יאָר 1904 געהערט: ד״ר אברהם זאַלץ — פּרעזעס, ד״ר וואַשיץ, ד״ר ס. גאָלדבערג, ד״ר פעלדבלום, פּרל. קערנער, אינזש׳ לייכטער, פּרל. טראום, פּרל. ראָזענצווייג, פרוי זאַלץ, פּרל. באָנאַט און פרוי מאָנדשיין.

אין די יאָרן 1905 — 1906 האָבן צום קאָמיטעט געהערט: ד״ר זאַלץ — פּאָרזיצער, ד״ר שפּאַן, ד״ר גרינבערג, גאָטליב, אינזש׳ לייכטער, ד״ר י. שיפּער, פרוי



דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע אין די יאָרן 6־1905
אין דער ערשטער ריי שטייען פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר גרינבערג, גאָטליב, אינזש. לייכטער, ד״ר י. שיפּער, פרוי רויכווערג, ד״ר ש. גאָלדבערג, יעקב אָווידע.
אין דער צווייטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: פּרל. קערנער, ד״ר א. זאַלץ, פרוי זאַלץ, ד״ר פעלדבלום, פרוי גרודער.
אין דער דריטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר דאַניעל און ד״ר שפּאַן.

ראָיכוועַרג, ד״ר ס. גאָלדבערג, יעקב אָווידע, פּרל. קערנער, פּרוי זאַלץ, ד״ר פעלדבלום, פּרוי גרודער, ד״ר דאַניעל.

## 5. אויף דער שוועל פון יידישער לאַנדעס־פּאָליטיק

טאַרנער ציוניסטן האָבן אַרויסגעוויזן פלייס נישט בלויז ביים איינאָרדענען מכבי־אָוונטן. ווען עס איז אויף דער קראָקעווער קאָנפערענץ פון גאַליציישע ציוניסטן (יולי 1906), באַשלאָסן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אַלס באַזונדערע נאַציאָנאַל־יידישע פּאַרטיי, אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט און דאָס אין דער פינפטער אַלגעמיינער קוריע — האָט די טאַרנער יידישע גאַס אויפגעקאָכט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ברייטער וואַל־קאָמיטעט, וועלכער האָט מיט ברען זיך גענומען צו דער אַרבעט. דאָס איז געווען די ערשטע מאַניפעסטאַציע פון די נאַציאָנאַל־יידישע כוחות, גרופּירטע אַרום דער בלוי־ווייסער פאָן. דאָס איז געווען אַ קאַמף מיטן פּאָליטישן אינדיפערענטיזם אויף דער יידישער גאַס, מיט דער אַסימילאַציע, וואָס האָט גענעסטעט ביי דער יידישער אינטעליגענץ און ביי יידישע סאָציאַליסטן. דאָס איז אויך געווען אַן אַרויסרוף דער עסטרייכישער מאַכט, וועלכע האָט נישט אָנערקענט קיין יידישע נאַציאָנאַליטעט און אַלע פּאָליטישע באַוועגונגען ביי יידן זענען דורך איר באַקעמפט געוואָרן. אַלס ציוניסטישער קאַנדידאַט אויף דעפּוטאַט פון טאַרנע איז געווען דער גלענצנדער רעדנער און דעמאָלט שוין באַוואוסטער ציוניסטישער טוער ד״ר דוד מאַלץ (געשטאַמט פון לעמבערג). זיינע אַרויסטרעטונגען און רעדעס זענען תמיד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער מאַניפעסטאַציע פּאַר די ציוניסטישע אידעאַלן און פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון די יידישע מאַסן. דער וואַל־קאַמף איז נישט געווען קיין לייכטער, ווייל אויף יידישע שטימען איז געלאָפן דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט ד״ר דראָבנער, אַ מיטרייסנדיקער רעדנער און באַקאַנטער סאָציאַליסטישער טוער פון קראָקע, וועלכער איז געשטיצט געוואָרן דורך די יידישע סאָציאַליסטן פון זש. פּ. ס., — און פון דער צווייטער זייט האָבן נישט גינסטיק געקוקט אויף דער קאַנדידאַטור פון נאַציאָנאַלן יידנטום די יידישע קרייזן, וואָס האָבן אָן שום קריטיק געשטיצט יעטוועדן קאַנדידאַט פון די רעגירונגס־קרייזן, רעקאָמענדירט דורכן „בעצירקהויפּטמאַנשאַפט״ אין טאַרנע. ווער פון יענעם דור געדענקט נישט די דאָזיקע וואַל־אַקציע? אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטענע אויפן „חזיר־פּלאַץ״ (שפּעטער — „פרייהייטס־פּלאַץ״, בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע — מאַגדעבורגער פּלאַץ, וואו עס פלעגן פּאָרקומען מאַסן־שחיטות איבער יידן און סעלעקציעס צו פאַרשיקן זיי אין טויטן־לאַגערן), — האָבן זיך צונויפגעזאַמלט מאַסן יידן, און דער גלענצנדער רעדנער ד״ר דוד מאַלץ פלעגט מיטרייסן די צוהערער. די וואַל־קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן מיט אַ גרויסן פאַרנעם, מיט איבערגעגעבנקייט. אויף אַלע ווענט, טראָטואַרן, טעלעגראַף־סלופּעס, זענען געווען אויפשריפטן: „אַלע יידן ווילן ד״ר דוד מאַלץ״. די דאָזיקע אויפשריפטן זענען אַ צייט לאַנג נאָך די וואַלן געבליבן אין שטאָט און עדות געזאָגט

וועגן פאַרביסענעם וואַל־קאַמף. דער דעמאָלטיקער פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, ד״ר אברהם זאַלץ, האָט קאַנדידירט אינעם וואַל־קרייז סטריי־קאַלוש. זיינע קאָנטער־קאַנדידאַטן זענען געווען: אשכנזי פון די אַסימילאַ־טאָרן און מאַראַטשעוסקי פון די סאָציאַליסטן. ד״ר זאַלץ האָט באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען — 2.900, בעת מאַראַטשעווסקי האָט באַקומען 2.500 שטימען, און אשכנזי — 600 שטימען. ביי שטיך־וואַלן צווישן ד״ר זאַלץ און מאַראַטשעווסקין, האָבן די פּאָליאַקן און די אַסימילאַטאָרן געשטימט פאַר מאַראַטשעווסקין, וועלכער איז דערוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט. אין אַלגעמיין האָבן די ציוניסטן באַקומען דריי מאַנדאַטן, צונויפזאַמלענדיק 30.000 שטימן אין 20 וואַל־קרייזן. אינעם פאַר־לאַמענט זענען דערוויילט געוואָרן: א. שטאַנד, ד״ר ה. גאַבעל און ד״ר א. מאַהלער. אין טאַרנע האָט ד״ר דוד מאַלץ באַקומען אַ גרויסע צאָל שטימען, אָבער אַ נישט־געענוגנדע אויף אַ מאַנדאַט. די וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך די ציוניסטן אין טאַרנע, האָט געשטאַרקט די ציוניסטישע רייען און געווען דער אָנהויב פון אַ נאַציאָנאַל־יידישער פּאָליטיק אויף דער יידישער גאַס. די ציוניסטן זענען אַרויס פון די ענגע ראַמען פון אַ פאַריין, שטעלנדיק די ערשטע שריט אַלס פּאַרטיי פון די יידישע מאַסן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט איצט פאַרנומען אַ גאַר וויכטיקן פּלאַץ אין מערב־גאַליציע. דעם 1.11.1908 איז אין טאַרנע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ דיסטריקט־טאָג פון די מערב גאַליצישע ציוניסטן. העכער 30 פאַריינען זענען געווען רעפּרעזענטירט אויף דער קאָנפערענץ. לויט דעם באַריכט האָבן די ציוניסטן אין מערב גאַליציע געזאַמלט אין דעם באַריכטס־יאָר 1200 קראָנען פאַר שקלים און איבער 5000 קראָנען פאַר קרן קיימת לישראל. אויף דער קאָנפערענץ האָט ד״ר שמעון פעלדבלום, — וואָס איז אגב אַרויסגעטראָטן צוליב פּאָליטישע סיבות פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי — רעפערירט איבער „די איצטיקע סיטואַציע און אונ־דזערע נאָענסטע אויפגאַבן״.

אַלע דערשיינונגען אין יידישן לעבן ווערן איצט אַן אָביעקט פון פּאַראַינטע־רעסירונג מצד די ציוניסטן. ווען אין יאָר 1910 איז אין גאַליציע פאָרגעקומען אַ פאָלקס־ציילונג, האָבן גאַליצישע ציוניסטן געוואָרפן דעם לאָזונג אָנצוגעבן אין די אַנקעטע־בויגנס אויף דער פראַגע וועגן דער שפּראַך — יידיש אָדער העב־רעאיש. דער דאָזיקער לאָזונג האָט געהאַט אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין טאַרנע, וואו די ציוניסטן האָבן געשאַפן אַ ספּעציעלן אַגיטאַציע־קאָמיטעט, וואָס האָט געפירט אַן אינטענסיווע אַקציע כדי אויפקלערן די יידישע באַפעלקערונג די וויכטיקייט אָנצוגעבן די אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, פאַר וואָס די עסטרייכישע מאַכט האָט שפּעטער באַשטראָפט.

אַזאַ איז געווען דאָס בילד פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע זינט דעם ערשטן ציוניסטישן געדאַנק אין דער שטאָט. ד״ר שמואל שפּאַן, דערציער פון אַ גאַנצן ציוניסטישן דור אין טאַרנע, שרייבט אינעם שוין דערמאָנטן יובל־בוך, אַז די ערשטע צוואָנציק יאָר ציוניזם אין טאַרנע דאַרף מען דרייסט באַצייכענען ווי די ראָמאַנטישע תקופה פון דער באַוועגונג, ווייל אין דער צייט האָט מען קודם כל זיך באַמיט צו באַקענען די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג

מיט די ציוניסטישע אידעאַלן און פאַראינטערעסירן זיי מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

## 6. ציוניזם אין טארנע נאך דער ראמאנטישער תקופה

דאָס יאָר 1913, ווען עס איז פאָרגעקומען דער צענטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין ווין, באַצייכנט ד״ר שפּאַן אינעם יובל־בוך, ווי „דער אָנהויב פון דער צווייטער תקופה פונעם טאַרנער ציוניזם״. „די דאָזיקע תקופה, — שרייבט דער מחבר — קאָנען מיר אָנרופן ווי אַ פּעריאָד פון פּראַקטישער אַרבעט ביים רעאַליזירן די ציוניסטישע אידעע, ווייל אין די לעצטע צוואָנציק יאָר האָבן טאַרנער ציוניסטן געשאָנקען זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע דער שאַפונג און פונאַנדערבויאונג פון אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאַט אַ פּראַקטישע באַדייטונג און אַן ענגן צוזאַמענהאַנג מיט אויפבויען ארץ־ישראל״.

אָנגעהויבן האָט מען פון דער אַגיטאַציע, אַז ציוניסטן זאָלן קודם כל באַזעצן זיך אין א״י. נאָך מיט אַ צייט צוריק האָט עולה געווען אַ גרעסערע גרופּע טאַרנער יוגנטלעכע, און צווישן זיי — וואָלף ,יוסף פּערלבערג, משה לייבל, אהרן האָפּמייסטער, ליכטינגער, די בראַנדשטעטערס, וועלכע האָבן זיך דאָרט געווידמעט אינגאַנצן דער ערד־אַרבעט. עלטערע ציוניסטן, ווי משה רייך, עדוואַרד שוואַגער און ד״ר שפּאַן, האָבן באַזוכט א״י אין יאָר 1913 אַלס טוריסטן, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ גרויסע פּאַסירונג ביי טאַרנער ציוניסטן. עס איז אָנגעקניפּט געוואָרן אַ לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט ארץ־ישראל, און דערמיט איז אויך געוואַקסן דער אינטערעס און ליבע צום לאַנד. צ״ן שפּיץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז פון יאָר 1909 געשטאַנען ד״ר שמואל שפּאַן, אַן איבערגעגעבענער און אומדערמידלעכער טוער, וועלכער האָט פון אַנדערע ציוניסטן געפאָדערט טריישאַפט און אַקטיוויטעט, נישט אַנערקענענדיק אויף דעם געביט קיין שום קאָמפּראָמיסן. ד״ר שפּאַן האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין אונטערשיד צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. אָפטמאָל פלעגט ער זיינע נאָענטסטע פּאַרטיי־חברים אָפן קריטיקירן דערפאַר וואָס זיי קאָנען נישט אָדער ווילן נישט צופּאַסן זייער לעבן צו די לאָזונגען וואָס זיי אַליין פּרעדיקן.

## נחום סאקאלאוו אין טארנע (1914)

אין יאָר 1913 האָט דער קאָמיטעט פון חיפהער טעכניקום, וואו עס זענען געווען אַ מערהייט דייטשע יידן, אָרגאַניזירטע אינעם „הילפס־פאַריין פון דייטשע יידן״, באַשלאָסן איינצופירן אינעם ניי־אויפגעבויטן טעכניקום די דייטשע שפּראַך אַלס אונטעררריכט־שפּראַך. די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס פון די דייטשע יידן, פאָדערנדיק, אַז די אונטעריכט־שפּראַך אין חיפהער טעכניקום זאָל זיין העברעאיש. אין אַלע לענדער וואו עס זענען געווען

גרעסערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, זענען פאָרגעקומען גרויסע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, און די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע פירער האָבן אין דער ריכטונג געפירט אַ ברייטע אויפקלער־אַרבעט אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען. צוו. אַנד. איז צוליב דעם געקומען קיין גאַליציע נחום סאָקאָלאָוו. די דעמאָלטיקע ענדעציע האָט אין שייכות מיט זיין קומען געהאַלטן פאַר נויטיק פאָרצוּוואַרפן דעם דעמאָלט שוין באַרימטן ציוניסטישן מנהיג, אַז ער איז אַ פיינט פון פוילישקייט, הגם סאָקאָלאָוו האָט באַדאַרפט בלויז פּראָטעסטירן קעגן איינפירן די דייטשע שפּראַך אינעם חיפהער טעכניקום. די פוילישע וואָכנשריפט „פּאָגאָן", וואָס איז דערשינען אין טאַרנע, האָט אינעם נומער פון 1־טן פעברואַר 1914 יאָר, פאַרעפנטלעכט אַ נאָטיץ אונטערן קעפל: „דער באַוואוסטער פון פּאָליאַקן־פרעסערישע אַרויסטרעטונגען וואַרשעווער ליטוואַק נחום סאָקאָלאָוו". אין דער נאָטיץ איז סאָקאָלאָוון פאָרגעוואָרפן געוואָרן, ער זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט וועגן פוילן נעגאַטיוו און מיט פאַראַכטונג. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געברענגט מיט זיך טרויעריקע רעזולטאַטן, ווייל עס זענען פאָרגעקומען געשלעגן צווישן דער אונטער־געהעצטער פוילישער יוגנט און יידן.

פונדעסטוועגן איז נחום סאָקאָלאָוו געקומען קיין טאַרנע, אָבער די אַדמיניס־טראַטיווע מאַכט, אויס מורא פאַר אומרועז, האָט פאַרבאָטן די פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון סאָקאָלאָוון. דער אָרטיקער ציוניסטישער קאָמיטעט איז דעריבער געווען געצוואונגען איינצואָרדענען לכבוד סאָקאָלאָוון אַ געשלאָסענעם באַנקעט אין האָ־טעל ווייס אויף דער וואַלאָווע־גאַס. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אָנהויב פעברואַר 1914, און באַטייליקט אין אים האָבן זיך די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון טאַר־נער יידנטום. בעת ד"ר י. שיפּער האָט באַגריסט דעם חשובן גאַסט, האָבן פאַר דער האָטעל־געביידע זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע פוילישע „סטזשעלצעס", שפּעטערדיקע לעגיאָנערן פון פּילסודסקין, און געוואָלט זיך אַריינרייסן אין לאָקאַל, וואו עס איז פאָרגעקומען דער באַנקעט. שטיינער האָבן אָנגעהויבן פליען אין די שויבן און די יידישע יוגנט האָט זיך געשטעלט צו פאַרטיידיקונג. מיט גרויס מי איז געלונגען איינצושטילן דאָס דאָזיקע טרויעריקע און נישט־אַנגענעמע געשעעניש. דער באַנקעט איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ שיינער און געלונגענער רעדע פון סאָקאָלאָוון.

נאָך דעם געשעעניש האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע פאַר־עפנטלעכט אַן אויפרוף, אין וועלכן זי פאַראורטיילט די העצער און מאַכט קלאָר די שטעלונג פון די ציוניסטן און פון סאָקאָלאָוון בנוגע דער פוילישער מלוכהשקייט, ציטירנדיק סאָקאָלאָווס ווערטער אויפן עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין וועגן פוילישן פאָלק: „דאָס פוילישע פאָלק איז אַליין אַן אונטערדריקט פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין קיום אין שווערער אַרבעט און נישט־גינסטיקע באַדינגונגען. אונדזערע אַלע סימפּאַטיעס זענען אויף דער זייט פון אונטערדריקטע, און אויך אויף דער זייט פון די פּאָליאַקן. מיר זענען זיכער, אַז דאָס פוילישע פאָלק וואָלט באַשאַפן גענצלעך אַנדערע באַדינגונגען פאַר זיך און פאַר די יידן, ווען עס זאָל אַליין באַשטימען זיין גורל".

גאָר אַנדערש איז אויפגענומען געוואָרן נחום סאָקאָלאָוו, ווען ער איז אין

אומאָפּהענגיקן פּוילן, אַלס פּרעזעס פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, אַדורכגעפאָרן דורך טאַרנע דעם 20־טן נאָוועמבער 1929 יאָר, אויפן וועג קיין רומעניע. געפאָרן איז ער דעמאָלט אָנהויבן די אַקציע פאַרן קרן־היסוד. אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 22/11 1929, לייענען מיר פאָלגנדעס:

„דעלעגאַציעס פון ציוניסטישע פּאַרטייען, יוגנט־קאָרפּאָראַציעס און מאַסן יידן האָבן איבערן ברעג אויסגעפילט דעם וואָקזאַל, כדי צו באַגריסן דעם חשובן גאַסט. אין מאָמענט ווען נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך באַוויזן אין וואַגאָן־פענסטער, האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „הידד — יחי"! אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט סאָקאָלאָוון באַגריסט דער וויצע־פּרעזעס פון אָרטיקן קאָמיטעט ד"ר שמואל שפּאַן, אין נאָמען פון התאחדות ד"ר פייג, אין נאָמען פון החלוץ קייטש, אין נאָמען פון דער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה" דער שילער אונגער, און אין נאָמען פון „וויצאָ" האָט פר. מאַלאַ גרינשטיין דערלאַנגט דעם גאַסט אַ בוקעט בלומען. פּרעזידענט סאָקאָלאָוו האָט אין קורצע ווערטער, אין העברעאיש, האַרציק געדאַנקט פאַרן שיינעם — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — קבלת־פּנים. ביים אָפּפאָרן פון צוג האָט דער פאַרזאַמלטער עולם געזעגנט סאָקאָלאָוון מיטן געזאַנג פון התקוה".

די וועלט־מלחמה און דאָס פאַרנעמען טאַרנע דורך דעם רוסישן מיליטער הערבסט 1914 יאָר, האָבן גורם געווען צו אַן איבעררייס אין דער ציוניסטישער טעטיקייט, ווייל אַ באַדייטנדיקער טייל גאָר אַקטיווע ציוניסטן זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און געדינט אויסער טאַרנע, בעת אַ צווייטער טייל האָט לגמרי פאַרלאָזט טאַרנע, איבערטראָגנדיק זיך אויף דער צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע אין אַנדערע טיילן פון עסטרייך.

## 7. ציוניסטישע טעטיקייט אין טאַרנע בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה

נאָכדעם ווי די רוסישע אַרמיי האָט אין פרילינג 1915 פאַרלאָזט טאַרנע, האָט ד"ר שפּאַן, פאָרזיצער פון אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע ציוניסטישע טוער, מיט ברען און ענערגיע אָנגעהויבן פאָרטצוזעצן די ציוניסטישע טעטיקייט, באַגרעניצנדיק זיך בלויז מיט זאַמלען פאַרן נאַציאָנאַלן־פאָנד און איינאָרדענען געלעגנהייטלעכע נאַציאָנאַלע פייערונגען. גלייכצייטיק איז געפירט געוואָרן אַ פילאַנטראָפּיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט דורך די ציוניסטישע טוער: וואָלף געצלער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, עדוואַרד שוואַגער און די מיטגלידערינס פון ציוניסטישן פרויען־קרייז „מרים".

צוליב די מלחמה־באַדינגונגען איז די נויט אויף דער יידישער גאַס גוואַלטיק אויסגעוואַקסן. גאָר אַ סך מלחמה־קרבנות האָבן זיך געציילט צווישן יידן, גע־בליבן אַ סך אלמנות און יתומים פון יידישע געפאַלענע זעלנער. די יידישע אָרעמ־קייט אין טאַרנע האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. די דעמאָלטיקע קהילה האָט נישט אַרויסגעוויזן קיים שום פאַרשטענדעניש פאַר די וואָס זענען געבליבן

אָן מיטלען צום לעבן. טאָרנער ציוניסטן האָבן זיך איינגעשפּאַנט צו דער הילפס־אַרבעט און געטאָן אַלץ איבער די כוחות צו לינדערן די שווערע נויט.

אינעם שוין דערמאָנטן יובל־בוך (ז׳ 72) דערציילט ד״ר שפּאַן, אַז „אַ דאַנק דער דאָזיקער אַרבעט און גרעניצלאָזער איבערגעבנקייט פון עטלעכע אונדזערע חברים, איז געלונגען אין דער דעמאָלטיקער שווערער מלחמה־צייט אויפצושטעלן און אויסהאַלטן אַ יידישע פאָלקס־קיך, וועלכע האָט טעגלעך אַרויסגעגעבן בערך 2.000 מיטאָגן דער אָרעמסטער יידישער ציווילער ווי מיליטערישער באַפעלקערונג פון אונדזער שטאָט, טיילווייז אָן געלט, די איבעריקע — פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל. אויסער דעם האָבן אונדזערע חברים געאַרבעט גאָר איבערגעגעבן אין פאַרשידענע קאָמיטעטן, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו קומען צו הילף פאַרשידענע אלמנות און יתומים צוגעקומענע קיין טאָרנע, וועמענס מענער און פאָטערס זענען אומגע־קומען אויף די פראָנטן״.

אויב מען וועט נעמען אין אַכט די שווערע אַפּראָוויזאַציע־לאַגע בעת דער ער־שטער וועלט־מלחמה, די שוועריקייטן און באַגרעניצונגען אינעם צופירן שפּייז, וואָס איז רעקווירירט געוואָרן דער עיקר פאַרן מיליטער, דאָס איינפירן דעם קאַרטן־סיסטעם פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג אויף די וויכטיקסטע שפּייז־אַרטיקלען, קאָן מען ערשט אָפּשאַצן וואָס עס האָט באַדייט פאַר דער יידישער אָרעמקייט אין טאָרנע די אויפגעשטעלטע פאָלקס־קיך, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ציו־ניסטן. אָן שום באַלוינונג האָבן אין קיך געאַרבעט פיל מיטגלידערינס פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים״. כדאי דאָ צו דערמאָנען די פרויען: פייגע בלאונער, טאָנקע בערקעלהאַמער, מינע הודעס, מאַניע מיללער, העלע גרינ־פעלד — און פיל אַנדערע, שטילע, באַשיידענע מיטאַרבעטערינס.

אַ דאַנק די מיטגלידערינס פון „מרים״ איז אויך מעגלעך געווען, הגם אין אַ באַגרעניצטער פאָרם, צו פירן אַ ציוניסטישע קולטור טעטיקייט. אינעם באַשיי־דענעם קליינעם צימערל פון „מרים״ אויף דער וואַלאָווע־גאַס (אין הויז פון מאַר־גוליעס), האָט זיך געפונען די יודאַאיסטישע ביבליאָטעק געפירט דורך טאָנקע בערקעלהאַמער (שפּעטער — די פרוי פון ד״ר יעקל פון טאָרנע). אין דעם לאָקאַל פלעגט זיך אויך פאַרזאַמלען די עלטערע ציוניסטישע יוגנט, וועלכע איז נאָך דערוויילע געווען פריי פון מיליטער־דינסט, אָדער געדינט אין מיליטער אינעם טאָרנער גאַרניזאָן. אַ געוויסע צייט האָט געפירט אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט צווישן דער יינגערער ציוניסטישער גענעראַציע אליעזר ריגער (דערנאָך — פּראָ־פעסאָר אויפן ירושלימער אוניווערזיטעט, וועלכער האָט דעמאָלט געדינט ביים עסטרייכישן מיליטער אין טאָרנע, לעצטנס דירעקטאָר פונעם דערציאונגס־מיניסטע־ריום, נפטר געוואָרן אין אַפּריל 1954 יאָר אין ירושלים). אין די יוגנט־קרייזן זענען נאָך געווען טעטיק די ברידער דוד און לעאָן קאָהן, און יאָן 1917 — ראובן ראָזענ־בליט, וועלכער האָט אויך געדינט אין מיליטער אין טאָרנע און האָט פיל מיט־געהאָלפן אויפצולעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט אין שטאָט. דאָס איז אָבער געווען אַן אַרבעט אַ געכאַפּטע, אַ געלעגנהייטלעכע. נישט געווען קיין קאָנטאַקט מיט א״י, מיט אויסלענדישע ציוניסטישע פאַקטאָרן, נישט געווען קיין ציוניסטישע פּרעסע.



„מרים" אינעם יאָר 1917
פון לינקס אויף רעכטס: ראובן ראָזענבליט, העלאַ גרינפעלד, דאַלאַ לייבל, טאובקע וועלטש, פייגע בלוינער, בראָניאַ פערלבערגער, זאָשיע פּייערשטיין און אליעזר ריגער

## 8. קאמף פאר נאציאנאלער אויטאנאמיע און פאר דעראבערן די קהילות

הערבסט 1918 יאָר האָט אָנגעזאָגט דעם סוף פון דער מלחמה. די דייטשע מיליטערישע מאַשין איז שוין געווען אַ צעטרייסלטע, די עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע האָט זיך געוואַקלט אין אירע יסודות. די פעלקער וואָס האָבן געוואוינט אין די לענדער פון דער האַבסבורגער דינאַסטיע, האָבן זיך געגרייט צו צערייסן די פעדים, וואָס האָבן זיי געבונדן מיט ווין. אין גאַליציע זענען געוואַקסן די שטימונגען פאַר אומאָפּהענגיקייט. עס איז שוין נישט געווען קיין שום ספק, אַז עס גרייטן זיך גרויסע ענדערונגען אינעם פּאָליטישן לעבן פון די פעלקער, וואָס האָבן באַוואוינט די עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע.

הגם כמעט אַלע ציוניסטישע אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע האָבן זיך נאָך געפונען אין מיליטער, האָט זיך דעם 18־טן אויגוסט 1918 יאָר צונויפגעזאַמלט דער פאַרשטאַרקטער פאַרטיי־ראַט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע, מיטן אָנטייל פון דעלעגאַטן פון לעמבערג, קראָקע און אַנדערע גאַליצישע שטעט. ד״ר לעאָן רייך, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, האָט אַרומגערעדט די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פּאָסטולאַטן אין שייכות מיט דער עווענטואַליטעט פון אַ מעגלעכער רעוויזיע פון דער קאָנסטיטוציע אין עסטרייך און דער אַנטשטייאונג פון זעלבשטענדיקע מדינות אויפן מזרח, וואו יידן האָבן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן. דער פאַרטיי־ראַט, אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר קאָרנהייזער פון יאַסלע (שווער פון אינזש׳ לייכטער) און ד״ר הויזמאַן פון לעמבערג, האָט נאָכן אויסהערן די רעפעראַטן פון ד״ר וואַלדמאַן, ד״ר עמיל שמאָראַק און ד״ר א. קאָרקיס, אָנגענומען פאָלגנדע וויכטיקע באַשלוסן:

„דער ציוניסטישער פאַרטיי־ראַט דערקלערט, אַז אין איינקלאַנג מיטן באַזעלער פּראָגראַם, אָנערקענט ער די נאַציאָנאַלע גאַנצקייט פון אַלע יידן אין דער וועלט, און כדי צו לייזן די יידנפראַגע אינגאַנצן, שטרעבט ער צו דערגרייכן די עפנטלעך־רעכטלעך גאַראַנטירטע נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. נעמענדיק אָבער אין אַכט, וואָס די יידן אין די לענדער פון צעשפּרייטונג בילדן אַ געזעלשאַפטלעכקייט מיט אייגענע פּאָליטישע און קולטורעלע אינטערעסן, שיידן זיך אונטער פון אַנדערע פעלקער און שטרעבן אונטערצוהאַלטן און שטאַרקן דאָס יידנטום אויך אין דער צעשפּרייטונג, נעמט אָן דער פאַרטיי־ראַט פאָלגנדע רעזאָלוציע:

1. דער פאַרטיי־ראַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען דעם 18־טן אויגוסט 1918 יאָר אין לעמבערג, שטעלט פעסט מיט פאַרדרוס, אַז אַלע פּאָסטולאַטן פון נאַציאָנאַלן יידנטום צו גאַראַנטירן זיינע בירגערלעכע, באַזונדערס פּאָליטישע און קולטורעלע רעכט, זענען ביז איצט נישט באַריקזיכטיקט געוואָרן.

2. דער פאַרטיי־ראַט באַוואָרנט זיך ענערגיש געגן דער עקאָנאָמישער עוולה לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין דער אַקציע ווידעראויפצובויען גאַליציע און וואָרנט גלייכצייטיק די מאָסגעבנדע פאַקטאָרן פאַר טאָלערירן די ווייטערדיקע

אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע גייט ביסלעכווייז אַריבער אין גוואַלטאַטן און פירט צו אַ קאַטאַסטראָפע נישט בלויז פאַר יידן, נאָר שעדיקט אויך דעם נאָמען פון דער מלוכה אין דער גאַנצער קולטורעלער וועלט.

3. דער פּאַרטיי־ראַט האַלט, אַז ס׳איז נויטיק איינצופירן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין עסטרייך, אַלס איינציקער אויסוועג פון כאַאָס פונעם שטענדיקן נאַציאָנאַליטעטן־קאַמף און פון דעם זיך כסדר פאַרשאַרפנדיקן מלוכהשן קריזיס און פאָדערט: קאָנסטיטוציאָנעלע אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אַלס ענפטלעכע קאָרפּאָראַציע, באַרופן צו דערפילן איר רעכט אויפן געביט פון דער גאַראַנטירטער נאַציאָנאַל־פּערסאָנעלער אויטאָנאָמיע, די רעכט פון זעלבסבאַשטימונג און זעלבסטפאַרוואַלטונג. צו דער אויטאָנאָם־יידישער געזעלשאַפטלעכקייט געהערן אַלע געבוירענע אַלס יידן, בירגער, אויב עס איז אין איינצלנע פאַלן, לויט די פאַראַנענע פאָרשריפטן, נישט פאָרגעקומען קיין אַרויסטריט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. צום געביט פון אויטאָנאָמער טעטיקייט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, געהערן אויסער די אויבן־אויסגערעכנטע, קודם־כל די פראַגן פון יידישער קולטור, דערציאונג, שול־וועזן און פאָלקס־בילדונג, די ענינים פון סאָציאַלער שוץ און אָרגאַניזירונג פוןווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

4. נעמענדיק אין אַכט, וואָס די פריער דערמאָנטע נאַציאָנאַלע רעכט פון יידנטום זענען אומעטום די נישט־פאַרעלטערטע פּאָסטולאַטן, דאָרט ווי יידן וואוינען אין מאַסן, פאָדערט דער פּאַרטיי־ראַט פון די פאַקטאָרן וואָס קומען אין באַטראַכט, אַז אין פאַל פון אומוואַנדלען די מלוכה, אין איינקלאַנג מיט די פאָדערונגען פון די יידן וואָס באַוואוינען די ניי־געשאַפענע ראַנד־מדינות אויפן מזרח, צו גאַראַנטירן אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע רעכט.

5. דער פּאַרטיי־ראַט אַפּראָבירט די שריט, וואָס די ווינער עקזעקוטיווע האָט אונטערגענומען ביי דער עסטרייכישער רעגירונג מיטן ציל צו אָנערקענען די יידישע נאַציאָנאַליטעט".

די אויבנדערמאָנטע באַשלוסן וועלכע האָבן געגעבן אַן אָנהויב די אידעאָלאָגישע הנחות פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק אין די גלות־לענדער, האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע. אין קראָקע האָט אַ גרופּע ציוניסטן ,אין שפּיץ פון די ענערגישע און איבערגעבענע ציוניסטישע אָנפירער אין מערב־גאַליציע — ד״ר חיים הילפשטיין און ד״ר שמואל וואַרהאַפטיג, אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „נאָווי דזשענניק", וועמענס גייסטיקע אָנפירונג איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון ד״ר יהושע טהאָן. „נאָווי דזשענניק", וועמענס רעדאַקציע עס האָט איבערגענומען דער פעאיקער און באַדייטנדיקער פּובליציסט ד״ר וו. בערקעלהאַמער פון טאַרנע, איז אינגיכן געוואָרן די פאַרשפּרייטסטע צייטונג, געלייענט דורכן גאַנצן גאַליצישן יידנטום. די צייטונג האָט דרייסט און קאָנסעקווענט געקעמפט אין שוץ פון די יידישע אינטערעסן, באַזונדערס פאַרן נצחון פון די פּרינציפּן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין די אויבנדערמאָנטע רעזאָלוציעס פון פּאַרטיי־ראַט אין לעמבערג.

די אָנפירונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע האָט באַשלאָסן דעם טאָג פון 14־טן אָקטאָבער 1918 יאָר צו דערקלערן אַלס דעמאָנסטראַציע פון

גאַליציש̈ן יידנטום, „כדי צו ברענגען צום אויסדרוק דעם ווילן, אַז אין מאָמענט, ווען עס אַנטשיידט זיך דער גורל פון פעלקער, זאָל דאָס יידישע פאָלק לגבי דער גאַנצער וועלט הויך פאָדערן זיין רעכט פון נאַציאָנאַלן קיום אין עסטרייך״ (לויט די ווערטער אינעם אויפרוף). דעם טאָג האָט די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער פאַרטיי אויף פאַרזאַמלונגען פאַרגעלייגט אָפּצושטימען די יידישע פאָסטולאַטן אינעם מאָמענט פון איבערבויען די עסטרייכישע מאָנאַרכיע, לויטן באַשלוס פון ציוניסטישן פאַרטיי־ראַט דעם 18־טן אויגוסט 1918 יאָר.

די געשעענישן זענען שנעל געלאָפן פאָראויס. די אַרמייען פון די צענטראַלע מלוכות האָבן קאַפּיטולירט. די פאַרשימלטע געבײדע פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע איז זיך צעפאַלן אין שטויב. אין אָקטאָבער 1918 האָט זיך שוין פאַרמירט דאָס אומאָפּהענגיקע פאַרייניקטע פוילן. לויט די באַשלוסן פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער פאַרטיי זענען אויפן 14־טן אָקטאָבער 1918 יאָר, גערופן געוואָרן אין גאַנץ גאַליציע גרויסע מאַניפעסטאַציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג. דעם טאָג איז אַזאַ פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אין קראָקע. ד״ר י. שיפּער פון טאַרנע, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין מיליטער־דינסט אין קראָקע, איז אַרויסגעטרעטן אַלס רעדנער אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג אין נאָמען פון פועלי־ציון, וואָס איז געווען טעטיק אין שטאָט פאַר דער גאַנצער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיר ברענגען ווייטער דעם באַריכט פון דער קראָקעווער פאַרזאַמלונג ווי זי איז באַשריבן אין „נאָווי דזשעננִיק״. מיר טוען דאָס צוליבן אָנטייל פון ד״ר שיפּער, אונדזער בן־עיר, אויף דער פאַרזאַמלונג, ווי אויך צוליב די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, וואָס האָבן אין יענעם איבערברוך־פעריאָד געדינט פאַר אַ גרונט־הנחה פאַר דער ציוניסטישער טעטיקייט אין מערב־גאַליציע:

„דעם 14־טן אָקטאָבער 1918 יאָר האָבן אין זאַל „ציון״ פאַרזאַמלט זיך מאַסן יידישע בירגער. געעפנט די פאַרזאַמלונג האָט דער פאָרזיצער פון לאָקאַלן קאָמיטעט אין קראָקע ד״ר וואַרהאַפּטיג, און מיט רעדעס זענען אַרויסגעטרעטן ד״ר צימערמאַן, וועלכער האָט געשילדערט די דעמאָלטיקע לאַגע פון יידנטום און די פּאָסטולאַטן פון יידישן פאָלק, דערנאָך האָט דער פאַרשטייער פון פועלי־ציון ד״ר י. שיפּער גערופן צו שאַפן אַ יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, ד״ר מאַקס לעזער האָט געגעבן אַ בילד פון דער אַנטוויקלונג פון א״י פאַר די לעצטע יאָרן. צום סוף האָבן גערעדט די פועלי־ציוניסטן מיפּעלעוו, פרידבערג און ד״ר פלעשאָווסקי.

עס זענען אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציעס:

„די פאַרזאַמלטע באַגריסן די אַנטשטייאונג פון אַן אומאָפּהענגיק פאַרייניקט פוילן און פאָדערן די אַנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אַלס עפנטלעך־רעכטלעכע קאָרפּאָראַציע, און באַזונדערס אַ נאַציאָנאַל־פּערזאָנעלע אויטאָנאָמיע, די מעגלעכקייט פון זעלבסטגעשטאַלטיקן אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעל און געזעלשאַפטלעך לעבן און מעגלעכקייט צו באַשיצן די דאָזיקע רעכט. די פאַרזאַמלטע אַפּעלירן צו דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט, דערבײ אויך צום פוילישן פאָלק, וועגן אַנערקענען זייער נישט פאַרעלטערטע רעכט אויפן היסטאָרישן יידישן פאָטערלאַנד אין ארץ־ישראל, וואו דאָס יידישע פאָלק וויל שאַפן פאַר זיך אַ צענטער

פון נאַציאָנאַלן לעבן און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, ווי אויך אָנערקענען די רעכט אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט דאָרט, וואו עס וואוינען יידישע מאַסן, ובכן אויך אויף דער פוילישער ערד".

צום סוף ווערט געזאָגט אין דער רעזאָלוציע:

„מיר פאָדערן די דעמאָקראַטיזירונג פון יידישן לעבן פון אינעווייניק און אַ פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט כלפי חוץ, מיר פאָדערן שאַפן אַ יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס זאָל אַרומנעמען פאַרשטייער פון די נאַציאָנאַל־יידישע פאַרטייען און רופן אַ קאָנגרעס פונעם פוילישן יידנטום. אין אַ מאָמענט ווען פעלקער הייבן זיך אויף פון דערנידערונג, רופן מיר אַלע יידן צו אייניהייט אַרום דער נאַציאָנאַלער פאָן, — מיר שווערן נישט אָפּשטעלן זיך אין אונדזערע באַמיאונגען, ביז וואַנען מיר וועלן נישט ווערן אַ פריי און אַ גלייך צווישן גלייכע פאָלק".

ענלעכע מאַניפעסטאַציע־פאַרזאַמלונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַלע גאליצישע שטעט, אויך אין טאַרנע. דאָ איז אָבער די פאַרזאַמלונג נישט צושטאַנד־געקומען אינעם אָנגעזאָגטן טערמין, וועגן וואָס עס טיילט מיט דער „נאָווי דזשענ־ניק" פון 22־טן אָקטאָבער 1918 יאָר, שרייבנדיק אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון טאַרנע:

„די אָנגעזאָגטע ביי אונדז אויפן 14.10. מאַניפעסטאַציע פון נאַציאָנאַל־יידישע פאָדערונגען איז נישט־צושטאַנד געקומען, צוליב די אינטריגעס און דענונציאַציעס פון עטלעכע מאַשקעוואַטע פּאָליטיקאַנער, הגם די סטאַראָסטווע האָט אין צייט געהאַט אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש אויף דורכצופירן די פאַרזאַמלונג. אָן אַ וועל־כער ס'איז דרויסנדיקער צוגרייטונג, אויפן בלויזן קלאַנג וועגן דער פאַרזאַמלונג, וואָס דאַרף כלומרשט פאַרקומען אומלעגאַל, האָבן יידן פון אַלע שיכטן צונויפ־געזאַמלט זיך אינאָוונט דעם 15־טן אָקטאָבער 1918 יאָר, אין איינער פון די גרעסטע שולן אין שטאָט, כדי אַרויסצוברענגען זייערע פאָדערונגען אין איצטיקן מאָמענט. טויזנטער האָבן פאַרפולט די שול און הונדערטער, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט אַריינבאַקומען, האָבן פאַרפּלייצט די גאַסן ביים אַריינגאַנג. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט גערעדט אַ דעלעגאַט פון קראָקעווער פּועלי־ציון, דוד, דערנאָך זענען אָנגע־נומען געוואָרן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס".

אָבער נאָכן איבערגאַנגס־פּעריאָד פון געהויבענע שטימונגען און האָפענונגען, מיט וועלכע עס איז באַגריסט געוואָרן די נייע תקופה פון פרייהייט און רעכט פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער, איז גיך געקומען די אויסניכטערונג. איבערן גאַנצן לאַנד איז אַדורך אַ כוואַליע פון אומרוען און איבערפאַלן אויף דער רואיקער יידישער באַפעלקערונג. נישט בלויז רויב־פאַלן זענען עס געווען, עס איז ממש באַדראָט געוואָרן די פיזישע עקזיסטענץ פון די יידישע מאַסן. די אויסנאַם־לאַגע פון די יידן אין מזרח־גאַליציע, אַנטשטאַנען צוליב די פּויליש־אוקראַאינישע קאַמפן, האָט דערפירט צו דער אַנטשטייאונג פון אַ יידישן נאַציאָנאַל־ראַט פאַר דעמדאָזיקן געביט. דעם 5־טן נאָוועמבער 1918 איז אין קראָקע אַנטשטאַנען דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט פאַר מערב־גאַליציע, אין וועלכן עס זענען אַריין פאַרשטייער פון דריי יידישע פאַרטייען, וואָס האָבן געווירקט אין דער יידישער סביבה, ד. ה. ציוניסטן, פּועלי־ציון און יידישע סאָציאַליסטן (זש. פּ. ס.), דערביי האָט יעדער פון די פאַרטייען באַוואָרנט זיך צו האָבן פרייע הענט ביים פירן איר זעלבשטענדיקע

פּאָליטיק בנוגע די איינשטעלונגען, וואו עס האָט געפעלט פּראָגראַמאַטישע אייני־קייט צווישן די געאייניקטע פּאַרטייען.

די אַנטשטייאונג פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין קראָקע איז מיט אַן אויסער־געוויינלעכן ענטוזיאַזם באַגריסט געוואָרן דורך דער גאַנצער יידישער באַפעלקע־רונג אין מערב־גאַליציע. דעם 6־טן נאָוועמבער 1918 יאָר איז אין קראָקע פאָר־געקומען אַ מעכטיקע מאַניפעסטאַציע, וועלכע האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון פון יעדן איינעם, וואָס האָט זי בייגעוואוינט. דער שרייבער פון די שורות האָט דעמאָלט געדינט אין מיליטער אין קראָקע און באַטייליקט זיך אינעם גאַסן־צוג פון טויזנטער יידן. זעלנער און ציווילע, אַלטע און יונגע, אַלע האָבן מאַניפעס־טירט איבער די גאַסן פון שטאָט. אין די פענסטער — ליכט־צעשטראַלטע פנימער. דאָס איז געווען אַ מאַניפעסטאַציע נישט בלויז פון קראָקעווער יידן, ווייל עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט טויזנטער יידישע זעלנער פון אַלע געביטן פון גאַליציע, וואָס האָבן דעמאָלט געדינט אין קראָקע, אָדער זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט בעתן צוריקקער פון די פראָנטן.

„נאָווי דזשעננִיק״ (פון 6.11.1918) באַשרייבט אַזוי די דאָזיקע גרויסע יידישע מאַניפעסטאַציע:

„דאָס גאַנצע יידישע קראָקע איז אַרויס אין גאַס, מינדעסטנס אַ 20.000 יידן. אַזאַ איינהייטלעכן פראָנט, אַזאַ האַרמאָניע, אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, אַזאַ ענטוזיאַזם, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין קראָקע שוין לאַנג נישט אַרויסגעוויזן. אויף פינף ערטער פון די פאַרזאַמלונגען זענען אַרויסגעטרעטן 24 רעדנער. אין זאַל „עזרא״ האָבן גערעדט: ד״ר וואַרהאַפטיג, ד״ר פעלדבלום, לייסטנער און בנימין קאָהן (פועלי־ציון). אין זאַל פון יידישן טעאַטער: מיפעלעוו, האַלפערן, שלום פרוינד (פועלי ציון), מאַרקאָוויטש, ד״ר קרענגעל, און פרידבערג. פאַר דער קהילה: ד״ר בולוואַ, ד״ר פילצער, ד״ר לעזער, ד״ר הילפשטיין, ד״ר שוואַרץ און האָכדאָרף. די אָנגענומענע רעזאָלוציעס אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן געלויטעט: „די פאַר־זאַמלטע פאַראורטיילן די שעדלעכע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פּאָליטיק פון דער איצטיקער קראָקעווער קהילה, און זאָגט־אָפּ די רעכט דעם איצטיקן איז־רעאַליטישן געמיינדע־ראַט אין קראָקע צו רעפּרעזענטירן דעם ווילן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און פאָדערט, אַז דער איצטיקער ראַט זאָל אָפּטרעטן און אין משך פון 4 וואָכן דורכפירן וואַלן אויפן יסוד פון פינפאַכיקן וואַל־סיסטעם. ביזן אַדורכפירן די וואַלן, דאַרפן אַלע קהילה־אַגענדעס אין משך פון טעג איבער־געוויזן ווערן די דעלעגאַטן פון אַלע יידישע פאַרטייען״.

אויפן אָרט איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון ציוניסטן און פועלי־ציוניסטן, וועלכע איז מיט אַ צוג פון עטלעכע טויזנט יידן אַוועק אין פּרע־זידיום פון דער קהילה. ווי עס גיט איבער דער „נאָווי דזשעננִיק״, האָט מען דאָרט נישט געטראָפן דעם ד״ר טיללעס, דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון דער קראָקעווער קהילה, און מ׳האָט קאָנפערירט מיט זיין פאַרטרעטער ד״ר רפאל לאַנדאו. איני־צווישנצייט האָט מען אויפן גאַס, ביים אַריינגאַנג אין דער קהילה, אַראָפּגעריסן און צעבראָכן דעם שילד פון דער איזראַעליטישער געמיינדע, און ביים געזאַנג פון יידישע לידער, האָט מען אויף דעם אָרט פאַרשטעקט די בלוי־ווייסע פאָן.

פון אַן אימפּראָוויזירטער טריבונע האָבן גערעדט צום עולם: ד״ר פּילצער, ד״ר קרענגעל, ד״ר שוואַרץ און ד״ר הענריק לעזער. ווען ד״ר טיללעס האָט אין אַ צייט אַרום טעלעפאָנירט, אַז ער טרעט אָפּ פון זיין אַמט, האָט זיך פאָרמירט אַ צוג, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געגאַנגען יידישע אָפיצירן און זעלנער מיט דער בלוי־ווייסער פאָן, דורך די גאַסן קראַקאָווסקאַ, סטראַדאָם. ווען דער צוג איז צוגעקומען צום ווינקל פון גערטרודע־גאַס, האָבן די לעצטע רייען ערשט אַרויסמאַרשירט פון פאַר דער קהילה־געביידע. סטיכיש איז דער צוג אַוועק אויף דער יאַסנע גאַס, צום הויז וואו עס האָט געאַרבעט און געוואוינט דער פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פאָרזיצער פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט ראַבינער ד״ר טהאָן. צום פאַרזאַמלטן עולם האָט ד״ר טהאָן גערעדט אין העברעאיש, יידיש און פּויליש. ער האָט גערופן דאָס יידישע פאָלק צו טאַט, פאַר אויסקעמפן זיך דאָס יידישע פאָטערלאַנד אין ארץ־ישראל, און דערקלערט, אַז פאַר פולע נאַציאָנאַלע רעכט אין פּוילן זענען פּוילישע יידן גרייט צו טראָגן אַלע פליכטן. דערנאָך איז דער צוג אַוועק אויף דער דיטל־גאַס, און נאָך דער רעדע פון ד״ר פעלדבלום, רואיק זיך אויפגעלעזט״.

דער צוזאַמענשטעל פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט איז געווען 45 מיטגלידער, צו 15 פאָרשטייער פון די דריי פאַרייניקטע נאַציאָנאַל־יידישע פּאַרטייען. אינעם אויספיר־קאָמיטעט זענען אַריין צו 5 פאָרשטייער פון יעדער פּאַרטיי. ציוניסטן — ד״ר טהאָן, ד״ר פעלדבלום, ד״ר וואַרהאַפטיק, שמואל שאַפּיראַ, דר שוואַרצבאַרט. פאַרטרעטער — ד״ר צימערמאַן און לייסטנער. פון פּועלי־ציון — ד״ר י. מאַרגוליעס, ד״ר שיפּער, ד״ר שוואַרץ, האַלפּערן, בירנהאַק. פאַרטרעטער — מיפּעלעוו און נוסבאום. פון זש. פּ. ס. (יידישע סאָציאַליסטן) — ד״ר שולדענפריי, ד״ר גוטמאַן, פּאַפּיער, ד״ר פיינער, ד״ר שרייבער. פאַרטרעטער: נעקער און בלום. אינעם פּרעזידיום פון ייד. נאַציאָנאַל־ראַט זענען אַריין: ד״ר טהאָן (ציוניסטן), ד״ר מאַרגוליעס (פּועלי־ציון), ד״ר שרייבער (זש. פּ. ס.). אַלס פאַרטרעטער — ד״ר וואַרהאַפטיג און פּאַפּיער.

מיר האָבן ברייטער געשילדערט די דערהויבענע מאָמענטן פון דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין קראָקע, וועלכער האָט סטימולירט צו שאַפן ענלעכע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן אין גרעסערע שטעט פון גאַליציע. אויך אין טאָרנע איז אויף דער איניציאַטיוו פון לאָקאַלן ציוניסטישן קאָמיטעט געשאַפן געוואָרן אַ יידישער נאַציאָנאַל־ראַט, וואו עס זענען געווען פאַרטרעטן פאָרשטייער פון אַלע יידישע קרייזן אין שטאָט. די אָנפירונג פונעם ראַט איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון אַקטיווע ציוניסטישע טוער, ווי: חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן, יוסף היימאַן, ד״ר וו. שענקעל, וואָלף געצלער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, הענעך טיש און דניאל לייבל (די לעצטע צוויי — פון פּועלי־ציון).

דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט אין קראָקע, ווי אין אַנדערע שטעט, איז קודם כל אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער דרינגנדער אויפגאַבע צו באַשיצן דאָס האָב־און־גוטס פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אין די ערשטע צייטן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט געווען אויסגעשטעלט אויף שווערע איבערפאַלן און אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. כדי אליין איבערצונעמען די שוץ איבערן יידישן פאַרמעגן,

האָט דער פּרעזידיום פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין קראָקע, אין פאַרשטענדיקונג מיט דער פּוילישער ציטווייליקער מאַכט, די א. ג. פּוילישע ליקווידיר־קאָמיסיע, צוזאַמען פאַרעפנטלעכט פאָלגנדן אויפרוף:

„אין פאַרשטענדיקונג מיט דער פּוילישער ליקווידיר־קאָמיסיע, נעמט איבער דער יידישער מיליטערישער קאָמיטעט די אָרגאַניזירונג פון אַ פרייוויליקן רעזערוו יידישע אָפיצירן און זעלנער צו באַשיצן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קראָקע און אויף דער פּראָווינץ. דער דאָזיקער רעזערוו וועט אונטערליגן דער פּוילישער מיליטערישער קאָמענדע אין קראָקע. מיר רופן אַלע יידישע אָפיצירן און זעלנער, ווי אויך די אַלע, וועמען די טובה פון דער יידישער זאַך ליגט זיי אויפן האַרץ, זיי זאָלן גלייך זיך צושטעלן אין די קאַשאַרן פון יידישן פרייוויליקן רעזערוו אויף דער וואָלניצאַ־גאַס. די ווערבירונג קומט פאָר אָן איבעררייס פון 8 פרי ביז 8 אָוונט. לויט דער דערלויבעניש פון פּ. ל. ק. איז דערלויבט אַריינצוטרעטן אין רעזערוו אָפיצירן און זעלנער, וואָס זענען איצט אין אַקטיוון מיליטער־דינסט. פאַרן יידישן מיליטערישן קאָמיטעט: אינזש׳ מאַוריצי פריינדליך, פּאָרוטשניק, — אינזש׳ טוביה וועקסנער, פּאָרוטשניק, — יוסף שענ־בערג, פּאָרוטשניק. פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־ראַט: ד״ר יהושע טהאָן, ד״ר הענריק שרייבער, ד״ר יוסף מאַרגוליעס. פאַרן פּוילישן ליקווידיר־קאָמיטעט: גראַף לאַ־סאָצקי — נאַטשעלניק פון אַדמיניסטראַטיוון אָפּטייל, וולאָדזשימיעזש טעטמייער — נאַטשעלניק פון מיליטערישן אָפּטייל.

די פרייוויליקע יידישע רעזערווע, צו וועלכע עס האָבן געהערט בערך 1.000 יידישע זעלנער און אָפיצירן, האָט אַ געוויסע צייט געהאַלטן אָרדענונג און עפנטלעכע רו אין קראָקע און אויף דער פּראָווינץ, פירנדיק אָפטמאָל שווערע קאַמפן מיטן שטאָטישן צי דאָרפישן אָנגעלויף, וועלכער האָט געלויערט אויף יידישע לעבנס און פאַרמעגנס. צום רעזערוו האָבן אויך צווישן אַנדערע געהערט פון טאַרנע די צוויי זעלנער וואָס האָבן בשעתו געדינט אין קראָקע — ד״ר י. שיפּער און ד״ר אַ. כאַמעט.

אויך אין טאַרנע איז לויטןביישפּיל פון קראָקע, פאָרמירט געוואָרן אַ באַזונ־דערע יידישע אָפּטיילונג פון זעלנער און אָפיצירן אונטער דער אָנפירונג פון פּאָפּולערן און באַליבטן דורך די יידישע זעלנער פון 57־טן פוסגייער־פּאָלק יעקב סאַלאַמאָן, וועמענס אָפּטיילונג האָט געהאַלטן אין צוים דעם צעווילדעוועטן המון פון די פּעריפעריעס און נאָענטסטע דערפער, גרייט יעדן מינוט צו מאָרדן יידן און פּלינדערן זייער פאַרמעגן. אויסגעצייכנט זיך אין קאַמף מיט די באַנדעס אין טאַרנע האָט דער אָפיציר ד״ר עמיל אַדלער (איצט אין ישראל).

כדי אַנטקעגנצווירקן דער פאַרשפּרייט פונעם אַנטיסעמיטיזם אין טאַרנע (ווי אין גאַנץ פּוילן), וועלכער האָט אָנגענומען פאָרמען פון זאָאָלאָגישן האַס צו יידן, איז פון צייט צו צייט דערשינען אַ וואָכנשריפט אין דער פּוילישער שפּראַך — „זשיטשיע טאַרנאָווסקיע״, אונטער דער רעדאַקציע פון אַ. כאַמעט און דוד אייכענ־האָלץ.

דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט אין טאַרנע האָט זיך אויפגעלייזט, ווען די לאַגע אין פּוילן האָט זיך פיל־ווייניק סטאַביליזירט און עס איז אַנט־

שטאַנען אַ נאָרמאַלע מלוכהשע מאַכט. טאַרנער ציוניסטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויף צו אָרדענען דאָס יידישע לעבן, פאַרטיידיקן יידישע אינטערעסן, איז באַרופן די קהילה, וועמענס דעראָבערונג דורך ציוניסטן עס האָט נאָך געפאָדערט הערצל אין די ערשטע יאָרן פון דער אַנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די יידישע קהילה אין טאַרנע, פונקט ווי די קהילות אין אַנדערע שטעט, זענען איינגע־שטאַנען אין די הענט פון מאַגיסטראַטיש־קהלישע קליקעס וועלכע האָבן דאָרט געפירט אַ באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט לגמרי נישט אַנטשפּראָכן די אינטערעסן פון די ברייטסטע יידישע מאַסן.

דעריבער האָבן טאַרנער ציוניסטן דורכגעפירט אַ שטורעם אויף דער דאָזיקער פאַר׳שימלטער יידישער אינסטיטוציע*.

## 9. ציוניסטישע ארגאניזאציע אין טארנע נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה

ווען די זיכערהייטס־לאַגע אין פוילן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן, ווען דאָס פּאָליטיש־עקאָנאָמישע לעבן איז אַוועק אויפן גלייכן וועג, איז די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר מערב־גאַליציע און שלעזיע צוגעטרעטן אויפצובויען די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטעט און שטעטלעך, וואָס איז געווען דעזאָרגאַניזירט צוליב דער מלחמה. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט גענומען אויף זיך דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער עקזעקוטיווע אין קראָקע, ד״ר י. שוואַרצבאַרד, וועלכער האָט דורכגעפירט אַן אַלזייטיקע דערפאָלגרייכע פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע, דערפירנדיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַ גאָר קורצער צייט צו אַנטוויקלונג און אויפשטייג.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, אָנגעפירט דורך ד״ר שמואל שפּאַן, איז גלייך נאָך דער מלחמה צוגעטרעטן צו אַ נאָרמאַלער אַרבעט. צום אַרטיקן קאָמיטעט האָבן דעמאָלט געהערט, אויסער חיים נייגער, וועלכער האָט זיך געהאַט צוריקגעקערט פון באַכניע, וואו ער האָט געדינט אין מיליטער בעת דער מלחמה, — איגנאַץ ליאָן, ד״ר ע. מערץ, ד״ר בערקעלהאַמער, חיים ווייט, רפאל גזשיב, שמואל שפּאַנאוף, ראַנד, שמעון ליינער, אינזש׳ לייכטער, ד״ר גאָלדבערג, ד״ר שענקעל, שלמה רייז. ביז גאָר רירעווודיק, באַזונדערס אויפן קולטור־געביט, זענען געווען די ציוניסטישע פאַריינען „מרים״ און „בר־כוכבא״. דער ערשטער באַווייז פון אויס־געוואַקסענער ציוניסטישער פעסטקייט און שלאָגפערטיקייט פון דער באַנייטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז געווען די וואַל־אַקציע צום גזעצגעבערישן סיים אין פוילן. דער אָרטיקער ציוניסטישער קאָמיטעט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער וויכטיקער אויפגאַבע צו פירן דאָס טאַרנער יידנטום צו דער וואַל־אורנע אונטער דער נאַציאָנאַל־יידישער פאָן.

אין טאַרנער וואַל־קרייז איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די קאַנדידאַטור פון

*) פּרטים וועגן דעם קאַמף פאַר דעראָבערן די קהילה אין טאַרנע — געפונען זיך אינעם קאַפּיטל: „צו דער געשיכטע פון יידן אין טאַרנע״.

ד״ר יהושע טהאָן. די וואַל־אַקציע האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן פּאַרפעסטיקן און אויסברייטערן דעם ציוניסטישן קרייז. די אַגיטאַציע פאַר ד״ר טהאָנס קאַנדי־דאַטור איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער מאַניפעסטאַציע פאַר די ציוניס־טישע אידעאַלן. צו די וואַל־מיטינגען אין דער גרויסער שול אָדער אויפן קהילה־הויף פלעגן קומען טויזנטער יידישע וויילער, און דער באַזוך אין טאַרנע פון ד״ר טהאָן, כדי אַרויסצוטרעטן אין שטאָט מיט דער פּראָגראַמאַטישער רעדע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער דעמאָנסטראַציע פון טאַרנער יידנטום לטובת ציוניסטישע לאָזונגען. פון וואָקזאַל, דורך די גאַסן קראַקאָווסקע, וואַלאָווע און נאָוואַ ביז דער נייער שול, האָבן טאַרנער יידן געשלעפּט דעם וואָגן וואו עס איז געזעסן ד״ר יהושע טהאָן.

אין טאָג פון די וואַלן האָט דער ציוניסטישער קאַנדידאַט ד״ר טהאָן באקומען די גרעסטע צאָל שטימען פון אַלע ליסטעס אין טאַרנע. דעצידירט אָבער האָט די צאָל שטימען פון גאַנצן וואַל־קרייז, וואָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַזוי צוגע־שניטן, אַז טאַרנער וויילער האָבן נישט געקאָנט אויסוויילן זייערס אַ קאַנדידאַט.

די וואַלן צום געזעצגעבערישן סיים האָבן געהאַט פאַר דער ציוניסטישער באַ־וועגונג די באַדייטונג, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ ברייטערער שטענדיקער אַקטיוו, וועלכער איז נאָך די וואַלן צוגעטרעטן צו אייגנטלעכער ציוניסטישער אַר־בעט, קאָנצענטרירנדיק זיך קודם־כל אויפן געביט פון העברעאישן שול־וועזן.

אויף אַ צווייט אָרט דערציילן מיר די געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון „שפה ברורה״ אין טאַרנע. מען דאַרף אָבער אונטערשטרייכן, אַז די „שפה ברורה״־שול אין טאַרנע, געעפנט אין יאָר 1919, איז קודם כל דער אויפטו פון דעמאָלטיקן פאָרזיצער פון אָרטיקן ציוניסטישן קאָמיטעט ד״ר שמואל שפּאַן, וועמענס אויסער־געוויינלעכע ענערגיע אוןביישפּיללאָזע איבערגעגעבנקייט האָבן דערמעגלעכט דעם איינקויף פון דער איינשטאָקיקער געביידע און אין די שפּעטערדיקע יאָרן דאָס צובויען אַ צווייטן שטאָק פאַר דער „שפה ברורה״.

אין דער געביידע אויף דער הייליקער אַננע גאַס נומ׳ 1 האָט זיך געפונען נישט נאָר די העברעאישע שול, דאָרט האָט זיך אויך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע ציוניסטישע לעבן פון שטאָט. אין אַ ספּעציעל גרויסן זאַל פלעגן פּאָרקומען ציו־ניסטישע און עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, יעדעס יאָר פלעגט דאָרט שפּילן יידיש טעאַטער אונטער דער דירעקציע פון האַרט. דאָרט פלעגן גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פּאָרקומען די זיצונגען פון לאָקאַלן ציוניסטישן קאָמיטעט. אויך האָט זיך אין דעם לאָקאַל געפונען דאָס ביוראָ פון קרן קיימת לישראל. דאָרט, אינעם קליינעם צימערל פון דער „שפה ברורה״־געביידע, פלעגט גאַנצע טעג אָפּזיצן דער שול־סעקרעטאַר ויאָלף כהנא, מיט וועמענס נאָמען עס איז אַזוי פאַרבונדן די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין כהנא׳ס הענט זענען זיך צונויפגעקומען אַלע פעדעם פון פאַרשידענע ציוניסטישע אַקציעס און אינסטיטוציעס. פאָרמעל איז ער נאָר געווען סעקרעטאַר פון „שפה ברורה״, אָבער ער האָט דערלעדיקט אַלע ציו־ניסטישע אַרבעטן אין שטאָט. זיין צימערל איז אייגנטלעך געווען אַ ציוניס־טער לייענזאַל. ער האָט אַראָפּגעברענגט די וויכטיקסטע יידישע צייטשריפטן פון

לאַנד און אויסלאַנד, אָבער אַזוי ווי אין יענער צייט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נאָך נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם לאָקאַל, האָבן ביי כהנא׳ן אין צימערל טאָג־טעגלעך זיך פאַרזאַמלט יינגערע ציוניסטן, כדי כאַפּן אַ שמועס וועגן אַקטועלע ציוניסטישע פּראָבלעמען, דורכלייענען ציוניסטישע צייטונגען, וואָס כהנא פלעגט פּריינטלעך דערלאַנגען, זייענדיק שטאָלץ דערמיט, וואָס אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען קומען אָן אין שול די צייטונגען פון ניו־יאָרק — „דער טאָג״ און „פאָרווערטס״. וואָלף כהנא האָט פאַרטיילט שקלים, אָפּצייכנס, און פושקעס פון קרן קיימת. אים פלעגט מען גאָר אָפּט טרעפן אין קאַנצעלאַריע פון ד״ר שפּאַן, ווייל ער האָט נישט אָנערקענט קיין אַנדערע אויטאָריטעט. אויך ד״ר שפּאַן האָט אַרויסגעוויזן אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו וואָלף כהנא און דער עיקר מיט אים פאַרשטענדיקט זיך, ווען ס׳איז נויטיק געווען צו טאָן ממשותדיק, ווייניקער דיסקוטירן און באַשליסן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די „שפה־ ברורה״־שול איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן, ווען עס האָט זיך דאָרט געפונען די גרויסע פאָלקס־ביבליאָטעק, האָט וואָלף כהנא געשיינט פון פרייד, ווייל זיין שול, זיין ביבליאָטעק, וואָס ער האָט זיי געפלעגט און געצערטלט פון זייער אָנטשטייאונג, זענען דער־גאַנגען צו אַזאַ פּרעכטיקער אַנטוויקלונג. ער האָט שטענדיק געטרוימט וועגן עולה זיין קיין ארץ ישראל, און באַזונדערס האָט אים געצויגן צו זיין באַליבטן ברודער, באַוואוסטן מזרחי־טוער און העברעאישן ליטעראַט אברהם כהנא. דער גרויזאַמער טויט פון די הענט פון די היטלעריסטישע רוצחים האָט אַ סוף געמאַכט צום רואיקן, שטילן און באַשיידענעם לעבן פון דעם ציוניסטישן טוער אין טאָרנע. כבוד זיין אָנדענק!

די אָנפירונג מיטן לאָקאַלן ציוניסטישן קאָמיטעט איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון ד״ר שמואל שפּאַן, וועלכער האָט אין משך פון צען יאָר — די סאַמע שווערסטע צייט פאַרן דעמאָלטיקן יידנטום — געפירט די ציוניסטישע אַרבעט. סעק־רעטאַר פון לאָקאַלן קאָמיטעט אין די יאָרן 1919/20, איז געווען ד״ר חיים ווייט. צום קאָמיטעט האָבן נאָך געהערט: חיים נייגער, ד״ר גאָלדבערג, ד״ר שענקעל, אינזש. לייכטער, עדוואַרד שוואַגער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, שמואל שפּאַנאויף, שמעון ליינער, שפּינדלער, חיים ערליך, ד״ר ע. מערץ, רפאל גזשיב.

נאָכן לייגן די פּרעזעסור דורך ד״ר שפּאַן, נעמט זי איבער ד״ר וו. בערקעל־האַמער, וועלכער רעזיגנירט אין יאָר 1923 פון זיין אַמט, שטעלנדיק זיך אין שפּיץ פון דער ניי־געגרינדעטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „התאחדות״. אַלס פּרעזעס פון לאָקאַלן קאָמיטעט איז דערוויילט געוואָרן חיים נייגער, און גלייכצייטיק ווערן דערוויילט אין קאָמיטעט יונגע ציוניסטן — יוסף זילבערמאַן, יצחק גרינשטיין, י. ליאָן.

חיים נייגער פלעגט מיט זיין רעדנער־טאַלענט מיטרייסן יידישע מאַסן, ציו־ניסטישע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער פלעגט אַרויסטרעטן, האָבן צוגעצויגן אַ גאָר גרויסן עולם. אין טאָרנע האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר געווינען די יידישע גאַס פאַרן ציוניזם. צום קאַמף מיטן ציוניזם האָבן זיך איינגעשפּאַנט די חסידים וואָס פלעגן באַשולדיקן די ציוניסטן אין צונעמען זיי די קינדער פון דער היים און זיי אַרויסשיקן קיין ארץ־ישראל, ווי אויך די אַסימילאַטאָרן און בונדיסטן,

וועלכע האָבן געהאַט גרויסע איינפלוסן צווישן יידישע אַרבעטער אין טאַרנע. דער דאָזיקער קאַמף איז פאַרן טאַרנער ציוניזם געווען מעגלעך און דערפאָלגרייך אַ דאַנק די דעמאָלטיקע אומדערמידלעכע טוער חיים נייגער און ד״ר שפּאַן, וואָס ביידע האָבן זיך ממש דערגעגעבן אין מיט התלהבות געאַרבעט ביים דערקלערן טאַרנער יידן דעם מהות פון ציוניזם. די יידישע קהילה, מיט חיים נייגער אַלס פאָרזיצער פונעם ראַט און ישעיהו זילבערפעניג און ד״ר שמואל שפּאַן אינעם פּרעזידיום פון דער פאַרוואַלטונג, איז געוואָרן אַ מוסטער־אָרגאַניזאַציע פון יידי־שער נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ. די אַקטיווסטע ציוניסטישע טוער אין טאַרנע האָבן זיך געשטעלט צו דער קהילה־אַרבעט, ווי: חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן, יוסף היימאַן, שמון לײנער, גבריאל דורשט, הענריק האָלענדער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, אברהם שפּילמאַן, ווי אויך טאַרנער מזרחיסטן: וואָלף געצלער, יחיאל קורץ און דער התאחדות־טוער ד״ר פייג.

דער ציוניסטישער קאָמיטעט האָט פיל אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען דער קולטור־טעטיקייט. איינער פון די גרעסטע אויפטוען פון דעם קאָמיטעט איז געווען דאָס שאַפן אין טאַרנע די יידישע פאָלקס־ביבלאָטעק „ספריה עממית״. ביי די איבעריקע ציוניסטישע גרופּירונג האָבן עקזיסטירט ביבליאָטעקן מיט אַ קליינעם קרייז לייענער. סוף־כל־סוף איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַר־וואַלטונגען פון אַלע ציוניסטישע ביבלאָטעקן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַל־געמיינע ביבליאָטעק, צוטריטלעך פאַר די ברייטסטע יידישע מאַסן. אין משך פון פיל יאָרן איז פּרעזעס פון דער ביבליאָטעק געווען חיים נייגער. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיך געפונען ביכער אין דער העברעאישער, יידישער, פּוילישער און דייטשער שפּראַך. אין יאָר 1939 האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט ביי אַ 20.000 ביכער. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די ביבליאָטעק צעשלעפּט געוואָרן. עס איז פון איר נישט איבערגעבליבן קיין זכר. בלויז נאָך דער באַפרייאונג האָט מען ביי גאַסן־הענדלער אין קראָקע, וואָס האַנדלען מיט אַלטוואַרג, געקאָנט געפינען באַ־זונדערע בענד מיטן סטעמפּל פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין טאַרנע *.

## .10 „יידישע וואכנשריפט״

די ציוניסטישע איינפלוסן אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע זענען כסדר געוואַקסן. נישט געווען קיין יידישע אינסטיטוציע, וואו ציוניסטן זאָלן נישט האָבן מיטגעאַרבעט און געהאַט דאָרט אַ דעציזירנדיקע השפעה. אויך אויסער טאַרנע האָט די ציוניסטישע באַוועגונג געהאַט אָנזען און איינפלוס. חיים נייגער איז געווען נישט נאָר דעלעגאַט אויף יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס, נאָר אויך מיטגליד צי פאַר־טרעטער אין ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, און ד״ר שמואל שפּאַן איז עטלעכע מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון קאָנגרעס־געריכט. ביידע זענען זיי

*) פּרטים וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק „ספריה עממית״ אין טאַרנע — אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען.

געווען צירונג פון ציוניזם אין גאַליציע און באַקאַנט געווען אין פוילן פון זייער איבערגעגעבנקייט פאַר דער ציוניסטישער אַרבעט.

גאָר אינגיכן איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ שטענדיקע פאַר־בינדונג מיט די יידישע מאַסן אין טאַרנע, און צו דעם צוועק האָט דער אָרטיקער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטשריפט. דעם 4ט־ן אַפּריל 1928 יאָר איז דערשינען דער ערשטער נומער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" מיט אַ יידישער ביילאַגע „יידיש וואָכן־בלאַט". מיט דער רעדאַקציע האָט אָנגעפירט ד"ר שלמה גאָלדבערג און דער דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, ד"ר אברהם כאַמעט. אין רעדאַקציע־קאָמיטעט האָבן נאָך געהערט: חיים נייגער, ד"ר שיינפעלד און מגר. הענריק שפילמאַן.

וויכטיקע אויפגאַבן האָט פאַר זיך אַוועקגעשטעלט דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי". „מיר וועלן שטיין אויף דער וואַך פון יידישן כבוד" — לייענען מיר אינעם לייט־אַרטיקל פון ערשטן נומער. — „מיר וועלן סטעמפּלען די אַלע, וואָס מסחרן מיט די אַלגעמיין־יידישע אינטערעסן און ברענגען נאָר חרפה און שאָדן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט".

די דאָזיקע אויפגאַבע האָט די וואָכן־צייטונג אויסגעפירט טריי אין משך פון 11 יאָר, שטייענדיק אויף דער וואַך פון די יידישע אינטערעסן, דעמאַס־קירנדיק די קליקעס, וואָס האָבן געוווילדעוועט אויף דער יידישער גאַס. די צייטונג איז גאָר אינגיכן געוואָרן די טריבונע פון אַלגעמיינעם ציוניזם, איבערשרייטנדיק איר לאָקאַלע באַדייטונג. וועגן דער פאַרשפּרייטקייט פון דער צייטונג זאָגט עדות דער פאַקט, אַז די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ האָט זי זיך אויסגע־האַלטן פון אייגענע הכנסות, און געווען אפשר איינע פון נישט אַ סך ענלעכע שריפטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דעפיציט. דאָס איז צו פאַרדאַנקען קודם כל



אַלגעמיין ציוניסטישע דעלעגאַטן פון מערב גאַליציע און שלעזיען צום ציוניסטישן קאָנגרעס (1935) זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: חיים נייגער, אברהם האָפּשטעטער, ד"ר יהושע טאָן, ד"ר שמואל שפאַן, ד"ר יצחק שוואַרצבאַרד, ד"ר גרינשטיין.
שטייענדיק פון רעכטס: ד"ר י. אָרנשטיין, און ד"ר פראַנד.

דער אומדערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט פון איר טיכטיקן אַדמי־ניסטראַטאָר חיים פרידמאַן (אומגעקומען אין טאַרנער געטאָ).

אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, וואָס די צענטראַלע אינסטאַנצן האָבן פּראָקלאַ־מירט, האָט די טאַרנער אָרגאַניזאַציע תמיד פאַרנומען דעם אויבנאָן. זענען דאָס געווען וואַלן צו דער יידישער קהילה, צום סיים אָדער צום שטאָטראַט — האָבן שטענדיק געזיגט די ציוניסטן. אויך אין טאַרנע זענען פון דער יידישער גאַס באַזייטיקט געוואָרן שעדיקער און פּאָליטיקאַנער. אויב טאַרנע האָט געשמט פאַר אַן אויסגעשפּראָכן ציוניסטישע שטאָט, — איז עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַר־דאַנקען דעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ וואָס איז אָן איבעררייס דערשינען פון 4־טן אַפּריל 1928 ביז אויגוסט 1939 יאָר.

אויף דער צייט פון חיים נייגער׳ס פּרעזעסור פאַלט אויס נאָך איין גרויסער דערפאָלג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביי די שטאָטראַט־וואַלן אין יאָר 1929. די ציוניסטן האָבן דעמאָלט באַקומען 10 מאַנדאַטן: חיים נייגער, יוסף היימאַן, לעאָפּאָלד שינאַגעל (נפטר געוואָרן אין ישראל), וואָלף געצלער, ד״ר וו. שענקעל, ד״ר מ. מענדערער, הענריק האָלענדער, אברהם שפּילמאַן, ד״ר ש. גאָלדבערג און ד״ר שמואל שפּאַן. דערביי זענען יוסף היימאַן און ד״ר וו. שענקעל דערווײלט גע־וואָרן אַלס מאַגיסטראַט־לאַווניקעס. די טעטיקייט פון ציוניסטישע ראַטמענער אין שטאָטראַט און אין מאַגיסטראַט האָט גורם געווען דערצו, אַז גרויסע טיילן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן געהאַט א מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אַ נייעם טיפּ ייד, באַוואוסטזיניק מיט זיינע פליכטן לגבי דער מלוכה אַלס בירגער,

Żydzi! Pamiętajcie o cierpieniach braci naszych w Niemczech.

Należytość pocztowa opłacona ryczałtem. Dzisiejszy numer zawiera 6 stron druku. Cena 25 groszy.

TYGODNIK ŻYDOWSKI

Organ Organizacji Sjonistycznej w Tarnowie.

PRENUMERATA
Miesięcznie
Kwartalnie
Półrocznie
Rocznie
Prenumerata zagraniczna miesięcznie

Konto P. K. O. 410·288

Redakcja i administracja ul. Mickiewicza 6
Godziny przyjęć od godz. 4 do 5 po południu

Rękopisów nie zwraca się.

OGŁOSZENIA
Strona
½ strony Zł 100·—
Zł 60·—
Zł 30·—
Zł 15·—
Zł 8·—
Przed tekstem 100 proc. drożej. Drobne za słowo

Rok VI Tarnów, wtorek dnia 30-go maja 1933 r. Nr 20

Tygodnik żydowski Nr. 3 טאַרנע, 27 אַפּריל 1928

יודיש

וואכענבלאט

אָרגאַן פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע

רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע ... 2 אָפען פון 4 ביז 5

וועלכער פאָדערט אָבער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג די קאָנסטיטוציאָנעלע איר גאַראַנטירטע רעכט אויף לעבן און אַרבעט, רעכט צו באַפרידיקן זיינע רעליגיעזע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַדערפענישן.

## 11. אלגעמיינער ציוניזם אין אפענסיווע

די אַנטשטייאונג און פונאַנדערוואוקס פון פאַרשידענע פראַקציעס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין טאָרנע אַוועקגעשטעלט פאַר נייע אויפגאַבן. דער אַלגעמיינער ציוניזם, וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיט הערצלס ציוניזם און פאַטראָנירט דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט געמוזט אַרויפגיין אויפן וועג פון אידעאישער קריסטאַליזירונג, געמוזט איבערגיין פון דעפענסיווע אין אָפענסיווע, כדי קודם כל צו געווינען די ציוניסטישע יוגנט, וואָס האָט דעם ציוניזם רעאַליזירט דורך חלוצישער טאַט.

דעם ציוניזם, אין וועלט־מאַסשטאַב ווי אין לאַנדס־מאַסשטאַב האָט פון .דער פאַרגליווערונג אַרויסגעפירט ד״ר יצחק שוואַרצבאַרד, וועלכער האָט אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען געשטעלט זיך צום קאַמף פאַרן אינטעגראַלן אַלגעמיינעם ציוניזם, שאַפנדיק דעם וועלט־פאַרבאַנד פון אַלגעמיינע ציוניסטן, אין אָנשפּאַר אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מזרח־ און מערב־גאַליציע. די לאָזונגען פון ד״ר שוואַרצבאַרד, וועלכער האָט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער ווירטשאַפטלעך־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין א״י, גערופן צו שאַפן דעם אַלגעמיין־ציוניסטישן חלוץ און געפאָדערט איינצופירן אַ פאַרטייַדיסציפלין אין די ציוניסטישע רייען, האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ באַזונדערס גינסטיקן באָדן אין טאָרנע.

האַרט פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין טאָרנע, צונויפגערופן אויף סוף דעצעמבער 1928 יאָר, האָט דער דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, ד״ר אברהם כאָמעט, געשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 21/12 1928 (נומ׳ 37):

„לאָמיר זיין אויפריכטיק און אָפן זיך מודה זיין: אונדזער אַרבעט דאָ אין גלות פאַר אויפבויען ארץ־ישראל, שטייט נישט אין קיין שום פראָפּאָרץ צו די העראָאישע אָנשטרענגונגען פון אונדזערע חלוצים אין ארץ. די גראָשן, וואָס מיר וואַרפן צו דעם קרן־קיימת, זענען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט די קרבנות און אַרבעט פון די חלוצים, אַ דאַנק וועמען די וועלט האָט אָנגעהויבן רעספּעקטירן אונדזער אויפטו און אונדזער שטרעבן אין ארץ־ישראל. אָט אין דער ריכטונג מוז קומען אַן ענדערונג. זיין אַן אָרגאַניזירטער ציוניסט, געהערן צום ציוניסטישן אַוואַנגאַרד, הייסט שטיין אין די פאָדערשטע רייען פון דער גרויסער באַפרייערישער באַוועגונג פון יידישן פאָלק. אַ ציל אַ גרויסער, אַ דערהויבענער און שווערער. דעריבער זענען די פליכטן און אויפגאַבן גרויסע. מיר קאָנען נישט זיין בלויז א וואַל־קאָמיטעט, וועלכער לעבט אויף ערשט ביי אַ וואַל־קאַמפּאַניע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דערוואַרטן דערווייל גרויסע אויפגאַבן. די אַנטוויקלונג פון די ארץ־ישראלדיקע

פאָנדן פאָדערט אינטענסיווע אַרבעט, לכל הפחות אין אַזאַ פאַרנעם, ווי אונדזערע חברים האָבן אַנטוויקלט ביי די לעצטע וואַלן צום שטאָטראַט. צו דער אַרבעט דאַרפן זיך שטעלן אַלע ציוניסטן, און איז דער ערשטער ריי די „אַלגעמיינע ציוניסטן, פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג״.

צו יענער צייט האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט מיט אַקטיוויטעט אַ גרופּע עלטערע יוגנט, אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע: ד״ר כאָמעט, ד״ר יוסף זילבערמאַן, מגר. העגריק שפּילמאַן, יצחק וואַלאַך, אהרון ריינהאָלד, חיים ערליך און אַנדערע. אַרום דער גרופּע האָט זיך קאָנצענטרירט די יוגנט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָט ביסלעכווייז געבּאַנט זיך אַ וועג און דעצידירנדיקע השפּעה אויף דער גאַנצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. צום צענטן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר פון מערב־גאַליציע און שלעזיע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 1־טן נאָוועמבער 1928 יאָר אין קראָקע, זענען אויסער דער דעלעגאַציע פון עלטערע ציוניסטן, צוגעקומען אויך דעלעגאַטן פון יונגערן דור ציוניסטן. צום צוזאַמענפאָר זענען פון טאָרנע געפאָרן פאָלגנדע פּערזאָנען: חיים נייגער, ד״ר ש. שפּאַן, ד״ר שיינפעלד, ד״ר וו. שענקעל, לעאָפּאָלד שינאַגעל, זעליג לערנער, ד״ר כאָמעט, הענריק פלור, חיים ערליך, משה רובין. אַלס פאַרטרעטער: ד״ר י. זילבערמאַן, שמעון ליינער (איצט אין ישראל) און ד״ר ב. שפּייזער.

נאָך דער קאָנפערענץ איז מען צוגעטראָטן רעאָרגאַניזירן און פאַרברייטערן דעם לאָקאַלן קאָמיטעט אונטערן לאָזונג אַדורכצופירן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַקציע צווישן דער יידישער יוגנט און אַקטיוויזירן די ציוניסטישע מאַסן. גלייך נאָכן צוריקקומען פון דער קראָקעווער קאָנפערענץ, וועלכע איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון פאַרשטאַרקטער אַקטיוויטעט לטובת ארץ־ישראל, איז אין דער העלפט נאָוועמבער 1928 יאָר גערופן געוואָרן אַ ראַיאָן־באַראַטונג פון קרן־קיימת־אַקטיוויסטן, מיטן אָנטייל פון שליח פון ארץ ישראל, דיכטער נ. ביסטריצקי, ד״ר יהודה צימערמאַן, פּרעזעס פון דער קק״ל־צענטראַלע אין קראָקע, און דעלעגאַטן פון טאָרנע, באָבאָוו, בריגל, דאָמבראָווע, דעמביץ, מעליץ, מושינאַ, ניי־סאַנץ, פּילזנע, ראַדלאָוו און ראָפּשיץ. פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ איז געווען חיים נייגער. אַזיווי אויף דער קאָנפערענץ איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין די אויבנדערמאָנטע ערטער איז נישט דערגרייכט געוואָרן די אויפגאַבע, וואָס איז אָנגעצייכט געוואָרן דורך דער קק״ל־צענטראַלע, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוויילן אַ ראַיאָן־קאָמיטעט, וועמען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די אָנפירונג און קאָנטראָל איבער דער קרן־קיימת־אַרבעט אין טאָרנע און אין אומגעגנט. דער באַזוך פון נתן ביסטריצקי האָט פיל מיטגעווירקט אויפצולעבן די ציוניסטישע טעטיקייט. באַזונדערס האָט די ציוניסטישע יוגנט, ביי וועלכער ביסטריצקי פלעגט פאַרברענגען יעדן אָוונט, בעת זיין זיין אין טאָרנע, מיט התלהבות זיך גענומען צו דער אַרבעט אין די אָרגאַניזאַציעס.

דאָס איז געווען אין דער תקופה נאָך די וואַלן צום סיים און קהילה. די דאָזיקע פּאָליטישע אַקציעס האָבן געפאָדערט פיל אַרבעט און פאָנדן, און די אַקטיווסטע ציוניסטן זענען געווען אַנגאַזשירט אינעם וואַל־קאַמף. אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״

(23.11.28 נומ׳ 33), איז דערשינען אַן אַרטיקל פון ד״ר כאַמעט וועלכער רופט צו אַקטיווער אַרבעט לטובת די נאַציאָנאַל־פאָנדן. דער אַרטיקל הייסט „נאָכן אַרויס־פאָר פון נתן ביסטריצקי״. צוו. אַנד. לייענען מיר דאָרט:

„די אַרבעט פאַר די ארץ־ישראלדיקע פאָנדן דאַרף איצט פאַרנעמען דאָס ער־שטע אָרט נאָך די אַלע וואַל־קאַמפּאַניעס. אין דער אַרבעט דאַרפן זיך פאַראייניקן אַלע פראַקציעס. פאַר דער ריין ארץ־ישראלדיקער אַרבעט האָבן מיר זיכער די זעלבע התלהבות, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעוויזן ביי די וואַלן צום סיים און קהילה. אונדזערע חברים זענען מן־הסתמא פעאיק צו די זעלבע קרבנות, וועלכע זיי האָבן געברענגט בעת די וואַל־אַקציעס. זאָל די ארץ־ישראלדיקע אַרבעט זיין אַ פּרוביר־שטיין, ווער עס איז אַ פולער ציוניסט און ווער עס אַרבעט, ווייל די ארץ־ישראלדיקע ערד קאָן נישט וואַרטן״.

דעמזעלבן חודש נאָוועמבער 1928 יאָר, האָט אין טאַרנע געוויילט די דעלע־גאַטין פון קרן קיימת אין ארץ־ישראל, פרוי פעווזנער, וועלכע האָט צווישן טאַרנער יידישע פרויען געפירט אַן אויפקלער־אַרבעט.

אויך אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט איז צו פאַרצייכענען אַן אויפלעבונג. דעם 23־טן דעצעמבער 1928 יאָר איז אונטערן פאָרזיץ פון חיים נייגער פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אלג. ציוניסטן, אויף וועלכער פרעזעס נייגער האָט רעפערירט וועגן דער לאַגע אין ציוניזם, ד״ר שפּאַן האָט באַריכטעט וועגן דער



נתן ביסטריצקי אין טאַרנע — אין נאָוועמבער 1928
עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר דוד נייגער, חיים נייגער, נתן ביסטריצקי, ד״ר י. פייג און בעק.

א״י־טעטיקייט און רעפערירט וועגן „אונדזערע ווייטערדיקע אויפגאַבן״, יוסף היימאַן האָט רעפערירט א. ט. „דיווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן אין פוילן און די אויפגאַבן און פליכטן וואָס דרינגען דערפון אַרויס פאַר דער ציוניסטישער פּאַרטיי״; ד״ר שענקעל האָט רעפערירט א. ד. ט. „אונדזער פּאָליטישע טעטיקייט״. און מגר. ה. שפּילמאַן — „אונדזער אַרבעט צווישן דער יוגנט״. אין נאָמען פון אַ גרופּע יינגערע ציוניסטן האָט גערעדט ד״ר א. כאַמעט. אויף דער פאַרזאַמלונג איז דערווײלט געוואָרן אַ נייער אָרטיקער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין פאָלגנדע פּערזאָן: י. בינענשטאָק (איצט אין ישראל), ד״ר א. כאַמעט (איצט אין ישראל), חיים ערליך, ד״ר פּיש, הענריק פלור, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר הענריק גרינבערג (איצט אין ישראל), יוסף היימאַן, ה. האָלענדער, וואָלף כהנא, עוואַ קאָשער (איצט אין ישראל), משה קלאַפּהאָלץ (איצט אין ישראל), זעליג לערנער, חיים נייגער, נאָוואָטני משה, בראָנקאַ פּערלבערג, ד״ר ריין (איצט אין אַ סאָוויעטישער תפיסה), וואָלף ראַפּאַפּאָרט, אהרון ריינהאָלד, ד״ר שמואל שפּאַן (איצט אין ישראל), ד״ר וואָלף שענקעל, לעאָפּאָלד שינאגעל, ד״ר יוסף זילבערמאַן, משה שוועבער, הענריק שפּילמאַן, יצחק וואַלאַך.

אויף דער ערשטער זיצונג פון ניי־דערוויילטן קאָמיטעט זענען אויסגעקליבן געוואָרן: פּרעזעס — חיים נייגער, וויצע־פּרעזעסן — ד״ר שפּאַן, ד״ר שענקעל, סעקרעטאַרן — ה. שפּילמאַן (פּויליש), משה קלאַפּהאָלץ (העברעאיש), פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער רעפעראַט — ד״ר שענקעל, ארץ־ישראל רעפעראַט — ד״ר שפּאַן, ווירטשאַפטלעכער רעפעראַט — ד״ר גאָלדבערג, יוגנט־רעפעראַט — ד״ר כאַמעט, פּרעסע־רעפעראַט — ד״ר ריין, אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג — ד״ר זילבערמאַן, הענריק פלור, פּרויען־רעפעראַט — פרוי קאשער, שקלים־קאָמיסיע — יצחק וואַלאַך.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַ דאַנק די באַמיאונגען פון ד״ר שפּאַן דערעפנט געוואָרן אַ גרעסערער לאָקאַל פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, אויף דער מיצקעוויטש־גאַס. פון איצט אָן האָט די ציוניסטישע אַרבעט אין שטאָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב און באַאיינפלוסט וואָס מער עלטערע און יוגנט.

וועגן באַדייטנדיקן וואוקס פון ציוניסטישער השפעה אין טאַרנע זאָגט עדות דער וואַל־רעזולטאַט צום זעכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס. די וואַלן זענען פאָרגעקומען דעם 30־טן יוני 1929 יאָר. געשטימט האָבן 912 וויילער, ד. ה. 63% פון די שקלים־באַזיצער, — אין פאַרגלייך מיט די וואַלן מיט צוויי יאָר פריער, איז געוועזן צו פאַרצייכענען אַ וואוקס אין דער צאָל שטימען. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן באַקומען 311 שטימען, רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן נאָך פאָרמעל באַלאַנגט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — 148 שטימען, מזרחי — 236 שטימען, התאחדות — 145 שטימען, פּועלי־ציון רעכטע — 71 שטימען.

צום קאָנגרעס קיין ציריך איז פון טאַרנע אַרויסגעפאָרן חיים נייגער, וועלכער איז דערוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און דערמיט אויך אַלס מיטגליד פון דער יידישער אַגענץ. ד״ר שמואל שפּאַן איז דערוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון קאָנגרעס־געריכט.

## 12. נאָך די טראַגישע געשעענישן אין א״י אין יאָר 1929

די אינספּירירטע דורכן מופטי איבערפאַלן פון די אַראַבישע באַנדעס אויף די יידישע ישובים אין א״י אין אויגוסט 1929 יאָר האָבן אויפגערודערט די יידן אין אַלע גלות־לענדער. אין יעדן יידישן ישוב אויף דער וועלט זענען פאָרגעקומען פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס. אויך דאָס טאָרנער יידנטום איז ביז טיף אויפגעטרייסלט געוואָרן מיט די בלוטיקע געשעענישן אין א״י, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין אויגוסט 1929 יאָר.

אָנגעהויבן די פּראָטעסט־אַקציע אין טאָרנע האָט די ציוניסטישע יוגנט. דעם 31־טן אויגוסט 1929 זענען אַ דאַנק דער ציוניסטישער יוגנט־ליגע פאָרגעקומען גרויסע פאַרזאַמלונגען פון יוגנטלעכע, אויף וועלכע עס זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס: לערנער (רעוויזיאָניסטן), פליישער יעקב (אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל), שטראָם (צעירי מזרחי), הענריק שפּילמאַן (אַלגעמיינע ציוניסטן). די אָנגענומענע רעזאָלוציע איז אויך אונטערגעשריבן געוואָרן דורכן ציוניסטישן אַקאַדעמישן פאַרבאַנד „אחדות", „ברית טרומפּלדור", „צעירי מזרחי", „פרייהייט", „גורדוניה", „הנוער העברי", „השומר הצעיר" און החלוץ.

די קהילה האָט אויף איר פייערלעכער זיצונג פּראָטעסטירט געגן די געשעענישן אין א״י, נאָך דער רעדע פון פרעזעס חיים נייגער. דער ראָט און די פאַרוואַלטונג, צוזאַמען מיטן ראַבינאַט, האָבן באַשלאָסן צו אַסיגנירן פון דער גמינע־קאַסע די סומע פון 500 זלאָטעס לטובת די געליטענע אין ארץ־ישראל.

די קהילה האָט אויך דורכגעפירט אין דער גרויסער שול אַ טרויער־תפילה, פאַרבונדן מיט אַ מאַניפעסטאַציע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 1־טן סעפּטעמבער 1929 יאָר, און צונויפגעבראַכט פיל טויזנטער טאָרנער יידן. נאָך די תפילות, האָט דער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע חיים נייגער, גערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם. מיטן געזאַנג פון "התקוה" און מיטן אָננעמען אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע איז די פייערונג פאַרענדיקט געוואָרן.

אויסער די 500 זלאָטעס וואָס די גמינע האָט געשפּענדעט פאַר די געליטענע פון די געשעענישן אין ארץ־ישראל, איז אין שטאָט אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמל־אַקציע. כדי די דאָזיקע אַקציע צו קאָאָרדינירן, האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ פון די חשובסטע בירגער פון שטאָט, כדי צו שאַפן אַן איינהייטלעכן רעטונגס־קאָמיטעט פאַר ארץ־ישראל. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, אונטערגעשריבן דורכן פאָרזיצער פון קהילה־פאַרוואַלטונג ד״ר הענריק עהרענפרוינד און פאָרזיצער פון קהילה־ראָט חיים נייגער. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַדורכפירן אַן ענערגישע זאַמל־אַקציע און דאָס גאַנצע צונויפגעזאַמלטע געלט גלייך איבערשיקן דעם ועד לאומי, ווייל די אויסגאַבן פון דער זאַמל־אַקציע האָט די גמינע באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך. דעם 5־טן סעפּטעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט, און דעם 20־טן סעפּטעמבער איז אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" געווען פאַרעפנטלעכט אַן אויסווייז פון די ערשטע זאַמלונגען, וועלכע האָבן געבראַכט די סומע פון 3.644 זלאָטעס 19 גראָשן און 31 עפעקטיווע דאָלאַר.

די חברה נושאי המטה און מנחם אבלים האָט אויף איר פּאַרוואַלטונגס־זיצונג אָפּגעהאַלטן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1929 יאָר, אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון ה׳ מאורער וועגן איינשרייבן אין אייביקייטס־בוך די נעמען פון די אומגעקומענע אין ארץ־ישראל, אויסקריצן זייערע נעמען אויף אַן אָנדענק־טאָוול, לאָזן ברענען אַ לעמפּל אַ גאַנץ יאָר, זאָגן נאָך זיי קדיש און אַלע יומטובים אָפּריכטן נאָך זיי אַן אל מלא רחמים.

אויף דעם 4־טן סעפּטעמבער 1929 יאָר האָט דער ראַבינאַט פּראָקלאַמירט אַ תענית.

די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ״ האָט צום אָנדענק פון די אומ־געקומענע קרבנות איינגעאָרדנט אַן אַקאַדעמיע. חזן קאַמיענעצקי מיטן כאָר פון דער נייער שול האָבן אָפּגעריכט אַן אל מלא רחמים. איינגעלייטעט די אַקאַדעמיע האָט פרוי עמיליאַ מאַנדשיין, פרוי וויינבערג (איצט אין ישראל), האָט דעקלאַמירט אין העברעאיש און ד״ר שענקעל האָט רעפערירט וועגן די געשעענישן.

אַזוי האָט דאָס טאַרנער ייִדנטום רעאַגירט אויף די טראַגישע אויגוסט־געשע־ענישן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1929.

## 13. פארשטארקטע ארגאניזאטארישע טעטיקייט

דאָס געשפּענסט פון די אויגוסט־געשעענישן אין ארץ־ישראל האָט געשוועבט איבער דער עלפטער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון מערב־גאַליציע און שלעזיע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 5־טן און 6־טן ינואָר 1930 יאָר. די קאָנפערענץ האָט געטראָגן אַ באַזונדערס פייערלעכן כאַראַקטער צוליב דער אָנוועזנהייט פונעם פּרעזידענט פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע נחום סאָקאָלאָוו. זיינע צוויי רעפעראַטן אויף דער קאָנפערענץ האָבן קאָנ־צענטרירט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אויף זיין פערזאָן און אויף די פּראָבלעמען, וואָס ער האָט אָנגעקגעשטעלט. במילא זענען די ענינים איבער די אַקטועלע פראַגן פון דער לאַנדעס־אָרגאַניזאַציע אָראָפּגעשטופּט געוואָרן אויפן צווייטן פּלאַן. דער־פאַר האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסן צונויפרופן אויף סוף מערץ 1930 יאָר פיר ראַיאָן־באַראַטונגען אין טאַרנע, ביליץ, אוישוויץ און ניי־טאַרג, כדי צו דערגענצן די אויבנדערמאָנטע בלויז און געבן די מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן זיך די פאָרשטייער פון הונדערט עטלעכע צענדליק לאָקאַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און באַשליסן וועגן קאָנקרעטע פּראַקטישע ענינים.

זונטיק, דעם 9־טן מערץ 1930 איז אין טאַרנע פאָרגעקומען דער קרייז־צוזאַ־מענפאָר פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ביים אָנטייל פון 24 דעלעגאַטן פון 13 ערטער: באָבאָווע, באָכניע, בזשעסקאָ, דעמביץ, גדווו, ליסקאָ, מעליץ, ראַדלאָוו, גרויס־סטרוזשע, ראַדאָמישל, וויעליטשקע און זאַקליטשין. דערעפנט דעם צוזאַ־מענפאָר האָט דער פאָרזיצער פון דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע חיים נייגער. אינעם פּרעזידיום זענען דערוויילט געוואָרן: ד״ר אַטלאַס (מעליץ) — פאָרזיצער, עדוואַרד שוואַגער (טאַרנע) און י. האָלענדער (באָבאָווע) — וויצע־

פאָרזיצער, פרופ׳ וויינבערג (טאַרנע) און ד״ר זילבערמאַן (טאַרנע) — סעקרעטאַרן. באַגריסט דעם צוזאַמענפאָר האָט ד״ר שפּאַן אין נאָמען פון דער יידישער קהילה, י. היימאַן — פון סוחרים־פאַריין, פרופ׳ ד״ר ווייס — וויצאָ, ד״ר מערץ — התאחדות, וואָלף געצלער — מזרחי, לעזער — תרבות, בעק — קק״ל. ד״ר שמעון פעלדבלום (איצט אין ישראל), האָט רעפערירט איבער דער איצטיקער לאַגע אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע; מגר. לעאָן סאַלפעטער — „אידעאָלאָגיע און אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטישער יוגנט״; חיים נייגער — „אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען אין ראַיאָן״. דערנאָך האָבן די דעלעגאַטן פון די באַזונדערע ערטער אָפּגעגעבן באַריכטן, צוו. אַנד.: ד״ר שענקעל (טאַרנע), אַפּעל (זאַקליטשין), האָלענדער (באָבאָווע), קאַאַן (סטרוזשע), ד״ר אַטלאַס (מעליץ), וועלכער האָט אויך איבער־געגעבן, אַז די געגרינדעטע דורך ד״ר שפּאַן אין מעליץ געזעלשאַפט „תל־אביב״ ציילט 140 מיטגלידער, און אַז ביי די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן אין מעליץ האָבן די ציוניסטן באַקומען אַכט מאַנדאַטן. אין דער דיסקוסיע זענען נאָך אַרויסגעטרעטן: שוועבער אין נאָמען פון אַ גרופּע רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט גע־הערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דער רעוויזיאָניסט האָראָוויץ. אין נאָמען פון הנוער העברי האָבן גערעדט האַקע פון דעמביץ און צום סוף אינזש׳ ראָזענבלאַט (רעוויזיאָניסט פון טאַרנע). נאָכן אָננעמען אַ ריי באַשלוסן און רעזאָלוציעס, האָט דער צוזאַמענפאָר באַשטימט אפּוטרופּסים איבער די ערטער וואו עס איז נויטיק געווען צו פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע טעטיקייט. אַזוי איז באַשטימט געוואָרן: ד״ר שפּאַן — פאַר שטשוטשין, ד״ר שענקעל — פאַר טוכאָוו, חיים נייגער — פאַר דאָמבראָווע, ה. שפּילמאַן — פאַר פּילזנע, ד״ר אַטלאַס — פאַר באַראַנאָוו.

דער קרייז־צוזאַמענפאָר האָט געוואָרפן די לאָזונג צו קאָנסאָלידירן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם, אַריינגעמען אים אין געפּאַסטע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען, און דער עיקר אַכט לייגן אויף צעמענטירן די יוגנט־רייען. אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז פון לאַנג געווען טעטיק אַ גרעסערער אַקטיוו פון עלטערער ציוניסטישער יוגנט, אויף וועלכן דער לאָקאַלער קאָמיטעט פלעגט זיך שטיצן אין זיינע אַרבעטן. איינער פון די טיכטיקסטע און געטרייסטע אַקטיוויסטן פו׳ דער גרופּע איז געווען יצחק וואַלאַך, וועמענס פריצייטיקער טויט (אַפּריל 1930) איז געווען אַ פילבאַרער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע אין שטאָט, פאָרגעקומען דעם 15־טן אַפּריל 1930 יאָר, האָט חיים נייגער אַרומגערעדט די גרויסע באַדייטונג פונעם פאַרשטאָרבענעם פאַר דער אָרגאַניזאַ־ציע, אונטערשטרייכנדיק זיינע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן אין פריוואַטן ווי אין גע־זעלשאַפטלעכן לעבן. „יעדע אַקציע אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט יצחק וואַלאַך, האָט מצליח געווען. ער איז געווען איבערגעגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג מיט זיין גאַנצער איידעלער נשמה. דאָס האַרץ טוט וויי אויפן געדאַנק, אַז צווישן אונדז איז שוין נישטאָ מער דער דאָזיקער יונגער אין יאָרן און אין גייסט, ענערגישער און ענטוזיאַסטישער, אינטעליגענטער און קלוגער חבר יצחק וואַלאַך.

זיין נאָמען וועט מיט גאָלדענע אותיות זיין פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע״ („טיגאָדניק זשידאָווסקי״ 18.4.30 נומ׳ 16).

מיט אומאויפהערלעכער ענערגיע האָט דער טאָרנער קאָמיטעט פון קרן קיימת לישראל, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר שיינפעלד, פאָרטגעזעצט זיין אַרבעט. אין יאָר 1930 זענען באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן די איינקונפטן פאַר קק״ל.

אינעם באַריכט־יאָר 1929/30 זענען געזאַמלט געוואָרן:

ערשטער האַלביאָר

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| סעפּטעמבער | 1929 | 1.231 | זלאָטעס | 55 | גראָשן |
| אָקטאָבער | ״ | 1.462 | ״ | 23 | ״ |
| נאָוועמבער | ״ | 1.187 | ״ | 89 | ״ |
| דעצעמבער | ״ | 955 | ״ | 19 | ״ |
| יאַנואַר | 1930 | 1.347 | ״ | 93 | ״ |
| פעברואַר | ״ | 1.170 | ״ | 28 | ״ |
| | | 7355 | ״ | 07 | ״ |

צווייטער האַלביאָר

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מערץ | 1930 | 1.690 | זלאָטעס | 02 | גראָשן |
| אַפּריל | ״ | 1.302 | ״ | 10 | ״ |
| מאַי | ״ | 739 | ״ | 64 | ״ |
| יוני | ״ | 531 | ״ | 56 | ״ |
| יולי | ״ | 1.981 | ״ | 14 | ״ |
| אויגוסט | ״ | 561 | ״ | 92 | ״ |
| | | 6.806 | ״ | 38 | ״ |

צוזאַמען איז אינעם אויבנדערמאָנטן באַריכט־יאָר צונויפגעזאַמלט געוואָרן די סומע פון 14.161 זלאָטעס 45 גראָשן אַנטקעגן 12.553 זלאָטעס 40 גראָשן אין פאָריקן יאָר (באַריכט־יאָר 1928/29).

אין אָקטאָבער 1930 האָט די בריטישע רעגירונג פאַרעפנטלעכט דעם סימפּסאָן־באַריכט און אַרויסגעגעבן דאָס ווייס־בוך, וואָס האָט געטראָפן אין די לעבנס־וויכטיקע און יסודותדיקע רעכט וואָס זענען פייערלעך גאַראַנטירט געוואָרן דעם יידישן פאָלק אין דער באַלפור־דעקלעראַציע און באַשטעטיקטע דורך דער פעלקער־ליגע. אויף דער גאַנצער יידישער וועלט האָט זיך אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט־שטורעם קעגן ווייס־בוך. אויך דאָס ציוניסטישע טאָרנע האָט אויף דעם 2־טן נאָוועמבער 1930 יאָר צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטאָט. די פאַרזאַמלונג איז אָבער פאַרבאָטן געוואָרן דורך דער אויפזיכט־מאַכט, אונטערן אויסרייד פון באַשיצן די עפנטלעכע רו און אָרדענונג אין צוזאַמענהאַנג מיט די סיים־וואַלן. דערפאַר איז דעם 8־טן נאָוועמבער 1930, אויף דער איניציאַטיוו פון דער אַקאַדעמישער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „אחדות״, ברית טרומפּלדור, צעירי מזרחי, גורדוניה, הנוער העברי, השומר הדתי, השומר הצעיר, החלוץ, מנורה און יונג־וויצאָ, פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון ציוניסטישער יוגנט, ביי דער באַטייליקונג פון 800 מאַן. אַלס רעדנער זענען

אַרויסגעטרעטן: ה. שפּילמאַן, אהרון פוס, אַ. ליכטינגער, י. קייטש, מ. שוועבער. איינע פון די רעזאָלוציעס, אָנגענומען אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג, לויטעט: „די ציוניסטישע יוגנט אין טאָרנע, פאַרזאַמלט דעם 8־טן נאָוועמבער 1930 אין טאָרנע, שווערט, אַז ביזן לעצטן אָטעם־צוג וועט זי פאַרטיידיקן די רעכט פון יידישן פאָלק אויף ארץ־ישראל און אפילו פאַרן פּרייז פון לעבן וועט זי זיך נישט צוריקציען פאַר דער רעאַליזירונג פון אירע אידעאַלן".

נאָכן שווערן וואַל־קאַמף צום סיים און סענאַט, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן זיג פון ציוניסטישן געדאַנק אין טאָרנע און גורם געווען צו אַן אינערלעכער קאָנסאָלידאַציע פון אַלע אַלגעמיין־ציוניסטישע כוחות, איז געוואָרן נויטווענדיק צו פאַרייניקן זיי און אַריינגעמען אין איין ראַם. די פאָרשטייענדיקע וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, די ספּעציפישע אָרטיקע באַדינגונגען — דאָס אַלץ האָט געווירקט אויפן לאָקאַלן קאָמיטעט צונויפצורופן די יערלעכע אַלגעמיינע ציוניסטישע פאַרזאַמלונג. אויף די שפּאַלטן פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע בנוגע די אויפגאַבן פון צוקונפטיקן קאָמיטעט. ה. שפּילמאַן, אַקטיוויסט פון דער עלטערער ציוניסטישער יוגנט, האָט אינעם אַרטיקל פאַרעפנטלעכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" דעם 19־טן דעצעמבער 1930, געשריבן:

„עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז די קאַדערן וואָס שטייען אין אַקטיוון דינסט פון אונדזער באַוועגונג, זענען באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן לגבי דעם פאָריקן יאָר. די שטימונגען סיי ביי דער יוגנט ווי צווישן דער עלטערער גענעראַציע באַרעכטיקן אונדז פעסטצושטעלן, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט נישט נאָר גאָר־נישט פאַרלוירן פון איר כוח און געשלאָסנקייט, נאָר געוואונען פיל באַוואוסטזיניקע און דיסציפּלינירטע מיטגלידער צווישן דער יוגנט און מאַסן סימפּאַטיקער צווישן עלטערן דור. אונדזער אויפגאַבע וועט דעריבער דאַרפן זיין אויסצונוצן די דאָזיקע כוחות, וואָס ציען זיך צו אונדז, פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלער און אידעאישער אַרבעט, און צו דעם צוועק וועלן מיר מוזן רעווידירן און אויף אַ ראַדיקאַלן אופן ענדערן די ביזאיצטיקע טאַקטיק און אַדורכפירן די נויטיקע רעפאָרמען".

נאָכן אָנצייכענען די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, קומט דער מחבר צו די אויספירן: „אין די באַדינגונגען ווערט אויסערסט וויכטיק און ערנסט די פראַגע פון אויסוויילן אַ נייע אָנפירונג, וואָס זאָל אונדזער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע קאָנען צילבאַוואוסט און איינהייטלעך פירן אין דער איצטיקער שווערער צייט. מיר נויטיקן זיך צו קאָנסאָלידירן אונדזער פאַרטיי אויף נייע פעסטערע פונדאַמענטן, וואָס זאָל דערפירן אונדזער אָרגאַניזאַציע צו אַ גרויסן פונאַנדערוואוקס און דאָמינירנדיקן איינפלוס אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. דער גרויסער רעזערוואואַר פון כוחות, פון וועלכע אונדזער אָרגאַניזאַציע שעפּט, איז אַ גאַראַנטיע פאַר אונדזער קערנדיקייט און אומאויסשעפּלעכע כוחות. די ציוניסטישע באַוועגונג פאָדערט דעריבער פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג צו שאַפן אַ פעסטע אָנפירונג, איינהייטלעך און פעאיק צו דערפילן די שווערע און גרויסע אויפגאַבן. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג וועט אויסהאַלטן איר עקזאַמען, אויב זי וועט דעם ציל דערגרייכן".

דעם 28־טן דעצעמבער 1930 יאָר איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועמענס פאַרלויף ווערט אַזוי באַשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 2־טן יאַנואַר 1931 יאָר:

„זונטיק דעם 28־טן ד. ח. איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער אָרגאַניזאַציע אַלגעמיינע ציוניסטן ביי אַ מאַסן־באַטייליקונג פון די מיט־גלידער. אויף דער פאַרזאַמלונג איז צוליב פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן נישט געקומען דער פרעזעס פון דער אָרגאַניזאַציע, ח׳ נייגער. אין זיין פאַרטרעטונג האָט די פאַרזאַמלונג דערעפנט ד״ר שפּאַן, וועלכער האָט געווידמעט עטלעכע ווערטער דעם פאַרשטאָרבענעם לאָרד מעלטשעט, און דערנאָך אין וואַרעמע ווערטער דער־מאָנט יצחק וואַלאַך, מיט וועמענס טויט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרלוסט. נאָך די איינלייטונגס־ווערטער, האָט ד״ר שפּאַן געהאַלטן אַ לענגערן רעפעראַט א. ד. ט. „די איצטיקע לאַגע אין ציוניזם״. דער רעדנער האָט כאַראַקטעריזירט די לאַגע אין ארץ־ישראל און די פּראָבלעמען וואָס שטייען ערב דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און באַרירט די פראַגע פון אונדזער אַרבעט אין גלות. דער צווייטער רעדנער — ח. הענריק שפּילמאַן, האָט רעפערירט א. ד. ט. „די וועגן און צילן פון דער ציוניסטישער יוגנט״. דער רעפערענט האָט דערמאָנט די פריצייטיק געשטאָרבענע 17־יאַריקע מילאַ פעניג, מיטגליד פון דער אָרגאַ־ניזאַציע הנוער העברי.

דער רעדנער האָט דערנאָך באַריכטעט וועגן דער אַרבעט פון הנוער העברי, ברית טרומפּלדור און מנורה, אַרומגערעדט די באַציאונג פון דער סתם־ציוניסטישער יוגנט צו יונג־וויצאָ און אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, און צום סוף באַרירט די פראַגע פון אָפּשאַצן די טעטיקייט פון לאָקאַלן קאָמיטעט. ח׳ זיגמונט פעניגעל האָט אָפּגעגעבן אַ געזויעם קאַסע־באַריכט. איבער די רעפעראַטן האָט זיך אַנט־וויקלט אַ לענגערע דיסקוסיע בנוגע לאָקאַלע ווי אַלגעמיין־ציוניסטישע פּראָבלע־מען. אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט די ח״ח: ד״ר שענקעל, ד״ר כאַמעט, י. בינענשטאָק, מ. שוועבער, ה. צייכנער, אינזש׳ ראָזענבלאַט, ד״ר זילבערמאַן, ה. שפּילמאַן, קאָלטאָוו און אַנדערע. חבר שפּאַן האָט געענטפערט אַלע דיסקוסאַנטן, דערנאָך איז מען צוגעטרעטן צו די וואַלן. אין אָנערקענונג פון די גרויסע פאַר־דינסטן פאַר דער באַוועגונג, איז איינשטימיק און ביי אַפּלאָדיסמענטן אויסגעוויילט געוואָרן חיים נייגער אַלס ערן־פרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע.

נאָך אַ קורצער דיסקוסיע, איז איינשטימיק דערוויילט געוואָרן אַ לאָקאַלער קאָמיטעט פון פאָלגנדע פערזאָן:

ערן־פרעזעס — חיים נייגער, מיטגלידער: בינענשטאָק י., בראון ח., ד״ר א. כאַמעט, ענגעלבערג, ערליך, פאַסט, פעניכעל, ה. פלור, ד״ר גאָלדבערג, ד״ר גרינ־בערג, י. היימאַן, ה. האָלענדער, פרוי ה. כשר, פרל. ע. קעלער, קלעפּעל, ש. ליינער, מ. לעזער, ריינהאָלד, ראַפּאַפּאָרט וו., אינזש׳ ראָזענבלאַט, רייך, ד״ר שפּאַן, ד״ר שענקעל, ד״ר שיינפעלד, מ. שוועבער, ד״ר זילבערמאַן, ה. שפּילמאַן, ד״ר ב. שפּייזער, מ. שפּילמאַן, פרל. שטעלצער, פאָלקמאַן, פרוי וויינבערג, ווייל און צייכנער״.

דער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן:
חיים נייגער — פרעזעס, ד״ר שפּאַן און ד״ר שענקעל — וויצע־פּרעזעסן, הענריק שפילמאַן און ד״ר י. זילבערמאַן — סעקרעטאַרן, ז. פעניכעל — קאַסיר.

## 14. די יובל פייערונג לכבוד ד״ר שמואל שפּאַן

אַ גרויסע איבערלעבונג פאַרן טאַרנער ציוניזם איז געווען די יובל־פייערונג לכבוד דעם פּופּיקסטן געבורטסטאָג פון ד״ר שמואל שפּאַן, וואָס איז אויסגעפאַלן סוף דעצעמבער 1930 יאָר. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ יובל־קאָמיטעט מיט חיים נייגער אין דער שפּיץ. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן נומער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, געווידמעט דעם בעל־היובל, און אויך באַשלאָסן איינצושרייבן ד״ר שפּאַן אינעם „ספר הזהב״ פון קרן קיימת לישראל. די יובל־פייערונג לכבוד דעם ד״ר שפּאַן האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מערב־גאַליציע און שלעזיע. פון פאַרשידענע ערטער און פון אָרטיקע אַנגעזעענע ציוניסטישע טוער זענען אָנגעקומען אַ סך באַגריסונגס־בריוו און טעלעגראַמעס.

דעם 27־טן דעצעמבער 1930 יאָר איז אין טאַרנע פאָרגעקומען די יובל־פייערונג מיטן אָנטייל פון פיל חברים און פריינט פונעם בעל־שמחה, פאָרשטייער פון באַזונדערע ציוניסטישע פאַריינען און אָרגאַניזאַציעס. פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין קראָקע איז געקומען צום באַנקעט אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע אין די פּערזאָנען פון ד״ר שוואַרצבאַרד, פּרעזעס פון דער עקזעקוטיווע און א. האָפּשטעטער, סעקרעטאַר. טאָאַסט־רעדעס האָבן געהאַלטן: חיים נייגער און י. שוואַרצבאַרד. וועגן דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פונעם ד״ר שפּאַן זאָגן עדות די פיל באַגריסונג־רעדעס לכבוד אים אויפן אויבנדערמאָנטן באַנקעט: ד״ר שענקעל (ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע), וואָלף געצלער (מזרחי), ד״ר מערץ (התאחדות), פּרוי פּערלבערג (וויצאָ), ד״ר שפּייזער (רעוויזיאָניסטן), דירעקטאָר ליבליך (שפה־ברורה שול), ד״ר זילבערפּעניג (גימנאַזיע שפה ברורה), פּרל. טאובענפעלד (יונג־וויצאָ), שוועבער (ברית טרומפּלדור), פּראָפ׳ צוועכער (תרבות), גלאַז (צעירי מזרחי), ה. פלור (שמשון), י. בינענשטאָק (הנוער העברי), גבריאל אָסטערווייל („אָגניסקאָ״ און אחדות), גרינבערג (ליגע פאַר אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל) און י. פריש (יד חרוצים).

דער נומער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, געווידמעט דעם בעל־היובל (נומ׳ 48) האָט אַנטהאַלטן אַרטיקלען פון ד״ר שוואַרצבאַרד, י. נייגער, יצחק ליבליך, ה. שפּילמאַן, ד״ר א. כאַמעט. אינעם אַרטיקל „ד״ר שפּאַן — „סעמפּער פידעליס״ („שטענדיק טריי״), שרייבט ד״ר י. שוואַרצבאַרט צוו. אַנד.: „אויפן אָפּשניט פון אונדזער גרויסן קאַמפּס־פּראָנט פאַר אַ בעסערער ווירדיקער צוקונפט פונעם פאָלק, אויף דעם אָפּשניט וואו דו אַרבעסט זינט עטלעכע צענדליק יאָר, דורכגענומען מיטן הייליקן ציוניסטישן אומרו — ביסטו געווען און ביסט אַ ליכטיקערביישפּיל. ביסט געווען און ביסט סיי אַ דינער און אַ וועכטער פון דער באַוועגונג, און גלייכ־

צייטיק איר געוויסן און אָנפירער. ריין ווי אַ טרער, איבערגעגעבן ביזן לעצטן, אָן אַ טראָפּן אייגנליבע און עגאָאיזם״.

י. נייגער האָט דעם בעל־שמחה כאַראַקטעריזירט אויף אַזאַ אופן: „אַן אַנט־שלאָסענער, אַ באַוועגלעכער, אַ קלאָרער, אַן אומצווייידייטיקער, אָט איז זיין נאָמען, אָט איז זיין כאַראַקטער. שפּאַן פאַר טאַרנע איז נישט קיין וואָרט, נישט קיין נאָמען, נאָר אַ באַגריף, אַ סיסטעם, אַ ריכטונג. אונדזער ליבער בעל־היובל געהערט צו די פּירנדע פערזענלעכקייטן, וואָס אַ דאַנק זייערע כאַראַקטער־שטריכן וואַרפן זיי אָן זייערע אָנשויאונגען דער סביבה אין וועלכער זיי לעבן און ווירקן, און זענען משפיע דעם געדאַנקען־גאַנג פון גאַנצע גרופּעס מענטשן״.

ה. שפּילמאַן, פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער יוגנט אין טאַרנע, האָט אין זיין אַרטיקל „אונדזער בעל־היובל״, אַזוי באַצייכנט ד״ר שפּאַנס באַציאונג צו דער יוגנט: „די ציוניסטישע יוגנט האָט זיך האַרציק צוגעבונדן צו איר אָנפירער. זי האָט אים ליב באַקומען פאַר זיין ביישפּיללאָזע און פייערדיקע ליבע צום פאָלק, פאַר זיין אומדערמידלעך דינען די ציוניסטישע אידעאַלן, פאַר דער ריינקייט פון זיין גייסט און אומבאַפלעקטקייט פון זיין כאַראַקטער. שמואל שפּאַן איז פאַר אונדז אַ מוסטער, אַ ביישפּיל, מיט וואָס פאַראַ איבערגעגעבנקייט מען דאַרף אַר־בעטן ביים פאַרווירקלעכן אונדזערע אידעאַלן״.

און דער בעל־שמחה גופא, טריי זיך אַליין, זיינע פּרינציפּן און לעבנס־אידעאַלן, האָט אויף דער אויסגעדריקטער אָנערקענונג און כבוד צוליבן יובל, — געהאַט איין ענטפער: „דער כבוד און אָנערקענונג אויף מיין אַדרעס, זענען נישט קיין רעזולטאַט פון מיינע פערזענלעכע מעלות, — זיי באַלאַנגען אַן אידעע, וועלכער איך דין און וועל דינען טריי, כל־זמן די כוחות וועלן סטייען״.

## 15. פאַרן 17־טן ציוניסטישן קאָנגרעס

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון מערב־גאַליציע און שלעזיע, אָנגעפירט צו יענער צייט דורך דעפּוטאַט ד״ר יהושע טהאָן אַלס פּרעזעס און ד״ר י. שוואַרץ־באַרד אַלס עקזעקוטיוו־פּאָרזיצער, האָט נישט אויפגעהערט צו אָרגאַניזירן און ענגער צונויפשליסן די אַלגעמיין־ציוניסטישע רייען. די צוועלפטע לאַנד־קאָנפערענץ, פאָרגעקומען דעם 21 און 22 פעברואר 1931 אין קראָקע האָט דאָס הויפּטגעוויכט געלייגט אויף אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ ריי רעזאָלוציעס. אין דער קאָנפערענץ האָבן אַלס דעלעגאַטן פון טאַרנע באַטייליקט זיך: חיים נייגער, ד״ר ש. שפּאַן, ד״ר וואָלף שענקעל, ד״ר א. כאַמעט, ד״ר י. זילבערמאַן, ה. שפּילמאַן, יעקב בינענשטאָק, משה שוועבער, משה שפּילמאַן און שמואל וויל. אַלס פאָרזיצער פון צוזאַמענפאָר איז דערוויילט געוואָרן חיים נייגער. צוו. אַנד. האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס דריקט אויס אָנערקענונג ד״ר שמואל שפּאַן פאַר זיין דרייסיק־יאָריקער פּרוכטבאַרער ציוניסטישער טעטיקייט און אין שייכות מיט זיין 50־יאָריקן געבורטס־טאָג.

דאָס פּראָבלעם פון פאַרשטאַרקן די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז

אַקטועל געוואָרן אויך אין די אינסטאַנצן פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן האָט דעם חודש אַפּריל 1931 יאָר פּראָקלאַמירט אַלס אַ „סאָקאָלאָוו־חודש״, אויף אַדורכצופירן אויף דער גאַנצער וועלט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אויפקלער־אַקציע פאַר אידעאָלאָגישער פאַרטיפונג און פאַרברייטערן נייע מיטגלידער אין דער באַוועגונג. אין שייכות מיטן סאָקאָלאָוו־חודש איז דעם 5־טן אַפּריל 1931 יאָר פאָרגעקומען אין טאָרנע אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע. נאָכן איינלייטונגס־וואָרט פון חיים נייגער, האָט דעם הויפּט־רעפעראַט געהאַלטן ד״ר שמעון פעלדבלום פון קראָקע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אין טאָרנע די פאַרפעסטיקונגס־אַרבעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און גרינדן אַ פאַרבאַנד פון עלטערער יוגנט מיט אַן אויסגעשפּראָכן אַלגעמיין־ציוניסטישן כאַראַקטער.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל־אַקציע צום 17־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די שקל־אַקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר גרינבערג און ד״ר פּייג. אין דער פּרעסע און אין די אָרגאַניזאַציעס האָט זיך צעפלאַקערט אַ הייסע דיסקוסיע איבער די וועגן און אויסזיכטן פון דער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן. דאָס איז געשען אין אַ צייט נאָכן סימפּסאָן־באַריכט און דעם ווייס־בוך, בעת די אונטערהאַנדלונגען צווישן דער יידישער אַגענץ און דער מאַנדאַט־רעגירונג, וועלכע האָט דורכן באַרימטן בריוו פון מאַקדאָנאַלד, געוואָלט מיט געוויסע הנחות פאַר יידן, פאַרגלעטן אַביסל די שאַרפקייט פונעם ווייס־בוך. דעם 7־טן יוני 1931 יאָר זענען אין טאָרנע פאָרגעקומען די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס. געזיגט האָבן דעמאָלט די רעוויזיאָניסטן. פון 1700 וואַל־באַרעכטיקטע האָבן געשטימט נאָר 1000. דער נצחון פון די רעוויזיאָניסטן איז פאַרטייטשט געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון צייטווייליקע שטימונגען ביי די ציוניסטישע מאַסן קעגן דער כלומרשט אומדעצידירטער שטעלונג פון דער אַגענץ־אָנפירונג, וועלכע האָט אין איר אחריות־געפיל פאַרן גאַנצן ארץ־ישראלדיקן ווערק געמוזט פירן פאַרהאַנדלונגען מיט דער אומגינסטיקער צום ציוניזם ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט. דער נצחון פון די רעוויזיאָניסטן איז דעמאָלט געווען אין גאַנץ פּוילן.

אין שייכות מיטן אויבנדערמאָנטן וואַל־רעזולטאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, האָבן אין שטאָט אָנגעהויבן אויפהויבן די קעפּ געוויסע קהלשע פּאָליטיקאַנער, מיט וועמען ציוניסטן זענען געשטאַנען אין קאַמף זינט יאָרן. פונעם וואַל־קאַמף צווישן די באַזונדערע ציוניסטישע פראַקציעס, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז דער ציוניסטישער לאַגער איז צעקלאַפּט, אַז באַזונדערס די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָבן געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף מיט די דאָזיקע דעסטרוקטיווע עלעמענטן, זענען אַרויס פון די וואַלן אָפּגעשוואַכטע. די אַלע גרופּן האָט מזרחי און התאחדות אין טאָרנע געגעבן אַ געהעריקן ענטפער. אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (3.7.31 נומ׳ 26) איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ דערקלערונג פון יחיאל קורץ אין נאָמען פון מזרחי און ד״ר פּייג אין נאָמען פון „התאחדות״. צום סוף פון דער דערקלערונג ווערט געזאָגט:

„די ציוניסטישע קאַדערן, וועלכע האָבן געפירט צווישן זיך אַ וואַל־קאַמף צום

ציוניסטישן קאָנגרעס, בילדן איין שטאַרקע אַרמיי, דעצידירט צו קעמפן מיטן אויסערלעכן שונא, מיט די מאַשקעס און נאַציאָנאַלע פאַררעטער. ווען עס האַנדלט זיך אין רייניקן די פּאָליטישע אַטמאָספער אויף דער יידישער גאַס, צו דעמאַסקירן די צבועקעס, באַזייטיקן די אומגעבעטענע געסט פונעם יידישן עפנטלעכן לעבן — דעמאָלט וועלן מיר צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן קעמפן פאַר געזונט מאַכן דאָס אינערלעכע יידישע לעבן, פאַרן נצחון פון די ציוניסטישן לאָזונגען. מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן גייען מיר שטענדיק צוזאַמען צום קאַמף פאַר דער ווידער־געבורט פונעם יידישן פאָלק. אין דער מלחמה וועלכע עס פירן די אַלגעמיינע ציוניסטן מיט דער קליקע, בילדן מיר מיט זיי איין געמיינזאַמען פראָנט און מיט בשותפותדיקע כוחות וועלן מיר זיכער אָפּהאַלטן אַ נצחון איבערן מאַשקיזם און זעלבסטפאַרלייקענונג אויף דער יידישער גאַס אין טאָרנע. זאָל דאָס פאַרגעדענקען די קליקע פון באַנקרוטירטע קאַריעריסטן״.

צום זיבצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל איז אַלס מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט און דעלעגאַט פון מערב־גאַליציע אַרויסגעפאָרן חיים נייגער און ד״ר שמואל שפּאַן אַלס מיטגליד פון קאָנגרעס־געריכט.

## 16. די ציוניסטישע ארגאניזאציע פאר נייע אויפגאבן

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אויך נישט איבערגעריסן געוואָרן די טאָג־טעגלעכע קאָנקרעטע ציוניסטישע אַרבעט, באַזונדערס די טעטיקייט פאַר די ארץ־ישראל־דיקע פאָנדן. די קרן־קיימת קאָמיסיע אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר שיינפעלד, האָט געהאַט צו פאַרצייכענען באַדייטנדיקע הכנסות אינעם באַריכט־יאָר 1930/31. לויטן באַריכט וואָס די קאָמיסיע האָט פאַרעפנטלעכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (6.11.31 נומ׳ 43) איז געזאַמלט געוואָרן אין די חדשים 1930:

| | | |
|---|---|---|
| 1930 | | |
| אָקטאָבער | 576 | זלאָטעס 10 גראָשן |
| נאָוועמבער | 1831 | ″ 09 ″ |
| דעצעמבער | 837 | ″ 58 ″ |
| 1931 | | |
| יאַנואַר | 1245 | ″ 83 ″ |
| פעברואַר | 651 | ″ 27 ″ |
| מערץ | 1162 | ″ 29 ″ |
| אַפּריל | 862 | ″ 14 ″ |
| מאַי | 549 | ″ 12 ″ |
| יוני | 589 | ″ 38 ″ |
| יולי | 764 | ″ 37 ″ |
| אויגוסט | 274 | ″ 96 ″ |
| סעפּטעמבער | 712 | ″ 91 ″ |
| | 10057 | ″ 04 ″ |

די דאָזיקע סומע איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן דורך די באַזונדערע ציוניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אויף פאָלגנדן אופן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אַלגעמיינע ציוניסטן | 3330 | זלאָטעס | 44 | גראָשן |
| שפה ברורה שול | 1662 | ״ | 61 | ״ |
| הנוער העברי | 1285 | ״ | 59 | ״ |
| יונג־וויצאָ | 547 | ״ | 99 | ״ |
| ברית טרומפּלדור | 526 | ״ | 03 | ״ |
| גורדוניה | 481 | ״ | 18 | ״ |
| וויצאָ | 469 | ״ | 03 | ״ |
| השומר הצעיר | 266 | ״ | 58 | ״ |
| מזרחי | 220 | ״ | 70 | ״ |
| התאחדות | 215 | ״ | 60 | ״ |
| רעוויזיאָניסטן | 166 | ״ | — | ״ |
| מנורה | 125 | ״ | 59 | ״ |
| החלוץ | 70 | ״ | 33 | ״ |
| אַנדערע אינסטיטוציעס | 689 | ״ | 37 | ״ |

די טעטיקייט פון אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1932, איז נישט געווען קיין לייכטע. דאָס איז געווען אַ שווערע תקופה שוין פאַר יידן אויף דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס פאַר פוילישע יידן. די פּאָליטישע לאַגע אין ארץ־ישראל איז געווען אַ קאָמפּליצירטע, אָבער נאָך ערגער האָט אויסגעזען אין די גלות־לענדער. יידן אין פוילן האָבן דורכגעמאַכט אַ שווערן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קריזיס.

דעם 24־טן יאַנואַר 1932 יאָר האָט אין טאַרנע געוויילט דעפּוטאַט יצחק גרינבוים, וועלכער איז אין זאַל פון „סאָקאָל״ אַרויסגעטרעטן מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט א. ד. ט. „די לאַגע אין ציוניזם און אינעם גלות־יידנטום״. דער רעדנער האָט צוו. אַנד. דערקלערט: „ביי אונדזער אויפבוי־אַרבעט האָבן מיר זיך איצט אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן מצד די אַראַבער. אָבער יעדע באַוועגונג איז נאָר דעמאָלט שטאַרק, אויב זי שטיצט זיך אויף אייגענע כוחות. און יעדער ציוניסט מוז גלויבן אין די לעבנס־קרעפטן פון יידישן פאָלק. אויב איינער האָט נישט דעם גלויבן, קאָן ער נישט זיין קיין ציוניסט. ענגלאַנד האָט אונדז געגעבן די באַלפור־דעקלאַראַציע, אָבער נאָר די יידן קאָנען פאַרוואַנדלען די דאָזיקע פּאַפּירענע דעקלאַראַציע אין אַ לעבעדיק ווערק״ („טיגאָדניק זשידאָווסקי״ נומ׳ 2, 1932).

צו יענער צייט האָט דער אָרטיקער קאָמיטעט געפירט אַן אַלזייטיקע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישן לעבן. די נויטיקייט מיטצואַרבעטן און מיטבאַטייליקן זיך אין אַלע ציוניסטישע, געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אַקציעס פון טאַרנער יידנטום האָט געפאָדערט די פאַרגרעסערונג פונעם ציוניסטישן אַקטיוו, אַ צופלוס פון נייע יונגע ציוניסטישע כוחות. אין זיין אַרטיקל וועגן די אויפגאַבן פון ציוניסטישן קאָמיטעט, האָט פּרעזעס חיים נייגער געשריבן צוו. אַנד. („טיגאָדניק זשידאָווסקי״ נומ׳ 5, 29.1.32):

„די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע איז שטענדיק געווען איינע פון די בעסטע אין מערב־גאַליציע און די אָנערקענונג האָבן מיר זיך דעראָבערט נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס מיר האָבן שטענדיק געהאַט צווישן זיך אַ גרעסערע צאָל אַק־טיווע, דיסציפּלינירטע חברים, וועלכע זענען שטענדיק געשטאַנען אויף זייער פּאָסטן. מיט צופרידנקייט קאָנען מיר היינט פעסטשטעלן, אַז דער יונגער ציוניס־טישע דור פאַרשעמט נישט זיינע דערציער. אָט די יוגנט דאַרף טאַקע צוטרעטן צו דער אַרבעט. די פאַרזאַמלונג פון די שקל־באַזיצער דאַרף באַווייזן, אַז די יוגנט שטייט אויף דער הויך פון אירע אויפגאַבן. זי דאַרף אויסוויילן אַ לאָקאַלן קאָמיטעט, וואָס זאָל באמת ווערט זיין דעם נאָמען „אַרבעטס־קאָמיטעט".

אונטער דעם צייכן איז טאַקע געשטאַנען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָפּגעהאַלטן אונטערן פאָרזיץ פון חיים נייגער דעם 7־טן פעברואַר 1932 יאָר. עס איז דעמאָלט דערווײלט געוואָרן אַ נייער קאָ־מיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: חיים נייגער, מגר. י. בינענשטאָק, ד״ר א. כאָמעט, מגר. מ. דינטענפאַס, זיגמונט פעניכעל, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר וו. שענקעל, י. ענגעלבערג, חיים ערליך, י. פלאַטאָ, ד״ר ה. גרינבערג, העניק האָלענ־דער, ס. יאַקאָב, פרוי ע. קאָשער, שמעון ליינער, ד״ר וו. מאַנדעל, פרוי פערלבערג, א. ריינהאָלד, שמעון רייך, ד״ר ש. שפּאַן, ד״ר ס. שיינפעלד, ד״ר י. זילבערמאַן און העניק שפּילמאַן.

דער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף אַזאַ אופן:

פּרעזעס — ד״ר א. כאָמעט, וויצע־פּרעזעסן — ד״ר וו. שענקעל און ד״ר וואָלף מאַנדעל, סעקרעטאַרן — העניק שפּילמאַן און ד״ר י. זילבערמאַן, קאַסיר — שמעון רייך. אַלס רעפערענטן פון באַזונדערע אַרבעטס־געביטן זענען באַשטימט געוואָרן: ז. פעניכעל — אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע, ד״ר ס. שיינפעלד — קרן קיימת, ד״ר שפּאַן — קרן היסוד, י. פלאַטאָ — יוגנט־קאָמיסיע, ד״ר שענקעל — פּאָליטישע קאָמיסיע, ד״ר כאָמעט — רעדאַקציע פון דער וואָכנשריפט „טיגאָדניק זשידאָווסקי", ד״ר י. זילבערמאַן און ה. פלור — אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג, חיים נייגער — קולטור־קאָמיסיע, ד״ר ה. גרינבערג — שקל־קאָמיסיע, חיים ערליך — לאָקאַל־קאָמיסיע, ד״ר פיש, אינזש׳ לייכטער און אינזש׳ פלאַכטע — ערן־געריכט. דער קאָמיטעט האָט האַרציק באַדאַנקט דעם לאַנגיאָריקן פּרעזעס חיים נייגער פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און באַשלאָסן פאַרשרייבן אים אינעם ספר הזהב פון קרן קיימת לישראל.

דער ניי־דערווײלטער קאָמיטעט האָט זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן די קאַדערן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט, נישט פאַרנאַכלעסיקנדיק דערביי קיין איין אָפּשניט פון דער סאָציאַלער טעטיקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע. דעם 13־טן נאָוועמבער 1932 יאָר איז אויף דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מערב־גאַליציע און שלעזיע פאָרגעקומען אין טאָרנע אַ צוזאַמענפאָר פון די פאָרזיצער פון די אָרטיקע ציוניסטישע קאָמיטעטן פון דער גאַנצער סביבה. אינעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט די פאָרזיצער פון פאָלגנ־דע ערטער: אָשוויענטשים, סטריזשוו, גריבוּוו, ראַבקע, באָבאָווע, יאַסלאָ, מעליץ, דאָמבראָווע, דעמביץ, ביעלסק, פּשעוואָרסק, כזשאַנאָוו, ריישע, טאָרנע, זשיווּיעץ,

באָכניע, פרישטאַק, ניי־סאַנץ, גאָרליץ, קראָקע, קראָסנאָ, קאַטאָוויץ, סאַנאָק, יאַ־ראָסלאַוו, סאָקאָלאָוו, טאַרנאָבזשעג, טיטשין. פון דער קראָקעווער עקזעקוטיווע זענען געקומען צום צוזאַמענפאָר: פּרעזעס מגר. סאַלפעטער, גענעראַל־סעקרעטאַר האָפשטעטער, ד״ר פראַנד און ד״ר העכט. דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט מגר. סאַלפעטער, אַלס פּאָרזיצער איז דערוויילט געוואָרן ד״ר סיראָפּ (ניי־סאַנץ), אינעם פּרעזידיום זענען פאַרבעטן געוואָרן: ד״ר גרינשטיין (ביעלסקאָ), ד״ר נעהמער, (זשיוויעץ), ד״ר א. כאָמעט (טאָרנע), זילביגער (באָכניע), האָלענדער (באָבאָווע). מיט רעפעראַטן זענען אַרויסגעטרעטן: חיים נייגער, ה. האָפשטעטער און ד״ר העכט. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט אָנגענומען אַ ריי באַשלוסן וועגן אַקטיוויזירן די לאָקאַלע קאָמיטעטן אין מערב־גאַליציע און שלעזיע, האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דער גאַנצער געגנט, ווייל דורך אַן אויסטויש פון געדאַנקען און דורכן באַקענען זיך מיט די מעטאָדן און רעזולטאַטן פון דער אידעאישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט אויף די באַזונדערע ערטער, איז דערגרייכט געוואָרן דאָס איינשטעלן די פּאַרטיי־אַרבעט אויף בעסערע געזונטערע יסודות.

נישט לאַנג נאָך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע אין טאָרנע איבערגעקליבן זיך אין אַ צווייטן גרעסערן לאָקאַל אויפן פּלאַץ קאַזשימיעזשאַ 3, וואו עס האָט זיך פון איצט אָן קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע ציו־ניסטישע לעבן אין שטאָט. קודם כל איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שיינער לייענ־זאַל, באַזאָרגט מיט אַלע אינלענדישע און אויסלענדישע צייטונגען און זשור־



דער ציוניסטישער לייענזאַל אין טאָרנע אינעם יאָר 1932

נאַלן; אַ ציוניסטישער קלוב וואו עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויך מיטגלידער פון אַנדערע ציוניסטישע פראַקציעס. דער לאָקאַל איז תמיד געווען איבערפולט.

## 17. יובל פייערונג לכבוד חיים נייגער

די יובל־פייערונג צום זעכציקסטן געבוירנטאָג פונעם באַדייטנדיקן ציוניסטישן מנהיג חיים נייגער איז געפייערט געוואָרן אין טאַרנע דעם 1־טן יאַנואַר 1933 יאָר און געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער ציוניסטישער וועלט. דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ האָט דעם בעל־היובל געווידמעט אַ ספּעציעלן נומער, וועלכער האָט אַרומגערעדט די אַלזייטיקע טעטיקייט פון י. נייגער און זיין באַדייטונג פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אינעם אויבנדערמאָנטן נומער, האָט ד״ר י. שוואַרצבאַרט געשריבן צוו. אַנד.:

...„ציוניזם מיינט פאַר אים לעבן, קאַמף, פלי צו באַפרייאונג. און דאָס דאָ־זיקע טיפע געפיל באַגלייט אַ קלאָרער פשוטער שכל, וואָס שעפּט מיט פולע הויפנס פונעם קוואַל פון יידישער טראַדיציע און וויסן. מיט געפיל און שכל האָט ער פון דער רעדנער־טריבונע געטראָפן צו די הונדערטער טויזנטער יידישע צוהערער פון עטלעכע דורות, צו וועלכע ער האָט גערעדט אין משך פון צענדליקער יאָרן און געוועקט גלויבן אין דער אויסגעטרוימטער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. חיים נייגער איז אַ שטאָלצער שיינער ייד. דאָס איז נישט קיין טיפּ — נאָר אַן אידעאַל. מונטערער, ליכטיקער וואָלט אונדז געווען, ווען מיר האָבן אַ סך אַזעלכע נייגערס״.

די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע און שלעזיע (פּרעזעס — מגר. סאַלפּעטער, גענ.־סעקרעטאַר — א. האָפּשטעטער), האָבן אין אַ ספּעציעלן אויפרוף (אָפּגעדרוקט אינעם „טיג. זשידאָווסקי״), אונטערגע־שטראָכן, אַז „עס איז נישט געווען קיין וויכטיקערע ציוניסטישע אַקציע אין אונ־דזער געגנט, אין וועלכער חיים נייגער, דער וואונדערבאַרער רעדנער פון גאָטס גנאָד, זאָל נישט שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל און וואו זיין שעפערישע אַרבעט און פּלאַמיקער ענטוזיאַזם זאָלן נישט זיין דער טרייב־מאָטאָר און אַקטיווער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אידעע. זיין אָפּטימיזם, זיין אומאונטערבראָכענער גלויבן האָבן אונדז צוגעגעבן מוט אין אונדזער אַרבעט״.

אַרטיקלען געווידמעט דעם בעל־היובל זענען אויך דערשינען אינעם קראָקע־ווער „נאָווי דזשענניק״ און אין דער לעמבערגער „כווילאַ״. אין טאַרנע איז לכבוד חיים נייגער איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכער באַנקעט, אויף וועלכן ער איז באַגריסט געוואָרן דורך ד״ר א. כאַמעט אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, י. היימאַן — פון סוחרים־ און אינדוסטריעלער־פאַריין, מגר. סאַלפּעטער — ציוניסטישע עקזעקוטיווע אין קראָקע, ד״ר שפּאַן, וואָלף געצלער — מזרחי, ד״ר וו. שענקעל, פּרוי ריינהאָלד — וויצאָ, ד״ר טערלאָ, ד״ר עהרענפּרוינד, ד״ר פייג, ד״ר י. זילבערמאַן — תרבות, דיר. ליבליך — שפה ברורה שול, ד״ר מ. מענדערער — שמשון, מגר. העריק שפּילמאַן — אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט, י. אומאַנסקי, מגר. י. בינענשטאָק — הנוער הציוני, פּרל. לאַנגזאַם — יונג־וויצאָ, בער — עקיבא,

שפּאַנאוף — השומר הצעיר, פּרל. גרינבערג — גורדוניה, גערטנער — צעירי מזרחי, שטיגליץ — השומר הדתי, שפּילפּאָגעל — החלוץ, שטראַסבערג — אַלגעמיין־ציוניסטישער החלוץ.

אויסערדעם זענען אָנגעקומען פיל באַגריסונג־טעלעגראַמעס: פון ד״ר יהושע טהאָן, פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אין לאָנ־דאָן, פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין לעמבערג, פון די קראָקעווער צענטראַלעס קרן קיימת און קרן היסוד, פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע און פון כמעט אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון מערב־גאַליציע און שלעזיע. דער זעכציקיאָריקער יובל פון חיים נייגער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עכטן ציוניסטישן יומטוב אין טאַרנע.

## 18. פאַר דעם 18־טן ציוניסטישן קאָנגרעס

דעם 15 יאַנואַר 1933 איז ווידער פאָרגעקומען די גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. נאָכן איבערלייענען דורך מגר. ה. שפּילמאַן דעם פּראָ־טאָקאָל פון דער פאָריקער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, האָט ד״ר א. כאַמעט רעפע־רירט א. ד. ט. „אונדזער ביזאיצטיקע טעטיקייט און די אויפגאַבן אין דער צוקונפט״. אַ גרויסער טייל פון רעפעראַט איז געווען געווידמעט די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט, אָרגאַניזירט צו יענער צייט אין די אָרגאַניזאַציעס: הנוער הציוני, עקיבא, בני ציון, אַלגעמיין־ציוניסטישער החלוץ. דער ניי־דערוויילטער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פערזאָנען: חיים נייגער, מגר. י. בינענ־שטאָק, ד״ר א. כאַמעט, מ. דינטענפאַס, י. ענגעלבערג, חיים ערליך, י. פאַסט, ד״ר ס. גאָלדבערג, ד״ר ה. גרינבערג, דוד הערצאָג, עוואַ כשר, ב. קימעל, י. לאוטער־באַך, מ. ליאָן, שמעון ליינער, ד״ר וואָלף מאַנדעל, מ. מאַן, ד״ר מ. מענדערער, י. מאַנדעלבוים, ב. פערלבערג, אהרון ריינהאָלד, וואָלף ראַפּאַפּאָרט, שמעון רייך, ד״ר ש. שפּאַן, ד״ר וואָלף שענקעל, ד״ר שמחה שיינפעלד, ד״ר י. זילבערמאַן, הענ־ריק שפּילמאַן, ע. זויערשטראָם, ה. זילבערשטיין און שטראַסבערג.

אויף דער פאַרזאַמלונג זענען צוו. אַנד. אָפּגעשטימט געוואָרן פאָלגנדע רעזאָ־לוציעס, אַריינגעטראָגן דורך מגר. י. בינענשטאָק:

1) די פאַרזאַמלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין טאַרנע, פאָרגעקומען דעם 15 יאַנואַר 1933 יאָר, שיקט איבער אירע האַרציקע גרוסן די חלוצים־פּיאָנערן סתם־ציוניסטן אין ארץ, די קיבוצים הנוער הציוני אין פתח־תקוה, כפר סבא און נס־ציונה, דעם קיבוץ עקיבא אין פתח־תקוה און בית זרע.

2) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַגריסט מיט פרייד דעם פאַקט פון פאַרייניקן די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן און דריקט אויס איר ווילן, אַז די דאָזיקע פאַרייניקונג זאָל ווי אַמשנעלסטן פאַרענדיקט ווערן און זיין אַן אָנהויב פון אַ נייער תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן.

3) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דריקט אויס איר פאַרלאַנג, אַז די אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע זאָלן זיך פאַריי־ניקן אין דער סאַמע גיכסטער צייט.

אויף דער ערשטער זיצונג, האָט דער ניי־דערווײלטער קאָמיטעט זיך קאָנסטיטו־אירט אויף פאָלגנדן אופן:

פרעזעס — ד״ר א. כאַמעט, וויצע־פרעזעסן — ד״ר וואָלף שענקעל און ד״ר וואָלף מאַנדעל, סעקרעטאַרן — ה. שפילמאַן און ה. קימל, קאַסיר — שמעון רייך. אַלס רעפערענטן פון די באַזונדערע קאָמיסיעס זענען געווײלט געוואָרן: מ. דינ־טענפאַס — אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע, ד״ר ש. גאָלדבערג — קק״ל, חיים נייגער — פאָליטישע קאָמיסיע, ד״ר וואָלף שענקעל — קרן היסוד, מ. מאַן — קולטור־קאָמי־סיע, ד״ר שפאַן — שקל־קאָמיסיע, ד״ר א. כאַמעט — רעדאַקציע פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי", ד״ר ה. גרינבערג — אַדמיניסטראַציע, מגר. י. בינענשטאָק — יוגנט־קאָמיסיע, חיים ערליך — לאָקאַל־קאָמיסיע, מ. ליאָן — ווירטשאַפטלעכע קאָמיסיע, וו. ראַפּאַפּאָרט — קאָמיסיע פאַרן החלוץ.

אין חודש מאַי 1933 יאָר איז אין קראָקע פאָרגעקומען די פערצנטע לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע און שלעזיע מיטן אָנטייל פון 200 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט 100 אָרטיקע קאָ־מיטעטן און 12.000 אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנטלעכע (עקיבא און הנוער הציוני).

אויף דער פאַרזאַמלונג דעם 4־טן מאַי 1933 יאָר, פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון חיים נייגער, איז דערווײלט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון טאָרנע צו דער איבנ־דערמאָנטער לאַנד־קאָנפערענץ. אינעם באַשטאַנד פון דער דעלעגאַציע זענען אַריין: חיים ערליך, וו. מאַנדעל, שמעון רייך, ד״ר וו. שענקעל, ד״ר ש. שפאַן, מגר. ה. שפילמאַן.

אין יאָר 1933 איז פאָרגעקומען דער אַכצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס. די שקל־אַקציע ערב די קאָנגרעס־וואַלן איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דער־פאָלג, ווייל עס זענען פאַרקויפט געוואָרן 2045 שקלים. דער קאָנטינגענט פאַר טאָרנע איז איבערגעשטיגן געוואָרן. די ציוניסטישע פאַרטייען האָבן באַצייטנס אָנגעהויבן פירן אַ לעבהאַפטע וואַל־אַקציע. די באַדייטנדיקסטע אָנפירער פון רעכטס און לינקס, וועלכע האָבן באַזוכט פוילישע שטעט, זענען אויך געקומען קיין טאָרנע.

אַ לעבהאַפטע אויפקלער־קאַמפּאַניע צום ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן אין טאָרנע אַנטוויקלט די אַלגעמיינע ציוניסטן. אויסנוצנדיק דעם באַזוך אין פוילן פונעם וויצע־פרעזעס פון אַקציאָנס־קאָמיטעט און ועד לאומי אין ארץ־ישראל, ד״ר מאָסינ־זאָן, האָט אים דער לאָקאַלער קאָמיטעט איינגעלאַדן אויף אַ באַזוך קיין טאָרנע. זיין אָנקומען אין טאָרנע דעם 21 יוני 1933 האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינעם אינטערעס אין שטאָט, בפרט נאָך, וואָס ער איז געווען פאָרזיצער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ארץ־ישראל און מיטגליד אין דער וועלט־אָנפירונג פון די אַלג. ציוניסטן. אויפן באַנהאָף האָבן אים אָפּגעוואַרט אַלע מיטגלידער פון אָרטיקן קאָמיטעט און אַ מיט־גלידערין פון עקיבא האָט אים דערלאַנגט בלומען. נאָכמיטאָג האָט ד״ר מאָסינזאָן באַזוכט די העברעאישע שול שפה ברורה, די ציוניסטישע אינסטיטוציעס און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אינאָוונט איז אין דער אָרגאַניזאַציע הנוער הציוני פאָרגעקומען

אַ פייערלעכער אַפּעל מיטן אָנטייל פון ד״ר מאָסינזאָן און די מיטגלידער פון לאָ־קאַלן קאָמיטעט. אין נאָמען פון הנוער הציוני האָט באַגריסט דעם גאַסט ה. קימעל. דער גאַסט האָט דערנאָך געהאַלטן אַ קורצע רעדע אין העברעאיש וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט. שפּעטער האָט ד״ר מאָסינזאָן רעפערירט פאַרן אויסגעפולטן „סאָקאָל״־זאַל א. ד. ט. „די לאַגע פון די יידן אין גלות און אין ארץ־ישראל״, ווידמענדיק אַ גרויסן טייל פון רעפעראַט די פּראָבלע־מען פון אַכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

דעם 2 יולי 1933 יאָר איז קיין טאַרנע געקומען דער פּאַרזיצער פון וועלט־פאַרבאַנד פון אַלגעמיינע ציוניסטן ד״ר י. שוואַרצבאַרט און אין זאַל „אַסטאָריאַ״ געהאַלטן אַן אויספירלעכן רעפעראַט איבער די פּראָבלעמען פון אַכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אין טאַרנע איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיין־ציוניסטישער וואַל־קאָמיטעט אין וועלכן עס זענען אַריין: ד״ר כאַמעט אַלס פּאַרזיצער, מגר. ה. שפּילמאַן, שמעון רייך, י. לאוטערבאַך, מ. דינטענפאַס, פריירייך, טהאַלער, בער, פרל. מעצגער, קוד־לער און פעלץ.

דעם 9 יולי 1933 יאָר זענען פאָרגעקומען די וואַלן צום אַכצנטן ציוניטישן קאָנגרעס. 83% וואַל־באַרעכטיקטע האָבן זיך באַטייליקט אין דער אָפּשטימונג. אויף 2.000 וויילער זענען אָפּגעגעבן געוואָרן 1660 שטימען. די ליסטע נומ׳ 1 פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָט באַקומען אין טאַרנע 616 שטימען, ליסטע נומ׳ 3 — ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל — 442 שטימען, ליסטע נומ׳ 4 — רעוויזיאָניסטן — 314 שטימען, ליסטע נומ׳ 5 — מזרחי — 288 שטימען.

אַן אָפּשאַצונג פון די פאָרגעקומענע קאָנגרעס־וואַלן גיט דער „טיגאָדניק זשי־דאָווסקי״ (14.7.33 נומ׳ 26):

„די וואַלן צום אַכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען געווען אַ באַוויז פון פּאָליטישער רייפקייט פון אַלע ציוניסטישע גרופּן און פראַקציעס און אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פון אונדזער כוח און באַדייטונג אויף דער יידישער גאַס. 1660 וויילער — דאָס איז אַ גרויסע ציוניסטישע געמיינדע, וואָס שטרעבט צו אַן אַלגע־מיינעם ציל — אויפצובויען ארץ־ישראל, צום רענעסאַנס פון יידישן לעבן. עס האָבן קאָנקורירט צווישן זיך פאַרשידענע ליסטעס, פאַרשידענע ריכטונגען און שטרעמונגען, אָבער זיי אַלע האָבן זיך פאַראייניקט אין איין געמיינזאַמען ציל. די גרעסטע אַקטיוויטעט האָט אַרויסגעוויזן די אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, באַקומענדיק דאָס ערשטע אָרט און אַ באַדייטנדיקע צאָל שטימען. דער דאָזיקער נצחון איז כאַראַקטעריסטיש, אויב מען וועט נעמען אין אַכט, אַז אַנדערע פראַקציעס האָבן איבערגעשטיגן די אַלגעמיינע ציוניסטן מיט דער וואַל־אַגיטאַציע, נישט קאַרגנדיק קיין געלט אויף פאַרשידענע מינים פלוגבלעטלעך, אויפרופן און אַנדערע רעקלאַמעס. אונדזער נצחון האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונדזער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט, אויף וועלכער מיר קאָנען זיין שטאָלץ. אויך די עלטערע ציוניסטן האָבן ווירדיק דערפילט זייער אויפגאַבע, שטייענדיק אָפּטמאָל אַ לאַנגע צייט אין דער ריי אויף אָפּצוגעבן די שטימע״.

צום אַכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען פון טאַרנע אַרויסגעפאָרן חיים נייגער

אַלס דעלעגאַט פון מערב־גאַליציע און ד״ר שפּאַן אַלס מיטגליד פון קאָנגרעס־געריכט. אויפן קאָנגרעס גופא איז חיים נייגער דערווײלט געוואָרן אַלס מיטגליד פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און ד״ר שפּאַן — ווידער אין קאָנגרעס־געריכט.

## 19. דער 50-יאַריקער יובל פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין טארנע

וועגן דעם ניוואָ און וואוקס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע זאָגן עדות די גרויסע פייערונגען וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין טאָרנע אין יאָר 1934 אין שייכות מיטן 50־יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. לאַנג האָבן געדויערט די צוגרייטונגען צו דער פייערונג, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פונעם טאַרנער יידנטום פאַר די ציוניסטישע אידעאַלן. די פייערונגען זענען געקרוינט געוואָרן מיטן אַרויסגעבן דורכן אָרטיקן קאָמיטעט אַ שיינעם יובל־בוך אונטערן נאָמען: „פופציק יאָר ציוניזם״ (1934 — 1884), רעדאַגירט דורך ד״ר א. כאַמעט. וועגן דעם בוך האָט דער באַקאַנטער פובליציסט ד״ר ס. שטענדיג געשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (1.6.1934 נומ׳ 24):

„די אין אַלגעמיין אָרעמע ציוניסטישע ליטעראַטור געשריבן אין דער פּויל־שער שפּראַך, איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ וויכטיקער ביבליאָגראַפישער פּאָזיציע. די אויסגאַבע „50 יאָר ציוניזם״ — 1934—1884, וואָס איז נאָר וואָס דערשינען לכבוד דעם פופציק יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, אַלס יובל־בוך, אַרויסגעגעבן דורכן אָרטיקן קאָמיטעט און אונטער דער רעדאַקציע פון פּרעזעס פונעם קאָמיטעט ד״ר א. כאַמעט, אַנטהאַלט זייער פיל ווערטפולן היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס איז ביז איצט נאָך נישט געדרוקט געוואָרן, און שילדערט דעם בראשית פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמאָליקן גאַליציע״.

חיים נייגער, ציוניסטישער מנהיג אין פּוילן, לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט אינעם יובל־טאָג פון ציוניזם אין טאָרנע, געשריבן: „אויב מיר פייערן דעם פופציק יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע, איז עס בלויז דערפאַר, כדי אונטערצושטרייכן, אַז אין משך פון די פופציק יאָר איז פאַרן ציוניזם אין אונדזער שטאָט געטאָן געוואָרן מער ווי אין אַנדערע שטעט פון לאַנד. מיר ווילן זיכערן אונדזער שטאָט אַן ערן־פּלאַץ אין דער געשיכטע פון ציוניזם, כדי אַזוי אַרום אונטערצושטרייכן, אַז אין אַ צייט ווען אין גאַנצן לאַנד איז דער יידישער האָריזאָנט געווען פאַרטונקלט מיט געדיכטע וואָלקנס פון אַסימילאַציע, האָט אויפן טאַרנער האָריזאָנט זיך באַוויזן דער ערשטער שטראַל פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט. טאָרנע איז געווען די ערשטע שטאָט, וועלכע איז פון ענטוזיאַסטישע ווערטער איבערגעגאַנגען צו קאָנקרעטע מעשים. טאָרנע האָט מאָביליזירט אַלע קאָנסטרוקטיווע כוחות אינעם דעמאָלטיקן גאַליצישן ציוניזם און די שטאָט איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַלטער יידישער קאָלאָניע

אין ארץ־ישראל — מחניים. מחניים איז און וועט פאַרבלייבן אַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אויפבויען ארץ־ישראל און אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וועט די געזעל־שאַפט אהבת ציון און די שטאָט טאָרנע פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט. אַ שטאָט, וואָס האָט דעראָבערט אַן ערן־פּלאַץ אין דער געשיכטע פון ציוניזם, האָט אַזוי אַרום באַקומען אויך איר אַדליקייט, און דאָס ציוניסטישע טאָרנע וועט שטענדיק דערמאָנט ווערן מיט פּיעטעט און אָנערקענונג”.

די יובל־פייערונגען האָבן אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער ציוניס־טישער וועלט. אַלע יידישע צייטונגען אין לאַנד און אין אויסלאַנד האָבן פאַרעפנט־לעכט פיל אַרטיקלען וועגן דעם זעלטענעם יובל, אונטערשטרייכנדיק די באַדייטונג

50 lat Sjonizmu

1884 תרמ״ד
1934 תרצ״ד

Jubileuszowa Księga
Pamiątkowa
Organizacji Sjon.
w Tarnowie

שער־בלאַט צום יובל־בוך: „פופציק יאָר ציוניזם” אין טאַרנע



צום 50־יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין סאַרנע (די מאַסן אנטיילנעמער פאַרלאָזן די נייע שול נאָך דער פייערונג) פאָטאָ: משה לויב

און פאַרדינסטן פונעם טאַרנער יידנטום אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און די איבערגעגעבנקייט אין טריישאַפט פון טאַרנער ציוניסטישע מנהיגים. פון צענדליקער אינסטיטוציעס און פערזענלעכקייטן זענען אויפן אַדרעס פון לאָקאַלן ציוניסטישן קאָמיטעט אין טאַרנע אָנגעקומען פיל באַגריסונג־בריוו און טעלעגראַמעס. אויף אַלע יובל־אונטערנעמונגען זענען געקומען טויזנטער יידן. די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע איז געווען רעפּרעזענטירט דורך ד״ר י. שוואַרצבאַרד, פּרעזעס פון וועלט־פאַרבאַנד פון אַלגעמיינע ציוניסטן, ד״ר שמעון פעלדבלום און י. ניכטהאוזער פון קראָקע. דער פאַרלויף פון די פייערונגען ווערט אַזוי באַשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי” (27.5.34):

„איבער 4.000 מאַן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן איבער די ברעגעס אויסגעפולט די נייע שול. די תפילות האָט אָפּגעריכט חזן ראָזענבלאַט צוזאַמען מיטן כאָר אונטער דער לייטונג פון דיריגענט קינסטלער. אַ שיינע געלעגנהייטס־רעדע האָט געהאַלטן חבר חיים נייגער, וועלכער האָט נאָכן פאָר־שטעלן דעם תמצית פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און די באַזונדערע עטאַפּן פון איר אַנטוויקלונג, אונטערגעשטראָכן די רומפולע ראָל פון טאַרנע אין דער געשיכטע פון ציוניזם. פון דער נייער שול האָט כמעט דער גאַנצער עולם און די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אויסגעשטעלט אין רייען, אָפּמאַרשירט אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פון „שמשון”, וואו עס האָבן געפלאַטערט די מלוכהשע און נאַציאָנאַל־יידישע פענער.




צום 50־יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע
(די רעפּרעזענטאַנץ־טריבונע אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פון „שמשון”
פאַר דעם פייערלעכן אַפּעל פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס)

אויף דער רעפּרעזענטאַנץ־טריבינע זענען געזעסן פאָרשטייער פון די צענטראַלע פאַרטיי־אינסטאַנצן מיט ד״ר שוואַרצבאַרד אין שפּיץ, דער לאָקאַלער קאָמיטעט מיט ד״ר כאָמעט, און פיל דעלעגאַציעס פון דער פּראָווינץ. די טריבונע און דער גאַנצער שפּיל־פּלאַץ זענען געווען פאַרפּולט מיט עולם. אין איינקלאַנג מיטן פּראָגראַם פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, האָט הנוער הציוני אויפגעשטעלט אויפן פּלאַץ אַ פעלד־לאַגער, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער אַפּעל. דער באַן־אָרקעסטער האָט געשפּילט און דער בית״ר האָט דורכגעפירט מוסטער־מושטרעס. פאָרשטייער פון הנוער הציוני האָבן אויף דער האַנט פון ד״ר א. כאָמעט דערלאַנגט אַן אָנערקענונגס־בריוו דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַ שיינע רעדע האָט געהאַלטן ד״ר וו. שענקעל, וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן די גרויסע באַדייטונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און אויסגעדריקט די פרייד צוליב דער פאַרגרעסערטער צאָל אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט, וואָס גיט צו מוט אויף ווייטער. דערנאָך האָט חבר




די רעפּרעזענטאַנץ־טריבונע פּונעם רעכטן פליגל

שטערנהיים דורכגעפירט די דערעפנונג פונעם צוזאַמענפאָר פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע עקיבא. דעם צוזאַמענפאָר האָט אין נאָמען פון אָרטיקן קאָמיטעט באַגריסט ד״ר כאַמעט, דערנאָך איז פאָרגעקומען אַן אימפּאָזאַנטע דעפילאַדע, וועלכע איז אויפגענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון ציוניסטישע צענטראַלע און לאָקאַלע פּאַרטיי־אינסטאַנצן. אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג האָבן מיט פענער פאַרביי־מאַרשירט די גרופּן פון בית״ר, הנוער הציוני, עקיבא, שמשון און ברית הקנאים. אין דער דעפילאַדע האָבן זיך באַטייליקט העכער 1.000 יוגנטלעכע ציוניסטן. דאָס פּובליקום האָט לעבהאַפט אַפּלאָדירט די דורכמאַרשירנדיקע יוגנט־אָפּטיילונגען. מיטן אָפּשפּילן דעם מלוכה־הימן און די התקוה איז די שיינע פייערונג אויפן שפּיל־פּלאַץ פאַרענדיקט געוואָרן״.



דער אַפּעל פון „הנוער הציוני״ בשעת די יובל־פייערונגען אויפן שפּיל־פּלאַץ „שמשון״



פּרעזעס ד״ר שוואַרצבאַרד און ד״ר א. כאַמעט ביי דער „הנוער הציוני״ יוגנט בשעת דער יובל פייערונג

„דערנאָך — לייענען מיר ווייטער אינעם באַריכט — האָבן די מיטגלידער פון לאָקאַלן קאָמיטעט אויסגענוצט די מיטאָג־הפסקה און אַלע צוזאַמען מיט ד״ר כאַמעט אין שפּיץ זענען זיי אַוועק אַהיים צו ד״ר שפּאַן, וועלכער האָט צוליב זיין קראַנקהייט נישט געקאָנט זיך באַטייליקן אין די פייערונגען. קורצע רירנדיקע וואונטשן, אָן רעדעס, בלויז אַ האַרציקער האַנט־דרוק אָנשטאָט רעדעס. נאָכמיטאָג, אַרום 3 אַ זייגער, האָט אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיך אָנגע־הויבן דער קרייז־צוזאַמענפאָר, צו וועלכן עס זענען געקומען 60 דעלעגאַטן פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. מצד דער עקזעקוטיווע אין קראָקע האָבן זיך באַטייליקט אינעם צוזאַמענפאָר ד״ר שמעון פעלדבלום און ניכטהאוזער. דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט ד״ר כאַמעט, געפירט דעם פאָרזיץ האָט ד״ר שפּיגעל פון גרויס־ראַדאָמישל, און נאָכן איבערלייענען די באַגריסונגס־בריוו און טעלעגראַמעס, האָט ד״ר פעלדבלום אין נאָמען פון דער קראָקעווער עקזעקוטיווע אויסגעדריקט דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע אָנפירער אַ דאַנק און אָנער־קענונג פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט און גרויסער טריישאַפט דער ציוניסטישע אידעע. דערנאָך האָט ד״ר פעלדבלום, וועלכער איז אין די יאָרן 4—1905 געווען קאָמיטעט־מיטגליד פון דער טאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געהאַלטן אַ גלענצענדע רעדע וועגן אָנהויב פון ציוניזם אין פאַרגלייך מיט דער איצטיקער סיטואַציע. אינאָוונט איז אין זאַל פון „סאָקאָל״ פאָרגעקומען אַן אַקאַדעמיע. דער



**די פאָרשטייער פון ציוניסטישע פּאַרטיי־אינסטאַנצן נעמען אויף די דעפילאַדע פון דער ציוניסטישער יוגנט בשעת די יובל פייערונגען אויפן שפּיל־פּלאַץ „שמשון״**

זאַל איז געווען איבערפולט. די בינע — שיין דעקאָרירט מיט גרינס און בילדער, לויט די איינפאַלן פון חבר אָלעק שוואַנענפעלד. אַ פייערלעכע שטימונג. אַן ערך 2.000 אָנוועזנדיקע פון אַלע טאַרנער יידישע שיכטן. עס הייבט זיך אויף דער פאָרהאַנג. דער „הזמיר"־כאָר ביי דער געזעלשאַפט תרבות, אונטער דער אָנפירונג פון פראָפ' ווייס, האָט געזונגען דעם מלוכה־הימן און התקוה. עס באַקומט דאָס וואָרט פרעזעס ד"ר א. כאַמעט, וועלכער האָט צוערשט אין העברעאיש, דערנאָך אין פויליש, געהאַלטן אַ פייערלעכע רעדע וועגן דער באַדייטונג פון דער יובל־פייערונג און וועגן מהות פון אונדזער באַפרייערישער באַוועגונג. אין אָנהויב איז געווען בלויז אַ קליין הייפל ענטוזיאַסטן, פון וועלכע צוויי — ד"ר אברהם זאַלץ און עדוואַרד שוואַגער — געפינען זיך איצט אין זאַל. פון דעם קליינעם הייפל איז דערנאָך אויסגעוואַקסן אַ מעכטיקע באַוועגונג וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע וועלט־יידנטום. היינט זענען די טרוימען פון די ערשטע ציוניסטישע פיאָנערן פונעם ציוניסטישן געדאַנק שוין נישט מער קיין מעשהלע. היינט, אינעם פופציקסטן יובל־טאָג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע — האָט פאַרענדיקט זיין רעדע ד"ר כאַמעט — שווערן מיר ווירדיק צו טראָגן די אונדז אָנפאַרטרויטע בלוי־ווייסע פאָן. מיר ווילן, אַז דער יידנשטאַט זאָל נישט זיין קיין לעגענדע. מיט אונדזער ווילן, מיט אונדזער איבערגעגעבנקייט, מיט אונדזער אַרבעט, וועלן מיר דערגרייכן דעם ציל, מיר וועלן אויפבויען ישראל פאַרן פאָלק ישראל". דערנאָך האָט ד"ר אברהם זאַלץ, וויצע־פאָרזיצער פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, מיט אָוואַציעס באַגריסט דורך אַלע אָנוועזנדיקע אין זאַל, רעפערירט וועגן די היסטאָרישע יסודות פון דער יידישער מלוכה. שפּעטער איז אויפגעטרעטן דער העברעאישער כאָר „הזמיר" (פון 70 פערזאָן), אונטער דער אָנפירונג פון פראָפ' ווייס. צום סוף האָט דער פאָרזיצער פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון אַלגעמיינע ציוניסטן, ד"ר שוואַרצבאַרד, רעפערירט א. ד. ט. „פופציק יאָר ציוניזם". חבר ד"ר שוואַרצבאַרד — לייענען מיר אינעם באַריכט, — וועלכער איז אַ גלענצדיקער רעדנער, האָט זיך דאָסמאָל אַרויסגעוויזן פאַר אַן אמתן מייסטער פון וואָרט. די טיפקייט פון געדאַנק, דער מיטרייסנדיקער פלי, די אַלזייטיקע ערודיציע, די איבערצייגונגס־קראַפט און דער איינדרינגלעכער אַנאַליז פון דערווירקלעכקייט, די גלענצנדע פאָרם — אָט פאַרוואָס די רעדע פון ד"ר שוואַרצבאַרד האָט ממש באַצויבערט די צוהערער. נאָך ד"ר שוואַרצבאַרדס רעדע האָט דער גאַנצער באַגייסטערטער עולם זיך אויפ־געהויבן און אויפגעזונגען דאָס ליד פון האָפענונג — התקוה".

אין שייכות מיטן פופציקיאָריקן יובל און די פייערונגען, האָט דער לאָקאַלער קאָמיטעט באַקומען באַגריסונגען פון פאָלגנדע אָרגאַניזאַציעס און פערזאָנען: יידישע אַגענץ אין ירושלים, מ. מ. אוסישקין, — ירושלים, פאַרבאַנד פון אַלגעמיינע ציוניסטן אין ארץ־ישראל, עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קראָקע, עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לעמבערג, גענעראַל־סעקרעטאַריאַט פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מזרח־גאַליציע, התאחדות אין לעמבערג, קרן־קיימת צענטראַלע אין קראָקע, קרן־היסוד צענטראַלע אין קראָקע, הויפּט־קאָמענדע פון הנוער הציוני אין וואַרשע, פּאַלעסטינע־אַמט אין קראָקע, קרייז־אָנפירונג פון הנוער הציוני אין פינסק, רעדאַקציע פון „נאָווי דזשענניק"

אין קראָקע, הנוער הציוני אין קראָקע, לאַנצוט, פון דער יידישער קהילה אין ביעלסקאָ, פון די לאָקאַלע קאָמיטעטן אין קאַטאָוויץ, ביעלסקאָ, ריישע, קראָלעווסקע הוטי, גאָרליץ, סאַנאָק, יאַסלאָ, אָשוויענטשים, ניי־סאַנץ, באָכניע, דעמביץ, כזשאַנאָוו, פשעוואָרסק, קריניץ, אַנדריכאָוו, גריבאָוו, וויעליטשקע, זשיוויעץ, יידישע האַנט־ווערקער אין טאַרנע, מגר. סאַלפעטער, א. האָפשטעטער, ד״ר שמאַראַק, ד״ר חיים הילפשטיין, ד״ר י. שיפער, ד״ר ס. שטענדיק, ראַבינער ד״ר אביגדור, ראַבינער ד״ר הירשפעלד, ד״ר יהודה צימערמאַן, דיר׳ פינקעלשטיין, ד״ר טיש, ד״ר ראָזענבלוט, איכל לעזער, ד״ר א. קאָרנהאַוזער, ד״ר סיראָפ, האַנס לעווי, ד״ר קאַנאַרעק, אברהם כהנא, בן־ציון צאַנגען, מגר. קלאַפּהאָלץ.

## 20. ד״ר שמואל שפאן איז עולה קיין ארץ ישראל

די יובל־פייערונגען האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן צום פונאַנדערוואוקס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע. דער ציוניזם איז געוואָרן די דאָמינירנדיקע באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע, און דאָס צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אונטער ציוניסטישע איינפלוסן זענען אַרונטערגעפאַלן סיי סוחרישע קרייזן, סיי האַנטווערקער און אַרבעטער. דער ציוניזם אין טאַרנע האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן אָרטאָדאָקסישע קרייזן און צווישן פאַרטגעשריטענע. אויב אין טאַרנע זענען נאָך געווען געוויסע פאַקטאָרן געגן ציוניזם, האָבן זיי געהאַט אַ שייכות בלויז צום עלטערן דור, ווייל די יוגנט איז כמעט אינגאַנצן געווען אַ ציוניסטישע, אַ חלוצישע, וואָס האָט איר באַוואוסטזיין אויסגעשמידט אין די פאַרשידענע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון אַלערליי שאַטירונגען און ריכטונגען. אין יאָר 1934 זענען אין טאַרנע געווען טעטיק פאָלגנדע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס:

אחדות, בני־ציון, אַקאַדעמישער השחר, הנוער הציוני, עקיבא (אַלע אַלגעמיין־ציוניסטישע), השומר הצעיר, גורדוניה, פרייהייט, (ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל), בית״ר, מנורה, ברוריה (רעוויזיאָניסטן), השומר הדתי, צעירי החלוץ המזרחי (מזרחי), ברית הקנאים (יודנשטאַטספּאַרטיי), יונג־וויצאָ (אומפּאַרטייאיש), „יוגנט״ (לינקע פועלי־ציון), תורה ועבודה און דער אַלגעמיינער החלוץ. אין די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געשאַפן חלוצישע קאַדערן, וואָס האָבן די רעאַליזאַציע פון ציוניזם באַטראַכט ווי זייערס אַ ציל אין לעבן. און פיל, פיל פון זיי — דאָס זענען שפּעטערדיקע העלדישע קעמפער פאַר אַן אומאָפּהענגיק פריי ישראל. אָבער דעם ציוניזם דורך עליה האָבן פאַרווירקלעכט נישט נאָר די יונגע. אין יוני 1934 איז אויף שטענדיק אַרויסגעפאָרן פון טאַרנע קיין ישראל ד״ר שמואל שפּאַן, לאַנג־יאָריקער אָנפירער פון דער ציוניסטישער פאַרטיי אין שטאָט.

אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (6.7.34 נומ 26) לייענען מיר אין אַן אַרטיקל אין שייכות מיט ד״ר שפּאַנס אַרויספאָר:

„ד״ר שמואל שפּאַן איז אַרויסגעפאָרן קיין ארץ. דער בעסטער צווישן אונדז האָט פאַרלאָזט טאַרנע. אַ באַליבטער פירער, אַ טייערער חבר, אַ ליבער פריינט. מיט



ד״ר שמואל שפאַן געזעגנט זיך מיט דער „הנוער הציוני״ אָרגאַניזאַציע פאַר זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל

טיפן און אויפריכטיקן צער געזעגנען מיר דעם מוטיקן ציוניסטישן קעמפער. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט ער געדינט פאַר אַ מוסטער מיט זיין איבערגעגעבנקייט און טריישאַפט פאַרן ציוניזם. ווייל דער ציוניזם איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין איך און דער איינציקער מאָטאָר פון זיין אומדערמידלעכער און ברייט־פאַרצווייגטער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט געלעבט נאָר פאַרן ציוניזם און גאָרנישט געוואָלט מער אויסער אומאייגננוציקער אַרבעט פאַרן ציוניזם. געזעגנט האָבן אים אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אַ גרויסע צאָל חברים און פריינט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויפן באַן־הויף. קיינע רעדעס. געפילספולע אַריינבליקן אין די אויגן, האַרציקער האַנט־דרוק, און אַ מעכטיקע „התקוה״ וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס ברוסטן, האָט געגעבן אַן אויסדרוק די געפילן, וואָס די טאָרנער יידן האָבן געהאַט פאַרן באַליבטן ד״ר שפּאַן און פאַר דער אידעע, פאַר וועלכער ער האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפט. דאָס איז ד״ר





חברים און פריינט געזעגנען זיך מיט ד״ר שמואל שפּאַן אויפן טאָרנער באַנהאָף

שפּאַן, דער קאָמפּראָמיסלאָזער אין אידעאישע פראַגן, נישט אָנערקענענדיק קיין שום סתירות צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק — עולה געווען קיין ארץ, כדי צו רעאַליזירן זיין אידעאַל, כדי פּערזענלעך מיטצואַרבעטן ביים אויפבוי פון לאַנד".

## 21. דער וואוקס פון דער ציוניסטישער השפעה אויף דער יידישער גאס

עס איז נישט לייכט געווען צו פאַרפולן דאָס לייזדיקע אָרט וואָס איז געבליבן נאָך ד"ר שפּאַנס אַרויספאָר. בפרט נאָך, ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט איר השפעה אַרומגענומען כמעט דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין שטאָט. נישט געווען אין טאָרנע קיין שום געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע ציווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואו די ציוניסטן זאָלן נישט האָבן געווען קיין אָנפירנדיקער אָדער אַנטשיידנדיקער כוח. דער פאַריין פון סוחרים און אינדוסטריעלער, אָנגעפירט נאָך אין יאָר 1934 דורך דעם טרייען איבערגעגעבענעם ציוניסט יוסף היימאַן, איז אינגאַנצן געווען אונטער ציוניסטישע איינפלוסן. אין די אַרבעטער־קרייזן איז וואָס אַן אמת שטאַרק געווען דער איינפלוס פון בונד, אַ דאַנק זייער געניטן אָרגאַניזאַטאָר דוד באַטיסט, אָבער צווישן די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, זענען שטאַרק געווען די איינפלוסן פון ציוניסטישן סאָציאַליזם, ספּעציעל פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל צו וועלכער עס האָבן געהערט די לינק־ציוניסטישע פאַרטייען, ווי התאחדות, פועלי־ציון (פאַרייניקט מיט צ. ס.) און לינקע פועלי־ציון, וועלכע האָבן צו יענער צייט נאָך נישט אויסגעקויפט קיין שקלים צום ציוניסטישן קאָנגרעס. פאַקטיש איז די לאַגע געווען אַזעלכע, אַז טראָץ דעם, וואָס די עלטערע גענעראַציע יידישע אַרבעטער האָבן באַלאַנגט צום בונד, האָבן דער גרעסטער טייל זייערע קינדער געהערט צו ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און געלערנט אפילו אין דער העברעאישער שול „שפה ברורה".

אַזוי זענען אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין טאָרנע געווען טעטיק די באַזונדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, יעדע אין איר סביבה. ווען אָבער עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַלגעמיין־יידישע ענינים, וועגן רעפּרעזענטירן די יידישע באַפעל־קערונג אין שטאָטראַט, וועגן דעראָבערן די קהילה, קאַמף מיט אַסימילאַציע, וואָס האָט גענעסטיקט אין פאַרשידענע יידישע אינסטיטוציעס, — האָבן זיך אַלע ציוי־ניסטישע פראַקציעס פאַרייניקט, אויסער לינקע פועלי־ציון, וועלכע איז געגאַנגען אויף דער קאָנסעקווענטער ליניע פון קלאַסן־פּאָליטיק. בלויז ביי די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס פלעגן פאָרקומען צווישנפּאַרטייאישע קאַמפן און פאַרמעסטן, הגם זיי זענען קיינמאָל נישט אַרויס פון די ראַמען פון אידעאישן קאַמף.

וועגן דער באַדייטונג און איינפלוסן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף דער יידישער גאַס, זאָגט עדות דער וואַל־רעזולטאַט צו דער יידישער קהילה, פאָר־געקומען ערב ד"ר שפּאַנס אַרויספאָר. אין די דאָזיקע וואַלן, אין וועלכע דער בונד האָט זיך דעמאָלט (1934) נישט באַטייליקט, האָט די אַלגעמיין־ציוניסטישע ליסטע אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון. אויף 2808 אָפּגעגעבענע שטימען, האָבן די ציוניסטן

באַקומען 1059 און 8 מאַנדאַטן, בעת אַנדערע זעקס ליסטעס (אָרטאָדאָקסן, אגודה, האַנטווערקער און אַנד.) האָבן באַקומען 12 מאַנדאַטן. אָבער דער דאָזיקער וואַל־זיג פון די ציוניסטן אין דורך דער אויפזיכטס־מאַכט בטל געוואָרן, די סאַנאַציע (הערשנדיקע רעגירונגס־פּאַרטיי אין פּוילן) האָט אויף דער יידישער גאַס געשטיצט דעם אָבסקוראַנטיזם און פינסטערקייט. דערפאַר האָט מען דאָך נישט געקאָנט צולאָזן די ציוניסטן אין קהילה...

## 22 דאָס אפשטארבן פון ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער ז״ל

אַ שווערן קלאַפּ נישט בלויז פאַר טאַרנער ציוניסטן, נאָר פאַרן גאַנצן פּוילישן יידנטום, איז געווען דער פּלוצומדיקער טויט פון ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער. צוליב זיין אַמט אַלס רעדאַקטאָר פון דער קראָקעווער טעגלעכער צייטונג „נאָווי דזשענניק״, פלעגט ער לעצטנס וואוינען אין קראָקע, דאָך איז ער כסדר געווען פאַרבונדן מיט טאַרנע, וואו ער איז דערצויגן געוואָרן און במשך פיל יאָרן געאַרבעט פּראָפעסיאָנעל, ציוניסטיש און געזעלשאַפטלעך. ער איז אָפט געקומען צו פאָרן קיין טאַרנע צו זיין משפּחה, אינטערעסירט זיך מיטן יידישן און ציוניסטישן לעבן אין שטאָט. דערפאַר האָבן די קאָרעספּאָנדענצן פון טאַרנע געהאַט ביי אים באַזונדערן אָנזען אין „נאָווי דזשענניק״. דער דאָזיקער בראַווער, איידעלער מענטש מיט אַ קרישטאָלענעם כאַראַקטער איז פּלוצים געשטאָרבן אין זאַוואַיאַ, דעם 17־טן אויגוסט 1934 יאָר. ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער האָט פאַריתומט נישט נאָר זיין פאַמיליע — זיין פרוי, באַקאַנטע ציוניסטישע טוערין אין טאַרנע, וועלכע געפינט זיך איצט מיט אַ טאָכטער אין ישראל (אַ זון איז געשטאָרבן אַלס פּליט אין רוסלאַנד) — נאָר אויך דאָס פּוילישע יידנטום האָט ווייטיקלעך איבערגעלעבט דעם פאַרלוסט. עס איז אַוועק אין בליענדיקן עלטער איינער פון די פּעאיקסטע און פּאָפּולערסטע אין דעמאָלטיקן פּוילן יידישע זשורנאַליסטן, אַ מוטיקער און ערלעכער קעמפער פאַר אַ בעסערן מאָרגן פאַרן יידישן פאָלק. אַמיינסטן איבערגעלעבט זיין טויט האָט די ציוניסטישע מחנה אין טאַרנע, ווייל אין דער דאָזיקער סביבה איז ער אויפגעוואַקסן — און ער האָט דאָס שטענדיק אונטערגעשטראָכן. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדער פּאַסירונג אין שטאָט און געפרייט זיך מיטן פונאַנדער־וואוקס פון ציוניזם אין זיין שטאָט. ער איז איבעראַל געשעצט געווען, באַזונדערס דורך טאַרנער ציוניסטן, וועלכע האָבן געוואוסט, אַז אויב די יידישע גאַס איז דעמאָלט געווען ציוניסטיש, איז עס אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק די פאַרדינסטן און דער טעטיקייט פון ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער.

## 23 די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר נייע אויפגאַבן

נאָכן אַרויספאָר פון ד״ר שמואל שפּאַן קיין ארץ־ישראל, איז די טאַרנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ וויכטיקער אויפגאַבע איינצוהאַלטן די אַלע דערגרייכונגען...



דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אינעם יאר 1934
ערשטע ריי זיצנדיק פון לינקס: מגר. ה. שפּילמאַן, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר ה. גרינבערג, ד״ר א. כאַמעט, ד״ר וו. מאַנדעל, ד״ר וו. שענקעל.
ד״ר ש. גאָלדבערג, פרוי רבקה געלב. צווייטע ריי פון לינקס: שמעון רייך, אהרון רײַנהאָלד, חיים ערליך, פרוי חוה כשר, ישראל רייך, הענריק פלור.
דריטע ריי פון לינקס: י. לאוטערבאַך, א. זויערשטראָם, א. בער, פרל. ק. לאַנגזאַם, וו. ראַפּאַפּאָרט, מגר. י. בינענשטאָק, דוד הערצאָג, מ. דינטענפּאַס.

פּאָזיציעס און דערגרייכונגען. עס איז דעמאָלט בכלל נייטיק געווען צו שטאַרקן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן אויסצוברייטערן דעם אָרטיקן קאָמיטעט, אַריינציען אין דער אַרבעט אַקטיוויסטן פון דער יוגנט. צו דעם צוועק איז דעם 29־טן נאָוועמבער 1934 יאָר פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכער עס איז דערוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אין פאָלגענדן צוזאַמענשטעל:

חיים נייגער, מגר. י. בינענשטאָק, נחום בלומענקראַנץ, ד״ר אברהם כאַמעט, חיים ערליך, מגר. מ. דינטענפּאַס, זיגמונט פעניכעל, הענריק פלור, י. פּאַסט, פּרוי־געלב, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר הענריק גרינבערג (איצט אין ישראל), גרינשפּאַן, דוד הערצאָג, פּרל. גלאַזער, עווא כשר (איצט אין ישראל), פּרל. לאַנגזאַם, מאיר ליכטינגער (געשטאָרבן אין ישראל), שמעון ליינער, מגר. לאָיטערבאַך (איצט אין ישראל), ד״ר מ. מענדערער, מגר. מאַן (איצט אין ישראל), ד״ר וואָלף מאַנדעל (איצט אין ישראל), עמיליאַ מאַנדשיין, עמיל נויגאַסער, בראָניסלאַוואַ פּערלבערג, וואָלף ראַפּאָפּאָרט, שמעון רייך (איצט אין ישראל), ישראל רייך, אהרון ריינהאָלד, עדעק זאַוערשטראָם, מגר. שפּילמאַן, ד״ר וואָלף שענקעל, זילבערשטיין, ד״ר וואַסערמאַן.

דער אויבנדערמאָנטער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: פּרעזעס — ד״ר א. כאַמעט, פאַרטרעטער — ד״ר ה. גרינבערג, ד״ר וו. מאַנדעל, סעקרעטאַר — מגר. י. בינענשטאָק. איינע פון די ערשטע אויפגאַבן פונעם נייעם קאָמיטעט איז געווען צו אָרגאַניזירן די ציוניסטישע האַנטווערקער. גאָר גיך איז אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון דער נייער ציוניסטישער פּאָזיציע א. נ. „ציונים בעלי־מקצוע״, כדי אידעאיש און פּראַקטיש צוצוגרייטן די האַנטווערקער צו עליה קיין ארץ־ישראל. צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָבן געהערט: שמעון ליינער — פאָרזיצער (איצט אין ישראל), שלמה אייכהאָרן — וויצע־פאָרזיצער, אַרטור בריג — סעקרעטאַר. לויטןביישפּיל פון טאַרנע זענען ענלעכע האַנטווערקער אָרגאַניזאַציעס אַנטשטאַנען אין עטלעכע גרעסערע שטעט אין מערב־גאַליציע און אין שלעזיע. נישט קיין סך צייט האָט גענומען, און אַ גרופּע האַנטווערקער פון „ציונים בעלי־מקצוע״ האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל (שמעון ליינער, ברעזעל, אַלעקסאַנדער שוואַנענפעלד, מאיר ליכטינגער).

די אַרבעט פון לאָקאַלן קאָמיטעט איז געווען אַ פאַרלייכטערטע אַ דאַנק דעם רעדנער־טאַלענט פון באַקאַנטן ציוניסטישן מנהיג חיים נייגער און זיין פּאָפּולאַריטעט, באַזונדער צווישן רעליגיעזן יידנטום. ער האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, וועמענס פאָלגן זענען געווען אָנזעבאַר ביי אַלע אַקציעס לטובת די ציוניסטישע פאָנדן.

גלייכצייטיק איז שטאַרקער געוואָרן דער צופלוס פון יונגע עלעמענטן אין די רייען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס הנוער הציוני, עקיבא און בני־ציון, האָבן צו דער דיספּאָזיציע פון לאָקאַלן קאָמיטעט געשטעלט זייערע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן אַריינגעבראַנגט אין דער אַרבעט שפּרודלדיקייט און התלהבות. נישט אָן השפעה זענען אויך געבליבן די נייע שטרעמונגען אינעם אַלגעמיינעם ציוניזם, וואָס האָבן געפירט צו אַ מער אידעאָלאָגישער פּאַרפּעסטיקונג

פונעם אַלגעמיין־ציוניסטישן פּראָגראַם. דער אַזוי גערופענער וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר י. שוואַרצבאַרד, איז געוואָרן די אידעאישע באַזע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטיצט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע — און דאָס האָט איר צוגעגעבן קאָנסאָלידאַציע און דערמעגלעכט אַ פונאַנדערוואוקס. דער אָרטיקער קאָמיטעט איז געווען אויף דער זייט פונעם וועלט־פאַרבאַנד אין זיין קאַמף צו קאָנסאָלידירן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם, אין לאַנד ווי אין וועלט־מאַסשטאַב. אויב די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע זענען געווען דער הויפּט־אָנשפּאַר פונעם וועלט־פאַרבאַנד, ליגט דערין דער גרעסטער חלק פון דער טאָרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויף די לאַנדעס־קאָנפערענצן פאַרטיידיקט די פּרינציפּן פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אויף דער זיבצנטער לאַנד־קאָנפערענץ וואָס איז פאָרגעקומען אין קראָקע דעם 23־טן פעברואַר 1936 יאָר אונטערן פאָרזיץ פון אונדזער בן־עיר חיים נייגער, איז די טאָרנער דעלעגאַציע געווען די אַקס אַרום וועלכער עס האָט זיך גרופּירט דער אידעאישער בלאָק פון די דעלעגאַטן, וואָס זענען אַן באַוואָרענישן געשטאַנען אויפן שטאַנדפונקט פון וועלט־פאַרבאַנד. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָט מען אויך האַרציק און גאָר פריינטלעך געזעגנט חיים נייגער׳ן, לאַנגיאָריקער פרעזעס פון דער טאָרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דערציער פון אַ גאַנצן דור טאָרנער ציוניסטן, — צוליב זיין באַשלוס עולה צו זיין קיין א״י. אויף די אַלע באַגריסונגען האָט חיים נייגער געוואונטשן אַלע ציוניסטישע טוער, זיי זאָלן וואָס גיכער רעאַליזירן דעם טרוים פון יעדן ציוניסטישן טוער און אויף שטענדיק קאָנען זיך באַזעצן אינעם לאַנד פון די אבות.

גאַנץ טאָרנע האָט געזעגנט חיים נייגערן ביי זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז ווייטער געווען אַן אַקטיווער טוער, באַטייליקט זיך אין אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן און אין די זיצונגען פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד.

נאָכן אַרויספאָר פון חיים נייגער האָט אויך שמעון ליינער, באַקאַנטער ציוניסטישער האַנטווערקער־טוער, עולה געווען קיין א״י.

## 24. די פארגרעסערטע אויפגאבן פונעם ציוניסטישן לאקאל קאמיטיט

עס איז נויטיק געווען אַ סך אָנשטרענגונג און מי, כדי צו קאָנען פאַרטרעטן אַזעלכע טוער ווי חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן און שמעון ליינער. און די עליה איז פונדעסטוועגן געגאַנגען: עס האָבן עולה געווען אין צווישנצייט די ציוניסטישע עסקנים בלומענקראַנץ, שמואל שפּאַנאַוף און אויך אַ גרעסערע גרופּע פון די יינגערע. פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען איצט געשטאַנען אויפגאַבן ריין־ציוניסטישע, וואָס האָבן געפאָדערט אַ טאָג־טעגלעכע אינטענסיווע אַרבעט צו דערפילן די פליכטן לגבי דעם זיך בויענדיקן ארץ־ישראל.

אין יאָר 1936 האָט זיך אין פּוילן געשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע כוואַליע,

באַזונדערס אויפֿן ווירטשאַפֿטלעכן פֿראָנט. אויף דער יידישער גאַס האָבן זיך באַוויזן קאַריעריסטישע עלעמענטן, געשטיצט דורך דער סאַנאַציע. בויקאָטן, פּיקע־טעס און די ספּעציעלע געזעצגעבונג געריכטעט קעגן יידישער עקזיסטענץ, האָבן געפֿאָדערט וואַכזאַמקייט אין דעם פֿאַנאַנדערבוי פֿון ווירטשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס, ווי: אָנפּראָצענטיקע ליי־קאַסעס, קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון, סוחרים־און האַנטווערקער־פֿאַריינען, ווי אויך רעאַקטיווירן אַ גאַנצע ריי פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. אין די אַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס האָבן זיך אין פֿאָדערגרונט אַרויס־גערוקט די ציוניסטן. דאָרט וואו עס זענען נישט געווען קיין ציוניסטן, דאָרט האָט זיך געמערקט אַ ירידה. מען האָט באַדאַרפֿט אַריינדרינגען אין יעדן קעמערל פֿון יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. ציוניסטן פֿון אַלע שאַטירונגען האָבן זיך געשטעלט צו אינטענסיווער אַרבעט, כדי נאָכצוקומען די דאָזיקע וויכטיקע אויפֿגאַבן. ביים סוחרים און אינדוסטריעלער־פֿאַריין איז אין משך פֿון לאַנגע יאָרן געווען טעטיק דער פּרעזעס פֿון פֿאַריין, דער טרייער ציוניסט י. היימאַן.

אַז די לאַגע איז באמת געווען אַן ערנסטע, אַ באַדראָענדיקע, זאָגט עדות דער פֿאַקט, אַז דעם 17־טן מערץ 1936 יאָר איז אין טאַרנע פֿאָרגעקומען אַ מאַניפֿעס־טאַציע פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג צו באַשיצן איר רעכט אויף אַרבעט און רעכט אויף לעבן. טאַרנער יידן האָבן בעת דער מאַניפֿעסטאַציע פּראָטעסטירט קעגן די אַטענטאַטן אויף די רעליגיעזע פֿרייהייטן און קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס איז באַזונדערס שטאַרק געוואָרן אין יענע צייטן. אַלס צייכן פֿון פּראָטעסט זענען אַלע יידישע געשעפֿטן אין טאַרנע געווען געשלאָסן אין משך צוויי שעה.

אויסער די ציוניסטישע אַרבעטן אין טאַרנע גופא, האָט דער לאָקאַלער קאָמיטעט געהאַט אַן אויפֿגאַבע צו זאָרגן איבער דער טעטיקייט פֿון די ציוניסטישע קאָמיטעטן און גאַנצן קרייז. אין די אַרומיקע שטעטלעך פֿלעגט מען אַרויסשיקן רעפֿערענטן, און אינסטרוקטאָרן. דער אָפּגעהאַלטענער אין מאַי 1936 קרייז־צוזאַמענפֿאָר פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿונעם טאַרנער ראַיאָן, האָט באַוויזן די אַקטיוויטעט פֿונעם לאָקאַלן קאָמיטעט אויף דעם דאָזיקן געביט.

עס איז אויך נישט פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די קולטור־אַרבעט. אינעם ציו־ניסטישן פֿאַרטיי־קלוב אויף מיצקעוויטשאַ־גאַס נומ׳ 3 איז דערעפֿנט געוואָרן אַן עפֿנטלעכער לייענזאַל מיט פֿיל פֿאַרשידענע פּוילישע, העברעאישע, יידישע און דייטשע צייט־שריפֿטן. אין די ווינטער־חדשים איז געפֿירט געוואָרן אַ פֿאָלקס־אוניווערזיטעט, וואו יעדן פֿרייטיק־צו־נאַכטס זענען געהאַלטן געוואָרן פּאָפּולערע רעפֿעראַטן דורך אָרטיקע רעפֿערענטן.

אַ באַזונדערע זאָרג האָבן ציוניסטן אַרויסגעוויזן צום העברעאישן שולוועזן. מזרחי האָט אויפֿגעשטעלט אַ „יבנה״־שול, און די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן די „שפה ברורה״ שול דערפֿירט צו אַ גרויסן אויפֿבלי, באַזונדערס אין יאָר 1937, ווען עס איז געלונגען צו באַקומען פֿאַר דער שול די געביידע פֿון דער געוועזענער שול א. נ. פֿון באַראָן הירש און אַ קאָנצעסיע צו פֿירן אַ ליצעאום. דאָס זענען געווען צוויי וויכטיקע יידישע שול־פּאָזיציעס אין טאַרנע, מיט אַן אייגענער געביידע, אַ׳ וועלכער עס האָט נישט געקאָנט געמאָלט זיין צו פֿירן אַ נאָרמאַלע שול־טעטיקייט.

דער וואוקס פֿון דער שטאַרק אויסגעוואַקסענער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

אין טאָרנע איז געווען אַזוי גרויס, אַז צו דער אַכצנטער לאַנד־קאָנפערענץ (פאָרגע־קומען אין קראָקע אין יאָר 1937), איז איר צוגעטיילט געוואָרן דאָס רעכט צו שיקן 21 דעלעגאַטן. צו דער קאָנפערענץ זענען אַרויסגעפאָרן פון טאָרנע: נחום בלור־מענקראַנץ (איצט אין ישראל), ד״ר א. כאָמעט, מיכאַל דינטענפאָס, חיים ערליך, הענריק פלור, אליהו פלור, יצחק גרינשפּאַן, הענריק קימעל (איצט אין ישראל), שמואל קעללער, חיים ליכטיג, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר וואָלף מאַנדעל (איצט אין ישראל), שמואל ראַפּאָפּאָרט (איצט אין ישראל), וואָלף ראַפּאָפּאָרט, שמעון רייך, (איצט אין ישראל), אהרון ריינהאָלד, עדעק זאַוערשטראָם, ד״ר י. זיידענוועסג, ע. שטיינבאָק, רובין וואַקסמאַן. אַלע דעלעגאַטן זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון די איינשטעלונגען פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, רעפּרע־זענטירט דורך ד״ר י. שוואַרצבאַרד. מיט זייער איינהייטלעכער שטעלונג, דיסציפּלין און אידעאישן באַוואוסטזיין, האָבן טאָרנער דעלעגאַטן אויסגעאיבט אַ דעציזידיר־נדיקע השפעה אויפן גאַנג פון די באַראַטונגען, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ נצחון פון די אַלגעמיינע ציוניסטן (פון דער גרופּע ב׳). אַן אויסדרוק פון דעם נצחון איז געווען די אָפּגעשטימטע פּרינציפּיעלע רעזאָלוציע, איינשטימיק אָנגענומען דורך דער גאַנצער קאָנפערענץ, וואָס האָט פייערלעך פעסטגעשטעלט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון מערב־גאַליציע און שלעזיע, זענען אַן אינטעגראַלער טייל פונעם אַלגעמיין־ציוניסטישן וועלט־פאַרבאַנד, און אַלס אַזעלכער דאַרפן זיי רעאַליזירן דעם פּראָגראַם און די באַשלוסן פונעם פאַרבאַנד.

אין דער צייט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע ווידער געהאַט אַ שווערן פאַרלוסט. אין פעברואַר 1937 יאָר איז געשטאָרבן דער געשעצטער און געאַכטעטער דורך דער גאַנצער טאָרנער יידישער באַפעלקערונג ד״ר ווילהעלם מאַשלער. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ קרישטאָלענעם כאַראַקטער, פון דער סאַמע פריסטער יוגנט אַ טרייער איבערגעגעבענער און דיסציפּלינירטער ציוניסט, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך כבוד און געדינט דעם ציוניסטישן אידעאַל אויס ריינעם אידעאַליזם. זיין טויט האָט אַרויסגערופן טרויער ביי אַלע יידן אין שטאָט. באַזונדערס שווער האָט זיין טויט געטראָפן די ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט.

אויף צו דעמאָנסטרירן דעם ציוניסטישן כוח און דערמוטיקן צו ווייטערדיקער אַרבעט, פלעגן יעדעס יאָר פאָרקומען רעוויע־איבערזיכטן פון דער ציוניסטישער יוגנט וואָס פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מאַניפעסטאַציע פון די ציוניסטישע כוחות אין שטאָט.

אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (סוף יולי 1937, נומ׳ 27), איז אָפּגעדרוקט אַ באַ־ריכט פון דער דריטער יערלעכער יוגנט־רעוויע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 26־טן יולי 1937 יאָר:

„די דריטע יערלעכע רעוויע פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט, פאָרגעקומען דעם 26.7. 1937 יאָר אויפן הויף פון דער שול א. נ. באַראָן הירש, ביים מאַסנהאַפטן אָנטייל פון דער ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט, האָט געהאַט אַן אימפּאָזאַנטן פאַרלויף. די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס בני־ציון, שמשון, הנוער הציוני און עקיבא

האָבן צוזאַמען מיט די פּענער זיך אויסגעשטעלט אין אַ פּירעק, אַרום וועלכן עס האָבן פאַרנומען ערטער די פּיל פאַרזאַמלטע עלטערע און יונגע ציוניסטן. נאָכן פייערלעכן ראַפּאָרט וועלכן עס האָט אָפּגעגעבן חבר בלומענקראַנץ און דעם געזאַנג פון התקוה, האָט ד״ר א. כאַמעט געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט פאַרגעשטעלט די באַדייטונג און אויפגאַבן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט אין דער איצטיקער יידישער ווירקלעכקייט סיי אין א״י סיי אין די גלות־לענדער. דערנאָך האָט ד״ר א. כאַמעט איבערגעגעבן אויסצייכנונגען (אין דער פאָרם פון דיפּלאָמען) פאַרדינסטפולע ציוניסטן. אַזעלכע דיפּלאָמען האָבן באַקומען: רעגינע געלב, ד״ר וואָלף שענקעל, ד״ר שלמה גאָדלבערג, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר וואָלף מאַנדעל, העגריק פלור, חיים ערליך, מגר. העגריק שפּילמאַן, וואָלף ראַפּאָפּאָרט, חיים פריד־מאַן, שמואל קעללער, באָלעסלאַוו שפּינאַדעל, זיגמונט זעליגער, יוליוש ריין (איצט אין ישראל), שמואל אייזן, מענדל אַלבאַן, חיים ליכטיק, לעאָן קודלער. די שיינע ציוניסטישע פייערונג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דעפילאַדע פון אַלע ציוניטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס באַטייליקטע אין דער רעוויע און מיטן געזאַנג פון התקוה״.

אַלס אָנערקענונג פאַר דער אַקטיוויקייט פונעם לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע מצד דער קראָקעווער עקזעקוטיווע, איז דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט ד״ר א. כאַמעט באַשטימט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום צוואָנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז אין יאָר 1937 פאָרגעקומען אין ציריך (שווייץ). אינעם קאָנגרעס האָבן זיך אויך באַטייליקט אונדזערע לאַנדס־לייט, געקומענע פון ארץ־ישראל — חיים נייגער אַלס דעלעגאַט און ד״ר שמואל שפּאַן אַלס מיטגליד פון קאָנגרעס־געריכט. חיים נייגער איז אויפן קאָנגרעס דער־ווילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון אַ מיטגליד פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט, ד״ר שפּאַן — אין קאָנגרעס־געריכט, ד״ר א. כאַמעט — פאַרטרעטער פון מיטגליד פונעם ראַט פון דער יידישער אַגענץ, אַן אַמט וועלכעס ער האָט געהאַט זינט דעם ניינצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לוצערן (1935). בעת דעם צוואָנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די קאָנפערענץ פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אייראָפּעאישע צענטראַלע מיט ד״ר י. שוואַרצבאַרד אין שפּיץ, דערביי איז ד״ר א. כאַמעט דערוויילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער אין דער צענטראַלע.

צו יענער צייט האָט אויפן צוריקוועגס פונעם קאָנגרעס קיין ארץ־ישראל, באַזוכט טאַרנע ד״ר שמואל שפּאַן, וועלכער האָט אין אַן אינטערוויאו פאַרן „טיגאָד־ניק זשידאָווסקי״, דערקלערט פאָלגנדעס:

„איך פריי זיך זייער, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, טריי איר לאַנגיאָריקער טראַדיציע, געפינט זיך ווידער אין די ערשטע רייען פונעם קאַמף פאַר באַשיצן דעם כבוד און די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אונדזער שטאָט, און אַז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין טאַרנע שענקט ווייטער צוטרוי און סימפּאַטיע דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע אָנפירער״.

## 25. דער שטענדיקער וואוקס פון דער ציוניסטישער ארגאַניזאַציע

דער כוח פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געלעגן אין דעם, וואָס עס איז אַ סך געטאָן געוואָרן פאַר דער אידעאישער אויפקלערונגס־אַרבעט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. צו יענער צייט איז אין די ציוניסטישע רייען אָנגעגאַנגען אַן אידעאישער געראַנגל פאַר אויסקריסטאַליזירן די אַלגעמיין־ציוניסטישע אידעאָלאָגיע און וויאַזוי צו שטיצן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם דורך בויען שטאַרקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין א״י. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אַלס גאַנצע האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פונעם אינטערגראַלן אַלגעמיינעם ציוניזם, רעפּרעזענטירט דורכן וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, און מיט דער קלאָרער קאָנסעקווענטער שטעלונג צוגעצויגן צו זיך פיל ציוניסטישע יוגנט און געוויזן איר דעם ריכטיקן וועג צו רעאַליזירן די אַלגעמיין־ציוניסטישע לאָזונגען. און הגם עס זענען געווען מיינונגס־פאַרשידנהייטן, הגם עס האָט עקזיסטירט אַ געוויסע ריוואַליזאַציע צווישן די באַזונדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי צווישן הנוער הציוני און עקיבא, איז אויסערלעך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע געווען איינהייטלעך, ווייל אַזוי האָט געפאָדערט די דעמאָלטיקע האַרבעווירקלעכקייט אויף דער יידישער גאַס.

די ציוניסטישע טעטיקייט אין יאָר 1937 אין טאַרנע האָט דערגרייכט אין כמעט אַלע ווינקעלעך פון יידישן לעבן און די ציוניסטישע אַרבעט האָט געלייגט איר חותם אויפן גאַנצן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.

די ציוניסטישע אידעע האָט געהאַט פיל אָנהענגער צווישן די האַנטווערקער־קרייזן אין שטאָט. דער אָפיציעלער פאַרבאַנד פון די האַנטווערקער „יד חרוצים״ איז אָבער דעמאָלט געפירט געוואָרן דורך דער שטאַרקער האַנט פון איגנאַץ הר־טער, אַ טרייער איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער, וועלכער האָט גלייכצייטיק געהערט צו די אָנגעזעענע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) אין טאַרנע. נישט קליין זענען אויך געווען בונדישע איינפלוסן אין יד־חרוצים. פונדעסטוועגן האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נישט פאַרנאַכלע־סיקט אויך דאָס דאָזיקע טעטיקייטס־געביט אויף צו פלעגן דעם חלוצישן גייסט צווישן יידישע האַנטווערקער. כדי צו באַקענען יידישע בעלי־מלאכות מיט דער ציוניסטישער פּראָבלעמאַטיק און אַריינציען זיי אין ציוניסטישער אַרבעט, איז נאָך אין יאָר 1934 געשאַפן געוואָרן דער ערשטער אין מערב־גאַליציע זעלבשטענדיקער ציוניסטישער האַנטווערקער פאַריין „ציונים בעלי מקצוע״, וועמענס פאַרוואַלטונג איז אין יאָר 1937 באַשטאַנען פון פאָלגנדע האַנטווערקער־טוער: אַרטור בריג — פּרעזעס (דער ערשטער פּרעזעס שמעון ליינער האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט עולה געווען קיין א״י), יונה שטאַרקמאַן און זישע זעלינגער — וויצע־פּרעזעסן, לעאָן לעזער (איצט אין ישראל), — סעקרעטאַר, שלמה קעלער — קאַסיר און פאַרוואַלטער, באַלעסלאַוו שפינאַדעל, שאול ראַפּאַפּאָרט, מ. זיידען, לעאָן ענדער (איצט אין ניו־יאָרק) — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. די מיטגלידער פון ציונים בעלי־מקצוע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, פאַרמאָגט אַן אייגענעם לאָקאַל און לייענזאַל.

וועגן פונאַנדערוואוקס און אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט עדות געזאָגט די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען דעם 10־טן מאַי 1937 יאָר. פונעם באַריכט וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, דערוויסן מיר זיך וועגן דעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער אַר־בעט, דורכגעפירט דורך די אַלגעמיינע ציוניסטן. אין די זאַמל־אַרבעטן פאַר די ציוניס־טישע פאָנדן האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. אויף דער אַלגעמיינער סומע — 7.115 זלאָטעס 43 גראָשן, וואָס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אינעם באַריכט־יאָר פאַרן קק״ל, האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן, דורך זייער קרן־קיימת קאָמיטעט געזאַמלט די סומע פון 5.141 זלאָטעס 78 גראָשן (72,4%). אויך די זאַמל־אַקציע פאַרן קרן היסוד (אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר זיידענוועבערג) איז אויסגעוואַקסן. דער פאַטראָנאַט איבער אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים, אונטער דער אָנפירונג פון חיים ערליך, איז געשטאַנען אויף דער הויך פון זיינע אויפגאַבן און דערמעגלעכט פיל חלוצים דורכצומאַכן די הכשרה (צוגרייטונג) צו עליה. די קאָמיסיע פאַר העלפן די אַלגעמיין־ציוניסטישע קיבוצים אין ארץ־ישראל (פאָרזיצער — אליהו פלור), האָט זיך פאַר־נומען מיט זאַמלען פינאַנסיעלע מיטלען צו שטיצן די חלוצים, וואָס האָבן שוין געאַרבעט אין א״י. „שפה ברורה״ האָט אַרומגענומען אַ פרעבל־שול, אַלגעמיינע שול, ליצעאום או גימנאַזיע, — און אַלע זענען זיי געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. אַן אינטענסיווע טעטיקייט האָט געפירט דער קולטור־רעסאָרט אונטער דער אָנפי־רונג פון מגר. מיכאל דינטענפאַס, דורך איינאָרדנען דיסקוסיע־אָוונטן, פאָלקס־אוניווערזיטעט, יוגנט־רעוויעס, „עונג שבת״ און פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען. די ביב־ליאָטעק ספריה עממית, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר ס. שיינפעלד, ביי דער מיטהילף פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטאָט, האָט אַרויסגעוויזן אַ כסדרדיקן וואוקס. מיט אַקטיוויטעט האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם יאָר די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען פאַרטרעטן אינעם לאָקאַלן קאָ־מיטעט — ציונים בעלי־מקצוע, בני ציון, הנוער הציוני און עקיבא. אַ כסדרדיקן וואוקס האָט אויך אַרויסגעוויזן דער ציוניסטישער קלוב און לייענזאַל אויף מיצ־קיעוויטשאַ־גאַס נומ׳ 3. אין יאָר 1937 האָבן 1.037 מיטגלידער פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פאַרטיי אויסגעקויפט פאַרטיי־לעגיטימאַציעס. אָט די ציפער זאָגט אַמבעסטן עדות וועגן דער גרויס און השפעה פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט.

אויך אויפן געביט פון פּאָליטישער טעטיקייט האָט דער לאָקאַלער קאָמיטעט געהאַט צו פאַרצייכענען באַדייטנדיקע דערפאָלגן. דער פרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג ד״ר מ. מענדערער האָט אַ דאַנק זיין איבערגעגעבענער אַרבעט גע־ווינען פיל סימפּאַטיע און אָנערקענונג ביי אַלע קרייזן פון דער יידישער באַפעל־קערונג. די צייטונג „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ — אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר א. כאַמעט און פאַרוואַלטונג פון חיים פרידמאַן און העגריק פלור, איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון ציוניסטישע אינטערעסן און פאַרטיידיקט די לעבנסוויכטיקע ענינים פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, קעמפנדיק דער עיקר פאַר דער ריינקייט פונעם יידישע־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. אויסער דעם זענען

די מיינסטע מיטגלידער פון לאָקאַלן קאָמיטעט געווען טעטיק אין פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, פאַרנעמענדיק אָנפירנדיקע ערטער אין דער „אָכ־ראַנקע״, אין דער געזעלשאַפט „צדקה״, אין דער געזעלשאַפט „שוץ איבער דער שול־יוגנט״, אינעם יתומים־הויז און אין פיל אַנדערע געזעלשאַפטן.

די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט צו יענער צייט געפונען די געהעריקע אָפּשאַצונג און אָנערקענונג פון די ציוניסטישע צענט־ראַלע אינסטאַנצן אין מערב־גאַליציע. דער דעמאָלטיקער פרעזעס פון דער עקזע־קוטיווע פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע ד״ר שוואַרצבאַרד, האָט צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון טאַרנער ציוניסטן (10.5.37) איבערגעשיקט פאָלגנדן בריוו:

„אין שייכות מיט אייער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, שיק איך אייך איבער האַרציקע ווינטשן פון פרוכטבאַרקייט פון אייערע באַראַטונגען. די וויכטיקע ראָל, וועלכע די אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע שפּילט אין אונדזער קרייז, לייגט אויף אייך אַרויף באַזונדערע פליכטן. דאָס פאַרייניקן און קאָנסאָלידירן אַלע כוחות פון אונ־דזער ראַיאָן פאַר געמיינזאַמע צילן און שטיצן די באַמיאונגען פון די עקזעקו־טיווע, — איז אַ געבאָט פון דער שעה. אונדזער ראַיאָן איז היסטאָריש און אַקטועל דער פונדאַמענט פונעם פאַרבאַנד, וועלכער האָט איצט פאַר זיך אַזויפיל קאָנקרעטע אויפגאַבן צו דערפילן דאָ און אין ארץ־ישראל. איך וויל, אַז אייערע באַראַטונגען זאָלן זיין דורכגענומען מיט דעם גייסט און מיט דער אחריות פון מאָמענט. מיט ציוניסטישן גרוס —

ד״ר שוואַרצבאַרד״.

אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז ד״ר א. כאַמעט איינשטימיק ווידער דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, און אַלס מיטגלידער: מענדל אַלבאַן, נחום בלור־מענקראַנץ (איצט אין ישראל), אַרטור בריג, מגר. מיכאל דינטענפּאַס, חיים ערליך, הענריק פלור, אליהו פלור, אַלעקסאַנדער פּאַלעק, זיגמונט פּעניכעל, חיים פרידמאַן, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר הענריק גרינבערג (איצט אין ישראל), רעגינע געלב, ברוך געלבוואַקס, יצחק גרינשפּאַן (איצט אין ישראל), משה גאַנץ, יצחק העללין, הענריק האָלענדער, שמואל קעלער, הערש קימעל (איצט אין ישראל), חיים ליכטיק, עמיליאַ מאָנדשיין, ד״ר וו. מאַנדעל (איצט אין ישראל), ד״ר מ. מענדערער, מ. אָרמיאַן, הערמאַן, בראָניסלאַוואַ פּערלבערג, שמעון רייך (איצט אין ישראל), שמואל ראַפּאַפּאָרט (איצט אין ישראל), וואָלף ראַפּאַפּאָרט, אהרון ריינהאָלד, ד״ר וואָלף שענקעל, עדוואַרד זאַוערשטראָם, ד״ר זיידענווערג, לאָזער זעלינגער, זישע זעלינגער, באָלעסלאַוו שפּינאַדעל, מאוריצי שוואַנענפעלד, פּרל. דאָראַ זיידען, מגר. הענריק שפּילמאַן, דוד שיף (איצט אין ישראל), זיינוועל, אַנשל טאוב, דאָראַ אונגער, אַלטער וואָלאָווסקי, מיכאל ווייס, נתן ווילד, מגר. צייכנער (איצט אין אַמעריקע).

אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד״ר אַדאָלף קאַץ, גבריאל אָסטערווייל, שלמה וואָרצל. אין חברים־געריכט: ד״ר ע. קעניג, אינזש׳ מ. לויכטער, אברהם שפּילמאַן, דיר׳ לעאָפּאָלד שינאַגעל און שמואל וויינטראוב (איצט אין ישראל).

## .26 שווערע וואלקנס באַווייזן זיך אויפן יידישן האָריזאָנט

די פאַראָרעמונג פון די יידישע מאַסן אין יאָר 1937 האָט אָנגענומען אַלץ ברייטערע פאָרמען. די „אָווּשעם״־פּאָליטיק פון דער סאַנאַציע־רעגירונג האָט מיט איר גאַנצער שאַרף געטראָפן די יידישע באַפעלקערונג, באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך. אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געפאַלן די לאַסט צו שאַפן דורך נאַציאָנאַלער אויפקלערונג פעסטע יסודות פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג און זעלבסטהילף. יידישע יוגנט אין די שטעט און שטעטלעך האָט זיך מאַסנווייז אָנגעשלאָסן אין די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט עולה צו זיין, וואָס איז געווען שטאַרק באַשווערט צוליבן סערטיפּיקאַטן־סיסטעם. די דאָזיקע יוגנט האָט מען אויך באַדאַרפט איבערדערציען און זי צוגרייטן צו אַ ניי לעבן און אַרבעט אין א״י. די קראָקעווער עקזעקוטיווע האָט נישט געקאָנט גרייכן צו יעדן אָרט. די דאָזיקע אויפגאַבן האָבן געמוזט נעמען אויף זיך גרעסערע שטעט, וואו עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ראַיאָן־סעקרעטאַריאַטן, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו אַנטוויקלען דאָס ציוניסטישע לעבן אין די אויבנדערמאָנטע ערטער.

דעם 21 נאָוועמבער 1937 יאָר איז אין טאָרנע פאָרגעקומען אַ ראַיאָן־צוזאַמענפאָר מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון פיל אַרומיקע שטעטלעך, ווי — וואָיניטש, דאָמבראָווע, שטשוטשין, מעליץ, גרויס־ראַדאָמישל, טוכאָוו, טאַרנאָבזשעג. רעפערירט האָבן ד״ר י. שוואַרצבאַרד, מגר. סאַלפעטער און ד״ר כאָמעט. אויף דער באַראַטונג איז געשאַפן געוואָרן אַ ראַיאָן־סעקרעטאַריאַט פאַרן טאָרנער קרייז.

אין דעצעמבער 1937 איז אויסגעפאַלן די פייערונג צו דערעפענען די נייע שולגעביידע פון שפה ברורה א. נ. פון ד״ר יהושע טהאָן. דאָס העברעאישע שולוועזן איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון גרויסן לערער און ציוניסטישן מנהיג. דעריבער האָבן טאָרנער ציוניסטן די ערשטע באַערט זיין אָנדענק.

אַ שווערער קלאַפּ האָט געטראָפן דאָס טאָרנער יידנטום און די ציוניסטישע באַוועגונג אין טאָרנע מיטן טויט פון יוסף היימאַן, וועלכער איז נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט געשטאָרבן דעם 15 דעצעמבער 1937 יאָר. דאָס גאַנצע טאָרנער יידנטום האָט אַרומגענומען אַ טיפער טרויער צוליבן טויט פון דעם דאָזיקן טיכטיקן געזעלשאַפטלעכן טוער.

אויף דעם ליידיקן פלאַץ פונעם פרעזעס פון סוחרים און אידוסטריעלער־פאַריין אין טאָרנע, — דער דאָזיקער וויכטיקער ווירטשאַפטלעכער פאָזיציע פון טאָרנער יידנטום, וואָס איז אינגאַנצן געווען אונטער ציוניסטישער השפעה, — האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע באַשטימט דעם טיכטיקן ציוניסטישן אַקטיוויסט מגר. העגריק שפּילמאַן, וועלכער האָט זיין ציוניסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „אחדות״, דערנאָך אין בני־ציון, זייענדיק דאָרט אין משך פון עטלעכע יאָר פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט נאָך צוזאַמען מיט י. היימאַן געאַרבעט איבערגעגעבן אין דער סוחרים־אָרגאַניזאַציע, און איצט, ווען דער פרעזעס פון סוחרים־פאַריין איז געשטאָרבן, האָבן טאָרנער יידישע סוחרים

איינשטימיק געשאָנקען זייער צוטרוי דעם ענערגישן אינטעליגענטן מגר. העענריק שפּילמאַן, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט אָנגעפירט מיטן סעקרעטאַריאַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע.

דאָס איז געשען אין אַ זייער קריטישער און שווערער צייט פאַר יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער. מגר. שפּילמאַן איז אָבער געשטאַנען אויף דער הויך פון זיין אויפגאַבע. נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, האָט ער די היטלעריס־טישע אָקופּאַציע פון פּוילן איבערגעלעבט אויף „אַרישע" פּאַפּירן אין וואַרשע. אַ טאָג פאַר באַפרייען די פּוילישע הויפּטשטאָט, איז ער אומגעקומען בעת אַ באָמ־באַרדירונג.

אין יאָר 1938 איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע ווי אין גאַנץ פּוילן, אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר גרויסע שווערע אויפגאַבן. שווערע וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן אויפן יידישן האָריזאָנט. די בויקאָט־פּראָפּאַגאַנדע, פּיקעטן, די פראַגע פון דער ריטועלער שחיטה, דאָס אַריינדרינגען פון אַנטי־יידישע לאָזונגען פון היטלער־דייטשלאַנד, דער שטייערן־דרוק און די „אָווּשעם"־געזעצגעבונג, האָט גורם געווען צו אַ גוואַלדיקער פאַראָרעמונג פון די יידן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך. בלויז פון ארץ־ישראל האָט זיך געטראָגן דער ליכטיקער שטראַל פאַר די גערודפטע יידישע מאַסן. נישט געקוקט אויפן טעראָר פון די אַראַבישע כנופיות און די שטערונגען מצד דער בריטישער מאַנדאַט־מאַכט, האָט דער יידישער ישוב אין א"י געבויט און געשטאַרקט זיך.

די ציוניסטישע צענטראַלע אינסטאַנצן אין פּוילן האָבן פּראָקלאַמירט דעם קאַמף פאַר פרייער עליה, פאַר עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די יידישע מאַסן. הגם אין די קלענערע שטעטלעך האָט זיך געלאָזט מערקן אַ געוויסע אָפּ־שוואַכונג אין דער ציוניסטישער טעטיקייט צוליב דער דעמאָלטיקער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג, און אויך צוליב דער עליה און עמיגראַציע פון עלטערע ווי יינגערע עלעמענטן, איז אָבער אין די גרעסערע שטעט, אויך אין טאַרנע, נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן די ציוניסטישע טעטיקייט, און אויף אַלע אָפּשניטן פון יידישן לעבן אפילו געשטאַרקט איר אַרבעט. געוויסע רייבונגען פון אידעאָלאָגישן כאַראַקטער אינערהאַלב דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שייכות מיטן אויסקריסטאַליזירן דעם אַלגעמיין־ ציוניסטישן פּראָגראַם אין אָנשפּאַר אויפן וועלט־פאַרבאַנד, אָנגעפירט דורך ד"ר י. שוואַרצבאַרד, זענען נישט געווען קיין מניעה אינעם טעמפּאָ פון דער ציוניסטישער טעטיקייט. דער כלל אַלגעמיינע ציוניסטין אין טאַרנע האָט געשטיצט די אַקטיוויטעטן פון די ציוניסטישע טוער, וואָס האָבן אין די ראַמען פון וועלט־פאַרבאַנד געקעמפט פאַר קאָנסאָלידירן דעם אינטעגראַלן אַלגעמיינעם ציוניזם, כדי צו ענדיקן מיט אידעאישן כאַאָס און פּראָגראַמ־לאָזיקייט פון די אַלג. ציוניסטן.

דעריבער האָבן טאַרנער דעלעגאַטן אויף דער נייַנצנטער לאַנד־קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, פאָרגעקומען אין קראָקע דעם 27 מערץ 1938 יאָר, געקעמפט ווי פרייער פאַרן נצחון פון דער ריכטונג, וואָס איז געווען רעפּרע־זענטירט דורכן וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און אַ דאַנק דעם גורם געווען דערצו, אַז דער וועלט־פאַרבאַנד האָט דאָסמאָל באַקומען אַ באַדייטנ־

דיקע מערהייט אויף דער קאָנפערענץ. די אָנפירונג מיט דער עקזעקוטיווע איז ווידער איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון ד״ר שוואַרצבאַרד אַלס פאָרזיצער און מגר. ל. סאַלפעטער אַלס וויצע־פאָרזיצער. אויף דער אויבנדערמאָנטער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַטן פון טאַרנע: ד״ר וו. מאַנדעל, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר וו. שענקעל, מגר. ה. שפילמאַן, ד״ר ש. גאָלדבערג, שלמה זיינוועל, ברוך געלב־וואַקס, פרל. דאָראַ זיידען, אַרטור בריג, שמעון רייך, מגר. מ. דינטענפאַס, ה. קי־מעל, נחום בלומענקראַנץ, מיכאל ווייס, אַדאָלף זאַווערשטראַם און ד״ר א. כאַמעט.

די ניי־דערוויילטע עקזעקוטיווע האָט זיך אַ נעם געגעבן צו אַן ענערגישער אויפקלער און אָרגאַניזאַציע־אַרבעט, און איינער פון אירע ערשטע שריט איז געווען דאָס צונויפרופן קרייז־קאָנפערענצן. אַזאַ ראַיאָן־באַראַטונג איז פאָרגעקומען אין טאַרנע דעם 18־טן אַפּריל 1938 יאָר, מיט דער באַטייליקונג פון פיל דעלעגאַטן פון די אַרומיקע שטעטלעך. אינעם צוזאַמענפאָר האָט זיך אויך באַטייליקט ד״ר שוואַרצבאַרד.

פונעם באַריכט, פאַרעפנטלעכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (22.4.38 נומ׳ 16), דערוויסן מיר זיך, אַז די ראַיאָן־באַראַטונג האָט דערעפנט דער פאָרזיצער פון טאַרנער לאָקאַלן קאָמיטעט ד״ר א. כאַמעט, וועלכער האָט אַרומגערעדט די צילן פון דער באַראַטונג, אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט צו פאַרשטאַרקן די געזעל־שאַפטלעכע און ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און די נויטיקייט אויפצולעבן די ציוניסטישע טעטיקייט אויף דער פראָווינץ. אינעם פרעזידיום פון צוזאַמענפאָר זענען איינגעלאַדן געוואָרן דער אַלטער ציוניסטישער טוער פון באַבאָווע האָלענדער אַלס פאָרזיצער, אַלס זיין פאַרטרעטער — ד״ר שפי־געל פון גרויס־ראַדאָמישל, אַ טרייער איבערגעגעבענער ציוניסטישער טוער, און דאָראַ זיידען — אַלס סעקרעטאַרין. אַ לענגערן רעפעראַט וועגן דער לאַגע אין די ראַיאָן־אָרגאַניזאַציעס און וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער ניי־דערוויילטער עקזעקוטיווע, האָט געהאַלטן ד״ר י. שוואַרצבאַרד. דערביי האָט דער רעדנער אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע אויסגעדריקט אַ דאַנק און אָנערקענונג דעם פאָרזיצער פון טאַרנער קאָמיטעט ד״ר א. כאַמעט פאַר זיין טרייער אומדערמידלעכער אַרבעט לטובת דעם ציוניזם אין מערב־גאַליציע. עס איז דערוויילט געוואָרן אַ קרייז־קאָמיטעט און אַ קרייז־סעקרעטאַריאַט און די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט גערופן צו שטאַרקן די אַרבעט לטובת די נאַציאָנאַל־פאָנדן.

## 27. די פאַרשטאַרקטע טעטיקייט פאַרן קרן קיימת לישראל

דער לאָקאַלער קאָמיטעט איז טאַקע צוגעטרעטן צו אַן ענערגישער טעטיקייט, קודם כל פאַר קרן קיימת לישראל. דער דאָזיקער וויכטיקער אָפּשניט פון ציוניסטישער אַרבעט, וועלכער האָט געזאַמלט ארום זיך ציוניסטן פון אַלע פראַק־ציעס, איז אָבער געווען אַ מעכאַנישער — בלויז מיטן אויסליידיקן די קק״ל־פושקעס דורך די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. דערפאַר זענען די רעזולטאַטן נישט געשטאַנען אין קיין שום פראָפּאָרץ לגבי דער באַדייטונג און השפעה פון ציוניזם אין טאַרנע. דאָס

רעאָרגאַניזירן דעם קרן־קיימת קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, האָט באַדאַרפט אַ סוף מאַכן צו אַזאַ צושטאַנד. אָנהויב 1938 יאָר האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ נייער קרן־קיימת קאָמיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר א. כאָמעט (אַלג. ציוניסטן) — פאָרזיצער, לעאָן קוואַדראַטשטיין (ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל) — און יחיאל קורץ (מזרחי) — וויצע־פאָרזיצערס, שמואל זיינוועל (אַלג. ציוניסטן) -- סעקרעטאַר און וואָלף געצלער ( מזרחי) — קאַסיר. אין משך פון אַ גאָר קורצער צייט איז דעם נייעם קאָמיטעט געלונגען צו פאַרטאָפּלען די חודש־הכנסות פון קק״ל און פאַרנעמען אין מערב־גאַליציע (נאָך קראָקע) דאָס צווייטע אָרט. צו דער אַרבעט פון אויסליידיקן די פּושקעס זענען צוגעצויגן געוואָרן עלטערע ציוניסטן. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, משפיע געווען אויף דער פאַרגרעסערונג פון די איינ־קונפטן. די אָפטע פאַרמעסטן (קאָנקורסן) און דאָס איינפירן די ריוואַליזאַציע צווישן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, האָט באַדייטנדיק געהאָלפן פאַרגרעסערן די הכנסות פאַרן קרן קיימת.

כדי צו פּאָפּולאַריזירן די קק״ל־אידעע צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע און באַקענען זיי מיט די אויפטועו און דער־גרייכונגען אין א״י, האָט דער טאָרנער קק״ל־קאָמיטעט איינגעאָרדנט אין די טעג פון 17 ביזן 23 אַפּריל 1938 יאָר, דעם ערשטן אין מערב־גאַליציע און אין שלעזיע קרן קיימת באַזאַר, וועמענס ריינע הכנסה איז באַשטימט געווען פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. די ציוניסטישע עפנטלעכע מיינונג האָט מיט אומגלויבן באַטראַכט דעם באַשלוס וועגן באַזאַר, אָבער די ענערגישע איבערגעגעבענע אַרבעט האָט אינגיכן געבראַכט רעזולטאַטן. אויף אַדורכצופירן דעם באַזאַר איז דערוויילט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר א. כאָמעט — פאָרזיצער, עדוואַרד זאווערשטראָם — סעקרעטאַר, פרוי געלב — פאָרזיצערין פון דער קאָמיסיע פאַר האַנט־אַרבעטן, פרוי ד״ר שיינפעלד — פאָרזיצערין פון דער קאָמיסיע „תוצרת הארץ״, פרוי ד״ר גאָלדבערג — פאָרזיצערין פון דער פאַנטן־קאָמיסיע, ז. פעני־כעל — פאָרזיצער פון דער פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסיע, ב. שפּינאַדעל — פאָרזיצער פון דער טעכניש־ווירטשאַפטלעכער קאָמיסיע, ל. קוואַדראַטשטיין — פּראָגראַם־קאָמיסיע. דער קאָמיטעט איז גלייך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. דאָס זעלבע האָט געטאָן וויצאָ און די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. מיט אינטערעס האָט מען געוואַרט אויף דער דערעפענונג פונעם באַזאַר. דער קאָמיטעט, אַ דאַנק דער האַרמאָנישער צוזאַ־מענאַרבעט פון אַלע ציוניסטישע פראַקציעס, האָט צום טערמין דורגעפירט אַלע אָנגעצייכנטע אַרבעטן.

זונטיק דעם 17 אַפּריל 1938 יאָר, 8 אָוונט, איז אין די זאַלן פון דער העברע־אישער שול „שפה ברורה״ פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פונעם באַזאַר. אַ באַגריסונג־רעדע האָט געהאַלטן ד״ר א. כאָמעט און דער צאָלרייך פאַרזאַמלטער עולם האָט געזונגען די התקוה און תחזקנה. נאָך דער רעדע פונעם פאָרשטייער פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל ל. בירנבאום, האָט דער פרעזעס פון קהילה־ראַט ד״ר מ. מענדערער דערעפנט דעם באַזאַר מיטן איבערשניידן די באַנד.

אויפֿן באַזאַר האָבן זיך געפֿונען פֿאָלגנדע קיאָסקן (שטענדערס):

1) תוצרת הארץ — שיינע ארץ־ישראל אויסאַרבעטונגען.

2) פּרעסע און פּראָפּאַגאַנדע — אַ קיאָסק פֿון צייטונגען און ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־אויסגאַבן. די אינטערעסאַנטסטע און ווערטפֿולסטע עקספּאָנאַטן אויף דעם קיאָסק זענען געווען די אָריגינאַלן פֿון די בריוו וואָס ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט געשריבן צו אברהם זאַלץ, ווי אויך די דאָקומענטן פֿון דער ערשטער (פֿאַר־הערצלישער) תקופה אין ציוניזם. די דאָזיקע אַלע בריוו און דאָקומענטן, אינערגעץ נישט פֿאַרעפֿנטלעכטע, האָט ד״ר זאַלץ געדאַרפֿט איבערשיקן קיין ארץ־ישראל נאָך דער אויסשטעלונג. ער האָט אָבער ליידער נישט באַוויזן דאָס צו טאָן און בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע זענען זיי פֿאַרניכטעט געוואָרן. דער קיאָסק איז געווען באַצירט מיט די פּאָרטרעטן פֿון ד״ר בערקעלהאַמער און ד״ר יהושע טהאָן, ווי אויך אַ קאָלעקטיוו בילד פֿון די אָנטיילנעמער אינעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. ביים קיאָסק האָט די גאַנצע צייט דיזשורירט ד״ר זאַלץ, נישט וועלנדיק קיינעם אָנפֿאַרטרויען די ווערטפֿולע פּערזענלעכע בריוו פֿון ד״ר הערצל.

3) יידישער נאַציאָנאַל־פֿאָנד. דער קיאָסק האָט אַרומגענומען אַ גאַנצע ריי דיאַגראַמעס, וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט די אויפֿטוען פֿון די באַזונדערע ציוניסטישע פּאַרטייען אין טאָרנע לטובת דעם קרן קיימת לישראל. געווען אויך פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור פֿון קק״ל.

4) זבולון — אַ קיאָסק מיט עקספּאָנאַטן פֿון ארץ־ישראלדיקן עקספּאָרט און אימפּאָרט, ווי אויך פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿונעם פּאָרט־לעבן אין א״י.

5) השומר הדתי — אינעם קיאָסק האָט זיך געפֿונען אַ פּלאַסטישע מאַפּע פֿון א״י און דער מאָדעל פֿון מזרחי־ישוב טירת צבי.

6) שמשון — אַ קיאָסק מיט אויסצייכענונגען און געווינסן, וואָס דער ספּאָרט־און גימנאַסטיק־קלוב שמשון האָט באַקומען פֿאַר זיינע דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון ספּאָרט: בעכערס, פּלאַקעטן, זשעטאָנען, זייגערס, סקולפּטורן, פֿענדלעך, פֿאָטאָס פֿון דער יובל־פֿייערונג צו דער צוואַנציק־יאָריקער עקזיסטענץ פֿון קלוב.

7) השומר הצעיר און החלוץ־פּיאָנער — אַ קיאָסק מיט פּלאַסטישע בילדער און סקולפּטורן.

8) בני־ציון און הנוער הציוני — אַ קיאָסק מיט דיפּלאָמען און פֿאָטאָגראַ־פֿישע אויפֿנאַמעס פֿונעם לעבן פֿון די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס.

9) עקיבא — אַ קיאָסק וואו עס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן דער מאָדעל פֿון תל־אביבער פּאָרט און באַלויכטענע געצעלטן וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט אַן עקיבא־קיבוץ אין ארץ־ישראל.

10) ציונים בעלי־מקצוע — אַ קיאָסק מיט קעראַמיק און האָלץ־אויסאַרביי־טונגען פֿונעם קינסטלער זיגמונט קערנער, מיטגליד פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

11) די יידישע ווירטשאַפֿטלעכע שול האָט אויסגעשטעלט עקספּאָנאַטן פֿון שניידעריי, אויסגעפּערטיקטע דורך די שילערינס.

12) די יבנה־שול האָט זיך פּרעזענטירט מיט די האַנט־אַרבעטן פֿון אירע שילער.

13) די שפּה־ברורה שול האָט באַוויזן די האַנט־אַרבעטן פֿון אירע שילערינס

פון שניידעריי, שטיקעריי און אויסנייען. באַזונדערס שיין זענען געווען די אויס־אַרבייטונגען פון האָלץ, מעטאַל און גלאָז.

14) **דער** יידישער לערער־פאַריין האָט פאָרגעשטעלט די אַרבעטן פון **דער** האַנדלס־שול.

15) גורדוניה האָט פּרעזענטירט אַ מאָדעל פון אַן אַרבעטער־ישוב אין מיניאַטור.

דער רעפּאָרטער פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי" חיים פרידמאַן האָט אַזוי באַ־שריבן זיינע איינדרוקן פון באַזאַר (29.4.38 נומ' 16):

„דער באַזאַר פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד האָט איבערגעשטיגן אַלעמענס דער־וואַרטונגען. דער פאַרענם פון דער אָריגינעלער אימפּרעזע, איר אַרטיסטישע ראָם, די גרויסע צאָל פאַרשידנאַרטיקע עקספּאָנאַטן, אויסגעלייגט מיט דורכגעטראַכטקייט און סיסטעמאַטישקייט, די עפעקטפולע באַלויכטונג, די גוטע אָרגאַניזאַציע — אַלץ איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַן עיקרדיקן געמיינזאַמען אידעאַל, דער אידעאַל פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, דער אידעאַל פון אויפבויען ארץ, פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס האָט באַגייסטערט די גרויסע צאָל יידישע באַזוכער. פאַר וועמען די דאָזיקע אימפּרעזע איז געווען אַ נייעס און וועמען עס איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו זען אין אַ קאָנדענסירטער כאָטש פאָרם די גאַנצקייט פון די אָנ־שטרענגונגען פון היינטיקן יידנטום פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און ווידער־געבורט, בפרט נאָך, אַז דער באַזאַר האָט איבערגעשטיגן די געוויינלעכע ראַמען פון אַ באַזאַר און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויסער אַלזייטיקער אויסשטעלונג, וואָס נעמט אַרום אַלע געביטן פון ציוניסטישער טעטיקייט. מיר ווייסן נאָך נישט וועלכער עס וועט זיין דער פינאַנסיעלער עפעקט פון דער אימפּרעזע, יעדנפאַלס וועט ער נישט שטיין אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דעם גרויסן סכום אַרבעט, וואָס איז אַריינ־געלייגט געוואָרן אינעם באַזאַר. אָבער נישט דאָס איז וועזנטלעך, הגם זייער וויכ־




**דער** קיאָסק פון „השומר הצעיר" און „החלוץ פּיאָנער" אויפן באַזאַר פון קק"ל

טיק. ווייל דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז אין הכנסות, דער עיקר איז געגאַנגען אין פּאָפּולאַריזירן די אידעע פון קק״ל, די דאָזיקע אידעע, וואָס איז דער יסוד פאַר אויפבויען ארץ און דערמיט אויך אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. אין דער הינזיכט איז דער ציל פאָלשטענדיק דערגרייכט געוואָרן. דער מאָראַלישער דערפאָלג איז אַן אַלזייטיקער און פולער. דער באַזאַר־קאָמיטעט, מיט ד״ר כאָמעט אין דער שפּיץ, קאָן זיין שטאָלץ מיט זיין אויפטו. זיין אַרבעט און מי האָט אַרויסגעגעבן אַ שיינע פּרוכט. פּרעזעס ד״ר כאָמעט, וועלכער איז געווען דער איניציאַטאָר און די נשמה פון דער גאַנצער אימפּרעזע, האָט באַוויזן, אַז די אַרבעט לטובת קרן קיימת מ׳ז נישט גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג און אַז זי האָט צו איר רשות אַ גרויסן סכום פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען, וועלכע ווירקן אויף דער פאַנטאַזיע און רעדן צו דער פאַרנונפט. און דאָ ליגט דער מהות און באַדייטונג פונעם באַזאַר און די סיבה פון זיין ערפאָלג. טאָרנע האָט באַוויזן, אַז די אַרבעטן לטובת קרן קיימת לישראל קאָן מען ריכטן אויף גאָר אַנדערע וועגן. די אויפגאַבע פון דער צענטראַלע איז אונטערצוכאַפּן די איניציאַטיוו און זי פאָרטצוזעצן״.

דעם 24־טן אַפּריל איז דער באַזאַר געשלאָסן געוואָרן. צו דעם צוועק איז פאָרגעקומען אַ פייערונג, אויף וועלכער דער וויצע־פּאָרזיצער פון באַזאַר־קאָמיטעט יחיאל קורץ האָט פאָרגעשטעלט די צילן און אויפגאַבן פון קק״ל און געדאַנקט די איניציאַטאָרן און אַקטיוויסטן פאַר דער איבערגעגעבענער אַרבעט ביים איינ־אָרדנען און אַדורכפירן דעם באַזאַר.

דער דירעקטאָר פון דער קראָקעווער קרן־קיימת צענטראַלע מאַקס לאוטערבאַך (איצט אין אַמעריקע), וועלכער האָט באַדאַרפט פאַרטיילן די דיפּלאָמען און דורכ־פירן דעם שלוס פונעם באַזאַר, איז געשטערט געוואָרן אין זיין קומען קיין טאָרנע. ער האָט אַרויסגעשיקט פאָלגנדן טעלעגראַם:

„ד״ר אברהם כאָמעט טאָרנע, געשטערט צוליב דער שווערער קראַנקהייט פון מיין פאָטער, איז מיין קומען, ליידער, אוממעגלעך. איך דאַנק אייך און אַלע אָרגאַ־ניזאַטאָרן פונעם באַזאַר פאַר זייער איבערגעגעבענער אַרבעט. די פּרוכטבאַרע טעטי־קייט פון קק״ל־קאָמיטעט אונטער אייער פאָרזיץ איז אַ מוסטערהאַפטער ביישפּיל פאַר אונדזער אידעע. לאוטערבאַך״.

די דיפּלאָמען האָט פאַרטיילט יחיאל קורץ, דערנאָך איז פאָרגעקומען די אויס־פּלעטונג פון די פאַנטן, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע שעה.

דער באַזאַר האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, אפילו צווישן די, וואָס האָבן ביז דעמאָלט זיך גלייכגילטיק באַצויגן צו ציוניסטישע ענינים און צום אויפבוי פון ארץ־ישראל. דער באַזאַר האָט באַוויזן די קאָנקרעטע דערגרייכונגען פון פּיליאָריקער אַרבעט, און האָט אָן ספק געהאָלפן זיי דערנענטערן זיך צום ציוניזם און זיינע צילן. די אָנהענגער פון ציוניזם האָט דער באַזאַר באַקרעפטיקט אינעם גלויבן אין דער ווירק־זאַמקייט פון זייערע אָנשטרענגונגען. דער באַזאַר האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע פּראָ־פּאַגאַנדיסטישע באַדייטונג פאַרן ציוניזם און זיינע פאָנדן.

## 28. די שאפונג פונעם ציוניסטישן איינהייטלעכן פראָנט

די קאָנקרעטע טאָגטעגלעכע אַרבעט אויף אַלע אָפּשניטן פון יידישן לעבן אין טאַרנע האָט שטאַרק דערנענטערט דעם ציוניסטישן אַקטיוו, אומאָפּהענגיק פון זייער פּאַרטייאישער צוגעהעריקייט. אין דער פּראַקטישער ציוניסטישער אַרבעט סיי אין דער קהילה, אין שטאָטראָט און ביי די שטענדיקע ציוניסטישע אַקציעס, האָט זיך געשאַפן אַ שטאַרקער ציוניסטישער פראָנט, וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע פּראַק־ציעס אינעם ציוניזם. איבעריקנס איז דאָס געווען אַ שטרעמונג, וואָס האָט געהאַט אירע וואָרצלען אינעם גאַנצן פּוילישן יידנטום, צוליב דער פאַרשטאַרקטער אַנטי־סעמיטישער כוואַליע אין לאַנד. די שטרעבונג צו קאָנסאָלידירן די כוחות פאַר בשופותדיקער אַרבעט, איז רעאַליזירט געוואָרן אין אַפּריל 1938 יאָר. עס איז גע־שאַפן געוואָרן אַ געמיינזאַמע רעפּרעזענטאַנץ פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פאַר פאַרטיידיקן אַלע ארץ־ישראלדיקע ענינים.

דעם 26־טן אָקטאָבער 1938 יאָר איז אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט, כדי שאַפן אַן איינהייטלעכן ציוניסטישן פראָנט. אין דער רעפּרעזענטאַנץ האָבן זיך באַטייליקט: ד״ר א. כאַמעט, ד״ר וו. מאַנדעל, הענריק האָלענדער, ד״ר זיידענווערג, רעגינע געלב, ע. זאוערשטראָם, א. טאוב, מגר. ה. שפילמאַן, מאוריצי שוואַנענפעלד, אַרטור בריג און ד״ר אַדאָלף קאַץ — פון די אַלגעמיינע ציוניסטן; מגר. פרימעס, לעאָן בירנבאום און לעאָן קוואַדראַטשטיין (התאחדות), וואָלף געצלער, יחיאל קורץ און דיר׳ שענוועטער, ש. קאָהן, פּ. בורשטין — פון מזרחי; יחיאל ענגעל און דוד אָרשי־צער (רעכטע פועלי־ציון), יוסף ברודער און יונה אַלוויס — השומר הצעיר. אינעם פּרעזידיום זענען איינשטימיק דערוויילט געוואָרן: ד״ר א. כאַמעט — אַלס פאָר־זיצער, לעאָ בירנבאום, וואָלף געצלער, מגר. שפילמאַן, ד״ר מאַנדעל — וויצע־פּאָרזיצערס, מגר. פרימעס — סעקרעטאַר, ע. זאוערשטראָם, בורשטין און ברו־דער — אַלס פאַרטרעטער פון סעקרעטאַר, יחיאל קורץ — קאַסיר, און יחיאל ענגעל אַלס זיין פאַרטרעטער.

די כוחות־פאַרהעלטענישן און איינפלוסן פון די באַזונדערע ציוניסטישע גרו־פּירונגען אין טאַרנע האָט צו יענער צייט אַזוי אויסגעזען (לויט דער אַדורכגע־פירטער שקל־אַקציע אינעם נישט־קאָנגרעס יאָר 1938, וואו עס האָבן זיך אויך צום ערשטן מאָל באַטייליקט לינקע פועלי־ציון): פאַרקויפט זענען געוואָרן 1527 שקלים, פון וועלכע די אלג. ציוניסטן האָבן פאַרקויפט 718, מזרחי 224, התאחדות 140, השומר הצעיר 129, לינקע פועלי־ציון 124, וויצאָ 106, רעכטע פועלי־ציון 76, יודענשטאַטלער (גראָסמאַניסטן) 10.

אין יענער שטורמישער צייט פאַרן פּוילישן יידנטום, האָבן זיך געפאָדערט נייע טוער וואָס זאָלן טריי אַרבעטן פאַרן דערפילן די ציוניסטישע אויפגאַבן און מיט זייער טעטיקייט אויך אַרומנעמען דאָס ברייט־פאַרצווייגטע יידישע לעבן. קודם כל איז אָבער נויטיק געווען צו פירן די ריין־ציוניסטישע טעטיקייט, פאַר־גרעסערן די איינקונפטן פאַרן קרן היסוד און קרן קיימת, דערהאַלטן און אַנט־וויקלען דאָס העברעאישע שולוועזן, אָרגאַניזירן שוץ פאַר די חלוצים, פאַרזעצן

די קולטור־טעטיקייט, באַוואוסטזיניק מאַכן די יידישע מאַסן דורך ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע. אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געלעגן דער עול פון קאַמף מיט די אַסימילאַטאָרישע קרייזן און פאַרשידענע מאַשקעס, וואָס האָבן זיך געריסן צו השפעה אויף דער יידישער גאַס.

אויך אויפן באַדן פון שטאָטראַט האָט מען באַדאַרפט קעמפן פאַר די גערעכטע פאָדערונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג. די ציוניסטן האָבן דערביי געהאַט אַן אויפגאַבע צו דעמאַסקירן פאַרשידענע יידישע פּאָליטיקאַנער, וואָס האָבן טריי געדינט נישט־יידישע כוחות מיטן שאַדן פאַר די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון די יידישע בירגער.

פיל אַרבעט און אָנשטרענגונג האָט זיך געפאָדערט אין די יידישע ווירט־שאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. די ציוניסטן האָבן עס באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז די אָרגאַניזאַציעס זאָלן שטיין אויף דער הויך פון זייערע אויפ־גאַבן, די ווירטשאַפטס־פירונג זאָל זיין אַן ערלעכע און זייער טעטיקייט — אין איינקלאַנג מיט די נויטן און באַדערפענישן פון יידישן כלל.

אַזעלכע אחריותפולע אויפגאַבן האָבן געפאָדערט אַ שלאָגפערטיקע ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע און אַ צוזאַמענאַרבעט נישט נאָר מיט די ציוניסטישע גרופּי־רונגען, נאָר האַרמאָניע און פאַרשטענדיקונג מיט די כוחות אויף דער יידישער גאַס, וואָס האָבן זיך ערלעך און פּאָזיטיוו באַצויגן צו די אויפגאַבן.

## 29. דער וואוקס פון די א״י פאָנדן

און נאָר אַ דאַנק דער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע ציוניסטישע ריכטונגען אין טאַרנע, איז מעגלעך געווען צו דערפילן די אַלע אַקטועלע אויפגאַבן. וועגן דעם זאָגן עדות קודם כל די רעזולטאַטן פון די פאַרשידענע אַקציעס פאַר די ארץ־ישראלדיקע פאָנדן.

דעם 22 מאַי 1938 יאָר איז אין טאַרנע פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַקציע פון קרן קיימת אונטערן נאָמען — „הגלילה״ — צו דערגאַבערן 10.000 פונט שטערלינג אויף אויסצוקויפן באָדן אין גליל העליון. צו דעם צוועק איז צונויפגערופן געוואָרן אַ ספּעציעל א״י־קאָנפערענץ, וועלכע עס האָט דערעפנט ד״ר א. כאַמעט, אַרומ־רעדנדיק די באַדייטונג פון דער הגלילה־אַקציע. וועגן דער אַקציע האָבן נאָך רעפערירט פאַרשטייער פון די צענטראַלעס: הרב קליגער (מזרחי) פון קראָקע, ד״ר י. שפּיראָ (התאחדות) פון קראָקע, אינזש׳ לעווענשטיין, דעלעגאַט פון דער קק״ל־צענטראַלע אין ירושלים (איצטיקער בירגערמייסטער פון תל־אביב) און מ. וויזענפעלד — דירעקטאָר פון דער קק״ל־צענטראַלע אין קראָקע. די אַדורכ־געפירטע אַקציע מיט דער הילף פון אינזש׳ לעווענשטיין, האָט געבראַכט די גע־וואונטשענע רעזולטאַטן.

די האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע ציוניסטישע פּראַקציעס אין טאַרנע האָט אויך גורם געווען צו אַ פאַרשטאַרקונג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט, און דער עיקר — פאַרן קרן קיימת לישראל. וועגן דער האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט

זאָגט עדות דער פאַקט, אַז אויף אַ זיצונג פון דער לאָקאַלער קק״ל־קאָמיסיע (יולי 1938) אונטערן פאָרזיץ פון התאחדות־פּרעזעס לעאָן קוואַדראַטשטיין, איז אויף זיין פאָרשלאַג באַשלאָסן געוואָרן איינצושרייבן אין ספר הזהב פון קק״ל דעם פאָרזיצער ד״ר א. כאַמעט אין אָנערקענונג פאַר זיין פרוכטבאַרער ציוניסטישער טעטיקייט אין משך פון די לעצטע 25 יאָר.

ווען עס איז דעם 8־טן אָקטאָבער 1938 יאָר פאָרגעקומען די יערלעכע אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג פון די טאַרנער קק״ל־טוער, מיטן אָנטייל פון אַ שליח פון דער קראָקעווער צענטראַלע, דיר׳ וויזענפעלד, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די פאַר־גרעסערטע הכנסה לטובת די נאַציאָנאַלע פאָנדן. אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (14.10.38 נומ׳ 41) איז אָפּגעדרוקט אַ באַריכט פון די געלט־זאַמלונגען פאַר קק״ל פון 30.9.38 — 1.10.37: פאַר דער צייט זענען איינגעפלאָסן 13.331 זלאָטעס. אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן געגעבן זייער ביישטייער צו די געלט־זאַמלונגען, וואָס איז צו זען פון דער פאָלגנדער טאַבעלע:

| | פון 30.9.38 — 1.10.37 | | | | אין פאַרגאַנגענעם יאָר | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַלגעמיינע ציוניסטן | 5.376 | זלאָטעס | 09 | גראָשן | 3.389 | זלאָטעס | 84 | גראָשן |
| דערפון ציונ. אָרגאַניזאַציע | 2.257 | ″ | 20 | ″ | 700 | ″ | 34 | ″ |
| הנוער הציוני | 1.196 | ″ | 22 | ″ | 850 | ″ | 40 | ″ |
| בני ציון | 613 | ″ | 58 | ″ | 1.005 | ″ | 84 | ″ |
| עקיבא | 814 | ″ | 10 | ″ | 641 | ″ | 31 | ″ |
| ציונים בעלי־מקצוע | 435 | ″ | 28 | ″ | 191 | ″ | 55 | ″ |
| פּראָוויען־קרייז ביי די אלג. ציוניסטן | 59 | ″ | 71 | ″ | — | | — | |
| מזרחי | 2.070 | ″ | 60 | ″ | 790 | ″ | 44 | ″ |
| ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י | 2.392 | ″ | 48 | ″ | 461 | ″ | 62 | ″ |
| ברית הקנאים (יודנשטאַטלער) | 2 | ″ | 65 | ″ | — | | — | |
| וויצאָ | 647 | ″ | 92 | ″ | 485 | ″ | 94 | ″ |
| שמשון | 312 | ″ | 88 | ″ | — | | — | |
| יידישע שולן | 1.767 | ″ | 12 | ″ | — | | — | |

אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג האָט דער פאָרזיצער פון טאַרנער קרן־קיימת קאָמיטעט ד״ר א. כאַמעט איבערגעגעבן אַ גאָלדענעם זשעטאָן דעם מיטגליד פון הנוער הציוני פייוול יאַכימאָוויטש פאַר זיין טרייער אַרבעט לטובת דעם קק״ל. זילבערנע זשעטאָנען האָבן באַקומען: סראָקאַ (השומר הצעיר), שלע־זינגער (השומר הדתי), ש. אייזן (אַלגעמיינע ציוניסטן), צוגהאַפט (גורדוניה), שוואַרץ (יונג־וויצאָ). עס איז אויך דעמאָלט דערוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: רעגינע געלב, ד״ר א. כאַמעט, שמואל זיינוועל, שמואל קעלער, אַנשל טאַוב (פון די אַלגעמיינע ציוניסטן); יחיאל קורץ, הירש גערשטן (מזרחי); לעאָן קוואַדראַטשטיין, מגר. פרימעס, קאַרל קריגער (ליגע פאַרן אַר־

בעטנדיקן א״י); צו צווי פאַרשטייער פון יעדער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציע. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען אַריין: מגר. ה. שפּילמאַן, חיים ווייס, ז. פּעניכעל, דיר׳ יצחק שענוועטער. אין חברים־געריכט: וואָלף געצלער, ד״ר וואָלף מאַנדעל און לעאָן בירנבאום.

דער ניי־דערוויילטער קאָמיטעט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: פאָרזיצער — ד״ר א. כאַמעט, וויצע־פאָרזיצער — לעאָן קוואַדראַטשטיין און יחיאל קורץ, סעקרעטאַר — א. טאוב, פאַרטרעטער פון סעקרעטאַר — מגר. פּרימעס, קאַסיר — וואָלף געצלער.

די טעטיקייט פון טאַרנער קרן־קיימת קאָמיטעט האָט געפונען די אָנערקענונג פון דער קראָקעווער צענטראַלע, וועלכע האָט אין איר באַריכט פאַרן יאָר 1938, פעסטגעשטעלט: „טאַרנע פאַרנעמט דאָס פערטע אָרט אין דער טאַבעלע פון די הכנסות, זי פאַרדינט אָבער אויף אַ פריערדיקן אָרט, ווייל זי האָט צו פאַרצייכענען דעם גרעסטן דערפאָלג: צווישן אַלע שטעט וואו עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָרטיקע קרן־קיימת קאָמיטעטן, ווייזט אַרויס די דאָזיקע שטאָט אַ כסדרדיקן פאָרשריט און שטייגערונג אין דער אַרבעט. פאַראַן אַ באַרעכטיקטע האָפענונג, אַז זי וועט זיך אינגיכן אַרויסרוקן אויפן צווייטן אָרט נאָך קראָקע. די הכנסות אין דער שטאָט זענען געשטיגן אויף קרוב 100%, און די העכערונג איז פאָרגעקומען אין אַלע געביטן. די הכנסות פון די יערלעכע אַקציעס באַטרעפן 300%, און אין דער אַקציע „הגלילה״ — קרוב 500%. אויסער דעם איז טאַרנע די ערשטע פּראָווינץ־שטאָט, וואָס האָט איינגעאָרדנט אַ באַזאַר, וואָס האָט לויט ווי צום ערשטן מאָל, אַריינגע־בראַכט אַ שיינע סומע. מען דאַרף זיך ריכטן, אַז די איינקונפטן אויף דעם געביט וועלן כסדר וואַקסן״.

## 30. פאר דער לעצטער אלגעמיינער פארזאמלונג פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע

דאָס העברעאישע שולוועזן אין טאַרנע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף געזונטע יסודות. אין אַפּריל 1938 יאָר האָט די העברעאישע גימנאַזיע פון שפה ברורה באַקומען עפנטלעכע רעכט. אויסער דער געביידע אויף דער גאַס פון דער הייליקער אַננע נומ׳ 1, האָט די שול־פאַרוואַלטונג איינגעקויפט אַ צווייטע געביידע פון דער פריערדיקער שול א. נ. פון באַראָן הירש, וואו עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די גימנאַזיע, ליצעאום, וואַרשטאַטן, ספּאָרט־פּלאַץ און אַ שול־גאָרטן. דאָס איינ־קויפן די געביידע איז מעגלעך געווען אַ דאַנק די באַמיאונגען פונעם פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג ד״ר וו. שענקעל און ד״ר ש. גאָלדבערג.

דער אויפטו פון די ציוניסטן איז אויך געווען דאָס אויפלעבן צו יענער צייט די אָן־פּראָצענטיקע לייַ־קאַסע — גמילת חסדים. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיט די ביזאיצטיקע אָנפירער פון דער קאַסע, מערסטנטייל פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן, איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן די פאַרוואַלטונג וואָס אין יענער צייט פון אַל־געמיינער יידישער פאַראָרעמונג, איז עס ממש געווען אַ ברכה.

אין הערבסט 1938 יאָר האָבן זיך שוין שווערע וואָלקנס געזאַמלט אויפן יידישן האָריזאָנט. די קאַטאַסטראָפאַלע פּאָליטיק פון דער סאַנאַציע־רעגירונג פאַר פוילן האָט קודם כל געטראָפן דאָס פוילישע יידנטום. ענדעקישע אָרגאַניזאַציעס און די „נאַראַ״־לייט האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. פּיקעטן, דעמאָנסטראַציעס, אַנטי־יידישע אומרוען, יידישע בענק אויף די אוניווערזיטעטן, דער ענין פון דער ריטו־עלער שחיטה, די אַנטיסעמיטישע געזעצגעבונג — דאָס אַלץ האָט באַוויזן וועגן דער גרויסער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק, וואָס די פוילישע הערשער האָבן לויטן ביישפּיל פון היטלער־דייטשלאַנד, אָנגעווענדט אויף אַ ברוטאַלן אופן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן.

אַלע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פוילן האָבן מאָביליזירט זייער כוחות צום פאַרטיידיקונגס־קאַמף. די ציוניסטן האָבן אומעטום זיך געשטעלט אויפן ערשטן אָרט פון קאַמף. אין דער גרויסער אַקציע פון באָיקאָטירן דייטשע סחורות, האָבן זיך ציוניסטן אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט, אָפּהיטנדיק, אַז דער באָיקאָט זאָל דורכגעפירט ווערן אויף דער יידישער גאַס. אין דער באָיקאָט־אַקציע האָט זיך אויך באַטייליקט דער סוחרים־פאַריין און דער בונד.

אונטער דעם אַספּעקט איז דעם 10־טן דעצעמבער 1938 יאָר פאָרגעקומען אין טאָרנע, שוין די לעצטע יערלעכע פאַרזאַמלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אַזוי־ווי אין כמעט אַלע אינסטיטוציעס, אַזוי גוט געזעלשאַפטלעכע ווי אויך אין דער קהילה, מיט וועלכער עס האָבן שוין ביז צו דעם אויסברוך פון דער מלחמה אָנגעפירט ד״ר אברהם כאָמעט אַלס פּרעזעס און וואָלף געצלער אַלס וויצע־פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג, אין די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, קאָאָפּעראַטיוון, אין די פילאַנ־טראָפּישע געזעלשאַפטן, ספּאָרט־קלובן ,קולטור־אינסטיטוציעס און אין פאַרשידענע קאָמיטעטן פאַר ארץ־ישראל און אין פיל אַנדערע קערפּערשאַפטן, זענען אויף די אָנפירנדיקע ערטער געווען ציוניסטן, — איז געוואָרן נויטווענדיק צו אַקטיוויזירן נייע ציוניסטישע קאַדערן.

אויף דער אויבנדערמאָנטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון פאַר־שטייער פון דער קראָקאָווער צענטראַלע — מגר. סאַלפּעטער, וועמענס אומדערמידלעכער אַרבעט די מערב־גאַליצישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער וואוקס און השפּעה, — איז אויסדערוויילט געוואָרן אַ פאַרברייטערטער לאָקאַלער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: נחום בלומענקראַנץ, בירן, בראון, בריג אַר־טור, ברודער טוביה, ד״ר אברהם כאָמעט, מגר. מיכאל דינטענפּאַס, חיים ערליך, יוסף פּאַסט, זיגמונט פעניכעל, הענריק פלור, אליהו פלור, חיים פרידמאַן, גערסט־נער, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר הענריק גרינבערג, יצחק גרינשפּאַן, רעגינע געלב, געלבוואַקס ברוך, העללין יצחק, האָלענדער הענריק, יאַכימאָוויטש פּייוול (איצט אין אַרגענטינע), ד״ר קאַץ אַדאָלף, קימעל הענריק, מ. קריגער, קעלער שמואל, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר וואָלף מאַנדעל, מגר. מאוריצי מאַן (איצט אין ישראל), פרל. נעללאַ מאַן, עמיליאַ מאָנדשיין, הערמאַן אָרמיאַן, גבריאל אָסטערווייל, בראָ־ניסלאַוואַ פּערלבערג, וואָלף ראַפּאַפּאָרט, שמעון רייך, אהרון רײנהאָלד, ד״ר וואָלף שענקעל, דוד שניידער, מאוריצי שוואַנענפעלד, ד״ר איגנאַץ זיידענוואַרג, זיינוועל

שמואל, פרל. דבורה זיידען, דוד שיף, מגר. הענריק שפּילמאַן, באַלעסלאַוו שפּינאַ־דעל, זישע זעלינגער, יונה שטאַרקמאַן, אַנשל טאוב, דאָראַ אונגער, נתן וואַלד, וואַלאַווסקי, מגר. צייכנער, ווי אויך פאָרשטייער פון הנוער הציוני און עקיבא. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען דערוויילט געוואָרן: אינזש׳ משה לייכטער, דיר׳ לעאָפּאָלד שינאַגעל און ד״ר יוליוש דרעזנער. אינעם חברים־געריכט: ד״ר שמחה שיינפעלד און ד״ר שלמה ריין.

דעם 15־טן דעצעמבער 1938 יאָר איז פאָרגעקומען די לעצטע אין דער געשיכטע פון טאַרנער ציוניזם קאָנסטיטואירונגס־זיצונג פון לאָקאַלן קאָמיטעט. אַלס פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן ד״ר איגנאַצי פיש, וויצע־פאָרזיצערס — ד״ר א. כאַמעס, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר וואָלף מאַנדעל, מגר. מאוריצי מאַן, סעקרעטאַר — פּיוול יאַכימאָוויטש, לייטער פון דער אָרגאַניזאַציע הנוער הציוני, קאַסיר — ד״ר איגנאַצי זיידענוואַרג. אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע זענען אויסגעקליבן געוואָרן: ד״ר וואָלף שענקעל אַלס פאָרזיצער, ד״ר מ. מענדערער, ד״ר א. כאַמעס, שמואל זיינוועל, בראָניסלאַווא פּערלבערג, ד״ר שלמה גאָלדבערג, מגר. מיכאל דינטענפּאַס, מגר. מאוריצי מאַן, מגר. יאָאַכים צייכנער, יוסף פאַסט, נחום בלומענקראַנץ, באַלעסלאַוו שפּינאַדעל, מגר. הענריק שפּילמאַן, הענריק פלור, הענריק האַלענדער, וואָלף ראַפּאַפּאָרט, ד״ר הענריק גרינבערג, מאוריצי שוואַנענפעלד, אהרון ריינהאַלד, יצחק גרינשפּאַן, יונה שטאַרקמאַן, שמעון רייך. אַלס פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָמיסיע איז דערוויילט געוואָרן: מגר. יאָאַכים צייכנער, ווירטשאַפט־קאָמיסיע — שמעון רייך, לייענזאַל — ברוך געלבוואַקס, קלוב — גבריאל אַסטערוויל, יוגנט־קאָמיסיע — מגר. מיכאל דינטענפּאַס, קולטור־קאָמיסיע — ד״ר וואָלף מאנדעל, קרן־היסוד קאָמיסיע — ד״ר מ. מענדערער, קק״ל־קאָמיסיע — ד״ר א. כאַמעס, פלוגות־קאָמיסיע — חיים ערליך, שול־קאָמיסיע — ד״ר וואָלף שענקעל, קאָמיסיע פאַר פאַרטיי־שטייער — טוביה ברודער, לעגיטימאַציע־קאָמיסיע — שמואל זיינוועל. אינעם רעדאַקציע־קאָלעגיום פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ זענען באַשטימט געוואָרן: ד״ר כאַמעס, ד״ר מענדערער, ד״ר גאָלדבערג. אַדמיניסטראַציע פון דער ציַיטונג — הענריק פלור.

אינעם לעצטן קוואַרטאַל פון 1938 יאָר זענען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערער אויפגאַבע. סוף אָקטאָבער האָבן אויף דער באַן־ליניע פויזן—לעמבערג זיך באַוויזן טויזנטער יידישע פליטים פון היטלער־דייטשלאַנד. דער דעמאָלטיקער פוילישער אויסערן־מיניסטער בעק האָט מיט איין פאַראָרדענונג צוגענומען די פוילישע בירגער־רעכט ביי כמעט אַלע יידן, וואָס האָבן שטענדיק געוואוינט אין דייטשלאַנד. היטלערס ענטפער אויף דער פאַראָרדענונג איז געווען — אַריבערוואַרפן איבער דער גרענעץ טויזנטער פוילישע יידן אויף דער פוילישער טעריטאָריע. אויף דער פויליש־דייטשער גרענעץ ביי זבאָנשין לעבן פויזן איז אַנטשטאַנען אַ לאַגער פון יידישער נויט. די פוילישע רעגירונג האָט נישט געהאַלטן פאַר איר פליכט צו פאַרנעמען זיך מיט די דאָזיקע מענטשן, הגם זי האָט עס דירעקט גורם געווען צו דער דאָזיקער טראַגעדיע. אין גאַנצן לאַנד זענען די געשאַפענע יידישע קאָמיטעטן, דזשאָינט, און יידישע קהילות

געקומען מיט הילף. קיין זבאָנשין זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן שפּייז און קליידונג פאַר די אומגליקלעכע קרבנות פון היטלעריזם.

די אינטערנירטע אין זבאָנשינער לאַגער פּליטים, האָט מען ענדלעך דערלויבט אָפּצופאָרן צו זייערע געבורט־ערטער, און קיין טאַרנע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע גרופּן פּליטים. טאַרנער יידן, אונטער דער אָנפירונג פון דער דעמאָלטיקער קהילה־פאַרוואַלטונג, זענען גלייך צוגעטרעטן אָרגאַניזירן הילף. אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער, אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטן זענען מאָביליזירט געוואָרן צו הילף די פאַרטריבענע ברידער. אַלע כוחות זענען געזאַמלט געוואָרן אויף דעם דאָזיקן פראָנט. אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לאָקאַלן פאַר די פּליטים. דאָס איז געווען אַן אַקציע, וואָס האָט באַשעפטיקט אַלע ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן טריי און איבערגעגעבן דערפילט זייער הוב לגבי די אומגליקלעכע ברידער. הגם צו דער הילפס־אַרבעט האָבן זיך איינגעשפּאַנט מענטשן פון פאַרשידענע קרייזן, אָרטאָדאָקסישע יידן, אינטעליגענץ, סוחרים, האַנטווערקער, מיטגלידער פון פאַרשידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס — זענען דאָך די ציוניסטן פון אַלע פראַקציעס געווען דאָס האַרץ און נשמה פון דער הילפס־טעטיקייט לטובת די פּליטים.

דאָס אויסזידלען פּוילישע יידן פון דייטשלאַנד, איז נאָר געווען איין רינג אין דער קייט פאַרפאָלגונגען פון יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען די פּוילישע אויסערן־פּאָליטיק האָט זיך געשטיצט אויף דער אילוזיע, אַז עס איז פאַראַן אַ רעאַלער יסוד פאַר אַ בונד מיט היטלער־דייטשלאַנד. בעק האָט נישט נאָר אונטערהאַנדלט מיט היטלערן, אויך פּוילישע מיניסטאָרן פלעגן פאָרן קיין דייטשלאַנד לערנען זיך וויאַזוי אויף אַ ראַדיקאַלן אופן לייזן די יידנפראַגע.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ וויכטיקע אויפגאַבע צו באַשיצן די יידישע באַפעלקערונג פאַר די אַטאַקעס מצד די סאַנאַציע־קרייזן, וועלכע האָבן צוגעגרייט אַ באַזונדערע ראַסיסטישע געזעצגעבונג. אַזוי אַרום איז אויסער דער טאָג־טעגלעכער ציוניסטישער אַרבעט, אויסגעקומען צו באַשעפטיקן זיך מיט פּאָליטישער טעטיקייט סיי אין אַלגעמיין מלוכהשן ווי אין לאָקאַלן מאַסשטאַב.

ווען די פּוילישע אויסערן־פּאָליטיק איז אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1939 געריכטעט געוואָרן קעגן דייטשלאַנד, האָט זיך אין גאַנץ פּוילן אָנגעהויבן אַן אַקציע פאַר צובאַוואָפענען די פּוילישע אַרמיי. אויך אין דעם שטח זענען די ציוניסטן נישט געבליבן הינטערשטעליק.

## 31. פאַר דעם חורבן

אין דער צייט האָט זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געגרייט צו די וואַלן צום צוואָנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין דער צווייטער העלפט אויגוסט 1939 יאָר אין גענף (שווייץ). קיינער האָט נישט פאָראויסגעזען ווי נאָענט עס איז דאָס אומגליק פונעם פּוילישן יידנטום. נאָך אין

מאַי 1939 יאָר איז אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דער יידישער קהילה, אָנגעפירט דורך ד"ר א. כאַמעט און וואָלף געצלער, דערעפנט געוואָרן אַ פּאַווילאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע ביים יידישן שפּיטאָל, און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער איז געפירט געוואָרן דורך די ציוניסטן די וואָל־קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט. אין אויגוסט 1939 יאָר זענען צום צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין גענף אַרויסגעפאָרן פון טאַרנע ד"ר כאַמעט און ד"ר מאַנדעל פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און פרוי ד"ר ווייס פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. ווען די דעלעגאַטן האָבן שבת דעם 2־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר זיך צוריקגעקערט קיין טאַרנע, דורך אַ שווערן צוריקוועג פון גענף דורך איטאַליע, יוגאָסלאַוויע, אונגאַרן, — האָט מען שוין אויפן טאַרנער באַנהאָף געזען שפּורן פון דער מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 1־טן סעפּטעמבער. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די וואַנדערונג פון יידן פון מערב אויף מזרח. קיין טאַרנע זענען געקומען פּליטים פון ביעלסקאָ, קראָקע און קאַטאָוויץ. ווען דער שונא האָט אָנגעגריפן פון אַלע זייטן, האָבן אויך טאַרנער יידן זיך געלאָזט אויף מזרח. דער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען איבערפולט מיט פּליטים. שווער געווען זיך צו שיידן מיט דער שטאָט, מיט די יידן וואָס זענען אין איר פאַרבליבן, ווייל נישט אַלע האָבן געקענט אָדער געוואָלט לאָזן זיך אויף אַ ווייטן אומבאַקאַנטן נע־ונד. שווער געווען זיך צו שיידן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט דער קהילה, מיט אַלץ, וואָס אַ מענטש האָט זיך דערמיט צוזאַמענגעלעבט פון דער פריסטער קינדהייט. שווער געווען זיך צו שיידן מיט אַלטע חברים און ציוניסטישע פריינט, מיט וועלכע מען האָט אין משך פון יאָרן געאַרבעט פאַר אַ געמיינזאַמען ציל.

אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער 1939 איז אין טאַרנע ווי אָפּגעשטאָרבן דאָס יידישע לעבן — דאָס קולטורעלע, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע. אויך די ציוניסטישע טעטיקייט איז איבערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גהינום, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן פולשטענדיקן אומקום פון טאַרנער יידן. דער איינציקער זכר נאָך דער דאָזיקער יידישער שטאָט זענען די מאַסן קברים אויפן יידישן בית־עולם, אויפן זבילי טאָווער באַרג און אין סקזשישאָוו.

די מי און אַרבעט פאַר ארץ־ישראל וואָס איז אין משך פון 55 יאָר אַריינגעלייגט געוואָרן דורך טאַרנער יידן, איז נישט געגאַנגען לאיבוד. אין ישראל — אין דער באַנייטער יידישער מדינה, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן מיט בלוט פון אירע בעסטע זין, — אַרבעטן און ווירקן טאַרנער יידן, וועלכע זענען אין פאַרשידענע צייטן געקומען אין אָנגעזעענע צאָלן אין לאַנד אַריין. טויזנטער יידן פון טאַרנע אַרבעטן איצט אין ישראל אין קיבוצים, מושבות, אין די שטעט, פאַבריקן, אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין אַמטן. גרויס איז אויך געווען די צאָל טאַרנער יידן, באַטייליקטע אין דער באַפרייאונגס־מלחמה.

עס איז נישט געגאַנגען לאיבוד די ציוניסטישע אַרבעט אין טאַרנע. דאָס לעבנגעבליבענע הייפל יידן פון טאַרנע זעצט פאָר די דאָזיקע אַרבעט לויט זייערע כוחות און מעגלעכקייטן אַזוי אין ישראל ווי אין די גלות־לענדער פאַרן רום און אַנטוויקלונג פון דער יידישער מדינה, רעאַליזירנדיק דעם טרוים פון די מיטגלידער פון דער אהבת ציון באַוועגונג אין טאַרנע.

II

# מזרחי

דער פּיאָנער פון דער מזרחי־באַוועגונג אין טאַרנע איז געווען דער באַוואוסטער תלמודיסט, משכיל און געלערנטער משה־אהרון נייגער, וועלכער האָט אין יאָר 1906 צונויפגערופן אין אונדזער שטאָט די ערשטע פאַרזאַמלונג פון מזרחי, מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון קראָקע *

צו דער אַנטוויקלונג פון דער מזרחי־באַוועגונג אין גאַליציע האָבן אַמײנסטן געהאָלפן דער אַלטער חובב־ציון יהושע פאַדענהעכט פון קאָלאָמיי און משה האָכמאַן פון סטאַניסלאַוואָוו. די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען איינע פון די ערנסטע אין דעם דעמאָלטיקן גאַליציע, וואָס עס איז געווען דער פאַרדינסט פון אברהם כהנא און אהרון האָפמייסטער (ביידע איצט אין ישראל).

אין זיינע זכרונות שרייבט אברהם כהנא: „מען האָט אונדז דעמאָלט געמאַכט גרויסע שוועריקייטן. די ציוניסטישע צענטראַלע האָט אונדז נישט געוואָלט צושטעלן קיין שקלים, כדי אוממעגלעך מאַכן דעם פאַרקויף פון 3.000 שקלים, וואָס וואָלט אונדז דערלויבט צו שאַפן אַ באַזונדערע פראַקציע. אַ יאוש האָט אונדז באַהערשט, ווייל אַלע ציוניסטן האָבן געהאַט שקלים און מיר האָבן זיי נישט געקאָנט באַקומען. וועגן דעם ענין האָב איך אָנגעשריבן אַ שאַרפן פראָטעסט צום פרעזידענט דוד וואָלפסאָן. טראָץ אַלעמען האָט מזרחי גובר געווען אַלע שוועריקייטן און דער־אָבערט פאַר זיך אַן אַנטשפּרעכנדיקע פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. צווישן די פאַרשידענע מזרחי־גרופּן, צעוואָרפענע איבער דער גאַנצער וועלט, איז די טאַרנער גרופּע געווען איינע פון די באַדייטנדיקסטע און אַממיינסטן געשעצטע, באַזונדערס אין די יאָרן 12—1911. שוין דעמאָלט האָבן מיר געהאַט ביי אַ 120 שקלים־קויפער, דער עיקר צווישן דער יוגנט. כ'האָב זיך באַמיט משפּיע צו זיין אויף דער יוגנט אין מזרחי־גייסט, וואָס עס איז געווען זייער באַשווערט, אָבער מיט דער הילף פון מיין פריינט און תלמיד אהרון האָפמייסטער און דעם באַקאַנטן געלערנטן יוסף אומאַנסקי איז אונדז געלונגען אויפצושטעלן אין טאַרנע אַ מזרחי־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה באַקומען וואָס מערער כוח און באַדייטונג. מיר זענען געווען אָנהענגער פון דער מזרחי־אידעאָלאָגיע, און גלייכצייטיק פאַנאַטישע פּאַטריאָטן פון אַלגעמיינעם ציוניזם. ווען אין פראַנקפורט האָבן זיך באַוויזן שפּאַלטערישע טענדענצן צוליב די קולטור־

---

*) אברהם כהנא: מיין באַציאונג צום טאַרנער ציוניזם. יובל־בוך „50 יאָר ציוניזם", טאַרנע 1934, ז' 47.

פּראָבלעמען און עס האָט באַדאַרפט קומען צו אַ שפּאַלטונג, האָבן מיר ניִשט אויסגעקליבן דעם וועג פון פאַרלאָזן, נאָר ווייטער פאַרבליבן אין דער אָרגאַניזאַציע לויט די אָנווייזונגען פון אונדזער מנהיג, דעם פּשעמישלער רב ר׳ גדליה שמעלקעס ז״ל וועלכער איז אויך געווען אונדזער דעלעגאַט צום אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס. מיר האָבן געשאַפן קרייזלעך פאַר יודאַאיסטיש און העברעאיש וויסן. מיר האָבן געמאַכט דעם אָנהויב פאַר אַ שטאַרקער מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע״.

די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, באַטייליקנדיק זיך אַקטיוו אין אַלע שטחים פון ציוניסטישער טעטיקייט, איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט מיט זיין השפעה אַרומגענומען פיל רעליגיעזע יידן. דאָס איז געווען דער פאַרדינסט פון אַ ריי איבערגעגעבענע מזרחי־טוער, און קודם־כל פון אַזעלכע אַקטיוויסטן ווי וואָלף געצלער, יחיאל קורץ און חנא פעסעל (איצט אין ישראל). דער לעצטער, זייענדיק פאַרוואַלטער פון דער יבנה־שול און איר הייסטער אָנהענגער, האָט נישט געקאַרגט קיין מי פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע. דער דאָזיקער אומדערמידלעכער טוער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט ביי קיין שום געזעלשאַפט־לעך־פילאַנטראָפּישער, פּאָליטישער צי ציוניסטישער אַקציע.

יחיאל קורץ, אַ זון פון שידלאָווער רבין, איז פון זיין פריסטער יוגנט געשטאַנען אין די ערשטע קעמפער־רייען פאַרן נצחון פון ציוניסטישן אידעאַל, וועמען ער האָט טריי און איבערגעגעבן געדינט זיין גאַנץ לעבן. זיין הויפּטציל איז געווען צו געווינען פאַר דער ציוניסטישער אידעע די אָרטאָדאָקסישע יוגנט פון קלויז און בית־המדרש. צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה איז ער אומגעקומען פון די הענט פון די היטלעריסטישע מערדער. כבוד זיין אָנדענק!

אָבער אַמְמייַנסטן פּאָפּולער, האַרציק באַליבט און אַנערקענט איז געווען דער לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון מזרחי אין טאָרנע, וואָלף געצלער. ער איז געווען אַ שטילער באַשיידענער טוער, אָן טומל און רעש, ער פלעגט ליב־האָבן אַנאָנימע אַרבעט און מיטן גאַנצן האַרץ געווען אויף דער זייט פון דער יידישער אָרעמקייט, וועלכע האָט אין אים געזען אירס אַ באַשיצער. זיין אידעאַל איז געווען צו פאַר־שפּרייטן דעם ציוניסטישן אמת צווישן די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. אַליין אַ שטרענג רעליגיעזער, האָט ער מיט זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט, מיט זיין אויפריכטיקן ווידמען זיך דעם רענעסאַנס־קאַמף פונעם יידישן פאָלק, אָפּגעלייקנט אַן איינ־שטעלונג, וואָס איז געווען פאַרוואָרצלט צווישן פרומע יידן, אַז אַן אמת רעליגיעזער ייד קאָן נישט זיין קיין גוטער ציוניסט. ער האָט געהאַט אַן אוממיטלבאַרן צוטריט צום אָרטאָדאָקסישן ייד און נישט איינעם פון זיי געוואונען פאַרן ציוניזם. וואָלף געצלער האָט נישט איין קאַמף געפירט אין שוץ פון ציוניסטישן אידעאַל, וועמען ער האָט געווידמעט 40 יאָר פון זיין לעבן. ביז דער לעצטער מינוט, ד. ה. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער פול מיט אחריות געשטאַנען אויף דעם שווערן און פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט, שטענדיק פאַרקוקט אין זיין מיסיע צו פאַרשפּרייטן ציוניזם צווישן רעליגיעזע יידן. וואָלף געצלער איז געבוירן אין יאַסלע דעם 3־טן דעצעמבער 1877 יאָר. פון 13 יאָר אָן האָט ער געלערנט אין קאָרטשין און באַרדעיאָוו. אין יאָר 1906 האָט ער זיך באַזעצט אין טאָרנע, וואו ער האָט געגרינדעט די געזעלשאַפט „מחזיקי לימוד״, כדי צו פאַרטיפן די תלמודישע

לימודים צווישן דער רעליגיעזער יוגנט. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געהערט צום קאָמיטעט פאַר באַשיצן די מלחמה־פּליטים אין פּראַג, וואו ער האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט די עוואַקואירטע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פאַר דער רוסישער אַרמיי. אַלס דעלעגאַט פון מזרחי פון מערב־גאַליציע האָט ער זיך באַטייליקט אין פערצנטן און פופצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אין יאָר 1918 איז ער אַריין אין טאַרנער קהילה־פאַרוואַלטונג, וואו ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזעס. אויפן דאָזיקן אַמט איז ער שוין געבליבן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען איינער פון די גרינדער און לייטער פון דער מזרחיסטישער שול יבנה, איניציאַטאָר פאַר אויפבויען אַ תלמוד־תורה אין טאַרנע, גרינדער און פאָרזיצער פון דער צדקה־חברה, מיטגליד פון אויפזיכט־ראַט פון דער עסקאָנטע־געזעלשאַפט און פון קרעדיט־פאַרבאַנד אין טאַרנע.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון מזרחי, פאַרגעקומען אין יאַנואַר 1930 יאָר, האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן וואוקס פון די מזרחי־איינפלוסן צווישן דעם אָרטאָ־דאָקסישן יידנטום. מזרחי האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אַקציעס פאַר ארץ־ישראל, און די אַנטוויקלונג פון דער יבנה־שול האָט עדות געזאָגט וועגן דער פאַרשטאַרקטער השפּעה פון מזרחי אין טאַרנע. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: א. בורשטין, י. ברוה, ס. בעק, וואָלף געצלער, ה. גערסטען, י. געווערץ, י. העניג, מ. וויסמאַן, נ. מאַרקוס, מ. מינץ, י. ניישטאַט, י. ענגעלבערג, י. פינקעלשטיין, י. פּאַביאַן, יחיאל קורץ, מ. קאָרנרייך, ב. שניידער, ה. שטראָם. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אַנט־וויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין שטאָט. די אַרבעט איז זיך צעוואַקסן, און אין צווייטן יאָר האָט מען געמוזט אויסברייטערן דעם קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען נאָך אַריינגענומען געוואָרן (אויסער די אויבנ־דערמאָנטע) פאָלגנדע פערזאָנען: פּנחס טרינטשער, א. ל. ווייזער, י. גערטנער, י. גלאַס און י. שטיגליץ.

אין יאָר 1931 האָט עולה געווען קיין ארץ ישראל ס. בעק, איינער פון די אַקטיווסטע יוגנט־טוער, דערציִגענע אין דער אָרגאַניזאַציע צעירי מזרחי. די גאַנצע מזרחי־באַוועגונג אין טאַרנע האָט אים געזעגנט אויף אַ פייערלעכן באַנקעט און אים איבערגעגעבן אַן אָנדענק־אַלבום פאַר זיין טרייער אַרבעט.

די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז געוואָרן אַ צענטער פאַר פאַרשפּרייטן ציוניזם צווישן אָרטאָדאָקסישע יידן נישט נאָר אין טאַרנע, נאָר אין גאַנצן קרייז. אין אַפּריל 1931 יאָר איז פאָרגעקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון מזרחי מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון מזרחי־אָרגאַניזאַציעס אין דעמביץ, מיעלעץ, באָכניע, בריגל, באָבאָווע, ניי־סאַנדז, מושינאַ און טאַרנע. מצד דער קראָקעווער עקזעקוטיווע האָבן אין דער קאָנפערענץ זיך באַטייליקט הרב האַלפּערן און אַלטער מאַהלער.

דערעפנט די קאָנפערענץ האָט וואָלף געצלער, רעפערירט איבער די אַקטועלע פראַגן האָבן הרב האַלפּערן (פון קראָקע), אַלטער מאַהלער און אונגער.

אין נאָוועמבער 1931 יאָר האָט די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע געהאַט ביי זיך אַ חשובן גאַסט — דעם פּרעזידענט פון איר וועלט־אָרגאַניזאַציע הרב פישמאַן (מימון), וועלכער האָט אין שייכות מיט דער אַקציע „קרן ארץ־ישראל" געהאַלטן

צוויי גוט־באַזוכטע רעפעראַטן אינעם בית־המדרש און אין דער שול אויף דער סטרושינע. דער באַזוך פון הרב פישמאַן האָט גוואַלטיק משפיע געווען די מזרחי־יוגנט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס צעירי מזרחי, החלוץ מזרחי, ברוריה און השומר הדתי. דער יסוד פון די אַלע אָרגאַניזאַציעס איז געווען די תורה־ועבודה־אידעאָלאָגיע. אין טאַרנער קרייז האָבן זיך אויך געפונען אַ גרעסערע צאָל מזרחיסטישע דאָרפישע און שטאָטישע קיבוצים (הכשרה־פונקטן), צווישן זיי — דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קיבוץ אין וויסאָקע נעבן סטריזשאָוו מיט אַ רייכן אינווענטאַר און מוסטער־ווירטשאַפט, ווי אויך אַ הכשרה־פונקט אין טאַרנע גופא.

די מזרחי־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפונען אין אַן אייגענעם לאָקאַל אויף דער לעמבערגער גאַס 4, וואו עס איז אויך געווען אַ שול צום דאַווענען. מזרחי האָט געפירט אַ קולטור־אויפקלערערישע טעטיקייט און אין אַלע פּאָליטישע אַקציעס האַרמאָניש מיטגעאַרבעט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן אין שטאָט.

אין יאָר 1937 האָט דאָס טאַרנער יידנטום געפייערט דעם 60־סטן געבורטס־טאָג פון וואָלף געצלער. דער דאָזיקער יובל האָט געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג אין שטאָט. הרב קליגער, מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון די מזרחי־אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע, האָט אויף די שפּאַלטן פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם בעל־היובל:

„דער זעכציקסטער געבורטסטאָג פון אַזאַ פּאַרדינסטפולער פּערזענלעכקייט איז באמת אַ יומטוב פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע. ווייל געצלער האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט זיין טעטיקייט אויף אַ געוויסער גרופּע, אָדער אַ געוויסן קרייז פון אינטערעסן. זיין טעטיקייט איז געווען און איז אַן אַל־זייטיקע און נעמט אַרום אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. ער האָט געהערט צו די ערשטע בויער פון דער תלמוד תורה, איז אַקטיוו אין אַ גאַנצער ריי געזעל־שאַפטלעכע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. הגם אַלע גלויבן, אַז וואָלף געצלער איז אַ טרייער מזרחיסט, און אַלס פאָרשטייער פון מזרחי איז ער פאַרטראָטן אין כמעט אַלע אינסטיטוציעס, דאָך שטיצט ער יעדן ענין וואָס פאַרדינט אויף אונטערשטיצונג, אפילו דעמאָלט, ווען זי ברענגט נוצן זיינע פּאָליטישע קעגנער״.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט וואָלף געצלער, ביים פאַרלאָזן טאַרנע, געוויינט מיט ביטערע טרערן, פאָרפילנדיק דעם גורל פון פּוילישן יידנטום. ער האָט זיך געלאָזט קיין לעמבערג, אויפן וועג נישט פאַרפעלט קיין איינ־מאָל צו דאַווענען. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דעם רוצחס הענט, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. ער קומט צוריק קיין טאַרנע, און בעת דער ערשטער אויסזידלונגס־אַקציע איז ער אומגעקומען אין שטאָט גופא. כבוד זיין אָנדענק!

די מזרחי אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט אין איר פּאָליטישער און געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט ענג מיטגעאַרבעט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן.ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן געבילדעט איין געשלאָסענעם פראָנט און אויף דער וואַך פון דער דאָזיקער צוזאַמענאַרבעט איז טאַקע געשטאַנען ר׳ וואָלף געצלער.

גאָר ווינציק איז דאָס הייפעלע טאַרנער מזרחיסטן, וואָס איז געבליבן ביים לעבן. כמעט אַלע — מיט איינצלנע אויסנאַמען זענען אומגעקומען אויף קדוש השם.

מזרחיסטישע חלוצים פון טאָרנע האָבן גענומען אַ חשובן אָנטייל אינעם אויפבוי פון ארץ ישראל און אויך פאַרנומען אַ בכבודיקן פלאַץ צווישן די גבורים, וואָס זענען געפאַלן אין די באַפרייאונקס־קאַמפן. כבוד זייער אָנדענק!



דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע אין יאָר 1934

ע ר ש ט ע ריי זיצנדיק פון לינקס אויף רעכטס: י. פינקלשטיין ז״ל, יחיאל קורץ ז״ל, וואָלף געצלער ז״ל, ישראל כהן ז״ל, דוד לייבל ז״ל.

צ ו ו י י ט ע ריי שטייענדיק פון לינקס אויף רעכטס: ה. גערסטן ז״ל, פּ. טרינטשער ז״ל, חנא פעססעל (איצט אין ירושלים), בן ציון שניידער ז״ל, יצחק ענגעלבערג ז״ל, א. ל. ווייזער ז״ל, א. וויינריב ז״ל, מ. מאַרקוס ז״ל.

ד ר י ט ע ריי שטייענדיק פון לינקס אויף רעכטס: י. געצלער ז״ל, ש. שיפער ז״ל, ק. גערטנער ז״ל, א. גלאַס ז״ל, ח. קליינהענדלער ז״ל, ש. לעפעלהאָלץ ז״ל, י. גערטנער ז״ל.

III

# פועלי־ציון

## 1. ציוניסטיש־סאציאליסטישע פאריינען

דער פועלי־ציוניזם אין טאָרנע האָט גאָר פרי געשלאָגן זיינע וואָרצלען. דאָס אַנטשטיין פון ציוניסטישע פאַריינען פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פאַלט זיך צונויף מיט דער תקופה ווען עס איז בכלל אַנטשטאַנען דער פאָליטישער ציוניזם. נאָך אין יאָר 1897 איז אין ווין געשאַפן געוואָרן דער ציוניסטישער אַרבעטער־פאַריין און גלייך דערנאָך זענען ענלעכע פאַריינען אַנטשטאַנען אין אַנדערע שטעט אין עסטרייך.

אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אָפּגעהאַלטן אין יאָר 1898, איז אויף דער איניציאַטיוו פון ד״ר ש. ר. לאַנדאו, איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון טעאָדאָר הערצל, אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אונטערגעשריבן פון 22 דעלעגאַטן, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט צוו. אַנד.: „נעמענדיק אין אַכט דעם אומשטאַנד, וואָס דער ציוניזם איז אַ פאָלקסבאַוועגונג, און נעמט אַרום קודם כל דעם יידישן פראָלעטאַריאַט אין אַלע זיינע פאָרמען, ווי אויך אַז דאָס קאָלאָניזאַציע־ווערק ווערט אין דער ערשטער ריי דורכגעפירט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, לייגן פאָר די אונטן אונטערגעשריבענע דעלעגאַטן: 1) דער קאָנגרעס באַגריסט די אַנטשטייאונג פון ציוניסטישן אַרבעטער־פאַריין און פאָדערט אויף דעם אַק־ציאָנס־קאָמיטעט אים אונטערצושטיצן. 2) די אָרגאַניזירטע ציוניסטישע אַרבעטער־שאַפט פון אַלע לענדער האָט דאָס רעכט צו וויילן אין אַקציאָנס־קאָמיטעט אירע פאַרטרעטער, כדי ביי די אַנטשפּרעכנדע באַשלוסן וועגן קאָלאָניזאַציע און ווירט־שאַפטלעכע פּראָבלעמען, צו קאָנען זי פאַרטיידיקן.

די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט וואַרעם אונטערשטיצט דער קאָנגרעס־דעלעגאַט פון טאָרנע ד״ר אברהם זאַלץ, און צוו. אַנד. איז זי אויך אונטערגעשריבן געוואָרן דורך ד״ר סירקין פון בערן, ד״ר מאַלץ פון לעמבערג און ד״ר מאיר עבנער פון טשערנאָוויץ, — דערביי איז אָנגענומען געוואָרן בלויז איר ערשטער טייל.

אין דער צייט זענען אויך אַנטשטאַנען פאַרשידענע ציוניסטישע געזעלשאַפטן פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע נישט נאָר אין עסטרייך, נאָר אויך אין אַנדערע

לענדער, וואו ס'האָט שוין געווירקט דער ציוניזם אַלס באַוועגונג. נישט געווען נאָך קיין פאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע פאַריינען, זיי האָבן נאָך נישט געהאַט קיין בשותפותדיקן פראָגראַם. די דאָזיקע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, געשטיצט צוערשט אויף דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, האָבן פאַמעלעך געשטרעבט אָנצוקניפּן צווישן זיך קאָנטאַקטן, ווייל ביי זיי, אַלס יידישע אַרבעטער, איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן געמיינזאַמע אינטערעסן — עקאָנאָמישע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע. אין די יאָרן 1905—1906 זענען שוין אין פאַרשידענע לענדער פאָרגעקומען צוזאַמענפאָרן פון די דאָזיקע ציוניסטישע אַרבעטער־גרופּן, וואו עס האָבן זיך צוביסלעך אויס־פאָרמירט די געמיינזאַמע צילן און אויפגאַבן, און אין יאָר 1907, נאָכן 7־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס, אין האַג, איז געגרינדעט געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד פּועלי־ציון, מיט אַ קריסטאַליזירטער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, וואו עס האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינדרינגען די הנחות פון מאַרקסיסטישן באַראָכאָוויזם, וואָס האָט געהאַט זיין מקור אין צאַרישן רוסלאַנד.

אין דאָזיקן פּראָצעס פון אַנטוויקלען די אידעאָלאָגיע און פּאַרטיי פּועלי ציון, האָט טאַרנע געהאַט איר באַדייטנדיקן אָנטייל. אין די ערשטע יאָרן פונעם אַנט־שטיין פון ציוניזם, האָבן די פאָלקס־קרייזן אין טאַרנע זיך גרופּירט אין דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע „התחיה“, צו וועלכער עס האָבן געהערט אין אָנהויב אַלע ציוניסטן, וואָס האָבן געקויפט אַ שקל. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען אינעם ציוניזם האָבן זיך אָנגעצייכנט די צוויי שטרעמונגען — איינע פון ד״ר הערצל, די צווייטע פון אחד העם. אין „התחיה“ האָבן זיך געפירט הייסע, אָפטמאָל שטור־מישע דיסקוסיעס, באַזונדערס ערב אַ ציוניסטישן קאָנגרעס. אין טאַרנע האָט סוף־סוף געזיגט דער פּאָליטישער ציוניזם פון ד״ר טעאָדאָר הערצל. צו דעם האָט צוגע־האָלפן אין אַ גרויסער מאָס דער נישט־געלונגענער פּרווו מיט דער קאָלאָניע „מחניים“.

צו „התחיה“ האָבן אויך געהערט אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געקויפט שקלים און זיי האָבן געבילדעט אַ באַזונדערע אַרבעטער־סעקציע. ווי עס גיט איבער דער פּועלי־ציון־וועטעראַן יעקב קענער (געש' אין ישראל אין יאָר 1951), אין זיין בוך „קווערשניט“ (ניו־יאָרק 1947), זענען אין „התחיה“ געווען אייגנטלעך נאָר דריי אַרבעטער: יצחק בוטערפּאַס (איצט אין פּאַריז), יעקב קענער און זיגמונט פעניכעל (שפּעטערדיקער ציוניסטישער און ספּאָרט־טוער אין טאַרנע, אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון טאַרנער געטאָ). די דאָזיקע דריי אַרבעטער זענען אין יאָר 1904 אַרויסגעטרעטן פון „התחיה“ און געגרינדעט אַ באַזונדערן פאַריין אונטער נאָמען: „יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן פאַריין „פּועלי־ציון“. אויסער די דריי אויבנדערמאָנטע אַרבעטער, האָבן צום פאַריין נאָך געהערט אַ ריי ציוניסטן און צווישן זיי הענריק פלור (שפּעטערדיקער טוער ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן אין טאַרנע, אומגעקומען אין געטאָ). די ערשטע זיצונג פון ניי־געגרינדעטן אַרבעטער־פאַריין איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון בוטערפּאַס' עלטערן.

וועגן דער ערשטער תקופה פון דער אַנטשטייאונג פון פּועלי ציון אין טאַרנע, דערציילט אויספירלעך דער שוין דערמאָנטער יעקב קענער אין דער יובל־אויסגאַבע

פון דער טאָרנער יוגנט — „טאָרנער פרייע יוגנט״,*) דערשינען אין יאָר 1929, צו איר 25־יאָריקער עקזיסטענץ. קענער שרייבט אָט וואָס:

„אינעם יאָר 1903 האָטביים טאָרנער ציוניסטישן פאַריין „התחיה״ עקזיסטירט אַ „סעקציע פון אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע״, וועלכע איז אַלס גאַנצע געווען אָנגעשלאָסן אינעם „פאַרבאַנד פון יידישע נאַציאָנאַלע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער־פאַריינען אין גאַליציע״. די גרויסע מערהייט פון דער טאָרנער סעקציע איז באַשטאַנען פון ביורא־און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אַרבעטער זענען מיר געווען בלויז דריי: זישע פעניכעל, אַ דרוקער, יצחק בוטערפאַס — אַ היטלמאַכער, און איך. דער פאַקט פון אונדזער סאָציאַלער נאָענטקייט, האָט אונדז אויך פסיכאָ־לאָגיש דערנענטערט, און זייענדיק צווישן זיך באַפריינדעט, האָבן מיר שטענדיק גערעדט דערפון, ווי אַזוי צוציען צו אונדזער סעקציע נאָך אַרבעטער — אמתע אַרבעטער. ביי אונדזער בעסטן ווילן און גרעסטער אָנשטרענגונג איז עס אָבער בשום אופן נישט געלונגען און דאָס האָט אונדז געגעבן דעם שטויס נאָכצודענקען איבער אונדזער שייכות צום בירגערלעכן ציוניסטישן פאַריין „התחיה״.

„נאָך עטלעכע אַזעלכע שמועסן צווישן זיך, האָבן מיר איינמאָל אין אַ ווינטער אָוונט, אַהיימגייענדיק פון פאַריין זאַלבעדריט, טאַקע אויף דער גאַס, באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער גרינדונג פון אַ באַזונדערן אַרבעטער־פאַריין. די ווייטערדיקע באַראַטונגען האָבן אונדז געבראַכט צום באַשלוס, אַז אַזוי ווי מיר אַלע דריי זענען נאָך געווען יונג, מיר האָבן נישט קיין קענטשאַפט און נישט קיין השפעה צווישן עלטערע אַרבעטער — דערפאַר זאָלן מיר אונדזער פאַריין גרינדן בלויז פאַר לערניינגלעך און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן״.

„מיר האָבן אָנגעהויבן צווישן זיך צו דיסקוטירן ווי אַזוי אָנצורופן דעם פאַריין, ווייל מיר האָבן געוואָלט אויסאַרבעטן סטאַטוטן און דעם פאַריין לעגאַליזירן. עס זענען געווען פאַרשידענע פאָרשלאַגן, אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט צווישן זיך קומען צו קיין הסכם. סוף כל סוף האָב איך פאָרגעלייגט, אַז אונדזער פאַריין זאָל הייסן פועלי־ציון, נישט וויסנדיק אַפילו דערפון, אַז אין רוסלאַנד עקזיסטירן פועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס. היות ווי די אַנדערע צוויי חברים האָבן נישט געקענט קיין העברעאיש (איינער פון זיי, זישע פעניכעל, האָט זיך נעבן אונדז ערשט געלערנט רעדן יידיש), האָב איך זיי פאַרטייטשט, אַז פועלי הייסט אַרבעטער, צוזאַמען וועט דאָס הייסן ציוניסטישע אַרבעטער און דערמיט וועט קומען צום אויסדרוק דער קלאַסן־כאַראַקטער פון אונדזער פאַריין. די אַנדערע צוויי חברים האָבן דערצו מסכים געווען, און דעם נאָענסטן שבת זענען מיר אַרויפגעגאַנגען צו אַן אַדוואָקאַטן־געהילף, ח׳ לעאָן שטירער, און ער האָט אונדז אויסגעאַרבעט דעם סטאַטוט״.

„מיר האָבן תיכף אַריינגעגעבן אין סטאַראָסטווע דעם סטאַטוט און מיט גרויס האַרצקלאַפעניש אָפגעוואַרט די פאָרגעשריבענע 28 טעג, מיר זאָלן קאָנען עפענען דעם פאַריין. מיר האָבן עפעס נישט געגלויבט, אַז די מאַכט זאָל אונדז דערלויבן צו עפענען אַ פאַריין, וועלכער זאָל טראָגן דעם נאָמען „יידישער יוגנטלעכער

*) געפונען אין רינגעלבלום־אַרכיוו, תל־אביב.

אַרבעטער און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן פאַריין פּועלי־ציון", און אַלס מיטגלידער זאָלן קאָנען אָנגענומען ווערן יוגנטלעכע פון 14 — 21 יאָר. ווי גרויס איז אָבער געווען אונדזער פרייד, אַז נאָך פאַרן אָפּלויף פון די פיר וואָכן, האָבן מיר באַקומען אַן אָפיציעלע תשובה, אַז די מאַכט האָט גאָרנישט דערקעגן און מיר קאָנען שוין צוטרעטן צו פירן אונדזער טעטיקייט. ביז דעמאָלט האָבן מיר דעם גאַנצן ענין געהאַלטן שטרענג בסוד. אַחוץ אונדז דריי — און לעאָן שטירער, האָט קיינער דערפון נישט געוואוסט. באַקומענדיק די דערלויבניש אָנהויב מערץ 1904, האָבן מיר אויף אַ שבת נאָכמיטאָג גערופן די ערשטע אַגיטאַציע־פאַרזאַמלונג. מיט דער פראַגע ווי איינצואָרדענען די ערשטע פאַרזאַמלונג, האָבן מיר געהאַט אַ היפּש ביסל צרות. דעם לאָקאַל פון דער „התחיה" האָבן מיר נישט געוואָלט נעמען, כדי אַזוי אַרום אונטערצושטרייכן, אַז מיר האָבן מיט די בירגערלעכע ציוניסטן מער קיין שום שייכות נישט. נאָך לאַנגע זוכענישן און טראַכטענישן, האָבן מיר באַין ברירה די פאַרזאַמלונג גערופן אין דער פּריוואַטער וואוינונג פון ח' בוטערפּאַס עלטערן. די גרויסע שטוב איז געווען פול געפּאַקט מיט יוגנטלעכע אַרבעטער. דער אַלטיטשקער בוטערפּאַס איז געגאַנגען דאַווענען מנחה־ומעריב און די מוטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל צוהערן וואָס מיר וועלן רעדן. די טאָג־אָרדענונג פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען: 1) די לאַגע פון די יידישע לערנייינגלעך און פּראַקטיקאַנטן. 2) די נויטווענדיקייט פון אַן אייגענעם פאַריין."

„אַזוי ווי פעניכעל האָט נישט געקאָנט רעדן קיין יידיש, האָט ער געפירט דעם פאָרזיץ און בוטערפּאַס מיט מיר האָבן רעפערירט. ווען מיר האָבן געשילדערט די לאַגע פון די יוגנטלעכע אַרבעטער, האָט די אַלטיטשקע מאַמע פון ח' בוטערפּאַס געווישט די אויגן מיטן פאַרטוך און דערביי הויך געקרעכצט, און דאָס האָט אונדזערע רייד צוגעגעבן אַ סך אויטאָריטעט אין די אויגן פון די פאַרזאַמלטע יוגנטלעכע. אַ קלייניקייט? אַ מאַמע אַליין גיט אונדז צו גערעכט..."

„די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז אַלע יוגנטלעכע — אַלע ווי איינער — האָבן זיך תיכף אויפן אָרט איינגעשריבן און ס'איז נאָך צום סוף באַשלאָסן געוואָרן, אַז איינשרייב־געלט האָט מען געצאָלט 10 גרייצער און דער וואָכנבייטראַג איז באַשטימט געוואָרן אויף 3 גרייצער."

„אויף דעם צווייטן שבת האָבן מיר גערופן, ווידער ביי דער פאַמיליע בוטערפּאַס אין שטוב, די קאָנסטיטואירנדע גענעראַל־פאַרזאַמלונג און ס'איז דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג, אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן — דער „אויסשוס". די ערשטע אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען: לערנען שרייבן און לייענען די יוגנטלעכע וואָס האָבן דאָס נישט געקאָנט. פעניכעל האָט געלערנט פּויליש, איך — יידיש, און בוטערפּאַס — חשבון. די דאָזיקע לעקציעס האָבן מיר אין משך פון 4—5 וואָכן אַזוי געפירט אין דער וואוינונג פון דער פאַמיליע בוטערפּאַס, וועלכע האָט פּשוט געשעפּט נחת און האָבן נאַכט־נעכטלעך געליטן פון אונדז ביז 11 און אַמאָל טאַקע ביז 12 אַ זייגער."

„די אַרבעט האָט זיך צעוואַקסן און די פּריוואַטע דירה איז שוין געווען קליין. האָבן מיר געמוזט זאָרגן וועגן אַ גרעסערן לאָקאַל. פון דינגען אַ לאָקאַל האָט נאָך דעמאָלט נישט געקאָנט זיין קיין רייד."

„מיר האָבן צומערשט געזאַמלט אויף אַ טיש מיט עטלעכע בענק און אויף דערוויל האָבן מיר דורך פּראָטעקציע באַקומען אויף יעדן אָוונט די עזרת נשים פון א בית המדרש, וואו אַ געוויסער וועלט, אגב אַליין אַ חסידישער ייד, איז געווען שמש אָדער חזן. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַזוי לאַנג, ביז די גבאים זענען דערפון געוואויר געוואָרן און זיי האָבן אים דאָס פאַרבאָטן. פון דאָרט זענען מיר שוין אַריין אין אַן „אייגענער״ דירה. פאַר 5 גילדן אַ חודש האָבן מיר אָפּגעדונגען אויפן האָלץ־פּלאַץ, אין דאַווידס הויז, אַ גרויס צימער ביי אַן אַלטיטשקן שניידער און ער אַליין האָט זיך אַריינגעצויגן מיט זיין מאַשין אין דער קליינער קיך אַריין״.

„אין דער ערשטער צייט האָט די סעקציע ביים פאַריין „התחיה״ געפירט קעגן אונדז אַ „קאַמף״... דער קאַמף איז באַשטאַנען אין אָפּשפּעטן און אָפּחוזקן פון אונדז. מיט דער צייט אָבער, זענען די יונגע האַנדלס־און ביוראָ־אַנגעשטעלטע פון דער סעקציע אַריבער צו אונדז און מיר זענען געוואָרן פאַרשטאַרקט מיט אינטעליגענטע כוחות.״

„זומער 1904 האָבן מיר שוין געהאַט אַ לאָקאַל פון צוויי צימערן און ס׳איז שוין געפירט געוואָרן אַן אַלזייטיקע טעטיקייט. צו דער קולטור־אַרבעט האָבן מיר צוגעצויגן אַ גאַנצן קרייז מיטלשילער. די אַקטיוויסטע פון די גימנאַזיסטן זענען געווען: רודאָלף טויבענשלאַג, אַדאָלף בינענשטאָק (יינגערער ברודער פון פאַר־שטאָרבענעם שריפטשטעלער מאַקס בינענשטאָק), גרינפעלד, קאַפּעלנער און אַנדערע. זיי זענען אַלע באַגייסטערט געוואָרן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט און זיי האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע אויספלוגן, האָבן דעקלאַמירט אויף אָוונטן און אַפילו געצייכנט בילדער, כדי צו דעקאָרירן דעם לאָקאַל.״

„צוזאַמען מיט יענעם קרייז איז אויך געקומען צו אונדז דער דיכטער דניאל לייבל, וועלכער איז נאָך דעמאָלט געווען גאָר יונג און צוליב דעם איז ער נאָך נישט געווען אַקטיוו. ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן אַקטיוו, אָבער נישט ווי יענע אינטעליגענטן, וועלכע זענען אַוועק אין דער בירגערלעכער וועלט זוכן אַ תכלית — נאָר ער איז שוין געבליבן אַן אונדזעריקער אויף שטענדיק און איז ביזן היינטיקן טאָג אַקטיוו אין דער ארץ־ישראלדיקער פועלי־ציון פאַרטיי.״

„מיר האָבן תיכף געשאַפן אַ שוץ־קאָמיסיע, וועלכע פלעגט אין אַלע נויטיקע פאַלן גיין צו די מייסטערס און אינטערוועניר̈ן. צו דער דאָזיקער קאָמיסיע האָבן געהערט פעניכעל, איך און איינער העניג (איצט אין ישראל, נישט צו פאַרבייטן מיט חיים העניג) — אַ בחור אין חסידישער קליידונג, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ הונדערטפּראָצענטיק אונדזערער. כמעט אין אַלע פאַלן פלעגן מיר גיין אין צווייען — פעניכעל און איך. העניג דאָקעגן האָט געהאַט אַ גאָר אַנדער געביט, דהיינו: זיין פאָטער האָט געהאַט אַ מין „מלעטשאַרניע״ און ער פלעגט דאָרט מיטהעלפן באַדינען די קונים, און אויב אַ יוגנטלעכער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זיין באַלעבאָס פאַר געהערן צום פאַריין, פלעגט ער 3 מאָל אין טאָג באַקומען פון העניגן אַ פּערטל ברויט מיט פּוטער און אַ טעפּעלע מילך, ביז מיר האָבן אים געפונען אַן אַנדערן פּאָסטן...״

„הגם דער עיקר־טעטיקייט פון פאַריין איז דעמאָלט באַשטאַנען אין קולטור און סאָציאַלער שוץ — איז אָבער שוין דעמאָלט אויך צום אויסדרוק געקומען דער

פּאָליטישער מאָמענט. שבועות 1904 האָט דער פאַריין געשיקט אַ דעלעגאַט צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי־ציון פאַרטיי אין עסטרייך. דעמזעלבן זומער האָט זיך דער פאַריין אויך באַטייליקט אין אַ פּאָליטישער טרויער־מאַניפעסטאַציע צוליב טעאָדאָר הערצלס טויט. נאָוועמבער 1905 האָט זיך די אָרגאַניזאַציע באַטייליקט אין אַ דעמאָנסטראַציע און אַליין איינגעאָרדנט אַ מיטינג וועגן אַלגעמיינעם וואַל־רעכט, און אינעם יאָר 1906 שוין געפייערט דעם ערשטן מאַי יומטוב."

„אינעם ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט מיטגלידער בלויז אינעם עלטער פון 14—18 יאָר. מיט דער צייט אָבער זענען די יינגערע אונטערגעוואַקסן און וואָס ווייטער זענען אַלץ מער פון דער „סעקציע" אַריבער צו אונדז, אַזוי אַז אינעם יאָר 1906 זענען שוין געווען 20—21 יאָריקע, און אַפילו עלטערע אויך, און דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז דער פאַריין האָט אַלץ מער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די יינגערע מיטגלידער, מיט ח' הענעך טיש בראש, האָבן דאַן געבילדעט אַ באַזונדערן „יוגנט" קאָמיטעט און מיטן הסכם פון די איבעריקע עלטערע חברים, האָבן זיי אָנגעגעבן וועגן אַ נייעם סטאַטוט מיטן נאָמען: „יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן בילדונג־פאַריין „יוגנט", וועלכער האָט ווייטער פאָרטגעזעצט די אַרבעט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן אינעם יאָר 1904 און האָבן זי געפירט מיט דערפאָלג ביזן היינטיקן טאָג."

צו די אויבנגעבראַכטע פאַקטן, וועלכע עס ברענגט יעקב קענער, ווילן מיר נאָך צוגעבן עטלעכע פּרטים: די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פּועלי־ציון אין טאַרנע איז פאָרגעקומען אין מערץ 1904, נאָכן באַשטעטיקן די סטאַטוטן. דאָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדע פערזאָנען: יעקב קענער, יצחק בוטערפאַס, יחזקאל האָרן, גרינפעלד, הענריק פלור, לאַשקאָוויץ און זישע פעניכעל. דער אַרבעטס־פּראָגראַם פון דעם פאַריין האָט אַרומגענומען הויפּטזעכלעך די קולטור־טעטיקייט און אויפקלערונג אין די קרייזן פון אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. כדי צו הייבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די אַרבעטער, זענען איינגע־אָרדנט געוואָרן אומזיסטיקע קורסן פאַר העברעאיש, יידיש און פּויליש. די לעקציעס העברעאיש האָט געפירט מולעק סאַפּיר, פּויליש — אליהו טיש און זישע פעניכעל.

כדי צו וועקן דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין ביי די אַרבעטער, האָט מען זיך באַמיט וועגן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און העכערע לוינען פאַר יידישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועמענס עקאָנאָמישע לאַגע צו יענער צייט איז געווען זייער אַ שווערע. מען האָט געאַרבעט צו 14, אַפילו צו 16 שעה אין מעת־לעת, און אין פיל פאַלן — פאַר אַ קלאָגעדיק עסן און אַ צעבראָכן בעטל, אָן אַ וועלכער עס איז באַלוינונג. דעריבער האָבן די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע נאָר שבת זיך געקאָנט באַטייליקן אין די אַרבעטן פון פאַריין, וועלכער האָט זיך גאָר שנעל אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם, וואָס אָן אים האָבן זיך אָנגעשלאָסן יונגע ציוניסטן־אינטעליגינטן, ווי: יצחק שיפער, שמואל שפּאַן, שלמה גאָלדבערג, אליהו טיש און שמעון פעלדבלום, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין טאַרנע. אין דער ערשטער תקופה האָבן די טאַרנער פּועלי־ציון נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין רוסלאַנד, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט בער

באַראַכאָוו, וועמענס אַרבעט „די קלאַסן־מאָמענטן און די נאַציאָנאַלע פראַגע״ איז שוין געהאַט דערשינען אין יאָר 1905, און מיט אַ יאָר שפּעטער — „אונדזער פּלאַטפאָרם״. ביידע אַרבעטן זענען געוואָרן דער אידעאישער ווינקלשטיין פון דער מאַרקסיסטישער פּועלי־ציון. דערפאַר האָבן פּועלי־ציון אין טאַרנע, אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ, מיטגעאַרבעט מיטן לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ד״ר זאַלץ. פּועלי־ציון האָט אויך געהאַט איר פאַרשטייער אין דער „פּאַלעסטינע־קאָמיסיע״.

ביסלעכוויז איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן צונויפזאַמלען אַלע ציוניסטישע אַרבעטער־פאַריינען אין גאַליציע, וועלכע האָבן געפירט זייער אַרבעט אונטער פאַרשידענע נעמען, הגם מיט אַ געמיינזאַמער אידעאישער פּלאַטפאָרם און אָרגאַני־זאַציאָנעלער ראַם. ווען אין יאָר 1904 איז אין קראָקע פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון די פּועלי־ציון גרופּן אין עסטרייך, איז דער דעלעגאַט פון טאַרנע געוועזן יעקב קענער, און אויף זיין פאָרשלאַג איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען איין נאָמען פאַר אַלע פּועלי־ציוניסטישע פאַריינען אין עסטרייך — „פּועלי ציון״.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז אויך געלייגט געוואָרן דער טעאָרעטישער יסוד פאַר דער פּועלי ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך די אויבנדערמאָנטע פאַריינען און האָט זיך געשטיצט אויפן באַזעלער פּראָגראַם. דערביי איז גלייכצייטיק פּראָקלאַמירט געוואָרן פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע אין אַלע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגן, אַרויסרוקנדיק דערביי ציוניסטישע ווי אויך סאָציאַליסטישע לאָזונגען.

דאָס אַנשטיין פון אַן איינהייטלעכער פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין עסטרייך מיט דער צענטראַלע אין קראָקע, האָט געשטאַרקט די פּאָזיציע פון פּועלי־ציון אין טאַרנע. עס האָט זיך אָנגעהויבן די ווערביר־אַקציע ביי טאַרנער יידישע אַרבעטער, דערביי איז געלייגט געוואָרן דער טראָפּ אויפן עקאָנאָמישן קאַמף, באַמיענדיק זיך דערגרייכן אַלע שיכטן פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעל־קערונג. כאַראַקטעריסטיש איז געוועזן די אַקציע, וואָס פּועלי־ציון האָט דעמאָלט געפירט אין טאַרנע פאַר אָרגאַניזירן די בעלפערס אין די חדרים, וועלכע זענען אויסגענוצט געוואָרן אויף אַ מוראדיקן אופן. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון טאַרנע וואָס איז געוועזן אָפּגעדרוקט אינעם פּועלי־ציון אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער״ *) פון 15־טן אַפּריל 1905 יאָר, נומ׳ 5, לייענען מיר:

„עס איז אונדז געלונגען איצט צו אָרגאַניזירן די היגע בעלפערס, וועגן וואָס מען האָט געטראַכט שוין מיט 4 וואָכן צוריק״.

אין דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ ווערט אויך דערציילט, אַז דעם 12־טן מערץ 1905 יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פּועלי־ציון אין טאַרנע, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקן וואוקס פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט באַזיצט שוין אַן אייגענע ביבליאָטעק, אַ רייזע און אַרבעטס־פאַרמיטלונג ביוראָ; אַז ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ חנוכה־אָוונט, שקל־פאַרזאַמלונגען, קורסן פאַר אַנאַלפאַבעטן, און אַז יעדן פרייטיק אָוונט, שבת און זונטיק זענען פאָרגעקומען

*) געפונען אין אַרכיוו פון הסתדרות הכללית של העובדים, תל־אביב.

קורסן, פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען. אויף דער פאַרזאַמלונג איז געוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: עלענט — פאָרזיצער, יצחק בוטערפאַס — סעקרעטאַר, ניימאַרק — קאַסיר. אויף דער דאָזיקער פאַר־זאַמלונג איז בוטערפאַסן אויסגעדריקט געוואָרן אַ וואַרעמער דאַנק פאַר זיין זאָרגפעלטיקער טעטיקייט.

ביי יעדער אַקטועלער ציוניסטישער פראַגע האָט פועלי־ציון אין טאָרנע קיינמאָל ניש פאַרגעסן אונטערצושטרייכן איר באַזונדערן שטאַנדפּונקט, רעאַגירנדיק זעלבסטשטענדיק אויף פאַרשידענע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן. ווען אין יאָר 1905 האָט דאָס רוסישע יידנטום דורכגעלעבט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען, איז פועלי ציון געווען די ערשטע פאַרטיי, וואָס איז דעמאָלט צוגעטרעטן צו אַ גרויסער פראָטעסט־אַקציע. ווי עס גיט איבער „דער יידישער אַרבעטער".פון 1־טן דעצעמבער 1905 יאָר, איז אין טאָרנע (18.11.1905) פאָרגעקומען אַ פראָטעסט־פאַרזאַמלונג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך פועלי ציון. מיט אַ שטאַרקער רעדע קעגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד איז אַרויסגעטרעטן ד״ר שמעון פעלדבלום, און נאָך דער פאַרזאַמלונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע, בעת וועלכער עס זענען געזונגען געוואָרן נאַציאָנאַלע און רעוואָלוציאָנערע לידער.

אין איר אַגיטאַציע־אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער, האָט פועלי ציון זיך דעמאָלט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון דער צו יענער צייט שטאַרקער אין טאָרנע זש.פּ.ס., וועלכע האָט זיך קעגנגעשטעלט דער ציוניסטישער פראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן. פונדעסטוועגן איז פועלי ציון געלונגען צוצוקומען צומערשט צו די האַנדלס־אָנגעשטעלטע און פריוואַט־באַאַמטע, צו די קעלנער און אויבערטיילמאַכער, אָננעמענדיק אַלץ מער דעם כאַראַקטער פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, דעמאָנסטרירנדיק ביי יעדער געלעגנהייט איר באַזונדערן אַרבעטער־שטאַנדפּונקט.

אויף דער ברייטער פּאָליטישער אַרענע אין טאָרנע איז פועלי־ציון אויפגעטרעטן אין יאָר 1906, ווען אין די לענדער וואָס האָבן באַלאַנגט צו עסטרייך האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף פאַר אַלגעמיינעם וואַל־רעכט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. בעת דער דאָזיקער אַקציע, וועלכע האָט אַרומגענומען די ברייטסטע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך געוועקט צו אַ זעלבסטשטענדיק פּאָליטיש לעבן, איז פועלי ציון דורכגעגאַנגען די ערשטע פייער־פּראָבע, אַרויס־טרעטנדיק שוין אַלס ערנסטער פּאָליטישער פאַקטאָר און דעראָבערנדיק זיך אַזוי אַרום עקזיסטענץ־רעכט באַגלייך מיט דער ציוניסטישער פאַרטיי און זש.פּ.ס. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון טאָרנע דערציילט „דער יידישער אַרבעטער" פון 1־טן מערץ 1906 יאָר, אַז דעם 7־טן פעברואַר 1906 יאָר איז אין טאָרנע פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג איינגעאָרדנט דורך אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטאָט. מערץ׳ס שול איז געווען איבערפולט, דעם פאָרזיץ פון דער פאַרזאַמלונג האָט געפירט ד״ר זאַלץ, און אַ צוויישעהדיקן רעפעראַט אין נאָמען פון פועלי־ציון האָט געהאַלטן ד״ר שמעון פעלדבלום, וועלכער האָט געשילדערט די לאַגע פון יידן אין עסטרייך. די רעדע און רעזאָלוציע, וועלכע רעדט וועגן דער נויטווענדיקייט צו וויילן אַ יידישע רעפּרעזענטאַנץ צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, איז אָנגענומען געוואָרן

מיט גרויס בייפאַל. ווייטער לייענען מיר אין דער אויבנדערמאַנטער קאָרעספּאָנ־דענץ, אַז די ספּאַראַטיסטן (זש.פּ.ס.) וועלכע זענען דאַסמאָל געווען פֿאַרייניקט מיט זייערע פּוילישע חברים, איז נישט געלונגען צו שטערן דער פֿאַרזאַמלונג.

ווען אין יאָר 1907 האָט זיך אָנגעהויבן די אייגנטלעכע וואַל־אַגיטאַציע צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און די ציוניסטישע פּאַרטיי איז צום ערשטן מאָל אויפגעטרעטן אין עטלעכע וואַל־קרייזן אין גאַליציע מיט אייגענע יידיש־נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטן, האָט פּועלי־ציון באַשלאָסן אין די דאָזיקע קרייזן צו שטיצן די נאַציאָנאַל־יידישע קאַנדידאַטן, און אין אַנדערע וואַל־קרייזן שטיצן נאָר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן פון אַנדערע פעלקער, אויב זיי האָבן זיך פּאָזיטיוו באַצויגן צו דער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידישן פאָלק. אויך טאַרנער פּועלי ציוניסטן האָבן זיך מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אינעם וואַל־קאַמף. פון אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אינעם פּוע״צ אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער״ פון 29.3.1907, דערוויסן מיר זיך, אַז אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג פון פּועלי ציון אין טאַרנע, וואו עס האָט געפירט דעם פאָרזיץ ד״ר שמעון פעלדבלום, איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו שטיצן דעם יידיש־נאַציאָנאַלן קאַנדידאַט ד״ר דוד מאַלץ. מצד פּועלי ציון, צו וועלכע עס האָט דעמאָלט געהערט אַ באַדייטנדיקער טייל יידישע אינטע־ליגענץ, האָבן אינעם וואַל־קאַמף זיך באַטייליקט די דעמאָלטיקע אַקטיווע פּועלי ציוניסטן, ווי: שמואל שפּאָן, יצחק שיפּער, שלמה גאָלדבערג, אליהו טיש, לאַשקאָ־וויץ. זיי פלעגן אַרויספאָרן אין אַנדערע וואַל־קרייזן, כדי אָנפירן מיט דער וואַל־אַרבעט לטובת דעם נאַציאָנאַל־יידישן קאַנדידאַט. מיט גרויס איבערגעגעבנקייט האָבן יונגע אַגיטאַטאָרן פון טאַרנע זיך איינגעשפּאַנט אין דער שווערער, מיפּולער צו יענע צייטן, פּאָליטישער אויפקלער־אַרבעט, פּאָפּולאַריזירנדיק אין די גאַליצישע שטעט דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַל־יידישער אויטאָנאָמיע.

דער פלייסיקער אָנטייל אין דער וואַל־קאַמפּאַניע פון די דעמאָלטיקע אַקטי־וויסטן צווישן דער פּועלי ציוניסטישער אינטעליגענץ אין טאַרנע, איז אָבער נישט געווען אויף דער ליניע פון דעם כסדר זיך פאַרטיפנדיקן קריסטאַליזירונג־פּראָצעס פון דער פּועלי ציוניסטישער אידעאָלאָגיע ווי אַ ציוניסטיש־פּראָלעטאַרישע באַווע־גונג מיט אַ קלאַסן־כאַראַקטער. אין דעם דאָזיקן פּראָצעס האָבן אויך נישט פאַרפעלט טאַרנער פּועלי ציון חברים. יעקב קענער, דער גרינדער פון פּועלי ציון אין טאַרנע, איז אַריבערגעוואַקסן די לאָקאַלע ראַם און איז געוואָרן איינער פון די ערשטע בויער פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי אין עסטרייך, נעמענדיק אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל אינעם אויפשטעלן דעם פּועלי ציוניסטישן וועלט־פאַרבאַנד.

נאָכן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון פּועלי ציון, אָפּגעהאַלטן אין קראָקע אין יאָר 1905, וואו עס איז פאָרגעקומען די אייגנטלעכע קאָנסטיטואירונג פון פּועלי ציון ווי אַ זעלבסטשטענדיקע פּאָליטישע פּאַרטיי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז אין אָקטאָבער 1906 פאָרגעקומען די דריטע פּועלי ציון קאָנפערענץ אין עסטרייך, וואו עס האָט זיך שוין באַשיינפּערלעך אָנגעצייכנט דאָס פּראָלעטאַרישע פּנים פון די עסטרייכישע פּועלי ציון.

פון אַ טעטיקייטס־באַריכט, וואָס דער דעמאָלטיקער פּאַרטיי־סעקרעטאַר ד״ר יוסף מאַרגוליעס האָט פאַרעפנטלעכט אינעם „יידישן אַרבעטער״

(26.10.1906), דערווייסן מיר זיך, אַז די הויפּט־אויפגאַבע פונעם סעקרעטאַריאַט איז געווען דאָס פולשטענדיקע אויסטיילן די פועלי ציון אָרגאַניזאַציע פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער השפּעה מצד די ראַיאָן־קאָמיטעטן (דיסטריקט־קאָמיטעטן), וואָס איז באַזונדערס געוואָרן נויטווענדיק מיטן מאָמענט, ווען די ציוניסטן זענען אַרויס־געטרעטן מיט אַ קלאָרער פּאָליטישער פּלאַטפאָרם און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם פּאָליטישן לעבן. ד״ר מאַרגוליעס שטרייכט עס אַזוי אונטער אין זיין באַריכט: „נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די פּאָליטיק לאָזט זיך נישט אָפּטיילן פון דער ווירטשאַפט, און אַז מיר בילדן אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, וועלכע האָט אין די דאָזיקע ענינים אַן אייגענעם פּראָגראַם און אַן אייגענע טאַקטיק, האָבן מיר דער־קלערט אויף דער קאָנפערענץ אין ווין, דעם 20־טן מאַי 1906 יאָר, ווי אויך אויף דעם אַלגעמיין־ציוניסטישן צוזאַמענפאָר, דעם 1־טן יולי 1906 יאָר אין קראָקע, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון די עסטרייכישע ציוניסטן, אַז מיר ווען אין דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע נישט אַריינטרעטן. נאָר אויב די פּאַרטיי וועט זיין אַן אמת דעמאָקראַטישע, וועט צווישן אונדז און איר מעגלעך זיין אַ בלאָק־פאַרהעלטעניש אין געוויסע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פראַגן״.

די דאָזיקע פראַגע האָט אויך קאָנסעקווענט אַוועקגעשטעלט אויפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין לעמבערג אין יאָר 1906, שלמה קאַפּלאַנסקי, דערקלערנדיק: „אונדזערע חברים מוזן אַרויסטרעטן פון די אַלגעמיין־ציוניסטישע פּאַרטייען — אויב אַ טייל באַלאַנגט נאָך צו זיי״.

ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, האָבן אין דער וואַל־אַקציע צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט באַטייליקט זיך אין טאָרנע ווי אין אַנדערע גאַליצישע שטעט, טאָרנער פועלי ציוניסטן, וועלכע האָבן גלייכצייטיק געאַרבעט אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויף דעם באָדן פלעגן פאָרקומען מיספאַרשטענדענישן. דעם 4־טן יוני 1906 יאָר שרייבט „דער יידישער אַרבעטער״ (נומ׳ 19), אַז בעת די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1907, האָבן פיל פועלי ציוניסטישע טוער זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן אימפּעט צו אַגיטירן לטובת די ציוניסטישע קאַנדידאַטן, צוליב וואָס עס האָט פיל געליטן די פּאַרטיי־דיסציפּלין. דערביי האָבן די פועלי ציוניסטן אין זייער אַגיטאַציע אינגאַנצן געדעקט דעם ציוניסטישן פּראָגראַם, נישט אַרויסברענגענדיק קיין ספּעציפיש־יידישע פּראָ־לעטאַרישע פּאָסטולאַטן. די צייטונג שרייבט אויך, אַז „ביי דער וואַל־קאַמפּאַניע איז אַרויסגעטרעטן אויך אַן אַנדערע דערשיינונג, וואָס האָט אין אָנהויב גורם געווען שוועריקייטן. נאָך דער קאָנסטיטואירונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, איז אַ טייל פון אונדזער אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך פריער אויסגעצייכנט אויך מיט איר וואַקלדיקער האַלטונג, — אינגאַנצן אַריבער אין בירגערלעכן ציוניסטישן לאַגער. דורכדעם איז אין מאַנכע ערטער, וואו די פירונג איז אינגאַנצן געלעגן אין די הענט פון דער אינטעליגענץ, אַנטשטאַנען אַ דעזאָרגאַניזאַציע״.

אויך אין טאָרנע האָט פועלי ציון פאַרלאָזט אַ גרופּע טוער, ווען עס האָט נישט אַנטשפּראָכן די אַלץ מער בולטע קלאַסן־ליניע פון פועלי ציון. אויב די פועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע האָט גליקלעך איבערגעקומען דעמדאָזיקן קריזיס, איז עס קודם כל צו פאַרדאַנקען אַזעלכע טוער ווי ד״ר יצחק

שיפּער, דניאל לייבל, הענעך טיש, וועלכע זענען ווייטער געווען טעטיק אין דער פּאַרטייאישער אַרבעט. אויך די „יוגנט״ אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען אונטער דער השפּעה פון פּועלי ציון, האָט איצט אַ סך געהאָלפן דער פּאַרטיי און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעזערוואואַר פון אַקטיווע פּועלי ציוניסטישע כוחות.

די שייד־ליניע צווישן פּועלי ציון און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ וואָס מער בולטע, וואָס עס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער אָנגענו־מענער רעזאָלוציע אויפן פערטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין מערץ 1908 אין לעמבערג, וואָס האָט איבערגעחזרט דעם באַשלוס פון פאַריקן צוזאַמענפאָר, לויט וועלכן פּאַרטיי־מיטגלידער טאָרן נישט געהערן צו אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען.

## 2. די ערשטע פּאליטישע אקציעס

עס האָט זיך דערנענטערט דער טערמין פון דער צווייטער וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי ציון, וועלכע האָט געדאַרפט געבן אַן ענטפער אויף אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער פּועלי ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. אין יאָר 1909 קומט קיין גאַליציע איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער פּועלי ציון וועלט־באַוועגונג — זרבבל, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אין דער גאַליצישער פּועלי ציון. אין אָקטאָבער 1909 יאָר איז זרבבל געקומען קיין טאַרנע און דאָ אַרויסגעטרעטן מיט צוויי רעפעראַטן: „די לאַגע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט״, און „די גרונט־יסודות פון פּועלי ציוניזם און די אויפגאַבן פון דער צווייטער וועלט־קאָנפערענץ״. זרבבלס באַזוך אין טאַרנע האָט פיל מיטגעהאָלפן שטאַרקן דעם פּאַרטיי־אַקטיוו און באַרייכערט די „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע מיט נייע מיטגלידער. די באַוועגונג האָט איצט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער. געווען אויך ביי פּועלי ציון אין טאַרנע אַ גרופּע סטודענטן, אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערן קרייז „חרות״, וועלכער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע אין לעמבערג. פון יאָר 1909 האָט די צענטראַלע אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע צייטשריפט פאַר סטודענטן „נאַשע האַסלאָ״ („אונדזערע לאָזונגען״). רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט איז געווען מעללער פון קראָקע.

אין די שפּעטערע יאָרן איז דאָס גאַליצישע יידנטום אַרויסגעטרעטן אינעם קאַמף פאַר זיינע נאַציאָנאַלע רעכט אין שייכות מיט דער פאָלקסציילונג אין יאָר 1910, די פּאַרלאַמענט וואַלן אין יאָר 1911 און מיט דער אַקציע צו רעפאָרמירן די וואַל־אָרדינאַציע צום גאַליצישן סיים. די פּועלי ציון פּאַרטיי איז איצט געווען אַ זעלבשטענדיקער אומאָפּהענגיקער פּאָליטישער פאַקטאָר, וועלכער האָט אין יעדער פון די אויבנדערמאָנטע אַקציעס אַרויסגעוויזן פיל אַקטיוויטעט און איניציאַטיוו.

אין דער אויפקלער־אַרבעט אָנצוגעבן י י ד י ש אַלס מוטער־שפּראַך אויפן אַנקעטע־בויגן בעת דער פאָלקס־ציילונג, איז טאַרנער פּועלי ציון נישט געבליבן הינטערשטעליק. די פּאַרטיי האָט סיי אַליין, סיי מיט אַנדערע פּאַרטייען, דורכגעפירט פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, וואו די הויפּט־רעדנער זענען געווען ד״ר שיפּער, דניאל לייבל און יואל שנור. ס׳איז אויך געפירט געוואָרן אַ מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע, ס׳איז

אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ביוראָ אויסצופילן די פרעג־בויגנס, נישט מורא האָבנדיק פאַר די פאַרשידענע אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן, וואָס די עסטרייכישע מאַכט פלעגט אַרויפלייגן פאַר אַזאַ אַגיטאַציע, אָדער פאַר אָנגעבן יידיש אַלס אומגאַנגס־שפראַך.

פועלי ציון אין טאַרנע האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף צווישן די יידישע אַרבעטער. דער פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע און פּריוואַט־באַאַמטע אונטער דער השפעה פון פועלי ציון, איז געווען זייער פּאָפּולער אויף דער יידישער גאַס, אַ דאַנק די געפירטע פאַרשידענע אַקציעס און שטרייקן צו פאַרבעסערן די לאַגע פון דער קאַטעגאָריע אַרבעטער. דער דאָזיקער פאַריין איז געווען פון די אַמבעסטן אָרגאַניזירטע אין גאַליציע, אַ דאַנק דער אומדערמידליכער און טרייער אַרבעט פון אליהו זעלינגער, איינער פון די אַממיינסטן איבערגעגעבענע אַקטיוויסטן פון פועלי ציון (געשטאָרבן אין יאָר 1948 אין לאָנדאָן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי און זון, וועלכע געפינען זיך איצט אין ישראל). ווען ס'איז אין אָקטאָבער 1910 פאָרגעקומען אין ווין דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין עסטרייך, איז אַלס דעלעגאַט פון טאַרנע געפאָרן אליהו זעלינגער. ער איז אויך דערווײלט געוואָרן אינעם אויספיר־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד.

צו יענער צייט זענען אין טאַרנע געווען פיל חדרים, וואו עס זענען געווען באַשעפטיקט אַ סך בעלפער, וואָס זענען עקספּלאָאַטירט געוואָרן אויפן מוראדיקסטן אופן, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין פריער געשריבן. אין יאָר 1910 זענען באַנייט געוואָרן די פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די בעלפערס, און צו דעם צוועק זענען זיי גערופן געוואָרן אין פועלי־ציון לאָקאַל אויף אַ פאַרזאַמלונג. וועגן זייער לאַגע האָבן רעפע־רירט ד"ר שיפער און אליהו זעלינגער. די רעדנער האָבן אויך אַרויסגעבראַנגט די נויטווענדיקייט פון אַ פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע פון די בעלפער.

פועלי ציון האָבן דעמאָלט געהאַט אין זייערע רייען קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע און באַאַמטע. באַגלייך מיט אַנדערע סאָציאַליס־טישע פאַרטייען, האָט פועלי ציון אין טאַרנע געפייערט דעם ערשטן מאַי, דעם טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יומטוב. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון טאַרנע, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין נומ' 7 „דער יידישער אַרבעטער" פון 6־טן מאַי 1910, לייענען מיר פאָלגנדעס:

„אונדזער מאַי־יומטוב איז אויסגעפאַלן זייער געלונגען. ביז 400 מאַן האָבן אָנגעפּולט אונדזער לאָקאַל. פון האַלב דריי נאָכמיטאָג ביז 6 אַ זייגער אָוונט האָט זיך געצויגן די פאַרזאַמלונג. ס'האָבן גערעדט די חברים: ד"ר יצחק שיפער, שנור, טיש, ראָזענטאַל און אַנדערע. אויף אונדזער פאַרזאַמלונג איז אויך אַרויסגעטרעטן מיט אַ וואַרעמער רעדע דער פאָרשטייער פון זש.פּ.ס. בירנבוים. דאָס האָט געשאַפן אַ נאָך מער געהויבענע שטימונג. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך לאַנג נאָך געלאָזט הערן אונדזערע פרייהייטס־לידער, ביינאַכט איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַ שיינער ליטעראַרישער אָוונט, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די חברים ד"ר יצחק שיפער און זרבבל. ביי דער געלעגנהייט האָבן מיר געזאַמלט אויף „האחדות" ביז 50 קראָנען".

אין סעפּטעמבער 1910 איז אין טאַרנע פאָרגעקומען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער פועלי ציון פאַרטיי, וואו עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ

נייער אָרטיקער קאַמיטעט (ד״ר י. שיפּער, שעדליסקער, איינשפּרוך, העניג און זעקס אַנדערע מיטגלידער). דעם 10־טן דעצעמבער 1910 איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונעם פּועלי־ציון פאַריין, וועלכער האָט אין דער אינער־לעכער טעטיקייט געהאַט פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע. לויטן באַריכט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג „דער יידישער אַרבעטער״ (דעצעמבער 1910), האָט מען אין יענעם יאָר צונויפגעזאַמלט פאַרן פּאַלעסטינער יידישן אַרבעטער־פאָנד 5.423 קראָן. אין דער פאַרוואַלטונג זענען דערווײלט געוואָרן: אורמאַכער — פּרעזעס, שנור לעמל — וויצע־פּרעזעס, פעניג — סעקרעטאַר, מעצגער — קאַסיר, נוימאַן — ביבליאָטעקאַר, שעדליסקער, גוטפרוינד, שפּייער, קרייצער, פאַסט, האָרן, מ. לייבל.

ביי די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1911, האָט טאַרנער פּועלי ציון געפירט אַ לעבהאַפטע אויפקלער־אַרבעט, שטיצנדיק נאָר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן זיך פּאָזיטיוו באַצויגן צו די נאַציאָנאַלע פּאָסטולאַטן פון גאַליצישן יידנטום און שאַרף באַקעמפט די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון פּ.פּ.ס.

נאָך אַ יאָר אינטענסיווער טעטיקייט איז אין אויגוסט 1911 פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונעם פאַריין פּועלי ציון אין טאַרנע. פונעם באַריכט אין „דער יידישער אַרבעטער״ (25.8.1911) דערוויסן מיר זיך, אַז אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט יואל שנור (פון פאַך אַן איינבינדער, וועלכער איז בעת די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד אין יאָר 1905, געקומען פון דאָרט קיין טאַרנע און געהערט צו די אַקטיווע פּאָפּולאַריזאַטאָרן פון פּועלי ציוניזם — אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה) געהאַלטן אַ רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט געמאָלן די טעטיקייט פונעם פאַריין אין משך פון לעצטן יאָר, אָפּשטעלנדיק זיך לענגער אויף דער פּאָליטישער אַרבעט פון פּועלי ציון אין טאַרנע, באַזונדערס וועגן די פּראָבלעמען פונעם פּערטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין לעמבערג, פאָלקס־ציילונג, וואַל־אַקציע צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, דערציילנדיק אויך וועגן די דערפאָלגן פון דער קולטורעלער אַרבעט. פונעם באַריכט ווייזט זיך אַרויס, אַז פאַר דעם לעצטן יאָר האָט דער פאַריין געהאַט הוצאות 862 קראָן 38 גראָשן און הכנסות — 860 קראָן. דעם באַריכט וועגן ביבליאָטעק האָט אָפּגעגעבן אברהם ניימאַן (אַ קאָמאַשנמאַכער, געקומען פון רוסלאַנד קיין טאַרנע אין יאָר 1905, אַ דיכטער אין יידיש, אַוועקגעקומען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די פּועלי ציון ביבליאָטעק אין טאַרנע איז די שענסטע אין שטאָט און פאַרגעלייגט פאַרוואַנדלען זי אין אַ פאָלקס־ביבליאָטעק. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג: יוסף באַנד — פאָרזיצער, משה פאַסט — וויצע־פּרעזעס, שעדליסקער — סעקרעטאַר, מעצגער — קאַסיר, ניימאַן — ביבליאָטעקאַר, יחזקאל האָרן, שיינמאַן, האָכמאַן, לאוב, עדעלהייט, שידלאָוו און פּראַמער.

אין יאָר 1912 האָבן טאַרנער פּועלי ציון געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן קוריעס־סיסטעם ביי וואַלן און קעגן אַריינפירן אין גאַליצישן סיים ווירילי̇סטן (פּאָרדינסטפּולע). פּועלי ציון אין גאַליציע האָט אַרויסגערוקט די פאָדערונג

איינצושטעלן אַן אַנטשפּרעכנדיקע צאָל יידישע וואַל־קרייזן מיט אַ שטאַרקער יידישער מערהייט, ביים אָנווענדן דעם פּירפאַכיקן וואַל־סיסטעם.

די דאָזיקע פּאָליטישע אַקציעס האָבן שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון פּועלי ציון, וועלכע האָבן נישט פאַרנאַכלעסיקט דעם טאָגטעגלעכן קאַמף פון די יידישע אַרבעטער. אויך צווישן דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיך געשטאַרקט די איינפלוסן פון פּועלי ציון אין גאַליציע, און אויף דער קאָנפערענץ פון דער יידישער שטודירנדיקער סאָציאַליסטישע פּועלי ציון־יוגנט אין גאַליציע אין נאָוועמבער 1911 אין לעמבערג, איז געווען אויך אַ דעלעגאַט פון טאָרנע. די רעדאַקציע פון סטודענטישן אָרגאַן „נאַשע האַסלאַ" האָט איבערגענומען ד"ר י. שיפּער, און מיט די אַדמיניסטראַטיווע ענינים האָבן זיך פאַרנומען די טאָרנער פּועלי ציוניסטן אַדאָלף קאַץ און יוליוש גאָלדבערג.

גאָר שיין האָט זיך אַנטוויקלט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין דעצעמבער 1911 יאָר איז אין טאָרנע פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואו עס זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס בערל לאָקער, ד"ר יצחק שיפּער און אליהו זעלינגער. אין נאָוועמבער 1912 יאָר איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין, וואו נאָך די רעפעראַטן פון ראָטנבערגן, שוואַרץ און שידלאָווו, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אליהו זעלינגער — פאָרזיצער, חיים שוואַרץ — וויצע־פאָרזיצער, פּרל. ראָזענטאַל — סעקרעטאַר, ראָטענבערג — קאַסיר, בעגלייטער, ראָטקאָפּ, טוכפערדערבער, האוזער, גוטפרוינד און טעלערמאַן.

וועגן דער באַדייטונג און חשיבות פון פּועלי ציון אין טאָרנע נאָך אין יאָר 1912, זאָגט עדות דער פאַקט, אַז צום זעקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון פּועלי ציון אין עסטרייך, פאָרגעקומען אין לעמבערג דעם דאָזיקן יאָר, זענען פון טאָרנע דעלעגירט געוואָרן דריי חברים: יואל שנור, אליהו זעלינגער און אברהם כאָמעט.

נאָכן צוזאַמענפאָר איז אין טאָרנע געגרינדעט געוואָרן אַ פּועלי ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע א. נ. „רחל". אַזוי אַרום איז דער פּועלי ציון קאָמיטעט אין טאָרנע באַשטאַנען צו יענער צייט פון דריי דעלעגאַטן פון יעדער גרופּע באַזונדער: פאַריין פּועלי ציון, פון האַנדל־אָנגעשטעלטן פאַריין, פון דער „יוגנט" און פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע „רחל".

די אַנטוויקלונג פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע איז אין די ווייטערדיקע יאָרן געגאַנגען אויף דער ליניע פון אַ בפירושער קלאַסן־דיפערענציאַציע אינעם ציוניזם. דאָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק ביי דער וואַל־אַקציע צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1913, ווען פּועלי ציון האָט קאָנסעקווענט זיך אָפּגעגרענעצט פונעם פּראָגראַם, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין די יאָרן 1912־13־14 איז פּועלי ציון אין טאָרנע דערגאַנגען צו אַ הויכער מדרגה קודם כל אַ דאַנק איר קולטור־טעטיקייט, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך ד"ר יצחק שיפּער, וועלכער איז שוין דעמאָלט באַרימט געווען אַלס היסטאָריקער, און פון דעם געניטן קענער פון דער יידישער ליטעראַטור דניאל לייבל, וועלכער האָט זיין טיף וויסן און אַלזייטיקע אינטעליגענץ אַוועקגעגעבן דער יידישער

אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום פּועלי ציון. אינעם פּאַרטיי־קלוב (אויפן בורעק), פלעגן פאָרקומען פאָרלעזונגען אויף היסטאָרישע און עקאָנאָמישע טעמעס, קורסן פאַר יידיש, פּויליש און העברעאיש, יידישע און אייראָפּעאישע ליטעראַטור. עס איז נישט געקאַרגט געוואָרן קיין מי אויף אַראָפּצוברענגען קיין טאָרנע אָנגעזעענע געלערנטע, ליטעראַטן און יידיש־געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן דעמאָלט געלעגנהייטלעך געוויילט אין גאַליציע. אַזוי זענען אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1914 פאָרגעקומען עפנטלעכע רעפעראַטן פון נתן בירנבאום און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. די דאָזיקע רעפעראַטן, איינגעאָרדנט דורך פּועלי ציון, זענען פאָרגעקומען אין סאָלדינגער־זאַל און צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. דער שטאָלץ פון פּועלי ציון אין טאָרנע איז דעמאָלט געווען די ביבליאָטעק, די איינציקע אין שטאָט מיט יידישע ביכער, וועלכע האָט געהאַט עטלעכע הונדערט ביכער פון דער יידישער ליטעראַטור. דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער פּאַרטיי האָט געגעבן פאָרשטעלונגען פון די בעסטע יידישע פּיעסן און איינאַקטערס.

אין יאָר 1913 האָט טאָרנער פּועלי ציון איינגעאָרדנט צום ערשטן מאָל אין שטאָט אַ „בלימעל־טאָג״ פאַר איינקויפן ביכער אין ביבליאָטעק. די דאָזיקע עפנטלעכע געלט־זאַמלונג פאַר אַזאַ וויכטיקן קולטור־צוועק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פאַר דער יידישער ליטעראַטור. די אומדערמידלעכע אַרבעט פון פּועלי ציון חברים אין משך פון אַ גאַנצן טאָג, ביים שאַפן געלט פאַרן ביכער־איינקויף, האָבן אַרויסגערופן אַזאַ ענטוזיאַזם, אַז אינאָוונט איז אויף אַ ספּאָנטאַנעם אופן פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אויפן הויף פון בערנשטיינס הויז. מיט רעדעס זענען דעמאָלט אַרויסגעטרעטן ד״ר שיפּער, דניאל לייבל, זעלינגער און א. כאָמעט. אַ באַזונדערן דערפאָלג אין „בלימל־טאָג״ האָט געהאַט צו פאַרצייכענען דער עמיגראַנט פון רוסלאַנד און אַקטיווער פּועלי ציוניסט חנא מאָדזשעוויעצקי (איצט אין ישראל).

אין שפּיץ פון דער פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע איז צו יענער צייט געשטאַנען דער איבערגעגעבענער, אַרבעטזאַמער און אינטעליגענטער באַנק־באַאַמטער יוסף באַנד (אומגעקומען אויפן פראָנט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה). מיט אים האָבן צוזאַמענגעאַרבעט אויסער ד״ר שיפּער, דניאל לייבל און דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות: יואל שנור, אברהם ניימאַן, האָכמאַן (אַ מאָלער־אַרבעטער, עמיגרירט קיין אַמעריקע אין יאָר 1914), לעמל שנור (געפאַלן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), משה פאַסט (אַ קאַפּעלוש־אַרבעטער, איינער פון די ערשטע פּועלי ציוניסטן, דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן), ראָטקאָפּ (אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע), דער שוין דערמאָנטער אליהו זעלינגער, איינער פון די אַקטיווסטע און איבערגעגעבנסטע פּועלי ציון טוער, העגעדטיש (גרינדער פון „יוגנט״, גלענצנדער רעדנער, פאַרשפּרייטער פון יידישער ליטעראַטור, אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע אין טאָרנע), יחזקאל האָרן (קאַמאַשנמאַכער, אַגיטירט יידישע אַרבעטער אָרגאַניזירטע אין זש.פּ.ס., געשטאָרבן אין אַ היטלעריסטישן קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער), יחיאל ענגעל (אַ שטילער אינטעליגענטער האַנדלס־אָנגעשטעלטער, טרייער אָנהענגער פון פּועלי ציון ביז זיין טויט־

אין אַ היטלעריסטישן קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער). אין דער „יוגנט" זענען דעמאָלט געווען אַקטיוו: חיים העניג, פּאָפּולער צווישן דער אַרבעטער־יוגנט אַ דאַנק זיין קענען די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, וועלכער איז אין די יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה אויסגעוואַקסן צו אַ באַדייטנדיקן פירער פון פועלי ציון אין פוילן; פנחס גליק (אַ טרייער איבערגעגעבענער אַרבעטער, טריי געווען פועלי ציון ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג, אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים), און נאָך פיל אַקטיוויסטן. איבער דער דאָזיקער פּלעיאַדע איבערגעגעבענע טוער, איבער זייער פּאָליטישער און קולטורעלער אַרבעט, איבער זייער אידעאָלאָגישער דערצי־



דניאל לייבל

אונג, האָבן געוואַכט ד״ר יצחק שיפּער און דניאל לייבל, וועלכע האָבן אויף יעדן רוף פון דער פּאַרטיי טריי געדינט איר, און מיט לייב און לעבן געווידמעט זיך דער דערציאונגס־אַרבעט פונעם יידישן אַרבעטער.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן די ווייטער־דיקע נאָרמאַלע טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. די מיינסטע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין פאַרשידענע פּאָלקן פון דער עסטרייכישער אַרמיי.

## 3. פועלי ציון אין טארנע אין די יארן 1919 — 1914

דער בילאַנס פון פועלי ציון טעטיקייט ביז סוף יולי 1914 איז געווען אַ פּאָזיטיווער: דער אָנטייל אין דער קאָנקרעטער ציוניסטישער אַרבעט, די סאָציאַ־ליסטישע טעטיקייט, די באַאיינפלוסונג פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טאַרנע, דאָס דעראָבערן זיך אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער

באַוועגונג און דאָס פולשטענדיקע באַהערשן דעם פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע און פריוואַט־באַאַמטע, דער באַדייטנדיקער צושטייער אינעם קולטורעלן לעבן פון יידישן טאַרנע, די שטאַרקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע און די השפעה ביי דער יידישער אינטעליגענץ — אָט אַזאַ איז געווען די דערגרייכונג פון דער צוועלפיאָריקער פועלי ציוניסטישער טעטיקייט אין טאַרנע.

אין די מלחמה־יאָרן 1914־18 זענען נישט געווען קיין באַדינגונגען פאַר פאַרטיי־אַרבעט. אין שטאָט זענען פאַרבליבן בלויז די אומדערמידלעכע נחום איינשפרוך, פנחס גליק, וועמען עס איז געלונגען צו גרופירן אַרום זיך אַן ענגן קרייז יונגע פועלי ציוניסטן: גאָלדפאַרב, בראָנשטיין, פּאָגעלפאַנג. זיי איז טיילווייז געלונגען צו פאַרפולן דעם בלויז פון די פעלנדיקע חברים, וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. די קולטור־אַרבעט איז ווייטער פאָרטגעזעצט געוואָרן, הגם מיט גרויסע שוועריקייטן. עס איז אויפגעהאַלטן געוואָרן די ביבליאָטעק, וואָס איז איבערגעטראָגן געוואָרן אינעם לאָקאַל פון דער „יוגנט״. עס איז אויך געטאָן געוואָרן אַלץ, כדי אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די חברים, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער אָדער געפונען זיך אויפן פראָנט. געווען טאַרנער פועלי ציוניסטן אין פאַרשידענע גאַרניזאָנען, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּרייסן פון דער באַוועגונג. אליהו זעלינגער, וועלכער האָט געדינט אין לובלין, האָט פיל מיטגעהאָלפן צו דער



פועלי־ציון אַקטיוויסטן אין טאַרנע אין יאָר 1918

פון לינקס אויף רעכטס: נ. איינשפרוך ז״ל, מ. העניג, (איצט אין ישראל), גאָלדפאַרב (איצט אין ניו־יאָרק), אליהו זעלינגער ז״ל, פאָגעלפאַנג (איצט אין תל־אביב) פנחס גליק ז״ל, מרדכי בראָנשטיין (איצט ארדון אין ירושלים).

אויפלעבונג פון דער פּאַרטיי־אַרבעט אין דער דאָזיקער שטאָט. אין מיינסטע פאַלן איז דאָס געווען אַן אומלעגאַלע טעטיקייט, פונדעסטוועגן איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנטאַקט. מען האָט זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירט וועגן די אַרבעטן פון וועלט־פאַרבאַנד, וועלכער האָט אין די מלחמה־יאָרן אַנטוויקלט אַ העפטיקע טעטיקייט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, כדי פּאָפּולאַריזירן די אידעאישע גרונט־הנחות פון פּועלי ציוניזם. די דאָזיקע אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג, ווייל אין יאָר 1917 איז פּועלי ציון אָנגענומען געוואָרן אינעם דעמאָלטיקן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס דאָזיקע געשעעניש האָט אַ סך דערמוטיקט די פּועלי ציון חברים, צעשפּרייטע אין פיל לענדער. נאָכן פונאַנדערפאַלן זיך פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, האָבן די צוריקגעקומענע פּועלי ציוניסטן גענומען זיך צוריק צו דער אַרבעט מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע.

דעם 16־טן דעצעמבער 1918 יאָר איז אין קראָקע פאָרגעקומען די לעצטע קאָנפערענץ פון די עסטרייכישע פּועלי ציון. אָנוועזנד איז דעמאָלט געווען דער לייטער פון פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט אין עסטרייך, ש. רודעל, וועלכער האָט אין נאָמען פון סעקרעטאַריאַט דערלויבט דער מערב־גאַליצישער פּועלי ציון אָנשליסן זיך אָן דער פּוילישער פּועלי ציון. לויטן באַשלוס פון דער קאָנפערענץ זענען ש. רודעל און ד״ר יצחק שיפּער אַרויסגעפאָרן צו דער ערשטער פּועלי ציון קאָנפערענץ אין פּוילן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַרשע, דעם 19.12.1918, וואו עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אָפיציעלע פאַרייניקונג פון דער גאַליצישער פּועלי ציון מיט פּועלי ציון אין פּוילן.

אַ נייעם אויפבלי־פּעריאָד האָט איצט געהאַט צו פאַרצייכענען די טאָרנער פּועלי ציון. גלייך נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, האָבן אין שטאָט זיך אומגעקערט די פּועלי ציון אַקטיוויסטן: דניאל לייבל, הענעך טיש, בנימין לייבל, אליהו זעלינגער, אברהם כאָמעט, יחזקאל האָרן, יחיאל ענגעל, משה פאַסט, חיים העניג, און צוזאַמען מיט די חברים, וואָס זענען בעת דער מלחמה פאַרבליבן אין טאָרנע — פּנחס גליק, נחום איינשפּרוך, זאָשקע פּייערשטיין, בורשטין, יוסף פּערלבערגער, סינאַי, חיים הויזמאַן, מרדכי בראָנשטיין און פיל אַנדערע דערצויגענע פון „יוגנט". זיי זענען צוגעטרעטן צוריק אויפבויען די אָרגאַניזאַציע. דער באַנייטער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן אין „יוגנט"־לאָקאַל אין מילערס הויז אויפן בורעק, דערנאָך — אין אייגענעם גרויסן לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אינעם הויז פון בנימין פאַריזער אינעם פּילזנער טויער.

אין צווישנצייט האָבן פון דער רוסישער געפאַנגענשאַפט זיך אומגעקערט יונגע פּועלי ציוניסטן, פולע מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס: יצחק שיפּער (אַ קרוב פון היסטאָריקער י. שיפּער), דוד ענגעל, וואָוועק מעצגער, שפּילפאָגעל (די ערשטע דריי — אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים, דער לעצטער געפינט זיך איצט אין פּאַריז). זיי האָבן פיל מיטגעהאָלפן אויפצולעבן די פּאַרטיי־אַרבעט אין טאָרנע. עס דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן די נעמען פון די יונגע אַקטיוויסטן: בערל וואַל (געשטאָרבן אין א״י אין יאָר 1928) און יהודה ליכטינגער (עולה געווען אין יאָר 1920, איצט — לייטער פון קופּת חולים אין רמתיים).

ד״ר יצחק שיפּער איז נאָך אַ קורצע צייט נאָך דער וועלט־מלחמה פאַרבליבן

אין טאַרנע, ווייל ער האָט זיך געמוזט באַטייליקן אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום ערשטן פּוילישן געזעצגעבערישן סיים אין יאָר 1918, אַלס קאַנדידאַט פון פּועלי ציון. דערנאָך האָט ער זיך שוין באַזעצט אין וואַרשע, וואו ער האָט איבערגענומען אַ וויכטיקן אַמט אין דער פּאַרטיי־אָנפירונג און אין דער רעדאַקציע „אַרבעטער־צייטונג״. דערנאָך איז קיין וואַרשע אַרויסגערופן געוואָרן דניאל לייבל אַלס רעדאַק־טאָר אין דער „אַרבעטער־צייטונג״. טאַרנע האָט אַזוי אַרום אָנגעוואוירן צוויי באַדייטנדיקע פּועלי ציון טוער, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַציע פון איר אָנשטייאונג אָן.

די באַנייטע און פאַרייניקטע פּועלי ציון פּאַרטיי, וועלכע האָט מיט אירע איינשטעלונגען אַרומגענומען אַלע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן, האָט זיך איצט געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו דעראָבערן די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. דער קאַמף מיט די שטאַרקע איינפלוסן פון בונד אין טאַרנע, דאָס אָרגאַניזירן יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס, דאָס באַקומען אַ גרעסערע השפעה אויפן פּראָפעסיאָנעלן לעבן — איז געוואָרן די הויפּט־אויפגאַבע פונעם טאַרנער פּועלי ציון קאָמיטעט. דערביי איז אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די ציוניסטישע אַרבעט.

דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען עס זענען געוואַקסן די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, ווען עס האָבן זיך געשאַפן אַרבעטער־ראַטן און מען האָט דערוואַרט דעם נאָענסטן אויסברוך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע ווי אַן אומפאַרמיידלעכע זאַך. אויך אין פּוילן זענען געשאַפן געוואָרן אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן. וועגן שאַפן דעמאָלט אַן איינהייטלעכן פראָנט צווישן ביידע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד צוליב דער שטאַרקער אַקצענטירונג פונעם ציוניסטישן מאָמענט ביי פּועלי ציון, ביי דער אַבסאָלוטער נעגירונג פונעם ציוניזם מצד דעם בונד. אין דער פּרעסע, אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ קאַמף צווישן בונד און פּועלי ציון. מען דאַרף דערביי אונטערשטרייכן, אַז אין טאַרנע איז דער דאָזיקער קאַמף געפירט געוואָרן ביי קעגנזייטיקער אַכטונג און ביים איינהאַלטן די גרענעצן פון לאָיאַלער דיסקוסיע. עס זענען צו יענער צייט באַרימט געוואָרן די גלענצנדע פּאָלעמישע אַרטיקלען צווישן פּועלי ציון פירער אין פּוילן — זרבבל אין דער וואַרשעווער „אַרבעטער־צייטונג״, און בייניש מיכאַלעוויטשעס ענטפערס אין דער „פאָלקסצייטונג״. די פּרייטיק־נומערן פון די צוויי גוט־רעדאַגירטע צייטונגען זענען ממש צעכאַפּט געוואָרן דורך די ברייטסטע מאַסן יידישע אַרבעטער אין טאַרנע.

פּועלי ציון אין טאַרנע האָט זיך שוין אינגאַנצן אָפּגעגרענעצט פונעם בירגער־לעכן ציונים. ווען אין יאָר 1918 איז דעראָבערט געוואָרן די טאַרנער קהילה, זענען אין דער צייטווייליקער פאַרוואַלטונג אַריין אויך פאָרשטייער פון פּועלי ציון, באַגלייך מיט פאָרשטייער פון ציוניסטן, מזרחי און התאחדות. שוין אין יאָר 1919, ווען מען האָט זיך געגרייט צו קהילה־וואַלן, האָבן טאַרנער פּועלי ציון פאַרלאַנגט די פאַרוואַלטונג, פאָדערנדיק אַ דעמאָקראַטיש וואַל־סיסטעם צו דער קהילה. פון אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז געוועזן אָפּגעדרוקט אין דער „אַרבעטער־צייטונג״ (נומ׳ 57, 24.11.19) דערוויסן מיר זיך, אַז דער לאָקאַלער קאָמיטעט פון פּועלי ציון אין טאַרנע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין 5.000 עקזעמפּלאַרן, אין וועלכן ער

רופט די יידישע אַרבעטער צו פירן אַ קאַמף פאַרן דעמאָקראַטישן וואַל־סיסטעם צו דער קהילה; אַז פועלי ציון, צוזאַמען מיט זש.פ.ס., איז געלונגען איבערצונעמען אַ מיטינג וועגן קהילה־וואַלן, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך טאָרנער ציוניסטן, אַז מצד פועלי ציון זענען אין פרעזידיום אַריין נחמיה קאַץ, און פראָגראַם־רעדעס האָבן געהאַלטן א. כאָמעט און א. זעלינגער, רופנדיק צו שאַפן אַ פראָלעטאַרישן פראָנט צום געמיינזאַמען קאַמף מיט דער רעאַקציאָנערער קהילה. עס איז אָבער דערגאַנגען צו אַ געשלעג צווישן פועלי ציון און זש.פ.ס., און אין דער קאָרעספּאָנדענץ לייענען מיר פאָלגנדעס:

„דער פועל יוצא דערפון איז געווען — אומשולדיק צעבלוטיקטע אַרבעטער".

אויף דער איניציאַטיוו פון פועלי ציון זענען דעמאָלט אין טאָרנע אויפגעשטעלט געוואָרן עטלעכע קאָנסום און פראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, עס זענען אויך געגרינדעט געוואָרן פראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַריינען פון אויבערטיילמאַכער, האַנדלס־אָנגע־שטעלטע און ביוראַליסטן, שניידער, טרעגער, הויז־דינערינס, קאַפּעלושן־אַרבעטער, זייגערמאַכער און גאָלדשמידן. די אויסגעברייטערטע אַרבעט אויף אַלע געביטן פונעם יידישן אַרבעטער־לעבן האָט געפאָדערט אַ גרעסערן אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט די ספּעציעל אַנגאַזשירטע סעקרעטאַרן יוסף פערלבערגער און יחזקאל האָרן. טאָג־טעגלעך פלעגן אין גרויסן פאַרטיי־לאָקאַל אין פילזנער טויער פאָרקומען פאַך־פאַרזאַמלונגען פון די באַזונדערע אַרבעטער און די דורכגעפירטע שטרייקן האָבן געהויבן דעם אויטאָריטעט און חשיבות פון די פועלי ציוניסטישע פראָפ׳־פאַריינען.

אויך אויפן קולטור־געביט האָט פועלי ציון אין טאָרנע פאַרנומען דעם אויבנאָן. אין שפּיץ פון דער פאַרטיי איז דעמאָלט געשטאַנען דער שניידער־אַרבעטער ספּאָדעק. אין פאַרטיי לאָקאַל איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן עפנטלעכער לייענזאַל, אַ יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, כמעט טעגלעכע שמועסן און לעקציעס. עס זענען גוט אַריין אין זכרון די דיסקוסיע־אָוונטן יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס אינעם פועלי ציון קלוב, וואו עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן אַלע אַקטועלע געזעלשאַפטלעכע, נאַציאָנאַלע און קולטור־פראָבלעמען. די דיסקוסיע־אָוונטן האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן אַרבעטער און אינטעליגענץ. מיט די אַלע אַרבעטן האָט אָנגעפירט אַ גאַנצער קאָלעקטיוו טרייע פועלי־ציוניסטן: הענעך טיש, פנחס גליק, דניאל לייבל, אברהם כאָמעט, א. זעלינגער, יחזקאל האָרן, יוסף פערלבערגער, יצחק שיפער, חיים העניג, זאָשקע פייערשטיין, סינאי, קאַהלער, יחיאל ענגעל, נחום איינשפרוך, גאָלדפאַרב, ליכטינגער און פיל מיטגלידער פון דער שיינער טאָרנער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע.

די השפעה פון טאָרנער פועלי ציון האָט יענע צייטן געגרייכט אויך צו די קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ, גרופּירט אינעם אַקאַדעמישן פאַרבאַנד „בר־כוכבא". נאָך לייַדנשאַפטלעכע און אָפטמאָל שטורמישע דיסקוסיעס איז אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון „בר־כוכבא", ווי מילא פלור (שפּעטער — פרוי סראָקאַ, טעטיק איצט אינעם שולוועזן אין ישראל), ישראל סראָקאַ (דערנאָך — באַדייטנדיקער דאָקטאָר אין קראָקע, אומגעקומען אויף אוקראַינע דורך די היטלער־ריסטישע מערדער), יצחק ליאָן (אומגעקומען אין לעמבערג בעת דער אָקופּאַציע),



אַ גרופּע פּועלי ציון אַקטיוויסטן אין טאַרנע אין יאָר 1918

פון לינקס אויף רעכטס שטייענדיק: אברהם כאַמעט, יצחק שיפּער ז״ל. — זיצנדיק: פּנחס גליק ז״ל, זאַשקע פייערשטיין (איצט פרוי העניג אין תל־אביב), שלמה ריין.

מאַניעק גזשיב (שפּעטערדיקער קאָמוניסטישער פירער אין דייטשלאַנד, רעדאַקטאָר פון אַ קאָמוניסטישער צייטונג אין לייפּציג, דערנאָך טעטיק אין דער קאָמפּאַרטיי אין כינע), שלמה ריין (געווען ידיעות אז ער איז איצט אין אַ סאָוויעטישער תפיסה), אַלטער בייטש (געשטאָרבן אין דייטשלאַנד ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה), — זענען אַרויסגעטרעטן פון „בר־כוכבא״ און אַנגעשלאָסן זיך אינעם פּועלי־ציוניסטישן אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד „חרות״, צו וועלכן עס האָט שוין געהערט שמואל וואַנד־שטיין, שפּעטערדיקער אַדוואָקאַט אין קראָקע, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפּחה אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין לעמבערג, דוד אייכענהאָלץ, שפּעטערדיקער אַדוואָקאַט אין ראָפּטשיץ, איצט אין ישראל, און פיל אַנדערע אַקאַדעמיקער און יידישע אינטעליגענץ. אויף דער איניציאַטיוו פון טאַרנער חרות איז קיין טאַרנע גערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון דער פּועלי ציוניסטישער אינטעליגענץ אין מערב־גאַליציע. איינעם פון די פּראָגראַמאַטישע רעפעראַטן האָט געהאַלטן אברהם כאַמעט.

אינעם פּועלי ציון קלוב איז אויך געווען איינגעאָרדנט אַ בינע, וואו אַן אייגענער דראַמאַטישער קרייז פלעגט געבן פאָרשטעלונגען פון די בעסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. באַזונדערס אויסגעצייכנט אינעם דראַמאַטישן קרייז האָבן זיך: מילא סראָקאַ, ישראל סראָקאַ, מאַניעק גזשיב,ביילע שיפּער (אַ

שוועסטער פון ד״ר יצחק שיפּער, שפּעטער — פרוי גרינבוים, אומגעבראַכט דורך די דייטשע רוצחים).

דעם גרעסטן דערפאָלג האָבן אָבער געהאַט די עפנטלעכע פאָרלעזונגען, וואָס פּועלי ציון פלעגט איינאָרדענען מיט אָרטיקע און אַראָפּגעבראַכטע רעדנער. די ביים לעבן געבליבענע טאָרנער יידן געדענקען נאָך היינט דעם גלענצנדיקן רעפעראַט סיי לויט דער פאָרם, סיי לויטן אינהאַלט, פון זרבבלען, א. ד. ט. „שלום, רעוואָלוציע און פּאַלעסטינע״, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם איבערפולטן זאַל פון קינאָ „אַפּאָללאָ״, וועלכער האָט נישט געקאָנט אַריינעמען אַלע צוהערער, אָדער דעם רעפעראַט פון באַליבטן א. ש. יוריס. די דאָזיקע רעדנער זענען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט געוואָרן נישט נאָר דורך די אייגענע פּאַרטיי־חברים, נאָר אויך דורך אומפּאַרטייאישע צי אַפילו קעגנערישע עלעמענטן.

ווען אין יאָר 1919 האָט אונדזער בן־עיר ד״ר יצחק שיפּער, שוין דעמאָלט באַדייטנדיקער היסטאָריקער, קאַנדידירט צו די סיים־וואַלן, האָט טאָרנער פּועלי ציון אַנטוויקלט אַ גרויסע אויפקלער־אַרבעט צווישן דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג לטובת דער פּועלי ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. די וואַל־מיטינגען זענען אַדורך מיטן גרעסטן דערפאָלג. אויסער די אָרטיקע טוער און דעם קאַנדידאַט גופא — ד״ר יצחק שיפּער, זענען נאָך אַרויסגעטרעטן אַזעלכע באַדייטנדיקע פּועלי ציון טוער און רעדנער, ווי ד״ר וואַטענבערג (איצט אין אַמעריקע), אהרון וואַל (איצט אין פּוילן), שאול אַמסטערדאַם (שפּעטערדיקער קאָמוניסטן־פירער אין פּוילן, אַרעסטירט און אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד). צוליב דעם, וואָס דער פּאַרטיי האָט געפעלט געלט צו פירן די וואַל־קאַמפּאַניע, זענען די אויפרופן העקטאָ־גראַפירט געוואָרן און די פּלאַקאַטן זענען געמאָלן געוואָרן דורך די חברים אהרון הויזמאַן און מרדכי בראָנשטיין (איצט אין ישראל, קונסט־יועץ אין בילדונגס־מיניסטעריום). אפילו די וואַל־צעטלען זענען געמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט, ווייל עס האָט נישט געסטייעט קיין געלט צו באַצאָלן דעם דרוקער. דערביי איז די וואַל־אַקציע געפירט געוואָרן אַן אַ וועלכער ס׳איז אויסזיכט צו באַקומען די נויטיקע צאָל שטימען אויף אַ מאַנדאַט.

פון די פּועלי ציון טוער אין טאָרנע, איז אויסער דניאל לייבל, וועלכער איז אַריבערגעפירט געוואָרן צו אַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער וואַרשעווער „אַרבעטער צייטונג״, אויך אברהם כאָמעט אַרויסגערופן געוואָרן קיין וואַרשע, וואו ער איז אַ געוויסע צייט געווען טעטיק אין דער דאָרטיקער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און דערנאָך איבערגעפירט געוואָרן קיין קעלץ, וואו ער איז געווען טעטיק ביים ווידעראויפבוי פון דער דאָרטיקער פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן דורך דער פּוילישער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. שפּעטער האָט ער פאָרטגעזעצט די אַרבעט אין טאָרנע ביז דער וועלט־קאָנפערענץ אין ווין אין יאָר 1920, ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די שפּאַלטונג אין דער פּועלי ציון באַוועגונג.

## 4. די שפּאַלטונג

אין יאָר 1920 האָט זיך געקאָכט אין דער פּועלי ציון באַוועגונג אין פּוילן. די פראַגע וועגן דער באַציאונג צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, איז געוואָרן דער צענטער־פּונקט, וואָס האָט גאָר גיך דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין דער וועלט־באַוועגונג פּועלי ציון. שוין אויף דעם קראָקאָווער צוזאַמענפאָר פון דער פּוילישער פּאַרטיי, פאָרגעקומען אין מאַי 1920 יאָר, איז וואָס אַן אמת אָפּגעוואָרפן געוואָרן די עקסטרעם־לינקע רעזאָלוציע פון סערפּאָוון, וועלכער איז אַן באַוואָרענישן געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרם פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל מיט זיינע באַרימטע 21 פּונקטן, פון וועלכע ס'איז געווען אָפּהענגיק דאָס אַריינגעמען פּועלי ציון, — ווי אויך די רעכטע רעזאָלוציע פון אברהם כאַמעט, מיטן שטאַנדפּונקט פונאַנדערצובויען דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און אָנשליסן אַן אים פּועלי ציון, וועלכע האָט קוים באַקומען עטלעכע שטימען. דאַקעגן איז מיט 42 שטימען קעגן 32 אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע פון זרבבל, וועלכע האָט וואָס אַן אמת אָנערקענט די הויפּט־הנחות פון קאָמינטערן־פּלאַטפאָרם, אָבער געפאָדערט דערביי די אומבאַדינגטע דערגענצונג מיטן פּועלי ציוניסטישן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. אויף דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי ציון, פאָרגעקומען דעמזעלבן יאָר אין ווין, איז אַ חוץ זרבבל, ד"ר י. שיפּער, יוריס און זאַגאַן, געווען אַלס דעלעגאַט פון טאַרנע אברהם כאַמעט, אַלס פאָרשטייער פון דער רעכטער גרופּע אין פּוילן. דאָרט איז די וועלט־באַוועגונג געשפּאַלטן געוואָרן אויף צוויי טיילן און עס זענען אנט־שטאַנען צוויי באַזונדערע וועלט־פאַרבאַנדן — אַ רעכטער, מיט דער ארץ־ישראלדיקער אחדות עבודה אין דער שפּיץ, און אַ לינקער — וואו די פּוילישע פּועלי ציון האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָל.

אויפן פּאַרטיי־ראָט פון דער פּוילישער פּועלי ציון, פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1920 יאָר אין וואַרשע, איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצושליסן זיך אָנעם לינקן וועלט־פאַרבאַנד. אַלס ענטפער אויף דעם באַשלוס איז אַרויסגעטרעטן די אָפּאָזיציע, צו וועלכער עס האָט אין דער ערשטער ריי געהערט אַ באַדייטנדיקער טייל פּועלי ציוניסטן פון מערב־גאַליציע, מיט ד"ר יצחק שיפּער אין דער שפּיץ, און געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט מיטן ציל צוצוגרייטן אַ קאָנפערענץ פון אַלע פּועלי ציון גרופּן, וועלכע האָבן געשטיצט דעם רעכטן וועלט־פאַרבאַנד. די אָפּאָזיציע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף, אונטערגעשריבן דורך פּועלי ציון אַקטיוויסטן פון פאַר־שידענע ערטער, צווישן זיי — דער פּאָפּולערער אין קראָקע פּועלי ציון טוער וועלנער, און געװ׳ רעדאַקטאָר פון „דער יידישער אַרבעטער", שוסהיים (איצט אין אַרגענטינע), בערל וואָל פון טאַרנע. אין יאָר 1921 האָט די אָפּאָזיציע אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן פון דער ניי־געגרינדעטער „אומאָפּהענגיקער יידישער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי פּועלי ציון אין מערב־גאַליציע" — „אַרבעטער וואָרט" *, רעדאַגירט אין די ערשטע צייטן דורך אברהם כאַמעט, נאָך זיין צוריקקער פון טשעכאָסלאָוואַקיי, וואו ער האָט געווײלט אין שליחות פון רעכטן וועלט־פאַרבאַנד.

---

* געפונען אין אַרכיוו פון הסתדרות העובדים, תל־אביב.

פון ארץ־ישראל איז געקומען זלמן רובאַשאָוו, פירער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט און ספּעציעלער שליח פון אַפּגעשפּאָלטענעם וועלט־פאַרבאַנד.

דאָס צעקלאַפּן די פּועלי ציון רייען האָט זיך פאַטאַל אָפּגערופן אויף דער פּאַרטיי, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלץ מערער יידישע אַרבעטער אין פּוילן. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט אויך נישט אויסגעמיטן טאַרנע. די אַזוי לעבעדיקע טאַרנער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט שטאַרק געליטן צוליב דער שפּאַלטונג. פון די פּועלי ציון אינסטיטוציעס האָבן בלויז פונקציאָנירט דער שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו און די ביבליאָטעק, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט אַ בשותפותדיקע קאָמיסיע פון פאַרשטייער פון ביידע צדדים. די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אין „יוגנט"־לאָקאַל. ביידע גרופּן האָבן געשטרעבט צו באַאיינפלוסן וואָס מערער מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווערביר־און אויפקלער־אַרבעט פון ביידע צדדים.

אויף דער ערשטער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון רעכטע פּועלי ציון, פאָרגעקומען אין קראָקע, אין אַפּריל 1921 יאָר, מיטן אָנטייל פון זלמן רובאַשאָוו און ד"ר יצחק שיפּער, דעלעגאַט פון וואַרשע שפּיזמאַן און פאַרשטייער פון די פּאַרטיי קאָמיטעטן פון ליטע און בריסק, האָבן אַלס דעלעגאַטן פון טאַרנע זיך באַטייליקט אין דער קאָנ־פערענץ: סינאַי, בערל וואַל און אברהם כאַמעט, וועלכער האָט אויף דער קאָנפערענץ רעפערירט דעם ערשטן פּונקט פון סדר־היום: „דאָס קאָנסטיטויאירן זיך פון דער נייער פּאַרטיי". עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, לויט וועלכער די נייע פּאַרטיי ווערט אָנערקענט אַלס אַ באַשטאַנדטייל פונעם רעכטן יידיש־סאָציאַליסטישן וועלט־פאַרבאַנד פּועלי ציון.

אַזוי האָבן אין טאַרנע עקזיסטירט צוויי פּועלי ציון אָרגאַניזאַציעס. די באַמי־אונגען צו אַנטוויקלען די רעכטע פּועלי ציון האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן, ווייל לינקע פּועלי ציון האָט געהאַט אונטער איר השפּעה די שטאַרקע אָרגאַניזאַציע „יוגנט". רעכטע פּועלי ציון האָבן געהאַט אפילו אַ לאָקאַל און אַנטוויקלט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אויף עפנטלעכע רעפעראַטן באַדייטנדיקע רעפערענטאַנטן פון דער נייער באַוועגונג, ווי בערל לאָקער און זלמן רובאַשאָוו. צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון טאַרנער פּועלי ציון האָבן צ.וו. אַנד. געהערט: שלמה ריין, יחיאל ענגעל, סינאַי.

דער פערמענטירונגס־פּראָצעס ביי פּועלי ציון האָט זיך נישט פאַרענדיקט נאָר מיט דער שפּאַלטונג. ווען די צענטראַלע פון רעכטע פּועלי ציון האָט אין יאָר 1922 זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, איז מיט אַ צייט שפּעטער פאָרגעקומען די פאַרייניקונג פון רעכטע פּועלי ציון מיט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע צעירי ציון גרופּן. אַ דאַנק דעם צופלוס פון חלוצישער יוגנט, וואָס האָט זיך גרופּירט אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, האָט רעכטע פּועלי ציון פאַרגרעסערט איר השפּעה און פאַרמערט אירע רייען. צו די צענטראַלע אָנפירנדיקע חברים פון דער אויסגעברייטערטער פּועלי ציון אין פּוילן האָט געהערט איינער פון די טאַרנער פּאַרטיי־אַקטיוויסטן, חיים העניג (איצט אין ישראל). אין אַ צייט אַרום איז ער אַרויסגערופן געוואָרן קיין וואַרשע, וואו ער האָט פאַרנומען אַן אָנפירנדיקן אַמט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון רעכטע פּועלי ציון אין פּוילן.

אין טאַרנע גופא זענען רעכטע פועלי ציון דורכגעגאַנגען פאַרשידענע תקופות פון אַנטוויקלונג און פאַרגליוועראונג. געווען צייטן פון ירידה און עליה, ווען די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך פאַרייניקט מיט התאחדות (אחוד) און אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקע אַקטיוויטעט און השפעה צווישן דער ציוניסטישער יוגנט. די אַרבעטער וואָס זענען טריי געבליבן דער אידעאָלאָגיע פון רעכטע פועלי ציון האָבן ביזן

אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך גרופירט אין אַ באַזונדערער פּאַרטיי פועלי ציון (פאַר׳ מיט צ.ס.) און זייער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״. צו די אָנגעזעענסטע אַקטיוויסטן פון רעכטע פועלי ציון (צ. ס.) האָבן געהערט: יחיאל



יצחק ביטנר, פאָרזיצער פון לינקע פועלי ציון אין טאַרנע, מיט זיין פרוי גאָלדע פרידמאַן און קינד אהרן אין יאָר 1938 — זיין פרוי גאָלדע, אַן אַקטיווע טוערין פון יוגנט אין לינקע פועלי ציון — איז אומגעקומען צוזאַמען מיטן קינד אינעם טאַרנער געטאָ אין יאָר 1942.

ענגעל און שטריים (איצט אין ישראל, פאַרנעמט אַן אָנפירנדיקן אַמט אויף דער תל־אביבער פּאָסט).

אַ מער לעבעדיקע אַקטיוויטעט האָבן אַרויסגעוויזן לינקע פועלי ציון, וועלכע האָבן געהאַט איר אָנשפּאַר אין דער „יוגנט־אָרגאַניזאַציע. איבערייסנדיק אָבער יעטוועדן קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, איז די דאָזיקע פּאַרטיי, אין די ערשטע יאָרן נאָך דער שפּאַלטונג, געבליבן מיט אַ קליינעם קרייז אַקטיוויסטן, וואָס עס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער טעטיקייט פון דער טאַרנער אָרגאַניזאַציע,

וואָס האָט באַדאַרפט ביי שווערע באַדינגונגען, אָפטמאָל אומלעגאַל, פירן איר פאַרטייאישע אַרבעט.

ערשט אין יאָר 1926 איז פאָרגעקומען אַ ווענדונג אין דער פועלי ציון אַרבעט אין טאַרנע, ווען אין שטאָט איז אָנגעקומען דער יונגער פעאיקער אַרבעטער־טוער יצחק ביטנער. פון פאַך אַ שניידער־אַרבעטער, האָט ער די אידעאָלאָגיע פונעם יידישן פראָלעטאַריער געפונען אין דער סינטעזע פון באָראָכאָוויסטישן־מאַרקסיזם און חלוצישן אַקטיוויזם. אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער שעפערישער אַרבעט האָט ער די אָרגאַניזאַציע פון לינקע פועלי ציון אין טאַרנע דערפירט צו אַ וויכטיקן פאָליטישן פאַקטאָר אין שטאָט. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ביטנער געשטאַנען אין שפיץ פון לינקע פועלי ציון אין טאַרנע.

אויך נאָך דער באַפרייאונג האָט ער זיך אַקטיוו גענומען צו דער פאַרטיי־אַרבעט. ער האָט זיין פאַרטיי רעפּרעזענטירט אינעם יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין קראָקע, שפּעטער אין שטשעטשין, אויספירנדיק וויכטיקע צענטראַלע שליחותן פון דער פאַרטיי. אין יאָר 1949 האָט ער עולה געווען קיין ישראל און באַזעצט זיך אין קיבוץ גבעת חיים. זיינע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון לינקע פועלי ציון אין טאַרנע זייט דעם יאָר 1926 דרוקן מיר אויף אַן אַנדער אָרט.

## IV

## התאחדות

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין די לענדער פון מיטל־און מזרח־אייראָפּע געוואַקסן די איינפלוסן פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. דער אַלגעמיינער ראַדיקאַליזירונגס־פּראָצעס האָט אויך נישט אויסגעמיטן די ציוניסטישע באַוועגונג, אַריינדרינגענדיק אין דער ערשטער ריי אין די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס. די עליה קיין ארץ־ישראל האָט געמיינט אַ טיפע פּסיכישע ענדערונג, וואָס האָט געצויגן איר יניקה אינעם נייעם צוגאַנג צו דער אַרבעט אויף אייגענער פּאַטער־לענדישער ערד. די חלוצישע יוגנט, וועלכע האָט עולה געווען קיין א״י אין די יאָרן 1918—1921, איז הויפּטזעכליך דערצויגן געוואָרן אין די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין ברייטסטן זין פון וואָרט. ביסלעכווייז האָבן אין די חלוצישע דייען אָנגעהויבן אַריינדרינגען די השפעות פון די ראַדיקאַלע צעירי־ציוניסטישע גרופּן, וואָס האָבן געשעפּט זייער אידעאָלאָגיע פונעם פּראָגראַם פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע הפועל הצעיר אין ארץ־ישראל. אין דעם פּראָגראַם איז נאָך נישט געווען קיין רייד וועגן קלאַסן־קאַמף, וועגן אַרבעטער־קלאַס. אין דער אידעאָלאָגיע פון הפועל הצעיר האָט מען דעמאָלט אונטערגעשטראָכן דעם מאָמענט פון פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן, איבערשיכטן זיי אויף אַן אַרבעטער־עלעמענט. דער סאָציאַליזם פון הפועל הצעיר איז געווען אַ סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג מיטן נאַציאָנאַלן מאָמענט אַלס אויסגאַנגס־פּונקט. פונדאַנען די לאָזונגען צו העב־רעאיזירן דאָס יידישע לעבן, ביי דער פאַדערונג פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר דער יידישע שפּראַך אין די גלות־לענדער, פונדאַנען אויך אַן אייגענע קאָנצעפּציע פון ציוניסטישן סאָציאַליזם, וואָס האָט באַדאַרפט רעאַליזירט ווערן בלויז אין ארץ־

ישראל נישט דורכן קלאַסן־קאַמף אָן אַן אָנשפּאַר אויפן מאַרקסיסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די קרייזן פון צעירי־ציון, וועלכע זענען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנטשטאַנען אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן אין אָנהויב באַגרענעצט זייער טעטיקייט צו אידעאישע דיסקוסיעס און עליה־ענינים. צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן די אידעאישע הנחות פון די דאָזיקע יוגנט־גרופּן, אַרומנעמענדיק אויך אַנדערע פּראָבלעמען פון דער יידישער ווירקלעכקייט.

אַ גרעסערע גרופּע צעירי־ציון איז אין טאַרנע געשאַפן געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דורך יוסף האָלענדער (איצט באַדייטנדיקער אָנפירער פון רעכטע פּועלי־ציון אין פראַנקרייך). דאָס איז געווען אַן אַקטיווע גרופּע אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אין די יאָרן 1918—1920, און איז פאַרבליבן אין אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע צום אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער ראַדיקאַליזירונגס־פּראָצעס פון צעירי־ציון האָט ענדלעך געפונען זיין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם אין יאָר 1920, ווען אויף דער קאָנפערענץ אין פּראַג איז פאָרגעקומען די פאַרייניקונג פון די הפועל־הצעיר אָרגאַניזאַציעס אין ארץ־ישראל מיט די מעסיקע צעירי־ציון גרופּן אין די גלות־לענדער — אין איין אָרגאַניזאַציע התאחדות. ערשט אויף איר דריטער וועלט־קאָנפערענץ אין בערלין אין יאָר 1922, האָט זי זיך קאָנסטיטואירט אַלס ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטיי התאחדות, מיט אַ פּראָגראַם, וועלכער האָט גערעדט וועגן שאַפן אַ פרייע אַרבעטנדיקע געזעל־שאַפט אין ארץ־ישראל אַלס נאַציאָנאַלער צענטער, אויף די יסודות פון אַ סאָציאַ־ליסטישער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט, פריי פון עקספּלאָאַטאַציע, געשטיצט אויף דער העברעאישער קולטור. די נייע פּאַרטיי האָט אויך באַדאַרפט שטרעבן צו באַנייען דאָס יידישע לעבן אין די גלות־לענדער אויפן יסוד פון פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן, נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און העברעאישער קולטור.

אין פוילן האָט די דאָזיקע באַוועגונג געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן דער ציוניסטישער יוגנט און דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ אין מזרח גאַליציע, וואו אין יאָר 1921 איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיי התאחדות, און פון דאָרט האָבן אירע איינפלוסן זיך אַריבערגעטראָגן קיין מערב־גאַליציע.

דער פּאַקטישער גרינדער פון התאחדות אין מזרח־גאַליציע איז געווען אונדזער בן־עיר ד״ר מאַקס בינענשטאָק. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ לערער און די איבעריקע פרייע צייט זיינע געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דאָס האָט ער פּרעציזירט די אידעאישע הנחות פון דער נייער פּאַרטיי, אין וועלכער עס האָבן זיך דעמאָלט גרופּירט אַלע ראַדיקאַלע עלעמענטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויף אַן אַנדער אָרט ברענגען מיר אַ גענויע כאַראַקטעריס־טיק פון ד״ר מאַקס בינענשטאָק, דער מוטיקער און טרייער ציוניסטישער טוער פון די ערשטע יאָרן פונעם הערצליאַנישן ציוניזם. מיט זיין נאָמען איז געבונדן דאָס שענסטע בלעטל פון דער געשיכטע פונעם טאַרנער ציוניזם, אָנהויבנדיק פון יודאַאיסטישן סטודענטן־קרייז, געגרינדעט דורך אים אין יאָר 1901. דעמאָלט איז

בינענשטאָק געווען אַ שילער אין דער זיבעטער קלאַס פון טאַרנער גימנאַזיע. צו יענער צייט האָט ער אויך געגרינדעט דעם פאַריין פון ציוניסטישע מיידלעך „מרים", דעם ציוניסטישן אַקאַדעמיקער־פאַריין „בר־כוכבא", און דעם פאַריין פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

●

אין שפיץ פון דער התאחדות־פאַרטיי אין טאַרנע זענען אין סאַמע אָנהויב געשטאַנען ד"ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, ד"ר י. פייג, ד"ר נפתלי שוואַרץ און ד"ר מערץ — אָנגעזעענע ציוניסטישע טוער. אַ דאַנק וועמען התאחדות אין טאַרנע איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ שטאַרקער צענטער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין מערב־גאַליציע. אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ד"ר בערקעלהאַמער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פון „נאָווי דזשענניק" אין קראָקע, האָט צו דער התאחדות־אָנפירונג אין שטאָט געהערט נאָך דער אָנפירער פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בר־גיורא" — ישעיהו שפּירא. אים איז געלונגען צונויפזאַמלען אַ גרעסערע גרופּע חלוצישע יוגנט, שנעל זיך אַרויסגערוקט אויבנאָן אין דער התאחדות־באַוועגונג, צומערשט אין לאָקאַלן מאַסשטאַב, דערנאָך אין פּוילן און אין דער וועלט־באַוועגונג. היינט פאַרנעמט ד"ר שפּירא אַן אָנפירנדיקן פּלאַץ אין „קול ישראל" (ישראל־ראַדיאָ).

אין משך פון פיל יאָרן, איז די גאַנצע לאַסט פון דער התאחדות־טעטיקייט אין טאַרנע געלעגן אויף די פּלייצעס פון ד"ר י. פייג און ד"ר נ. שוואַרץ. זיי זענען געשטאַנען אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט־געאַרבעט מיט איר אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישער טעטיקייט. דערביי זענען זיי קיינמאָל נישט אָפּגעטרעטן פון זייער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם.

דער ראַדיקאַליזירונגס־פּראָצעס פון דער חלוצישער יוגנט, וואָס האָט זיך געפונען אין התאחדות, האָט געמאַכט פאַרטשריטן, דער עיקר אונטערן איינפלוס פון די אַנטוויקלונגען אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. ווען אין יאָר 1929 האָט דער הפועל הצעיר אין א"י (וועלכער איז געווען די ארץ־ישראלדיקע לאַנדעס־פּאַרטיי פון דער התאחדות וועלט־באַוועגונג) זיך פאַראייניקט מיט דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „אחדות העבודה" און אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער לאַנדעס־פּאַרטיי פונעם וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון (צ. ס.), איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע פון פאַראייניקן אין גלות די אָרגאַניזאַציעס פון התאחדות און רעכטע פועלי־ציון. אין די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס התאחדות אין מערב־גאַליציע, באַזונדערס אין טאַרנע, האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע פון די אָנהענגער פון אַ פאַראייניקונג, צו וועלכע עס האָט געהערט ד"ר מערץ, ווי אויך פון די קעגנער פונעם איחוד — ד"ר י. פייג און ד"ר נ. שוואַרץ.

דעם 9־טן פעברואַר 1929 יאָר איז נאָך פאָרגעקומען אַ בשותפותע פאַרזאַמלונג פוןביידע התאחדות־גרופּן, וואו עס איז געוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג מיט פאַרטרעטער פון ביידע ריכטונגען: שרה בינענשטאָק (איצט אין ישראל), בערנ־קאָף, ד"ר י. פייג, פרידמאַן, ד"ר מערץ, פּרל. שפּיגל, ד"ר נ. שוואַרץ, שלמה וואורצעל.

זונטיק, דעם 24־טן פעברואַר 1929 יאָר, איז אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ צוזאַמענ־טרעף פון התאחדות־פאַרשטייער פון מערב־גאַליציע און שלעזיע. אויף דער דאָזיקער

קאָנפערענץ האָבן ד״ר ע. מנשה פון קראָקע און ד״ר נ. שוואַרץ רעפערירט וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, דערנאָך האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן איחוד, ד. ה. וועגן פאַרייניקן מיט פּועלי־ציון. קעגן איחוד האָט זיך אַרויסגעזאָגט אַ מערהייט דעלעגאַטן, זעענדיק אינעם פּראָבלעם פון קלאַסן־קאַמף די וויכטיקסטע שטערונג פאַר אַ פאַרייניקונג.

אין מערץ 1929 יאָר האָט ד״ר שוואַרץ פאַרלאָזט טאָרנע און אַריבערגעפאָרן קיין לעמבערג, וואו ער האָט פאָרטגעזעצט זיין טעטיקייט אין התאחדות, און קאָנסעקווענט פאַרטיידיקט זיין פריערדיקן התאחדות־שטאַנדפּונקט, קודם כל אין אָנשפּאַר אויף די פּרינציפּן, וואָס זענען אַרויסגעברענגט געוואָרן דורך א. ד. גאָרדאָן. איידער עס איז פאָרגעקומען די אָפיציעלע פאַרייניקונג צווישן התאחדות און רעכטע פּועלי־ציון אין לאַנדעס־מאַסשטאַב, האָבן די איחוד־אָנהענגער אין טאָרנע, מיט ד״ר מערץ אין דער שפּיץ, נישט געוואַרט אויף דער אַנטשיידונג פון די צענטראַלע פּאַרטיי־אינסטאַנצן און דורכגעפירט די פאַרייניקונג פוןביידע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט. פונדעסטוועגן איז אין טאָרנע פאַרבליבן אַ התאחדות־אָרגאַניזאַציע, אָנגע־פירט דורך ד״ר י. פייג. ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן פונדעסטוועגן צוזאַמענגעאַרבעט אין דער פון פריער עקזיסטירנדיקער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, אָן וועלכער עס זענען נאָך געווען אָנגעשלאָסן השומר הצעיר, גורדוניה און החלוץ־פּיאָנער.

דאָס פּראָבלעם פון איחוד איז אָבער נישט אַראָפּ פון סדר־היום פון קיין שום צוזאַמענטרעף צי קאָנפערענץ פון די התאחדות־אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע. די שטאַרקסטע קעגנער פון אַ פאַרייניקונג זענען געווען די התאחדות־גרופּן אין מזרח־גאַליציע, און צווישן זיי — די אָרגאַניזאַציע אין לעמבערג, אָנגעפירט דורך אונדזער בן־עיר ד״ר נ. שוואַרץ, וועלכער האָט אַ דאַנק זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און קרבנותפולער אַרבעט געהערט צו די אָנגעזעענסטע פירער פון התאחדות אין מזרח־גאַליציע. ד״ר שוואַרץ האָט אויף פאָלגענדן אופן באַגרינדעט אין אַן אַרטיקל זיין קעגנערשאַפט צו אַן איחוד:

„נישט די גאַנצע התאחדות־באַוועגונג האָט געביטן דעם פראָנט. אין גאַנץ מזרח־גאַליציע זענען אַנטשטאַנען גרופּן, וועלכע האָבן די פאַרייניקונג מיט פּועלי־ציון געהאַלטן פאַר נישט אַקטועל צוליב פּאָליטישע און פּראָגראַמאַטישע פראַגן (דער ענין פון קלאַסנקאַמף), און דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן פאָרטצוזעצן די אַרבעט פון התאחדות, אונטערשטרייכנדיק די אייניקייט מיטן אַרבעטנדיקן העבּ־רעאישן ארץ־ישראל, שטיצנדיק זיך אויפן אַרבעטס־אידעאַל פון א. ד. גאָרדאָן״.

נישט געקוקט אויף דער אַדורגעפירטער פאַרייניקונג אין טאָרנע, האָט התאחדות נישט פאַרלוירן איר השפּעה. דעם 30־טן מערץ 1930 יאָר איז אין שטאָט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קרייז־באַראַטונג פון התאחדות מיטן אָנטייל פון 35 דעלעגאַטן פון טאָרנע און ניין אַנדערע ערטער. דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט ד״ר פייג, באַגריסונגס־רעדעס האָבן געהאַלטן: אינזש׳ צימערמאַן אין נאָמען פון דער קראָקעווער עקזוקוטיווע פון התאחדות, ישעיה שפּירא פון גורדוניה. אינעם פּרעזידיום זענען דערוויילט געוואָרן פאָלגנדע פּערזאָנען: שרה בינענשטאָק (טאָרנע) — פאָרזיצערין, ד״ר פינק (מיעלעץ) — וויצע־פאָרזיצער, שווימער (באָכניאַ), סאַלאַמאָן (נייסאַנץ)

— סעקרעטאַר. אַ רעפעראַט איבער דער לאַגע אין ציוניזם האָט געהאַלטן אינזש׳ צימערמאַן פון קראָקע, וועגן דער פראַגע פון פאַרייניקונג האָט רעפערירט ד״ר טערלאָ, און ד״ר אָטאָ מנשה האָט רעפערירט וועגן דער לאַגע פונעם גלות־יידנטום.

אין סעפטעמבער 1930 האָט אין טאַרנע געווײלט אַ דעלעגאַט פון ארץ־ישראל, פּ. לוביאַניקער (איצט — מיניסטער לבון), וועלכער האָט רעפערירט א.ד.ט. „דער גלויבן אין ציוניזם״. דער רעפעראַט איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך התאחדות.

אין נאָוועמבער 1930 איז אין טאַרנע געשטאָרבן איינער פון די אַקטיווסטע התאחדות־טוער אין שטאָט — חיים האַמער. זיין לעצטער וואונטש איז געווען, די זאַכן וואָס בלייבן נאָך אים צו פאַרקויפן און דאָס געלט איבערווייזן דעם קרן קיימת לישראל.

דאָס פּראָבלעם פון פאַרייניקונג האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו באַשעפטיקן אַלע התאחדות־אָרגאַניזאַציעס.

ענדלעך איז אין יאָר 1932 פאָרגעקומען אין דאַנציק די פאַרייניקונג פון התאחדות מיט רעכטע פועלי־ציון אינעם וועלט־מאַסשטאַב. עס זענען אָבער געבליבן אין פאַרשידענע לענדער גאַנצע אָדער נאָר טיילווייזע גרופּן פון התאחדות, וואָס זענען געבליבן טריי דער פריערדיקער התאחדות־אידעאָלאָגיע. אין קראָקע האָט זיך דעם איחוד אַקייגנגעשטעלט דער פאַרדינסטפולער פירער פון התאחדות אין מערב־גאַליציע, ד״ר אָטאָ מנשה, וועלכער האָט צו יענער צייט געשריבן: „די דאַנציקער פּלאַטפאָרם קאָן בשום אופן נישט צופרידנשטעלן אַן אָנהענגער פון התאחדות. זי אַקצעפּטירט אָן שום פאַרבאַהאַלט די פועלי ציוניסטישע לייזונג פון דער יידנפראַגע ווי אויך די מאַרקסיסטישע וועלטאַנשויאונג, איינהאַלטנדיק נאָר לשם דעקאָראַציע — און דאָס אויך נישט תמיד — די ציוניסטישע לאָזונגען״. („נאָווי דזיענניק״ פונעם 10.10.1932).

די פאַרייניקטע טיילן פון התאחדות האָבן אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף, אין וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער ווייטערדיקער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון דער התאחדות־פּאַרטיי און אירע אַלטע לאָזונגען. דער אידעאישער קאַמף פאַר אַ פולשטענדיקן איחוד האָט געדויערט גענוג לאַנג. טאַרנער התאחדות־פירער האָבן עקשנותדיק זיך אַקייגנגעשטעלט דעם פאַרלאַנג פון די צענטראַלע פּאַרטיי אינסטאַנצן אַדורכצופירן די פאַרייניקונג. ערשט דעם 2.4.1933 איז אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ קרייז צוזאַמענפאָר פון התאחדות, וועלכער האָט געדאַרפט אָננעמען קאָנקרעטע באַשלוסן וועגן איחוד. אינעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון טאַרנע, נייסאַנץ, מיעלעץ, דאָמבראָווע און סענדזשישוו. מצד דער קראָקעווער צענטראַלע האָט זיך באַטייליקט ד״ר טערלאָ, וועלכער האָט אויך דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר. אין פּרעזידיום זענען דערווײלט געוואָרן: לאַנדערער פון נייסאַנץ, פרידמאַן פון מיעלעץ און לוסטגאַרטן פון דאָמבראָווע.

באַגריסונגס־רעדעס האָבן געהאַלטן: סאַלאָ גליק (יונג־וויצאָ), דוד הערצאָג (בני־ציון), ווילהעלם גוטער (הפועל), ראָזען (פרייהייט), בורשטין (גורדוניה), וואורצעל (בוסליה), אַלוויס (החלוץ און השומר הצעיר), בינע אייזיק (קפא״י), ד״ר פייג (תרבות). אַ רעפעראַט וועגן רעאַליזירן די פאַרייניקונג האָט געהאַלטן

ד״ר טערלאָ. די אָנגענומענע רעזאָלוציע רופט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דער פאַרייניקונג.

נאָכן עולה זײַן קיין ארץ־ישראל פונעם פאַרדינסטפולן התאחדות־טוער אין טאַרנע, ד״ר ישעיהו פייג, זענען צו דער אַרבעט צוגעטראָטן יונגע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן נישט געקאָרגט קיין מי און אָנשטרענגונגען צו דערהאַלטן התאחדות אויף איר הייך. צו דער גרעסטער אַנטוויקלונג איז דערגאַנגען התאחדות אין טאַרנע



שרה בינענשטאָק

אין די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַ דאַנק דער אַקטיוויטעט פון לייביש קוואַדראַטשטיין, שרה בינענשטאָק און פרוי ד״ר ווייס.

לייב קוואַדראַטשטיין, וועלכער איז מיט ענערגיע און התלהבות צוגעטרעטן צו דער אַרבעט, איז געוואָרן די נשמה פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. דאָס האָט ער געזאָרגט פאַר אַ לאָקאַל פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וועגן פאָנדן פאַר חלוצים, וואָס זענען עולה געווען, ער האָט זיך פאַרנומען מיט די הכשרה־גרופן און איז געווען אַמטעטיקסטן אויפן געביט פון קרן קיימת לישראל. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער אַלס חלוץ עולה געווען קיין ארץ־ישראל, נאָר צוליב

זיין געזונט־צושטאַנד איז ער אויף אַ צייט צוריקגעקומען קיין טאָרנע. ער איז אומגעקומען פון די הענט פון די היטלעריסטישע רוצחים. כבוד דעם אָנדענק פונעם טיכטיקן איבערגעגעבענעם ציוניסטישן טוער!

שרה בינענשטאָק, די שוועסטער פון באַקאַנטן ציוניסטישן מנהיג מאַקס בינענשטאָק, איז געווען איינע פון די טיכטיקסטע ציוניסטישע טוערינס אין טאָרנע. גאָר פרי האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט צווישן די ציוניסטישע פרויען אין וויצאָ. טרײַ די ציוניסטישע אידעאַלן, איז זי עולה געווען קיין א״י, וואו זי אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג.

באַדייטנדיקע איינפלוסן האָט געהאַט התאחדות אין דער ציוניסטישער פרויען אָרגאַניזאַציע וויצאָ, אַ דאַנק דער ענערגישער און איבערגעגעבענער טוערין פרוי ד״ר ווייס (פרוי פון ד״ר חיים ווייס). אין די לעצטע ערב־מלחמה יאָרן איז זי געווען וויצע־פאָרזיצערין פון וויצאָ אין טאָרנע, און אַלס דעלעגאַטין פון התאחדות אין מערב־גאַליציע האָט זי זיך באַטייליקט אינעם צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין גענף (1939). דעם 2־טן סעפּטעמבער 1939 איז זי צוריקגעקומען קיין טאָרנע, וואו זי איז אומגעקומען אין איינער פון די אויסזידלונגס־אַקציעס פון טאָרנער יידן קיין בעלזשעץ. כבוד איר אָנדענק!

די לעצטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער טעטיקער התאחדות־אָרגאַניזאַציע אין שטאָט איז פאָרגעקומען דעם 26־טן פעברואַר 1938 יאָר. דערעפנט די פאַרזאַמלונג האָט חיים ווייס, דערנאָך איז דערוויילט געוואָרן אַ פרעזידיום: לייב בירנבאום — פאָרזיצער, מגר. פרימעס — סעקרעטאַר, דעם טעטיקייטס־באַריכט האָבן אָפּגעגעבן: האָפמאַן און לייב קוואַדראַטשטיין. דעם אידעאָלאָגישן רעפעראַט האָט געהאַלטן מגר. גאָלדפאַרב, גענעראַל־סעקרעטאַר פון התאחדות אין קראָקע. אין דער נייער פאַרוואַלטונג זענען דערוויילט געוואָרן פאָלגנדע פערזאָן:

לייב קוואַדראַטשטיין — פרעזעס, לייב בירנבאום — פאָרזיצער פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע, חיים ווייס, מגר. בלום — וויצע פרעזעסן, ז. וואַקס — סעקרעטאַר, ס. הוטער — קאַסיר, פרוי ד״ר ווייס — רעפערענטין פאַר די הכשרה־גרופּן, און צו דער פאַרוואַלטונג: ר. וועקסלער, ס. האָפמאַן, ה. לעזער, מ. בלאָך, ל. בערגער, ד. שפּאַנגעלעט. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: וו. ווייס, עוזר וואורצעל, י. טייטלבוים. אין חברים־געריכט: ד״ר קלאַפּהאָלץ, מ. קליינהענדלער, ל. ווינד.

קיין איינער פון די שטילע איבערגעגעבענע ציוניסטישע טוער איז נישט געבליבן לעבן. זייער געביין ליגט אין די מאַסן־קברים אויפן יידישן בית־עולם אין טאָרנע, אָדער זיי זענען אומגעקומען מיט אַ טראַגישן טויט אין די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן.

כבוד זייער אָנדענק!

## V
# ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל

די ראָל און אויפגאַבן פונעם יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל איז פון אָנהויב אָן נישט געווען קיין לייכטע. אָבער אַ דאַנק דער אַרבעט און הערויִשע אָנשטרענגונגען פון די חלוצים, וואָס פלעגן טיילמאָל מיט די בלויזע הענט ממש זיך אַריינשניידן אין דער ארץ־ישראלדיקער רויערד, זענען געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע פּאָזיציעס אין ארץ־ישראל. אַ דאַנק דעם יידישן אַרבעטער האָבן זיך אַנטוויקלט די ערשטע יידישע קאָלאָניעס אין א״י, עס איז צוגעקומען וואָס מערער פּרוכטבאַרער באָדן. דאָס אַלץ איז מעגלעך געווען בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל האָט גאַנץ פרי זיך געשאַפן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געוואָרן אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר, מיט וועמענס הילף ער האָט געקאָנט איבערהאַלטן יעטוועדן קריזיס און שטעלן זיך אין שויץ פון די באַדראָטע יידישע פּאָזיציעס. די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל איז געוואָרן מיט דער צייט אַ שטאַרקער פאַקטאָר, מיט וועלכן עס האָט זיך געמוזט רעכענען די מאַנדאַט־מאַכט. אַ דאַנק דעם כסדרדיקן שאַפן און פונאַנדערבויען שטאַרקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּאָזיציעס, האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פאַרפעסטיקט די באַדייטונג און כוח נישט נאָר פון דעם אַרבעטנדיקן עלעמענט אין ארץ־ישראל, נאָר אויך גורם געווען צום וואוקס און פונאַנדערבלי פונעם לאַנד.

אויף אונטערצושטיצן די אָנשטרענגונגען און פאַרמעסטן פון ארץ־ישראלדיקן יידישן אַרבעטער, איז אין די גלות־לענדער געשאַפן געוואָרן די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל״, וועלכע האָט אין דער ערשטער ריי אַרומגענומען לינקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. איר הויפּט־אויפגאַבע איז געווען די אַרבעט פאַרן פּאַלעסטינער אַרבעטער־פאָנד — קרן פועלי ארץ־ישראל (קפא״י). פון ישראל פלעגן אָפט קומען שליחים אין די גלות־לענדער, כדי פּאָפּולאַריזירן די יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

אַזוי איז אין סעפּטעמבער 1928 יאָר געקומען קיין טאַרנע אַ פאַרשטייער פון דער ליגע, חבר חנוך. לכבוד דעם גאַסט איז אין זאַל פון שפה ברורה איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע (25.9.28). דער פאָרזיצער פון דער אַקאַדעמיע, ד״ר פייג, האָט אַרומגערעדט די ראָל פונעם אַרבעטנדיקן קלאַס אין ארץ־ישראל. חיים נייגער, פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, האָט אין האַרציקע ווערטער באַגריסט דעם גאַסט און אונטערגעשטראָכן דעם פריידיקן פאַקט פון אַלץ ענגערן קאָנטאַקט וואָס קניפּט זיך אָן צווישן דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און די ציוניסטישע פאַרטייען אין גלות. צום סוף האָט דער שליח חנוך דערציילט די פאַרזאַמלטע וועגן דער טאָגטעגלעכער מיפּולער אַרבעט פונעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער, זיינע דערגרייכונגען און ראָל ביים אַנטוויקלען דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

דעם 2־טן מערץ 1929 יאָר איז אין טאַרנע פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י. אויפן אָרט פון דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ד״ר פייג, איז אויסגעקליבן

געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פרל. ס. גליק, א. גזשיב, ס. שטיין (השומר הצעיר); גרינבערגער (פועלי ציון פאר׳ מיט צ. ס.); משה קלאַפּהאָלץ (אומפאַרטייאישער); דרעשעוויטש (גורדוניה); שטיגליץ (התאחדות). אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: אהרון פוס (השומר הצעיר), וואורצעל (החלוץ), ראָזען (פועלי ציון צ. ס.). די נייע אָנפירונג פון דער ליגע מיט גרינ־בערגערן אין דער שפּיץ, איז צוגעטרעטן צו אַ ברייטער אויפקלערונגס־אַקציע וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער ליגע און געווינען נייען דעקלאַראַנטן פאַר קפא״י, וועמענס צאָל האָט דעמאָלט דערגרייכט 200.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1929 האָט די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י דורכגעפירט אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון שפה־ברורה. נאָכן איינלייטונגס־וואָרט פונעם ליגע־פאַרזיצער גרינבערגער, האָט ריכאַרד וויינטראוב, שליח פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ליגע אין פוילן און פון הויפּט־ראַט פון השומר הצעיר, רעפערירט אין העברעאיש וועגן דער נויטיקער מאָראַלישער און מאַטעריעלער הילף פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וועלכער עס נויטיקט זיך דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל, די בויער פונעם בעסערן מאָרגן פאַרן פאָלק. דער צווייטער רעפערענט, ד״ר גור־אריה טערלאָ פון קראָקע, האָט פאָלעמיזירט מיט די קרייזן פון דער יידישער ארבעטערשאַפט, וועלכע באַקעמפן די לאָזונגען פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער אויפקלערונגס־אַקציע צווישן יידישע אַרבעטער.

די זייער טעטיקע פאַרוואַלטונג פון דער ליגע האָט סוף יאַנואַר 1930 איינגעאָרדנט אין זאַל פון די בראונס אַ גרויסע פאַרזאַמלונג לטובת קפא״י. די רעפערענטן גרינבערגער און טערלאָ (פון קראָקע) האָבן אַרומגערעדט די אויפגאַבן און צילן פון דעם פאָנד אין שייכות מיט דער קאָלאָניזאַטאָרישער, קולטורעלער און פּאָליטישער טעטיקייט פון דער הסתדרות אין א״י.

כדי צו קאָאָרדינירן און אַקטיוויזירן די אַרבעט לטובת קפא״י, איז אין יאָר 1930 געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר פייג — פאַרזיצער, קייטש — וויצע־פאַרזיצער, בראַון — סעקרעטאַר, גוטער — קאַסיר, וווּרצעל — קאָנטראָלער. אין סעפּטעמבער 1930 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום וועלט־קאָנגרעס פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין בערלין. צו דעם צוועק איז אין טאַרנע געשאַפן געוואָרן אַ וואַל־קאָמיטעט מיט ד״ר פייג אין דער שפּיץ, וועלכער האָט צוגעגרייט און דורכגעפירט די וואַלן, פאָרגעקומען דעם 20־טן סעפּטעמבער 1930. אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט פאָלגנדע ליסטעס: פועלי ציון פאר׳ מיט צ. ס., דת ועבודה, התאחדות — גורדוניה, השומר הצעיר און לינקע פועלי ציון.

די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל איז פאַקטיש געוואָרן די רעפּרעזענ־טאַנץ פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אינעם לינקן ציוניסטישן לאַגער און בעת קאָנגרעס־וואַלן אַרויסגעטרעטן ווי אַן איינהייטלעכע קערפּער־שאַפט. אין יאָר 1937 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון דער טאַרנער ליגע: אהרון פּוס — פאַרזיצער, חיים ווייס — וויצע־פאַרזיצער, ר. וואַקסקערץ — סעקרעטאַר, קעללער — קאַסיר, יחיאל ענגעל — פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער

וואַל־אַקציע צום ציוניסטישן קאָנגרעס, און די מיטגלידער: טייטעלבוים (פועלי ציון צ.ס.), לייב קוואַדראַטשטיין (התאחדות), וואַכטעל (השומר הצעיר) און פעפער (גורדוניה). האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געווען טעטיק אין דער ליגע די אַקטיוויסטן פון התאחדות — מגר. פרימעס, קאַראָל קריגער און לייב בירנבוים.

די דאָזיקע אַלע אַקטיווע און איבערגעגעבענע טוער האָבן אַסך געהאָלפן אַנט־וויקלען דעם געדאַנק און איינשטעלונגען פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. זיי זענען טריי געבליבן זייערע אָנשויאונגען ביזן לעצטן אָטעם־צוג, מוטיק און ערלעך פאַרטיידיקט די אינטערעסן פונעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער אויפן ציוניסטישן פאָרום, נישט קאַרגנדיק קיין ענערגיע פאַר פּראַקטישער טעטיקייט לטובת דער ליגע.

אויסער פעפערן, וועלכער האָט באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין אַקטיוויטעט לטובת דער דאָזיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און אַרויסגערוקט זיך אויבנאָן פון איר טעטיקייט, פאַרנעמענדיק אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע (געפינט זיך היינט אין ישראל), זענען אַלע אַנדערע אומגעקומען ווי קרבנות פון דער היטלעריסטישער פאַרווילדונג און פאַרוויסטונג.

כבוד זייער אָנדענק!

## VI

## רעוויזיאָניסטן

אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע האָט פון לאַנג עקזיסטירט אַ סעפּעראַטע רעוויזיאָניסטישע גרופּע, וועלכע איז אָרגאַני־זאַציאָנעל געווען אונטער דעם ציוניסטישן לאָקאַל־קאָמיטעט און אַקטיוו באַטייליקט זיך אין אַלע זיינע אַקציעס. די דאָזיקע גרופּע האָט איר טעטיקייט באַגרענעצט בלויז צו אַן אידעאישער אויפקלערונגס־אַרבעט לטובת דעם רעוויזיאָניזם. מיט דער צייט איז דאָס געקומען צום אויסדרוק דורך אַרויסברענגען עפנטלעך באַזונדערע פּאָליטישע קאָנצעפּציעס, ביים שטענדיקן אונטערשטרייכן דעם ענדציל פון ציוניזם.

אין יאָר 1927 האָבן טאָרנער רעוויזיאָניסטן שוין געהאַט אַ באַזונדערע אָרגאַ־ניזאַציע, אָבער נאָך אַלץ אין די ראַמען פון די אַלג׳ ציוניסטן. אַלס שקל־באַזיצער האָבן זיי געהאַט זייערס אַ פאָרשטייער אינעם לאָקאַל־קאָמיטעט און באַטייליקט זיך אין פאַרזאַמלונגען פון די אַלג׳ ציוניסטן. צו יענער צייט זענען אין שפּיץ פון דער רעוויזיאָניסטישער גרופּע אין טאָרנע געשטאַנען: זעליג לערנער (שפּעטער־דיקער רעוויזיאָניסטישער טוער אין וואַרשע), משה רובין (איצטיקער אינדוסטריע־לער אין ישראל), שמואל ווייל, משה שוועבער און מענדל לעזער.

אין יאָר 1929 איז אין דער אָנפירונג פון די טאָרנער רעוויזיאָניסטן געווען אינזש׳ ראָזענבלאַט. אין אָקטאָבער 1930 יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַר־

זאַמלונג פון די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן. פונעם אָפּגעגעבענעם באַריכט איז באַ־וואוסט געוואָרן, אַז יענעם יאָר האָט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי געציילט 120 דעקלאַרירטע מיטגלידער, דערונטער 35 יוגנטלעכע פון ברית טרומפּלדור און 30 פון מנורה. אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַ פּאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אינזש׳ ראָזענבלאַט — פּאָרזיצער, מ. שפּילמאַן — וויצע־פּאָרזיצער,ווייל — סעקרעטאַר, שניידער — קאַסיר, משה שוועבער — יוגנט־רעפערענט, שטרום — קולטור־רעפערענט, ד״ר בצלאל שפּיי־זער — פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד.

די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אין טאַרנע האָט אויסגעברייטערט איר השפעה אויף דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט און אויף די עלעמענטן, וואָס האָבן בכלל נישט באַלאַנגט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר די רעוויזיאָניסטן איז געווען זייער פּאַרטיי־דיסציפּלין און די טיפע צוגעבונדנקייט צו זייער פירער זשאַבאָטינסקי, וועמענס אָרעאָל און פּאָפּולאַריטעט האָבן געשאַפן אָנהענגער פאַרן רעוויזיאָניזם. צו יענער צייט האָבן די רעוויזיאָניסטן נאָך געהערט צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און באַטייליקט זיך אין אַלע אירע אַרבעטן. ווען דעם 13־טן דעצעמבער 1930 יאָר איז קיין טאַרנע געקומען זאב



**זאב זשאַבאָטינסקי אין טאַרנע**
(דעם 13־טן דעצעמבער 1930)

זשאַבאָטינסקי, איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קבלת־פּנים קאָמיטעט פון פאָלגנדע פּערזאָן: חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן, יוסף היימאַן, וואָלף געצלער, ד״ר בצלאל שפּייזער, ד״ר יוסף זילבערמאַן, פרוי עווא כשר און פרוי געצלער. אויפן באַנהאָף האָבן זשאַבאָטינסקין באַגריסט פאָרשטייער פון כמעט אַלע ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס. זשאַבאָטינסקיס רעפעראַט א. ד. ט. „אונדזער שולד און די נאָענטסטע אויפגאַבן״, האָט איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן רושם. דער רעפע־ראַט איז פאָרגעקומען אינעם גרויסן איבערפולטן זאַל פון „סאָקול״.

די טאָרנער וואָכנשריפט „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (נומ׳ 47, פון 19.12.30) באַשרייבט אַזוי די אויפנאַמע אויפן באַנהאָף לכבוד זשאַבאָטינסקין:

„זשאַבאָטינסקיס קומען קיין טאָרנע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטי־קער מאַניפעסטאַציע פאַרן ציוניזם. דעם גאַסט, באַשטראַלט מיטן אָרעאָל פון געפאַנ־גענעם אין דער עכו׳ער פעסטונג און מיט דער העלדישקייט פון יידישן לעגיאָן, האָבן ריזיקע מאַסן אָפּגעוואַרט אויפן באַנהאָף און אויף דער גאַס. אויף צו באַגריסן זייער פירער איז אויך געקומען אַ פּלוגה פון ברית טרומפּלדור אין די מונדירן. אינעם אויפנאַם־זאַל האָבן פאַרנומען ערטער די פאָרשטייער פון באַזונדערע אָרגאַ־ניזאַציעס. זשאַבאָטינסקי איז אָנגעקומען קיין טאָרנע שבת, דעם 13־טן דעצעמבער 1930 יאָר, אַ זייגער 19.25. אופן פּעראָן האָט ער אָפּגענומען אַ ראַפּאָרט פונעם קאָמענדאַנט פון אָרטיקן בית״ר, חבר שוועבער, דערנאָך איז ער אַוועק אינעם אויפנאַם־זאַל, וואו ער איז באַגריסט געוואָרן דורך פאַרטרעטער פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. אין נאָמען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פאַרטיי האָט דעם גאַסט באַגריסט פּרעזעס חיים נייגער, פון מזרחי — וואָלף געצלער, פון פרויען־ציוניסטן — פרוי וויינבערג, פון דער יידישער ספּאָרט און גימנאַסטיק־געזעלשאַפט „שמשון״ — אינזש׳ שאַנצער, פון תרבות — ד״ר יוסף זילבערמאַן, פון ציוניסטישע מיידלעך — פרל. כשר, פון אגודת הנוער העברי — יעקב בינענשטאָק, פון צעירי מזרחי — גלאַס, פון השומר הדתי — אונגער און פון די יידישע אינוואַלידן — דאָרף״.

וועגן דער אַקטיווער טעטיקייט פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע זאָגט עדות דער פאַקט, אַז ווען די דעמאָקלטיקע רעוויזיאָניסטישע טוער אין פּוילן האָבן באַשלאָסן צונויפנעמען אין איין ראַם די צעוואָרפענע גרופּן זייערע אין מערב־גאַליציע, איז טאָרנע באַשטימט געוואָרן אַלס אָרט פאַרן ערשטן צוזאַ־מענקום פון די רעוויזיאָניסטישע גרופּן און אַלס זיץ־אָרט פונעם קרייז־קאָמיטעט. דעם 25־טן יאַנואַר 1931 יאָר איז אין אונדזער שטאָט פאָרגעקומען דער קרייז־צוזאַמענפאָר מיטן אָנטייל פון ד״ר צינעמאַן און ד״ר פעלדשו פון וואַרשע. ביזן צונויפרופן די לאַנד־קאָנפערענץ קיין קראָקע, איז דערווייל דערוויילט געוואָרן אַן עקזעקוטיווע פאַר מערב־גאַליציע אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר יעקב דאַם — פאָרזיצער, ד״ר הענריק פרענקעל — סעקרעטאַר, מנחם ביכוויץ, שמואל לויפער, עמנואל טרעללער, לעאָ זיידען, וו. אַלעקסאַנדראָוויטש און ישעיהו מאַנע.

אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, פאָרגעקומען אין יאָר 1931, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרברייטערטע פאַרוואַלטונג אין וועלכער עס זענען אַריין: פרוי וויינבערג, ד״ר שפּייזער, אינזש׳ ראָזענבלאַט, משה שוועבער, מ. שפּילמאַן, שמואל ווייל, שעד־

ליסקער, לעפעלהאָלץ, לעזער, בראַון, קלעפעל, שטרום, קליין און ווײַנדלינג. אַלס פרעזעס איז ווידער דערווײלט געוואָרן אינזש׳ ראָזענבלאַט, אַלס וויצע־פרעזעס — משה שוועבער, אַלס סעקרעטאַר — שמואל ווייל. די לעצטע דריי האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט, און ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אינגאַנצן זיך געווידמעט דער אַרבעט לטובת דעם רעוויזיאָניזם אין טאַרנע. אויב די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין מערב־גאַליציע און שלעזיע, איז עס אין דער גרעסטער מאָס געווען צו פאַרדאַנקען די דאָזיקע אַקטיוויסטן. אַלע זענען זיי אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים. כבוד זייער אָנדענק!

סוף 1931 יאָר איז די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אַרויף אויפן וועג פון פול־שטענדיק איבעררייסן די אַזוי אויך שוואַכע פעדים, וועלכע האָבן זי פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אין סעפטעמבער 1931 יאָר האָט דער אויספיר־קאָמיטעט פון רעוויזיאָניסטישן וועלט־פאַרבאַנד, אויף זיין זיצונג אין קאַלע, אָנגענומען אַ גאַנצע ריי באַשלוסן, וואָס האָבן געטראָפן אין דער גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. צווישן אַנדערע איז דאָרט באַשלאָסן געוואָרן: די רעוויזיאָניסטן שאַפן אַ פאַרבאַנד, צו וועלכן עס קאָנען געהערן אויך פערזאָנען, וואָס קויפן נישט אויס דעם שקל; אַז די רעוויזיאָניסטן וועלן נישט אונטערליגן דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זענען נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אירע אינסטאַנצן, נאָר בלויז פאַר אייגענע צוזאַמענפאָרן. אַזוי אַרום האָבן די רעוויזיאָניסטן געשטרעבט מיט דער הילף פון זייערע שקל־באַזיצער משפיע זיין אויף די באַשלוסן און טעטיקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די עקזעקוטיווע פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אַרויסגעטרעטן קעגן די דאָזיקע שפאַלטונגס־טענדענצן און אין איר דעקלעראַציע פון דעצעמבער 1931 יאָר אָנגעוויזן אויף די קאָנסעקווענצן פון די באַשלוסן אין קאַלע, איבערלאָזנדיק זיך דאָס רעכט צו אונטערנעמען אַן אַנטשפּרעכנדע אַקציע און פאַרלייגן דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט אָנצונעמען מיטלען אויף צו באַשיצן די גאַנצקייט און איינהייטלעכקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דערביי דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז צו אַ פאַרשאַרפונג פון די באַציאונגען צווישן דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג און דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, האָבן גורם געווען די געשעענישן אויפן זיבעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אויף וועלכן דער רעוויזיאָניסטן־פירער זשאַבאָטינסקי האָט עפנטלעך צעריסן די ציוניסטישע פאַרטיי־לעגיטימאַציע. אין דער אויבנדערמאָנטער דעקלאַראַציע שטרייכט אונטער די ציוניסטישע עקזעקוטיווע, אַז שוין אַ לענגערע צייט האָט די טעטיקייט פון די רעוויזיאָניסטן געוועקט ערנסטע אומרו ביי די אַלע, וועמען עס איז טייער די גאַנצקייט און געשלאָסנקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צום סוף שטרייכט אונטער די עקזעקוטיווע, אַז זי האָט טאָלערירט די רעוויזיאָניסטישע טעטיקייט ביזן זיבעצנטן קאָנגרעס, גלויבנדיק, אַז די קאָנגרעס־ליידנשאַפטן וועלן זיך איינשטילן, און אַז דאָס געפיל פון אחריות און סאָלידאַריטעט וועט נעמען די אויבערהאַנט איבער פאַרטייאישע און סעפעראַטיסטישע טענדענצן. „די דאָזיקע טאָלעראַנץ מצד דער עקזעקוטיווע האָט אָבער נישט געפונען קיין פאַרשטענדעניש און ס׳איז מיט

איר מיסברויכט געוואָרן״ — ווערט געזאָגט אין דערזעלבער דעקלאַראַציע — „און נאָכן קאָנגרעס האָבן די רעוויזיאָניסטן פאַרוואַנדלט דעם קאַמף קעגן דער עקזעקוטיווע אין אַ קאַמף קעגן דער אָרגאַניזאַציע, וואָס קאָן נישט ווייטער טאָלערירט ווערן״.

די באַשלוסן אין קאַלע זענען נישט געבליבן אָן השפעה אויף דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט פון איין זייט אָנגעהויבן זיך טיילן אויף פאַרשידענע שטרעמונגען, און פון דער צווייטער זייט האָבן אָנגעהויבן ווירקן טענדענצן פאַרמעל איבערצורייסן מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. גלייך נאָכן קאָנגרעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע ריי קאָנפליקטן, וואָס האָבן אין יאָר 1932 דערפירט דערצו, אַז אין פוילן האָבן די רעוויזיאָניסטן אויפגעהערט זיך צו באַטייליקן אין די אַרבעטן פאַרן קרן קיימת און קרן היסוד, אָנגעבנדיק אַלס מאָטיוו נישט־יושרדיקע פאַרטיילונג פון די עליה־סערטיפיקאַטן. פון וואַרפן דעם לאָזונג „נאָן קאָפּעריישן״ („נישט צוזאַמענאַרבעטן״) ביז אַ פאָרמעלער שפּאַלטונג, איז נישט געווען ווייט. דאָס איבעררייסן מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און דאָס אויפשטעלן אַן „אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן״ איז געוואָרן אַ פאַקט.

דער אַרויסטריט פון די רעוויזיאָניסטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און די אינערלעכע שפּאַלטונג ביי זיי מיטן אַנטשטיין פון אַ באַזונדערער אָרגאַניזאַציע „יודענשטאַאַטס־פּאַרטיי״, וואָס איז געבליבן טריי דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט פאַרשטייט זיך, גורם געווען צו אַן אָפּשוואַכונג פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע. דערפאַר האָבן די רעוויזיאָניסטן זיך באַמיט צו געווינען פאַר זייער אידעע אַזעלכע קרייזן, וואָס זענען ביז איצט נאָך נישט געווען אינעם קרייז פון ציוניסטישער השפעה. אינעם לייענזאַל א. נ. מאַקס נאָרדוי אין טאָרנע, אויף בעמאַ־גאַס 15, האָבן זיך קאָנצענטרירט די רעוויזיאָניסטישע קרייזן אין שטאָט. צום קאָמיטעט פון דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי (ביז דער שפּאַלטונג) האָבן געהערט: אינזש׳ ראָזענבלאַט — פרעזעס, יחיאל ענגלענדער, ע. סאַלפעטער, מ. גרושקאָוו, איסלער, קאופמאַן, לעזער, שניידער, מ. שוועבער, פרל. שיינבאָק, וייל, ווײַנדלינג, קלעפּעל, מ. רובין, האָפּמייסטער, ד״ר שפּייזער, שעדליסקער און י. בראַון.

אין יאָר 1931 איז געגרינדעט געוואָרן די רעוויזיאָניסטישע מיידל־אָרגאַניזאַציע „ווערעף״, אָנגעפירט אין אָנהויב דורך פרל. דאַנקאָוויטש. נאָכן אַכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז בכלל איבערגעריסן געוואָרן יעטוועדער קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון דעמאָלט אָן האָט אויפגעהערט דער קאָנטאַקט מיטן לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אָפּטמאָל איז אפילו דערגאַנגען צו נישט אָנגענעמע קאָנפליקטן. הגם באַזונדערע זענען געווען די וועגן מיט וועלכע די רעוויזיאָניסטן זענען געגאַנגען, האָבן זיי צוזאַמען מיט די ציוניסטן געשטרעבט צו איין ציל.

VII

## יודענשטאַטס־פּאַרטיי

אין די ראַמען פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי איז געווען אַ געווען אַ גרויסע גרופּע מיט מאיר גראָסמאַן, ליכטהיים און ראָבערט שטריקער אין דער שפּיץ, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פּאַרבלייבן אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. וואָס אַן אמת איז אויפן רעוויזיאָניסטישן וועלט־צוזאַמענפאָר אין קאָלע דערגרייכט געוואָרן אַ באַשטימטער קאָמפּראָמיס, וואָס האָט געדאַרפט דערמעגלעכן אַ מיט־אַרבעט פון דער דאָזיקער גרופּע מיט די עקסטרעמע אָנהענגער פון זשאַבאָטינסקין, וועלכע האָבן געשטרעבט איבערצורייסן מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. די אָפטע קאָנפליקטן אָבער צווישן די פירער פון די צוויי שטרעמונגען האָבן סוף־סוף דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אינעם רעוויזיאָניסטישן לאַגער. אויף דער קאָנפערענץ פון די א. ג. דעמאָקראַטישע רעוויזיאָניסטן פון מאיר גראָסמאַנס לאַגער, פאָרגעקומען אין וואַרשע ערב דער שפּאַלטונג, האָט מאיר גראָסמאַן אין זיין פּראָגראַמאַטישן רעפעראַט דערקלערט פאָלגנדעס: „עס שטייט פאַר אייך אַ מענטש, וועלכער איז אַ קרבן פון שלום. אין משך פון דריי יאָר צייט האָב איך אומאויפ־הערלעך געדופן צו שלום, כדי נישט דערלאָזן צו אַ שפּאַלטונג אין דער רעוויזיאָ־ניסטישער פּאַרטיי. אין קאָלע זענען מיר געגאַנגען אויף פאַרשידענע פשרות, אַבי צו פאַרהיטן די אָרגאַניזאַציע פאַר אַ שפּאַלטונג. נאָר דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט מען אונדז ווידער געשטעלט פאָדערונגען״. דער רעדנער האָט ווייטער געענו׳ דערציילט די געשיכטע פון זשאַבאָטינסקיס פּוטש אין קאַטאָוויץ, וואו ער האָט אַרויסגערוקט צוו. אַנד. אַ פאָדערונג אָפּצו־שטימען דעם פּרימאַט פון רעוויזיאָניזם איבערן ציוניזם און אָנערקענען אַלס לעגי־טימע די עקזעקוטיווע פון רעוויזיאָניסטישן פאַרבאַנד, — און צום סוף האָט גראָס־מאַן דערקלערט: „זשאַבאָטינסקי גייט אויף דער ליניע פון אויפשטעלן אַ באַזונדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, און מיר באַטראַכטן זיך פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. פאַר אונדז עקזיסטירט נישט די פראַגע פון „פּרימאַט״. אונדזער אַנטייל אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אַ פּערמאַנענטער. אַן וועלכע ס׳איז באַדינגונגען פאַרבלייבן מיר אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע״.

סוף 1933 איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע שפּאַלטונג אין דער רעוויזיאָניס־טישער באַוועגונג. אונטער דער אָנפירונג פון מאיר גראָסמאַן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ באַזונדערע „פעדעראַציע פון ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן — יודענשטאַטס־פּאַרטיי״, וועלכע האָט אָנערקענט אומבאַדינגטע דיסציפּלין לגבי דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אָקטאָבער 1933 האָט מען אין טאַרנע אָנגעהויבן רעגיסטרירן די מיטגלידער פון דער נייער פּאַרטיי. די רעגיסטראַציע האָט דורכגעפירט ה. טשעכאַנאָווסקי, ביז דעמאָלט — אַ טעטיקער רעוויזיאָניסט. גאָר אינגיכן האָט די נייע אָרגאַניזאַציע אויפגענומען אין אירע רייען אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער, באַזונדערס פון די קרייזן פון דער רעוויזיאָניסטיש־אָרטאָדאָקסישער יוגנט. אַביסל שפּעטער האָט אין

שפּיץ פון דער יודענשטאַטס־פּאַרטיי אין טאָרנע זיך געשטעלט ד"ר אברהם זאַלץ, ציוניסטישער וועטעראַן, וויצע־פּרעזידענט פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז אַזוי אַרום נאָך אַ לענגערן איבעררייס צוריקגעקומען צו אַקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט. איינער פון דער הויפּט־אַקטיוויסטן פון דער נייער אָרגאַניזאַציע אין געווען ה. ווײַנדלינג, וועלכער האָט צוזאַמען מיט לודמערן און ווײַנמאַנען פאַרלאָזט די רעוויזיאָניסטן און אין משך פון אַ קורצער צייט דערפירט די יודענשטאַטס־פּאַרטיי אין טאָרנע צו אַ באַדייטנדיקן וואוקס. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, אין קעגנזאַץ צו די רעוויזיאָניסטן, האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אַלגעמיין־ציוניסטישע אַקציעס, באַזונדער ביים פאַרשפּרייטן שקלים, אין די אַרבעטן פאַרן קרן־קיימת און קרן־היסוד. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „ברית הקנאים", וועלכע האָט גלייך אַנטוויקלט אַ פּרוכטבאַרע קולטורעלע און אויפקלערערישע טעטיקייט אין אייגענעם לאָקאַל אויף נאָווע־גאַס 13. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די אויבנאויסגערעכנטע טוער פון דער נייער אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פאַר חלוצים (החלוץ המדינתי), אָנגעפירט דורך מ. אונגער. אַזוי אַרום איז פאַרפולט געוואָרן אַ בלויז, וואָס איז אַנטשטאַנען מיטן אַרויסטריט פון די רעוויזיאָניסטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די ציוניסטישע קאַדערן אין טאָרנע זענען געשטאַרקט געוואָרן מיט אַ נייעם ווערטפולן חלוצישן עלעמענט, וועלכער האָט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפירט אַ נוצלעכע ציוניסטישע טעטיקייט.

VIII

## ציוניסטישע פרויען-ארגאניזאציעס

### 1. מרים

יידישע פרויען אין טאָרנע זענען אין די פריע יאָרן באַקאַנט געוואָרן מיטן ציוניסטישן געדאַנק. פראַנטשישקאַ בינענשטאָק (די פרוי פון ד"ר מאַקס בינענשטאָק) האָט אינעם יובל־בוך פון דער טאָרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „50 יאָר ציוניזם", פאַרעפנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אָנהויב פון ציוניסטישן געדאַנק ביי יידישע פרויען אין טאָרנע. די שרייבערין דערציילט דאָרט צוו. אַנד.:

„איך געדענק, דאָס איז געווען אין יאָר 1902, ווי אויף דער יידישער גאַס האָט דעמאָלט אומגעשטערט געוועלטיקט די אַסימילאַציע. ברייטע שיכטן פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ און מיט זיי צוזאַמען די אַקאַדעמישע יוגנט, האָבן געפּרעדיקט זייערע לאָזונגען און אייגנוויליק אַרונטערגעפאַלן אונטער אַסימילאַטאָרישע השפּעות. מען האָט נישט געקאַרגט קיין אָנשטרענגונגען און מי, כדי ענדגילטיק איבערצורייסן מיט דער ביזאיצטיקער סביבה און ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון אַ נייער פרעמדער גייסטיקער ספערע. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ וועלכע

עס איז קולטורעלע אַמביציע האָט זיך באַמיט אַרײַנבאַקומען אַלס מיטגליד אין דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט א.נ. פון אַדאַם מיצקיעוויטש אין טאָרנע”, וועלכע האָט אויפן טאָרנער באָדן רעפּרעזענטירט פּוילישקייט אין בעסערן זין פון וואָרט. ווערן אַזאַ אויסדערוויילטער דורכן גורל איז פאַר יידן נישט געווען אַזוי פשוט, ווייל מען האָט באַדאַרפט דאָרט אַרײַנגעפּירט ווערן דורך אַ מיטגליד — אַ קאַטאָ־ליק. די חברה יידישע קאַנדידאַטן און קאַנדידאַטינס האָט אָבער גאָרנישט אָפּגע־שראָקן. אַזאַ איז געווען דער צושטאַנד ביז דעם מאָמענט, ווען די יוגנטלעכע מענער האָבן ווי דערוואַכט פון דער לעטאַרגיע און צוגעטרעטן צו אַ ברייטער נאַציאָנאַלער אויפקלערונגס־אַרבעט אויף דער יידישער גאַס. אין טאָרנע האָט זיך גערודערט ווי אין אַ בינשטאָק”.

די דאָזיקע אויפקלער־אַרבעט צווישן יידישע פרויען האָט אָנגעהויבן מאַקס בינענשטאָק. אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען און אַקטיווער מיטהילף, איז אין יאָר 1902 געגרינדעט געוואָרן אַ „קרייז פון ייִדיש־נאַציאָנאַלע מיידלעך”. פרוי עמיליאַ מאַנד־שיין, די לאַנגיאָריקע פאָרזיצערין פון דעם שפּעטער געגרינדעטן ציוניסטישן פרויען־פאַריין „מרים” און דערנאָך „וויצאָ” (אומגעקומען בעת דער אָקופּאַ־ציע), באַשרייבט אַזוי אינעם אויבנדערמאָנטן יובל־בוך, די געשיכטע פון דער ציו־ניסטישע פרויען־באַוועגונג אין טאָרנע: „מיר זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע מאָל אין וואָך אין די וואוינונגען פון אונדזערע מיטגלידערינס, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן די מיפּולע אַרבעט אַרויסצורייסן פון פאַרשלאָפנקייט און אַפּאַטיע יידישע מיידלעך, וואָס האָבן געלעבט אין דער זאַטער רואיקייט פון בירגערלעכע הייזער. מיר האָבן אָנגעהויבן לערנען יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראַטור, מען האָט אָנגעהויבן שטודירן די ווערק פון העס, אחד־העם, פרץ, ביאַליק און אַנדערע. מען האָט געלייענט, דערציילט זיך, פּאָלעמיזירט הייס, אָפּטמאָל אפילו ליידנשאַפטלעך, שטענדיק זיך אויפגעקלערט און קאָנסעקווענט ליקווידירט די רעשטלעך פון אַסימילאַטאָרישע איישטעלונגען”.

גאָר אינגיכן זענען די ראַמען פון די „מיידלעך־קרייזן” געוואָרן צו ענגע. צו דער אַרבעט האָט זיך צוגעשטעלט עווא זאַלץ — די פרוי פון ד”ר אברהם זאַלץ, דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. אַליין אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ דורכאויס אַסימילירטער משפחה, האָט זי אַ דאַנק דעם וואַרעמען אָפּגעבן זיך דער ציוניסטישער זאַך, אַ דאַנק איר ענערגיע און אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע פעאיקייטן, געבאַנט אַ וועג פאַרן ציוניסטישן געדאַנק צווישן יידישע פרויען אין טאָרנע. אין יאָר 1903 איז אין דער וואוינונג פון די ד”ר זאַלצ׳ס פאָר־געקומען די ערשטע קאָנסטיטואיר־פאַרזאַמלונג פון דעם „יידישן פרויען־פאַריין „מרים” אין טאָרנע. די פאַרזאַמלונג האָט דערעפנט מאַקס בינענשטאָק, דעמאָלט נאָך אַ יונגער סטודענט. וועגן בינענשטאָקס רעדע שרייבט זיין פרוי פראַנטשישקאַ אינעם אויבנדערמאָנטן בוך:

„פאַרשעמטע האָבן מיר זיך צוגעהערט דער דאָזיקער פלאַמיקער פאַנאַטישער רעדע, באַזונדערס מיר, יידישע מיידלעך פון פרומע היימען. הייסט דאָס, אַז מען דאַרף זיך נישט שעמען מיטן אייגענעם אָפּשטאַם, מיטן אייגענעם פאָלק, ווייל אויך מיר פאַרמאָגן אַ דורות־לאַנגע געשיכטע און קולטור־טראַדיציע, וואָס מיט

אירע יוערטן איז זי נישט קלענער פון דער געשיכטע ביי אַנדערע פעלקער. די דאָזיקע ווערטער זענען פאַר אונדז געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. ווען דער רעפערענט האָט פאַר אונדז אַנטוויקלט דאָס בילד פון דער צוקונפט פונעם יידנטום אויף דער אייגענער ערד, אַ דעראָבערטע און באַפרוכפערטע מיט בלוט און שוויס פון די זין פונעם אויסדערוויילטן פאָלק, האָבן מיר זיך דערפילט געקרעפטיקט אויף דער נשמה, אויפגעהויבענע צו דער ריי פרייע געזעלשאַפטן, אויסגעגלייכטע מיט זיי, גרייט פאַר דער דאָזיקער „אוטאָפּיע", ווי מיר האָבן זי אַלע באַצייכנט, אַלץ מקריב צו זיין".

די ערשטע פאָרזיצערין פון דער געזעלשאַפט „מרים" איז געווען גלאַזער, די פרוי פון אַ העכערן פּאָסט־באַאַמטן אין טאָרנע. נאָך איר האָט די פרעזעסור איבערגענומען עוואַ זאַלץ. די מיידלעך וועלכע האָבן געגרינדעט „מרים" און אָנגעפירט מיט אירע אַרבעטן אין סאַמע אָנהויב, האָבן באמת אַרויסגעוויזן אַרבעטזאַמקייט, אויפאָפּפערונג און אידעאַליזם. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן מיט כבוד די ערשטע טוערינס פון דער געזעלשאַפט: שרה באָנאַט (פון מאַן גרודער), ראָזענצווייג (פון מאַן סאַפּיר), יעטאַ טרוים (די פרוי פון שפּעטערן ד״ר אַקסער, אַדוואָקאַט אין פּשעמישל, איצט — ביידע אין ישראל), די שוועסטער אברהם, יאַשקע קערנער, פּע־



אויף דער זומער־קאָלאָניע פונעם טאָרנער „השומר הצעיר" אינעם יאָר 1927

עס זיצן פון לינקס אויף רעכס: ה. גאָלדפאַרב, פרוי ד״ר בלומה שפּאַן ז״ל, ד״ר שמואל שפּאַן, יעקב פליישער, ז. גזשיב.

רעלקאַ גלייכער (איצט אין חיפה), חוה עדעלשטיין (פון מאַן מאַנדשיין), ווי אויך בלומה גרינפעלד, די טאָכטער פון געשעצטן סוחר אין טאַרנע, גוטמאַן גרינפעלד, אַ מענטש מיט טיפער ערודיציע און אַלזייטיק וויסן אויפן געביט פון יודאַאיסטיק און וועלטלעכע וויסנשאַפטן. דאָס הויז פון די גרינפעלדס איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ דורכאויס יידישס און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציוניסטישן צענטער. בלומה, וועלכע האָט עטלעכע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה חתונה געהאַט מיטן שוין דעמאָלט פּאָפּולערן ציוניסטישן טוער ד״ר שמואל שפּאַן, האָט צוזאַמען מיטן מאַן טריי געדינט דעם ציוניסטישן אידעאַל און זי האָט געקאָנט דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר אַ סך יידישע פרויען.



גוטמן גרינפעלד ז״ל

וויאַזוי מען דאַרף נישט פאַרגעסן די פליכטן לגבי דעם אייגענעם פאָלק. בלומה שפּאַן האָט צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער עולה געווען פון טאַרנע אין יאָר 1934, איבערגעלאָזט אַ גוט־איינגעאָרדנט און באַקוועם לעבן, כדי צו העלפן אויפבויען ארץ־ישראל. אויך דאָ איז זי טריי געבליבן אירע אידעאַלן. ווי גליקלעך איז זי געווען ווען זי האָט דערציילט וועגן אירע קינדער וואָס זענען דורך איר דערצויגן געוואָרן אין א״י אויף פולווערטיקע יידן. דער פלוצומדיקער טויט סוף 1947 יאָר, האָט זי אַרויסגעריסן פון די בויער פון לאַנד. איר טויט האָט אַרויסגערופן טיפן טרויער צווישן טאַרנער יידן. כבוד איר אָנדענק!

די דעמאָלט קליינע גרופּע „מרים"־אָנהענגערינס האָט געמוזט זיך צואייגענען די פעאיקייטן פון אָרגאַניזירן, פּראָפּאַגירן, אַרויסטרעטן מיט רעדעס און טוען די פּראַקטישע אַרבעט ביים איינאָרדענען אימפּרעזעס, אויסער דער טאָג־טעגלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. און זיי האָבן מצליח געווען. נישט געווען כמעט קיין געביט פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן און ציוניסטישן לעבן אין טאַרנע, זיי זאָלן נישט דאָרט האָבן זייער השפעה, פאַרבינדונגען און אַקטיוויטעט. זיי האָבן געפירט אַ קולטורעלע אַרבעט פאַר העברעאיש און פאַר דערוועקן דאָס נאַציאָנאַלע באַ־

וואוסטזיין, אַגיטירט און געזאַמלט פאַרן קרן קיימת לישראל און אָנטייל גענומען אין דער כאַריטאַטיוועד אַרבעט לטובת דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג. אין משך פון עטלעכע יאָר האָבן זיי געפירט אַ הילפס־אַרבעט פאַר אָרעמע יידישע קינדער אויסער די שולן, געגרינדעט קורסן פאַר אַנאַלפאַבעטן אויף צו לערנען זיי לייענען און שרייבן. די געציילטע ביים לעבן־געבליבענע טאַרנער ציוניסטן פון יענע צייטן געדענקען זיכער די חנוכה־אָוונטן, וואָס די „מרים״־חברטעס האָבן איינגעאָרדנט אין די יאָרן 1907 און 1908. די דאָזיקע אָוונטן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעכטיקע נאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס. אויף איינעם פון די אָוונטן האָט גערעדט לעאָן רייך און עס איז אויפגעטרעטן דער כאָר (געגרינדעט דורך ש. שפאַן און חזן העללער), צו וועלכן עס האָבן געהערט כמעט אַלע מיטגלידערינס פון „מרים״ און פון דעם דעמאָלט שוין עקזיסטירנדיקן יידישן אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד בר־כוכבא. דער דאָזיקער כאָר איז אין משך פון פיל יאָרן געווען אַן אַטראַקציע אויף אַלע ציוניסטישע אָוונטן און אימפּרעזן. אַ גרויסע באַדייטונג פאַרן פאַרשפּרייטן וויסן אויף דער יידישער גאַס און פלעגן די ציוניסטישע אידעע, האָט געהאַט די מרים־ביבליאָטעק מיט אַ גרויסער צאָל ביכער פון יודאַאיסטישן און ציוניסטישן אינהאַלט. די מרים־ביבליאָטעק צוזאַמען מיט דער ביבליאָטעק פון בר־כוכבא, זענען געוואָרן דער יסוד פאַר דער שפּעטער געגרינדעטער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק א. נ. פון ד״ר שמואל שפאַן — ספריה עממית אין טאָרנע.

„דאָס טאָרנער יידנטום״ — שרייבט וועגן יענע צייטן פראַנטשישקאַ בינענשטאָק אינעם בוך „50 יאָר ציוניזם״ — „האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט מוחל זיין אונדז, שוואַכע מיידלעך, וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען די זעלבשטענדיקייט פון געדאַנק און טאַט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשידענע מינים פאַרפאָלגונגען. די אָרטאָדאָקסישע קרייזן האָבן אויפן שטרענגסטן אופן פאַרבאָטן זייערע טעכטער צו געהערן צו דעם פאַריין, וואו עס האָט געהערשט — לויט זייער מיינונג — אַ שרעקלעכע אַמאָראַלישקייט. די אַסימילאַטאָרן האָבן דעם דאָזיקן פאָרוואורף אונטערגעהאַלטן אין דער גאַנצער ברייט, אפילו אונטערגעהעצט די פרומע אויף יעדן שריט, רעכנענדיק אַזוי אַרום וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם פאַרהאַסטן פאַריין״.

„מען האָט געדאַרפט האָבן״ — שרייבט אויף אַ צווייט אָרט אינעם זעלבן בוך פרוי עמיליאַ מאָנדשיין — „אַ שפּע אידעאַליזם און טיפן גלויבן אין דער ריכטיקייט פון אונדזערע שטרעבונגען, כדי נישט אַראָפּצוגיין פונעם אָנגעצייכנטן וועג, נישט אַנטוישן זיך און נישט אָפּשטיין אין דער אַרבעט״.

און די מיטגלידערינס פון „מרים״ זענען נישט אָפּגעשטאַנען אין דער אַרבעט. זיי זענען געווען די אַקטיווסטע אינעם לאָקאַל קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. אויב אין די שפּעטערדיקע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די ציוניסטישע באַוועגונג אין טאָרנע געשלאָגן טיפע וואָרצלען, איז עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען די שטילע באַשיידענע און עקשנותדיקע קעמפערינס, וואָס האָבן טראָגן די פאַרפאָלגונגען און חוזק איבער זיי, טריי געדינט דער ציוניסטישער אידעע. די איינפלוסן פון די „מרים״־מיטגלידערינס זענען געווען נישט נאָר אין טאָרנע, נאָר אין גאַנץ גאַליציע, ווייל פון טאָרנע האָט זיך געטראָגן

די ידיעה וועגן ציוניסטישן פרויען־פאַריין און דערגרייכט די שטעט ריישע, דעמ־ביץ, דאָמבראָווע, פילזנע און אַנדערע. אין יאָר 1906 איז אינעם שיצן־זאַל אין שטאָטישן גאָרטן אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ ראַיאָן־צוזאַמענפאָר פון די ציוניסטישע פרויען־פאַריינען. וועגן „די אויפגאַבן פון דער פרוי פאַרן ציוניזם" האָט רעפערירט



אַ גרופּע אקטיווע טוערינס פון „מרים". פון לינקס אויף רעכטס: חנה שטיגליץ ז"ל, מינע הודעס ז"ל, העלאַ גרינפעלד (איצט אין חיפה), דינה בעק (איצט אין קיבוץ תל־יוסף), בראָנקע פערלבערג ז"ל.

עווע עדעלשטיין (עמיליאַ מאַנדשטיין). צום סוף פונעם צוזאַמענפאָר איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס אין גאַליציע.

נאָכן באַפרייען טאַרנע פון דער רוסישער אינוואַזיע, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז „מרים" געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט נאָך ווי נישט איז געפירט אַ ציוניסטישע טעטיקייט אין טאַרנע. אינעם קליינעם לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרגוליעס הויז אויף וואַלאָווע־גאַס, האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק און דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע ציוניסטישע

לעבן אין דעמאָלטיקן טאַרנע. עס איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון די אַקטיווע טוערינס פון „מרים״, וועלכע האָבן טריי געאַרבעט אין די מלחמה־יאָרן: שרה בינענשטאָק, שפּעטערדיקע אָנפירערין פון התאחדות און וויצאָ (איצט אין קיבוץ תל־יוסף); טאָנקאָ בערקעלהאַמער, די שוועסטער פון ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, אַ שטילע באַשיידענע אַרבעטערין, וואָס איז מיט איר גאַנץ וועזן געווען איבער־געגעבן דער געזעלשאַפט; מינאָ הודעס, אַן עקשנותדיקע אָנהענגערין פון ציוניזם, פון אַ שטרענג־אָרטאָדאָקסישער היים, האָט געאַרבעט אַקטיוו און איבערגעגעבן פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג צוזאַמען מיט איר חברטע דינה בעק (איצט אין ישראל, אין קיבוץ תל־יוסף). מינאָ הודעס איז צוזאַמען מיט איר מאַן און איינציק קינד אומגעקומען אין לעמבערג בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. כבוד איר אָנדענק!

די דערציאונגס־ און אויפקלער־אַרבעט פון דער געזעלשאַפט „מרים״ האָט צוגעצויגן נייע כוחות, און די באַוועגונג איז געוואַקסן. געווען דאָרט אַ גאַנצער שטאַב איבערגעגעבענע און שטילע טוערינס, טעטיקע אויף אַלע געביטן פון ציו־



אַ גרופּע מיטגלידערינס פון „מרים״. פון רעכטס אויף לינקס: מאַניע מילער (איצט אין אויסטראַליע), פרידה הערשדערפער ז״ל, זאָשקע פייערשטיין (איצט פרוי העניג אין ישראל), טאַויבקע וועלטש (איצט אין ישראל), בראָנקע פערלבערג ז״ל, פעלאָ גרינפעלד (איצט פרוי שפּיץ אין ישראל), האַנקאַ שטיגליץ ז״ל, ד״ר דוד כהן ז״ל.

ניסטישער אַרבעט: פיידזשע בלאונער, העלאָ גרינפעלד, מאַניע מיללער, האַנקע שטיגליץ, טאובקע וועלטש, בראָנקע שוואַרץ, און פיל פיל אַנדערע. פיל פון די מיטגלידערינס פון „מרים״ האָבן דורך חלוצישער טאַט פאַרווירקלעכט זייער ציו־ניסטישן אידעאַל, עולה זייענדיק קיין ארץ־ישראל (העלאָ גרינפעלד און טאובקע וועלטש). די מייסטע פון די „מרים״־קעס זענען אומגעקומען אין די היטלעריס־טישע מאָרד־פאַבריקן אינעם אָקופּירטן פוילן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג אין טאַרנע איז צוריקגעקומען צו דער מדרגה פון אויפבלי או וואוקס, איז מען צוגעטרעטן

אויך רעאָרגאַניזירן די ציוניסטישע פרויען־געזעלשאַפט „מרים”. אין יאָר 1920 איז צונויפגערופן געוואָרן אין סאָלדינגערס זאַל אַ גרויסער פרויען־מיטינג, וואו ד״ר פעלדבלום האָט רעפערירט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ באַזונדערער פרויען־אָרגאַניזאַציע אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. „עטלעכע טעג נאָכן מיטינג” — דערציילט עמיליאַ מאָנדשיין אין אירע זכרונות — „איז רעאָרגאַנירט געוואָרן די פרויען־געזעלשאַפט „מרים”. עס איז ווידער אונטערגענומען געוואָרן די אַרבעט פון אויפקלערן און ציוניסטיש באַווירקן טאָרנער יידישע פרויען. צוביסלעך האָט מען אונדזערע פרויען אויסגעלערנט העברעאיש, פאַרטיפט זייערע ידיעות וועגן יידישקייט און ציוניזם, מען האָט געאַרבעט פאַר קרן קיימת לישראל און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די סיים־וואַלן. מען האָט אויך אינטענסיוו מיטגעאַרבעט מיטן אַמעריקאַנער רויטן קרייץ, וועלכער האָט געהאַט די שוץ איבער דער מוטער און קינד”. אין שפיץ פון „מרים” אין דעמאָלט געשטאַנען עליזאַ העללער, וועלכע האָט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זיך באַצויגן צו דער אַרבעט, צוזאַמען מיט דער אייגנטלעכער לייטערין פון „מרים” — עמיליאַ מאָנדשיין. עליזאַ העללער איז אויך געווען פאָרזיצערין פון וויצאָ, ביז צום יאָר 1928. זי איז פריצייטיק געשטאָרבן דעם 3־טן דעצעמבער 1928 יאָר, איבערלאָזנדיק צוויי מינדעריעריקע קינדער. אינעם נעקראָלאָג, געווידמעט דער פאַרשטאָרבענער, שרייבט דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי” (נומ׳ 35, 7.12.28) : „זי האָט זיך אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער אַרבעט מיט פולער אָפּפערווילנקייט און פלייסיקייט, באַמיענדיק זיך מיט אַלע כוחות פון איר גייסט געוויסנהאַפט צו דערפילן די אויפגאַבן פון אַ יידישער פרוי, וואָס אַרבעט פאַרן רענעסאַנס פון איר פאָלק. כבוד איר אָנדענק!”

## 2. וויצא — יונג־וויצא

הגם אין דער ערשטער תקופה פון ציוניזם זענען געווען פרויען, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון ציוניסטישן אידעאַל, איז פונדעסטוועגן שווער געווען צו געפונען דעם וועג צו די ברייטסטע מאַסן יידישע פרויען. ערשט אין יאָר 1920, איז אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון אַ קליינער גרופּע יידישע פרויען אין ענגלאַנד, צו וועלכע עס האָבן צוו. אַנד. געהערט פרוי גודמאַן, רעבעקאַ זיף, ווערא ווייצמאַן און ליידי הערבערט סאַמועל, אַנטשטאַנען דער ציוניסטישער וועלט־פאַרבאַנד פון יידישע פרויען. אינגיכן איז זיך די קליינע גרופּע פונאַנדערגעוואַקסן אין אַ מעכטיקער אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „וואָמען אינטערנייִשאָנעל זייאָניסט אָרגאַניזיישן” — וויצאָ, וועלכע האָט אין יאָר 1930 שוין פאַרמאָגט אירע אָרגאַניזאַציעס אין 40 לענדער אויף דער וועלט. די וויצאָ־טעטיקייט איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: א) שאַפן באַדינגונגען פאַר דער אַרבעטנדיקער פרוי אין ארץ־ישראל; ב) אויפקלערן די פרוי אין די גלות־לענדער פאַר דער זאַך פון אויפבויען ארץ־ישראל. גאָר אינגיכן איז דער וויצאָ־אָרגאַניזאַציע געלונגען צו געווינען טויזנטער פרויען פאַר דער ציוניסטישער אידעע. אויך אין ארץ־ישראל האָט וויצאָ אויפגעשטעלט וויכטיקע דערציאונגס־ און סאַניטאַרע אינסטיטוציעס.

אין טאַרנע איז וויצאַ געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1921 אויפן אָרט פון דער פון פריער עקזיסטירנדיקער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים". די נייע פרויען־אָרגאַניזאַציע האָט אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט, זאַמלענדיק פאָנדן פאַר אַ זידלונג אין נס־ציונה. עס איז געפירט געוואָרן אַ קולטור־אַרבעט דורך רעפעראַטן און שמועסן יעדן שבת — אויף די סאַמע פאַרשידנאַרטיקסטע טעמעס. די דאָזיקע אויפקלער־טעטיקייט פאַרבונדן מיט פּראַקטישער אַרבעט פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, האָט אינגיכן געגעבן גוטע רעזולטאַטן. וויצאָ איז שנעל געוואַקסן. זי איז גאָר גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערנסטער אָרגאַניזאַציע און אַרומגענומען די ברייטסטע שיכטן יידישע פרויען. אַרום וויצאָ האָט זיך גרופּירט אַ גרעסערער אַק־טיוו טרייע איבערגעגעבענע ציוניסטישע טוערינס, ווי: עמיליאַ מאַנדשיין, שרה בינענשטאָק, ד״ר רבקה פייג, פרוי ד״ר ווייס, פרוי ראוכווערגער, רעגינע האָלענ־דער, פרוי קורץ, אַננאַ פלור, פרוי וורצעל, פרוי וועג, פרוי אינזש' לייכטער, פרוי ד״ר ליבעסקינד, עוואַ כשר, פרוי צוויבעל, פרוי ריינהאָלד, גיזעלאַ אַניספעלד, בראָניסלאַוואַ פערלבערג, פרוי וואַלאַך, פרוי ראָזענבאום, פרוי לאַנגער, דאָלאַ ווייס, פרוי ווייסבערג, דאָראַ אונגער, בערטאַ פלור, פרוי ד״ר מענדערער. אויסער שרה בינענשטאָק, וועלכע האָט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ ישראל; פרוי אַננאַ פלור, וועלכע איז אָנגעקומען קיין א״י האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה; פרוי עוואַ כשר, וועלכע האָט מיט דער גאַנצער פאַ־מיליע זיך באַזעצט אין א״י אין יאָר 1937 און פירט היינט אַן אייגענעם משק אין חדרה; פרוי רעגינע האָלענדער און פרוי וורצעל, וועלכע זענען געקומען אין לאַנד אין יאָר 1949, — איז קיינער פון די דאָזיקע ציוניסטישע אַקטיוויסטינס נישט געבליבןביים לעבן. בלויז רבקה פייג איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין א״י; זי האָט דאָ געהאַט עולה געווען מיט איר מאַן ד״ר פייג, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. זי האָט געהערט צו די טעטיקסטע ציוניסטישע טוערינס אין טאַרנע. די אַלע איבעריקע פרויען זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער. כבוד זייער אָנדענק!

אין יאָר 1929 איז אין ציריך (שווייץ) פאָרגעקומען דער וועלט־קאָנגרעס פון וויצאָ, וואו עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם פאַר צו־זאַמענאַרבעט מיט פרויען נישט־ציוניסטינס, וועלכע האָבן אָבער די פולע פאַר־שטענדניש פאַר דער אויפבוי־אַרבעט אין א״י און דערשאַצן די היסטאָרישע ראָל פון דער יידישער פרוי ביים פאָרמירן אַן אייגן פאָטערלאַנד. אויף דער גאַנצער וועלט, ווי אין טאַרנע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע ווערביר־אַקציע פון וויצאָ, מיטן ציל אַריינצוציען וואָס מערער פרויען צו געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער אַר־בעט. דעם 27־טן אָקטאָבער 1929 יאָר איז אין זאַל פון דער טאַרנער שפה ברורה פאָרגעקומען אַ גרויסער פרויען־מיטינג מיטן אָנטייל פון די אָנגעזעענע טוערינס אין דער פרויען־באַוועגונג: רעגינע צימערמאַן און נעללי טהאָן־ראַסט פון קראָקע. נאָכן איינלייטונגס־וואָרט פון עוואַ כשר, האָט פרוי צימערמאַן באַריכטעט וועגן לעצטן אַלוועלטלעכן פרויען־קאָנגרעס פון וויצאָ, און נעללי טהאָן־ראַסט האָט אַרומגערעדט די ראָל און אויפגאַבן פון דער יידישער פרוי. דער מיטינג איז פאַר־ענדיקט געוואָרן מיט אַ רעדע פון שרה בינענשטאָק, וועלכע האָט גערופן די יידישע

פֿרוי אין טאַרנע צו אינטענסיווער קולטורעלער און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט.

אין נאָוועמבער 1929 יאָר איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פֿון פּראָפֿ׳ אַננאַ בראָס פֿון קראָקע א. ד. ט. „דאָס פּראָבלעם פֿון פּסיכאָלאָגיע אין דערציִען די יוגנט”. אויף איר איניציאַטיוו איז ביים טאַרנער וויצאָ געגרינדעט געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער קרייז מיטן אָנטייל פֿון די פּראָפֿעסאָרן און דערציִער פֿון די שפה ברורה שולן. די אויפֿגאַבע פֿון דעם קרייז איז געווען: באַהאַנדלען די באַזונדערע דערציִאונגס־פּראָבלעמען.

באַזונדערס אינטענסיוו איז געווען דער אָנטייל פֿון טאַרנער וויצאָ אין די אַרבעטן פֿאַרן קרן קיימת, קרן היסוד און חלוצישער הילף. אין יאָר 1930 איז ביים וויצאָ אַנטשטאַנען אַ קרייז יוגנטלעכע מיידלעך, די א. ג. יונג־וויצאָ, צו וועלכער ס׳האָבן געהערט דער עיקר מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט. זיי זענען געווען איינגעטיילט אויף גרופּן, אין יעדע האָט געמוזט לערנען העברעאיש, ליטעראַטור, יידישע געשיכטע און געשיכטע פֿון ציוניזם. יונג־וויצאָ האָט געהאַט איר אויטאָנאָמיע, אָבער זיי האָבן ענג צוזאַמענגעאַרבעט מיט וויצאָ, אויסגעאַרבעט בשותפותדיקע אַרבעטס־פּלענער און באַטייליקט זיך אין אַלע אַקציעס און אונטערנעמונגען פֿון וויצאָ. דורך זייער פֿאָרזיצערין און סעקרעטאַרין, וועלכע האָבן געהערט צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון וויצאָ, האָט יונג־וויצאָ באַקומען די נויטיקע אָנווייזונגען און סטימול פֿאַר זייער טעטיקייט. מיט יונג־וויצאָ האָט אַ לענגערע צייט אָנגעפֿירט די יונגע אַקטיוויסטין לאַנגזאַם (איצט אין ישראל).

דעם 8־טן נאָוועמבער 1930 יאָר איז אין זיצונגס־זאַל פֿון דער קהילה פֿאָרגעקומען די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון וויצאָ. דעם פֿאָרזיץ האָט געפֿירט אַננאַ פּלור. וועגן דער לאַגע אין ארץ־ישראל און די אויפֿגאַבן פֿון וויצאָ האָט רעפֿערירט עמיליאַ מאָנדשיין. בראָניסלאַוואַ פּערלבערג האָט אָפּגעגעבן דעם טעטיקייט־באַריכט פֿון טאַרנער וויצאָ פֿאַר די לעצטע יאָרן. פֿרוי ד״ר פֿייג האָט אָפּגעגעבן דעם קאַסע־באַריכט, פֿון וועלכן עס איז צוו. אַנד. באַוואוסט געוואָרן, אַז אין דער צענטראַלע קיין וואַרשע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן די סומע פֿון 1.850 זלאָטעס, פֿאַרן קרן קיימת — 500 זלאָטעס, פֿאַרן איינשרייבן אין ספר הזהב פֿון קק״ל — 800 זלאָטעס. אין דער נייער פֿאַרוואַלטונג זענען אויסגעקליבן געוואָרן: פֿרוי היימאַן — פֿאָרזיצערין, עוואַ כשר און שרה בינענשטאָק — וויצע־פֿאָרזיצערינס, בראָניסלאַוואַ פּערלבערג און פֿרוי ליאָן — סעקרעטאַרינס, רבקה פֿייג — קאַסירערין.

לעבעדיק און רוישיק איז תמיד געווען אינעם וויצאָ־לאָקאַל אין טאַרנע אויף דער גאָלדהאַמער־גאַס נומ׳ 3. פֿאָרלעזונגען, שמועסן און קורסן האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט די וויצאָ־מיטגלידערינס זיך צו באַקענען מיט אַלע פּראָבלעמען פֿון יידישן לעבן. עטלעכע יאָר פֿאַרן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1937), האָבן צו דער אָנפֿירונג פֿון טאַרנער וויצאָ געהערט פֿאָלגנדע פֿרויען: עמיליאַ מאָנדשיין — פֿאָרזיצערין, די פֿרויען ווייס און שפּענאַדעל (די לעצטע איצט אין ישראל) וויצעפֿאָרזיצערינס, די פֿרויען בלאַזער, בלאָנדער, בלאָנד, בוקסבאום, פֿייגענבוים, פֿעלד, אַננאַ פּלור (איצט אין ישראל), גאָלדבערג, גאַנז, גרינבערג (איצט אין ישראל), גרין, יאַבלאָנסקאַ, קעללער, קליין, קאָך, קאָרנילאָ, ליכטבלאו (איצט אין ישראל), ליאָן, לעפּעלהאָלץ (איצט אין אַמעריקע), גאָלדע מאָזעל,

אָסטערוויל, פערלבערגער, ראוכווערג, ראָזענבוש (איצט אין ישראל), שענפעלד, שוואַרץ, שטייער, טאובעלעס, ד״ר וואַסערמאַן, וועקסלער, אירמאַ ווורצעל (איצט אין ישראל) און ראָזאַליאַ ווורצעל.

טאַרנער וויצאָ איז געווען איינע פון די טעטיקסטע ציוניסטישע פּראָוויִנץ־אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע. עס דאַרף דאָ באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן די אַרבעט פון פרוי ד״ר אַפּטע, דעמאָלטיקע פּאָרזיצערין פון די וויצאָ־אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע, וועלכע איז אַרומגעפאָרן איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון קליינפּוילן און געגעבן איר וואַגיקן בייסטייער צו דער וויצאָ־אַרבעט. די וויצאָ־מיטגלידערינס, נישט זייענדיק אַנגאַזשירט אין קיין שום פּאַרטייאישער אַרבעט, האָבן געהאַט די פולסטע מעגלעכקייט אויסצונוצן זייער ענערגיע און איבערגעגעבנקייט פאַר אויפקלערערישער און קאָנסטרוקטיווער טעטיקייט לטובת ארץ־ישראל. לויט זייערע פּאָליטישע אַנשויאונגען, האָט יעדע מיטגלידערין פון וויצאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט אָנצוגעהערן צו אַ באַשטימטער פּאָליטישער פּאַרטיי אָדער פראַקציע.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז איבערגעריסן געוואָרן די טעטיקייט פון וויצאָ. הונדערטער אירע טרייע איבערגעגעבענע מיטגלידערינס האָבן געטיילט דעם גורל פון גאַנצן טאַרנער יידנטום. כבוד זייער אָנדענק!

## IX

## ציוניסטישע יוגנט-ארגאניזאציעס

### 1.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין אַנטוויקלונג האָט דער ציוניזם דערגרייכט קודם כל צו דער יידישער יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין די שולן און בתי־מדרשים און וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין וואַרשטאַטן און אין האַנדלס־אונטערנעמונגען. אין די טאַרנער מיטלשולן האָבן שוין אין יאָר 1904 עקזיסטירט יודאַאיסטישע סטודענטן־קרייזן, צו וועלכע עס האָבן געהערט די שילער פון די העכערע קלאַסן, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין געשריבן אויף אַ צווייט אָרט.

אויף דער איניציאַטיוו פון גימנאַזיע־שילער ישעיהו פייג (שפּעטערדיקער התאחדות־פירער), איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַ יודאַאיסטישער קרייז פון שילער פון די קלענערע גימנאַזיע־קלאַסן, צו וועלכן עס האָבן צוו. אַנד. געהערט: עמיל ווידער, אַלטער בייטש, בערנאַרד עדעלשטיין, יצחק פיש, נפתלי ליימאַן. אין דעם געהיימען סטודענטן קרייזל האָט מען פלייסיק געלייענט די דעמאָלטיקע ציוניסטישע פּרעסע, געפירט אַ קורס פאַר יידישער געשיכטע און העברעאישער שפּראַך. מיט יעדן יאָר זענען געוואַקסן די קאַדערן פון דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער רוקנביין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע באַוואוסטזיין צווישן דער יידישער יוגנט איז געשטאַרקט געוואָרן און זיך באַפעסטיקט דער עיקר אונטערן איינפלוס פון דער צייטשריפט „מוריה״, רעדאַגירט אַ לענגערע צייט דורך ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין טאַרנע. דאָס דערשיינען פון אַ נומער

פון דער צייטשריפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויס געשעעניש ביי דער שטודירנדיקער יוגנט.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ד״ר יצחק שיפער, שוין דעמאָלט אַ באַ־דייטנדיקער פועלי־ציון טוער, רעדאַגירט אַ געוויסע צייט די חודש־שריפט „נאַשע האַסלאַ״ („אונדזערע לאָזונגען״). מיט דער אַדמיניסטראַציע פון זשורנאַל האָבן זיך פאַרנומען די יונגע פועלי־ציון סטודענטן אַדאָלף קאַץ און יוליוש גאָלדבערג.

אין די יאָרן 1909/11 איז אין שפּיץ פון דער סטודענטישער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען דער ענערגישער גימנאַזיע־שילער ראובן ראָזענבליט, שפּעטערדיקער אַדוואָקאַט און ציוניסטישער טוער אין יאַראָסלאַוו, דערמאָרדעט דורך די היטלע־ריסטן אין לעמבערג, אין יאָר 1942. פון זיינע אַקטיווסטע מיטאַרבעטער אין קרייזל זענען געווען: סטודענט חיים פרימאַן, די ברידער לעווינגער, די ברידער דוד און לייב קאָהן.

עס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו פירן ציוניסטישע טעטיקייט צווישן סטודענטן. די שילער וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן ביים פאַרקויפן די קרן־קיימת אָפּצייכענונגען, אָדער ביים לייענען די „מוריה״, צי ציוניסטישע בראָשורן, זענען גלייך באַזייטיקט געוואָרן פון שול. אַזוי ווי די מיינסטע סטודענטן האָבן געשטעקט אין נאַציאָנאַלן אינדעפערענטיזם אָדער אַרונטערגעפאַלן אונטער סאָציאַליסטיש־אַסימילאַטאָרישע השפעות, האָט זיך געפאָדערט אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט צווישן אָט דער יוגנט, וואָס האָט זיך גרופּירט אין די סטודענטישע קרייזלעך.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די יוגנט פון די סטודענטן־קרייזלעך געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. יונגע ציוניסטן, וועלכע האָבן פאַרענדיקט די גימנאַזיע, האָבן מיט ברען זיך אַריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער טעטיקייט און אַריינגעטרעטן אין די עקזיסטירנדיקע ציוניסטישע פאַריינען — „בר כוכבא, „התחיה״ אָדער „ציון״. פונדאַנען האָט די ציוניסטישע באַוועגונג באַקומען נייע כוחות, נייע אַקטיוויסטן־קאַדערן.

2.

## „השומר הצעיר״ — „הנוער העברי (הציוני)״ — „עקיבא״

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין אַ סך לענדער אַנטוויקלט די סקויטישע אָרגאַניזאַציעס. בעת אָבער ביי פעלקער, וואָס האָבן באַוואוינט אייגענע טעריטאָריעס און געפירט אַ זעלבשטענדיק מלוכה׳ש לעבן, האָבן די סקויטן־אָרגאַ־ניזאַציעס געהאַט אַן איינהייטלעכע נאַציאָנאַלן צי מלוכה׳שן כאַראַקטער, האָט די יידישע יוגנט — אַ צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער שוין אַ ציוניס־טיש באַוואוסטזיניקע — געשאַפן אַ סקויטינג, וועלכער האָט אַנטשפּאָכן דער ספּע־ציפישער לאַגע פון יידישן פאָלק. אַנדערש האָט אויסגעזען דער יידישער סקויטינג אין דייטשלאַנד, אַנדערש אין פוילן, און גאָר אַנדערש — אין ארץ־ישראל.

די יידישע סקויטישע באַוועגונג האָט געדאַרפט מאָראַליש און פיזיש אויפ־הייבן די יוגנט, אָפּרייסן איר פון שלעכטע איינפלוסן פון די שטעט און זי דער־

נענטערן צו דער נאַטור. דער יידישער סקויטינג האָט געדאַרפט זיין אַ נאַציאָנאַלער לויט זיין מהות, הגם עד האָט זיך געזאָלט ווייט האַלטן פון פאָליטיק.

יידישע סקויטן אין פוילן האָבן זיך אָנגערופן „שומרים״, אָנקניפנדיק זייער נאָמען צו דער העלדישער טראַדיציע פון די ארץ־ישראלדיקע שומרים, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו באַשיצן די איזאָלירטע קאָלאָניזאַציע־פונקטן אין לאַנד קעגן אַראַבישע איבערפאַלן. דער באַגריף שומר האָט געמיינט דרייסטקייט, העלדישקייט. אַ שומר איז געווען דער אידעאַל פון יעדן יונגן ציוניסט, וועלכער האָט געטרוימט צו ווערן אַ שומר אין ארץ־ישראל. דער אידעאַל פון דער סקויטישער יוגנט פון „השומר הצעיר״ איז געווען די מעגלעכקייט איבערצונעמען די פונקציע פון אַן ארץ־ישראלדיקן וועכטער (שומר), וועלכער האָט ביי די גרעסטע געפאַרן באַשיצט יידיש האָב־און־גוטס. די טענדענצן פון דער דאָזיקער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע זענען געווען דורכאויס נאַציאָנאַלע, ציוניסטישע — און נישט נאָר אין וואָרט, נאָר אין טאַט, וואָס איז אָפטמאָל געווען אַ סיבה פאַר קאָנפליקטן צווישן דער שומרישער יוגנט און זייערע עלטערן און דער שול. די שומרים האָבן נעגירט דעם דערציאונגס־סיסטעם פון די עלטערן און דער שול. דער שומרישער אידעאַל איז געווען זיך גופא צו דערציען צום העכסטן יוגנט־אידעאַל, צו אָפּפערן זיך פאַר ארץ־ישראל, פאַר איר ערד — דערציען אין גייסט פון אַ שומר אין א״י.



**די אָנפירער פון „השומר הצעיר״ אין טאַרנע אין יאָר 1920**

ערשטע ריי פון אונטן, פון לינקס אויף רעכטס: פריס, אַרמיאַן, הערשקוביץ, האַנקע אָפּנער, אומאַנסקי, הערשדערפער.

צווייטע ריי פון לינקס אויף רעכטס : זאב בלאָך, מלה יאַרטנער, ?, מ. ענגעלהאַרט, ראָטענבערג, זאָוערשטראָם, א. פרידלענדער.

דריטע ריי פון לינקס אויף רעכטס: אַרמיאַן, מ. ווייס, מ. שוואַרץ, הערצמאַן.



אַ קבוצה שומרות אין יאָר 1920 אונטער דער אָנפירונג פון אַסטערוויל, היינט דירעקטאָר פונעם מלבן־שפיטאָל אין באר־יעקב.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין טאַרנע אַנטשטאַנען די אָרגאַ־ניזאַציע פון „השומר הצעיר" אונטער דער אָנפירונג פון דוד קאָהן (אַליין אַ דער־צויגענער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, שפעטערדיקער אַדוואָקאַט אין ריישע, וואו ער איז געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה). די שומרים האָבן נישט אַנערקענט קיין שום פשרות. זיי האָבן געפאָדערט פון יעדן חבר זייערן דעם אומבאַדינגטן פערזענלעכן אַנטייל אין אַרבעט פאַר אויפבויען ארץ־ישראל. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער „השומר הצעיר" געווען די איינציקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ווען אין יאָר 1920 האָט די דריטע עליה מיטגעריסן מיט זיך פיל חלוצים פון פועלי־ציוניסטישער צי סתם־ציוניסטישער אָפשטאַמונג, האָט דעם גרעסטן קאָנטיגענט צוגעשטעלט דער השומר הצעיר. אין יאָר 1920 האָבן פון טאַרנע עולה געווען די שומרים: וואָוטשע בלאָך (איינער פון די גרינדער פון קיבוץ בית־אלפא), האַנקאַ אָפנער, זאָשקע זילבערגער, טולעק פלאַנצער, סימה אָרימאַן, יהודה וואַלד, מילעק ווייס, חאשעק הערצמאַן, אפרים זאורשטראָם, גאָלדבערג,

אַסטערוויל, אַנטעק פרידלענדער, אשר הערשקאָוויטש, שינאגעל און פיל פיל אַנדערע יונגע שומרים. מיט דער צייט האָט די שומרישע יוגנט, וועלכע האָט זיך אין משך פון יאָרן אויסגעלעבט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַקטיוו באַטייליקט זיך אין אַלע אירע טעטיקייטן, אַלץ מערער זיך דערווייטערט פון די אידעאישע איינשטעלונגען פונעם אַלגעמיינעם ציוניזם, הגם ביים רעאַליזירן די חלוצישע טאַט האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט קרבנות־גרייטקייט און קאָמפּראָמיסלאָזיקייט.

די פאַרשטאַרקטע עליה קיין א״י האָט גורם געווען צו אַ פאַרטיפונג פון די אידעאישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן ציוניסטן, אָנגעשלאָסענע אין דער אַל־געמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. באַזונדערס האָט זיך געקאָכט ביים השומר הצעיר. די שטאַרקע שומרים באַוועגונג אין טאָרנע האָט זיך דערווייטערט פון אַל־געמיינעם ציוניזם, אונטערשטרייכנדיק וואָס אַמאָל בולטער איר לינקן אָפּנויג. די אָנפירער פון השומר אין טאָרנע, צו וועלכע עס האָט צוו. אַנד. געהערט די מוטיקע העלאַ פרידלענדער (דערנאָך אַוועק צו די קאָמוניסטן, אומגעקומען פון היטלע־ריסטישע רוצחים אין אוקראַינע), האָבן זיך אופן וועג פון רעאַליזירן דעם ציו־ניסטישן אידעאַל, אָנגעשטויסן אויף די האַרבע לעבנס־באַדינגונגען אין גלות און אין א״י, אָנגעטראָפן זיך אויף פיל פּראָבלעמען פון פערזענלעכן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וועלכע זיי האָבן געוואָלט לייזן אויף אַ זעלבשטענדיקן אופן — מיט זייער חלוציש־אידעאַליסטישן צוגאַנג צו נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אין יאָר 1919 איז אין דער שול פון שפה ברורה אין טאָרנע פאָרגעקומען דער אַלפוילישער צוזאַמענפאָר פון השומר הצעיר, אויף וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער גערענגל צווישן די צוויי שטרעמונגען. די אַלגעמיין־חלוצישע ריכטונג, רע־פּרעזענטירט דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט געבערענגט צום אויסדרוק ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, וועלכער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט אויפן אויבנדערמאָנטן צוזאַמענפאָר. געווען אויך שטאַרקע אַרויסטרעטונגען פונעם צווייטן צד — דעם פּועלי־ציוניסטישן, וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן דעם קלאַסן־מאָמענט אינעם רעאַליזירן דעם ציוניזם. פאַרן אָרטיקן קאָמיטעט פון דער ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהאַט די השגחה איבערן השומר הצעיר, איז געוואָרן קלאָר, אַז פריער צי שפּעטער וועט דער השומר הצעיר דערגיין צו אַן אייגענער אידעאָלאָגיע, וואָס וועט זיך אונטערשיידן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטי־שער (אָנגערופן צו יענער צייט „סתם־ציוניסטישער״). פאַר דעם קאָמיטעט איז איצט געשטאַנען די פראַגע פון אויפשטעלן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פאַר יענע יוגנטלעכע, וואָס זענען נאָך נישט אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון השומר הצעיר.

נישט אַלע טאָרנער שומרים האָבן געוואָלט מיטמאַכן דעם וועג, אויף וועלכן ס׳איז צו יענער צייט געגאַנגען דער השומר הצעיר. עטלעכע פעאיקע יונגע ציו־ניסטן מיט ישעיהו שפּיראָ און לעאָן שפּיגעל בראש האָבן געשאַפן אַ נייע חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בר־גיורא״, וואָס האָט אַרומגענומען אַ געוויסן קרייז יוגנט־לעכע, וועלכע זענען געקומען סיי פון השומר הצעיר, סיי פון דער ביז איצט נישט אָרגאַניזירטער פאַלקס־יוגנט. „בר גיורא״ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקע חלוצי־



ישעיהו שפּיראָ מיט אַ גרופּע מיטגלידערינס פון „בר גיורא" — אין יאָר 1925.

שע טענדענצן, אונטערשטרייכנדיק דעם אַלגעמיין ציוניסטישן כאַראַקטער פון איר טעטיקייט און נישט באַטאָנענדיק אין דער חלוצישער דערציאונג דעם קלאַסן־מאָמענט, וועלכער האָט ביים השומר הצעיר געשפּילט וואָס אַ מאָל אַ גרעסערע ראָל.

צו די אָנפירער פון „בר גיורא" האָבן צווישן אַנדערע נאָך געהערט דוד פּריס (היינט אין ישראל), לייב קאָהן, שרה גרין, חיים קאַרפוס־נייגער (איצט דאָקטאָר מעדיצין אין ישראל).

אויך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעמאַכט אַן אידעאישן געראַנגל און ווען עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די אידעאָלאָגישע יסודות פון דער „התאחדות", איז אַנטשטאַנען אין טאַרנע די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „התאחדות" — „גורדוניה", צו וועלכער עס איז צוגעטרעטן אַ גרויסער טייל פון „בר גיורא", וועלכע האָט פאַרענדיקט איר טעטיקייט און זיך אויפגעלייזט.

נאָך אַ געוויסע צייט האָט געדויערט דער אידעאישער פערמענט אין די רייען פון השומר הצעיר, באַגלייט מיט אַ שטורמישער דיסקוסיע אין דער ציוניסטישער פּרעסע וועגן די צוקונפטיקע וועגן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אָנגעפירט מיט דעם וויכוח האָט ד"ר י. שוואַרצבאַרט, וועלכער האָט דעמאָלט שוין פאַרנומען אַן אָנפירנדיקן פּלאַץ אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון מערב־גאַלי־

ציע און שלעזיע. נאָך אין יאָר 1928 האָבן די אַלגעמײנע ציוניסטן פּאַטראָנירט דער שומרישער יוגנט. געווען דעמאָלט אַפילו אַ באַזונדערע געזעלשאַפט „שוץ איבער דער יידישער יוגנט השומר״, וועמענס פאַרוואַלטונג אין יאָר 1928 איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פערזאָן: ד״ר ש. שפּאַן — פּרעזעס, חיים נייגער, ב. שפּענאַדעל, — וויצע־פּרעזעסן, ד״ר י. פייג — סעקרעטאַר, י. באָרגעניכט — קאַסיר. אין דעם יאָר איז אין טאָרנע איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שומרישע אויסשטעלונג, וועגן וועל־כער מיר לייענען אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (20.4.28) :

„הגם די אויסשטעלונג האָט זיך געפונען אינעם קליינעם באַשיידענעם לאָקאַל פון השומר, האָט זי דאָך פּרעזענטירט פיל טעטיקייטס־געביטן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אַזוי האָט אויפן ערשטן אָרט זיך אַרויסגערוקט דער סקויטישער טייל, וועלכער האָט געשילדערט דאָס לאַגער־לעבן און די שומרישע שלאָגפערטיקייט. אינעם אַרטיסטישן טייל האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט די בילדער פון 17־יאָריקן אַרטיסט־שומר ס. גערסטן, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ נישט־דורכשניט־לעכן טאַלענט. די גאַנצקייט פון דער אויסשטעלונג איז פאַרפולקאָמט געוואָרן מיט שיינע מינעראַלאָגישע עקספּאָנאַטן. וועגן דער צאָלמעסיקייט פון דער שומרישער אָרגאַניזאַציע האָט אינפאָרמירט די ספּעציעלע סטאַטיסטישע אָפּטיילונג״.

די געזעלשאַפט „שוץ איבער דער יידישער יוגנט השומר הצעיר״, וועמענס פאַרוואַלטונג אין יאָר 1929 איז באַשטאַנען פון : ד״ר שפּאַן — פּרעזעס, חיים נייגער



מאיר יערי און די אָנפירונג פון „השומר הצעיר״ אין טאָרנע אין יאָר 1927

ערשטע ריי זיצנדיק, פון לינקס אויף רעכטס: ח. לעזער, י. זיגפריד, מאיר יערי, יעקב פליישער, אהרן פוס, מ. ראַנד, ס. גליק.

צווייטע ריי שטייענדיק פון לינקס אויף רעכטס: ה. גוטער, משה קלאַפּהאָלץ (עציוני), ר. ראָזענבערג, פּ. בירקען, ?, י. קייטש, ש. שטיין, מ. זאָמער, א. אָסטערווייל, י. גרינבערג.

און ב. שפּענאַדל — וויצע־פּרעזעסן, מ. קלאַפּהאָלץ — סעקרעטאַר, באַרגעניכט — קאַסיר, די פּרויען קייל, האוזער, שפּענאַדעל, ד״ר הענריק גרינבערג און ז. פּע־ניכעל, — האָט איינגעאָרדנט אַן אָפּרו־קאָלאָניע פאַר דער אומפאַרמעגלעכער יוגנט. וועגן וואוקס און כוח פון טאַרנער השומר זאָגט עדות דער פאַקט, אַז אין נאָוועמבער 1929 אין אין טאַרנע פאָרגעקומען דער צוזאַמענפאָר פון די שומרישע אָרגאַניזאַ־ציעס אין טאַרנער קרייז, מיט דער באַטייליקונג פון 100 שומרים. די איינגעלאַדענע אויפן צוזאַמענפאָר פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן אונטער־געשטראָכן די דאָמינירנדיקע באַדייטונג פון דער שומרישער באַוועגונג פאַר דער העברעאישער קולטור און ארץ־ישראלדיקע פאָנדן. מיט רעפעראַטן אויפן צוזאַ־מענפאָר „וועגן דער לאַגע אין ציוניזם, אין ארץ־ישראל און אין דער שומרישער באַוועגונג״ איז אַרויסגעטרעטן דער דעלעגאַט פון א״י ר. וויינטראוב, און וועגן דער באַציאונג פון השומר צו אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט גערעדט דער פאָרשטייער פון הויפּט־ראַט ש. שוואַרץ.

אויף קאָנפערענצן און אַנדערע צוזאַמענקונפטן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָט מען אַלץ אָפטער געפאָדערט קלאָר צו מאַכן די באַציאונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן לגבי דעם השומר הצעיר. די קראָקעווער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע(אין יאָר 1928), אָנגעפירט דורך ד״ר י. שוואַרצבאַרד און מגר. לעאָן סאַלפעטער, איז צוגעטרעטן צו אַן ענערגישער אויפקלערונגס־אַקציע אויף אַריינ־צונעמען די אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען .עס האָבן אָנגעהויבן אַנטשטיין נייע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן נעגירט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער חלוצישער באַוועגונג און פאַרלאַנגט אַן אָריענטאַציע אויף דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. עס האָבן זיך געפונען יונגע ציוניסטישע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן אויפגעכאַפּט די אַלגעמיין־ציוניסטישע לאָזונגען און געשאַפן אין גאַליציע באַזונדערע יוגנט־אָרגאַניזציעס אונטערן נאָמען „אגודת הנוער העברי״ (אין קאָנגרעס־פּוילן — „השומר הלאומי״ און „הרצליה״). אין מערץ 1928 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַן אַלגעמיין ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אַלס אַ טייל פון אגודת הנוער העברי, וואָס איז געשען קודם כל אַ דאַנק די באַמיאונגען פון יעקב בינענשטאָק, אַ יונגן און טיכטיקן ציוניסטישן אַקטיוויסט. דער טאַרנער קן האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אַקטיוויטעט, שטעלנדיק זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו דערציען די יידישע יוגנט אין גייסט פון ריינעם ציוניזם, אָן צומי־שונגען און באַפאַרבונגען. הנוער העברי האָט אינגיכן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. עס זענען געגרינדעט געוואָרן ענלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס אין דער פּראָווינץ.

באַזונדערס אַקטיוו איז דער הנוער העברי געווען אויפן געביט פון העברע־איזירן די יידישע יוגנט, דערציען זיי אין חלוצישן גייסט. אין די זאַמלונגען פאַרן קרן קיימת, האָט די דאָזיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָפּטמאָל פאַרנומען דעם ערשטן אָרט.

אין יוני 1929 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַ פאַטראָנאַט פאַר דער אַלגעמיין ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע הנוער העברי, אין פאָלגנדן צוזאַמענ־




„הנוער־העברי״ אין טאָרנע אינעם יאָר 1929

שטעל: ד״ר שפאַן — פרעזעס, ד״ר ז. זילבערפעניג און ד״ר אַ. כאַמעט — וויצע־פרעזעסן, לעאָפּאָלד שינאַגעל — קאַסיר, אברהם שפּילמאַן — סעקרעטאַר.

דאָס פּראָבלעם פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט האָט נאָך אַלץ אַבסאָר־בירט די מוחות פון די פירער פונעם אַלגעמיינעם ציוניזם. אויף אַ קלאָרן קאָנסעק־ווענטן אופן האָט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אַוועקגעשטעלט ד״ר שוואַרצבאַרד אין זיין רעפעראַט א. ד. ט. „פאַר דער נשמה פון דער יוגנט און דער צוקונפט פון פאָלק״, אָפּגעהאַלטן אין טאָרנע אין דעצעמבער 1929 יאָר. דער רעדנער האָט צוו. אנד. דערקלערט:

„די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דער דראָענ־דיקער געפאַר צו פאַרלירן די יוגנט, וועלכע זאָל אין דער צוקונוסט פאַרטזעצן די פאַרווירקלעכונג פון די דערהויבענע אידעאַלן פון הערצליאַנישן ציוניזם. דער סאָציאַלער מאָמענט, וואָס איז די הויפּט־דאָגמע פון די לינקע גרופּירונגען און פאַר־ענטפערט בלויז איין מחלה פון יידישן לעבן, קאָן אונדז נישט באַפרידיקן. און דאָס אַרויסרוקן אין איצטיקן מאָמענט שטאַרקע און ראַדיקאַלע לאָזונגען, לאָזונגען פון קלאַסן־קאַמף, ווען די אַנטוויקלונג פון דער יידישער אינדוסטריע אין ארץ־ישראל

איז ערשט אין די וויקעלעך, — איז ממש געפערלעך און שעדלעך. דער קאַמף וואָס ווערט געפירט דורך די אַלגעמיינע ציוניסטן איז נישט געריכטעט קעגן דער יוגנט, — ער איז קודם־כל אַ קאַמף פאַר דער יוגנט. די יוגנט, אין איר איבערוועגנדיקער מערהייט, געפינט זיך נישט, ליידער, אין אונדזערע רייען. פון 140.000 אָרגאַניזירטע יוגנטלעכע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אויף דער גאַנצער וועלט, זענען די מיינסטע אָנגעשלאָסן אָן די לינקע אָרגאַניזאַציעס ווי השומר הצעיר, גורדוניה אאז"וו. דאָס איז אַ נישט־געזונטע דערשיינונג, וועלכער מיר מוזן אַנטקעגנווירק דורך אַן אויפקלער־אַרבעט צווישן דער יוגנט און דורך אויפשטעלן אייגענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס".

סוף דעצעמבער 1929 איז אין קראָקע פאָרגעקומען די עלפטע לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צוו. אַנד. אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע: „די לאַנד־קאָנפערענץ באַשטעטיקט די ביזאיצטיקע טעטיקייט פון דער עקזעקוטיווע בנוגע דער יוגנט אין דער ריכטונג צו באַקעמפן די טענדענצן פון השומר הצעיר, וואָס זענען פיינטלעך דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, און רופט די עקזעקוטיווע ממשיך צו זיין די דאָזיקע טעטיקייט".

נאָך דראַסטישער האָט באַרירט דאָס פּראָבלעם פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט דער גרויסער רעאַליזירער פון ארץ־ישראלדיקן ווערק מ. מ. אוסישקין, וועלכער האָט אויף איינער פון די זיצונגען פונעם זעכצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס, פאָרגעקומען אין יולי 1929, דערקלערט צוו. אַנד.: „די יוגנט גייט נישט אַוועק פון אונדז. זי פאַרלאָזט די רייען פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. איר וועט טרעפן צענדליקער טויזנטער יונגע מענטשן אין די רייען פון לינקן פליגל, פיל טויזנטער אין די רייען פון מזרחי הצעיר און הפועל המזרחי, פיל טויזנטער ביי די רעוויזיאָניסטן. איר וועט נישט געפינען קיין יוגנט אין די אַלגעמיין־ציוניסטישע רייען. נעמט צו קענטעניש די דאָזיקע פאַקטן, וועלכע זאָגן עדות, אַז נישט די יוגנט איז שולדיק, נאָר מיר, אַלגעמיינע ציוניסטן. כדי צוציען די יוגנט, דאַרף מען איר עפּעס געבן — פאַנטאַזיע — האָפענונג — אידעאַליזם. און וואָס גיט דער יוגנט דער אַלגעמיינער ציוניזם אינעם לעצטן יאָרצענדליק? זי מוז האַלטן פאַר הייליק דאָס וואָס עס זאָגט די עקזעקוטיווע; אָבער עס לאָקט נישט די יוגנט. איר קאָנט אין לאָנדאָן אויפשטעלן צען דעפּאַרטאַמענטן און פאַרשרייבן הונדערטער בייגעלעך פּאַפּיר, וועט עס גאָר נישט העלפן. אויב איר ווילט אויפשטעלן אַ צענטראַלע פאַר דערציען די יוגנט, טוט עס נישט אונטערן פאַרוואָלקנטן קאַלטן הימל פון לאָנדאָן, וואו דאָס יידישע לעבן איז אין 90% אָפּגעשטאָרבן, — נאָר קומט צו אונדז קיין ירושלים. איר זון וועט דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע גלידער פון יידישן פאָלק".

*

די יונגע אלג. ציוניסטען פון אַגודת הנוער העברי האָבן שוין געהאַט אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט און די אָנפירער פון דער באַוועגונג האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע אויסשולונג אויף די אינסטרוקטאָרישע קאָלאָניעס. דער טאָרנער קן האָט אפילו אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטונג, און אין נאָוועמבער 1929 איז אין טאָרנע פאָרגעקומען דער קרייז־צוזאַמענפאָר פון הנוער העברי מיטן אָנטייל פון עטלעכע צענדליק דעלעגאַטן פון טאָרנער קרייז.

אינעם לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז דער הנוער העברי געווען פאַרטראָטן מיט פיר פאַרשטייער. אין יאָר 1930 האָט דער הנוער העברי אָנגע־שלאָסן זיך אינעם אַלגעמיינעם החלוץ, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט אַלע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס. דאָרט האָט דער הנוער העברי געקעמפט פאַר די אַלגעמיין־ציוניסטי־שע פאָדערונגען. דער הנוער העברי, הגם עד האָט געלייקנט די אַקטועלקייט פונעם קאַמף פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען אין דעמאָלטיקן ארץ־ישראל, האָט ער אָבער נישט נעגירט די עקזיסטענץ און מעגלעכקייט צו לייזן פאַרשידענע סאָציאַלע פּראָבלעמען אין שייכות מיטן קאַמף פאַר לוין, אַרבעטס־שוץ און סאָציאַלע פאַרזיכערונג. דער־ביי איז די אָרגאַניזאַציע געווען איינגעשטעלט אויפן קיבוץ, אַלס די באַזידלונגס־פאָרם אין ארץ־ישראל, און האַלטנדיק פאַר איר חוב צו פאַרגלעטן די קלאַסן־קעגנזאַצן צווישן דעם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער־ישוב האָט זי פּראָפּאַגירט אַ ווייטגייענדיקע קאָאָפּעראַציע פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און די־ניטוועענדיקייט צו פאַרציכטן אויף די עגאָאיסטישע קלאַסן־אינטערעסן לטובת דעם כלל.

אין יוני 1930 איז אין טאַרנע וויידער פאָרגעקומען דער קרייז־צוזאַמענפאָר פון הנוער העברי, מיט דער באַטייליקונג פון 160 דעלעגאַטן פון טאַרנע, נייסאַנץ, באָכניע, ווישניץ, בריגל, גריבאָוו, קראָשטשענקאָ, מושין, באָבאָווע. זיין וואוקס אין ראַיאָן האָט דער הנוער העברי געהאַט צו פאַרדאַנקען דער טרייער אַרבעט פון יעקב בינענשטאָק, וועלכער האָט אויפן צוזאַמענפאָר געהאַלטן דעם הויפּט־רעפעראַט. אויסער דעם האָט רעפערירט משה זינגער (פון קראָקע) וועגן קיבוצישן לעבן פון הנוער העברי אין ארץ־ישראל. אויפן צוזאַמענפאָר איז אויך אַנוועזנד געווען מגר. יצחק שטייגער פון לעמבערג, אַ פעאיקער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון הנוער העברי.

די אַלגעמיין ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג האָט אַרומגענומען אַלץ ברייטערע קרייזן יוגנטלעכע און אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישן לעבן. אין שייכות מיטן 3־יעריקן יובל פון טאַרנער קן הנוער העברי איז דערשינען אַן אייגענע צייטונג „רעיוננו״. אין מאַי דעמזעלבן יאָר איז איינגע־אָרדנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון קרייז, פאַרבונדן מיט אַ צוזאַמענפאָר פון דריי ראַיאָנען — טאַרנער, דעמביצער, יאַראָסלאַווער. באַטייליקט זיך האָבן עטלעכע צענדליק מיטגלידער און דעלעגאַטן פון הויפּט־ראַט: מגר. פוס, י. שטייגער, ד״ר י. פראַנד און ד״ר יהודה אָרענשטיין פון קיבוץ אין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען די ערשטע אויסשטעלונג פון הנוער העברי, וועלכע האָט אילוסטרירט דעם פאָרט־שריט פון דער דערציערישער, אָרגאַניזאַציאָנעלער און קולטורעלער אַרבעט.

*

די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען איצט אַרויסגעטרעטן פון דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „שוץ איבער דער יוגנט השומר הצעיר״. אין יאָר 1930 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג (אויפזיכט־ראַט איבערן השומר הצעיר) אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פּרוי ד״ר גרינבערג — פאַרזיצערין, מ. קלאַפּהאָלץ — סעקרעטאַר, י. קאַרנילאָ — קאַסיר, פּרוי האוזער, פּ. קייל, נ. מאַרמאָר, ד״ר ה. לאַדנער, ד״ר י. פייג, ד״ר מושקאַטענבליט.



די אָנפירער פון דער זומער־קאָלאָניע פונעם טאָרנער „השומר הצעיר" אין ציעניאַוואַ
אין יאָר 1926.

די שומרישע אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, הגם זי האָט זיך אַלץ מערער דער־וויטערט פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז נישט אָפּגעשטאַנען אין ציוניסטישער טעטיקייט, שטייענדיק קאָנסעקווענט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז יעדער מיטגליד פון השומר הצעיר מיז פּערזענלעך רעאַליזירן דעם ציוניזם. אין יאָר 1930 האָבן פון טאָרנע עולה געווען עטלעכע עצנדליק שומרים, צווישן זיי: אידאַ לאַנדמאַן, מאַנקאַ פּאָרצעלאַן, עטקאַ צוקער, נפתלי בראַוו, מענדל קאָרנרייך, לייב אורבאַך, עובדיה יערי, אינזש׳ ה. גאָלדפאַרב. די מיינסטע פון זיי האָבן דורכ־געמאַכט אַ הכשרה.

דער השומר הצעיר אין טאָרנע האָט זיך געהאַלטן אין איין אַנטוויקלען. די־

אָרגאַניזאַציע האָט זיך איינגעקויפט אַ קינאָמאַטעגראַפישן אַפּאַראַט, פאַרגרעסערט די ביבליאָטעק און איינגעאָרדנט קורסן פאַר לייכטאַטלעטיק. אין יאָר 1932 איז איבערגעבויט און פאַרגרעסערט געוואָרן דער לאָקאַל פון השומר הצעיר אויף גאָלדהאַמער גאַס 12, עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ זומער־קאָלאָניע מיט 150 באַטייליקטע, עס איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַ לערער פאַר העברעאיש, עס איז גע־שאַפן געוואָרן אַן אייגענער כאָר. באַזונדערס אויסגעצייכנט האָט זיך די אָרגאַני־זאַציע אין די אַרבעטן לטובת דעם קרן־קיימת, קפא״י און „תרבות״. ווען אין יאָר 1933 האָט דער טאַרנער השומר הצעיר געפייערט דעם פופצניעריקן יובל פון זיין עקזיסטענץ, האָט די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט געברענגט צום אויסדרוק איר אַנערקענונג פאַרן ציוניסטישן אַקטיוויזם פון השומר. דעם 5, 6, 7 און 8 יאַנואַר 1933 איז אין שייכות מיטן יובל פאַרגעקומען אַ קרייז־צוזאַמענפלי פון די עלטערע שומרים מיטן אָנטייל פון 80 דעלעגאַטן. די דערעפענונג האָט דורכגעפירט יהושע שפּאַנאוף, אַ זון פון ציוניסטישן טוער שמואל שפּאַנאוף. אויפן אויבנדערמאָנטן צוזאַמענפאָר האָבן אַלע דעלעגאַטן אונטערגעשטראָכן אין זייערע רעדעס די אָנפירנדיקע ראָל פון השומר הצעיר אין אַלע אַקציעס לטובת ארץ ישראל. די יובל־פייערונגען זענען פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַן אַקאַדעמיע דעם



טאַרנער „השומר הצעיר״ אויף דער זומער־קאָלאָניע אין ציעניאַוואַ אין יאָר 1926
(פאַר דעם אָפּמאַרש)



די אָנפירונג פונעם טאָרנער „השומר הצעיר" אין יאָר 1930.

7 יאַנואַר 1933 יאָר, מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטאָט. דער טאָרנער קן האָט פון שליח פונעם הויפּט־ראַט און פון דער וועלט־באַוועגונג השומר הצעיר באַקומען אַ פאָן. אין שייכות מיט דעם יובל איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַרטיסטישע אויסשטעלונג פון קרן קיימת לישראל און פון העברעאישן בוך. דער דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון קק"ל ד"ר ס. שיינפעלד, האָט ביי דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג אונטערגעשטראָכן די גרויסע פאַרדינסטן פון השומר הצעיר פאַר די אַקטיוויטעטן פון קרן קיימת.

דער השומר הצעיר איז זיך געגאַנגען זיין באַזונדערן וועג ביים רעאַליזירן דעם ציוניזם, זוכנדיק אַ סינטעז מיט דער סאָציאַליסטישער קלאַסן־אידעאָלאָגיע. מיט דער צייט האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע לגמרי איבערגעריסן די אידעאישע פעדים, וואָס האָבן זי געבונדן מיטן אַלגעמיינעם ציוניזם, אָנעמענדיק דעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. דער השומר הצעיר אין טאָרנע, וועלכער איז ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געווען אונטערן פּאַטראָנאַט פון פרוי ד"ר גרינבערג, איז נישט אָפּגעשטאַנען אין זיין אַרבעט פאַר ארץ ישראל, דערציענדיק פיל חלוצישע קאַדערן, וועלכע האָבן אין די ארץ־ישראלדיקע קיבוצים רעאַליזירט דעם שימרישן אידעאַל.

אינצווישן האָבן אין דער באַנייטער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג זיך אָנגעהויבן אויסטיילן אידעאָלאָגישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. דער זיך קאָנ־סאָלידירנדיקער אַלגעמיינער ציוניזם, האָט אויפן סאַמע שוועל פון פאַרייניקונג, אָנגעהויבן זיך פונאַנדערפאַלן. בעת פון ערשטן ביזן צוועלפטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס האָט דער אַלגעמיינער ציוניזם געהערשט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט פון דרייצנטן קאָנגרעס אָן זיך אָנגעהויבן אַ ירידה. די תקופה פון פּראַקטישער אַרבעט וואָס האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן נאָך די פּאָליטישע דערפאָלגן, האָט אַוועקגעשטעלט דעם אַלגעמיינעם ציוניזם פאַר די אַקטועלע אויפגאַבן פון טאָג. אויפן יסוד פון די דאָזיקע פּראָבלעמען האָבן וואָס בולטער זיך אָנגעהויבן אויס־קריסטאַליזירן די מיינונגס־פאַרשידנהייטן בנוגע דער קאָלאָניזאַציע, דער באַציאונג צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, דער פּאָליטישער טאַקטיק און בנוגע דעם פּאָליטישן ציל פון ציוניזם. דערביי איז אין פּילפּאַרביקן אַלגעמיין־ציוניסטישן לאַגער נישט געווען קיין אינסטאַנץ, וואָס זאָל די דאָזיקע אַלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן אַרונטער־נעמען אונטער איין דערקענצייכן און אָנפירן מיט דער באַוועגונג אויף אַ דיסצי־פּלינירטן און אויטאָריטאַטיוון אופן. די אַלגעמיין־ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען צעקלאַפּט אויף סוווערענע גרופּעס, וואָס יעדע פון זיי האָט געפירט איר באַזונדער לעבן, אָבער דער אַלגעמיינער ציוניזם אַלס איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע האָט נישט עקזיסטירט. פון אַ מערהייט איז ער אויף די קאָנגרעסן געוואָרן אַ מינדערהייט און פאַרלוירן דעם גלויבן אין אייגענע כוחות.

ד״ר יצחק שוואַרצבאַרד — צו יענער צייט שוין אַ באַדייטנדיקער מנהיג פון פּוילישן ציוניזם, אַ פּעאיקער פּובליציסט און גלענצנדער רעדנער, פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע און שלעזיע, האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צוריקצוקערן דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג איר אַמאָליקן גלאַנץ דורך געבן איר אַן אידעאיש־איינ־הייטלעכע פּלאַטפאָרם אין די ראַמען פון איין אָרגאַניזאַציע, געשטיצט אויף אַ גע־



אַ גרופּע פונעם טאַרנער „השומר הצעיר״ אין יאָר 1930.

זונטער דיסציפלין. מיט אַן אומדערמידלעכער ענערגיע און קרבנותדיקייט האָט ד״ר שוואַרצבאַרד פאַרלייגט די פונדאַמענטן פונעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגע־מיינע ציוניסטן (א. ג. וועלט־פאַרבאַנד), שטרעבנדיק קודם כל צו פאַרייניקן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט. אין יולי 1931 יאָר איז אין באַזעל (שווייץ) פאַרגעקומען



דער אָנפירער פון „הנוער העברי" אין גאַליציע — יצחק שטייגער ז״ל אין טאַרנע אין יאָר 1930.
ערשטע ריי שטייענדיק: יוסף זיעלינקאָווסקי, יצחק שטייגער ז״ל (געשטאָרבן אין ישראל עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה), חיים צייכנער, אסתר וואַל (איצט אין ישראל), רבקה האַנדגריף (איצט אין קבוץ תל־יצחק) און יוסף פריימאַן (איצט אין ישראל. — פון אונטן: יעקב בינענשטאָק (איצט אין ישראל).

דער צוזאַמענפאָר פון דער „אַרבעטסגעמיינשאַפט" פון ציוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד, געגרינדעט אין יאָר 1930 אין בודאַפעסט (אונגאַרן). אינעם באַזעלער צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט פון קראָקע ד״ר שוואַרצבאַרד און ד״ר פראַנד. דער רעזולטאַט פון צוזאַמענפאָר איז געווען: דאָס פאַרוואַנדלען די „אַרבעטסגעמיינשאַפט" אין אַן אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע הנוער הציוני, וועמענס אָנפירונג איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין לעמבערג. דערביי איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער פאַרבאַנד דאַרף זיין אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן ניי־אַנטשטאַנענעם וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. גלייכצייטיק האָט די לייטונג פון „הנוער העברי" פון גאַליציע און שלעזיע, מיטן זיץ־אָרט אין לעמבערג, אַדורכגעפירט אַ פאַרייניקונג מיטביידע אָרגאַניזאַציעס אין געוו. קאָנגרעס־פוילן — השומר הלאומי און הרצליה, אויפשטעלנדיק אַ פאַרייניקטע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „הנוער הציוני".

אַ טייל אָבער פון דער יוגנט־באַוועגונג „הנוער העברי" אין מערב־גאַליציע האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן דעם פאַרייניקונגס־פראָצעס, וואָס האָט זיך פאַר־ענדיקט מיט דער גרינדונג פונעם אַלגעמיין־ציוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד „הנוער־הציוני". עטלעכע גאָר פעאיקע און טאַלענטירטע אָנפירער פון מערב־גאַליצישן

„הנוער־העברי״ האָבן אָרגאַניזירט אַ באַזונדערע באַוועגונג א. נ. „הנוער העברי עקיבא״.

הנוער העברי „עקיבא״ האָט אָנגעקניפּט אָן דער פריערדיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „עקיבא״, וועלכע איז געווען טעטיק אין געוויסע שטעט פון מערב־גאַליציע, אויך אין קראָקע און אין טאָרנע, באַזונדערס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויך „הנוער העברי עקיבא״ איז געווען אַ פּאָזיטיווער שעפערישער פאַקטאָר, אין דער דעמאָלט אָפּגעשוואַכטער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט פון זיך אַרויסגעגעבן פיל אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים, אַריינגעבראַנגט אין דער באַוועגונג פיל ערנסטקייט און געפּרוּווט צו פאַרבונדן די אַלגעמיין־ציוניסטישע לאָזונגען מיט חלוצישער קרבנות־גרייטקייט, שטיצנדיק די דערציערישע יוגנט־טעטיקייט אויף רעליגיעז־סאָציאַלע יסודות. די אָרגאַניזאַציע „עקיבא״, הגם זי איז געווען אַלגעמיין־ציוניסטיש, האָט זיך נישט געקאָנט אַריינפּאַסן אין דעם אידעאָלאָגישן שאַבלאָן, מיט אָרגאַניזאַציאָנעלער דיסציפּלין. „עקיבא״ האָט זיך נישט געוואָלט בינדן מיט אַ פּאַרטיקן פּראָגראַם. זי האָט זיך געראַנגלט מיט דעם פּלאָנטער פון סאָציאַלע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, זוכנדיק אַ וועג צו שאַפן דעם אַלגעמיין־ציוניסטישן חלוץ, וואָס זאָל אויף זיין רעאַליזירונגס־וועג נישט קומען אין אַ סתירה מיט אַלגעמיין־רעליגיעזע און אַלגעמיין סאָציאַלע יסודות. צו דער אָנפירונג פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָבן געהערט אַזעלכע געניטע טוער, ווי: ד״ר פראַנד, ד״ר מ. זינגער, ד״ר י. אָרענשטיין, א. ליבעסקינד, י. לעפּעלהאָלץ, י. ניכטהאַוזער, מ. ווירט, י. זיעלינקאָווסקי, מ. העכט, פּאָלאַ ביטטער, יואל דרייבלאַט, און פיל אַנדערע יונגע דערציער פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט.

דער „הנוער הציוני״, ווידער, האָט אין זיין טעטיקייט זיך געשטיצט אויף דער יוגנט־באַוועגונג „הנוער העברי״, אַנטשטאַנען אין יאָר 1928. די יוגנט האָט ער דערצויגן אין גייסט פון אַלגעמיינעם אינטעגראַלן ציוניזם, אונטערשטרייכנדיק איר חלוצישן כאַראַקטער און פאַרבינדנדיק זיך אידעאיש און אָרגאַניזאַציאָנעל מיטן וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן זענען געשטאַנען צווישן אַנדערע די איבערגעגעבענע טוער: י. שטייגער (געשטאָרבן אין ארץ ישראל אין יאָר 1936), י. גאָלדשטיין, צימאַנד, בערגמאַן, לעאָן לוסטיג, דאַנהערש, ד״ר י. סום. אינגיכן איז די דאָזיקע באַוועגונג געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינעם פּראָצעס פון ווידערגעבורט פון אַלגעמיינעם ציוניזם. בעת דער פייערונג פון פינף יאָר עקזיסטענץ פון „הנוער הציוני״ אין טאָרנע, האָט דער דעמאָלטיקער לייטער פון קן אין טאָרנע, ה. קימעל (איצט אין ישראל), פאָרגעשטעלט אויף דער אַקאַדעמיע 200 מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע.

ביידע אָרגאַניזאַציעס — „הנוער העברי עקיבא״ און „הנוער הציוני״, האָבן געהאַט זייערע שטאַרקע סניפים אין טאָרנע און ביידע האָבן זיי דערצויגן אַ גרעסערע צאָל יונגע ציוניסטן, שפּעטער טעטיקע אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פּאַרטיי אין טאָרנע. די פּרוּוון צו פאַרייניקן ביידע ריכטונגען, וועלכע זענען אונטערגענומען געוואָרן דורכן וועלט־פאַרבאַנד פון די אַלג. ציוניסטן און דורך

דער קראָקעווער עקזעקוטיווע, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. דאָך האָט די פּערצנטע לאַנד־קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און שלעזיע, פאָרגעקומען אין קראָקע, פעסטגעשטעלט, אַז צווישן „הנוער הציוני" און „עקיבא" זענען נישט פאַראַן קיין שום מיינונגס־פאַרשידנהייטן. זינט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ דערנענטערונג פון ביידע אָרגאַניזאַציעס, וועמענס אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרייניקונג איז ערשט פאָרגעקומען נאָך דער טראַגעדיע פונעם פוילישן יידנטום.

„הנוער הציוני" און „עקיבא" האָבן געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט און אויפקלער־אַרבעט און אין משך פון עטלעכע יאָר באַוויזן סיי צאָלמעסיק, סיי אויפן געביט פון חלוצישער טאַט, אויסצוגלייכן זיך מיט אַנדערע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע.

די יוגנט פון די ביידע באַוועגונגען איז קודם כל געווען אַ חלוצישע. איר הויפּט־שטרעבונג איז געווען צו באַזעצן זיך אויף ערד אין ארץ־ישראל, אַרבעטן אין קיבוצים. הגם דער וועג אין אַלגעמיין־ציוניסטישן קיבוץ איז געווען אַ דאָרנ־דיקער, הגם דאָס באַזעצן אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים האָט אָנגעטראָפן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן, האָבן די אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים נישט געקאַרגט קיין קרבנות און מי, כדי דערהאַלטן און אַנטוויקלען זייערע קיבוצים. דער קאַמף פון לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע פאַר דער־מעגלעכן התישבות די קיבוצים פון „הנוער הציוני" אין ארץ־ישראל, האָט אַנט־האַלטן פיל דראַמאַטישע מאָמענטן. פּתח־תקוה — קרית ענבים, אין די בערג פון יהודה און כפר־אושה — זענען עטאַפּן אין די שווערע נסיונות אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעשטעלט די חלוצים פון „הנוער הציוני", — ביז דאָס באַזעצן זיך אין תל־יצחק איז געוואָרן אַ פאַקט פון חלוצישער רייפקייט פון דער דאָזיקער ציוניסטישער יוגנט. תל־יצחק (צום זכרון פונעם פאַרשטאָרבענעם פירער יצחק שטייגער) איז ביזן היינטיקן טאָג איינער פון די גוט־פאַרפעסטיקטע קיבוצים אין לאַנד. עס איז אויך געוואַקסן די השפעה און באַדייטונג פון „הנוער הציוני" אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג אין ארץ־ישראל, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעראָבערן 25% מאַנדאַטן צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער לאַנד־קאָנפערענץ אין ארץ־ישראל אין יאָר 1933. עס האָבן זיך פאַרגרעסערט אין ארץ־ישראל די רייען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט אַ דאַנק דער עליה. די קיבוצים פון „הנוער הציוני" אין פּתח־תקוה, כפר־סבא און נס־ציונה, און פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט „עקיבא", וועלכע האָט זיך גרופּירט אין בית יהושע (צום אָנדענק פון ד"ר יהושע טהאָן), איז געוואָרן דער קרן פון דער אַלגע־מיין־ציוניסטישער באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

„הנוער הציוני" איז צו יענער צייט געגאַנגען קאָנסעקווענט אויף דער ליניע פון אַלגעמיין־ציוניסטישן וועלט־פאַרבאַנד און אויף דער פּלאַטפאָרם האָט זיך געשאַפן אַ נעענטערער אידעאישער בונד צווישן די אָנפירער פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און דעם לאָקאַלן קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, וועלכער איז אינגאַנצן געשטאַנען אויף דער זייט פון דער עקזעקו־טיווע, אָנגעפירט דורך ד"ר י. שוואַרצבאַרד. סיי אין די ענינים פון עליה, התישבות

און אין אַלע אַנדערע קאָנקרעטע אַקציעס וואָס זענען געשטאַנען פאַר אַלגעמ־ין־ציוניסטישע חלוצים, אַזוי פון „הנוער הציוני״ ווי אויך פון „עקיבא״, האָט דער לאָקאַל־קאָמיטעט אַרויסגעוויזן מאַקסימום פאַראינטערעסירונג און פאַקטישע אונ־טערשטיצונג.

אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער וואַרעמער באַציאונג פונעם טאָרנער לאָקאַל־קאָמיטעט צו „הנוער־הציוני״, איז געווען דער בריוו, וועלכן די הויפּט־לייטונג



אויף דער זומער קאָלאָניע פון „הנוער הציוני״ אין קאָנצלאָוואָ אין יאָר 1934

פון „הנוער־הציוני״ אין וואַרשע האָט אין חודש מערץ 1935 אַרויסגעשיקט צום ד״ר כאַמעט, דעמאָלטיקן פאָרזיצער פונעם לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. אינעם בריוו איז געווען געשריבן *:

„וואַרשע, 3. מערץ 1935 יאָר. חשובער ד״ר כאַמעט אין טאָרנע. די הויפּט־קאָמענדע פון דער „הנוער הציוני״ באַוועגונג אין פוילן, האָט אויף איר לעצטער זיצונג אָנגענומען פאָלגנדן באַשלוס: נעמענדיק אין אַכט אייערע גרויסע פאַר־דינסטן און אומדערמידלעכע טעטיקייט ביים פאַרשפּרייטן דעם אַלגעמיין־ציוניס־טישן געדאַנק און אינעם קאַמף צו פאַרייניקן די אַלגעמיין־ציוניסטישע כוחות אין פוילן, דריקן מיר אייך אויס, חשובער הער דאָקטאָר, אונדזערן האַרציקסטן דאַנק און מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין דער ווייטערדיקער אַרבעט אויף דעם געביט. אין נאָמען פון אונדזער גאַנצער באַוועגונג אין פוילן שיקן מיר אייך איבער אונ־דזערע גרוסן און דערמוטיקונג צום ווייטערדיקן קאַמף פאַר קאָנסאָלידירן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם. מיר האָפן, אַז אויך אויף להבא וועט איר נישט אָפּזאָגן אייער

* „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ מערץ 1935

מיטאַרבעט און הילף ווי אונדזערס אַ פריינט און חבר. מיט אַכטונג און סקויטישן גרוס — חזק ואמץ — די הויפּט־קאָמענדע״.

*

עס זענען פאַרביי יאָרן פון געמיינזאַמע קאַמפּן און דאגות, בשותפותדיקע דערפאָלגן אין דער ציוניסטישער אַרבעט. צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע און דער באַוועגונג „הנוער הציוני״ האָט זיך פאַרקניפּט אַן ענגער האַרציקער קאָנטאַקט. ווען דעם 31־טן יאַנואַר 1937 יאָר איז אין שיאַנקע זיך צוזאַמענגעקומען דער הויפּט־ראַט פון „הנוער־הציוני״, האָט ער באַשטימט דעם ד״ר כאָמעט אַלס ערן־מיטגליד פון דער הויפּט־קאָמענדע, אַלס אויסדרוק פון אַנער־קענונג פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן אַלגעמיינעם ציוניזם.

אין יאָר 1938 איז „הנוער הציוני״ געווען שטאַרק פאַרוואָרצלט צווישן דער ציוניסטישער יוגנט. אין ארץ־ישראל האָט די באַוועגונג שוין פאַרמאָגט עטלעכע אייגענע קיבוצים, פון וועלכע תל־יצחק איז געווען אַמבעסטן אַוועקגעשטעלט. אין תל־יצחק האָבן זיך געפונען אַ גרופּע חלוצים, וועלכע האָט איר הכשרה דורכ־



דער קן פון „הנוער הציוני״ אין טאָרנע אין יאָר 1935

געמאַכט אין טאָרנע און איינגעהאַלטן אַ שטענדיקן האַרציקן קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. יעטוועדער עולה זיין פון חלוצים פון טאָרנער „הנוער הציוני״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יומטוב פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ביים לאָקאַל־קאָמיטעט, וועלכע האָט געהאַט דעם פּאַטראָנאַט איבער די חלוצים, האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיקן צום עולה זיין. אַזאַ גרעסערע פייערונג איז פאָרגעקומען דעם 8־טן יאַנואַר 1938 יאָר, לכבוד דעם אַרויספאָר פון 7 חלוצים פון טאָרנער „הנוער הציוני״ קיין א״י. געזעגנען די חלוצים זענען געקומען אַלע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט — ד״ר מ. מענדערער, חיים ערליך, ד״ר א. כאָמעט, פרוי ד״ר מענדערער, פרוי ד״ר כאָמעט, פרוי קורץ און מיטגליד פון דער הויפּט־קאָמענדע דאַנהערש. די דאָזיקע געזעגענונגס־



אַקטיווע „הנוער הציוני״ מיטגלידער פאַר דעם אָפּפאָרן אויף הכשרה אין יאָר 1936.
ערשטע ריי זיצנדיק — פון לינקס אויף רעכטס: שמואל שיף ז״ל, דוד שיף (איצט אין ישראל), כשר (איצט פרוי בינענשטאָק אין ישראל), איר ברודער כשר (איצט אין ישראל) און מנחם מנדל אַלבאַן ז״ל.

פייערונגען האָבן נאָך ענגער פאַרבונדן די עלטערע ציוניסטן מיט דער יוגנט, געשאַפן צווישן זיי אַן ענגן האַרציקן קאָנטאַקט.

נישט קיין וואונדער דעריבער, וואָס דער צעניאָריקער יובל פון „הנוער הציוני״ אין טאַרנע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יומטוב פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. די יובל־פייערונג האָט זיך אָנגעהויבן מיטן דערעפענען דעם צוזאַמענפלי פון די „הנוער הציוני״ אָרגאַניזאַציעס אין מערב־גאַליציע און אַן אויסשטעלונג פון די אַרבעטן פון די מיטגלידער. עס איז אויך פאָרגעקומען אַן אַקאַדעמיע מיטן אָנטייל פון ד״ר עמיל זאָמערשטיין, ד״ר י. שוואַרצבאַרד, ד״ר א. כאַמעט, מגר. סאַלפעטער און ד״ר י. סום. די וואָך פון „הנוער הציוני״ איז פאַרענדיקט געוואָרן דעם 25־טן אַפּריל 1938 יאָר, מיטן אָנטייל פון ד״ר ק. טענענבוים, סעקרעטאַר פון דער יידישער פאַרלאַמענטאַרישער „קאָלאָ״, און וויצע־פּרעזעס פון הויפּט־ראַט פון „הנוער הציוני״. דעם ערן־פּראָטעקטאָראַט איבער די יובל־פייערונגען האָבן איבערגענומען: מ. מ. אוסישקין, דעפּוטאַט ד״ר ע. זאָמערשטיין — פאָרזיצער פון דער יידישער פאַרלאַמענטאַרישער „קאָלאָ״, ד״ר י. שוואַרצבאַרד — פּרעזעס פון וועלט־פאַרבאַנד, ד״ר א. כאַמעט — פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, מגר. ל. סאַלפעטער — פאָרזיצער פון פּאַלעסטינע־אַמט פאַר מערב־גאַליציע און שלעזיע, ד״ר מ. מענדערער — דעמאָלטיקער פאָרזיצער

פון דער יידישער קהילה אין טאַרנע, און מגר. י. בינענשטאָק — גרינדער פון „הנוער הציוני" אין טאַרנע, שמעון רייך — פאַרזיצער פון פאַטראָנאַט פון „הנוער הציוני" אין טאַרנער קרייז, י. העלין — פאַרזיצער פון פאַטראָנאַט פון „הנוער הציוני" אין טאַרנע און די הויפּט־קאָמענדע פון „הנוער הציוני" אין פוילן.

אין די ראַמען פון די יובל־פייערונגען, אויסער דער אויסשטעלונג, פייערלעכן ראַפּאָרט און אַנדערע אימפּרעזן, — האָט ד"ר ע. זאַמערשטיין, אַלס גאַסט פון „הנוער הציוני" אין טאַרנע, רעפערירט אין זאַל פון „סאָקול" א. ד. ט. „אין שוץ פון אונדזערע רעכט און קיום". דער דעמאָלטיקער לייטער פון דער יידישער פּאַ־



צו די יובל־פייערונגען פון „הנוער הציוני" אין טאַרנע אין יאָר 1938. אויף דער טריבונע דער אָנפירער פון „הנוער הציוני" יצחק גאָלדשטיין (איצט אין תל־יצחק), און ד"ר וואָלף מאַנדעל (איצט אין ירושלים).



צו די יובל־פייערונגען פון "הנוער הציוני"

ליטיק אין פוילן האָט זיין טיפּזיניקן רעפעראַט פאַרענדיקט מיט פאָלגנדע ווער־טער: „די לאַגע איז אַן ערנסטע און אַנטשפּרעכנד צו דער לאַגע, דאַרף די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן צופּאַסן איר לעבנסשטייגער. נישט איצט איז די צייט אויף פאַרוויילונגען, לוקסוס, און באַקוועמלעכקייטן. מען דאַרף שפּאָרן אין פּריוואַטן לעבן און די דערגרייכטע אָפּשפּאָרונגען פאַרנוצן אויף געזעלשאַפטלעכע און ארץ־ישראלדיקע צוועקן. די צייט פאָדערט עס. און אויב מיר וועלן גוט אָרגאַניזירן



ד״ר יצחק שוואַרצבאַרד דערעפנט די פייערונג פון אריינקלאַפּן זילבערנע טשוועקעס אין דעם פאַן פונעם טאַרנער „הנוער הציוני".

אונדזער לעבן איצט, וועלן מיר דורכהאַלטן די אַנטיסעמיטישע כוואַליע, וואָס האָט זיך געגאָסן איבער פאַרשידענע לענדער, ביז עס וועלן קומען בעסערע צייטן, צייטן וועגן וועלכע עס האָבן געטרוימט די איידלסטע מוחות און הערצער פון דער מענטשהייט".

לכבוד דעם ד״ר זאַמערשטיין האָט דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט אין די אייגענע זאַלן אַ פייערלעכן באַנקעט, צו וועלכן עס זענען געקומען פאַרשטייער פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, סוחרים־און אינדוסטריעלער פאַריין, פאַרשידענע געזעלשאַפטן און אַלע ציוניסטישע אַקטי־וויסטן. דער גאַסט איז באַגריסט געוואָרן דורך ד״ר א. כאַמעט, וועלכער האָט כאַראַקטעריזירט די פּערזאָן פון ד״ר זאַמערשטיין, זיינע אינטעלעקטועלע און מאָ־ראַלישע מעלות, אונטערגעשטראָכן זיין טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ד״ר כאַמעט האָט אויך אויסגעדריקט די פרייד, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע האָט זוכה געווען צו באַגריסן דעם חשובן

גאַסט. אַלס אָנדענק פון זיין באַזוך אין טאָרנע האָט דער רעדנער פאָרגעלייגט איינצו־שרייבן דעפּוטאַט זאָמערשטיין אין ספר הזהב פון קרן קיימת לישראל. גלייך אויפן אָרט איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמלונג פאַר דעם צוועק. אויפן באַנקעט זענען נאָך אַרויסגעטרעטן מיט באַגריסונג־רעדעס: פאָרזיצער פון מזרחי וואָלף געצלער, וועל־כער האָט אויך רעפּרעזענטירט דעם סוחרים־פאַריין, לייב בירנבאום — פאָרזיצער פון התאחדות, ד״ר ראָזענבוש — דירעקטאָר פון דער שפה ברורה שול און נ. בלו־מענקראַנץ אין נאָמען פון „הנוער הציוני״. מיט אַ האַרציקער רעדע האָט געענט־פערט ד״ר זאָמערשטיין. אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (6.5.38 נומ׳ 18), האָט חיים פרידמאַן אַזוי כאַראַקטעריזירט די דאָזיקע רעדע: „אייגנטלעך איז דאָס נישט געווען אַ רעדע, נאָר אַ ווידוי, אַ ווידוי פון אַ מענטש, וועלכער שטייט עטלעכע צענדליק יאָר אין דינסט פון פאָלק, אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר זאַפּט ער אין זיך איין דעם גאַנצן ווייטיק, די גאַנצע פאַרצווייפלונג פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, אויף וועמענס פּלייצעס עס ליגט דער עול צו שטילן די דאָזיקע ווייטיק. דאָס איז געווען אַ ווידוי פון אַ מענטש, וועלכער לייגט פרייוויליק זיין לעבן אויפן מזבח לטובת דעם פאָלק״.

*

באַגלייך מיט דער אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני״, האָט זיך אַנטוויקלט די צווייטע אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע א. נ. „עקיבא״, וועלכע האָט זיך אויס־געצייכנט מיט אַן עטוואָס אַנדערן סטיל אין דער דערציאונג, אונטערשטרייכנדיק מערער דעם רעליגיעזן מאָמענט, האָבנדיק אַ נעגאַטיווע איינשטעלונג צו אַ באַ־זונדערער אַלגעמיין־ציוניסטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל, און האַלטנדיק פאַר נויטווענדיק צו שטאַרקן די אַלגעמיין־ציוניסטישע השפּעות אין דער הסתדרות העובדים.

„עקיבא״ האָט געהאַט אַ שיין אַנטוויקלטן קיבוץ בית יהושע און אין איידעלן



א גרופּע „עקיבא״ מיטגלידער אין טאָרנע. אין דער ערשער ריי זיצנדיק — דער דריטער פון רעכטס, דער אָנפירער פון „עקיבא״ בער.



„עקיבא" אָנפירער אין טאָרנע אין יאָר 1934.
אין דער ערשטער ריי זיצנדיק דער דריטער פון לינקס: אהרן אַחלער (איצט אין חיפה)

פאַרמעסט מיט אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע. שוין אין יאָר 1933, אַ יאָר נאָך איר גרינדונג אַלס באַזונדערע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט „עקיבא" אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקן וואוקס. אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פונעם יונגן אינ־טעליגענטן אָנפירער בער (פאַר דער מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל, פאַר־ענדיקט דעם חיפה'ער טעכניקום און אַרבעט היינט אין לאַנד אַלס אינזשיניער), פּאָלאַ ביטטער און זיעלינקאָווסקי, וועלכע האָבן צייטווייליק געוווילט אין טאָרנע אַלס אינסטרוקטאָרן פון דער „עקיבא".

אין שייכות מיטן ערשטן יאָרטאָג זינט דער גרינדונג פון „עקיבא", איז דעם 8־טן אָקטאָבער 1933 פאָרגעקומען אין טאָרנע אַ קרייז־צוזאַמענפאָר פון דער סתם־ציוניסטישער יוגנט, אָרגאַניזירט דורך „הנוער העברי עקיבא". דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" באַשרייבט אַזוי דעם פאַרלויף פון קרייז־צוזאַמענפאָר: „דער צוזאַמענ־פאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פייערלעכן ראַפּאָרט אין דער שול א. נ. פון באַראָן הירש. נאָכדעם ווי פּאָלאַ ביטטער האָט באַגריסט די פאָרשטייער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, האָט דעם צוזאַמענפאָר דערעפנט דער מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט חיים נייגער, וועלכער האָט אין אַ רעדע אין העברעאיש אונטערגעשטראָכן די באַדייטונג פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. דערנאָך האָבן געפאָלגט באַגריסונגען: הענריק שפּילמאַן (לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע), לעפעלהאָלץ (מזרחי און השומר הדתי), יוסף לאוטערבאַך (בני ציון), פרידמאַן („טיגאָדניק זשידאָווסקי"), שטראָם (רעוויזיאָניסטן), זיגמונט פעניכעל (שמשון), פרל. שמידט (יונג־וויצאָ), בורשטין (גורדוניה). אין נאָמען פון הויפּט־ראַט אין קראָקע האָבן באַגריסט ד"ר העכט און לעפעלהאָלץ. נאָכן אַנטהילן די פאָן, האָבן די געסט אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס אין דעם אָנדענקס־זשעטאָן.

עס איז אויך פאָרגעקומען אַן אויסשטעלונג פון די אַרבעטן פון די „עקיבא"־מיטגלידער. נאָכמיטאָג זענען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן איבער אידעאָלאָגישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. דער צוזאַמענפאָר האָט אויך אויסגעהערט באַריכטן פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. אינאַווונט איז אין האָטעל „אַסטאָריאַ" פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע אַקאַדעמיע, געווידמעט דער טראַגעדיע פון די יידן אין דייטשלאַנד. מיט רעדעס זענען אַרויסגעטרעטן חיים נייגער און ד״ר יהודה אָרענשטיין. דער כאָר פון דער קראָקעווער „עקיבא" האָט געזונגען אַ ריי העברעאישע לידער.

דער הנוער העברי „עקיבא" אין טאָרנע איז כסדר געוואַקסן, אַרומגענומען וואָס מערער יידישע יוגנט אין שטאָט. אַ דאַנק דער הילף פון פּאַטראָנאַט, וועמען עס האָט אָנגעפירט די ענערגישע ציוניסטישע אַקטיוויסטין עוואַ כשר (עולה געווען אין יאָר 1937 קיין ארץ ישראל מיט דער גאַנצער פאַמיליע, וואו זי וואוינט ביז איצט), האָט „עקיבא" באַקומען אַן אייגענעם לאָקאַל אויף דער בערנאַרדינער־גאַס נומ׳ 15. „עקיבא" האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַלע אַרבעטן פון לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דערציענדיק טרייע איבערגעגעבענע ציוניסטן, וועמענס אידעאַל עס איז געווען דער חלוצישער טאַט. אין מערץ 1938 איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ברייטערער פּאַטראָנאַט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו זאָרגן איבער דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אינעם פּאַטראָנאַט זענען דערווילט געוואָרן: שמואל זיינוועל אַלס פּאָרזיצער, באַלעסלאַוו שפּענאַדעל — סעקרעטאַר, פרוי געץ — קאַסיר, ד״ר איגנאַץ זיידענוואַרג, הענריק פלור, ד״ר א. כאַמעט, אַרטור בריג, דאָראַ אונגער, י. קאַרנילאַ, לאַזער זעלינגער, פּאַולינאַ קורץ, שווימער, אַדאָלף שטערן, רעגינאַ זיינוועל.

ביידע אָרגאַניזאַציעס — „הנוער הציוני" און הנוער העברי „עקיבא" — זענען געווען דער שטאָלץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, וועלכע האָט אגב נישט געקאַרגט קיין באַמיאונגען צו פאַרייניקן ביידע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

די דאָזיקע לאַגע האָט געדויערט ביז סעפּטעמבער 1939 יאָר. די מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו דער גאַנצער אידעאישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער פּראָבלעמאַטיק. ווען נאָך דער באַפרייאונג האָבן פון וועלדער און בונקערס אָנגעהויבן צוריקקומען די אָפּגעראַטעוועטע רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום, עס האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד די רעפּאַטריאַנטן, ווען טויזנטער חלוצים האָבן געוואַרט אין די דייטשע לאַגערן אויף דער מעגלעכקייט פון עליה — האָבן די לעבנגעבליבענע אָנפירער פון ביידע יוגנט־באַוועגונגען אַדורכגעפירט די פאַרייניקונג, שאַפנדיק איין באַוועגונג אונטערן נאָמען „איחוד הנוער הציוני — עקיבא", וועלכע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר די וויכטיקע פּראָבלעמען פון אויפנעמען די חלוצישע עליה, פונאַנדערבויען די קיבוצים און שאַפן נייע אַרבעטס־פּאָזיציעס. דאָס איז געווען אַ קער־פּונקט אויפן וועג פון רעאַליזירן דעם ציוניזם אין ארץ־ישראל. אויפן כינוס פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „איחוד הנוער הציוני — עקיבא", וועלכער איז פאָרגעקומען אין יאָר 1946 אין ביעלאַווע (פּוילן), זענען אַזוי אָנגעצייכנט געוואָרן די נייע וועגן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער חלוצישער יוגנט:

„מערער ווי אַלעמאָל לייגט אויף אונדז אַרויף די איצטיקע תקופה דעם גרויסן חוב, און שטעלט אונדז גלייכצייטיק אַוועק פאַר ברייטע אַנטוויקלונגס־האָריזאָנטן.

איצט, מערער ווי יעטוועדע חלוצישע באַוועגונג, זענען מיר אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די לאָזונגען פון אונדזער עפּאָכע. מערער ווי אין אַלע אַנדערע באַוועגונגען, דרינגט אַרויס אונדזער וועג נישט פון פילאָזאָפישע טעאָריעס, נאָר פון פאַרשטענדעניש פאַר די לעבנס־באַדערפענישן פון פאָלק. מיר זענען דערצויגן געוואָרן אויף דער אידעע פון אַ יידישער מדינה, דעם פּרימאַט פון נאַציאָנאַלן אינטערעס איבער די פּאַרטיקולאַרע אינטערעסן, דעמאָקראַטישע איינהייט און שעפערישע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע שיכטן פון פאָלק אינעם אויפבוי־ווערק, ביים גלייכצייטיקן אונטערשטרייכן די דאָמינירנדיקע באַדייטונג פון חלוציזם, לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, יידישער זעלבסטפאַרטיידיקונג און פּאָליטישן אַקטיוויזם. אונדזער באַוועגונג אין ארץ, אַלס יינגסטע צווישן די חלוצישע באַוועגונגען, האָט געשאַפן יסודות פאַר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. אונדזערע קיבוצים אין דער התישבות, צעשפּרייטע פון צופיסנס פון חרמון ביזן נגב, וואַרטן אויף דער אַנטשטייאונג פון נייע פּאָזיציעס. די שטאַרקע אַלגעמיין־ציוניסטישע קיבוצישע יוגנט וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך דער מלחמה אין אַלע לענדער, אויך אין דרום־אַפריקע און אין אַמעריקע, זאָגט צו גרויסע האָפענונגען. דער פונאַנדערבלי פון דער באַוועגונג „איחוד הנוער הציוני — עקיבא״ איז נישט קיין צופעליקער. ער איז דער פּרובירשטיין פון דער ריכטיקייט פון אונדזער אידעע. ער איז אַן אויסדרוק פון דעם הויפּטוועג, אויף וועלכן עס דאַרף גיין דער ציוניזם: דער חלוצישער וועג פון בוי און קאַמף פאַר אַ יידישער מדינה״.

אין דער רעאַליזירונגס־טאַט, אין דעם קאַמף פאַר דער יידישער מדינה, אין דער מלוכה׳ש־שעפערישער אַרבעט, נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל די דערצויגענע פון די טאַרנער יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „הנוער הציוני״ און „עקיבא״.

## אחדות — בני־ציון — השחר

דער יידישער אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד „בר־כוכבא״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אינעם יאָר 1902, האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט אין יאָר 1919, ווען אונטערן איינפלוס פון די ראַדיקאַלע סאָציאַלע שטרעמונגען, האָבן אַ טייל מיטגלידער אָנגעשלאָסן זיך אינעם פועלי־ציוניסטישן אַקאַדעמיקער פאַריין „חרות״, בעת די איבעריקע זענען געוואָרן טעטיק אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די יידישע יוגנט אין טאָרנע, וואָס האָט פאַרענדיקט די גימנאַזיע, מיט איינצלנע אויסנאַמען, געשטאַנען ווייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער יידישער אַקאַדעמיקער האָט אויפגעהערט שפּילן אין טאָרנער יידישן לעבן די ראָל וואָס ער האָט געשפּילט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, הגם אין אוניווערזיטעט־שטעט האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט ציוניסטישע אַקאַדעמיקער־פאַריינען.

די דאָזיקע לאַגע האָט אין יאָר 1928 געוואָלט ענדערן דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. אויף צו געווינען די אַקאַדעמישע יוגנט פאַרן ציוניזם, האָט צו יענער צייט פיל געלייסטעט די עקזעקוטיווע פון דער

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קראָקע, אָנגעפירט דורך ד״ר י. שוואַרצבאַרד און מגר. לעאָן סאַלפעטער. אין יאַנואַר 1928 איז אין טאָרנע געגרינדעט געוואָרן אַן אַקאַדעמישער פאַרבאַנד „אחדות״, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. וועגן דער טעטיקייט פון דעם דאָזיקן פאַרבאַנד לייענען מיר אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (4.4.28, נומ׳ 1):

„נאָך לאַנגע יאָרן פון פולקאָמער אומטעטיקייט מצד דעם היגן אַקאַדעמיקער, דאַרף מען היינט באַגריסן מיט פולער אָנערקענונג די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע, וועמענס ציל עס איז צו וועקן דעם נאַציאָנאַל יידישן גייסט ביי אונדזערע קאָלעגן און אַריינציען זיי אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פאַר אונדזער כלל. דער ניי־געגרינדעטער פאַריין אַנטוויקלט זיך גאָר שנעל און פאַר דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ ציילט ער שוין איצט 40 מיטגלידער. אין שפיץ פונעם פאַרבאַנד שטייט קאָלעגע העניק שפילמאַן, און אין דער פאַרוואַלטונג געהערן: שמעון סאַפיר — וויצע־פרעזעס (איצט אין ישראל), יעקב בינענשטאָק — סעקרעטאַר, צילאַ מאַרמאָר — קאַסירערין, ד״ר אברהם כאָמעט און אברהם שענוועטער. צו דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע געהערן: מגר. פראַניאַ באַיער, פעליקס אָבערלענדער און משה קלאַפהאָלץ. צום חברים־געריכט: ד״ר שפאַן, ד״ר כאָמעט און ד״ר ריין״.

ווי עס גיט איבער דער באַריכט, איז די אַרבעט פונעם פאַרבאַנד באַשטאַנען אין אַדורכפירן שמועסן, דיסקוסיעס און רעפעראַטן, ווי אויך שטענדיקע סעמינאַרן איבער דער געשיכטע פון ציוניזם, יידישע ליטעראַטור און עקאָנאָמיע. אויסער דעם האָט דער פאַרבאַנד איינגעאָרדנט דיסקוסיע־אָוונטן, אויף וועלכע עס זענען פאַרבעטן געוואָרן אַלע סטודענטן, אומאָפּהענגיק פון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען. עס איז וויכטיק צו דערמאַנען דעם ערשטן עפנטלעכן רעפעראַט, איינגעאָרדנט דורך דער געזעלשאַפט „אחדות״ אין אַפּריל 1928 יאָר. רעפערירט האָט ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, דעמאָלטיקער הויפט־רעדאַקטאָר פון קראָקעווער „נאָווי דזשענניק״, א. ד. ט. „יידן אויפן סאָוויעטישן וואולקאַן״. אין משך פון דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער פאַרבאַנד צוגעשטעלט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע אַ ריי פעאיקע און איבערגעגעבענע אַקטיוויסטן. נישט איין געוועזענער מיטגליד פון דער טאָרנער „אחדות״ לעבט היינט און קעמפט אין ישראל. שוין אין יולי 1928 יאָר איז זיך די אָרגאַניזאַציע פונאַנדערגעוואַקסן און עס איז נויטיק געווען צו פאַרגרעסערן די פאַרוואַלטונג. דעם זעלבן חודש איז טאַקע פאָרגעקומען די צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פאַרבאַנד, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער יונגער ציוניסטישער אינסטיטוציע. אַלס פרעזעס פונעם פאַרבאַנד איז ווידער דערוויילט געוואָרן העניק שפילמאַן, אַלס וויצע־פרעזעסן — ערליך און שענוועטער, סעקרעטאַר — יעקב בינענשטאָק, קאַסיר — פרל. זילבערמאַן און שמעון סאַפיר, משה קלאַפהאָלץ, צילאַ מאַרמאָר. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד״ר כאָמעט, אָבערלענדער, הערצאָג. אין חברים־געריכט: ד״ר שפאַן, ד״ר כאָמעט, ד״ר שוואַרץ. צוליב זיינע פאַרדינסטן ביים העלפן גרינדן דעם אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד, איז ד״ר כאָמעט דערוויילט געוואָרן אַלס ערן־מיטגליד פון פאַרבאַנד. גאָר אינגיכן האָט „אחדות״ פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אינעם קולטורעלן לעבן אין טאָרנע, אַנטוויקלענדיק אַ פראָפּאַ־

גאַנדיסטישע אויפקלער־אַרבעט מיט אָפּטן איינאָרדענונג פון ציוניסטישע אימפּרעזן.

די טעטיקייט פון „אחדות״ האָט פיל געליטן צוליב דעם, וואָס די מיינסטע אירע מיטגלידער זענען אַ גאַנץ יאָר געווען אויסער טאָרנע. די רעזולטאַטן פון אַזאַ אַרבעט האָבן נישט געקאָנט זיין קיין באַדייטנדיקע, ווייל די עיקר־טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין די חדשים פון די אַקאַדעמישע פעריען. דעריבער איז די דריטע אָרדנטלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען ערשט אין אָקטאָבער 1931 יאָר. אויפן סדר־היום פון דער פאַרזאַמלונג איז דעמאָלט אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע פון רעאָרגאַניזירן דעם פאַרבאַנד, וועלכער האָט געהאַט פאַרשריבן אַ שיין בלעטל קולטורעלע טעטיקייט אין שטאָט. נאָכן רעפערירן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים דורך ה. שפּילמאַן, גבריאל אָסטערווייל און אהרון פוס, איז דערוויילט געוואָרן אַ רעאָרגאַניזיר־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען אַריין: משה שפּילמאַן אַלס פאָרזיצער, אהרון פוס, מיכאל דינטענפאַס, ע. סאַלפּעטער און ס. מאַנדעלבאום. די פּרוּוון צו רעאָרגאַניזירן „אחדות״ האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן, ווייל אין צווישנצייט האָבן זיך פאַרגרעסערט די רייען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט און די ראַמען פון אַן אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד, באַשטימט בלויז פאַר דער שטודירנ־דיקער יוגנט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו ענגע. אַ געוויסע ראָל האָבן אויך געשפּילט אידעאישע מאָמענטן, ווייל אַ טייל „אחדות״־מיטגלידער האָט געצויגן צו ציוניסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, און מיט דער צייט איז „אחדות״ פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אַקאַדעמישער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אין די ראַמען פון „התאחדות״ — רעכטע פועלי־ציון אין טאָרנע.

.4

אינעם יידישן לעבן זענען פאָרגעקומען וועזנטלעכע ענדערונגען, וואָס האָבן דעם יידישן אַקאַדעמיקער צוגענומען די ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט אין בראשית פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער ציוניזם האָט שוין אַרומגענומען ברייטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און איז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג. נעבן דעם יידישן אַקאַדעמיקער האָט זיך באַוויזן אַ נייער פאַקטאָר — די נישט־אַקאַדע־מישע יוגנט, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַנט אין דער געזעלשאַפטלעכער און ציוניס־טישער טעטיקייט, שאַפנדיק אַ נייעם טיפּ אַקטיווע ציוניסטישע יוגנט.

אין יאָר 1931 איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע צוגעטרעטן לייזן דאָס פּראָבלעם פון אַרייננעמען אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען די עלטערע מיטגלידער פון די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער אַלגעמיין־ציוניס־טישער יוגנט, פאָרגעקומען דעם 24־טן יאַנואַר 1931 יאָר, איז דערוויילט געוואָרן אַ קאָ־מיסיע פון ד״ר כאַמעט, מגר. הענריק שפּילמאַן און גבריאל אָסטערווייל, וועמען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון דער אַל־געמיין־ציוניסטישער יוגנט, וועלכע האָט נישט געהערט צו קיין שום פאַראַנענער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, הן צוליב זייער עלטער, ווי אויך צוליב דעם, וואָס זיי זענען שוין אַדורך די דערציאונגס־תקופה אין איינער פון די יוגנט־באַוועגונגען. מיט דער פראַגע איז אויך געווען באַשעפטיקט די קראָקעווער עקזעקוטיווע פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויפן 15־טן נאָוועמבער 1931 צונויפ־גערופן קיין קראָקע אַ קאָנפערענץ פון די לייטער פון די אַלגעמיין־ציוניסטישע

יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון אַ זעלבסטבילדונגס־כאַראַקטער. אינעם צוזאַמענפאָר, אונטערן פאָרזיץ פון טאָרנער דעלעגאַט ד״ר א. כאָמעט, האָבן זיך באַטייליקט צוואָנציק דעלעגאַטן. נאָכן אויסהערן די רעפעראַטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע און שלעזיע — אברהם האָפשטעטער, פּרעזעס פון דער עקזעקוטיווע ד״ר י. שוואַרצבאַרד און ד״ר שטערן, — זענען צוו. אַנד. אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע רעזאָלוציעס: „דער צוזאַמענפאָר פון די לייטער פון דער עלטערער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז די איצטיקע לאַגע אין ציוניזם פאַרלאַנגט די סאַמע אינטענסיווסטע אָנשטרענגונגען מצד דער גאַנצער ציוניסטישער יוגנט, — האַלט פאַר נויטיק צו קאָנסאָלידירן און אַקטיוויזירן וואָס ברייטערע שיכטן פון דער דאָזיקער יוגנט״. אַן אַנדערע רעזאָלוציע זאָגט: „דער צוזאַמענפאָר האַלט, אַז אַן אַקטיווע רעאַליזירונג פון ציוניזם דאַרף זיין די וועזנטלעכע אויפגאַבע פון די צוקונפטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס״.

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועמען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די גרינדונג פון אַן אָרגאַניזאַציע פאַר עלטערער ציוניסטישער יוגנט, האָט פאַרפאַסט דעם סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט „בני ציון״. די אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט דער קאָמיטעט־מיטגליד ה. שפּילמאַן אַזוי באַצייכנט אין אַן אַרטיקל אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (26.2.32):

„מיר האָבן באַקומען אַן אויפגאַבע צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון ציוניסטישער יוגנט, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע נישט־אָרגאַניזירטע ביז איצט אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט. מיר דאַרפן אויפשטעלן אַ גרויסן פאַראייניקטן ציוניסטישן יוגנט־פראָנט, אַ פראָנט פון כוח און ווילן וואָס זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ רעזערוואַר פון ענערגיע און גלויבן נישט נאָר איצט, נאָר אויך אין דער צוקונפט״.

אין פעברואַר 1932 איז פאָרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון בני־ציון, וואו עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: הענריק שפּילמאַן — פּרעזעס, מגר. ערליך און שמעון רייך — וויצע־פּרעזעסן, פרל. צוועכער — סעקרעטאַר, י. לאַוטערבאַך — קאַסיר, י. בינענשטאָק, רוזשע קעלער, פעלד, י. מאַנדעלבאום, האַניאַ כשר.

שוין אין ערשטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער פאַרבאַנד אַנטוויקלט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט צווישן דער טאָרנער יידישער יוגנט. יעדע וואָך זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן און עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוויי סעמינאַרן: איינער פאַר געשיכטע פון ציוניזם אונטער דער לייטונג פון מגר. יעקב בינענשטאָק. דער צווייטער — פאַר סאָציאָלאָגיע, געפירט דורך מגר. קלאַפּהאָלץ, ווי אויך אַ קורס פאַר העברעאישער ליטעראַטור געפירט דורך פרל. עלאַ צוועכער.

אויף דער צווייטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון בני־ציון, פאָרגעקומען סוף 1932 יאָר, מיט דער באַטייליקונג פון עטלעכע צענדליק מיטגלידער, איז דערוויילט געוואָרן אַ פאַרגרעסערטע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ה. שפּילמאַן — פּרעזעס, מגר. מיכאל דינטענפאַס — וויצע־פּרעזעס, ד. הערצאָג — סעקרעטאַר, יוסף לאַוטערבאַך — קאַסיר, מ. מאַן און פרל. פּ. פעפער. אין דער רעוויזיאָנס־



**די פאַרוואַלטונג פון „בני ציון" אין טאָרנע אין יאָר 1934.**
ערשטע ריי זיצנדיק פון לינקס אויף רעכטס: פרל. שטאַרקמאַן, י. לאוטערבאַך (איצט אין ישראל), העניאַ כשר (איצט אין ישראל), מגר. ה. שפּילמאַן ז״ל, פרל. העניג ז״ל.
צווייטע ריי שטייענדיק פון לינקס אויף רעכטס: שמואל ראַפּאַפּאָרט (איצט אין ישראל), ה. ראָזנער ז״ל, מ. געלבוואַקס ז״ל, ווילד ז״ל, מיכאַל דינטענפּאַס ז״ל, י. גרינשפּאַן (איצט אין ישראל), דוד הערצאָג (איצט אין ישראל), ?, י. צייכנער.

קאָמיסיע: פרל. פּ. מעלינגער און י. מאַנדעלבאום. אין חברים־געריכט: מגר. י. ביי־נענשטאָק, שמעון רייך און מ. יאַקובאָוויטש. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז ד״ר א. כאַמעט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ערן־מיטגליד פון בני־ציון אין אַנער־קענונג פון זיינע פאַרדינסטן ביים גרינדן די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציע. די ניי־דערוויילטע פאַרוואַלטונג איז צוגעטרעטן צו אַן אינטענסיווער טעטיקייט. באַזונ־דערס אַקטיוו זענען געווען מגר. מ. דינטענפּאַס, דער וויצע־פּאָרזיצער פון פאַריין, וועלכער איז געווען די נשמה פון דער אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיטן פּרעזעס ה. שפּילמאַן האָט ער אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און קולטורעלער טעטי־קייט. עס האָט זיך אויך אויסגעצייכנט ד. הערצאָג, אַ שטילער איבערגעגעבענער אַרבעטער, וועלכער האָט אַלס סעקרעטאַר אַ סך געהאָלפן אין אַוועקשטעלן דעם פאַריין אויף פעסטע סאָלידע יסודות. צו די אַקטיוויסטן האָבן נאָך געהערט די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער י. לאוטערבאַך און מ. מאַן (די דריי לעצטע — איצט אין ישראל), אין משך פון אַ יאָר האָט „בני ציון" אַריינגעצויגן אין אירע רייען אַ באַדייטנדיקע צאָל יונגע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך דערנאָך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווער טעטיקייט אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע.

אַן אויסדרוק פון כוח און באַדייטונג פון „בני ציון" איז געווען די דריטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, פאַרגעקומען דעם 2־טן סעפטעמבער 1933 יאָר. דאָס דריטע עקזיסטענץ־יאָר פונעם פאַריין האָט פון איין זייט באַוויזן אַ שיינעם טעטיקייט־בילאַנס, און פון דער צווייטער זייט — די נויטיקייט פון אַזאַ פאַרבאַנד פאַר דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע. נישט געווען אין שטאָט קיין איין ציוניסטישע אַקציע, אין וועלכער די מיטגלידער פון „בני־ציון" זאָלן נישט האָבן גענומען דעם סאַמע אַקטיווסטן אָנטייל, און דער אָרטיקער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט שטענדיק געקאָנט רעכענען אויף דער הילף פון „בני־ציון". אַ דאַנק דער אינערלעכער אויפקלער־אַרבעט איז פאַרטיפט געוואָרן דער ציוניסטישער אידעאַל ביי דער יוגנט. דערביי איז געלערנט געוואָרן העבּ־רעאיש, און אַ טייל חלוצים, נאָכן אַדורכמאַכן די הכשרה, האָבן געוואַרט אויף זייער ריי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. די ניי־דערוויילטע פאַרוואַלטונג, אין פאַרגרעס־סערטן צוזאַמענשטעל, איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פערזאָנען: י. לאוטערבאַך — פרעזעס, מ. מאַן — וויצע־פרעזעס, ד. הערצאָג — סעקרעטאַר, ס. טורנהיים — קאַסיר, העניאַ כשר, פרל. ע. מאַנדעלבאום, פראַנקאַ מעלינגער, פרל. מגר. זיידען, י. צייכנער. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מ. דינטענפאַס, ה. ראָזנער, נינאַ שטאַרק־



„בני ציון" אין טאַרנע אין יאָר 1934
אין דער ערשטער ריי זיצנדיק, דער פונעפטער — מגר. ראַסטאַל, (איצט אין ישראל) פון דער קראָקאווער צענטראַלע פאַר אַלגמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.



די פאַרוואַלטונג פון „בני ציון" אין טאָרנע אין יאָר 1935.

ערשטע ריי זיצנדיק פון לינקס אויף רעכטס: דוד הערצאָג, פרל. געלב ז״ל, מגר. מ. דינטענ־פאַס ז״ל, מגר. ה. שפּילמאַן ז״ל, מגר. יעקב בינענשטאָק (איצט אין ישראל).

צווייטע ריי שטייענדיק פון לינקס אויף רעכטס: ה. ראָזנער ז״ל, ווילד ז״ל, מ. געלבוואַקס ז״ל, ס. טורנהיים ז״ל, י. גרינשפּאַן, מגר. מ. מאַן (איצט אין ישראל), ברודער, ש. ראַפּאַפּאָרט.

מאַן. אין חברים־געריכט: מ. יאַקובאָוויטש, מ. לאַנגזאַם, און ווימיסנער. מגר. ה. שפּילמאַן איז דערוויילט געוואָרן אַלס ערן־פּרעזעס פון פאַריין.

„בני־ציון" איז אינגיכן געוואָרן דער חוט־השדרה פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע אין טאָרנע. פונדאַנען איז געקומען דער נאָכוואוקס פון ציוניסטישע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן רעאַליזירט זייער ציוניזם נישט בלויז מיט אַקטיוויטעט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך דורך זעלבסטפאַרווירקלעכונג — עליה קיין ארץ־ישראל. ביזן היינטיקן טאָג וואוינען און באַטייליקן זיך אין בנין הארץ די אַקטיוויסטן פון טאָרנער „בני ציון": מגר. מ. קלאַפּהאָלץ (איצט — פאָר־זיצער פון חיפהער קרייז־געריכט, מ. עציוני), מגר. יוסף לאוטערבאַך, דוד הערצאָג, מגר. מ. מאַן, ברודער, אַרגאַנד, פרל. שטאַרקמאַן, פייוועל, י. גרינשפּאַן און פיל אַנדערע.

אין יאָר 1937 האָט דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געשאָנקען די „בני ציון" אַ פאָן, וועמענס אַנטהילונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן ציוניסטישן יומטוב אין שטאָט. די פייערונג איז פאָרגעקומען אין

זאַל פון „סאָקאָל״ און עס ווערט וועגן איר אַזוי באַריכטעט אין „טיגאָדניק זשי־דאָווסקי״ (23.5.37) :

„אויף דער שיין מיט בלומען דערקאָרירטער בינע, האָבן זיך אויסגעשטעלט פאָנען־דעלעגאַציעס פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס „הנוער הציוני״, „עקיבא״ און גימנאַסטיק־געזעלשאַפט „שמשון״. ביים פרעזידיום־טיש האָבן פאַרנומען ער־טער די מיטגלידער פון יובל־קאָמיטעט — ד״ר שמעון פעלדבלום (איצט אין ישראל) אַלס דעלעגאַט פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קראָקע, ד״ר א. כאָמעט און דער דעמאָלטיקער פרעזעס פון בני ציון מ. דינטענפאַס. ביי אַ געהויבענער שטימונג האָט ד״ר כאָמעט דערעפנט די פייערונג און האָט נאָכן באַגריסן די דעלעגאַטן און געסט, אַרומגערעדט די באַדייטונג און אויפגאַבן פון „בני ציון״ אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישען באַוועגונג. אַנטהילנדיק דעם פאָן און איבערגעבנדיק זי דעם פאָרזיצער פון „בני ציון״, מגר. דינטענפאַס, האָט ד״ר כאָמעט גערופן די אָרגאַניזאַציע הויך צו האַלטן די דאָזיקע פאָן, און ווייטער פאָרט־צוזעצן די דאָזיקע אַרבעט, וועמענס סימבאָל עס איז טאַקע דער אַנטהילטער בלוי־ווייסער פאָן. נאָכן איבערנעמען די פאָן דורך מגר. דינטענפאַס און אָפּגעבן אַ שבועה, האָט דער לעצטער זי איבערגעגעבן דעם פאָנען־טרעגער לעאָן לעזער (איצט אין ישראל). דער שול־כאָר אונטער דער אָנפירונג פון דיריגענט קינסטלער האָט געזונגען דעם פוילישן מלוכה־הימן און די „התקוה״. דערנאָך האָט ד״ר פעלדבלום געהאַלטן אַ שיינע רעדע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט „בני־ציון״, אונטער דער גוניטער אָנפירונג פון מגר. מיכאל דינטענפאַס (געשטאָרבן אין ראַטנפאָרבאַנד בעת דער מלחמה), געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפעה אויף די אָרגאַניזאַציעס פון דער עלטערער ציו־ניסטישער יוגנט אין אַנדערע שטעט פון מערב־גאַליציע. פון טאַרנע איז אויך אַרויסגעגאַנגען דער פּלאַן צו קאָנסאָלידירן אַלע אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס פון דער עלטערער יוגנט. דעריבער האָט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע אין קראָקע צונויפגערופן קיין טאַרנע, דעם 8־טן מאַן 1938 יאָר, אַ קאָנפערענץ פון די בני ציון אָרגאַניזאַציעס פון מערב־גאַליציע און שלעזיע. אין דער קאָנפערענץ, אָפּגעהאַלטן אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר וואָלף פון קראָקע, זענען געקומען דעלעגאַטן פון די וויכטיקסטע ציוניסטישע צענטערן אין דער געגנט, ווי אויך מיטגלידער פון דער עקזיקוטיווע — אברהם האָפשטעטער, ד״ר ק. כהנא, מגר. ראָסטאָל. די הויפּט־טעמע פון דער קאָנפערענץ איז געווען די פראַגע פון קאָנסאָלידירן די אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט אין לאַנדעס־מאַסשטאַב.

די לעצטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „בני ציון״ אין טאַרנע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אָקטאָבער 1938 יאָר, וואו עס איז אויסגעוויילט געוואָרן איר לעצטע פאַרוואַלטונג: ב. געלבוואַקס — פרעזעס, מגר. מאַן — וויצע־פרעזעס, מגר. צייכנער (איצט אין אַמריקע) און ט. בראון — סעקרעטאַרן, ט. ברודער, אַרגאַנד, ב. פעני־כעל, נעלאַ מאַן, ז. פלאום, פרל. ד. זיידען, ס. שפּיראַ, ק. שיף, מגר. וועסט־רייך. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען דערוויילט געוואָרן: ס. פאַריזער, ה. שמידט, א. וואָלקאָווסקי. אינעם חברים־געריכט: נ. שענבערג, י. גרינשפאַן (איצט אין ישראל), פרל. ט. ראָזענבערג, פּ. בלייוויס, פּ. מעל.

5.

# השחר

די אַלגעמיין־ציוניסטישע אַקאַדעמיקער, וועלכע האָבן געהערט צו „אחדות", זענען אַלע אַריינגעטרעטן אין „בני ציון", וואָס האָט אַרומגענומען די ברייטסטע קרייזן עלטערע ציוניסטישע יוגנט פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די בני ציון טעטיקייט האָט אַרומגענומען די אַלגעמיינע פראָבלעמאַטיק פון יידישן לעבן. די קולטור־ און אויפקלער־אַרבעט אין „בני־ציון" איז געווען צוגעפּאַסט צום אַלגעמיינעם ניווא פון איר מערהייט מיטגלידער. פאַר דער אוניווערזיטעט־יוגנט, האָט זיך אָבער געפאָדערט אַ באַזונדערער צוגאַנג און ספּעציפישע מעטאָדן. עס איז דעריבער געוואָרן נויטווענדיק אויסצוטיילן די אַקאַדעמיקער אין אַ באַזונדערע גרופּע, אין די ראַמען פון „בני ציון".

אין אָקטאָבער 1933 איז אַ דאַנק די באַמיאונגען פון לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער שטודירנדיקער יוגנט אויף די הויכשולן וואו דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „בני ציון", מ. מאַן, האָט ארומגערעדט די נויטווענדיקייט פון אַ באַזונדערער אָרגאַניזאַציע פאַר דער אַקאַדעמישער יוגנט, און מגר. ה. שפּילמאַן האָט געהאַלטן דעם אידעאָלאָגישן רע־פעראַט וועגן די צילן און אויפגאַבן פון אַלגעמיינעם ציוניזם. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן אַקאַדעמישן אַלגעמיין־ציוניסטישן פאַרבאַנד „השחר", ווי אַ סניף פון „בני ציון". אין דער ערשטער פאַר־וואַלטונג פון „השחר" זענען דערוויילט געוואָרן: מ. מאַן — פּרעזעס, פּרל. ג. זיידען און ע. יאַכימאָוויטש — וויצע־פּרעזעסן, מ. געלבוואַקס — סערעטאַר און ה. שמידט. אַ דאַנק איר אַקטיוויטעט און טעטיקייט האָט „השחר" באַדייטנדיק געשטאַרקט די רייען פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט.

שיין האָבן זיך אַנטוויקלט די אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „הנוער הציוני", „עקיבא", „בני ציון" און „השחר". דעם דאָזיקן פאַקט איז צו פאַרדאַנקען קודם כל דעם יונגן ציוניסטישן טוער יעקב בינענשטאָק, וועלכער איז מיטן גאַנצן האַרץ געווען איבערגעגעבן דער ציוניסטישער אַרבעט. דאָס האָט ער גערופן די ציוניסטישע יוגנט צו חלוצישער פאַרווירקלעכונג, דאָס איז ער געווען דער גרינדער פון „הנוער הציוני" און אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע ביז זיין עליה קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1937.

מיט דער „יוגנט־אָרגאַניזאַציע „עקיבא" האָט אָנגעפירט דער שילער פון „שפה ברורה" אברהם בער (איצט אין ישראל), קעמפנדיק פאַר אַ באַזונדערן דערציאונגס־מעטאָד פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט. אַ גרויסן בייטראַג צו דער אַנט־וויקלונג פון דער אָרגאַניזאַציע פון עלטערער ציוניסטישער יוגנט האָט געגעבן משה קלאַפּהאָלץ (איצט — ריכטער עציוני אין ישראל). פון די דאָזיקע אַלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זענען געקומען די אַלע יונגע אַקטיוויסטן, אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט די אַלגעמיין־ציוניסטישע פאַרטיי אין טאַרנע אינעם לעצטן צענדליק יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

6.

## פועלי־ציוניסטישער יוגנט פאַרבאַנד „יוגנט"

די געשיכטע פון פועלי ציוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד „יוגנט" גייט ווייט אַריבער די ראַמען פון אַ געוויינלעכער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די אַנטשטייאונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע דאַטירט זיך פון יאָר 1904, ווען עס איז דאָרט געשאַפן געוואָרן די פועלי ציון פאַרטיי. אַ גרופּע יונגע אַרבעטער מיט יעקב קענער אין דער שפּיץ, האָבן אינעם אויבנדערמאָנטן יאָר געשאַפן דעם „פועלי ציון" פאַריין, וועלכער איז גאָר גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט דורך יונגע ציוניסטן, באַגייסטערטע מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל. דער דאָזיקער פאַריין, אונטערן נאָמען „אַרבעטער־יוגנט און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן פאַרבאַנד פועלי ציון אין טאַרנע" האָט דורכגעמאַכט אַלע קינדער־קראַנקהייטן פון דער זיך קריסטאַליזירנדיקער פועלי ציון אידעאָלאָגיע און די יונגע פאַריינס־מיטגלידער זענען אויפגעטרעטן אויף דער אַרענע פון יידישן פּאָליטישן לעבן ווי אַ באַזונדערע פאַרטיי, פאַרוואַנדלט זיך אין „פּירער", וואָס כאָטש נאָך גאָר יונגע, האָבן זיי זיך באַדאַרפט ראַנגלען מיט די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון דער דעמאָלטיקער יידישער ווירקלעכקייט.

די פועלי ציוניסטישע פּראָבלעמאַטיק איז נישט געווען קיין לייכטע און פּאָפּולערע פאַרן יידישן אַרבעטער און אָנגעשטעלטן. צושטיין צו פועלי ציון האָט געקאָנט יענער יוגנטלעכער, וועלכער האָט שוין געהאַט עפּעס אַן אָנונג וועגן יידישער געשיכטע, יידישער עקאָנאָמיק, באַקענט זיך מיט די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט געשילדערט דעם מצב פונעם דעמאָלטיקן יידישן לעבן. אַזאַ מין דערציאונג האָט נישט געקאָנט געבן אַ פּאָליטישע פאַרטיי, כאָטש זי איז געפירט געוואָרן דורך יונגע ענטוזיאַסטן. דעריבער האָט מען אין די פועלי ציון רייען אין טאַרנע, שוין אין יאָר 1906, אָנגעהויבן באַהאַנדלען די פראַגע פון דער נויטווענדיקייט אויפצושטעלן אַ באַזונדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל פירן אַ בילדונגס־ און דערציאונגס־אַרבעט צווישן דער יידישער אַרבעטנדיקער יוגנט און אָנגעשטעלטע, פון שטאַנדפּונקט פון פועלי ציוניסטישן צוגאַנג צום יידיש־געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן לעבן.

אויף דער איניציאַטיוו פון דעמאָלטיקן פועלי ציון אַקטיוויסט הענעך טיש, איז ביי דער טאַרנער פועלי ציון געשאַפן געוואָרן אַ סעקציע יינגערע אַרבעטער, וואָס האָט געשטרעבט צו אַ זעלבשטענדיק אָרגאַניזאַציאָנעל לעבן. אינעם יאָר 1906 איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ גרינדונגס־קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט הענעך טיש און זישע פעניכעל. אַ דאַנק זייערע באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען איז געשאַפן געוואָרן דער „יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטער בילדונגס־פאַריין „יוגנט" אין טאַרנע".

עס האָט זיך אָנגעהויבן די מיפּולע שווערע ווערביר־אַקציע. דער נייער סטיל אינעם צוגאַנג צו דער בילדונגס־טעטיקייט, דאָס באַגרעניצן זיך דער עיקר צו דערציאונגס־אַרבעט ביים אויסמיידן די פאַרטייאישע אַגיטאַציע, דער טיפערער צו־

גאַנג צו געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, און צום סוף — דאָס אַרויס־ברענגען די קולטורעלע אַרבעט אין אויבנאָן, — דאָס זענען געווען די פאַקטאָרן וואָס האָבן געהאָלפן צו אַ שנעלער אַנטוויקלונג פון דעם נייעם יוגנט־פאַריין. אין דער אונטערשטער שורה האָט אַזאַ דערציאונגס־אַרבעט נאַטירלעכערווייז דער־פירט צום פּועלי ציוניסטישן באַוואוסטזיין, און אַזוי אַרום האָט די טאַרנער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע אויך דערצויגן קאַדערן אַקטיוויסטן פאַר דער פּאַרטיי.

וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער טאַרנער „יוגנט״ דערוויסן מיר זיך פון דער יובל־אויסגאַבע „טאַרנער פרייע יוגנט״, דערשינען אין יאָר 1929 לכבוד דעם 25־יאָריקן יובל זינט די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן. איינער פון די אַקטיוו־סטע און איבערגעגעבנסטע טוער פון דער טאַרנער „יוגנט״ — פּנחס גליק (ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַ טרייער פּועלי ציוניסט, אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע), דערציילט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פאָלגנדעס:

„פול מיט איניציאַטיוו און אומדערמידלעכן דראַנג ווייטער צו גיין, זיך אַלץ מער און מער צו אַנטוויקלען און צו פאַרפעסטיקן, האָבן מיר זיך פאַרמאָסטן צו ווערן אַ כוח און אַרומצונעמען די גאַנצע אַרבעטער יוגנט אין שטאָט. מיט אַזעלכע געדאַנקען פון עקספּאַנסיע האָבן מיר זיך אַרומגעטראָגן און פּלאַנמעסיק געאַרבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג. אַ חורבה האָבן מיר אָנגעמאַכט ביי דער זש. פּ. ס., וועמענס מיטגלידער ס׳האָבן כסדר עמיגרירט צו אונדז. אין קאַמף פון דער רעאַקציע קעגן אונדז איז דעמאָלט אַנטשטאַנען אַ רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע „מחזיקי לימוד״, אַ פאַרפאָסטן פון די היינטיקע „פּועלי אמוני ישראל״. און קיין טאַרנע איז אַמאָל אַראָפּגעקומען פון קראָקע דער בעל־תשובהניק ד״ר פייפער, כדי צו רעדן אין בית המדרש אויף אַ מיטינג. זענען טאַקע די אָרגאַניזאַטאָרן מיטן בעל־תשובה־ניק בראש אַנטלאָפן, און אונדזערע רעדנער האָבן מיט דערפאָלג גערעדט פאַרן איבערגעבליבענעם אַרבעטער־עולם. זייט דעמאָלט האָט זיך ד״ר פייפער קיין טאַרנע מער נישט געוויזן...

„מיר זענען דעמאָלט געווען דער שטאַרקסטער אָרגאַניזירטער כוח אין טאַרנע, ווען אין יאָר 1914 האָבן מיר דערגרייכט די מיטגלידער צאָל פון העכער 400 יוגנט־לעכע אַרבעטער. ווייל מען האָבן אַ קלאָר בילד איבער אונדזער וואוקס, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אָנהייבנדיק אונדזער אַרבעט אין אַ קליין פּייכט טונקל שטיבל, האָבן מיר וואָס ווייטער געדונגען גרעסערע לאָקאַלן, ביז מיר האָבן אין יאָר 1914 געדונגען די גרויסע לאָקאַלן פון דער אַלטער פּאָסט, פאַר וועלכע מיר האָבן דעמאָלט געצאָלט 130 קראָנען אַ חודש. צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ געוואַלטיקע סומע, און דערצו האָט געהערט אַ גאָר גרויסער מוט״.

„די דאָזיקע פרוכטבאַרע אַרבעט איז מעגלעך געווען טיילווייז אויך דערפאַר, ווייל צווישן די אָנפירנדיקע חברים האָט געהערשט אַן אמתע האַרמאָניע. יעדער האָט רעספּעקטירט דעם צווייטנס מיינונג און אינעם פערזענלעכן פאַרקער זענען די חברים צווישן זיך געווען באַפריינדעט אויפן בעסטן אופן.

„מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, זענען אונדזערע גרויסע לאָקאַלן פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער פאַר היימלאָזע יידן פון מזרח־גאַליציע. שפּעטער

זענען די דאָזיקע זאַלן באַזעצט געוואָרן מיט עסטרייכיש מיליטער. אָבער דער פּאָדעם איז ווייטער געצויגן געוואָרן, נישט קוקנדיק אויף די שווערע באַדינגונגען אין וועלכע מ׳האָט געלעבט. צעזייט און צעשפּרייט אויף אַלע פראָנטן, אין קאַזאַר־מעס און אין די פאַרשידענע געפאַנגען־לאַגערס, איז די פאַרבינדונג צווישן איינצלנע חברים און גאַנצע גרופּן אויפגעהאַלטן געוואָרן. דאָס האָבן געטאָן עטלעכע חברים, וועלכע זענען נישט געגאַנגען אין דער מלחמה אַריין. זיי האָבן מיט די חברים אין די סאָלדאַטסקע מונדירן געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ, אַפילו באַזאָרגט מיט צייטונגען און ביכער. במשך פון עטלעכע יאָר האָבן זיי אַזוי אויפגעהאַלטן אין די נשמות און אין די הערצער פון הונדערטער חברים דאָס פּועלי ציוניסטישע פייערל, ביז דער פלאַם האָט זיך ווידער צעפלאַקערט אין אַ העלן לייכטנדן פייער״.

די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אומגינסטיק געווירקט אויפן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טאַרנע. נאָר די אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן גע־שלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין טאַרנע און גע־האַט אין זייערע רייען טרייע איבערגעגעבענע מיטגלידער, האָבן נאָך געקאָנט ווי עס זיין דערהאַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך. צו אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס האָט געהערט



דער ספּאָרט־קלוב „יוגנט״ אין יאָר 1911

די טאַרנער „יוגנט". יוסף פּערלבערגער (מיטגליד פון דער „יוגנט", שפּעטערדיקער אַנגעזעענער פּועלי ציון טוער אין טאַרנע, אומגעקומען אין אַ היטלעריסטישן טויטנ־לאַגער) באַשרייבט אַזוי אין דער אויבנדערמאַנטער יובל־אויסגאַבע די טעטיקייט פון דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, אין די יאָרן 1914—18:

„אין די ערשטע מלחמה־יאָרן איז בכלל נישט געווען מעגלעך צו פירן אַ וועלכע ס׳איז טעטיקייט. די שטאָט איז געלעגן אין ענגן קריגס־געביט, און די באַפעלקערונג איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם מיליטערישן רעזשים, וועלכער האָט נישט דער־לאָזט פירן קיין שום געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ערשט סוף 1916 איז דעם חבר נחום איינשפרוך געלונגען צוריק צו שאַפן די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע. מיר פלעגן זיך צונויפקומען אין די לאָקאַלן פון פרויען־פאַריין און אין שטאָטישן גאָרטן. דער ח׳ איינשפרוך פלעגט מיט אונדז פירן שמועסן איבער פאַרשידענע אַקטועלע און סאָציאַליסטישע טעמעס. א חוץ דעם האָבן די חברים נחום איינשפרוך, פּיניע גליק און יחיאל ענגעל, די „יונגע", וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט נאָכן מאָבי־ליזירן דעם גאַנצן אַקטיוו אין דער אַרמיי, — געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַלע חברים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין מלחמה־פראָנט, באַזאָרגט מיט די נויטיקסטע זאַכן די חברים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די מיליטערישע שפּיטאָלן אַלס פאַרוואונדעטע און אַזוי אַרום אויפגעהאַלטן מיט זיי דעם קאָנטאַקט.

„צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן די 3 „עלטערע" חברים אָפיציעל נישט גע־קענט זיין אין דער פאַרוואַלטונג, אַזוי, אַז זיי האָבן אונדז בלויז מיטגעהאָלפן אינדערשטיל און די פּראַקטישע אויספיר־אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן די יונגערע חברים. דאָס פּרעזידיום איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: בורשטין אַלס פאָר־זיצער, בעק — קאַסיר, און איך אַלס סעקרעטאַר. אויף אונדז איז געפאַלן דער גורל צו דערפירן די אָרגאַניזאַציע צו איר אַמאָליקער מדרגה און צו יענער צייט איז עס געווען אַ גאָר שווערע אויפגאַבע. מיר זענען אַלע געווען יונג, נישט געהאַט קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפאַרונג און אַ טייל פון אונדז האָבן אַפילו נישט געקענט קיין יידיש. איך דערמאָן זיך, אַז אויף דער ערשטער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך מוז ביז אַ קורצער צייט אויסלערנען זיך שרייבן יידיש. דערווייל האָט מען מיר דערלויבט צו פירן די פּראָטאָקאָלן און דעם גאַנצן סעקרעטאַריאַט אין דער דייטשער שפּראַך, און ח׳ פּיניע גליק האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו געבן מיר די ערשטע לעקציעס.

„היות מיר זענען געווען וויניק באַהאַוונט אין דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט, און דער קאָנטאַקט מיט אונדזער צ. ק., וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ווין, איז געווען גאָר אַ שוואַכער, האָבן מיר זיך געווענדט צו דער אָנפירונג פון דער דייטשער יוגנטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווין וועגן דירעקטיוון און מיטהילף אין אונדזער אַרבעט. די צענטראַלע האָט אונדז טאָקע באַזאָרגט מיט האַנט־ביכער פאַר יוגנט־טוער און אונדז רעגלמעסיק צוגעשיקט זייער אָרגאַן. אויף דער איניציאַטיוו פון ח׳ איינשפרוך, האָבן מיר אויך אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט דער סאָציאַליסטישער ווינער פאָלקס־בוכהאַנדלונג און געשאַפן ביי דער „יוגנט" אַ קליינע בוכהאַנדלונג, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן צווישן דער אַרבעטער־יוגנט סאָציאַליסטישע אַרבעטער־ליטעראַטור.

„אינעם יאָר 1917, ווען דער אָרגאַן פון די עסטרייכישע פועלי ציון „דע־ יידישער אַרבעטער", האָט ווידער אָנגעהויבן דערשיינען אין ווין, איז אונדז די אַרבעט באַדייטנד פאַרלייכטערט געוואָרן. מיר האָבן זיך שוין געקאָנט באַנוצן ביי דער אַגיטאַציע מיט יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און פון צייט צו צייט פלעגן אונדז באַזוכן חברים פון צענטער, ווי מ. קאָהן און ש. מייער פון ווין און א. פריינד פון לעמבערג.

„בכלל איז אונדזער גאַנצע טעטיקייט אין די מלחמה־יאָרן באַשטאַנען אין בילדונגס־אַרבעט. טיילווייז צוליב די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן און טיילווייז אויך צוליב דעם וואָס די מערהייט פון אונדז איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפונקט, אַז די „יוגנט" דאַרף זיך פאַרנעמען נאָר מיט בילדונגס־אַרבעט, שיצן די פראָפע־ סיאָנעלע אינטערעסן פון דער אַרבעטער־יוגנט און שטיין ווייט פון פּאָליטישן קאַמף, מיט וועלכן ס'פאַרנעמט זיך די פאַרטיי. די „יוגנט" — האָבן מיר דעמאָלט געהאַלטן — איז בלויז דאָס אָרט וואו דער יוגנטלעכער דאַרף באַקומען די געהעריקע צוגרייטונג צום אַריינטרעטן אין דער פאַרטיי.

„די דאָזיקע שטעלונג האָט ביים סוף פון דער מלחמה אינגאַנצן פאַרלוירן אירע אָנהענגער און די „יוגנט" האָט דערנאָך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע פּאָליטישע אַקציעס. דער איבערגאַנג איז אָבער נישט פאָרגעקומען אַזוי לייכט.



די מאַרקס־גרופּע אינעם פאַריין „יוגנט"

ס׳זענען פריער פאָרגעקומען אַזעלכע קאַמפן, ווייל ס׳האָבן זיך אין דער יוגנט גע־פונען אַנאַרכיסטיש געשטימטע עלעמענטן, וועלכע האָבן כלומרשט אונטער דער מאַסקע פון אומפּאַרטייאישקייט, געפרווט אונדזער יוגנט־פאַריין אָפּרייסן פון דער גאַנצער יוגנט־באַוועגונג. זיי זענען אָבער אָן וועלכן ס׳איז שאָדן באַזייטיקט גע־וואָרן פון פאַריין און מיר זענען דאָן מיט ביידע פיס אַרויף אויפן ברייטן שליאַך פון באַראָכאָוויזם״.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און טאָרנער פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זענען צוגעטרעטן צו זייער ווידעראויפבוי־אַרבעט, האָט אויך די „יוגנט״ אָנגע־הויבן איר נייַ לעבן. אין זיינע זכרונות וועגן דער „יוגנט״־טעטיקייט אין טאָרנע אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, שרייבט שמעון שילער (אָנגעזעענער יוגנט־טוער, קענער פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור־אַקטיוויסט, אומגעקומען בעת אַן אויסזידלונגס־אַקציע אין טאָרנע) אין דער אויבנ־דערמאָנטער יובל־אויסגאַבע „טאָרנער פרייע יוגנט״:

„ט׳איז דער סוף פון קריג. חברים קומען אַהיים פון מיליטער און באַלד נעמט זיך חברה קלערן וועגן פאַרשענערן און אויסמעבלירן דעם לאָקאַל. מען מוז האָבן בענק און טישן, אָבער קיין געלט איז נישטאָ. מ׳באַשטייערט זיך און מען קויפט ברעטער. די חברים שלעפּן זיי אַליין אין דער אָרגאַניזאַציע אַריין נאָך דער אַרבעט און אַליין מאַכן מיר די טריבונע, בענק און טישן. איינער מעסט, דער אַנדערער זעגט, אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן מיר אַלץ פאַרטיק געמאַכט, כאָטש מיר זענען נישט קיין סטאָליאַרעס. מיר זענען גלייך צוגעטרעטן צו דער קולטור־אַרבעט״.

ווייטער דערציילט שמעון שילער וועגן די שוועריקייטן וואָס די טאָרנער „יוגנט״ האָט געהאַט בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה אין יאָר 1920. די אָרגאַניזאַציע האָט געמוזט שליסן איר לאָקאַל, די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אומלעגאַל. יונגע חברה פלעגט זיך צונויפקומען אין פריוואַט־וואוינונגען אָדער אין פעלד. דערנאָך, אפילו ווען די מלחמה האָט זיך געהאַט געענדיקט, זענען אויפ־געקומען נייע שוועריקייטן. די שפּאַלטונג אין דער פועלי ציון פּאַרטיי איז נישט אַדורך אָן השפּעה אויף דער „יוגנט״. ביידע טיילן פון דער פּאַרטיי האָבן געוואָלט באַהערשן די יוגנט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטורמישע דיסקוסיעס. ווי עס גיט איבער שילער, האָבן בלויז צוויי אָנפירנדיקע חברים פון דער „יוגנט״ אַרויסגעזאָגט זיך פאַר דער לינקער צענטראַלע אין וואַרשע — ער גופא און יוחנן וואַזשניצער. ביידע שטרעמונגען האָבן געהאַט זייערע אָנהענגער אין דער טאָרנער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע, דערביי האָבן נישט געפעלט קיין פרוּוון צו שפּאַלטן זי אָדער בייטראַ־ליזירן. ערשט ווען קיין טאָרנע איז געקומען יעקב קענער, אַן אָנהענגער פון דער לינקער אָריענטאַציע, וועלכער איז מיט דער גאַנצער ענערגיע אַרויסגעטרעטן קעגן די רעכטע פועלי ציון, איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג פון דער „יוגנט״, און נאָך אַ שטורמישער דיסקוסיע איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטעטיקן די איינשטעלונג, וועלכע עס האָט רעפּרעזענטירט יעקב קענער. אַזוי אַרום איז ענדלעך קלאָר געוואָרן די לאַגע אין דער טאָרנער „יוגנט״, וועלכע האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויסגעפירט אַ ריי וויכטיקע פּאַרטיי־אַרבעטן פון לינקע פועלי ציון, וועלכע איז צוליב דער שפּאַלטונג שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

ווי עס דערציילט שמעון שילער אין זיינע זכרונות, האָט די „יוגנט" איינגעאָרדנט פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען, קאָלפּאָרטירט די פּאַרטיי־פּרעסע און אין יאָר 1922 באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די וואַלן צו דער טאַרנער קראַנקן־קאַסע. צוזאַמען מיטן סאָציאַליסטישן בלאָק איז דערוויילט געוואָרן איין פאָרשטייער פון לינקע פּועלי ציון. צוליב די כסדרדיקע רעפּרעסיעס און פּאָליציייאישע רדיפות, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער פּעריאָד פאַר דער טאַרנער „יוגנט". אין לאָקאַל זענען דורכגעפירט געוואָרן אָפטע רעוויזיעס, פיל אַקטיוויסטן זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. די אַרבעט איז אָבער נישט איבערגעריסן געוואָרן. טאַרנער „יוגנט" האָט פאָרטגעזעצט איר אַרבעט, נישט געקוקט אויף די פאַרשידענע פאַרפאָלגונגען.

די פּועלי ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז אַדורך פאַרשידענע קריזיסן און שוועריקייטן, דאָך האָט זי זיך דערהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך און פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין טאַרנע, פירנדיק אויך אַ קולטורעל־דערציערישע אַרבעט אויף אַ גאָר הויכן ניוואָ.

אַ צייגניש דער דאָזיקער אַרבעט האָט אין אַן אַרטיקל א. נ. „דער שטאָלץ פון פּיאָנערן", אָפּגעדרוקט אין דער יובל אויסגאַבע „טאַרנער פרייע יוגנט", אויסגעשטעלט דער פירער און וועטעראַן פון דער פּועלי ציון וועלט־באַוועגונג זרבבל, וועלכער שרייבט אַזוי:

„פּיאָנערן פון אַ באַוועגונג — די שווערסטע אָבער ערנווירדיקסטע אויפגאַבע האָבן זיי.

„זיי קומען אַרויס באַגינען, ווען די שוואַרצע נאַכט־שאָטנס באַדעקן נאָך געדיכט דאָס געזעלשאַפטלעכע פעלד, און בלויז מיט אָנשטרענגונג קאָן מען מערקן אויפן ווייטן האָריזאָנט דעם בלייכן אָנזאָג פון קומענדיקער טאָג־העלקייט.

„די פּיאָנערן זענען אָבער פון אַ באַזונדערן עמפּפינדלעכן מאַטעריאַל געקנאָטן און זיי נעמען אויף זיך אין באַצייטנס די שטראָמען העלקייט און לויטערקייט און זענען זיך מקדים צו רייסן די פאַרהאַקטע לאָדנס פון פאַרשלעפּערטקייט און אַראָפּשאַרן פון די נאָך פאַרמאַכטע וויעס די קאָשמאַרן פון דריקנדיקע נאַכט־חלומות . . .

„אונדזער טאַרנער יוגנט האָט געהאַט דעם מזל און אויף איר גורל איז אויסגעפאַלן דאָס גרויסע גליק צו זיין דער פּיאָנער פון אונדזער באַוועגונג אין דער יידישער אַרבעטער יוגנט.

„פּיאָנערן פון פּועלי ציון — ס'איז אַ גרויסע זכיה!

„ווייל דאָס מיינט עפענען די טירן פאַר דער אידעע פון היסטאָרישער אחריות פונעם יידישן אַרבעטער קלאַס פאַרן גורל פון גאַנצן יידישן לעבן, פונאַנדערבויען דעם קאַמפּס־אויפברויז פון דער אויף הפקר פאַרלאָזטער יידישער מאַסע, ברענגען די בשורה פון העכסטן מענטשלעכן סאָציאַלן אידעאַל אין דער סביבה פון אתה־בחרתנו־יידישלעכקייט און מה־יפית־אַסימילאַציע, אָנזאָגן דעם אויפשטייג און זי־כערן נצחון פון דער פריידיקער אידעע און קאַמפּס־אויפמאַרש פון אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קאָלעקטיוו — אומעטום, וואו עס מאַטערט זיך און פייניקט זיך, וואו עס שאַפט און קעמפט די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסע.

„די טאַרנער „יוגנט״ זענען געוואָרן פּיאָנערן פון פּועלי ציון, ווען די יידישע אַרבעטער־גאַס איז נאָך צעפּרעסן געווען פון דער קאָסמאָפּאָליטישער געפּאַלנקייט און נאַציאָנאַליסטישער פאַרריסנקייט, ווען אין נאָמען פון פאָלק האָט מען געלייקנט אין קלאַס און ווען אין נאָמען פון קלאַס האָט מען געחוזקט פון זיך, פון רוב מנין ובנין פונעם פאָלק; ווען ארץ ישראל האָט געהייסן קבר אבות און אָפּקער פון לעבעדיקע „גלות״־ווירקלעכקייט, און ווען קאַמף אויפן אָרט האָט געהייסן קורצזיכטיקער מאַמענטאַליזם אָן שום שפור פון היסטאָרישער ווייטזיכטיקייט.

„די טאַרנער „יוגנט״ זענען געווען פון די עשרה הראשונים, וועלכע זענען אַרויס ווי די אַפּאָסטאָלן פון דער נייער באַפרייאונגס־אידעע און געשפּאַנט אונטער אַ האַגל פון חוזק און ליצנות, איבער דערנער פון טעמפּקייט און געשטרויכלט געווען אויף יעדן שריט צוליב בלינדע שנאה צו אַלץ וואָס איז אייגנאַרטיק און פריש און זעלבשטענדיק אין דענקען, אין באַנעמען, אין טאָט און אין אויפטריט.

„די טאַרנער „יוגנט״ האָבן זייער שליחות דערפילט ווי אמתע פּיאָנערן. זיי זענען געווען די ערשטע און נאָך זיי זענען געקומען מאַסן אין די הונדערטער, אין די טויזנטער, אין אַלע לענדער, אין דער גאָרער וועלט.

„זיי, די טאַרנער, מעגן דאַרפן זיך היינט פרייען, ווייל זיי האָבן טאַקע געוויזן אויפן וועג אויף וועלכן מען שפּאַנט און שפּרייזט מיט פלאַטערנדיקע פאָנען, ווייל אויף די פאָנען צאַפּלען זיך לעבעדיקע ווערטער — לאָזונגען אין וועלכע עס פלאַ־טערט דער אמת פון מאַסן־לעבן און פּראָלעטאַרישן קאַמף.

*

„איך האָב די טאַרנער יוגנט געטראָפן צום ערשטן מאָל מיט גענויע 20 יאָר צוריק. ערשט אַרויס פון ווילנער תפיסה, בין איך געקומען אין גאַליציע אַרבעטן אין אַ נייער סביבה — און די טאַרנער באַגעגעניש האָט מיך אויפגעפרישט און דערמונטערט, ווייל איך האָב תיכף דערזען אַז מיר זענען אומעטום, אויך איבער מלוכה־גרענעצן איינס, אַז ס׳קלאַפּט דאָסזעלבע אַרבעטער־האַרץ און ס׳פלאַקערט דערזעלבער אַרבעטער־קאַמף. האָב איך ביי די טאַרנער, פונקט ווי מיט אַ פּאָר טעג פריער ביי די קראָקעווער, געשעפּט גלויבן און זיכערקייט אין דעם נצחון פון אונדזער קאַמף.

„און דאָס לעצטע מאָל האָב איך די טאַרנער „יוגנט״ געטראָפן מיט אַ צוויי חדשים צוריק, אין די שווערע נסיונות־טעג פון די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע. מיר איז אויסגעקומען צו זיי, צו די טאַרנער, זיך צו ווענדן מיטן ערשטן רוף וועגן קאַמפּס־פאָנד. און איך בין שטאָלץ צו דערציילן עפנטלעך, אַז ביי זיי, ביי די יינגסטע, האָב איך ווידער געשעפּט מוט און זיכערקייט, זיי האָבן מיך אָנגעשטעקט מיט זייער פייערדיקער טריישאַפט, מיט זייער מונטערער פריי־דיקייט און טיפן רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס.

„איך זע ווי איצט די שיינענדיקע פּנימער און גליענדיקע אויגן ביים זינגען די „שבועה״ אין לאָקאַל פון טאַרנער „יוגנט״. איך זע נאָך דעם דורשט פון די קליינע „יונגבאַריסטן״ צו באַטייליקן זיך מיט זייערע גראָשנס אין קאַמפּס־פאָנד, און איך וועל נישט פאַרגעסן יענעם קאַמפּס־באַוואוסטזיין וואָס האָט געלויכטן איז



זרבבל אויף דער זומער־קאָלאָניע פון טאַרנער „יוגנט" און לינקע פועלי ציון אין יאָר 1935.

זייערע געזיכטער און האָט מיך דערהויבן בעת דער פאַרלעזונג פאַרן טויזנט־קעפיקן עולם.

„זיי האָבן געהאַלטן וואָרט, די טאַרנער — זיי זענען אויפגעטרעטן ווי פּיאָנערן און געבליבן פּיאָנערן ביזן היינטיקן טאָג, אויפן געביט פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן קאַמף, אַלס מוסטער פון אָרגאַניזירטער דיסציפּלין און פליכט־באַוואוסטזיניקע אַוואַנגאַרד־מחנה.

„וויל איך זיי שיקן מיין גרוס צו זייער שמחה, ס'איז מיין שמחה, ס'איז אונדזער אַלעמענס שמחה. דער יומטוב פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט אויפן 25־טן יאָר אויפגעהיט דעם יוגנט־פלאַם און פרישן לויטערן גלויבן אין פעסטקייט פון יונגע פּיאָנערן.

„מיר זענען שטאָלץ אויף אונדזער באַוועגונג — פייערן מיר מיט שטאָלץ אונדזער פּיאָנער — די טאַרנער „יוגנט".

7

## די באַוועגונג „תורה ועבודה״

## צעירי החלוץ מזרחי — השומר הדתי — ברוריה

דער ציוניזם אין טאַרנע האָט גאָר פרי דערגרייכט צו דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט. די מזרחי־באַוועגונג האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן דעם באמת רע־ליגיעזן טייל פון טאַרנער יידנטום, אַוועקנעמענדיק פון דער קלויז, די פעסטונג פון חסידיזם אין טאַרנע, כמעט די גאַנצע יוגנט. נישט געווען אין שטאָט קיין אָרטאָדאָקסישע משפחה, וועמענס קינדער זאָלן נישט האָבן געהערט צו איינער פון די ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אָפטמאָל, קעגן ווילן פון די עלטערן, וועלכע האָבן די דערציאונג פון זייערע קינדער געוואָלט ריכטן ערגעץ־אַנדערש, האָט די אָרטאָדאָקסישע יוגנט פאַרפּילט די חלוצישע רייען און עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

משפיע געווען אין דער ריכטונג האָבן אין דער ערשטער ריי די מזרחיסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועמענס אידעאָלאָגישער יסוד עס איז געווען די באַוועגונג תורה ועבודה. זי האָט אַרומגענומען די אָרגאַניזאַציעס „צעירי החלוץ מזרחי״, „השומר הדתי״ און „ברוריה״.

אין טאַרנע איז פרי אַנטשטאַנען די אָרגאַניזאַציע „צעירי מזרחי״, מיט אַן אויסגעשפּראָכן חלוצישן כאַראַקטער. אונדז איז באַוואוסט דער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פאַרן יאָר 1928: שטראָם — פּרעזעס, און בעק, שיפער, געווערץ, קליינהענדלער, גערטנער און פרידמאַן, פאַר־וואַלטונגס־מיטגלידער. די טאַרנער אָרגאַניזאַציע האָט אינגיכן זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון דער מזרחיסטישער יוגנט־באַוועגונג אין מערב־גאַליציע. דערפאַר טאַקע איז טאַרנע צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד אָפּצוהאַלטן אין אירע מויערן (31.3.29) אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון מזרחי־יוגנט אין מערב־גאַליציע. דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין דער יבנה־שול, באַטייליקט האָבן זיך: פאָרשטייער פון דער מזרחי־יוגנט וועלט־באַוועגונג יונגסטער און גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קראָקעווער צענטראַלע הרב האַלפערן. נאָך דער דערעפענונגס־רעדע פון פּרעזעס שטראָם, זענען געקומען באַגריסונגען פון פאַרשידענע אָרגאַ־ניזאַציעס: פון דער קהילה און ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — חיים נייגער; פון דער לאַנד־צענטראַלע פון מזרחי — הרב האַלפערן; פון טאַרנער מזרחי — וואָלף געצלער; רעוויזיאָניסטן — לערנער, יבנה־שול — איר פּרעזעס הערצמאַן. אינעם פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר זענען דערוויילט געוואָרן: קלאַפּהאָלץ (נייסאַנץ), סטעמפל (קראָקע), טאַפּעט (דעמביץ), בעק (טאַרנע), זילבער (יאַסלאָ), בראַון (גאָרליץ) און קאופמאַן (באָכניע). וועגן די אַקטועלע פּראָבלעמען פון ציוניזם האָט רעפערירט קאופמאַן, וועגן דער לאַגע אין הפועל המזרחי באַוועגונג האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט הרב האַלפערן, איבער אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים האָט רעפערירט בראַון.

די „צעירי מזרחי" אין טאַרנע האָבן געהאַט אַן אייגענעם הכשרה־פּונקט פאַר מזרחיסטישע חלוצים און זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסער אַקטיוויטעט. אירע אָנפירער האָבן נישט געקאַרגט קיין מי, כדי באַאיינפלוסן וואָס מערער אָרטאָ־דאָקסישע יוגנט. די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר לאָקאַל וואו מזרחי, אויף לוואָווסקאַ גאַס נומ׳ 4. דאָרט איז דערצויגן געוואָרן אַן אַקטיוויסטן־קאַדער, אַ יונגער נאָכוואוקס פאַר מזרחי אין טאַרנע.

*

צו דער „תורה ועבודה" באַוועגונג האָט אויך געהערט די סקויטישע אָרגאַני־זאַציע „השומר הדתי", געגרינדעט אין טאַרנע אין דער צווייטער העלפט 1930 יאָר. דער ציל פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו דערציען יידישע יוגנט אין רעליגיעז־נאַציאָנאַלן גייסט. שוין אין ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ, האָט די אָרגאַניזאַציע אַרויסגעוויזן גרויסע אַקטיוויטעט און געהאַט אַן אָפּקלאַנג ביי אַ היפּשן טייל רעליגיעזע יוגנטלעכע. דער „השומר הדתי" איז געווען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון מזרחי און האָט געהאַט אויך זיין לאָקאַל אויף לוואָווסקאַ 20. יעדע וואָך פלעגן דאָרט פאָרקומען די טראַדיציאָנעלע „עונג שבת", וועלכע האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. מיטן „השומר הדתי" אין טאַרנע האָט אָנגעפירט דער ענערגישער מזרחי־שומר אָרענשטיין, וועמען די אָרגאַניזאַציע האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען איר ראַשיקער אַנטוויקלונג און פונאַנדערוואוקס.

דעם 28־טן אַפּריל 1931 יאָר איז אין „השומר הדתי" פאָרגעקומען אַ פייערונג אין שייכות מיטן איבערגעבן אַ פאָן איינער פון די פיל קבוצות פון דער אָרגאַ־ניזאַציע, פאַרבונדן מיט אַ געזעגנונגס־אָוונט לכבוד דעם אָפּפאָר פונעם פאַרדינסט־פולן מזרחיסטישן יוגנט־טוער בעק. וועגן דער דאָזיקער פייערונג לייענען מיר אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (3.7.31 נומ׳ 26) פאָלגנדעס:

„אין שייכות מיט דער פייערונג איז פאָרגעקומען אַ ראַפּאָרט ביי דער אַנוועזנ־הייט פון געסט פון מזרחי און צעירי מזרחי. דער לייטער פון סניף, משה, האָט אין אַ שיינער רעדע פאָרגעשטעלט די סימבאָלישע באַדייטונג פון דער פאָן, און נאָכן אָפּגעבן אַ שבועה דורכן פאָנען־טרעגער, דערלאַנגט ער אים די פאָן. אין נאָמען פון „השומר הדתי" האָט ער אויך געזעגנט דעם חבר בעק. מצד מזרחי האָבן גראַטולירט וואָלף געצלער און יחיאל קורץ, אין נאָמען פון צעירי מזרחי — חבר גלאָס. דערנאָך האָבן די רעדנער געזעגנט דעם חבר בעק, אונטערשטרייכנדיק זיין התלהבות און איבערגעגעבנקייט אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט לטובת דעם ציוניסטישן אידעאַל. דעם בעל־יובל איז איבערגעגעבן געוואָרן אַן אָנדענק־אַלבום. מיט גערירקייט האָט חבר בעק געענטפערט אויף די אָנערקענונגס־ווערטער פאַר זיין אַרבעט, פאַר דער האַרציקייט און ברידערלעכקייט, פאַר דער באמת שומרישער אַטמאָספער, אויף וועלכער ער האָט זיך שטענדיק אָנגעטראָפן אין זיין ביזאיצ־טיקער אַרבעט".

אין יאָר 1932 האָט „השומר הדתי" געציילט 100 מיטגלידער, אָרגאַניזירטע אין 9 קבוצות, און פונקט ווי „צעירי מזרחי", געוואָרן די שטאַרקסטע סקויטיש־דערציערישע אָרגאַניזאַציע אין דער מזרחי־באַוועגונג אין מערב־גאַליציע.

דעם 30־טן אָקטאָבער 1932 איז אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ קרייז־צוזאַמענפאָר

פון „השומר הדתי״, מיטן אָנטייל פון עטלעכע צענדליק דעלעגאַטן פון טאָרנע און אומגעגנט. נאָך דער דערעפענונגס־רעדע פון אליעזר אונגער, האָט קורץ פון קראָקע רעפערירט איבער דער דערציאונגס־אידעע פון רעליגיעזן סקאוט. דערנאָך זענען געקומען באַגריסונגען: שטיגליץ — טאָרנער השומר הדתי, ווייזער — תורה ועבודה אין דעמביץ, יחיאל קורץ — מזרחי, הענריק שפילמאַן — לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, דיר׳ שפינראַד — יבנה שול, דוד לייבל — אין נאָמען פון די לערער פון יבנה, גלאַס — „צעירי מזרחי״, שפינדלער — „שמשון״, פרל. גרינבערגער — תרבות, פרל. לאַנגזאַם — יונג־וויצאָ, ענגלענדער — מנורה, פריימאַן — הנוער הציוני, בעטייל — החלוץ, אַלווייס — השומר הצעיר, העכט — עקיבא, משה רובין — ברית טרומפלדור. דערנאָך האָט ישראל בעסטער רעפערירט א. ד. ט. „חלוציזם אין אונדזער באַוועגונג״.

מיט דער „השומר הדתי״ אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע האָבן אין משך פון פיל יאָרן אָנגעפירט אליעזר אונגער, ישעיהו שטיגליץ און ישראל געצלער. צוזאַמען מיט נאָך אַקטיוויסטן, האָבן זיי זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער אויפקלער־אַרבעט צווישן דער רעליגיעזער יוגנט. חלוציזם — איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון די רעליגיעזע שומרים. צווישן די חלוצים וואָס האָבן פון טאָרנע עולה געווען קיין א״י, האָבן דערפאַר קיינמאָל נישט פאַרפעלט יונגע מזרחיסטן. אויף פיל וויכטיקע פּאָזיציעס פון מדינת ישראל, געפינען מיר היינט חלוצים פון „צעירי מזרחי״ און „השומר הדתי״ אין טאָרנע. אליעזר אונגער איז לייטער פון דער עליה־אָפּטיילונג ביי דער סוכנות אין פּאַריז, און ישעיהו שטיגליץ פאַרנעמט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין לאַנד.

מיט אַ טראַגישן טויט בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט פאַרענדיקט זיין לעבן איינער פון די טיכטיקסטע אָנפירער פון „השומר הדתי״ — ישראל געצלער (זון פון וואָלף געצלער ז״ל), אַ שטילער, באַשיידענער, שטרענג רעליגיעזער און איבערגעגעבענער אַקטיוויסט פון מזרחי, פאַר וועמען עס איז געווען איין ציל — פאַרפלאַנצן ציוניסטיש באַוואוסטזיין צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט. דער טראַגישער אומקום האָט צונישט געמאַכט זיין טרוים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. כבוד זיין אָנדענק!

*

די אָרגאַניזאַציע „ברוריה״ איז געווען די פרויען־סעקציע ביי דער „תורה ועבודה״ באַוועגונג. די מזרחיסטישע איינפלוסן אין טאָרנע האָבן אויך געגרייכט צו דער פרויען־יוגנט פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. מיט דער „ברוריה״ אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע האָט אַ לענגערע צייט אָנגעפירט פרל. מייברוך. אַ דאַנק איר איבערגעגעבנקייט, האָט די אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1933 געציילט איבער 50 מיטגלידערינס און אין דער רעליגיעז־חלוצישער באַוועגונג פאַרנומען אַ בכבודיקן פלאַץ. די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעטראָפן אויף באַדייטנדיקע שוועריקייטן צוליב דער אומגינסטיקער איינשטעלונג פון אַ ריי אָרטאָדאָקסישע עלטערן בנוגע דער עליה פון זייערע טעכטער קיין ארץ־ישראל. וועגן די שטערונגען אין דער אַרבעט זאָגט עדות אַ פאַקט, איבערגעגעבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (16.6.32, נומ׳ 22): „אין דער נאַכט פון 11־טן אויפן 12־טן יוני 1933 יאָר, האָבן

אומבאַקאַנטע אַריינבאַקומען זיך אינעם לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע פון מזרחי־מיידלעך „ברוריה" אין טאַרנע, וואו זיי האָבן, וואָס אַן אמת, נישט דעמאָלירט דעם לאָקאַל און זיינע איינריכטונגען, נאָר דערפאַר אַ תל־געמאַכט פון אַלע אויפ־שריפטן און טראַנספּאַרענטן מיט לאָזונגען פון מזרחי צו תורה ועבודה. אויסער דעם זענען צעריסן געוואָרן אַלע צירקולאַרן פון דער אָרטיקער אָנפירונג. די זעלבע פאַרשוינען האָבן אַרויסגעדרייט די קאָרקעס ביים עלעקטרישן זייגער, אַריינשטעלנ־דיק אויף זייער אָרט קאָרקעס, אַרומגעוויקלטע מיט פּאַפּיר".

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע שטערונגען, האָט „ברוריה" אין טאַרנע פאָרט־געזעצט איר טעטיקייט און אויסגעברייטערט איר השפעה אויף רעליגיעזע מיידלעך.

8.

## גורדוניה

א. ד. גאָרדאָן, דער גייסטיקער פירער פון דער הפועל־הצעיר באַוועגונג אין ארץ־ישראל, אַליין אַן ערד־אַרבעטער, האָט אַרויסגערוקט צוויי הויפּט־לאָזונגען פאַר זיין פּראָגראַם: יידישע אַרבעט און העברעאישע שפּראַך. די דאָזיקע צוויי לאָזונגען זענען געוואָרן דער צעמענט, וועלכער האָט אין מערץ 1930 יאָר, אין פּראַג, פאַראייניקט דעם ארץ־ישראלדיקן הפועל־הצעיר מיט די מעסיקע עלעמענטן פון די אייראָפּעאישע גרופּן צעירי־ציון — אין איין פּאַרטיי התאחדות, וואָס האָט אויף איר פאָן אָנגעשריבן די לאָזונגען פאַר וועלכע עס האָט געקעמפט א .ד. גאָרדאָן. אונטער דער אַפּוטראָפּסות פון התאחדות איז אַנטשטאַנען די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע גורדוניה.

אין טאַרנע האָט די גורדוניה־אידעע אַריינגעדרונגען צווישן דער זיך ראַדי־קאַליזירנדיקער ציוניסטישער יוגנט, באַזונדערס אין דעם טייל, וועלכער האָט פאַר־לאָזט די רייען פון השומר הצעיר (וועלכער האָט וואָס אַמאָל מערער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ מאַרקסיסטישער באַוועגונג). איר שיינע אַנטוויקלונג האָט די טאַרנער גורדוניה צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס אין משך פון אַ געוויסער צייט האָט מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע אָנגעפירט דער יונגער און פעאיקער ציוניס־טישער טוער ד"ר ישעיהו שפּירא, וועלכער האָט זיך גאָר גיך אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון דער דאָזיקער באַוועגונג. ער איז אויך באַלד אַריינגענומען געוואָרן אין דער לאַנדעס־אָנפירונג פון גורדוניה, מיטן זיצאָרט אין לעמבערג.

אינעם גורדוניה לאָקאַל אין טאַרנע, אויף טאַרגאָווע־גאַס 12, פלעגן פאָרקומען קורסן און שמועסן. צווישן דער חלוצישער יוגנט וואָס איז עולה געווען קיין א"י, האָט גורדוניה פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. יעטוועדער אַרויספאָר פון אַ גרופּע גורדוניסטן קיין ארץ־ישראל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יומטוב פון דער גאַנ־צער באַוועגונג. אַזוי איז אין חודש נאָוועמבער 1930 יאָר פאָרגעקומען אַ פייער־לעכער געזעגענונגס־אָוונט צום עולה זיין פון די גורדוניסטן משה אַמסטערדאַם



דער ערשטער צוזאַמענפאַר פון „גורדוניה״ פון מערב־גאַליציע אין טאַרנע
אין דער מיט אין דער ערשטער ריי זיצן: ד״ר י. פייג און ד״ר י. שפּיראַ.

און יוסף פאַלקמאַן. געזעגנט האָבן זיי ד״ר פייג, ליכטינגער און וואורצל. אויפן באַנהאָף האָבן לכבוד די עולים זיך פאַרזאַמלט פיל טאַרנער ציוניסטישע יוגנט, געזונגען העברעאישע לידער און געטאַנצט אַ האָרע.

נישט קיין וואונדער, וואָס גורדוניה אין טאַרנע האָט אין דער גאַליציער באַוועגונג פאַרנומען איינס פון די אָנגעזעענסטע ערטער. אַ באַווייז דערפאַר — דער צוויי־וואָכיקער סעמינאַר פאַר גורדוניה־אינסטרוקטאָרן פון גאַליציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאַרנע אין דעצעמבער 1929 יאָר. דער סעמינאַר איז געפירט געוואָרן דורך ד״ר י. פייג און ד״ר ישעיהו שפּיראָ. אין סעפּטעמבער 1930 יאָר



אַ גרופּע חלוצים פון „גודוניה״ אין טאַרנע

איז אין טאַרנע ווידער פאָרגעקומען אַ קרייז־צוזאַמענפאָר פון גורדוניה אין גאַלי־ציע, מיטן אָנטייל פון פּ. לוביאַניקער פון דער גורדוניה קבוצה אין חדרה און ד״ר שפּיראָ, צו יענער צייט שוין — אַ מיטגליד פון דער הויפּט־אָנפירונג אין לעמבערג. אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט לוביאַניקער געהאַלטן אַ רעפעראַט א .ד. ט. „וואָס לערנט אונדז די ארץ־ישראלדיקע ווירקלעכקייט״; ד״ר י. שפּיראָ — „אונדזער ווייטערדיקע אַרבעט״; אברהם ליכטינגער — „וועגן ראַיאָן־אָרגאַניזאַציעס״.

אַרום דער טאַרנער גורדוניה האָבן זיך גרופּירט נישט נאָר אַלע אַקטיוויסטן פון התאחדות אין שטאָט, נאָר אויך די אַרבעט לטובת קפא״י (פּאַלעסטינער אַר־בעטער־פאָנד) האָט דאָ געהאַט איר צענטער. אין יאָר 1930 האָבן מיט דעם דאָזיקן פאָנד אָנגעפירט ד״ר פייג אַלס פאָרזיצער, קייטש — וויצע־פאָרזיצער, בראון — סעקרעטאַר, גוטער — קאַסיר און שלמה וואורצעל אַלס קאָנטראָלער.

גורדוניה איז אויך אין די שפּעטערע יאָרן טריי געבליבן איר דרך: חלוציזם,

יידישע אַרבעט, העברעאישע שפּראַך. אין דער אַרבעט פאַר קרן קיימת לישראל זענען טאַרנער יוגנטלעכע פון „גורדוניה״ געווען תמיד אין די פאָדערשטע רייען. באַזונדערס אויסגעצייכנט האָבן זיך אין דער אַקטיוויקייט לטובת קרן קיימת לישראל, פעפער און קייטש (ביידע איצט אין ישראל), לאַנגיאַריקע אָנפירער פון דער טאַרנער „גורדוניה״.

צענדליקער חלוצים פון דער טאַרנער „גורדוניה״ האָבן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אויף פאַרשידענע וועגן אַדורכגעבראָכן די מויערן, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פון ארץ־ישראל. אין לאַנד האָבן זיי זיך אינגאַנצן געווידמעט דער ערד־אַרבעט אין די קיבוצים, אויפן כביש און אין די מאַלאַריע־זומפּן. און ווען ס׳איז געווען נויטיק — האָבן טאַרנער חלוצים פון „גורדוניה״ אָפּגעגעבן זייער לעבן אינעם קאַמף פאַרן פאַטערלאַנד.

גאָר גרויס איז געווען די צאָל מיטגלידער פון „גורדוניה״ אין טאַרנע, וואָס האָבן זיך געגרייט צו דער עליה קיין ארץ־ישראל. די מלחמה האָט צונישט־געמאַכט זייערע פּלענער. צוזאַמען מיטן גאַנצן טאַרנער יידנטום האָבן מיטגעמאַכט דעם קאָשמאַרנעם וועג על קדוש השם —די הערלעכע, יוגנטלעכע חלוצים פון דער טאַרנער „גורדוניה״. כבוד זייער אָנדענק!

## 9.

## ברית טרומפּלדור — מנורה — מסדה

אין יאָר 1923 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע פון רע־וויזיאָניסטישער יוגנט א. נ. „ברית טרומפּלדור״, וועלכע האָט זיך דעראָבערט גרויס פּאָפּולאַריטעט צווישן דער ציוניסטישער יוגנט. דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען אייגנטימלעך דיסציפּלין און בלינדע צוגעבונדנקייט צו זייער פירער זשאַבאָטינסקי. אין אָנהויב איז קאָמענדאַנט פון דער אָרגאַניזאַציע געווען משה שוועבער. אין יאָר 1933 האָט „ברית טרומפּלדור״ געפייערט איר צעניאָריקן יובל. צו יענער צייט איז קאָמענדאַנט געווען שלאַנגענקאָפּף. אין די שפּעדערדיקע יאָרן האָט דער בית״ר געהאַט אַ גרויסע השפּעה צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט. צו די אַקטיוויסטן האָבן געהערט: ד. ווייסבלום, ש. קלעפּעל, ע. גרינבוים און י. גרושאָוו.

*

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי אין טאַרנע האָט אויך געהאַט אַ צווייטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „מנורה״. בעת די מיטגלידער פון בית״ר האָבן געטראָגן מונדירן און די אָנפירונג איז געלעגן אין די הענט פון אַ קאָמענדאַנט און די גאַנצע אָרגאַ־ניזאַציע האָט זיך געטיילט אויף פלוגות, האָבן אין „מנורה״ געהערשט נאָרמאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציאונגען מיט פרייע דיסקוסיעס און באַשלוסן פון די מיט־גלידער־פאַרזאַמלונגען. אין סעפּטעמבער 1931 יאָר איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע

פאַרזאַמלונג פון „מנורה". וועגן איר פאַרלויף דערציילט דער „טיגאָדניק זשי־דאָווסקי" (פון 9.9.31) פאָלגנדעס:

„פונעם באַריכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אָרגאַניזאַציע ציילט 20 מיט־גלידער, און אַז די מיטגלידער פון „מנורה" האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע אַרבעטן. באַזונדערס האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטי־קייט פאַרן ק. ק. ל. עס איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: מ. שפילמאַן — פּרעזעס, ס. האָראָוויץ — וויצע־פּרעזעס, ח. גראָס — סעקרעטאַר, טשעכאַנאָווסקי — קאַסיר, זילבער — רעפערענט פאַר ק. ק. ל., שטרום — קולטור־רעפערענט, ש. קליין — רעפערענט פאַר קרן תל־חי, ווי אויך שנעפּס און אַפּפעלבוים. צומערשטן האָבן די יונגע רעוויזיאָניסטן זיך גרופּירט אין אייגענעם לאָקאַל אויף בראָדזשינסקי־גאַס נומ׳ 26, און דערנאָך אינעם רעוויזיאָ־ניסטן־הויז אויף דער בעמאַ־גאַס 15. פון די מיטגלידער פון „מנורה" האָבן זיך רעקרוטירט די שפּעטערדיקע טוער פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין טאַר־נע. „מנורה" האָט געהאַט אַ חלוצישן כאַראַקטער און אירע מיטגלידער האָבן גע־נומען אַ געגוג צאָלרייכן אַנטייל אין דער עליה קיין ארץ־ישראל. יחיאל ענגלענדער,



די רעפּרעזענטאַנץ־גרופּע פון „ברית טרומפּלדור" אויף דער יובל־פייערונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אין יאָר 1934



מיטגלידער פון דער „[illegible]"-אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אין [illegible] 1939

א זון פון אַ געשעצטן און אָרטאָדאָקסישן יידן פון טאַרנע, חיים ענגלענדער ז״ל, וועלכער איז טראַגיש אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן פאַרלאָזט די עלטערן־היים און עולה געווען קיין ארץ־ישראל. מיט זיין ענערגיע און אומדערמידלעכער אַרבעט דערשלאָגן זיך צו דעם, אַז ער איז היינט אַ געאַכטעטער אינדוסטריעלער אין ישראל. די אָפּגעראַטעוועטע פון היטלעריסטישן גהינום אַלטע מוטער און שוועסטער, האָט ער אַראָפּגעברענגט קיין ישראל און זיי דאָ אַרויסגעוויזן פיל צערטלעכקייט.

פון טאַרנער אָנפירנדיקע רעוויזיאָניסטן, וואָס זענען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל איז כדאי צו דערמאָנען משה רובין פון תל־אביב און יונה שניידער פון ירושלים. ביידע — זין פון חשובע, אָרטאָדאָקסישע משפחות אין טאַרנע, האָבן געלערנט אין דער קלויז און גאָר פרי באַהעפט זיך מיטן רעוויזיאָניסטישן פּראָגראַם. אַ דאַנק זיי איז אַ גרעסערע גרופּע חסידישע בחורים צוגעטרעטן צו דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיט אַ באַזונדערע ליבע און איבערגעגעבנקייט האָבן זיי געקעמפט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור צווישן דער ציוניסטישער יוגנט אין טאַרנע. עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען זיי עולה געווען קיין

ארץ־ישראל, און טראָץ די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז זיי אויסגעקומען צו אַרבעטן, האָבן זיך ביידע נאָך לענגערע ראַנגלענישן דערשלאָגן צו אַ באַדייטנדיקער ווירטשאַפטלעכער פּאָזיציע אינעם לאַנד.

ווען אַ טייל „מנורה"־מיטגלידער האָבן עולה געווען און די רייען פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך פאַרגרעסערט, איז געווען נויטווענדיק צו פאַרגרעסערן די אָנפירונג. אין יאָר 1933 איז אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „מנורה" דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון יונגע ענערגישע טוער: ווײנדלינג — פּאָרזיצער, לודמער און ווײנמאַן — וויצע־פּאָרזיצער, דעגען — סעקרעטאַר, וואַכטעל — פאַרטרעטער פון סעקרעטאַר, טשעכאַנאָווסקי — קאַסיר, און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אונגער, רייטער, מײַברוד, גרינבערג, ב. זילבער. די דאָזיקע יונגע רעוויזיאָניסטן האָבן ווייטער פאָרטגעזעצט זייער אַרבעט מיט טרייַשאַפט און דערצויגן די מיטגלידער אין אמתדיק ציוניסטישן גייסט. נישט קיין וואונדער, אַז ווען אין דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג, זענען די מיטגלידער פון „מנורה" טריי געבליבן דער ציוניסטישער באַוועגונג און אַרײַנגעטרעטן אין דער ניי־געגרינדעטער „יודענשטאַאַטס־פּאַרטיי".

*

כדי אַרומצונעמען די קרייזן פון דער יידישער יוגנט וואָס איז געשטאַנען אינגאַנצן ווייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָבן די רעוויזיאָניסטישע טוער אין טאָרנע באַמיט זיך צו שאַפן נאָך אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אין פעברואַר 1931 יאָר איז אונטערן פאָרזיץ פונעם אַקטיוון רעוויזיאָניסטישן טוער משה שווערבער, פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער נייער רעוויזיאָניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „מסדה", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פירן אַ דערציערישע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אַרבעט אינעם רעוויזיאָניסטישן גייסט. גאָר אינגיכן איז „מסדה" געוואָרן אַ רעזערוואַר פאַר נייע יונגע אָנהענגער פון רעוויזיאָניזם און ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, צוגעשטעלט מיטגלידער דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע.

נאָך דער שפּאַלטונג פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי — מיט דער גרינדונג פון דער יודענשטאַאַטס־פּאַרטיי — איז געשאַפן געוואָרן אין טאָרנע אַ נייע יוגנט אָרגאַניזאַציע — „ברית הקנאים", וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער יודענשטאַאַטס־אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע. בשעת די רעוויזיאָניסטישע קרייזן, וואָס זענען געטריי געבליבן זשאַבאָטינסקיס לאָזונגען, האָבן זיך מיט דער צייט אינגאַנצן אָפּגערוקט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע אַקציעס פאַר די ארץ ישראל פאָנדן — האָט די ברית הקנאים יוגנט־אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט געוועזענע רעוויזיאָניסטן — צוזאַמענגעאַרבעט מיט אַלע ציוניסטישע אינסטיטוציעס אין דער שטאָט.

ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט — הגם מיט אַ פאַרשידענעם צוגאַנג — אַ שטאַרק חלוצישן כאַראַקטער. פון דער גאָר גרויסער צאָל יונגע קעמפער פאַר די אידעאַלן פון זייערע אָרגאַניזאַציעס, איז ווייניק ווער געבליבן לעבן. זיי זענען כמעט אַלע אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים. כבוד זייער אָנדענק!

10.

# ציוניסטישע יוגנט־ליגע

די טאָגטעגלעכע פּראַקטישע ציוניסטישע אַרבעט האָט אַרויסגערוקט די נויט־ווענדיקייט אויפצושטעלן אַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל אונטער איין דאַך אַרונטער־נעמען די פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און אַזוי אַרום דערמעגלעכן אין גע־וויסע פאַלן אַ בשותפותדיקע טעטיקייט און געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען. אויף דער איניציאַטיוו פון „אחדות" איז דעם 12־טן יאַנואַר 1929 יאָר פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, כדי אויפצושטעלן אין טאָרנע אַ ציוניסטישע יוגנט־ליגע. דערעפנט די פאַרזאַמלונג האָט הענריק שפּילמאַן (אחדות), דערנאָך האָט משה קלאַפּהאָלץ (אחדות) פאָרגעשטעלט דעם פּלאַן פון אָרגאַניזירן די ליגע און דאָס טעטיקייטס־געביט וואָס די ליגע דאַרף זיך אָנצייכענען. נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע וואָס האָט זיך געצויגן אויף צוויי פאַרזאַמלונגען, איז געשאַפן געוואָרן די ליגע. דאָס צושטיין צו איר האָבן געמעלדעט פאָלגנדע אָרגאַניזאַציעס: אחדות, אגודת הנוער העברי, ברית טרומפּלדור, החלוץ, גורדוניה, השומר הצעיר. אויסער דער ליגע זענען געבליבן דערוויַיל „צעירי מזרחי" און „פרייהייט" (יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון פּועלי־ציון פאַראייניקט מיט צ. ס.). עס איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון דער ליגע: הענריק שפּילמאַן (אחדות) — פּרעזעס, משה קלאַפּהאָלץ (אחדות) און שטיין (השומר הצעיר) — וויצע־פאָרזיצערס, ליכטינגער (גורדוניה) — סעקרעטאַר, וואורצעל (החלוץ — קאָסיר, און משה שוועבער (ברית טרומפּלדור). באַזונדערס פּרוכטבאַר איז געווען די ליגע־טעטיקייט פאַרן קרן קיימת. די ליגע איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרענע וואו עס זענען דערלעדיקט געוואָרן אַלע עווענטועלע שטרייטן צווישן די באַזונדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין טאָרנע.

אַזוי זענען אין יאָר 1929 פעסטגעשטעלט געוואָרן די געמיינזאַמע באַציאונגען צווישן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע צווישנ־פאַרטייאישע סכסוכים דאַרפן דערלעדיקט ווערן דורכן קאָמיטעט פון דער ליגע. אין נאָוועמבער 1929 יאָר איז אין לאָקאַל פון השומר הצעיר פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אָנגעשלאָסענע אין דער ליגע, אויף וועל־כער ד"ר פייג, דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון דער קרן־קיימת קאָמיסיע אין טאָרנע, און אהרון פוס, וויצע־פאָרזיצער, האָבן רעפערירט וועגן דער באַדייטונג פון קק"ל און די וויכטיקייט פון אַרבעט לטובת אים.

אַ דאַנק דער ליגע זענען אויך פאָרגעקומען בשותפותדיקע רעפעראַטן און עס זענען געמיינזאַם געפייערט געוואָרן פאַרשידענע ציוניסטישע יומטובים. דעם זעלבן יאָר האָט חיים נייגער רעפערירט אין דער ליגע וועגן דער באַדייטונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע, און משה קלאַפּהאָלץ — „וועגן סאָציאָלאָגישע פאָרמען פון דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל".

אינגיכן זענען אין דער ליגע אָנטשטאַנען רייבונגען אויפן אידעאישן באָדן, און צוליב דעם האָט ה. שפּילמאַן פאַרלאָזט דעם אַמט פון פאָרזיצער (דעצעמבער

1929). דעמזעלבן חודש איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער ליגע, אויף וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע אָנפירונג: אינזש׳ גאָלדפאַרב (אחדות) — פרעזעס, ליכטינגער (גורדוניה), שטיין (החלוץ) — וויצע־פאָרזיצער, טשאָפּעק (השומר הצעיר) — סעקרעטאַר, שטריים (פרייהייט) — קאַסיר, ה. שפּילמאַן איז דערוויילט געוואָרן אַלס ערן־מיטגליד פון דער ליגע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט „יוגנט־שטימע" אַלס אָרגאַן פון דער ציוניסטישער יוגנט אין טאָרנע. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז באַוואוסט געוואָרן, אַז די אגודת הנוער העברי און ברית טרומפּלדור האָבן פאַרלאָזט די ליגע, און אַזוי אַרום זענען אין איר פאַרבליבן נאָר די אָרגאַניזאַציעס פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

אין דעצעמבער 1929 יאָר איז דערשינען דער ערשטער נומער „יוגנט־שטימע" („גלאָס מלאָדזשעזשי"). דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ׳ 51, 27.12.29), מעלדנדיק וועגן דערשינען פון דער צייטונג, שטרייכט אונטער פאָלגנדעס: „די דאָזיקע צייטונג, אין בראָשור־פאָרם, אַרויסגעגעבן דורך אינזש׳ גאָלדפאַרב, אונטער דער הויפּט־רעדאַקציע פון אהרון פוס, פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צוליב זיינע מעלות אין אינהאַלט און אין פאָרם. מען קאָן מיטן דאָזיקן אינהאַלט נישט מסכים זיין, אָבער יעדנפאַלס איז דער טאָן און אופן פון אָפּשאַצן באַריירטע אין די אַרטיקלען פּראָבלעמען, אַ גאָר ערנסטער. אין אָנהויב זאָגט אָן די רעדאַקציע, אַז דער ציל פון דער צייטשריפט איז צו זיין אַ בריק וואָס זאָל פאַרבינדן אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אינעם געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט פאַרן יידנטום".

הגם די ציוניסטישע יוגנט־ליגע האָט פאָרמעל אויפגעהערט צו עקזיסטירן, אַרומנעמענדיק בלויז די לינקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, פלעגן פונדעסטוועגן אַלע יוגנט־גרופּירונגען צוריק זיך פאַרשטענדיקן בעת אַ וויכטיקער אַקציע אָדער אַ ציוניסטישער אַרויסטרעטונג. אַזוי צ"ב טיילט מיט דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ׳ 23, יוני 1930), אַז אין שייכות מיטן באַגרענעצן די עליה קיין ארץ־ישראל דורך דער מאַנדאַט־מאַכט, איז דעם 31־טן מאַי 1930 יאָר פאָרגעקומען אינעם זאַל פון די בראַונס אַן אימפּאָזאַנטע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער יוגנט, ביי אַ מאַסן־באַטייליקונג פון דער יידישער יוגנט. אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט פאָלגנדע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: אַקאַדעמישער יוגנט־פאַרבאַנד אחדות, ברית טרומפּלדור, צעירי מזרחי, פרייהייט, גורדוניה, הנוער העברי, השומר הצעיר, החלוץ, יונג־וויצאָ, מנורה. אינעם פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג זענען געזעסן: הענריק שפּילמאַן (פאָרזיצער), גבריאל אָסטערווייל, קלעפּעל, בעק, שטריים, בורשטין, בינענשטאָק, האַבער, דרעזנער, פּרל. אָרשיצער, בראַון. אין פלאַמיקע ווערטער איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער פּראָטעסט פון דער יוגנט דורך די רעדנער: ה. שפּילמאַן, גלאַס, י. קייטש, מ. שוועבער, אהרון פוס. עס האָט נאָך גערעדט אויך דער פאָרשטייער פון לינקע פועלי־ציון יצחק ביטנער. די רעזאָלוציע, פאָרגעלייגט דורך י. בינענשטאָק, איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. אַלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן פאַרווערן די עליה, האָט דער השומר הצעיר באַשטייערט זיך פאַרן קרן קיימת מיט 100 זלאָטעס און

גערופן די אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס נאָכצוטאָן דעם בײַשפּיל. מיטן געזאַנג פון „התקוה" איז די פאַרזאַמלונג געשלאָסן געוואָרן".

ווען דאָס פוילישע יידנטום האָט אויף די היטלעריסטישע פאַרברעכנס לגבי דייטשע יידן געענטפערט מיט אַ באָיקאָט פון דייטשע סחורות, זענען אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ווידער צוגעטרעטן צו אַ געמיינזאַמער אַקציע, אָנפירנדיק פאַקטיש מיט דער גאַנצער באָיקאָט־אַקציע. די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע, הגם זיי האָבן געהערט צו פאַרשידענע אידעאישע ריכטונגען, פלעגן אין וויכטיקע מאָמענטן געדענקען וועגן דעם וואָס זיי אייניקט און טרייַ און הויך געהאַלטן די בלוי־ווייסע פאָן. די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון דער טאַרנער יוגנט זענען געווען — אַקטיוויטעט, טריישאַפט, קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ, אומקאָמפּראָמיסלעכער חלוציזם. די דאָזיקע יוגנט האָט געלייגט איר ספּעציפישן חותם אויפן יידישן לעבן אין טאַרנע. אפילו די שטרענג־אָרטאָדאָקסישע יוגנט, וועלכע האָט געלערנט אין קלויז, אין בית־המדרש, איז אַרונטערגעפאַלן אונטער ציוניסטישער השפעות און פריער צי שפּעטער געפונען דעם ריכטיקן וועג.

יעדער וואָס האָט זיך געטראָפן מיט טאַרנער יוגנט, פלעגט זי באַוואונדערן. בן־ציון צאַנגען, וועלכער האָט פיל יאָרן געוואוינט אין טאַרנע, און איז אין יאָר 1929 אַריבערגעפאָרן קיין לעמבערג, וואו ער האָט געאַרבעט אין רעדאַקציע פון דער דאָרטיקער „כווילאַ", האָט נאָך אַ לענגערער אָפּוועזנהייט באַזוכט טאַרנע און זיינע איינדרוקן באַשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ' 4, 24.1.30). אינעם אַרטיקל „טאַרנע — אַזויווי איך זע עס", שרייבט ער צוו. אַנד.:

„אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פאַרמאָגט טאַרנע, וואָס אונטערשיידעט זי פון אַנדערע שטעט. נישט געקוקט אויף די שאַרפע קאַמפן און פּאָליטישע רייבונגען וואָס האָבן אַן אָרט צווישן די זיך באַקעמפנדיקע גרופן און יחידים, ווערט אָבער די דאָזיקע שנאה נישט אַריבערגעטראָגן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. גראָד פאַרקערט, דאָ קאָכט זיך אַלץ אין איין קעסל. דער בונדיסט, אַסימילאַטאָר, ציוניסט לעבן צווישן זיך בשלום אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אופן. די פּאָליטישע קאַמפן גייען נישט אַרויס פון די ראַמען. און דאָס וויכטיקסטע — פאַראַן אין טאַרנע אַ לייענזאַל פון שפה ברורה, וועלכע איז, קאָן זיין, די איינציקע אין גאַליציע און דער שטאָלץ פון טאַרנער יידנטום. נישט אין לעמבערג, נישט אין קראָקע, איז פאַראַן אַן ענלעכער לייענזאַל, וואו אויסער דער גרויסער צאָל צייטונגען, פאַרשידענע זשורנאַלן און צייטשריפטן אין פיל שפּראַכן, זאַמלט זיך דאָס בעסטע פון דער טאַרנער יוגנט און שאַפט די וואַרעמע אַטמאָספער פונעם טאַרנער געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער דאָזיקער לייענזאַל שפּילט באמת אַ זייער וויכטיקע ראָל אינעם קולטורעלן לעבן פון טאַרנע. מען קאָן דעריבער אָן גוזמא זאָגן, אַז דער פאָלקס־לייענזאַל איז דאָס אָנגענעמסטע ווינקעלע אין טאַרנע. און די טאַרנער יוגנט? זי איז באמת אַ יוצא מן הכלל. סיי מיט איר האַרציקייט, סיי מיט איר רירעוודיקייט. טאַרנער יוגנט האָט אין זיך אַ סך מזרחדיקן טעמפּעראַמענט און הייטערקייט. אויף דעם פּונקט איז טאַרנע בכלל עפּעס אַ געאָגראַפישער טעות. און אפשר דערפאַר פאַרנעמט די טאַרנער יוגנט אַ דאָמינירנדיקע ראָל אין דער יוגנט־באַוועגונג פון גאַליציע. דעריבער יעט אָפטמאָל אויס מאָדנע, וואָס דער שווער־פּונקט פון דער גאַנצער יידישער

יוגנט אין דעם ראַיאָן ליגט דווקא אין טאָרנע, און נישט ווי עס וואָלט באַדאַרפט זיין נאַטירלעך — אין קראָקע".

דער יונגער יידישער ליטעראַט פון וואַרשע, י. קראָמאָלאָווסקי, וועלכער איז אין אַפּריל 1930 יאָר געקומען קיין טאָרנע האַלטן אַ רעפעראַט, באַשרייבט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ' 17, 25.4.30) זיינע איינדרוקן פון אַ קורצן באַזוך אין שטאָט. אין אַן אַרטיקל „טאָרנע געזען דורך וואַרשעווער ברילן", שרייבט ער צווו. אַנד.: „כ'בין לאַנג געפאָרן, לאַנג, טראַכטנדיק אַלץ וועגן „קליינעם שטעטל". פּלוצים, אויפן קלאַנג פון קאָנדוקטאָרס אויסגעשריי „טאָרנע", האָט מיר גלייך אימפּאָנירט די באַן־סטאַציע מיט אירע פיל רעלסן, סיי דער ציכטיקער, פרייער און גרויסער (אויפן פאָן פון מיינע מרה־שחורהדיקע געדאַנקען) באַנהאָף, וואו די געקומענע געסט, לויטן ביישפּיל פון דער הויפּטשטאָט, וואַרט אָפּ אַ לאַנגע ברייטע ריי פאַסאַזשיר־וועגענער. אַ ריינער פּלאַץ, מיט סימעטרישע רייען פאַר „מאַשינען" און „דראָזשקעס", אַ רויטער עלעקטרישער טראַמוויי מיט האָריזאָנטאַלע ווייסע פאַסן, האָבן אויף מיר, אַ טיפּישן סקעפּטיקער, (כ'בין זיך מודה!) — געמאַכט אַן איינדרוק. „פאָרט נישט קיין העק", האָט מיר אַ בליץ געגעבן אַ פריילעכער געדאַנק. און פּלוצים האָט זיך געביטן מיין גאַנצע פּאָראויסזעענדיקע „איינשטעלונג". עס זענען צערונען געוואָרן די „גראָע" קליינשטעטלדיקע געדאַנקען און עס האָט מיך באַהערשט אַ וועלט פון רואיקער אָפּוואַרטנדיקער אָביעקטיוויטעט. מיט אַ גרויסן אינטערעס האָב איך דעריבער ליידנשאַפטלעך אָנגעהויבן שלינגען די איינדרוקן פון דער שטאָט טאָרנע. אַ שפּע'דיקע אינטעליגענטע יוגנט. אַרויסרייסנדיק זיך פון דער זיך וויילנדיקער צעהולעטער וואַרשעווער „גאָלדענער יוגנט", האָב איך מיט דערמונטערנדיקער שטוינונג זיך אָנגעטראָפן אויף געזונטע און ריכטיקע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע שטרעמונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק אויף אַ ווירדיקן און פרייען אופן דורכן מויל פון יעדן איינעם מיטגליד פון דאָזיקן טאָרנער יוגנט־קעניגרייך. דערנענטערנדיק זיך צו איר האַסטיק קלאַפּנדיקן פּולס, פיל איך גלייך די עקשנותדיקע צירקולאַציע פון שעפעריש בלוט, וואָס קאָן אינגאַנצן באַרעכטיקט דינען אַלס הנחה פאַר די דרייסטע האָראָסקאָפּן אויפן געביט פון אינטעלעקטועלער אַרבעט. מיט אַן אָנגענעמער שטימונג, און גלייכצייטיק מיט אַ וואַרעמער אַנערקענונג, שעפּ איך פון דעם דאָזיקן פעלזיקן קוואַל געזונטע, קריטישע, וואָס מיינט שעפערישע געדאַנקען, וואָס דערהויבן און פאַרייניקן אין איין ריי די טאָרנער יוגנט — מענטשן פון אינטעלעקט, און אַספּיראַציעס. וויל, ווי כ'דערוויס זיך, איז טאָרנע דאָס וויגעלע פון אַ גאַנצער רשימה מענטשן מיט אַ וועלט־נאָמען. דערביי האָט דער גורל מיט מיר אַ שפּיל געטאָן אויף אַן אָנגענעמען אופן און מיך אַריינגעוואָרפן קיין טאָרנע אין דער צייט פון אַ פאַרפלייצונג... בוכשטעבלעך — אַ פאַרפלייצונג. שוין אין דער ערשטער מינוט, אויפן וועג פון באַנהאָף דורך די גאַסן קדאָקעווער און וואַלאָווע, האָבן מיין אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן פיל פאַרביקע גרויסע פּלאַכטעס פון... פּלאַקאַטן. איך גיי צו — אַ משונהדיקער טאַנץ פאַר מיינע אויגן.. פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס, גאַסט־אויפטריטן, רעוויעס, רעציטאַציעס, כאָר. דאָס האַרץ פונעם גאַסט באַרואיקט זיך מיט גענוס און סאַטיספאַקציע. און איך שטעל פעסט אַ צופרידענער, אַז דער סוף פון דער וועלט

איז נאָך נישט געקומען. ווייל אַזאַ אינטענסיוו גייסטיק לעבן — טראַכט איך זיך — באַזונדערס ביי יוגנט, איז אַ גאַראַנטיע פאַר אַ בעסערן מאָרגן. באַזונדערס, ווען די שפּעטערדיקע געשפּרעכן מיט דער דאָזיקער יוגנט, די פאַרשידנאַרטיקע דיס־קוסיעס מיט איר, איבערצייגן דעם גאַסט אין דער שוין איינמאָל ווען זיי אָנגענומע־נער מיינונג. דער אויסערגעוויינלעכער רייכער לייענזאַל אויפן אָרט מיט אַקטועלער טאָג־ליטעראַטור, איז אויך אַ ווירדיקער אויסדריקער פונעם לעבהאַפטן אינטערעס פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע צו דער זיך שאַפנדיקער פאַר אונדזערע אויגן געשיכטע. אויך וואַרשע וואָלט צונוץ געקומען אַזאַ לייענזאַל...״

בלויז אַ הייפל פון דער דאָזיקער טאָרנער יוגנט איז געבליבן לעבן. עס האָבן נישט פאַרפעלט צווישן זיי העלדן פון אונדזער באַפרייאונגס־מלחמה אין ישראל. די יונגע מיטגלידער פון השומר הצעיר, הנוער הציוני, עקיבא, גורדוניה, צעירי מזרחי, ברית טרומפּלדור, פון ביידע פּועלי־ציון, — זענען אַוועק אין די קיבוצים, מושבות, פאַבריקן אָדער אַרבעטן ביים לייגן שאָסייען אין ארץ־ישראל. אָבער בלויז אַ קליינער טייל פון דער פּרעכטיקער טאָרנער יוגנט, ווייל די מיינסטע זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעקומען פון די היטלעריסטישע רוצחים.

**כבוד דעם אָנדענק פון דער טאָרנער יידישער יוגנט!**

11.

## חלוצישע באַוועגונג

מחניים און די ערשטע יידישע קאָלאָניסטן, וועלכע זענען פון טאָרנע געקומען קיין ארץ ישראל, כדי מיט דער אַרבעט פון זייערע הענט אויפצולעבן דעם אוראַלטן הייליקן באָדן, פאַלט אויס אויף דער תקופה פון פאַרן קאָנגרעס־ציוניזם. ווען די ציוי־ניסטישע באַוועגונג אין טאָרנע האָט נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס געוואונען די יידישע יוגנט — די וואָס האָט געלערנט אין די שולן און די וואָס האָט געלערנט אין די בתי־מדרשים, די פון די וואַרשטאַטן און די פון די קראָמען, — איז להתחילה געווען קלאָר, אַז דער מהות פון ציוניזם איז קודם כל חלוציזם. עס איז ווינציק צו באַשטעטיקן דעם ציוניזם, מען דאַרף אים אויך רעאַליזירן. און דאָס האָט געמיינט אַרויסרייסן זיך פון דער גלות־סביבה, איינשליסן זיך אין דער נייער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס לעבט אַ נאָרמאַל לעבן אין אייגענעם לאַנד.

אויף אַ צווייט אָרט האָבן מיר שוין געשריבן וועגן מחניים פון יאָר 1897 און וועגן אירע קאָלאָניסטן פון טאָרנע. זינט דעמאָלט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן דער פאָדעם, וואָס האָט פאַרבונדן טאָרנער ציוניסטן מיט ארץ ישראל. אויך האָבן מיר שוין אויף אַן אַנדער אָרט דערמאָנט די ערשטע אָרגאַניזירטע גרופּן חלוצים פון טאָרנע, וואָס זענען אינעם יאָר 1908 עולה געווען קיין ארץ ישראל. זיי אַלע — אהרון האָפמייסטער, די ברידער בראַנדשטעטער, לייב ליכטינגער, נתנאל דאַמאַסט, די ברידער לייבעל, פּנחס וואָלף, און נאָך עטלעכע יאָר שפּעטער דוד וואָלף, יחזקאל האָרן, לוסטגאַרטן, ראָזענבלאַט, יוסף פּערלבערג און נאָך אַנדערע —

האָבן געווי׳זן דעם וועג. אין יאָר 1912 איז עולה געווען די ערשטע טאַרנער פרוי קיין ארץ־ישראל — דבורה בראַנדשטעטער, פון דער היים ווייס — אַ בכבודיקע טאַרנער ציוניסטישע משפחה.



דבורה ווייס־בראַנדשטעטער

אָבער ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די חלוצישע באַוועגונג אין טאַרנע אָנגענומען אַ ברייטערן פאַרנעם. יונגע חלוצים — דער עיקר פון השומר הצעיר און דערנאָך פון הנוער העברי, פון פועלי ציון און גורדוניה, — חלוצים פון השומר הדתי, האָבן געלעכצט נאָך סערטיפיקאַטן, כדי זיך אָנצושליסן אין ארץ־ישראל אָן די, וואָס האָבן שוין אין שווייס געאַרבעט אין די קיבוצים, אויף די שאָסייען, אין די זומפּן. זייער אַרבעט איז געווען אַ פּיאָנערישע און עס איז נויטיק געווען אַ סך אָפּפערווילנקייט, עקשנות און ענטוזיאַזם, כדי זיך צו באַהעפטן מיט דער זומפּיקער ערד. יעדער שטיק באָדן, אַרויסגעריסן דער וויסטע־ניש האָט געפאָדערט שווערע אַרבעט, אויסדויער און אייזערנעם ווילן. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט אויך טאַרנע געהאַט איר חשובן חלק.

עס איז שווער אויסצורעכענען די אַלע טאַרנער קינדער וואָס האָבן אָפּטמאָל קעגן דעם ווילן פון זייערע עלטערן פאַרלאָזט זייערע היימען און נישט איין יידישע משפחה האָט געהאַט טענות צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, הלמאי מען האָט „צוגערויבט" ביי זיי די קינדער. אָבער חלוצים פון פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס האָבן מיט געזאַנג באַגלייט זייערע חברים, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק זיך צו דערשלאָגן צו אַ סערטיפיקאַט. נישט איינמאָל איז דער טאַרנער באַנהאָף געווען פול מיט אַ מחנה יונגע און עלטערע ציוניסטן, וואָס האָבן מיט אַ מעכטיקער „התקוה" געזעגנט די אָפּפאָרנדע חברים. די צאָל חלוצים וואָס זענען אין די יאָרן 1919—1924 — אין דער תקופה פון דער צווייטער עליה, — געפאָרן פון טאַרנע קיין ארץ־ישראל איז דערגאַנגען ביז די הונדערטער. און אויך שפּעטער — בשעת דער פערטער עליה איז נאָך גרעסער געוואָרן דער שטראָם פון טאַרנער עולים



אַ גרופּע עולים אינעם יאָר 1921
עס זיצן אין דער ערשטער ריי פון אונטן פון לינקס אויף רעכטס: באום (איצט אין פּאריז) און עובדיה וואַלד (איצט אין ישראל). עס זיצן אין דער צווייטער ריי פון רעכטס: חיים פרידמאַן ז״ל און שלום קוואַדראַטשטיין ז״ל.



חבר׳ים געזעגנען זיך מיט דער משפחה ראַנד פאַרן עולה זיין קיין ארץ ישראל.

קיין ארץ ישראל. עס זענען שוין נישט געפאָרן בלויז יונגע חלוצים. גאַנצע משפחות האָבן פאַרלאָזט טאָרנע און זענען אַריבער קיין ארץ ישראל, וואו זיי אַרבעטן און וואוינען ביזן היינטיקן טאָג.



פרויען פון „וויצא" געזעגנען זיך מיט פרוי ד"ר רבקה פייג אויף דעם טאַרנער באַנהאָף פאַר איר אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל (זי איז נפטר געוורן אין לאַנד נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה). פון לינקס אויף רעכטס: דאָראַ אונגער ז"ל, רבקה פייג ז"ל, ר. ווייס ז"ל און ראוכווערגער ז"ל.

טאָרנער חלוצים האָבן נישט געקענט קיין שוועריקייטן און שטערונגען אויפן וועג קיין ארץ ישראל. ווען עס האָבן אויסגעפעלט סערטיפיקאַטן (און דאָס איז שטענדיק געשען), איז מען געקומען אין לאַנד אַריין דורך אומלעגאַלער עליה, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף שוועריקייטן און געפאַרן. אַזוי איז אין יאָר 1934 אומגעקומען דער טאָרנער חלוץ מאיר זילבערשטיין ביי די ברעגעס פון תל־אביב, ווען עס איז אונטערגעגאַנגען דאָס שיפל, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען — ער

מיט זיינע חברים שוין אין דער לעצטער רגע, ווען דאָס שיפל האָט געדאַרפט צוקומען צום ברעג ים.*



אַ גרופּע מיטגלידער פון דער חברה „משניות דע חייטים״ אין טאַרנע צום אָפּפאָרן פון דעם פאָרזיצער ר׳ לייב שפּילפּאָגל קיין ארץ ישראל אינעם יאָר 1935 (איצט אין חיפה)

מיט דער אומלעגאַלער עליה זענען געקומען אין לאַנד אַריין אין אַפּריל 1939 יאָר דער בית״ר־מיטגליד נתן ראָזענפעלד און פון השומר הצעיר פנחס העניג. אין אויגוסט 1939 איז אומלעגאַל אַרויסגעפאָרן פון טאַרנע אליעזר הודעס, זון



פאַר דעם באַנהאָף אין טאַרנע צום אָפּפאָרן פון די חלוצים וואַקסמאַן און חנה פישער קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1934.

* וועגן דעם טראַגישן טויט פון מאיר זילבערשטיין ז״ל דערציילט אין אַ באַזונדערן אַרטיקל זיין חבר י. שפּילער, וואָס איז צוזאַמען מיט אים געפאָרן.

פונעם אָנגעזעענעם אָרטאָדאָקסישן טאָרנער בירגער ישראל הודעס ז״ל. דער יונגער אליעזר האָט פאַרלאָזט די היים אָן דעם וויסן פון זיינע עלטערן און אין משך פין זיבן וואָכן זיך געפונען אויפן ים און צום סוף אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער ענגלישער פּאָליציי (צוזאַמען מיט זיין איצטיקער פרוי רחל ליבער — פון טאָרנער בית״ר). אין סאַראַפּאַנדער תפיסה איז אליעזר הודעס אָפּגעזעסן ביזן 1־טן סעפּ־טעמבער 1939.

דערשיטערנדיק איז געווען די נסיעה פון 4 טאָרנער חלוצים — חיים הערצ־בערג, צבי טענענבוים, מרדכי דרוקער און בעריש זינגער, מיט דער שיף „טיגער־הייל״, וועלכע האָט זיך מיט 1500 אומלעגאַלע עולים געבלאָנקעט אויף דעם ים פונעם 15־טן יולי 1939 ביז צום 1.9.1939 און ווען די שיף האָט זיך שוין דער־נענטערט צו די ברעגעס ביי תל־אביב, האָבן די ענגלענדער אָנגעהויבן שיסן און מיט בלוט פון יונגע חלוצים געצייכנט זייער ממשלה. וועגן דער דאָזיקער טראַ־גישער און לעבנסגעפערלעכער נסיעה פון 1500 חלוצים, וואָס האָבן זיך געוואָלט דערשלאָגן צו זייער פאָטערלאַנד, דערציילט אונדז אויף אַן אַנדער אָרט חיים הערצבערג פון דער טאָרנער „גורדוניה״, וועלכער וואוינט היינט מיט זיין משפחה אין תל־אביב.

אָט די כוואַליע פון חלוצישער אויסוואַנדערונג, וואָס איז געשטיגן מיט יעדער עליה און האָט פאַרכאַפּט נישט נאָר יידישע יוגנט, נאָר אויך ברייטע קרייזן פונעם מיטלשטאַנד — האָט אַוועקגעשטעלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר אַ נייער אויפגאַבע צו טראָגן הילף די חלוצים. עס זענען דערפאַר געמאַכט געוואָרן אָנ־שטרענגונגען אַריינצונעמען די עליה אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען כדי צוצוגרייטן יונגע חלוצים אין גלות צו פיזישער אַרבעט, כדי צו טראָגן הילף די אַרויספאָרנדיקע און אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די קיבוצים אין ארץ ישראל. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט אין טאָרנע גענומען אויף זיך די געזעלשאַפט „עזרה לחלוצים״. אין יאָר 1928 האָבן צו דער פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט געהערט: ד״ר ס. שיינפעלד — פרעזעס, ד״ר עמיל מערץ — וויצע־פרעזעס, ד״ר וואָלף מאַנדעל — קאַסיר, און אויסערדעם פרוי ד״ר ווייס, פרל. קאַפּעלנער און פרוי כשר. פון איצט אָן איז די „עזרה לחלוצים״ געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַלע חלוצישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין דער שטאָט.

די פאַרשידענע חלוצישע גרופּן פון באַזונדערע לענדער האָבן אויפן צוועלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד געשאַפן דעם וועלט־פאַרבאַנד פון די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס, אַרויסרוקנדיק אַלס הויפּט־ציל: אָרגאַניזירן די הכשרה און די עליה.

אויסער דעם אַלגעמיין־חלוצישן פאַרבאַנד זענען מיט דער צייט אַנטשטאַנען באַזונדערע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ ריין פּראַקטיאָנעלן כאַראַקטער, ווי רעוויזיאָניסטישער בית״ר, החלוץ המזרחי, השומר המזרחי און החלוץ המדנתי (פון דער יודענשטאַט־פּאַרטיי), השומר הלאומי און החלוץ כלל־ציוני. דעם 8־טן דעצעמבער 1928 איז אין טאָרנע פאָרגעקומען דער ערשטער אַלגעמיין־חלוצישער קרייז־צוזאַמענפאָר, מיטן אָנטייל פון דעלעגאַטן פון 12 אַרומיקע אָרגאַניזאַציעס. מצד דער לעמבערגער צענטראַלע האָט זיך באַטייליקט אליהו הכהן. לויטן אָפּגע־געבענעם באַריכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צום טאָרנער קרייז האָבן געהערט

16 אָרגאַניזאַציעס מיט 400 חלוצים, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך געגרייט עולה צו זיין. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ראַיאָן־אָנפירונג צו וועלכער עס האָבן געהערט די טאַרנער חלוצים: י. צייזעל, מ. וואורצעל, ר. ליכטינגער, וואָלף, מ. ראַנד, גראָסבאַרט און גראָבשריפט.

אין יאָר 1930 איז אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער חלוצישער אָרגאַניזאַציע אַנטשטאַנען אַ חלוצישער קיבוץ פון הנוער העברי. צום ערשטן מאָל זענען דער־שינען אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים, וועמענס אידעאָלאָגיע האָט זיך געדעקט מיט די איינשטעלונגען פון דער באַוועגונג הנוער העברי. זיי האָבן געלייקנט די אַקטו־עלקייט פונעם סאָציאַלן פּראָבלעם אין ארץ־ישראל און אויסגעקליבן דעם קיבוץ אַלס זידלונגס־פאָרם. זינט דעמאָלט האָבן צווישן די אַרויספאָרנדיקע חלוצים פאַר־נומען א בכבודיקן פּלאַץ די אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים.




אַ גרופּע מיטגלידער פון דער טאַרנער חלוצים אָרגאַניזאַציע

אין יאָר 1930 האָט די לייטונג מיט דער חלוצישער הילף („עזרה לחלוצים״) איבערגענומען ד״ר וואָלף מאַנדעל אַלס פּאָרזיצער און י. קייטש אַלס סעקרעטאַר. און נאָכן עולה זיין קיין ארץ־ישראל (מאַי 1931) פון יונה גראָסבאַרט, לאַנגיאָריקער אָנפירער פון טאַרנער קן השומר הצעיר און לייטער פון טאַרנער חלוצישן קרייז, איז אין אָקטאָבער 1931 פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון החלוץ־פּיאָנער, וועלכער האָט געציילט 150 מיטגלידער און פאַרמאָגט אַן אייגענעם לאָקאַל. די 150 מיטגלידער האָבן זיך פאַרטיילט אויף אַזאַ אופן: סתם־חלוצים (נישט אָנגעהער־ריקע צו קיין שום יוגנט־אָרגאַניזאַציע) — 40, השומר הצעיר — 58, גורדוניה — 30, הנוער העברי — 16, יונג־וויצאָ — 4. צו דער ניי־דערוויילטער אָנפירונג האָבן געהערט: י. צייזעל אַלס לייטער, נ. שפּילפאָגל — סעקרעטאַר, ש. גערסטען — קאַסיר, און צו איין פאָרשטייער פון יעדער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

אין יאַנואַר 1932 יאָר זענען די פאָרשטייער פון „חלוצישער הילף״ אין קראָקע און די פאָרשטייער פון די אַלג. ציוניסטן, מזרחי, רעכטע פועלי־ציון און התאחדות,

געקומען צו דער מסקנה, אַז אין אינטערעס פון שאַפן די אַנטשפּרעכנדיקע באַדינגונגען אויף צו אַנטוויקלען די הכשרה און פאַרלייכטערן די עליה פאַר חלוצים פון מערב־גאַליציע און שלעזיע, איז נויטיק אײַפצושטעלן אין קראָקע אַ צענטראַלע פאַר חלוצישער הילף, אײַנשטעלן אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן די באַזונדערע צענטראַל־קאָמיטעטן אויפן געביט פון קאָנסאָלידירן די הילפס־טעטיקייט פאַר די חלוצים — קאַנדידאַטן צו עליה. דער לאָקאַלער קאָמיטעט פאַר חלוצישער הילף אין טאַרנע האָט באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אָן דער דאָ׳יקער צענטראַלע. די פּאַרשטייער פון השומר הצעיר און החלוץ־פּיאָנער האָבן זיך נישט געוואָלט אונטעראָרדנען דעם באַשלוס און אויפן שטח פון מערב־גאַליציע און שלעזיע געשאַפן אַ סעפּעראַטן „קרן החלוץ", לויט די אָנווייזונגען פון זייער צענטראַלע אין לעמבערג. צום קאָמיטעט „עזרה לחלוצים" אין קראָקע, האָבן געהערט פאָלגנדע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע: הנוער העברי, יונג־וויצאָ, השומר הדתי. די אָרגאַניזאַציעס גורדוניה און השומר הצעיר זענען פאַרבליבן אין דער לעמבערגער צענטראַלע.

אין שייכות מיט דער געשאַפענער סיטואַציע איז אין טאַרנע (מאַי 1932) רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט „עזרה לחלוצים". אַלס פאָרזיצער איז דערוויילט געוואָרן ד״ר וואָלף מאַנדעל, אַלס וויצע־פאָרזיצער — ד״ר י. פייג, אַלס סעקרעטאַר — פּרוי ד״ר ווייס, אַלס קאַסיר — שמעון רייך און אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: ד״ר שמואל שפּאַן, ד״ר אברהם כאָמעט, וואָלף געצלער און פאָרשטייער פון די באַזונדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. די „עזרה לחלוצים" אונטער ד״ר מאַנדעל׳ס אָנפירונג האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע רירעוודיקייט, ווערבירנדיק מיטגלידער און אַדורכפירנדיק פון צייט צו צייט געלט־זאַמלונגען, וואָס האָט דערמעגלעכט דער געזעלשאַפט צו העלפן די חלוצים ביי זייער עליה.

אין אָקטאָבער 1932 איז די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קראָקע צוגעטרעטן אָרגאַניזירן די אַלע חלוצים, וועלכע האָבן נישט געהערט צו קיין שום יוגנט־אָרגאַניזאַציע און געהאַט בדעה עולה צו זיין. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר זיי אַ באַזונדערער הכשרה־פּונקט, כדי צו דערמעגלעכן זיי צו באַקומען סערטיפיקאַטן, וועלכע זענען געווען באַשטימט נאָר פאַר די, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די הכשרה און געווען חלוצים אין פולן זין פון וואָרט. אַ הכשרה־פּונקט פאַר אַ חלוץ האָט געמיינט אַן איבערגאַנג צו פיזישער אַרבעט, צוגרייטן אים צום לעבן פון אַן אַרבעטער און דער עיקר — מיטן גיין אויף הכשרה איז דאָקומענטירט געוואָרן דער אומדערשיטערלעכער גלויבן אין ציוניזם. אויף הכשרה איז געגאַנגען די יוגנט וואָס האָט איר גורל און פריוואַט־לעבן פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, האָט פאַרלאָזט אירע ביזאיצטיקע באַשעפטיקונגען און דעם גאַנצן לעבנסשטייגער.

לויטן באַשלוס פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין קראָקע, איז אין דעצעמבער 1932 יאָר פאָרגעקומען אין באָכניע אַ קרייז־צוזאַמענפאָר פון די אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים, וואָס זענען ביז דעמאָלס נישט געווען אָנגעשלאָסן אָן קיין שום יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אָבער איינגעשטעלט אויף עליה און פּראָדוקטיווער אַרבעט אין ארץ־ישראל. עס האָבן זיך געמאָלדן 150 יוגנטלעכע. וועגן די צילן פון דער

אַלגעמיין־ציוניסטישער חלוצישער אָרגאַניזאַציע, האָט רעפּערירט דער פאָרשטייער פון דער עקזעקוטיווע, י. ניכטהאוזער, וועגן אידעאישע פּראָבלעמען האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט מ. זינגער.

אין טאָרנע האָט שוין דער חלוץ ליפּע פּאַנער (איצט אין ישראל) אין יאָר 1931 איבערגענומען לויט די אָנווייזונגען פונעם לאָקאַל־קאָמיטעט די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די אַלע אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אָן קיין שום חלוצישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אַ דאַנק פּאַנערס באַמיאונגען איז טאָקע געגרינדעט געוואָרן אין טאָרנע אַן אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים־אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער עס האָבן פון אָנהויב אָנגעפירט ליפּע פּאַנער אַלס לייטער און די חלוצים לייב פּריש, עמיל ווייס און האַנקע טרוירינג. אָנהויב יאָר 1933, נאָך דער עליה פון פּאַנערן, פּרישן און דער חלוצה טרוירינג, איז די אָנפירונג מיט דער גרופּע אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצים אַריבער צו די חלוצים: קלמן שטראַסבערג אַלס לייטער (איצט אין ישראל), איכל פּיש אַלס סעקרעטאַר און עמיל ווייס אַלס קאַסירער.



דער „החלוץ־פּיאָנער״ אין טאָרנע

אין מאַי 1933 איז געקומען צו אַ פאַרייניקונג פון די אַלגעמיין־ציוניסטישע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס אין גאַנץ פּוילן אונטערן נאָמען „החלוץ הכלל הציוני״, מיט אַ צענטראַלע אין וואַרשע. דערביי איז די אָרגאַניזאַציע עקיבא פאַרבליבן אינעם חלוצישן פאַרבאַנד פון „סתם־חלוץ״, אַלס באַשטאַנדטייל פון החלוץ־פּיאָנער, וואו עס האָבן געהאַט אַ מערהייט די לינק־סאָציאַליסטישע עלעמענטן. אויך אין טאָרנע איז געשאַפן געוואָרן אַ סניף פון החלוץ הכלל־ציוני, וועלכער האָט אין אַפּריל 1933 געהאַט אַ גרופּע אויף הכשרה אין טאָרנע אין אַ צאָל פון 16 יוגנטלעכע. אויך עקיבא האָט געהאַט אירע אַ באַזונדערע הכשרה־גרופּע אין טאָרנע.

דער לאָקאַל־קאָמיטעט פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פּאַרטיי אין טאָרנע האָט אויסגעטיילט צוויי באַזונדערע קאָמיסיעס, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען



אויף דעם הכשרה־פונקט פון הנוער־הציוני חלוצים אין טאָרנע אין יאָר 1935
אין דער צווייטער ריי זיצן פון לינקס אויף רעכטס: חיים ערליך ז״ל, פרוי כשר, פרוי כאַמעט,
ד״ר אברהם כאָמעט

צו זאָרגן פאַר די הכשרה־גרופן, שאַפן פאַר זיי אַרבעט, באַזאָרגן מיט מאַטעריעלע הילף אויפן אָרט און צום עולה זיין. די מיטגלידער פון די קאָמיסיעס האָבן געאַרבעט טריי און איבערגעגעבן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט די חלוצים ווי מיט אייגענע קינדער. אין שפּיץ פון די קאָמיסיעס איז געשטאַנען חיים ערליך, אַן איבערגע־געבענער מיטן גאַנצן האַרץ דעם ציוניסטישן אידעאַל. אויף יעדן געביט פון ציוניסטישער טעטיקייט האָט מען געקאָנט טרעפן חיים ערליכן אין דער פאָדערשטער ריי. אַ דאַנק זיין באַשיידנקייט, קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער, זיין הייסע ליבע צום ציוניסטישן אידעאַל, האָט ער געהערט צו די באַליבטסטע אַקטיוויסטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע, וועלכע האָט אין אַלע שווערע מאָמענטן געקאָנט אויף אים רעכענען. מיט אַ באַזונדערע זאָרגפעלטיקייט האָט ער זיך געווידמעט דער חלוצישער יוגנט, וועלכע האָט געהאַט אין אים אַן אמתן באַשיצער. יעדן חלוץ האָט ער געקענט ביים נאָמען, געוואוסט זייערע נויטן און באַדערפענישן און צו יעדער מינוט געווען גרייט צו העלפן. ער איז טראַגיש אומגעקומען בעת איינער פון די היטלעריסטישע אויסזידלונגס־אַקציעס אין טאָרנע. הגם זיינע פאַרטיי־חברים האָבן אים צוגערעדט צו פאַרלאָזן טאָרנע, האָט ער נישט געוואָלט איבער־לאָזן זיין אַלטע מוטער, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט. חיים ערליך האָט געהערט צו די שענסטע געשטאַלטן אינעם ציוניסטישן טאָרנע. כבוד זיין אָנדענק!

אויפן געביט פון הילף פאַר די אַלגעמיין־ציוניסטישע הכשרה־פונקטן אין טאָרנע זענען נאָך געווען טעטיק די מיטגלידער פון ספּעציעלן קאָמיטעט: עוואַ כשר, אסתר כאָמעט (היינט אין ישראל), פרוי געלב, פרוי בערטאַ פלור, דאָראַ אונגער, ד״ר א. כאָמעט, י. בינענשטאָק, ד״ר וואָלף מאַנדעל, ד״ר יעקעל, ד״ר הוללעס, ד״ר עמיל דינטענפאַס. די אויבנדערמאָנטע לעצטע פיר דאָקטוירים האָבן געגעבן אומזיסטיקע מעדיצינישע הילף דער חלוצישער יוגנט.

גענוען אויך הכשרה־גרופן פון די לינק־ציוניסטישע גרופּירונגען, ווי גורדוניה




חלוצים פון דער פלוגה „הנוער הציוני" אין טאַרנע אין די יאָרן 1935—1933 און דער פאַטראָנאַט



הכשרה־פונקט פון דער אָרגאַניזאַציע „עקיבא" אין טאַרנע אין יאָר 1932

(פאַרנומען זיך מיט איר האָט לייב קוואַדראַטשטיין), השומר הצעיר (לייטערין פון פאַטראָנאַט פרוי ד"ר גרינבערגער — איצט אין ישראל). געווען אויך א הכשרה־גרופּע פון מזרחי — השומר הדתי, מ'ט וועמען עס האָבן זיך פאַרנומען



אויף דעם הכשרה־פונקט פון הנוער הציוני אין טאַרנע אין יאָר 1937. — עס זיצן אין דער ערשטער ריי פון לינקס אויף רעכטס: די פרויען בערטאַ פלור ז"ל, אסתר כאַמעט, הוה כשר, אירמאַ וואורצעל, דאָראַ אונגער, ד"ר א. כאַמעט, הענריק פלור ז"ל, ז. פעניכעל ז"ל.

יחיאל קורץ, אהרון ווייזער און חנא פעסעל. אויך די רעוויזיאָניסטן האָבן געהאַט אין טאָרנע אַ הכשרה־גרופּע פאַר זייערע חלוצים פון בית״ר. די חלוצים פון אַלע הכשרה־פּונקטן האָבן געאַרבעט אין שווערע באַדינגונגען, און די אַרויסגעוויזענע הילף מצד די ציוניסטישע גרופּירונגען האָט זיי דערמעגלעכט איבערצוהאַלטן די שווערע צייטן ביז דער געגאַרטער עליה. הגם דאָס זענען געווען פאַרשידענע ציוניסטישע יוגנט־גרופּירונגען, האָט זיי באַגייסטערט איין ציל, איין גלויבן, איין אידעע — צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם דורך באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. דעם באַגריף חלוציזם האָט גאָר שיין אַנאַליזירט דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע נחום סאָקאָלאָוו, אויף דער קאָנפערענץ פון החלוץ הכלל ציוני, פאָרגעקומען אין וואַרשע אין דעצעמבער 1933 יאָר, מיטן אָנטייל פון 423 דעלעגאַטן פון 361 ערטער מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 20.000 חלוצים. סאָקאָלאָוו האָט אין זיינע באַגריסונגס־ווערטער געזאָגט:



דער קבוץ „אחוד הנוער הציוני—עקיבא״ פון טאָרנע אין ווין אויפן וועג קיין ארץ ישראל אין יאָר 1947.

„אַ חלוץ איז דער מענטש, וועלכער שאַפט אַ וואונדערבאַר ווערק אָן געצייג און אָן מיטלען, בלויז מיט זיינע צען פינגער און זיין אידעאַל. דער יסוד פון חלוציזם איז אָבער די טאַט. די אידעאָלאָגיע איז בלויז אַ קאָמענטאַר צו דער טאַט. דערפאַר קאָן די חלוצישע יוגנט זיך טיילן אויף אַזויפיל פּאַרטייען אויף וויפיל זי וויל, אַבי יעדער טייל זאָל אַרבעטן פאַר דער בשותפותדיקער זאַך״.

די ציוניסטישע יוגנט פון טאָרנע פון אַלע אידעאישע ריכטונגען, געפינט זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין אַזעלכע קיבוצים אין ישראל, ווי: בית אלפא, דגניה, מרחביה, תל־יצחק, נוה איתן, און אַנדערע ערטער, וואו זיי האָבן מיט זייער ערלעכער אַרבעט באַוויזן אַז ציוניזם מיינט פאַרווירקלעכונג.

* ◆ *

צווישן די קרבנות פון דער באַפרייאונגס־מלחמה אוןביים פאַרטיידיקן דעם ישוב האָבן נישט פאַרפעלט קיין טאַרנער יידן.

אין יאָר 1936 איז בשעת די געשעענישן אומגעקומען פון אַן אַראַבישן מערדער,

## יהודה שפאנאוף

איינער פון די שענסטע געשטאַלטן פונעם טאַרנער השומר הצעיר, זון פונעם איבערגעגעבענעם ציוניסטישן עסקן ר׳ שמואל שפּאַנאוף, וועלכער איז אינעם יאָר 1935 עולה געווען קיין ארץ־ישראל מיט זיין גאַנצער משפחה און וואוינט היינט מיט זיין פרוי אין תל־אביב. צו די שלושים פון יהודה שפּאַנאופ׳ס אומקום האָט ר׳ חיים נייגער, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געוואוינט אין ארץ ישראל — געשריבן אינעם טאַרנער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (נומ׳ 52. 24.12.1931) :

„...אויך טאַרנע האָט אויפן מזבח פון יידישן פאָטערלאַנד געמוזט ברענגען אַ קרבן, איינעם פון אירע בעסטע זין. אויך אונדזער שטאָט איז נישט אויסגעמיטן געוואָרן אינעם פאַרמעסט צווישן העלדישן ישוב און די ווילדע אַראַבישע טעראָר־באַנדעס.

„לייבעק שפּאַנאוף, דערצויגן אין דער ציוניסטישער אַטמאָספער פון טאַרנע,



יהודה שפּאַנאוף

דורכגעזאַפּט מיט דער ציוניסטישע טראַדיציע, מיט וועלכע טאָרנע האָט זיך אויס־געצייכנט. איז אַריינגעטרעטן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיטן בפירושן ציל עולה צו זיין קיין ארץ, כדי זיך שטעלן אין דער ריי פון די בויער פונעם לאַנד. נישט געקוקט אויף זיינע אינטעלעקטועלע פעאיקייטן וואָס האָבן אים געזיכערט אַ שיינע קאַריערע, האָט ער גלייך נאָך דער מאַטורע אָנגעהויבן באַמיען זיך וועגן אַ סערטיפיקאַט, כדי וואָס פריער עולה צו זיין.

„אויך די מעגלעכקייט צו באַקומען גרעסערע און לייכטערע פאַרדינסטן, האָבן דעם דאָזיקן יונגן אידעאַליסט נישט אַראָפּגעפירט פון איינמאָל אָנגעצייכנטן וועג, און אפילו נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם געדאַנק וועגן ענדערן די ריכטונג. ער האָט געוואָלט רעאַליזירן דעם ציוניזם אַזוי ווי דאָס געוויסן האָט אים דיקטירט — ווי אַ חלוץ, ווי אַ פּיאָנער, ווי אַ זעלנער אויפן פראָנט, אויף דער סאַמע פאָדערשטער פּאָזיציע.

„תל־עמל — דאָס איז דער נאָמען פון אַ נייער זידלונג וואָס לייבעק און זיינע חברים האָבן דעראָבערט פאַרן יידישן פאָלק אין אַ געגנט וואָס איז אָפט אַטאַקירט געוואָרן פון געפערלעכע טעראָריסטן־באַנדעס. קוים מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט מען אין נאָענטן וואַלד דערמאָרדעט דעם קדוש ברוק, און לייבעק, גייענדיק צו דער אַרבעט, האָט יעדן טאָג געקענט זען אַ שטיין־טאָוול וואָס האָט אָנגעוויזן דאָס אָרט, וואו ברוק איז דערמאָרדעט געוואָרן. אָבער דאָס האָט אים לגמרי נישט אָפּגעשראָקן און געוויסנהאַפט האָט ער אויסגעפירט זיין אַרבעט, ביז עס האָט אים דערגרייכט אַ מערדערישע קויל, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו אַ יונג פיל צוזאָגנדיק לעבן.

„אַ וואָסער טרייסט קאָן דער ישוב, ארץ ישראל און אפילו דאָס גאַנצע יידישע פאָלק געבן די אומגליקלעכע עלטערן און דער יונגער אלמנה אָדער דעם יתום, וואָס דאַרף ערשט קומען אויף דער וועלט, און וואָס האָט נאָך אין מוטערלייב, פאַרן אָנקוקן די טאָג־ליכט, דערפילט דעם שוידער פון דער וועלט און גורל?

„עס בלייבט זיי די איינציקע טרייסט, אַז זייער טייערער זון גייט אַריין אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, פון ציוניזם און ארץ־ישראל אויפבוי. דער איינ־זאַמער קבר פון יהודה שפּאַנאוף איז דער ערשטער אין תל־עמל — דאָס איז דער ערשטער ווינקלשטיין אונטער דער נייער קאָלאָניע אין עמק, און זיין פאַרגאָסן בלוט אויף דעם אָרט איז דער דאָזיקער צעמענט וואָס וועט אויף אייביק באַהעפטן דאָס יידישע פאָלק מיט דעם שווער־דעראָבערטן קאָלאָניזאַציע־פּונקט אין עמק.

„און דאָס טאָרנער יידנטום וועט נישט נאָר באַווייגען דאָס יונגע לעבן, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ פּחדנישער מערדערישער האַנט, נאָר וועט זיין שטאָלץ פון זיין מאַרטירער, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין די טאָרנער מויערן. עס וועט זיין שטאָלץ תל־עמל, וועמענס קיום איז געחתמעט געוואָרן מיטן בלוט פון איינעם פון זיינע בעסטע זין.

* * *

„אין דער לויה פון יהודה שפּאַנאוף אין תל־עמל האָבן זיך באַטייליקט איבער 200 פערזאָן — מיטגלידער פון די קבוצות בית אלפא, חפצי בה, מרחביה און אַנדערע. ביים קבר האָבן געערעדט אַ מיטגליד פון תל־עמל, פון בית אלפא, אַ

פאָרשטייער פון השומר הצעיר און דער שרייבער פון די שורות. קיינער האָט נישט געקאָנט גובר זיין זיין ווייטיק און באַהערשן זיין גערירטקייט — אַלעמענס אויגן זענען פייכט געוואָרן אין אָנבליק פון דער צוזאַמענגעבראָכענער און ליידנדיקער מאַמען, די שוויגנדיקע יונגע אלמנה מיטן יונגן יתום אונטערן האַרצן.

„הרודעס ערד פאַלן אויפן ארון און פאַראַן דער איינדרוק, אַז האַרמאַטן דונערן אַרום אונדז. די הערצער קלאַפּן שטאַרקער און טרערן רינען פון די אויגן. אין אַזאַ שטימונג קערן מיר זיך צוריק פון דעם ליידנס־וועג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ פרישן קבר, אַן איינזאַמען צווישן די רחבותדיקע פעלדער פון עמק, פּראָוויזאָריש ארומגערינגלט מיט שטיינער אַלס צייטווייליקע מצבה... און — מען גייט ווידער צו דער אַרבעט — צו דעראָבערן ארץ ישראל... דאָס לעבן שטעלט זיך נישט אָפּ און דאָס חלוצישע ווערק מ׳ז ווערן פאָרטגעזעצט.

„וועט דאָס זיין דער לעצטער קרבן? וועלן מיר שוין קאָנען בויען אונדזער לאַנד אין רואיקייט? ווער קאָן געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע? לאָמיר אָבער האָפן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט גובר זיין אַלע שטערונגען״.

אויך אין דער דעמאָלטיקער ארץ ישראל פרעסע האָבן זיך צום אָנדענק פון יהודה שפּאַנאוף ז״ל צו די שלושים פון זיין ׳טויט באַוויזן לענגערע נאָטיצן. אין „הארץ״ פונעם 25.11.37 איז דערשינען אַ לענגערע נאָטיץ, אָנגעשריבן דורך א. מ. און פאַרזען מיטן בילד פונעם אומגעקומענעם. מיר ברענגען אייניקע אויס־צוגן פון דער נאָטיץ:

„...אין טאָג פון אומגליק איז ער געפאָרן צו זיין פרוי אין שפּיטאָל. באַגלייטן זי האָט ער נישט געקאָנט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט היזק האָבן די אַרבעט, און נאָכן פאַרענדיקן זי האָט ער זיך געאיילט צום אויטאָבוס, כדי באַזוכן זיין פרוי. אויפן וועג האָט אים דערגרייכט די קויל פון מערדער״.

„ווען כ׳זאָל וויסן — זאָגט דער טרויערנדער פאָטער — אַז פון איצט וועט בעסער ווערן פאַר מיין פאָלק און ס׳וועט זיך פילן זיכערער, וואָלט דאָס געווען מיין טרייסט, אַז נישט אומזיסט איז מיין זון געפאַלן אַ קרבן פאַרן פאָטערלאַנד״.
הלואי זאָל אַזוי זיין״.

אין „דבר״ פונעם 19־טן דעצעמבער 1937 זענען דערשינען פיר נאָטיצן צום אָנדענק פונעם אומגעקומענעם יהודה שפּאַנאוף ז״ל. די ערשטע נאָטיץ טראָגט דעם נאָמען „מיטן ערשטן קבר״ און איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך נחמה, מיט־גליד פון קיבוץ תל־עמל אין עמק בית שאן, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט דער דערמאָרדעטער. די צווייטע און דריטע נאָטיץ „צו זיין געשטאַלט״ זענען אָנגעשריבן געוואָרן דורך זיין לאַנדסמאַן ד״ר י. פייג און דורך חשק (גבעת השומר — כפר סבא). די פערטע נאָטיץ איז אַ בריוו פון ר׳ שמואל שפּאַנאוף, דער פאָטער פונעם אומגעקומענעם, וואָס ער האָט געשיקט צו די חברים פון קבוץ תל־עמל. דער בריוו ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „מיטן דערלייזן דאָס פאָלק און דאָס לאַנד זאָלן מיר זיין געטרייסט! אייער פריינט — שמואל שפּאַנאוף״.

* ◆ *

טראַגיש אומגעקומען בשעת די געשעענישן אינעם יאָר 1947 איז דער חלוץ פונעם עלטערן דור

# גדליהו באַרנשטיין ז״ל

געבוירן אין יאָר 1881, האָט ער געהערט צו די אָנגעזעענע סוחרים און צו די אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע טוער אין טאָרנע. זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין אַ יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט און כדי צו רעאַליזירן זיין ציוניסטישן אידעאַל, האָט ער אין יאָר 1925 פאַרקויפט זיין גאַנץ פאַרמעגן און איז אין דעם־זעלבן יאָר מיט זיינע זין עולה געווען קיין ארץ ישראל. דאָ האָט ער אין מגדיאל געקויפט אַ נחלה ערד און אויפגעבויט אַ גרעסערע לאַנדווירטשאַפט, געפלאַנצט אַ פּרדס און צוזאַמען מיט זיינע זין באַאַרבעט די ערד. מיט טאָרנע האָבן אים נאָך פאַרבונדן משפחה־ענינים (עס איז נאָך דאָרט פאַרבליבן זיין פרוי מיט צוויי טעכטער), צוליב וואָס ער האָט געמוזט אָנהויב יאָר 1939 פאָרן קיין טאָרנע, איבער־לאָזנדיק די ווירטשאַפט זיינע זין. דערווייל איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און גדליה באַרנשטיין איז פאַרבליבן מיט זיין פרוי און טעכטער אינעם טאָרנער געטאָ, וואו עס איז אומגעקומען זיין עלטסטע טאָכטער. ס׳איז אים אָבער געלונגען צו ראַטעװען זיך און זיין פרוי און טאָכטער און באַלד נאָך דער מלחמה איז ער אינעם יאָר 1946 מיט דער רעשט משפחה צוריק קיין ארץ ישראל, באַזעצט זיך אין זיין ווירטשאַפט אין מגדיאל און אַ דאַנק זיין פלייס און אַרבעט איז דער 66־יעריקער גדליה מצליח און אין אַ קורצער צייט באַוויזט ער צו שטעלן זיין ווירטשאַפט אויף געזונטע און פעסטע יסודות.

דעם 10־טן יולי 1947 איז ער געטראָפן געוואָרן פון אַ מערדערישער אַראַבישער קויל און באַלד דערפון געשטאָרבן. גדליה באַרנשטיין איז געפאַלן אויף דער ערד, וועלכע ער האָט באַאַרבעט מיט אייגענע הענט און מיט וועלכער ער איז געווען אַזוי האַרציק פאַרבונדן. כבוד זיין אָנדענק!



גדליהו באַרנשטיין ז״ל

* • *

מיט אַ העלדישן טויט בעת דער באַפרייאונגס־מלחמה אין ישראל איז אומגע־קומען דער געוועזענער מיטגליד פון טאָרנער השומר הדתי

# יוסף דאמאסט

אינעם יזכור־בוך לכבוד די געפאַלענע אין דער באַפרייאונגס־מלחמה, „גווילי אש" („פייער־פאַרמעטן"), וואָס איז דערשינען אין ישראל אין יאָר 1952, אונטער דער רעדאַקציע פון ראובן גראָסמאַן, איז פאַראַן אַ באַשרייבונג לכבוד דעם העלדישן פאַרטיידיקער פון כפר עציון, יוסף דאַמאַסט:

„יוסף דאַמאַסט, דער זון פון חיים, איז געבוירן געוואָרן אין טאַרנע, אין יאָר 1919. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ רעליגיעזער היים וואָס האָט אָפּגעהיט יידישע טראַדיציע. זיין נאַציאָנאַלע בילדונג האָט ער באַקומען אין דער העברעאיִשער גימנאַזיע „שפה ברורה" אין זיין געבורט־שטאָט. ער איז געווען מיטגליד פון דער יוגנט־באַוועגונג השומר הדתי. ער האָט זיך געגרייט צו עליה, נאָכן פאַרענדיקן דאָס סטודיום. אָבער די וועלט־מלחמה האָט צונישט געמאַכט זיינע פּלענער. צוזאַמען מיט זיינע פּאַרטיי־חברים איז ער אַנטלאָפן קיין מזרח־גאַליציע, דעמאָלט אָקופּירט דורך די סאָוויעטן, און פון דאָרט קיין ווילנע, נאָכן אַנשלוס צו ליטע. דאָרט האָט ער זיך געווידמעט דער אַרבעט לטובת די רעליגיעזע חלוצים. אין יאָר 1941 געלינגט אים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. פאַרברענגענדיק אַ געוויסע צייט אין קיבוץ „אברהם", טרעט ער דערנאָך אַריין אין ירושלימער אוניווערזיטעט. דאָרט איז ער געווען טעטיק אין דער סטודענטישער אָרגאַניזאַציע „יבנה". ווידמענדיק זיך דער קולטור־טעטיקייט צווישן דער יוגנט, האָט ער זיך פאַרפולקאָמט אויף אַ קורס פאַר לייטער פון זומער־קאָלאָניעס. און מזרחיסטישע



יוסף דאַמאַסט ז"ל

קרייזן. אויפן אוניווערזיטעט האָט ער צומערשט זיך געווידמעט פילאָזאָפישע וויסנשאַפטן, און דערנאָך איבערגעגאַנגען אויפן פאַקולטעט פאַר מאַטעמאַטיק און פיזיק. ער האָט ליב געהאַט דאָס לאַנד און עס פיל מאָל דורכגעמאָסטן. אין גאַנג פון די לימודים האָט ער דורכגעמאַכט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע הכשרה אין שדה יעקב, פאָרטזעצנדיק דערנאָך די אַרבעט אין איינעם פון די קיבוצים אין דרום פון לאַנד. ער איז געווען לערער פון באָטאַניק אויף איינעם פון די לערער־סעמינאַרן,

וואָס האָט געהערט צום מזרחי אין ירושלים. צום סוף האָט אים דער גורל פאַרבונדן מיט כפר עציון. אין יאָר 1946 האָט ער חתונה געהאַט און נאָכן פאַרענדיקן דאָס סטודיום באַזעצט ער זיך דאָרט אויף שטענדיק. ער איז אויך געווען קאַנדידאַט אויפן אַמט פון קרייז־אינסטרוקטאָר פאַר געוויקסן־קולטור ביי דער התישבות־אפטיילונג פון דער סוכנות. צוליב דער באַלאַגערונג פון ירושלים איז דער ענין נישט רעאַליזירט געוואָרן. ער האָט געהערט צו דער הגנה זינט זיין אָנקומען קיין ירושלים, זייענדיק טעטיק ביים פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן אָפּשניט פונעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה. אויך בעת דער באַלאַגערונג פלעגט ער איינאָרדענען סעמינאַרן, פאָרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען און פאַרשטעלונגען אויף דעם אים איבערגעגעבענעם אָפּשניט, כדי צו הייבן דעם גייסט ביי די קעמפנדיקע. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין דער יורידישער קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען אויפצוקלערן יורידישע ענינים, וועלכע האָבן געפאָדערט אַן אַנטשיידונג וואָס מען האָט זי נישט געקאָנט באַקומען אינעם אייגנטלעכן ראַבינאַט־אַמט צוליב דער באַלאַגערונג. בעתן לעצטן אַטאַק אויף כפר עציון, דעם 13־טן מאי 1948 יאָר, איז ער אומגעקומען אויף דער קאַמפּס־פּאָזיציע. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי און קינד״.

כבוד זיין אָנדענק!

* ♦ *

אין כפר עציון איז געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט

## יצחק חצרוני—האפמייסטער

קוים 17 יאָר אַלט האָט ער פאַרלאָזט זיין עלטערן־היים, כדי אַלס פרייוויליקער זיך צו שטעלן אין די רייען פון די קעמפער אויף איינער פון די געפערלעכסטע פּאָזיציעס.

זיין פאָטער אהרון האָפמייסטער (קלויבאויף), איינער פון די ערשטע טאָרנער חלוצים, וואָס האָט זיך נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסגעריסן פון זיין אָרטאָדאָקסישער היים און איז עולה געווען קיין ארץ ישראל, דערציילט מיט צער און שטאָלץ וועגן זיין יונג איינאונאיינציק קינד:

„יצחק איז געבוירן אין טאָרנע אין יאָר 1932. נאָכדעם ווי מיין 7־יעריקע טאָכטער איז געשטאָרבן, איז ער געבליבן אַ בן יחיד. אין יאָר 1933 בין איך צום צווייטן מאָל עולה קיין ארץ ישראל, איצט שוין מיט מיין פרוי און איינינאָריקן קינד יצחק און באַזעץ זיך אין ירושלים. די נאָענטקייט פון כותל המערבי און אַנדערע היסטאָרישע יידישע אַלטערטימלעכקייטן בלייבן נישט אָן השפעה אויף דער דערציאונג פונעם יונגן יצחק. איך פלעג אים דערציילן מעשיות פון תנ״ך, פון יידישער געשיכטע און ווען ער איז געוואָרן אַ תלמיד אין דער פאָלקסשול, קען ער שוין אַלע די מעשות פון אויסנווייניק, איידער מען האָט זיי נאָך געלערנט אין דער שול.

„אין דער מזרחיסטישער שול האָט ער טאַקע געהערט צו די בעסטע שילער אין דער קלאַס און דאָס זעלבע שפּעטער אין דער גימנאַזיע, אין וועלכער ער האָט



יצחק חצרוני־האָפמייסטער ז״ל

אָנגעהויבן צו לערנען. צוליב אונדזער שווערן מאַטעריעלן מצב איז אונדזער יונגער יצחק איבערגעגאַנגען אין דער העכערער טעכנישער מאַנטעפּיאָרי־פאַכשול און געווידמעט זיך דער ראַדיאָטעכניק. אויך אויף דעם געביט האָט ער אַרויסגעוויזן פיל פלייס און טאַלענט און האָט אין אַ קורצער צייט באַהערשט די שווערסטע פאַך־קענטענישן, פאַרנעמענדיק צווישן זיינע חברים תלמידים דעם ערשטן פּלאַץ. כדי אונדז אַרויסצוהעלפן — וועגן וואָס ער האָט תמיד גערעדט — האָט ער אויף עטלעכע שעה אַ טאָג איבערגענומען אַן אַרבעט אַלס מאַגאַזינער אין אַ פאַבריק, וואו ער איז באַלד באַליבט געוואָרן אַזוי ביים בעל הבית ווי אויך ביי אַלע אַרבעטער.

„און מיט וואָס פאַר אַ שמחה האָט ער געגעבן דער מאַמען דעם ערשטן פאַרדינטן גראָשן! אַ קוש געגעבן דער מאַמען, דערלאַנגט איר דאָס געלט און זי באַרואיקט, אַז בקרוב וועט אַלץ ווערן לייכטער און דער טאַטע וועט נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן...

„יצחק האָט געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע „בני עקיבא״, אָבער פאַר אַלעמען איז ער געווען צוגעבונדען צו זיינע עלטערן און מען האָט פון זיין מויל נישט געהערט אַנדערש ווי: מאַמעלע, טאַטעלע...

„תמיד האָט ער געבעטן, איך זאָל אים דערציילן וועגן מיין ציוניסטישער טעטיקייט נאָך אַלס יונגער בחור פון פאַר 45 יאָר, און בפרט האָט אים אינטערע־

סירט צו הערן, ווי אַזוי איך בין דעמאָלט מיט נאָך עטלעכע חברים אַנטלאָפן פון דער היים און געפאָרן קיין ארץ ישראל. און ווי אָפט האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל אָנשרייבן זכרונות, וואָס וואָלטן געגעבן אַ בילד פון דער חלוצישער באַוועגונג אין טאַרנע און איר אָנטייל אינעם אויפבוי פונעם לאַנד.

„גאָר גרויס איז געווען זיין שמחה, ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער באַשלוס פון אונ״א וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה אין ארץ ישראל. צוזאַמען מיט אַנדערע חברים האָט ער געטאַנצט אין די גאַסן און בשעת דעם באַפרייאונגס־קאַמף איז ער געווען צווישן די ערשטע פרייוויליקע. אין דער מחנה פרייוויליקע איז ער געווען דער יינגסטער, ווייל ער איז קוים געווען אַלט 16 און אַ האַלב יאָר. די מוטער האָט געוויינט און געבעטן אים צו געדענקן, אַז ער איז איר גאַנץ לעבן, אַז אָן אים האָט איר לעבן נישט קיין אינהאַלט און ווערט, אַז ער איז געבליבן אָן איינאונאיינציק קינד פון אירע דריי קינדער, וואָס זי האָט געבוירן... און ווען די מוטער האָט צום סוף דערמאָנט, אַז ער איז נאָך אַזוי יונג און איז נאָך נישט אַלט קיין 17 יאָר — האָט ער געענטפערט מיט אַ געוויין: „מאַמע, דו באַגרייפסט נישט אין וואָס פאַר אַ היסטאָרישן מאָמענט מיר לעבן... דווקא איצט איז געקומען דער מאָמענט צוריק צו דעראָבערן אונדזער פאָטערלאַנד נאָך 2000 יאָר גלות... ווי קאָן איך בלייבן רואיק אין דער היים.: און ווער זאָל קעמפן, אויב נישט אַזאַ יונגער מענטש ווי איך? ... מען קאָן דאָך נישט שיקן מענטשן, וואָס האָבן משפחות, פרויען און קינדער!... טאַטע — האָט ער זיך צו מיר געווענדט —



יצחק חצרוני־האָפמייסטער אויף דער שלאַכט־פּאָזיציע אין גוש עציון (דער ערשטער לינקס שטייענדיק)

גיב צו פאַרשטיין דער מאַמען, קלער איר אויף דעם ענין און רעד איר צום האַרצן... מען האָט מיך דאָך פאַרזיכערט, אַז איך וועל בלייבן אין תל אביב און אַז איך וועל קענען העלפן אין דער טעלעפאָן־אָפּטיילונג אָדער ביי אַנדערע טעכנישע אַרבעטן".

„אין איינעם אַ טאָג איז יצחק געקומען אַ היים אַנגעטאָן אין אַ זעלנער־מונדיר. אויף דער מוטערס פנים איז געלעגן אַ טיפער טרויער און ווען יצחק האָט דערזען טרערן אין אירע אויגן — האָט ער מיט שטאָלץ און שמחה אויסגערופן: „מאַמע! איך בין דאָך אַ יידישער זעלנער... מיר וועלן קעמפן פאַרן פאָטערלאַנד!"

„ווען די לאַגע אויפן פראָנט איז געוואָרן שווער — האָט מען געשיקט קיין כפר עציון מיט אַעראָפּלאַנען אַלס פאַרשטאַרקונג אויך די אַלע פרייוויליקע, וואָס האָבן געדאַרפט ווי איינאונאיינציקע קינדער פאַרבלייבן אין תל אביב. פון דאָרט האָבן מיר באַקומען פון יצחקן בריוו און אין יעדן שרייבן זיינעם האָט ער אונדז געטרייסט מיט די ווערטער: „זאָרגט נישט וועגן מיר... באַלד, באַלד וועלן מיר זיך זען. נאָך אויף חג הפסח וועל איך אַ היים קומען אויף חופש. מען היט אונדז דאָ און מען פּאַסט אויף אונדז זייער אויף. נאָר נישט געזאָרגט. און ווי גייט עס אייך טייערע עלטערן?"

„דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער צו אונדז...

„עס איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג. אין ד׳ אייר תש"ח (7־טער מאי 1948) איז געפאַלן גוש עציון מיט אַלע זיינע פאַרטיידיקער. אין דעם טאָג האָט אויך אויסגעהויכט זיין אומשולדיקע, ריינע נשמה יצחק חצרוני האַפּמייסטער".

כבוד זיין אָנדענק!

* ◆ *

מיט אַ העלדנטויט איז געפאַלן אינעם באַפרייאונגס־קאַמף

## אהרון דגני (איציק קאַרנרייך)

ער איז געבוירן אין טאַרנע און איז געווען חבר פון טאַרנער „השומר הצעיר". ער איז עולה געווען קיין ארץ ישראל נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און זיך באַזעצט אין קיבוץ פון השומר הצעיר אין „יד מרדכי" — האָרט ביי דער מצרישער גרעניץ. שוין אין די ערשטע שעהן, ווען די מצרים זענען דעם 9־טן מאי 1948 איבערגעפאַלן דעם קיבוץ „יד מרדכי", איז איציק קאַרנרייך געטראָפן געוואָרן פון אַ פיינטלעכער האַרמאַטן־קויל און געשטאָרבן אויף זיין קאַמף־פּאָזיציע. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי און צוויי קינדער, וואָס לעבן היינט אין קיבוץ „יד מרדכי". כבוד זיין אָנדענק!

צו די שלושים פון די געפאַלענע העלדן פון „יד מרדכי" האָט דער דאָרטיקער קבוץ אַרויסגעגעבן אַ זאַמלהעפט, אין וועלכן פנחס מרמ:ר (שיש), אויך פונעם טאַרנער „השומר הצעיר", האָט צום אָנדענק פון זיין אינטימען חבר און פריינט אהרון קאַרנרייך ז"ל געשריבן:

„וואָס זאָל איך וועגן דיר שרייבן צו די שלושים פון דיין טויט? צי וועל איך

קאָנען זיך ווידער אַריינלעבן אין די אַזוי אָפטע שעהן און טעג וועלכע מיר האָבן צוזאַמען פאַרברענגט דאָרט אינעם גלות? צי וועט מיר מעגלעך זיין צו פאַראייביקן דיין געשטאַלט, וואָס האָט אונדז באַגלייט אין משך פון נאָר אַ קורצער צייט?

„איך דערמאָן זיך... אַ קינד, אַ ייִנגל ביסטו געווען, ווען דו ביסט געקומען צום ערשטן מאָל אינעם לאָקאַל פון השומר הצעיר אין טאָרנע. באַשיידן — אין אַ טונקלען אַנצוג ביסטו געשטאַנען פון דער זייט און מיט גלאַנצנדיקע אויגן האָסטו זיך צוגעקוקט צו דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר דיר אַנטפּלעקט. און ווען דו האָסט געפאָלגט דיין אינערלעכן פאַרבאָרגענעם רוף — האָבן מיר געוואוסט, ווי רייך דו ביסט, און וואָס פאַר אַ באַהאַלטענע אוצרות עס זענען אין דיר, דעם בחור אינעם טונקלען אַנצוג.

„און וואָס איז געווען דאָס פאַרבאָרגענע אין דיר?

„מיט וואָס פאַר אַ ליבע, מיט וואָס פאַר אַ ווילדן ריטם האָסטו געטאַנצט די שטורמישע הורה? אין דעם ריטם האָסטו געפונען דיין וועג. אין יעדן ליד וואָס דו האָסט געזונגען האָט זיך געהערט אַ באַזונדערער, אייגנאַרטיקער קלאַנג פון בענקשאַפט און האָפנונג.

„און דיין געלעכטער, וואָס האָט געהילכט פון דיין ברייטער ברוסט? און דיינע גלאַנצנדיקע אויגן, וואָס האָבן זיך מיט אַלץ געפרייט?״

און צום סוף נאָך עטלעכע יוגנט־דעראינערונגען דערציילט אין דעם דאָזיקן זאַמלהעפט דער חבר פון אהרון קאָרנרייך ז״ל:



אהרון דגני (איציק קאָרנרייך) ז״ל

„אַזוי האָב איך דיך געקענט אין יענע טעג. ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. זעלטן האָבן מיר עפּעס געהערט וועגן דיר. פּלוצים קומט אָן פון דיר אַ בריוו פונעם פּוילישן מיליטער, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין עיראַק. אינעם בריוו דערציילסטו וועגן דיין בענקשאַפט צו אונדז, וועגן דיינע האַפענונגען... וויפיל האָפענונג איז דאָך תמיד געווען אין דיר? — „בקרוב וועלן מיר זיך זען!"

„עטלעכע טעג זענען פאַרביי און דו ביסט טאַקע געקומען. דו ביסט געשטאַנען פאַר אונדז און דיינע אויגן האָבן געגלאַנצט פאַר שמחה, דיין פּנים האָט געשטראַלט פאַר פרייד. דו האָסט דערציילט וועגן דעם בטחון, וואָס האָט דיך באַגלייט אויף דיינע פיל וואַנדערונגען... „איך האָב געוואוסט — האָסטו געזאָגט — אַז מיר וועלן זיך זען דאָ אין ארץ ישראל": אויך מיר האָבן דאָס געוואוסט. און באַלד האָט מען דיך געזען אינעם טונקלען שלאָסעראַנצוג. מיטן האַמער אין דער האַנט, מיט אַ שטענדיקן שמייכל ביסטו געשטאַנען ביי דער קאָוואַדלע אָדער ביי דער טאָקעריי. תמיד האָבן דיינע ליפּן געברומט אַן אַלט־נייעם ניגון..."

* ♦ *

בעת די קאַמפן אין משמר הירדן איז געפאַלן דער טאַרנער חלוץ

## ישראל צייכנער

געבוירן אין טאַרנע אינעם יאָר 1910, האָט ער פון די יינגסטע יאָרן געהערט צום השומר הצעיר און דאָרט באַקומען די חלוצישע דערציאונג. נאָכן אַדורכמאַכן



ישראל צייכנער ז"ל (ערשטער פון רעכטס) מיט זיין משפּחה

די הכשרה אין נאָווידוואָר (גאַליציע) איז ער אינעם יאָר 1928 עולה געוועזן קיין ארץ ישראל, וואו ער ווערט צוזאַמען מיט אַנדערע חלוצים פון גאַליציע צוגעטיילט צו דער קבוצה, וואָס האָט געאַרבעט אין בת־גלים נעבן חיפה און דערנאָך באַזעצט זיך אויף שטענדיקער התישבות אין עין המפרץ נעבן חיפה. אינעם יאָר 1932, באַקומענדיק די ידיעה וועגן דעם טויט פון זיין מוטער ז״ל, פאָרט ישראל צייכנער צוריק קיין טאָרנע, אָבער אינעם יאָר 1939 קערט ער זיך צוריק קיין ארץ ישראל מיט דער עליה ב׳.

דעם 28־טן יולי 1948 איז ישראל צייכנער געפאַלן ווי אַ העלד אין דער באַפרייאונגס־מלחמה. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי מיט אַ קינד. כבוד זיין אָנדענק!

* ♦ *

זיין לעבן פאַרן פאָטערלאַנד האָט אויך אָוועקגעגעבן דער יינגער קצין

## בנימין באדנער

פון טאָרנע, אַן אייניקל פון ר׳ יוסף יוחנן העניג זצ״ל. בנימין באָדנער איז צוזאַמען מיט זיין פאָטער געווען אין טאָרנער געטאָ און אויפן וועג קיין בעלזשעץ האָט ער אַרויסגעריסן אַ ברעט אין וואַגאָן און איז צוזאַמען מיטן פאָטער געשפּרונגען פון וואַגאָן. דער פאָטער האָט געבראָכן אַ פוס און אַריינגעפאַלן צוריק צו די דייטשע רוצחים. דער יונגער באָדנער האָט זיך נאָך פיל איבערלעבונגען דערשלאָגן אינעם יאָר 1942 דורך אונגאַרן קיין ארץ ישראל און אייגעטרעטן אין שולע אין מקוה ישראל. מאָביליזירט אין דער אַרמיי, האָט ער באַקומען אַן אָפיצירן־ראַנג און בעת די קאַמפן אין נגב אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט. כבוד זיין אָנדענק!

* ♦ *

גאָר יונג האָט פאַרלאָזט זיין עלטערן־היים און עולה געווען קיין ארץ ישראל דער זון פונעם באַקאַנטן ציוניסטישן און געזעלשאַפטלעכן מנהיג ד״ר וואָלף שענקעל ז״ל

## אדאם שענקעל

דערצויגן אין דער טאָרנער „גורדוניה״. פונעם ערשטן טאָג נאָך זיין אָנקומען אין לאַנד אַריין, האָט ער געאַרבעט אין קיבוץ און איז געווען דער שטאָלץ פון טאָרנער חלוצישער מחנה. בשעת די באַפרייאונגס־קאַמפן איז ער דעם 25־טן יולי 1948 בעת דער נאַכט־שמירה געפאַלן פון אַ פיינטלעכער קויל. פון אבוקה, וואו ס׳אָט זיך געפונען דאָס קבר, האָט מען דעם קערפּער פונעם געפאַלענעם איבערגעפירט אויף הר הרצל, וואו דער יונגער העלד רוט צוזאַמען מיט אונדזערע נאַציאָנאַלע גיבורים. כבוד זיין אָנדענק!

* ♦ *

אינעם באַפרייאונגס־קאַמף איז אויך געפאַלן



אַדאַם שענקעל ז״ל

## אביגדור פיש ז״ל

דערצויגן אינעם חלוצישן גייסט אין דער טאַרנער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני״, איז ער אין יאָר 1939 עולה געווען קיין ארץ ישראל מיט דער עליה ב׳ און זיך באַזעצט אינעם אַלגעמיין־ציוניסטישן קבוץ „תל־יצחק״, פון וואַנען ער איז מיט אַ גרופּע חלוצים אַריבערגעגאַנגען אויף התישבות אין אַ נייעם קבוץ „שרשים״ אין גליל התחתון.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה טרעט ער אַריין פרייוויליק אין מיליטער און האָט ביז צום סוף פון דער מלחמה געקעמפט אין פאַרשידענע קאָנספּיראַטיווע קאַמף־גרופּן. נאָך דעם באַפרייען פון מיליטער באַזעצט ער זיך אין נתניה און נאָכדעם, ווי ער האָט חתונה געהאַט, הייבט ער אָן זיך צו בויען אַן אייגן היים אין ישראל. באַלד אָבער האָט זיך אָנגעהויבן דער באַפרייאונגס־קאַמף. דער קעמפער אביגדור פאַרלאָזט די ערשט וואָס אויפגעבויטע היים און זיין יונגע פרוי און באַטייליקט זיך אין די שווערסטע שלאַכטן מיטן אַראַבישן שונא.

אין דער שלאַכט ביי ברוה איז ער דעם 10.7.1948 געפאַלן ווי אַ העלד אויף דער קאַמף־פּאָזיציע. צוויי טעג שפּעטער האָט זיין פרוי געבוירן אַ קינד. ביז צום

היינטיקן טאָג לעבן אין נתניה די פּאַריתומטע פרוי און קינד פונעם יונגן העלד אביגדור פיש. כבוד זיין אָנדענק!

* ◆ *

עס איז שווער אויסצורעכענען די העלדנטאַטן פון טאַרנער קינדער, וואָס האָבן געקעמפט סיי אין דער הגנה בשעת דעם מאַנדאַט — סיי בשעת דער באַפרייאונגס־מלחמה מיט די אַראַבישע מדינות. די חלוצים וואָס זענען עולה געווען נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי אויך די עולים חדשים, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַריין מיט דער לעצטער מאַסן־עליה, האָבן געהאַלטן זייער חוב לגבי דעם פאָטערלאַנד. טאַרנער קינדער געפינען זיך אין די קברים פון אומבאַקאַנטע זעלנער. טאַרנער יידן האָבן געקעמפט אין דער בריגאַדע, אין דער הגנה און אין דער צבא הגנה לישראל. זייערע נישט־באַשריבענע העלדנטאַטן פילן אָן מיט שטאָלץ די הערצער פון טאַרנער יידן אין ישראל און אין דער גאַרער וועלט.

מיט שטאָלץ קאָנען מיר אָנווייזן אויף דעם געוועזענעם שילער פון דער טאַרנער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה״, דערצויגן אין „הנוער הציוני״ אין טאַרנע,

## עמיל בריג

וועלכער איז איינער פון די עלף העלדן, וואָס האָבן פאַר די העלדנטאַטן בשעת דער באַפרייאונגס־מלחמה באַקומען די העכסטע מדינה־ אויסצייכענונג דורכן



עמיל בריג

ערשטן פרעזידענט פון ישראל ד״ר חיים ווייצמאַן ז״ל און ערשטן זיכערהייטס־מיניסטער דוד בן־גוריון.

עמיל בריג, זון פון אַרטור בריג, דעם אַקטיוון ציוניסטישן טוער אין טאַרנע (ער איז אומגעקומען מיט זיין פרוי אינעם טאַרנער געטאָ), האָט געהערט צו די טאַלענטירטע שילער פון דער גימנאַזיע „שפה ברורה״ אין טאַרנע. איינער אַליין זיך געראַטעוועט פון זיין גאַנצער משפחה, איז ער ביי דער ערשטער געלעגנהייט אין יאָר 1945 עולה געווען קיין ארץ ישראל, תיכף זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ישראלדיקער אַרמיי און אָנטיילגענומען אין די שווערסטע קאַמפן.

ווי עס גיט איבער די שריפטלעכע אויסצייכענונג, וועלכע עמיל בריג האָט באַקומען, — האָט ער דעם 4.5.1948 אַרויסגעוויזן אויפן שלאַכטפעלד אַן אויסערגעוויינלעכע גבורה. דעם שונא האָט אָפּגעטיילט פון דער ישראלדיקער פּאָזיציע אין עמק הירדן (ביי קבוצת גשר), נאָר אַ בריק, אונטער וועלכער די קבוצה פון עמיל בריג האָט אפילו פריער אונטערגעלייגט אויפרייס־מאַטעריאַל, נאָר ס'איז די ישראלדיקע קעמפער נישט געלונגען די בריק אויפצורייסן. דער שונא איז שוין געווען ביי דער בריק, וואָס איז געשטאַנען אונטער אַ שרעקלעכן פייער מצד די אַראַבישע אָנגרייפער, אַזוי, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען זיך צו דערנעענטערן צו דער בריק. דעמאָלט האָט עמיל אונטער אַ האָגל פון אַראַבישע קוילן זיך דערנעענטערט צו דער בריק און ממש אין דער לעצטער מינוט געברענגט דעם אויפרייסמאַטעריאַל צו עקספּלאָזיע. די בריק איז צעשטערט געוואָרן און אַ דאַנק דעם איז דער שונא אויפגעהאַלטן געוואָרן און עס איז צונישט געמאַכט געוואָרן דער אָנגריף אויף דער ישראל־פּאָזיציע. עמיל בריג איז בשלום צוריקגעקומען צו זיין באַזע. פאַר דעם העלדנטאַט האָט ער באַקומען די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס עקזיסטירט אין דער ישראלדיקער אַרמיי.



לאות ולעדות

כי 14286 טוראי בריג אמיל

גלה גבורה עלאית בחרפו נפשו בשדה הקרב

ב גשר ביום ה׳ באייר תש״ח (14.5.1948)

וזאת אשר עשה

בשעת ההתקפה של האויב על קבוצת גשר ניסו המגינים להפעיל את חומר הנפץ שהוטמן קודם לכן תחת הגשר שבדרך לנקודה. כאשר משוריני האויב החלו להתקרב אל הנקודה וכל השטח היה מכוסה אש עזה של האויב התקדם 14286 טוראי בריג אמיל אל הגשר וברגעים האחרונים ממש הצליח להפעיל את חומר הנפץ, לפוצץ את הגשר ולמנוע מאת האויב את האפשרות של התקפת הנקודה משטח קרוב. 14286 טוראי בריג אמיל עצמו חזר בשלום לבסיס.

על מעשה זה ניתן לו אות גבורה

אות ההצטיינות הנעלה ביותר אשר לצבא הגנה לישראל

ד. בן-גוריון

נשיא מדינת ישראל — שר הבטחון

חיים ויצמן

הקריה יום ל׳ בתמוז התש״ט

**די שריפטלעכע אויסצייכענונג פון עמיל בריג**



די פייערונג פון אויסצייכענען דעם העלד עמיל בריג דורכן ערשטן פּרעזידענט פון ישראל
ד״ר חיים ווייצמאַן ז״ל און ערשטן מיניסטער־פּרעזידענט דוד ב־גוריון.

יצחק ביטנער (מאדער)

## לינקע פועלי ציון אין טארנע
(אין די יאָרן 1939 — 1926)

די שפּאַלטונג פון דער פועלי ציון באַוועגונג אין יאָר 1920, דער כמעט אומלעגאַלער מצב פון דער פּאַרטיי, די רדיפות פון דער מאַכט, און לבסוף — דאָס פאַרלאָזן טאָרנע מצד אַ ריי אָנפירנדיקע חברים (דניאל לייבל און אַנד'), האָבן גורם געווען דערצו, אַז אין יאָר 1926, ווען דער שרייבער פון די שורות איז געקומען קיין טאָרנע, האָט ער געטראָפן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט.

דעם נר־תמיד פון פועלי ציון האָט אונטערגעהאַלטן אַ קליינע געטרייע גרופּע בראש מיט די חברים: פּיניע גליק, נחום איינשפּרוך, הענעך טיש, יאָסעק פּערל־בערגער, יוחנן וואָזשניצער, מגר. דוד אייכענהאָלץ (לענקאָוויטש), העשע גליק, שמעון שילער, מ. ספּאָדעק, לייבוש ליכטינגער, מרים קאָרן (אייכענהאָלץ) און הענדל וואַלדמאַן־גינטער.

## אין קאמף מיטן אנאלפאבעטיזם

אין אָנהויב פון דער אויבנדערמאָנטער תקופה, איז די אַרבעט געפירט געוואָרן דער עיקר צווישן דער יוגנט, אין לאָקאַל אויף טאַרגאָווע 10, אונטער דער שילד פון „יידישן יוגנטליכן אַרבעטער־און האַנדלס אָנגעשטעלטן פאַריין פועלי ציון", געגרינדעט אין טאָרנע נאָך אינעם יאָר 1904, דורכן אומפאַרגעסלעכן חבר יעקב קענער. דאָס איז געווען די ערשטע פועלי ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט. אַ דאַנק דער פּאָטערלעכער מיטהילף פון די אויבנדערמאָנטע חברים, איז אונדזער אַרבעט שוין ווייטער געפירט געוואָרן דורך אַן אַקטיוו, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער יוגנט גופא.

די „יוגנט" האָט דערצויגן און געהאַט אונטער איר השפעה הונדערטער לערנ־יינגלעך, יונגע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס צו יענער צייט אין די טאָרנער יידישע אַרבעטערשאַפט געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער בונדישער אַנטי־ציוניסטישער איינשטעלונג. די אידעען פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם זענען נישט געווען אַזוי „לייכט־פאַרשטענדלעך" און

פּאָפּולער. אַ דאַנק אָבער דער אומדערמידלעכער און מסירות נפשדיקער אויפקלער־אַרבעט מצד דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע, האָט זי געשלאָגן טיפע וואָרצלען און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבעדיקער מאַסן־אָרגאַניזאַציע מיט אַ פילפאַרביקער טעטיקייט און ברייטער השפּעה.

אין אונדזערע רייען האָבן זיך רעקרוטירט יוגנטלעכע פון די אָרעמסטע היימען פון גראַבוווקע, ניי שטאָט, פּאָלנאַ אדג״ל, ווי אויך קינדער, וועלכע האָבן אין פריען עלטער געמוזט העלפן זייערע עלטערן אויסטראָגן דעם עול פרנסה. פאַרשטייט זיך, אַז גאָר גרויס איז געווען צווישן זיי דער פּראָצענט פון די, וועלכע האָבן לגמרי נישט באַזוכט אַ שול צי אפילו אַ תלמוד־תורה... דעריבער איז אונדזער ערשטע אויפגאַבע אין דער דערציאונגס־אַרבעט געווען — קאַמף מיטן אַנאַלפאַ־בעטיזם אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. די דאָזיקע אַרבעט איז מיט עקשנות געפירט געוואָרן אין די לאַנגע ווינטער־נעכט און אין די הייסע זומער־אָוונטן. די לערער אויף די קורסן זענען געווען די מער באַוואוסטזיניקע חברים. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן נאָך אַ לאַנגן שווערן אַרבעטס־טאָג סיי פון די לערער, סיי פון די תלמידים.

דאָס אויסלערנען דעם יוגנטלעכן לייענען און שרייבן האָט ערשט פאַר אים פריי געמאַכט דעם וועג צו וויסן, אויף אויסצוברייטערן זיינע ידיעות און קענטע־נישן, פאַרטיפן זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין. פאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין באָראָכאָוויסטיש־מאַרקסיסטישן גייסט.

די זומער־שבתים פלעגן אויסגענוצט ווערן אויף אויספלוגן אין דער אַרומיקער סביבה. ווינטער־צייט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן און פּאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעמעס.

## באָראָכאָוו-ביבליאָטעק

די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק, אָנגעפירט דורך די חברים יוחנן וואָזשניצער, הענדל וואַלדמאַן, וואָלף קאַלב, מאַניע באַנק און אנד׳, האָט געציילט בערך 3.000 בענד, און איז נאָך דער ביבליאָטעק פון „שפה ברורה", געווען די צווייט־גרעסטע צווישן די יידישע ביבליאָטעקן אין טאַרנע. זי האָט באַדינט עטלעכע הונדערט לייענער — דער עיקר עלטערע און יוגנטלעכע אַרבעטער.

## דראַמקרייז

דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער יוגנט, מיט וועלכן ס׳האָבן אָנגעפירט די חברים חיים־איטשע פעלדגרעבער, בערל לייכטער, יחזקאל לייכטער, בנימין בעטריבניס, בראָנשטיין און אַנד׳, איז געווען זייער באַליבט צווישן יידישן אַרבעטער עולם אין שטאָט. מיט זיינע „ליטעראַרישע טיילן" אויף אונדזערע אַקאַדעמיעס און געלעגנהייטס־פייערונגען, צי מיט באַזונדערע אָוונטן, איז דער דראַמאַטישער



אויספלוג פון דער טאַרבנער „יוגנט" ביי דער ביאַלע אין יאָר 1930

קרייז געווען אַ קוואַל פון קולטורעלן גענוס און פאַרווייַלונג פאַר הונדערטער באַזוכער.

## „יונגבאַר"

מיט דער גרינדונג פון דער קינדער־אָרגאַניזאַציע א. נ. פון בער באָראָכאָוו „יונגבאָר" (יונגע באָראָכאָוויסטן), וועלכע האָט אַרייַנגעבראַכט פרייד און ליכטי־קייט אינעם לעבן פון יידישן אַרבעטער־קינד, איז גלייכצייטיק אויסגעברייטערט געוואָרן דער רעזערוואואַר פרישע קאַדרען פאַר דער יוגנט, וועמענס עלטערע שיכטן האָבן בהדרגה אַנגעהויבן אַקטיוו ווערן אין דער פאַרטיי־אַרבעט. אַ דאַנק די קינדער האָבן מיר באַקומען מערער צוטרוי מצד זייערע עלטערן. פיל פון זיי, ביז דעמאָלט פרעמדע און אפילו געגנערישע צו אונדזערע אידעען, זענען מיט דער צייט געוואָרן טרייע אָנהענגער פון דער פועלי ציון באַוועגונג.

## זומער קאָלאָניעס

די יוגנט מיט דער מיטהילף פון פאַרטיי־חברים, אָן וועלכע עס איז הילף פון דרויסנדיקע קוועלן, האָט אָרגאַניזירט זומער־קאָלאָניעס אין פלעשנאָ און אין ריטראָ. אַ דאַנק דעם איז פאַר הונדערטער יידישע יונג־אַרבעטער און קינדער געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אָפּצורוען זיך עטלעכע וואָכן אויף דער פרישער לופט, אַרויסרייסן זיך אין די זומער־חדשים פון זייערע ענגע חושכדיקע היימען און איינאָטעמען אין זיך די געאָגראַפיש אַזוי נאָענטע, אָבער פּראַקטיש זייער ווייטע פאַרן יידישן אַרבעטער, לופט פון די אַרומיקע שיינע געגנטן.

## ספּאָרט־קלוב

דער יידישער אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ־שטערן" האָט געציילט הונ־דערטער מיטגלידער און פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט צווישן די ספּאָרט־קלובן אין טאַרנער קרייז. „גוויאַזדאַ" איז געווען דערכגענומען מיט דער זאָרג צו פלעגן אַ געזונטן קערפּער און אויסגלייכן דעם רוקן פונעם יידישן יוגנטלעכן אַרבעטער.

## אימפּאָזאַנטע יובל־פייערונג

די פּירות פון דער מיפולער און פאַרצווייגטער טאָג־טעגלעכער אַרבעט צווישן דער יוגנט האָבן נישט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. דאָס האָט אַמבעסטן באַוויזן די פייערונג פון 25־יעריקן יובל פון דער יוגנט, פאַרגעקומען אין יאָר 1929 — סיי



אַ גרופּע מיטגלידער פון דער טאַרנער „יוגנט" מיט דעם שרייבער הערש פענסטער און זיין פרוי (דריטע ריי פון אונטן אויפן דריטן און פערטן אָרט)

מיט איר גלענצענדער אָרגאַניזירונג, רייכקייט פון פּראָגראַם און מאַסנהאַפטיקער באַטייליקונג פון יוגנטלעכע און עלטערע חברים, יונגבאָריסטן, עלטערן, פריינט און סימפּאַטיקער. אַ וואַרעמע אַטמאָספערע האָט צו יענער צייט אַרומגערינגלט די שטאַרק־פּאַרוואָרצלטע פּועלי ציון „יוגנט" אין טאָרנע. לכבוד דעם יובל איז דורך דער טאָרנער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ ספּעציעלער נומער „טאָרנער פרייע יוגנט", וועלכער איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין טויזנט עקזעמפּלאַרן.

דורכן אַנטייל פונעם גרינדער פון דער טאָרנער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע און פון דער פּועלי ציוניסטישער „יוגנט"־באַוועגונג בכלל, חבר יעקב קענער — אַלס שליח פון צ.ק. „יוגנט", און חבר יוסף ראָזען אין נאָמען פון פּאַרטיי־ צ.ק., האָבן די צענטראַלע אינסטאַנצן געבראַנגט צום אויסדרוק זייער אָנערקענונג פאַר אונדזערע אויפטוען אין טאָרנע.

## ערשטער מאַי 1930

אין יאָר 1930, האָבן מיר נאָך אַ צעניאָריקן איבעררייס זיך שוין געפילט גענוג שטאַרק אויף ווידער צו פייערן דעם ערשטן מאַי דורך אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ביי דעמאָלטיקע כוחות־פאַרהעלטענישן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, ווען די פּראָפ׳־פאַריינען זענען געווען באַהערשט פון בונד האָט אונדזערע חברים געדראָט פיל איבעראַשונגען פאַרן „חטא" צו דעמאָנס־ טרירן מיט לינקע פּועלי ציון (קיין אַנדערע סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן דעם ערשטן מאַי עפנטלעך נישט דעמאָנסטרירט אין טאָרנע). פונדעסטוועגן האָט דאָס קיין איינעם פון אונדזערע חברים נישט אָפּגעהאַלטן פון דעמאָנסטרירן אינעם טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־יומטוב אונטער די פאָנען פון פּועלי ציון, פאַר אַלגעמיינע און ספּעציפיש־יידישע לאָזונגען.

## „געזעלשאַפט פריינט פון אַרבעטנדיקן פּאַלעסטינע"

ווען די „געזעלשאַפט פריינט פון אַרבעטנדיקן פּאַלעסטינע" האָט אין יאָר 1931 אָרגאַניזירט איר קאָנגרעס אין וואַרשע, זענען דורך אונדז מאָביליזירט געוואָרן הונדערטער דעקלאַראַנטן. אויפן קאָנגרעס גופא זענען מיר געווען פאַרטראָטן מיט דריי דעלעגאַטן.

די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, האָבן מיר געעפנט אַ גרויסן לייענזאַל אינעם לאָקאַל פון דער „געזעלשאַפט פריינט פון אַרב׳ פּאַלעסטינע", פון וועלכן ס׳האָבן גענאָסן הונדערטער לייענער. אונטער דער פירמע פון דער נאָר וואָס דערמאָנטער געזעלשאַפט, האָבן מיר אין די לעצטע יאָרן ערב דעם צווייטן וועלט־קריג געפירט די גאַנצע קולטור־טעטיקייט, נאָכדעם ווי די מאַכט האָט פונאַנדערגעלאָזט די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער".

צום קאָנגרעס פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל", פאַרגעקומען אין



ד״ר גרשון גרשוני, מיטגליד פון צענטראַל קאָמיטעט פון פועלי ציון לינקע אין פוילן — אין טאָרנע אין יאָר 1931. פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר גרשוני (איצט אין ישראל) מרים קאָרן־לענקאָוויץ ז״ל, מגר. דוד לענקאָוויץ ז״ל און דרוקער ז״ל.

בערלין אין יאָר 1932, האָט אונדזער רשימה אין טאָרנע באַקומען מיט קנאַפּע 40 שטימען מערער ווי אַלע איבעריקע גרופּירונגען אין דער ליגע צוזאַמען.

## פּראָפעסיאָנעלער קאַמף

אין אָנהויב פון דעם באַשריבענעם פּעריאָד איז אונדזער השפעה אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג געווען אַ מינימאַלע. דער איינציקער פאַריין אין וועלכן מיר האָבן צו יענער צייט געהאַט איינפלוס, איז געווען דער פאַריין פון האַנדס־אָנגעשטעלטע, וועלכן אונדזערע חברים וואָזשניצער, שילער, גליק, ליכטינגער, רעגינע לייכטער און אַנד׳, האָבן אָנגעהויבן רעאָרגאַניזירן נאָך אין יאָר 1927. מיטן אונטער־וואַקסן פון יונגן דור חברים, צווישן וועלכע עס האָט דאָמינירט אַ מער פּראָלעטאַ־רישער עלעמענט (שניידער, קאַמאַשנמאַכער, היטל־מאַכער), האָבן מיר אָנגעהויבן אַ געראַנגל פאַר אונדזערע רעכט אין דער אָנפירונג מיט די באַזונדערע פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען, וועלכע האָבן דאָמינירט אינעם לעבן פון דער טאָרנער יידישער אַרבעטערשאַפט. לכתחילה האָבן מיר אַרויסגערוקט די פאָדערונג צו שאַפן יוגנט־סעקציעס ביי די פאַריינען, כדי באַשיצן די יונגע אַרבעטער און לערניינגלעך, וועמענס אינטערעסן מען פלעגט פשוט פאַרנאַכלעסיקן ביי אַלע אַקציעס וואָס זענען

געפירט געוואָרן דורך די עלטערע אַרבעטער אויף אויסצובעסערן זייערע באַדינגונגען.

בעתן גרויסן שניידער־שטרייק אָנהויב 1933 יאָר, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דריי חדשים, איז אויף אַ בולטן אופן געקומען צום אויסדרוק די אַקטיווקייט און אויסגעוואַקסענע השפעה פון לינקע פועלי ציון. אונדזערע חברים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין שטרייק, משפיע געווען אויף דער גאַנצער אַקציע, ביזן זיגרייכן סוף פון שליסן אַ קאָלעקטיוון אָפּמאַך.

די טרייע אַרבעט פון אונדזערע חברים איז ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער עטלעכע טויזנט קעפּיקער מאַסע פון יידישע נאָדל־אַרבעטער אין טאַרנע. זינט דעמאָלט, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען די חברים פסחיה ווייזער, גאָלדע פרידמאַן־ביטנער, מרים קאָרן־לענקאָוויטש, טוביה זילבער־מאַן, וואָלף שולדנפריי, יצחק פּאַבער, גוסטע שפּריצער, ישראל פּאלער, בנימין הערבסט, משה אַנקער, זלמן לויפער, דער שרייבער פון די שורות און אַנדערע חברים, דערוויילט געוואָרן אין אַלע אָנפירער־אינסטאַנצן פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט און טריי אויסגעפירט די אויף זיי אַרויפגעלייגטע פליכטן אין די פאַרוואַלטונגען, פאַך־קאָמיסיעס און חברים־געריכטן. אונדזערס אַ חבר איז אויך דערוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר פון די צענטראַלעס פון די בונדישע און לינקע נאָדל־פאַריינען, פאָרגעקומען אין וואַרשע אין יאָר 1934. די צענטראַלע פון די פּראָפ ־פאַריינען וואָס זענען געווען אונטער דער השפעה פון לינקע פועלי ציון, איז ערשט שפּעטער צוגעשטאַנען צו דער פאַראייניקונג.

דאָס אַריינדרינגען פון פועלי ציון אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און זייער באַטייליקן זיך אינעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פון די יידישע אַרבעטער האָט געעפנט אַ וועג פאַרן אַריינדרינגען פון פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע אידעען אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. בעת דער שקל־קאַמפּאַניע צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין וועלכן אונדזער פאַרטיי האָט נאָך אַ לענגערן ערנסטן ויכוח באַשלאָסן זיך ווידער צו באַטייליקן, זענען דורך אונדזערע חברים פאַרשפּרייט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע צאָל שקלים צווישן די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבעטער, — אַ זאַך וואָס איז פריער כמעט נישט געווען דענקבאַר...

## פּאָליטישע קאַמפן

נישט געווען קיין שום געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע דערשיינונג סיי אינעם אינ־טערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־לעבן, אין ארץ־ישראל און אינעם יידישן לעבן בכלל, וואָס זאָל נישט האָבן דעם געהעריקן אָפּרוף ביי פועלי ציון. דורך אויפרופן, אַפּישן, מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, האָבן מיר שטענדיק גערופן יידישע אַרבעטער צו פּאָליטישער וואַכזאַמקייט און קאַמף. גלייך נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1929, ווען די אַנטי־ציוניסטישע קאָנצענטראַציע האָט שוין געזען דערין דעם אָנהויב פון סוף פון דער „ציוניסטישער אַוואַנטורע”, און דער ציוניס־

טישער לאַגער האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אַנטקעגנשטעלן דעם פּאַרייניקטן אַנטי־ציוניסטישן פראָנט, וועלכער האָט זיך סאָלידאריזירט מיט די „באַעוולטע״ און „אויפגעבראוזטע״ אַראַבער — זענען לינקע פועלי ציון אין טאַרנע געווען די ערשטע צו רופן אַ מאַסן־מיטינג מיט דער באַטייליקונג פון חבר זרבבל, וואו ס׳איז אויפגעדעקט געוואָרן דער מופטיש־רעאַקציאָנערער און אימפּעריאַליסטישער הינטערגרונט פונעם פּאָגראָם. אויפן מיטינג האָבן אויך באקומען אַן אָפּשניט די שונאי ציון אויף דער יידישער גאַס, וועלכע האָבן אַפּלאָדירט דער דאָזיקער „רעוואָלוציע״ די הילפס־אַקציע, פּראָקלאַמירט דורך לינקע פועלי ציון, איז באַגייסטערט אויפגענומען געוואָרן דורך הונדערטער חברים און פריינט. זיי האָבן אַריינגעטראָגן זייער באַשטייערונגט אין דער הויך פון צוויי אַרבעטסטעג, וואָס פאַר פיל פון זיי האָט עס געמיינט פשוט אָוועקרייסן פון אייגענעם מויל און פון מויל פון די פרויען און קינדער. אַזוי אַרום האָבן זיי געוואָלט ברענגען צום אויסדרוק זייער סאָלידאַריטעט מיטן קעמפנדיקן ארץ־ישראל.

צוזאַמען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן מיר זיך באַטייליקט אינעם קאַמף פאַר אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַנטיילנעמענדיק אין אַלע אַקציעס און אַרויסטרעטונגען, פאַרבונדענע מיט דער קאַמפּאַניע.

בעתן פּראָטעסט־שטרייק קעגן אַנטיסעמיטישן כוליגאַניזם, פּראָקלאַמירט דורכן לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפ׳־פאַריינען אין שייכות מיט די העץ־קאַמפּאַניע אַרום דעם פּראָיעקט צו פאַרווערן די יידישע ריטועלע שחיטה, זענען לינקע פועלי ציון חברים געווען צווישן די אַקטיווסטע, וואָס האָבן בייגעטראָגן צום אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון שטרייק אין יידישן טאַרנע.

* * *

די טאַרנער פועלי ציון אָרגאַניזאַציע האָט אויך מיטגעהאָלפן צו דער אַנטשטייאונג פון אירע שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנער קרייז, געשיקט דאָרט אינסטרוקטאָרישע כוחות. די לעבעדיקסטע צווישן זיי, זענען געווען די אָרגאַניזאַציעס אין בריגל (בזשעסקאָ) און נאָווי־קאָרטשין.

## וואַל־אקציעס

אונדזער פּאַרטיי האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע וואַל־קאַמפּאַניעס: סיי אָרטיקע (קהילות, שטאָטראַט, קראַנקן־קאַסע), סיי אַלגעמיינע — צום פּוילישן סיים. בעת די לעצטע קהילה־וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1938 אויפן סמך פון דער רעאַקציאָנערער וואַל־אָרדינאַציע, איז אונדזער חבר מגר. דוד לענקאָוויטש־אייכענהאָלץ דערוויילט געוואָרן אין קהילה־ראַט אויף דער ליסטע פון פועלי ציון.

צו די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן האָבן אונדזערע קאַנדידאַטן בלויז אין צוויי וואַל־ראַיאָנען באַקומען 800 שטימען (רינעק) און 600 שטימען (גראַבּוווקע).

## פאַרן פּראָלעטאַרישן ציוניזם

אונדזער פּאַרטיי און יוגנט איז אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס איינציק און אַליין אויסגעקומען צו פירן דעם אידעאישן קאַמף פאַרן פּראָלעטאַרישן ציוניזם. די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען, אפילו די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע, גרופּירט אַרום דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, האָבן אין טאַרנע נישט געוואָגט צו קומען מיט זייער וואָרט צווישן דער יידישער אַרבעטער־מאַסע. די דאָזיקע מאַסע איז געלאָזן געוואָרן פאַר דער השפעה פון בונד און יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אין זייער אַנטי־ציוניסטישער אַגיטאַציע אויסגענוצט די אינערציע פון יידישן אַרבעטס־מענטש. אויף אונדזער גורל איז אויסגעפאַלן, צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע אַרבעטער־פּאַרטייען, צו פירן דעם קאַמף פאַר די טאָג־טעגלעכע אינטערעס פון יידישע אַרבעטער און רופן אים צום באַטייליקן זיך אין אַלגעמיינע פּאָליטישע קאַמפּאַניעס, — און אין דערזעלבער צייט געפירט אַ פּאַרביטערטן געראַנגל פאַר דער אידעע פון פועלי ציון, פאַר באַקומען בירגער־רעכט צווישן דער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער יידישער אַרבעטערשאַפט.

מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט האָט אונדזער אַקטיוו אָנגעפירט מיט אַלע אַרבעטן פון דער באַוועגונג, אַוועקגעבנדיק דער פּאַרטיי די גאַנצע פרייע צייט. אין משך פון דער באַשריבענער תקופה, איז סיי אין פּאַרטיי, סיי אין אירע אינסטיטוציעס, נישט געווען קיין איין געצאָלטער פונקציאָנער. אפילו די חברים וואָס זענען געווען טעטיק אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, האָבן געטאָן זייער אַרבעט אין די אָוונטן, שבתים און יומטובים, נאָך לאַנגע שווערע אַרבעטס־טעג אין וואַרשטאַט, געשעפט צי ביוראָ. זייער באַלוינונג איז געווען אינעם געפיל, אַז זיי טוען אַ נוצלעכע אַרבעט אין די אינטערעסן פונעם יידישן אַרבעטער און פּאָלקס־מענטש, פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

## צום אנדענק פון די אומגעקומענע

אויסער די נעמען פון די חברים וואָס כ'האָב פריער דערמאָנט, זענען צוזאַמען מיט זיי געווען אַקטיוו פאַר דער צייט אין אַרטיקן און פּאַרטיי־און „יוגנט"־קאָמיטעטן, די חברים: אייכענהאָלץ יעקב, ווייזער בעריש, מענדלינגער חיים־הערש, גאָלדוואַקס לעאָן, טייטעלבוים אברהם, ראָזנבוים, לויפער אברהם, לויפער זלמן, שניפּער ישראל, האָנדעלסמאַן רבקה, צעלער נטע, קרעמער יוסף, גראַליצער לייבוש, גראַליצער אברהם, לעווינאָוסקי יוסף, לעוונטאָווסקי פייגע, זילבערמאַן לייבוש, אַלווייס יאַסעק, מעסטל יחזקאל, פלינק שבתאי, פלינק לייבוש, אַרימאָוויטש הערש, שפּריצער עלע, זיס שלמה, טימבערג מאַניעק, ווינד עטל, די ברידער פעפער, לעדערבערגער אהרון, ליכטיק מאַניעק, קאַנאַרעק לייבוש, אַקערמאַן לאַלע, טוכ־שערער משה, דרוקער אברהם, פלינק איידל, איינהאָרן הענעך און קליין זאַלעק. זיי אַלע זענען אומגעקומען אין געטאָ אָדער אין לאַגערן, צוזאַמען מיטן גאַנצן שפּרודלדיקן יידישן ישוב פון דער עיר ואם בישראל טאַרנע.



אַ גרופּע טאַרנער אַרבעטער פון לינקע פּועלי ציון און בונד אויף דער חתונה פון מגר. דוד לענקאָוויץ און מרים קאָרן ז״ל.

די געציילטע חברים אַקטיוויסטן, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן אין ראַטנפאַרבאַנד, זענען אַלע אויסער ח׳ מגר. דוד אייכענהאָלץ־לענקאָוויטש, געבליבן לעבן. פון זיי געפינען זיך אין ישראל די ברידער יצחק און יחאל ביטנער־מאַדער (קיבוץ גבעת חיים), פאַבער יצחק (יפו), פעפער (חיפה), בעטריבניס בנימין (הדר יוסף), קרעמער נתן (קרית בורוכוב), הענדל גינטער־וואַלדמאַן (רמת גן), קאַך איטקע (ישראל), בלוטמאַן חייקע (פוילן), ישראל פ. (ראַטנפאַרבאַנד), זילבערמאַן שבתאי (?), אייכענהאָלץ העלע און זיס יהושע (חיפה), שרה שוואַרצקאַכל (חיפה), איידל שוואַרצקאַכל (פראַנקרייך) און גוסטע שפּריצער (בעלגיע).

## נאָך דער באַפרייאונג

ווען דער שרייבער פון די שורות איז אין יולי 1945 צוריקגעקומען קיין טאַרנע, האָט זיך פאַר זיינע אויגן אַנטפּלעקט דאָס אימהדיקע בילד פונעם פאַרשניטענעם יידישן ישוב. כאָטש די גאַנץ געבליבענע גאַסן האָבן ווידער געווימלט מיט מענטשן, פונדעסטוועגן האָט דאָרט געהערשט אַ בית־עולם שטילקייט. דער חרובער טייל פון געטאָ האָט ווי מיט אַ דערשטיקטן געיאָמער דערציילט וועגן פאַרשניטענעם יידישן לעבן, וועמענס לעצטער ווײ־געשריי איז געבליבן הענגען אין דער לופטן,

געריסן זיך צו אונדזערע אויערן און האַרץ פון יעדער זייט וואו נאָר די אויגן האָבן זיך געווענדט.

דער איינציקער חבר וועלכער איז נאָכן דורכמאַכן די שבעה מדורי גהינום אין געטאָ און אַין די לאַגערן געבליבן לעבן און צוריקגעקומען אין דער חרובער שטאָט, איז געווען שאול שולדענפריי (איצט אין פּאַריז). ער האָט זיך גלייך געשטעלט צו דער הילפס־אַרבעט פאַר די שרידים אין טאַרנע און די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע האָבן אויס מורא פאַר דער זיכערקייט פון זייער לעבן, זיך קאָנצענטרירט אין דער גרעסערער שטאָט. דערנאָך האָט ער מיט נאָך צוויי חברים וואָס זענען צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, צוריק פונאַנדערגעבלאָזן איבער די חורבות פונעם יידישן טאַרנע דעם טליענדיקן פונק פון פועלי־ציוניזם. עס איז צוריק באַנייט געוואָרן די פועלי־ציון טעטיקייט, עס איז געשאַפן געוואָרן אַ הכשרה־קיבוץ א. נ. פון נתן בוקסבוים, און אין פאַרהעלטעניש צום דעמאָלטיקן קליינעם ישוב, האָט די פּאַרטיי געפירט אַ רירעוודיקע טעטיקייט, וואָס אין איר צענטער איז געשטאַנען די עליה, און רעאַליזירט האָבן זי די אַלע חברים, וועמען עס איז דערצו געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט.

* ♦ *

זאָלן די עטלעכע שורות דינען ווי אַ מצבה פון די געציילטע ביים לעבן־געבליבענע פּאַרטיי־חברים פאַר דער גרויסער מאַסע סיי דערמאָנטע און סיי די, וועמענס נעמען זענען נישט דערמאָנט געוואָרן. זייער אָנדענק באַגלייט אונדז שטענדיק אינעם לעבן און געראַנגל.

יוסף שטריים

## פועלי ציון (פאריייניקט מיט צ. ס.)
### (1927 — 1934)

אין יאָר 1927 האָבן אַ גרופּע חברים פון החלוץ, גורדוניה און השומר הצעיר אָרגאַניזירט אין טאַרנע די פועלי ציון פאַרטיי (פאַריייניקט מיט צ. ס.). שפּעטער זענען צוגעשטאַנען פיל אַנדערע אומפּאַרטייאישע חברים. די פאַרטיי האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיטן אָנקומען קיין טאַרנע פון חבר יוסף גרינבערג פון דעמביץ.

מיט דער הילף פון די חברים חיים העניג און שלמה וועלנער (פון קראָקעווער ראַיאָן־קאָמיטעט), האָט די פאַרטיי באַקומען אַן אייגענעם לאָקאַל אויפן „בורעק"



מיטגלידער פון פועלי ציון (פאַריייניקט מיט צ. ס.) אויף אַן אויספלוג

בייט וואַנטיק און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סטאַבילע קולטור־און אויפקלערונגס־אַרבעט אויף אַלע געביטן. אין יאָר 1929 האָט די פאַרטיי געשאַפן די יוגנט אָרגאַ־ניזאַציע „פרייהייט״. שוין אין זעלבן יאָר האָבן 20 חברים אירע אָנטייל גענומען אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־צוזאַמענפלי אין ווין.



דער לייענזאַל פון פועלי ציון (פאַראייניקט מיט צ. ס.) אין טאַרנע

אין יאָר 1930 איז אַ גרעסערע גרופע פון התאחדות צוגעטרעטן צו דער פועלי ציון פאַרטיי און שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער לייען־זאַל אין הויז פון ח׳ מישעל אויף גאָלדהאַמער־גאַס. אין אַ צייט שפּעטער זענען מיר אַריבערגעגאַנגען אין אַ נאָך גרעסערן לאָקאַל אין הויז פון ח׳ וועקסלער (אויך אויף גאָלדהאַמער־גאַס).

עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע פּאָליטישע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישער און סאָציאַליסטישער אַקטיוויטעט. די פאַרטיי האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און איז געווען פאַרטרעטן אין אַלע אינסטיטוציעס, ווי: קרן קיימת לישראל, קרן היסוד, שקל־אַקציע, תרבות, קפא״י א. אז. וו. אויפן פּאָליטישן געביט האָט די פאַרטיי זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום סיים (זייענדיק דעמאָלט בלאָקירט מיטן בונד), און אויך אויפגעטרעטן צו די שטאָטראַט־וואַלן מיט ח׳ ד״ר עמיל מערץ, פאָרזיצער פון דער פאַרטיי, בראש פון דער קאַנדידאַטן־ליסטע.

די פאַרטיי האָט אויך געפירט אַ פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און אָרגאַניזירט די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין טאַרנע.

ניש געקוקט אויף דעם וואָס דער ראַיאָן־קאָמיטעט אין קראָקע און די צענטראַלע

אין וואַרשע האָבן נישט געגעבן זייער הסכמה דערצו, איז געפירט געוואָרן אַ בשות־פותדיקע אַרבעט מיט התאחדות־פועלי ציון, ווי: עפנטלעכע אויפטרעטונגען און רעפעראַטן, ווי אויך שמועסן אויפן פּאָליטישן, ליטעראַרישן און ארץ־ישראלדיקן געביט.

ביי דער פּאַרטיי איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּאָרט־קלוב „הפועל" אונטער דער אָנפירונג פון ח' יחזקאל שפּיראָ ז"ל (ברודער פון ח' ד"ר ישעיהו שפּיראָ).

אין יאָר 1933 איז געשאַפן געוואָרן די חלוצישע באַוועגונג „דרור־פרייהייט". ח' יעקב עלענד האָט צוגעגרייט חברים און חברות צו דער עליה קיין ארץ־ישראל, זאָרגנדיק דערפאַר, אַז פריער זאָלן זיי דורכמאַכן די הכשרה.

אין יאָר 1934 איז ביי דער פּאַרטיי געשאַפן געוואָרן די „העובד"־באַוועגונג פון בעלי־מלאכות און פאַכמענער, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו עליה. מיטן שאַפן דעם „העובד" איז די פּאַרטיי שטאַרק אויסגעוואַקסן אין צאָל (איבער 500 חברים און חברות) און פאַרשפּרייט איבער 250 עקזעמפּלאַרן פון אונדזער טאָג־צייטונג „דאָס וואָרט".

כמעט יעדע וואָך פלעגן אונדז באַזוכן אַמאָל דעלעגאַטן פון קראָקעווער ראַיאָן־קאָמיטעט, אָדער פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, פון דער לעמבערגער פאַרייניקטער פּאַרטיי התאחדות־פועלי ציון, ווי אויך שליחים פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.



„העובד" אָרגאַניזאַציע ביי דער טאַרנער פועלי ציון (פאַרייניקט מיט צ. ס.)



אַ גרופּע אַקטיוויסטן פון פועלי ציון (פאַראייניקט מיט צ. ס.) אין טאַרנע

דער קאָמיטעט פון טאַרנער התאחדות־פועלי ציון איז לעצטנס באַשטאַנען פון פאָלגנדע חברים: ד״ר עמיל מערץ — פאָרזיצער, יוסף גרינבערגער — וויצע־פאָרזיצער, יוסף שטריים — סעקרעטאַר, חיים ווייס — קאַסיר, דוד שנור, יחיאל אונגער, שמואל צימעטבוים, אהרון ווענ, נויפעלד, ראָזען, לאַנגזאַם.

כבוד זייער אָנדענק!

ד"ר ישעיהו שפירא

## פון „בר־גיורא" צו „גורדוניה"

אין עק גאָלדהאַמער־גאַס, אַנטקעגן דער בראָדזשינסקי־שול פון איין זייט און די קאַסערן פון דער אַנדערער זייט, איז געשטאַנען אַ גרויס דריישטאָקיק הויז. יעדן נאָכמיטאָג, אַרום דריי אַ זייגער, האָט מען געקאָנט זען קינדער אַריינגיין אינעם ברייטן טויער פון הויז און הערן זייערע טריטביים קלעטערן אויף די טרעפּ, ביזן דריטן שטאָק. דאָרט האָט זיך געפונען דאָס אָרט, וואוהין זיי האָבן געאיילט: די יידישע אָכראָנקע. אין דריי גערוימע שטובן האָבן אויף די בענק זיך אויסגעזעצט צענדליקער קינדער אַרום טישן, נעבן די קינדער — זייערע מדריכים, יינגלעך און מיידלעך פון גימנאַזיע. זיי האָבן געהאָלפן די יינגערע פאַר זיי תלמידים אין די לעקציעס פאַר דער פוילישער שול, געלערנט זיי לייענען, שרייבן, רעכענען.

פאַרענדיקט די דאָזיקע הילף־אַרבעט, האָבן זיי צונויפגעזאַמלט אַלע קינדער אויף איין אָרט און אָנגעהויבן אַ נייע סדרה — די סדרה פון לערנען העברעאיש, יידישע געשיכטע, פּאַלעסטינאָגראַפיע, ציוניסטישע לידער. אין קלוב איז געוואָרן פריילעך.

דערנאָך איז מיט ענערגישע טריט אַריינגעקומען אַ מיטלוואוקסיקע פרוי מיט אַ שמייכלענדיק איינדרוקספול פנים און מיט איר שאַרפן בליק אַרומגענומען די גרויסע זאַלן. דאָס איז געווען די פאָרזיצערין פון דער אָכראָנקע, פרוי פרידלענדער. זי האָט צונויפגערופן אַלע מדריכים צו אַ זיצונג און מ'האָט אָנגעהויבן באַהאַנדלען פאַרשידענע פּראָבלעמען פון דער אָכראָנקע. אָט רוקט זיך אָן דער ווינטער מיט זיינע קעלטן און שנייען און ס'איז די העכסטע צייט אָנצוהייבן זאָרגן וועגן שיך פאַר די קינדער, וואַרעמע וועש, קליידונג. די קינדער ווערן שוואַך דערנערט, מען דאַרף טראַכטן וועגן אַ צוגאָב־באַשפּייזונג פאַר זייערעטוועגן, מעדיצינישע הילף א. אז. וו. מען דאַרף רופן דעם קאָמיטעט, דורכפירן אַ זאַמלונג צי פאַראַנשטאַל־טונגען, גיין צו פריינט און שאַפן געלט.

אַזאַ איז געווען די אַרבעט און די זאָרגן פון דער אָכראָנקע ,אַרום וועלכער עס האָט זיך געזאַמלט אַ גרופּע וואונדערבאַרע געזעלשאַפטלעכע טוערינס ווי: פרוי פרעדלענדער, רבקה פייג, שרה בינענשטאָק, שרה בערקעלהאַמער, לייבעל, אָרמיאַן און פיל אַנדערע. אַלס מדריכים אין דער אָכראָנקע האָבן געאַרבעט שילער פון די גימנאַזיעס און געוועזענע ישיבה־בחורים, אין וועמענס שפּיץ ס'זענען געשטאַנען: לעאָן שפּיגעל און סאָנקע גרין. שפּיגעל איז שוין דעמאָלט געווען אַ געענדיקטער יוריסט, סאָנקע איז נאָך געווען אַ סטודענטין. ער — אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ

שטילער, אָבער פול מיט ענערגיע. זי — אַ שענהייט מיט בלאָנדע האָר און גרויסע בלאָע אויגן, אַ וואונדערבאַרער טיפּ פון אַן אינטעליגענט אידעאַליסטיש מיידל.ביידע ציוניסטן, האָבן זיי באַשלאָסן צו זיין טעטיק צווישן יידישער יוגנט און פירן אַן אויפקלער־און בילדונגס־אַרבעט. לעאָן שפּיגעל האָט צו דער דאָזיקער אַרבעט צוגעצויגן כמעט זיין גאַנצע משפחה און באַזונדערס זיינע שוועסטערן נאַטקאַ און פראַנקאַ.

אָכראָנקעס האָבן זיך געפונען אין כמעט יעדער גאַליצישער שטאָט, נאָר מיר שיינט, אַז די טאָרנער אָכראָנקע האָט פאַרמאָגט איר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, הגם זי האָט נישט דיספּאָנירט מיט קיין סך געלט־מיטלען און איר לאָקאַל איז געווען זייער באַשיידן. דערפאַר אָבער האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר גייסטיקער אַטמאָספער און קולטורעלער סביבה, זייער ווייט פון דער פאַלשער פילאַנטראָפּיע און סנאָביזם. דער דאָזיקער קולטורעלער כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע איז נישט געווען קיין צופאַל, ווייל די מענטשן וואָס האָבן געשאַפן די אָכראָנקע און אין איר געאַרבעט, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ קאָנסטרוקטיווע פאָרטגעשריטענע אָנשויאונג וועגן סאָציאַלער טעטיקייט. אין פאָדערגרונט האָבן זיך אַרויסגערוקט מיטגלידער פונעם באַוואוסטן טאָרנער פרויען־פאַריין „מרים״ — אַ זעלטענע דערשיינונג פון אַ פרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט גאָר פאַר־שידנאַרטיקע און כלומרשט קעגנזעצלעכע אייגנשאַפטן: ערנסטע אידעאַליסטישע סאָציאַלע איינשטעלונג מיט דער נייטיקער פאַרשטענדעניש פאַר אויסערלעכער שיינהייט און פאָרם. דער טיפּ פון אַ „מרים״־מיידל איז געווען — סינטעזע פון ערנסטן דענקען מיט דער שטרעבונג צו אַ שיינעם, אפילו עלעגאַנטן אויסערלעכן אויסזען. די מיטגלידער פון „מרים״ האָבן צו דער טעטיקייט צוגעצויגן די יוגנטלעכע אינטעליגענץ פון פאַרשידענע שיכטן.

דער גייסט פון דער אָכראָנקע איז געווען אַ ציוניסטישער, מיט פאָרטגעשריטענע סאָציאַלע טענדענצן. די יונגע מדריכים האָבן געגרינדעט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בר גיורא״. דער לייטער פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען לעאָן שפּיגעל, זיין פאַרטרעטער — סאָנקע גרין. דער שרייבער פון די שורות איז געווען סעקרעטאַר, און שפּעטער ווען די שפּיגעלס האָבן זיך צוריקגעצויגן, האָב איך איבערגענומען די לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע. איר ערשטער ציל איז געווען: זעלבסטבילדונג. איך האָב צוגעצויגן צו דער אָרגאַניזאַציע מיינע חברים פון גימנאַזיע. אַ טייל פון זיי זענען געקומען פון השומר הצעיר און אַ גרויסער טייל פון דער פאָלקס־יוגנט, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, געהילפן און חסידישע בחורים, וועלכע האָבן גע־שטרעבט צו וועלטלעכער השכלה. איינער פון די אַממיינסטן כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון „בר גיורא״ איז געווען איר פאָלקסטימלעכער כאַראַקטער אין רעזולטאַט פונעם מענטשן־מאַטעריאַל פון דער אָכראָנקע. דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס „בר גיורא״ איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די ערשטע סניפים פון גורדוניה אין פוילן. דער השומר הצעיר איז צו יענער צייט געווען אַ מער עקסקלוזיווע אָרגאַניזאַציע און באַשטאַנען מייסטנס פון סטודענטן, בעת „בר גיורא״ איז געווען מערער פאָלקסטימלעך. זי האָט נישט אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכן איר סקויטישן עלעמענט ווי דער השומר הצעיר.

נאָכן השומר הצעיר איז „בר גיורא״ געווען די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע, וועלכע האָט געשיקט קיין ארץ־ישראל די ערשטע גרופּע עולים. אייניקע פון זיי האָבן זיך נישט געקאָנט איינוואָרצלען און זענען צוריקגעקומען קיין טאָרנע, בעת די מיינסטע זענען געבליבן לעבן אין ארץ־ישראל.

די דריטע עליה און די שטאַרק אויסגעוואַקסענע טעטיקייט פון ציוניזם און חלוציזם, האָבן גורם געווען צו פאַרוואַנדלען „בר גיורא״ אין גורדוניה. די זעלבסט־בילדונגס־אָרגאַניזאַציע מיט חלוצישע טענדענצן האָט זיך איבערפאָרמירט אין אַן אויסגעשפּראָכן חלוצישער אָרגאַניזאַציע. די אידעאַלן פון אהרון דוד גורדון זענען געווען זייער נאָענט דער גייסטיקער און אידעאישער וועלט פון „בר גיורא״. די טעטיקייט פון גורדוניה האָט זיך געשטיצט אויף די דריי פאָלגנדע יסודות: חלוציזם — פאָלקסטימלעכקייט — פּאָליטישע אַרבעט.

כ׳האָב שוין פריער דערמאָנט די חלוצישע טעטיקייט פון „בר גיורא״ און איר פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער. אָבער „בר גיורא״ האָט אויך געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר פּראַקטישער פּאָליטישער טעטיקייט. אירע עלטערע מיטגלידער האָבן באַלאַנגט צו דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואו עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויס־קריסטאַליזירן מיינונגס־פאַרשידנהייטן, דער עיקר אויף דריי געביטן: חלוציזם, סאָציאַלע אָנשויאונגען און מער ציוניסטישע אַקטיוויטעט (דאָס לעצטע האָט הויפּטזעכלעך געפאָדערט די יוגנט). די דאָזיקע אונטערשיידן האָבן געבראַכט צום אַרויסטריט פון אַ גרופּע יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער התאחדות־פּאַרטיי און געגרינדעט אין טאָרנע אַ סניף פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. אין דער גרינדונג פונעם סניף האָבן אָנטיילגענומען: ד״ר ווילהעלם בערקעלהאַמער, ד״ר ישעיהו פייג, לייב קוואַדראַטשטיין, חיים פרידמאַן, און דער שרייבער פון די שורות. אַ טייל פון זיי זענען פריער געשטאַנען אין שפּיץ פון „בר גיורא״ און אַזוי אַרום פּאָליטיש אַקטיוויזירט דעם עלטערן שיכט פון דער אָרגאַניזאַציע.

נאָכדעם ווי „בר גיורא״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גורדוניה, איז דער טאָרנער סניף זייער שנעל געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט, שפּילנדיק אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער דעמאָלט נאָך יונגער גורדוניה־באַוועגונג אין פּוילן.

## אברהם כהנא

# אין יענע טעג

(צו דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאָרנע)

אויף דער איניציאַטיוו פון באַוואוסטן ציוניסטישן טוער משה וויזענפעלד איז אין די יאָרן 1907־8 אַנטשטאַנען די באַוועגונג „השחר", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו וועקן די אָרטאָדאָקסישע יוגנט פונעם לעטאַרגישן שלאָף און זי געווינען פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. די דאָזיקע באַוועגונג האָט אָפּגעהאַלטן צוויי צוזאַמענפאָרן און אַרויסגערופן אַן אמתע רעוואָלוציע ביי דער רעליגיעזער יוגנט. שוין דעמאָלט האָבן זיך אויסגעטיילט עליה־גרופן צווישן דער דאָזיקער יוגנט. טאָרנע האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער השחר־באַוועגונג. צו יענער צייט זענען פון טאָרנע עולה געווען קיין ארץ־ישראל די ברידער בראַנדשטעטער, פּנחס וואָלף, נתניאל דאַמאַסט, אהרון קלויבאויף, לייב ליכטינגער און אַנד.

די דאָזיקע באַוועגונג האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע באַדייטנדיקע ליטעראַטן און פּובליציסטן, ווי דב קימחי, יצחק לאופּבאַן, משה וויזענפעלד און פיל אַנדערע. מיט דער באַוועגונג האָבן אויך מיטגעאַרבעט באַדייטנדיקע טוער, און וועגן צוויי פון זיי, פּריצייטיק געשטאָרבענע, וויל איך דאָ דערמאָנען.

# ישראל פּערלשטיין

אַ תלמודיסט מיט וועלטלעכער בילדונג און דערצו אַ פריידענקער. מיטן גאַנצן האַרץ איז ער געווען איבערגעגעבן דער יידישער רענעסאַנס־באַוועגונג. גלייך נאָך דער אַנטשטייאונג פון השחר, האָט ער זיך געשטעלט אין אירע רייען, אַוועקגעבנדיק זיינע באַדייטנדיקע פעאיקייטן דער קולטורעלער און אויפקלערערישער אַרבעט צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט. צו יענער צייט האָט די דאָזיקע אַרבעט געמוזט געפירט ווערן אויף אַ קאָנספּיראַטיוון אופן. פאַר אַ רעליגיעזן יוגנטלעכן איז געווען געפערלעך צו פאַרנעמען זיך מיט ציוניסטישע ענינים. זיין גאַנצע קאַריערע איז געשטאַנען אין געפאַר. עס האָט אים געדראָט אַ חרם. פּערלשטיין האָט זיך אָבער מיט גאָרנישט גערעכנט. אין געהיים פלעגן זיך צונויפזאַמלען אָרטאָדאָקסישע יוגנטלעכע אין פאַרשידענע קליינע בתי־מדרשים און פּערלשטיין האָט געהאַלטן רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס — וויסנשאַפטלעכע, יודאַאיסטישע, ציוניסטישע און אַנדערע. ווען ער האָט שפּעטער זיך איבערגעטראָגן אין

אַ קליין שטעטל און געלעבט אין אַן אויסגעשפּראָכן אָרטאָדאָקסישער סביבה, האָט ער נישט איבערגעריסן זיין טעטיקייט. ער האָט כסדר געאַרבעט איבער זיך און געלערנט אַנדערע.

בעת דער מלחמה איז ער אַרויסגעפאָרן קיין ווין וואו ער האָט ווייטער געלערנט און זיך געווידמעט דער ציוניסטישער טעטיקייט.

ווען כ׳האָב נאָך אַ לענגערער צעשיידונג געזען פּערלשטיינען אין ווין, האָב איך געמוזט באַוואונדערן זיין קאָלאָסאַלן גייסטיק־עטישן פאָרטשריט וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין נשמה, נישט געקוקט אויף דער שווערער האַרץ־קראַנקהייט וואָס האָט אים געמאַטערט, און די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו לעבן.

אין ווין איז פּערלשטיין געווען אין קאָנטאַקט מיט די באַדייטנדסטע פּער־זענלעכקייטן פון די ציוניסטישע קרייזן און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס.

ער האָט אויך פאַרמאָגט נישט־דורכשניטלעכע ליטעראַרישע פעאיקייטן און זיינע שריפטלעכע אַרבעטן האָבן געהאַט אַ ווערט.

זיין הויז איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר ליטעראַטן, שרייבער און בכלל אינטעליגענטע און געבילדעטע מענטשן. אין דעם הויז האָט געהערשט אַן אויס־געשפּראָכן גייסטיק־קולטורעלע אַטמאָספער. מיינע באַזוכן ביי אים אין דער היים האָבן מיר תמיד געגעבן אַ גייסטיקע באַפרידיקונג. עס האָט דאָרט געהערשט אַן אייגנאַרטיקע וואַרעמקייט. מיט צופרידנקייט דערמאָן איך די מינוטן וואָס איך האָב ביי אים פאַרבראַכט אין דער היים.

מיט זיין באַטייליגונג איז אין ווין אַנטשטאַנען אַ ציוניסטישער פאַרבאַנד „בונד״, וועלכער האָט געהאַט אַן אויפגאַבע צו פלעגן דעם ריינעם ציוניזם אויפן ביישפּיל פון די „בני משה״.

צו דעם פאַרבאַנד האָבן געהערט: הרב חיות, הרב משה קראַמער, אַנפירער פון די ווינער מזרחיסטן, ד״ר סאַלאָמאָן אויערבאַך, ד״ר חיים טאַרטאַקאָווער, ד״ר ניסן שטיין, פּראָפ׳ שעכטער. אין אַ צייט אַרום האָב אויך איך זיך אָנגעשלאָסן אין דעם פאַריין.

עטלעכע חדשים נאָך מיין אַרויספאָר האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פּערלשטיין איז קראַנק און כמעט פולשטענדיק פאַראַליזירט. אין שרעקלעכע יסורים האָט דער איידעלער מענטש אויסגעהויכט זיין אָטעם אין יאָר 1921. כבוד זיין אָנדענק!

## דוד געלדציילער

איינער פון די באַדייטנדיקסטע ציוניסטישע טוער נאָך פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ הויכער, מיט אַ שטאַרקן קערפּער־געבוי, האָט ער שטענדיק געהאַט גרייט אַ וויץ, וואָס האָט געשמיסן די נעגאַטיווע זייטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אייניקע פּאַרטיי־טוער. הגם אַ בייסיקער סאַטיריקער, האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט און מיט גרויס ערנסטקייט זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישע

ענינים. אַלס מיטגליד פון פּרעזידיום פון השחר, איז ער געווען מיטרעדאַקטאָר פון עטלעכע העפטן פונעם העברעאישן אָרגאַן א. נ. „השחר".

צו דער קונסט פון שרייבן האָט ער זיך באַצויגן מיט לייכטזיניקייט. פון צייט צו צייט פּלעגט ער פאַרעפנטלעכן זייער אינטערעסאַנטע בייסיקע קאָרעס־פּאָנדענציעס אין „טאָגבלאַט" און אינעם סאַנאָקער „פאָלקספריינד".

איבעראַל באַליבט, האָבן מענטשן צו אים געצויגן, צו זיין געזעלשאַפט. דאָס פאַרברענגען אין זיין סביבה האָט געגעבן די אמתע הנאה. זיינע וויציקע באַמערקונגען און די בייסיקע סאַטירע, דורכגעדרונגענע מיט לעבנס־חכמה, האָבן אים פאַרשאַפט פיל „אָנהענגער".

אין קראָפּטפּולן עלטער, אַ פולער מיט ענערגיע און שאַפונגס־פרייד, האָט אים די ערשטע וועלט־מלחמה אַרויסגעריסן פון זיין סביבה. אומגעריכט, ביים שרייבן אַ הומאָרפולן בריוו צו זיין פריינט, האָט אַן איטאַליענישע קויל אים געטראָפן אויפן פראָנט אין יאָר 1917.

ווען מען שרייבט וועגן די ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געלייגט דעם גרונשטיין פאַרן ציוניזם אין טאַרנע, דאַרף אויך מיט כבוד דערמאָנט ווערן דער טרייער מיטאַרבעטער דוד געלדציילער, וועלכער איז ליידער אויף אַ טראַגישן אופן אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען.

כבוד זיין אָנדענק!

קובה פלישר

# לקראת המחר...
# לזכר שומרים יוצאי טרנוב

אבות תנועת השומר הצעיר היו חוגי „צעירי ציון" — נוער ציוני אשר נוסד עם הקמת התנועה הציונית, ותנועת הצופים היהודים, אשר נוסדה לפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה. חוגי הנוער היהודי המשכיל, אשר התלכדו בראשית המלחמה בווינה וערי מערב אירופה, היו גרעין לאותה תנועת נוער אשר הכתה גלים בערי גליציה ופולין ובמרוצת הזמן בעולם כולו. היא לקחה לה את שם „השומר", המסמל את גבורת ישראל במולדת החדשה, נוסף לערכי התנועה הצופית. אחרי שהתאחדה עם תנועת „צעירי ציון" בשם „השומר הצעיר", הפכה לתנועת נוער אחת ויחידה כמעט ברחוב היהודי.

עם תום מלחמת העולם, חוזרים הצעירים היהודים לערי גליציה, חדורי רוח החופש ושחרור עמים, מלאי רעיונות נשגבים על שחרור האדם ושחרור לאומי יהודי ומתחילה עבודת נמלים, קדחתנית, אירגונית וחינוכית כאחת.

טרנוב, עיר מאוכלסת יהודים, עם פאר הנוער שלה, תופסת במהרה את אחד המקומות הראשיים בין הקנים השומריים. הקן הטרנובאי הפך למרכז גלילי במחוז והלך מחיל אל חיל בקליטת שכבות נוער רחבות. למעלה מ־300 בני נוער, מתלמד ועובד, בגיל מ־20—10 היו מאורגנים בקן, בשנות הפריחה והשגשוג של התנועה.

התעורר הרחוב היהודי. מסמטאות אפלות של הגיטו ומפרברי מתבוללים, המרוחקים מהשפעת התרבות היהודית, מתלכדות חבורות בנים ובנות, יוצאים לחיק הטבע, לגנים ציבוריים, להרים ויערות הסמוכים, נושמים אויר צח, וחולמים את חלום ארץ ישראל ותקומת עם ישראל. מתנוסס ברמה הדגל העברי ונשמע השיר העברי בצעוד הנוער השומרי בגאווה ברחובות העיר. הדבר היה לצנינים בעיני האנטישמיים ועוכרי ישראלי למיניהם. במהרה הורגשה נחת זרועו של הנוער העברי, בעל הכרה לאומית, כשפרצו הפוגרומים בערי גליציה וגדודי הנוער עמדו בהגנה על נפש ההמונים היהודיים המותקפים. במבחן הימים הקשים הללו הובלט מאה מונים יעודו ותפקידו הלאומי. לא ייבוש עוד היהודי המוכה, כי בנו או בתו יצטרפו „לאלה", הנושאים את עיניהם לקראת המחר המבטיח.

באוגוסט 1919 מתכנסת בטרנוב ועידה שומרית שניה, המסמלת מפנה ותקופה חדשה בשביל התנועה כולה. הועידה השניה בטרנוב, אחרי הראשונה בטרנבה אשר בקרפטים, מלפני שנה, רכזה למעלה מ־300 צירים מכל רחבי גליציה ונציגים מפולין. ביום הראשון התקיים כנס האקדמאים בני 18 למעלה, „שכבה שלישית",




חלוצים פון „השומר הצעיר" אין טאַרנע

בו התנגשו דעות על הדרך העתידה של הבוגר בתנועה. למחרת התקיים כנס המדריכים, אשר הווה מפנה רציני בדרך התנועה. בעיתון „השומר" מהתקופה הזו כתוב: „אם בועידת טרנאבה ידענו להרקיע עד שחקים, הרי כעת אחרי ועידת טרנוב, נדע לעמוד איתן על הקרקע". בין היתר הוחלט בועידת טרנוב על הקמת הסתדרות שומרים־חלוצים, שדרכה מחייבת הגשמה חלוצית בארץ, על שאיפה להקמת מושבה שומרית בארץ ישראל, על צירוף נוער עובד לתנועה והוקם גם וועד להקמתו ופיתוחו של בית ספר עברי. עם וועידת טרנוב עלתה התנועה על דרך הגשמה חלוצית אקסקלוסיבית ושלילת הגלות.

מתחילה תקופת עבודה חינוכית אינטנסיבית ביותר. חינוך ערכי אדם וערכי יהודי בעל הכרה לאומית, מלחמה על צדק סוציאלי, שחרור האשה, החיאת השפה העברית ושיבה לעבודה גופנית. החלה הכנה לעליה בחוות הכשרה שונות, באחוזות, אצל בעלי מלאכה ואיכרים. השאיפה לפרודוקטיביזציה מוציאה את הנוער, בניגוד לרצון הוריו, לחנכו למקצוע חופשי כנהוג עד כה, מספסל בית הספר ומפנה אותו ללימוד מקצוע למען ארץ ישראל. לשם הקלת העבודה וכן להגנה לפני השלטונות, מוקמים וועדי הורים, הדואגים לאמצעים בקיום הקן, ההכשרה והעליה. בין הפעילים בוועדים האלה בטרנוב היו: ד"ר שפן, ד"ר פייג, גב. פרידלנדר, גב' גרינברג, ח. נייגר ז"ל, ד"ר חומט, ד"ר מרץ, ד"ר יקל ז"ל, שפנדל ז"ל ועוד רבים.

שליחי הקן נהלו פעולה ארגונית בערי הסביבה, נהלו מושבות קיץ גליליות, ייסדו קנים בפילזנו, דמביצה, מילץ ועוד ועבדו גם בהנהגה הראשית בלבוב.

עם העליה השלישית, אחרי המלחמה, החלה גם עליה שומרית גדולה. בין 600 השומרים העולים היו רבים מאנשי טרנוב. מי שעזב את ספסל הלימודים לפני תעודת הבגרות, מי אחריה, מי עם מקצוע ביד ומי בלעדו. גם חלקן של החברות אינו קטן בין העולים. בהסתר גונבים גבולות, אין כל מעצור לפני רצון ההגשמה.

בין הראשונים אשר עלו מטרנוב (יסלחו אלה ששמותיהם נשמטו בשגגה) היו: ז. בלוך, פ. שינגל, מ. וייס, דינה בק, א. פרידלנדר ז"ל, האחים ויידלר, יעקב לייבל ז"ל, יהודה יערי, אסתר הרשקוביץ, סימה אורמיאן, שרה לדנר, ד. אומנסקי, רודנר ז"ל, לב־טוב, ח. הרצמן ז"ל, י. נייגר, מ. מן ז"ל, פ. זויארשטרום ז"ל, ח. אופנר ז"ל, קורנילו ועוד רבים.

בארץ הם מיבשים ביצות, סוללים כבישים, רבים מהם הם בין מיסדי הקיבוץ השומרי הראשון בית אלפא ונמצאים בו עד היום.

בשנת 1922 מתכנסת שוב ועידת מנהלים בטרנוב, משותפת לגליציה ופולין, מדברים על איחוד שתי התנועות, מאשרים את דרך ההגששמה העצמית הקיבוצית. מספר העולים מהושמר הצעיר בעיר הולך וגדל.

בינתיים נוסדו בעיר תנועות נוער אחרות המהוות כוח מתחרה להשומר הצעיר. אולם למרות הכל היא נמנית בין הגדולות בעיר, היא גם הראשונה בעבודה למען הקהק"ל ויתר הפעולות הציוניות. עולות קבוצות שלמות, עולים יחידים ומשפחות. הולכים ומוקמים קבוצים שומריים חדשים, לעליה ובהם לא ייעדר מקום בני עירנו השומרים.

התנועה השומרית בטרנוב חדרה לכל שכבות החברה היהודית בעיר. יחד עם יתר התנועות בעיר נלחמה על רכישת הנוער היהודי לרעיון והגשמה ציונית. לדאבוננו לא הבין עוד כל הציבור היהודי את הרעיון הנעלה של השחרור הלאומי. רק עם אבדן מליוני היהודים, בשעת התבערה הנאצית, בה גם הושמדה כל הקהלה היהודית בעיר, הובן התפקיד הנעלה של הנוער שלנו. הנוער השומרי המאורגן, יחד עם יתר תנועות הנוער הציוני נהל את מלחמת ההתגוננות בגיטו הטרנובאי, במחתרת ובין הפרטיזנים, יחד חזקו את רוח הכושלים והגישו עזרה לנופלים. מעשי גבורה רבים ופעולות ההצלה יעידו על כוח חיוניותו של הנוער הזה — עד הרגע האחרון.

אלפי שומרים עברו והתחנכו במסגרת הקן הטרנובאי, אולם מסיבות שונות רק מעטים הגיעו לשערי הארץ. כאן המשיכו אלה את המסורת המפוארת בבנין הארץ ובהגנתה. החל מהקבוץ השומרי הראשון בבית אלפא, דרך מרחביה, עין המפרץ, תל עמל, יד מרדכי, עין שמר ועוד מדן עד הנגב הרחוק, אפשר למצוא את השומרים מטרנוב.

רבים נפלו בשעת המאורעות בארץ, רבים נפלו קרבן למחלות ותנאי כיבוש השממה ואחרון אחרון — לא מעטים הרוו בדמם הטהור את אדמת ישראל בסייעם לנצחון במלחמת העצמאות שלנו. בין אלה ייזכרו: יאנק פרידלנדר, מראשוני החלוצים, יהודה שפנוף, איציק קורנרייך, אולק צייכנר ועוד.

כבוד ותהילה לאנשי הגבורה, אשר עצמותיהם נחו באדמת ישראל, כבוד ותהילה לאלה אשר נפלו בדרך הארוכה, בגיטאות, במחנות השמדה, במחתרת ובגלוי, מי עם נשק ביד, ומי עם אגרוף קמוץ. לכל אלה לא נתן הגורל האכזר להגיע למחוז חפצם.

וטרנוב, עיר ואם בישראל, הקהלה המפוארת בעלת המסורת היהודית הארוכה, קריה נאמנה לבניה, אשר חנכה אותם וגדלה לקראת העתיד המבטיח, תשאר לנצח בזכר הדורות כדף מזהיר בספר החדש של תולדות ישראל.

## חיים הערצבערג

# מיט דער שיף „טיגערהייל" קיין ארץ ישראל

טאָרנער חלוצים האָבן נישט געוואַרט אויף סערטיפיקאַטן, כדי צו רעאַליזירן זייער אידעאַל. אויב מען האָט נישט צוגעטיילט קיין סערטיפיקאַטן, ווייל ס'האָט נישט געסטייעט פאַר אַלע, וואָס האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט עולה צו זיין — האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט דער אומלעגאַלער עליה.

דאָסזעלבע איז אויך געשען מיט מיר. קעגן ווילן פון מיינע טייערע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען על קדוש השם, האָב איך זיך אין חודש מאַי 1939 — נאָכן פאַרענדיקן די הכשרה, אָנגעשלאָסן אָן אַ גרופּע חלוצים פון גורדוניה, וואָס האָבן געדאַרפט מיט דער עליה ב' דורכשלאָגן זיך צו די ברעגעס פון ארץ ישראל. נישט געזעגנט זיך אין דער היים, האָב איך דעם 5־טן מאַי 1939 פאַרלאָזט טאָרנע און דעם 7־טן בין איך ערשט אָנגעקומען קיין לעמבערג, וואו דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „גורדוניה" האָט אָרגאַניזירט די נסיעה. עס האָט אויך גענוג לאַנג געדויערט, ביז עס האָבן זיך פון אַלע עקן לאַנד צונויפגעזאַמלט אַ מחנה חלוצים, וואָס האָבן זיך פאַר גאָרנישט געשראָקן און באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף אַן אומזיכערער שווערער נסיעה...

פון טאָרנע זענען אינצווישן אָנגעקומען נייע דריי חברים חלוצים, ווי צבי טאַנענבוים, מרדכי דרוקער און בעריש זינגער — אַלע איצט אין ישראל. אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען מיר זענען שוין געווען אין דער צאָל 250 עולים, האָט מען אונדז צוגעפירט ערגיץ וואו צו אַ קליינעם באַנהאָף, וואו מען האָט אונדז איינוואַגאָנירט. אין דער באַן, מיט וועלכער מיר האָבן געדאַרפט פאָרן, זענען שוין געווען 600 חלוצים, אַזוי אַז צוזאַמען האָט דער גאַנצער טראַנספּאָרט שוין געציילט 850 יונגע בחורים און מיידלעך.

אין 24 שעה אַרום נאָכן אָפּפאָרן פון לעמבערג זענען מיר אָנגעקומען צום רומענישן פּאָרט קאָנסטאַנצאַ, וואו מיר זענען באַלד באַוואַכט געוואָרן פון מיליטער און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. עס זענען פאַרגאַנגען 4 אומרואיקע און שפּאַנענדיקע טעג — פון וואַרטן און שמאַכטן אויפן באַנהאָף. דעם 15.7.1939 זענען מיר ענדלעך אַרויף אויף דער שיף „טיגורהייל", אַ גריכישער דאַמפער פאַר קוים 150 מענטשן.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין, ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון 850 מענטשן אויף אַזאַ טראַנספּאָרט־שיף. מיר האָבן אָבער אַלץ פאַרטראָגן. שוין אינעם אַכטן



עולים אויף דער שיף „טיגערהייל"

טאָג פון אונדזער נסיעה איז געשטאָרבן אַ בחורה. דעם טויטן קערפּער האָט מען אַראָפּגעלאָזט אין ים אַריין. אָבער נישט דער ברויזנדיקער שטורם, וואָס האָט געטרייסלט מיט דער שיף, נישט דער מאַנגל אין ברויט און וואַסער האָט אונדז אָפּגעשראָקן. פאַר אונדזערע אויגן האָט געשוועבט דער ענדציל... צו דערשלאָגן זיך צו די ברעגעס פון ארץ ישראל. דאָס האָט אונדז צוגעגעבן מוט איבערצוטראָגן דעם שרעקלעכן מצב אויף דער שיף...

און דערצו זענען מיר געווען אָנגעוויזן נאָר אויף זיך אַליין. מיר האָבן נישט געקאָנט רעכענען אויף קיין שום הילף פון וועלכער עס איז זייט. קיינער האָט אונדז נישט געוואָלט העלפן אין דער נויט, אין וועלכער די שיף האָט זיך שטענדיק געפונען. ווען מיר זענען אַ געוויסן טאָג געבליבן אָן וואַסער און אָן קוילן, זענען מיר צוגעפאָרן צו דער איטאַליענישער אינדזל ראָדאָס און געוואָלט פאַר געלט איינקויפן די נייטיקע זאַכן. באַלד אָבער איז אָנגעקומען אַ באַוואָפנט שיפל מיט איטאַליענישע סאָלדאַטן און געדראָט אויף אונדז צו שיסן, אויב מיר וועלן זיך נישט תיכף אָפּטראָגן פון דער אינדזל.

האָבן מיר געפּרוּווט מזל און צוגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און אויך פון דאַנען האָט מען אונדז פאַרטריבן מיט דראָאונגען. נאָך 5 וואָכן אַרומוואַלגערן זיך אויפן ים — איז די לאַגע אויף דער שיף געוואָרן גאָר טראַגיש. אָן קוילן, אָן וואַסער און עסוואַרג... פון איבעראַל געטריבן און פאַרפאָלגט, האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן זיך צו דערנענטערן צו ביירוט. דאָרט איז געלונגען איינצוקויפן וואָס מיר האָבן נאַדאַרפט פאַר דער שיף און פאַר די מענטשן. און ווען די אַראַבישע אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויפצולאָדענען די קוילן און שפּייזאַרטיקלען, האָבן מיר אַלע זיך גענומען צו דער אַרבעט און דערנאָך שנעל פאַרלאָזן דעם אַראַבישן פּאָרט.



עולים אויף דער שיף „טיגערהייל"

זייענדיק שוין ווייט אויפן ים, האָבן מיר באַקומען אַ טעלעגראַפישע ידיעה, אַז פון ביירוט איז אַרויסגעפאָרן אַ שיף מיט 650 פּליטים פון טשעכאָסלאָוואַקיי און פון עסטרייך און אַז מיר דאַרפן זיי אַריבערנעמען אויף אונדזער שיף. באַלד איז טאַקע אָנגעקומען די שיף פון ביירוט און אין מיטן ים איז פאָרגעקומען די איבער־פירונג פון די 650 פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַן עלנדן מצב. פאַר פרייד האָבן זיי זיך געקושט מיט יעדן חלוץ אונדזערן. איצט זענען מיר שוין געווען



די לויה פון די צוויי קרבנות פון דער שיף „טיגערהייל"

1500 מענטשן אויף אונדזער שיף. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳איז שווער געווען זיך אויסצודרייען. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי צו דערנענטערן זיך צו די ברעגעס פון ארץ ישראל.

ווען אונדזער שיף איז צוגעקומען נישט ווייט פון בת־ים, האָבן די ענגלענדער תיכף געעפנט אויף אונדז אַ פייער. צוויי פון אונדזערע זענען געפאַלן טויטע: איין חלוץ און דער שיפסדאָקטאָר, וואָס האָט געאיילט מיט מעדיציינישער הילף צו דעם פאַרוואונדעטן. צוויי טעג האָבן מיר זיך געראַנגלט ביי די ברעגעס פון ים. ביי נאַכט איז געלונגען 300 עולים צו אַנטלויפן פון דער שיף און זיי האָבן זיך דורכגעשלאָגן קיין תל־אביב. די צוויי קרבנות האָט מען ארויסגעגנבעט און אריבער געפירט קיין תל־אביב, וואו ס׳איז פאָרגעקומען אַן אימפּאָזאַנטע לויה.

דעם 1.9.1939 — אינעם טאָג ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, זענען מיר צוגעפאָרן צו די ברעגעס פון תל־אביב. מיר האָבן געפּרוּווט מיט כוח אַדורכצורייסן די קייט פון ענגלישע סאָלדאַטן... אָבער, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז נאָר 300 פון דער שיף געלונגען צו אַנטלויפן. דער רעשט... 1200 חלוצים און חלוצות — צווישן זיי אויך איך — זענען אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן 10 טעג אין דער סאַראַפאַנדער תפיסה. ערשט דעם 11.9.1939 זענען מיר באַפרייט געוואָרן.

י. שפּילער (חיפה)

# פון טאַרנע קיין תל אביב מיט דער עליה ב׳
## (זכרונות)

די געשיכטע פון טאַרנער החלוץ איז אַ פיל לענגערע איידער די צייט וואָס ווערט באַשריבן אין די ווייטערדיקע דעריבערונגען (1931־33). די דאָזיקע דריי יאָר זענען גאָר אַ קליינער אָפּשניט פאַר דער געשיכטע, זיי האָבן אָבער געשפּילט אַ קאָלאָ־סאַלע ראָל אינעם לעבן פון יידישן יוגנטלעכן, וועלכער האָט זיך פּלוצום אַרומגעזען, אַז עס פעלן אים די ראַמען פון אַ באַוועגונג, אין וועלכער ער זאָל זיך קאָנען אויסלעבן און פאַרווירקלעכן זיינע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אידעאַלן און איבערצייגונגען.

אין יענע יאָרן האָט אין טאָרנע, נאָך מער ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין מערב־גאַליציע, זיך אַנטוויקלט דער סניף פון החלוץ און דערגרייכט אַ גרויסע צאָל חברים און חברטעס, וואָס האָט ווייט איבערגעשטיגן די צאָל פון אַנדערע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. עס זענען געווען דערפאַר פּשוטע אָביעקטיווע סיבות, ווייל דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון דער יידישער באַפעלקערונג, און במילא פון דער יידישער יוגנט, איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער. אונטער דער לאָזונג „הכשרה ועליה” האָט דער החלוץ צוזאַמענגענומען די אַלע יידישע יוגנט־לעכע, וואָס האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות נישט געקאָנט זיך אויסלעבן אין אַנדערע יוגנט־באַוועגונגען.

צום החלוץ האָבן געקענט געהערן יוגנטלעכע פון אַכצן יאָר אָן. דער הויפּט־ציל איז געווען — צוגרייטן קאַדערן צו עליה. אין תוך איז דער החלוץ געווען אומפּאַרטייאיש אין ברייטערן זין פון וואָרט, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אונטערגעשטראָכן זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט און פּאָליטישע אָנשויאונג. דער צוזאַמענשטעל פון החלוץ איז געווען אַ פאַרשידנ־אַרטיקער: קינדער פון בעלי־בתים, סוחרים, אַרבעטער, ועמען דער בשותפותדיקער אידעאַל האָט צוזאַמענגעפירט אונטער איין דאַך. מיר, לעבן־געבליבענע טאָרנער החלוץ־מיטגלידער, געדענקען זיכער דעם לאָקאַל אויף בערנאַדינער־גאַס, מיטן ברייטן הויף, וואו מיר פלעגן פאַרברענגען די אָוונטן אויף ויכוחים, שמועסן, עברית־לעקציעס, אָדער אויף געזאַנג פון העברעאישן ליד.

איינער פון די עיקר־יסודות פון דער באַוועגונג איז געווען דאָס דערלערנען די העברעאישע שפּראַך. צו דעם צוועק זענען אין די אָוונטן פאָרגעקומען ספּעציעלע קורסן. אַלס לערער זענען מאָביליזירט געוואָרן עלטערע חברים, באַרופענע פאַר

אַזאַ אַרבעט, פּעאיקע יונגע לייט, ס׳רוב געוועזענע ישיבה בחורים, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן אונדזערע רייען, כדי צו קאָנען וואָס גיכער עולה זיין.

עס איז דעמאָלט געשטיגן דער דראַנג צו איבערשיכטונג און פּראָדוקטיוויזאַציע. ס׳רוב יוגנטלעכע, ווען ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען עקאָנאָמיש גוט איינגעאָרדנט, האָבן פּלוצים דערשפּירט די האָפענונגסלאָזיקייט פון זייער לאַגע, אַ צוקונפט אָן אויסזיכטן. די אַרבעטלאָזיקייט איז געוואַקסן. אויך יוגנטלעכע האַנדלס־אָנגעשטעלטע האָבן דערפילט דעם ביטערן טעם פון רעדוקציעס און אַרבעטסלאָזיקייט. אפילו אַקטיווע מיטגלידער פון אַנטי־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס (בונד, קאָמוניסטן), האָבן אָנגעהויבן קומען אין החלוץ, זעענדיק אין אים דעם איינציקן וועג־ווייזער פאַר דער יידישער יוגנט.

דער סערטיפיקאַטן־סיסטעם האָט אָבער אַלץ מערער באַשווערט די פאַר־ווירקלעכונג פונעם חלוצישן אידעאַל. מיט רעכט (אָדער אומרעכט) האָבן פיל ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס געטענהט, אַז זייערע חברים קומט פריער דער סערטיפיקאַט, ווייל זיי געהערן פיל יאָרן צו דער באַוועגונג און האָבן פון לאַנג דורכגעמאַכט די הכשרה. ארץ־ישראל האָט אָבער דעמאָלט געפאָדערט געניטע פאַכלייט, וועלכע ס׳האָט פאַרמאָגט דער החלוץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געראַנגל איבער דער ענגלישער „מתנה" — די נישטיקע צאָל סערטיפיקאַטן, וואָס דער בריטישער נציב האָט צוגעוואָרפן דער ציוניסטישער אַגענץ. דער אויסגעוואַקסענער דראַנג צו עליה האָט אָבער דורכגעבראָכן די פאַראַנענע באַגרעניצונגען. ס׳ווערט געבוירן די א.ג. עליה ב׳.

הונדערטער חברים פון החלוץ אין פוילן, און באַזונדערס אין טאָרנע, האָבן מיט התלהבות אויפגענומען די אידעע פון עליה ב׳ און געוואָלט אויסנוצן דעם דאָזיקן, הגם זייער שווערן און קאָמפּליצירטן וועג פון עליה, נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן, פאַרבונדענע אפילו מיט סכנות נפשות. דאָס עולה זיין דורך דעם דאָזיקן וועג איז געווען פאַרבונדן מיט באַדייטנדיק גרעסערע אויסגאַבן און אָפט־מאָל דערגרייכט דריי מאָל אַזויפיל ווי אַ נאָרמאַלע נסיעה. די מייסטע מיטגלידער פון החלוץ זענען געווען אומפאַרמעגלעך. אַ נישט קליינער טייל האָט זיך אויך אָנגעשטויסן אויף דעם שטאַרקן ווידערשטאַנד פון זייערע עלטערן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט הערן אפילו וועגן אַזאַ אופן פון עליה און נישט געזען אין איר בכלל קיין תכלית.

פונדעסטוועגן איז מיט באַגייסטערונג אויפגענומען געוואָרן די ידיעה, אַז עס גרייט זיך אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע עולים, און אַז פאַר טאָרנע זענען צוגעטיילט געוואָרן אַכט ערטער. אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פרייד פון דעם דאָזיקן נייעס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס ווען ס׳קומט פריער דאָס רעכט צו פאָרן. און די אַכט גליקלעכע, ווען ס׳איז צוגעטיילט געוואָרן אַזאַ רעכט, האָבן נישט געהאַט די גענוגנדע סומע געלט צו דעקן כאָטש אַ טייל פון די רייזע־הוצאות. ענדלעך זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן אַכט קאַנדידאַטן, ס׳רוב עלטערע מיטגלידער פון החלוץ, וועלכע זענען געגעבן אינפאָרמירט געוואָרן וועגן די געפאַרן וואָס דערוואַרטן אויפן וועג. די דאָזיקע עליה האָט מען אָנגערופן „עלית כפר סבא" און דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם כבוד און

דאָס גליק צו געהערן צו דער ערשטער גרופּע טאַרנער חלוצים, וואָס זענען געפאָרן מיט דער עליה ב׳.

אין משך פון געציילטע וואָכן זענען מיר געווען גרייט צו פאַרלאָזן אונדזערע היימען. אַלע צוגרייטונגען האָבן מיר דורכגעפירט שנעל און אָן איבעריקע פאַר־ווייקלונגען. אַמשווערסטן איז געווען דורכצורעדן זיך מיט אונדזערע עלטערן, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אַזוי לייכט שיידן מיט זייערע קינדער, הגם זיי האָבן געוואוסט ווי גליקלעך מיר זענען, קאָנענדיק ענדלעך רעאַליזירן אונדזער ציל.

דער גליקלעכסטער טאָג אין אונדזער לעבן איז געווען דער טאָג, ווען עס איז ענדלעך אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז מיר זאָלן פאָרן קיין לעמבערג — צום זאַמלפּונקט פון גאַנצן טראַנספּאָרט. אָבער אונדזער פרייד איז צעשטערט געוואָרן דורכן פאַנאַטיזם מצד געוויסע פרומע עלטערן און זייער קעגנערשאַפט צום ציוניסטישן אידעאַל. זיי האָבן בשום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זייערס אַ קינד זאָל אַראָפּ פון דרך־הישר. איין פאָטער פון חסידישע בעלי־בתּישע קרייזן האָט זיך באַזונדערס פאַרעקשנ׳ט און ממש פאַרלייקנט זיין אייגענעם זון, וועלכער איז געווען גרייט עולה צו זיין. און אָנשטאָט געבן דעם קינד זיין ברכה אויפן וועג, האָט ער אים אַרויסבאַגלייט מיט אַ קללה...

מיר זענען אָפּגעפאָרן. די נסיעה איז געווען זייער אַ שווערע. עס האָט זיך געפאָדערט פיל מוט און אָנשטרענגונג פון יעדן עולה באַזונדער. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אַלע געהאַלטן מוטיק, באַזונדערס די טאָרנער גרופּע, און אַזוי אַרום משפּיע געווען אויף די איבעריקע. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, האָט מען פאַר אונדז פאַרהוילן די טראַסע פון דער רייזע. ערשט נאָכן אָנקומען אינעם גריכישן פּאָרט פּירעאוס, וואו מיר זענען געשטאַנען דריי מעת־לעת, האָט מען אונדז געזאָגט וואו מיר געפונען זיך. דאָס וואַרטן אין פּאָרט האָט זיך אונדז אויסגעוויזן ווי מיר וואָלטן דאָרט געווען לאַנגע יאָרן. ענדלעך האָט מען אונדז אַריבערגעזעצט אויף דער לאַסט־שיף „וועלאָקס״, און 10 ביינאַכט זענען מיר אַוועק פון גריכנלאַנד אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

גאַנצע צען טעג האָט זיך געצויגן די דאָזיקע רייזע און כ׳בין איצט נישט אימשטאַנד אַרויסצוברענגען פּרטים פון דער ים־נסיעה. קיין האָניק האָבן מיר נישט געלעקט... אויפן קליינעם שיפל האָט געהערשט אַ מוראדיקע ענגשאַפט. די אַלטע פּראַכט־שיף האָט מיט קרעכצן געשלעפּט איבער די וואַסערן איר איצטיקן „באַגאַזש״: 300 עולים פון פּוילן. די היץ האָט שטאַרק געמאַטערט און דער אָנגעגרייטער נאָר אויף עטלעכע טעג שפּייז־רעזערוו האָט זיך אָנגעהויבן אויסלאָזן. די יוגנט אָבער האָט נישט נאָכגעגעבן פון איר ענטוזיאַזם און די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן טראַנספּאָרט האָבן נישט איינמאָל געבעטן איבערצורייסן דאָס געזאַנג פון חלוצישע און ארץ־ישראלדיקע לידער.

באַזונדערס אויסגעצייכנט פון דער טאָרנער גרופּע האָט זיך דער חלוץ מאיר. אַ באַשיידענער, תמיד פאַרחלומטער, ערנסטער. מיר האָבן פאַרשטאַנען וואָס דער דאָזיקער אידעאַליסטישער יוגנטלעכער לעבט איבער. אַ סך האָפנונגען און טרוימען האָט ער מיטגעפירט צום אויסגעחלומטן לאַנד, אָבער דעם טאַטנס קללה האָט ביי אים געוועקט אומרו און זאָרג. אין זיינע טרוימען האָט ער זיך אויך פאָרגע־



מאיר זילבערשטיין ז״ל מיט אַ גרופּע חברים חלוצים

שטעלט דעם גליקלעכן מאָמענט, ווען ער וועט קאָנען אַראָפּברענגען קיין א״י זיין גאַנצע משפּחה מיטן ברוגזן טאַטן בראש... היילק איז פאַר אים געווען דאָס לאַנד פון זיינע טיף־רעליגיעזע קינדער־טרוימען און איצטיקן חלוצישן אידעאַליזם.

ליידער — זיין ציל אין לעבן האָט ער נישט דערגרייכט און נישט זוכה געווען איבערצוטרעטן די שוועל פונעם יידישן לאַנד. וואָס נענטער מיר זענען געקומען צו די ארץ־ישראלדיקע וואַסער, האָט ער ווי מיט אַ רוח הנבואה פאָראויסגעזען זיין ביטערן גורל. עס האָבן נישט געהאָלפן די טרייסט ווערטער און באַרואיקונגען פון זיינע חברים. זיין האַרץ איז געווען באַשווערט.

און עס איז געשען...

ווען מיר האָבן פון דערווייטנס דערזען די ליכט פון תל־אביב, איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל אַריבערצוגיין פון דער שיף אין אַ קליין שיפל וואָס האָט אונדז באַדאַרפט צופירן צום ברעג (ווייל די גרעסערע שיף האָט לייכט געקאָנט אַנטדעקט ווערן דורך די ענגלענדער). אָט זיצן מיר שוין אינעם מאָטאָר־שיפל וואָס רייסט זיך פאָראויס. פּלוצום — אַ רעש, די כוואַליעס באַדעקן אונדז (אמת, דער ים איז דעמאָלט געווען שטורעמדיק, אָבער מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אויף אַזאַ אופן). און וואָס ס׳האָט ווייטער פּאַסירט, געדענק איך נישט. כ׳קאָן נאָר איבערגעבן וואָס מ׳האָט אונדז שפּעטער דערציילט:

דאָס שיפל האָט זיך דעמאָלט איבערגעקערט און אַלע האָבן אָנגעהויבן זיך טרינקען. בלויז אַ דאַנק דער פון פאָראויס אָרגאַניזירטער און צוגעגרייטער הילף איז געלונגען אויסצומיידן אַ גרויס אומגליק. און ווען מיר, שוין אָפּגעראָטעוועטע, זענען געקומען צו זיך, האָט מען זיך אַרומגעזען אַז מאיר פעלט צווישן אונדז. אין יענער נאַכט האָט מען שוין גאָרנישט געקאָנט מערער אויפטאָן. אונדזער מאיר איז פאַרשלונגען געוואָרן דורך די ים־כוואַליעס... די דאָזיקע ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער תל־אביב און מאַסן מענטשן האָבן געשטראָמט צום ברעג פון צעבושעוועטן ים. און אַזוי ווי דאָס געשעעניש האָט אויך דערגרייכט צו די אויערן פון דער מאַנדאַט־מאַכט, האָט מען אונדז בכלל נישט אַרויסגעלאָזט פון די קאָנספּיראַטיווע ערטער, וואו מיר זענען געווען באַהאַלטן, און אין גאַס נישט געקאָנט דערוויסן זיך דעם גאַנצן אמת. יעדן באַזונדער פון אונדז האָט מען געפּרוווט באַרואיקן, אַז ס׳פעלט נישט קיינער פון דער טאָרנער גרופּע. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געזוכט דעם דערטרונקענעם, אָבער אָן דערפאָלג. ערשט צומאָרגנס אינדערפרי האָט אַ קליין יינגל אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה:

— די כוואַליעס האָבן אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג אַ טויטן קערפּער פון אַ מענטש.

מיר האָבן דערקענט מאירן...

זאָלן די דאָזיקע ווערטער דינען אַלס מצבה דעם אומבאַקאַנטן טאָרנער חלוץ מאיר, וועלכער האָט מקריב געווען זיין יונג לעבן דעם הייליקן אידעאַל פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג.

## יהושע לאַנדוי (תל־אביב)*

# ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — זש. פּ. ס.

אין אָנהויב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט האָב איך זיך געשטעלט אין אַ קאָנפליקט מיט מײַן היים: קעגן דעם ווילן פון מײַן פאָטער פאַרלאָז איך די שטוב און פאָר אַריבער קיין טאָרנע, כדי אָנצוהויבן פירן אַ זעלבשטענדיק לעבן. דער דעמאָלטיקער שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָד פאַרוואַנדלט מיך אין אַן אַגיטאַטאָר אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס, ריכטיקער — אין די פּריוווילִיקע ייִדישע געטאָס אין גאַליציע.

אין טאָרנע דערפיל איך ערשט וואָס עס הייסט זײַן אַן אומאָפּהענגיקער מענטש. איך גיי אַוועק צום פּילזנער טויער, וואו יונגע מענטשן וואַרטן אין די צענדליקער צי הונדערטער, ב־ז עס וועט זיך באַווײַזן אַ קונה אויף זייער אַרבעטס־קראַפט און זיי דינגען אויף מינדעסטנס צוויי יאָר ביי פאַרשידענע פאַכן און געשעפטן. דאָרט, אויף דער „בערזע״, פלעגן זיך צונויפטרעפן די אַרבעטסנעמער און אַרבעטסגעבער. דער באַלעבאָס פלעגט גוט אָנקוקן דעם פאַרשוין וואָס האָט אים באַדאַרפט דינען מיט זײַן אַרבעט, מיט די אויגן אָפּשאַצן זײַן לייסטונגס־פעאיקייט, מיט די הענט טאַפּן די מוסקולען און — דינגען זיך אַ געזעלן.

אויך מיך האָט מען געדונגען אויף אַזאַ אופן, גליקלעכערווײַז איז מײַן באַלעבאָס געווען אַ קולטורעלער מענטש; ער פרעגט מיך גלײַך, צי איך קען לייענען און שרײַבן. דעם געשפּרעך מיט מיר פירט ער אין דײַטש, פּויליש און ייִדיש. ווײַזט אויס, אַז מײַנע ענטפערס געפעלן אים, ווײַל ער דינגט מיך אויף צוויי יאָר אַלס משרת (האַנדלס־אָנגעשטעלטער). די ערשטע חדשים מוז איך טוען אַלע אָן אויסנאַם אַרבעטן, אַרײַנגערעכנט אויך שטוב־אַרבעט. אגב, אַזוי פלעגן זיך דעמאָלט פירן אַלע אָן אויסנאַם אונטערנעמער מיט די ניי־צוגענומענע אַרבעטער. אויך מיר האָט מען אָנגעהאָנגען פאַרשידענע זײַטיקע אַרבעטן און מײַנע באַלעבאַטים האָבן געפילט אַז דאָס ערגערט מיך, זיי ווייסן אויך מײַן יחוס־בריף, און דאָס, ווײַזט

---

* דער מחבר פון די זכרונות, יהושע לאַנדוי, (איצט אין ישראל), איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער זש.פּ.ס. אין טאָרנע. הגם ער גופא שטאַמט פון אַן אויסגעשפּראָכן רעליגיעזער היים (אַן אייניקל פון פּראַגער רב לאַנדוי), האָט אָבער זײַן פאָטער, דער משכיל, און די מוטער, אַ וואוילטעטיקע טוערין, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערין פון די „חלוקה״־געלטער פאַר ארץ־ישראל אין לעצטן יאָר־צענדליק פון פאַריקן יאָרהונדערט, שטאַרק געזאָרגט דערפאַר, אַז זייערע קינדער זאָלן באַקומען אויך אַ וועלטלעכע דערציאונג אין נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן גייסט. די משפחה לאַנדוי שטאַמט פון נייסאַנץ, און ערשט אין יאָר 1901 איז דער שרײַבער פון די זכרונות געקומען קיין טאָרנע זוכן אַרבעט און דאָ זיך אָנגעטראָפן אויף די אַלע פּראָבלעמען און דערשײַנונגען פונעם דעמאָלטיקן ייִדישן אַרבעטער־לעבן. (רעד.)

אויס, האָט אַנטשידן, אַז כ׳זאָל ווערן אַן איינגייער ביי זיי אין שטוב, ממש אַ בן־בית. יענע צייטן האָט עס געמיינט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דער היעראַרכיע־באַציאונג צווישן באַלעבאָס און געזעלן. און עס גליקט מיר אָפּ אין דעם הויז. דער זון פון מיין באַלעבאָס, אַן אַדוואָקאַט און פירער פון דער פּוילישער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.), פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק, פון וועלכער ער דערלויבט מיר צו געניסן. זיין שוועסטער רעקאָמענדירט מיר זיך צו באַקענען מיטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״. די ווערק פון ענגעלס, פּלעכאַנאָוו, העס און אַנדערע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער ווערן געמיינזאַם שטודירט. אויסער דעם הויב איך אָן „אַריינקריכן״ אין דער שיינער ליטעראַטור: מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, היינע, טאָלסטוי און אַנדערע גרויסע שרייבער ווערן מיר נאָענט און אייגן. אַ גרויסן



**יהושע לאַנדוי אין יאָר 1904 אין טאַרנע (איצט אין תל־אביב)**

איינפלוס האָט אויך געהאַט די בונדיסטישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור וואָס איז מיר, אַלס ייִד, שטאַרק געפעלן געוואָרן און דערנענטערט מיך צום יידישן סאָציאַ־ליזם. אמת, פּ.פּ.ס. האָט געהאַט אין אירע רייען פיל, פיל יידן, אָבער מיר פילן, אַז אַלס יידן ווערן מיר דאָרט נאָר געדולדעט. נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער קעגנערשאַפט מצד די דעמאָלטיקע סאָציאַליסטישע אָנפירער ווי קאַראָל סאָבעלסאָן (דער שפּעטערדיקער קאַראָל ראַדעק), ד״ר דיאַמאַנט, ד״ר ליבערמאַן, ד״ר פּערל, העקער, ד״ר דראָבנער (וועלכער שליסט זיך שפּעטער אָן אין אונדזער גרופּע), ביידע ד״ר אַדלער פון ווין, ד״ר עלענבאָגן, ד״ר אָטאָ באוער, איגנאַצי דאַשינסקי, יוזעף פּילסודסקי (וועלכער לעבט דעמאָלט אין גאַליציע אין קאָנספּיראַציע), — גרינדן מיר די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

די הויפּט־גרינדער פון זש.פּ.ס. זענען געווען: העבריק גראָסמאַן, יעקב בראָס, העבריק שרייבער, משה פּאַפּיער, יהושע נעקער, יונה בלום און ד״ר פיינער — אַלע פון קראָקע; ד״ר לאַנדאו, ד״ר ראָזען, דוד פּאַסט, ד״ר איינאייגלער, וויניק, ד״ר מאָזלער און טעפּער — אַלע פון מזרח־גאַליציע; לעאָ געלדשטיין, בראַוו, זאָמערמאַן און איך — פון טאָרנע.

סוף 1904 איז די ריכטיקע דאַטע אויף צו באַצייכענען די אַנטשטייאונג פון זש.פּ.ס., אָבער דאָס איז געמאַכט געוואָרן אין געהיים. די ערשטע עפנטלעכע דער־שיינונג פון זש.פּ.ס. איז פאָרגעקומען דעם 1־טן מאַי 1905 יאָר, ווען עס איז דערשינען דער אויפרוף פון דער פּאַרטיי אין דער יידישער, פּוילישער, אוקראַאי־נישער און דייטשער שפּראַך. פּאַרשטייט זיך, אַז די אַלע וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון זש.פּ.ס., זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.). אַזוי האָט מען אונדז, די טאָרנער מיטגלידער פון זש.פּ.ס., אויסגעשלאָסן אויף אַן אָוונט ערב דעם ערשטן מאַי 1905. דער אויסשלוס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך קאַראָל ראַדעק, סטזשאַלקאָווסקי, זיגמונט זשולאַוור־סקי, ד״ר סימכע און הוטער. מיר זענען געווען פאָרגעברייט צו אַזאַ אויסשלוס און באַצייטנס געזאָרגט דערפאַר, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון שניידער־אַרבעטער, בעקער־געזעלן, ליכטציער און היטן־אַרבעטער זאָלן מיט אונדז מיט־גיין. וואָלטן מיר אַלס יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דערשינען אין דער אַלגע־מיינער מאַי־דעמאָנסטראַציע מיט באַזונדערע לאָזונגען אין יידיש און אין פּויליש, וואָלט די פּ.פּ.ס. אונדז זיכער נישט צוגעלאָזט צום מאַי־צוג. נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון ד״ר זיגמונט מאַרעק, האָט מען אונדז נישט נאָר טאָלערירט אינעם אַלגעמיינעם מאַי־צוג, נאָר מען האָט מיר אויך דערלויבט, אין נאָמען פון אונדזערע 2.000 דעמאָנסטראַנטן, צו געבן אַ דעקלאַראַציע פאַר די 10.000 פאַרזאַמלטע אַרבעטער. דער דאָזיקער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט אין נאָמען פון יידישע אַרבעטער האָט ווי אַ באָמבע אויפגערודערט דעם פאַרזאַמלטן עולם — יידן ווי נישט־יידן. די איבערראַשונג איז נאָך געווען גרעסער דערמיט, וואָס גראָד אינעם ערשטן מאַי, דער טאָג פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט, קומען מיר, יידישע אַרבעטער, און דערקלערן זיך אַלס אויטאָנאָמע פּאַרטיי אין די ראַמען פון דער גרויסער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אונדזער דערקלערונג אויפן מיטינג, אָפּגעגעבן אין דער פּוילישער שפּראַך, ווערט פאַרענדיקט מיט די

ווערטער: „מיר מאַרשירן באַזונדער, אָבער קעמפן געמיינזאַם מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פאַר דער באַפרייאונג פון פּראָלעטאַריאַט”.

אין דעמאָלטיקן עסטרייך איז די נאַציאָנאַליטן־פראַגע געווען איינע פון די אָנגעווייטיקסטע פּאָליטישע פּראָבלעמען. די עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע איז באַשטאַנען פון ניין נאַציאָנאַליטעטן, און אויך די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט אין אירע רייען געהאַט פיל נאַציאָנאַליטעטן־גרופּעס. כאַראַקטעריסטיש, אַז אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין דער פּאַרטיי זענען אַנערקענט געוואָרן ווי נאַציעס, בלויז איין אויסנאַם איז געווען — די יידן. לויט די פּראָגראַמאַטישע איינשטעלונגען פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט יעדע פעלקער־גרופּע געהאַט אייגענע פּאַרטייען מיט דעם רעכט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. בלויז יידן איז נישט געגעבן געוואָרן די דאָזיקע אויטאָנאָמיע. זיי זענען אין דער פּאַרטיי נישט אָנערקענט געוואָרן אַלס נאַציע. ד״ר וויקטאָר אַדלער, אַליין אַ ייד, האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועלן לויט דעם אַלגעמיין־אָנגענומענעם סאָציאַליסטישן פּרינציפּ צו געבן יידן נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט. ער, ווי די מיינסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער פון יידישער אָפּשטאַמונג, האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען אויטאָנאָמיע פאַר אַ יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל דאָס וואָלט געמיינט פאַר זיי אַריינצוטרעטן אין דער דאָזיקער פּאַרטיי און אַזוי אַרום אויפגעבן זייער גאַנצע השפעה און הערשאַפט אין דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אויף דעם באָדן האָט זש.פּ.ס. געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן געראַנגל מיט דער פּ.פּ.ס. און מיט דער עסטרייכישער ס.ד.פּ. (סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי), — אַ געראַנגל וואָס האָט געקאָסט אַ סך צייט, מי און ענערגיע. און נישט נאָר אַלס נאַציע האָט מען אונדז נישט אָנערקענט, מען האָט אונדז אויך נישט געוואָלט געבן סמיכות אויף אַ פּראָלעטאַריער אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט.

ביי אַזאַ סיטואַציע האָט זש.פּ.ס. געהאַט אַ נישט־לייכטע אויפגאַבע. ביים קאַמף פאַר אָנערקענען זי אַלס נאַציאָנאַלע גרופּע, מוז זי פירן איר אויפקלער־אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער, אָרגאַניזירן זיי, קולטורעל און סאָציאַליסטיש דערציען זיי אין גייסט פון קלאַסנקאַמף. אָבער אונדזער גאַנצע אָנשטרענגונג גייט אין דער ריכטונג פון אָרגאַניזירן דעם יידישן אַרבעטער, וועלכער איז עקספּלאָאַטירט געוואָרן אויף אַ מוראדיקן אופן. זיין אַרבעטס־טאָג איז געווען פון 12 ביז 14 שעה פאַר אַ הונגער־לוין. דאָס רעאַקציאָנער־קלעריקאַלע עסטרייך האָט נישט דערלאָזט איינפירן דעם 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. צו יענער צייט איז אין די אינדוסטריע־געביטן פון עסטרייך אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר אַ 10־שהעדיקן אַרבעטס־טאָג. מיטן דאָזיקן קאַמף האָט אָנגעפירט די ס.ד.פּ. אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט זענען געווען בלויז 11 סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן, ווייל דאָס רעאַקציאָנערע וואַל־געזעץ מיט איר קוריעס־סיסטעם האָט דערמעגלעכט, אַז 20 גוטבאַזיצער זאָלן דערוויילן איין דעפּוטאַט, און 48.000 אַרבעטער — אויך איין דעפּוטאַט. פון דעם איינעם פאַקט קאָן מען זיך שאַפן אַ באַגריף ווי אַזוי אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט האָט אויסגעזען די רעכטלעך־פּאָליטישע לאַגע פונעם עסטרייכישן אַרבעטער. אָבער

פיל ערגער איז געווען די לאַגע אין צוריקגעשטאַנענעם גאַליציע, וואו עס האָט נאָך געהערשט אַ פעאָדאַלער רעזשים.

און אויף דער יידישער גאַס? די ברייטסטע מאַסן, צווישן זיי די אַרבעטער, קאָנען נישט רעכט לייענען און שרייבן. די רעליגיעזע פאַרקנעכטונג און פינסטער־קייט האָבן געהערשט אין יידישע היימען. דער קלער און די קהילה האָבן ארויפ־געלייגט זייער חותם אויפן גאַנצן יידישן עפנטלעכן לעבן. וויפיל מאָל זענען אונדזערע וויכטיקע פאַרזאַמלונגען צונישט געוואָרן, ווייל די מיינסטע מיטגלידער האָבן זיך געפונען ביים.... דאַווענען. איך גופא פלעג שטאַרק איבערלעבן אַזעלכע מאָמענטן, ווען מיר האָבן אין פאַריינס־לאָקאַל באַשטימט אַ פאַרזאַמלונג, און נישט שטענדיק האָט זי געקאָנט פאָרקומען צו דער צייט: די מיטגלידער האָבן דעם לאָקאַל פאַרוואַנדלט אין אַ „מנין” און געדאַוונט דאָרט מנחה־מעריב. אַזוי איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן צווישן אַן עלעמענט, וואָס פון איין זייט האָבן מיר ביי אים אָנגעטראָפן אַנאַלפאַבעטיזם, געמישט מיט רעליגיעזע פאָר־אורטיילן, און פון דער צווייטער זייט — דעם שטענדיקן פחד צו פאַרלירן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און פרנסה, אין אַ צייט, ווען אויף דער יידישער גאַס האָט געהערשט הונגער און נויט.

אָבער דער קאַמפס־גייסט פאַלט נישט ביי אונדז. פאַרקערט, גראָד אין יענער אַטמאָספער וואָס איז אויבן געשילדערט געוואָרן, באַשליסט דער טאָרנער קאָמיטעט פון זש.פּ.ס. צו פּראָקלאַמירן אַ שטרייק, ממש אים פּראָוואָצירט. אונדזערע פאָדערונגען זענען: העכערער לוין און אַ קלענערער אַרבעטס־טאָג. מיר זענען אומזיכער מיטן אויסגאַנג פון דעם דאָזיקן גיגאַנטישן פאַרמעסט. 2.500 שניידער שטעלן אָפּ די אַרבעט, וואָס מיינט אַז 6.000—7.000 מענטשן פאַרבלייבן אָן ברויט. די פּאַרטיי־קאַסע איז שטענדיק געווען ליידיק. נאָך אין אָנהויב שטרייק האָט אונדז די פּראָפ־צענטראַלע אין ווין געשיקט עטלעכע טויזנט קראָן, אָבער באַמערקט דערביי, אַז מיר האָבן נישט וואָס צו האָפן אויף ווייטערדיקע אונטערשטיצונגען. דער פאַקט פון איבערשיקן הילף פון ווין האָט אונדז שטאַרק דערמוטיקט און מיר האָבן פאַר די אַרבעטסגעבער אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז פון דער הויפטשטאָט וועט מען שטיצן אונדזער שטרייק. די דאָזיקע ידיעה האָט געצוואונגען די אַרבעטסגעבער אַריינצוגיין מיט אונדז אין פאַרהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך געצויגן לאַנג און געגאַנגען זייער שווער. קעגן אונדז איז געווען אַ פאַרשווערונג מצד אַלע: די אונטערנעמער, די קהילה, כלי־קודש, מאַכט־אָרגאַנען. אַלע האָבן זיי געוואָלט אונטערברעכן דעם שטרייק פון די שניידער־געזעלן, — דער ערשטער מאַסן־שטרייק פון יידישע אַרבעטער נישט נאָר אין טאָרנע, נאָר אין גאַנץ גאַליציע. עס איז פיל געשטעלט געוואָרן אין קאָן אין שייכות מיטן דאָזיקן שטרייק — נישט נאָר דער פּרעסטיזש פון זש.פּ.ס., נאָר דער פּרעסטיזש פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און דערפאַר זענען אונדזערע אָנשטרענגונגען פאַרפילפאַכט געוואָרן. אויף מיר, דעמאָלט אַ צוואַנציקיאָריקער בחור, איז געלעגן די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָנצופירן מיטן שטרייק און כ׳האָב געפילט, אַז ס׳איז אַ צו שווערע לאַסט פאַר מיר. צו הילף זענען דעמאָלט געקומען ד״ר יעקב בראָס פון קראָקע און וויניק, אַ שניידער־אַרבעטער פון לעמבערג.

בעתן שטרייק און די פאַרהאַנדלונגען איז פּלוצום אַנטשטאַנען אַ פּרעסטיזש־פראַגע. די אַרבעטסגעבער זענען גרייט צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די שטרייקנדיקע, אָבער נישט מיט מיר. נאָר די שטרייקנדיקע האָבן זיך פאַרעקשנט און געפאָדערט דווקא אַז איך (נישט קיין שניידער־אַרבעטער), זאָל פירן די געש־פרעכן אין זייער נאָמען (היינט טראַכט איך, אַז ס'איז געווען אַ לייכטזיניקייט פון מיין זייט צו פּראָוואָצירן דעם דאָזיקן שטרייק, וואָס האָט אין יענער צייט געמיינט שטעלן אויף דער וואָגשאָל דעם גורל און קיום פון דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג אין טאָרנע). דעצידירט האָט אָבער מיין יוגנטלעכער ברען און מיין צוגעבונדנקייט צו די יידישע מאַסן. צום גליק, זענען קיין שטרייקברעכער נישט געווען און דער שטרייק איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט דערפאָלג. מיטן אויסנאַם פון איין פירמע, האָבן די אַרבעטסגעבער אונטערגעשריבן אַלע באַדינגונגען וואָס זענען געשטעלט געוואָרן פון די שטרייקנדיקע.

דער זיג פון אַ יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט באַוויזן וואונדער. די זש.פּ.ס. ווערט די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין טאָרנע, אירע איינפלוסן שטייגן איבער אונדזערע כוחות. דער עלטסטער אין אונדזער פּאַרטיי־קאָמיטעט איז געווען זאָמערמאַן — 26 יאָר אַלט. איך, דער סאַמע יינגסטער, בין אַממיינסטן געווען באַלעסטיקט מיט דער פּאַרטייאישער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט. ווען באַקומען וועלכן ס'איז געהאַלט פאַר אַזאַ אַרבעט האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. ווען נישט די מאַטעריעלע הילף פון מיין פאָטער, יינגערן ברודער, שוויגער־עלטערן און מיין איצטיקער פרוי, ווער ווייסט צי כ'וואָלט געווען בכוח דערפילן מיין אויפגאַבע. אָפּט־מאָל פלעג די עסטרייכישע מאַכט איינזעצן אין תפיסה אַקטיווע סאָציאַליסטן ווי קאַראָל ראַדעק, זיגמונט זשולאַווסקי, סטזשאַלקאָווסקי, ד"ר י. דראָבנער, זאָמער־מאַן און אַנדערע. אויך איך פלעג אַריינגעוואָרפן ווערן אין פּאָליציי־אַרעסט און אויף פאַרשידענע צייט־אָפּשניטן פאַרלירן די פרייהייט צוליב אונדזער פּאָליטישער טעטיקייט. אויך אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מיין משפחה נישט פאַרגעסן אָן מיר און אַרויסווייזן די נייטיקע הילף.

אַלס יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָבן מיר באַדאַרפט פירן נישט נאָר דעם עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר אויך אַ פּאָליטישן, פאַרבונדן מיט קאָנקרעטע לאָזונגען קעגן די האַנדלונגען פון דער צענטראַלער רעגירונג, מוניציפּאַליטעט און קהילה. אין יאָר 1906 האָט די עסטרייכישע ס.ד.פּ. פּראָקלאַמירט דעם קאַמף פאַר אַלגעמיינע וואַל־רעכט און גערופן אין גאַנצן לאַנד דורכצופירן דעמאָנסטראַציעס. צוזאַמען מיט פּ.פּ.ס. און פּועלי ציון האָבן מיר אין טאָרנע אָרגאַניזירט די דעמאָנסטראַציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַזאַ פאַרנעם און קראַפט, גלייך אַ גענעראַל־שטרייק וואָלט געהאַט אויסגעבראָכן. אַלע געשעפטן, וואַרשטאַטן און פאַבריקן זענען געשלאָסן געוואָרן. אויך די פּאָסט־באַאַמטע און באַן אָנגעשטעלטע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינעם דעמאָנסטראַציע־צוג. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן ביי די אולאַנער־קאַסערן אין טאָרנע. איבער 20.000 מענטשן זענען געקומען הערן די סאָלידאַרע פאָדערונגען פון טאָרנער אַרבעטער. פאַרן ריזיקן עולם זענען מיט רעדעס אַרויסגעטרעטן: ד"ר זיגמונט מאַרעק אין נאָמען פון פּ.פּ.ס., דער פויערים־פירער וויטאָס (שפּעטערדיקער פּרעמיער פון דער פּוילישער רעגירונג)

אין נאָמען פון דער פויערים פּאַרטיי, און איך אין נאָמען פון יידישע אַרבעטער. יעדער רעדנער האָט אָפּגעגעבן אַ קורצע דערקלערונג און די אָנגענומענע רעזאָ־לוציע האָבן מיר איבערגעגעבן דעם בעצירקס־הויפּטמאַן גראַף דונאַיעווסקי, וועלכער האָט אונדז געדראָט, אַז אויב מיר וועלן נאָכאַמאָל אָרגאַניזירן אַזעלכע דעמאָנ־סטראַציעס, וועט ער אַרויסשיקן קעגן אונדז זשאַנדאַרמעריע און מיליטער. אויף דער דאָזיקער דראָאונג איז געקומען פון מיר אַן ענטפער, ער זאָל דאָס נישט וואַגן צו טאָן, ווייל מיט אונדזערע היטלעך קאָנען מיר זיינע לייט צודעקן. ער האָט מיך דענאָך פאַרמשפּט אויף 14 טעג אַרעסט, אָבער די שטראָף בין איך נישט אָפּגעזעסן, ווייל צו יענער צייט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס און איך האָב פון איר געניאָסן.

מיטן איינפירן אַלגעמיין וואַל־רעכט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט איז דער פּאָליטישער וואַל־שלאַכט געפירט געוואָרן מיט גרויס פאַרביסנקייט. אַזוי ווי זש.פּ.ס. האָט נישט אַרויסגעשטעלט קיין אייגענעם קאַנדידאַט, האָבן מיר זיך געאייניקט צו שטיצן די קאַנדידאַטור פון פּ.פּ.ס., ד״ר י. דראָבנער, אַנטקעגן דעם רעגירונגס־קאַנדידאַט באַטאַליאַ. די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט אַלס איר קאַנדידאַט אַרויס־געשטעלט דעם ד״ר מאַלץ. די זש.פּ.ס. האָט דערביי געשלאָסן אַ טעכנישן וואַל־אָפּמאַך מיט די ציוניסטן, צו שטימען אויף דעם יידישן קאַנדידאַט, וואָס וועט קומען צו אַ שטיכוואַל. ד״ר מאַלץ איז נישט דערגאַנגען צו קיין שטיכוואַלן, וועלכע זענען אָבער פאָרגעקומען צווישן ד״ר דראָבנער און באַראָן באַטאַגליאַ. מיר זענען געווען זיכער אַז די פאָרטגעשריטענע פּאַרטייען וועלן שטימען פאַר ד״ר דראָבנער.



אַ גרופּע זש. פּ. ס. אָנפירער אין טאַרנע
פון לינקס אויף רעכטס: הערמאַן קליגער ז״ל, יהושע לאַנדוי און משה זיידען ז״ל.

די גאַנצע רעאַקציע — די עסטרייכישע, יידישע און פּוילישע, מיט דער הילף פון קאַטוילישע גייסטלעכע, יידישע רבנים און דעם בירגערטום פון אַלע נאַציעס האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלטיקע אַקציע קעגן סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט, באַצייכנט אים ווי אַ גאָטלאָזן מענטש, אונטערגעקויפט נישט־יידישע ווילער מיט געלט און משקה, די סוחרים געדראָט מיט רעפּרעסיעס, און וואו ס'האָט זיך געלאָזט, — האָט מען אונטערגעקויפט. מיין שווער ווערט פאַרגלייגט צו קאָרומפּירן מיך מיט 5000 קראָן, כדי כ'זאָל נישט פירן קיין אַגיטאַציע פאַר דראַבנערן. דער בראָוער ערלעכער מאַן וואַרפט אָפּ דעם דאַזיקן אומווירדיקן פאָרשלאַג, אָבער איך ווער פאַרשפּאַרט אין אַרעסט ביז איבערן טאָג פון די וואַלן. נישט געקוקט אויף דעם טעראָר, קאָרופּ־ציע און אַנדערע מיאוסע האַנדלונגען, איז גראָף באַטאַגליאַ אויסגעווילט געוואָרן נאָר מיט אַ נישטיקער מערהייט שטימען.

נאָך נישט באַוויזן צו פאַרגעסן דעם וואַל־קאַמף צום פּאַרלאַמענט, ווי עס ווערן אויסגעשריבן וואַלן צום טאַרנער שטאָטראַט. אונדזערע קאַנדידאַטן ד״ר זיגמונט שיצער (איינער פון די שאַרפזיניקסטע קעפּ פון דער טאַרנער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ), ד״ר באַרגעניכט, זילביגער און ה. נייגער פון די ציוניסטן, זיגן ביי די וואַלן. איך בין אויסגעווילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער, אָבער די וואַל איז געפּסלט געוואָרן, ווייל עס האָט מיר געפעלט נאָך אַ יאָר צו פּאַסיווע וואַל־רעכט (24 יאָר). צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1907 איז שוין די זש.פּ.ס. געגאַנגען צוזאַמען מיט די ציוניסטישע פּאַרטייען און יידישע דעמאָקראַטישע עלעמענטן.

צוזאַמען מיט די ציוניסטן האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ וואַל־צייטונג, אין וועלכער עס האָבן פון די ציוניסטן מיטגעאַרבעט בערקעלהאַמער, ד״ר שפּאַן, ד״ר יצחק שיפּער, דניאל לייבל, אליהו טיש, און פון זש.פּ.ס. — לעאָ פעלדשטיין, זיגמונט בראַוו און איך. אויך דאָ האָט געזיגט די יידיש־דעמאָקראַטישע ציוניסטישע ליסטע. דער יידישער אַרבעטער האָט דעמאָלט נאָך נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט צו דער קהילה — די רעאַקציאָנערסטע, אַסימילאַטאָרישע און קלעריקאַלסטע אינסטיטוציע אין גאַליציע. גערעכט איז געווען ד״ר זאַלץ מיט זיין דערקלערונג וואָס ער האָט אָפּגעגעבן נאָכן זיג פון די ציוניסטן צו די קהילה־וואַלן אין טאַרנע: „מיר האָבן געשטורעמט די באַסטיליע ווי אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע״.

דאָס דערשיינען פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דער עפנטלעכ־קייט, באַזונדערס איר אַקטיוויטעט אין טאַרנע, שאַפט איר די געהעריקע באַציאונג מצד די ברייטסטע מאַסן. די פּאַרטיי אָרגאַניזירט די יוגנט און רעגט זי אָן צו פאַראינטערעסירן זיך מיט סאָציאַליסטישער ליטעראַטור — ביכער און צייטונגען. אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון דוד באַטיסט געלינגט אויפצושטעלן אַ פּרעכטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון איבער הונדערט יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געדורשט נאָך וויסן. זיי אינטערעסירן זיך באַזונדערס מיט דער יידישער ליטע־ראַטור, באַקענען זיך מיט די ווערק פון פּרץ, הירשביין, אנכי, שלום עליכם, שלום אַש, זיי אָרדענען איין עפנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן איבער ביכער און שרייבער.

מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פיל אָנקלאַגעס און סקאַנדאַלן פון עלטערן פון יוגנטלעכע וואָס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע. אָבער מיר זענען אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די יוגנט, דער עיקר די

היימלאָזע, פאַראָרעמטע און זיי דערציען פאַר שטאָלצע יידן און קלאַסנבאַוואוסט־זיניקע קעמפער. און מיר האָבן מצליח געווען מיט דער דאָזיקער אַרבעט.

צוליב ערנסטע סיבות האָב איך אין יאָר 1911 געמוזט פאַרלאָזן טאָרנע, און ווען איך בין אין יאָר 1918 צוריקגעקומען קיין טאָרנע פון שלאַכטפעלד, זענען דאָרט אויסגעבראָכן אַנטיסעמיטישע אומרוען. אונדז איז צוזאַמען מיטן פועלי ציון און ציוניסטן אויסגעקומען אויפצושטעלן אַ יידישע זעלבסטשוץ און געבן איבער די הענט די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס. נישט איינער פון די זש.פּ.ס.־יוגנט האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער זעלבסטשוץ, פונקט ווי איך האָב דאָ אין ישראל געטראָפן פיל מיינע שילער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן מיט זייער אַרבעט און פלייס אין די קיבוצים, אין שטאָט און אין דאָרף, אין דער הגנה און אין דער ישראל־אַרמיי ממשיך געווען יענע טראַדיציע פון טאָרנער ברויזנדיקן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ס'האָט מיר ווידער געדראָט אַן אַרעסט. איך האָב פאַרלאָזט טאָרנע און עמיגרירט קיין בערלין און פון דאָרט שפּעטער קיין ארץ־ישראל. איז מיר שווער צו דערציילן ווייטער וועגן דער טעטיקייט פון זש.פּ.ס. זינט יענער צייט. נאָר איך דערמאָן שטענדיק מיט סענטימענט און שטאַרקן געפיל יענע יאָרן פון יוגנטלעכן טעמפּע־ראַמענט, הויכן אידעאַליזם און אָפּפערווויליקייט.

**אורן־שפארן**
מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

# דער אלגעמיינער יידישער ארבעטער־בונד „בונד“

## (זכרונות וועגן טאָרנער „בונד“)

**.1**

דער אויפקום פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין טאָרנע דאַטירט זיך פון אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער בונד איז אַנטשטאַנען ערשט אין יאָר 1920, נאָכן אַדורכפירן די פאַרייניקונגס־קאָפּערענץ פון טאָרנער זש.פּ.ס. מיטן בונד, וואָס איז פאָרגעקומען אין קראָקע. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם כבוד צו זיין איינער פון די טאָרנער דעלעגאַטן צו דער פאַרייניקונגס־קאָנפערענץ.

כ׳געדענק (איך בין נאָך דעמאָלט געווען נאָך גאָר יונג) דאָס הויפּט־פּראָבלעם וואָס האָט שטאַרק באַשעפטיקט די אָנפירנדע חברים פון זש.פּ.ס.: ווי אַזוי אָרגאַניזירן יידישע שניידער־אַרבעטער און די אַרבעטער באַשעפטיקטע אין אַנדערע פאַכן, ווי: קאַפּעלושן, בעקער און סטאָליער. צום אַקטיוו פון זש.פּ.ס. האָבן געהערט: די ברידער לאַנדוי, ז. בראַוו, ווייסמאַן און זאָמערמאַן. זייער הויפּט־אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי פלעגן אָפּוואַרטן ביי די וואַרשטאַטן די אַרבעטער וואָס האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט, פאַרפירן מיט זיי שמועסן, רופן זיי אויף פאַרזאַמלונגען. פּאָליטיש פלעגן די עלטערע חברים פון זש.פּ.ס. אויסלעבן זיך אין די רייען פון פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). אָבער די רעוואָלוציאָנערע ווינטן וואָס האָבן אין די יאָרן 1905—1906 זיך געטראָגן פון רוסלאַנד, זענען אויך דערגאַנגען קיין גאַליציע און דערגרייכט טאָרנע.

די אָרגאַניזיר־אַרבעט האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן. עס איז אַנשטאַנען אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון עטלעכע צענדליק יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער. מיט זייער דערציאונגס־אַרבעט האָט אָנגעפירט ח׳ יוסף לאַנדוי. אויך די עלטערע חברים פלעגן אַרויסווייזן מערער אינטערעס צו די פאַרזאַמלונגען וואָס זענען גערופן געוואָרן ביי די באַזונדערע פאַכן. אינגיכן איז אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזירטע גרופּע יידישע שניידער־אַרבעטער. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך אַרומגענומען אַנדערע פאַכן, דער עיקר — די קאַפּעלושן־בראַנזשע. יעדער פאַך האָט געהאַט זיינע אַקטיוויסטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. ביי די שניידער: ווייסמאַן (פאָרזיצער), זאָמערמאַן, קאָרנהייזער, משה זיידען; ביי די קאַפּעלושן־אַרבעטער:

זעליג בראַוו, זעמעל און ווילדשטיין; ביי די בעקער־אַרבעטער: גאָטלאָב, שנאַל און הערבסט; פון אַנדערע פאַכן קאָן איך זיך נישט דערמאָנען. מען דאַרף אָבער אונטערשטרייכן, אַז די ברידער לאַנדוי האָבן אַלע אויבנאויסגערעכנטע פאַכן געלייסטעט פיל אַרבעט און אָנשטרענגונג. זיי האָבן אויך אָנגעפירט מיט דער קולטורעלער אַרבעט. אַזוי פלעגן פון צייט צו צייט פאָרקומען אין פ.פּ.ס. לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען. די אָנפירערשאַפט פון פ.פּ.ס. האָט געהאַלטן, אַז מיר, אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט פון יידישע אַרבעטער, דאַרפן אָן באַוואָרענישן זיך אָנשליסן אין פ.פּ.ס. אַלס יידישע גרופּע. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע קאָנצעפּציע. נאָך אַ באַראַטונג האָבן מיר אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אויפשטעלן אַ זעלבשטענדיקע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (זש פּ. ס. — „זשידאָווסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ"). פון קראָקע פלעגן מיר באַדינט ווערן מיט רעפעראַטן אויף פּאָליטישע און קולטור־טעמעס. אַממייִנסטן פלעגן אונדז באַזוכן די חברים ד"ר שרייבער, ד"ר פיינער און ד"ר איגנאַץ אַלעקסאַנדראָוויטש, וואָס זענען דערנאָך שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אין פּוילן. די אַרבעט פון דער זש.פּ.ס.־גרופּע אין טאָרנע איז אַזוי אָנגעגאַנגען ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## 2.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז טאָרנע געווען אַן אָביעקט פאַר ביידע קעמפנדע אַרמייען. כמעט גאַנץ גאַליציע ווערט אָקופּירט דורך דער צאַרישער אַרמיי, און טאָרנער יידן האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט שווערע צייטן. זיי איז שווער געווען צוצופּאַסן זיך צום צאַרישן אָקופּאַציע־רעזשים, פון וועלכן עס איז געווען אויסצושטיין געברענטע צרות. נאָך אַכט חדשים ענדערט זיך די לאַגע אויף די פראָנטן, די רוסישע אַרמיי באַקומט קלעפּ און זי ציט זיך צוריק פון גאַנץ גאַליציע. די יידישע באַפעלקערונג אין טאָרנע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

אין די מלחמה־יאָרן איז צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין טאָרנע נישט געפירט געוואָרן קיין שום טעטיקייט. אַלע אונדזערע חברים זענען געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי. פון דער יוגנט־גרופּע זענען אין שטאָט פאַרבליבן נאָר צוויי חברים: דוד באַטיסט און משה פייעראייזן. די צוויי יוגנטלעכע האָבן צו יענער צייט פיל אויפגעטאָן פאַר די יידישע פאַמיליעס, וועמענס מענער אָדער זין האָבן זיך געפונען אויף די פראָנטן. די פאַרבליבענע פרויען האָבן באַדאַרפט דערלעדיקן פאַרשידענע ענינים אין די עסטרייכישע אַמטן און זיי איז נישט לייכט געווען צו באַקומען אויסגעצאָלט די עטלעכע קראָן שטיצע פאַר זיך און די קינדער. דער באַאַמטער צי באַאַמטין פלעגן אַלעמאָל אויסגעפינען, אַז עפּעס אַ פּאַפּירל איז נישט אין אָרדענונג. די אָרעמע יידישע פרויען פלעגן בלייבן הילפלאָז און פאַרצווייפלט, און אין דער אונטערשטער שורה — אַוועקגיין מיט ליידיקע הענט. דעם דאָזיקן אומרעכט און פאַרפוילטער ביוראָקראַטיע האָבן זיך קעגנגעשטעלט די צוויי אויבנדערמאָנטע חברים — און כמעט שטענדיק מיט דערפאָלג.

.3

דאָס יאָר 1918 פאַרענדיקט זיך מיט אַ מיליטערישער מפּלה פון עסטרייך־דייטשלאַנד־טערקיי. עס קומט אויף דאָס נייע פוילן, אָבער יידן לעבן דורך שווערע צייטן. איבערן גאַנצן לאַנד טראָגט זיך אַדורך אַן אַנטיסעמיטישע כוואַליע, באַגלייט מיט פּאָגראָמען אויף יידן, וועלכע לעבן דעמאָלט אין טויט־שרעק. די צייטווייליקע פּוילישע רעגירונג פילט זיך צו שוואַך אַנטקעגנצווירקן דער אַנטי־סעמיטישער וואַקכאַנאַליע און דערפאַר הוליען די באַנדעס אומגעשטערט. אויך אין טאָרנע פּאַגלוסט זיך די אַנטיסעמיטן דורכפירן אַן אַנטי־יידישן פּאָגראָם. אונדזערע יידישע אַרבעטער און פאָלקס־אינטעליגענץ רופן צונויף אַ פאַרזאַמלונג און באַשליסן נישט דערלאָזן צו קיין אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. לויט אַ פריערדיקן באַשלוס, האָבן די כוליגאַנעס באַדאַרפט דורכפירן זייער בלוטיק שטיקל אַרבעט אין פרייטיק. די יידן האָבן זיך וועגן דעם פריער דערוואוסט און ווי געהעריק צוגעגרייט.

יענעם פרייטיק האָט מען געקענט זען ווי דער מאַרק־פּלאַץ ווערט פאַרפולט מיט פויערים, וואָס האָבן זיך פון פריער צוגעגרייט זעק כדי אין זיי אַריינלייגן צוגערויבטע יידישע זאַכן. אויף אַלע וועגן וואָס האָבן געפירט אין שטאָט, האָבן ביז 10 פרי זיך באַוויזן מאַסן פויערים, באַוואָפנטע מיט שטעקנס און אייזנס. לויט אַן אָפּגערעדטן צייכן האָבן זיי באַדאַרפט אָנהויבן זייער מאָרד־אַרבעט, נישט וויסנדיק, אַז טאָרנער יידן האָבן געהאַט ביי זיך פעסט באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן צו קיין פּאָגראָם און געבן די כוליגאַנעס איבער די הענט. ווי יעדעס מאָל, האָבן אויך איצט יידישע אַרבעטער זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער פאַרטיידיקונגס־אַקציע.

שוין דעמאָלט האָט דער יונגער דוד באַטיסט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ טיכטיקער אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער איז אַליין געשטאַנען אין דער פאָדערשער ריי. אַלע וועגן און גאַסן זענען באַזעצט געוואָרן מיט באַוואָפנטע יידישע אַרבעטער, וואָס פיל פון זיי זענען נאָך געווען מיליטעריש געקליידעט, און מאַנכע האָבן נאָך באַזיצט קאַלט געווער. ווען די באַנדעס האָבן באַקומען דעם סיגנאַל אָנצוהויבן דעם פּאָגראָם, האָבן יידישע שוץ־גרופּן זיך געוואָרפן אויף זיי מיט דער גאַנצער קראַפט און כוליגאַניש בלוט האָט זיך אָנגעהויבן גיסן. די וועגענער וואָס זענען אָנגעגרייט געוואָרן אויף אַוועקצופירן אַוועקגערויבט יידיש האָב־און־גוטס, זענען דורך אונדזערע אַרבעטער צעקלאַפּט געוואָרן אויף שטיקער. די כוליגאַנעס האָבן קוים באַוויזן צו כאַפּן די פערד און שנעל זיך מיט זיי אָפּטראָגן אַהיים. אָבער נישט אַלע האָבן דאָס באַוויזן, ווייל ביים פילזנער טויער און ביי אַנדערע אַרויסגענג פון שטאָט, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף נאָך זעלבסטשוץ־גרופּן, ספּעציעל צוגעגרייטע צו דעם צוועק, און דאָ האָט מען זיי דערציילט די אמתע מעשה... די פּאָגראָמטשיקעס האָבן באַקומען די ריכטיקע לעקציע!

היינט קאָנען מיר מיט שטאָלץ דערמאָנען דעם טאָרנער יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט נישט געלאָזט אויפהויבן די קעפּ די כוליגאַנעס און זיי באַצייטנס געגעבן איבער די הענט. טאָרנער יידן האָבן דערמיט פאַרשריבן אַ הערלעך בלאַט אין דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום בכלל און טאָרנער בפרט.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן אין טאָרנע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן פאַר־



די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע אין יאָר 1918
אין דער ערשטער ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: פּינקס אייזן, פּאָגעלפאַנג, אַדלער, חיים יצחק קאָרן (איצט אין ניו־יאָרק), הערש איזאַק, ש. שינדלער, דוד באַטיסט, און דער עלפטער אין דערזעלבער ריי משה פייעראייזען. אין דער לעצטער ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס, דער פערטער: הערש קאָרן און אורן שפּאָרן (איצט אין קאַנאַדע).

ערגערן פון טאָג צו טאָג. אין באַזונדערס שווערע באַדינגונגען האָבן זיך געפונען יידישע אַרבעטער. הונדערטער פון זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון די פראָנטן, פיזיש צובראָכענע און ליידנדיקע. דאָס נייע פוילן האָט זיך ווייניק וואָס געקימערט וועגן אירע בירגער וואָס זענען צוריקגעקומען פון קריג און זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן אַרבעט. כ'דערמאָן זיך, ווי דער יונגער דוד באַטיסט איז דעמאָלט געקומען פון אַ זיצונג אין דער קהילה און דערציילט, אַז פון אַמעריקע איז אָנגעקומען הילף אין דער פאָרם פון פראָדוקטן. ער האָט געהייסן גלייך צוגרייטן ליסטעס פון אונדזערע מיטגלידער און סימפּאַטיקער, וואָס לויט דער צוגעשטעלטער רשימה וועלן זיי באַקומען אונטערשטיצונג פון דער קהילה. מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פון די הונגעריקע און נויטליידנדיקע מענטשן, יעדער האָט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דער קהילה־אָנפירונג וואָס האָט צו יענער צייט דורכגעפירט אַזאַ נוצלעכע פראָדוקטן־פאַרטיילונג. אין משך פון עטלעכע חדשים איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאָלקס־קיך, וואו יעדער אַרבעטסלאָזער האָט באַקומען אַ מיטאָג אויפן אָרט און ער האָט אויך געקאָנט אַהיימנעמען עסן פאַר זיין פאַמיליע.

### .4

אין יאָר 1919 האָט דער פראָפעסיאָנעלער פאַריין פון שניידער־אַרבעטער אין טאָרנע באַקומען אַ שריפטלעכע מעלדונג פון דער פירמע וואורצעל און דאַר וועגן איר גרייטקייט צו קאָנפערירן מיט אונדז מכוח באַשעפטיקן אַ צאָל אַרבעטער אויף אויסצופירן אַ באַשטעלונג פאַרן פוילישן מיליטער. אונדזער פרייד איז געווען אָן לשער, ווייל דאָס האָט געמיינט געבן באַשעפטיקונג פיל אַרבעטסלאָזע שניידער. אין אַ צייט אַרום הויבן אָן אַרבעטן נאָך פירמעס פון מענער־קאָנפעקציע און כמעט אַלע יידישע שניידער־אַרבעטער אין שטאָט באַקומען באַשעפטיקונג ביים פאַך. אָבער די אומנאָרמאַלע נאָכמלחמה־יאָרן שאַפן נאָך גענוג שוועריקייטן. צוליב דער שטייגנדיקער אינפלאַציע ווערן די לוינען אַנטווערטעט, אַרבעטער ווערן מאַטעריעל רואינירט און קאָנען נישט דערלויבן זיך אַרויסצוגיין אין אַ שטרייק. ווי דער שטייגער, נוצן אויס די אונטערנעמער די דאָזיקע סיטואַציע און רייסן נאָך מערער די לוינען.

דער געדולד פּלאַצט ביי די אַרבעטער. זיי שטעלן אָפּ די אַרבעט, רופן אַ מיטינג פון אַלע שניידער. חבר באַטיסט, אַלס הויפּט־רעדנער, שילדערט צומערשט די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און שטרייכט אונטער, אַז נישט די גאַנצע שולד פאַרן געשאַפענעם מצב דאַרף צוגעשריבן ווערן טאָרנער אונטערנעמער. פאַראַן טיפערע סיבות — מיר לעבן איצט אין אַן אומנאָרמאַלער צייט. דאָס איינציקע וואָס מיר דאַרפן טאָן — זאָגט דער רעדנער — איז צוצופאַסן אונדזערע לוינען צו די עקאָנאָמישע אומשטענדן, אָבער דאָס קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר זאָל נעמען דעם ענין אין זיינע הענט. באַטיסט האָט מיט

זיין אַרויסטרעטונג געוואונען דעם צוטרוי פון יידישע שניידער־אַרבעטער און דאָס האָט אים דערהויבן אַלס אָנערקענטן פירער פון דער טאָרנער אַרבעטער־באַוועגונג.

ביי דער געלעגנהייט זאָל מיר דערלויבט זיין צו געבן אַ קורצע כאַראַקטע־ריסטיק וועגן דעם טרייען בונדיסט און איבערגעגעבענעם אַרבעטער־טוער דוד באַטיסט. ער האָט געשטאַמט פון אַ קליינבירגערלעכער פאַמיליע. זיין פאָטער, וועלכער האָט געפירט אַ וואַרשטאַט פון מענער־קאָנפעקציע, האָט אַליין באַשעפ־טיקט עטלעכע שניידער־געזעלן. די אויסגעאַרבעטע סחורות פלעגט ער צושטעלן אין אייגענעם געשעפט, מיט וועלכן עס האָבן זיך פאַרנומען באַטיסט'ס מוטער און שוועסטער. דוד באַטיסט איז געווען דער איינציקער זון פון זיינע עלטערן (ער האָט געהאַט דריי שוועסטער). מען האָט אים געשיקט לערנען אין גימנאַזיע, אָבער ער האָט זי נישט פאַרענדיקט. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט די לימודים, כדי זיך אינגאַנצן ווידמען דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז גלייך אַריינגעטרעטן אין דער יידישער סאָציאַליסטישער יוגנט און געאַרבעט דאָרט מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט. ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער באַוועגונג, וועלכע האָט אין די יאָרן 1919—1921 דורכגעמאַכט איר באַרג־אַרויף. באַטיסט האָט פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע און קיין שום שוועריקייטן האָבן אים נישט אָפּגעהאַלטן פונעם אָנגעצייכנטן ציל. זיינע ערשטע מיטאַרבעטער אין דער טאָרנער זש.פּ.ס. (שפּעטערדיקער בונד), זענען געווען: זעליג בראַוו (פאָרזיצער), אורן־



דוד באַטיסט ז"ל

שפּאָרן (וויצע־פּאָרזיצער), באַטיסט (סעקרעטאַר), יוסף שפּאָרן (קאַסיר), קלוגער, שוואַרצבאַרט, ווייסמאַן, זאַמערמאַן, דינער, גאָטלאָב. קיינער פון די אויבנאויס־גערעכנטע (אויסער דעם שרייבער פון די שורות) לעבט שוין נישט.

5.

אין יאָר 1920 איז אין קראָקע פאָרגעקומען דער פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר. די זש.פּ.ס. אין גאַליציע גיסט זיך צונויף מיטן אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד „בונד״. הגם דער טאָרנער ב.נ.ד איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920, איז די גאַליצישע זש.פּ.ס. אידעאָלאָגיש שטענדיק געווען נאָענט צום בונד. סיי אונטער דער עסטרייכישער הערשאַפט, סיי אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט, האבן מיר אונדזער גייסטיקע יניקה געצויגן פון בונד, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס האָבן אונדז צעטיילט גרענעצן און עס איז נישט געווען אַזוי פּשוט אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַ פּאָליטישער פּאַרטיי פון אַ צווייטער מדינה.

נאָך היינט דערמאָן איך מיט גערירטקייט דעם מאָמענט, ווען די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט מיך באַשטימט אַלס דעלעגאַט פון טאָרנע צום קראָקעווער צוזאַמענ־פאָר. צום ערשטן מאָל האָב איך דעמאָלט געזען און געהערט די פירער פון בונד: יוסף פּאָרטנאָי (נח) — פּאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט, הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, ח. וואַסער, אָזשעך און אַנדערע וועטעראַנען פון דער באַוועגונג. גאַנצע צוויי טעג האָט געדויערט דער צוזאַמענפאָר, אָבער פאַר מיר זענען דאָס געווען נאָר געציילטע מינוטן. כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די ווערטער פון הענריק ערליך, וועלכער האָט צום שלוס פון צוזאַמענפאָר זיך געווענדעט צו די יונגע בונדיסטן: „מיר האָבן אייך אַלעמאָל געהאַלטן פאַר גוטע סאָציאַליסטן און אויך פאַר גוטע בונדיסטן, אָבער אַ לאַנגע צייט זענען מיר געווען פונאַנדערגעטיילט מיט צוויי באַזונדערע גרענעצן. געקומען די צייט, ווען מיר קאָנען זיך געבן די הענט און אייך אַריינגעמען אין אונדזער גרויסער בונדישער מחנה. מיט אייער צאָל און קאַמפס־ענערגיע וועט איר צעמענטירן און שטאַרקן די בונדישע באַוועגונג. איר זייט ווילקאָמען ביי אונדז, זייט באַגריסט יונגע בונדיסטן און אַלטע סאָציאַליסטן, הויבט אָן טאָן גוטע בונדישע אַרבעט אין נייעם אומאָפּהענגיקן פוילן״.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר, יידישע סאָציאַליסטן פון גאַליציע, צוזאַמען מיט די פירער פון בונד, געשוואוירן טרייהייט דעם בונד. מיט פרישן מוט און נייעם גלויבן זענען מיר פונעם קראָקעווער פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר צוריקגעקומען קיין טאָרנע.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין שטאָט גייט איבער אויף אַן אַנדערן אַרבעטס־סיסטעם. ס׳ווערט דורכגעפירט אַן איבערעגיסטראַציע פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער. נישט אַלע וואָס האָבן פריער באַלאַנגט צו דער זש.פּ.ס., האָבן זיך איצט פאַרשריבן אין בונד. אויך די פּראָפ׳־באַוועגונג הויבט אָן גיין אויף נייע וועגן.

.6

עס דויערט נישט לאַנג און פּוילן ווערט אַריינגעצויגן אין אַ מלחמה מיטן באָלשעוויסטישן רוסלאַנד. אין וואַרשעווער שטאָטראַט טרעט דער בונד אַרויס קעגן דער דאָזיקער מלחמה און די גאַנצע אָנפירערשאַפט פון בונד ווערט אַרעסטירט. דאָס זעלבע קומט פאָר אויך אין אַנדערע שטעט אין פּוילן. אין טאָרנע האָט מען דעם גאַנצן בונדישן קאָמיטעט פאַרשפּאַרט אין טורמע. די פּוילישע רעגירונג דערקלערט דעם בונד פאַר אומלעגאַל אין גאַנצן לאַנד און די אָנפירערשאַפט ווערט אַן אורטיילן געהאַלטן אין תפיסות.

נאָך צוויי טעג אַרעסט געלינגט דעם טאָרנער קאָמיטעט פון בונד באַפרייט צו ווערן ביז אַ פּראָצעס (וועלכער איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען). מיר זענען גלייך אַריבערגעגאַנגען צו אונטערערדישער אַרבעט ווי אַן אומלעגאַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. אַ טייל חברים שרעקט איבער די קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט און זיי פאַרלאָזן די פּאַרטיי־רייען (זעליג בראַוו און קלוגער). אַלע איבעריקע בונדיסטן בלייבן אויף די פּאָזיציעס.

די פּויליש־רוסישע מלחמה ווערט פאַרענדיקט. אין אַ ריי אינדוסטריעס מערקט זיך צוריק אַן אויפלעבונג, אָבער אין לאַנד קומען פאָר פּאָליטישע אומרוען. די אַרבעטער־מאַסן אין פּוילן ווי אויך די אָרעמע פּויערים זענען נישט געווען צופרידן מיט דער כיענאַ־פּיאַסט רעגירונג. די פּ.פּ.ס. רופט צו עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. אין גרעסערע שטעט קומען פאָר דעמאָנסטראַציעס מיט דער פאָדערונג, אַז די רעגירונג זאָל אָפּטרעטן און אַז ס׳זאָלן אויסגעשריבן ווערן נייע וואַלן צום סיים. פּרעמיער וויטאָס באַנוצט זיך מיט מיליטער צו צעטרייבן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס.

אין נאָוועמבער 1923 יאָר קומט פאָר אין טאָרנע אַ בלוטיקער צוזאַמענשטויס צווישן אַרבעטער־דעמאָנסטראַנטן און מיליטער, וואָס האָט געשאָסן פון מאַשין־ביקסן. אַכט אַרבעטער פאַלן טויט. די גאַנצע שטאָט איז שטאַרק אויפגעבראַכט פון די בלוט־פאַרגיסונגען און עס דויערט אַ וואָך צייט ביז טאָרנע באַרואיקט זיך נאָך דעם דאָזיקן געשעעניש. דער שטאָטראַט איז געצוואונגען דורכצופירן די לויה פון די אַכט געפאַלענע אַרבעטער אויף זיין חשבון. עס נעמט גענוג צייט ביז פּ.פּ.ס. גיט זיך איין צו באַרואיקן די געמיטער און צוריק־קערן די שטאָט צו איר נאָרמאַלן גאַנג.

אַ קורצע צייט נאָך דעם דאָזיקן געשעעניש, באַשליסט דער בונד אַרויסצוגיין פון אונטערגרונט און אַריבערגיין אויף לעגאַלער טעטיקייט. חבר באַטיסט ווערט דערוויילט אַלס פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע און עס הויבט זיך אָן אַ נאָרמאַלע אַרבעט, נישט פרעגנדיק ביי די מאַכט־אָרגאַנען וועגן לעגאַליטעט. דער דאָזיקער מעטאָד פון נישט בעטן קיין דערלויבעניש ווייזט זיך אַרויס פאַר נישט קיין שלעכטן. דער בונד הייבט אָן פירן זיין פּאָליטישע און קולטור־טעטיקייט. עס הויבט אָן טעטיק זיין די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״, וועלכע האָט דעם ערשטן מאַי 1924 יאָר צונויפגעזאַמלט אונטער איר פאָן איבער הונדערט יוגנטלעכע. דער פאָרזיצער פון דער ערשטער „צוקונפט״־

אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע איז געווען לייזער בינענשטאָק (איצט אין מאָנטרעאַל — קאַנאַדע).

אויך דער פאַריין פון שניידער־אַרבעטער מאַכט אַדורך אַ ראַשיקע אַנטוויקלונג. די אונטערנעמער פאַרגרעסערן זייער פּראָדוקציע און עס ווערט אַ נאָכפרעג אויף אַרבעטער. די פירמע דאַר און וואָרצעל הויבט אָן אין אַ גרויסן מאַסשטאַב אויסאַרבעטן מענער־קאָנפעקציע. עס קומען צענדליקער נייע פירמעס אין דער באַקלייד־אינדוסטריע (די ברידער בראון, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פאַר דאַמען־קאָנפעקציע אין דער פירמע דאַר און וואורצעל ווערן זעלבשטענדיק און שטעלן אויף אַ פאַבריק פון ערשטקלאַסיקער דאַמען־קאָנפעקציע). טאָרנע ווערט איינער פון די פּוילישע צענטערס פון דער באַקלייד־אינדוסטריע. יעדעס יאָר קומען צו נייע אונטערנעמונגען. אַזוי איז אין יאָר 1927 געעפנט געוואָרן אַ גאָר גרויסע פאַבריק (פירמע קעץ), וועלכע האָט באַשעפטיקט 200 יידישע באַקלייד־אַרבעטער. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די מענער־קאָנפעקציע פאַבריק פון די ברידער דוד און שמעון זיידען. ביידע האָבן די צווייטע וועלט־מלחמה איבערגעלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד, אין יאָר 1946 צוריקגעקומען קיין פּוילן און ווי די מייסטע יידן אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. דוד זיידען האָט ליידער נישט זוכה געווען לאַנג צו פרייען זיך מיט דער יידישער מדינה, ווייל אין יאָר 1951 איז ער דאָרט געש־טאָרבן. ביי דער געלעגנהייט וויל איך עפּעס דעראינערן וועגן דער פירמע ברידער זיידען: מיר איז אויסגעקומען צו זיין אַקטיוו אין טאָרנער באַקלייד־אַרבעטער פאַריין און כ׳בין אָפט געווען אין באַרירונג מיט קאָנפעקציע־אונטערנעמער ביי פאַרשידענע פאַך־אָנגעלעגנהייטן. כ׳מוז זאָגן, אַז נישט אַלע אונטערנעמער פון דער בראַנזשע האָבן זיך באַצויגן קאָרעקט צו זייערע אַרבעטער. אַן אויסנאַם אין דעם פאַל איז געווען די פירמע בריִדער זיידען. לויט אַ סטאַטיסטיק וואָס דער פאַריין האָט געפירט וועגן די פאַרשידענע פירמעס מיט וועלכע ער איז געווען אין באַציאונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳זענען געווען אונטערנעמונגען וואָס האָבן זיך גאָר גוט באַצויגן צו די אַרבעטער, געווען אָבער אויך אַזעלכע פירמעס וואָס פלעגן פּראָוואָצירן צו ווילדע שטרייקן, אָן אַ וועלכער ס׳איז באַרעכטיקונג. אַז עס קומט איצט אויס צו רעדן וועגן לאָיאַליטעט פון אונטערנעמער צו אַרבעטער, מוז איך אויפן ערשטן אָרט שטעלן די פירמע זיידען. פאַר די לעצטע צען יאָר ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, געדענק איך נישט אַז טאָרנער שניידער־אַרבעטער זאָלן זיך האָבן באַקלאָגט אויף די צוויי אויבנדערמאָנטע ברידער.

כ׳וויל אויך דערמאָנען וועגן אַנדערע קאָנפעקציע־פירמעס אין טאָרנע וואָס האָבן זיך קאָרעקט באַצויגן צו זייערע אַרבעטער: פירמע קנעכט; פירמע קעלער (אינטעליגענטע מענטשן, מיט וועלכע מען פלעגט שטענדיק דורכקומען); פירמע ברידער בראון, וואָס פלעגן זייער אַנשטענדיק האַנדלען לגבי זייערע אַרבעטער.

ווער זענען געווען די פירער פון טאָרנער באַקלייד־פאַריין? כדי געבן א ריכ־טיקן ענטפער אויף דער פראַגע, מוז קלאָר ווערן, אַז אין טאָרנע איז די פּראָפעסיאָ־נעלע באַוועגונג פון די שניידער־אַרבעטער געוואַקסן באַגלייך מיט דער בקלייד־אינ־דוסטריע אין פּוילן. אין די דרייסיקער יאָרן איז טאָרנע געוואָרן אַ שטאָט מיט דער

בעסטער קאָנפעקציע־אינדוסטריע, וואָס איז געווען אונטער דער קאָנטראָל פון טאָרנער שניידער־אַרבעטער פאַריין. צוויי מאָל אין יאָר זענען אונטערגעשריבן געוואָרן פרייזן־־אָפּמאַכן צווישן די אונטערנעמער און דעם פּראָפעסיאָנעלען פאַריין. אויב אין משך פון יאָר פלעגן פאָרקומען קלענערע אינצידענטן צווישן אַרבעטער און אונטערנעמער, פלעגט אַ געמישטע קאָמיסיע רעגולירן די דאָזיקע ענינים ביי אַ קעגנזייטיקן רעספּעקט וואָס ביידע צדדים האָבן איר אַרויסגעוויזן.

דער פאַריין האָט געהאַט דריי אָפּטיילונגען: 1) מענער־קאָנפעקציע אַרבעטער וואָס האָבן געהערט צום קלאַסן־פאַריין. אָנגעפירט מיט אים האָט יאָסל צעלער — איינער פון די יינגסטע פּראָפ׳־טוער אין טאָרנע. ער איז געווען אַ מוסטערהאַפטער אַרבעטער־טוער. אַ גאַנצן טאָג האָט ער אַליין געאַרבעט אין וואַרשטאַט און נאָך דער אַרבעט האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (נישט איינמאָל טראַכט איך וועגן אונדזערע טאָרנער פּראָפ׳־אַקטיוויסטן וואָס האָבן אָן שום באַלוינונג אַוועקגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט דעם פאַריין. דאָ אין אַמעריקע וואָלט מען פאַר אַזאַ פּראָפ׳־באַוועגונג ווי ס׳האָט פאַרמאָגט טאָרנע געדאַרפט אויסהאַלטן מינדעסטנס אַ צען געצאָלטע פונקציאָנאַרן). 2) אַן אָפּ־צוויג פון דער מענער־קאָנפעקציע איז געווען דער סאָציאַליסטישער האַנטווער־קער־פאַריין, אָנגעפירט דורך די חברים י. גרינבוים און ש. שאַפּירא. 3) די אָפּטיילונג פאַר דאַמען־קאָנפעקציע, וועלכע איז אויפגעקומען אין טאָרנע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס דאָזיקע פאַך האָט זיך שפּעטער שטאַרק אַנטוויקלט אַ דאַנק גרעסערע פאַבריקן, קאָנטראָלירטע דורכן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. מיט דער דאַמען־



שלמה שפּאָרן ז״ל

קאָנפעקציע אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט דער געניטער פּראָפ־טוער און טרייער
בונדיסט שלמה שפּאָרן. אַליין אַ פאַבריקס־אַרבעטער, פלעגט ער ערשט נאָכן פאַר־
ענדיקן זיין אַרבעטס־טאָג אין וואַרשטאַט, אַריינוואַרפן זיך אין דער פּראָפ־אַרבעט
ביזן שפּעטן אָוונט. שלמה שפּאָרן האָט רעפּרעזענטירט דעם גאַנצן טאָרנער באַ־
קלייד־אַרבעטער פאַריין מיט זיין גרויסער צאָל מיטגלידער פון 3.000 מאַן. ער
האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין כמעט אַלע אינסטאַנצן פון דער טאָרנער יידישער
אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאָר 1934 ווערט ער דערוויילט אַלס מיטגלידער פון דער
הויפּט־צענטראַלע פון באַקלייד־אַרבעטער פאַריינען אין וואַרשע. ער איז געווען
זייער באַליבט ביי די טאָרנער שניידער־אַרבעטער צוליב זיין ערלעכקייט און איבער־
געגעבנקייט דער זאַך. דערפאַר האָט ער פון זיי באַקומען אָפט דעם מאַנדאַט צו
רעפּרעזענטירן יידישע אַרבעטער אין טאָרנער שטאָטראַט, קהילה און פאַרוואַלטונג
פון דער קראַנקן־קאַסע. ער האָט נאָך פאַרנומען אַ רייע וויכטיקע פאַראַנטוואָרטלעכע
פּאָזיציעס אינעם אַרבעטער־לעבן. געווען אַ צייט, ווען מען האָט אים געוואָלט אַי־
בערגעבן אַ גאָר פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט אין דער וואַרשעווער צענטראַלע,
אָבער ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין געצאָלטער פּראָפעסיאָנאַליסט. ער איז גע־
בליבן אַרבעטן אין טאָרנער וואַרשטאַט און נאָך דער אַרבעט געווען געזעלשאַפטלעך
טעטיק. ווען עס איז אויסגעבראָכן די פויליש־דייטשע מלחמה, איז שלמה שפּאָרן
אַוועק אין דער אַרמיי, אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די רוסן, פונוואַנען
ער איז נאָך אַ קורצער צייט באַפרייט געוואָרן. ער פאַלט אַריין אין דייטשע הענט
און ווערט אינטערנירט אין אַ לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. דאָ האָט ער
פאַרבראַכט אַ יאָר צייט און דערנאָך צוריקגעקומען קיין טאָרנע. דאָ האָט ער גע־
לעבט אין געטאָ, אָבער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט יידישע אַרבעטער און אַנדערע
אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין קראָקע און וואַרשע. פאַראַן פאַרשריבענע פאַקטן
וועגן זיין געוואַגטקייט. ער פלעגט אַרויסשיקן פאַרטרוילעכע מענטשן אין די צוויי
שטעט און באַקומען פון דאָרט אָנווייזונגען. ביים ליקווידירן דאָס טאָרנער געטאָ
איז שלמה שפּאָרן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּלאַשאָוו, דערנאָך קיין מאַטהאוזען,
וואו ער האָט געהאַט אויסצושטיין מוראדיקע פייניקונגען. זיין ווילן צו זען דעם
סוף פונעם פאַרהאַסטן שונא האָט אים דערמוטיקט און געגעבן כוח איבערצוהאַלטן
די סאַמע שווערסטע צייטן. אָבער האַרט פאַרן סוף קריג ווערט ער צוזאַמענגעבראָכן
און ווערט איבערגעשיקט אין לאַגער־שפּיטאָל, וואו ער באַקומט אַ גיפט־איינשפּרי־
צונג. שלמה שפּאָרן האָט אויסגעהויכט זיין ערלעכע נשמה. כבוד זיין אָנדענק!

.8

די בונדישע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע האָט אויפגעשטעלט אַ גאַנצע
רייע אינסטיטוציעס אויף צו באַפרידיקן די באַדערפעניש פון די אַרבעטנדיקע מאַסן
און דינען זיי גלייכצייטיק ווי אַ וועגווייזער. די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן פלעגן
דעריבער וואַרעם ענטפערן אויף די ווענדונגען פון בונד בנוגע פּאָליטישע אַקציעס
און אַרויסטרעטונגען.

כ׳וויל דאָ דערמאָנען די וואַל־אַקציע צו דער טאַרנער קראַנקן־קאַסע, וואָס דער בונד האָט דורכגעפירט אין יאָר 1927. עס האָבן זיך דעמאָלט אויסגעבילדעט צוויי פראָנטן: פון איין זייט — דער פּאַרייניקטער אַרבעטער־בלאָק פּ. פּ. ס. — בונד; פון דער צווייטער זייט — דער בלאָק פון פּוילישע און יידישע אונטערנעמער און פאַבריקאַנטן. די סאָציאַליסטישע האַנטווערקער האָבן אַרויסגעשטעלט אַן אייגענע ליסטע (דער שרייבער פון די שורות איז טאַקע דערוויילט געוואָרן אַלס זייער פאַרשטייער אין קראַנקן־קאַסע). דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ פאַרביסענער און שווערער. די אַרבעטער־ליסטע האָט געהאַט קעגן זיך אַ בלאָק וואָס האָט דיספּאָנירט מיט זייער פיל געלט־מיטלען און זיי האָבן פאַרוואָרפן די גאַס מיט זייער וואַל־ליטעראַטור, בעת די אַרבעטער האָבן פון זייערע שווער פאַרהאָרעוועטע גראָשנס געמוזט צונויפשטעלן דעם וואַל־פאָנד. די פּוילישע אַרבעטער זענען פון זייערע נישטיקע פאַרדינסטן נישט געווען אימשטאַנד צו געבן אַ גרעסערן צושטייער צו דער וואַל־קאַמפּאַניע און דעריבער האָט דער בונד געמוזט דעקן דעם ווייט־גרעסטן טייל פון די וואַל־אויסגאַבן. די פינאַנסיעלע שוועריקייטן זענען אָבער נישט געווען קיין מניעה צו פירן די קאַמפּאַניע מיט ברען און ענטוזיאַזם. דער רעזולטאַט — די קראַנקן־קאַסע אין טאָרנע איז פאַרוואַלטעט געוואָרן פון אַ סאָציאַליסטישער מער־הייט. מיר האָבן גלייך פאַרגרעסערט דעם בנין, אַנגאַזשירט די בעסטע דאָקטוירים, פאַרזען די אַפּטייק מיט די נויטיקסטע מעדיקאַמענטן און געזאָרגט, אַז קראַנקע אַרבעטער זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן אין סאַנאַטאָריומס אויף קוראַציע. דאָס סאַמע וויכטיקסטע — יידישע אַרבעטער אין דער קראַנקן־קאַסע זענען שוין נישט באַהאַנדלט געוואָרן דורכן דאָקטאָר ווי בירגער פון אַ צווייטער מדרגה. די פּוילישע רעאַקציע האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז סאָציאַליסטן זאָלן הערשן אין דער קראַנקן־קאַסע. נאָך עטלעכע יאָר סאָציאַליסטישע פאַרוואַלטונג, איז זי אויפגעלייזט געוואָרן דורך דער מאַכט און עס איז דאָרט אַריינגעזעצט געוואָרן אַ קאָמיסאַר.

צו די סיים־וואַלן אין פּוילן, איז דער בונד אַרויסגעטרעטן מיט אַן אייגענער ליסטע אויף וועלכער עס האָט קאַנדידירט דער פאַרדינסטפולער בונדיסט ד״ר גליקסמאַן פון קראָקע (שפּעטער — פירער פון דער שלעזישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי). ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַנט־לויפט ד״ר גליקסמאַן קיין רוסלאַנד. אין יאָר 1942 איז ער געשטאָרבן פון טיפוס־קראַנקהייט אין בוכאַראַ, אוזבעקיסטאַן.

ביי די צווייטע סיים־וואַלן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד אַרויסגע־שטעלט די קאַנדידאַטור פון חבר הענריק ערליך אין טאָרנער קרייז. אַזוי אַרום איז דעם טאָרנער בונד צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד, אַז אויף זיין רשימה זאָל פיגורירן דער אָנערקענטער בונדישער פירער. פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי האָט קאַנדידירט ד״ר יהושע טהאָן.

ביי מיר אין זכרון האָבן זיך גוט איינגעקריצט די ערשטע סיים־וואַלן. אין דער נייער שול איז פאָרגעקומען די לעצטע פאַרוואַל־פאַרזאַמלונג וואָס די ציוניסטן האָבן גערופן. דער בונד האָט צום שלוס פון דער וואַל־קאַמפּאַניע אַראָפּגעברענגט פון קראָקע דעם באַוואוסטן פאָלקס־טריבון פ. דעמביצער. מיר האָבן מיטן פאַר־

זיצער פון דער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, ד"ר שפּאַן, פאַרהאַנדלט וועגן דער־מעגלעכן אונדזער רעדנער אַרויסצוטרעטן אַלס אָפּאָנענט אויף זייער מיטינג. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָבן מיר באַקומען אַ צוזאָג, אַז אַזאַ מעגלעכקייט וועט אונדז געגעבן ווערן. די אַטמאָספער אויף דער פאַרזאַמלונג איז געווען אַן אָנגע־גליטע, דאָך איז זי דורכגעפירט געוואָרן אין בעסטן אָרדנונג. ביידע צדדים זענען געווען טאָקטפול און אויפמערקזאַם צוגעהערט זיך צו די אויספירונגען פון די רעדנער. כ׳דערמאָן זיך ווי איצט די פּאָלעמיק צווישן דעם בונדישן רעדנער פ. דעמ־ביצער און דעם יונגן ציוניסט ד"ר נייגער, זון פון באַוואוסטן ציוניסטישן טוער חיים נייגער ז"ל. דעמביצער האָט דעמאָלט אַרויסגעוויזן זיין גלענצנדן רעדנער־טאַלענט און דער עולם האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט דאָס פּובליקום אַרויסגעטראָגן דעמביצערן אויף די הענט, אַלס צייכן פון אָנערקע־נונג פאַר זיין שיינער רעדע. די פאַרזאַמלונג האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

9

אין יאָר 1934 איז דער בונד אין טאַרנע צום ערשטן מאָל געגאַנגען צו די שטאָט־ראַט וואַלן זעלבשטענדיק. די וואַל־אָרדינאַציע אין פּוילן איז שטענדיק געווען אַזוי צוגעשניטן, אַז אין אַרבעטער־קוואַרטאַלן וואו עס האָבן קאַנדידירט אַרבעטער־פאָרשטייער, איז נישט געווען לייכט דערוויילט צו ווערן. מיר זענען אָבער געגאַנגען צו די וואַלן מוטיקע און זיכערע, הגם ביי גוואַלטיקע שוועריקייטן. יעדע פּאַרטיי האָט געוואָלט זיין דער זיגער אין די וואַלן און געווינען וואָס מערער יידישע שטימען. די דאָזיקע וואַלן האָבן געגעבן דעם בונד 5 מאַנדאַטן, בעת אַלע רעכטע יידישע פּאַרטייען, פאַרייניקט אין אַ וואַל־בלאָק, האָבן באַקומען 8 מאַנדאַטן (די ציוניסטן האָבן דעמאָלט באַיקאָטירט די וואַלן און נישט געווען פאַרטראָטן אין שטאָטראַט). די פּ. פּ. ס. האָט דעראָבערט 12 מאַנדאַטן. אַזוי ווי די אַלגעמיינע צאָל ראַטמענער אין שטאָטראַט איז דעמאָלט געווען פערציק, האָט די סאָציאַליס־טישע פראַקציע געהאַט אויסצושטיין אַ ביטערן אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף. די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער זענען שטענדיק געגאַנגען מיט דער סאַנאַציע און געגעבן אַ מערהייט דער דאָזיקער רעגירונגס־פּאַרטיי. אין דער פינפיעריקער קאַדענץ פון דעם דאָזיקן שטאָטראַט איז נישט געווען קיין פאַל, אַז די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער זאָלן ווען האָבן אונטערשטיצט דעם בונד, אפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פאָרשלאָגן לטובת יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינ־סטיטוציעס. תמיד האָבן זיי געשטימט קעגן אונדזערע פאָרשלאָגן. אונדזערע אייג־ציקע פאַרבינדעטע און שטיצער זענען געווען די ראַטמענער פון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

אויף די גרעסטע שוועריקייטן האָבן בונדישע ראַטמענער זיך אָנגעטראָפן בעת די בודזשעט־זיצונגען, ווען דער שטאָטראַט פלעג באַשטימען זיין יערלעכן בודזשעט. יעדע פראַקציע וואָס איז געווען פאַרטראָטן אין שטאָטראַט פלעג אַריינשיקן דער

פינאַנס־קאָמיסיע אירע פּאָרשלאַגן און פּראָיעקטן וועגן סובווענצן פּאַר פּאַרשידענע אינסטיטוציעס מיט אַ גוטע באַגרינדונג. מיר האָבן דעמאָלט געפּאָדערט אַ יערלעכע סובסידיע פּאַר דער בונדישער קינדער־היים. ווען דער דאָזיקער פּאָרשלאַג איז געבראַכט געוואָרן פּאַר דער פינאַנס־קאָמיסיע, האָבן די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער געשטימט קעגן דעם פּאָרשלאַג (היינט קאָן מען זאָגן, ווי נישט אויסגערעכנט עס זענען געווען אַ טייל יידישע בירגערלעכע ראַט־מענער, וואָס האָבן געשטימט קעגן בונדישע פּאָרשלאַגן. גיכער איז דאָס געטאָן געוואָרן אויפן פּאַרלאַנג פונעם סאַנאַטאָרישן שטאָט־פּרעזידענט ד״ר בראָדזשינסקי). דער פּאָרשלאַג צו סובסידירן אַ יידישע קינדער־היים איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט דער הילף פון יידישע ראַטמענער.

די שטאָטראָט ווירטשאַפט און פּאָליטיק איז אין משך פון 5 יאָר געפירט געוואָרן לויט די איינשטעלונגען פון דער בירגערלעכער יידיש־פּוילישער מערהייט. זיי זענען די גאַנצע צייט געשטיצט געוואָן דורך די כלומרשטע אַרבעטער־פּאָר־שטייער פון דער כ. ד. (כאַדעקעס) און נ. פּ. ר. (ענפּעראָוועצעס). די דאָזיקע צווייפּאַרטייען זענען שטענדיק געגאַנגען האַנט־ביי־האַנט מיט די רעכטע גרופּירונגען, קעגן די אינטערעסן פונעם אַרבעטער.

די בונדישע פּראַקציע אין שטאָטראָט האָט ביי יעטוועדער געלעגנהייט פון באַהאַנדלען דעם בודזשעט אָדער אויף געוויינלעכע זיצונגען, סיי דורך דרינגענדע פּאָרשלאַגן צי אינטערפּעלאַציעס, באַמיט זיך צו דעמאַסקירן די אַרבעטער־פיינט־לעכע פּאָליטיק און טיילווייז לינדערן די לאַגע פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין טאָרנע, וועלכע האָבן אין דער אונטערשטער שורה אויסגעטראָגן די לאַסט פון די שטאָטישע שטייערן.

אין אַלגעמיין איז שווער געווען דעם דעמאָלטיקן שטאָטראָט אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט. די שאַרפע אָפּאָזיציע פון פּ. פּ. ס. און בונד צווינגען אויפצולייזן דעם שטאָטראָט און אויסשרייבן נייע וואַלן. פאַרן בונד אין טאָרנע ווערט איצט אַוועק־געשטעלט אַ וויכטיקע אויפגאַבע. נאָר איידער כ'וועל שרייבן וועגן די לעצטע שטאָט־ראַט־וואַלן אין יאָר 1939, וויל איך דאָ שילדערן אייניקע טעטיקייטן פון בונד אין די יאָרן 1937/38.

## .10

אין טאָרנע זענען געווען נאָך אייניקע עפּנטלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציעס וואו יידישע אַרבעטער זענען געווען פּאַרטראָטן דורך זייערע געוויילטע פּאָרשטייער. קודם כל — די יידישע קהילה. די בונדיסטן אין קהילה־ראַט האָבן שטענדיק גע־שטרעבט צו הויבן דעם אָנזען פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דער בונד האָט געשטרעבט צו פּאַרוואַנדלען די קהילה־אַנשטאַלטן אין הילפס־אינסטי־טוציעס פּאַר די אָרעמע פּאָלקס־שיכטן, העלפן זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג און באַפרידיקן אַנדערע הצטרכותן, ווי: געזונט, סאָציאַלע שטיצע און אַנד'. אַרום די דאָזיקע פּראַגן איז געפירט געוואָרן אַ ביטערער קאַמף מיט דער אָרטאָ־

דאָקסיע, וועלכע האָט געשטרעבט דערצו, אַז די קהילה זאָל זאָרגן בלויז פאַר די רעליגיעזע באַדערפעונישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. גלייכצייטיק האָט די אָרטאָדאָקסיע געוואָלט מיט תקיפות און שטאַרקער האַנט באַהערשן דאָס גאַנצע קהילה־לעבן, אפילו מיט דער הילף פון די מאַכט־אָרגאַנען. די בונדישע פרנסים האָבן געשטרעבט דערצו, אַז די קהילה זאָל באַהאַנדלען אַלע פראַגן פון יידישן לעבן וואָס האָבן אַן אַלגעמיינע באַדייטונג. ווען עס איז אין פוילן איינגעפירט געוואָרן דער פאַרבאָט פון דער יידישער שחיטה, האָט אַ בונדישער פאַרשטייער אין קהילה־ראַט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, דאָס די קהילה זאָל אויפן ענערגישסטן אופן פּראָטעסטירן קעגן די אַנטיסעמיטישע אויסערונגען פון דער רעגירונג וואָס איז געקומען צום אויסדרוק סיי אין דער קאַמפּאַניע קעגן יידישער שחיטה, סיי דורך בלוטיקע אַנטי־יידישע פּאָגראָמען (פּשיטיק) און עקאָנאָמישן באָיקאָט.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז אויך נישט געווען גלייכגילטיק צו די טרויעריקע געשעענישן אין פּשיטיק, אין יאָר 1937. די פּאַרטיי רופט צו אַן עפנטלעכן פּראָטעסט; יידישע אַרבעטער זאָלן אָפּשטעלן די אַרבעט אין אַ באַ־שטימטער צייט און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט זאָל ברענגען צום אויסדרוק איר עמפּערונג קעגן די אַנטיסעמיטישע אומרוען. דער טאָג פון 7־טן מערץ 1937 יאָר דאַרף טאָקע פאַרשריבן ווערן ווי אַ היסטאָרישער טאָג אין דער געשיכטע פון יידישן טאַרנע. 9 פרי האָט אין אַלע גאַסן זיך באַוויזן בונדישע מיליץ און אויפגעפאָדערט די יידישע אייגנטימער צו שליסן זייערע געשעפטן. טאַרנער יידן האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע דיסציפּלין און נאַציאָנאַלע אייניקייט. נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער פּאָליטישער דיפערענצירונג, איז די נאַציאָנאַלע אייניקייט געשטעלט געוואָרן העכער פון ענגע פּאַרטייאישע צילן. די בונדישע השפעה דעמאָלט האָט אַזוי ווייט געגרייכט, אַז אַלע טאַרנער יידן זענען צוגעשטאַנען צום פּראָקלאַמירטן פּראָטעסט־שטרייק. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט פון דער מאַכט, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פּראָטעסט־מיטינג, אויף וועלכן ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַן אַנטשפּרעכנדע רעזאָלוציע. זי איז איבערגעגעבן גע־וואָרן די מאַכט־אָרגאַנען אין טאַרנע.

אויך פוילישע אַרבעטער האָבן אָנטייל גענומען אינעם פּראָטעסט־שטרייק. איינע פון די גרויסע אונטערנעמונגען אין שטאָט (שאַנצערס מיל), וואו ס'זענען געווען באַשעפטיקט פוילישע אַרבעטער, זענען יענעם טאָג נישט אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט און געשטרייקט אַ האַלבן טאָג. אויפן מיטינג איז אויך אַרויסגעטרעטן אַ פאַרשטייער פון פוילישע אַרבעטער, וועלכער האָט געברענגט צום אויסדרוק די גרייטקייט פון פוילישן אַרבעטער־קלאַס צו העלפן דער יידישער באַפעלקערונג אין איר קאַמף פאַר רעכט.

## .11

צו די שטאָטראַט־וואַלן אין יאָר 1939 באַשטימט דער בונדישער קאָמיטעט אַ פאַרשטענדיקונגס־קאָמיסיע וואָס זאָל זיך דורכרעדן מיט פּ. פּ. ס. וועגן דער

פאָרשטייענדיקער וואַל־אַקציע. עס ווערט באַשלאָסן, אַז ביידע פּאַרטייען — בונד און פּ. פּ. ס. — גייען באַזונדער צו די וואַלן, אָבער די וואַל־קאַמפּאַניע וועט געפירט ווערן פון אַ געמיינזאַמען וואַל־קאָמיטעט. די קאַנדידאַטן־ליסטעס, לויט באַזונדערע ראַיאָנען, ווערן אויפגעשטעלט דורך יעדער פּאַרטיי באַזונדער. אין די ראַיאָנען וואו ס׳איז דאָ אַ מערהייט פּוילישע באַפעלקערונג, וועט דער בונד נישט אַרויסשטעלן זיינס אַ קאַנדידאַטן־ליסטע און דערפאַר וועט ער דאָרט רופן צו שטימען פאַר פּ. פּ. ס. דאָס זעלבע בנוגע ראַיאָנען וואו ס׳איז דאָ אַ מערהייט יידישע איינוואוינער, וועט פּ. פּ. ס. נישט אַרויסשטעלן קיין ליסטע און הייסן אירע אָנהענגער שטימען פאַרן בונד. געווען אָבער ערנסטע שטערונגען מצד אַנדערע פּאַרטייען, וועלכע האָבן יאָ אַרויסגעשטעלט באַזונדערע ליסטעס: פּאַרייניקטער יידישער בלאָק, סאַנאַציע, ענדעציע. דער וואַל־קאַמף רודערט אויף דאָס גאַנצע יידישע טאָרנע, עס קומען פאָר צענדליקער פּאַרזאַמלונגען פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער, אָבער אויך אונדזערע קעגנער שטייען נישט אָפּ אינעם וואַל־פּאַרמעסט. דעם 5־טן מערץ 1939 איז דער טאָג פון די וואַלן. אַלץ אין שטאָט ווערט אָפּגעשטעלט: דער מסחר, די אַרבעט. עס לאָזט זיך גלייך מערקן, אַז די מערהייט טאָרנער יידן שטימט בונדיש. אונדזערע פּאַרטרויאונגס־מענער ביי די וואַל־אורנעס שיקן איבער גוטע באַריכטן. די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" פירט אַ גלענצנדע אַגיטאַציע־אַרבעט צווישן די יידישע ווייבער. 9 אָוונט האָבן מיר שוין געהאַט די ערשטע באַריכטן, אַז אין אַלע וואַל־אורנעס גייט אונדזער ליסטע פאָראויס. פון 13 יידישע מאַנדאַטן (לויט דער צוגעשניטענער וואַל־געאָגראַפיע) האָט דער בונד באַקומען 8 ראַטמענער און דער יידישער בירגערלעכער בלאָק — 5. אויך פּ. פּ. ס. האָט אָפּגעהאַלן אַ גרויסן זיג, געווינענדיק 15 מאַנדאַטן, אַנטקעגן 10 פון דער סאַנאַציע און 2 פון ענדעציע. דער טאָרנער שטאָטראַט וועט איצט ענדערן זיין כאַראַקטער און אויסזען: 23 סאָציאַליסטישע ראַטמענער בילדן איצט אַ מערהייט אין שטאָט־ראַט, הגם זי האָט קענגן זיך אַ גענוג שטאַרקע אָפּאָזיציע פון 17 ראַטמענער. אָבער די סאַנאַציע־רעגירונג איז נישט צופרידן מיטן אויסגאַנג פון די וואַלן צום טאָרנער שטאָטראַט און פון וואַרשע קומט די אָנווייזונג צום קראָקעווער וואָיעוואָדע נישט צו דערלויבן ענדערן דאָס פּרעזידיום פון שטאָטראַט, ד. ה. אַז דער פריערדיקער שטאָט־פּרעזידענט און די צוויי וויצע־פּרעזידענטן (אַלע פון דער סאַנאַציע) בלייבן אויף זייערע אַמטן. די לאַוניקעס, דאַקעגן, קענען געווײלט ווערן לויטן איינזען פון דער מערהייט אין שטאָטראַט. ביידע אַרבעטער־פּאַרטייען פּראָטעסטירן שטאַרק קעגן דער דאָזיקער אומגעזעצלעכער פאַראָרדנונג און זאָגט זיך אָפּ זי אויסצופירן. נאָך עטלעכע וואָכן אומנאָרמאַלן צושטאַנד, קומט אַ שריפטלעכע פאַראָרדנונג פון וואָיעוואָדישן אַמט אין קראָקע, אַז אין פאַל ווען דער שטאָטראַט וועט נישט אויספירן דעם באַפעל, ווערט ער פונאַנדערגעלאָזט און עס וועט דאָרט אַריינגעזעצט ווערן אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר. ביידע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן נישט געקאָנט דערלאָזן דערצו, ווייל טאָרנע האָט שוין געהאַט גענוג קאָמיסאַרישע הערשאַפט, און זיי באַשליסן צוטרעטן צו דער אַרבעט. דער אָנגעוואָרפענער שטאָט־פּרעזידענט, אַ פאַרביסענער רעאַקציאָנער, האָט זיך נישט געוואָלט צופּאַסן צו די באַשלוסן פון דער סאָציאַליסטישער מערהייט און אויף דעם באָדן איז געקומען צו אָפטע אינ־

צידענטן און סקאַנדאַלן. די אַרבעט האָט שטאַרק אונטערגעהונקען און געליטן דערפון האָט די גאַנצע קאָמונאַלע ווירטשאַפט. צום סוף האָט דער פרעזידענט צורן געלאָזט מיט זיין אַוואַנטוריסטישער פּאָליטיק און לויט אַ באַפעל פון אויבן, האָט ער געביטן זיין טאַקטיק און דערמעגלעכט דעם שטאָטראַט אָנצוגיין מיט אַ נאָרמאַלער טעטיקייט.

באַשלוסן וועגן וויכטיקע עפנטלעכע אַרבעטן, שטייערן און סובווענצן ווערן אָנגענומען אויף זיצונגען פון מאַגיסטראַט און זיי דאַרפן דערנאָך באַשטעטיקט ווערן דורכן שטאָטראַט. אָבער זעלטן פלעגט דער שטאָטראַט אָפּוואַרפן די פאָרשלאַגן פונעם מאַגיסטראַט, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ סאָציאַליסטישע מערהייט (4 לאַוניקעס פון ביידע אַרבעטער־פּאַרטייען. ח' דוד באַטיסט איז געווען לאַווניק פון בונד). ביידע פרעזידענטן און איין לאַווניק זענען געווען פון דער סאַנאַציע.

די ערשטע אַרבעטן וואָס דער סאָציאַליסטישער שטאָטראַט האָט דורכגעפירט, זענען געווען צו ברענגען אין אָרדענונג די גאַסן אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, רעמאָנטירן די שטאַרק רואינירטע וועגן און טראָטואַרן — אַרבעטן, וועלכע דער פריערדיקער שטאָטראַט האָט לגמרי נישט געטראַכט אַדורכצופירן. די שטאָט האָט אָנגעהויבן באַקומען אַ גאָר אַנדער אויסזען. עס האָבן אויך אויפגעהערט די אָפּטע אַרבעטלאָזע־דעמאָנסטראַציעס פאַרן שטאָטראַט. הונדערטער אַרבעטער האָבן באַקומען באַשעפטיגונג ביים פאַרריכטן די וועגן און טראָטואַרן, ביים קאַנאַליזירן אַ טייל גאַסן, וואָס איז אַלץ געווען נויטווענדיק פאַר דער שטאָט.

אויף איינער פון די שטאָטראַט־זיצונגען האָט די בונדישע פראַקציע אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז אין די שטאָטישע אַמטן און אינסטיטוציעס דאַרף באַשעפטיקט ווערן אַן אַנטשפּרעכנדיקע צאָל יידישע באַאַמטע, ווייל צו יענער צייט האָט דער שטאָטראַט באַשעפטיקט אַ נישטיקע צאָל יידישע אָנגעשטעלטע, וואָס האָט ווייט נישט אַנטשפּראָכן דער צאָל יידישע איינוואוינער אין שטאָט. דער פאָרשלאַג פון בונד האָט געלויטעט, אַז פרישע באַאַמטע וואָס וועלן צוגענומען ווערן דאַרפן זיין יידן. דער פרעזידענט האָט פּרובירט אויפווייזן, אַז אַזאַ באַשלוס איז עלול אַרויסצורופן שוועריקייטן, ווייל עס ווערן לעצטנס נישט צוגענומען קיין נייע באַאַמטע און אָפּזאָגן אַלטע קאָן מען אויך נישט, ווייל אי ס'איז נישט שיין, אי ס'איז נישט געזעצלעך. דער בונדישער ראַטמאַן י. סוקמאַן האָט אַריינגעטראָגן אַ צוגאָב־פאָרשלאַג, אַז צוליב דעם וואָס יעדעס יאָר ווערן אָנגענומען אַ געוויסע צאָל נייע באַאַמטע אין די ניי־דערעפנטע שטאָטישע אינסטיטוציעס און אָנגעשטעלטע ווערן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט צוליב דיסציפּלין־ברוך, דאַרפן אויף זייערע ערטער אָנגענומען ווערן יידישע באַאַמטע און נישט קיין אַנדערע. דער פרעזידענט האָט זיך באַמיט דעם פאָרשלאַג אָפּלייגן אויף אַ צווייטער זיצונג, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. נאָכדעם ווי דער פאָרשלאַג איז געשטעלט געוואָרן צו דער אָפּשטימונג, האָט ער באַקומען 28 שטימען קעגן 12. דאָסמאָל האָבן די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער געשטימט פאַרן בונדישן פאָרשלאַג.

כ'וויל נאָך אויסרעכענען אייניקע בונדישע אַקטיוויסטן און ראַטמענער אין יאָר 1939:

דער פּאַרטיי־קאָמיטעט — דוד באַטיסט (פּאָרזיצער און סעקרעטאַר), שלמה שפּאָרן (וויצע־פּאָרזיצער), יאָסל צעלער (קאַסיר), אורן־שפּאָרן, משה פייערא־ייזן, יאָסל סוקמאַן, ד״ר לעאָן מיץ, הערשל מינצער, יצחק גרינבוים, יעקב ברוקנער, מאַקס הוטער.

בונדישע ראַטמענער — דוד באַטיסט, שלמה שפּאָרן, אורן־שפּאָרן, לעאָן מיץ, י. גרינבוים, הערשל מינצער, יאָסל סוקמאַן, מאַקס הוטער.

פון די אַלע אויסגערעכנטע טאַרנער אָנפירנדע בונדיסטן איז אויסער דעם שרייבער פון די שורות, קיינער נישט געבליבן ביים לעבן. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

.12

בונדישע באַוועגונג אין טאַרנע האָט געמיינט נישט נאָר די שטאַרקע בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך איר יוגנט־בונד „צוקונפט״, די קינדער־אָרגאַני־זאַציע „סקיף״, דער ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן־יוטזשענקאַ״, די אַרבעטער־פרויען אָרגאַניזאַציע, די פאַרשידענע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן, וואָס זענען געשאַפן און אָנגעפירט געוואָרן דורכן בונד. וועגן די דאָזיקע אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע — עטלעכע ווערטער:

דער בונד ביי אונדז אין שטאָט האָט געזאָרגט פאַר דער יוגנט נישט ווייניקער ווי פאַר די עלטערע אַרבעטער. דעריבער האָבן יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער גאָר שנעל געטראָפן דעם וועג צו דער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע. אויך אין די פּראָפ׳־



דער יוגנט־בונד „צוקונפט״ אין טאַרנע אין יאָר 1926.

פאַריינען זענען געגרינדעט געוואָרן באַזונדערע יוגנט־סעקציעס, וועמענס אויפ־גאַבע עס איז געווען צו זאָרגן פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יוגנטלעכן אַרבעטער. דער יוגנט־בונד „צוקונפט" האָט פּאָליטיש דערצויגן די יידישע אַרבע־טער־יוגנט, געהויבן איר קולטורעלן ניוואָ, געשאַפן פאַר איר אַ געזעלשאַפטלעכע היים און זי איינגעשלאָסן אינעם אַלגעמיינעם קאַמף וועלכן עס האָט געפירט די גאַנצע אַרבעטערשאַפט. די זעלבסטבילדונגס־קרייזן ביים „צוקונפט" זענען פאַר דער אָרעמער יידישער יוגנט געווען ווי אוניווערזיטעטן פאַר די קינדער און יוגנט פון פאַרמעגלעכע עלטערן.

„צוקונפט" פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדענען עפנטלעכע פאָרלעזונגען און פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע עס פלעגט זיך שטענדיק באַטייליקן אַ גרויסע צאָל יוגנט. די רעדנער און טוער זענען אַלע געקומען פו דער יוגנט־מאַסע גופא און נישט איין טאָרנער יידיש־געזעלשאַפטלעכער טוער האָט געהאַט זיין געזעלשאַפט־לעכע שול אין דער „צוקונפט". אין די שפּעטערע יאָרן איז אַנטשטאַנען אַ בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף", די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן" („יו־טזשענקאַ"). דער יוגנט־בונד „צוקונפט" איז געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט פון פּ. פּ. ס. „טור". אויסער דער פּאָ־ליטיש־דערציערישער און קולטורעלער טעטיקייט, פלעגט די „צוקונפט" איינאָרדנען זומער־לאַגערן, צוזאַמענפליען און קאָלאָניעס. איין זומער־לאַגער פון טאָרנער „צוקונפט" איז באַשריבן געוואָרן אין „יוגנט־וועקער" פון חודש אויגוסט 1937 יאָר.

די בונדישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן" איז געגרינדעט געוואָרן אין טאָרנע, אין יאָר 1922. טאָרנער יידישע אַרבעטער האָבן זיך קיינמאָל נישט פאָר־געשטעלט, אַז זיי וועלן זיין אימשטאַנד אָנצופירן מיט אַן אייגענער ספּאָרט־באַוועגונג. צו יענער צייט האָט פון ספּאָרט גענאָסן נאָר די בירגערלעכע יוגנט, אָבער די אַרבעטער־יוגנט האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַן אומגעוויינלעכן אינטע־רעס צו ספּאָרט — און נישט קיין סך צייט האָט גענומען, אַז דער בונדישער ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן" איז געוואָרן אַ דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין דער טאָרנער ספּאָרט־באַוועגונג.

כ'דערמאָן זיך דעם עפנטלעכן פוסבאָל־פאַרמעסט צווישן „מאָרגנשטערן" און דעם יידישן בירגערלעכן ספּאָרט־קלוב „שמשון" („סאַמסאָן"), וועלכער האָט פאַר־מאָגט אַ גוטע פוסבאָל־מאַנשאַפט און אין משך פון פיל יאָרן באַטייליקט זיך אין מייסטערשאַפט־פאַרמעסטונגען מיט פאַרשידענע פּוילישע ספּאָרט־קלובן. איצט איז יעדער געווען איבערצייגט, אַז דער יונגער בונדישער ספּאָרט־קלוב וועט פאַרשפּילן צום דערפאַרענעם „שמשון". גרויס איז דעריבער געווען די איבעראַשונג, ווען „מאָרגנשטערן" האָט אין איר ערשטן פאַרמעסט מיט „שמשון" געוואונען מיט 1:0. קיינער פון די טאָרנער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ אומדערוואַרטעטן רע־זולטאַט. זינט דעם געווינס פלעגט יעדער פאַרמעסטונג צווישן די צוויי יידישע קלובן אַרויסרופן אויסערגעוויינלעכן אינטערעס. אין יאָר 1932 האָט „מאָרגנשטערן" געוואונען אַלע פאַרמעסטן אין שטאָט און אויסער איר און איז צוליב דעם צוגעלאָזט געוואָרן צו די פינאַל־פאַרמעסטונגען מיט אייניקע קלובן פון קראָקעווער קרייז. „מאָרגענשטערן" דערגרייכט די גרעסטע צאָל פונקטן און גייט איבער אין קלאַס A.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די בונדישע ספּאָרטלער האָבן געשפּילט מיט אויסער־געוויינלעכער אַמביציע און איבערגעגעבנקייט.

איך דערמאָן זיך אויך איינעם אַ פּאַרמעסט צווישן „יוטזשענקאַ" און „שמשון". ביידע מאַנשאַפטן האָבן געפּילט, אַז דער קאַמף וועט זיין אַ שווערער און אַמבי־ציעזער. נאָך מיט פיל וואָכן פריער האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען. דער שרייבער פון די שורות איז דעמאָלט געווען דער ספּאָרט־לייטער פון „מאָרגנשטערן". דער אויבנדערמאָנטער פּאַרמעסט האָט באַדאַרפט פּאָרקומען שבת נאָכמיטאָג. כ'בין דעמזעלבן טאָג געגאַנגען באַזוכן אַ קראַנקן שפּילער פון אונדזער מאַנשאַפט. קומענדיק אויף דער סטאַראָ־דאָמבראָווסקע גאַס, זע איך דאָרט צוויי באַקאַנטע פרויען וועלכע קומען צו צו מיר און פרעגן:

— הער שפּאָרן, איר האָט נאָך צייט דאָ אַרומצושפּאַצירן? אייער „יוטזשענקאַ" שפּילט דאָך היינט אַ מעטש...

איך ענטפער די צוויי פרויען, אַז כ'מוז גיין מבקר חולה זיין אַ קראַנקן שפּילער. אָבער די צוויי פרויען ווילן וויסן פון מיר עפּעס אַנדערש און ווייזן אַרויס אומצו־פרידנקייט מיט מיין ענטפער. זיי שטעלן מיר אַ קאָנקרעטע פראַגע און פאָדערן אַ באַלדיקע תשובה:

— זאָגט אונדז, הער שפּאָרן, ווער וועט היינט געווינען — „יוטזשענקאַ" צי „שמשון"?

מיין ענטפער איז, אַז ווער עס וועט בעסער שפּילן, דער וועט געווינען. אָבער די פרויען לאָזן מיך נישט אָפּ. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז ביידע פרויען




אַ גרופּע בונדישע אָנפירער אין טאַרנע אין יאָר 1946 פאַר דעם הויז פון „בונד" א. נ. ב. מיכאַלעוויטש

האָבן געהאַט פולשטענדיק רעכט אַרויסצוּווייזן אַזאַ אויסערגעווינלעכן אינטערעס צום פּאַרמעסט, ווייל איינע פון זיי איז געווען די מוטער פון „יוטזשענקאַ"־שפּילער, איטשע שיף, און די צווייטע — אַ מוטער פון אַ שפּילער אין „שמשון" — פראַנצ־בלוי... כ'האָב געפרעגטביידע פרויען צי זיי קומען היינט זען דעם פּאַרמעסט. דער ענטפער איז געווען, אַז זיי באַזוכן כמעט יעדן מעטש, נאָר זיי קאָנען נישט זיין צוזאַמען אויפן שפּיל־פּלאַץ, ווייל יעדע איינע פון זיי וויל, אַז איר זון זאָל אַרייני־שיסן אַ גאָל אין קעגנערס טויער. אַזעלכע זענען זיי געווען אונדזערע יידישע מאַמעס...

אונדזערע יידישע אַרבעטער־פרויען האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אינטערעס צו וועלטלעכע ענינים. עס איז דאָך אַ באַוואוסטע זאַך, אַז די גרעסטע אָפּנעמער פון יידישן בוך און פּרעסע זענען געווען אונדזערע ברייטסטע יידישע מאַסן, און דער עיקר — די פרוי. יידישע אַרבעטער־פרויען אין טאָרנע האָבן אין די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה נישט געלייענט מער שבת נאָכמיטאָג מעשה־ביכלעך, נאָר אינטערעסירט זיך מיט ערנסטע יידישע ביכער פון די קלאַסיקער, באַטייליקט זיך אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און געביטן דעם אויסזען פון יידישן אַרבעטער־קוואַרטאַל. די „פּאָלקסצייטונג" האָט געגרייכט אין יעדער אַרבעטער־שטוב, און עס וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג, אויב כ'וועל די דאָזיקע אויפטוען און דערגרייכונגען צושרייבן דער בונדישער אַרבעט. דאָס האָט אונדזער פּאַרטיי אין טאָרנע דערצויגן די יידישע אַרבעטער־פרוי, די אַרבעטער־יוגנט און דאָס קינד פון דער יידישער אָרעמקייט, געהאָלפן זיי פּאָליטיש אויס־וואַקסן און באַקענען זיי מיט דער מאָדערנער יידישער און אַלוועלטלעכער ליטע־



אַ גרופּע מיטגלידער פון דער טאָרנער „קולטור־ליגע" אין יאָר 1934.




דראַמאַטישע סעקציע פונעם ספּאָרט־קלוב „יוטשענקאַ" אין טאַרנע אין יאָר 1932

ראַטור. דאָס סאַמע וויכטיקסטע — אַרויסגעפירט דעם יידישן יוגנטלעכן פון ענגן שמוציקן וואַרשטאַט, געלערנט אים פאַרברענגען נוצלעך די פרייע צייט אין קלוב, שפּיל־פעלד און אויף דער פרייער לופט. די גאַס האָט אויפגעהערט צו זיין דאָס אָרט פאַרן אַרבעטער. עס איז געקומען די אַרבעטער־היים, די „קולטור־ליגע" און אַנדערע נוצלעכע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן. ביי דער געלעגנהייט וויל איך אונטערשטרייכן, אַז די יידיש־בירגערלעכע יוגנט האָט געהאַט אירע וואונדערבאַרע דערציאונגס־אַנשטאַלטן, ווי די שול „שפה ברורה", ביבליאָטעק און קלוב. מיר קאָנען היינט געבן די ברכה די דאָזיקע יידן וואָס האָבן געטאָן אַזאַ נוצלעכע אַרבעט פאַר אונדזער יוגנט, געוועקט ביי איר דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און אַרויסגעפירט זיי אויפן ברייטן שליאַך פונעם געזעלשאַפטלעכן פאַרמעסט און שוואונג.

ביים ספּאָרט־קלוב „יוטזשענקאַ" איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פּרויען־סעקציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט לייכטאַטלעטיק און האַנטבאַל. אַזוי ווי „שמשון" האָט אויך געהאַט אַ פּרויען־מאַנשאַפט פאַר האַנטבאַל, זענען ביידע פרויען־מאַנשאַפטן אַרויס אין אַ פאַרמעסט .עס האָט נישט לאַנג גענומען, און אונדזער פרויען־ספּאָרטלערינס האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין טאָרנער קרייז.

די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פרויען־ספּאָרט באַוועגונג אין טאָרנע זענען געווען: דער שרייבער פון די שורות (איצט אין קאַנאַדע), פעניג ערנאַ און געלערנטער האַנקאַ (איצט אין פּאַריז). צוזאַמען מיט די צוויי טיכטיקע ספּאָרטלערינס איז מיר געלונגען אַוועקצושטעלן ביי „יוטזשענקאַ" די פרויען־סעקציע פאַר האַנטבאַל. די צוויי אויבנדערמאָנטע שפּילערינס זענען געווען פאַבריק־אַרבעטערינס, אָבער זייער ספּאָרט־דערציאונג האָבן זיי באַקומען אינעם בירגערלעכן ספּאָרט־קלוב „שמשון". איינע פון די פּאָפּולערע האַנטבאַלליסטינס פון טאָרנער „מאָרגנשטערן" איז געווען רעגינאַ קאַנער (איצט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע).

### 13.

אַזוי איז די פאַרצווייגטע בונדישע אַרבעט אויף כמעט אַלע געביטן פון יידישן פאָלקס־לעבן אָנגעגאַנגען אין טאָרנע ביזן ערשטן סעפּטעמבער 1939 יאָר, ווען היטלער־דייטשלאַנד האָט באַפאַלן פּוילן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז טאָרנע אָקופּירט געוואָרן דורך דער נאַצי־אַרמיי. די ערשטע וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן טאָרנע, זענען געווען די אַקטיווע סאָציאַליסטישע טוער.

כ'דערמאָן זיך דעם אַרעסט פון ח' מאַוריצי הוטער, באַוואוסטער סאָציאַליסטישער כלל־טוער, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן אַוועקגעגעבן דער יידישער געזעלשאַפט בכלל און דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט. ער ווערט צוזאַמען מיט זיין זון אַרעסטירט אין די ערשטע וואָכן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין שטאָט. דער דאָזיקער אַרעסט וואַרפט אָן אַ טויט־שרעק אויף אַלעמען און מען ווייסט נישט וויאַזוי דערקלערן זיך דעם דאָזיקן פאַקט. די הוטערס זענען שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן אין תפיסה. מען האָט פון זיי געפאָדערט דערקלערונגען אָדער אונטערשרייבן זאַכן וועגן וואָס ס'האָט זיך זיי קיינמאָל נישט געחלומט.

אין לויף פון דער אויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די הוטערס זענען אַ קרבן פון אַ פּראָוואָקאַציע. אַ פּוילישער אַרבעטער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון לעמ־בערג, האָט געבראַכט מיט זיך אַ בריוו פון באַוואוסטן פּ. פּ. ס.־ישן טוער אַדאַם טשאַלקאָש צו הוטערן, וואו ער שרייבט, אַז מ׳זאָל נישט פאַרלירן דעם מוט, און אַז מלחמה און דיקטאַטאָרן זענען נישט קיין אייביקייט. דער דאָזיקער בריוו איז איבער־געגעבן געוואָרן אין דייטשע הענט, וואו ער איז איבערגעשריבן געוואָרן און דעם אָריגינאַל האָט מען געהייסן אָפּגעבן צום אַדרעסאַט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ברענגער פונעם בריוו איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר און ער האָט עס איבער־געגעבן דעם בריוו דער דייטשער מאַכט. נאָך אַ וואָך פייניקונגען איז די הוטערס געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון די דייטשע לאַפּעס. דעם גרעסטן פאַרדינסט פאַר זייער באַפרייען האָט געהאַט דער דעמאָלטיקער טאַרנער בירגערמייסטער ד״ר קריפּלעוואָסקי, וועלכער איז אויף דעם דאָזיקן אַמט באַשטימט געוואָרן קעגן זיין ווילן. ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, האָט ער אונטערגעשריבן פאַר די הוטערס, אַז זיי וועלן זיך צושטעלן צו יעדער צייט ווען די דייטשע פּאָליציי וועט עס נאָר פאַרלאַנגען. באַלד די ערשטע נאַכט נאָכן באַפרייען די הוטערס, האָט ד״ר קריפּלעוואָסקי גופא געהייסן זיי פאַרלאָזן טאַרנע. דאָס איז געווען אַ גע־וואַגטער און ריזיקאַלישער שריט פון דעם בירגערמייסטער. מען האָט אַלץ געטאָן צו דערליידיקן דעם ענין, כדי דער דאָזיקער איידעלער מענטש זאָל נישט דאַרפן ליידן. ביידע הוטערס זענען אומגעקומען אין רוסלאַנד. דער אַלטער הוטער זאָל האָבן אומגעקומען אין טאַרנאָפּאָל, אין יאָר 1941, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן פון די מזרח־געביטן. דער יונגער הוטער איז געשטאָרבן אין יאָר 1944 אין דער שטאָט פערגאַנאַ, אוזבעקיסטאַן (מיטל־אַזיע).

אונדז איז אויך געלונגען צו באַקומען אַן אינפאָרמאַציע פון זיכערע קוועלן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ פאַראָרדנונג צו אַרעסטירן דעם בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און די גאַנצע סאָציאַליסטישע פראַקציע אין טאַרנער שטאָטראַט. באַטיסט איז שוין דעמאָלט נישט געווען אין טאַרנע. ער איז צוזאַמען מיטן באַוואוסטן פּוילישן סאָ־ציאַליסט עדוואַרד סקווירוט אַנטלאָפן קיין פּשעמישל. דאָרט האָט מען זיי איינגע־זעצט און יעדן פאַרמשפּט צו 5 יאָר תּפיסה.

די ערשטע געהיימע באַראַטונג פון בונדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט איז פאָרגעקומען ביי מיר אין וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין וויינפעלדס הויז, אויף לוואָוו־סקע־גאַס 22. דער באַשלוס איז געווען: גלייך פאַרלאָזן טאַרנע. איך און יצחק גרינ־בוים זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג. כ׳האָב מיטגענומען מיין עלטערן זון הענעך, כדי ער זאָל זיין דער פאַרבינדלער צווישן אונדז מיט די פאַרבליבענע חברים. מיר זענען בשלום געקומען קיין ריישע און אונדזער יונגער באַגלייטער איז גלייך צוריקגעפאָרן קיין טאַרנע, פונוואַנען ער איז צומאָרגנס צוריק־געקומען מיט די איבעריקע חברים קיין ריישע. פונדאַנען זענען מיר אַוועק צו דער גרענעץ. נאָכן אַריבערגיין די סאָוויעטישע גרענעץ, זענען מיר אַלע פאַרהאַלטן גע־וואָרן און נאָכן אַרומשלעפּן עטלעכע וואָכן איבער פאַרשידענע תּפיסות, זענען מיר אָנגעקומען קיין סאַמבאָר, וואו מיר האָבן זיך געפונען אין אַ נייעם אַרעסט. אַ טייל פון אונדז זענען באַפרייט געוואָרן, אַנדערע זענען חדשים לאַנג געבליבן אין דער

סאַמבאָרער תפיסה, פונוואַנען מען האָט זיי דערנאָך אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד, וואו זיי האָבן אין די תפיסה־קאַמערן באַקומען שריפטלעכע אורטיילן אַז זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו 5 יאָר לאַגער (טייל האָבן באַקומען 10 יאָר).

אין יאָר 1941, ווען היטלער־דייטשלאַנד איז באַפאַלן רוסלאַנד, האָט גענעראַל שיקאָרסקי אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך מיט דער מאָסקווער רעגירונג, אַז אַלע פּוילישע בירגער, אָן אונטערשיד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט, ווערן גלייך באַפרייט פון די תפיסות און לאַגערן און קאָנען פאָרן וואו זיי ווילן, אויסער אין די גרויסע שטעט.

דעם 4־טן מאַי 1946 בין איך פון רוסלאַנד צוריקגעקומען אין מיין היימשטאָט טאַרנע. דער דאָזיקער טאָג איז פאַר מיר געווען דער גרויזאַמסטער זינט די פאַרשידענע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד, וואו כ'האָב צוויי יאָר פאַרברענגט הינטער די תפיסה־מויערן. די ערשטע שעה פון באַטרעטן די טאַרנער ערד, האָט מיך פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן. עס איז געווען אַ זונטיק אינדערפרי. הגם איך האָב נאָך אין 1944, זייענדיק אין רוסלאַנד, געוואוסט, אַז מיין יידיש טאַרנע עקזיסטירט שוין נישט מער, האָב איך נאָך אַלץ געוואָלט האָבן די אילוזיע, אַז אפשר איז נישט אמת אַלץ וואָס איך האָב געלייענט און געהערט. ליידער, דאָס וואָס כ'האָב שפּעטער געזען האָט איבערגעשטיגן יעדע מענטשלעכע פאַנטאַזיע. צוזאַמען מיט מיין איינציקן זון זענען מיר דורכגעגאַנגען די גאַסן קראַקאָווסקע און וואַלאָווע און קיין ייד נישט געזען. מיר זענען געווען אומפּעאיק אַרויסצורעדן צווישן זיך אַ וואָרט. טרערן האָבן געשטיקט און נישט געלאָזט אַרויסברענגען דעם מינדעסטן קלאַנג. מיט אונדזערע בליקן האָבן מיר זיך אינסטינקטיוו געפרעגט: צו וועמען זענען מיר געקומען? מיר האָבן געזען פיל קריסטלעכע דורכגייער, נאָר כ'האָב נישט געקאָנט זיי קוקן אין די אויגן, ווייל כ'האָט געוואוסט, אַז דאָס האָבן זיי אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן די מערדער אין זייער פאַרברעכערישער מלאכה. אַזוי זענען מיר דערגאַנגען ביז דער גאָלדהאַמער גאַס נומ' 1, וואו צו יענער צייט האָט זיך געהאַט קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע ביסל יידיש לעבן נאָכן חורבן. געווען דאָרט דער יידישער קאָמיטעט, קהילה, יידיש שפּיטאָל, קינדערגאָרטן, פאָלקס־קיך און אַנדערע. דער ערשטער באַקאַנטער ייד וואָס האָט מיר געעפנט די טיר, איז געווען לייזער רויך, סעקרעטאַר פון יידישן קאָמיטעט. מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט, אָבער נישט געווען בכוח אַ וואָרט אַרויסצורעדן. באַלד האָבן זיך באַוויזן נאָך באַקאַנטע יידן: בלייוויס, בעטריבניס, קאָרנרייך, צעלער און אַנדערע. ערשט פון זיי האָב איך זיך דערוואוסט דעם טראַגישן אמת. איך האָב אָנגעהויבן זיך פרעגן אויף הונדערטער פון מיינע באַקאַנטע, אָבער קיין איינער פון די לעבנגעבליבענע האָט מיר נישט געקאָנט באַשטעטיקן, אַז ווער פון זיי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פונעם היטלעריסטישן גהינום. מיר איז נאָך אַלץ שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָס איז געבליבן פון דעם רוישיקן יידישן טאַרנע. כ'באַשליס צו גיין אויף די גאַסן וואו כ'האָב אַמאָל געוואוינט. דאָרט ,אויף דער לוואָווסקע און קרופּניטשע גאַס וועל איך באַשטימט טרעפן וועמען פון מיינע באַקאַנטע שניידער, פאַרטיי־חברים, אָט די יידן מיט וועמען איך בין אין משך פון לאַנגע יאָרן געווען אַזוי אינטים פאַרבונדן, אַרויסגעטרעטן אין זייער נאָמען אין פאַר־

שידענע עפנטלעכע אינסטיטוציעס. כ׳בין דורכגעגאַנגען די גאַנצע לעמבערגער־גאַס ביזן הויז פון דער פריערדיקער קינדער־היים, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון בונדישן פירער בייניש מיכאַלעוויטש — און קיינעמען נישט געטראָפן. פון די גאַסן וואָס זענען בעת דער אָקופּאַציע געווען באַשטימט פאַרן געטאָ, איז איבער־געבליבן איין גרויסע חורבה. עס איז שווער געווען אָפּצורייסן זיך פונעם אימהדיקן בילד פון יידישן חורבן און אומקום. ווי אַ פאַרגליווערטער בין איך געשטאַנען ביי אונדזערע צעשטערטע היימען און געפרעגט זיך: „בלייבן צווישן די חורבות — אפשר זענען דאָ פאַראַן ווער פון מיינע נאָענטע?" קוים זיך דערשלעפּט צום פּלאַץ וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען די נייע שול — דער שטאָלץ פון טאָרנער יידנטום. דאָ האָב איך געפילט, אַז כ׳פאַרליר די כוחות. אַראָפּגעזעצט זיך אויף דער ערד, באַפרייט זיך פון די שטיקנדיקע טרערן, וואָס האָבן געמאַטערט די גאַנצע צייט און געוויינט אויף אונדזער גרויסן חורבן. כ׳האָב זיך דערמאָנט, ווי עס האָט אַמאָל אויסגעזען דער דאָזיקער פּלאַץ, מיט וואָס פאַראַ שטאָלץ עס איז דאָ געשטאַנען דער מקום קדוש, וועלכער האָט אַרויסגעשיינט פון אַלע אַרומיקע געביידעס ווי אַ שיינע קעניגלעכע קרוין. צוזאַמען מיט דעם איצט ליידיקן פּלאַץ האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די וועלט אין איר גאַנצער העסלעכער נאַקעטקייט.

מיך האָט געצויגן ווייטער צו גיין. צוגעקומען צו דער שפּיטאַלנע־גאַס נומ׳ 26, אָפּגעשטעלט זיך אַ ווײַלע, אָבער נישט געפועלט ביי זיך אַריינצוגיין אין דער דירה וואו כ׳האָב אָפּגעוואוינט גאַנצע 22 יאָר. פון דאָרט בין איך אַוועק צום שפּי־טאָל, צום בית הקברות, דורכגעגאַנגען דאָס טויער און דורך די רעשטלעך מצבות דערזען מיין שטאָט טאָרנע אין איר איצטיקן מעמד. האָבן פאַרבייגעשוועבט בילדער פון דער נאָענסטער פאַרגאַנגענהייט, די באַקאַנטע נעמען פון נאָך מער באַקאַנטע יידן, דערזען מיין יידיש טאָרנע מיט די קלויז־יידן וואָס פלעגן ביי מיר שטענדיק אַרויסרופן דרך־ארץ און פון מיינע אייגענע פאַרטיי־חברים, די טרייע בונדיסטן. אין מיינע אויערן האָט איצט אָפּגעקלונגען זייער באַגייסטערט געזאַנג פון דער בונדישער שבועה: „ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט, — אַלע וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט..." כ׳האָב געוואָלט נאָך עפּעס הערן פון יענעם פאַרשניטענעם טאָרנע, אָבער דיווירקלעכקייט איז געווען שטאַרקער פון מיינע אילוזיעס...

פאַר דער קורצער צייט וואָס כ׳האָב נאָך דער באַפרייאונג פאַרבראַכט אין טאָרנע, האָבן מיך טאָרנער יידן באַשאָנקען מיטן כבוד צו זיין זייער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט. איך גלויב, אַז כ׳האָב די דאָזיקע אַרבעט אויסגעפילט מיט מיין גאַנצער ערלעכקייט. ביים פאַרלאָזן די שטאָט, האָבן מיך טאָרנער יידן געזעגנט און קעגנזייטיק געוואונטשן זיך צו טרעפן אין אַ פרייער וועלט וואו יידיש לעבן זאָל מער נישט זיין הפקר. דער דאָזיקער וואונטש איז מקויים געוואָרן, אַ גרויסער טייל לעבנגעבליבענע טאָרנער יידן וואוינען איצט אין די אַמעריקאַנער לענדער.

מיר האָט דער גורל באַשטימט צו לעבן אויף דער עלטער אין קאַנאַדע, אין דער שטאָט מאָנטרעאַל. אויך דאָ, אינעם יידישן מאָנטרעאַל, האָב איך געפונען אַ טיילווייזע געזעלשאַפטלעכע באַפרידיקונג.

אויפן קאַנאַדער קאָנטינענט האָבן מיר אויך באַוויזן צו שאַפן אַ טאָרנער לאַנדס־מאַנשאַפט און טוען גוטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

אליעזר וואורצל

# פונעם יידישן ארבעטער־קאמף אין טארנע

דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער רעזשים אין פּוילן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פריער אונטערן יאָך פון דער דעספּאָטישער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט, און שפּעטער — אונטער דער סאַנאַטאָרישער אָדער ענדעקישער רעגירונג, — האָט נישט דערלויבט און נישט דערמעגלעכט די ברייטסטע יידישע מאַסן אַריינצודרינגען אין דער שווער־אינדוסטריע, פּראָדוקטיוויזירן זיך. און פּונקט ווי אין אַלע שטעט אין פּוילן, אַזוי אויך אין טאָרנע, זענען יידן געווען באַשעפטיקט אין דער נאָדל־בראַנזשע, האַנדל און האַנטווערקעריי.

סוף ניינצנטן יאָרהונדערט און אָנהויב צוואָנציקסטן י״ה, האָט אין טאָרנע זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקע גרויסע נאָדל־אינדוסטריע, ווי: קאָנפעקציע, היטל־מאַכעריי און אַנדערע פאַכן פון דער באַקלייד־בראַנזשע, אין וועלכער עס זענען געווען באַשעפטיקט, האָבן געלעבט און געקעמפט טויזנטער יידישע לוין־אַרבעטער, כאַלופּניקעס און בעלי־מלאכות. אַ גרויסער טייל האָט געלעבט פון האַנדל און אַנדערע עסקים, און דער דריטער עקאָנאָמישער שיכט איז געווען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים אדג״ל.

יידישע אַרבעטער און כאַלופּניקעס האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן זייערע בעלי־בתים פאַר רעכט אויף קיום, פאַר אַנערקענען זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעגירונגס־אָרדענונג. יידישע קליינע בעלי־מלאכות האָבן געפינסטערט זייערע טעג, וואָכן און חדשים אין די טונקעלע, פאַר־שטויבטע און פייכטע וואַרשטאַטלעך, כדי צו שטילן דעם הונגער פון זייערע משפחות. די אָרעמע קליינהענדלער וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף די מערק, געשטאַנען ביי די שראַגנס אָדער געצויגן חיונה פון קליינע מאָגערע געשעפטלעך אין די הינ־טערגעסלעך, זענען דורך די שטייער־אַמטן אויסגעפּאָמפּעט געוואָרן מיט דער הילף פון פאַרשידענע שטייערן. זיי האָבן קוים געהאַט דעם טאָג איבערצולעבן. אַזוי איז אין משך פון יאָרן אויפגעגאַנגען אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט און אַ קליינבירגערטום.

שפּאַצירנדיק איבער די טאָרנער הויפּט־גאַסן אָדער אין די רייכע קוואַרטאַלן, האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אַלע יידן אין שטאָט זענען רייכע סוחרים, הויז־אייגנ־טימער, אַדוואָקאַטן — ווייל דאָס אַלץ האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. ווער אָבער עס האָט זיך געגעבן די מי אַראָפּצוגיין אין די פייכטע קעלער־שטובן, אין די פאַרשטויבטע בוידעם־שטיבלעך און אין די פאַרשימלטע און פאַרחושכטע דירות, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאַרעיפּושטע הייף אויף גראַבאָווסקע אָדער אויף

דער יידישער גאַס, — האָט ערשט געזען ווי דאָרט פייפט דער דלות, עס צופּט דער הונגער, עס הערשט די נויט. דאָרט האָבן יידישע מאַמעס פאַרוויגט זייערע הונגעריקע קינדער מיט לידער־חלומות וועגן „ראָזשינקעס און מאַנדלען”, אָדער „חלה מיט מילך וועסטו עסן”. יאָ, נישט די אויבנדערמאָנטע רייכקייט און גלאַנץ האָט פאַרקערפּערט דאָס יידישע לעבן אין טאַרנע. פון דחקותדיקע שטיבלעך האָט געאָטעמט מיט קאַמף, פון דאָרט איז אויפגעגאַנגען דער געראַנגל פאַר אַ ניי לעבן, פאַר מענטשלעכע רעכט און קיום.

## גראַבאָווקע

ווייט פונעם שטאָטישן גלאַנץ, פון די הויכע גאָטישע קלויסטער־שפּיצן, פון די שיינע גרויסע הייזער פון מאָדערנעם און מיטלאַלטערלעכן סטיל, איז געלעגן באַרג־אַראָפּ גראַבאָווקע — דער גרויסער פּערטל פון יידישע אַרבעטער, כאַלופּניקעס און אָרעמע בעלי־מלאכות. ווי שלאַנגען האָבן זיך געצויגן די גאַסן און געסלעך פון די הילצערנע בודקעס און ליימיקע, צו דער ערד געזונקענע, הייזקעס. דאָרט, זענען ווי שוואַמען נאָך אַ רעגן, געבוירן און געוואַקסן קינדער, וואָס האָבן מיט דער צייט פאַרנומען די ערטער פון זייערע עלטערן אין פאַבריק, וואַרשטאַט צי שראַגן. זיי האָבן אויך ממשיך געווען דעם קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט און רעכט אויף לעבן.

ווי אָרעם און דחקותדיק עס איז געווען גראַבאָווקע, האָט זי אָבער געלעבט אין שטענדיקן פיבער, תמיד זיך באַמיט אַראָפּצוואַרפן פון זיך די ראָמאַנטישע שלייערס און בירגערלעכע חלומות וואָס האָבן זי אָפּגעריסן פון טאָגטעגלעכן לעבן און קאַמף, וועלכן זיי האָבן געפירט צוזאַמען מיט פוילישע אַרבעטער פאַר די פּשוטע עלעמענטאַרסטע רעכט און מענטשלעכן קיום.

גראַבאָווקע האָט געלעבט איר דינאַמיש־פּאָליטיש און יידיש־קולטורעל לעבן. גראַבאָווקע האָט געפירט אַ קלאַסנקאַמף. פון אירע צעקרימטע געסלעך האָבן זיך געצויגן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, אָן אָנזאָג פון שטענדיקן געראַנגל.

„ווי לאַנג כ׳וועל לעבן, וועל איך דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, גראַבאָווקע”! — האָט געזונגען אַ יידישער אַרבעטער־דיכטער. ווייל אין גראַבאָווקע האָט זיך פאַרקערפּערט די דינאַמישקייט פון אַ לאַווע, דער עפּאָס פון גאָרקי׳ס „שטורעמפויגל”, פון שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער” און די יומטובדיקייט פון פּרצעס „שבת זאָל זיין אויף דער וועלט”!

## די יידישע גאס (זשידאָווסקאַ)

אינמיטן גרויסן פּירעקיקן מאַרק איז געשטאַנען דאָס ראָטהויז, אַ ריזיקע פּיראַנטיקע געביידע פון אַלטן סטיל, מיט סקולפּטאָרישע פיגורן אויף די הויכע שפּיץ־מויערן מיטן הויכן טורעם — דער סימבאָל פון שטאָטישער מאַכט.

צפון־מזרח פון ריזיקן מאַרק האָט געפירט צו דער יידישער גאַס, און פון דאָרט — אַ נעץ גאַסן און געסלעך פון אַמאָליקן יידישן געטאָ, מיט די טונקעלע ענגע געסלעך, גרויע און הויכע הייזער־מויערן, און אין זיי — אַ ים בתי־מדרשים, ישיבות און חדרים. אין די פייכטע טונקעלע שטובן פון דער יידישער גאַס האָט געלעבט דער רוב יידישע אָרעמקייט: בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, שראָגן־באַזיצער, מאַרק־זיצער־ינס, שדכנים, בדחנים, שמשים און סתם בטלנים וואָס האָבן געלעבט פון חתונות, בריתן און לוויות.

די יידישע גאַס האָט געלעבט אין דחקות און אין דביקות. נישט געזען פאַר זיך די זון, נאָר דעם גלויבן אין משיח. און אַזוי האָבן זיי פאַרוועלקט זייערע אייגענע טעג, וואָכן און חדשים.

אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ווי אַ טרייסל געטאָן דאָס יידישע לעבן און די יידישע גאַס האָט זיך אויפגעוועקט פון איר לעטאַרגיע. הויכע דאָרע ישיבה־בחורים זענען געגאַנגען צו אָדער פון די ישיבות און בתי־מדרשים און הינטער זייערע לאַנגע שוואַרצע זשופּיצעס האָבן זיי באַהאַלטענערהייט געטראָגן די ביכלעך פון אַ מאַרקס, ענגעלס, לענין, גאָרקי, היינע, פּרץ, שלום־עליכם, מענדעלע, ביאַליק, אחד העם און אַנדערע. חלומות וועגן נייע וועלטן און אַ ניי לעבן האָבן זיך געוועבט ביים נייעם דור, געוועקט ביי דער יידישער יוגנט און אויף זייער גאַס פאַרלאַנגט נאָך וויסן, אינספּירירט זיי צום געראַנגל פאַר יידישער און אַלוועלטלעכער באַ־פרייאונג.

די צוויי גרויסע יידישע קאָנטראַסטן אין טאַרנע — גראַבּוווקע און יידישע גאַס — האָבן אין משך פון דורות פאַרקערפּערט מיט זיך דאָס יידישע לעבן אין שטאָט.

דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס אין פּוילן האָט אַממיינסטן דערשיטערט די אַזוי אויך שוואַכע פּאָזיציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער יידישער אַרבעטער און האַנטווערקער, באַזונדערס דער יידישער יוגנטלעכער, האָט נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט און קיין פּערספּעקטיוו. די מיינסטע האָבן געזען אַ רעטונג אין אַנטלויפן פון שטאָט, אין אויסוואַנדערן. די וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט, די קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, האָבן אויפגעשטעלט אין טאַרנע אַ שטאַרקע פּראָגרעסיווע באַוועגונג. צוזאַמען מיט פּאָליאַקן האָבן יידישע חברים געפירט דעם קאַמף פאַר אַ פרייע דעמאָקראַטיש פּוילן, געקעמפט קעגן ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם, קעגן פאַרראַט פון דער פּוילישער רעגירונג. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער מחנה זענען געשטאַנען טאַרנער קאָמוניסטן און אַנדערע שלום־קעמפער. נישט נאָר גראַבּוווקע און די יידישע גאַס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם געראַנגל, נאָר אויך יידישע און פּוילישע יוגנט פון פאַרמעגלעכע קרייזן.

I.

# יידיש שול־וועזן אין טאַרנע

## א. העברעאישע שולן פון „שפה ברורה"

דאָס שול־וועזן אין פוילן האָט אין מיטלאַלטער געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן רע־ליגיעזן כאַראַקטער. דעריבער האָבן אין די שולן, אויסגעהאַלטענע דער עיקר דורך די קלויסטערס און קלער, נישט געקאָנט אָנקומען שילער פון אַנדערע גלויבנס. איבעריקנס, האָט די יידישע באַפעלקערונג אויך אָן דעם דאָזיקן פאַרבאָט נישט געשיקט אירע קינדער אין שולן פון אַנדערע גלויבנס, אַזוי אַז עס איז שטענדיק געווען נייטיק צו שאַפן אַן אייגן יידיש שול־וועזן. אויך האָט זיך דאָס יידישע שול־וועזן אין פוילן אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם, וואָס די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון יידישע עלטערן, ראַבינאַט און קהילה איז געווען איינגעשטעלט אויף דערציען און אויסבילדן יידישע יינגלעך אין רעליגיעזן גייסט. פון די פריסטע יאָרן, דעריבער, האָט אַ יידיש קינד באַזוכט דאָס חדר, וואָס האָט אָבער קיין וועלטלעכע בילדונג נישט געגעבן. צום סוף זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן ביי די יידישע קהילות עקזיס־טירט קהלשע לערן־אַנשטאַלטן פאַר אָרעמע קינדער, די א. ג. תלמוד־תורות. אויסער דעם האָט ביי יעדער יידישער קהילה עקזיסטירט אַ ישיבה, וועמענס תלמידים זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט עסן פון אַ ספּעציעלער וואוילטעטיקער קאַסע, אָדער „געגעסן טעג" אין רייכע יידישע שטובן.

די ערשטע עלעמענטאַרע שול אין טאָרנע איז דעריבער געווען דאָס חדר. יידישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט שוין פון 4 יאָר אָן, און אין די שפּעטערדיקע צייטן, ביים קיסר יאָזעף דעם צווייטן, ווען יידישע קינדער האָבן אויך געמוזט באַזוכן מלוכהשע שולן, פלעגן זיי נאָכמיטאָג פאַרברענגען אין חדר. אין פרענקעלס חדר אויף דער לוואָווסקע גאַס אין טאָרנע האָט אין לעצטן יאָרצענדליק פון נײַנצנטן יאָרהונדערט זיך דערצויגן אַ גאַנצע גענעראַציע פון יידישער אינטע־ליגענץ אין טאָרנע. אין די חדרים האָבן יידישע קינדער זיך באַקענט מיטן תלמודיש וויסן, און די פעאיקערע תלמידים האָבן דערנאָך געלערנט ביי גרויסע גמרא־מלמדים.

קיסר יאָזעף דער צווייטער האָט אין גאַליציע אויפגעשטעלט באַזונדערע שולן פאַר יידישע קינדער. אין די דאָזיקע שולן האָט מען נישט אָפּגעהיטן די רעליגיעזע פאָרשריפטן, און די לערער, אַראָפּגעברענגטע פון דייטשע לענדער, זענען געווען פאַרהאַסט ביי דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. גאָר שנעל, שוין אין יאָר 1806, איז דאָס גאַנצע שול־וועזן ליקווידירט געוואָרן, צו דער גרויסער פרייד פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום.

אינעם יאָר 1888 זענען אַנטשטאַנען אין גאַליציע די שולן פון דער באַראָן הירש פונדאַציע. באַראָן הירש, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין פּאַריז, האָט אַסיג־נירט די סומע פון 12 מיליאָן פראַנצויזישע פראַנק פאַר גרינדן אין גאַליציע שולן פאַר יידישע קינדער. אין ווין איז געשאַפן געוואָרן אַ קוראַטאָריום וואָס איז באַ־שטאַנען פון 9 יידן און 9 קריסטן, און זיי האָבן דאָס געדאַרפט גרינדן די שולן אין גרעסערע שטעט אין גאַליציע. אין יעדער שטאָט אַזעלכער איז געשאַפן געוואָרן אַ פיליאַלע פונעם ווינער קוראַטאָריום. אין טאַרנע איז נאָמינירט געוואָרן אַלס ערשטער קוראַטאָר פון דער באַראָן הירש פונדאַציע ד״ר אַדאָלף רינגעלהיים.

אין יאָר 1891 איז דורך דער פונדאַציע פון באַראָן הירש פאַרלייגט געוואָרן אַן אַלגעמיינע (פאָלקשולע) שול, וועלכע האָט זיך אָנהויב געפונען אין ווייַנ־פעלדס הויז אויף דער לוואָווסקע גאַס. ערשט אין יאָר 1899 איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נייע צווייסטאָקיקע שול־געביידע אויף דער טאָפּאָלאָווע גאַס, וואו אויסער דער פירקלאַסיקער פאָלקשולער שול אונטער דער דירעקציע פון ה׳ ענגלענדער, זענען אויך געווען וואוינונגען פאַר לערער, אַ גאָרטן, אַ סאַד, און אַרבעטס־וואַרשטאַטן. אין דער געביידע איז אויך געווען אַ פאַך־שול פאַר מיידלעך, וואו זיי האָבן זיך געלערנט נייען. דערביי האָט די מיידל־שול קודם כל דערצויגן אירע שילערינס אויף גוטע ווירטינס. מען האָט דאָרט געלערנט קאָכן, וואַשן, פּרעסן, נייען, צערעווען, לייענען, שרייבן, חשבון. אין דער פיר־קלאַסיקער שול האָט מען, אויסער די געגנשטאַנדן וואָס האָבן געהערט צום שול־פּראָגראַם, נאָך גע־לערנט אין די געוויינלעכע פאָלקשולן רעליגיע און די דייטשע שפּראַך.

אין דער שול פון באַראָן הירש האָבן דער עיקר געלערנט קינדער פון



די באַראָן הירש שול אין טאַרנע

האַנטוווערקער קרייזן, אָבער גרויס איז געווען די צאָל אָרטאָדאָקסישע עלטערן אין סוף ניינצנטן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן נישט געשיקט זייערע קינדער אין וועלטלעכע שולן, לערנענדיק זיי אָדער פּריוואַט, אָדער אין חדרים און ישיבות. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז יידישע קינדער וואָס האָבן געלערנט סיי אין די רעגירונגס־פּאָוושעכנע שולן און אין די גימנאַזיעס, האָבן דערגענצט זייער בילדונג אין די חדרים, וואו זיי האָבן געלערנט יידישע למודים און תנ״ך.

דער ציוניזם האָט זיך באַוויזן אין טאָרנע גאָר פרי. ער האָט זיך אַריינגעריסן אין בית־המדרש, און דער לאָזונג פון קולטור־רענעסאַנס דורך אויפ־לעבן די העברעאישע שפּראַך, האָט גלייך געפונען פיל אָנהענגער. שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער העלפט ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געוואוינט אין טאָרנע דער משכיל מרדכי דוד בראַנדשטעטער, וועלכער איז געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון דער העברעאישער שפּראַך און איינער פון די גרינדער פון דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור. אַ דאַנק זיין השפּעה האָט די ערשטע גענעראַציע טאָרנער ציוניסטן אַרויסגעוויזן פיל אינטערעס פאַר דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור. גלייך פון אָנהייב האָט אין טאָרנע געהערשט אַן אויסגעשפּראָכן ציוניסטישע אַטמאָספער, אַדורכגעדרונגען מיט העברעאיזם און העברעאישער ליטע־ראַטור. נאָך אין יאָר 1896 איז דורך דער געזעלשאַפט „אהבת ציון״ געגרינדעט געוואָרן אַ העברעאישע שול א. נ. „בית הספר עברי״, אָנגעפירט דורך זכריה מענדל שפּירא, וועלכער איז איינער פון די ערשטע עולה געווען קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז געווען דירעקטאָר פון דער שול אין זכרון־יעקב, ביז זיין טויט אין יאָר 1938. אין דער דאָזיקער שול איז אויך געווען דער לערער באַזלער, פאָטער פון אַדוואָקאַט אַנזעלם באַז׳לער פון טאָרנע. אַביסל שפּעטער האָט אַ צווייטע העברע־אישע שול אין טאָרנע געגרינדעט נחמן צבי באו און זיין מיטאַרבעטער דער שריי־בער צבי הלוי רומעלד, וועלכער האָט פאַר די יונגע ציוניסטן פאָרגעלייענט אין שול קאַפּיטלען פון אחד העמס „על פרשת דרכים״.

אויך אין דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָרנע „השחר״, און אין די סטודענטן־קרייזלעך, איז דער טראָפּ געלייגט געוואָרן אויף דער העברעאישער שפּראַך. צו ערשט זענען עס געווען קורסן, געפירט פון צייט צו צייט און באַ־שטימט דער עיקר פאַר עלטערער יוגנט. ערשט אין יאָר 1902 האָבן טײלעכע עלטערע טאָרנער ציוניסטן פאַרעפנטלעכט אַן אַפּעל צו דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, רופנדיק צו שאַפן אַ העברעאישע שול א. נ. „שפה ברורה״. דעם אַפּעל האָבן אונטערגעשריבן: יצחק בראַנדשטעטער (פון יאָר 1908 אין ישראל), איכל לעזער (געשטאָרבן אין יאָר 1952 אין תל־אביב), חיים הערש ליכטבלאו, וועלכער האָט אין יאָר 1950 אין תל־אביב געפראַוועט זיין 80־יאָריקן געבורטסטאָג — ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר —, חיים קלאַפּהאָלץ, אברהם בראַנדשטעטער (פון יאָר 1921 אין ישראל), שמואל וויינטראוב (איצט אין ישראל).

נאָכן גרינדן די געזעלשאַפט „שפה ברורה״, וועמענס ציל עס איז געווען צו פלעגן די העברעאישע שפּראַך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, זענען קיין טאָרנע אַראָפּגעבראַכט געוואָרן באַדייטנדיקע העברעאיסטן און פעדאַגאָגן, ווי: יוסף אָר־מאַנסקי (איצט אין ישראל) און צבי שאַרפשטיין (איצט — באַדייטנדיקער העב־




דער ערשטער קאָמיטעט פון דער „שפה־ברורה" געזעלשאַפט אין טאַרנע. פון דעכטס אויף לינקס זיצנדיק: חיים נייגער, איכל לעזער, חיים הערש ליכטבלאו, אברהם בראַנדשטעטער און ריכטער. פון רעכטס אויף לינקס שטייענדיק די לערער: רפאל קאַפעלאַנסקי, צבי שאַרפשטיין, יוסף אומאַנסקי.

רעאישער פעדאַגאָג אין ניו־יאָרק), וועלכע האָבן אָנגעהויבן פירן העברעאישע קורסן ביי דער געז' „שפה ברורה", אין לאָקאַל פון דער קהילה־געביידע. צוליב דער גרויסער צאָל צוהערער אויף די קורסן, האָט מען געמוזט אַראָפּברענגען נאָך אַ לערער — רפאל קאָפּעלאַנסקי.

ווען קיין טאַרנע זענען אָנגעקומען חיים נייגער און אין שפּיץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע איז געשטאַנען ד"ר שמואל שפּאַן, האָט „שפה ברורה" אַנטוויקלט אַ ברייטערע קולטור־טעטיקייט דורך פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון דער העברעאישער שפּראַך.

צום קאָמיטעט, וועלכער האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעפירט מיט דער געזעלשאַפט „שפה ברורה", האָבן געהערט: חיים הערש ליכטבלאו (פרעזעס), חיים נייגער, איכל לעזער, אברהם בראַנדשטעטער און ריטער.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אָבער איבערגעריסן די דאָזיקע טעטיקייט. ערשט נאָך דער מלחמה איז אַ דאַנק די באַמיאונגען פון די אויבנדערמאָנטע טוער, געלונגען צוריק צו באַנייען די טעטיקייט פון „שפה ברורה". אין יאָר 1918 האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ נייע פאַרוואַלטונג, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען חיים הערש ליכטבלאו אַלס פרעזעס, לעאָפּאָלד שינאַגעל — סעקרעטאַר, וואָל געצלער — קאַסיר, חיים נייגער און ד"ר שמואל שפּאַן. פון די פאָנדן, געזאַמלטע ביי ציוניסטן, האָט די פאַרוואַלטונג אין דעצעמבער 1918 איינגעקויפט אַן אייגן הויז אויף דער גאַס פון דער הייליקער אַננע, און דאָרט איינגעאָרדנט אַ העברעאישע



דער בנין פון דער העברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה" אין טאַרנע אויף דער הייליקער אַננאַ־גאַס.



העברעאישע קורסן פאַר יידישע גימנאַזיע-שילער אין מאָרגע אין יאָר 1921



דער „שפה־ברורה״ קאָמיטעט צום אָפּפאָר פון ד״ר שמואל שפּאַן קיין ארץ ישראל אין יאָר 1921. זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: וואָלף געצלער, חיים נייעגער, ד״ר שמואל שפּאַן, חיים הערש ליכטבלאו און איזראַעלעוויטש.

שול, אַ פאַרשול, אַ גימנאַסטיק־זאַל און אַ היים פאַר מלחמה־יתומים. זינט דעמאָלט האָט זיך אין דעם הויז קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע ציוניסטישע לעבן אין טאַרנע. פאַר דעם דאָזיקן הויז איז אין יענע צייטן באַצאָלט געוואָרן די גרויסע סומע פון 320.000 קראָן. דאָס ערשטע אָרט צווישן די שפּענדער האָט פאַרנומען ישעיהו זילבערפעניג, וועלכער האָט געשאָנקען די סומע פון 50.000 קראָן. גרעסערע באַ־שטייערונגען האָבן אויסער דעם געגעבן: בנימין קאַץ, זיגמונט פליישער (איצט אין ישראל), ווילהעלם שפּירא (פאָטער פון דירעקטאָר פונעם „קול ישראל״, ד״ר י. שפּירא), שלמה וואורצעל, מענדל דאַר, די ברידער ליכטבלאו, הערמאַן פלור און חיים נייגער. דאָס הויז איז איבערגענומען געוואָרן דעם 1־טן יאַנואַר 1919 און נאָכן אַדורכפירן די נויטיקע רעמאָנטן, איז עס אין ל״ג בעומר 1919 איבערגעגעבן געוואָרן צום געברויך פון דער געזעלשאַפט „שפה ברורה״.

אַ דאַנק דעם איז מעגלעך געוואָרן צו עפענען אַ שטענדיקע עפנטלעכע פאָלקס־שול. די קאָנצעסיע צו עפענען די שול האָט מען אַרויסבאַקומען ערשט אין סעפטעמבער 1923. די ערשטע קלאַס האָט דעמאָלט געציילט 13 שילער. אַזוי איז אַנטשטאַנען די ערשטע יידישע שול אין טאַרנע, וועלכע איז אונטער דער לייטונג פון פרעזעס פון „שפה ברורה״ חיים נייגער און דעם באַדייטנדיקן פעדאַגאָג, דיר׳ פון דער שול א. ב. באַראָן הירש — ליבליך — געוואָרן אַ מוסטער פאָלקס־שול.

אין שול־יאָר 1924/25 האָט די שול געציילט 49 קינדער, אין צווייטן יאָר — 98, אין שול־יאָר 1926/27 — 149 קינדער און 4 קלאַסן. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום געגעבן עפנטלעכע רעכט דער שול. אינעם שול־יאָר 1927/28 זענען די אַבסאָלווענטן פון דער העברעאישער שול אַריבערגעגאַנגען אין דער צו יענער צייט געגרינדעטער העברעאישער גימנאַזיע.

אין סעפטעמבער 1928 האָט די ערשטע קלאַס פון דער פאָלקס־שול געציילט אַרום 80 קינדער, און די גאַנצע שול — 170 שילער און שילערינס. ווען „שפה ברורה״ האָט אין יאָר 1927 געעפנט אַ העברעאישע גימנאַזיע, האָבן די עלטערן מאַסנווייז געשיקט זייערע קינדער אין דעם נייעם דערציאונגס־אַנשטאַלט.

אַ שטערונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שול איז געווען דער מאַנגל אין אַ אַנטשפּרעכנדיקן לאָקאַל פאַר דער שול, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער איינשטאָקיקער געביידע פון דער געז׳ „שפה ברורה״. די פאַרוואַלטונג האָט אָבער אויך די שוועריקייט גובר געווען. די ביזאיצטיקע געביידע האָט באַקומען נאָך אַ שטאָק. וויפל מי און אַרבעט דאָס האָט געקאָסט, און וועמענס הויפּט־פאַרדינסט דאָס איז געווען — דערוויסן מיר זיך פון „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 14.9.28 נומ׳ 23:

„עס האָט זיך געפונען איין מענטש, וועלכער האָט געהאַט די דרייסטקייט אָנ־צוהייבן צוזובויען אַ צווייטן שטאָק, און אַ דאַנק זיין אומבויגזאַמען ווילן און אייזערנער ענערגיע זענען צעטריבן געוואָרן די ספקות ביי די אַלע, וועלכע האָבן זיך סקעפּטיש באַצויגן צו דער נייער אונטערנעמונג. דער ציוניסטישער פאַנאַטי־קער, אונדזער ד״ר שפּאַן, האָט מיט זיין התלהבות און טריישאַפט צו דער זאַך מיטגעריסן די סקעפּטיקער, וועלכע האָבן מיט א בלייער אין האַנט דערוויזן די אומעגלעכקייט אָנצוהייבן און פאַרענדיקן די בויאונג. און נישטאָ אין דעם קיין



שפּה־ברורה שול אין יאָר 1922

די לערער: זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: צוועכער, וויינבערג און אומאַנסקי.

שום איבערטרייבונג און סתם לויב־ווערטער, אויב מיר וועלן פעסטשטעלן דעם אמת און דעם איבעראַל באַוואוסטן פאַקט, אַז דער שעפער פון דער גרויסער זאַך, וואָס האָט דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פון אַ העברעאישער פאָלקס־שול און גימנאַזיע אויף לאַנגע יאָרן, — איז געווען דער ד״ר שפּאַן. ער איז אונדזער רום און שטאָלץ, און מיט זיין וואַרעמען איבערנעמען זיך מיט אַלץ וואָס איז יידיש, מיט זיין ריקזיכטלאָזער איבערגעגעבנקייט צום ציוניסטישן אידעאַל, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין זיין יעדן אבר, איז ד״ר שפּאַן געוואָרן דאָס לעבעדיקע געוויסן פון אונדז אַלע, וואָס שטייען ביי זיין זייט און אַרבעטן מיט אים, שעפּנדיק פון דער קראַפט, איבערצייגונג און אומאייגננוציקן אידעאַליזם פון אַ מענטש, וואָס רייסט מיט און באַגייסטערט פאַר ציוניסטישער אַרבעט. זאָל פאַר דעם אומדערמידלעכן טוער אויפן נאַציאָנאַלן באָדן, דעם חבר ד״ר שפּאַן, זיין אַ פאַרגיטיקונג אין זיין שווער לעבן, אַז הינטער אים שטייען נישט בלויז די אָרגאַניזירטע ברייטע מאַסן ציוניסטן און סימפּאַטיקער, נאָר אַז אויפן וואַרעמען האַרץ פון ד״ר שפּאַן און זיין ערלעכער אַרבעט פאַרן יידישן פאָלק, האָט זיך דערקענט די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין טאַרנע״.

די לייטונג פון „שפה ברורה״ וואָס איז אין יאָר 1929 איינגעשטאַנען אין די הענט פון חיים נייגער, האָט באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן דעם קאָנטאַקט צווישן די יידישע עלטערן און דער יידישער שול, וואָס האָט אַרומגענומען די קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע אונטער דער דירעקציע פון ד״ר ז. זילבערפעניג און די פאָלקס־שול אונטער דער לייטונג פון דיר׳ ליבליך. דעם 20־טן אָקטאָבער 1929 יאָר איז פאָרגעקומען אַן עלטערן־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן עלטערן־ראַט, וועמענס אויפגאַבע איז געווען מיטצואַרבעטן מיט דער פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה״, מיט דער דירעקציע און פעדאַגאָגישע ראַטן פון די שולן.

אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז פרוי ד״ר בראָניסלאַוואַ שענקעל דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצערין פון עלטערן־ראַט, אַלס וויצע־פאָרציצירער — דיר׳ טאַובענשלאַג. אינעם עלטערן־ראַט זענען דערוויילט געוואָרן: גימנאַזיאַל־סעקציע — פרוי אַרגאַנד, ביבערבערג, פרוי פערטיג, שמואל קליין, עוואַ כשר, פרוי קורץ, זאָפיאַ לייבל, אַדאָלף ליכטבלאו, דוד לובאַש, פרוי שטערן, מנחם אונגער, פרוי וועג, פרוי מייער, פרוי ווייס און די פרוי פון וויגדאָר ווייס, פרוי וורובעל. צו דער סעקציע פאָלקס־שול: פרוי אַבראַמאָוויטש, פרוי ד״ר באָרגעניכט, פרוי בערגמאַן, פרוי ד״ר קליין, דיר׳ טאַובענשלאַג, פרוי פלור, פרוי בראַנד, פרוי בוקסבוים, פרוי שמירער, פרוי שטייגלער, פרוי וואַסערמאַן, פרוי ראָזענבאום, פרוי ראַוכווערגער, פרוי קלוגער, פילערסדאָרף, יוסף קורץ, פרוי וויצטום, פרוי ליאָן, ווייניב און לאוב.

אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע זענען דערוויילט געוואָרן: פרוי פעלד, שפּאַנאַאוף, פרוי פלאַשען. אויסער דעם זענען אין עלטערן־ראַט אַריין פאָלגנדע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „שפה ברורה״: חיים נייגער, ד״ר שפּאַן, ליבליך — דיר׳ פון דער פאָלקס־שול און דיר׳ זילבערפעניג פון דער גימנאַזיע, ווי אויך צו צוויי לערער אויסגעקליבענע דורך די פעדאַגאָגישע ראַטן פון דער פאָלקס־שול און פון דער קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע.

אין יאָר 1930 האָבן צום טעטיקייט־געביט פון „שפה ברורה״ שוין געהערט אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי פרעבל־שול אונטער דער לייטונג פון פרוי פודלעס, פאָלקס־שול אונטער דער דירעקציע פון ה׳ ליבליך, גימנאַזיע אונטער דער דירעקציע פון ד״ר ז. זילבערפעניג, אַ ביבליאָטעק און לייען־זאַל.

אין יאָר 1930 האָבן די פרעבל־שול באַזוכט 50 קינדער אין עלטער פון 4 ביז 6 יאָר. געאַרבעט האָבן דאָרט צוויי קוואַליפיצירטע פרעבליסטינס. די סאַמע אָרעמסטע עלטערן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דער פרעבל־שול. דערביי זענען די אָפּצאָלן געווען מינימאַלע, בעת אַ גרויסע צאָל עלטערן איז בכלל געווען פריי פון אַ וועלכן עס איז אָפּצאָל.

די קאָעדוקאַציע פאָלקס־שול האָט אין יאָר 1930 פאַרמאָגט 4 קלאַסן אין 6 אָפּטיילונגען, ווייל די ערשטע און צווייטע קלאַס האָבן געהאַט צו צוויי אָפּטיילונגען. געלערנט דעמאָלט האָבן 330 קינדער. אין דער שול, וועלכע האָט געהאַט עפּנטלעכע רעכט, האָבן געאַרבעט אַכט לערער. בערך 10% שילער זענען געווען פריי פון אָפּצאָל פאַר די לימודים, און בערך 65% קינדער האָבן געצאָלט אַ מינימום־אָפּצאָל פון 25 זלאָטעס. די מיינסטע שילער האָבן געשטאַמט פון אַרבעטער־ און האַנטווערקער־היימען. וועגן ניווא פון די לימודים אין דער שול זאָגט עדות די מיינונג פונעם שול־אינספעקטאָר אין קראָקע ד״ר גורני, וועלכער האָט אין פּראָטאָקאָל פון 20־טן נאָוועמבער 1929, נאָך אַ צווייטאָגיקער וויזיטאַציע אין שול אין אויפטראַג פון קראָקעווער שול־קוראַטאָריום, געשריבן פאָלגנדעס (ציטירט לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 9.5.30, נומ׳ 19).

„די שול עקזיסטירט פון יאָר 1923 און געפינט זיך אין אַן אייגענעם געמויערטן בנין וואָס אַנטשפּרעכט אַלע היגיענישע פאָדערונגען. די שול איז אויסגעשטאַט מיט אַן אַנטשפּרעכנדיקער צאָל לערן־מכשירים. די שול־ביכער זענען געפירט זאָרגפעלטיק. די באַציאונג פונעם לערער־קאָלעקטיוו צו די קינדער איז אַ פאַרלעסטלעכע, פריינטלעכע און סימפּאַטישע. דאָס אויפפירן זיך פון די קינדער בעת די לעקציעס און בעת די פויזעס דאַרף געלויבט ווערן. די ריינקייט פון די קינדער, די ריינקייט אין די זאַלן, אין די קאָרידאָרן און פונעם גאַנצן אַרום, וואַרפט זיך ממש אין די אויגן. די שול דערפילט פולקאָם די אויפגאַבן און פליכטן פון אַ מלוכהשער שול. די לערער ווענדן אָן אַן אַנטשפּרעכנדיקן מעטאָד, אַרבעטן ערלעך, געוויסנהאַפט און מיט איבערגעגעבנקייט. די קינדער באַזיצן אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרויסן סכום וויסן און לאָזן איבער אַן אַנגענעמען איינדרוק. אין קיין שום שול האָב איך זיך נישט אָנגעטראָפן אויף אַזאַ שיין שרייבן, און דאָס ביי אַלע קינדער, וואָס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן״.

אין יאָר 1930 איז די קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע ביי „שפה ברורה״ געווען בלויז אַ פּריוואַטע שול, האָט פאַרמאָגט 3 קלאַסן און 112 שילער מיט 6 פּראָפעסאָרן. אין דעם יאָר האָבן צו דער פאַרוואַלטונג געהערט: חיים נייגער — פּרעזעס, ד״ר שמואל שפּאַן — וויצע־פּרעזעס, דיר׳ שינאַגעל — קאַסיר, בלומענקראַנץ און ד״ר זילבערמאַן — סעקרעטאַרן, הענריק פלור, שמואל ווינטראוב און מאיר ראָזענבאום — אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

די שולן פון „שפה ברורה״ האָבן אַרויסגעוויזן אַ כסדרדיקן וואוקס. אין יאָר

1931 האָבן אין די דאָזיקע שולן געלערנט בערך 450 קינדער. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט „שפה ברורה", פאָרגעקומען דעם 1־טן פעברואַר 1931, אונטערן פאָרזיץ פון חיים נייגער, איז אַ ספּעציעלע אַנערקענונג אויסגעדריקט געוואָרן דעם ד"ר שמואל שפּאַן פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם העברעאישן שול־וועזן און באַזונדערס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן זיין אַרבעט און אָנשטרענגונג ביים איבערבויען דעם ערשטן שטאָק פון דער אייגענער געביידע און ביים צובויען אַ צווייטן שטאָק. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען אויך אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פאַרדינסטן פון אינזש' פלאַכטע, וועלכער האָט אומאייגננוציק אָנגעפירט מיט די אויבנדערמאָנטע בוי־אַרבעטן, און די פאַרדינסטן פון ד"ר י. פייג, וועלכער האָט אַלס שול־דאָקטאָר אָן שום אָפּצאָל באַדינט אין משך פון יאָרן די שילער פון דער שול.

אין יאָר 1931 זענען אין דער פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה" דערוויילט געוואָרן פאָלגנדע פערזאָנען: חיים נייגער, ד"ר ש. שפּאַן, ד"ר וו. שענקעל, ד"ר שלמה גאָלדבערג, זיגמונט פליישער, שמואל ווינטראוב, משה בלומענקראַנץ, שמעון ליי־נער, ד"ר י. פייג, ד"ר יוסף זילבערמאַן, עוואַ כשר, יחיאל קורץ, מאיר ראָזענבאום, י. קליין, הענריק פלור, הערמאַן פלור, חיים ערליך און לעאָפּאָלד שינאַגעל.

די אַדמיניסטראַטיווע אַרבעטן פון די „שפה ברורה"־שולן האָט פון יאָר 1923 געפירט וואָלף כהנא. אַ שטילער, באַשיידענער מענטש, איז ער מיטן גאַנצן האַרץ געווען איבערגעגעבן דער דאָזיקער אינסטיטוציע. פון די פּריסטע שעהן ביזן שפּעטן אָוונט איז ער געווען אין דער שול־געביידע. ער האָט געלעבט נאָר פאַר דער שול. ער האָט נישט געוואַרט אויף פאַראָרדנונגען. ער איז אויך נישט געווען קיין געוויינלעכער באַאַמטער. ער האָט וויטיקלעך געפילט יעטוועדן בלויז, יעטוועדע שוועריקייט. ביז דער לעצטער מינוט פון דער עקזיסטענץ פון די „שפה ברורה"־שולן, האָט ער מיט פלייס און איבערגעגעבנקייט דערפילט זיינע פליכטן.

די רוצחישע האַנט פון די היטלעריסטישע מערדער האָט אויך פאַרשניטן דאָס לעבן פון דעם איידעלן ייד און טרייען ציוניסט. כבוד זיין אָנדענק!

וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שול „שפה ברורה" דערוויסן מיר זיך פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, פאָרגעקומען דעם 4־טן יוני 1933. לויטן אָפּגעגעבענעם באַריכט אויף דער פאַרזאַמלונג, האָבן אין יאָר 1932 געלערנט אין דער פאָלקס־שול 205 קינדער און אין דער גימנאַזיע — 175 קינדער. אין דער שול זענען געווען 9 לערער, אין גימנאַזיע — 10, אויסער דעם ד"ר פייג, וועלכער האָט ווייטער, אָן אייגננוצן, אויסגעפירט די פונקציע פון שול־דאָקטאָר. באַגלייך מיטן דירעקטאָר ליבליך, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פאָלקס־שול, האָט דיר' ד"ר ז. זילבערפעניג פיל מיטגעהאָלפן צו העכערן דעם לערן־ניוואָ אין דער העברעאי־שער גימנאַזיע. ד"ר זילבערפעניג איז געווען אַן אויסגעצייכנטער העברעאיסט און געניטער פּעדאַגאָג, און נאָכן איבערפירן אים קיין קראָקע, האָט אַ געוויסע צייט אָנגעפירט מיט דער העברעאישער גימנאַזיע פרל' ד"ר סטעפאַניאַ שפּענאַדל, וועלכע האָט צוליב איר קראַנקהייט געמוזט אינגיכן רעזיגנירן פון דעם אַמט, וועלכער איז איבערגענומען געוואָרן (אין יאָר 1933) דורך ד"ר מ. ראָזענבוש, אַן אומ־געוויינלעכן פּעדאַגאָג, וועלכער האָט שוין אָנגעפירט מיט דער גימנאַזיע „שפה



די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער „שפה ברורה" אין יאָר 1933

ערשטער ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: זיגמונט פליישער, שמואל וויינטראוב, ד"ר שמואל שפאַן, חיים נייגער, הערמאַן פלור, עוואַ כשר
צווייטע ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס: העגריק פלור, ד"ר וואָלף שענקעל, מאוריצי ליאָן, ד"ר שלמה גאָלדבערג, דירעקטאָר יצחק ליבליך, הערמאַן קלוגער, דירעקטאָר ראָזענבוש. דריטע ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס: חיים ערליך, מאיר ראָזענבאום, וואָלף כהנא.

ברורה״ און דערנאָך מיטן ליצעאום, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ד״ר ראַזענבוש איז טראַגיש אומגעקומען אין טאַרנע, דערמאָרדעט דורך די דייטשע רוצחים.

אין יאָר 1933 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה״ אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: חיים נייגער — פּרעזעס, ד״ר שמואל שפּאַן — וויצע־פּרעזעס, מאוריצי ליאַן און מ. ראַזענבאום — סעקרעטאַרן, משה בלומענקראַנץ — קאַסיר, ד״ר וו. שענקעל, ד״ר ש. גאָלדבערג, זיגמונט פליישער, לעאָפּאָלד שינאַגעל, שמואל וויינטראוב, שמעון ליינער, ד״ר י. פייג, ד״ר יוסף זילבערמאַן, חיים ערליך, קלוגער, עווא כשר, פּרוי ד״ר וואַסערמאַן, הענריק פלור, הערמאַן פלור, יחיאל קורץ.

אין יאָר 1934 האָבן צום לערער־פּערסאָנאַל פון דער פאָלקס־שול געהערט: דיר׳ ליבליך, מאַרכפעלד, פּרל. ראָזען, פּרל. גינזבערג, פּרל. אייכהאָרן, וויינבערג (איצט אין ישראל), פּרל. ברומער און פּרל. כשר (איצט אין ישראל).

די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „שפה ברורה״ און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע איז אינגיכן געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער שווערער אויפגאַבע — צוצופּאַסן די העברעאישע שול צום נייעם טיפּ מיטלשולן אין פּוילן, ד. ה. צום ליצעאַלן טיפּ פון שולן. דאָס הויז פון „שפה ברורה״, וואו עס האָט זיך געפונען די פאָלקס־שול און גימנאַזיע, האָט שוין נישט געקאָנט אַריינעמען דעם ליצעאום. נאָך פיל באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען, האָט דאָס העברעאישע שול־וועזן אין טאַרנע דערגרייכט די דאָזיקע צווייטע שטאַפּלען אין זיין אַנטוויקלונג. מען האָט באַקומען אַ קאָנצעסיע צו פירן אַ ליצעאום און געקויפט אַ נייע שול־געביידע. די געביידע פון דער אומטעטיקער אין משך פון יאָרן שול א. נ. פון באַראָן הירש, איז אין די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען פאַרנומען דורך דעם אָנשטאַלט פאַר מלחמה־יתומים (ניקאָלסבורגער), דורך דער מזרחי־שול „יבנה״ און דורך דער ספּאָרט־גימנאַסטיק געזעלשאַפט „שמשון״. אַזוי ווי די שול א. נ. פון באַראָן הירש האָט מען שוין נישט געקאָנט צוריק אויפשטעלן און מיטן פאַר־מעגן פון דער באַראָן־פונדאַציע האָט אָנגעפירט אַ קוראַטאָריום אין וואַרשע, האָט די פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה״ אָפּגעקויפט ביי דער דירעקציע פון קוראַ־טאָריום (אין יאָר 1937) די גאַנצע געביידע, צוזאַמען מיטן גאָרטן. נאָכן נייטיקן רעמאָנט, זענען דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן: די העברעאישע גימנאַזיע, ליצעאום, וואַרשטאַטן, אַ שפּיל־פעלד פאַר שילער און אַ שול־גאָרטן. אַזוי אַרום איז דאָס העברעאישע שול־וועזן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף געזונטע יסודות און ס׳איז מעגלעך געוואָרן דאָס נאָרמאַלע פונקציאָנירן פון אַלע טיפּן שולן.

צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פונעם העברעאישן שול־וועזן אין טאַרנע האָבן גורם געווען אויסער דער פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה״ און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויך פיל בירגער מיט גרעסערע געלט־סומען. כדי צו פאַראייביקן זייער אָנדענק, איז דעם 23־טן מאַי 1937 פאָרגעקומען די פייערלעכע אַנטהילונג פון אַ מאַרמאָרנעם געדענק־טאָוול, וואו עס זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון 37 פּערזאָן, וואָס האָבן זיך פאַרדינט געמאַכט פאַר דער שול סיי מיט גרעסערע שפּענדונגען ביים קויפן דאָס הויז און ביים צובויען דעם צווייטן שטאָק,



די לערער פון דער פאָלקס־שול „שפה־ברורה" אין יאָר 1934
ערשטע ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: מאַרכפעלד, פרל. ראָזען, די־רעקטאָר ליבליך, פרל. גינצבערג. צווייטע ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס: פרל. אייכהאָרן, וויינבערג, פרל. ברומער, פרל. העניאַ כּשר.



דער עלטערן־ראַט פון דער „שפה־ברורה" שול
פון רעכטס אויף לינקס זיצנדיק: פרוי קאַצנער־פלור, פרוי ראָשקעס, פרוי פערלבערג, ד"ר שמואל שפּאַן, פרוי ד"ר גאָלדבערג, פרוי ראָזענבוש.
פון רעכטס אויף לינקס שטייענדיק: ד״ר. ליבליך, פרוי פלור, ?, פרוי ליאָן, ד"ר וואָלף שענקעל, פרוי ד"ר שפּאַן, ד״ר. ראָזענבוש.

סייביים גרינדן און פירן די שול. פאָלגנדע נעמען זענען אויסגעקריצט געוואָרן אויף דעם געדענק־טאָוול.

ישעיהו זילבערפעניג, בנימין קאַץ, זיגמונט פליישער, מענדל דאַאר, שלמה וואורצעל, הערמאַן פלור, גדליהו באָרנשטיין, איזאַק בראַנדשטעטער, חנינה בראון (איצט אין בעלגיע), גבריאל דורסט, איזידאָר אייזען, מאוריצי פעלד, ד״ר שלמה גאָלדבערג, וויקטאָר גרינהוט, הענריק האָלענדער, הערמאַן איזראַעלאָוויטש, שלמה קעללער (איצט אין ווין), יוסף קעץ, שלמה קליין ,דוד קרעשאָווער, הערמאַן לאַדנער (איצט אין דרום־אַמעריקע), הענריק לאַנדאו, אברהם לעזער, אינזש׳ משה לויכטער,

TO NAZWISKA OSOB ZASŁUŻONYCH
OFIARODAWCOW, KTORZY HOJNYMI
DATKAMI UMOŻLIWILI W LATACH
1919 I 1920 NABYCIE TEGO GMACHU
I WYSTAWIENIE DRUGIEGO PIĘTRA:

אלה שמות המיסדים והמתנדבים
אשר בשנות התרע״ט והתרפ״ח
האצילו מהונם סכומים
הגונים לקנין הבית הזה
ולבנין הקומה השניה:

| | |
|---|---|
| SZAJA SILBERPFENNIG | SALOMON KLEIN ML |
| BENJAMIN KATZ | DAWID KRESCHOWER |
| ZYGMUNT FLEISCHER | HERMAN LADNER |
| MENDEL DAAR | HENRYK LANDAU |
| SALOMON WURZEL | ABRAHAM LESER |
| HERMAN FLUHR | INŻ MOJZESZ LEUCHTER |
| GEDALIE BORNSTEIN | HERMAN LICHTBLAU |
| IZAK BRANDSTÄTTER | WILHELM LICHTBLAU |
| BRACIA BRAUN | DR WILHELM MASCHLER |
| GABRIEL DURST | JOACHIM NEIGER |
| IZYDOR EISEN | INŻ LEON PLACHTE |
| MAURYCY FELD | JOZUE SAFIER |
| DR SALOMON GOLDBERG | JÓZEF SAFIER |
| WIKTOR GRÜNHUT | DR SAMUEL SPANN |
| HENRYK HOLLANDER | WILHELM SPIRO |
| HERMAN IZRAELOWICZ | DR WOLF SCHENKEL |
| BRACIA KELLER | LEOPOLD SCHINAGEL |
| JOZEF KETZ | SAMUEL WEINTRAUB |

DR JULIUSZ BRESNER

דער אָנדעק־טאָוול אין דעם בנין פון דער „שפה־ברורה״ שול.



די לערער פון דער גימנאַזיע „שפה ברורה" אין טאַרנע אין יאַר 1935

פון רעכטס אויף לינקס זיצנדיק: פרל. זילבערפעניג, פרל. רעסלער, דירעקטאָר ראָזענבוש, פרל. ליבליך, פרל. פורער. פון רעכטס אויף לינקס שטייענדיק: קרעש, פעלד, ד"ר ווייסמאַן, ?, מאַלקישער.

ווילהעלם ליכטבלאו, ד״ר ווילהעלם מאַשלער, חיים נייגער, אינזש׳ לעאָן פלאַכטע, יהושע סאַפיר, יוסף סאַפיר, ד״ר שמואל שפּאַן, ווילהעלם שפּיראָ, ד״ר וואָלף שענקעל, לעאָפּאָלד שינאַגעל, שמואל וויינטראוב, ד״ר יוליוש דרעזנער.

די דערעפענונג פון ליצעאום אין דער נייער שול־געביידע, פאַרבונדן מיטן פאַרוואַנדלען די שול „שפה ברורה״ אויף אַ גימנאַזיע און ליצעאום אויפן נאָמען פון ד״ר יהושע טהאָן, איז פאָרגעקומען דעם 4־טן דעצעמבער 1937 יאָר, אין דער אָנוועזנהייט פון פיל דעלעגאַטן, צווישן זיי: די אלמנה פון ד״ר טהאָן און זיין טאָכטער ד״ר נעללי טהאָן־ראָסט. אויף דער פייערונג האָט ד״ר מ. ראָזענבוש אונטערגעשטראָכן די מאָמענטן, אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט דאָס העברעאישע שול־וועזן פון „שפה ברורה״. פּראָפ׳ שמולעוויטש פון קראָקע האָט אָנגעוויזן אויפן צוזאַמענהאַנג צווישן דעם העברעאישן שול־וועזן און דעם גייסט פון ד״ר יהושע טהאָן ז״ל.

וועגן ניוואָ פון לימוד אין די שולן פון „שפה ברורה״ אין טאָרנע, זאָגט עדות די מיינונג וואָס איז אין יאָר 1938 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַזעלכע שול־וויזיטאַטאָרן ווי ד״ר שטיין און ד״ר טאַרטאַקאָווער, וועלכע האָבן וויזיטירט די טאָרנער שולן מצד דעם פאַרבאַנד פון יידישע שולן אין לאָדזש, און נאָך דער וויזיטאַציע דערקלערט, אַז וואָס שייך די קעגנשטאַנדן אויפן געביט פון יודאַאיסטיק, געהערן די „שפה ברורה״ שולן אין טאָרנע צו די בעסטע פון אַלע שולן, אָנגעשלאָסענע אינעם פאַרבאַנד.

דער פּוילישער וויזיטאַטאָר ד״ר וויעזשביצקי, וועלכער האָט אין דעמזעלבן יאָר וויזיטירט די גימנאַזיע „שפה ברורה״ אין אויפטראַג פון קראָקעווער שול־קוראַטאָריום, האָט דעמאָלט עפנטלעך דערקלערט פאַר די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון „שפה ברורה״, אַז אַלס שול־וויזיטאַטאָר וואָלט ער געווען גליקלעך, ווען די שולן וואָס געפינען זיך אין זיין קרייז, זאָלן כאָטש אויף אַ העלפט שטיין אויף אַזאַ לערן־ניוואָ מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעטראָפן ביי די שילער און שילערינס פון דער טאָרנער „שפה ברורה״־שול.

דערפאַר האָט די שול אין יאָר 1938 באַקומען עפנטלעכע רעכט. די פאַרוואַלטונג פון „שפה ברורה״, אין וועמענס שפּיץ עס איז פיל יאָרן געשטאַנען חיים נייגער (נאָך זיין אַרויספאָר קיין ארץ־ישראל האָט די פּרעזעסור איבערגענומען ד״ר וואָלף שענקעל), — האָט דורכגעפירט אַ גרויסע אַרבעט. אַזוי ווי דאָס אויסהאַלטן אַזאַ ברייט פונאַנדערגעבויט העברעאיש שול־נעץ האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט און אָנשטרענגונג, איז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען דעם 30־טן דעצעמבער 1938 יאָר, אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרגרעסערטע פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדע פּערזאָנען: זיגמונט פליישער, רעגינאַ פלור, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר אברהם כאָמעט, הערמאַן פלור, יוסף געלדציילער, ראָמאַן יאָרטנער (איצט אין ישראל), ד״ר וואָלף מאַנדעל (איצט אין ישראל), ד״ר מ. מענדערער, בראָניסלאַוואַ פּערלבערג, מאיר ראָזענבאום, יצחק ראָסקעס (איצט אין קאַנאַדע), ד״ר וואָלף שענקעל, שמואל וויינטראוב. אין חברים־געריכט: ארטור דומלער, ד״ר איגנאַץ פיש, ד״ר יעקב יעקעל, שלמה קעללער, דיר׳ לעאָפּאָלד שינאַגעל. רעווי־



שילער פון דער „יבנה" שול אין טאָרנע מיט דעם לערער גלאָס ז״ל.



שילער פון דער „יבנה"־שול אין טאַרנע
פון רעכטס דער לערער גלאַס ז"ל, פון לינקס דער לערער דוד לייבעל ז"ל.



שילער פון דער „יבנה״ שול אין טאָרנע
די לערער פון רעכטס אויף לינקס: דוד לייבעל ז״ל, דירעקטאָר מאַלקישער ז״ל, פרל. געצלער (איצט אין רעננה) און גלאָס ז״ל.

זיאַנס־קאַמיסיע: מאוריצי קאַץ, הענריק ניימאַן. אַלס פּאַרזיצער פון דער נייער פּאַרוואַלטונג איז דערווײלט געוואָרן ד״ר וואָלף שענקעל.

מיטן אומברענגען דאָס טאַרנער יידנטום איז פאַרניכטעט געוואָרן אויך דאָס שיינע ווערק, די פרוכט פון פיליאַריקער קולטורעלער אָנשטרענגונג פון טאַרנער יידן. די שול־געביידע אויף דער גאַס פון דער הייליקער אַננע נומ׳ 1, איז נאָך דער באַפּייראונג פון טאַרנע פאַרנומען געוואָרן דורך דער פּוילישער פויערים פּאַרטיי (פּאַלסקע סטראָנניצטוואָ לודאָווע). די אָנדענק־טאָוול איז פאַרשוואונדן. די געביידע פון דער געוו. שול א. נ. פון באַראָן הירש, איז פאַרנומען געוואָרן דורך אַ שטאַטישער אינסטיטוציע.

## ב. מזרחי־שול „יבנה״

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מזרחי־באַוועגונג אין טאַרנע איז פאַרבונדן דער פונאַנדערבוי פון אַ באַזונדער שול־וועזן, געשטיצט אויף דער אידעאָלאָגיע פון מזרחי. דער מזרחיסטישער שול־פּראָגראַם האָט אין פאָדערגרונט אַרויסגערוקט די רעליגיעזע דערציאונג און אַ טיפער באַקענען די תלמידים מיטן תלמוד. די מזרחי־טוער וואָלף געצלער, יחיאל קורץ, א. ל. ווייזער און חנא פעסעל, האָבן נישט געקאַרגט קיין באַמיאונגען און געלט אויף צו שאַפן אין טאַרנע אַ מזרחיסטישע שול־פּאָזיציע.

אין יאָר 1926 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַ שול פון טיפּ „יבנה״, וואו אויסער וועלטלעכע לימודים, האָט מען אויך געלערנט העברעאיש, תנ״ך, יידישע געשיכטע, חומש מיט רש״י, משנה, תלמוד, שולחן ערוך, דאַוונען אדג״ל.

אין יאָר 1930 איז די „יבנה״־שול אָנגעפירט געוואָרן דורכן דירעקטאָר מאַל־קישער. די שול האָט פאַרמאָגט 4 אָפּטיילונגען פון אַ פאָלקסעכנער שול, און געלערנט האָבן דאָרט די לערער: דוד לייבעל, גלאַס און פּרל. העלאַ געצלער (איצט אין ישראל). ביי דער שול איז אויך געווען אַ פרעבל־שול פאַר קינדער פון 4 ביז 6 יאָר. אויפן פערטן יאָר פון איר עקזיסטענץ, אין יאָר 1930, האָבן אין שול געלערנט 120 קינדער.

צו ערשט האָט די „יבנה״־שול זיך געפינען אין דער געביידע פון דער געוו. שול א. נ. פון באַראָן הירש. נאָכן איבערגיין פון דער געביידע צו דער געזעל־שאַפט „שפה ברורה״, איז די „יבנה״־שול איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַן אייגענעם בנין. די „יבנה״־שול איז געווען דער שטאַלץ פון מזרחי אין טאַרנע, וואָס האָט מיט איבערגעגעבענקייט אָפּגעהיטן די וויכטיקע יידישע קולטור־דערציאונגס־אַנ־שטאַלט אין טאַרנע. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אויך די „יבנה״־שול אויפגעהערט עקזיסטירן.

## ג. תלמוד תורה

אַ באַזונדער אָרט אינעם יידישן שול־וועזן אין טאַרנע פאַרנעמט די תלמוד־תורה. הגם דאָס איז נישט געווען אַ שול אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט, האָט זי אָבער באַדייט אַ געוויסן פאָרטשריט לגבי די חדרים. אין דער תלמוד־תורה האָבן

געשיקט זייערע קינדער נאָר אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו פוילישע אָדער יידישע שולן, דערביי האָט די תלמוד־תורה געגאָסן פון באַדייטנדיקע סובווענצן פון דער יידישער קהילה. מער פאָרטגעשריטענע רעלי־גיעזע יידן האָבן אין דער תלמוד־תורה געוואָלט איינפירן אַן אַנדערן לערן־סיסטעם, נעמענדיק אין אַכט דעם פראָגראַם פון די פּאָווּשעכנע שולן. דערפאַר טאַקע, ווען מען איז צוגעטרעטן אויפבויען אויף דער קאַפּלאַנווקע אַן אייגענעם בנין פאַר דער תלמוד־תורה, האָט דאָס גאַנצע טאַרנער יידנטום געהאָלפן שאַפן די נויטיקע פאָנדן און גאָר שנעל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שיינע שול־געביידע. גאָר פיל באַמי־אונגען און געלט האָט געגעבן די קהילה־פאַרוואַלטונג אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיט דער תלמוד־תורה האָבן זיך פאַראינטערע־סירט די דעמאָלטיקע קהילה־טוער ד״ר שמואל שפּאַן און וואָלף געצלער, וועלכער איז געווען דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר פון ר׳עאָרגאַניזירן די תלמוד־תורה אין טאַרנע. מיט אַ באַדייטנדיקער שפּענדונג פאַר אויפבויען די געביידע האָבן זיך באַשטייערט ישעיהו זילבערפעניג, די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער קהילה וואָלף געצלער און ד״ר שמואל שפּאַן, דוד געצלער און חיים־שלום קאָרן, ווי אויך דער פרעזעס פון „אגודה״ אליהו געווירץ.

געווען אָבער עקסטרעמע קרייזן פון דער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע האָבן באַ־קעמפט יענע אגודה־אָרטאָדאָקסן וואָס האָבן אַרויסגעוויזן געוויסע וועלטלעכע שטרעמונגען, און זיי איז נישט געווען אויף דער האַנט וואָס מיט דער תלמוד־תורה האָבן זיך פאַרנומען ציוניסטישע און פאָרטגעשריטענע אגודה־קרייזן. אָט די עקס־



דער בנין פון דער תלמוד־תורה אין טאַרנע

טרעמיסטן האָבן נישט דערלאָזט צו רעפאָרמעס אין דער תלמוד־תורה און האָבנדיק אַ מערהייט אין דער פאַרוואַלטונג, האָבן זיי נישט געדופן קיין שום פאַרזאַמלונגען, אויסגעמיטן יעטוועדע קאָנטראָל, און אַזוי אַרום האָט די אינסטיטוציע נישט דער־פילט אירע אויפגאַבן. אַרום דער תלמוד־תורה האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף, וואָס האָט נאַטירלעך שעדלעך געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט צו דערפילן באַשטימטע אויפגאַבן אויף דער יידישער גאַס, פאַר־טרעטנדיק פאַר אָרטאָדאָקסישע קינדער די שול, ווייל זיי האָבן נישט באַזוכט קיין וועלטלעכע שולן.

עטלעכע יאָר האָט זיך געצויגן דער קאַמף פאַר סאַנירן די לאַגע אין טאַרנער תלמוד־תורה. ערשט אין יאָר 1937 איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג און עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: חיים אַבערדאַם, מרדכי אונגער, אליהו באַראָן, שמואל בליץ, ישראל גערטנער, דוד גאָלד־מאַן, אליהו געווירץ, שמואל ווייס, ש. וויינשטאָק, וואָלף וועקסלער, זלמן וואָלק, אליהו וויינבערגער, שמעון וועג, לייב יאַקובאָוויטש, אברהם לאַנדמאַן, אהרון לעזער, מרדכי לאופער, יוסף פאַדאַווער, הירש האַלער, נפתלי פאַרנעס, שלמה פאָסטראָנג, יוסף פינקעלשטיין, לייזער פּאָמעראַנץ, יוסף צימער, מאַרקוס קעלנער, יוסף קעץ, יעקב ריינהאָלד, איזאַק שיינוועטער. אַ סך פאַרדינסטן פאַר דער תלמוד־תורה האָט געהאַט איר סעקרעטאַר, דער אגודה־טוער יחיאל אהרון בלומנער.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון ערנסטע ערלעכע יידן. אויסער קעץ (וועלכער האָט זיך אַפּגעראַטעוועט אין רוסלאַנד און דערנאָך געשטאָרבן אין יאָר 1953 אין פּאַריז), זענען אַלע אומגעקומען אַלס מאַרטירער פון טאַרנער געטאָ אָדער אין די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן. די שיינע געביידע פון תלמוד־תורה שטייט נאָך היינט אין טאַרנע. דאָרט געפינט זיך אַ מלוכהשע שול פאַר קראַנקן־שוועסטער.

## ד. יידישע פאַך־שולן

אויסער די אויבנדערמאָנטע יידישע שולן, איז אין טאַרנע געווען טעטיק אַ יידי־שע מיטל־שול פאַר מיידלעך, וועלכע האָט דערפילט איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן אויפן געביט פון איבערשיכטן די יידישע באַפעלקערונג. אין יאָר 1933 איז אויך געעפנט געוואָרן אַ פאַך־שול פאַר יינגלעך. אויסער דער טעאָרעטישער און פראַקטישער פאַך־אויסבילדונג פון דער יידישער יוגנט פון ביידע געשלעכטער, איז אויך געלערנט געוואָרן אַלגעמיינע לימודים, העברעאיש, ענגליש און פּאַלעס־טינאָגראַפיע. די דאָזיקע שול, אַ דאַנק דער אויסדויער און אומדערמידלעכער אַר־בעט פון דער לייטערין פרל. מגר. עפשטיין (איצט פרוי פריס — אין ישראל), איז געוואָרן אַ וויכטיקע פּאָזיציע פון יידישן פאַך־שול וועזן. צו ערשט האָט די שול זיך געפינען אין דער געביידע פון דער געוו. שול א. נ. פון באַראָן הירש, דערנאָך אינעם הויז אויף דער גאַס פון הייליקן מאַרטין נומ׳ 14, און אין לערן־פּראָגראַם אַרומגענומען אַ קורס פאַר שטוב־ווירטשאַפט, נייען, און אַ קורס פאַר נייען וועש,

וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל שילערינס צוליב דער אַנטוויקלטער וועש־אינ־דוסטריע אין טאָרנע.

די פאַך־שול איז געשטאַנען אונטער דער געזעלשאַפט פון יידישע מיטלשולן. אין יאָר 1937 איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט אויסגעקליבן געוואָרן פאָלגנדע פאַרוואַלטונג: ד״ר מ. מענדערער — פרעזעס, ד״ר א. כאַמעט, ד״ר ש. גאָלדבערג, יוסף מאַשלער, מגר. לענקאָוויטש, ד״ר י. מערץ, ד״ר פּריס (איצט אין ישראל), דוד באַטיסט, מ. הוטטער, פרוי ד״ר מערץ, פרוי ד״ר קאַץ. צו יענער צייט האָט די שול געפירט אַ פיריאָריקן צושניידער־קורס פון אַ גימנאַזיאַל־טיפּ און אַ איינִיאָריקן צוגרייטונג־קורס פאַר הויזווירטשאַפט. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מען געדאַרפט אויפבויען אַן אייגענע שול־געביידע אַ דאַנק די געזאַמלטע פאָנדן אין אַמעריקע.

אויך די דאָזיקע שול־פּאָזיציע האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע יידישע אינסטיטוציעס.

## ה. האנדלס־שולן

די געזעצגעבונג אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן האָט געהאַט פיל פאַרשריפטן וואָס זענען געווען געווענדט קעגן פּוילישן יידנטום. דאָס יידישע סוחרטום אין פּוילן האָט דעריבער אַנטוויקלט אַ שטאַרקע נעץ פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו באַשיצן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און דערפאַר האָבן זיי זיך באַמיט צו הייבן קודם כל די פאַך־קענטענישן דורך שאַפן און אונטערשטיצן דאָס האַנדלס־שולוועזן.

עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דורך דער געניטער און ענערגישער לערערין — פרוי איינשפרוך, ביי דער מיטהילף פון עם פּעאיקן און יונגן פּעדאַגאָג ד״ר וו. טאוב (איצט אין וואָראָצלאַוו), געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע שול פאַר סוחרישער צוגרייטונג, וועלכע האָט זיך שיין אַנטוויקלט. מיט דער שול האָט זיך פאַראינטערעסירט דער סוחרים און אינדוסטריעלער פאַרבאַנד אין טאָרנע און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זי אפילו באַקומען עפנטלעכע רעכט.

*

אַ באַדייטנדיקן דערפאָלג אין טאָרנע האָט געהאַט די לאַנגיאָריקע קאָנצעסיאָנירטע האַנדלס־שול פון הענריק ראַוש, וועלכער האָט מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט אָפּגעהיטן די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט קודם כל אויסגעבילדעט בוכהאַלטאָרן באַשעפטיקטע אין יידישע האַנדלס־ און אינדוסטריע אונטערנעמונגען.

הענריק ראַוש האָט געפירט האַלביאָריקע קורסן פאַר בוכפירונג, געגרינדעט נאָך אין יאָר 1900, ווי אויך אַן איינִיאָריקן האַנדלס־קורס און איינִיאָריקע קאָעדוקאַציע שול פאַר סוחרישער צוגרייטוג (מיט עפנטלעכע רעכט).

### ז. בית־יעקב

צום סוף דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן וועגן אַ שול־איסטיטוציע וואָס איז געפירט געוואָרן דורך דער אגודה — בית יעקב. דאָרט האָבן זיך דערצויגן יידישע מיידלעך אין שטרענג רעליגיעזן גייסט, דערביי האָבן מיידלעך, וואָס האָבן געלערנט אין די וועלטלעכע שולן אין טאָרנע, באַקומען זייער יידישן לימוד אין דער בית־יעקב שול.

אַזאַ פּילזייטיק אַנטוויקלט יידיש שול־וועזן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיטן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע חיילות קיין טאָרנע. די דייטשע „קולטור־טרעגער" האָבן גלייך אין אָנהויב געשלאָסן אַלע יידישע שולן. עס איז חרוב געוואָרן דער קולטורעלער אָנשטרענג און דערגרייכונג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט אין טאָרנע. מיט אַ מאַרטירער־טויט זענען אומגעקומען כמעט אַלע לערער פון די דאָזיקע שולן וואו עס האָבן געלערנט קאַרגע צוויי טויזנט שילער און שי־לערינס. די ביים לעבן־געבליבענע לערער און קולטור־טוער פונעם יידישן טאָרנע, נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, קאָן מען איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט.

## II
## יידישע ביבליאָטעקן אין טאָרנע

### א. ספריה עממית

יידישע ביבליאָטעקן אין טאָרנע האָבן לכתחילה עקזיסטירט כמעט ביי יעדער געזעלשאַפט צי אָרגאַניזאַציע. די ערשטע ביבליאָטעק האָט געהאַט „סטאָוואַזשי־שעניע סטאַראָזאַקאָננעי מלאָדזשעזשי האַנדלאָוועי" (פאַריין פון יידישער האַנדלס־יוגנט), און דערנאָך — דער פראַפעסיאָנעלער פאַריין פון יידישע האַנדלס־אָנגע־שטעלטע. אויך פועלי־ציון און דער פאַרבאַנד פון יידישע סאָציאַליסטן — זש. פּ. ס., האָבן געהאַט אייגענע ביבליאָטעק. די ציוניסטישע געזעלשאַפט „השחר" (דערנאָך „ציון"), האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע ביבליאָטעק פון יידישע און העברעאישע ביכער. אַ יודאַאיסטישע ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט ביים יודאַאיסטישן סטודענטן קרייזל אין טאָרנע און ביים פאַרבאַנד פון יידישע אַקאַדעמיקער א. נ. „בר־כוכבא". אַ שיינע ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט אויך דער פאַריין „השחר".

אין ערשטן יאָרצענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט, האָט דער שמש אינעם טעמפל אויף דער גאַס פון דער הייליקער אַננע, קאַהלער, אַ סך אויפגעטאָן צום פּאָפּולאַריזירן דאָס יידישע און לומדישע בוך אויף דער יידישער גאַס. אַ שטענ־דיק באַלאָדענער מיט ביכער — די נייעסטע אויסגאַבן פון דער יידישער און יודאַ־איסטישער און העברעאישער ליטעראַטור, האָט ער זיי צוגעשטעלט יידישע ביבליאָ־טעקן און יונגע יידישע סטודענטן, וועמען ער פלעגט געבן די ביכער אויף קרעדיט, אויף באַקוועמע חודשלעכע ראַטעס. ווען אין שטאָט האָבן זיך אַנטוויקלט די יידישע ביבליאָטעקן, האָט קאַהלער פאַרלוירן זיינע קליענטן. ער פלעגט אָבער מיט צופרידנ־

קייט אָנווייזן אויף די ביבליאָטעקן און שטאָלץ זיין מיט דער דערינערונג, אַז ער איז געווען דער איינציקער צושטעלער פונעם יידישן בוך.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָבן די היטלעריסטישע מערדער אויך נישט געשוינט קאַהלערן און זיין פאַמיליע (זיין זון איז געווען אַ פועלי־ ציון אַקטיוויסט). ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם מיט אַ מאַר־טירער־טויט. כבוד זיין אָנדענק!

נאָכן אַנטשטיין פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים״, איז דאָרט גלייך געעפנט געוואָרן אַ יידישע ביבליאָטעק פאַרן ברייטן עולם.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ביי דער געזעלשאַפט „שפה ברורה״ אַנטשטאַנען אַ גרעסערע פאַריינקטע ביבליאָטעק פון פאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען: „בר־כוכבא״, „מרים״ און אנד. די דאָזיקע פאַרייניקטע ביבליאָטעק האָט געטראָגן דעם נאָמען פון ד״ר שמואל שפּאַן, דעם אָנערקענטן ציוניסטישן מנהיג אין טאַרנע, אויף וועמענס נאָמען זי איז אָנגערופן געוואָרן אין שייכות מיט זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל צום ערשטן מאָל נאָך אין יאָר 1921.

די ביבליאָטעק א. נ. פון ד״ר שפּאַן האָט זיך גאָר גוט אַנטוויקלט ,און אין יאָר 1922 האָבן זיך אָן איר אָנגעשלאָסן אַנדערע ביבליאָטעקן, באַזונדערס פון די ציוי־ניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע פאַרייניקטע פאָלקס־ביבליאָטעק א. נ. „ספריה עממית״, וועמענס ערשטער פּרעזעס איז געווען ד״ר ישעיהו פייג, וויצע־פּרעזעס — משה קלאַפּהאָלץ, סעקרעטאַר — וואָלף כהנא. אויסער דעם האָבן צו דער פאַרוואַלטונג געהערט: פּרוי ד״ר פייג, יחזקאל הערצמאַן, יעקב גליק (איצט אין פּאַריז), חיים פרידמאַן און שרה בינענשטאָק (איצט אין ישראל).

וועגן דער כסדרדיקער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק זאָגט עדות דער פאַקט, אַז אין יאָר 1929 האָט זי שוין געציילט 15.000 ביכער אין דער פּוילישער, דייטשער, העברעאישער און יידישער שפּראַך. די צאָל לייענער האָט דערגרייכט 1400.

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די ביבליאָטעק־מיטגלידער, ד. ה. פון די באַזונדערע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן געגרינדעט די ביבליאָטעק (פאַרגעקומען דעם 3־טן פעברואר 1929 יאָר), איז אויסגעווייילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פּרוי ד״ר פייג, פּרוי ד״ר ווייס, פּרל. ווייס, פּרל. בינענ־שטאָק (פרויען־אָרגאַניזאַציע), חיים נייגער (ביביליאָטעק א. נ. ד״ר שפּאַן), ד״ר שפּאַן (שול פון „שפה ברורה״), ד״ר כאַמעס (אָרטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַצי־ע), ד״ר פייג (התאחדות), יוסף היימאַן (סוחרים־פאַריין), פּרל. קעללער (יתומים־הויז), הערצמאַן, גליק און רובין (תרבות), שטיין, פוס, קייטש (השומר הצעיר), פּרל. פריד (גורדוניה), וואורצעל (החלוץ), — דערביי זענען צו דער פאַרוואַלטונג צו־קאָאָפּטירט געוואָרן: ד״ר וו. שענקעל, ד״ר נ. שוואַרץ, משה קלאַפּהאָלץ (איצט — ריכטער עציון אין חיפה). רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד״ר וואַסערמאַן, ד״ר יוסף זיל־בערמאַן און ח. פרידמאַן .די פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: חיים נייגער — פּרעזעס, ד״ר י. פייג — וויצע־פּרעזעס, משה קלאַפּהאָלץ — סעקרעטאַר, פּרוי ד״ר פייג — קאַסירערין, ד״ר כאַמעט — רעפערענט פאַר פּוילישע ביכער, ד״ר נ. שוואַרץ — פאַר דייטשע ביכער, ח. הערצמאַן — פאַר העברעאישע

ביכער, יעקב גליק — רעפערענט פאַר יידישע ביכער. ה. רובין איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַדמיניסטראַטאָר.

אין אַפּריל 1932 האָט די ביבליאָטעק „ספריה עממית" געפייערט דעם צענ־יאָריקן יובל פון איר עקזיסטענץ. די אַנטוויקלונג און באַדייטונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע, האָט משה קלאַפּהאָלץ דעמאָלט פאָרגעשטעלט אין אַן אַרטיקל, אָפּגעדרוקט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 1־טן אַפּריל 1932, נומ' 14, וועלכן מיר ברענגען דאָ אינגאַנצן:

„עס זענען פאַריבער צען יאָר זינט אין טאָרנע איז אַנטשטאַנען די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק „ספריה עממית". אַ דאַנק דער געמיינזאַמער אַרבעט, באַמי־אונגען און גוטן ווילן פון כמעט אַלע פאַראַנענע אין טאָרנע ציוניסטישע פאַריינען און געזעלשאַפטן, איז פון קליינע אומבאַדייטנדיקע ביבליאָטעקן געשאַפן געוואָרן איין גרויסע אינסטיטוציע, וועמענס קולטורעלער אויפטו איז אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

צען יאָר עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק — דאָס זענען צען יאָר פאָרטשריט און אַנטוויקלונג אויף יעטוועדן געביט. מען האָט אָנגעהויבן פון קליין — עס איז פאַרלייגט געוואָרן אַ פונדאַמענט, צו וועלכן ס'פלעגן יעדעס יאָר צוקומען נייע ציגעלעך, וואָס האָבן דעם פונדאַמענט פאַרפעסטיקט, פאַרברייטערט און פאַרטיפט, ביז ענדלעך עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע, שטאַרקע אינסטיטוציע, וועלכע שטייט אויף אירע אייגענע פיס, אָן סובווענצן און הילף פון דרויסן — צי מצד דער מלוכה, מוניציפּאַליטעט אָדער יידישער קהילה.

מיט צען יאָר צוריק האָט די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק געציילט קוים עטלעכע טויזנט בענד און זיך געפונען אין אַ קליינעם ענגן לאָקאַל, נישט געהאַט קיין אַנט־שפּרעכנדיקן קאַטאַלאָג און ביבליאָטעקאַרן־פּערסאָנאַל, בעת איצט געפינט זיך די ביבליאָטעק אין אַ פיר־צימערדיקן לאָקאַל און פאַרמאָגט אַ ביכער־אוצר פון 16.000 ווערק אין דער פּוילישער, העברעאישער, יידישער און דייטשער שפּראַך. צום דינסט פון די לייענער זענען געשטעלט געוואָרן פיר געדרוקטע קאַטאַלאָגן און דריי ביבליאָטעקאַרן, און די צאָל אַבאָנענטן וואַקסט פון טאָג צו טאָג. מען דאַרף אָנווייזן, אַז אין גאַנץ מערב־גאַליציע איז נישט פאַראַן אַזאַ גרויסע און ווערטפולע יידישע ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק אַבאָנירט אַ ריי בעסערע אינלענדישע און אויס־לענדישע זשורנאַלן, און מיר וועלן אַלס ביישפּיל אויסרעכענען בלויז עטלעכע: „פשעגלאָנד ווספּולטשעסני", „מיעשענטשניק זשידאָווסקי", „מנורה", „פּאַלעסטינע", „ליטעראַרישע וועלט", אדג"ל. יאָר־יערלעך פאַרגרעסערט זיך דער ביכער־פאָנד מיט איבער 1.000 ווערק, וואו עס געפינען זיך צוו. אַנד. די נייעסטע אויסגאַבן פון בעלעטריסטיק, וויסנשאַפט. ביים אויסקלויבן די ביכער רעכנט זיך נישט די ביבליאָ־טעק מיט דער פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט פון מחבר, נאָר אייינציק און אויס־שליסלעך מיט זייערע מעלות און ליטעראַרישן ניוואָ.

מען דאַרף אויך דערמאָנען, אַז די איצטיקע פאַרוואַלטונג וועט אין דער נאָנט־סטער צייט צוטרעטן אַרויסצוגעבן אַ פאַרברייטערטן קאַטאַלאָג לויט די ליטעראַ־רישע געביטן, ווייל מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז צוליב די מאַסן ביכער־פּראָדוקציע וואָס באַשווערט אַרומנעמען אַלצדינג, מוזן מיר אין אָרדנונג ברענגען

און סיסטעמאַטיזירן דעם כאַאָס אין דער ביכער־וועלט און דערמעגלעכן די לייענער זיך פונאַנדערקלייבן אין דעם. אַז נישט, קאָן דער לייענער פאַרזען דאָס בעסטע בוך, לאָזן זיך פאַרפירן פון אַ רעקלאַמע אָדער געפינען אַ באַפרידיקונג אין דער סענסאַציע־ליטעראַטור. מען דאַרף אויך אונטערשטרייכן, אַז נישט געקוקט אויף דער פילזייטיקייט אין דער טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק, האָט זי גאָרנישט אַנגעוואוירן פונעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע, אַז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס האָט זי געשטיצט און שטיצט אויך ווייטער די העברעאישע ליטעראַרישע שאַפונג, אַז באַזונדערס ווערן אייגנגעקויפט יודאאיסטישע ווערק און אַז אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן געניסן פון אַן אומזיסטיקן אַבאָנאַמענט אין דער ביבליאָטעק.

צום סוף זאָל מיר מיט פאַרגעניגן דערלויבט זיין אונטערצושטרייכן, אַז באַגלייך מיטן צעניאָריקן יובל, וועלכן עס פייערט די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, פייערט אויך זיין צעניאָריקן יובל דער סעקרעטאַר חבר כהנא, וואָס האָט מיט אַ זעלטענער פלייסיקייט אין משך פון 10 יאָר, ד. ה. זינט דער אַנטשטייאונג פון דער ביבליאָטעק ביזן היינטיקן טאָג, מיט אַלע זיינע כוחות געהאָלפן צו איר אַנטוויקלונג. אין אַ נישט קליינער מאָס האָט די ביבליאָטעק אים צו פאַרדאַנקען איר איצטיקן מצב״.

אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט די ביבליאָטעק „ספריה עממית״ אַדורכגעמאַכט



אין דער קאַנצליי פון וואָלף כהנא ז״ל (דער ערשער פון רעטס אויף לינקס) אין דער מיט ד״ר גור אריה טערלאָ (איצט אין ישראל) בעת דער קרן־היסוד אַקציע אין טאַרנע אין יאָר 1925.

אַ כסדרדיקע אַנטוויקלונג, און נאָכן עולה זיין פון חיים נייגער קיין ארץ־ישראל, איז אַלס פּרעזעס פון דער ביבליאָטעק דערווײלט געוואָרן ד״ר וואַסערמאַן, וועלכער האָט אַ סך געטאָן לטובת דער ביבליאָטעק.

די שיינע און רייכע יידישע ביבליאָטעק אין טאָרנע האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין דער שטאָט.

## ב. יידישע פאלקס-ביבליאטעק

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (אין יאָר 1912), איז ביי דער פּועלי־ציון פּאַרטיי אין טאָרנע געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, וועמענס יסוד איז געווען אַ ביכער־זאַמלונג ביי דער דאָזיקער פּאַרטיי. די ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט ביכער נאָר אין דער יידישער שפּראַך. נאָך דער שפּאַלטונג פון פּועלי־ציון אין יאָר 1920, האָט די ביבליאָטעק פון פּועלי־ציון אַרומגענומען עטלעכע טויזנט בענד איז געווען דער שטאָלץ פון לינקע פּועלי־ציון אין טאָרנע. די היטלעריסטישע וואַנדאַלן האָבן חרוב געמאַכט די פּיליאָריקע אַרבעט פון יידישע אַרבעטער. פון דער רייכער יידישער ביבליאָטעק איז נישט געבליבן קיין איין בוך.

אויך דער בונד האָט געהאַט אַ רייכע ביבליאָטעק צום נוצן פון זיינע מיטגלי־דער. אויך פון דער ביבליאָטעק איז נישט געבליבן קיין זכר.

אַ רייכע ביבליאָטעק האָט אויך פאַרמאָגט די „השומר־הצעיר״־אָרגאַניזאַציע, און כמעט אין אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן עקזיסטירט גרעסערע אָדער קלע־נערע ביבליאָטעקן צום געברויך פון די מיטגלידער.

III

## „תרבות״

מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור אין טאָרנע האָט זיך באַשעפטיקט נאָך דער פאַריין „אהבת ציון״ און שפּעטער דער פאַריין „עבריה״, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט אינעם יאָר 1908 אהרן האָפ־מייסטער אַלס פאָרזיצער, אברהם וויינבערג אַלס סעקרעטאַר, יעקב גליק, יצחק שעדליסקער און אַנדערע. דער פאַריין האָט איינגעאָרדנט העברעאישע קורסן און אַ סך געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן העברעאישע קולטור צווישן ציוניסטישע און סתם קרייזן אין טאָרנע.

פון דער „עבריה״ האָבן אַרויסגעטראָגן זייער פּראַקטיק עברית די דעמאָלטיקע ציוניסטישע יינגע טוערינס פּרל. אברהם און ראָזענבלאַט (שפּעטער פרוי פון יצחק לאופּבאַן ז״ל). אין דער ציוניסטישער מאָנאַטשריפט אין פּוילישער שפּראַך „מאָ־ריה״ אונטער ד״ר בערקעלהאַמערס רעדאַקציע, האָבן זיך אין יענער צייט געדרוקט פּרל. אברהם׳ס איבערזעצונגען פון מ. ד. בראַנדשטעטערס העברעאישע דערציי־לונגען.



דער העברעאישער שרייבער דניאל פערסקי ביי דער „עבריה״ אין טאַרנע אין יאָר 1920.

„עבריה״ האָט אַרומגענומען אַ גרויסן קרייז העברעאיסטן פון פאַרשידענע פאַר־טיי־ריכטונגען. ווען דער באַדייטנדיקער העברעאישער שרייבער דניאל פערסקי איז אין יאָר 1920 אויף זיין רייזע אָפּגעטרעטן אין טאַרנע, האָט ער שוין אָנגע־טראָפן אויף אַ גרעסערן קרייז העברעאיסטן פון עלטערן און יינגערן דור, וואָס האָבן אים וואַרעם אויפגענומען. גאָר שטאַרק האָט זיך פאַרשפרייט אין טאַרנע די העברעאישע קולטור צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט, וואָס איז שוין געווען אַדורכגענומען מיט ציוניסטישע לאָזונגען. בסוד — די שטרענג אָרטאָדאָקסישע עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן — האָט מען אָרגאַניזירט העברעאישע קרייזן און פלייסיק געלערנט און געלייענט העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור.

די ראַמען פון דער „עבריה״ זענען באַלד געוואָרן צו ענג פאַר דעם גרויסן קרייז יונגע און עלטערע ציוניסטן, וואָס האָבן געגאַרט נאָך העברעאישן וויסן. אויך מיטן וואוקס פון דער חלוצישער עליה זענען געוואַקסן די אויפגאַבן פון די העברעאיסטן.

אין פוילן האָט פון יאָר 1918 עקזיסטירט די אָרגאַניזאַציע „תרבות״, וועלכע האָט געוווּנען די אָנערקענונג פון אַלע נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע יידן. „תרבות״ האָט אויפגעשטעלט אַ געדיכטע נעץ העברעאישע עלעמענטאַר און מיטלשולן, באַזונדערס אין די מזרח־געביטן פון פוילן. פאַר דער יוגנט אויסער די שולן אָדער שילער פון די „פאָוושעכנע״ שולן און דערוואַקסענע, האָט „תרבות״ אָרגאַניזירט

העברעאישע אָוונט־קורסן אין גרעסערע יידישע צענטערן אין פוילן. „תרבות״ האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פלעגן און אַנטוויקלען די העברעאישע שפּראַך אין די גלות־לענדער.

אויך אין טאָרנע האָט „תרבות״ געפירט איר טעטיקייט או פיל דערגרייכט אויף דעם געביט. אַ לאַנגע צייט אָבער איז די טעטיקייט פון „תרבות״ געווען באַגרענעצט צוליבן מאַנגל פון אַן אייגענעם לאָקאַל. געגוג אונטערצושטרייכן, אַז אין יאָר 1930 זענען די העברעאישע קורסן אין טאָרנע פאָרגעקומען אין אַ זייטיק צימער אינעם טאָרנער טעמפּל. פונדעסטוועגן זענען דעם קורס דורכגעגאַנגען 200 פּערזאָן (ווי עס איז דערציילט געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם 22־טן מערץ 1930 יאָר — ציטירט לויטן „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ פון 28.3.30 נומ׳ 13). אויסערדעם איז ביי „תרבות״ געווען טעטיק (ווי מיר באַריכטן וועגן דעם אויף אַ צווייט אָרט) אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אין אויבנדערמאָנטן באַריכט־יאָר אויפגעפירט צוויי העברעאישע רעוויעס. יעדן שבת איז אין „תרבות״ פאָרגעקומען אַן „עונג שבת״, מיטן אָנטייל פון פיל יוגנטלעכע. אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל:

ד״ר זילבערפעניג — פּרעזעס, פרוי קעניג — קאַסיר, חיים נייגער, ד״ר י. פייג,



**ח. נ. ביאַליק ז״ל אין טאָרנע אין יאָר 1931**
**זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: יוסף אומאַנסקי, ?, ח. ה. ליכטבלאו, חיים נחמן ביאַליק ז״ל, חיים נייגער ז״ל, ?, ד״ר ז. זילבערפעניג, ד״ר יוסף זילבערמאַן ז״ל.**

י. גליק, י. הערצמאַן, ד״ר העלאַ לאַדנער, גאָלדע אַבראַמאָוויטש, ד״ר יוסף זילבערמאַן, גראַבשריפט, פעפער, ביבערבערג, שפּאַנאוף, קייטש.

דער עיקר פאַרדינסט פון „תרבות״ איז געווען דאָס אַראָפּברענגען קיין טאַרנע דעם גרויסן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, וועלכער איז געקומען אין שטאָט דעם 25־טן אָקטאָבער 1931 יאָר. יענעם טאָג איז אין טאַרנע געווען אַ יומטובדיקע שטי־מונג. אויפן באַנהאָף האָבן אים אָפּגעוואַרט פיל יידן און דעלעגאַציעס פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און יוגנט־באַוועגונגען. ח. נ. ביאַליק איז נאָך דעמזעלבן אָוונט אָנוועזנד געווען אויף אַ זיצונג פון ליבהאָבער פונעם העברעאישן בוך, וואו ער האָט רעפערירט וועגן דער לאַגע פון דער העברעאישער ליטעראַטור און בוך. צומאַרגנס האָט דער חשובער גאַסט באַזוכט די העברעאישע פאָלקסשול און מיטל־שול פון „שפה ברורה״. אינאָוונט איז אין זאַל פון „סאָקול״ פאָרגעקומען זיינס אַ רעפעראַט א. ד. ט. „די באַפרייאונג פון גייסט״. אין זיין גלענצנדן רעפעראַט האָט דער דיכטער גערופן אַלע העברעאישע אַקטיוויסטן צו שטעלן זיך אויפן פראָנט פון קולטור־אַרבעט, וואָרענענדיק פאַר דער אַסימילאַציע אין די לענדער פון צע־שפּרייטונג, אויב דער פּאָליטישער רענעסאַנס וועט נישט גיין בייזאַמען מיטן נאַ־ציאָנאַלן רענעסאַנס.

נאָכן רעפעראַט איז אין די זאַלן פון האָטעל „אַסטאָריאַ״ פאָרגעקומען לכבוד דעם גאַסט אַ טיי־אָוונט, אויף וועלכן דער דיכטער איז באַגריסט געוואָרן דורך חיים נייגער, פּראָפ׳ קרעש און פראַמאָוויטש (פון יאַסלע). אויף די באַגריסונגען האָט ביאַליק געענטפערט מיט אַ לענגערער רעדע אין העברעאיש, דערקלערנדיק די מאָטיוון וואָס האָבן אים באַוואויגן צו פאַרלאָזן זיין אַרבעטס־וואַרשטאַט, און דער עיקר אויפצוועקן דאָס געוויסן פון פאָלק.

אין יאָר 1932 איז אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן די אַרבעט פון טאַרנער



אַ גרופּע העבראַיסטן פון אָרטאָדאָקסישע קרייזן אין טאַרנע אין יאָר 1932.
שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס: משה רובין און יחיאל ענגלענדער (ביידע אין ישראל);
זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: לעפעלהאָלץ און יונה שניידער (איצט אין ישראל).

„תרבות". אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אָפּגעהאַלטן דעם 17־טן אָקטאָבער 1932 יאָר, איז דעריבער אויסגעווײלט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג: פּראָפ' צווע־כער, ד"ר י. פייג, ד"ר העלאַ לאַדנער, ד"ר ז. זילבערפעניג, פּראָפ' קרעש, יחזקאל הערצמאַן, א. ווייבנערג, מאַרכפעלד, פרוי העניג, שפּאַנאוף, פעלאַ טאובענפעלד, דבורה פריס, רבקה ראָזענבערג, ב. כאַטשנער, מנשה קעללער, א. ליכטינגער, אריה אַלווייס, שרה שפּאַנאוף, נ. שפּילפויגל, א. בורשטין, ב. שטערנהיים, חיים גרינבערג. אַלס פּרעזעס איז דערווײלט געוואָרן ד"ר י. פייג.

אַ גרויסן פאַרלוסט האָט געהאַט „תרבות" מיטן פּלוצומדיקן טויט פון יחזקאל הערצמאַן, וועלכער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 34 יאָר. פון די פריסטע יאָרן איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, און נישט אַנערקענענדיק דעם אונטערשיד צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק, איז ער בעת דער דריטער עליה אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ חלוץ־אַרבעטער. זיין שלעכטער געזונט־צושטאַנד האָט אים געצוווּנגען צו וואַרפן די פיזי־שע אַרבעט. ער האָט שטודירט שפּעטער יודאַאיסטיק אין פּעדאַגאָגיע אויפן ווינער פּעדאַגאָגיום א. נ. ד"ר חיות. נאָכן צוריקקומען קיין טאַרנע, האָט ער אַקטיוו גע־אַרבעט אין פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס, באַזונדערס אין די העברעאישע, און איז געווען איינער פון די סאַמע טעטיקסטע אויפן געביט פון פלעגן די העב־רעאישע שפּראַך. זיין פריצייטיקער טויט האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינעם טרויער אין אַלע ציוניסטישע קרייזן אין טאַרנע.

אַ דאַנק די באַמיאונגען פון „תרבות" איז אין טאַרנע אויפגעפירט געוואָרן אַנסקי׳ס „דיבוק" אין העברעאיש. די פּרייטיק־צו־נאַכטסן — „עונג־שבת", האָבן צוגעצויגן אַלע ליבהאָבער פון העברעאישן וואָרט, אויסער דעם האָט „תרבות" גע־פירט קורסן פאַר העברעאיש און אַ סעמינאַר פאַר יודאַאיסטיק.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די „תרבות"־טעטיקייט געפירט די פאַרוואַל־טונג צו וועלכער עס האָבן געהערט פאָלגנדע פּערזאָנען:

ד"ר י. פייג, אברהם וויינבערג, פרוי ריינהאָלד, פרוי וויינבערג, שמעון קליינ־הענדלער, י. שניידער, מאַרכפעלד, שמעון שטראָם, הערש געצלער, יצחק פינק און פאָרשטייער פון באַזונדערע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

נאָכדעם ווי ד"ר פייג האָט עולה געווען קיין ישראל, האָט מיט דער „תרבות"־אַרבעט אין טאַרנע אָנגעפירט אברהם וויינבערג.

IV

## יידישע טעאַטער, מוזיק און געזאַנג-געזעלשאַפטן אין טאַרנע

### פורים-שפּילן

דער אָנהויב פון יידישן טעאַטער אין טאַרנע דאַטירט זיך פון לעצטן יאָר־צענדליק פון פאַריקן יאָרהונדערט. צו יענער צייט האָט דאָס יידישע טעאַטער געהאַט אַן אייגענע געביידע אויפן אָרט פון איצטיקן קינאָ „אַפּאָללאָ". צום סוף

פון פאַריקן יאָרהונדערט איז די דאָזיקע געביידע אָפּגעברענט געוואָרן. פאַרשידענע טרופּעס וואָס פלעגן קומען קיין טאַרנע גאַסטראָלירן, האָבן געשפּילט טעאַטער אין דער אויבנדערמאָנטער געביידע.

יעדעס יאָר פלעגן פּורים־צייט אויפטרעטן „בראָדער זינגער" אין שפּינדלערס רעסטאָראַן אין גרינהוטס הויז אויף לוואָווסקע, דערנאָך אין ראָטענבערגס רעס־טאָראַן אויף דער וואַלאָווע־גאַס. אַ וואָך פאַר פּורים זענען אין פאַרשידענע טאַרנער לאָקאַלן געוויזן געוואָרן „פּורים־שפּילן", און ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגן דורך די גאַסן לוואָווסקע און וואַלאָווע אַדורכציען פּורים־צוגן אין שיינע מאַסקעס און קאָסטיומען, ווער אויף פערד, אויף וועגענער צי צופוס.

אין יאָר 1905 איז אין טאַרנע אַנטשטאַנען אַ יידיש אַמאַטאָרן־טעאַטער, אין וועלכן עס האָבן געשפּילט יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, וואָס האָבן געהערט צו פּ. פּ. ס. (דערנאָך צו זש. פּ. ס.). די פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען אין זאַל פון דער „סטזשעלניצע" אין שטאָטישן פּאַרק. דער רעפּערטואַר איז באַש־טאַנען דער עיקר פון גאָלדפאַדענס פּיעסן. צו די מער טאַלענטירטע אַמאַטאָרן פון יענער צייט האָבן געהערט: אַנקער (שפּעטערדיקער אייגנטימער פון אַ שניידער־סאַלאָן) און שמערלינג־מאַנטעל (האַנדלס־אָנגעשטעלטער). דאָס טעאַטער האָט פאַרמאָגט אייגענע קאָסטיומען און דעקאָראַציעס און גענאָסן פון גרויסער פּאָפּולאַ־ריטעט ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. דאָס טעאַטער האָט דערכגעהאַלטן עטלעכע ווינטער־סעזאָנען.

נאָכן פונאַנדערפאַלן זיך פון דער דאָזיקער אַמאַטאָרן־טרופּע, האָט אין משך פון פיל יאָרן גאַסטראָלירט די טרופּע פון האַרט. אָבער ביזן יאָר 1917 איז נישט געווען קיין איין אַמאַטאָרישע טרופּע, וואָס האָט געזאָלט קאָנטינואירן טאַרנער יידישע טעאַטער־טראַדיציע.

## „הזמיר"

אין יאָר 1917 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן דער דראַמאַטישער קרייז „הזמיר", מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער דעמאָלטיקער פּועלי־ציוניסטישער טוער י. פאָגעלפאַנג. כמעט אַלע אַמאַטאָרן האָבן געהערט צו די פּועלי־ציוניסטישע קרייזן: שטיינדלינג (שפּעטער אינזשינער), פּרל. שיפּער. אָבער דאָס ערשטע אָרט האָט פאַרנומען בראָנשטיין, שפּעטערדיקער אַרטיסט אין ריינהאַרד־טעאַטער אין בערלין, און אַ. מאַרגוליעס. אין יאָר 1917, ווען „הזמיר" האָט זיך געגרייט צו שטעלן פּרץ הירשביינס „יואל", איז דער אַמאַטאָרן־גרופּע געלונגען צו געווינען אַלס רעזשיסער פון דער פאָרשטעלונג דעם באַרימטן אַרטיסט אַלעקסאַנדער גראַנאַך, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אין מיליטער־דינסט אין טאַרנע.

וועגן גראַנאַכס באַזוך אין טאַרנע און זיין פאַראינטערעסירן זיך מיטן אַמאַ־טאָרן קרייז, לייענען מיר אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (פון 5.11.31 נומ' 32):

„די פּראָבעס זענען געגאַנגען שווער. די אַמאַטאָרן־טרופּע איז נישט געווען אַזאַ צוגעקליבענע. ענדעלך איז די גענעראַל־פּראָבע פאָרגעקומען אין זאַלדינגערס

זאַל. זי איז אויסגעפאַלן פּאַטאַל. דער רעזשיסער איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די נישט־אויסגעשולטע שפּילער. אויפן זאַל האָבן זיך געפונען צוויי יידישע זעלנער. איינער, דוכט זיך, איז געווען אַן איינ־יאָריקער קאַפּראַל. מען האָט זיי געטאָן אַ „חסד" און דערלויבט אָנוועזנד זיין אויף דער גענעראַל־פּראָבע. זעענדיק די הילפסלאָזיקייט פון די „אַרטיסטן" און „רעזשי־סער", האָט איינער פון די זעלנער, אַ שטאַרקער ברונעט, אַ ברייטפּלייציקער, מיט גלאָז־פינקלדיקע אויגן, זיך פאַרגעשטעלט די אָנוועזנדיקע: „איך הייס גראַנאַך, פון מזרח־גאַליציע, אין דינסט אין טאַרנע". ער האָט פאַרגעלייגט זיין הילף און גרייטקייט אַלס מוסטער אָפּצושפּילן אייניקע שווערע ראָלן. די אָנוועזנדיקע האָבן עפּעס נישט געגלויבט. נישט געהאַט קיין צוטרוי. ווער איז דאָס פאַר איינער, פונ־וואַנען קען ער זיך אויף טעאַטער? גראַנאַך האָט גאַנץ באַשיידן געענטפערט, אַז ער האָט געשפּילט אין ריינהאַרד־טעאַטער אין בערלין. די אָנוועזנדיקע „הזמיר"־אַמאַטאָרן האָבן דיסקרעט געשמייכלט. זיי האָבן נישט געגלויבט דעם חברהמאַן, וועלכער האָט געוואָלט די טאַרנער לערנען „רעזשיסירן". נאָר י. פאָגלפאַנג, וועלכער האָט געקענט אַרטיסטן פון די ווינער בינעס, האָט אויסגעפרעגט גראַנאַכן אויף נעמען פון באַדייטנדיקע ווינער אַרטיסטן, און ווען ער האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע בקיאות אין זייער שפּילן, האָט מען גרויסמוטיק באַשלאָסן אים צוצולאָזן מיטאַרבעטן ביים רעזשיסירן „יואל". גראַנאַך איז אַרויף אויף דער בינע און אָפּגעשפּילט די הויפּט־ראָל. אַלע זענען ווי פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס שפּילן אין געווען אויסגעצייכנט. ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט. גראַנאַך האָט אויסגעבעסערט, דערגענצט, געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלן. ערשט דעמאָלט האָבן אַלע פאַרשטאַנען וועמען זיי האָבן פאַר זיך. די פּרעמיערע פון „יואל", אונטער דער געניטער רעזשיסור פון גראַנאַכן, איז אויסגעפאַלן אימפּאָ־נירנד. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שפּילן „גאָט, מענטש און טייוול", און די הויפּט־ראָל איז איבערגעגעבן געוואָרן גראַנאַכן. עס האָבן זיך באַדאַרפט אָנהויבן די פּראָבעס, נאָר גראַנאַך איז דינסטלעך אָפּגערופן געוואָרן פון טאַרנע. די פאַר־וואַלטונג פון „הזמיר" האָט אויף אַ ספּעציעלער זיצונג געזעגנט גראַנאַכן, דאַנקענ־דיק אים פאַר דער מיטאַרבעט".

די געזעלשאַפט „הזמיר" איז געווען טעטיק אין די יאָרן 1917 און 1918, און דערנאָך זיך אויפגעלייזט.

## אמאטארן־טרופּעס

אין עטלעכע יאָר אַרום איז אין זאַל פון דער שול „שפה ברורה" אויפגעטרעטן דאָס יידישע פאָלקס־טעאַטער אונטער דער דירעקציע פון האַרט. ער האָט גע־שפּילט אין טאַרנע אין משך פון עטלעכע חדשים אָן איבעררייס, און אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט זיין טעאַטער כמעט אין אַ שטענדיק יידיש טעאַטער אין שטאָט.

אין לאָקאַל פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין פּאַריזערס הויז (אין פּילזנער טויער), איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קליינע בינע, וואו עס זענען געשפּילט געוואָרן

די מייסטערווערק פון דער יידישער דראַמע. צו די וויכטיקסטע אַמאַטאָרן פון דער בינע האָבן געהערט: י. סראָקאַ, מילאַ פלור (איצט פרוי ד״ר סראָקאַ אין ישראל), ה. גזשיב (שפּעדערדיקער באַדייטנדיקער קאָמוניסטישער טוער אין דייטשלאַנד).

אויסער דער אַמאַטאָרן־טרופּע ביים בונד, האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג די אויפגטריטן פון אַמאַטאָרן־קרייז אונטער דער רעזשי פון א. מאַרגוליעס, מיטן אַנטייל פון פרוי מ. קאָרן (לענקאָוויטש), ביילע שיפּער און אנד.

דאָס יידישע אַמאַטאָרן־טעאַטער אין טאָרנע איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ אַ דאַנק דעם, וואָס אַ לאַנגע צייט האָט געווירקט אין טאָרנע אַלס טעאַטער־רעזשי־סער שלום בראַנשטיין. אונטער זיין רעזשי איז אין יאָר 1930 געשטעלט געוואָרן אַנסקיס „טאָג און נאַכט״. אין טאָרנע איז אויך געווען טעטיק אַלס רעזשיסער עובדיה יערי — שילער פון דער דראַמאַטישער שול „מסד״ אין ירושלים.

## „מוזא״

נישט געווען אָבער אין טאָרנע אַ שטענדיקע אינסטיטוציע, וואָס זאָל קאָנ־צענטרירן אין זיך אַלע באַדייטנדיקע אַמאַטאָרישע כוחות, כדי אויפשטעלן אַ שטענ־דיקן (אַמאַטאָרישן) יידישן טעאַטער. ערשט אין יאָר 1923 האָבן עטלעכע יידישע אינטעליגענטן געגרינדעט די טעאַטער און מוזיק־געזעלשאַפט „מוזאַ״, וועלכע האָט אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ פאַרנומען זיך הויפּטזעכלעך מיט איינ־אָרדנען יידישע טעאַטער־אימפּרעזן.

די סעקציע פאַר טעאַטער איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די טאַלענטירטע טעאַ־טער־אַמאַטאָרן אינש׳ נפתלי סאַלפעטער, יצחק שיפּער, ד״ר בצלאל שפּייזער און מ. ווישנאָוויץ. אַלע זענען זיי אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן פון נאַציסטישע הענט.

אַ דאַנק איר פּאָזיטיווער טעטיקייט אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן די טעאַטער־קולטור, האָט „מוזאַ״ דערוואָרבן זיך אַלגעמיינע אָנערקענונג. באַזונדערס אויסגעצ־ייכנט האָבן זיך די אַמאַטאָרן: מאַקס ווישנאָוויץ, א. מאַרגוליעס, אינזש. נפתלי סאַלעטער, ד״ר ב. שפּייזער, מאַרילאַ מאַרגוליעס, פּרל. קאָרן־לענקאָוויטש, הערש־קאָוויטש, ז. ראָטענבערג, בילפעלד און יעקב הייבערגער. אין די אויפטריטן פון „מוזאַ״ פלעגט זיך פון צייט צו צייט באַטייליקן די באַרימטע יידישע אַרטיסטין ראַפּל־לייבל. די דראַמאַטישע געזעלשאַפט „מוזאַ״ האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע קודם כל באַקענען אירע מיטגלידער מיט די בעסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור און באַקענען די ברייטסטע מאַסן מיטן ווערט און שיינקייט פון די דאָזיקע שאַפונגען.

ביי דער געזעלשאַפט איז אַנטשטאַנען אויך אַ כאָר, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אַ געוויסע צייט דער באַדייטנדיקער דיריגענט פּיוווישעס ביז צו זיין איבערזידלען זיך קיין לאָדזש.

באַזונדערס גוט האָט זיך אַנטוויקלט דער סימפאָנישער אָרקעסטער אונטער

לייטונג פון מ. אובער. אַ חוץ דעם איז געווען טעטיק אַ פידל־אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון י. געלב.

אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „מוזאַ״, פאָרגעקומען דעם 2־טן דעצעמבער 1928 יאָר, איז דערוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאַלגנדן צוזאַמענשטעל:

א. זיידען — פרעזעס (איצט אין ניו־זעלאַנד), ד״ר ב. שפייזער און מ. וויש־נאָוויץ — וויצע־פרעזעסן, מגר. גאַליצער — קאַסיר, י. מאַרגוליעס, א. מאַרגוליעס, אינזש׳ מ. שוואַנענפעלד, ד״ר ב. טשעך, ד״ר ליבעסקינד, פרל. קאָרן, פראָפ׳ פעלד, גערטנער, קאַמיענעצקי. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד״ר י. מערץ, ד״ר ע. פור־נאַרסקי און י. איזראַעלאָוויטש. אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו גרינדן ביי דער געזעלשאַפט אַ העברעאישע סעקציע, וועלכע איז טאַקע אינגיכן אָרגאַניזירט געוואָרן, און שוין אין אַפריל 1929, בשותפות מיט דער דראַמאַטישער סעקציע פון „תרבות״, אויפגעטרעטן מיט אַ העברעאישער רעוויע ״חד־גדיא״. דאָס איז געווען די ערשטע אימפּרעזע פון דעם מין אין טאָרנע, וועלכע איז אַדורך אונטערן צייכן פון פלעגן דאָס לעבעדיקע העברעאישע וואָרט. דער דערפאָלג פון דער פאָרשטעלונג איז געווען צו פאַרדאַנקען קודם כל דעם ד״ר ישעיהו פייג, ד״ר יוליוש מערץ, פראָפ׳ פעלד און אברהם וויינבערג. אין אָקטאָ־בער 1929 איז ווידער אויסגעפירט געוואָרן אַ צווייטע העברעאישע רעוויע א. נ. „פס קולה״ — אַן אָוונט פון ארץ־ישראלדיקע און פאָלקס־לידער, וואָס איז אויך אויפגעפירט געוואָרן אין עטלעכע ערטער אין טאָרנער סביבה.

פון אירע פאָנדן וואָס זי האָט זיך איינגעשאַפט פון פאַרשידענע אימפּרעזעס, האָט „מוזאַ״ סובווענציאָנירט אַ גאַנצע ריי הומאַניטאַרע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי דאָס אַקאַדעמישע הויז, אַקאַדעמישע קיך אין קראָקע, די יידישע „אָכראָנקע״ אין טאָרנע און די געזעלשאַפט צו שטיצן קראַנקע שטודירנדיקע יוגנט „נאַדזיעיאַ״.

אין משך פון די יאָרן פון איר עקזיסטענץ, האָט „מוזאַ״ דערפילט אַ וויכטיקע קולטורעלע אויפגאַבע, ווייל אויסער דער אַמאַטאָרן־טרופּע, האָט זי זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן אויפטריטן פון אַזעלכע שטערן פון דער יידישער בינע, ווי אידאַ קאַמינסקאַ, זיגמונט טורקאָוו, אָדער די ווילנער טרופּע אונטער דער דירעקציע פון מאַזאָ, וועלכער האָט אין דער אַנטשפּרעכנד איבערגעבויטער געביידע, וואָס האָט געדינט פאַר אַן אייער־מאַגאַזין (נעבן קינאָ „אַפּאָללאָ״), געשפּילט די ווערק פון פּרץ, אַש, אַנסקי און אנד.

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט האָט געהאַט איר לאַנגיאָריקער פרעזעס, אַדאָלף זיידען, וועלכער איז דערפאַר באַערט געוואָרן מיט דעם דיפּלאָם פון אַן ערן־מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די טעטיקייט פון דער פּאָפּולערער געזעלשאַפט „מוזאַ״, איז נאָך אַ באַווייז פונעם הויכן ניוואָ פון שאַפונגען פון טאָרנער יידן פאַר יידישער קולטור, יידיש טעאַטער, מוזיק און געזאַנג.

## י. ל. פרץ-פאריין

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן קולטורעלן לעבן אין טאָר־נע האָט געהאַט דער „פאַריין ליבהאָבער פון יידישער קונסט א. נ. פון י. ל. פרץ״.



מיטגלידער פונעם פרץ־פאַריין מיט דעם שרייבער הירש פענסטער (פערטער אין דער ערשטער ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס) אין יאָר 1930.

דער דאָזיקער פאַריין האָט אַראָפּגעברענגט קיין טאָרנע באַדייטנדיקע אַרטיסטן אויף גאַסטראָלן, מייסטער פון יידישן וואָרט, ווי: מאָרעווסקי, ווייסליץ, קאַמען, ווי אויך גאַנצע טעאַטער־אַנסאַמבלען, ווי די ווילנער טרופּע, קאַמינסקי־טעאַטער, בעלאַ בעלאַרינאַ. אויסער דעם איז ביים פאַריין געווען טעטיק אַן אַמאַטאָרן־טעאַטער און אַ געמישטער כאָר אונטער דער לייטונג פון ז. קינסטלער.

אין יאָר 1930 איז אויף דער איניציאַטיוו פון י. ל. פרץ־פאַריין געשאַפן געוואָרן אַן אָרטיקע אָפּטיילונג פון ווילנער „ייוואָ״, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען מגר. דוד לענקאָוויטש.

## דראמאטישע קרייזן

אויסער דראַמאַטישע סעקציעס ביי כמעט אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי השומר הצעיר, הנוער הציוני, ביים בונד, התאחדות און אַנדערע, איז ביים יידישן ספּאָרט־קלוב זש. מ. ס. („זשידאָווסקאַ מלאָדזשיעזש ספּאָרטאָוואַ״ — יידישע ספּאָרט־יוגנט)



אַ גרופּע אַקטיווע מיטגלידער פונעם פּרץ־פאַריין אין טאָרנע אין יאָר 1930.

געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער רעזשי פון ל. בילפעלד, וועלכער איז געווען איבערגעגעבן דער יידישער טעאַטער־קונסט און מיטגעאַרבעט אין כמעט אַלע דראַמאַטישע קרייזן. ביי זש. מ. ס. איז אויך געווען אָרגאַניזירט אַ כאָר פון 40 פּערזאָן, אונטער דער לייטונג פון קינסטלערן.

מען דאַרף נאָך דערמאָנען די געזעלשאַפט „וויעדזאַ" („וויסן"), אָנגעפירט דורך אברהם לייבוואַנד, וואָס פלעגט איינאָרדנען אָוונטן פון לעבעדיקן יידישן וואָרט.

אין יאָר 1937 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין טאָרנע אַ דראַמאַטישער קרייז אונטערן נאָמען פון דוד הערמאַן. מיט דעם קרייז האָט אָנגעפירט דער זייער באַגאַבטער אַמאַטאָר שלום בראָנשטיין. דער דאָזיקער דראַמאַטישער קרייז האָט אַ סך ביי־געטראָגן צום אויפלעבן פונעם יידישן טעאַטער אין טאָרנע. צו די בעסטע אַמאַטאָרן האָבן געהערט אַ חוץ דעם רעזשיסער שלום בראָנשטיין נאָך יעקב הייבערגער און די פרויען לענקאָוויץ און לאובפעלד.

## מוזיק געזעלשאפטן

נאָך פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט אין טאָרנע עקזיסטירט טירק׳ס מוזיק־ביוראָ. אין יאָר 1914 איז דאָס ביוראָ איבערגענומען געוואָרן דורך דעם בוכהאַנדלונג־אייגנטימער אַדאָלף זיידען, וועלכער האָט אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון אַנט־

וויקלען די מוזיק־קולטור אין טאַרנע. ער פלעגט אַראָפּברענגען אויף קאָנצערטן באַרימטע סאָליסטן אין אייראָפּע, ווי בורמעסטער, מאַרטאָ, פּעטרי, מיכאַלאָווסקי, דוביסקאָ, רובינשטיין, אַדאַ סאַרי, און אַנדערע מוזיקאַלישע באַרימקייטן.

ביי דער געזעלשאַפט „מוזאַ" איז געווען אָרגאַניזירט אַן אַמאַטאָרן־אָרקעסטער אונטער דער דירעקציע פון לעאָן געלב. אויך ביים בונד איז געווען אַן אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון ר. אייזענבאַך, אַ יונגער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, אַ פיל־צוזאָגנדיקער מוזיקער. ליידער, איז ער געשטאָרבן אין ראַטנפאַרבאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## געזאַנג־פאַריינען

אינעם טאַרנער יידישן קולטורלעבן האָבן אַ בכבודיקן אָרט פאַרנומען די געזאַנג־פאַריינען. מיר האָבן שוין דערמאָנט אויף אַ צווייט אָרט דעם ציוניסטישן כאָר אין טאַרנע, אין יאָר 1904. דער סטודענט שמואל שפּאַן און נאָך אייניקע מיטגלידער פון דעמאָלטיקן יודאַאיסטישן סטודענטן־קרייז אין טאַרנע האָבן גע־גרינדעט אַ שטענדיקן כאָר אונטער דער אָנפירונג פון צוויי סטודענטן — דניאל און מנשה. דער כאָר האָט אין די יומטובים געזונגען אין טעמפּל און פאַר דעם באַקומענעם שכר פון קאָנטאַר העלער, האָבן זיי איינגעקויפט ביכער פאַר דער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק ביים סטודענטן פאַריין.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, בערך אין יאָר 1909, איז געקומען קיין טאַרנע דער באַוואוסטער כאָר־דיריגענט פון בראָד — ישראל פּייווישעס, און אָנגעפירט מיטן כאָר אין טעמפּל. דערנאָך האָט ער געעפנט אין טאַרנע אַ מוזיק־שול. ווען אין יאָר 1912 איז געגרינדעט געוואָרן דער יידיש־נאַציאָנאַלער געזאַנג־פאַריין „האַרמאָניאַ" און ס'איז אַנטשטאַנען אַן אימפּאָזאַנטער כאָר פון אַלע קרייזן פון דער יידיש־נאַציאָנאַער יוגנט, איז פּייווישעס באַשטימט געוואָרן אַלס דיריגענט פונעם כאָר און אים דערפירט צו אַ גאָר הויכער מדרגה. די קאָנצערטן פון „האַר־מאָניאַ" האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג נישט נאָר אין טאַרנע, נאָר אויך אין אַנדערע גאַליצישע שטעט.

יעדן דאַנערשטיק אָוונט האָט „האַרמאָניאַ" איינגעאָרדנט אינעם זאַל פון דער באַראָן הירש שול אַזוי גערופענע „דאָנערשטיק־אָוונטן", אויף וועלכע עס פלעגט אַרויסטרעטן דער כאָר אונטער פּייווישעס אָנפירונג. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין דער טאַרנער פועלי ציון און אָנטיילגענומען אין אַלע קולטורעלע פאַראַנשטאַל־טונגען פון פועלי ציון פאַריין. אַ דאַנק אים האָט דער פועלי־ציוניסטישער אַקאַדע־מישער פאַריין „חרות" איינגעאָרדנט אַ גרויסן קאָנצערט מיטן אָנטייל פון כאָר „האַרמאָניאַ" וועלכער איז פאָרגעקומען אין קראָקע אינעם גרויסן זאַל פון אַלטן טעאַטער און אַדורך מיט אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג.

פּייווישעס מוזיקאַלישע פעאיקייטן אַלס לערער און דיריגענט האָבן אים אַרויס־געפירט אויף אַ פיל ברייטערער טעטיקייט. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרלאָזט ער טאַרנע און פאָרט קיין קראָקע. נאָך אַ זייער פרוכטבאַרער

מוזיקאַלישער טעטיקייט אין דער דאָזיקער שטאָט, איז ער אין יאָר 1922 אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש און דאָרט געווידמעט זיך דעם כאָר „הזמיר".

ווען היטלערס האָרדעס האָבן פאַרנומען פוילן, איז פּייווישעס אַוועק קיין וואַרשע. ווי עס גיט איבער מלך ניישטאַדט אין זיין בוך „חורבן און אויפשטאַנד פון די אידן אין וואַרשע" (באַנד 2, ז' 588), ווערט אין די באַריכטן פון וואַרשעווער געטאָ דערמאָנט פּייווישעס אַלס איינער פון די קינסטלער וועלכער האָט מיטגעהאָלפן דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג און באַמיט זיך, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, פאַרלייכטערן דאָס שווערע געטאָ לעבן מיט איינאָרדענען קאָנצערטן. דאָס האָט ער אין געטאָ אָרגאַניזירט אַ קינדער־כאָר, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיי הויכן ניוואָ. בעת דער ליקווידירונג פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן די דייטשן אים אַרויסגעשיקט אינעם פאַרניכטונגס־לאַגער קיין פּאָניאַטאָוו און ער איז דאָרט דערמארדעט געוואָרן. כבוד זיין אָנדענק!

נאָכדעם ווי פּייווישעס האָט פאַרלאָזט טאָרנע, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די טעטיקייט פון „האַרמאָניאַ". נאָכן ערשטן וועלט־קריג זענען געווען פאַרשידענע פּרוּוון אויפצושטעלן אַ מוזיק־געזעלשאַפט. ס'האָבן עקזיסטירט כאָרן ביי די ציוניסטישע יוגנט־פאַריינען, אָבער זייער טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט אינערהאַלב די פאַריינען.

ערשט אין די לעצטע יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אין דער נייַער שול געווען טעטיק דער כאָר אונטער דער אָנפירונג פון געניטן דיריגענט קינצלער און אין טעמפּל האָט דיריגירט מיטן כאָר פּראָפ' ווייס, אַ מענטש מיט גרויסע וואָקאַלישע קוואַליפיקאַציעס. מיטן צונויפגיסן די צוויי כאָרן איז געלונגען אויפצושטעלן אַ פאַרייניקטן כאָר ביי דער תרבות־געזעלשאַפט — „הזמיר", אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפ' ווייס. דיריגענט קינצלער איז געווען באַשעפטיקט מיטן אויסבילדן עטלעכע כאָרן וואָס האָבן עקזיסטירט ביים פּרץ־פאַריין, ביי דער געזעלשאַפט „מוזאַ" און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. געווען אויך אַן אַרבעטער־כאָר ביים בונד און ביי דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע.

אויף די אַלע אָפּשניטן פון יידישן קולטורעלן לעבן אין טאָרנע האָט מען געזען די מי אָנצובינדן צו די גלענצנדע טראַדיציעס פון די אַמאָליקע כאָרן אין שטאָט. מיטן חרוב מאַכן דאָס יידישע טאָרנע, זענען אויך אומגעבראַכט געוואָרן די כאָרן און זייערע זינגער.

ד"ר א. כאמעט

# פונעם יידישן ספארט־גימנאסטישן וועזן אין טארנע

# ספארט-ארגאניזאציעס

די ספּאָרט־גימנאַסטיק באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אין טאָרנע האָט זיך אַנטוויקלט אין די ערשטע יאָרן ווען עס איז רייף געוואָרן דער ציוניזם. האָט דאָך דער ציוניזם געוואָרפן די לאָזונג צו דערציען אַ פולוועדטיקן שטאָלצן ייד, וועלכער דאַרף איבעררייסן מיטן גלות, אויסגלייכן דעם רוקן און אויפבויען דאָס אַלט־נייע היימלאַנד אין ארץ־ישראל.

אין אָנהויב זענען בלויז געווען ספּאָראַדישע פּרוּוון, איינצלנע אַרויסטריטן פון יידישע יוגנטלעכע. ערשט אין יאָר 1912 איז אין טאָרנע אַנטשטאַנען דער ערשטער יידישער ספּאָרט־קלוב „שמשון" („סאַמסאָן"). הענריק פלור, איינער פון די ערשטע ענטוזיאַסטן פאַר דער פיזישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער יוגנט, אַן איבערגעגעבענער ציוניסטישער און ספּאָרט־טוער אין טאָרנע, האָט אין שייכות מיטן 20־יאָריקן יובל פון דער גימנאַסטיק־געזעלשאַפט „שמשון", פאַרעפנטלעכט אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי" (נומ' 37, 16.9.32) אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער שילדערט דעם אָנהויב און די אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן ספּאָרט־קלוב:

„פרילינג 1912 זענען אויף דער לאָנקע „פּאָד ליפּיעם" געזעסן צוועלף יוגנטלעכע גימנאַזיאַליסטן: מוניע און איגנאַץ אָפּנער, די ברידער יאַססי, שמואל פלור, קאָרעץ, הערשדערפער, דראָבנער, קאָם, שמינדלינג, שמואל גרינהוט און עמיל אַדלער. אונטערן פאָרזיץ פון אליהו פלור און אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון ד"ר שפּאַן, ביי הילכיקע אויסגעשרייען „הידד", איז געשאַפן געוואָרן דער ספּאָרט־קלוב „שמשון". גלייך אויפן אָרט, פאַרשטייט זיך, אָן דער נויטיקער מונדירונג, איז אַדורכגעפירט געוואָרן דער ערשטער טרענינג מיטן באַלעם, וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן פון די פאָנדן וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן ביי די דאָזיקע צען־ און פערצן־יאָריקע ייִנגלעך. גאָר אינגיכן, נאָכן אויסאַרבעטן די סטאַטוטן, באַשטעטיקן זיי און אונטערשרייבן דורכן ערן־פּרעזעס און פּראָטעקטאָר ד"ר שפּאַן, איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער ערשטער פוסבאַל־מעטש"...

דער אויפטריט פון די ערשטע 11 יידישע פוסבאַליסטן האָט ביי דעם נאַציאָנאַל־געשטימטן טאָרנער יידנטום אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס און ענטוזיאַזם, הגם די ערשטע צייטן האָבן די דאָזיקע ספּאָרטלער געהאַט אויסצושטיין פון זייערע עלטערן פיל שיקאַנעס, ווייל זיי, די עלטערן, האָבן נאָך נישט געהאַט די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַר דער פיזישער אַנטוויקלונג פון דער יוגנט.

אויפן ביישפּיל פון „שמשון" איז אין יאָר 1916 אַנטשטאַנען אַ צווייטער ספּאָרט קלוב — „מכבי", וועמענס פאַרוואַלטונג אין באַשטאַנד פון: בערנשטיין, איזראַעלאָוויטש, גאָלדפינגער און ראָטענבערג, האָט מסכים געווען צו אַ פאַראייניקונג מיט



די ערשטע פוסבאַליסטן פונעם ספּאָרט־קלוב „שמשון" אין יאָר 1912
פון לינקס אויף רעכטס: פעניכעל (איצט ד"ר פעניכעל אין ישראל) מוניע אָפּנער ז"ל, קאָרעץ, דוד קליינהענדלער ז"ל, ?, שמואל פלור ז"ל, ?, יאָרטנער ז"ל, גאַנס ז"ל, הערש־דערפער ז"ל.

„שמשון" און אַזוי אַרום איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל מיטגלידער פונעם פאַרייניקטן ספאָרט־קלוב. דער קלוב האָט זיך נישט געקאָנט איצט צופרידנשטעלן בלויז מיט דער איינציקער פוסבאַל־סעקציע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן אַ גימנאַסטישע סעקציע. כדי אָבער דערפילן די נייע אויפגאַבן, האָט דער קלוב געמוזט אויסברייטערן זיין ראַם און צוציען צו דער אַרבעט נייע מענטשן צו דער אָנפירונג. די דאָזיקע אַרבעט האָבן צו יענער צייט זיך אונטערגענומען ד"ר ישעיהו פייג און הענריק פלור.

אין יאָר 1918, נאָכן איבעררייס צוליב דער וועלט־מלחמה, האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „שמשון", אונטערן פאָרזיץ פון ד"ר פייג, באַשלאָסן צו ענדערן דעם נאָמען אויף „יידשע ספאָרט־גימנאַסטיק געזעלשאַפט „שמשון", וואָס עס האָט געדאַרפט אונטערשטרייכן, אַז דער ציל פון דער געזעלשאַפט איז צווישן אַנדערע צו פראַקטיצירן אַלע מינים ספאָרט און גימנאַסטיק. ווען די געזעלשאַפט „שפה ברורה" האָט פאַר דער העברעאישער שול איינגעקויפט אַן אייגן הויז (אויף דער גאַס פון דער הייליקער אַננע נומ' 1), האָט די פאַרזאַמלונג פון „שמשון" באַקומען אין דעם הויז אַ זאַל, וועלכער איז אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון ד"ר פייג, הענריק פלור און אינזש' לייכטער, איבערגעבויט געוואָרן אויף אַ שיינעם גימנאַסטיק־זאַל, שטענדיקע גימנאַסטיק־קורסן פאַר קינדער און יוגנט. כדי צונויפצוזאַמלען די נויטיקע פאָנדן, האָט די פאַרוואַלטונג פון „שמשון" איינגעאָרדנט צום ערשטן מאָל אין יאָר 1918 אַ רעדוטע (באַל), וועלכע האָט זיך יעדעס יאָר איבערגעחזרט מיט גרויס דערפאָלג. וועגן דער שטייגנדיקער פאַראינטערעסירונג פאַר „שמשון" קאָן אַמבעסטן עדות זאָגן דער פאַקט, אַז פיל מיטגלידער פונעם קלוב, וועלכע האָבן פאַרלאָזט טאָרנע און אפילו אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד, האָבן איבערגעשיקט פאַרן קלוב גרעסערע געלט־סומען.

זייער פיל האָט „שמשון" געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין אַנטוויקלונג די איבעריקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער קאַפיטאַן פראַנק, ד"ר שאַליט, דיר' גרייף, ד"ר אדאָלף קאַץ, ד"ר בצלאל שפייזער, וועלכע האָבן נישט געקאַרגט קיין מי און אָנשטרענגונגען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַרבעט לטובת דער אַנטוויקלונג פונעם ספאָרט־קלוב. אויף דער איניציאַטיוו פון ד"ר גרייף און ד"ר קאַץ איז אין יאָר 1921 געשאַפן געוואָרן אַ טעניססעקציע, וועלכע האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אין פיל קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין טאָרנע. גענוג צו דערמאָנען, אַז בעתן טעניס־טורניר וואָס איז אין יאָר 1928 פאָרגעקומען אין טאָרנע, און איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך די יידישע ספאָרט־גימנאַסטישע קלובן אין פוילן, אָנגעשלאָסענע אינעם וועלט־פאַרבאַנד „מכבי", האָבן זיך אויסגעצייכנט די טאָרנער טעניסיסטן פון „שמשון": פרל. סימכע, בראַנדשטעטער, האָלענדער, אברהם קליין, אָרמיאַן, רובין און סימכע. דער בעכער, פונדירט דורך דער קראָקעווער „מכבי", איז געוואונען געוואָרן דורך די ספאָרטלער פון טאָרנער „שמשון". אינעם טורניר האָבן זיך אויך באַטייליקט טעניסיסטן פון ביליצער (ביעלסקער) „הכוח" און פון דער קראָקעווער „מכבי".

מיט גרויסע קאָסטן איז אויסגעבויט געוואָרן אינעם שטאָטישן שיצן־גאָרטן אַ פלאַץ פאַר טעניס־שפיל, וואו עס פלעגן אויך פאָרקומען פוסבאַל־פאַרמעסטונגען.



„שמשון״ פוטבאַליסטן אינעם יאָר 1920

אַ דאַנק די אַרבעט פון דער דעמאָלטיקער פאַרוואַלטונג, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען ד״ר עמיל מערץ, ד״ר שענפעלד, האָט די טעניס־סעקציע געבראַכט דעם ספּאָרט־קלוב „שמשון״ פיל רום און אָנערקענונג אין דער ספּאָרט־וועלט, ווייל זינט דעמאָלט זענען יעדעס יאָר פאָרגעקומען אויף דעם „שמשון״־פּלאַץ די יערלעכע טעניס־מייסטערשאַפטן פון די יידישע קלובן, אָרגאַניזירט דורכן וועלט־פאַרבאַנד „מכבי״.

ווען דער טאָרנער מאַגיסטראַט האָט פאַרווערט צו שפּילן פוסבאַל אינעם שטאָטישן גאָרטן, האָט די פאַרוואַלטונג פון „שמשון״ זיך באַמיט צו באַקומען אַ פּלאַץ פאַר אַן אייגענעם שפּיל־פעלד. נאָך צוויי־יאָריקע באַמיאונגען, איז אין יאָר 1922 געגעבן געוואָרן אַ שטאָטישער פּלאַץ נעבן דעם שיס־פעלד אויף דער בעם־גאַס. נאָכן ניוועלירן דעם באָדן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שפּיל־פעלד, טעניס־קאָרטן, און אין זעלבן יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גליטש־פעלד, וועלכער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ביי דער טאָרנער יידישער יוגנט.

דער ספּאָרט־קלוב „שמשון״ האָט אַרומגענומען וואָס ברייטערע קרייזן יוגנט און געהאַט גרויס אָנזען ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

באַזונדערס פּאָפּולער איז געווען די גימנאַסטיק־סעקציע, וועלכע האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פירן אַ ברייטערע טעטיקייט אַ דאַנק דעם גרויסן גימנאַסטיק־זאַל אין דער געביידע פון דער געוו. שול א. נ. פון באַראָן הירש, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דורכן קוראַטאָריום פון באַראָן הירש׳ס פונדאַציע אין וואַרשע.

יאָר־יערלעך זענען אַנטשטאַנען נייע סעקציעס, ווי: לייכט־אַטלעטיק, ספּאָרט־שפּילן, שווערע אַטלעטיק, טוריסטיק, פּינג־פּאָנג. די לעצטע האָט ארויסגעגעבן איי־



פוסבאַלי־סטן פון „שמשון" און פונעם פוילישן קלוב „קראַקאָוויאַ" פון קראָקע פאַר דעם פאַרמעסט אין יאָר 1920.

נעם פון די בעסטע פינג־פאָנג שפּילער אין פוילן — מ. שיף, — אַ דערצויגלינג פון הנוער הציוני. מ. שיף האָט דערגרייכט פאַר „שמשון" די מייסטערשאַפט פון פוילן אין פינג־פאָנג און רעפּרעזענטירט פוילן אויף אינטערנאַציאָנאַלע פינג־פּאָנג



דער ערשטער עפנטלעכע גימנאַסטישער אויפטריט פון „שמשון"־יסטן אין יאָר 1923
אין דער דריטער ריי זיצנדיק פון לינקס אויף רעכטס: ד"ר אַדאָלף קאַץ ז"ל, הענריק פלור ז"ל, ד"ר ישעיהו פייג.

פאַרמעסטונגען. אויפן ספּאָרט־פּלאַץ איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לויף־פעלד און אַ ראָווער־באַן (פאַר ציקליסטן־געיעגן).

אין יאָר 1928 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג מיט ד״ר עמיל מערץ אַלס פּרעזעס און הענריק פלור אַלס וויצע־פּרעזעס, וועלכע האָט זיך גענומען פאַר אַן אויפגאַבע אויפצושטעלן אַן אייגן הויז פאַר פיזישער דערציאונג. פאַר דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ רעזערווע־פאָנד. אין יאָר 1928 האָט די פוסבאַל־סעקציע פאַרמאָגט אַזעלכע באַדייטנדיקע שפּילער ווי: גראָס, קאַץ, מילער, גוטטער, בלאָנדער, מעוועס, רובינפעלד, לוסטיג און אָווידע.

אין יאָר 1929 איז אַלס פּרעזעס פון „שמשון" דערוויילט געוואָרן קאַראָל שאַנ־צער און הענריק פלור אַלס וויצע־פּרעזעס. אויסער דעם זענען צו דער אַרבעט צוגעצויגן געוואָרן פּרוי ד״ר ווייס, זיגמונט פעניכעל, זיגמונט פונאַרסקי, ד״ר מושקאַנטענבליט, מ. שפּילמאַן, דיר' טאובענשלאַג. פאַר דער צייט פון דער קאַדענץ פון דער אויבנדערמאָנטער פאַרוואַלטונג האָט „שמשון" באַקומען אַן אייגענע פאָן. דעם 29־טן יוני 1930 איז צום 18־יאָריקן יובל פון דער אַנטשטייאונג פון „שמשון", פאָרגעקומען די פייערלעכע דערפענונג פונעם אייגענעם ספּאָרט־סטאַדיאָן און די אַנטהילונג פון דער פאָן, פאַרבונדן מיט אַ גאַנצער ריי אימפּאָזאַנטע ספּאָרט־אימפּרעזן, באַזונדערס פון דער גימנאַסטיק־גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פונעם געניטן ספּאָרט־לערער מעסינגער, וועלכער האָט אין משך פון יאָרן אָנגעפירט מיט דער גימנאַסטיק־סעקציע פון „שמשון".

אין יאָר 1932 האָט „שמשון" געפראַוועט דעם 20־יאָריקן יובל פון זיין עקזיס־טענץ. די דערפאָלגרייך אַדורכגעפירטע ספּאָרט־פייערונגען, פאַרענדיקט מיט אַ ספּאָרט־אַקאַדעמיע, האָבן דעמאָנסטרירט די גרויסע פּאָפּולאַריטעט פונעם ספּאָרט־קלוב ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע. אינעם „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פונעם 2־טן נאָוועמבער 1932 (נומ' 36), לייענען מיר:



צום 20־יאָריקן יובל פון דער עקזיסטענץ פון „שמשון"
פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר שמואל שפּאַן, הענריק פלור און ד״ר עדוואַרד שאַליט און ד״ר לעזער.



גימנאַסטישע פרויען־סעקציע „שמשון"

„נאָכן אַרויסמאַרש פון אַלע „שמשון״־ספאָרטלער אויפן שפּיל־פעלד, ביי דער באַגלייטונג פון באַן־אָרקעסטער, און אויסשטעלן זיך אין אַ קאָלאָנע, האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער טייל פון דער אַקאַדעמיע מיט דער באַגריסונג־רעדע פונעם פאָרשטייער פון „שמשון״, ה׳ זיגמונד פעניכעל. דערנאָך האָבן גערעדט ד״ר שאַליט אין נאָמען פון טאַרנער מאַגיסטראַט, מאַיאָר מאָסקאַלאַ אין נאָמען פון דער אָנפירונג פונעם אַרטיקן גאַרניזאָן פונעם 16־טן רעגימענט פוסגייער, גלח ד״ר רעץ אין נאָמען פון דער שפּאָר־קאַסע, ד״ר אַלפרעד בעקמאַן אין נאָמען פון וועלט־פאַר־באַנד „מכבי״, ד״ר וו. שענקעל אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע אין קראָקע און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, קאַפּיטאַן פראַנטשקעוויטש אין נאָמען פון קרייז־ספּאָרט־פאַרבאַנד, רומאַנסקי אין נאָמען פון פוילישן אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „מעטאַל״, ד״ר גאָלד אין נאָמען פון גימנאַסטיק־קלוב „מכבי״ אין קראָקע, ד״ר פייג — לעמבערגער „חשמונאי״, הענריק שפּילמאַן — ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך באַגריסער אין נאָמען פון הנוער הציוני, השומר הצעיר, גורדוניה. די רעדנער־ליסטע האָט געשלאָסן דער פּרעזעס פון „שמשון״, אינזש׳ קאַראָל שאַנצער, וועלכער האָט געדאַנקט די אָנוועזנ־דיקע דעלעגאַטן און געסט, און גערופן די טאַרנער געזעלשאַפטלעכקייט ווייטער צו שטיצן דעם קלוב״.

„נאָך די באַגריסונג־רעדעס האָט זיך אָנגעהובן דאָס איינשרייבן אינעם געדענק־בוך פון דער געזעלשאַפט. דערנאָך האָט פּרעזעס אינזש׳ שאַנצער דעקאָרירט די פאַר־דינסטפולע מיטגלידער פונעם קלוב. אַ גאָלדענע אויסצייכענונג פאַר פאַרדינסטן אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט, האָבן באַקומען: אינזש׳ שאַנצער, הענריק פלור, זיגמונט פעניכעל, שמעון רייך, לעאָן גראַבקאָוויטש. די זילבערנע אויסצייכענונג: ד״ר י. פייג, אליהו פלור, לעאָן שפּינדלער, הערמאַן אָרמיאַן, בענאָ עדעלשטיין, יוסף מאַן. אַ גאָלדענע אויסצייכענונג פאַר פאַרדינסטן אויפן ספּאָרט־געביט האָבן באַקומען: שמואל פלור, דוד קליינהענדלער, הערמאַן מעסינגער, הענריק שפּיל־פויגל, — און די זילבערנע אויסצייכענונג: פּרל. וואַנדאַ סימכע, פּרל. עלאַ בוך, הערמאַן גוטער, זיגמונט מעלער, זיגמונט האָלענדער. דערנאָך האָט דער פּרעזעס פאַרטיילט פּענדלעך די אַלע קלובן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די יובילײ־פייערונגען, ווי אויך מתנות און דיפּלאָמען די זיגער פון באַזונדערע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. נאָכן פאַרטיילן די דיפּלאָמען, האָבן די לייטערס פון אַלע צוועלף טעטיקע ספּאָרט־סעקציעס פונעם קלוב, אַריינגעקלאַפּט זילבערנע טשוועקעס אין דער פאָן פון קלוב. צום סוף איז פאַרגעקומען אַ דעפילאַדע פאַר דער אַנטהילטער פאָן און פאַר די פאָרשטייער פון דער מאַכט. דאָס אויג האָט זיך געפרייט מיטן בילד פון די עטלעכע הונדערט ספּאָרטלער, וועלכע האָבן פלינק און ריטמיש דעפילירט אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער״.

אין דעם דאָזיקן יאָר האָט „שמשון״ זיך אויך באַטייליקט אין דער „מכביאַדע״ אין ארץ־ישראל, אַרויסשיקנדיק זיינע ספּאָרטלער אין דער אַלגעמיינער רעפּרע־זענטאַנץ פון די יידישע ספּאָרט־גימנאַסטישע קלובן אין פוילן. זיין צוואַנציק־יאָריקע טעטיקייט האָט „שמשון״ אָפּגעשלאָסן מיט אַ פּאָזיטיוון בילאַנס, אַרויס־



גימנאַסטישע איבונגען פאַר יידישער יוגנט אָנגעפירט דורך הערמאַן מעסינגער (רעכטס) און שמואל גרינהוט (לינקס).



גימנאַסטישע איבונגען פאַר יידישער שול־יוגנט
אין דער אויבערשטער ריי משה קלאַפּהאָלץ(×) — איצט ריכטער עציוני אין חיפה.

וויינזנדיק אויף אַלע געביטן פון ספּאָרט אַ באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג און גוטע דערגרייכונגען.

די ציוניסטישע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „שמשון" האָבן גלייך געפּאָדערט איינצופירן אינעם סטאַטוט פון קלוב זיין ציוניסטישע איינשטעלונג, אונטערשטרייכנדיק, אַז די ספּאָרט־גימנאַסטישע באַוועגונג ביי דער יידישער יוגנט איז בלויז אַ מיטל צום ציל. אויך אינעם קלוב גופא האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר געבן „שמשון" אַ ריין ציוניסטישע באַפאַרבונג. דער עיקר האָבן די ציוניסטן געקעמפט פאַר אַראָפּנעמען דעם שוואַרצן שטריך אויף אַלע לעגיטימאַציעס, וואָס זענען געווען איבערגעשטראָכן די דאָרט געדרוקטע ווערטער: „די אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט איז אויך צו דערוועקן דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין".

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1932 יאָר, איז אַלס ערן־פּרעזעס דערווײלט געוואָרן אינזש' שאַנצער, אַלס פאַקטישער פּרעזעס ד"ר מ. מענדערער — אַקטיווער ציוניסט, הענריק פלור אַלס וויצע־פּרעזעס. אויסער זיי זענען אין דער פאַרוואַלטונג אַריין: מאַקס באַלזאַם, מגר. י. בינענשטאָק, ז. פעניכעל, ל. גראַבאָוויטש, י. איזראַעלאָוויטש, ד"ר לייבל, פּראָפ' מאַלקישער, א. פאָמעראַנץ, שמעון רייך, ס. ראָטענבערג, לעאָן שפּינדלער און א. וויינריב. „שמשון" איז איצט געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכן ציוניסטישער קלוב. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק דורכן באַטייליקן זיך פון די מיטגלידער אין די אַרבעטן לטובת קרן קיימת לישראל און אין אַלע אָפיציעלע ציוניסטישע פאַרוואַלטונגען.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1933 יאָר, האָט דעם פּרעזעס ד"ר מענדערער איינגעשריבן אינעם „ספר הזהב" פון קרן קיימת, אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן קלוב. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג זענען אין דער פאַרוואַלטונג געווײלט געוואָרן: ד"ר מ. מענדערער (פּרעזעס), ד"ר י. פייג (וויצע־פּרעזעס), אַרגאַנד, בינענשטאָק, העגריק פלור, גראַבאָוויטש, גוטער, קאַץ, ד"ר לייבל, פאָמעראַנץ, אָרמיאַן, שפּינדלער, וויינריב, רייך, ד"ר לאַנטנער. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד"ר גרינבערג, איזראַעלאָוויטש און ד"ר שענקעל.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ שאַך־סעקציע, צו וועלכער עס האָבן געהערט די בעסטע אָרטיקע שפּילער, ווי מגר. פּערלבערג (אומגעקומען נאָך דער באַפרייאונג אין וואַרשע, אין יאָר 1947, בעתן באָדן זיך אין דער וויסל), דער יינגערער פּערלבערג, ראַדאָמישלער, ווימיסנער, בערנפעלד, קורץ און אַלבאַן. דעמזעלבן יאָר איז די סקי־סעקציע פון „שמשון" אָנגענומען געוואָרן אַלס מיטגליד אינעם פּויליש סקי־פאַריין.

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט „שמשון" איז אַלץ ווייטער געגאַנגען אויף דער ציוניסטישער ליניע. דער ענערגישער און אַרבעטזאַמער פּרעזעס ד"ר מענדערער האָט דערגרייכט, אַז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „שמשון", פאָרגעקומען דעם 18־טן דעצעמבער 1938 יאָר, האָט ער געקאָנט מעלדן, אַז די פאַוואַלטונג האָט געקויפט אַ פּלאַץ פאַר אַן אייגענעם ספּאָרט־סטאַדיאָן; אַז ס'איז איינגעצאָלט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע סומע צו בויען דעם „כפר המכבי" אין ארץ־ישראל; אַז דער מיטגליד פון „שמשון" מילעק שיף האָט



דער פרעזעס פון „שמשון" ד״ר מענדעלער ז״ל ביי דער יוגנט אויף דער זומער־קאָלאָניע
פון „שמשון".

אין טשענסטאָכאָוו שוין צום פערטן מאָל געוואונען די אינדיווידועלע מייסטערשאַפט אין פוילן אין פינג־פאָנג, און אַז דערזעלבער מילעק שיף האָט אַלס רעפּרעזענטאַנט פון פוילן זיך באַטייליקט אין דער וועלט־מייסטערשאַפט־פאַרמעסט אין לאָנדאָן; אַז די פינג־פאָנג סעקציע פון „שמשון״ האָט צום פערטן מאָל באַקומען דעם ערן־טיטל מייסטער פון פוילן אין פינג־פאָנג. צום לעצטן מאָל איז אויף דער אויבנ־דערמאָנטער פאַרזאַמלונג אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פרעזעס (צום צווייטן מאָל) ד״ר מענדערער, וויצע־פרעזעס ד״ר איגנאַצי זיידענווערג, מגר. יעקב בינענשטאָק, נחמיה בירנפעלד, זיגמונט פליישער, לעאָן גראַבקאָוויטש, הענריק גוטער, דוד קליינהענדלער, ד״ר אַדאָלף קאַץ, מאָניעק קאַץ, ד״ר וואָלף מאַנדעל, הענריק מעסינגער, ז. מיללער, ה. אָרמיאַן, שמעון רייך, י. ריין, ס. זיגפריד, הוגאָ שפילער, טעאָדאָר ראָט, י. טייטעלבוים, א. וויינריב. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ד״ר גרינבערג, ד״ר ב. טשעך, און אינעם חברים־געריכט: ד״ר א. כאַמעט, הענריק פלור און אינזש׳ מ. רייך.

די לעצטע פאַרוואַלטונג האָט שנעל אויסגעפירט די אויף איר אַרויפגעלייגטע אויפגאַבן. פרילינג 1939 יאָר איז איבערגעגעבן געוואָרן דער שיין־אויסגעשטאַטער אייגענער ספּאָרט־סטאַדיאָן פון „שמשון״. די פייערלעכע דערעפענונג פונעם סטאַד־יאָן האָט צוגעצויגן מאַסן מענטשן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, פאָרשטייער פון פאָליטישע פאַרטייען, מיליטער און מאַכט־אָרגאַנען. אויף דער פייערונג זענען מיט באַגריסונג־רעדעס אַרויסגעטרעטן: פרעזעס פון „שמשון״ — ד״ר מ. מענדערער, ד״ר א. כאַמעט אין נאָמען פון דער יידישער קהילה, ווי אויך פאָרשטייער פון סטאַראָסטווע און מיליטער. נאָך די רעדעס איז פאָרגעקומען אַ דע־פילאַדע פון אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט די פענער. דאָס איז געווען די לעצטע דעפילאַדע פון דער ציוניסטישער יוגנט אין טאָרנע פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אַנטשטאַנען אַ צווייטער יידישער ספּאָרט־קלוב אונטערן נאָמען זש. מ. ס. (זשידאָווסקאַ מלאָדזשעזש ספּאָרטאָוואַ״ — יידישע ספּאָרט־יוגנט), וועלכער האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אינעם וועלט־פאַרבאַנד „מכבי״ און געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. דער דאָזיקער קלוב האָט אַנטוויקלט אַ געוויס אַקטיווע און ברייטע ספּאָרט־טעטיקייט און דערגרייכט אפילו אַן אייגן שפּילפעלד. אָבער אַלע פּרוּוון צו פאַראייניקן „שמשון״ מיט זש. מ. ס., האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל.

אין יאָר 1933 איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון זש. מ. ס. דערוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר ב. שפּייזער — פרעזעס, וו. גוטווירט — וויצע־פרעזעס, ע. סאַלפעטער — סעקרעטאַר, מ. גרושאָוו — קאַסיר, מ. שפילמאַן, א. ליס, מ. אַבענד, מ. לעזער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אַנטשטאַנען ספּאָרט־קלובן אויך ביי יידישע אַרבעטער. ביים בונד איז געשאַפן געוואָרן דער ספּאָרט און טורן־פאַריין „מאָרגנשטערן״ און די לינקע פועלי־ציוניסטישע יוגנט האָט געהאַט איר אייגענעם ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ־שטערן״. פּרטים וועגן די צוויי ספּאָרט־פאַריינען האָבן מיר געלייענט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען.



די פייערליכע דערעפנונג פונעם ספּאָרט־סטאַדיאָן „שמשון” אין יאָר 1939
שטייענדיק .פון לינקס: ד”ר אנזעלם באַזלער. זיצנדיק: ד”ר שלמה גאָלדבערג מיט פרוי
און טאָכטער און די פרויען מענדערער און אסתר כאַמעט.



אַ גרופּע ספּאָרטלער ביים טאָרנער ספּאָרט־פאַריין „מאָרגענשטערן־יוטשענקאָ״ אין יאָר 1933



ספּאָרט־קלוב „הפועל״

אין יאָר 1933 איז ביי דער ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל געגרינדעט געוואָרן דער אַרבעטער־ספאָרט־קלוב „הפועל", וועלכער האָט געהאַט סעקציעס: פוסבאָל, ספאָרט־שפּילערייען און לייכט־אַטלעטיק.

אַלע יידישע ספאָרט־קלובן האָבן ריוואַליזירט צווישן זיך פאַר אַ בעסער שפּיל, פאַר אַ בעסער אָרט אין דער ספאָרט־באַוועגונג, און די באַזונדערע ספאָרט־דערגרייכונגען פון יעדן יידשן ספאָרט־קלוב האָבן אָנגעפּילט מיט שטאָלץ די הערצער פון דער טאַרנער יידישער באַפעלקערונג.

טאַרנע ליגט אין חורבות און צוזאַמען מיט איר די יידישע ספאָרט־קלובן.

I

# וואוילטעטיקע פאַריינען און קאָמיטעטן אין טאָרנע

## 1. ביקור-חולים

פון די פריסטע צייטן האָט די סאָציאַלע הילף פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער טעטיקייט פון דער יידישער קהילה. ביז דער ערשטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז אין טאָרנע נישט געווען באַקאַנט קיין שום יידישע אָרגאַניזאַציע פון אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. וואָס אַן אמת, האָט פריער שוין עקזיסטירט די געזעלשאַפט „יד חרוצים”, אָבער זי האָט זיך באַגרענעצט בלויז צו יידישע האַנטווערקער, און דאָס בלויז צו אייגענע מיטגלידער.

די עלטסטע יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע אין טאָרנע איז געווען ביקור־חולים, וועמענס ציל עס איז געווען צו געבן אומזיסטיקע מעדיצינישע הילף אָרימע יידן, דעקן אַ טייל אויסגאַבן פאַר מעדיקאַמענטן. אין יאָר 1889 האָט די חברה באקומען אַלס אייגנטום אַן אייגן הויז פון אַ ירושה פון ישראל ראַפּאַפּאָרט, און פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך געפונען אין אַן אייגענער געביידע אויף שעראָקע 5, וואו עס איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שול צום דאַווענען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז באַגלייך מיט אַלע בתי־מדרשים און שולן אין טאָרנע פאַרניכטעט געוואָרן דורך די היט־לעריסטישע באַנדיטן. אין דער שול פון ביקור־חולים איז געווען אַן אָנדענק־טאָוול וואו עס זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון פאַרדינסטפולע פאַר־וואַלטונגס־מיטגלידער פון דער אינסטיטוציע, וועמענס פרעזעס אין יאָר 1889 איז געווען שלמה צינז און סעקרעטאַר — שלמה קליינער.

די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט אַנטוויקלט אַן אויסערגעוויינלעכע וויכטיקע און נוצלעכע טעטיקייט, רעטנדיק אין פיל פאַלן אַ סך אָרעמע קראַנקע. אין אָר 1932, האָבן צו די אָנפיר־אינסטאַנצן פון דער געזעלשאַפט געהערט פאָלגנדע פּערזאָנען: אליהו באַראָן, ד״ר וואָלף שענקעל, גבריאל דורסט, אבוש מאָנהייט, נ. ה. באַלזאַם, לעאָן בראַוו, בן־ציון שניידער, וויקטאָר גרינהוט, יעקב פאַביאַן, הירש לייב פאָגעל־פאַנג, בן־ציון פאַריזער, מלך ריינהאָלד, יוסף גליק, ישראל מאַן, ס. ל. וואָלק, ס. קליין, י. ל. טעמער, יצחק ענגעלבערג, יהודה פאַלמאַן, ס. בליץ, נתן קעלער, בער־נאַרד ליכטינגער, משה ליבער, מעכל וואַנדער. פרעזעס פון דער געזעלשאַפט אין דעם דאָזיקן יאָר איז געווען אליהו באַראָן, וויצע־פרעזעס — וואָלף שענקעל, קאַ־סיר — גבריאל דורסט און מאָנהייט. קאָנטראָלאָרן — באַלזאַם און בראַוו, פאַר־

וואַלטער — וויקטאָר גרינהוט און מעכל שניידער, וועלכע האָבן מיט באַזונדערער זאָרג און קרבנות־גרייטקייט איבערגעגעבן זיך דער דאָזיקער אַרבעט. סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט איז געווען י. פּאַביאַן.

וויקטאָר גרינהוט איז געשטאָרבן דעם 29־טן אויגוסט 1932. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און אַ דאַנק זיינע כאַראַקטער אייגנשאַפטן, איז ער באַליבט געווען ביי די ברייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, דערביי האָט ער אַלס סוחר באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט מיט ערלעכקייט און געוויסנהאַפטיקייט. דער טויט פון דעם דאָזיקן גוטן ייד און בירגער, האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם און אויפריכטיקן טרויער אויף דער יידישער גאַס. אַ יאָר שפּעטער, דעם 12־טן נאָוועמבער 1933 איז געשטאָרבן גבריאל דורסט, אַ מאַן מיט אַ קרישטאָלענעם כאַראַקטער, שטענדיק טעטיק און גרייט צו העלפן, וועלכער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט און סובסידירט אַלע פילאַנטראָפּישע און וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס אין טאַרנע. ער איז אויך געווען אַ געטרייער דיסציפּלינירטער ציוניסט, געבנדיק גרעסערע געלט־סומען פאַר ארץ־ישראל פאָנדן. אַלס פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז ער געווען מיטגליד אין דעמאָלטיקן ראַט פון דער יידישער קהילה. דער טויט פון דעם דאָזיקן שטילן באַשיידענעם געזעלשאַפטלעכן טוער און ציוניסט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געווען טעטיק דיזעלבע פאַרוואַלטונג, פאַרגרעסערט בלויז מיטן צוקלויבן דעם ד"ר פּינק, וועלכער איז צוזאַמען מיט מ. ל. באַלזאַם געווען באַזונדער אַקטיוו אין די אַרבעטן פון דער געזעלשאַפט. אַלע אויבן־אויסגערעכנטע מיטגלידער (אויסער גבריאל דורסט און וויקטאָר גרינהוט) זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע תליינים. כבוד זייער אָנדענק!

## 2. בית-לחם

בית־לחם איז געווען אַן ערנסטע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע אין טאַרנע. לויטן סטאַטוט איז דער ציל פון דער געזעלשאַפט געווען צו לינדערן די נויט פון יידן אין טאַרנע. אין משך פון פיל יאָרן איז אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אינסטי־טוציע געשטאַנען די אומדערמידלעכע און איבערגעגעבענע פילאַנטראָפּישע טוערין, די שוין עלטערע פרוי מרים שנור, די פרוי פון טאַרנער שטאָטישן רב שנור. פיל געלייסטעט פאַר די אַרבעטן פון דער געזעלשאַפט האָט די פרוי אַנטאָנינאַ עדעלשטיין, וועלכע איז אין משך פון פיל יאָרן געווען סעקרעטאַרין פון בית־לחם. פון אַ באַריכט וואָס פרוי עדעלשטיין האָט אָפּגעגעבן אויף אַ פאַרזאַמלונג דעם 22־טן אַפּריל 1928, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין יאָר 1927 האָט די געזעלשאַפט פאַרטיילט שטיצע פאַר אָרעמע יידן אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 5.000 זלאָטעס. אויסער דעם איז אויף יומטוב פאַרטיילט געוואָרן מעל, צוקער, קוילן, וועש פאַר 170 משפחות, און 70 קינדער פון דער תלמוד־תורה איז געגעבן געוואָרן אָנטאָן, אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג

אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל : די רביצין מרים שנור אַלס פאָרזיצערין, די פרוי פון דזשיקאָווער רבי חוה האָראָוויץ אַלס וויצע־פאָרזיצערין, אַנטאָנינאַ עדעלשטיין אַלס סעקרעטאַרין, ראָזאַליאַ גרינשטיין — קאַסירערין, פייגע לעזער און עמאַליאַ פאָל־טער אַלס מיטגלידערינס פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. אויסער דעם זענען דער־ווײלט געוואָרן: רעגינאַ זיגלער, מינאַ באַראָן, צילאַ הירשפעלד, בראָניסלאַוואַ פערל־מאַן, מחלה ראָזנער. די נייע פאַרוואַלטונג האָט אַנטוויקלט אַ נאָך ברייטערע טע־טיקייט און פונעם באַריכט, אָפגעגעבן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם 12־טן מאַי 1929, דערוויסן מיר זיך, אַז די פילאַנטראָפּישע טעטיקייט פון דער געזעל־שאַפט האָט געמאַכט גרויס פאָרטשריט. בעת אין יאָר 1926 האָבן די הכנסות באַ־טראָפן 5.128 זלאָטעס, אין יאָר 1927 — 6.198 זלאָטעס, זענען זיי אין יאָר 1928 דערגאַנגען ביז 8.497 זל. אין דעם באַריכט־יאָר זענען 470 משפחות באַטיילט געוואָרן מיט מזומן־געלט, מיט קוילן, מעל און וועש. גרויס דערפאָלג האָט געהאַט דער אין יאָר 1928 געגרינדעטער אייזערנער פאָנד א. נ. „מלבוש ערומים”, פאַר וועמענס צוועק עס איז אין אַ קרעדיט־אינסטיטוציע דעפּאָנירט געוואָרן אַ סומע פון העכער 500 דאָלאַר, וואָס איז אין שפּעטערדיקן יאָר דערגאַנגען ביז 1.000 דאָלאַר. אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט געאַרבעט די זעלבע פאַרוואַלטונג, צו וועל־כער עס זענען נאָך צוקאָאָפּטירט געוואָרן די פרויען פאַדווע און וויינטראוב (איצט אין ישראל). שטיל, אָן רעש האָבן די דאָזיקע איידעלע און גוטהאַרציקע פרויען געאַרבעט, כדי טראָגן הילף די אָרעמסטע פון די אָרעמע. אויסער צילע הירשפעלד און פרוי וויינטראוב — איז קיין איינע פון זיי נישט געבליבן לעבן. זיי זענען אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. כבוד זייער אָנדענק !

## 3. נושאי המטה ומנחם אבלום

אַ וויכטיקע פּאָזיציע פאַר סאָציאַלער הילף אין טאַרנע איז געווען די געזעל־שאַפט נושאי המטה. די אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט איז געווען צו שטיצן אָרעמע און קראַנקע, באַזונדערס ביים איבערטראָגן דעם טויטן קערפּער פון שטוב אויפן בית־עולם, און ביים געבן הילף די אָרעמע משפחות פון די פאַרשטאָר־בענע. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז געווען גאָר פּאָפּולער ביי טאַרנער יידן, און אין יאָר 1932 האָט זי געציילט 800 מיטגלידער.

אין יאָר 1931 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן אויסגעברייטערטע פאַרוואַלטונג מיט גבריאל דורסט אַלס פּרעזעס און העניק האָלענדער אַלס וויצע־פּרעזעס.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ באַזונדערער פרויען־קאָמיטעט ביי דער חברא־קדישא, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט נייען תכריכים און מטהר זיין געשטאָר־בענע פרויען. אָנגעפירט מיט דעם פרויען־קאָמיטעט האָט די אומדערמידלעכע אלמנה פון רב שנור, און די פרויען : גאָלדע מאָזעל, עלזאַ זינגער, מעכלאַ באַראָן און חיה׳טשע רובין. צו יעדער צייט האָבן זיי פרייוויליק געגעבן די לעצטע הילף זייערע מיטבירגערינס.

## 4. „צדקה"

מיט די גאַר אָרעמע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע האָט זיך פון די פריסטע יאָרן אָן פאַרנומען די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה. אַ גרויסע צאָל טאַרנער יידן איז אָבער געווען אָנגעוויזן אויף הילף פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דער דאָזיקער סיסטעם פון געבן הילף האָט אָבער באַגינ־סטיקט בעטלעריי. דערפאַר איז אויף דער איניציאַטיוו פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1928 אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וועלכער האָט באַשלאָסן אויפשטעלן אַ געזעלשאַפט פאַר פערמאַנענטער שטיצע פאַר אָרעמע. אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט, אין וועמענס שפיץ עס זענען געשטאַנען וואָלף געצלער, ד"ר י. פייג, און זיגמונט פעניכעל, איז געגרינדעט געוואָרן די געזעלשאַפט „צדקה".. די פאָנדן פאַר דער געזעלשאַפט זענען באַשאַפן געוואָרן דורך מיטגלידס־אָפּצאָל און דורך סובווענצן פון דער קהילה. אַלע בעטלער אָדער די וואָס האָבן זיך געניייטיקט אין שטיצע, זענען רעגיסטרירט געוואָרן, מען האָט אַרויסגעגעבן זיי לעגיטימאַציעס, אויף וועמענס סמך זיי האָבן באַקומען וועכנטלעכע אונטערשטיצונגען. די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן באַקומען שילדלעך מיט אויפשריפטן, אַז ביי זייערע אייגנטימער טאָר מען נישט בעטלען.

אויסערדעם האָט די געזעלשאַפט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע פון קאָנ־טראָל און סאָציאַלע שוץ איבער די אָרעמע, באַזונדערס איבער זייערע קינדער, ווי אויך באַקעמפן בעטלעריי ביי מענטשן פעאיקע צו אַרבעט דורך געבן זיי אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן.

די ערשטע פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „צדקה" איז דערוויילט געוואָרן אין חודש יוני 1928 יאָר, אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אברהם שפילמאַן (פּרעזעס), ד"ר פייג (וויצע־פרעזעס), שניידער (קאַסיר), פעניכעל (קאָנטראָלער), מאיר ראָ־זענבוים (סעקרעטאַר). צו דער שאַצונגס־קאָמיסיע זענען דערווילט געוואָרן: וואָלף געצלער, האָניג, מ. שאַפּירא, ישראל העניג, טשעכאַנאָווסקי און מאוריצי הוטער. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מאיר לעוו, לעאָפּאָלד שינאַגעל און דוד זיידען. אויסערדעם האָבן געהערט צו דער פאַרוואַלטונג: ד"ר שפּאַן, ראַכמיל, קליינהענדלער, ענגעלבערג, קורץ יחיאל, ח. ל. קאַרן, ראָזענבערג, ח. פעסעל, שענירער, שטיגליץ און שעכטער.

אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די געז. „צדקה" געציילט אַ גרויסע צאָל מיטגלידער. פון 177 מיטגלידער ביי דער גרינדונג, איז די געזעלשאַפט דערגאַנגען ביז 245 מיטגלידער אין דעצעמבער 1928. פאַר 5 חדשים האָט דער אומזאַץ באַטראָפן 8.955 זלאָטעס, פון וועלכע עס איז פאַר סטאַבילע חודשלעכע אונטער־שטיצונג אויסגעצאָלט געוואָרן פאַר דער צייט 6.383 זלאָטעס, דערביי האָט דער אויסצאָל באַטראָפן די סומע פון 9 ביז 17 זלאָטעס, אָפּהענגיק פון די הכנסות וואָס די געזעלשאַפט האָט געהאַט אין דעם געגעבענעם מאָמענט. וועגן דער שטייגנ־דיקער טעטיקייט פון דער געז. „צדקה" קאָן דינען דער פאַקט, וואָס אויף דער אַלגעמיינער באַריכט־פאַרזאַמלונג דעם 3־טן נאָוועמבער 1929, האָט וואָלף געצלער אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג דערקלערט, אַז דער ביזאיצטיקער אומזאַץ פון

דער געזעלשאַפט האָט זינט דער גרינדונג באַטראָפן די סומע פון 28.607 זלאָטעס.

דער אויבנדערמאָנטער קאָמיטעט (מיט קליינע פּערזאָנעלע ענדערונגען) האָט אָפּערווייליק אויסגעפירט זיינע פליכטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער וואָס האָבן שפּעטער זיך געפונען אין טאַרנער געטאָ, האָבן אין די שווערסטע באַדינגונגען, ווען זיי גופא האָבן זיך געפונען אין אָנבליק פון טויט אין דער סאַמע גרעסטער נויט, — נישט פאַרגעסן וועגן זייערע נאָענטע, אָרגאַניזירנדיק אַ געהיימע דרינגענדע הילף פאַר די הונגעריקע און קראַנקע.

## 5. „אנשי חסד“

אַ ברייטע פילאַנטראָפּישע טעטיקייט לטובת די אָרעמסטע יידן אין טאַרנע, האָט געפירט די געזעלשאַפט „אנשי חסד“. אָרעמע האַנטווערקער, קליינהענדלער, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט קיין מיטלען צום לעבן, וואָס האָבן געלעבט אין הונגער און קעלט, און אָפּגעהאַלטן זיך פון ווענדן זיך נאָך הילף, האָבן גענאָסן פון דער הילף מצד דער געזעלשאַפט, באַזונדערס פון מעדיצינישער הילף.

די לעצטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „אנשי חסד“ איז פאָרגעקומען דעם 18טן אַפּריל 1938, אונטערן פאָרזיץ פון בערנאַרד לייב. עס איז דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: בערנאַרד לייב (פּרעזעס), יוסף שמואל גראָס (וויצע־פּרעזעס און קאַסיר), שמעון אַפּעל (סעקרעטאַר), הערמאַן הערציג (קאָנטראָלער), מתתיהו קאָרנרייך, שמעון אָסטערווייל, שלמה מאורער, ראובן פעניכעל, קלמן ליס, וואָלף נאַכמאַן, יעקב שטיינער, ישעיהו הערבסט, ישראל גאָלדוואַסער, פייוול באום, אהרון לעזער, שלמה שיף, יוליוש האַבערמאַן, ישראל אָסטערווייל, חיים גאָלדבערג, שמואל בעטריבניס, שלמה בליי־כער, ישראל לײנוואַנד, נחמן רענערט. פּשוטע, אָרנטלעכע טאַרנער יידן האָבן אָן רעש און אָן פּרעטענסיעס זיך געווידמעט דער אַרבעט צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון זייערע נאָענטע. אַלע זענען זיי אומגעקומען פון די הענט פון היטלעריסטישע אויסוואורפן.

## 6. „אגניסקא“

די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט אין געווען אָרגאַניזירט אין די אוניווערזיטעט־שטעט. אין קראָקע האָט עקזיסטירט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון יידישע סטודענטן א. נ. „אָגניסקאָ“, וואָס איז געווען אַפּאָליטיש און איר ציל איז געווען געבן הילף דער שטודירנדיקער יוגנט אויף די הויכשולן.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין טאַרנע געווען טעטיק אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט געבן מאַטעריעלע הילף יידישע אַקאַדעמיקער, וואָס האָבן געשטאַמט פון טאַרנע און זיי האָבן שטודירט

אין די אוניווערזיטעטן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די טעטיקייט פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט ד״ר אַדאָלף קאַץ, שלמה ריין, ד״ר ט. שוואַרץ און ד״ר א. כאַמעט, איז געווען באַגרענעצט צוליב די מאָגערע פאָנדן. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז אָבער געווען דער יסוד פאַר אַ גרעסערער זעלבסט־הילף־אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַקאַדעמיקער אין טאַרנע.

אין יאָר 1928 עקזיסטירט שוין אין טאַרנע די אָרגאַניזאַציע „אָגניסקאָ״, אויפןביישפּיל פון קראָקע, און נעמט אַרום אַלע יידישע אַקאַדעמיקער אין טאַרנע. פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען ר. שטראַמער, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: יעקב בינענשטאָק, פרענקעל, משה קלאַפּהאָלץ, פרל׳ קליינפּעסעל, ה. שפּילמאַן, וואַכטעל און ד״ר וואַנדשטיין. צום חברים־געריכט האָבן געהערט: הענאַ געצלער, פראַנקאַ האָניג. די אינערלעכע פּאָליטישע קאַמפן האָבן געשטערט דער געזעלשאַפט צו אַנט־וויקלען זיך. אין מאַי 1929 יאָר, איז פאָרגעקומען אַ רעאָרגאַניזאַציע פונעם פאַריין און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: י. בינענשטאָק, ר. שענוועטער, צ. מאַרמאָר, פרל׳ מ. זילבערמאַן, דוד הערצאָג. די ניי־דערוויילטע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: יעקב בינענשטאָק — פּרעזעס, ראָמאַן שענוועטער — ערשטער וו.־פּרעזעס, לעאָן קלאַר, צווייטער וו.־פּרעזעס, צילאַ מאַרמאָר — סעקרעטאַר, הענאַ געצלער — קאַסירערין. הגם די פאַרוואַלטונגען פון „אָגניסקאָ״ האָבן זיך אָפט געביטן, איז די געזעלשאַפט געווען זייער פּאָפּולער, און אַ געוויסן באַגריף פון דער טעטיקייט פון „אָגניסקאָ״ אין טאַרנע, גיט אונדז דער באַריכט פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אָפּגעהאַלטן אין אָקטאָבער 1932. אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דער פאַרוואַלטונג האָבן צען יידישע אַקאַדעמיקער פון טאַרנע באַקומען די מעגלעכקייט צו וואוינען אינעם אַקאַדעמישן הויז אין קראָקע, און עטלעכע מיטגלידער האָבן באַקומען אַ הנחה אויף דער קאָלאָניע פון „אָגניסקאָ״ אין פּאָראָנין. די אַלגעמיינע הכנסה פון דער געזעלשאַפט האָט באַטראָפן 3.040 זלאָטעס, דערביי איז פון דער דאָזיקער סומע געגעבן געוואָרן אומפּראָצענטיקע הלוואות אויף אַ סומע פון 1.300 זלאָטעס און פינף טאַרנער יידישע סטודענטן זענען כסדר סובווענציאָנירט געוואָרן.

די כסדר וואַקסנדיקע פאַראָרעמונג פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט אויף דער דאָזיקער וויכטיקער געזעלשאַפט אַרויפגעלייגט נייע לאַסטן. „אָגניסקאָ״ האָט גענאָסן פון דער שטיצע פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע.

אין חודש אָקטאָבער 1938 יאָר איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: נתן שיינוועטער (פּרעזעס), יוליאַן מענדערער און ווילהעלם ראַוונער (וויצע־פּרעזעסן), ראַנד, ה. זיידען, אַרגאַנד, בערגלאַס, בראון, פערסטער, מאַן, שניידער, שיפּער, שיף, וואַכטעל, ועג. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מגר. ווערסטרייך, ד״ר לאופער, מגר. בלייפעלד. אינעם ערן־געריכט: מגר. צייכנער, מגר. רובין און שינאַגעל.

דאָס איז געווען די לעצטע פאַרוואַלטונג פון „אָגניסקאָ״ אין טאַרנע, די לעצטע פאַרוואַלטונג פון דער טעטיקער און נוצלעכער געזעלשאַפט פון יידישע אַקאַדע־מיקער. לעבן געבליבן איז בלויז אַ קליין הייפל, הויפּטזעכלעך די, וועלכע האָבן נאָך פאַר דער טראַגעדיע עולה געווען קיין ארץ־ישראל, און די וואָס האָבן זיך

אָפּגעראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד. די איבעריקע זענען אומגעקומען אין די מאַסן־קברים אַלס קרבנות פון די היטלעריסטישע רוצחים.

## 7. „נאַדזשעיאַ“ („האָפענונג“)

אין יאָר 1903 איז אין קראָקע אַנטשטאַנען די געזעלשאַפט „נאַדזשעיאַ“, וועמענס ציל איז געווען צו ראַטעווען די אָרעמע יידישע שול־יוגנט, קראַנקע אויף טובערקולאָז. פון די שפּענדונגען וואָס די קראָקעווער איינוואוינער האָבן געגעבן, האָט די געזעלשאַפט זיינערצייט איינגעקויפט אַ הויז אין שטשאַווניץ, וואָס איז שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן, כדי צו דערמעגלעכן דאָס איינשאַפן זיך אַ גרעסער הויז אין ריטראָ. אַנדערע גאַליצישע שטעט האָבן מיט אייפערזוכט געקוקט אויף דעם הערלעכן אויפטו פון די קראָקאָווער איינוואוינער און אויך זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען די אָרטיקע יוגנט פון טובערקולאָז. זיי זענען אָבער אין פינאַנסיעלן זין געווען צו שוואַך צו שאַפן עפּעס ענלעכעס, און דערפאַר האָבן אַ גאַנצע ריי שטעט אין גאַליציע זיך אָנגעשלאָסן אָן דער קראָקעווער געזעלשאַפט. צווישן אַנדערע איז אין יאָר 1924 געשאַפן געוואָרן אין טאָרנע אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט „נאַדזשעיאַ“, וועמענס פאָרזיצער און סאַמע איבערגעגעבנסטער טוער איז געווען פון דער ערשטער מינוט אָן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ד״ר עדוואַרד שאַליט. אַ דאַנק זיין קרבנותפולער און איבערגעגעבענער אַרבעט, האָט די טאַרנער אָפּטיילונג אַריינגעטראָגן דער קראָקעווער צענטראַלע אַ גרעסערע געלט־סומע, און פון דעמאָלט אָן האָט מען יאָר־יערלעך איבערגעוויזן גרעסערע סומען דער קאַסע אין קראָקע, וואָס האָט דערמעגלעכט טאָרנער יידישע שילער, באַדראָטע פון טובערקולאָז, צו געניסן און היילן זיך אין דער רייך־אויסגעשטאַטער סאַנאַטאָריע אין ריטראָ. די דאָזיקע הומאַניטאַרע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע איז געווען שטאַרק פּאָפּולער ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע. ד״ר שאַליט, מיט דער הילף פון נאָך עטלעכע טאָרנער איינוואוינער, האָט געזאָרגט פאַר דער אינסטיטוציע און נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט אויף איינצוזאַמלען די נויטיקע פאָנדן. זיין אַמביציע איז געווען יעדעס יאָר איינצואָרדנען דעם באַל פאַר „נאַדזשעיאַ“, וואָס האָט געדינט אַלס פינאַנסיעלער יסוד פאַר דער טעטיקייט פון דער טאָרנער אָפּטיילונג. די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין טאָרנע האָט נישט געקאַרגט קיין באַשטייערונגען פאַר דער אויבנדערמאָנטער געזעלשאַפט, און ד״ר שאַליט איז געווען גליקלעך, ווען ער האָט געקאָנט דערציילן, אַז ער האָט אַרויסגעשיקט אַ גרעסערע צאָל טובערקולאָז־קראַנקע יידישע יוגנטלעכע פון טאָרנע. ד״ר שאַליט האָט געהערט צו די איידעלסטע און מוסטערהאַפטע יידישע בירגער פון טאָרנע און איז געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך אויס די איידלסטע מאָטיוון. הגם ער האָט נישט געהערט צום נאַציאָנאַלן לאַגער, האָט ער מיט דרך־ארץ זיך באַצויגן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, שטענדיק אונטערשטרייכנדיק זיין צוגעהעריקייט צום יידנטום. נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ד״ר שאַליט געווען אַ געוויסע צייט אין לעמבערג, וואו ער האָט געאַרבעט אַלס דאָקטאָר

אין דאָרטיקן שפּיטאָל. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים. כבוד זיין אָנדענק!

## 8. געזעלשאַפט צו שטיצן אָרעמע יידישע יוגנטלעכע פון די מיטלשולן

אין משך פון לאַנגע יאָרן איז אין טאַרנע געווען אַ זאָרג איבער דער שול־יוגנט, הגם אין באַגרענעצטן שטח. נאָך אין די עסטרייכישע צייטן איז אין טאַרנע געווען טעטיק אַ קאָמיטעט מיט ד״ר האָכבערג בראש, וועלכער האָט פון פאָנדן טיילווייז צוגעטיילטע פון באַראָן הירש׳ס פונדאַציע, געגעבן הילף דער יידישער שול־יוגנט, באַזונדערס דורך איינקויפן פאַר זיי לערנביכער און אָנטאָן אין ווינטער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער קאָמיטעט אויסגעברייטערט זיין טעטיקייט. עס איז אַנטשטאַנען אַן „געזעלשאַפט צו שטיצן יידישע אָרעמע יוגנטלעכע פון די מיטלשולן״, אין וועמענס שפּיץ עס איז פון יאָר 1930 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געשטאַנען ד״ר הערמאַן באַבער אַלס פּרעזעס און ד״ר אַדאָלף קאַץ אַלס סעקרעטאַר. אַ דאַנק דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, האָט די אָרעמע שול־יוגנט געקאָנט באַקומען לערנביכער, וועלכע זענען די לעצטע יאָרן שטאַרק טייער געווען. ד״ר באַבער און ד״ר קאַץ האָבן געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו פאַרגרעסערן די פאָנדן פון דער באַשיידענער און נוצלעכער אינסטיטוציע, פאַר וועלכער זיי האָבן געאַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט און אָן רעש.

ד״ר באַבער איז אויף אַ טראַגישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע באַנדיטן. ד״ר אַדאָלף קאַץ, פון דער פריסטער יוגנט אָן אַ טרייער און איבערגעגעבענער ציוניסט, אַ שטילער און באַשיידענער, האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זיין הילף חברים און פריינט, מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט אַלע פילאַנטראָפּישע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. ער איז פּלוצים געשטאָרבן אין אוזבעקיסטאַן אין יאָר 1946, אינעם שטעטל קערמין, האַרט פאַרן אָנהייבן די רעפּאַטריאַציע קיין פוילן. כבוד זיין אָנדענק!

## 9. געזעלשאַפט „שוץ איבער דער אָרעמער יידישער שול־יוגנט“

עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געגרינדעט געוואָרן אַ נייע געזעלשאַפט „שוץ איבער דער אָרעמער יידישער שול־יוגנט״. פונעם באַריכט וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ דעם 25־טן פעברואַר 1938, דערוויסן מיר זיך, אַז די הילף פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט אין יאָר 1937, האָט אַרומגענומען 700 שול־קינדער פון אָרעמע עלטערן, 81 פאַלן פון מעדיצינישער הילף, 60 פאַלן פון דענטיסטישער הילף. די געזעלשאַפט האָט אויפן ספּאָרט־פּלאַץ „שמשון״ געפירט יעדן זומער אַ האַלב־קאָלאָניע, פון וועלכער עס האָבן גענאָסן

240 קינדער, באַקומענדיק צווי מאָל אין טאָג עסן (צוזאַמען איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 8570 מאָלצייטן). די באַקליידונגס־סעקציע האָט פונאַנדערגעטיילט 72 מאַנטלען, 9 אַנצוגען, 20 קליידלעך, 100 פּאָר שיך און געדעקט די אויסגאַבן פאַר פאַרריכטן 40 פּאָר שיך. אין דעם אויבנדערמאָנטן באַריכט־יאָר, האָט מען ווינטער דערנערט 180 קינדער מיט פלייש־מיטאָגן (צוזאַמען איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 4320 מיטאָגן).
אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אינעם זעלבן צוזאַמענשטעל וואָס פאַריקעס יאָר: ד״ר אָבער ערנסט, פרוי בלאַזער, פרוי ע. בלאַנד, פרוי ס. בלאַנד, פרוי ב. בלאַנדער, פרוי בריג, ד״ר עמיל דינטענפאַס, זיגמונט פעניכעל, פרוי פייגענבוים, פרוי אַננאַ פלור , פרוי אַננאַ גרין, פרוי יאַבלאָנסקאַ, קעסטענבוים, פרוי ק. קליין, יוסף קאַרנילאָ, פרוי ד״ר לאַנטנער, ד״ר לייבל, פרוי גאָלדע מאָזעל, פרוי עמיליאַ מאַנדשיין, א. אָסטערווייל, פרוי שענירער, פרוי שפּענאַדל (איצט אין ישראל), פרוי שטיינבאַך, ע. שטייער, מגר. טאובעלעס, פּרל. פּראָפ׳ טאַובעלעס, פּראָפ׳ וואַכטעל, פרוי ד״ר ווייס, פּראָפ׳ ווילדשטיין, פרוי פּראָפ׳ ווּרובּעל, פּראָפ׳ צוועכער. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען דערוויילט געוואָרן: אברהם ליינוואַנד, דיר׳ שענוועטער, ד״ר וואַנדשטיין (איצט אין לאָנדאָן), ד״ר הענריק בלומענפעלד (איצט אין ישראל) און לעאָפּאָלד שינאַגעל.

ווי עס איז צו זען פונעם באַריכט, איז די אינסטיטוציע געווען אַ נוצלעכע און געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף צו לינדערן די נויט ביי דער יידישער שול־יוגנט אין טאַרנע. די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן געאַרבעט ערלעך און איבערגעגעבן דער זאַך, אויסמיידנדיק רעקלאַמע און באַרימעריי. די אָרעמע שול־יוגנט אין טאַרנע האָט אין זיי געהאַט אמתע איבערגעגעבנע באַשיצער.

אַ וויכטיקע פּאָזיציע פאַר טראָגן הילף די אָרעמסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, איז געווען די טיי־האַלע, וועלכע איז געעפנט געוואָרן דעם 24־טן יאַנואַר 1937 יאָר אין הויז פון ה׳ ליאָן אויף לוואָווסקע 15, — אַ דאַנק די באַמיאונגען און סובווענציאָנירונג פונעם אויפזיכט־ראָט און פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט אין טאַרנע. אין דער טיי־האַלע האָט מען פאַרטיילט זיסע טיי און ברויט יעדן אָרעמען צי אַרבעטלאָזן ייד.

מיט איבערגעגעבנקייט און טריישאַפט האָט געאַרבעט די פרוי מינאַ באַראָן ביים טראָגן הילף יידישע קימפעטאָרינס. זי איז געווען פאָרזיצערין פון דער געזעלשאַפט ״חברה יולדות״. זי האָט געזאָרגט וועגן אַלץ וואָס איז געווען נויטיק דער אָרעמער קימפעטאָרין. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט זי גאָרנישט געפאָדערט פאַר זיך — קיין כבוד, קיין לוין. צוזאַמען מיט איר מאַן אליהו באַראָן, געוו. פּרעזעס פון דער טאַרנער יידישער קהילה, איז זי בעת איינער פון די אנטי־יידישע אַקציעס אין טאַרנער געטאָ אויסגעזידלט געוואָרן און געטיילט דעם טראַגישן גורל פון די טאַרנער יידן. כבוד זייער אָנדענק!

געווען נאָך אַנדערע געזעלשאַפטן און פילאַנטראָפּישע קאָמיטעטן, ווי: הכנסת־כלה, „ברויט און קוילן״ און אנד., אָבער די אייגנטלעכע לאַסט פון סאָציאַלער הילף איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון דער יידישער קהילה אין טאַרנע, וועלכע האָט באַדייטנדיקע געלט־סומען פון איר בודזשעט פאַרווענדעט אויף הילף פאַר אָרעמע, שוין נישט רעדנדיק וועגן דער פסח־אַקציע (קמחא דפסחא). אונטערן אויפ־

זיכט פון דער קהילה, האָט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט יעדן יאָר געפירט אַן א. ג. „קוילן־אַקציע״, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די חשובסטע יידן פון שטאָט מיטן ראַבינאַט אין שפּיץ. דער מאָטאָר פון יעדער אַקציע איז געווען דער לאַנג־יאָריקער באַקאַנטער מזרחי־טוער חנא פעסעל (איצט אין ישראל), וועלכער איז פאַר יעדן ווינטער צוגעטרעטן צו דער קוילן־אַקציע, אַוועקגעבנדיק זיין גאַנצע פרייע צייט דער דאָזיקער אַרבעט. נישט אַלע אָרעמע, וועמען עס איז קאַלט געווען אין די נישט־באַהייצטע וואוינונגען, האָבן אים געקענט. אָבער חנא פעסעל גופא האָט געקענט אַלע נויטבאַדערפטיקע, וועמען ער האָט אַהיימגעטראָגן די צעטלען אויף קוילן, און באַזונדערס די, וועלכע האָבן געפרווירן אין זייערע היימען און נישט געקאָנט אין זיך גובר זיין די בושה פון דערלאַנגען אַ ווענדונג וועגן אַ צוטייל פון קוילן. אין שפּיץ פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט איז געשטאַנען אליהו באַראַן, און עס האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט די אָנגעזעענסטע יידן, וועלכע זענען צוזאַמען מיט רבנים אַרומגעגאַנגען איבער די רייכערע היימען און געזאַמלט באַשטייערונגען פאַר דער קוילן־אַקציע, דערביי האָט די קהילה אויסגעטיילט פון איר בודזשעט באַדייטנדיקע סובווענצן אויף דעם צוועק. אונדז איז באַוואוסט דער באַריכט פון דער קוילן־אַקציע אין יאָר 1936/37 אָפּגעדרוקט אין „טיגאָדניק זשי־דאָווסקי״. אינעם אויבנדערמאָנטן יאָר איז געזאַמלט געוואָרן פאַר דער קוילן־אַקציע אין טאַרנע אַ סומע פון 3.095 זלאָטעס מיט 10 גראָשן, און פאַרטיילט זענען געוואָרן 222,650 קילאָ קוילן פאַר 1.743 אָרעמע משפּחות אין טאַרנע. מיט דער אַקציע האָבן דעמאָלט אָנגעפירט: אליהו באַראַן און חנא פעסעל, צום ענגן קאָמיטעט האָבן נאָך געהערט ה. ל. האָלענדער, זיגמונט פעניכעל און מאַרקוס ראָזענבערג.

שווער איצט אויסצורעכענען נאָך אַ גאַנצע ריי פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, טעטיקע אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע. צוזאַמען מיט דער פינפאונצוואַנציק טויזנט קעפּיקער עדה פונעם טאַרנער יידנטום, אומגעקומען אין די מאַסן־קברים און אין פאַרשידענע טויט־לאַגערן, איז פאַרשוואונדן געוואָרן יעטוועדע שפּור נאָך די שטילע, איבערגעגעבענע, אָפּטמאָל אומבאַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר זייער באַשיידענעם געזעלשאַפטלעכן חוב צו ברענגען הילף זייערע נאָענטע, ווען זיי זענען געווען אין אַ נויט. כבוד זייער אָנדענק!

II

## דאס יידישע שפּיטאל אין טארנע

דער אָנהויב פון יידישן שפּיטאָל אין טאַרנע, איינע פון די שענסטע און נוצ־לעכסטע יידישע אינסטיטוציעס, דאַטירט זיך פון יאָר 1840. דער באַפולמעכטיקטער פון דער דעמאָלטיקער „איזראַעליטישער געמיינדע״ אין טאַרנע, שמואל דאַניעל, האָט איינגעקויפט פאַרן יידישן שפּיטאָל אַ פּלאַץ נישט ווייט פונעם יידישן בית־הקברות (קויף־קאָנטראַקט פון 20.5 1840, היפּאָטעק־נומער 79).

פונעם אינהאַלט פונעם פונדאַציע־אַקט (ציטירט אין אָריגינאַל אינעם קאַפּיטל „צו דער געשיכטע פון יידן אין טאַרנע״), וואָס איז פּייערלעך איבערגעלייענט

געוואָרן ביים דערעפענען דאָס שפּיטאָל דעם 26־טן יאַנואַר 1842 יאָר, דערוויסן מיר זיך, אַז שוין פון לאַנג האָט אין טאָרנע עקזיסטירט אַ יידישער שפּיטאָל־פאָנד, צונויפגעזאַמלט דורך די דעמאָלטיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער קהילה: יעקב גאָלדלוסט, פּנחס פאַלעסטער און שלמה פינקעלשטיין, און אַז שוין פריער איז געווען אַ געביידע פאַרן יידישן שפּיטאָל, וועלכעס האָט זיך אָבער געפונען אין צענטרום שטאָט. אויפן באַפעל פון דער מאַכט איז די געביידע פאַרקויפט געוואָרן און אַזוי אַרום איז דער שפּיטאָל־פאָנד פאַרגרעסערט געוואָרן און די נייע שפּיטאָל־געביידע איז אַ דאַנק דעם אויפגעבויט געוואָרן אויפן נייעם פּלאַץ ביים יידישן בית־עולם אין יאָר 1840. די קאָסטן פון דער אינערלעכער שפּיטאָל־איינריכטונג זענען געדעקט געוואָרן פון פרייוויליקע נדבות וואָס די קהילה האָט צונויפגעזאַמלט. צוגעהאָלפן צו דער אַנטשטייאונג פון שפּיטאָל האָט אויך די גינסטיקע באַציאונג צו יידן מצד דעם דעמאָלטיקן עסטרייכישן שעף פונעם גובערניאַל־ראַט און „קרייזהויפּטמאַן” אין טאָרנע יאָזעף ברייניל פאָן וואַלערשטערן.

צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג פונעם שפּיטאָל, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן צום עפנטלעכן געברויך דעם 26־טן יאַנואַר 1842 יאָר, האָבן געהערט פיר פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער יידישער גמינע: מעכל פאַלעסטער, אהרן קאַמינער, חיים־לייב פייגענבוים און ליפּא וויינגאַרטן. דערביי האָט די ליטונג פון שפּיטאָל זיך געדאַרפט געפינען אין די הענט פון יעדן דעמאָלטיקן בירגערמייסטער פון שטאָט. לויטן אויבנדערמאָנטן פונדאַציע־אַקט האָבן די הכנסות צו זיכערן די אויסהאַלטונג פון שפּיטאָל געדאַרפט באַשטיין פון די הכנסות פון דער מקוה, באַשטייערונגען פון די שולן און בתי־מדרשים, זאַמלונגען ביי דער געלעגנהייט פון געבורטן, חתונות, האָר אָפּשערן, טויטפאַלן, מצבות שטעלן, אויפרופן צו דער תורה אין שול („עליות”), זאַמלונגען פון ספּעציעלע שפּיטאָל־פּושקעס וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן אין יידישע היימען. מצד די יידן האָבן דעם פונדאַציע־אַקט אונטערגעשריבן: דעמאָלטיקער קרייזראַבינער ראַפּאַפּאָרט, די פאַרוואַלטער פון דער יידישער קהילה, די א. ג. „געמיינדע־פאָרשטייער”, פּנחס פאַלעסטער, ס. פינקעלשטיין ,און די שפּיטאָל־פאַרוואַלטער: מעכל פאַלעסטער, ס. א. קאַמינער, חיים־לייב פייגענבאום, ליפּא וויינגאַרטן, הירש קעלער, דוד ראַפּאַפּאָרט, מענקע וועקסלער און י. לוקסענבורג. אַלס עדות האָבן דעם אויבדערמאָנטן דאָקומענט אונטערגעשריבן (מצד די יידן): יצחק קעלער, הערש בערנשטיין, שאול פינקעלשטיין, לייבל מינץ ,ישראל באָרענשטיין, מענדל קעלער. דעם אַקט האָבן אויך אונטערגעשריבן: ד״ר עדוואַרד קעלערמאַן — קרייז־פיזיקער און דאָקטאָר.

אָבער אַממייניסטן געהאָלפן דעם שפּיטאָל אין זיין עקזיסטענץ האָט די באַוואוסטע טאָרנער פילאַנטראָפּין דבורה וועקסלער. זי האָט דער יידישער קהילה אין טאָרנע פאַרשריבן אַלס אייגנטום אירע צוויי הייזער אויף די גאַסן פאָלוואַרטשנע און נאָווע, מיט דער באַוואָרעניש, אַז די הכנסה פון די הייזער זאָל גיין אויף אויסצוהאַלטן דאָס שפּיטאָל. ווען די דאָזיקע צוואה איז פאַרשריבן געוואָרן, האָט די הכנסה פון ביידע הייזער געקלעקט פולשטענדיק אויף אויסצוהאַלטן דאָס שפּיטאָל. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אין אויפנאַם־ביוראָ פון שפּיטאָל געהאַנגען דער פּאָרטרעט פון פרוי דבורה וועקסלער (געשטאָרבן אין יאָר 1887).

אויסהאַלטן דאָס יידישע שפּיטאָל אין טאַרנע איז נישט געווען קיין לייכ־טער ענין. דאָס שפּיטאָל האָט פיל געהאַט צו פאַרדאַנקען דער איבערגעגעבנקייט און אַקטיוויטעט פון דער פאַמיליע שיצער, אַ גאַנצע גענעראַציע גענייטע דאָקטוירים, וועלכע האָבן זיגט דער גרינדונג פונעם שפּיטאָל געאַרבעט דאָרט אָן האָנאָראַר.

דער ערשטער שפּיטאָל־דירעקטאָר איז געווען ד״ר יעקב קרייצער, געשטאָרבן אין יאָר 1888. דערנאָך האָט דעם אַמט איבערגענומען זיין זון ד״ר זיגמונט שיצער (ביזן יאָר 1893), וועמענס יורש ווידער עס איז געווען זיין זון ד״ר לעאָן שיצער. דער לעצטער האָט טריי געאַרבעט אין שפּיטאָל ביזן יאָר 1937.

ד״ר לעאָן שיצער איז געווען אַ באַדייטנדיקער כירורג מיט אַן אויסערגעוויינ־לעכער ערודיציע און אינטעליגענץ, אַ פריידענקער און אויפּריכטיקער דעמאָקראַט. הגם ער איז געווען ווייט פון יידישן לעבן, האָט ער מיט אַ באַזונדערער זאָרג אַרומ־גערינגלט דאָס יידישע שפּיטאָל, פאַרטזעצנדיק די בעסטע טראַדיציעס פון זיינע אבות, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם דאָזיקן הייל־אַנשטאַלט. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין צימער ביים אָפּעראַציע־זאַל געהאָנגען די פּאָרטרעטן פון אַלע דריי אויבנדערמאָנטע אָנגעזעענע דאָקטוירים, וועלכע האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן, אָן אייגננוצן, זיך געווידמעט דער אַרבעט פון העלפן קראַנקע.

אין יאָר 1874 איז פונעם שפּיטאָל־פאָנד איינגעקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ ביים שפּיטאָל און זיין שטח איז אַ דאַנק דעם באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן.

אין משך פון פיל יאָרן האָט אָבער די ווירטשאַפט אינעם שפּיטאָל אונטערגע־הינקט. כל־זמן אין דער יידישער קהילה האָבן געבאַלעבאַטעוועט די קהלישע קאָכ־לעפל פון אַלטן שניט, אַזוי לאַנג האָט דאָס שפּיטאָל געהאַט ווייניק געלט, וויל מיט דער צייט איז די הכנסה פון דבורה מענקעס הייזער געוואָרן אַזאַ מינימאַלע, אַז ס׳האָט בכלל נישט געקאָנט געמען ווערן אין חשבון אַלס פּאָזיציע אינעם שפּיטאָל־בודזשעט.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס יידישע שפּיטאָל פאַרנומען געוואָרן דורכן עסטרייכישן מיליטער און טאַרנער יידן האָבן בכלל נישט געקאָנט געניסן פון דער אינסטיטוציע. ערשט מיטן דעראָבערן די קהילה דורך די ציוניסטן (נאָכן סוף פון דער מלחמה), האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן שפּיטאָל. די דעמאָקראַטישע קהילה־פאַרוואַלטונג, און גאַנץ באַזונדערס אירע מיטגלידער חיים נייגער און ד״ר שמואל שפּאַן, ביי דער מיטאַרבעט פון פרוי גאָלדע מאָזעל, האָבן קודם כל זיך באַמיט צו באַפרייען די שפּי־טאָל־געביידע פון מיליטערישער רעקוויזיציע, און כדי איבערצובויען דאָס שפּיטאָל, איז געשאַפן געוואָרן אַ בירגער־קאָמיטעט. נאָך איידער דאָס מיליטער האָט צוריקגע־געבן די געביידע, איז אין אַ צימער וואָס האָט זיך געפונען אין בנין פון דער נייער שול, געעפנט געוואָרן אַן אַמבולאַטאָריום, אָנגעפירט אָן אייגננוצן דורך ד״ר ישעיהו פייג. אַלס שוועסטער האָט דאָרט געאַרבעט פרל. הערצמאַן.

ווען די גאַנצע שפּיטאָל־געביידע צוזאַמען מיט דער אינערלעכער איינריכטונג, זענען אין יאָר 1928 באַנייט געוואָרן, האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג איינגעפירט אַ שטענדיקן דאָקטוירים־דיזשור, וואָס האָט דערמעגלעכט די קראַנקע אין שפּיטאָל

פערמאַנענטע מעדיצינישע הילף, און קראַנקע וואָס האָבן באַדאַרפט אין דרינגנדע פאַלן אָנגענומען ווערן אין שפּיטאָל, האָבן זיך שוין נישט געדאַרפט ווענדן אין די פּריוואַט־וואוינונגען פון אַ דאָקטאָר, כדי צו באַקומען פון זיי אַ דערלויבעניש אָנצו־קומען אין יידישן שפּיטאָל.



די געביידע פונעם יידישן שפּיטאָל אין טאַרנע

ביזן איבערנעמען די טאַרנער יידישע קהילה דורך די ציוניסטן, האָבן די דאָקטוירים אין יידישן שפּיטאָל געאַרבעט גאָר געוויסנהאַפט, אָן האָנאָראַר. איצט אָבער האָבן די דאָקטוירים אָנגעהויבן באַקומען געהאַלט, הגם אַ זייער באַשיידענעם אָבער אַ רעגולערן. בלויז ד״ר לעאָן שיצער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון געהאַלט און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט אין שפּיטאָל אָן שום לוין. מיט ד״ר שיצער האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה מיטגעאַרבעט דער געניטער אינטערניסט ד״ר מ. בלאָך, וועלכער איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט בעת דער היטלע־ריסטישער אָקופּאַציע, — זיין שוועסטער ד״ר בלאָך־מערץ (איצט אין ישראל), ד״ר חיים ווייס (אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע) און פרל. ד״ר זילבער. אויך באַדייטנדיקע יונגע מעדיצינישע כוחות האָבן אונטער דער זאָרגפעלטיקער אויפזוכט פון די דריי געניטע דאָקטוירים, געאַרבעט אין שפּיטאָל און זיך דערוואָרבן פּראַקטיק און פאַרטיפט זייער מעדיציניש וויסן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט אין אַנדערע שפּיטעלער.

כדי צו געבן מעדיצינישע הילף די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג דערעפנטביים שפּיטאָל אַן אַמבולאַטאָ־

ריום, וואו עס האָבן אָן אייגנגנוצן געאַרבעט ד״ר ישעיהו פייג (אויגן־קראַנקהייטן), און ד״ר מאַנהיימער. אויסער דעם איז אָרגאַניזירט געוואָרן הילף פאַר די יידן וואָס האָבן זיך געהיילט אינעם אַלגעמיינעם שפּיטאָל אין טאַרנע. די קראַנקע יידן אין יענעם שפּיטאָל האָבן באַקומען צוגעשטעלט כשר עסן פון דער קיך פונעם יידישן שפּיטאָל.

אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג האָט געהאַט דאָס אומזיסטיקע היילן יידישע קינדער פון דער קראַנקהייט וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט ביי אָרעמע יידן מיטן נאָמען „פּאַוואָוס". דאָס וויכטיקסטע נייעס אָבער, איינגעפירט דורך דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען דאָס אָוועקשטעלן דעם שפּיטאָל־בודזשעט אויף געזונטע יסודות. מען האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויפגעהערט זאַמלען שפּענדונגען און באַשטייע־רונגען אויף אויסצוהאַלטן דאָס שפּיטאָל, און אַלע נויטיקע אויסגאַבן האָט פון איצט אָן געדעקט די קהילה פון די שטייערן וואָס יידן האָבן געצאָלט אין דער קהילה. איצט האָבן טאַרנער יידן זיך שוין נישט געשעמט זיך צו היילן אינעם יידישן שפּיטאָל, וואָס איז שוין נישט אויסגעהאַלטן געוואָרן פון נדבות, נאָר דורך דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

צום געזונט צו מאַכן די לאַגע אין שפּיטאָל האָט אויך גורם געווען די רעאָרגאַ־ניזאַציע פונעם סאַניטאַר־דינסט. עס דאַרף ביי דער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן ווערן די אָפּפערווויליקע אַרבעט פון דער עלטסטער שוועסטער קאַראָלאַ קעלהאָפער.

דאָס יידישע שפּיטאָל איז געוואָרן אַ צוטריטלעכע אינסטיטוציע פאַר די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקורונג, און אפילו פּאָליאַקן פלעגן נישט איינמאָל געניצן פון מעדיצינישער הילף און באַדינונג פונעם שפּיטאָל אין טאַרנע.

ווי עס גיט איבער דער „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 14־טן פעברואר 1930 (נומ׳ 7), האָבן אין יאָר 1929 זיך געהיילט אין יידישן שפּיטאָל 692 קראַנקע, פון וועלכע 39 זענען געשטאָרבן (בערך 7%), און די איבעריקע האָבן געזונטער־הייט פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל. אָנהויב 1930 זענען אין שפּיטאָל געווען 31 קראַנקע. קראַנקע פון טאַרנע, וועלכע האָבן אין יאָר 1929 איינגעצאָלט די שפּיטאָל־טאַקסע, זענען געווען בלויז 36, דערביי האָט זייער איינגעצאָלטע סומע באַטראָפן 3276 זלאָטעס, 50 גראָשן. פון אויסער טאַרנע זענען אין שפּיטאָל געווען 107 קראַנקע, די איינגעצאָלטע סומע — 10.516 זלאָטעס, 50 גראָשן. צווישן די קראַנקע זענען אין יאָר 1929 געווען 29 קריסטן, דערביי זענען 14 פון זיי אָנגענומען געוואָרן לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער קראַנקן־קאַסע. די צאָל קראַנקע אין יאָר 1929 איז געווען בערך דיזעלבע ווי אין יאָר 1928, דאָך האָבן די איינגעצאָלטע סומעס פון די קראַנקע באַטראָפן מיט 1.000 זלאָטעס מערער ווי אין יאָר 1929. מען דאַרף אונטער־שטרייכן, אַז דער אָריינגעטראָגענער אָפּצאָל פון די קראַנקע איז פאַרהעלטניש־מעסיק געווען גאָר אַ קליינער לגבי די שפּיטאָל־אויסגאַבן, און די יידישע קהילה האָט מיט גרעסערע סומעס געמוזט סובסידירן דאָס שפּיטאָל, כדי צו האַלטן עס אויף אַן אַנטשפּרעכענדיקן ניווֹאָ.

אין יאָר 1929 האָבן אין יידישן שפּיטאָל זיך געפונען 44 בעטלער פאַר קראַנקע (אין זעקס זאַלן און 4 סעפּאַראַטקעס). פיר זאַלן זינען געווען באַשטימט פאַר

דערוואַקסענע, איין זאַל פאַר קינדער, איין — פאַר קימפעטאָרינס. דער פערסאָנאַל איז אין יענעם יאָר באַשטאַנען פון 29 פערזאָן, אריינגערעכנט איין דיזשורנעם דאָקטאָר און צוויי דאָקטוירים וואָס האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל.

אין יאָר 1929 האָט דאָס שפּיטאָל שוין פאַרמאָגט אַ רענטגען־אינסטיטוט אונטער דער לייטונג פון ד״ר מושקאַטנבליט, אַ קוואַרץ־לאָמפּ, און דער אָפּעראַציע־זאַל איז געווען פאַרזען מיט די מאָדערנסטע כירורגישע אינסטרומענטן און אַ „צייס־לאָמפּ״ פון נייעסטן טיפּ.

דאָס יידישע שפּיטאָל אין טאָרנע האָט פאַרנומען איינס פון די ערשטע ערטער אינעם יידישן שפּיטאָל־וועזן אין פּוילן. אַ וויכטיקע אַרבעט פאַרן שפּיטאָל האָט געלייסטעט די שפּיטאָל־קאָמיסיע וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן דורך דער דעמאָלטיקער קהילה־פאַרוואַלטונג. צו דער קאָמיסיע האָבן געהערט: ד״ר העגריק עהרענפרוינד, חיים נייגער, ד״ר שמואל שפּאַן, א. מאַרגוליעס, חיים אַבערדאַם, י. מאַשלער, שלמה מעהר און צוקער.

ווען אין דער קהילה האָט זיך אָנגעהויבן די קאָמיסאַרישע הערשאַפט, האָט קודם כל געליטן דערפון דאָס יידישע שפּיטאָל. עס זענען נויטיק געווען פיל אָנשטרענגונגען און באַמיאונגען, כדי נאָך עטלעכע יאָר קריזיסן און ענדערונגען אין דער פאַרוואַלטונג, אויפצוהייבן דאָס שפּיטאָל נישט בלויז צו דער פריערדיקער מדרגה, נאָר אויך צופּאַסן עס צו די אויסגעוואַקסענע באַדערפענישן צוליב דער כסדרדיקער פאַראָרעמונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע.

אין יאָר 1937 איז געשטאָרבן דער אומפאַרגעסלעכער דירעקטאָר פון יידישן שפּיטאָל ד״ר לעאָן שיצער. אויף זיין אָרט האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר מ. מענדערער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן פיל זאָרג און אינטערעס פאַרן שפּיטאָל, אויפן פאָרשלאַג פון פאָרזיצער פון דער שפּיטאָל־קאָמיסיע ד״ר ע. שאַליט, באַשטימט אַלס דירעקטאָר ד״ר יעזשי שיפּער, געבוירן אין טאָרנע, אַ ברודער פון היסטאָריקער ד״ר יצחק שיפּער ז״ל. ד״ר יעזשי שיפּער האָט בשעתו פּראַקטיצירט אינעם יידישן שפּיטאָל אין וואַרשע. דעם 15־טן סעפּטעמבער 1937 יאָר האָט ער איבערגענומען דאָס אַמט פון דירעקטאָר און דעם אַמט פון כירורג אינעם יידישן שפּיטאָל אין טאָרנע, וואו ער האָט געאַרבעט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אפילו בעת דער אָקופּאַציע האָט ער אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין שפּיטאָל ביזן פאַרלאָזן טאָרנע (איצט אַרבעט ער אַלס דאָקטאָר אין קאַטאָוויץ).

אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר שיפּער איז דאָס יידישע שפּיטאָל געשטאַנען אויף אַ הויכן ניווא. אינעם ערשטן האַלביאָר 1938 זענען דאָרט געהיילט געוואָרן 698 קראַנקע, דערונטער 307 אומזיסט. ביים יידישן שפּיטאָל איז געווען טעטיק אַן אַמבולאַטאָריום, מיט וועלכן עס האָט זיך שטאַרק פאַרנומען ד״ר ע. שאַליט. מיט אים האָבן אָן אייגננוצן מיטגעאַרבעט די דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן ד״ר ב. רובין (איצט אין טאָרנע), ד״ר שמעון בלאָך און אַנדערע. אין דער אויבנדערמאָנטער צייט האָבן 2.031 קראַנקע גענאָסן פון מעדיצינישער הילף אין אַמבולאַטאָריום.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך מיט אַן אַלץ גרעסערן צוטרוי באַצויגן צום

יידישן שפּיטאָל, וואָס האָט אָבער נישט געקאָנט אַרומנעמען אַלע קראַנקע. עס האָט אויך געפעלט אַ לאָקאַל אין איינריכטונגען פאַר טובערקולאָז־קראַנקע.

דער לעצטער קהילה־פאַרוואַלטונג אין טאָרנע (פאָרזיצער — ד״ר א. כאַמעט, וויצע־פאָרזיצער — וואָלף געצלער און חיים אַבערדאַם), איז בעת דער הילפס־אַקציע לטובת די יידן־פּליטים פון דייטשלאַנד, געלונגען צוציען צו דער אַרבעט אַ גרעסערע צאָל ערנסטע בירגער, וועלכע זענען תמיד געשטאַנען ווייט פון פּאָליטיק. די דאָזיקע מענטשן איז געלונגען צו פאַראינטערעסירן מיט אַ פּלאַן וואָס איז בשעתו אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן פּרעזעס פון דער יידישער קהילה אין טאָרנע, ד״ר מ. מעדערנער, וועגן אויפבויען אַ פּאַוויליאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע.

צו דער קהילה האָט געהערט אַן אַלט פאַרטער־געביידע וואָס האָט זיך געפונען נעבן יידישע שפּיטאָל. אָט דאָס געביידע איז איבערגעבויט געוואָרן אויף אַ שיינעם שפּיטאָל־פּאַוויליאָן. דער גרינטלעכער רעמאָנט פון דעם געביידע איז מעגלעך געווען אַ דאַנק דער פונדאַציע פון שמעון און זיסל מאַשלער, און דעם באַדייטנדיקן צושטייער פון יוסף מאַשלער. עס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע אַדורכצופירן דעם ענין, ווייל מען האָט געדאַרפט אויסזוכן וואוינונגען פאַר די איינוואוינער פונעם פאַרטער־הייזל, מען האָט געדאַרפט האָבן נייטיק פאָנדן אויף צובויען אַ שטאָק, אויף איבערבויען דאָס גאַנצע געביידע, איינאָרדנען שפּיטאָל־זאַלן אאז״וו.

אַ דאַנק דער אומאייגננוציקער אַרבעט פון אינזש׳ משה רייך, וועטעראַן פון



צו דער פייערלעכער דערעפנונג פינעם פּאַוויליאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע אין טאָרנע אין יאָר 1939. זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: ישראל כהן ז״ל, הענריק האַלענדער ז״ל, ד״ר **יעזשי שיפער ד״ר אברהם כאַמעט**, זיגמונט פליישער, ווילהעלם ליכטבלאו ז״ל, **ד״ר מאַשלער ז״ל.** שטייענדיק אין דער צווייטער ריי פון לינקס אויף רעטס: חיים ערליך און די פערטע אין **דער ריי פרוי פליישער ז״ל.**

דער ציוניסטישער באַוועגונג אין טאַרנע, וועלכער האָט אַן באַצאָלט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער בוי־אַרבעט, אַ דאַנק די שפענדער זיגמונט פליישער, וו. ליכט־בלאו, בנימין קאַץ, ד״ר מאַשלער (דאָקטאָר־אָקוליסט), וועלכער האָט פון זיינע פאָנדן איינגעאָרדנט אַן אָקוליסטישן קאַבינעט אין דעם געביידע צום באַנוץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך אַ דאַנק די אָנשטרענגונגען פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, באַזונדערס פון איר מיטגליד ישראל קאָהן (אַקטיווער מזרחי־טוער), אַ דאַנק די בירגער ב. שפענאַדל, וועלכער האָט אנגעפירט מיטן איינפירן די עלעק־טרישע אינסטאַלאַציעס, בערנשטיין, טעכנישער לייטער און מענדל דאַאַר, וועלכער האָט געשפענדעט די סומע פון 10.000 זלאָטעס אויף איינצוקויפן אַ נייעם רענטגען־אַפּאַראַט און איינאָרדנען דעם רענטגענאָלאָגישן קאבינעט, ווי אויך אַ דאַנק דער ענערגישער מיטאַרבעט מצד דעם דירעקטאָר פון יידישן שפיטאָל ד״ר י. שיפער און דעם פאָרזיצער פון דער שפיטאָל־קאָמיסיע ביי דער קהילה ד״ר ע׳ שאַליט, און דוד באַטיסט, פאָרשטייער פון בונד אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, — איז געלונגען די זאַך אַדורכצופירן ביזן סוף. דאָרט וואו עס איז פריער געשטאַנען אַ קליין פאַר־לאָזט הייזל, איז אויסגעוואַקסן אַ שיינע איינשטאָקיקע געביידע מיט גרויסע שיין־איינגעאָרדנטע זאַלן, מיט אַ רענטגען־קאַבינעט און אָקוליסטישן קאַבינעט פון ד״ר מאַשלער. סוף אַפּריל 1939 איז אינעם גאָרטןביים שפיטאָל פאָרגעקומען די פייער־לעכע דערעפענונג פונעם פאַוויליאָן. עס האָבן זיך באַטייליקט פיל פאַרבעטענע געסט.



באַך דער פייערלעכער דערעפנונג פונעם פאַוויליאָן פאר טובערקולאָז־קראַנקע אין טאַרנע אין יאָר 1939.

זיצנדיק לינקע זייט: פרוי פליישער ז״ל, הענריך האָלענדער ז״ל — רעכטע זייט: ד״ר אברהם כאָמעט, ווילהעלם ליכטבלאו ז״ל און ד״ר מאַשלער ז״ל.

פאָרשטייער פון דער ציווילער און מיליטערישער מאַכט, פאַרטרעטער פון פאָליטישע פאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. די געביידע איז איבערגעגעבן געוואָרן ד״ר שיפּער אַלס אָפּטיילונג פאַר טובערקולאָז־קראַנקע ביים יידישן שפּיטאָל.

דאָס יידישע שפּיטאָל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ הויכן ניוואָ אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון שפּיטאָל־דירעקטאָר ד״ר י. שיפּער, ד״ר מ. בלאָך, ד״ר בלאָך־מערץ, ד״ר ב. רובין, ד״ר מושקאַטענבליט און עטלעכע יונגע דאָקטוירים וועלכע האָבן פּראַקטיצירט אין שפּיטאָל. דאָס שפּיטאָל איז באַשאָנקען געוואָרן מיט צוטרוי פון די ברייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַלע בעטלעך זענען תמיד געווען פאַרנומען, און מען האָט באַדאַרפט אָנהויבן טראַכטן וועגן פאַרגרעסערן די שפּיטאָלגעביידע. זיגמונט פליישער (איצט אין ישראל) האָט געמאָלדן דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיין גרייטקייט צוצוהעלפן רעאַליזירן דעם פּלאַן וועגן ארויפציען אַ צווייטן שטאָק אויף דער שפּיטאָל־געביידע. די משפחה בנימין קאַץ, וועלכע האָט געוואָלט אויפטאָן עפּעס פאַר דער טאָרנער יידישער באַפעלקערונג, האָט אויסגעדריקט איר גרייטקייט אויפצובויען דעם צווייטן שטאָק אויף זייער חשבון. דער ענין האָט באַדאַרפט דערליידיקט ווערן, אָבער דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט אוממעגלעך געמאַכט צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן וויכטיקן פּלאַן.

די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט, אָנגעפירט דורך י. שענוועטער, חיים אַבערדאַם און י. מאַשלער, האָט געגעבן דעם שפּיטאָל אַ גרעסערן קרעדיט, וואָס האָט דערמעגלעכט דעם דירעקטאָר ד״ר שאַליט אַדורכצופירן דעם רעמאָנט פון אַמבולאַטאָריום און אויסשטאַטן עס מיט די נייסטע הייל־מכשירים. אויך די דאָזיקע אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין סעפּטעמבער 1939 יאָר איז דאָס יידישע שפּיטאָל פאַרנומען געוואָרן דורך די היטלעריסטישע באַנדעס. בלויז דער פּאַווילאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע איז געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון דער יידישער באַפעלקערונג ביזן אויפשטעלן דאָס געטאָ.

אַ בינטל פּרטים וועגן די באַציאונגען וואָס האָבן געהערשט אין יידישן שפּיטאָל נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין טאָרנע, האָבן מיר באַקומען פון אַ בריוו וואָס איז געשיקט געוואָרן צו ד״ר שמואל שפּאַן קיין חיפה פון ד״ר בערנאַרד טעססע, וועלכער האָט דורכגעלעבט דאָס היטלעריסטישע גהינום אין טאָרנע און אין לאַגערן, און האָט נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע (וואוינט איצט אין ניו־יאָרק). ד״ר טעססע שרייבט אינעם בריוו פאָלגנדעס:

„גלייך נאָכן אָקופּירן טאָרנע דורך די דייטשן, האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין יידישן שפּיטאָל. דירעקטאָר איז געווען ד״ר שיפּער, אַ וואונדערבאַרער דאָקטאָר, אַ גוטער ייד און אַן אויסערגעוויינלעך איבערגעגעבענער מענטש. צוזאַמען מיט אונדז האָט געאַרבעט ד״ר לוסטיג, אַ דאָקטאָר אין מיין עלטער, וועלכער איז אין יאָר 1943 דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט זיין כלה — חייקע אַרגאַנד, אונטערן אויסרייד, אַז זיי האָבן געהאַט בדעה צו אַנטלויפן פון געטאָ, וואָס עס איז אגב נישט געווען אמת. מיט אונדז האָבן מיטגעאַרבעט נאָך עטלעכע

דאָקטוירים, ווי ד״ר אַבענד, ד״ר בלאָך, ד״ר ווייס, ד״ר זיגפריד, אָבער נאָר צו צוויי שעה טעגלעך. אין אָנהויב איז נאָך די אַרבעט געווען אַ דערטרעגלעכע, די דייטשן האָבן זיך נישט זייער באַשעפטיקט מיט אונדז. דערנאָך אָבער, ווען געסטאַפּאָ איז אָנגעקומען קיין טאַרנע, האָבן מיר געהאַט אַלץ אָפטערע און אומאַנגענעמע וויזיטן זייערע. די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען געוואָרן אַלץ שווערערע, פונדעסטוועגן האָט קיין איין קראַנקן נישט געפעלט די הונדערט־פּראָצענטיקע זאָרגפעליקייט. מיר האָבן נישט באַקומען פון קיינעמען קיין געהאַלט, מיר האָבן זיך אַליין אויסגעהאַלטן אויף אַזאַ אופן, אַז איין רייכער פּאַציענט האָט געצאָלט פאַר צען אָרעמע. די באַדינגונגען זענען געוואָרן אַלץ ערגערע, עס איז געקומען דער ערשטער גירוש. איין לאַסט־אויטאָ נאָכן צווייטן און פוסגייער־קאָלאָנעס פון יידן זענען געטריבן געוואָרן אויפן יידישן בית־הקברות, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דעם שפּיטאָל און דאָרט זענען זיי דערשאָסן געוואָרן. צווישן די אומאויפהערלעכע זאַלפן פון מאַשינגעווער, געשרייען און יללות פון די געיאָגטע און צעשאָסענע, האָבן מיר אָפּערירט, געוויקלט באַנדאַזשן, באַטראַכט קראַנקע און אויסבאַהאַלטן אַלטע לייט און קינדער. וואָס אין אונדזערע הערצער איז פאָרגעקומען, קאָנסטו זי פאָרשטעלן. איך בין נישט פעאיק צו אַ קורצער באַשרייבונג, פונקט ווי כ׳בין איצט נישט אימשטאַנד צו שרייבן מערער אויף דער טעמע, ווייל איך בין נאָענט צו אַ גייסטיקן שאָק. אין מיין פאָרשטעלונגס־קראַפט זע איך די שטראָמען יידיש בלוט און די בערגער טויטע, און דאָס ערגסטע — איך הער דאָס געשריי פון די געמאָרדעטע קינדער. פונדעסטוועגן איז יעדער פון אונדז געווען אויף דער וואַך. עס איז פשוט נישט צו באַשרייבן די העלדישקייט פון אונדזערע קראַנקנשוועסטער. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַ תקופה פאַרן געטאָ, איצט קאָנסטו זיך פאָרשטעלן דאָס געטאָ גופא״.

דאָס געביידע פון יידישן שפּיטאָל און דער פּאַווילאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע— די פּרוכט פון פיליאָריקער אַרבעט און אָנשטרענגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט בעת דער אָקופּאַציע געדינט די היטלעריסטישע רוצחים פונעם יידישן פאָלק.

די פאַרבליבענע אין טאַרנע געביידע פון יידישן שפּיטאָל און דער טובערקולאָז־פּאַווילאָן באַלאַנגען איצט צום שטאָטישן שפּיטאָל אין טאַרנע.

III

## זקנים־הויז

אין יאָר 1913 איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן אַ גרעסערע יידישע אינסטיטוציע, דאָס א. ג. זקנים־הויז (מושב זקנים). נאָך אין 1891 האָט מענדעל מאַשלער פאַרשריבן די סומע פון 20.000 גולדן (40.000 קראָן) פאַר אַ מושב זקנים. עס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן אַ פונדאַציע א. נ. „זקנים־הויז א. נ. מענדל מאַשלער פאַר אָרעמע אַלטע לייט פון משה׳ס גלויבן״. אין יאָר 1912 האָט די טאַרנער יידישע קהילה פאַרקויפט דער פונדאַציע אַ נישט באַנוצטע געביידע פונעם יידישן

שפּיטאָל און אין דעם הויז איז געעפנט געוואָרן א זקנים־הויז. אין נאָמען פון דער פונדאַציע האָט דעם פאַרקויף־אַקט אונטערגעשריבן אַרטור מאַרגוליעס, אין נאָמען פון דער קהילה — יעקב געלדוועֶרט. די טעטיקייט פונעם זקנים־הויז האָט זיך אָפּט־מאָל אנגעשטויסן אויף שוועריקייטן צוליבן פעלן פון געלד. ערשט דער אָנשלוס פונעם זקנים־הויז אינעם יידישן שפּיטאָל האָט באַפעסטיקט און געברענגט אין אָרד־נונג דעם עצם קיום פון מושב זקנים. דאָס איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם באַשלאָסענעם סטאַטוט פאַרן זקנים־הויז אין אַפּריל 1933 יאָר, באַשטעטיקט אין נאָוועמבער 1935 דורכן מיניסטער פאַר סאָציאַלן שוץ. פון דעמאָלט האָבן די זקנים זיך געפונען אין אַ באַנייטן אויסרעמאָנטירטן הויז נעבן שפּיטאָל און באַקו־מען עסן פון דער שפּיטאָל־קיך. אויך מעדיצינישע הילף איז געגעבן געוואָרן דורכן שפּיטאָל־פּערסאָנאַל. פאַר די מעדיקאַמענטן פאַר די זקנים האָט געצאָלט די יידישע קהילה, וועלכע האָט אגב געדעקט דעם גאַנצן בודזשעט פונעם זקנים־הויז. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַן אייגענע שול צום דאַווענען. אין יאָר 1929 האָבן אין זקנים־הויז זיך געפינען 27 אַלטע לייט, אין יאָר 1937 — 37. מיט זיי האָט זיך שטענדיק פאַרנומען אַ שוועסטער־פלעגערין און אַ געהילף. אינעם קהילה־בודזשעט פאַרן יאָר 1937 האָט פיגורירט אַ פּאָזיציע פאַרן זקנים־הויז אויף אַ סומע פון 13.500 זלאָטעס.

פיל אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט האָט געשאָנקען דעם זקנים הויז ה׳ זיגמונט פליישער (איצט אין ישראל). ער פלעגט יעדן שבת, צוזאַמען מיט



די געביידע פונעם זקנים־הויז (×) אין טאַרנע

זיין פרוי (אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע) באַזוכען דאָס זקנים־הויז און איבער־לאָזן באַדייטנדיקע מתנות ביי יעדן באַזוך.

אַלע איינוואוינער פונעם טאַרנער יידישן זקנים־הויז זענען דערמאָרדעט גע־וואָרן דורך די דייטשע באַנדיטן. היינט ווערט די געביידע פונעם מושב זקנים אויסגענוצט דורכן שטאָטראַט פאַר אַ מיליטעריש שפּיטאָל און פאַר איינער פון די אָפּטיילונגען פונעם שטאָטישן שפּיטאָל.

## IV

## יתומים און קינדער־הייזער

דאָס פּראָבלעם פון פאַרזאָרגן יידישע יתומים איז ערשט אויפגעשוואומען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויסער די יתומים וועמענס טאַטעס זענען אומגע־קומען אויף די פראָנטן, האָט זיך אויך אָנגעזאַמלט אַ צאָל קינדער וועמענס עלטערן זענען געשטאָרבן אין די באַראַקן אין ניקאָלסבורג אין טשעכאָסלאָוואַקיי, וואו זיי זענען עוואַקואירט געוואָרן פון די גאַליצישע ערטער וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דער צאַרישער אַרמיי.

די ניקאָלסבורגער יתומים זענען אין טאַרנע איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער געביידע פון דער געוו. שול א. נ. פון באַראָן הירש, און ווען די געזעלשאַפט „שפה ברורה" האָט זיך איינגעקויפט אַן אייגן הויז פאַר אירע שולן, איז ערשט דערעפנט געוואָרן אַן אַנשטאַלט פאַר יידישע יתומים. אַ דאַנק די פאָנדן פון דער יידישער עסקאָנטע־געזעלשאַפט אין טאַרנע, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ יתומים־הויז, וואו אַלע יידישע יתומים פון שטאָט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַזונדערע געזעלשאַפט, וועמענס ציל עס איז געווען זאָרגן פאַר דעם אַנשטאַלט און שוץ איבערן יידישן יתום.

פון אַ באַריכט וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמ־לונג פון דער געזעלשאַפט דעם 22־טן אַפּריל 1928 יאָר, דערוויסן מיר זיך, אַז אין דעמאָלטיקן יאָר האָבן אין אַנשטאַלט זיך געפינען 26 יתומים. די אַנשטאַלט האָט זיך פאַרנומען מיט די יתומים אפילו נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט פאַר־לאָזט דאָס יתומים־הויז, באַמיט זיך אויפצוזוכן פאַר זיי קרובים, אויסלערנען אַ פאַך, געבן באַשעפטיקונג, מאַטעריעל און מאָראַליש אונטערשטיצן.

פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג איז צו יענער צייט געווען דער אַפּטייקער מאַוריצי אַדלער, סעקרעטאַר — ד"ר שלמה גאָלדבערג, קאַסיר — ד"ר מ. מענדערער. דאָקטאָר פון אַנשטאַלט איז געווען ד"ר יוליוש זילביגער, וואָס האָט זיין אַרבעט אויסגעפירט טריי און ערלעך. אָנגעפירט מיטן אַנשטאַלט האָט דער ענערגישער פּעדאַגאָג דיר' ליבליך, וועמען עס האָט געהאָלפן די פלעגערין פרל. מאַהלער.

דער אַנשטאַלט האָט זיך אויסגעהאַלטן פון הכנסות פונעם מיטגליד־אָפּצאָל, פון די שטענדיקע סובווענצן פון טאַרנער מאַגיסטראַט, יידישע קהילה און דזשאָינט. אויף דער אויבנדערמאָנטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין אַפּריל 1928 איז דער־



די געביידע פונעם יתומים־הויז אין טאַרנע

ווײַלט געוואָרן אַ נײַע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פרוי ד״ר עהרענ־פרוינד, פרוי ד״ר רבקה פייג (הייסע ציוניסטין, לאַנגיאָריקער מיטגליד פון טאַרנער אָרגאַניזאַציע „מרים", געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1948), אַננאַ פלור (איצט אין ישראל), פרוי ד״ר גאָלדבערג, פרוי ד״ר קליין, פרוי אינזש׳ פלאַכטע, פרוי רובין, פרוי שאַנצער (איצט אין קראָקע), זאָפיאַ פליישער, דער אַפטייקער אַדלער, ד״ר שלמה גאָלדבערג, ד״ר הענריק גאָלדשטערן, וואָלף געצלער, ד״ר וואָלף מאַנדעל (איצט אין ישראל), ד״ר מענדערער, ד״ר עדוואַרד שאַליט, ד״ר וואָלף שענקעל, לעאָפּאָלד שינאַגעל, ד״ר שמואל שפּאַן.

אין יאָר 1937 איז אַלס פּרעזעס פונעם יתומים־אַנשטאַלט אין טאַרנע דערווײַלט געוואָרן ד״ר וואָלף מאַנדעל, אַלס וויצע־פּרעזעסן — ד״ר מענדערער און לודוויק הופערט, סעקרעטאַר — ד״ר שלמה גאָלדבערג, קאַסיר — אַננאַ פלור.

די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אויף אַ גרויזאַמען אופן אויסגעמאָרדעט אַלע ייִדישע יתומים פון דער אַנשטאַלט. מיטן יתומים־הויז האָט אַ געוויסע צײַט, אויך בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע, אָנגעפירט דיר׳ ליבליך, וועלכער איז צוזאַמען מיט די קינדער דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דײַטשע רוצחים.

אין דער געביידע פונעם ייִדישן יתומים־הויז אין טאַרנע געפינט זיך היינט אַ יתומים־אַנשטאַלט פאַר פּוילישע קינדער.

## „יידישע אכראנקע"

אַ גרופּע ציוניסטישע פרויען, טעטיקע אין דער פרויען־אָרגאַניזאַציע „מרים", האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון די אָרע־מערע יידישע קינדער אין טאָרנע. זיי האָבן געעפנט פאַר זיי אויף גאָלדהאַמער־גאַס נר׳ 11 אַן „אָכראַנקע", אָנגעפירט דורך דער ענערגישער יונגער געזעלשאַפט־לעכער טוערין פרל. שטייער. אין דער אָכראַנקע האָבן די קינדער אין נאָכמיטאָג שעהן באַקומען הילף אויסער דער שול אין לימודים, לעקציעס פון העבראַיש און אַ זעטיק אָוונטברויט.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די אָכראַנקע אַנט־וויקלט אַ פרוכטבאַרע טעטיקייט. אין שפּיץ פון דער אַרבעט איז געשטאַנען ד"ר מענדערער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַקטיווע איבערגעגעבענע טוער, און צווישן זיי — חיים ערליך, לאַנגיאָריקער ציוניסטישער אַקטיוויסט.

אין יאָר 1937 האָט די אָכראַנקע צום ערשטן מאָל איינגעפירט אַ זומער־קאָלאָניע פאַר יידישע קינדער אין פלעשנע נעבן טאָרנע. אויסער דעם האָבן די קינדער באַקומען וואַרעם אָנטאָן, שיך, ווי אויך שול־מכשירים. אין משך פון יאָר זענען פאַר די קינדער איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידענע אימפּרעזעס, ווי: ספּעציעלע אָוונטן און פאַרווייַלונגען. לויטן באַריכט, אָפּגעדרוקט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי" פון 11.3.38, נומ׳ 10, איז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען דעם 27־טן



דאָס יתומים־הויז ביי דער „שפה־ברורה". רעכטס: העלא גרינפעלד.
לינקס: פרוי ד"ר האַלענדער.

פעברואַר 1938 יאָר, איבערגעגעבן געוואָרן, אַז 108 קינדער האָבן דעמאָלט גענאָסן פון הילף פון דער געזעלשאַפט. דער בודזשעט פון דער אָכראַנקע האָט אינעם באַריכט־יאָר באַטראָפן 8.250 זלאָטעס.

אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַן אַקציע פאַר אויפבויען אַ געביידע פאַר דער אָכראַנקע און אַדורכפירן אַ ווער־בירונג־אַקציע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אויף צו באַקומען מערער הילף פאַר דער אַזוי נוצלעכער אינסטיטוציע.

עס איז דעמאָלט אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ד״ר מ. מענדערער, חיים ערליך, מענדל פאָטאַשמאַכער, דבורה אונגער, גאָלדע מאָזעל, העינריק פלור, בערטאַ פלור, פרוי ד״ר מענדערער, פרוי ד״ר זיידענווערג, חוה ליכטבלאו, פרוי עמיליאַ מאָנדשיין, פרוי לאַנגער, פראָפ׳ צבי צוועכער, פרוי ד״ר כאַמעט (איצט אין ישראל), פרוי וואורצעל (איצט אין ישראל), פרוי פעסל, ד״ר עמיל דינטענפאַס (איצט אין ישראל), ד״ר אברהם כאַמעט. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: דיר׳ שענוועטער, ד״ר בלומענפעלד, חיים פרידמאַן. אין חברים־געריכט: דיר׳ לעאָפּאָלד שינאַגעל, מגר. ה. שפּילמאַן.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: ד״ר מ. מענדערער — פרעזעס, פרוי לאַנגער און פרוי ד״ר כאַמעט — וויצע־פרעזעסינס, פרוי ד״ר זיידענווערג — סעקרעטאַרין, חיים ערליך — קאַסיר, חוה ליכטבלאו —



קינדער פון דער „ידישער אָכראַנקע״ ביים אָוונט־ברויט
לינקס — ביים ארויסגעבן דאָס עסן: פרוי ד״ר מענדערער און פרוי לאַנגער
רעכטס: פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: ע. זויערשטראָם, חיים ערליך, ד״ר א. כאַמעט און ד״ר מ. מענדערער.

פאַרטרעטער פון קאַסיר, מענדל פּאָטאַשמאַכער — פאַרוואַלטער, צבי צוועכער — ביבליאָטעקאַר, פּרוי עמיליאַ מאַנדשיין — באַשפּייזונג־סעקציע, פּרוי אונגער — באַקליידונגס־סעקציע, חוה ליכטבלאו — אימפּרעזן־סעקציע, חיים ערליך — סעקציע פאַר זומער־קאָלאָניעס, ד״ר א. כאַמעט — פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע, ד״ר דינטענ־פאַס — היגיענישער אויפזיכט.

דער לאָקאַל פון דער אָכראַנקע האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון „שפה ברורה״ (געוו. שול פון באַראָן הירש). די שיינע און נוצלעכע אינסטיטוציע איז אומגעקומען. נישט געבליבן פון איר קיין זכר.

## די בונדישע פּרעבל־שול

אינעם הויז א. נ. פון בייניש מיכאַלעוויטש, וואו עס האָבן זיך געפונען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די בונדישע אינסטיטוציעס, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שיינע מאָדערנע פּרעבל־שול, אונטער דער לייטונג פון פּרוי ע. בלומענ־קראַנץ. אין דער פאַרשול האָבן געלערנט 60 קינדער אין פאַרשול עלטער. די פאַר־שול איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט „אונדזערע קינדער״, וואָס פלעגט אויך יעדעס יאָר איינאָרדנען אַ זומער־קאָלאָניע פאַרן קליינוואַרג. די געזעל־שאַפט „אונדזערע קינדער״ איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון בונד.

אויך אין דער געביידע געפינט זיך היינט־צו־טאָג אַ נישט־יידישע אַנשטאַלט.

## V

## פאַריין פון יידישע אינוואַלידן, אלמנות און יתומים

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזט טיפע וואונדן צווישן דער יידי־שער באַפעלקערונג וואָס האָט באַוואוינט די עסטרייכיש־אונגאַרישע מאָנאַרכיע. באַזונדערס געליטן האָט דאָס גאַליצישע יידנטום. עס זענען געבליבן נישט נאָר יידישע אינוואַלידן, נאָר גרויס איז אויך געווען די צאָל יתומים און אלמנות נאָך אומגעקומענע אויף די פראָנטן מענער און טאַטעס. די פּוילישע רעפּובליק, אַנט־שטאַנען אויף די חורבות פון דער האַבסבורג־מאָנאַרכיע, האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי פאַראָרדנונגען מיטן ציל צו באַשיצן די מלחמה־קרבנות. אָבער נישט יעדער האָט זיך געקאָנט פונאַנדערקלייבן אין די געהעריקע פאַראָרדנונגען, כדי צו געניסן פון די רעכט וואָס זענען אים געקומען אַלס אינוואַליד צי געליטענער פון דער מלחמה. עס איז דעריבער געוואָרן אַ נויטווענדיקייט צו שאַפן יידישע אינוואַלידן־פאַריינען, וואָס זאָלן אויך פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון יתומים און אלמנות. עס איז געווען דער פאַרדינסט פון עטלעכע אינוואַלידן־טוער אין קראָקע, די ה״ה יעקב באָכנער און ד״ר מאַלקנער, וואָס האָבן אַלע אינוואַלידן־פאַריינען אין מערב־גאַליציע אריינגענומען אין איין צענטראַלע, און פאַראייניהייטלעכט די טעטיקייט

פון די באַזונדערע פאַריינען, דינענדיק זיי מיט עפעקטיווער הילף, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אינטערווענצן ביי די צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען.

אויך אין טאַרנע איז געשאַפן געוואָרן אַן אינוואַלידן־פאַריין, וואָס האָט געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער. דער פאַריין האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן קריגס־אינוואַלידן, אַלמנות און מלחמה־יתומים אויפן געביט פון פאַרזאָרגונג, סאָציאַלע הילף, אויסנוצן קאָנצעסיעס און אַנדערע רעכט וואָס האָבן געהערט אינוואַלידן אין איינקלאַנג מיט די פאָרשריפטן.

אונדז איז באַקאַנט דער פאַרלויף פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פונעם אינוואַלידן פאַריין אין טאַרנע, אָפּגעהאַלטן דעם 4־טן אויגוסט 1929 יאָר. לויטן באַריכט וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויף דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג, האָט דער פאַריין אַדורכגעפירט פיל אינטערווענצן אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, מלוכהשע און מוניציפּאַלע אַמטן און אַנדערע ערטער. דער קאַסע־אומזאַץ פאַרן יאָר 1928/29 האָט באַטראָפן 5719 זלאָטעס 6 גראָשן. עס איז דעמאָלט דערווײלט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פּאָרזיצער — יעקב־בער לאַנגער, וויצע־פאָרזיצער — אברהם ווייסענבערג, סעקרעטאַר — יעקב בלאַך, קאַסיר — יהושע קאַנאַרעק, פאַרטרעטער פון סעקרעטאַר — דוד ענגעל, פאַרטרעטער פון קאַסיר — משה שנור. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען געווײלט געוואָרן: הערמאַן לינדער, אהרון פּאַבער און שלום בראון. אינעם חברים־געריכט: אייזיק דאָרף, מענדל טיפענברון, איזידאָר מאַנדעל.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט אַלס ערן־מיטגליד פון פאַריין אויסגעוויילט דעם פרעזעס פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג יעקב באַכנער און אים אויסגעדריקט אַנערקענונג פאַר זיינע לייסטונגען לטובת די יידישע מלחמה־קרבנות, ווי אויך די וויצע־פרעזעסן פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג ד״ר ל. שערמאַן און ד״ר מאַלקנער און דעם דעפּוטאַט צבי העללער. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן אויסדריקן אַ דאַנק די דאָקטוירים פראַנטשישקאַ בלאַך, ד״ר פרענקעל, ד״ר מאַנדעל, ד״ר גאָלדבערג, ד״ר שמעון בלאַך, ד״ר רובין, ד״ר מאַלקנער, פאַר זייער אומזיסטיקער מעדיצינישער הילף די אינוואַלידן. עס איז אויך באַדאַנקט געוואָרן ד״ר שמואל שפּאַן פאַר זיינע אומזיסטיקע יורידישע עצות און געריכט־פאַרטיידיקונגען, און די אַפּטייקער אַדלער און טאַובעלעס פאַר געבן הנחות ביים קויפן רעצעפּטן.

דער אינוואַלידן־פאַריין אין טאַרנע האָט געפירט אַ פרוכטבאַרע טעטיקייט און געוואונען די אנערקענונג נישט בלויז פון זיינע מיטגלידער און פון דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויף מצד די מלוכהשע און מוניציפּאַלע אָרגאַנען, פון דער יידישער קהילה.

די לעצטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 8־טן מאי 1938 יאָר, אונטערן פאָרזיץ פון דעמאָלטיקן פרעזעס יהושע קאַנאַרעק, וועלכער האָט זינט דער גרינדונג פונעם אינוואַלידן־פאַריין געווידמעט זיך דער אַרבעט פון טראָגן הילף יידישע אינוואַלידן, אלמנות און מלחמה־יתומים. נאָכן באַריכט וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דורכן סעקרעטאַר ח. מעללער און קאַסיר י. האָכהאַוזער, האָט פרעזעס פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די פאַריייניקטע אינוואַלידן־פאַריינען,

ה׳ באַכנער פון קראָקע, געהאַלטן אַ רעפעראַט. דערנאָך איז אויסגעווילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל:

יהושע קאַנאַרעק, יחזקאל מעללער, יוסף האַכהאַוזער, אייזיק האָרף, אליהו זייִדען, אברהם שפּאַנגעלעט. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: מענדעל שלעזינגער, יעקב לאַנגער, איזידאָר מאַנדעל, אינעם חברים־געריכט: אהרון פּאַבער, חיים הערשענפעלד און שלום בראַון.

קיין איינער פון די באַשיידענע און איבערגעגעבענע טוער אויף דער אַזוי וויכטיקן געביט פון סאָציאַלער הילף פאַר די יידישע מלחמה־קרבנות איז נישט איבערגעבליבן צווישן די לעבעדיקע. זיי האָבן פאַרפולט די מאַסן־קברים אויפן יידישן בית־עולם אין טאַרנע, אָדער די גאַז־קאַמערן פון די היטלעריסטישע קרעמאַטאָריעס.

כבוד זייער אָנדענק!

## VI

# אומפּראָצענטיקע לייִ־קאַסע „גמילת־חסד“

די פאַראָרעמונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אָנגענומען גאָר שאַרפע פאָרמען. די אַרבעטס־פעלצער פון יידישע סוחרים און האַנטווערקער האָבן זיך ליקווידירט און דער יידישער מיטלשטאַנד איז אריינגעפאַלן אין אַלץ אַ גרעסערער נויט.

געווען אין טאַרנע אַן אינסטיטוציע וואָס האָט געקאָנט זיך פאַרנעמען מיט ראַטעווען די מענטשן פאַרן פולשטענדיקן חורבן. דאָס איז געווען די אָנפּראָצענטיקע לייִ־קאַסע „גמילת־חסד“, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער יידישער קהילה, ווען זי איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעפירט געוואָרן דורך די ציוניסטן. דער ציל פון דער געזעלשאַפט איז געווען צו געבן אומפּראָצענטיקע הלוואות די פאַראָרעמטע סוחרים און האַנטווערקער. אַזוי אַרום האָט מען געקאָנט אָפּראַטעווען הונדערטער אַרבעטס־וואַרשטאַטן. אין משך פון עטלעכע יאָר איז די דאָזיקע אינסטיטוציע איינגעשטאַנען אין נישט ריכטיקע הענט. הגם „גמילת חסד“ האָט געקאָנט ווערן אַ ברכה פאַר פיל יידישע עקזיסטענצן אין טאַרנע, האָט מען צו דער אינסטיטוציע נישט צוגעלאָזט די מענטשן וועלכע האָבן אַן אייגננוצן געוואָלט אַרבעטן לטובת איר אַנטוויקלונג. ערשט ווען עס איז פאַרענדיקט געוואָרן די צייט פון קאָמיסאַרישער הערשאַפט אין דער טאַרנער יידישער קהילה, און פאַרשידענע „פּאָליטיקאַנער“ אַן קאָכלעפל האָבן פאַרלוירן יעטוועדע השפעה אויף דער יידישער גאַס, איז מעגלעך געווען צו רעאָרגאַניזירן די גמילת־חסד קאַסע.

אַ דאַנק דער פאַרשטענדיקונג פון אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען, איז אין יאָר 1937 רעאָרגאַניזירט געוואָרן די אינסטיטוציע. דעם 3־טן מאַי 1937 איז אונטערן פאָרזיץ פון הערמאַן פלור (געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1949), פאָרגעקומען

אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון אַלע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס וועגן איבער־בויען די אומפּראָצענטיקע ליי־קאַסע „גמילת־חסד״. נאָכן אַריינפיר־וואָרט פון אליהו געווערץ, פּרעזעס פון „אגודה״, איז אַלס פאָרזיצער דערוויילט געוואָרן וואָלף געצלער (פּרעזעס פון מזרחי). נאָך אַן אויסשעפּנדיקער דיסקוסיע, איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדע פּערזאָנען: דוד באַטיסט (בונד), ד״ר א. כאַמעט (פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע), וואָלף געצלער (פּרעזעס פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע), אליהו געווירץ (פּרעזעס פון אגודה), חנא פעססעל, זיגמונט פליישער, הערמאַן פלור, הענריק האַלענדער, שמעון קייל, ברוך קרישער, נחמן רעננערט, ווילהעלם רובין, איזאַק שענוועטער, פּנחס טרינטשער (מזרחי), שלמה וואָלק, ישעיה ערליך. אַלס פאַרטרעטער: בצלאל מיללער, ד״ר חיים ווייס. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: קורץ יחיאל, בערנאַרד לייב, יוסף מיללער, און זייערע פאַרטרעטער — משה עקשטיין, לאָזער זעלינגער.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט געמאַכט ווייטגייענדיקע באַמיאונגען צו ברענגען קאָנסטרוקטיווע הילף און גלייך געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער דזשוינט־צענטראַלע אין וואַרשע.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן: הערמאַן פלור — פּרעזעס, אליהו געווערץ, הענריק האַלענדער, ישעיהו ערליך און זיגמונט פליישער — וויצע־פּרעזעסן, ד״ר א. כאַמעט — סעקרעטאַר, פּנחס טרינטשער — קאַסיר.

מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די באַדייטונג פון גמילת חסד, וואָס האָט זיך אפילו אַריבערגעטראָגן אין אַן אייגענעם לאָקאַל אויף דער גאַס „פּאַד דעמבעם״. דער פּרינציפּ פון דער ליי־קאַסע איז געווען צו געבן הלוואות אויסשליסלעך אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן, אין דער הויך פון 100 זלאָטעס, וואָס די הלוואה־נעמער האָבן אַן פּראָצענטער אומגעקערט אין ראַטעס צו 2 זלאָטעס אַ וואָך. וועגן דער באַדייטונג פון דער הילף זאָגט אַמבעסטן עדות דער פאַקט, אַז בלויז אין די חדשים יאַנואַר און פעברואַר 1938 יאָר זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 107 הלוואות אויף אַ סומע פון איבער 7.000 זלאָטעס (פון אַ באַריכט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ נומ׳ 9, פון 4.3.38).

דער נישט גרויסער קאַפּיטאַל מיט וועלכן די גמילת־חסד קאַסע האָט דיספּאָנירט, האָט נישט דערמעגלעכט אויסצוברייטערן איר טעטיקייט, ווי אויך באַדינען די גרויסע צאָל פּעטענטן וואָס האָבן זיך געווענדעט נאָך הילף.

די דזשוינט־צענטראַלע אין וואַרשע האָט אין שייכות מיט דער גרויסער פּראָדוקטיוויזאַציע־אַקציע פאַר יידישע מאַסן, אָנגעהויבן אין יענער צייט אויפצושטעלן גמילת־חסדים קאַסעס אין באַזונדערע ראַיאָנען פון פּוילן און אויסברייטערן זייער טעטיקייט. צו דעם צוועק האָט דער דזשוינט אָרגאַניזירט ראַיאָן־קאָנפערענצן פון די ליי־קאַסעס. אויך אין טאַרנע איז פאָרגעקומען אַזאַ ראַיאָן־קאָנפערענץ, וועלכע ווערט אַזוי באַשריבן אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי״ (נר׳ 6, 11.2.38):

זונטיק דעם 6־טן פעברואַר 1938 יאָר איז אין טאַרנע פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די אומפּראָצענטיקע גמילות־חסד קאַסעס פון מערב־גאַליציע מיטן אָנטייל פון 70 דעלעגאַטן פון 32 ערטער. פון דער דזשוינט־צענטראַלע אין וואַרשע זענען

צו דער קאָנפערענץ געקומען דיר׳ גיטערמאַן, אינספּעקטאָר קאַגאַן און פרוי אינזש׳ רייכערט. געעפנט די קאָנפערענץ האָט אליהו געווערץ, וויצע־פּרעזעס פון טאָרנער גמילת־חסד. נאָכן באַערן מיט אויפשטיין דעם פאַרשטאָרבענעם פעליקס וואַרבורג, איז דערוויילט געוואָרן אַ פּרעזידיום פון דער קאָנפערענץ אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: מאַשלער (ניי־סאַנץ) אַלס פאָרזיצער, ד״ר וואַסערמאַן (ריישע), הערמאַן פלור (טאָרנע), ד״ר דוד אייכענהאָלץ (ראָפּטשיץ), מיללער (גאָרליץ), שנעפּט (דעמביץ), קאָן (גריבאָוו), אַשער (סאַנאָק), גאָלדשטיין (קראָסנע) — אַלס וויצע־פאָרזיצער און אַלס סעקרעטאַרן — ד״ר שפּיגעל (גרויס־ראַדאָמישל) און מגר. פינק (קראָסנע), אין נאָמען פון דער טאָרנער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט די קאָנפערענץ באַגריסט וויצע־פּרעזעס וואָלף געצלער, דערנאָך האָט דיר׳ גיטערמאַן געלייענט אַ רעפעראַט וועגן די יסודות פון די גמילות־חסד קאַסעס, אַרומרעדנדיק דעם גאַנצן קאָמפּלעקס יסודותדיקע און אָרגאַניזאַציאָנעל־אַדמיניסטראַטיווע פּראָבלעמען פון די קאַסעס. פרוי אינזש׳ רייכערט האָט רעפערירט וועגן ווירטשאַפטלעכן איבערבוי פונעם פוילישן יידנטום. אין דער דיסקוסיע, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ, האָבן זיך באַטייליקט: קאָהן (גריבאָוו), שענוועטער (טאָרנע), שנעפּס (דעמביץ), מיללער (גאָרליץ), ד״ר קופּפער (זאַקליטשין), גאָלדשטיין (קראָסנע), הרב עלבאַום (לאָנצקאָ), ד״ר אייכנהאָלץ (ראָפּטשיץ), אשער (סאַנאָק), אינזש׳ גאָלדפלוס (סטוטשין), רענערט (טאָרנע), מעללער (קריניץ), בראָטמאַן (מושין), סאַנדער (ניי־סאַנץ), ד״ר וואַסערמאַן (ריישע), ד״ר כאָמעט (טאָרנע), באַטיסט (טאָרנע) און ד״ר ווייס (טאָרנע). אין זייערע רעדעס האָבן די דעלעגאַטן דערציילט וועגן דער קלאָגענדיקער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף דער פּראָווינץ און אַרויסגערוקט אַ גאַנצע ריי דעזידעראַטן אויפן אַדרעס פון דער דזשוינט־צענטראַלע אין וואַרשע.

די דיסקוטאַנטן אָבן געענטפערט דיר׳ גיטערמאַן און אינספּעקטאָר קאַגאַן פון וואַרשע. צום סוף איז דערוויילט געוואָרן אַ רעזאָלוציע־קאָמיטעט מיטן ד״ר כאָמעט אין שפּיץ, וועלכער האָט פאַרן פלענום פון דער קאָנפערענץ רעפערירט די רעזאָלוציעס וואָס די קאָמיסיע האָט באַשטעטיקט. די דעלעגאַטן האָבן איינשטימיק אָנגענומען די פאָרגעלייענטע רעזאָלוציעס, דערביי דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די רעזאָלוציע וואָס דריקט אויס אַ דאַנק דעם דיר׳ גיטערמאַן און אינספּעקטאָר קאַגאַן פאַר זייער אַרבעט לטובת דער אַנטוויקלונג פון די קאַסעס, ווי אויך אַ רעזאָלוציע וואָס אַפּעלירט צו דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע וועגן שטיצע פאַר די קאַסעס״.

די קאָנפערענץ און די אָנוועזנהייט פון די דעלעגאַטן פון דער דזשוינט־צענטראַלע האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פאַרשטאַרקערונג פון דער טעטיקייט פון דער טאָרנער גמילת חסד קאַסע. מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן די צאָל באַדערפטיקע, פאַר וועלכע די סומע פון 100 זלאָטעס איז געווען זייער גאַנץ „אומזאַץ־קאַפּיטאַל״, מיט וועלכן זיי האָבן פאַרדינט אויף פּרנסה. שראָגן־זיצערס, האַנטווערקער, כאַלופּניקעס, קליינענדלער — האָבן זיך מאַסנווייז געווענדט צו דער קאַסע וועגן הילף, וואָס האָט באַדאַרפט זיין אַ שנעלע, אַ באַלדיקע. עס זענען געווען טעג, ווען צענדליקער נויטבאַדערפטיקע האָבן געוואַרט אינעם לאָקאַל פון דער קאַסע, ביז עס

האָט זיך פון די צווייער זלאָטעס פון אַנדערע צוריקגעצאָלטע, אָנגעזאַמלט אין דער קאַסע די סומע, וואָס איז געווען נייטיק אין דעם טאָג.

און ווען עס האָט אין דער קאַסע געפעלט געלט אויסצוצאָלן די אַלע, פאַר וועלכע די הלוואה איז געווען אַ לעבנס־פראַגע — און נישט איינמאָל האָט טאַקע געפעלט געלט כדי אויסצוצאָלן אַ צווי ביז דריי טויזנט זלאָטעס — דעמאָלט האָבן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, הערמאַן פלור ז״ל, אליהו געווירץ ז״ל, הענריק האַלענדער ז״ל, זיגמונט פליישער צו לאַנגע יאָרן און אַנדערע, נישט לאַנג געוואַרט און זיי האָבן אונטערגעשריבן וועקסלען אויף דער נייטיקער סומע און מען האָט נאָך דעמזעלבן טאָג אויסגעצאָלט אַלע באַשטעטיקטע הלוואות.

דער סעקרעטאַר פון דער קאַסע ד״ר אברהם כאַמעט האָט באַקומען פון דער דזשוינט צענטראַלע אין וואַרשע אַ דאַנקבריוו פאַר דער אַרבעט אין דער טאַרנער גמילת חסד קאַסע.

מיט באַזונדערער וואַרעמקייט און ערנסטקייט האָט זיך באַצויגן צו דער אַרבעט אין דער גמילת חסד קאַסע דוד באַטיסט און אַ סך צייט און אַרבעט האָבן געאָפּפערט דער קאַסע פּנחס טרינטשער און ברוך קרישער.

די פאַרוואַלטונג פון דער גמילת חסד קאַסע אין טאַרנע האָט באַטראַכט די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אין טאַרנע, באַזונדערס פון די האַנטווערקער, כאַלופּניקעס און קליינהענדלער, און באַשלאָסן אַדורכצופירן אַ גרויסע אַקציע אויף אויסצובררייטערן די טעטיקייט פון דער קאַסע. צו דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ ווירטשאַפטלעכע קאָנפערענץ פון אַלע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט ברענגען קאָנסטרוקטיווע הילף דער יידישער באַפעל־קערונג אין שטאָט. אויף דער קאָנפערענץ האָט אויך געדאַרפט זיין אַ דעלעגאַט פון דזשוינט פון וואַרשע.

די דאָזיקע קאָנפערענץ איז נישט אַרויס פון די צוגרייטונגס־ראַמען. די מלחמה און דער אומקום פונעם טאַרנער יידנטום האָבן אַ סוף געמאַכט צו דער אַזוי שיינער און נוצלעכער זעלבסהילף־אינסטיטוציע אויף דער יידישער גאַס אין טאַרנע.

ד״ר ישעיהו פייג

# זכרונות

זייענדיק אַלט 13 יאָר, בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן ציוניסטישן שטראָם. צו יענער צייט האָב איך פאַרברענגט מיינע זומער־פעריען ביי מיינע עלטערן אויפן דאָרף. כ׳בין געהאַט איבערגעגאַנגען אין פערטן קלאַס גימנאַזיע און אויפן קאָלנער פון מיין מונדיר האָבן געגלאַנצט פיר זעלבערנע פאַסעקלעך. אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך געאיילט צו באַזוכן די פרוי, אַן אלמנה, ביי וועמען מיינע עלטערן האָבן מיך איינגעאָרדנט אויף אַ וואוינונג („סטאַנציע״) בעתן לערנען אין שטאָט. מ׳יין סטאַנציע האָט זיך געפונען אויף דער קאָשאַראָווע גאַס, אַנטקעגן די קאַזאַרמעס. אויף דעמזעלבן הויף האָט געוואוינט די משפחה בינענשטאָק, אייגנטלעך די אלמנה (וועלכע האָט זיך אויסגעהאַלטן פון געבן לעקציעס צוריקגעשטאַנענע שילער) מיט אירע דריי קינדער: מאַקס, דעמאָלט שוין אַ סטודענט אויפן אוניווערזיטעט; אַדאַם, אַ גימנאַזיע־שילער, און שרה — אַ שילערין אין דער פאָלקסשול. אַריינקומענדיק אין הויף, האָב איך פלוצים דערזען מאַקסן אין טרויער־קליידונג, אַ שוואַרצן באַנד אויפן הוט און אַ שוואַרץ שלייפל אין דער לאַץ, כ׳בין אַ ביסל צעטומעלט געוואָרן דערפון און כ׳האָב נישט געוואַגט אים פרעגן וואָס ס׳איז געשען. ערשט אַרויף־קומענדיק צו דער פרוי, האָב איך זי געפרעגט וואָס מיינט מאַקס׳ טרויער־קליידונג, האָט זי מיר געענטפערט, אַז ס׳איז געשטאָרבן איינער מיטן נאָמען הערצל, וועלכער האָט געוואָלט גרינדן אַ יידישע מדינה. „נישט אַלץ איז געווען אין אָרדנונג אין זיין קאָפּ״ — האָט זי צוגעגעבן. „נאָר מאַקס איז מיט אים געווען אין אַ שריפט־לעכן קאָנטאַקט, און די זאַך האָט געהאַלטן נאָענט רעאַליזירט צו ווערן. ער האָט אויך געפירט געשפּרעכן מיט קיסריים און הערשער אין דער פראַגע״ — האָט זי מיט געלעכטער דערציילט. — „אָבער אַז ער איז שוין טויט, איז נישט דאָ וועגן וואָס צו רעדן. נאָר מאַקס האָט אָנגעטאָן אַ טרויער־באַנד. אין אָונט וועט זיין אַ טרויער־פאַרזאַמלונג״.

יענעם אָוונט בין איך שוין נישט צוריקגעפאָרן אין דאָרף און מיט מיין פעטער האָב איך אַהיימבאַפוילן, אַז כ׳בלייב נעכטיקן אין שטאָט ביי מיין בעל־הביתטע.

כ׳קאָן זיך איצט נישט דערמאָנען ווער עס איז דעמאָלט אָנוועזנד געווען אין „ציון־זאַל״ בעת עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די טרויער־פאַרזאַמלונג. איך בין געזעסן ווי אַ פאַרכישופטער, אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט, אַ וועלט מיט געמישטע געפילן פון האָפענונג און טרויער, פון וואונדערבאַרער וויזיע און

שרעקלעכן אומגליק. אַ פֿאַרטרוימטער און פֿאַרשעמטער האָב איך פֿאַרלאָזט דעם זאַל. כ׳בין יענע נאַכט נישט געשלאָפֿן. אינדערפֿרי בין איך ארויס פֿון שטוב ווי פֿון אַ געפֿענגעניש, כ׳האָב אויפֿגעזוכט חברים, דיסקוטירט מיט זיי. כ׳האָב געזוכט ציוניסטישע ליטעראַטור, האָט מען מיר דערלאַנגט אַלטע נומערן „די וועלט״, ווייל די נייע פֿלעגן גלייך איבערגיין פֿון האַנט צו האַנט. כ׳האָם זיך אומגעקערט אַ היים אַ נייער מענטש, און אויב מען קאָן פֿאַרגלייכן קליינע זאַכן מיט גרויסע (ליוט אַ רוי־מיש ווערטל), האָב איך געקאָנט זאָגן, אַז „פֿון שאול איז געוואָרן פֿאול״.

פֿאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אין דאָזיקן לערניאָר מוז איך זיך אָנשליסן אָן דער דאָזיקער וואונדערבאַרער באַוועגונג. כ׳האָב געוואוסט, אַז ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קרייז פֿון גימנאַזיע־שילער אונטערן נאָמען „קולקאָ יודאַאיסטיטשנע״, און געהערט האָבן צו אים די תלמידים פֿון די העכערע קלאַסן — פֿון דער פֿינפֿטער קלאַס און העכער) — וואָס איז געווען קאָנספּיראַטיוו אין זיין טעטיקייט, ווייל אין פֿאַל ווען די שול־מאַכט וואָלט זיך דערוואוסט וועגן דער אָנגעהעריקייט צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וואָלט די סאַמע לייכטסטע שטראָף געווען — באַזייטיקן פֿון שול. צוליבן פֿאַרדאַכט, אַז די שילער פֿון די נידעריקע קלאַסן וואָלט נישט געהאַלטן דעם סוד פֿון דער אָרגאַניזאַציע, זענען זיי נישט אַריינגענומען געוואָרן אינעם יודאַאיסטישן קרייזל („קולקאָ יודאַאיסטיטשנע״). איך דערמאָן זיך איצט די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון קרייזל, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין האָטעל „לאָנדאָן״, וועמענס אייגנטימער, האַבער, איז געווען דער פֿאָטער פֿון אונדזערס אַ מיטגליד. נאָכדעם ווי די פֿאַמיליע האַבער האָט פֿאַרלאָזט טאָרנע, איז די האָטעל־געביידע אָפּגעדונגען געוואָרן פֿאַר דער העברעאישער שולע „שפה ברורה״ (האַבער איז שפּעטער אַוועק פֿון דער באַוועגונג און איך ווייס נישט זיין גורל). אין יענער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט: אַלטער בייטש, וועמענס פֿאָטער איז געווען אַן איינבינדער; עמיל ווידער — זיין פֿאָטער איז געווען אַ גאָלדשמיד; עדעלשטיין בערנאַרד, זיין פֿאָטער — אַן אייזן־סוחר (די עלטערע ברידער פֿון ווידער און עדעלשטיין האָבן שוין געהערט צו אַ „העכער״ קרייזל), יצחק פֿיש, אַ זון פֿון אַ בוך־האַלטער; נפֿתלי ליינמאַן, דער זון פֿון אַ גוטבאַזיצער ווייט פֿון טאָרנע, און דער שרייבער פֿון די שורות. מיר איז איצט נישט באַוואוסט וועגן גורל פֿון די אויבן אויסגערעכנטע טאָרנער יידן, אָנטיילנעמער אין דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון ציוניסטישן קרייזל אין שטאָט. כ׳ווייס אויף אַזויפֿיל, אַז בייטש איז שפּעטער געווען אין בערלין און געשטאָרבן דאָרט אין פֿריען עלטער; דער עלטערער ווידער האָט פֿאַרלוירן אַ פֿוס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה; עדעלשטיין איז ביים סוף פֿון ערשטן וועלט־קריג געשטאָרבן פֿון דער שפּאַנישער קראַנקהייט („הישפּאַנקע״), און זיין עלטערער ברודער איז אין בערלין געווען דירעקטאָר פֿון אַ גרויס קינדער־שפּיטאָל א. נ. פֿון עפּעס אַ קעניגין (דוכט זיך — וויקטאָריאַ), און איצט איז ער באַרימטער קינדער־דאָקטאָר אין תל־אביב; יצחק פֿיש איז געווען אַדוואָקאַט אין טאָרנע און נפֿתלי ליינמאַן איז, שיינט מיר, געווען אַ קינאָ־אייגנטימער אין קראָקע ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ביידע זענען זיי אומגעקומען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. עס דערמאָנט זיך מיר נאָך אַ פּרט: מיר האָבן זיך באַמיט משפּיע צו זיין אויף אַדאַם בינענשטאָק, ער זאָל צושטיין צו אונדזער

קרייזל, אָבער ער איז שוין געווען אַ מיטגליד אינעם „העכערן״ קרייזל, ווייל זיין ברודער מאַקס האָט פאַר אים גאַראַנטירט, אַז ער איז שוין אַ „דערוואַקסענער״ און וועט קאָנען אָפּהיטן דעם סוד.

אינעם העכערן קרייזל האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן ערשט מיטן אַריבערגיין אין דער זעקסטער קלאַס גימנאַזיע. צו דעם קרייזל האָבן שוין געהערט מער אַנטוויקלטע און עלטערע שילער מיט טאַלענט, וועלכע זענען שפּעטער באַרימט געוואָרן. צו דעם קרייזל האָבן דעמאָלט געהערט: ווילעק בערקעלהאַמער, אליהו טיש, אַדאַם בינענ־שטאָק, ווילעק שענקעל, יוסף מאַשלער און אַנדערע. פיל לעבן אין דער באַוועגונג האָבן אַריינגעבראַכט די סטודענטן וואָס פלעגן קומען קיין טאַרנע און אָנגענומען אונדזערע איינלאַדונגען אַרויסצוטרעטן מיט פאָרטראַגן (מאַקס בינענשטאָק, יצחק שיפּער און אנד.). אויף אַ וואָסערע טעמעס האָבן זיי גערעדט? די ערשטע פאָר־לעזונג וואָס כ׳האָב געהערט אין קרייזל איז געווען פון אַדאַם בינענשטאָק וועגן ליליען ,אילוסטרירט מיט זיינע געלונגענע האַנט־קאָפּיעס .מיר פלעגן זיך אויך צונויפזאַמלען יעדער וואָך, געלייענט צייטונגען — „ווסכוד״, „מוריה״, „די וועלט״, באַקענט זיך מיט די אַקטועלע געשעענישן. צו יענער צייט זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל עטלעכע טאַרנער יידישע בחורים: יוסף פערלבערג, לייב ליכטינ־גער, די ברידער לייבל. אין אונדזערע אויגן האָט עס דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ רייזע צום נאָרדפּאָל, ווייל אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָרט, אין ארץ־ישראל, שטאַרבט מען פון מאַלאַריע און אַנדערע קראַנקהייטן. מיר האָבן מקנא געווען די דאָזיקע עולים און אין אונדזערע אויגן זענען זיי גוואַלדיק אויסגעוואַקסן, ממש גבורים. מיר האָבן זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון דער קאָלאָניע מחניים, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך אונדזער בן־עיר ד״ר אברהם זאַלץ, וויצע־פּאָרזיצער פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, צוזאַמען מיט בראָמבערג־ביטקאָווסקי; מיר האָבן געהערט, אַז ראַדעק־סאָבעלסאָן, אַ ידיד פון מאַקס בינענשטאָק, איז געוואָרן אַ „ניהיליסט״ און אַלס רעוואָלוציאָנער אַוועק קיין רוסלאַנד. לאופּבאַן פון דעמביץ איז עולה געווען קיין א״י, ווי אויך די ברידער יחזקאל און יהושע בראַנדשטעטער, צוויי רייכע זין וואָס האָבן געשטרעבט דאָרט צו לעבן אויפן דאָרף און ווערן פשוטע פּויערים (יחזקאל איז היינט אַ לאַנדווירט אין יבנאל, גליל, און יהושע פאַרנעמט זיך מיטן אַנטוויקלען דאָס פילם־וועזן אין לאַנד. נאָך זיי איז נאָכגעקומען די גאַנצע משפּחה, וועלכע איז פאַרוואָרצלט אין לאַנד).

פּיבערהאַפּט האָבן מיר זיך געגרייט צו די עקזאַמענס אין דער פערטער קלאַס, ווייל דאָס האָט געמיינט אַריבערגיין אין אַ העכער קרייזל. מיט האַרצקלאַפּעניש האָבן מיר דערלאַנגט וועגדונגען אָנגענומען צו ווערן אין קרייזל. דאָרט האָט זיך פאַר אונדז געעפנט אַ ברייטערע וועלט, דאָרט האָבן מיר געקאָנט הערן רעפעראַטן איבער קונסט, ליטעראַטור, יודאַאיסטיק, צי איבער יידישע קינסטלער, חסידות און עמאַנציפּאַציע. בערקעלהאַמער איז שוין דעמאָלט געווען רעדאַקטאָר פונעם יוגנט־זשורנאַל „מוריה״. און נישט בלויז רעדאַקטאָר איז ער געווען. ער האָט ממש פאַר־פולט אַלע זייטלעך פונעם זשורנאַל מיט זיינע ליטעראַרישע און פּובליציסטישע אַרבעטן, אונטערשרייבנדיק זיך מיט פאַרשידענע נעמען: בערוויל, וו. ב., פּעפּין (אויפן נאָמען פון זיין מוטער פּעפּי). מען דאַרף וויסן, אַז אונטער זיין ריכטיקן

נאָמען האָט ער נישט געקאָנט שרייבן, ווייל אַנדערש וואָלט מען אים באַזייטיקט פון גימנאַזיע. די דיסקוסיעס זענען געווען שטורמישע. אין יענע טעג האָט מען געדאַרפט דעראָבערן צוויי פעסטונגען: די אַסימילאַציע וואָס האָט געשטרעבט צו זיין אַ קעמפנדיקער אַנטי־ציוניסטישער כוח, און די רעליגיעזע יידן, וואָס אין האַרץ זענען זיי אפשר געווען ציוניסטן, אָבער אין דער פּראַקטיק זענען זיי געווען קעגנער פון ציוניזם און אפילו אים גערודפט. אַלע געשעענישן אינעם יידישן לעבן האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אונדזערע דיסקוסיעס. געווען אויך ויכוחים אינערהאַלב די ציוניסטישע שטרעמונגען, אָבער פריינטלעכע און אויסגעטונענע פון יענער שנאה וואָס האָט געהערשט לגבי אַסימילאַטאָרן און אָרטאָדאָקסיע. געווען דעמאָלט צוויי שטרעמונגען אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג: מזרחי און פּועלי ציון. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די ערשטע פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע איז געגרינדעט געוואָרן גראָד אין טאָרנע, אין יאָר 1902. די גרינדער זענען געווען: יעקב קענער, יצחק בוטערפאַס, זיגמונט פעניכעל און העניק פלור. דעם קעמפנדיקן פּועלי ציוניזם אין אונדזער קרייז האָט רעפּרעזענטירט אליהו טיש, וועלכער האָט זיך באַמיט צו געווינען אונדזערע הערצער. הגם קיין אַקטיווע מזרחי־אָנהענגער האָבן זיך נישט געפונען צווישן אונדזער גרופּע, האָבן מיר אָבער געוואוסט, אַז געוויסע מיטגלידער גייען דאַווענען יעדן שבת און יומטוב, היטן אָפּ יידישע דינים, הגם עפנטלעך האָבן זיי זיך נישט געוואָלט דעקלאַרירן אַלס אָנגעהעריקע צו מזרחי.

נאָך די מאַטורע־עקזאַמענס זענען מיר אריבערגעגאַנגען אין די סטודענטן־אָרגאַניזאַציע בר־כוכבא. בעת די לימודים אויפן אוניווערזיטעט איז די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט געווען גאָר שוואַך, דערפאַר האָט זי מיט גרויס קראַפט אויפגעלעבט אין די זומער־חדשים. די פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף. די סטודענטן האָבן אויף די זומער־פעריען זיך אומגעקערט פון די אוניווערזיטעט־שטעט און פון דאָרט מיטגעברענגט אַ שלל פּראָבלעמען, ידיעות און אָפּהאַנדלונגען. די מיינסטע האָבן געלערנט אין קראָקע און אין ווין. אין קראָקע האָט דעמאָלט געהאַט עקזיסטירט אַ סטודענטן־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „פשעדשוויט״ („השחר״), און אין ווין האָבן די סטודענטן פון גאַליציע זיך גרופּירט אין דער „בר־כוכבא״. פאַרשטייט זיך, אַז אין די פעריען־חדשים איז איינגעשטעלט געוואָרן דאָס סטודענטן־לעבן אין די צוויי שטעט און זיך אריבערגעטראָגן קיין טאָרנע. איך אָבער האָב זיך נישט באַטייליקט אַקטיוו אין די זומער־אַרבעטן פון דער אָרגאַניזאַציע, ווייל ווי אַן אָפּשטאַמיקער פון דאָרף, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט, פלעג איך מיינע פעריען פאַרברענגען מיט זיי. אויסער דעם זענען דאָרט געווען מער פעאיקע פון מיר אַרויסצוטרעטן מיט רעפעראַטן אָדער אָנפירן מיט דער טעטיקייט. אין דער ערשטער ריי זענען געווען טעטיק: ווילעק בערקעלהאַמער, אליהו טיש, ווילעק שענקעל, פריץ וואַסערמאַן (באַאַמטער אין שטייער־אַמט), אַדאַם בינענשטאָק, שמעון שענפעלד. פון די עלטערע מאַקס בינענשטאָק, יצחק שיפער, שמואל שפּאַן, דינסטאַג (שפּעטערדיקער אַרטיסט אין ווינער פאָלקס־טעאַטער, וועלכער האָט געביטן זיין נאָמען אויף סטעפאַן דאַרנאו).

*

ווען כ׳האָב אָנגעהויבן שרייבן די דאָזיקע זכרונות, זענען אָן אַ שיעור פאַקטן און געשעענישן, פון פריינט און חברים, מיר געקומען צום זכרון, אָבער אין גאַנג פון שרייבן, ווען עס איז ווידער געקומען אויפן געדאַנק, אַז אַלע וועגן וועלכע כ׳דערצייל זענען אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופן דערמאָרדעט, געפייניקט און גע־רודפט געוואָרן, — האָבן זיך טרערן געשטעלט אין מיינע אויגן און נישט געלאָזט ווייטער ציען דעם פאָדעם פון זכרונות איבער דער יידישער טאָרנע וואָס איז שוין מער נישטאָ.



ד״ר ישעיהו פייג (פון רעכטס) און דער העברעאישער דיכטער אורי צבי גרינבערג בעת זיין אָנוועזנהייט אין טאָרנע אין יאָר 1932. — פון לינקס: דבורה הורוויץ־אַבראַמאָוויץ.

יוסף היימאַן ז״ל

# פון מיינע זכרונות*

## 1. לייב באַרדאַך

ווער פון דער היגער עלטערער יידישער גענעראַציע געדענקט נישט לייב באַרדאַך ע״ה? דאָס איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער רופא, פריזירער, פעלדשער און אַז. וו. זיין „סאַלאָן״ האָט זיך געפונען אויף דער גראַבאָווקע, אין מאַש־לערס הויז, און איז געווען גוואַלדיק פּאָפּולער ביי דער יידישער און נישט יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען אַ הויכער וואוקסיקער מאַן, מיט אַ לאַנגער גראָער סענאַטאָרישער באָרד, וועלכער איז געוואוינט געווען בעת אַ גע־שפּרעך, אין יידיש פאַרשטייט זיך, אַריינצוּוואַרפן פון צייט צו צייט עטלעכע דייטשע ווערטער און איז צוליב דעם אין די ברייטע יידישע קרייזן אָנגעגאַנגען פאַר אַן אינטעליגענט. איך דערמאַן זיך, אַז באַזונדערס גערן האָט ער באַנוצט דאָס וואָרט „נאַטירלעכערווייזע״, און דאָס, נישט תמיד אויפן ריכטיקן אָרט, דוכט זיך, האָט אימפּאָנירט מענטשן.

כ׳בין נאָך געווען אַ קליין יינגל, ווען כ׳האָב אים דערקענט. ער איז געווען אַ נאָענטער שכן פון מיינע עלטערן. כ׳האָב גערן און אָפט צו אים אַריינגעבליקט, באַזונדערס אין די יאַריד־טעג, כדי זיך צוקוקן ווי אַזוי ער נעמט אויף פּאַציענטן. אויסער דעם שערן און גאָלן, וואָס איז דער עיקר געווען די אַרבעט פונעם געזעלן, האָט באַרדאַך זיך באַשעפטיקט מיט דאָקטאָרישע מלאכות, ווי לאָזן בלוט, רייסן ציין, שטעלן באַנקעס און פּיאַווקעס. פויערים האָבן אָפטמאָל נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן זייער ריי, כדי זיך „אָפּלאָזן״ בלוט, ווייל די דאָזיקע פּראָצעדור, האָבן זיי געטראַכט, באַלאַנגט אי צו טעראַפּיע, אי צו פּראָפילאַקטיק. ביי צאָן־ווייטיק האָט באַרדאַכן געהאָלפן שטעלן דעם דיאַגנאָז אַ שליסעל. מיטן שליסעלע האָט ער געקלאַפּט אָנעם צאָן, פרעגנדיק דעם פּאַציענט, צי עס טוט אים וויי. אויב דער פּאַציענט האָט געזאָגט, אַז אים דוכט זיך, אַז ער פילט אַ ווייטיקביים קלאַפּן, האָט די צוואַנג גלייך אַרויסגעצויגן אויף דער טאָג־ליכט דעם פאַרדעכטיקן צאָן. אויב אָבער עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז עס

---

* די זכרונות פון יוסף היימאַן ז״ל זענען איבערגעדרוקט פונעם טאָרנער „טיגאָדניק זשידאָווסקי״, פון וועלכן דער באַקאַנטער טאָרנער מנהיג און כלל טוער איז געווען אַ שטענ־דיקער מיטאַרבעטער.

איז פאָרגעקומען אַ טעות, האָט דאָס אַרויסרייסן אַ צווייטן צאָן געקאָסט פיל ביליקער ווי דאָס אַרויסרייסן דעם ערשטן צאָן.

צו די דורכשניטלעך פאַרמעגלעכע און אָרעמע יידישע הייזער האָט מען גערופן באַרדאַכן, ער זאָל דערקענען די קראַנקהייט, איידער מען האָט זיך אַנטשלאָסן פרעגן דעם דאָקטאָר. באַרדאַך האָט געהאַלטן, אַז צולייגנדיק אַ האַנט צום קראַנקנס שטערן, דערקענט ער בעסער אַ געהעכערטע טעמפּעראַטור ווי דער דאָקטאָר וועלכער פאַרלייגט דעם טערמאָמעטער. אַמיינסטן האָט ער די קראַנקע געשטעלט באַנקעס, און אָפטמאָל האָבן די געבענטשטע פאָלגן פון אַ קאַנע געהאָלפן אזוי, אַז מען איז זיך באַגאַנגען אָן אַ דאָקטאָר, וועמען מען האָט באַדאַרפט צאָלן האָנאָראַר 50 גרייצער. פאַרשטייט זיך, אַז באַרדאַך האָט נישט „געשונדן די הויט״ און גענומען דאָס וואָס מען האָט אים געגעבן. קיין סך איז דאָרט נישט געווען.

אויסער די הכנסות פון זיין פּראָפעסיע, האָט באַרדאַך נאָך געהאַט אַ הכנסה פונעם זייטיקן פאַרדינסט פון זיין ווייב נעכע. זי האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרקויפן געבראָטענע גענז, באַזונדערס מיט דער יויך פון דעם געבראָטנס (בראָטיויך), וואָס די אָרעמע באַפעלקערונג האָט געקויפט אַנשטאָט די גענז, ווייל אַ פערטל גענזנס האָט געקאָסט אַזש 25 גרייצער! ווי אַזוי די פרוי נעכע האָט געקאָנט פאַרקויפן אַן אומאויסשעפּלעכע צאָל יויך, איז געווען פאַר מיר אַ נישט דערקלערבאַרע דערשיינונג.

אין לייב באַרדאַכס סאַלאָן איז די גרעסטע באַוועגונג געווען פרייטיק. פאַר מיטאָג האָבן די אַרומיקע פויערים זיך געגאָלט און געלאָזט זיך בלוט, נאָכמיטאָג האָבן יידן זיך געשוירן די האָר און די פרומע האָבן זיך געגאָלט די קעפּ.

איינמאָל אַ פרייטיק, איז מיר, אַלס צעניאָריק יינגל, אויסגעקומען צו שערן זיך די האָר ביי לייב באַרדאַך. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז ער געווען אין טיפן עלטער און ביי דער אַרבעט האָט זיך אים די האַנט געטרייסלט. צוליב פיל אַרבעט, האָט דער מייסטער זעלבסט באַוויליקט מיך אָפּצושערן. דאָס אומגליק האָט געוואָלט ,אַז צוליב דער איילעניש און זיין אומזיכערער האַנט, האָט ער מיר ביז בלוט איינגעשניטן דאָס אויער אַזוי, אַז כ׳האָב געמיינט, ער האָט מיר אָפּגעהאַקט אַ שטיקל לעפל... איך האָב אָנגעהויבן שרייען און וויינען, אַז די שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפן. באַרדאַך האָט אָבער נישט פאַרלוירן די גלייכגעוויכט און אָנגעהויבן מיך באַרואיקן: „זיי שטיל — האָט ער געזאָגט — רייס זיך נישט, וועסט נישט באַצאָלן פאַרן שערן. און די פיר גרייצער (דעם צוגעגרייטן שכר), וועסטו זיך באַהאַלטן״. צום צעשניטענעם אָרט האָט ער מיר צוגעלייגט אַ שוועמל וואָס האָט איין דאָס בלוט, און איך האָב זיך טאַקע באַרואיקט, באַהאַלטנדיק מיט אַ נישט קליינעם ווייטיק דעם פאַרדינטן האָנאָראַר.

נעכע האָט מיך אויך געוואָלט מכבד זיין מיט אַ שטיקל חלה, איינגעטונקענע אין בראָטיויך, כ׳האָב אָבער דעם כיבוד נישט צוגענומען.

דער דאָזיקער אינצידענט האָט אים לגמרי נישט געשטערט אין דער רעפּאָרטאַציע פון אַ געניטן באַלבירער, וועלכער האָט דעם אויבנדערמאָנטן פאַל דער־

קלערט די שכנים דערמיט, אַז איך, זייענדיק אַ טעמפּעראַמענטפול יינגל, בין נישט איינגעזעסן רואיק בעתן שערן מיר די האָר.

## 2. דער טאַרנער „אַל־קאַפּאָנע"

לייענענדיק וועגן די איצטיקע זיכערהייטס־באַדינגונגען בנוגע דעם פּאַרמעגן און לעבן פון די איינוואוינער פון ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, הערנדיק וועגן אַל־קאַפּאָנע, דעם „קעניג פון דער טשיקאַגער אונטערוועלט", דער הערשער איבער אַן אָרגאַניזירטער באַנדע גנבים און באַנדיטן פון דער דאָזיקער מיליאָ־ניקער שטאָט, דערמאָן איך זיך, אַז נאָך זייענדיק אַ יינגל, האָב איך געהערט עלטערע מענטשן דערציילן וועגן אַ טאַרנער אַל־קאַפּאָנע, וועלכער איז געווען מיט 70 יאָר צוריק, אין אַ באַשיידענער אויפלאַגע, פאַרשטייט זיך, דער הערשער פון די טאַרנער גנבים, באַוואוסט אין אַלגעמיין אונטערן נאָמען יידעלע גנב, אָדער יידעלע מוץ.

עס איז באמת שווער איבערצוגעבן די באַדייטונג פונעם וואָרט „מוץ" — דאָס איז אַ סינטעז פון אַ שעלמע, קונדס, לץ און כל־בוניק.

שוין אין דער יוגנט איז יידעלע מוץ געווען אַ קעשענע־גנב און אַ דאַנק זיין פלינקייט האָט ער זיך דערשלאָגן אַלס הערשער פון אַן אָרגאַניזירטער גנבים־באַנדע, נישט באַנוצנדיק אָבער דאָס דאָזיקע פאַך אויף דער עלטער. דאַקעגן האָט ער פאַרן איבנדערמאָנטן פאַך געלערנט יונגע קאַנדידאַטן, וועלכע זענען אים תמיד געווען געהאָרכזאַם.

אויב איינער פון דער חברותא איז פאַרשיקט געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, האָט יידעלע מוץ, אַ דאַנק זיינע באַציאונגען און באַקאַנטשאַפט מיט די דעמאָלטיקע פּאָליציי־אָרגאַנען — אַזוי ווי דער היינטיקער אַל־קאַפּאָנע — באַוויזן אין די מיינסטע פאַלן אין אַ גאָר קורצער צייט, אַרויסצובאַ־קומען אויף דער פריי זיין מיטאַרבעטער.

אויב מען האָט דורכגעפירט אַ גנבה, איז דער געליטענער, געוויינלעך, אַוועק צו יידעלע מוץ, וועלכער האָט אין אַנהויב זיך געוואונדערט, הלוואי מען קומט צו אים מיט אַזאַ ענין. נאָך אַ קורץ דינגעניש אָבער, האָט דער געליטענער איינגעצאָלט אַ געוויסע סומע און די פאַרלוירענע זאַך האָט זיך גלייך געפונען, אויך אין געהיים און אויף אַ פלינקן אופן — ווידער אין זיין באַזיץ.

יידעלע מוץ האָט איינגעפירט אַ סיסטעם, וואָס ווערט איצט אויך אָנגע־ווענדט דורך אַל־קאַפּאָנע, אַז פאַרמעגלעכע יידן, דורכן איינצאָלן אַן אַנטשפּרעכנ־דיקע טאַקסע, האָבן זיך ווי עס איז ביי אים אַסעקורירט אויף אַ געוויסער צייט פאַר איינברוכן און גנבות.

יידעלע מוץ, אַלס אַן „ערן־מענטש", האָט געוויינלעך אויסגעפירט זיינע התחייבותן. אויב אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז די גענומענע טאַקסע איז צו קליין אַנטקעגן דעם פאַרזיכערטן אָביעקט, אָדער אויב דער פאַרזיכערטער האָט אָפּגעשלעפּט מיט דער „אַסעקוראַציע־פּרעמיע", האָט אַ ווייטערדיקע גנבה שנעל

איבערצייגט דעם געליטענעם, אַז מען דאַרף זיך ווידער פאַרשטענדיקן מיט יידעלע מוץ.

יידעלע מוץ וואָלט גאַנץ דרייסט געקאָנט אויך פירן אַ שפּיאָנאַזש־ביוראָ, וואָס וואָלט געהאַט די פולסטע אָנערקענונג פון דער היגער באַפעלקערונג. ווייל מיט דער הילף פון אַ גוט־אָרגאַניזירטן אָן אויסגעשטעלטן און גלענצנד פונקציאָנירנדיקן שפּיאָ־נאַזש־גנבה׳שן אַפּאַראַט, וועלכער איז געשטאַנען צו זיין דיספּאָזיציע, האָט ער געוואוסט וויפל און וואָסערע סחורות ווער פון די שטאָטישע האָט אַראָפּ־געבראַכט, ווי אַזוי דער דאָזיקער פּירט זיין הויז, ווי אַזוי די צימערן פון דער וואוינונג זענען מיט זיך פאַרבונדן און אַז. וו., און דער עיקר, צי די אָפּגענומענע פרעמיע איז נישט אַמאָל פאַר אים, יידעלע מוץ, אַ באַוואוילהנדיקע.

פאָלגנדע אמתע פּאַסירונג, דערציילט פון אונדזער גרויסן העברעאישן נאָוועליסט מרדכי דוד בראַנדשטעטער ע״ה, כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן די באַצי־אונגען פון די דעמאָלטיקע יידן צו יידעלע מוץ.

בראַנדשטעטער — אַ גאַר יונגער מענטש, ער איז דעמאָלט אַלט געווען נישט מער ווי 17 יאָר — האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון געאַכטעטן און גוט־סיטואירטן אָרטיקן גאַרבער ר׳ אברהם דאָוויד און איז דערנאָך באַשעפטיקט געוואָרן אין די געשעפטן פון זיין שווער.

ר׳ אברהם דאָוויד איז געווען „אַסעקורירט״ ביי יידעלע מוץ.

פונדעסטוועגן, האָט מען איין נאַכט אַרויסגעגנבעט ביי אים צוויי אויסגע־אַרבעטע פעלן, פון אַ פאַרמאַכטער שאַפע וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גוט אַרומגעצוימטן הויף.

נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי שיקן נאָך יידעלע מוץ, כדי אָפּצוהאַלטן מיט אים אַ פאַרשטענדיקונגס־קאָנפערענץ.

צוליב דעם וואָס ר׳ אברהם דאָוויד איז געווען אַ פערמעגלעכער און אַלגעמיין געשעצטער לעדער־פאַבריקאַנט, האָט יידעלע מוץ אָנגענומען די איינלאַדונג און אַליין זיך מטריח געווען צו ר׳ אברהם דאָוויד.

ער האָט אים זייער העפלעך אויפגענומען, בעטנדיק אים פאַרנעמען אַן אָרט ביים טיש, וואו אויסער דעם בעל־הבית׳ פרוי גאָלדעלע, איז אויך געזעסן בראַנד־שטעטער מיט זיין פרוי.

דער גאַרבער האָט זיך פאַרקלאָגט פאַרן גאַסט, דערציילנדיק אים וועגן דער גנבה, וועלכע איז ביי אים פאַרגעקומען פאַריקע נאַכט.

— באמת, נישט אויסצוהאַלטן מיט די גנבים, זייער חוצפה האָט איצט נישט קיין גרענעץ — האָט יידעלע מוץ מיטגעפילט.

דער גאַרבער האָט פון אים, אַלס דערפאַרענעם און פלינקן מענטש, געבעטן אַן עצה, געבנדיק דערביי אָנצוזאָגן, אַז ער איז גרייט זיך לאָזן קאָסטן כדי צוריק צו באַקומען די געגנבעטע סחורה, וועלכע איז אגב נישט זיין אייגנטום, נאָר אַ קונה׳ס.

יידעלע מוץ פון זיין זייט האָט זיך באַקלאָגט אויף די איצטיקע שווערע צייטן און באַשטימט ענדלעך אַ סומע וואָס אים איז נויטיק אויף „אויפצודעקן״ די גנבים און אַן „אַנטשעדיקונג״ פאַר אומקערן די סחורה.

אַ דינגעניש אַהין, אַ דינגעניש אַהער — ביז עס איז ענדלעך געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג.

יידעלע מוז האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אויב די שטוביקע וועלן די צווייטע נאַכט דערהערט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן רויש אָדער אַ קלאַפּ צוליב אַן אַראָפּגע־פאַלענער זאַך, דאַרפן זיי זיך נישט איבערשרעקן, אָדער אַרויסווייזן אַ נטיה צו דערוויסן ווער עס שטערט דאָסמאָל די נאַכט־שטילקייט, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט האָבן אומאַנגענעמע פאָלגן פאַרן נייגעריקן.

אַלס צייכן פון פאַרענדיקן דעם משא־ומתן צו דער קעגנזייטיקער הסכמה און צופרידנקייט, האָט דער בעל־הבית געהייסן דערלאַנגען אַ פלעשל גוטן בראָנפן און זיסן קוכן, און אָנקלאַפּנדיק אין די גלעזער, האָט יידעלע מוז געטרונקען אַ לחיים פאַרן בעל־הבית און דער בעל־הביתטע, און אויס העפלעכקייט — אויך פאַרן יינגן איידעם, דער צוקונפטיקער שטאָלץ פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

בעתן געשפרעך האָט בראַנדשטעטער געפרעגט דעם גאַסט, ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען אַדורכצופירן די גנבה דורך אַזאַ הויכן און מיט דראָט אַרומגע־צוימטן פאַרקאַן און שטאַרקן שלאָס מיט וועלכן עס איז געווען פאַרשלאָסן די שאַפּע וואו די לעדער האָט זיך געפונען.

יידעלע מוז איז אין כעס געוואָרן אויף דער דאָזיקער, איבעריקנס נאַאיווער פראַגע, און זייענדיק אַביסל בגילופין פונעם בראָנפן, האָט ער זיך געווענדט צום בעל־הבית מיט פאָלגנדע ווערטער:

„דאָס איז אַ חוצפה פון דעם יונגנמאַן צו שטעלן מיר אַזעלכע קשיות. איך בין שוין עטלעכע צענדליק יאָר אַ גנב — און גלויבט מיר — דאָס איז אַ שווערע און אויסמאַטערנדיקע מלאכה. און דער יונגער נייגעריקער וויל, כ׳זאָל אים כאַפּ־לאַפּ זאָגן ווי אַזוי מען מאַכט די דאָזיקע זאַכן״...

דער בעל־הבית האָט באַרואיקט דעם גאַסט, פאַרענטפערנדיק דעם פרעגער מיטן יונגן עלטער. אויסטרינקנדיק נאָך אַ כוס, האָט ער אַ באַרואיקטער פאַרלאָזט דאָס גאַסטפריינטלעכע הויז פונעם גאַרבער.

שפּעט ביינאַכט האָט מען אין דאַווידס הויז געהערט אַן אָפּקלאַנג פון אַן אַראָפּ־געוואָרפענער זאַך אינעם קאָרידאָר.

צומאָרגנס האָט דאַוויד דערקענט די צוגעגנבעטע מיט עטלעכע טעג צוריק לעדער, אין דעמזעלבן צושטאַנד ווי זי איז געווען פריער.

גרשון ארגוב (ריב)
מוסמך האוניברסיטה העברית בירושלים.

טארנע — 775

# זכרונות בוגר הגמנסיה „שפה-ברורה" בטרנוב

ציון לנשמת ד"ר מ. רוזנבוש הי"ד, מנהל הגמנסיה בשנים האחרונות לקיומה, שעונה עד מות על־ידי הטבטונים של המאה העשרים

אחרי גמרי את בית־הספר העממי הפולני בעירה קטנה שבגליציה המרכזית הייתי נבוך ולא ידעתי לאן לפנות ואיפה להמשיך את למודי וחנוכי. כל התאמצות הורי להכניסני לגמנסיה ממשלתית עלו בתוהו. הענויים והיסורים חדרו עמוק ללבי ומלאו את כל ישותי. פלצות אחזתני לעצם הרעיון שהנני עלול להיות נתון עוד שנים אחדות באוירה של אנטישמיות מובהקת ששלטה בכל בתי־הספר הממ־שלתיים בפולניה. שלש שנים עברו עלי מבלי לבקר בית־ספר איזה שהוא. שלש שנים יקרות עברו ללא חנוך מסודר. והנה במקרה נודע לי על קיום גמנסיה עברית „שפה ברורה" בטרנוב, בית־ספר אחד מהמועטים מסוג זה שהתקיימו אז בגליציה. הרעיון ללמוד בבית־ספר עברי משך את לבי. העובדה, כי קיים מוסד בו המנהל והמורים הם, בלי יוצא מהכלל, יהודים, בו בזמן אשר מורה עברי בבתי ספר הכלליים היה יקר המציאות והעיקר — מוסד בו עברית היא אחת משפות ההוראה — כל זה הלהיב את רוחי ובמרץ רב התכוננתי לבחינה לכתה הששית, הכתה העליונה בשנה ההיא במוסד הצעיר. לא כאן מקום לספר את כל פרשת הקשיים שהיו לי עד שהשלטונות הרשו לי לגשת לבחינה. היחס הלבבי של המורים אל הנבחן עשו עלי רושם רב. אבל ההפתעה הנעימה ביותר היתה בשבילי הבחינה ברש"י שהורה המנהל בעצמו — מר ד"ר זכריה זילברפניג. הבחינה התקיימה בכתה בשעת השעור. לשוני דבקה לחכי מרוב התרגשות ולא הוצאתי הגה מפי. לא רק למוד רש"י בספר חומש בכובעים על ראשיהם של המורה והתלמידים ולא רק לימוד המקצוע בצורה מסורתית כמו שלמדתי קודם לכן ב„חדר", אם כי בהבנה אחרת, בהסבר אחר ובביאור אחר, אלא בעיקר העובדה שבנות ישראל לומדות רש"י בביאור עברי יחד עם בנים וידיעותיהן אינן נופלות מידיעות הבנים, הפתיעה אותי במיוחד בזכרי כי חנוך בנות ישראל הוזנח בגולה וכל ידיעותיהן הצטמצמו בקריאות „צאינה וראינה", תרגום של „קב הישר" או ספרים דומים לזה בתרגום לאידיש, זכי בדורות אחרונים פנו רבות מהן עורף לתרבות היהודית ונהרו לבתי־ספר זרים והתבוללו בסביבתן הזרה.



אַ גרופּע לערער ביי דער שפה־ברורה גימנאַזיע מיט דעם שול־דאָקטאָר ד"ר י. פייג

באוירה של בית־הספר נשמתי לרווחה. רוח לאומית, אוירה עברית, שררו בכל פנות המוסד. בעזבי מדי יום ביומו את כתלי בית־הספר עם גמר השעורים, נדמה היה לי שהנני יוצא יום יום מחדש מארץ־ישראל לגולה. שלש השנים שלמדתי בגמנסיה העברית „שפה ברורה" בטרנוב היו בשבילי שנות אושר. שורה שלמה של תמונות חיות עומדת לפני עיני בזכרי את התקופה ההיא. כמו חי עומד לפני עיני אותו הבית, קנין התנועה הציונית בטרנוב, שעמד בפנה שקטה ויפה של טרנוב, על חדריו מלאי אור, על פרוזדוריו הצרים ועל החצר הקטנה, אשר הכיל בתוכו אוצר יקר מאוד: בית־ספר עממי עברי על כמה מאות מילדי ישראל, גמנסיה עברית על מאתים תלמיד מכל החוגים — מבני האגודה והחרדים הקיצוניים ועד בני ה„בונד" ומתבוללים קיצונים, מן העשירים ועד העניים ביותר — וספריה עברית בת שלשים אלף ספר ששמשה את הצבור העברי הרחב בקהלה הגדולה שבק"ק טרנוב.

ביחוד זכורות לי ההכנות לבחינות הבגרות העברית והכללית. היות ותלמידי כתתנו היו המחזור הראשון של המוסד, נחשבנו לחלוצים.

ההנהלה והמורים דאגו וטפלו בנו מאד. לא חסרו כמובן הטפות מוסר מצד המנהל וחבר המורים שהמריצונו להגביר את למודינו. וגם המורים הקדישו את מיטב כוחותיהם שנהיה מוכנים כדבעי לבחינה. ואמנם התוצאות היו משביעות רצון בהחלט — כדברי יושב ראש הבחינה העברית, מר ד"ר אריה טרטקובר. מחמשה עשר נבחנים קבלו שלשה אותות הצטיינות. ומר חיים נייגר, שהיה נוכח בבחינת תלמידה אחת, שהבהירה את דעותיו והשקפתו של אחד העם, אמר: „מסופקני אם חניך גמנסיה בארץ־ישראל יידע את אחד העם כמו בוגרת הזאת".

מטרת המוסד לא היתה רק להרבות אינטליגנציה עברית ולהוסיף עוד כמה עשרות בוגרים עברים, אלא להוציא בוגרים עברים בעלי הכרה לאומית עברית. לכן לא הסתפק בלימוד המקצועות העבריים לפי תכנית הלימודים, אלא כל שעור ושעור חדור היה רוח לאומית.



אַ גרופּע לערער ביי דער גימנאַזיע „שפה ברורה"

נוסף לכך התקימו פעם או פעמיים בשבוע אספות של הכתות, בהן דנו על נושאים לאומיים שונים. בבית־הספר התנהלה פעולה רחבה למען הקק"ל וכל כתה וכתה התחרתה בחברתה והשתדלה לאסוף את הסכום הגדול ביותר בכל חודש.

חבר המורים דאג לפתח חיי חברה בין חניכי הגמנסיה ולשם זה נבחר ועד על־ידי תלמידי ארבעת הכתות העליונות ועד התלמידים אשר טפל בחיים הפנימיים של בית־הספר. ההנהלה נתנה חופש רחב לחניכיה ולא צמצמה את חייהם בתוך גבולות התקנון של בתי־הספר הממשלתיים.

על ידי ההתנהגות הזאת הוגבר רגש האחריות של התלמידים. היחסים בין המורים והתלמידים היו ידידותיים בהחלט. לעתים קרובות אפשר היה לראות מורה ותלמיד מטיילים ברחוב שקועים בשיחה. לא פעם בקרו תלמידים אצל מוריהם ולהפך. והיחס הלבבי ששרר בין המורים והתלמידים לא נפסק גם אחרי בחינת הגמר של הבוגרים.

קיום הגמנסיה לא היה דבר קל. הממשלה הפולנית לא תמכה, כמובן, בה בכלל וגם הקהלה אשר „האגודה", החרדים והחסידים, תומכי ועוזרי הממשלה הפולנית שלטו בה, לא רק שהעלימו עין מהמוסד העברי והלאומי הזה, שחנך דור צעיר חדש, דור עברי לאומי, ושללה ממנו את תמיכתה, אלא שמה מכשולים על דרכי של המוסד ולא נמנעה משום מעשה שיכול היה להכשילו. ולכן התבסס התקציב של המוסד רק על תשלום שכר הלימוד של התלמידים.

והתלמידים היו על פי רוב מחוגי עניים והיה צורך להרבות בהנחות כדי לאפשר לילדים אלה לקבל חנוך עברי שהשתוקקו לו.

הועד המפקח, עם חיים נייגר וד"ר שמואל שפן בראשו, התלבט לא פעם איך לאזן את תקציב המוסד. רק הודות למאמציהם המרובים של האנשים האלה עלה בידי המוסד להתקיים ולגדל. בית־הספר הצליח להתפתח ולעבור לבית מרווח, לקבל זכויות ממשלתיות ולפתוח את שעריו למספר רב של ילדי ישראל.

והנה בעצם התפתחותו של המוסד באה יד אכזרית והרסתהו. רק ארבע מחזורים

יצאו מהגמנסיה בטרנוב. אחדים מבוגריה עלו ארצה והמשיכו את לימודיהם במכללה העברית בירושלים.

ט"ז בטבת תש"ג.

●

מאז נכתבו השורות הנ"ל עברו שבע שנים. בינתיים נודע על החורבן שבא על יהדות פולין בכלל ועל יהודי טרנוב בפרט. מכל המורים בבית־הספר „שפה ברורה" בטרנוב לא נשאר בחיים אף אחד. המנהל ד"ר מ. רוזנבוש הי"ד עונה ונרצח ע"י הנאצים מיד בראשית המלחמה. רק מועטים מבוגרי הגמנסיה ותלמידיה ניצלו והגיעו ארצה. ושנים מהם, אדם שנקל ודמסט הי"ד, נפלו על הגנת הארץ במלחמת השחרור.

בעוד שנה תמלאנה עשרים שנה מאז המחזור הראשון של הגמנסיה„ שפה ברורה". מוסד זה אשר ציוני טרנוב יכלו להתפאר בו, ראוי לציון ע"י יוצאי טרנוב, ביחוד ע"י חניכיו.

אני מציע בזה לערוך בשנה הבאה כנוס של בוגרי הגמנסיה ושל כל אלה אשר פעלו למענה והנמצאים בארץ, כמו: ד"ר ז. זילברפניג, ד"ר ש. שפן, ד"ר חומט ואחרים.

ח' בניסן תש"י.

ב. ווײַנרעב

# פון יידישן שטייגער אין טאַרנע

## די שטאָט פון ערשטע חלוצים

פון די דריי גרויסע שטעט אין מערב־גאַליציע — קראָקע, טאַרנע און ריישע, — האָט אונדזער טאַרנע זיך אויסגעצייכנט אינעם יידישן לעבן מער ווי די איבעריקע. הגם קראָקע האָט געהאַט אַ סך מעגלעכקייטן, האָט טאַרנע אַרויסגעוויזן מערער יידישע שעפערישע פאָלקסטימלעכקייט.

דער העברעאישער ליטעראַטור האָט טאַרנע געגעבן מ. ד. בראַנדשטעטער און דער יידישער געשיכטע דעם ערשטן מאָדערנעם היסטאָריקער ד״ר יצחק שיפּער.

איינע פון די ערשטע יידישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל האָבן אויפגעשטעלט חלוצים פון טאַרנע (די קאָלאָניע מחניים אין גליל). אין טאַרנע איז אויך געשאַפן געוואָרן די ערשטע פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע (געגרינדעט דורך יעקב קענער).

טאַרנע פאַרדינט באמת דעם נאָמען פון דער שטאָט פון די ערשטע חלוצים פון גאַליציע. און אויב רעדן וועגן טאַרנער חלוצים־אָנפאַנגער, דאַרף מען אָנהויבן ביי די משפחות מאָטל לייבל און ניימאַרק, וועלכע זענען אַרויסגעפאָרן קיין מחניים. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז הגם מחניים האָט געליטן אַ דורכפאַל און דער גרעסטער טייל איז צוריקגעפאָרן, האָבן פון טאַרנע ווייטער עולה געווען חלוצים. גענוג צו דערמאָנען די ברידער יחזקאל און יהושע בראַנדשטעטער, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער וואוילשטאַנד און אין ארץ־ישראל געפירט אַ פּרוכטבאַר אַרבעטער־לעבן. די ברידער לייב און יידל לעכטינגער, די ברידער פנחס און דוד־שיע וואָלף, און אַנדערע.

הגם די משפחה מאָטל לייבל האָט געהאַט פאַרלאָזט די קאָלאָניע און זיך אומגעקערט אין זייער געבורטשטאָט, זענען אייניקלעך פון איר לאַנג פאַרן ערשטן וועלט־קריג צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. פנחס משה לייבל געפינט זיך איצט אין כפר־יחזקאל, בנימין לייבל — אין תל־אביב. אויך דער יינגסטער ברודער זייערער האָט עולה געווען. צו דער דאָזיקער משפחה לייבל געהערט אויך דער שרייבער, דיכטער און זשורנאַליסט דניאל לייבל מיט זיינע ברידער שבח אין חיפה און יעקב, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1953. אויך די משפחה פון דוד לייבל געפינט זיך איצט כמעט אינגאַנצן אין ישראל.

ר׳ משה לייבל איז געווען דער פאָטער פון דניאלן און געהאַט אין טאַרנע אַ

רעסטאָראַן, אגב דער איינציקער רעסטאָראַן אין שטאָט, וואו ס׳האָבן געגעסן און פאַרברענגט זייער פרייע צייט פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע יידן. ביי ר׳ משה לייבל פלעגן פאָרקומען געזעגענונגס־באַנקעטן פאַר די עולים־אַרבעטער און דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט אַ האַרציקע רעדע פון אַן ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער (דאָס איז געווען יהושע בראַנדשטעטער, וועלכער האָט דעמאָלט — 1911 —געווילט אין טאַרנע אַלס גאַסט פון ארץ־ישראל) לכבוד דעם אָפּפאָר פון פנחס־משה לייבל קיין א״י.

## די שטאָט פון קאָנטראַסטן

פול מיט קאָנטראַסטן איז געווען דאָס יידישע לעבן אין טאַרנע. פון איין זייט — חסידות און כלי־קודש. פון דער צווייטער זייט — דאָס פאָלק, פּשוטע האַרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן געוואוינט דער עיקר אויף דער גראַבּוווקע. דאָרט זענען געווען די יידישע פיאַקערס, שלייפער, ביגלער, זייפנזידער, טרעגער, וועמענס וועגעלעך זענען אויף שבת אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין אַ ריי. אויף דער גאַס ביים פּילזנער טויער, לעבן דעם באַוואוסטן רעסטאָראַן פון שפּינדלער, וואו ס׳פלעגן זינגען די בראָדער זינגער, האָבן די געשלאָסענע וועגעלעך פרייטיק נאָכמיטאָג אָנגעזאָגט דער שטאָט, אַז די שבת־מלכה קומט אָן.

אויף יידישע חתונות אין טאַרנע פלעגן די קאַפּעלעס פון שענקעל אָדער קרעמער שפּילן האַרציקע יידישע מעלאָדיעס, אַמאָל טרויעריקע, אַמאָל פריילעכע. זיי פלעגן אויך ווילן דעם עולם מיט פריילעכע בדחנישע שטיקלעך.

פיר וואָכן פאַר פּורים און פיר וואָכן נאָך פּורים האָט מען איבער טאַרנער גאַסן געקאָנט זען מאַרשירן דעם רבין מיט חסידים, וואָס האָבן געזונגען חסידישע ניגונים. דער רוב חסידים זענען געווען שניידער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין שטאָט האָט אויך געלעבט אַ יידישער דיכטער — אברהם ניימאַן, פון פאַך אַ קאָמאַשנמאַכער. זיינע לידער זענען געווען אָפּגעדרוקט אינעם „יידישן אַרבעטער״. די ערשטע ליד זיינע האָט געהייסן „מיין פידל״. אברהם ניימאַן פלעגט דעקלאַמירן אויף די אַלע יידישע ליטעראַרישע אָוונטן. באַקאַנטע טיפּן זענען געווען יואל שנור, אַליין אַ רוסישער עמיגראַנט (איצט אין אַמעריקע), און לעמל שנור, אומגעקומען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פון דער אַלגעמיינער טאַרנער יידישער פּאַנאָראַמע איז נישט אויסצוטיילן די פּאַרטייען וואָס האָבן געווירקט צווישן די אַרבעטסמענטשן, באַזונדערס ביי דער יוגנט. קודם כל — די פּועלי־ציון און זש. פּ. ס. אויף וויפל פּועלי־ציון האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט קולטורעלער טעטיקייט, האָט זש. פּ. ס. געווידמעט זיך אינגאַנצן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אַ דאַנק דער אונטערשטיצונג פון פּ.פּ.ס. האָבן זיי געהאַט דערפאָלג אויף דעם געביט. די הויפּט־פירער פון זש. פּ. ס. זענען געווען: די ברידער יהושע און יוסף לאַנדוי

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אין טאַרנע געוואוינט צוויי לערער פון דער העברעאישער שול, וועלכע ס׳האָט געגרינדעט חיים הערש ליכטבלאו און ר׳ איטשע בראַנדשטעטער.ביידע זון פונעם לעצטן — יחזקאל און יהושע — זענען געווען

צווישן די ערשטע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן אין יאָר 1910 זיך באַזעצט אין יבנאל, גליל. די צווייטע לערער זענען געווען: צבי שאַרפשטיין, איצט אין אַמעריקע, אייגנ־טימער פון אַ העברעאישן־פאַרלאַג, און שמעון קאַפּעליאַנסקי, ביידע האָבן געהאַט ביי זיך פעסט באַשלאָסן צו רעדן נאָר עברית. זיי האָבן געזוכט אַ רעסטאָראַן וואו מ׳קאָן רעדן עברית, און זיי האָבן געפונען דעם רעסטאָראַן פון ר׳ משה לייבל, וואו מען האָט געקאָנט באַנוצן זיך מיט העברעאיש.

געווען אין טאַרנע אַ שלאָסבאַרג, וואו די יוגנט פלעגט יעדן שבת גיין אַהין שפּאַצירן. כמעט יעדער יוגנטלעכער האָט געהאַלטן אַ ביכל אונטערן אָרעם, ווען ער פלעגט זיך לאָזן גיין אויפן שבתדיקן שפּאַציר. פרומע חסידישע יונגעלייט פלעגן דאָרט באַקומען די ערשטע וועלטלעכע בילדונג. דאָרט, צופוסנס פון שלאָסבאַרג, האָט דניאל לייבל געגעבן זיינע ערשטע לעקציעס דער אַרבעטער־יוגנט וועגן ליטעראַטור. אויף יענעם אָרט איז מיר פון זיין מויל אויסגעקומען צו הערן צום ערשטן מאָל וועגן סאָקראַטעסן. אויך דער דיריגענט פּייווישעס פלעגט מיט זיין כאָר „האַרמאָניאַ" דאָרט איינזינגען יידישע פאָלקס־לידער, וואָס האָבן דערנאָך געקלונגען אין די אַרבעטער־שטובן אויף גראַבוווקע.

אַ פאָעמע „טאַרנע", אָנגעשריבן פונעם באַקאַנטן דיכטער ראובן אייזלאַנד (אַ געבוירענער אין ראַדאָמישל, געוואוינט אין טאַרנע, איצט אין אַמעריקע), איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן אין קליינמאַנ׳ס קאַלענדאַר, דערשינען אין פשעוואָרסק.

## יידישע טרעגער אין טאַרנע

אויף קיין שום שטאָט אין גאַליציע האָבן די פאָלקסמענטשן נישט אַרויפגעלייגט אַזוי זייער חותם, ווי אויף טאַרנע, אָנגעהויבן מיט די קאַפּעלושמאַכער, שניידער, אַבערטיילמאַכער און אַנדערע פאַכן. פאַרשטייט זיך, אַז אין די לעצטע יאָרן האָבן די הויפּט־ראָל געשפּילט די שניידער־אַרבעטער מיט זייערע דריי מוסטערהאַפט־אָרגאַניזירטע פאַריינען. פון די טאַרנער אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס קאָן מען אָבער נישט אויסטיילן די יידישע טרעגער, וועמענס קלאַסנקאַמף און שטרייקן זענען געקומען צום אויסדרוק דורך אַן אייגן בית־המדרש. ווייל אפילו אין בית־המדרש זענען יידישע האַרעפּאַשניקעס באַעוולט געוואָרן דורך די רייכע שיינע יידן, וועלכע האָבן זיי נישט געגעבן קיין עליות... אָטאַ דער פאַקט האָט זיי געשטויסן אויפצושטעלן אייגענע בתי־מדרשים.

אויך טאַרנער טרעגער האָבן זיך געשאַפן זייער אייגן בית־המדרש, וואו יעדער פון זיי האָט אין אַ יאָרצייט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו דאַווענען אפילו פאַרן עמוד.

טאַרנער יידישע טרעגער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער עטיק און מאָראַל. איך געדענק נישט אַ פאַל, אַז מ׳זאָל אַמאָל האָבן אַרעסטירט אַ טרעגער פאַר גניבה אָדער אַן אנדער אוממאָראַלישע טאַט. זייער „בערזע" האָבן זיי געהאַט ביים פּילזנער טויער, וואו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער טאַרנער מסחר. געווען פּרווון צו אָרגאַניזירן די טרעגער אין אַן אייגענעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, אָבער ס׳האָט זיך עפּעס נישט געקלעבט... אין די ערשטע יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָבן

טאַרנער פועלי־ציון געשאַפן דעם פאַריין, אונטערן פאַרזיץ פון אַנטשל „קאַששש״. צוליב פאַרשידענע סיבות האָט זיך דער פאַריין לאַנג נישט געהאַלטן.

געווען צווישן די יידישע טרעגער אין טאַרנע פאַרשידענע כאַראַקטעריסטישע טיפּן און געשטאַלטן. באַזונדערס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון אַנטשל „קאַששש״. ער איז ביי זיי געווען די אמתע אויטאָריטעט און איינציקער דעה־זאָגער. זיינס אַ וואָרט איז געווען הייליק פאַר די טרעגער. קיינער פון זיי האָט נישט געוואַגט זיך אים אַנטקעגנצושטעלן. אַ הויך־געוויקסיקער, אַ ריזן־געשטאַלט, ברייטע פּלייצעס, מוסקוליעזע הענט, צוויי לאַנגע פיס און אַ הייטל אויפן אויג, וואָס האָט אים צוגעגעבן נאָך מערער עזותדיקייט. מיט אַ שטריק פאַרוואָרפן איבערן אַקסל פלעגט ער זיך אַרומדרייען ביים פּילזנער טויער, אייביק גרייט עפּעס אָפּצוטראָגן, אַבי צו פאַרדינען אויף אַן אָנבייסן פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינד. אַז אַנטשל האָט זיך געפונען ביים טויער, האָבן די טרעגער געפילט זיך זיכערער. ער איז שטענדיק געווען גוט אויפגעלייגט, מיט אַן אָפּטימיסטישן שמייכל אויף די ליפּן. אויב ווער פון די כוליגאַנעס פלעגט פּראָוואָצירן אַ געשלעג, האָט אַנטשל נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, אַרויסגענומען דעם דישל פון זיין האַנט־וועגעלע און אָנגעהויבן שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, אַ צעשלאָגענער כוליגאַן פלעגט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן נישט אָנצוהייבן מיט יידישע טרעגער, באַזונדערס מיט אַנטשלען.

און ווער געדענקט נישט מענדעלע טרעגער, דאָס קליינע דאַרע יידעלע, וואָס פון זיין שווערער אַרבעט און מאָגערע פאַרדינסטן האָט ער געמוזט דערנערן זיך, זיין ווייב און זעקס (צי זיבן) קינדער. פאַר אים, אָט דעם קליינעם און דאַרן ייד, איז קיין שום משא נישט געווען שווער. גרויסע באַלן סחורה, קאַסטנס, פּעק — אַלץ האָבן געטראָגן זיינע דאַרע שמאָלע פּלייצעס. ווען ס'איז אויף אים געלעגן אַ שווערער קאַסטן, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט ברעכט ער זיך אונטער. דעמאָלט האָט מען בלויז געזען זיינע פיס און דעם קאַסטן. אַלדאָס איבעריקע איז געווען פאַרדעקט פון דער משא, וואָס האָט מענדעלען מיטן רויטן בערדל געדריקט צו דער ערד.

מענדעלע האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט. ער האָט געמוזט אַרבעטן מערער ווי אַנדערע טרעגערס, ווייל מפרנס זיין אַזאַ געזינדל, קיין עין־הרע, איז גאָר נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

מענדעלע איז געווען גאָר פרום. יעדן שבת האָט ער אָנגעטאָן אַ שטריימל מיט אַ לאַנגער שוואַרצער קאַפּאָטע. ער האָט נישט געדאַוונט אין דער טרעגער־שול, נאָר צוזאַמען מיט בעלי־בתישע פרומע בעלי־מלאכות וואָס האָבן געהאַט זייער אייגענע „חברה משניות דחייטים״. די חברה האָט זיך געפונען אויפן טאַרנער פישפּלאַץ.

אַן אומפאַרגעסלעך בילד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דער פּלאַץ פאַרן פּילזנער טויער יעדן פרייטיק אָדער יומטוב נאָכמיטאָג, ווען די טרעגער האָבן אָנגעהויבן צונויפברענגען זייערע האַנט־וועגעלעך און מיט אַ לאַנגער קייט אָפּשליסן זיי אויף שבת־רו. די וועגעלעך זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ווי אַ קאָמפּאַניע מיליטער פון יאַנקעלע טראַפּיקאַנט ביז שפּינדלערס רעסטאָראַן.

נישטאָ מער די קרעפטיקע טאַרנער טרעגער, די ערלעכע פאָלקסטיפּן און אַרבעטס־מענטשן, וועמען היטלער האָט אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט.

ד״ר שמואל שפאן / חיפה

# וואלף געצלער

וואָלף געצלער איז נישט געווען קיין קינד פון טאַרנע, ווייל ער איז דאָרט נישט געבוירן געוואָרן און דאָרט נישט אויפגעוואַקסן. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ בירגער פון טאַרנע אין בעסטן זין פון וואָרט. אין משך פון די 30 יאָר וואָס ער האָט געוואוינט אין דער דאָזיקער שטאָט (פון יאָר 1906 ביז זיין פריצייטיקן טויט אין יאָר 1939), האָט ער זיך דערוואָרבן גרויס פּאָפּולאַריטעט, אָנערקענונג און אַכטונג מצד דער גאַנצער באַפעלקערונג, באַזונדערס צווישן דער יידישער אָרעמקייט.

וואָלף געצלער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1877 אין יאַסלע, וואו ס'האָבן געוואוינט זיינע עלטערן מרדכי און פראַדל. זיי האָבן געפירט א קליינהאַנדל פון אייזנוואַרג. דאָס זענען געווען אומפאַרמעגלעכע מענטשן, זיי האָבן אָבער נישט געקאַרגט קיין הוצאות אויף צו לערנען זייער זון, כדי ער זאָל באַזיצן אַ סך יידיש וויסן. מ'האָט אים אַרויסגעשיקט לערנען אין פאַרשידענע ישיבות אין קראָקע, קאָרטשין און באַרדיעוו. די עלטערן האָבן געוואָלט, אַז וואָלף זאָל אַרויס־וואַקסן אַ פרומער געלערנטער ייד, אפילו אַ רב, ווייל אין די יוגנט־יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און זייער גערן און פלייסיק געלערנט.

דער דאָזיקער פאַרלאַנג פון געצלערס עלטערן איז טיילווייז דערפילט געוואָרן, ווייל הגם ער איז נישט געוואָרן קיין רב, האָט ער פאַרמאָגט באַדייטנדיק יידיש וויסן, און דאָס וויכטיקסטע — ער האָט טיף איינגעזאַפּט דעם יידישן גלויבן און אין משך פון זיין גאַנץ לעבן שטרענג אָפּגעהיטן אַלע מצוות און יידישע מנהגים. הגם וואָלף געצלער איז געווען אַ דורכאויס רעליגיעזער ייד, איז ער אָבער לגמרי נישט געווען דורכגענומען מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם. גראָד פאַרקערט, ער האָט געהאַט פולע פאַרשטענדעניש און אָנערקענונג פאַר וועלטלעכע לימודים און אויך פאַר נישט פרומע מענטשן, אויב זיי זענען נאָר געווען ערלעכע.

אַממיינסטן רעדט וועגן דעם דער פאַקט, אַז זיין בת־יחידה האָט געענדיקט דעם אוניווערזיטעט, און איינער פון זיינע זין, הגם ער האָט געלערנט אין טאַרנער קלויז און געטראָגן אַ סאַמעטענעם קאַפּעלוש און אַ לאַנג שוואַרץ כאַלאַט (די אָנגענומענע אין גאַליציע הלבשה פאַר יינגעלייט וואָס האָבן געשטאַמט פון חסידישע עלטערן), האָט ער אין דער היים גלייכצייטיק באַקומען לעקציעס אין די ראַמען פון גימנאַזיע־בילדונג און נאָכן באַלייגן מאַטורע, איז ער אַרויסגעפאָרן שטודירן קיין

בערלין, לערנענדיק דאָרט סיי אויפן פּאָליטעכניקום, סיי אינעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דאָס אַלץ איז געשען אויפן פאַרלאַנג און מיטן וויסן פון וואָלף געצלער. נאָך אין זיין פריסטער יוגנט איז וואָלף געצלער אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אידעע און געוואָרן איינער פון אירע הייסטע אָנהענגער, אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

נאָכן אָנקומען און שטענדיקן באַזעצן זיך אין טאָרנע, האָט וואָלף געצלער אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט פאַרן פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע צווישן דער יידישער אָרטאָדאָקסישער יוגנט און אויך צווישן עלטערע פרומע יידן, וואָס צו יענער צייט איז עס נישט געווען פון די לייכטע זאַכן, ווי עס דוכט זיך היינט אויס, ווייל ער האָט געהאַט קעגן זיך דעם צאָרן פון פאַנאַטיקער, וואָס האָבן זיך גיכער געשראָקן פאַרן ציוניזם ווי פאַרן שמד.

די שטרעבונג צו פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג ווי אויך דער ווילן צו דערמעגלעכן אָרעמע יידישע קינדער צו באַקומען אַביסל וויסן, איז געווען די הויפּט־זאָרג פון וואָלף געצלער. צו דעם צוועק האָט ער אין טאָרנע געגרינדעט די געזעלשאַפט „צדקה", וועלכע פלעגט פון די דורך איר געזאַמלטע געלטער אויסצאָלן אַלטע לייט און אומפעאיקע צו דער אַרבעט יידן חודשלעכע שטיצע. אַ דאַנק דעם זענען טאָרנער יידן באַפרייט געוואָרן פון דער פּלאָג וואָס האָט געהייסן בעטלעריי, און די יינגערע, אַרבעטספעאיקע, איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט פּראָדוקטיווע אַרבעט, אַנשטאָט בעטלען איבער די הייזער. וואָלף געצלער איז אויך געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער תלמוד־תורה און אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט באַקומען אַ ספּעציעל אויפגעבויטע צווייסטאָקיקע געביידע מיט גרויסע לופטיקע צימערן, וואו יידישע קינדער האָבן געלערנט, אַנשטאָט ווי ביז איצט, אין ענגע, טונקלע חדרים פון חרובע הייזלעך. אויסער דעם האָט ער פיל מיטגעהאָלפן צו דעם, אַז דער לערן־פּראָגראַם אין תלמוד תורה זאָל געענדערט ווערן, אויפן אָרט פון די אַלטע נישט־דערפאַרענע מלמדים, זענען צוגענומען געוואָרן יינגערע מענטשן, וועלכע האָבן אויך געהאַט אַ באַגריף אין פּעדאַגאָגיע.

זינט די טאָרנער יידישע קהילה איז דעמאָקראַטיזירט געוואָרן, איז וואָלף געצלער געווען איר פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, און לעצטנס פאַרנומען אפילו דעם אַמט פון וויצע־פּרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. אויך אויף דעם דאָזיקן אַמט האָט ער אַלץ געטאָן, כדי ברענגען הילף דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג.

אין די שווערע צייטן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, האָט וואָלף געצלער נישט אויפגעהערט זאָרגן, לויט די דעמאָלטיקע מעגלעכקייטן, פאַר דער טאָרנער אָרעמער באַפעלקערונג. עדות פון יענער תקופה גיבן איבער, אַז אין טאָג ווען די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אויפן טאָרנער מאַרק־פּלאַץ באַפוילן 10.000 צום טויט־פאַרמשפּטע יידן קניען מיט אויפגעהויבענע הענט, האָט זיך צווישן זיי געפונען אויך וואָלף געצלער. דער גורל האָט געוואָלט, אַז געצלער זאָל נישט זיין ווייטער אויסגעשטעלט אויף די אוממענטשלעכע ליידן און פון אַ האַרץ־שלאַג איז ער געפאַלן אַ טויטער אויף דער ערד. אין דערזעלבער צייט האָבן עטלעכע קניענדיקע יידן לעבן אים, נישט געקוקט אויף דער דראָענדיקער געפאַר, געכאַפּט זיין טויטן קערפּער

און אַוועקגעטראָגן אויפן יידישן בית־עלמין, וואו ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה נישט אין אַ מאַסן־גרוב, נאָר אין אַ באַזונדערן קבר, לויט אַלע יידישע מנהגים.

אַזוי האָבן טאַרנער יידן אָפּגעדאַנקט זייער בעל־טובה און דעם שטאָלץ פון טאַרנער יידנטום — וואָלף געצלער. ער, וואָס האָט ביים לעבן אַזוי שטרענג אָפּגעהיטן אַלע יידישע מינהגים און מצוות, איז אויך געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל לויטן יידישן דין.

## ד״ר אברהם כאמעט

# מאוריצי הוטער

צו די ערשטע אָנפירער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) נאָך אין עסטרייכישן גאַליציע האָבן געהערט גאָר וויכטיקע יידן. אַ חוץ די גרויסע, ווי ליבערמאַן, העקער, דיאַמאַנד, די ברידער דראָבנער, האָט פּ.פּ.ס. פּאַרמאָגט אין יעדער גרעסערער שטאָט לאָקאַלע אָנפירער, וואָס זענען געווען יידן. נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער זש.פּ.ס. (יידישע-סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) אין די ערשטע יאָרן פונעם 20־טן יאָרהונדערט, האָט זיך פּאַרמינערט די צאָל יידן אין דער פּ.פּ.ס. — מיטן וואוקס פונעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אויף דער יידישער גאַס אין גאַלייצע, האָט קודם כל די יידישע אינטעליגענץ געפונען איר באַזונדערן וועג און פאַרמערט די רייען פון די „סעפּאַראַטיסטן". דער טייל וואָס האָט נישט געפונען זיין פּלאַץ אין דער ציוניסטישער מחנה — אין דער פּועלי־ציון אָדער אין דער סתם־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — איז אַריין אין די זש.פּ.ס. עס האָט לגמרי אויפגעהערט דער צושטראָם פון יידישער אינטעליגענץ און יידישע אַרבעטער צו דער פּ.פּ.ס. דער יידישער אַרבעטסמענטש און דער יידישער אינטעליגענט האָבן שוין געהאַט זייערע אייגענע יידישע פּאַרטייען, אין וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעלעבט און געקעמפט פאַר זייערע אידעאָלאָגיעס.

נאָר איינצלנע יחידים זענען געווען פאַרעקשנט און געבליבן געטריי דער פּ.פּ.ס. צו זיי האָט אין טאָרנע געהערט מאוריצי הוטער. ער איז געבליבן אין דער פּ.פּ.ס. און איז נישט אַריין צו דער זש.פּ.ס. — זיין צוגעהעריקייט צו דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט אים אָבער נישט אַוועקגעפירט פון יידישקייט, וואָס איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אין זיין נשמה. דער פוילישער סאָציאַליסט, מאוריצי הוטער — איז געווען אַ גוטער ייד או ער האָט דאָס אַרויסגעוויזן אויף פאַרשידענע אופנים. ער האָט אין זיין ערלעכקייט געגלויבט אַז סאָציאַליזם באַדייט אַ גאולה פאַר אַלע געפּלאָגטע און געפייניקטע — ובכן אויך פאַר דער יידישער אָרעמקייט. זיין סאָציאַליזם איז געווען פריי פון פּאַרטיי־חשבונות און פּאַרטיי־פּאָליטישע קאַלקולאַציעס. ער איז געווען צונויפגעוואַקסן מיטן סאָציאַליסטישן געדאַנק און סאָציאַליזם איז געווען ביי אים אַ גלויבן, אַן אמונה. זיין סאָציאַליזם האָט געדאַרפט לייזן אַלע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון דער יידישער אָרעמקייט. זיין סאָציאַליזם איז נישט געווען קיין אויסגעלערנטער, ער איז געקומען פון זיין אינערן און האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ וועזן.

מאוריצי הוטער האָט טאַקע קיין מאָל נישט באַקעמפט דעם ציוניזם. אין זיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אויף דער יידישער גאַס, איז ער געווען דער נאַטירלעכער פאַרבינדעטער פון ציוניסטישער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט אין אַלע פראַגן פון טאָגטעגלעכער יידישער ווירקלעכקייט.

דער יסוד פון זיין סאָציאַליזם איז געווען צו לינדערן די נויט פון אָרעמע מענטשן, יידן צי קריסטן. ער האָט געפילט און געזען דעם גרויסן פאַרנעם פון דער יידישער נויט און דערפאַר האָט ער זיך אין גאַנצן געווידמעט דער יידישער אָרעמקייט. זיין פילאַנטראָפּישער צוגאַנג צום סאָציאַליזם האָט אים נישט דערלויבט צו



מאוריצי הוטער אין אַן 1־מאַי דעמאָנסטראַציע אין טאַרנע — לינקס פון אים דער סאָציאַ־ליסטישער סיים־דעפּוטאַט פונעם טאַרנער קרייז אַדאַם ציאָלקאָש.

זוכן א תשובה אויף דער באַזונדערקייט פון דער יידישער נויט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז דער יידישער אַרבעטער אין גאַליציע און שפּעטער אינעם אומ־אָפּהענגיקן פּוילן לעבט אין באַזונדערע נאַציאָנאַל־ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס פאָדערן אַ ספּעציפישן אַנאַליז און לייזונג, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום קאַמף פון די יידישע מאַסן אין פּוילן פאַר אַ פולן נאַציאָנאַלן קיום. פאַר מאוריצי הוטער האָט נישט עקזיסטירט דאָס פּראָבלעם: יידיש פאָלק.

אָבער — דער פּוילישער סאָציאַליסט האָט זיך נישט דערווייטערט פון יידישקייט אינעם פאָלקסמיטלעכן און אפילו אינעם רעליגיעזן זין. זיין צוגעהעריקייט צו די אָנפירנדיקע פּוילישע סאָציאַליסטן אין דער שטאָט, האָט אים נישט געשטערט צו זיין דער פּרעזעס פון דער יידישער פאַרטגעשריטענער טעמפּל־געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע שול מיט אַן אָרגל, אַן אייגענעם כאָר און אַן אייגענעם ראַבינער. און ער אַליין טאַקע האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט אין די יום־טוב טעג צו געפינען זיך צווישן די מתפּללים. ער איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער יידישער מאַסע, מיטן יידישן בעל מלאכה און סתם יידישן פאָלקס־מענטש. מאוריצי הוטער האָט נישט געדינט קיין דאָגמעס. אַ פולער מענטש, אַ הומאַניסט, וואָס האָט תמיד געהאַנדלט אַזוי, ווי עס האָט אים דיקטירט דאָס סאָציאַליסטישע געוויסן און דאָס יידישע האַרץ.

הוטער איז געווען פונעם באַרוף אַ פאָטאָגראַפיסט און האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם וואַרשטאַט אויף דער קראָקעווער גאַס. די יידישע אָרעמקייט האָט גוט געוואוסט דעם אַדרעס פון הוטערס וואַרשטאַט. ווער מיט אַן עקסמיסיע, מיט אַן עגזעקוציע, ווער מיט אַן ענין צום מאַגיסטראַט אָדער אַן אַנדערן אַמט. אַלע האָט מען געקאָנט טרעפן צו יעדער צייט פון טאָג אין הוטערס פאָטאָ־וואַרשטאַט. ער האָט שוין געהאַט זיינע אַדוואָקאַטן און יעדען פון זיי האָט ער צוגעטיילט עטלעכע זיינע קליענטן מיט זייערע אַנגעווייטיקטע ענינים. דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט באַקומען הוטערס אַ קוויטל, האָט עס אָנגענומען אַן תרעומות און אַן אַ שום באַלוינונג, פאַרטרעטן און פאַרטיידיקט הוטערס קליענט, אָדער אים אָנגעשריבן די נויטיקע בקשות אָדער אַפּעלאַציעס.

הוטערס יידישקייט האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער האָט תמיד אָנטיילגענומען אין דער קהילה־טעטיקייט אין טאַרנע. הוטער, איינער פון די אָנגעזעענע אָנפירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין טאַרנע, איז לאַנגע יאָרן ביז צום חורבן פונעם טאַרנער יידנטום, געווען צוגלייך דער פּרעזעס פונעם בעלי מלאכה פאַריין „יד חרוצים" אין טאַרנע.

צום שטאָטראַט האָט ער קאַנדידירט אויף די ערשטע פּלעצער פון דער פּ.פּ.ס.־ליסטע, אָבער בעת די קהילה־וואַלן האָט ער פיגורירט אויף דעם ערשטן פּלאַץ פון דער „יד חרוצים" ליסטע. זיין נאָמען האָט געצויגן שטימען אויף דער גראַבּווקע און אין אַלע יידישע גאַסן, וואו עס האָט געוואוינט די יידישע אָרימקייט. אין דער אַגיטאַציע איז געווען שווער מיט אים זיך צו פאַרמעסטן. ער האָט נישט אָפּגעהאַלטן קיין גרויסע אַגיטאַציע־פאַרזאַמלונגען. די הונדערטע קליענטן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַ גאַנץ יאָר מטפּל געווען, זענען געווען זיינע אַגיטאַטאָרן און פאַר אים מאַסנ־

האָפּט געשטימט. אַ גרויסע קאָנקורענץ איז ער געווען אי אַלס סאָציאַליסט אי אַלס ייד טאַקע פאַרן בונד, וואָס האָט אויף גראַבּוּוקע געהאַט זיין פעסטונג.

אין דער קהילה האָט ער תמיד געטראַכט איינצוהאַלטן זיין אומאָפּהענגיקע פּאָזיציע. דאָס האָט אים נישט געשטערט אין אַלגעמיין יידישע און סאָציאַלע פראַגן מיטצואַרבעטן מיט די ציוניסטן. אינעם שטאָטראַט, וואו ער איז געזעסן אַלס רעפּרעזענטאַנט פון פּ.פּ.ס., איז ער קיין איינציק מאָל נישט געקומען אין אַ סתירה מיט זיין יידיש געוויסן און באַטראַכט זיך גלייכצייטיק אַלס אַ פאַרטרעטער פון דער יידישער אָרעמקייט.

זיין יידישקייט, זיין טעטיקייט אין יידישע געזעלשאַפטלעכע און קהילה'שע אינסטיטוציעס האָט נישט פאַרמינדערט זיין אָנזען און פּאָפּולאַריטעט אין די קרייזן פון פּוילישע אַרבעטער, וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אין דער פּ.פּ.ס.

בשעת די 1־מאַי דעמאָנסטראַציעס האָט ער תמיד מאַרשירט אין דער ערשטער ריי צוזאַמען מיט אָפיציעלע פּ.פּ.ס. פירער אין טאַרנע. אין אַלע שטעטישע און מלוכה'שע אינסטיטוציעס האָט די פּ.פּ.ס. דעלעגירט מאוריצי הוטערן, ווייל איבעראַל האָט מען זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך ארץ און מיט זיין דעה און וואָרט האָט מען זיך גערעכנט.

אַ גאַנצער מענטש, אַן ערלעכער כלל טוער, וואָס האָט דעם גאַנצן מעת לעת געווידמעט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווי אַ פאָטער פון אָרעמע יידן און דערצו אַליין געלעבט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען.

הוטערס זון האָט נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה עולה געווען קיין ארץ ישראל. ווער געדענקט דאָס נישט — מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ דער אָנפירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי האָט אונדז ציוניסטן געליינט די הערלעכע בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין זון אין ארץ ישראל.

ווען היטלערס באַנדעס האָבן פאַרנומען טאַרנע און די געסטאַפּאָ האָט אָנגע־הויבן צוצוגרייטן דעם חורבן און אַלס אָנזאָג צעשטערט מיט דינאַמיט אַלע שולן און בתי מדרשים, האָט הוטער פאַרלאָזט טאַרנע און איז אַריבער קיין מזרח גאַליציע. ווען עס איז אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה — איז אים נישט געלונגען זיך צו עוואַקואירן קיין טיף רוסלאַנד. ער איז פאַרפייניקט געוואָרן פון די היטלעריסטישע רוצחים. עס איז אומגעקומען איינער פון די שיינסטע געשטאַלטן פונעם טאַרנער יידנטום. כבוד זיין אָנדענק!

# זאב קימעל

## צום אנדענק פון מילעק שיף

ער איז פאַרהעלטנישמעסיק שפּעט אַריינגעטרעטן אין הנוער הציוני אין טאָרנע, ווען ער איז שוין באַקאַנט געווען אין דער ספּאָרט־וועלט אַלס „גוטעק", דער מייסטער פון פינג־פּאָנג. דעם פּסעוודאָנים האָט ער זיך אויסגעקליבן צוליב דער פשוטער סיבה, ווייל אַלס גימנאַזיע־שילער האָט ער נישט געקאָנט אָפיציעל געהערן צום ציוניסטישן ספּאָרט־קלוב „שמשון" — און צו יענער צייט האָט זיין נאָמען געגנוג אָפט זיך באַוויזן אין די ספּאָרט־אָפּטיילונגען פון דער פּוילישער פּרעסע. מיט דער צייט האָט ער אויף דעם געביט דערגרייכט באַדייטנדיקע דערפאָלגן. אין משך פון זעקס יאָר האָט ער פינף מאָל דעראָבערט דעם טיטל מייסטער פון פוילן אין פינג־פּאָנג. אין דער רעפּרעזענטאַנץ פון פוילן האָט ער זיך באַטייליקט אין די אינטערנאַציאָנאַלע פינג־פּאָנג פאַרמעסטונגען אין באַדען (עסטרייך) און אין לאָנדאָן. ער איז אויך געווען צוזאָגנדיק אין טעניס. צוויי מאָל — אין די יאָרן 1937 און 1938 — האָט ער אין די טעניס־מייסטערשאַפטן פון דער קראָקאָווער וואָיעוואודסטווע געווינען דעם איבערגאַנגס־בעכער פון קראָקעווער שטאָט־פּרעזידענט קאַפּלינסקי. מען האָט זיך געריכט, אַז ער וועט דעם בעכער דעראָבערן צום דריטן מאָל.

אין עלטער פון זעכצן יאָר טרעט ער אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע. נישט קיין צופאַל האָט אים דאָרט אַהינגעבראַכט. דעם דאָזיקן וועג האָט ער אויסגעקליבן באַוואוסטזיניק — ער איז טאַקע געווען איינער פון די אַממיינסטן איבערגעגעבענע און בעסטע מיטגלידער פון קן.

ווען איך האָב אים נענטער דערקענט, איז מילעקס כאַראַקטער און אויפפירונג געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג. איך האָב געמיינט, אַז דער דאָזיקער נישט־דורכשניטלעך שיינער יונגערמאַן, באַקאַנט און פּאָפּולער אין די קרייזן פון דער ספּאָרט־יוגנט, דער זיגער אין פיל פאַרמעסטונגען — קאָן זיין פאַרריסן אָדער זעלבסט־צופרידן. מילעק, אבער, איז געווען זייער באַשיידן, נישט פאַרדאָרבן — ווי מען האָט געקענט מורא האָבן — צוליבן אָפטן פאַרברענגען אין אַ געזעלשאַפט פון פיל עלטערע קאָלעגן פון ספּאָרט־קלוב. ס'איז נישט געווען אין אים קיין שמץ פון גאווה. פאַרקערט, גיכער האָט מען געפילט ביי אים אַ שטענדיקע אומצופרידנקייט מיט זיך זעלבסט. ער האָט געהאַט גרויסע אינטעלעקטועלע אַספּיראַציעס. אין גימנאַזיע איז ער געווען אַ גלענצנדער שילער. שוין דעמאָלט האָט ער דערלערנט

שפּראַכן, געגומען אַ גאַר לעבעדיקן אַנטייל אין דער קולטור־אַרבעט פון קן, געלייענט זייער אַ סך.

נאָכן פאַרברענגען אויף דער אינסטרוקטאָרן־קאָלאָניע, איז ער געוואָרן לייטער פון אַ „קבוצה", דערנאָך פון אַ „גדוד" און „שיכבה". ער פלעגט אָפּט האָבן עטלעכע פונקציעס מיטאַמאָל. ער איז געווען אומדערמידלעך. ער האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, ווען מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט נייע פליכטן, וועלכע ער פלעגט אויספירן געוויסנהאַפט.

לויט ווי פאַר אַ ספּאַרטלער איז ער געווען אויסערגעוויינלעך עמפּינדלעך. אים האָט געצויגן צו ליטעראַטור און בעלעטריסטיק, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע. ער איז געווען איינער פון די, אַ דאַנק וועמען עס איז אונדז געלונגען אין קן צו שאַפן די אַטמאָספער פון אַן אינטענסיוו קולטורעל לעבן.

די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. מיר האָבן זיך פאַרלוירן אין איינעם פון די הייסע סעפּטעמבער־טעג אויף די וועגן וואָס האָבן געפירט אויף מזרח. דערנאָך זענען צו מיר דערגאַנגען בלויז נישט קלאָרע ידיעות. איך האָב געהערט, אַז ער איז אַוועק קיין יאַפּאַן — און פון דאָרט ווייטער.

ווען איך בין נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין פּוילן, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז אין ארץ. מיר האָבן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט. אויף די אינטערנאַציאָנאַלע פינג־פּאָנג פאַרמעסטונגען אין יאָר 1947, איז ער געקומען קיין פּאַריז און ענדלעך באַוויזן זיך אויך ביי אונדז. אין וואַרשע האָבן מיר איינ־געאָרדנט אַ קליינעם צוזאַמענפאָר פון די שארית הפליטה פון אונדזער גרופּע. און דאָ האָב איך געטראָפן מילעקן נאָך אַכט יאָר און דערוואוסט זיך וועגן זיינע וואַנדער־וועגן.

די דאָזיקע וועגן זענען טאַקע געווען אויסערגעוויינלעכע. נאָכן זיין אין יאַפּאַן אַ קורצע צייט, האָט ער מיט אַן אומוועג אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע. פון דאָרט — נאָכן אָפּזיין עטלעכע חדשים — איז ער געפאָרן קיין מצרים און פון דאָרט ענדלעך קיין ארץ־ישראל. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן אין די ארץ־ישראלדיקע מיליטער־אָפּטיילונגען פון דער ענגלישער אַרמיי. שפּעטער איז ער אַלס זעלנער פון דער יידישער בריגאַדע געווען אויפן איטאַליענישן פראָנט, וואו ער האָט באַקומען דעם ראַנג פון אַן אָפיציר. נאָכן ענדיקן די מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל.

מיר האָבן אים בעטראָפן אין וואַרשע. דאָס טרעפן זיך מיט חברים וועלכע ער האָט נישט געזען אַזאַ לאַנגע צייט, איז פאַר מילעקן געווען אַ שטאַרקע איבער־לעבונג. אין זיינע לאַנגע וואַנדערונגען איבער דער וועלט, האָט אים אַממיינסטן געפּלאָגט די איינזאַמקייט, ווייל נישט גרינג האָט ער זיך צוגעקליבן פריינט. ער איז געווען אונטער די פרישע איינדרוקן פון זיין באַזוך אין פּאַריז און פּראַג. נישט קיין וואונדער, אַז דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געווירקט אויף זיין הייטערקייט, וואָס האָט אים באַהערשט אין משך פון די צוויי טעג פון אונדזער „צוזאַמענפאָר", אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט פינף פּערזאָן. מילעק האָט גערעדט מערער ווי אַלע פינף צוזאַמען. ער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. אין משך פון די ווינציקע יאָרן פון זיין קורץ לעבן האָט ער געזען און איבערגעלעבט מערער וויפל עס איז

בויטיק אויסצופילן אַ לאַנג דורכשניטלעך לעבן. ער איז געווען עמפּינדלעך, גאָר אינטענסיוו איינגעזאַפּט אין זיך איינדרוקן, איז נישט קיין וואונדער, וואָס אין זיין געדאַנק האָט געשוויבלט מיט בילדער, איבערלעבונגען, מחשבות. ער האָט אונדז איבערראַשט נישט נאָר מיט דער רייכקייט פון זכרונות, נאָר מיט אָריגינעלע געדאַנקען, אינטערעסאַנטע, דורכדרינגלעכע.

ער האָט פליסיק באַהערשט אין וואָרט און אין שריפט העברעאיש, פּויליש, ענגליש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, דייטש, גערעדט נישט שלעכט יידיש און טשעכיש. ער האָט געקענט לידער אין די אַלע שפּראַכן.

מיר האָבן גערעדט פּויליש, נאָר ווען דאָס געשפּרעך איז אַריבער אויף ארץ־ישראלדיקע טעמעס, איז ער פון זיך זעלבסט איבערגעגאַנגען אויף העברעאיש. איבעריקנס, ער וואָלט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט דערציילן אַנעקדאָטן און וויצן פונעם לעבן פון ישוב, וועלכע ער האָט אונדז אגב נישט געקאַרגט.

דאָס לעצטן אָוונברויט האָבן מיר געגעסן אין אַ רעסטאָראַן. נאָך עטלעכע באַמערקונגען וועגן דער צילגעווענדטקייט פון עטלעכע פראַנצויזישע אַפּאָריזמען און נאָך אַ פילאָזאָפיש געשפּרעך וועגן זין פון לעבן, האָט מילעק אָנגעשריבן אויף די פּאַפּיר־טישטעלעך: „דאָס לעבן, סע לאַ ווי, 11.12.47. מילעק". וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס אָבן די דאָזיקע ווערטער, ווען איך קוק אויף דעם מאָדנעם, אַ ביסל עגזאַלטירטן, אַ ביסל יונגליש־ראָמאַנטישן צעטל, געשריבן מיט אַ גוט־באַקאַנטער האַנטשריפט — היינט, ווען מילעק לעבט שוין נישט!

די לעצטע ידיעה פון אים האָבן מיר געהאַט פון נגב. ער איז געווען אָפיציר אין אַ הגנה־איינהייט.

ווי אַ דונער האָט אונדז געטראָפן די ידיעה, אַז מילעק איז פון אונדז אַוועק. ער האָט זיך אייגנוויליק צעשיידט מיטן לעבן. מער ווייסן מיר גאָרנישט.

אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, ווען איך האָב אין אַ פעליעטאָן וואָס איז דערשינען אינעם אָרגאַן פון אונדזער באַוועגונג „הנוער", פיל אָרט אָפּגעגעבן מילעקן — האָט ער זיך געוויצלט: אונדזער „אייטש" (אַזוי האָט ער מיך אָפּט גערופן) וועט אונדז נאָך אַמאָל באַשרייבן אין אַ ראָמאַן. מיר האָבן געלאַכט. איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז כ'וועל דאַרפן שרייבן דערינערונגען וועגן מילעקן שוין נאָך זיין טויט.

ווען כ'האָב זיך שוין אויף אַזויפיל געהאַט צוגעוואוינט צו דער ידיעה וועגן זיין טויט, אַז כ'האָב געקאָנט טראַכטן וועגן דעם ווי פון אַ געשעענים פאַקט, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַ זאַץ פון די „דריי רעדעס וועגן יידנטום", וואָס מיר פלעגן אַמאָל אַזוי גערן לייענען. אין געוויסע באַדינגונגען — זאָגט מאַרטין בובער — הערן מיר אויף זיך צו באַציען צו יידן בלויז ווי צו ברידער און שוועסטער. נישט איינער פון אונדז פילט: די דאָזיקע מענטשן זענען אַ טייל פון מייך וועזן.

היינט, ווען איך טראַכט וועגן מילעקס טויט, פאַרשטיי איך דעם מיין פון די ווערטער: עס איז אַרויסגעריסן געוואָרן אַ טייל פון מיין וועזן.

„אָ פּ י נ י אָ", לאָדזש־וואַרשע 20.9.48, נומ' 42 (55)

## אברהם כהנא, אבר״ך

# ר׳ לייבוש יאנאוויצער
(טיפּן פון מיין היימשטאָט)

אַ נידעריק יידל איז עס געווען דער ר׳ לייביש, אַ דיקלעכער, מיט אַ צעשויבערטער נישט אויסעקעמטער באָרד, וועלכע האָט פאַרן לעבטאָג קיין קאַם נישט געזען. און אויפן קאָפּ — אַ פאַרגרינטן אָפּגעריבענעם קאַפּעלוש מיט אַ כפול־שמונהדיקער וואַטאָווקע און אַ פּאָר פּויערישע שטיוול. יאַנאָוויצער האָט מען אים גערופן צוליב דעם דאָרף אין וועלכן ער איז געבוירן געוואָרן, און צו וויסן וועגן אים האָט מען אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט חתונה געהאַט און איז געוואָרן אַ „ייד״.

רחמנא לבא בעי, גאָט דאַרף דאָס האַרץ. און זיין האַרץ האָט אים געצויגן צו די צדיקי הדור, צוערשט צום סאַנדזער, און אַז „ער״ איז נסתלק געוואָרן, צו זיין זון, דעם שיניאַווער ז״ל, וועמען ער האָט באַגלייט, וואו אַהין ער פלעגט פאָרן האַלטן שבת און איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ מקורב ביים שיניאַווער ז״ל.

די פּרנסה זיינע איז געווען אַ „מילכיקס״, דאָס הייסט אַזויפיל, אַז ער האָט געבראַכט יעדן טאָג מילך אין שטאָט פונעם „הויף״, וועלכער איז געווען דריי מייל ווייט פון שטאָט. און מיינט נישט, אַז ר׳ לייביש איז געווען אַ סתם מילכיקער. ר׳ לייביש פלעגט פאָרן אין דאָרף אַריין, און דאָס איז געווען צווײ־דריי ביינאַכט און צומאָל נאָך פריער — מיט זיין מאָדנע וועגעלע, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן פון אַ משונהדיק צעבראָכענער שקאַפּע. די גאַנצע וועלט איז נאָך געווען פאַרזונקען אין שלאָף, ווען ר׳ לייביש האָט אָנגעהויבן לויבן דעם אייבערשטן מיט „שערי ציון״, מיט תהילים, מעמדות און נאָך אַזעלכע זאַכן, ביז ער איז געקומען אין הויף אַריין, גענומען זיין פּאַרציע מילך און איז צוריק געקומען אין שטאָט, געגאַנגען אין מקוה אַריין און געדינט גאָט.

דערצו איז ער נאָך געווען אַ וואוילער בעל־תפילה פאַר די ימים־נוראים, ווייל ער האָט זייער האַרציק געדאַווענט. ער האָט אָבער אינעם דאַווענען פאַרבראַקט אַזעלכע העוויות, אַז מען פלעגט אַמאָל מוזן אַ לאַך טאָן אויך אין אַ גאָר ערנסטן מאָמענט.

אַ שווער געשעפט איז עס געווען מיט די תפילות. ער האָט געוואוסט, אַז ער גרייט זיך צו מיט דעם פּרנסה אויף אַ גאַנצן ווינטער, פאַר יענער שווערער צייט, ווען מען דאַרף האָבן האָלץ, וואַרעם אָנטועכץ, קאַרטאָפל, און נאָך אַזעלכע „דראַ־

ביאַזגעס״. מוז מען זשע אויף דעם גוט אויפפּאַסן, מוז מען, כהיום, דאָס קול גוט אָפּהיטן, עס זאָל חלילה נישט הייזעריק ווערן. און ער איז טאַקע געווען שטאַרק פאָרזיכטיק און שוין נאָך שבועות האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ גראָבן וואַרעמען שאַליק ער זאָל זיך נישט פאַרקילן, און צוליב דעם האָט ער בכלל שטאַרק אויסגעהיט זיך הויך צו רעדן, ער זאָל זיך דאָס קול נישט צופיל אָנשטרענגען. מיט סתם מענטשן איז עס נאָך אָנגעגאַנגען, ווייל אפילו ווען ער האָט שטילער גערעדט, האָט מען אים פאַרשטאַנען, נאָר מיט זיין „שקאַפּע״ איז עס געגאַנגען אביסל שווערער.

צומאָל איז ער אונטערוועגס און די שקאַפּע ווערט משוגע, זי וויל נישט גיין. וואָס טוט מען? ער שלעפּט די לייצעס, זאָגט שטיל „וויאָ״. די שקאַפּע איז טויב צוליב אַלטקייט, זי הערט נישט. נאָכאַמאָל „וויאָ״! שוין העכער, זי הערט ווייטער נישט. ס׳דויערט אַ האַלבע שעה, דאָ פּלאַצט שוין זיין געדולד און ער זאָגט: „אַוועק מיט אַלע שחריתים און מוספים״. ער גיט אַ געשריי: „וויאָ״ — אַז די שקאַפּע דערשרעקט זיך פאָרט און הויבט אָן סטופּייען.

שטאַרק נתפּעל איז ער געווען פון זיינע רבי׳ס. ער פלעגט נישט מיד ווערן צו דעציילן זייערע וואונדער, טאָג און נאַכט צווישן אַ כנופיה חסידים און אנשי־מעשה אין אַן ענגן פינסטערן ווינקל פון דער קלויז, באַזונדערס בין־השמשות, בשעה שאינה יום ולא לילה.

מיט ר׳ לייבישן האָט נאָך וואָס פּאַסירט. ער איז אַמאָל געקומען אין דאָרף און דאָרט געטראָפן אַ פאַרוואָרלאָזטן יונג, מאַנכע זאָגן אַ ממזר. אַ נאַר און אַ שטאַמלער שוין אין די קינדער־יאָרן, איז ער געווען אַ פּאַסטוך און האָט געפּאַשעט די שאָף ביי אַ „גוי״. ר׳ לייביש האָט געזען, אַז דאָס איז אַ מצוה פון „פדיון־שבויים״, האָט ער אים גענומען אין שטאָט אריין, אויסגעלערנט אַ ביסל עברי, כאַפּן שיריים ביי רבי׳ס וכדומה. ער האָט אים אַרונטערגעבראַכט אונטער די פליגל פון דער שכינה און חסידות. חוץ־מזה האָט ער אים באַשעפטיקט ביי זיך און ער פלעגט אים אויסטיילן די מילך ביי זיינע קונים.

ר׳ לייביש איז אויך געווען דער גרויסער מכניס־אורחים. האָט אַן ארחי־פרחי׳ניק נישט וואו צו שלאָפן אָדער צו עסן, שיקט מען אים צו ר׳ לייבישן, און דאָ באַקומט ער שוין אַ גוטן שטרויזאַק, צום צודעקן, היפּש ברויט מיט קעז בחנם.

פעלט אַ ישיבה־בחור אַ „טאָג״ אָדער אַ בעטלער שבת, זאָרגט פאַר אַלע ר׳ לייביש. און ר׳ לייביש איז נישט מער ווי אַ מילכיקער, אַ פּשוטער אָבער אַ פרומער מילכיקער.

## ד״ר ישעיהו פייג

# טאַרנער טיפּן

## דער שטומער

אַ פאָלקסווערטל זאָגט: „יעדע שטאָט האָט זיך איר משוגענעם״. אויך טאָרנע האָט געהאַט אירע משוגעים, כ׳מיין: משונהדיקע מענטשן, וועלכע האָבן צוגעגעבן דער שטאָט קאָלאָריט, דערגאַנצט איר פּייזאַזש, געוואָרן אירס אַ באַשטאַנדטייל. געווען ביי אונדז משונהדיקע פּאַרשוינען לויט זייער אויפפירונג, קליידונג און גאַנצן לעבנסשטייגער. טאָרנע האָט פאַרמאָגט דעם באַוואוסטן לץ שטרייסענבערג, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון אַ גלעזל וויין צי בראָנפן, אַ מין באַהעמיען, וואָס האָט טאַקע מותר געווען אויף אַלע באַקוועמלעכקייטן פון דער וועלט אָבער נישט פון זיינע ווערטלעך און זאָגעכצן וואָס זענען געווען גאָר שאַרף און געטראָפן אין פּינטל.

געווען צענדליקער משונהדיקע מענטשן וואָס האָבן גראָד פאַרנומען הויכע פּאָזיציעס אין דער געזעלשאַפט, אַזעלכע וואָס זענען נישט געגאַנגען דווקא לויט דער אָנגענומענער ליניע, און דערפאַר האָבן זיי זיך געפונען אויף אַלעמענס מיילער, און רכילותניקעס, וואָס אַזעלכע האָבן אין שטאָט נישט אויסגעפעלט, האָבן געהאַט אַרבעט אויף אַרבעט. געווען אויך בעטלער און אייגנאַרטיקע טיפּן, אָן וועלכע טאָרנע וואָלט פיל פאַרלוירן פון איר כאַראַקטער: חיים שטאָלץ, חנה׳לה ז׳טאַרנאָוואַ, דאַסעלע מיט דער שותפטע, וואָס האָבן זיך תמיד געקריגט וועגן אַ פּרוטה, און אַנדערע.

איך וויל דאָ פאַראייביקן אַ מענטש, וועמענס נאָמען קיינער האָט נישט געוואוסט, הגם ער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרברענגט צווישן די איינוואוינער פון שטאָט. עס איז נישט באַוואוסט געווען צי ער האָט קרובים צי משפחה, פונוואַנען ער איז געקומען אינדערפרי און וואוהין ער גייט ביינאַכט. ער איז געווען טויב, שטום און בלינד. גערופן האָט מען אים דער שטומער. אַ הויכוואוקסיקער, שטענדיק אָנגעטאָן אין כאַלאַט, מיט אַ שטעקן אין האַנט. דער מאָלער קרעסטין האָט געהאַט אָפּגעמאָלן זיין בילד, וואָס איז שפּעטער רעפּראָדוצירט געוואָרן אויף פּאָסט־ קאַרטלעך. זיין גאַנצער ווערטער־אוצר איז געווען אַ קלאַנג פון האַלדז, וואָס האָט אַמאָל אויסגעדרוקט רוגזה, אַמאָל פרייד. אין משך פון דער וואָך האָט ער דורכגעוואַנדערט דאָס גאַנצע יידישע טאָרנע (וואוינונגען פון יידן פלעגט ער



דערקענען דורך דעם, וואָס ער האָט ביים אַריינגאַנג אָנגעטאַפּט אַ מזוזה). ער פלעגט קיינמאָל נישט איבערטרעטן די שוועל פון אַ דירה, און קיינער האָט נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אים אַ נדבה — אַ האַלבן עסטרייכישן גרייצער (אַ הונדערטסטל חלק פון דער עסטרייכישער קראָנע), די קלענסטע מטבע וואָס איז נאָר געווען.

אפילו פאַר דער מעדיצינישער וועלט איז ער געווען אַ פענאָמען. כ'האָב אין קיין בוך פון דער רייכער מעדיצינישער ליטעראַטור נישט געפונען אַזאַ פאַל פון אַ בלינד־טויב־שטומען גלייכצייטיק. אַלע דריי מומים אין זייער פולקאָמענהייט — ביי איין מענטש. ער האָט נישט געזען, נישט געהערט און נישט גערעדט. בלויז ווען ער האָט זיך געוואָלט צו וועמען ווענדן, פלעגט ער אַרויסלאָזן אַ קלאַנג און דער דורכגייער האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס בעט ער אים אַריבערפירן אויף דער צווייטער זייט גאַס, אָדער מ'זאָל אים עפענען אַ טיר. פאַר דעם צוועק פלעגט



חנה׳לה

ער אויך קלאַפּן אין טיר מיט זיין שטעקן, מיט וועמענס היקף ער פלעגט זיך אויך אָפּיאָגן פון קינדער־קונדסים.

ער האָט זיך איינגעטיילט דעם יידישן קוואַרטאַל אויף זעקס חלקים און יעדן טאָג פלעגט ער באַזוכן די שטובן פון איין חלק שטאָט. אין יעדער וואוינונג האָט ער זיך באַוויזן דעמזעלבן טאָג פון דער וואָך און אפילו אין דער זעלבער צייט — מיט אַ געוויער פּינקטלעכקייט ממש. לויטן באַווייזן זיך פונעם שטומען אין אַ יידישער שטוב, האָט מען געקאָנט פעסטשטעלן גענוי׳ דעם טאָג און די שעה.

ביי אַלע זיינע מומים איז ער געווען אַן אויסערגעוויינלעכער דזשענטלמען. מער פון דער קליינער מטבע האָט ער ביי קיינעם נישט גענומען. אויב ער האָט באַקומען אַ גרעסערע מטבע, פלעגט ער גלייך אַראָפּלאָזן זיין האַנט אין קעשענע און מיט איינמאָל אַרויסציען פון דאָרט דעם גאַנצן רעשט וואָס ער האָט באַדאַרפט

געבן. געווען פֿאַלן, ווען ער האָט באַקומען אַ גאַנצע קראַנע, פֿלעגט ער רעשט געבן געגנבֿי 49 אַ האַלבן גרייצער, ד. ה. 99 העלער. אויב מען האָט אים געגעבן עפּעס צו עסן, האָט ער שוין קיין געלט נישט גענומען.

יעדן שבת איז ער געקומען אין שול, אָוועקגעשטעלט זיך ביי דער מערבֿ־וואַנט און עס האָט געהייסן אַז ער דאַווענט גלייך מיט אַלע. שווער צו באַגרייפֿן וואָס ער האָט דעמאָלט געטראַכט. ווען ער פֿלעגט זיך אַמאָל נישט באַווייזן אינעם באַשטימטן טאָג און שעה אין אַ יידיש הויז, איז שוין קלאָר געווען, אַז ער איז קראַנק. נאָכן געזונט ווערן פֿלעגט ער אָנהויבן צוריק בעטלען לויטן איינגע־פֿירטן סדר: יעדן טאָג אין זיין באַשטימטן ראַיאָן אין שטאָט. הייסט דאָס, אַז ער האָט יאָ געוואוסט ווען עס איז אין וואָך. קיין מענטש האָט נישט געהאַט קיין אָנונג, וואָס עס טוט זיך אין זיין האַרץ, אין זיינע געדאַנקען, נאָר מען קאָן אָננעמען, אַז ער האָט מער־ווייניקער געלעבט זיין אייגן אינטעלעקטועל לעבן, נישט געקוקט אויף די שרעקלעכע מומים.

וואו ביסטו איצט, שטאָט מיינע? וואו איז דיין צויבער? וואו זענען דיינע „משוגעים”?

ד״ר א. כ.

# וואלף וואקסקערץ

זיין פאָטער ר׳ אברהם וואַקסקערץ האָט געהערט צו די גרויסע למדנים אין טאָרנע. פאַרשטייט זיך, אַז וואָלף איז דערצויגן געוואָרן אין אַ שטרענג אָרטאָ־דאָקסישער סביבה און האָט געהערט צו דעם קרייז ישיבה בחורים, וואָס זייער באַשעפטיקונג איז געווען לערנען תורה.

ווען ציוניסטישע לאָזונגען האָבן אָנגעהויבן זיך אריינרייסן אין די מויערן פון דער טאָרנער קלויז און בית מדרש, איז וואָלף וואַקסקערץ געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פונעם ציוניסטישן אמת און אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן אַ גלענצנדער קענער פונעם העברעאישן וואָרט. זיין השפעה אויף אַ גרויסן קרייז חסידישע בחורים האָט ער אויסגענוצט אויף צוצופירן זיי צום קוואַל פון דער העברעאישער ליטעראַטור און צו באַהעפטן זיי מיטן ציוניסטישן געדאַנק.

ציוניזם האָט אָבער פאַר וואָלף וואַקסקערצן באַדייט נישט בלויז אַ שיינעם חלום. ער האָט נישט גערוט, ביז ער און זיינע נאָענסטע חברים (צווישן זיי דער איבערגעגעבענער יונגער ציוניסט און חלוץ זילבער ז״ל) האָבן נישט גובר געווען אַלע הינדערנישן און שוועריקייטן, אויף וועלכע אַ חסידישער בחור פון אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישער משפחה האָט געמוזט זיך אָנשטויסן נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויב ער האָט געוואָלט עולה זיין קיין ארץ ישראל.

אינעם יאָר 1920 פאָרט וואָלף מיט אַ גרופּע חברים קיין ארץ ישראל. צוזאַמען מיט זיין פריינט און תלמיד זילבער ז״ל (וואָס נאָך אַ קורצער צייט פון זיין קומען אין לאַנד אַריין האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן) באַזעצט ער זיך אי בנתיה, אין עמק הירדן. ווען די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער פון יבנאל, בית וגן און מנחמיה האָבן געשאַפן אין דגניה ג׳ א הכשרה־פונקט פאַר נייע עולים־חלוצים, איז וואָלף צוגעטרעטן צו אַ קבוצה, אין וועלכער עס האָבן זיך אויך געפונען טאָרנער חלוצים, ווי ווײַדלער און אסתר הרשקוביץ, וואָס וואוינט היינט אין גניגר און זי האָט דאָס אונדז איבערגעגעבן פרטים פון וואָלף וואַקסקערץ׳ס לעבן אין דגניה ג׳.

„אין דגניה ג׳ — דערציילט אסתר הרשקוביץ — זענען מיר געווען 12 חברים זאב (אַזוי האָט מען אים גערופן) איז באַלד קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע און איז געווען לאַנג געלעגן אין קראַנקן־הויז. ער האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיט זיין געזונט־צושטאַנד און ביי די שווערסטע אַרבעטן איז ער תמיד געווען צווישן

און חברות און מיר האָבן געבילדעט איין גרויסע משפחה. דער צאַרטער און שוואַכער די ערשטע. פאַר אונדז אַלע איז ער געווען ווי אַן עלטערער ברודער. מיט זיינע עצות או דעות האָבן מיר זיך אַלע גערעכנט. מיר האָבן אים גערופן „אונדזער גאַרדאַן” און זיין גוטמוטיקער גייסט האָט תמיד צווישן אונדז געשוועבט. ער איז געווען אונדזער לערער און דערציער”.

„און הגם ער האָט אַ סך געליטן צוליב זיין קערפּער־שוואַכקייט, האָט ער אָפּגעהיטן, אַז קיינער פון זיין סביבה זאָל דאָס נישט פילן. להפך — צו אַלץ און צו אַלע האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ לייכטן שמייכל און מיט אַ גוט וואָרט”.

„אין יענער נאַכט — נאָך וועלכער מיר האָבן אים באַגלייט אויף זיין לעצטן וועג, איז ער געווען שומר. צומאָרגנס האָט ער געדאַרפט פאָרן קיין טבריה, כדי זיך אונטערצוגעבן אַן ענדגעלטיקער היילונג פון זיין שלאַבעריקן געזונט. אין יענער נאַכט — האָב איך פאַרווילט אין זיין געזעלשאַפט ביז אין די שפּעטערדיקע שעה'ן און מיר האָבן אַ סך, אַ סך גערעדט וועגן דער צוקונפט און אַנטוויקלונג פון אונדזער קבוצה, ווייל מען האָט שוין דעמאָלט געדאַרפט אונדז איבערפירן אויף אַן אַנדער אָרט צוליב'ן מאַנגל אין ערד אין עמק הירדן. ער האָט טאַקע פאָראויסגעזען די וויכטיקייט פון די וואַסערן פונעם ירדן, וואָס וועלן דאַרפן באַוואַסערן דאָס לאַנד און דערמעגלעכן די באַזעצונג פון וואָס מער קבוצות אויף דעם שטח. מיר האָבן דאָס ערשט פאַרשטאַנען, ווען אין עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דעם איבערפירן אונדזער



וואָלף וואַקסקערץ ז"ל מיט אַ גרופּע חברים אין טאַרנע

קבוצה קיין גניגר, האָט מען דאָרט געשאַפן נייען פונקטן און באַזעצט בית זרע, אפיקים און אשדות. אָבער וואַקסקערץ האָט שוין נישט זוכה געווען דאָס צו זען. ווער פון אונדז האָט אין יענער נאַכט געקאָנט אפילו אויף איין רגע גלויבן, אַז מאָרגן וועט זאב אַ סוף מאַכן צו זיין לעבן? ער האָט אונדז פאַרלאָזט אין דער שווערסטער צייט, ווייל מיר זענען געשטאַנען פאַר וויכטיקע אַנטשלוסן. מיר זענען געבליבן ווי שאָף אָן אַ פאַסטוך. נאָך לאַנגע יאָרן, ווען מיר זענען שוין געווען אין גניגר, האָט זיין גייסט געשוועבט צווישן אונדז. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס איז געווען די סיבה פונעם טראַגישן אַנטשלוס צו נעמען זיך דאָס לעבן. אפשר זיינע קערפּערלעכע שוואַכקייט און זיינע ליידן? מיר האָבן אים פאַרלוירן אויף אייביק און אויף קיין איין רגע האָבן מיר נישט פאַרגעסן אונדזער טייערן חבר און פירער פון פאַר 31 יאָר״.

די קבוצה פון וואָלף וואַקסקערץ ז״ל, וואָס האָט זיך נאָך זיין טויט באַזעצט אין גניגר, האָט צום 25־יאָריקן יובל פון איר עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן אַ ספר־זכרון, אין וועלכן עס ווערט געשריבן צום אָנדענק פון זאב וואַקסקערץ ז״ל:

„אויף אַ טראַגישן אופן איז ער פון אונדז אַוועק אין דעם פרילינג פון זיינע יאָרן. מיט אייגענע הענט האָט ער איבערגעריסן די שנור פון זיין לעבן. דאָס האַרץ אַנטזאָגט זיך נאָך היינט שלום צו מאַכן מיט דעם גרויסן פאַרלוסט. אַ מענטש, וואָס האָט דערגרייכט ביז צום גרונט פון דער העברעאישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור, אַ מענטש מיט אַ רייכער פאַרגאַנגנהייט אויף דעם געביט פון טעטיקייט פאַר העברעאישער קולטור און ציוניזם צווישן דער יוגנט אין זיין געבורטסשטאָט טאָרנע. עולה געווען אינעם יאָר 1920, האָט ער געאַרבעט אין בנתיה און פון דאָרט איז ער געקומען צו אונדז קיין דגניה ג׳. שוין אין די ערשטע חדשים פון דער גרינדונג פון אונדזער קבוצה, קוים זענען פאַרגאַנגען עטלעכע טעג, האָבן מיר געוואוסט — אַז עס איז פאַר אונדז אַ גרויסער זכות נעבן אים צו לעבן. אונדז אַלע האָט ער איבערגעשטיגן. מיר זענען געווען יונג און אויס מאַנגל פון דערפאַרונג און אומ־קענטעניש האָבן מיר זיך געראַנגלט מיט די גרויסע שוועריקייטן אין אונדזער נייעם לעבן, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן, — און דאָ איז געקומען אַ מענטש און האָט אונדז דערהויבן מיט זיין שיינער נשמה און ריינקייט פון זיינע מעשים. אונדזער פאַר־העלטניש צו אים איז געווען ווי צו אַ גרויסן, ליבן און טייערן ברודער. באַשיידן איז ער געווען אין זיין פירן זיך, נישט געוואָלט קיינעם איבערשטייגן און טראָץ זיין קערפּערלעכער שוואַכקייט האָט ער נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום פּריווילעגיעס אין שייכות מיט דער אַרבעט און מיט די שווערע לעבנס־באַדינגונגען. מיט אָנ־שטרענגונג האָט ער אויסגעפירט אַלע אַרבעטן. גורלדיקע לעבנסראַנגלענישן און דערצו די קערפּערלעכע שוואַכקייט — האָבן אים געפירט צום טראַגישן טויט. מיט זיין טויט זענען מיר פאַריתומט פון אַ גרויסן ברודער און טייערן פירער...״

## ד"ר אברהם כאמעט

# די לעצטע...

כל המינים פאַרבן האָט געהאַט טאָרנער יידישקייט. אַ חוץ יידישקייט פון חסידים און אגודה־לייט, פון ציוניסטן און בונדאָווצעס — האָט געפּלייצט אין טאָרנע אַ יידישקייט פון דער גרויסער מחנה יידישע קליינהענדלער, האַנטווערקער, טרעגערס און סתם אַרבעטסמענטשן, וואָס האָבן געאוינט אין די נידעריקע הילצערנע הייזלעך אויף דער גראַבוווקע אָדער אין ענגע שמאָלע געסלעך אינעם אַלטן יידישן צענטער.

יידישקייט פון דער גראַבוווקע און פון די יידישע געסלעך האָט געהאַט אַ ספּעציפישן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער. פון דאָרט זענען אַרויס די ערשטע יידישע טאָרנער געזעלשאַפטלעכע טוער מיט אַ נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן פּאַרנעם, דאָרט איז געווען דאָס וויגעלע פון מחניים, פון שפה ברורה, דאָרט איז געבוירן געוואָרן די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין טאָרנע — פריער ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אינעם אַמאָליקן גאַליציע. פון די נידעריקע הייזלעך און שמאָלע געסלעך זענען אַרויס יידישע גרויסע מנהיגים און אָנפירער, וואָס זענען געווען מיט טויזנט פעדים פאַרבונדן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן, פון וועלכע זיי זענען אַרויסגעוואַקסן.

די געשיכטע פון יידן אין טאָרנע, פון טאָרנער נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען — באַווייזט בולט די דאָזיקע כאַראַקטעריסטישע פאַרן טאָרנער יידנטום דערשיינונג אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. און הגם אין יעדן קאַפּיטל פון אונדזער יזכור־בוך קאָן מען געפונען די באַשטעטיקונג פון דעם דאָזיקן פאַקט, וויל איך צום סוף פון דער אַרבעט, וואָס דאַרף אונדז אָנווייזן און באַלויכטן די מי און מאַטערנישן, די מפלות און דערפאָלגן פון טאָרנער יידן און זייער מער ווי 500־יאָריקן קאַמף פאַר קיום און אויפשטייג, — באַזונדער אונטערשטרייכן די לעצטע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער פון דעם פאָלקסטימליכן שניט, וועלכע דער גורל האָט אינעם לעצטן געראַנגל פון דעם לעבעדיקן יידיש טאָרנע געשטעלט אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטענס סיי אויפן אַלגעמיין־שטאָטישן — סיי אויפן ריין יידישן געביט.

●

זייט דעם יאָר 1906 איז אָן אַן הפסקה דער וויצעבירגערמייסטער פון טאָרנע געווען תמיד אַ ייד. אָנגעהויבן האָט עס מיט דעם פעאיקן און אינטעליגענטן ד"ר

אליהו גאָלדהאַמער. דערנאָך האָט דעם אַמט איבערגענומען זיין פּאָליטישער קעגנער יוליוש זילביגער און ווען ער האָט אינעם יאָר 1912 געלייגט זיין אַמט, איז אַלס וויצע־בירגערמייסטער געוויילט געוואָרן ד״ר הערמאַן מיץ, וועלכער איז שוין אויף דעם פּאָסטן פאַרבליבן ביז צום אָנהויב יאָר 1939, — ווען ער איז נפטר געוואָרן. נאָך אים איז שוין מער קיין יידישער וויצע־בירגערמייסטער נישט דערוויילט געוואָרן, ווייל דער שטאָטראַט, וואָס איז אין חודש יולי 1939 דערוויילט געוואָרן אין טאַרנע, — איז שוין מער נישט צוזאַמענגערופן געוואָרן...



ד״ר הערמאַן מיץ, דער לעצטער יידישער וויצע־בירגערמייסטער אין טאַרנע

ד״ר הערמאַן מיץ האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אַלס פאָרזיצער פונעם האַנטווערקער־פאַריין „יד חרוצים״, וועלכן ס׳האָט געגרינדעט זיין פאָטער — אַ טאַרנער שניידער. דערוויילט אין שטאָטראַט — האָט ד״ר הערמאַן מיץ זיך געהאַלטן נייטראַל אין דעם פאַרביסענעם קאַמף צווישן די אָנהענגער פונעם בירגערמייסטער ד״ר טערטיל און זיינע קעגנער, אָנגעפירט פון ד״ר גאָלדהאַמער, און איז אַ דאַנק דעם אויסדערוויילט געוואָרן אַלס וויצע־בירגערמייסטער, און אין משך פון פיל יאָרן האָט ער פּאַקטיש געפירט די שטאָטישעווירטשאַפט און זיך גוט אויסגעקענט אויף אַלע פּראָבלעמען פון דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע. ד״ר הערמאַן מיץ, דער לעצטער יידישער וויצע־בירגערמייסטער אין טאַרנע — איז נפטר געוואָרן עטלעכע חדשים פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. דער גורל האָט אים פאַרשוינט געפייניקט צו ווערן דורך די היטלעריסטישע רוצחים. כבוד זיין אָנדענק!

דער בירגערמייסטער ד״ר טערטיל האָט פיל געלייסטעט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. דער מאַגיסטראַט האָט איבערגענומען די גאַז־אַנשטאַלטן, די עלעקטרישע אנשטאַלטן.ביידע שטאָטישע אונטערנעמונגען זענען אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן אָפּשניט פון דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג און ווירטשאַפט און דאָס האָט פאַרלאַנגט אַ פעאיקן און פאַראַנטוואָרטלעכן לייטער. און אָט דעם וויכטיקן פּאָסטן האָט גאָר פרי נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איבערגענומען דער יונגער ציוניסטישער אינזש. משה לייכטער. ער האָט זיך נישט באַהאַלטן מיט זיינע נאַציאָנאַלע יידישע איבערצייגונגען און איז תמיד געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון ציוניסטישער אַרבעט, נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַ סך ציוניסטישע אַקציעס אין טאָרנע. געערט און געשעצט נישט בלויז



אינזש. משה לייכטער, דער לעצטער יידישער דירעקטאָר פון די שטעטישע גאַז און עלעקטרע־אַנשטאַלטן אין טאָרנע.

דורך דער יידישער, נאָר אויך דורך דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, האָט אינזש. לייכטער נישט פאַרלאָזט זיין פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אפילו ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט. די דייטשן האָבן אויסגענוצט זיינע פאַכקענטענישן און פעאיקייטן און געלאָזט אים אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ און אפילו אים באַפרייט פון טראָגן דעם מגן דוד אָפּצייכן. דער איידעלער און שטאָלצער ייד — אינזש. לייכטער, האָט נישט געוואָלט אָננעמען די דייטשע פריווילעגיע און ווען ס׳איז געקומען די צייט, — איז ער מיט אַלע טאָרנער יידן אומגעקומען אין איינער פון די היטלעריסטישע גאַז־קאַמערן. כבוד דעם אָנדענק פונעם שטאָלצן טאָרנער ייד!



טאָרנע איז געווען אַן אַנטוויקלטע האַנדלס שטאָט און כמעט דער גאַנצער האַנדל איז געלעגן אין יידישע הענט. יידישע סוחרים האָבן אין טאָרנע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם ווירטשאַפטלעכן ווי אין פּאָליטישן לעבן. דערפאַר האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג דער יידישער סוחרים־פאַרבאַנד, צו וועלכן עס האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן דער יידישער אינדוסטריעלער פאַרבאַנד אין טאָרנע. מיט דעם דאָזיקן שטאַרק פאַרצווייגטן פאַרבאַנד האָט לאַנגע יאָרן אָנגעפירט אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי יוסף היימאַן ז״ל און נאָך זיין טויט אינעם יאָר 1937, ווערט אַלס פאָרזיצער פונעם מעכטיקן סוחרים און אינדוסטריעלער פאַרבאַנד דערוויילט

דער יונגער, פעאיקער און ענערגישער ציוניסטישער יוגנט־פירער מגר. הענריק שפּילמאַן, וועלכער אַנטוויקלט אויף דעם פּאָסטן אַ גאָר רירעוודיקע און נוצלעכע טעטיקייט און דעראָבערט זיך אין אַ קורצער צייט אַ סך אָנערקענונג און פּאָפּו־לאַריטעט אין דער טאָרנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.



מגר. הענריק שפּילמאַן, דער לעצטער פּרעזעס פונעם יידישן סוחרים און אינדוסטריעלער־פאַרבאַנד אין טאָרנע.

די גאַנצע היטלעריסטישע אָקופּאַציע האָט ער זיך מיט זיין משפּחה אויס־באַהאַלטן אין בונקערס און באַהעלטענישן... נישט געהאַט די זכיה איבערצולעבן דעם שונא... נאָענט פאַר דער באַפרייאונג פון וואַרשע, איז מגר. הענריק שפּילמאַן אומגעקומען בשעת דער באָמבאַרדירונג פון דער הויפּט־שטאָט. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי און קינד, וועלכע געפינען זיך איצט אין ישראל. אַזוי איז אומגעקומען דער לעצטער פּאָרזיצער פון דעם מעכטיקן סוחרים און אינדוסטריעלער־פאַרבאַנד אין טאָרנע — מגר. הענריק שפּילמאַן. כבוד זיין אָנדענק!



אַ הערלעכע טראַדיציע האָט געהאַט הינטער זיך דאָס יידישע שפּיטאָל אין טאָרנע. אַ גאַנץ דור אויסגעצייכנטע און געניטע יידישע דאָקטוירים האָט עס זיך געהאַלטן פאַר אַ כבוד אָנצופירן מיטן יידישן שפּיטאָל אין טאָרנע. די משפּחה שיצער, זיידע, זון און אייניקל — זענען ביז צום יאָר 1937 געשטאַנען אויפן פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון מעדיצינישער לייטונג אינעם יידישן שפּיטאָל. אין דעם יאָר איז געשטאָרבן ד״ר זיגמונט שיצער און אויף זיין אָרט איז דערוויילט געוואָרן דער יונגער דאָקטאָר פון וואַרשע, אַ טאָרנער קינד — ד״ר עוגעניוש שיפּער. מיט פרישן מוט און ענערגיע האָט ער זיך גענומען צו דער שווערער אַרבעט אינעם יידישן שפּיטאָל און האָט זיך באַלד דערוואָרבן אַ באַדייטנדיקן רוף אַלס געניטער

אפעראַטאָר און פעאיקער לייטער פונעם שפיטאָל. אויך ער האָט אין די שווערע, שרעקלעכע אָקופּאַציע טעג נישט פאַרלאָזט זיין פּאָסטן און מיט מסירת נפש געטראָגן הילף דער אומגליקלעכער, געפייניקטער יידישער באַפעלקערונג. ביז עס איז ליקווידירט געוואָרן דאָס יידישע שפיטאָל מיט זיינע קראַנקע... מיט זיינע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער...



ד״ר עוגעניוש שיפּער, דער לעצטער דירעקטאָר פונעם יידישן שפיטאָל אין טאָרנע

דעם ד״ר עוגעניוש שיפּער איז געלונגען אַדורכצוהאַלטן די מלחמה. אָבער ער איז שוין נישט מער צוריק צום יידישן שפיטאָל אין טאָרנע... אַמאָל איז געווען אין טאָרנע אַ הערלעך יידיש שפיטאָל... איר לעצטער דירעקטאָר — ד״ר עוגעניוש שיפּער לעבט און אַרבעט צו לאַנגע יאָרן אַלס מעדיצינער אין פּוילן — אין דער שטאָט קאַטאָוויץ. טאָרנער יידן, וואָס זענען געבליבןביים לעבן, געבן אים איבער אויף דעם וועג די האַרציקסטע ברכות.

●

טאָרנער באַדייטנדיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער פונעם עלטערן דור, וואָס זענען געבליבן ביים לעבן — קאָן מען אָנציילן אויף די פינגער פון איין האַנט. עס זענען געבליבן קוים איינצעלנע שפּליטער... אין טאָרנע גופא איז היינט צו טאָג די צאָל יידן גאָר אַ ווינציקע און אויך פון זיי שטאַמען נאָר איינצעלנע פאַקטיש פון טאָרנע. אָבער געבליבן איז אין טאָרנע אַ מין סימבאָל פונעם אַמאָליקן יידישן לעבן... דער נאַצישער שטורם האָט אַרויסגעריסן פון דער ערד אַלעביימער... פאַרניכטעט ביז צום גרונט איז געוואָרן דער הערלעכער געדיכטער יידישער וואַלד. און דערהאַלטן האָט זיך איין איינציקער בוים, וואָס האָט אַדורכגעהאַלטן אַלע שטורעמס און ווינטן. דער בוים... דער איינציק פאַר־בליבענער, דאָס איז די משפּחה אברהם און פריידל שפּילמאַן, וואָס האָבן איבער־געהאַלטן אין באַהעלטענישן די מלחמה, צוריקגעקערט זיך קיין טאָרנע און דאָרט פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג.

אברהם שפּילמאַן ווי אויך זיין פרוי (פון דער בריגלער משפּחה קראַוטער) שטאַמען פון אָרטאָדאָקסישע למדנישע משפּחות. שוין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נעמט אברהם שפּילמאַן אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טאָרנע. מיט זיין ערנסטקייט, פּאָליטישן פאַרשטאַנד און ערלעכקייט דעראָבערט ער זיך באַלד אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער יידישער

געזעלשאַפטלעכקייט אין טאַרנע. מיט טויזנטער פעדים איז ער צונויפגעבונדן מיט דעם יידישן טאַרנע, וואָס איז פאַרשוואונדן ווי אַ חלום...





אברהם און פריידל שפּילמאַן, די איינציק פאַרבליבענע משפּחה וואָס וואוינט היינט אין טאַרנע

דאָס יידישע אַמאָליקע טאַרנע רעפּרעזענטירט נאָך היינט די איינציק אין טאַרנע פאַרבליבענע משפּחה אברהם און פריידל שפּילמאַן — עד מאה ועשרים.



פאַרשניטן געוואָרן אויף תמיד איז די יידישע קהילה אין טאַרנע מיט אירע 25.000 יידן. נאַקעטע שטיינער און אַ בית הקברות איז געבליבן פונעם יידישן טאַרנע.

צו די לעצטע... געהער אויך איך, וואָס האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין דער לעצטער ראש הקהל אין טאַרנע... אויך אַ זון פונעם ערלעכן און באַשיידענעם בעל מלאכה שלמה כאַמעט ז״ל.



ד״ר אברהם כאַמעט, דער לעצטער ראש־הקהל אין טאַרנע

ד״ר אברהם כאמעט

# דער אומקום פון יידן אין טאַרנע

.1

דער האַרבסט פונעם יאָר 1939 איז געווען אַ וואַרעמער, אַ מחיה׳דיקער, פול מיט זון, גלייך ווי ער וואָלט זיך פאַרבונדן מיט די היטלעריסטישע חילות און זיי געהאָלפן אינעם פאָרויסמאַרש איבער פוילישע שאָסייען און וועגן, צו דעראָבערן די פוילישע ערד. דאָס איז געשען דאָנערשטיק, דעם 8־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר. אין דעם טאָג אין טאַרנע ווי אויסגעליידיקט געוואָרן. מיט דריי טעג פריער, מאָנטיק דעם 5־טן סעפּטעמבער, איז נאָך אין זאַל פון שטאָטראַט פאָרגעקומען אַ בירגער־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט צו טראָגן הילף די מלחמה געליטענע. עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ גרויסע הילפס־אַקציע פאַר די מלחמה קרבנות. וואָס אַן אמת, זענען די ידיעות פון פראָנט נישט געווען קיין געהויבענע. דייטשע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען האָבן כסדר און אומגעשטערט באָמבאַרדירט פוילישע שטעט און ישובים. קיינער, האָט אָבער נישט פאָראויסגעזען, אַז עס וועט האַלטן אַזוי שלעכט, בפרט נאָך, אַז שטאַרקע אָפּטיילונגען פון פוילישער אַרטילעריע זענען דורכגעפאָרן די שטאָט אין דער ריכטונג פון באַרג פון הייליקן מאַרטשין, כדי — אַזוי האָט מען זיך איינגערעדט — צו פאַרטיידיקן די שטאָט. אפילו אין די ביוראָען פון דער יידישער קהילה איז אָנגעגאַנגען די נאָרמאַלע אַמטירונג, אייגגעשטעלט דער עיקר אויף טראָגן הילף דער פלייצנדיקער פליטים־כוואַליע פון קראָקע און שלעזיע. אין דער קהילה־געביידע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קיך סיי פאַר די פליטים, סיי פאַר די נויטבאַדעפטיקע פון טאַרנע גופא. דער דעמאָלטיקער שטאָט־פּרעזידענט ד״ר בראָדזשינסקי האָט אפילו אַסיגנירט אַ גרעסערע סובווענץ פאַר דער קיך.

דיזעלבע נאַכט איז די שטאָט שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרן און די פּאָסט־געביידע איז אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן. פרייוויליקע גרופּן פון קעגן־לופט דינסט האָבן געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט, נישט געקוקט אויף דער דראָענדיקער געפאַר. אויף דער באַן־סטאַציע האָט שוין געהערשט אַ געדראַנג ביי די ספּעציעלע עוואַקואַציע־צוגן וואָס זענען געלאָזט געוואָרן אין באַוועגונג.

צומאָרגנס, דעם 6־טן סעפּטעמבער, איז אין שטאָט שוין נישט געווען קיין סטאַראָסטע, נישט דאָס פּרעזידיום פון שטאָטראַט. אויך פיל פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער יידישער קהילה האָבן פאַרלאָזט טאַרנע. ווער עס האָט נאָר

געקאַנט, איז געלאָפן פון שטאָט, אָבער שוין נישט מיטן הויפּט־שאָסיי אויף לעמבערג, נאָר מיט אַן אומוועג, אין דער ריכטונג צו גרויס־ראַדאָמישל אויף מעליץ. דאָס זענען געווען די לעצטע פּליטים, וואָס האָבן אין סאַמע סוף פון דער עוואַקואַציע זיך געלאָזט אויף נע־ונד אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט. דורכן גאַנצן וועג, לענגאויס דער ניי־דאָמבראָווער־גאַס ביז איבערן באַרג „לישיאַ גוראַ", האָט זיך געשלענגלט דער פּליטים־צוג מיט מענער און פרויען, אָפט מיט קינדער אויף די הענט. זיי זענען געגאַנגען צום אומבאַוואוסטן, אַנטלויפנדיק פאַרן שונא. יעדער האָט דעמאָלט געגלויבט, אַז מ'דאַרף נאָר אַריבערגיין דעם סאַן, כדי דאָרט זיך אויסצורוען, און אין עטלעכע וואָכן אַרום — אומקערן זיך אין דער באַפרייטער היימשטאָט. דערווייל האָט מען איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט די משפּחה, דאָס ביסל האָב־און־גוטס אויף וועלכן מען האָט יאָרן־לאַנג געהאָרעוועט. פרויען האָבן אַרויסבאַגלייט אין וועג זייערע מענער און זין, וואָס האָבן זיך געדאַרפט צושטעלן אין דער פּוילישער אַרמיי. לויט קלאַנגען, האָט זי זיך איבערגרופּירט אויף יענער זייט בוג.

טאַרנע האָט זיך אויסגעליידיקט. די וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט, האָבן זיך פאַרשלאָסן אין די וואוינונגען. אויפן גאַס האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק נפש. מיט האַרצקלאַפּעניש און גרויס פּחד האָט מען אין שטאָט דערוואַרט דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן.

גיך איז געקומען די אַנטשפּאַנונג. דאָנערשטיק, דעם 8־טן סעפּטעמבער 1939, אַ זייגער עלף בייטאָג, איז אַ דייטשער זעלנער אויף אַ מאָטאָציקל פאַרפאָרן מיט רעש פאַרן הויז אויף לוואָווסקע 14, וואו עס האָט זיך געפונען דער רעסטאָראַן פון מנשה וואַכטל. גאָר אינגיכן זענען דורך די גאַסן קראַקאָווסקע, וואַלאָווע און לוואָווסקע דורכגעפאָרן מאַסן דייטשע זעלנער מיט טאַנקן און האַרמאַטן.

די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פאַראָרדענונגען פונעם אָקופּאַנט. ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צו זיי צוגעוויינען. אַנטלאָפענע יידן און פּאָליאַקן האָבן זיך אומגעקערט אַ היים. אַ סך פון זיי זענען געבליבן שטעקן אין וועג, נישט האָבנדיק קיין כוח צו מאַרשירן צופוס טעג און נעכט, בפרט נאָך, אַז דייטשע טאַנקן האָבן זיי אָנגעיאָגט.

ווען עס איז דערשינען אַ באַפעל צו עפענען צוריק די געשעפטן, האָט אין שטאָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ לעבן, רעגולירט דורך דייטשע פאַראָרדענונגען. עס זענען דאָך געווען די ערשטע מלחמה־טעג, דורך דער שטאָט האָבן דורכגעצויגן דייטשע אָפּטיילונגען, עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער נאָכפרעג אויף פאַרשידענע סחורות. לכתחילה האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז געוואונען האָבן די, וועלכע זענען געבליבן אין שטאָט. פונדעסטוועגן איז אויף דער יידישער גאַס געשטיגן דער פּחד און אומרו. נישט געווען קיין איין פאַמיליע, וועמענס פאָטער צי זון זאָל נישט האָבן פאַרלאָזט די היים און אַוועק אויף אומבאַקאַנטע וועגן, וואָס זענען איצט געוואָרן אָפּגעשניטן און אומצוטריטלעך. וואו געפינען זיי זיך איצט? האָבן געפרעגט פאַרציטערטע פרויען און מאַמעס. וואו איז מיין מאַן? וואו וואַנדערט איצט מיין קינד? געווען אויך אַנדערע, טיפערע סיבות פאַר יידישן אומרו. פאַר יידן איז דער דייטשער סאָלדאַט נישט נאָר געווען אַן אָקופּאַנט, נאָר אַ שונא, אויפגעהאָדעוועט אויף יידנ־

פּרעסערישע לאָזונגען, וועלכע ער האָט פריער פאַרווירקלעכט ביי זיך אין לאַנד. דערפאַר זענען די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער און פירער פון יידישע אָרגאַניזאַציעס געווען אין שאָטן, נישט באַוויזן זיך פאַרן דייטשן אָקופּאַנט און אויסגעמיטן יעטוועדע באַרירונג מיט די נייע מושלים. הגם אין שטאָט זענען נאָך נישט געווען די בלוטדורשטיקע לעטישע צי אוקראַינישע פאַשיסטן, עס האָט זיך נאָך נישט געהאַט באַוויזן די געסטאַפּאָ, האָבן יידן אַלץ מערער נישט געגלויבט די דייטשן און דורך פאַרשידענע וועגן אַריבערבאַקומען זיך קיין מזרח־גאַליציע, וואו עס האָט זיך געפונען די רויטע אַרמיי. דאָרט ווידער זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געבענקט נאָך זייערע פאַמיליעס, נאָך דער היים, און פאַראויספילנדיק אַ לאַנג־דויערנדיקן קריג, אָן אויסזיכטן אויף אַרבעט און אויף מיטלען צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן, האָבן זיי געזוכט וועגן פון מזרח־גאַליציע און די קרעסן זיך אומצוקערן אהיים, קיין טאָרנע, וואו זיי האָבן לכל הפחות אין די ערשטע וואָכן געקאָנט לעבן און פאַרדינען.

אויסערלעך איז אין דער ערשטער צייט פון דער אָקופּאַציע אָנגעגאַנגען אַ נאָרמאַל לעבן. די יידישע באַפעלקערונג איז נאָך נישט געווען איזאָלירט פון דער פוילישער באַפעלקערונג, הגם עס האָבן שוין דעמאָלט נישט געפעלט קיין אַנטי־יידישע גזירות.

דעם 26־טן אָקטאָבער 1939 יאָר איז דערשינען אַ פּראָקלאַמאַציע פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָקופּירטן פּוילן, האַנס פראַנק, אין וועלכער ער האָט דייטלעך דערקלערט, אַז אין די לענדער פון דייטשער הערשאַפט וועט נישט זיין קיין פּלאַץ פאַר „יידישע אויסנוצער". דער דייטש האָט דעריבער אָנגעהויבן אונטערברעכן די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג. אויף דער פאַראָרדנונג פון דעמזעלבן פראַנק, איז פון 26.10.39 איינגעפירט געוואָרן פאַר יידן צוואַנגס־אַרבעט, און אין אַלע ערטער זענען געשאַפן געוואָרן אַרבעטס־קאָלאָניעס. דעם פאַרטרעטער פון דעם דייטשן זיכערהייטס־דינסט אויף די ערטער איז איבער־געגעבן געוואָרן די פולמאַכט אַדורכצופירן די פאַראָרדענונג אין לעבן.

אין נאָוועמבער 1939 יאָר, אויפן באַפעל פון דער דייטשער זיכערהייטס־פּאָליצע, הייבט זיך אָן אין קראָקע, און דערנאָך אין אַנדערע ערטער, די רעגיסטראַציע פון יידן. אין דערזעלבער צייט זענען אַלע יידישע באַנק־קאָנטעס און דעפּאָזיטן פאַר־בלאָקירט געוואָרן. ספּעציעלע דייטשע קאָמיסאַרן האָבן איבערגענומען די גרעסערע יידישע האַנדלס־און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. די רווחים פון די אונטערנע־מונגען האָבן די קאָמיסאַרן אַריינגעטראָגן אין אַ דייטשער באַנק אויף דעם א. ג. „שפּערקאָנטאָ", און די יידישע אייגנטימער האָבן צו ערשט באַקומען אויסגעצאָלט צו 1.000 זלאָטעס אַ חודש, דערנאָך בלויז 250 זלאָטעס.

אויף דער יידישער גאַס האָט אויפגעהערט יעטוועדע קולטורעלע טעטיקייט. אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן איבער־געריסן זייער אַרבעט. שולן פאַר יידן זענען געווען געשלאָסן. אין דער געביידע פון שפה־ברורה שול איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ דייטשער סקלאַד. די תלמוד־תורה, די געזעלשאַפט „אונדזערע קינדער", און אַלע אַנדערע יידישע שולן, זענען געווען אומטעטיק. עס איז פאַרבליבן בלויז דאָס יתומים־הויז אונטער דער אָנפירונג

פון דיר׳ ליבליך. אויפן אָרט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אַ יודנראַט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען בלויז דורכצופירן דייטשע פאַראָרדענונגען. צו ערשט האָט דער יודענראַט אַמטירט אין דער קהילה־געביידע אויף נאָווע־גאַס 11. דאָס איז געווען די איינציק־טעטיקע יידישע אינסטיטוציע, וועלכע איז ווי אין אַנדערע שטעט פון אָקופּירטן פּוילן, געוואָרן אַ ווערקצייג אין דייטשע הענט צו רעאַליזירן זייער פּראָגראַם פון פולשטענדיק אומברענגען דאָס פּוילישע יידנטום. בלויז נאַאיווע האָבן אין יודענראַט געוואָלט זען אַן ערזאַץ, צי אַן ענלעכקייט צו דער אַמאָליקער יידישער קהילה. די יודענראַטן האָבן געדאַרפט העלפן די דייטשן, — און נאָר דערפאַר זענען זיי געשאַפן געוואָרן. דאָס האָט אויך פעסטגעשטעלט די פּראָקוראַטור ביים העכסטן טריבונאַל אין פּוילן, אינעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם מענטשן־רוצח אַמאָן געט: „די דייטשע מאַכט האָט איינגעשטעלט יידישע ראַטן, די אַזויגערופענע יודענראַטן, כדי זיך צו פערלייכטערן די רעאַליזירונג פון אירע צילן און מאָסמיטלען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג״. אויך אין דער באַגרינדונג פונעם אורטייל פון 5־טן סעפּטעמבער 1946, וואָס פאַרמשפּט געט׳ן צום טויט, שטעלט פעסט דער העכסטער טריבונאַל, אין ליכט פון די זאַכלעכע באַווייזן און פאַקטישן מאַטעריאַל, אַז באַגלייך מיט די פאַרשידענע פאַראָרדענונגען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אויף אַדורכצופירן דעם רויב פון יידישן פאַרמעגן און בעסער צו קאָנען אויסנוצן די אַרבעטס־קראַפט פון יידן, זענען געשאַפן געוואָרן די א. ג. יודענראַטן.

נישט נאָר יודענראַטן האָבן די דייטשן אָנגעוואָרפן דער יידישער באַפעלקערונג. די געפּייניקטע, צום טויט פאַרמשפּטע יידישע באַפעלקערונג, האָט באַקומען אַ נאָך ברייטערע „אויטאָנאָמיע״. ביי די יודענראַטן, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי, דער אַזוי גערופענער „יידישער אָרדנונגס־דינסט״ (געקירצט: אָ.ד.). דער יידישע אָרדנונגס־דינסט איז נאָר געווען אַ נאָמען, ווייל פאַקטיש האָט ער געדינט דעם דייטש און בלינד אויסגעפירט אַלע זיינע באַפעלן. די יידישע פּאָליציי איז געווען אַ פּלאָג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, הגם עס זענען געווען אויך אַזעלכע פּאָליציסטן, וואָס האָבן נישט פאַרגעסן אַז זיי זענען יידן. זיי פלעגן וואָרענען די יידישע באַפעלקערונג פאַר יעדן אומגליק און אין פיל פאַלן אַרויסגעוויזן מענטשלעכקייט. אָבער אַזעלכע זענען געווען ווינציגע אויסנאַמען.

אין שפּיץ פון אָרדנונגס־דינסט אין טאַרנע איז צומערשט געשטאַנען אַ געוויסער מיללער, דערנאָך וואַסערמאַן. נאָך אים האָט די קאָמענדע איבער דער יידישער פּאָליציי איבערגענומען אַ שטרענגער אוממענטשלעכער דייטשער ייד, דער עסטרייכישער קאַפּיטאַן דיסטלער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט די געסטאַפּאָ־לייט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע פּאָליציי האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון דער אויטאָבוסן־קאַסע אויפן פרייהייטס־פּלאַץ („פּלאַץ וואָלנאָשטשי״), אָנגערופן שפּעטער: „מאַגדעבורגער פּלאַץ״.

שוין די ערשטע דייטשע פאַראָרדנונגען זענען געווען אַן אָנהויב פון אַן אַקציע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן די יידן אין פּוילן. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אין אָנהויב נישט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער דראָענדיקער געפאַר. מען האָט גרינגגעשעצט פראַנקס פאַראָרדנונגען פון 26־טן אָקטאָבער וועגן

אויפשטעלן דעם גענעראַל־גוווערנעמענט, ווי אויך די שפּעטערדיקע פאַראָרדנונגען וועגן אָרגאַניזירן די אַדמיניסטראַציע, געריכטס־וועזן, זיכערהייט, און באַזונדערס דעם דעקרעט וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידן. היינט ווייסן מיר שוין, אַז דער שעף פון דער דייטשער זיכערהייטס־פּאָליצע היידריך האָט פון בערלין אַרויסגעשיקט אַ בריוו, דאַטירט דעם 21־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר, און באַצייכנט אַלס „שנעלבריף" צו די א. ג. „איינזאַצגרופּן דער פּאָליציי", אין וועלכן עס ווערן זיי געגעבן אָנ־ווייזונגען ווי אַזוי זיך באַגיין מיט יידן. דערביי איז דאָרט אָנגעגעבן געוואָרן דער „ענדציל", וואָס האָט געדאַרפט דערווייל געהאַלטן ווערן בסוד, אָבער ער האָט פאָראויסגעזען די פולשטענדיקע אויסראָטונג פון יידן, וואָס האָט געדאַרפט אַדורכ־געפירט ווערן עטאַפּנווייז.

דער ערשטער עטאַפּ איז טאַקע געווען דער דעקרעט וועגן צוואַנגס־אַרבעט. דאָס האָט אויך אונטערגעשטראָכן יוסף וואולף (מיטגליד פון דער צענטראַלער היסטאָ־רישער קאָמיסיע אין פּוילן) אין זיין אַרטיקל אין „דאָס נייע לעבן", געשריבן אין שייכות מיטן פּראָצעס פון אַמאָן געט: „דער דעקרעט וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידן איז געווען דער ערשטער, און אין זיין קאָנסעקווענץ דער סאַמע טראַגישער אַנטי־יידישער דעקרעט. נישט דערפאַר ווייל עס האָט זיך גערעדט וועגן אַרבעט — אַרבעטן האָט געמוזט די גאַנצע באַפעלקערונג אין גענעראַל־גוווערנעמענט — נאָר דערפאַר, וואָס די אַרבעט לגבי יידן איז געווען אַ מיטל צו פייניקונגען און טויט. די שקלאַפן־אַרבעט האָט אָפּגעשטעמפּט און פאַרניכטעט זייערע מענטשלעכע געפילן, ביי דער אַרבעט זענען אומגעקומען זייערע פרויען און קינדער, אונטער איר מענטעלע האָט מען זיי אָפּגענאַרט און דערנאָך פאַרגאַזט".

דער באַדייטנדיקער קענער און פאָרשער פון יידישן לעבן בעת דער אָקופּאַציע, מחבר פון פיל ווערק וועגן דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, רעד' מיכאל באָרוויטש, איז אַלס עקספּערט מצד דער יידישער היסטאָ־רישער קאָמיסיע אין פּוילן אַרויסגעטרעטן פאַרן נאַציאָנאַלן טריבונאַל אויפן פּראָצעס קעגן אַמאָן געט. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אויפן סמך פון די דייטשע פאַר־אָרדענונגען, וועמענס ציל מען קאָן איצט גוט דערשיפרירן, מעג מען פעסטשטעלן מיט דער גאַנצער אָנטשלאָסנקייט, אַז זיי האָבן געשטרעבט צו איין זאַך: דעמאָראַליזירן אַלץ און אַלעמען. „און דערפאַר — זאָגט מ. באָרוויטש — אומאָפּהענגיק פון פיזישע מאָרדן, האָט די דאָזיקע טעטיקייט געשטרעבט צו פאַרסמען יעטווידן קובמעטער לופט מיט אַ מאָראַלישן עיפּוש. מען האָט זיך באַמיט די קרבנות גופא צו צעקריגן צווישן זיך, דעמאָראַליזירן. אַזוי צ. ב. איז געווען מיט די אויפגעשטעלטע פאַר אַדמיניסטראַטיווע צוועקן יודענראַטן און מיטן אָרדענונגס־דינסט. דערנאָך האָט מען זיך באַמיט איינצופירן אַן אַנטאַגאָניזם צווישן איין טייל קרבנות מיט דעם צווייטן, מען האָט זיי איינגעטיילט אויף אַרבעטנדיקע און נישט־אַרבעטנדיקע, פון וועלכע איין טייל האָט געדאַרפט אומקומען, דער צווייטער — בלייבן לעבן. דערנאָך האָט מען צעטיילט אויף אַלט און יונג, און דאָס אַלץ האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו דעמאָ־ראַליזירן און צערייסן צווישן זיך די קרבנות".

די ערשטע מיטגלידער פונעם טאַרנער יודענראַט האָבן שנעל דורכגעזען די אמתע כוונות פון די דייטשן. ד"ר יוסף אָפּנער, דער שטאָלץ פון דער אַדוואָקאַטן־

פּאַלעסטרע אין גאַליציע, אַ מוסטער פון אַן ערלעכן מענטשן, ווען די דייטשן האָבן נאָך זייער אַריינמאַרש קיין טאַרנע אַנפּאַרטרויט די אָנפירונג מיטן יודענראַט, האָט איינגיכן פאַרלאָזט דאָס דאָזיקן אַמט. ד״ר אַפּנער איז מיט יאָרן צוריק געווען פאַרזיצער פון דער יידישער־קהילה אין שטאָט און ער האָט גיך דערשפּירט וואָס די דייטשן ווען פון אים פאַרלאַנגען. אויך זיין נאָכפאָלגער מגר׳ דוד לענקאָוויטש און דער מיטגליד פון יודענראַט ראובן וואַקסמאַן זענען פון טאַרנע אַנטלאָפן קיין לעמבערג, גלייך נאָכדעם ווען עס זענען אין איין טאָג פאַרברענט געוואָרן אַלע שולן און בתי־מדרשים.

דאָס איז געשען דאָנערשטיק, דעם 9־טן נאָוועמבער 1939 יאָר, אין יאָרטאָג פון עפּעס אַ היטלעריסטישן פּוטש. כמעט אין איין צייט האָבן די דייטשן אונטער־געצונדן די אַלטע שול, וועלכע האָט זיך געפונען אויפן זעלבן אָרט ווי די ערשטע שול אין טאַרנע (אויפגעבויט אין יאָר 1582), ווי אויך דאָס בית־המדרש לעבן דער אַלטער שול. ביידע געבעט־הייזער האָבן זיך געפונען אויף דער יידישער גאַס, אין סאַמע יידישן צענטער אין שטאָט אויך איז דעם טאָג אונטערגעצונדן געוואָרן דער טעמפּל, וואו עס האָט זיך געפונען אַ שיינע אָרגל. פאַרניכטעט איז געוואָרן די שול א. נ. דבורה מענקעס, און די שול אויף דער סטרושינע. קיין שפּור איז נישט איבערגעבליבן פון דער „קלויז״, וואו עס האָט געדאַוונט די טאַרנער אָרטאָדאָקסיע. עס זענען פולקאָם אָפּגעברענט געוואָרן די שטיבלעך פון טאַרנער רבנים, די שולן אויף גראַבּוווקע, וואו יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן פלעגן דאַווענען. עס איז אויך אוועק מיטן רויך די „טרעגער־שול״ אויף דער גראַבּוווקע, אלע אַלטע שולן אויף דער יידישער גאַס, צוזאַמען מיט די ספרים און ספר־תורות. וויפל יידישע ישיבה־בחורים האָבן זיך דערצויגן אין די בתי־מדרשים? פאַרטאָג פלעגן זיי יעדן טאָג זעצן זיך לערנען. ביי די לערן־טישן זענען געזעסן אַרבעטער און בעלי־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער, און פאַר דער אַרבעט, האָבן זיי געהערט א שיעור. ביז גאָר ווייטאָקלעך איז געווען פאַר טאַרנער יידן דאָס פאַרניכטן די בייע שול, וועמענס בויאונג איז אָנגעהויבן געוואָרן אין יאָר 1863, און עטלעכע דורות טאַרנער יידן האָבן צוגעטראָגן זייער באַשטייערונג צו פאַרענדיקן איינע פון די שענסטע און גרעסטע שולן אין פּוילן, וואָס האָט מיט קאַפּול געהערשט איבער דער שטאָט. אין דער דאָזיקער שול פלעגן זיך ביי פייערלעכע יומטובים צונויפזאַמלען פיל טויזנטער יידן, דאָרט פלעגן פאַרקומען די וויכטיקסטע מלוכהשע און יידיש־נאַציאָנאַלע פייערונגען, אַלע יידישע מאַניפעסטאַציעס און גרויסע פאַרזאַמלונגען. די שול איז געבויט געוואָרן אויף סאָלידע פונדאַמענטן אין משך פון צענדליקער יאָרן, און מעכטיקע זיילן האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם סופיט. די דייטשע הענקער האָבן געבראַכט זייערע סאַפּערן, זיי זאָלן מיט דינאַמיט אויפרייסן די שטאַרקע מויערן. איינע פון די זיילן איז איבערגעבליבן צווישן די חורבות. זי שטייט איצט אויפן טאַרנער יידישן בית־עולם, אויפן מאַסן־קבר פון די יידישע קדושים, אַלס מצבה־דענקמאָל פאַרן פאַרשניטענעם טאַרנער יידנטום. און דאָרט וואו עס איז געשטאַנען די אַלטע שול, נעבן דעם פיש־פּלאַץ, געפינט זיך איצט אַ ליידיקער פּלאַץ, פון וועלכן עס טיילט זיך אויס דער פאַרבליבענער באַלעמער פון דער שול.

וואו מען פלעגט לייענען די תורה. די פיר זיילן פון באַלעמער שטאַרצן אַרויס פון חלל, אויף זיי — ווילדגראָזן פאַרזייעטע דורכן ווינט...

.2

נאָך דער דאָזיקער באַרבאַרישער טאַט פון די היטלער־לייט, נאָך די ערשטע גזירות פון די אָקופּאַציע־מאַכטהאָבער, איז אַן אימה באַפאַלן די יידישע באַפעלקערונג. עס זענען קלאָר געוואָרן די כוונות און די פּלענער פון די דייטשן. די וועלכע האָבן פון דער ערשטער מינוט נישט געגלויבט די דייטשן, האָבן פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט אונטערצינדן שולן. אין דעם דאָזיקן וואַנדאַליזם איז אויך געווען אַ ציל. כדי אַדורכצופירן די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז ווינציק געווען בלויז אונטערצושניידן זייער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ. קודם כל האָט מען די יידן געדאַרפט מאָראַליש צוזאַמענברעכן, אָוועקרויבן זיי די מעגלעכקייט פון צונויפזאַמלען זיך און עפנטלעך מתפלל זיין, וואָס האָט געמיינט גייסטיק דערהאַלטן די ליידנדיקע און שווער געפּרוווטע יידן. דאָרט, אין די שולן, האָבן יידן געקענט שעפּן בטחון און גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט, עס זאָל זיי געבן כוח איבערצוהאַלטן די גרוילטאַטן פון די היטלעריסטישע רוצחים. דאָרט, אין שול, האָט מען געקענט עפנטלעך פאַראורטיילן די, וואָס האָבן גערינט דעם דייטש. און ווער ווייסט? אפשר האָט דאָרט געקאָנט געבוירן ווערן דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד קעגן אייגענע און פרעמדע באַצווינגער? און כדי נאָך מערער צו צעברעכן דעם גייסט פון טאָרנער יידן און זיי באַווייזן אַז זיי זענען בלויז אַ שפּילצייג אין די הענט פון די דייטשע באַנדיטן, אינגאַנצן פון זיי אָפּהענגיק, אַז זיי פאַרמאָגן נישט אויף דער יידישער גאַס קיין שום אָנשפּאַר, קיין פאַרטרעטערשאַפט וואָס וואָלט געקאָנט זיי באַשיצן, — האָט מען דעמזעלבן חודש נאָוועמבער אונטערגעצונדן אויך די געביידע פון דער יידישער קהילה. אין דער דאָזיקער געביידע האָט דאָך געהערשט אַן אַנדערע אַטמאָספער, אַן אַנדערער גייסט. די באַשטימטע מיטגלידער פון יודענראַט, אַמטירנדיק אין דער דאָזיקער געביידע, וואָלטן דאָך נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַז די קהילה איז אין משך פון יאָרהונדערטער געווען די רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג. די דייטשן איז נויטיק געווען אַ יודענראַט, וואָס וואָלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל איבערגעריסן מיט דער טראַדיציע פון ערלעכער און טרייער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די ברוינע באַנדיטן האָבן מורא געהאַט, אַז די אַלטע מויערן פון קהילה־בנין וועלן אָפּקילן דעם פלייס און קריכערישקייט מצד די מיטגלידער פון יודענראַט — און דערפאַר איז פאַרברענט געוואָרן דאָס הויז פון דער קהילה. דאָס פאַרברענען דורך די דייטשן די שולן, בתי־מדרשים און די קהילה־געביידע האָט אויך געמיינט, אַז פאַר די יידן אין טאָרנע הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה, אַז זיי זענען אויסגעליפערט אויפן חסד פון די אָקופּאַנטן, אַז יודענראַט איז נישט קיין המשך פון דער יידישער קהילה. דעריבער האָבן איצט פיל יידן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן טאָרנע. קיין לעמבערג איז צו יענער צייט אָנגעקומען אַ גרעסערע פּליטים־כוואַליע פון טאָרנער יידן.

נאָכן דערגענצן דעם יודענראַט מיט נייע מענטשן, איז געקומען אַ צייט פון פאַרהעלטנישמעסיקער רו. ביים יודענראַט איז געשאַפן געוואָרן אַן „אַרבעטס־אַמט",

ווענמענס אויפגאַבע איז געווען צוצושטעלן יידן אויף אַרבעט לטובת די דייטשן. אין שפּיץ פון אַרבעטס־אַמט איז געשטאַנען אַ דייטש, ווענמענס פאַראָרדנונגען און אָנווייזונגען דער יודענראַט האָט געמוזט אדורכפירן. געווען יידן וואָס האָבן טאַקע געאַרבעט, געווען אויך אַזעלכע, די רייכערע, וואָס האָבן געהאַט בלויז אַרבעטס־צעטלען, באַכן אַריינטראָגן אין יודענראַט אַ געוויסע סומע „אויסקויף־געלט״.

דאָס אָפּטע כאַפּן צו אַרבעט האָט ביי טאַרנער יידן אַרויסגערופען אַ געפיל פון אומזיכערקייט און מורא. די אַרבעטס־קאַרטע איז געוואָרן אַ טרוים און אַ ציל פון יעדער יידישער פאַמיליע. מען האָט זיך איינגערעדט און געגלויבט, אַז מיטן שטילן די פאָדערונגען און אַפּעטיטן פון די דייטשן, וועלכע זענען מיט יעדן טאָג געוואַקסן, וועט מען פאַרהיטן די יידישע באַפעלקערונג פון גרעסערע רעפּרעסיעס. דערפאַר האָט דער יודענראַט צוגעשטעלט מענטשן צו דער אַרבעט, טייערע מעבל און סחורות, צירונג, געטראַנקען און אַנדערע גוטע זאַכן פאַר די דייטשן. צו דעם צוועק האָט מען אַרויפגעלייגט גרעסערע באַשטייערונגען אויף פאַרמעגלעכע יידן. יידן האָבן געצאָלט און געבערענגט דאָס שענסטע און בעסטע אין יודענראַט, גלייבנדיק, אַז זיי וועלן זיך און אַנדערע ראַטעווען דאָס לעבן. הגם עס איז געוואַקסן די נערוועזיטעט און פּסיכישע אומרו, איז דאָך געווען אַ געוויסער בטחון, אַז טראָץ די רעפּרעסיעס און שיקאַנעס, וועט דורך די קאָנטריבוציעס געלינגען באַרואיקן די דייטשע בעסטיע און דורכלעבן די אָקופּאַציע.

אַ בילד פון יידישן לעבן אין טאַרנע צו יענער צייט גיט אונדז די גבית־עדות פון לעאָן לעזער, וועלכער האָט די גאַנצע אָקופּאַציע איבערגעלעבט אין טאַרנע. די דערקלערונגען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער וואָיעוואָדישער יידישער היס־טאָרישע קאָמיסיע אין קראָקע. לעזער דערציילט:

„אין אָנהויב האָבן יידן געלעבט פאַרהעלטנישמעסיק רואיק, בלויז אויפן גאַס זענען געווען ספּאָראַדישע פאַלן פון טשעפּען אָדער שלאָגן יידן, ווי אויך דער־שיסונגען פון פּאַליאַקן. זיי האָבן דעמאָלט גענומען פּאַליאַקן אויסער דער שטאָט און געכאַפּט גרופּעס יידן, ווענמען מען האָט געהייסן גראָבן גריבער. די פּאַליאַקן האָט מען אויסגעשטעלט אין אַ ריי און זיי די יידן דערשאָסן, די יידן האָבן געמוזט באַגראָבן זייערע טויטע קערפּער. אין אַזעלכע פאַלן האָבן יידן געמוזט זיך פריער לייגן אין די גריבער. די דייטשן זענען איבער אונדז געשטאַנען מיט אָנגעלאָדענע ביקסן און געשראָקן, אַז זיי וועלן דערהרגענען, און ערשט דערנאָך דערלויבט אונדז אַרויסצוגיין, שלאָגנדיק דערביי אָן רחמנות. איך אליין בין איינמאָל מוראדיק צעשלאָגן געוואָרן, מען האָט מיך געהאַט געכאַפּט צו אַזאַ עקזעקוציע, און פאַרן אָפּלאָזן אַהיים געדראָט מיט טויט־שטראָף, מיר זאָלן נישט וואַגן אַ פּיפּס טאָן וועגן דעם וואָס דאָרט איז געשען״.

3.

געווען, אַלזאָ, געווגע סיבות פאַר אומזיכערקייט און אויפרעגונג צווישן טאַרנער יידן. אַ באַזונדערס שווערן איינדרוק האָט געמאַכט די פאַראָרדענונג אָנצוטאָן אָרעם־בענדער. אין דעם פאַל איז טאַרנע ווי אויסגעטיילט געוואָרן, ווייל דאָס איז געווען

די ערשטע שטאָט אין פוילן, וואו עס איז איינגעפֿירט געוואָרן די דאָזיקע גזירה, ווי אַ ווייטערדיק מיטל אונטערצוברעכן דעם גייסט פון דער יידישער באַפעלקערונג, און אַלס ערשטער טריט אָפצוטיילן זי פון דער פוילישער באַפעלקערונג. דעם 20־טן אָקטאָבער 1939 יאָר איז דערשינען די פאַראָרדענונג וועגן אָרעם־בענדע־, אונטערגעשריבן דורכן דעמאָלטיקן ציווילן שטאָט־קאָמענדאַנט (שטאָטהאופטמאַן) ערנסט קונדט. דער אָרעם־באַנד האָט געדאַרפט זיין אַ ווייסער, 12 צענטימעטער ברייט, מיט אַ בלויען מגן־דוד אויף אים. אויסער דעם איז נאָך דעם 12.11.1939 פאַר־אָרדנט געוואָרן צו באַצייכענען די טירן און פענסטער פון יידישע געשעפטן מיט אַ ווייסן מגן־דוד. פאַר נישט דורכפירן די פאַראָרדנונגען, האָט געדראָט אַ שטראָף מינדעסטענס 10 יאָר תפיסה און קנס. אין דער שפעטערער תקופה, שוין נאָכן איינפירן דאָס געטאָ, האָט געדראָט טויטשטראָף פאַר נישט טראָגן דעם אָרעם־באַנד.

די פאַראָרדענונג וועגן אָרעם־בענדער פאַר יידן האָט געמיינט אַ פאַרשאַרפטן רעזשים לגבי זיי. נאָכדעם האָבן יידן מיט גרויס ציטער און מיט פאַרשאַרקטער אומזיכערקייט אָנגעהויבן קוקן אין די צוקונפט. צו יענער צייט האָבן טאַרנער יידן אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד און דער עיקר מיט זייערע קרובים אין ראַטנפאַרבאַנד און מאַנכע האָבן באַקומען אפילו שפייז־פעקלעך פון זייערע קרובים פון אויסלאַנד. הגם עס זענען שוין געווען קענטיק סימנים פון עקאָנאָמישן צוזאַמענברוך פון גאַנצע יידישע משפחות, האָט אָבער דער רוב געהאַט באַשטימטע זאַפאַסן, וואָס האָבן דערווייל געניגנט אויף אויסצוהאַלטן זיך און אויף אָפצוקויפן



אַ גרופע יידן אינעם טאַרנער געטאָ פאַרן הויז אויף דער „אַלטער־דאָמבראָווע" גאַס אין יאָר 1942

די דייטשן. די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך באַצויגן צו די יודענראַטן מיט איינגעהאַלטנקייט, מען האָט נאָך נישט געפאָדערט צוצושטעלן מענטשן אין די אויוונס. אין יודענראַט איז אפילו אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער שוץ, און אין געוויסע פאַלן האָט מען נאָך געקאָנט אינטערווענירן ביי די דייטשן.

צו יענער צייט האָט אין יודענראַט געאַרבעט אַ גרופּע עלטערע געזעלשאַפט־לעכע טוער, ווי: ד״ר ש. גאָלדבערג, ד״ר וו. שענקעל, ד״ר שפּייזער און אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַט די בעסטע כוונות און גלויבן, אַז זיי וועט געלונגען איינצו־האַלטן דעם ניוואָ פון דער סאָציאַלער טעטיקייט אויף א באַשטימטער הויך, אז מיט פּערזענלעכער השפעה אויף באַזונדערע דייטשע רעגירער, וועלן זיי קאָנען מילדערן נישט איין אַנטי־יידיש געזעץ, אָדער אַרויסראַטעווען טייל יידן פון די געסטאַפּאָ־נעגל. דערפאַר האָבן זיי גלייך אָרגאַניזירט אַ סאָציאַלע הילף און מעדיצינישע דינסט.

דער דירעקטאָר פון יתומים־הויז ליבליך, האָט נישט געקאַרגט קיין מי און אָנשטרענגונגען צו דערהאַלטן ביים לעבן די יידישע יתומים. מיט אַ באַזונדערער טרייַשאַפט האָט דעמאָלט געאַרבעט אין יתומים־הויז פרוי ד״ר מאַנדעל אַלס דאָקטאָרין און פריילין מ. מאַהלער אַלס דערציערין. אין סעפטעמבער 1942 האָבן די דייטשן ארויסגעפירט אין די גאַז־אויוונס אַלע יידישע יתומים, צוזאַמען מיט זייערע דערציערינס און די גאַנצע משפחה ליבליך. אין יידישן שפּיטאָל, באַגרע־נעצט בלויז צום פאַווילאָן פאַר טובערקולאָז־קראַנקע (אויפגעבויט דורך דער קהילה האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה), האָבן די יידישע דאָקטוירים, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר ע. שיפּער, טריי דערפילט זייערע פליכטן.

4.

שוין אין נאָוועמבער 1939 יאָר האָבן זיך אָנגעהויבן סיסטעמאַטישע פאַרפאָל־גונגען קעגן יידן, דערשעפּטע פון די אָפטע כאַפּונגען („לאַפּאַנקעס״) און עקאָנאָמישע רעפּרעסיעס. די רדיפות האָבן זיך קודם כל אָנגעהויבן קעגן די צוריקגעקומענע פון מזרח. נישט אַדורך אַ טאָג, עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין צעשיסונגען פון צופעליק באַגעגנטע יידן אויפן גאַס, דערביי פלעגן אָפט אַרויסגעשיקט ווערן יידן אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן פאַר די מינדעסטע חטאים. אַזוי זענען אין אנהויב 1940 אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ די איבעראַל געשעצטע בירגער ד״ר עמיל ווידער און אדוו׳ מגר. שמחה מיט זיין ברודער פּראָפ׳ שמחה (וועלכער האָט מיט יאָרן צוריק פאַרלאָזט די יידישע קהילה), מגר. אפּפעלבוים און אַנדערע טאַרנער יידן. זיי אַלע זענען אומגעקומען אין אוישוויצער טויטנלאַגער.

ביי שרעקלעכע פּייניקונגען איז אומגעקומען ד״ר שפּייזער, האַלטנדיק זיך מוטיק ביז דער לעצטער מינוט. זיין קערפּער האָבן די געסטאַפּאָ־רוצחים צע־פערטלט אויף שטיקלעך, אין אַ קויש אויף קוילן געבראַכט זיי אין יודענראַט מיטן באַפעל קובר צו זיין אויפן יידישן בית־עולם.

אַ שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע האָבן אָנגעוואָרפן צוויי היטלעריסטישע רוצחים: וואַן מאָלטקע און נאָוואַק. זיי פלעגן זיך אויסבאַ־האַלטן אין די טויערן, אָפּוואַרטן אַ פאַרבייגייענדיקן ייד, אַריינגעשלעפּט אים אין טויער, באַרויבט, געשלאָגן מכות רצח און אַזוי לאַנג געווילדעוועט איבער אים, ביז ער איז אַ האַלב־טויטער אַוועקגעפאַלן. עס פלעגן אויך פאָרקומען אָפטע רעוויזיעס אין יידישע שטובן. דייטשן האָבן געזוכט ווערטפולע זאַכן.

איינמאָל, זומער 1940, איז פאַראָרדנט געוואָרן אַ זוכונג אין אַלע יידישע וואוינונגען, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. די מענער האָט מען ארויסגענומען פון די שטובן און זיי צונויפגעזאמלט אויפן רינגפלאַץ, לעבן טערטילס פּאַסאַזש, אַוועקגעשטעלט זיי מיט די פּנימער צום וואַנט, מיט אויפגעהויבענע הענט. אַזוי האָבן זיי געמוזט שטיין אַ לענגערע צייט. אויפן באַפעל פון די היטלעריסטישע רוצחים האָבן פרומע יידן געמוזט אָנטאָן די טליתים און טאַנצן אַרום אַ ספר תורה, וואָס איז דערנאָך פאַרברענט געוואָרן. אויפן מאַרק זענען דעמאָלט געברענגט געוואָרן די דייטשע זעלנער וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין שטאָט, כדי זיי זאָלן זיך צוקוקן צום טרויעריקן ספּעקטאַקל. עלטערע יידן האָט מען אָפּגעשניטן די בערד און פּיאות, און נאָכן אַדורכפירן דעם רויב און גזילה אין די שטיבער, האָט מען זיי — דערנידעריקטע און באַליידיקטע, — געטריבן צוריק אַהיים.

זינט דעמאָלט זענען פאָרגעקומען סיסטעמאַטישע כאַפּונגען צו דער אַרבעט. דאָס יאָר 1940 איז געווען אַ שווער יאָר פאַר טאָרנער יידן. נישט געווען קיין רו, קיין מעגלעכקייט צו פאַרדינען און פירן אַ נאָרמאַל לעבן. די אָפטע כאַפּונגען האָבן שרעקלעך געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג און געווען אַן אָנזאָג אויף ווייטערדיקע פאַרפאָלגונגען. די דייטשע באַצווינגער האָבן זיך געניטיקט אין גוט־איינגעאָרדנטע דירות, אויף דער קראָקאָווער, טיילוויז אויך אויף דער וואַלאָווע גאַס, פונוואַנען אַלע יידן זענען ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע דירות. מ׳האָט זיי באַפוילן אין משך פון 12 שעה אַריבערקלויבן זיך אין די אָרע־מערע קוואַרטאַלן. אַזוי אַרום איז אויך פאַרקלענערט געוואָרן דער וואוין־שטח פון די יידן, וועלכע האָבן זיך שוין פאַקטיש געפונען אין אַ געטאָ, אבער נאָך נישט אַן אַרומגעצוימטן מיט שטעכל־דראָט און אַ נישט־באַוואַכטן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די וואוין־באַדינגונגען אין אַזאַ ענגשאַפט, הגם עס איז געווען אַן אָפענער וואוין־קוואַרטאַל. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין טאָרנע האָבן זיך דעמאָלט געפונען פיל יידן פון די אַרומיקע און ווייטערע שטעט און שטעטלעך. אויב פאַר דער מלחמה האָט טאָרנע געציילט 26.000 יידן, האָבן אין 1940 זיך געפונען אין שטאָט קנאַפּע 40.000 יידן.

אָנגעהויבן פונעם 20־טן יאַנואַר 1940 טאָרן יידן נישט פאָרן מיט באַנען. די געכאַפּטע צו דער אַרבעט, פלעגט מען איצט אַרויסשיקן אין אַרבעטס־לאַגער אין פּוסטקאָוו (לעבן דעמביץ). פון 1־טן יאַנואַר 1940 האָבן יידן נישט געטאָרט טוישן זייערע וואוין־ערטער אָן אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט. שוין אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע האָבן יידן געמוזט אַריינטראָגן אַלערליי קאָנטריבוציעס אונטער פאַרשידענע אויסריידן, און דאָס אין סאַמע קירצסטן טערמין — אונטער דער דראָאונג צו דערשיסן די מיטגלידער פון יודענראַט, אָדער

די ספּעציעל פאַר דעם צוועק געהאַלטענע ערובניקעס. אָנהויב 1940 איז אויף די יידן אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שענדלעכע פליכט אפּצורייניקן די גאַסן פון שניי און מיסט. צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען קודם כל געטריבן די יידישע אינ־טעליגענץ. אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז פאַרצויגן דער שטריק אויפן האַלז פון דער יידישער באַפעלקערונג.

5.

די וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעפירט מיטן יודענראַט — ד״ר וואָלף שענקעל און ד״ר שלמה גאָלדבערג, — האָבן נאָך געהאַט די אילוזיע, אַז טראָץ די שיקאַנעס און רעפּרעסיעס, טראָץ די אָפטע קרבנות פון דייטשער בעסטיאַליטעט, וועלן טאַרנער יידן איבערטראָגן די אָקופּאַציע־צייט. מיט זייער אויטאָריטעט האָבן זיי נאָך געהאַלטן אין צוים אַזעלכע פאַרשוינען, ווי אַנטעק זאָלדינגער, אידעק לערהאופט און אַנדערע לייט, וועלכע האָבן זיך געריסן צו דער מאַכט אין יודענראַט, נישט אָפּהאַלטנדיק זיך פון מסירות דער געסטאַפּאָ. אויך די דייטשע הענקער וואָס האָבן געגרייט דעם יידישן חורבן, זענען נישט געווען אויף דער האַנט אַזעלכע טוער ווי ד״ר שענקעל און ד״ר גאָלדבערג, וואָס האָבן אין די שווערסטע באַדינגונגען געפּרוּווט שיצן יידן קעגן רדיפות. פּסח־צייט זענען טאַקע אַרעסטירט געוואָרןביידע דאָקטוירים, און מיט זיי דער פּאַרדינסטפולער אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף זאַלעק וועלטש און דער יונגער ענגעלבערג. ד״ר שענקעל און ד״ר גאָלדבערג זענען אַריינגעשלייי־דערט געוואָרן אין תפיסה, וואו זיי האָבן דורכגעמאַכט פיל פּייניקונגען, אין מיט אַ צייט שפּעטער זענען זיי אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, וואו זיי זענען געשטאָרבן. דעם ד״ר שענקעל האָבן די דייטשן באַפוילן אַדורכצומאַרשירן איבער די טאַרנער גאַסן מיט אויפגעהויבענע הענט און שרייען: „די יידן זענען שולדיק אין קריג״. אין דער זעלבער צייט איז צוזאַמען מיט ד״ר גאָלדבערג אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט קיין אוישוויץ ד״ר מ. ראָזענבוש, דירעקטאָר פון דער העב־ברעאישער גימנאַזיע „שפה ברורה״. ביידע זענען שוין פון אוישוויץ נישט צוריק־געקומען.

די טאַרנער תפיסה איז געווען איבערפולט. פון דער דאָזיקער תפיסה פלעגט מען אַרויסשיקן טראַנספּאָרטן אַרעסטירטע קיין אוישוויץ. אין אַ צייט אַרום האָבן די משפחות פון די דערמאָרדעטע באַקומען ידיעות וועגן טויט פון זייערע נאָענטע. ווער עס האָט איבערגעשיקט קיין אוישוויץ 20 זלאָטעס, האָט דערנאָך באַקומען אַ פּושקע מיטן אַש פון קרבן.

אַזאַ גורל האָט געטראָפן אויך מרדכי דוד אונגער, אַרעסטירט פאַר כלומרשטן אומלעגאַלן האַנדל. ער איז עטלעכע חדשים געזעסן אין תפיסה. דאָרט האָט ער געהאַט אויסצושטיין אַזעלכע פּייניקונגען און יסורים, אַז ער האָט דערציילט וועגן אַ באַהעלטעניש פון צירונג ביי זיך אינדערהיים. מען האָט אים אָוועקגעפירט אַ היים, וואו ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם באַהעלטעניש. די געסטאַפּאָווצעס האָבן אַלץ צוגענומען, געלאָזט אונגערן אויף דער פריי, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום

האָט מען אים אַרויסגערופן אין געסטאַפּאָ, פונוואַנען ער איז אַפּגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. אין אַ צייט אַרום איז פון דאָרט אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אונגער איז געשטאָרבן.

פון תפיסה האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט וועלטש און ענגעלבערג. דער יודענראַט איז איצט געשטאַנען אָפן פאַר די אויסוואורפן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין טאַרנע. אויף דער אויבערפלאַך זענען גלייך אַרויפגעשוואומען טונקעלע פּאַרשוינען, אַרויסגערוקטע דורך דער געסטאַפּאָ. איצט זענען שוין נויטיק געווען די דייטשן אַזעלכע לייט, וואָס זאָלן אָן סענטימענטן, בלינד און ריקזיכטלאָז אדורכפירן די דייטשע באַפעלן בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג.

6.

אָנהויב 1941 יאָר זענען פאַר יידן איינגעפירט געוואָרן ספּעציעלע דערקען־קאַרטן — אין געלן קאָליר. מען האָט צו יענער צייט געדאַרפט האָבן אַ סך פלינקייט, אָנשטרענגונג און געלט, כדי זיך צו פאַרהיטן פאַר אַן אַרעסט, און קאָנען באַהאַלטן דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן פאַר די דייטשן און זייערע יידישע העלפער. די שטענדיקע זאָרג פאַר אַן אַרבעטס־קאַרטע, וואָס האָט דערוויילן געגעבן די רעכט צום לעבן, האָט געהאַלטן אין שטענדיקער נערוועזיטעט און שפּאַנונג. יעדער האָט געוואָלט לעבן, אפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען. דער דאָזיקער לעבענס־דראַנג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין פיל מענטשלעכע הערצער האָט ער אָפּגעטעמפּט דאָס געפיל פון רחמנות און בושה. צום גליק, זענען אין טאַרנע געווען ווייניק אַזעלכע לייט, וואָס האָבן איבערגעריסן מיט אַלע מאָראַלישע און עטישע העמונגען, נישט געקוקט אויף דעם שטאַרק־אַנטוויקלטן צו יענער צייט זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט, וואָס האָט ארומגעכאַפּט די יידן אין געטאָ. דערפאַר זענען געווען זייער אַ סך דערשיינונגען פון קעגנזייטיקער הילף, הגם דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַ נישט־אָרגאַניזירטן אופן, אָן דער אריינמישונג פון יודענראַט, ווייל אַלע האָבן געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך סוף סוף ענדיקן און עס וועט קומען דער טאָג פון דער דייטשער מפלה.

אַזאַ צושטאַנד האָט געדויערט אין טאַרנע ביזן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. דער טאָג פון 22־טן יוני 1941, ווען די דייטשן זענען אָנגע־פאַלן אויפן ראטנפאַרבאַנד, איז געווען אַן איבערברוך־טאָג פאַר טאַרנער יידן. ווי הינט אָפּגעריסענע פון דער קייט, האָבן די היטלעריסטישע רוצחים זיך געוואָרפן אויף יידן. זינט יענעם טאָג זענען די דייטשן איבערגעגאַנגען צו אַ סיסטעמאַ־טישער אַקציע פון פיזיש פאַרניכטן דאָס טאַרנער יידנטום, וואָס איז שוין גייסטיק געווען צוזאַמענגעבראָכן. עס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דאָס קאַפּיטל פון ספּאָראַדישע אַנטי־יידישע רדיפות. עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרווירקלעכונג פון דער לאַנג פּלאַנירטער אויסראָטונגס־אַקציע.

די דייטשן איז קאַלט געווען אין רוסלאַנד. דערפאַר האָבן יידן געמוזט זיי צו־שטעלן פוטערס. ווינטער 1941 יאָר האָבן די דייטשן באַפוילן, אונטער דער דראָאונג פון טויטשטראָף, אַז די יידן זאָלן צושטעלן זייערע פוטערס, שטיוול און סקי. פון

15־אָקטאָבער 1941 יאָר איז יידן פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרלאָזן די באַשטימטע פאַר זיי וואוין־קוואַרטאַלן, און פון 1־טן דעצעמבער 1941, האָט די פּאָסט נישט געטאָרט אנעמען קיין שפּייז־פּעקלעך פון יידן. די פאַרהעלטנישמעסיקע רו אין טאַרנע האָט זיך געענדיקט. אין שטאָט איז אָנגעקומען דער אָנגעזעענער היטלעריסטישער תלין גרונאָוו. זיין ערשטער „אויפטריט" איז פאָרגעקומען דעם 9־טן דעצעמבער 1941 יאָר, אין טאָג ווען עס איז אויסגעבראָכן די יאַפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה. גרונאָוו האָט דעמאָלט באַפוילן צו אַרעסטירן העכער הונדערט יידן, פון וועלכע זיבעצן זענען דערשאָסן געוואָרן, און די איבעריקע האָט מען נאָך עטלעכע טעג באַפרייט.

נאָך דעם דאָזיקן מאָרד איבער זיבעצן יידן איז פאָרגעקומען אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג. די דייטשע תלינים האָבן אַזוי' ארום געוואָלט איינשלעפערן די וואַכזאַמקייט. דאָס יידישע לעבן אין שטאָט איז אַוועק אויף „נאָרמאַלע" רעלסן. דער יודענראַט האָט געשיקט מענטשן צו דער אַרבעט, איינקאַסירט געלט ביי רייכערע יידן צו צאָלן דערפון די דייטשן.

די יידישע געשעפטן און אונטערנעמונגען זענען געפירט געוואָרן דורך דייטשע קאָמיסאַרן, באַשטימטע דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט. די מיינסטע קאָמיסאַרן זענען געווען די א. ג. „פאָלקסדויטשע". אין אָנהויב האָבן זיי נאָך טאָלערירט די יידישע אייגנטימער, געניסנדיק פון זייער הילף און דערפאַרונג, און דערפאַר זיי-צוגעוואָרפן ברעקלעך. אָבער אין אַ צייט אַרום האָבן זיי די יידן אינגאַנצן באַזייטיקט פון זייערע געשעפטן.

אין יאָר 1941 האָבן טאָרנער יידן נאָך געגלויבט, אַז נישט געקוקט אויפן טעראָר, רדיפות און קרבנות, וועט זיי געלינגען איבערצוהאַלטן די מלחמה דורך אויסקויפגעלט און כאַבאַר פאַר די דייטשן. פאָלקמאַן און אידעק לערהאופט, וועלכע זענען שוין איצט געשטאַנען אין שפּיץ פון יודענראַט און געהאַט שטענדיקע פאַרבינדונגען מיטן גובערנאַטאָר אין קראָקע, קונדט, האָבן באַרואיקט די יידן, ראַטנדיק זיי נאָר אַרבעטן, צאָלן און צופּאַסן זיך צו די פאַראָרדענונגען פון די דייטשן און פון יודענראַט.

7.

דאָס יאָר 1942 האָט אָנגעזאָגט אַ שטורעם.

צוליב דער פאַרקלענערונג פון יידישן וואוין־קוואַרטל, האָט אין יידישע דירות געהערשט אַ מוראדיקע ענגשאַפט. קיין עלעקטריש ליכט איז נישט געווען, דער דאָזיקער „לוקסוס" איז געווען באַשטימט נאָר פאַר וואוינונגען וואו עס האָבן זיך געפונען דייטשן. אין די ערשטע חדשים פון 1942 יאָר איז אין טאָרנע אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון פלעקן־טיפוס, וועלכע איז פאַרשלעפּט געוואָרן אין דער שטאָט דורך דייטשע זעלנער וואָס האָבן זיך אומגעקערט פונעם מזרח־פראָנט. אַזוי ווי דער טיפוס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן דער אַרישער באַפעלקערונג, זענען אַלע אַמטן געשלאָסן געוואָרן אויף צוויי חדשים.

די שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָרנע איז נישט געווען

קיין געהויבענע, ווען זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו די דורכמאַרשירנדיקע טראַנספּאָרטן רוסישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען אין די צענדליקער טויזנטער געטריבן געוואָרן אויף מערב. אין משך פון די חדשים מערץ און אַפּריל 1942 יאָר, זענען דורך טאָרנע דורכגעגאַנגען בערך אַ האַלבער מיליאָן רוסן פון כאַרקאָוו און ראָסטאָוו. מ׳האָט זיי געטריבן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אין דער „קראַקאַוער צייטונג״ האָט מען געקאָנט לייענען אַ ידיעה, אַז אַ האַלבער מיליאָן רוסן האָבן זיך פרייוויליק געמעלדעט אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

אין די ערשטע וואָכן פון יאָר 1942, זענען פון הויז אויף דער שול־גאַס נומ׳ 9 אַרויסגעשלעפּט געוואָרן אַלע איינוואוינער. מ׳האָט זיי פאַרשיקט קיין אוישוויץ פאַרן כלומרשטן דערשיסן דעם באַקאַנטן געסטאַפּאָ־אַגענט נאָוואַק. עס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ פשוטע דייטשע פּראָוואָקאַציע, ווייל נאָוואַק האָט זיך אַליין פאַרוואונדעט ביים שלעכטן מאַניפּולירן מיט זיין געווער.

דער יומטוב פסח 1942 איז אַדורך אונטערן צייכן פון אַ שרעקלעך פאַרברעכן מצד די דייטשע רוצחים. וועגן די שטימונגען אין טאָרנער געטאָ אין יענער צייט, גיט איבער אליעזר אונגער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין טאָרנע. אים איז געלונגען אינעם יאָר 1944 צו קומען קיין ארץ־ישראל, וואו עס איז דערשינען זיין ביכל זכרונות „זכור״. ער שרייבט דאָרט צוו. אַנד.:

„דעם ערשטן אַפּריל 1942, אין אַן ערב־פּסח טאָג, האָט די זון געשיקט אירע שטראַלן אין די שמאָלע געסלעך וואו ס׳האָבן זיך געפונען די טאָרנער יידן. אַ לייכט פרילינגדיק ווינטל האָט באַרואיקט די אָנגעווייטיקטע הערצער. ביי די נידעריקע אָרעמע הייזער שטייען פרויען מיט פאַרמרהשחורעטע פּנימער. זיי רייניקן, וואַשן און ברענגען אַלץ אין אָרדענונג לכבוד יומטוב. זייערע מענער און זון, וואָס פלעגן אַמאָל העלפן ביי די דאָזיקע אַרבעטן ערב פּסח, האָבן זיי פאַרלאָזט. היי־יאָר זענען זיי באַשעפטיקט ביי צוואַנגס־אַרבעט אין די פאַבריקן וואָס אַרבעטן פאַר די דייטשן. און די וואָס זענען נישט באַשעפטיקט — ציטערן, מען זאָל זיי נישט כאַפּן צו דער אַרבעט פון דער גאַס אַראָפּ. דעם דאָזיקן ערב פּסח האָבן ביי מיין פאָטער אין שטוב זיך פאַרזאַמלט עטלעכע נאָענטע, כדי אויסצובאַקן מצה שמירה אי־נעם אויוון, וואָס ער האָט ספּעציעל צוגעגרייט. דער יודענראַט האָט אויסגעבאַקן מצות פון מעל וואָס עס האָט צוגעשטעלט די שטאָט־פאַרוואַלטונג. אויפן שוואַרצן מאַרק איז פאַרקויפט געוואָרן אַ קילאָ מצה פאַר 25 זלאָטעס. רייכע יידן האָבן אַלץ צו־געגרייט אויף פּסח — מצות, וויין, עס האָט גאָרנישט אויסגעפעלט אין זייערע היימען. אָרעמעלייט האָבן באַקומען מצה פון יודענראַט, און אין די פאָלקס־קיכן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע סדרים־נעכט פאַר הונדערטער יידן, וואָס צוליבן מאַנגל אין וואוינונגען און מיטלען, האָבן זיי נישט געקענט פּראַווען דעם סדר אין אַן אייגענער היים״.

„פאַרנאַכט איז אָבער פאַרשטערט געוואָרן די דאָזיקע יומטובדיקע שטימונג. עס האָט זיך שנעל פונאַנדערגעטראָגן אַ ידיעה, אַז די תליינים ראָמעלמאַן און גרונאָוו זענען אַריינגעפאַלן אין דער דירה פון ליפּא שוחט און דערשאָסן אים מיט זיינע צוויי זין (יעטוועדע ידיעה פון „יידישן פראָנט״ האָט אין שטאָט זיך בליץ־שנעל

פאַרשפּרייט און דערגרייכט יעדעס יידישע הויז). ליפּא שוחט איז געווען אַ באַשיידענער מענטש, פול מיט מעלות, איבעראַל באַליבט, אַ תּלמיד־חכם און איבערגעגעבן ביים דערלעדיקן קהלישע ענינים. עס איז אַזוי געשען, אַז אַ מיידל וואָס האָט געהאַנדלט מיט עופות, האָט אין אַ קויש געטראָגן געשאָכטענע הינער. ביידע רוצחים האָבן זיך גראָד געפונען אין געסל וואָס פירט צו ליפּא שוחט. די עופות־הענדלערין, דערזעענדיק פונדערווייטנס די צוויי געסטאַפּאָ־לייט, האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן אין טויער פון הויז, אָבער די געסטאַפּאָווצעס האָבן זי אָנגעיאָגט און געכאַפּט. דראָענדיק מיט רעוואָלווערן, האָבן זיי פאַרלאַנגט פון איר אויסצוזאָגן ווער עס האָט געשאָכטן די הינער .אויס מורא פאַר די דראָאונגען, האָט דאָס מיידל אָנגעוויזן דאָס הויז וואו עס האָט געוואוינט דער שוחט. די געסטאַפּאָ־לייט זענען גלייך אריינגעפאַלן אין שוחט׳ס וואוינונג און דאָרט דערשאָסן אים מיט זיינע צוויי זין. נאָכן מאָרד זענען זיי מיט פאַרבלוטיקטע הענט אַריין אין דער וואוינונג פון שכן. די שטוביקע האָבן אָנגעהויבן רופן „שמע ישראל״, אָבער די רוצחים האָבן פון זיי פאַרלאַנגט אַ שיסל וואַרעם וואַסער און אַ ריין האַנטוך. זיי האָבן אָפּגעוואַשן די הענט און די בגדים פון בלוט און אַוועקגעגאַנגען. די ידיעה וועגן דעם מאָרד האָט פאַרציטערט אַלע טאַרנער יידן. זיי זענען נאָך נישט געוואוינט געווען צו אַזעלכע מאָרד־אַקטן. נאָך דעם אומגליק, האָבן די מיינסטע יידן אין שטאָט זיך אָפּגעהאַלטן פון עסן פלייש, נישט געוואָלט אויסשטעלן אויף געפאַרן דעם שוחט און די פלייש־הענדלער. עס האָט אויפגעהערט דער פלייש־האַנדל. די יומטוב־טעג זענען אַדורך אונטערן רושם פון דעם שרעקלעכן געשעעניש״.

פונדעסטוועגן האָבן טאַרנער יידן זיך נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון זייער לאַגע. ערשט ווען אין חול־המועד פּסח איז אין דער אַמטלעכער „קראַקאַוער צייטונג״ דערשינען אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן איבערזידלען אַלע לובלינער יידן פון לובלין אין מיידאַנעק, וואו עס זענען געעפנט געוואָרן צוויי קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר יידן, און אַז עס זענען אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות וועגן אַ מאַסאַקרע פון טויזנטער יידן, — האָבן טאַרנער יידן, ווי יידן אין גאַנצן גענעראַל־גוווערנעמענט, אָנגעהויבן זיך פאַרטראַכטן איבער זייער גורל. אין יידישע הערצער האָט זיך פאַרגנבעט אַ פאַרדאַכט און ספקות, צי די דייטשע רוצחים גרייטן נישט אַמאָל דאָסזעלבע, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן מיט די יידן אין לובלין.

דער דאָזיקער פאַרדאַכט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך אַ נייעם מאָרד־אַקט פון די היטלעריסטישע וואַנדאַלן. דעם 24־טן אַפּריל 1942 יאָר זענען ווידער אומגעבראַכט געוואָרן 56 יידן, וועלכע זענען דורך פאַרשידענע וועגן צוריקגעקומען פון לעמבערג קיין טאַרנע.

אויפן סמך פון אַ רשימה פון די יידן וואָס האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש צוריקצוקומען פון די מזרח־געביטן קיין טאַרנע, האָט די געסטאַפּאָ אויפגעשטעלט אַ ספּעציעלע ליסטע. צווישן די 56 איז אויך דערשאָסן געוואָרן דער ביאַלער רבי, אָנפירער פון מזרחי אין מערב־גאַליציע און שלעזיע ד״ר הירשפעלד, וועלכער האָט זיך דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר אומגעקערט פון גענף, פונעם ציוניסטישן קאָנגרעס. ער איז פון ביאַלע אַנטלאָפן קיין פּשעמישל, און נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט מזרח־גאַליציע, איז ער צוריקגעקומען קיין טאַרנע, כדי דאָ איבער־

צוהאַלטן די מלחמה. דער דאָזיקער איידעלער מאַן, אָנגעזעענער רעדנער אין איבער־געגעבענער מזרחי־טוער, איז גוט באַקאַנט געווען דעם טאַרנער יידנטום צוליב די אָפטע אַרויסטרעטונגען אין דער גרויסער שול בעת מלוכהשה און נאַציאָנאַלע יומטובים. ער איז אויך געווען ערנסטער קאַנדידאַט אַלס הויפּט־רב פון טאַרנע. ד״ר הירשפעלד, אַרויסגעשלעפּט פון זיין וואוינונג דורך די היטלעריסטישע רוצחים, איז אויפן שוועל געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג. דעם טאָג איז אויך אומגעקומען מאיר ווייס, אייגנטימער פון האָטעל „סיטי״, וועלכער איז מיט זיין פרוי דערשאָסן געוואָרן אין בעט. פון דייטשע קוילן זענען אויך דעם פרימאָרגן אומגעקומען לייביש שלעזינגער מיט זיין זון און ישראל אָסטערוייל. זייער איינציקער חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זענען צוריקגעקומען פון מרזח־גאַליציע. צווישן די קרבנות איז אויך געווען דער באַאַמטער פון יודענראַט שמולאָוויטש. ער איז דערשאָסן געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נישט אויפגעשטעלט בעתן אַריינקום פון אַ געסטאַפּאָ־רוצח. אַלס שטראָף איז ער אַרויפגענומען געוואָרן אויף דער רשימה פון די צוריק־געקומענע פון מזרח, און דערשאָסן געוואָרן אין הויז לעבן יודענראַט.

אין ל״ג בעומר (אַפּריל) 1942 יאָר, זענען אַ גרופּע דייטשע זעלנער אַריין אין הויף פון ר׳ יוסף הודעס, אויפן מאַרק־פּלאַץ — פרעגנדיק זיך אויפן אייגנטימער. יוסף הודעס (איבעראַל באַקאַנטער, געשעצטער טאַרנער איינוואוינער, אַן איידעלער אָרטאָדאָקסישער ייד), איז גראָד געווען אין שטוב און געהערט ווי די דייטשן פרעגן זיך אויף אים. ער האָט אָנגעטאָן טלית ותפילין, אָפּגעזאָגט ווידוי און אַרויס. ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן אויפן הויף, איז ער גלייך דערשאָסן געוואָרן דורך די געסטאַפּאָ־מערדער. דעמזעלבן טאָג איז אויך געבראַכט געוואָרן צו קבורה רב יוסף אלימלך הודעס ז״ל, לעבן קבר פון זיין גאָטזעליקן פאָטער פתחיהו הודעס.

אין חודש מאַי 1942 זענען שוין געווען קענטיק די דייטשע צוגרייטונגען צו דער אויסראָטונגס־אַקציע. אויפן יודענראַט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטרי־בוציע צו באַצאָלן אין משך פון 10 טעג די סומע פון אַ האַלבן מיליאָן זלאָטעס און צושטעלן מעבל פאַר 500 דייטשע וואוינונגען. די באַאומרואיקטע יידן האָט דער יודענראַט באַרואיקט, אַז זיי דאַרפן צאָלן די קאָנטריבוציע און אַז דער יודענראַט ווייסט נישט וועגן קיין שום געפּלאַנטער אַקציע.

ווען סוף מאַי 1942 האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז עס דאַרפן אויסגעזידלט ווערן נאָר די אָרעמע וועלכע באַקומען שטיצע פון „וואָלפאַרט״ (סאָציאַלע הילף), האָבן הונדערטער טאַרנער יידן זיך אָפּגעזאָגט פון דער יודענראַט־שטיצע, בעטנדיק רחמים, מען זאָל זייערע נעמען אויסמעקן פון די רשימות. ווען עס האָט זיך ווידער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס דאַרפן אויסגעזידלט ווערן די יידן וואָס זענען נישט באַשעפטיקט ביי קיין שווערע אַרבעטן, האָבן טאַרנער יידן פאַרקויפט פון זיך דאָס לעצטע, כדי זיך אַריינצובאַקומען אין פאַרשידענע קאַטוילישע אונטערנעמונגען וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן דייטשן מיליטער, אבי זיי זאָלן אָנגענומען ווערן צו דער אַרבעט. מען האָט זיך געריסן אויף אַרבעט נישט נאָר אין די אונטערנעמונגען וועלכע האָבן געאַרבעט פאַרן מיליטער, נאָר אויך אין דער חברא קדישא ביים יודענראַט און אין דעם „אָרדענונגס־דינסט״ (יידישע פּאָליציי) האָבן געוואָלט זיך אַריינבאַקומען פיל טאַרנער יידן. סוף מאַי 1942 יאָר האָט דער שעף

Name: Izak

Vorname: Israel

Geborene:
(bei Ehefrauen)

Geboren am: 21.3.1905

Geburtsort: Tarnow

Besondere Kennzeichen:

Wohnort bzw. im Lager: Tarnow
Zwangsarbeitslager

Betriebsnummer: 9

Wo beschäftigt?
Schlosserwerkstätte

(Firmenstempel
und Gegenzeichnung des Betriebsführers)

DER SS- UND POLIZEIFÜHRER
DER KOMMANDEUR
DER SICHERHEITSPOLIZEI UND DES SD
FÜR DEN DISTRIKT KRAKAU IN KRAKAU

Es wird bestätigt, daß dem Juden (der Jüdin) der Aufenthalt im Distrikt Krakau hiermit erteilt wird und er (sie) bei dem Rü-W-Wh-Betrieb als
Schlossergehilfe
in Tarnow
beschäftigt werden darf.

Tarnow, den 20. Mai 1942

Unterschrift des Beamten der SIPO

Dienstsiegel
SIPO

אַן אַרבעטס־קאַרטע — אויסגעשטעלט פאַרן טאַרנער ייד ישראל איזאַק (היינט אין חיפה)

פון דער יידישער פּאָליציי אין טאַרנע, אַ געוויסער מיללער, באַקומען אַ פאַראָר־דענונג צו פאַרגרעסערן דעם „אָרדענונגס־דינסט". דאָס דינען אין דער יידישער פּאָליציי האָט געדאַרפט פאַרהיטן פאַר אויסזידלען נישט נאָר דעם פּאָליציאַנט, נאָר אויך זיין פרוי און קינדער. פון צווישן הונדערטער קאַנדידאַטן האָט מיללער אויסגעקליבן שטאַרקע הויכגעוואוקסיקע מענער, וועלכע האָבן געהאַט געדינט אין מיליטער.

בנוגע די פּלענער פון די היטלעריסטן האָט מען זיך נישט געכאַפּט אפילו דעמאָלט, ווען אָנהויב 1942 יאָר האָבן אויפן סמך פון אַ דייטשער פאַראָרדענונג זיך געמוזט רעגיסטרירן אַלע יידישע איינוואוינער, כדי צו באַקומען אַ סטעמפּל. טאַרנער יידן האָבן נישט פאַרגעפילט קיין שום שלעכטס און מאַסנווייז געמעלדעט זיך אין אַרבעטס־אַמט. נאָך דעם 10־טן יוני 1942 האָבן די געסטאַפּאָ־לייט אויסגע־קלאַפּט אויף די אַרבעטס־קאַרטן צוויי מינים סטעמפּלען. איין סטעמפּל איז געווען מיט אַ האַקנקרייץ און גערופן זיך „האָהייטס־סטעמפּל", דער צווייטער — מיט דעם לאַטיינישן בוכשטאַב „ק". אַרבעטלאָזע און קינדער האָבן באַקומען ווייסע קאַרטן. קיינער האָט נישט געוואוסט די אייגנטלעכע באַדייטונג פון דעם דאָזיקן געהיימניספולן בוכשטאַב „ק". די פאַרשידנאַרטיקע סטעמפּלען האָבן פאַרגרעסערט די צערודערונג און נערוועזיטעט. עס האָבן זיך געמערט די השערות. מ'האָט שוין וואָס אַן אמת גערעדט שטילערהייט וועגן אַן אויסזידלונג, מ'האָט אבער נישט געוואוסט וועמענס גורל איז אַ מער זיכערער: צי פון דעם וואָס האָט דעם האַקנ־קרייץ אין סטעמפּל, צי פון דעם מיטן אות „ק". ערשט נאָכן פאַרענדיקן די רעגיסטראַ־ציע, האָט זיך אויפגעקלערט דאָס געהיימניש: דער אות „ק" האָט באַדייט אויס־זידלונג, אַלזאָ — טויט. הגם טאַרנער האָבן געפילט, אַז עפּעס שרעקלעכס הענגט אינדערלופטן, האָט קיינער נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז די היטלעריסטישע תלינים האָבן שוין אַנטשידן דעם גורל פון טאַרנער יידנטום. קיינער איז אויך נישט איינגעפאַלן, אַז די גאַנצע מאַניפּולאַציע און רעגיסטראַציע מיטן אויסקלאַפּן די סטעמפּלען, איז בלויז געווען אַ פאָרם צו העלפן די דייטשן צו פאַרניכטן טאַרנער יידן.

די לאַפּקע וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך די דייטשן איינגעגעבן. יעדער האָט געוואָלט האָבן אַ סטעמפּל אויף זיין אַרבעטס־קאַרטע, נישט וויכטיק אַ וואָסערן. מען האָט מורא געהאַט, אַז די אַרבעטס־קאַרטע, פאַר וועלכער מען האָט געמוזט אַזוי טייער באַצאָלן, וועט נישט זיין גילטיק אָן דעם סטעמפּל, וועלכער האָט ביז איצט דאָך געשיצט פון גרעסערע פאַרפאָלגונגען. יידן האָבן זיך דעריבער געמעלדעט מאַסנווייז, בפרט נאָך, אַז עטלעכע טעג פאַרן אָנהויבן די רעגיסטראַציע, זענען די באַאַמטע פון יודענראַט אַרויסגערופן געוואָרן אין געסטאַפּאָ, כדי צו פאַרלענגערן זייערע אַרבעטס־קאַרטן. איבעריקנס, מען האָט הייליק געגלויבט, אז אַן אַרבעטס־קאַרטע מיינט זיכערקייט. דערפאַר איז אַ פחד באַפאַלן די אלע, וואָס אַלס אַרבעטלאָזע האָבן זיי נישט געקאָנט באַקומען קיין סטעמפּעל. אויך קינדער האָבן נישט באַקומען קיין סטעמפּל.

מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי אויפצושטעלן נייע אַרבעטס־וואַרשטאַטן, צו באַשעפטיקן מאַסן יידן וואָס האָבן זיך געמעלדעט צו אַרבעט. צווישן טאַרנער

יידן האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעהויבן שאַפן די א. ג. „אַרבעטס־געמיינשאַפטן״ — בשותפותדיקע אונטערנעמונגען — וואו עס האָבן זיך קאָנצענ־טרירט די יידן וואָס האָבן געקענט אַרבעטן ביי אַ וועלכן עס איז פאַך. אַזוי אַרום זענען געעפנט געוואָרן פאַרשידענע ווארשטאַטן פאַר סטאָלעריי, שניידעריי, שוס־טעריי, היטן און אַנדערע. זיי האָבן געאַרבעט פאַרן דייטשן מיליטער. באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט די קאָנפעקציע־אינדוסטריע, וועלכע האָט געהאַט אַ דאָמינירנ־דיקע השפעה אין פאַרמלחמהדיקן טאַרנע. יידן האָבן זיך געריסן צו די דאָזיקע אַרבעטן, גלויבנדיק, אַז אַרבעט וועט זיי פאַרהיטן פון טויט. איבעריקנס, כל זמן די דאָזיקע פאַבלייט זענען נויטיק געווען די דייטשן, זענען זיי געשוינט געוואָרן אויף אַזויפיל, אַז מ׳האָט זיי נישט געכאַפּט צו קיין צוואַנגס־אַרבעט. צוויי טאַרנער יידן — יצחק שוועבער און חיים פריי — (דער לעצטער פון בילין) — האָבן אין גוט פון פירשט סאַנגושקאָ (ער איז אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן), אויפגעעפנט אַ פאַבריק פון זאַפטן און מאַרמעלאַד פון די פרוכטן וואָס זענען געקליבן געוואָרן אין די סעדער פון גוט. די פראָדוקטן זענען אויך געגאַנגען פאַרן דייטשן מיליטער. אין דער דאָזיקער פאַבריק וואָס האָט זיך געפונען אין גומניסקאָ, האָבן באַקומען באַשעפטיקונג הונדערטער יידן, און פון די הכנסות פון דער פאַבריק זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דאָס יתומים־הויז און בית זקנים, און עס איז אויך טיילווייז געדעקט געוואָרן דער בודזשעט פון יידישן שפּיטאָל (ביזן אויסמאָרדן דאָרט אַלע קראַנקע). די געסטאַפּאָ־לייט זענען רייך געוואָרן ביי אַזעלכע אונטערנעמונגען, ווייל אויסער דעם וואָס מען האָט געאַרבעט פאַרן דייטשן מיליטער, האָט מען נאָך געמוזט אונטערקויפן די געסטאַפּאָ מיט געלט און סחורות.

## 9.

טאַרנער געסטאַפּאָ האָט זיך דערווייל געגרייט צו דער מאַסן־שחיטה איבער דער יידישער באַפעלקערונג. ווען דעם 10־טן יוני 1942 יאָר איז פאַרענדיקט געוואָרן די רעגיסטראַציע, האָבן אויף די מויערן זיך באַוויזן צוויי מעלדונגען: איינע, אונ־טערגעשריבן דורכן אונטערשטורמפירער פאַלטן, האָט ציוויסן געגעבן, אַז אין דער נאָענסטער צייט וועט פאָרקומען די אויסזידלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע, נאָר עס וועלן פון איר אויסגעשלאָסן די שפּיטאָלן און די אַלע וואָס האָבן סטעמפלען. די צווייטע מעלדונג, אונטערגעשריבן דורכן אָבערגרופּענפירער שערנער, קאָמענדאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי אין קראָקע, האָט ציוויסן געגעבן דער פוילישער באַפעלקערונג, אַז אין דער נאָענסטער צייט וועט פאָרקומען די אויסזידלונג פון די יידישע איינוואוינער פון טאַרנע און פאַר אויסבאַהאַלטן אַ יידן, דראָט טויטשטראָף.

די דייטשע באַקאַנטמאַכונג האָט אויך געמאָלדן, אַז דעם 11־טן יוני איז די יידן פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן זייערע וואוינונגען, אָבער יעדע יידישע וואוינונג מוז דעם טאָג זיין אָפן. דאָס פאַרלאָזן די וואוינונג דראָט מיט טויטשטראָף. מיטן באַווייזן זיך פון די דאָזיקע מעלדונגען, איז אָן אימה באַפאַלן די יידן, בפרט נאָך, אַז דעם 9־טן יוני האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז טאַרנע איז אַרומגערינגעלט

געוואָרן דורך דייטש מיליטער. אין דער אַלגעמיינער מהומה האָט מען זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן די קינדער אין אַ זיכער אָרט. פּאַליאַקן, וואָס מען האָט זיי געדראָט מיט טויט פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייד, האָבן פאַר קיין שום געלט נישט געוואָלט נעמען צו זיך יידישע קינדער, הגם עס זענען געווען פאַלן, אַז פּוילישע דינסטן, וועלכע האָבן געדינט אַמאָל אין יידישע היימען, האָבן אין דעם קריטישן מאָמענט געמאָלדן זיך ביי יידן און ביי זיי צוגענומען די קינדער אויף אויסצובאַהאַלטן (אונגער: „זכור").
דער פריער דערמאָנטער אליעזר אונגער באַשרייבט די פּאַניק־שטימונג וואָס האָט יענע נאַכט אַרומגעכאַפּט דאָס יידישע טאַרנע:

„די שטימונג אויף דער יידישער גאַס — ווי ערב יום־כיפור צו כל־נדרי. יידן זענען דערדריקט און איבערשראָקן. די עלטערן לויפן, כדי זיך צו געזעגענען מיט זייערע קינדער, אויסבאַהאַלטענע אין אַדערע גאַסן. זיי געזעגענען זיך מיט געוויין און קושן. פריינט און באַקאַנטע, ביים באַגעגענען זיך אין גאַס, געזעגענען זיך מיט ווינטשן: „צום ווידערזען געזונט און גאַנץ נאָך דער אויסזידלונג". פרויען קלאָגן מיט ביטערע טרערן. אפילו מער פאַרהאַרטעוועטע מענער, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער, ברעכן אויס אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. יעדעס יידישע האַרץ איז איבערפולט מיט פּחד, ווייל מאָרגן דאַרף געשען אַ שרעקלעכע זאַך. פאַראַן אַזעלכע, וואָס אין דער אַנגסטיקער שעה ווילן זיי זיך נישט טרעפן מיט קיינעם פנים אל פנים. זיי זיצן אָפּגעשלאָסענע אין זייערע היימען און וואַרטן אויפן גזר — פאַרשטומטע און פאַרשטיינערטע. עס פעלן ווערטער אויסצודריקן די פּאַניק פון יענעם אָוונט, אַ פּאַניק באַזונדערס ביי די פרויען, די שרעק ביים קליינוואַרג" (ז' 148).

פאַלקמאַן, דער פאָרזיצער פון יודענראַט, האָט באַפוילן זיינע באַאַמטע אַז אין דער נאַכט פון 10־טן אויפן 11־טן יוני 1942, זאָלן זיי בלייבן אין ביוראָ און נישט גיין אַהיים. פאַרשידן האָט מען קאָמענטירט די דאָזיקע פאַראָרדענונג. אַ טייל האָבן געהאַלטן, אַז די יודענראַט־באַאַמטע וועלן געשוינט ווערן, אַנדערע ווידער זענען געווען זיכער, אַז די באַאַמטע וועלן העלפן די דייטשן אין דער אַקציע.

יענע נאַכט איז קיין איין ייד נישט געשלאָפן. מען האָט נאָכגעקלערט, וואָס מיינט דאָס וואָרט „אויסזידלונג" („ווישיעדלעניע"). מען האָט געוואוסט, אַז ביז איצט האָט קיינער זיך נישט אומגעקערט פון די אַרבעטס־לאַגערן. אָבער דאָס זענען געווען פאַרשיקונגען בלויז פון יחידים, אַרעסטירטע פערזאָנען, אָדער באַזונדערע גרופּעס, געכאַפּטע צו דער אַרבעט. אויב אַזוי, וואָס מיינט פאַרט די מיט אַזאַ גענוי־קייט אַדורכגעפירטע רעגיסטראַציע פון די ארבעטנדיקע? און פאַרוואָס האָט מען אַ טייל אויסגעקלאַפּט סטעמפּלען אויף די אַרבעטס־קאַרטן, בעת אַנדערע האָט מען אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן? נישט־אַרבעטנדיקע האָבן אַנשטאָט די סטעמפּלען באַקומען ווייסע קאַרטן. אָבער פאַרוואָס האָבן קינדער נישט באַקומען קיין סטעמפּלען? ניין! קיינעם האָט נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז יידישע קינדער זענען שוין פאַראורטיילט געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן טויט — דורך צעקלאַפּן זייערע קעפּלעך אינעם שטיי־נערנעם ברוק, אָדער אָן די ווענט פון די הייזער. און פאַרוואָס צווייערליי סטעמפּ־לען? וואָלט דאָס נאָר באַדאַרפט זיין אַ געוויינלעכע אַרויסשיקונג צו אַרבעט! פאַרפאַלן, אבי לעבן.

אַ שרעקלעכע נאַכט איז דאָס געווען. מען האָט מורא געהאַט פאַרן אָנקום פון פרימאָרגן. מען האָט זיך פיל מאָל באַרואיקט און געטרייסט מיט ווערטער, וואָס האָבן געשטאַמט פון יודענראַט. מען האָט זיך קעגנזייטיק געטרייסט און צוגעגעבן מוט. מען האָט גערן געהערט די אָפּטימיסטן, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז סוף כל סוף האָט מען צו טון מיט די דייטשן, אַז עפּעס אנדערש זענען די ווילדקייטן פון די געסטאַפּאָ־לייט, אז די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען וועלן ־נישט דערלויבן אַזעלכעס וואָס זאָל באַדראָען דאָס לעבן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אין דער שוואַרצסטער פאַנטאַזיע פון עקסטרעמע פעסימיסטן האָט נישט געקאָנט געבוירן ווערן די מחשבה, אַז אויסזידלונג מיינט שחיטה, ווילדעווען איבער אַלטע לייט און קליינע קינדער, ברענען אויפן שייטער, אין גאַז־קאַמערן, אַז דאָס מיינט מאַסן־אומקום. ניין! טאָרנער יידן, ווי יידן אין אַנדערע שטעט, האָבן נישט פאָרגעפילט וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסזידלונג. און דערפאַר האָבן זיי די דאָזיקע נאַכט געוואַרט אויף דעם, הגם מיט פחד און ציטער, אָבער געוואַרט, — און ס׳איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן צי אַנטלויפן כדי ראַטעווען זיך פאַר דער דאָזיקער אויסזידלונג.

עס איז ענדלעך פאַרביי די נאַכט פון 10־טן אויפן 11־טן יוני. גאַנץ באַגינען זענען מאָביליזירט געוואָרן די יידישע פּאָליציי־לייט. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ רשימה פון די יידן וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אויסגעזידלט צו ווערן. דאָרט וואו עס האָט זיך באַוויזן אַ יידישער פּאָליציאַנט, איז גלייך געפאַלן אַ באַפעל זיך צוצוגרייטן אַ פּעקל פון 10 קילאָ און זיך אַוועקשטעלן ביים טויער פון זיין הויז. די יידן האָבן געהאָרכזאַם אויסגעפירט די באַפעלן פון די יידישע פּאָליציסטן. אַ פאַטאַלע קראַפט האָט געטריבן טאָרנער יידן פאַרן טויער, מיט די פּעקלעך אין די הענט... זיי זענען געשטאַנען און געוואַרט. נאָך אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי געגלויבט אין דעם, אַז דער יודענראַט וואָלט דאָך נישט צוגעגרייט קיין רשימות צום אויסזידלען, ווען דאָס וואָלט פאַר זיי געווען פאַרבונדן מיט אַ געפאַר. דערווייל האָבן די יידישע פּאָליציי־לייט נישט געפּטרט קיין צייט און אונטערגעטריבן דעם עולם, הגם עס זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון זייער טרויעריקער ראָל, און וואו זיי האָבן געקענט, האָבן זיי געוואָרנט זייערע ברידער פאַר דעם טראַגישן גורל. מיט פּעקלעך אין די הענט זענען יידן געשטאַנען פאַר די טויערן און געדולדיק געוואַרט ביז די פּאָליציאַנטן וועלן זיך אומקערן כדי אַלע אָפּצופירן אויפן מאַרק־פּלאַץ און זיי איבערגעבן אין די הענט פון די צעיושעטע געסטאַפּאָוצעס און אוקראַאינישע פאַשיסטן אין שוואַרצע מונדירן. געבראַכט אויפן מאַרק, האָבן די יידן אונטער אַ האָגל קלעפּ פון ביקסן־קאָלבעס און בייטשן געמוזט קניען מיט די קעפּ געבויגענע צו דער ערד, און וואַרטן ביז דער פּלאַץ וועט פאַרפולט ווערן מיט די אַלע, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו דער שחיטה. מען קאָן נישט איבערגעבן מיט ווערטער וואָס איז דעם דאָזיקן טאָג פאָרגעקומען אויפן טאָרנער מאַרק־פּלאַץ: די דייטשע און אוקראַאינישע מערדער האָבן אויפן סאַמע ראַפינירסטן אופן געפייניקט די יידן וואָס זענען גע־ברענגט געוואָרן אויפן מאַרק־פּלאַץ.

דעם טאָג איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן די יידן אייגנווויליק צו פאַרלאָזן



צום טויט פאַרמשפּטע יידן אויפן בית עולם אין טאָרנע אין יאָר 1942 בעת אַן אויסזידלונגס־אַקציע.

זייערע וואוינונגען. אויפן יידישן בית־עולם האָבן צוואָנציק יידן אויסגעגראָבן צווײ לאַנגע ברייטע גריבער פאַר די קרבנות וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע מערדער. ווען די גריבער זענען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען די צוואָנציק יידן וואָס האָבן דורכגעפירט די אַרבעט, דערשאָסן. זיי האָבן די ערשטע פאַרפולט די דורך זיי צוגעגרייטע גריבער.

אויפן מאַרק־פּלאַץ האָט זיך דערווייל אָפּגעשפּילט אַ גהינום. די קניענדיקע יידן האָט מען געפּייניקט און געשלאָגן. די יינגסטע קינדער האָט מען געמאָרדעט אָן אַ שאָס. אַ געסטאַפּאָוויעץ צי אַ אוקראַאינישער אויסוואורף האָבן פאַר די פּיסלעך געכאַפּט אַן אומשולדיק וויינענדיק קינד און צעקלאַפּט זיין קעפּל אָנעם שטיינערנעם ברוק אָדער אין אַ מויער. יידיש בלוט איז גערונען מיט די רינשטאָקס וואָס האָבן זיך געצויגען פון מאַרק אין פאַרשידענע זייטן פון שטאָט. די דאָזיקע פּיין האָט נישט געקאָנט צוזען איינער פון די איידעלסטע טאָרנער יידן מיט אַ קרישטאָלן האַרץ, דער מזרחי־פירער און לאַנג־יאָריקער וויצע־פּרעזעס פון דער קהילה, דער שטאָלץ און כבוד פון טאָרנער יידנטום — וואָלף געצלער. דער גורל האָט אים פאַרשפּאָרט איבעריקע יסורים, ווייל ער איז געשטאָרבן גלייך נאָכדעם, ווי ער איז צוגעפירט געוואָרן צום מאַרק. וואָלף געצלער האָט נישט געקאָנט צוקוקן צו די פּייניקונגען און יסורים פון די יידן וועמען ער האָט אזוי טריי געדינט זיין גאַנץ לעבן, און זיין איידל האַרץ האָט געפּלאַצט. כבוד זיין אָנדענק!

דער מאַרק איז שנעל פאַרפולט געוואָרן מיט אַלטע און יונגע יידן, פרויען און

קינדער. כדי עס זאָל זיין אָרט פאַר פרישע קרבנות, האָבן די דייטשע און אוקראַ־אינישע רוצחים נאָך פאַרמיטאָג אָפּגעפירט אויפן יידישן בית־עולם עטלעכע טויזנט פאַרפייניקטע יידן, כדי זיי דאָרט אויסצוועגדיקן און אַריינוואַרפן אין די פריער צוגע־גרייטע מאַסן־קברים. אַ צווייטע גרופּע יידן, אין אַ צאָל פון 3,500, האָט מען פון מאַרק געטריבן צו דער פּראָכט באַנסטאַציע, כדי זיי פון דאָרט אָפּצופירן קיין בעלזשעץ. זייער גורל איז געווען אַ פיל ערגערער. דער בלויזער וועג קיין בעלזשעץ איז געווען אַ גהינום. אַ שרעקלעך בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די דאָזיקע קאָלאָנע דערשלאָגענע, פאַרוואונדעטע יידן — מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָט זיך גערוקט לענגאויס דער קראָקעווער גאַס, אונטער דער איפּזיכט פון די בלוט־דאָרשטיקע אוקראַינישע פאַשיסטן, מונדירטע אין שוואַרצן.

לעאָן לעזער, וועלכער האָט פון פענסטער פון זיין וואוינונג אויף קראַקאָווסקע גאַס זיך צוגעקוקט צו דער פאַרביימאַרשירנדיקע יידן, באַשרייבט אַזוי זיינע איינדרוקן פאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע:

„...אין אַ מוראדיקער היץ האָבן דייטשע זעלנער און אוקראַינער געטריבן פרויען מיט קינדער אויף די הענט, אַלטע לייט, קליינע קינדער... געטריבן זיי ווי אַ סטאַדע בהמות צווישן צווי קאָרדאָנען דייטשע פּאָליציי בייביידע זייטן וועג. פּאָליציי האָט געשלאָגן די וואָס זענען אָפּגעשטאַנען אין וועג, און ווער עס האָט נישט געקאָנט גיין, איז דערשאָסן געוואָרן. עס איז שווער געווען צו קוקן אויף דעם געטריבענעם און געיאָגטן עולם. צווישן אַנדערע האָב איך באַמערקט דעם בעל־הבית פון אונדזער הויז, דער קצב דוד פרים, ווי ער איז געגאַנגען מיט זיין זון און טאָכטער. דער 72־יאָריקער זקן איז געגאַנגען פאַמעלעך, נישט קאָנענ־דיך אָניאָגן, און האָט פּלוצים באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. עס האָט זיך געדאַכט אַז ער וועט אומפאַלן, ער האָט זיך אָבער באַהערשט און איז אונטער־געלאָפן. זיין זון מיט אַ פּראָטעזע אויפן אָרט פון פאַרלוירענעם פוס, וואָס האָט אויך נישט געקאָנט מיטהאַלטן דעם גאַנג, איז געשלאָגן געוואָרן, און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז ער אויפן וועג דערשאָסן געוואָרן. ער איז געלעגן אַ וואַסערע פופציק מעטער פון אונדזער פענסטער, אויף דער צווייטער זייט וועג. דער טאַטע מיט דער טאָכטער האָבן געמוזט ווייטער גיין. ווען דער גאַנצער צוג איז אָנגעקומען אויפן באַנהאָף איז ער פאַרלאָדנט געוואָרן אין וואַגאָנען פאַר בהמות, נישט דערלויבנדיק קיינעם צו געבן אַ טראָפּן וואַסער. דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אַלע אַוועקגעפירט קיין בעלזשעץ. קיינער האָט אָבער נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס מיינט בעלזשעץ. מיר האָבן געמיינט, אַז זיי זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַרבעט קיין מזרח און יעדער האָט פאַרן צעשיידן זיך געבעטן, אַז מען זאָל גלייך שרייבן, ווי נאָר מען וועט אָנקומען אויפן אָרט".

אויפן מאַרק האָבן דערווייל די אוקראַינישע רוצחים געווילדעוועט איבער די פריש־געבורענגטע קרבנות. די שטיינער אויפן מאַרק זענען געווען רויט פון יידיש בלוט. דער וואָס איז נישט אומגעקומען אויפן מאַרק, איז פאַרטריבן געוואָרן אויפן בית־הקברות כדי דאָרט צו פאַרפולן דעם מאַסן־קבר. די דאָזיקע ערשטע שחיטה האָט געדויערט ביז 1 באַטאָג. אין צווישנצייט איז ראַמעלמאַן, אַ דיקער תלין און רוצח, צוזאַמען מיט גרונאַוון, אַרומגעגאַנגען די וואוינונגען פון די אויסגעזידלטע

יידן, דורכגענישטערט די שענק, טשעמאָדאַנעס און באַהעלטענישן און צוגענומען פאַר זיך אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערן ווערט. די דאָזיקע אַרבעט האָט דער אויסוואורף דורכגעפלאָכטן מיט שיסן צו פאַרבייגייענדיקע יידן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זיך לעגיטימירן ·מיט אַ סטעמפּל. ער האָט געשאָסן אומעטום — אין די וואוינונגען, אויפן גאַס, אויפן הויף. די פּלאַטפאָרמעס פון חברא קדישא האָבן זיינע קרבנות אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם.

אין יאָר 1942 איז ראָמעלמאַן איבערגעטראָגן געוואָרן פון קראָקע קיין טאָרנע, וואו ער איז אויך צוגעטיילט געוואָרן צו דער קרימינאַל־פּאָליציי. גלייכצייטיק איז אים איבערגעגעבן געוואָרן די אויפזיכט איבערן פאַרמעגן פון די אויסגעזידלטע יידן פון טאָרנע און אומגעגנט. דער דאָזיקער סאַדיסט און רוצח האָט ביי דער געסטאַפּאָ אין טאָרנע אָנגעפירט מיטן רעפעראַט פאַר יידישע ענינים און שפּעטער זיך פאַרנומען מיטן ליקווידירן דאָס געטאָ טאָרנע. דעם 25־טן מערץ 1948 האָט דאָס טאָרנער קרייז־געריכט פאַרמשפּט דעם דאָזיקן מאַסן־מערדער צום טויט. אין די מאָטיוון פון אורטייל ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען איינער פון די בלוטיקסטע געסטאַפּאָ־הענקער אין שטאָט.

נאָך איינס אַ זייגער בייטאָג איז דער מאַרק שוין געווען ליידיק. דער צעיר־שעטער דייטשער בעסטיע איז אָבער געווען נאָך ווייניק יידיש בלוט.

דער שוין דערמאָנטער אליעזר אונגער דערציילט אין זיין בוך „זכור״:

„נאָכמיטאָג האָט איינער פון די גרויסע געסטאַפּאָ־באַנדיטן טעלעפאָנירט אין יודענראַט (וועלכער האָט דעם טאָג געמוזט זיין אָפן אָן איבעררייס), אַז עס פעלן אים נאָך עטלעכע הונדערט יידן צו פאַרפולן די ליסטע פון קרבנות. דער געסטאַפּאָוויעץ האָט געפאָדערט פון יודענראַט אַ רשימה פון יידן וואָס זענען נאָך נישט אַוועקגעפירט געוואָרן. ביים טעלעפאָן איז געזעסן איינער פון די הויפּט־מיטגלידער פון יודענראַט פּאַול רייס, אַ פּליט פון דייטשלאַנד, אַן ערלעכער גראָדליניקער מענטש. רייס האָט געענטפערט די געסטאַפּאָ־לייט, אַז ער וועט נישט באַשטימען קיין איין ייד צום אויסזידלען, און ער וועט נישט דערלאַנגען קיין שום ליסטע. דער געסטאַפּאָוויעץ האָט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אויף אים צוואַרטן אין ביוראָ און אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל. רייס האָט נישט פאַרלאָזט דאָס ביוראָ פון יודענראַט, וואַרטנדיק אויפן רוצח. אין אַ האַלבע שעה אַרום איז פאַרפאָרן אַן אויטאָ פאַרן הויז פון יודענראַט. צוויי מערדער זענען אַרויס פון אויטאָ, אַריין אין ביוראָ פון יודענראַט, אַרויסגעטריבן פון דאָרט אַלע באַאַמטע, אויך רייס׳ן. אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּ, האָט רייס געשריגן: „אויב איר ווילט זיין רוצחים, פאָדערט נישט פון אַנדערע, אויך זיי זאָלן זיין מערדער״. אויפן הויף פון יודענראַט האָבן די געסטאַפּאָוצעס דעמאָלט דערשאָסן ביי אַ צען באַאַמטע, צווישן זיי פּאול רייס, פּנחס טרינטשער, חיים טראָם, הירש עדער און מאיר ראָזענבאום — טרייע זין פון יידישן פאָלק, וועלכע האָבן אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען געוואָלט העלפן זייערע ברידער. כבוד זייער אָנדענק!

דאָס וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון יודענראַט, איז ערשט געווען אַן אָנהויב. די שחיטה האָט זיך גלייכצייטיק אַריבערגעטראָגן אין אַלע הייזער וואו עס האָבן נאָך געוואוינט יידן. די געסטאַפּאָ־מערדער האָבן די יידן אַרויסגעשלעפּט

אויף די הייף, וואו ס'זענען דורכגעפירט געוואָרן שנעל־עקזעקוציעס. אַזוי זענען זיי אַריינגעפאַלן אין דער דירה פון יוסף זילבערשטיין, אייגנטימער פון אַ קאַפע־לושן־פאַבריק, און דערשאָסן די גאַנצע פאַמיליע. אין זייער הויז איז אַנטדעקט געוואָרן אַ בונקער, וואו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פופציק פערזאָן. אַלע האָט מען פון דעם באַהעלטעניש אַרויסגעשלעפט אויפן הויף. אַ מאַשינגעוועער האָט אַ סוף געמאַכט צו זייער לעבן. יידיש בלוט האָט זיך ווידער געגאָסן טייכנווייז. בלויז אין איין בלאָק פון די שטאָטישע הייזער, נעבן דער טראַמוויי־רעמיזע, זענען דעמאָלט דערשאָסן געוואָרן הונדערט יידן. אין דער טשאַצקי־שול האָט מען צונויפגעטריבן אַ גרעסערע צאָל יידישע קינדער, אונטערן אויסרייד פון אַדורכפירן אַ דעזינפעקציע. ווען די שול־זאַלן זענען פאַרפולט געוואָרן מיט קינדער, האָט מען זיי גוט אָפגעשלאָסן און אַריינגעלאָזט הייסן דאַמף פון דער צענטראַל־באַהייצונג. די געשטיקטע קינדער האָבן פאַרצווייפלט געשריגן. אין איין טאָג זענען אַזוי אַרום אומגעקומען עטלעכע הונדערט יידיעשע קינדער.

די אָנקומענדיקע נאַכט האָט ערשטע איבערגעריסן די דאָזיקע מוראדיקע שחיטה. די היטלעריסטישע אויסוואורפן האָבן זיך אָפגערוט נאָך דעם אַדורכגעפירטן פאָגראָם. די בלוטיקע רוצחים האָבן יענע נאַכט איינגעאָרדנט אַ פאַרווײלונג אין זאָל פון „סאָקול", וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דייטשיש פאָלקס־הויז. נאָך מיט אַ וואָך פריער האָט דער יודענראַט געמוזט צושטעלן פאַר דער פאַרוויילונג הונדערט פלעשער בראָנפן, אַ גרעסערע צאָל שאָקאָלאַד. דער יודענראַט האָט אויך געמוזט איינקויפן פאַר די מערדער בלומען און פאַר זייערע ווייבער — פאַרפומען און קעלניש וואַסער.

אַ שטילקייט האָט געהערשט אין די יידישע שטובן, אַ קאַשמאַר, ווייל די מיינסטע איינוואוינער האָבן זיך געפונען ווער אין די מאַסן־קברים אויפן בית־עולם, ווער אויפן וועג קיין בעלזשעץ. אַ שטילקייט האָט געהערשט אויך אין יענע דירות, וואו עס זענען נאָך פאַרבליבן לעבעדיקע יידן. עס האָט געשטיקט אַ ווייטיק, טרערן זענען געשטאַנען אין די אויגן, עס איז שווער געווען אפילו מיט געשריי צי מיט אַ וואָרט אַרויסברענגען דאָס גרויסע אומגליק.

מאָנטיק, דעם 15־טן יוני, איז די אַקציע פאָרטגעזעצט געוואָרן. דאָסמאָל האָבן מיט אַרויסשלעפן יידן פון זייערע וואוינונגען זיך פאַרנומען נאָר די שוואַרצע אוקראַינישע מיליץ און די געסטאַפּאָ־לייט. ווייזט אויס, זיי האָבן זיך מער נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף דעם יידישן „אָרדענונגס־דינסט". די רוצחים אַליין זענען אַרומגעלאָפן איבער יידישע וואוינונגען און געזוכט די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קאַרטע מיט אַ סטעמפל. איצט זענען געגאַנגען אויף אומקום נישט נאָר די וואָס האָבן זיך געפונען אויף די צוגעגרייטע רשימות, נאָר אויך די, וואָס האָבן זיך נישט באַוויזן צו באַזאָרגן מיט אַ סטעמפל. ווידער האָט מען טויזנטער יידן פאַרטריבן אויפן מאַרק, ווידער דערשיסונגען און טויטע. דאָסמאָל איז אָנגעווענדעט געוואָרן אַ נייער אופן פון אַריינפירן אין אַ טעות די יידישע באַפעלקערונג. אויפן מאַרק איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע. די אַרבעטס־פעאיקע האָט מען גלייך איבערגעלאָזט, און די אומפעאיקע צו אַרבעט — אַלע אַלטע לייט און קינדער, האָט מען מיט אויטאָס אַרויסגעפירט אונטער דער שטאָט, צו די סקזשישאָוועער



די אַנטהילונג פון אַ מצבה אויפן זבילישאָווער־באַרג אויף דעם קבר פון 800 יידישע קינדער דערמאָרדערטע דורך היטלעריסטישע רוצחים.

וועלדער און זבילישאָווער באַרג, וואו אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן. עס האָבן נישט געהאָלפן די געוויינען און געבעטן, עס האָבן נישט געהאָלפן די שבועות, אַז מען איז געזונט און פעאיק צו דער אַרבעט. וועגן לעבן אָדער טויט האָט דעצי־דירט אַ צופאַל, אַ ריד מיטן פינגער. געווען פאַלן, ווען מאַמעס האָבן פון זיך אָפּגעשטויסן זייערע קליינע קינדער, כדי זיך נישט פאַרראַטן, אַז מען איז אַ מוטער. דאָס קליינוואַרג האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די מוטערס שטויסן זיי אָפּ. דערפאַר האָבן זיי זיך נאָך מערער געטוליעט צו די מאַמעס, געקלאַמערט זיך אָן זייערע קליידער. געווען מוטערס, וואָס האָבן בשום אופן נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זייערע קינדער און צוזאַמען מיט זיי געגאַנגען צום טויט. געווען מענער און פרויען וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּטיילן איינער פון צווייטן, באַזאַמען געגאַנגען צו דער אויסזידלונג כדי צו טיילן דעם געמיינזאַמען גרויזאַמען גורל, צוזאַמען אומקומען.

אין צווייטן טאָג פון דער אַקציע זענען ווידער אומגעקומען עטלעכע טויזנט יידן. דינסטיק און מיטוואָך איז געווען שטיל. אַ טייל יידן איז לעבן געבליבן: ווער אַ דאַנק אַ צופאַל, ווער אַ דאַנק דער אַרבעטס־קאַרטע מיטן סטעמפּל. געווען אָבער פיל יידן, וועלכע האָבן דאָסמאָל אויסגעמיטן דעם טויט אַ דאַנק גוט אויפ־געבויטע און פאַרמאַסקירטע בונקערס (באַהעלטענישן). דאָסמאָל האָבן זיך שוין געפונען מער פאָרזיכטיקע און אָפּגעהיטענע יידן. מען האָט אָנגעהויבן בויען פאַר־שידענע באַהעלטענישן אין קעלערס,ביידעמער און וואוינונגען וואָס זענען אויף שנעל פאַרמויערט געוואָרן מיט מאַסקירטע ווענטלעך. געווען בונקערס, וואו אין דער גרעסטער ענגשאַפט און דושנעקייט האָבן זיך מיטאַמאָל אויסבאַהאַלטן 200

פערזאָן. אין משך פון עטלעכע טעג האָט קיינער נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט אין אַזאַ באַהעלטעניש, כדי זיך נישט צו פאַרראַטן פאַר די דייטשע רוצחים צי פאַר די פוילישע שכנים. אויך יידישע מוסרים פלעגן צוטראָגן די דייטשן וועגן אַנטדעקטע דורך זיי באַהעלטענישן.

ווייזט אויס, אַז די היטלעריסטישע מערדער האָבן נאָך נישט געהאַט אויסגעפילט דעם גאַנצן קאָנטיגענט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער ערשטער אַקציע. דאָנערשטיק, דעם 18־טן יוני, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שחיטה. די גרויזאַמקייט פון די דייטשע רוצחים האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. באַזונדערס געווילדעוועט האָט מען איבער קינדער און אַלטע לייט. מען האָט נישט געשוינט אפילו די באַזיצער פון די אַרבעטס־קאַרטן מיט סטעמפּלען. יונג און אַלט, פעאיקע און אומפעאיקע צו דער אַרבעט, זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זייערע וואוינונגען. דער גרויזאַמער ראָמעלמאַן איז דעם טאָג אַריינגעפאַלן אין אַ שגעון. פון זיינע הענט בלויז זענען אומגעקומען עטלעכע הונדערט יידן. די פּלאַטפאָרמעס פון דער חברא קדישא זענען אַ גאַנצן טאָג געווען אין באַוועגונג. אַזוי ווי די מאַסן־קברים אויפן יידישן בית־עולם זענען שוין געווען פאַרפולט, האָט מען זקנים און קינדער געטריבן אויפן זביליטאָווער באַרג אונטער טאַרנע, וואו אָפּטיילונגען פון פוילישן „בוי־דינסט" האָבן אונטער דער אויפזיכט פון ס. ס.־לייט געמוזט גראָבן גריבער פאַר יידישע מתים. מען האָט נישט לאַנג געקלערט. איין שאָס האָט באַדאַרפט זיין גענוג. דעם היטלעריסטישן תליין איז נישט אָנגעגאַנגען צו זיין קרבן לעבט נאָך, צי איז ער געטויט געוואָרן ביים ערשטן שאָס. יעדערן אַ קויל — און גלייך אין מאַסן־קבר. די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן אין מיינסטע פאַלן געקאַרגט אַ קויל פאַר אַ קינד און עס לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין גרוב. די אַרומיקע פויערים האָבן שפּעטער דערציילט, אַז פון אונטער דער ערד האָט מען געהערט מענטשלעכע קרעכצן. דעם טאָג זענען ווידער אַוועק באַנען אָנגעלאָדענע מיט יידן אין דער בעלזשעצער קרעמאַטאָריע און אין אַנדערע פאַבריקן פון טויט.

אין משך פון די ווייטערדיקע טעג האָט מען צונויפגעפירט אויפן יידישן בית־עולם די טויטע קערפּער פון די דערמאָרדעטע יידן. אַן ערך 10.000 מתים זענען אין די ערשטע טעג פון דער אַקציע באַגראָבן געוואָרן אין די מאַסן־קברים אויפן בית־עלמין, זביליטאָווער באַרג און סקזשישאָווער וועלדער. נאָך 10.000 יידן זענען דעמאָלט אַרויסגעפירט געוואָרן קיין בעלזשעץ צי אין אַנדערע פאַרניכטונגסלאַגערן. 20.000 טאָרנער יידן זענען אין די טעג פון 11־טן, 15־טן און 18־טן יוני 1942 יאָר געטויט געוואָרן אויפן סאַמע אכזריותדיקן אופן. דער דאָזיקער ציפער איז באַשטעטיקט געוואָרן אינעם אורטייל פונעם העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל אין קראָקע דעם 5־טן סעפּטעמבער 1946 יאָר קעגן מענטשן־מערדער אַמאָן געט. אויפן סמך פון אַדורכגעפירטן עדות־דערקלערונגען און אויספאָרשונגען, האָט דער טריבונאַל פעסטגעשטעלט, אַז „מיטן מאָמענט פון איינפירן אין טאָרנע אַ געטאָ אין יאָר 1942, האָבן זיך דאָרט געפונען אַרום 40.000 פערזאָן. אין די טעג פון 11—18 יוני 1942 זענען אין טאָרנע גופא אומגעברענגט געוואָרן 3.000 פערזאָן און מ׳האָט זיי קובר געווען אויפן יידישן בית־עולם, אַן ערך 7.000 פערזאָן זענען

דערשאָסן געוואָרן אין וואַלד אויפן זביליטאָווער באַרג אָדער אין וואַלד אין סקזשי־שאָוו. די ווייטערדיקע 10.000 זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן דער עיקר קיין בעלזשעץ, פונוואַנען קיין איינער האָט זיך נישט אומגעקערט. אַזוי זענען פון 40.000 יידן פאַרבליבן נאָך דער אַקציע אַן ערך 20.000".

צוואַנציק טויזנט מאַמעס און טאַטעס, שוועסטער און ברידער, זענען אומגעקומען מיט מאַרטירער־טויט על קדוש השם. צוואַנציק טויזנט קרבנות — כמעט אַזויפיל, וויפל עס האָט באַטראָפן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון פאַרמלחמה־דיקן טאַרנע. אַזאַ איז געווען דער שרעקלעכער סך־הכל פון דער דרייטאָגיקער פאַרניכטונקס־אַקציע וואָס איז געגרייט געוואָרן דורך די היטלער־באַנדיטן איבער דער יידישער באַפעלקערונג אין טאַרנע.

## 10.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער בלוטיקער דאַנערשטיק. די מאַסן־קברים אויפן יידישן בית־עלמין, זביליטאָווער באַרג און אין סקזשישאָווער וואַלד, זענען פאַרפולט געוואָרן מיט קדושים, און אין די וואַגאָנען פאַר בהמות האָבן טאַרנער יידן געגאָסט אין זייער לעצטן וועג קיין בעלזשעץ. אין די פאַריתומטע יידישע היימען האָבן די דייטשע רוצחים צוגענומען די מער ווערטפולע זאַכן, איבערלאָזנדיק פאַרן פוילישן אַנגעלויף די איבעריקע יידישע חפצים. אין פרינציפּ, איז דאָס גאַנצע פאַרבליבענע פאַרמעגן נאָך די אויסגעמאָרדעטע און אַרויסגעפירטע יידן קאָנפיס־קירט געוואָרן לטובת דעם דייטשן אוצר און איז אין דער היטלעריסטישער נאָמענ־קלאַטור באַצייכנט געוואָרן אַלס „יודענגוט". יידיש פאַרמעגן האָבן די געסטאַפּאָ־לייט אַרויסגעשיקט צו זייערע פאַמיליעס קיין דייטשלאַנד. די מער ווערטפולע חפצים נאָך די דערמאָרדעטע און אַרויסגעפירטע יידן פלעגט צונויפגעזאַמלט ווערן צו ערשט אין יודענראַט און פון דאָרט אַוועקגעפירט ווערן אין דייטשן מאַגאַזין, וואָס האָט זיך געפונען אויף קאַפּלאַנוווקע. דאָרט האָט מען אויך אַוועק־געפירט דאָס יידישע מעבל.

נאָך דער אויסזידלונגס־אַקציע האָט די פאַרבליבענע יידן באַהערשט אַ מאָדנע געפיל פון צעטומלונג. די וואָס האָבן זיך אַפּגעראַטעוועט, האָבן געקוקט אויף זיך מיט אומגלויבן. הגם קיין איינער האָט נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט צום צווייטן, האָט אין יעדנס אויגן זיך אָפּגעשפּיגלט אַ שטומע פראַגע: „דו לעבסט?" ווי אַזוי איז דאָס געשען? זיי האָבן זיך אַליין געוואונדערט, אַז זיי זענען געבליבן לעבן. ווי אַן אַרומגערינגלטע חיה וואָס לויפט פון איין אָרט אויפן צווייטן, שוין נאָכן אַוועקגיין פון די פאַרפאָלגער, נישט זייענדיק זיכער צי עס דראָט זיי נישט מער קיין געפאַר, — אַזוי האָבן טאַרנער יידן וואָס זענען לעבן געבליבן נאָך דער גרויזאַמער שחיטה, פאַרזיכטיק און מיט אומצוטרוי פאַרלאָזט זייערע נאָרעס, באַהעלטעניש און וואוינונגען, מיט ציטער און אַנגסט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן צי עס לויערט נישט אויף זיי דער דייטשער רוצח.

אַ מאָדנע זאַך. ס'זענען דעמאָלט געבליבן אין יידישן קוואַרטאַל אין טאַרנע

ביי אַ 20.000 יידן, און ווינציקע פון זיי האָבן געקלערט וועגן אַנטלויפן, וועגן אַרויסרייסן זיך פון דער אַרומרינגלונג. עס איז געווען קלאָר, אַז די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל אויף די יידן אין פוילן. נאָך דער ערשטער יוני־אַקציע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַלע גרעסערע יידישע צענטערס אין פוילן, איז שווער געווען צו האָבן אַ וועלכע עס איז אילוזיע בנוגע די אמתדיקע פּלענער פון די היטלעריסטן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. איבעריקנס, די דייטשן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די יידן זאָלן נישט קאָנען זיך באַזינען און קומען צו זיך. די טרערן זענען נאָך נישט אויסגעטריקנט געוואָרן, עס האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעזוכט די צעשיידטע און פאַרלוירן געגאַנגענע משפחות, און שוין צומאָרגנס נאָך דער אויסזידלונג, פרייטיק דעם 19־טן יוני 1942, האָבן אויף די שטאָטישע מויערן באַוויזן זיך מעלדונגען וועגן דער פאַראָרדענונג פון סטאַראָסטע האַקבאַרט צו שאַפן אין טאַרנע אַ געשלאָסן געטאָ פאַר יידן. פון איצט אָן האָט נישט בלויז געסטאַפּאָ זיך פאַרנומען מיטן מאָרדן יידן. אַלע אויסזידלונגען, קאָנפיסקאַציעס פון יידישן פאַרמעגן, כאַפּונגען און מאַסן עקזעקוציעס, זענען סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך די אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונגען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

כדי אינגאַנצן אַרומצורינגלען די יידישע באַפעלקערונג, אָפּטיילן זי פון אַ וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט, האָבן די היטלעריסטישע תליינים איינגעפירט דאָס געטאָ — אַן אַלט־באַקאַנט מיטל נאָך זינט הונדערטער יאָרן צוריק, וואָס די גערמאַנער פלעגן אָנווענדן לגבי די יידן אין דייטשלאַנד. אַמאָל, אין זעכצנטן יאָרהונדערט, האָבן אין פראַנקפורט, פראַג צי וואָרמס עקזיסטירט ענגע, איבערפולטע, געטאָס, וואָס זענען נישט געווען אימשטאַנד אַריינצונעמען אַלע יידן פון דעם געגעבענעם אָרט. אין ענגשאַפט און אין שמוץ האָבן יידישע משפחות געוואוינט אין שמאָלע געסלעך, צו וועלכע עס האָבן געפירט געדרייטע טרעפּ אָדער לייטערס. אין צימערלעך, ענלעכע צו שטאַלן האָבן געוואוינט גאַנצע משפחות מיט קינדער און אייניקלעך. דייטשע געטאָס זענען געווען אַרומגערינגלט מיט מויערן און איינער צי מערערע טויערן האָבן פאַרבונדן דאָס געטאָ מיט דער שטאָט. די טויערן פון יידישן קוואַרטאַל זענען געווען באַוואַכט דורך אַ שטאָטישער וואַך, וואָס פלעגט שליסן די טויערן אויף ביינאַכט, שבת און זונטיק, יידישע און קריסטלעכע יומטובים. אָבער אין די דאָזיקע אָפּגעשלאָסענע יידישע שטחים האָט זיך אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיק יידיש לעבן. און דאָס איז דאָך פאָרגעקומען אין די צייטן פון פינצטערן מיטלאַלטער.

די היטלעריסטישע געטאָס פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין תפיסות, וואו מען האָט אַריינגעקוועטשט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יידן נאָר צו איין צוועק: צו פאַרניכטן זיי פיזיש. אויב מען האָט פון די אַמאָליקע געטאָס איבערגענומען געוויסע איינריכטונגען וואָס האָבן באַדאַרפט די יידן אַ ביסל זיסער מאַכן זייער קאָשמאַרפולן גורל, איז עס געשען דערפאַר, כדי איינצושלעפערן זייער וואַכזאַמקייט און אַריינפירן זיי אין אַ טעות. אַ שווינדל זענען געווען די אַלע איינריכטונגען און פאַראָרדנונגען וועגן פאַרוואַנדלען כלומרשט די געטאָס אין אַ וועלכע עס איז „יידישע רעפּובליקן״, מיט אַן אייגענער רעגירונג — „יודענראַט״, מיט אַן אייגענער פּאָליציי — „אָרדענונגסדינסט״, אייגענער

פּאָסט, אויף אַן אייגענער „טעריטאָריע", און — ווי אין לאָדזש — אפילו אַן אייגענע וואַליוטע. די היטלעריסטישע געטאָס זענען געווען געשלאָסענע תּפיסות, וואו מען האָט אַריינגעטריבן די פּאַרפּייניקטע און אויסגעמאַטערטע יידן צו דער שחיטה. נאָר פאַר דעם צוועק זענען געשאַפן געוואָרן די געטאָס.

בלויז געציילטע הייזער זענען צוגעטיילט געוואָרן פאַרן געטאָ אין טאַרנע. לויט דער פאַראָרדענונג פון סטאַראָסטע האַקבאַרט, האָבן 20.000 יידן, אויך משומדים, געמוזט זיך אַריבערטראָגן אין משך פון 48 שעה אינעם געטאָ וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר געסלעך: דער פּלאַץ „פּאַד דעמבעם", די לינקע זייט פון פּילזנער טויער, די לינקע זייט פון דער לוואָווסקע גאַס. די טויערן פון די הייזער זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן. די אַרויסגענג האָבן אַזוי געפירט אין געטאָ, אַז אין די הינטערשטע מויערן פון די הייזער לוואָווסקע 2 און 4 איז דורכגעהאַקט געוואָרן אַן עפענונג אויפן הויף פון הויז נומ׳ 6, מיט אַן אַרויסגאַנג פון דעם דאָזיקן הויז. פונדאַנען



די חורבות פון אַ הויז אינעם געטאָ טאַרנע (ווידאַק־גאַס נומ׳ 3)

ווידער האָט מען זיך געקאָנט אַרייַנבאַקומען אין די הייזער אויף לוואָווסקע נומ׳ 10, 12, 14 און 16, אַ דאַנק די דורכגעהאַקטע עפענונגען אין די הינטערשטע מויערן פון די דאָזיקע הייזער, וואָס האָבן זיך געבונדן איינע מיט דער צווייטער. פון הויז לוואָווסקע 16 האָט דאָס געטאָ געפירט דורך די געסלעך זאַמקניענטאַ, שפּיטאַלנע (נעבן וויצטום׳ס הויז) ביז דער יאַסנע, דורך די גאַסן פּאָלנע, די רעכטע זייט פון דער גאָלדהאַמער־גאַס, דרוקאַרסקע, ׳נאָווע ביז דער פּאָלוואַרטשנע. דער דאָזיקער קלענער שטח איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט.

נאָך היינט קאָן מען דערקענען דעם גאַנצן געטאָ־שטח. נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזט טאָרנע, זענען אַלע הייזער פון געוו׳ געטאָ גרינטלעך דורכגענישטערט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געזוכט פאַרבאָרגענע יידישע אוצרות. בלויז חורבות און סקעלעטן זענען איבערגעבליבן פון די הייזער וואו ס׳האָבן געוואוינט יידן בעת דער אָקופּאַציע.

צום געטאָ האָבן געפירט פיר טויערן — צוויי אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי, איינער אויף דער פּאָלוואַרטשנע גאַס ביים יודענראַט, דער פערטער טויער — אויפן פּלאַץ „פּאַד דעמבעם", נעבן אַפּעלס רעסטאָראַן. ביי די טויערן פון די דרויסנדיקע וואַך־פּאָסטנס, איז געשטאַנען אַ פּוילישע שמירה, ד. א. ג. „גראַנאַטענע פּאָליציי" פון דער אינעווייניקסטער זייט זענען ביי די טויערן געשטאַנען יידישע פּאָליציאַנטן. געהערשט אין געטאָ גופא האָט דער ס. ס. אָבערשאַרפירער בלאַכע, דער געוועלטיקער איבערן לעבן און טויט פון די געטאָ־איינוואוינער. ער האָט געוואוינט אויף לוואָווסקע גאַס נומ׳ 24. דאָס געטאָ איז גאָר אינגיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם שרעקלעכסטן פּייניקונגס־אָרט פאַר טאָרנער יידן גופא און פאַר די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, אַרייַנגעטריבענע אין באַגרענעצטן וואוין־שטח.

אינעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן מענטשן־מערדער אַמאָן געט, ווערט געזאָגט צוו. אַנד: ,אויפן שטח פון קראָקעווער דיסטריקט זענען צו ערשט געשאַפן געוואָרן געטאָס אין פיל גרעסערע און קלענערע שטעט, צווישן וועלכע די אַמיינסטן באַוואוסטע זענען געווען די געטאָס אין קראָקע און אין טאָרנע. ביידע זענען בלוטיק ליקווידירט געוואָרן דורכן באַשולדיקטן געט".

אַן ערך צוואָנציק טויזנט יידן האָבן געגעכטיקט אין דער דאָזיקער תפיסה, צו עטלעכע צענדליק מענטשן אין אַ צימער, אין די שרעקלעכסטע אַנטי־היגיענישע און אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען.

די דייטשן האָבן באַווילקט פאַר די יידן נישט נאָר אַן אייגענעם יודענראַט און אַן אייגענע יידישע פּאָליציי. אין געטאָ טאָרנע איז דורכן יודענראַט אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע יידישע פּאָסט, פאַרשטייט זיך, לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט. די פּאָסט איז געפירט געוואָרן דורך פּרוי בראָניסלאַוואַ פּערלבערג. אויף די בריוו זענען געוואָרן אָנגעקלעבט דייטשע מאַרקעס מיט אַן אויפדרוק „יידישע פּאָסט". נאָך דער דריטער אויסזידלונג איז די פּאָסט ליקווידירט געוואָרן. אגב, האָט זי געדינט פאַר קאָרעספּאָנדענץ נאָר צווישן יידן. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן יעטוועדער שריפטלעכער קאָנטאַקט מיט דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. פאַר באַקומען אַ בריוו פון פּאָליאַקן אי־סערן געטאָ — האָט געדראָט דערשיסונג. אַזוי איז אומגעקומען מאַניאַ קאָרן, די פרוי









יידן אינעם טאַרנער געטאָ

פון אַדוו' דוד לענקאָוויטש, מיטגליד פון קהילה־ראַט און אָנפירער פון לינקע פועלי־ציון אין טאַרנע, פאַר קאָרעספּאָנדירן מיט פּאַליאַקן. דערפֿאַר איז אויך אומגעקומען דער יונגער דאָקטאָר לוסטיג און פרל. אַרגאַנד פאַר איבערשרייבן זיך מיט פּאָליאַקן.

אַ טייל יידן האָבן געמוזט זיין באַשעפטיקט ביי צוואַנגס־אַרבעט. אויסער דעם געטאָ זענען געווען פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער, וואו יעדן אינדערפרי, אונטער אַ וואַך פון פּוילישע אָדער יידישע פּאָליציאַנטן, זענען די געטאָ־איינוואוינער אַוועק אַרבעטן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אינדיווידועלע דורכלאָז־שיינען אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ, אָן אַ שמירה. די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט אָדער שוין נישט געקאָנט אַרבעטן, האָבן געלעבט פון פאַר־קויפן זייערע זאַכן. זיי פלעגן איבערגעבן די זאַכן די יידן, וואָס זענען אַוועק אַרבעטן אויסערן געטאָ, און דערפאַר פלעגן זיי צוריקבאַקומען שפּייז. די וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, האָבן געלעבט אין אַ כסדרדיקער נויט. אויך פּאָליאַקן פלעגן אַריינשמוגלען עסנוואַרג אין געטאָ, וואָס עס איז געווען פאַר־בונדן מיט גרויסער געפאַר.

גוט איז געגאַנגען אין געטאָ די מיטגלידער פון יודענראַט און זייערע יוצר־משרתים. די דאָזיקע פאַרשוינען האָבן זיך געבאָדן אין וואוילטאָג. אַלעמאָל האָבן זיי אַרויפגעלייגט נייע שטייערן אויף די געטאָ־איינוואוינער. אַ טייל געלטער זענען אַוועק אין דער קאַסע פון די דייטשע תלינים, און אַ טייל — אויף באַנקעטן און פאַרוויילונגען וואָס געוויסע מיטגלידער פון יודענראַט פלעגן נאַכט־ביינאַכט איינ־אָרדענען פאַר זיך און זייערע „דאַמעס". זיי האָבן זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין געטאָ. די היטלעריסטישע אויסוואורפן ראָמעלמאַן און גרונאָוו זענען דערוויַיל נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, — זיי האָבן געשאָסן, געמאָרדעט, גערויבט. ווי איז געווען דעם, וואָס האָט זיך נישט צוגעשטעלט צו דער אַרבעט. אַנשטאָט אַ דערמאַנונג — אַ קויל אין קאָפּ פון הינטן. די קינדער פון געטאָ־קאָמענדאַנט בלאַכע האָבן זיך געאיבט אין דער קונסט פון שיסן איינצלנע יידן.

אין געטאָ האָבן זיך אויך געפונען איידעלע ליכטיקע געשטאַלטן, וועלכע האָבן אין דער דאָזיקער טראַגישער שווערער סיטואַציע אָנגעהויבן אָרגאַניזירן הילף פאַר די אָרעמע און הונגעריקע. הונגער־ליידנדע זענען געווען אַ סך. די אַמאָל אָנגעזע־ענסטע בירגער, רייכע סוחרים און אונטערנעמער, אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, האָבן פּשוט געבעטלט אַ שטיקל ברויט.

אויסער דעם יתומים־הויז, וואָס איז נאָך דער ערשטער אויסזידלונג אַריבער־געטראָגן געוואָרן אין געטאָ זענען נאָך איינגעאָרדנט געוואָרן פיר פאָלקס־קיכן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן עטלעכע טויזנט מיטאָגן טעגלעך. ביים יודענראַט איז געווען טעטיק אַן אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער שוץ, מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט אַמאָליקע געזעלשאַפטלעכע טוער. זיי האָבן אַרויסגעוויזן פיל איניציאַטיוו און אַקטיוויטעט, אַרויסצובאַקומען פון יודענראַט וואָס מערער פאָנדן צו העלפן דער בויט־ליידנדיקער באַפעלקערונג.

געווען אויך טעטיק אין געטאָ די חברא קדישא. זי פלעגט אַרבעטן מיט זעלבסט־אָפּפערונג. נישט געקוקט אויף די מאַסן הרוגים האָט חברא קדישא געוואָלט אָפּהיטן

דעם יידישן דין ביים קובר זיין די אומגעקומענע. חברא קדישא איז געווען אַן אָפּטיילונג ביים יודענראַט, און די אַרבעט דאָרט איז געווען פאַררעכנט צו די שווערע. ווען טאַרנער יידן האָבן אָנגעהויבן גלויבן, אַז דורך אַרבעט קאָן מען זיך אָפּראַטעווען דאָס לעבן, האָבן הונדערטער יידן געקלאַפּט אין דער טיר פון דער אינסטיטוציע, בעטנדיק אַרבעט ביים פאַרוואַלטער, יהושע שטוב. פאַר דער ערשטער אויסזידלונגס־אַקציע האָט געסטאַפּאָ פאַרגרעסערט די צאָל אַרבעטער פון חברא קדישא ביז פופ־ציק. געווידמעט זיך דער דאָזיקער אַרבעט האָבן: וואָלף וועקסלער, אַ זון פון משה וועקסלער וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער אָרטאָדאָקסישער משפחה; האָכהאַו־זער, די זין פון אבא וויעטשנער, חיים קופערמאַן (איצט — ראַבינער אין איינער פון די שטעט אין צפון־אַמעריקע). זיי זענען שטענדיק געווען אויף דער וואַך, געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. נישט געווען קיין איין טאָג אָן יידישע קרבנות.

וועגן דער איבערמענטשלעכער אַרבעט פון איינעם פון די מיטגלידער פון חברה קדישא דערציילט אין דעם שוין דערמאָנטן בוך „יזכור״ אליעזר אונגער (זון פון רבי ישראל יוסף אונגער ז״ל), איצט לייטער פון עליה־אַמט אין פאַריז, אויפן סמך פון אייגענע איבערלעבונגען אין געטאָ טאַרנע:

„אין בית־המדרש פון מיין טאַטן האָט דער יודענראַט איינגעאָרדנט עטלעכע פליטים און אויסגעזידלטע, דער עיקר אַלטע לייט און אָרעמע. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ געוויסער יחיאל מאיר׳ל, אַ באַשיידענער פרומער זקן, וועלכער



דאָס בילד און די בילדער אויף זייט 841—842, געפונענע דורך הרב יהודה אויסאיבל (גפן) נאָך דער מלחמה אין אַ וואוינונג פון אַ היטלערישער משפחה — זאָגן עדות פון דייטשע פייניקונגען אינעם טאַרנער געטאָ.
(אויפן בילד פון רעכטס: ר׳ אלתר לוי ז״ל און ר׳ נפתלי צבי אירום ז״ל)

האָט זיך פאַרנומען מיט אויפרוימען טויטע. אַזוי ווי זייער צאָל האָט דעם לעצטן פרילינג זיך פאַרגרעסערט צוליב דער טיפוס־עפּידעמיע און שלעכטער דערנערונג, איז דעם אַלטישקן נישט געווען אַזוי לייכט צו דערפילן זיין פליכט. ערשטנס, איז דאָס באַוועגן זיך אין גאַס פון אַן אַלטן יידן געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. צווייטנס, אַלס מיטגליד פון דער חברא קדישא פלעגט ער אָפט אַרויסגערופן ווערן אין געסטאַפּאָ ,וואו אויפן הויף פלעגן אָפט דערשאָסן ווערן יידן, וועלכע ער האָט דערנאָך געדאַרפט אויפרוימען. די איבעריקע מיטגלידער פון חברה קדישא האָבן מורא געהאַט צו קומען אין הויף פון געסטאַפּאָ. דער זקן יחיאל מאירל, אַזוי־ווי ער האָט זיך נאָר דערוואוסט, אַז ס׳איז דאָ אַ קדוש אויפן הויף פון געסטאַפּאָ, איז ער גלייך געלאָפן אַהין, כדי אים ברענגען צו קבר ישראל. אין די סאַמע געפערלעכע טעג, ווען די געסטאַפּאָ־רוצחים ראָמעלמאַן, וואַן־מאַלטקע און גרונאָוו זענען געקומען אין געטאָ נאָך פרישע קרבנות, האָט דער זקן נישט מורא געהאַט צו לויפן אין דער קיך פאַר אָרעמע, כדי אַהיימצוטראָגן אַ לעפל געקעכטס זיין קראַנקן שכן אָדער פאַרנעמען זיך מיט טוען דאָס זייניקע די דערשאָסענע יידן. נישט איינמאָל איז ער פון לוויות אַהיימגעקומען אַ צעקאַליטשעטער, אַ באַגאָסענער מיט בלוט. אָפטמאָל פלעגט אַ נידערטרעכטיקער רוצח אים צושטעלן דעם רעוואָלווער צו דער ברוסט. ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און נישט אַרויסגעדרייט זיך פון טוען גוטס. ביינאַכט האָט ער ביים שיין פון אַ נאַפט־לעמפּל געלערנט זוהר און קבלה, בייטאָג האָט ער אויפגערוימט טויטע. אַ געוויסן פרימאָרגן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אין אַ הויף אויף גאָלדהאַמער־גאַס איז געלעגן אַ דערשאָסענער ייד. דעם דאָזיקן יידן האָט פאַרמסרט די הויזדינערין, אַז ער איז אַ באָלשעוויק, אַז דאָ־נישט־לאַנג האָט ער זיך צוריקגעקערט פון דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע. אַלע שכנים האָבן געוואָרנט דעם זקן ער זאָל נישט גיין דאָרט וואו עס ליגט דער קרבן, ווייל עס איז נישט באַוואוסט צי די דייטשן זענען שוין אַוועק פון יענעם אָרט. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס: „דאָס אויפרוימען אַ טויטן — איינע פון די גרעסטע מצוות". ער איז אַוועק אויפן אָרט פון פאַרברעכן, אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיטן טויטן. דער רוצח ראָמעלמאַן האָט אים דערקענט פונדערווייטנס. דער אַלטער איז געפאַלן, אַ דערשאָסענער אויפן טויטן קערפּער פון פריערדיקן קרבן" (ז׳ 132).

## 11.

נישט אַלע איינוואוינער פון טאַרנער געטאָ האָבן זיך פּאַסיוו אונטערגעגעבן זייער טראַגישן גורל. ביי אַ טייל יוגנטלעכע, דערצויגענע אין פאַרשידענע פאַרמלחמהדיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד די באַצווינגער. גלייך נאָך דער ערשטער אויסזידלונג־אַקציע האָבן עטלעכע יוגנטלעכע פון השומר הצעיר אויפגעהויבן דעם דאָזיקן געדאַנק. די אַקטיווסטע אויף דעם געביט זענען געווען: יאָסעק ברודער פון השומר הצעיר, דער יידישער פּאָליציאַנט שמואליק שפּרינגער און דער קאָמוניסט מלך בינענשטאָק.

מען האָט זיך איינגעשאַפּט געווער און געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן פּוילישן אונטערערד. עס איז פּראָיעקטירט געוואָרן צו שאַפן אַ יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אויפן ביישפּיל פון וואַרשע. וועגן די פּלענער פון עטלעכע צענדליק יידישע יוגנטלעכע פון טאָרנע, וואָס האָבן זיך געגרייט צום פאַרמעסט מיטן שונא און אויפגעהויבן די פאָן פון מרידה קעגן די דייטשע הענקער, שרייבן מיר אויספירלעכער אויף אַ צווייט אָרט. די אַלע יוגנטלעכע זענען געווען דורכגענומען מיט אַ קאַמפּסגייסט וואָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק בעת די ווייטערדיקע אויסזידלונגען פון טאָרנער געטאָ. געווען זענען דאָס אָבער שוואַכע ספּאָנטאַנע רעאַגירונגען. דער כלל צונויפגעדרענגטע אין געטאָ 20.000 יידן, האָט געדולדיק געאַרבעט פאַר די דייטשן, געהונגערט און געליטן.

דערווייל האָבן די רוצחים ראָמעלמאַן, אָש און גרונאָוו געגרייט זיך צו אַ נייער שחיטה איבער טאָרנער יידן. זיי האָבן דאָס געמאַכט כיטרע, באַהאַלטן, הגם זיי האָבן נישט אויפגעהערט פּייניקן און שיסן איינצלנע יידן. ווען נאָך דער ערשטער אויסזידלונג זענען 8 יידן צוריקגעקומען פון לאַגער אין פּוסטקאָוו אַלס אומפּעאיקע צו דער אַרבעט, האָט ראָמעלמאַן אַליין זיי דערשאָסן אויפן הויף פון יודענראַט.

עס זענען פאַרביי דריי חדשים נאָך דער ערשטער יוני־אויסזידלונג אין יאָר 1942. עס האָבן זיך קוים אָנגעהויבן פאַרהיילן די בלוטיקע וואונדן פון דער ערשטער מאָרד־אַקציע, עס זענען נאָך נישט אויסגעטריקנט געוואָרן די טרערן צוליבן אומקום פון די נאָענטסטע, ווען עס איז פּלוצים פאַראָרדנט געוואָרן אַ נייע רעגיסטראַציע, — אין ערשטן טאָג ראש־השנה (דעם 11־טן סעפּטעמבער 1942 יאָר). די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן צוגענומען די אַרבעטס־קאַרטן, דערקלערנדיק, אַז אין יודענראַט וועלן אויף זיי אַרויפגעלייגט ווערן נייע סטעמפּלען. קיינער האָט שוין איצט נישט געצווייפלט, אַז דאָס איז אַן אָנזאָג פון אַ נייער אויסזידלונג, אַ נייער בלוט־באָד. אין געטאָ האָט זיך גערודערט ווי אין אַ מוראַשקע־נעסט. אינעם סטעמפּל האָט מען ווידער געזען אַ רעטונג. דער סטעמפּל האָט עס געדאַרפט פאַרהיטן פאַר אַ קויל, פאַר פּייניקונגען, פאַרן מאַסן־קבר, פאַר בעלזשעץ, וועגן וועלכן אַלע האָבן שוין איצט געוואוסט אַז פון דאָרט איז נישטאָ קיין צוריקקער. מען האָט זיך געריסן איבער די אַרבעטס־קאַרטן מיטן נייעם סטעמפּל. 20.000 יידן האָבן געלעבט מיטן איינציקן געדאַנק: ווי אַזוי באַקומען דעם סטעמפּל, די פאַרשאָלטענע קמיע צום לעבן, זאָל זיין אין נויט, אין געטאָ — אָבער דאָך לעבן. דאָס האָט אויך געמיינט איבערהאַלטן די מלחמה, זיך דערוואַרטן אויף אַ בעסערן מאָרגן.

אַז ס'איז שווער געוואָרן מיטן באַקומען אַ סטעמפּל אין יודענראַט, האָט מען געפונען אַן אַנדערע עצה. מ'האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ סטעמפּל וואָס איז נאָכגעמאַכט געוואָרן דורכן ערלעכן יידישן בעל־מלאכה ראַב. נישט געקוקט אויף דער דראָענדיקער געפאַר, האָט ער פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל געסטעמפּלט די אַרבעטס־קאַרטן מיט אַ סטעמפּל פון אייגענער פּראָדוקציע. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ סך קאַפּיטאַל צי ווערטפולע זאַכן. זיי האָבן מיט ריזיקע סומעס געצאָלט די געסטאַפּאָ־מענטשן פאַר אַ סטעמפּל.

די וואָס האָבן נישט געקאָנט באַקומען קיין סטעמפּלען, אָדער נישט געהאַט אפילו קיין אַרבעטס־קאַרטן, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, ביידעמער,

בונקערס. געווען בונקערס אויף הונדערט און אפילו צווייהונדערט פערזאָן (ווי צ״ב אין מאַנדעלבאומס הויז), איינגעאָרדנט מיט ליכט, וואַסער און שפּייז אויף עטלעכע טעג. אינאָווענט דעמזעלבן טאָג האָט אַ טייל איינוואוינער פון געטאָ — די אָן סטעמפּלען און אָן אַרבעטס־קאַרטן, — זיך פאַרשפּאַרט אין די באַהעלטענישן און בונקערס, כדי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איבערצוּוואַרטן די צווייטע אויסזידלונג. די וואָס האָבן יאָ געהאַט דעם סטעמפּל און אַרבעטס־קאַרטע פאַר דער גאַנצער משפּחה, האָבן מיט ציטער געוואַרט וואָס עס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג.

דאָס איז געווען אַ בלוטיקער דאָנערשטיק, דעם 12־טן סעפּטעמבער 1942. גאָר באַגינען איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט געסטאַפּאָ און פּוילישע (גראַנאַטענע) פּאָליציי. פון די שטובן האָט מען אָנעהויבן אַרויסשלעפּן אַלע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, — סיי די וואָס האָבן געהאַט די קאַרטן מיט די סטעמפּלען, סיי די וואָס האָבן זיי נישט געהאַט. אַלע זענען אַוועקגעטריבן געוואָרן אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ („פּלאַץ וואָלנאָשטשי״), וואו עס האָט זיך געפונען די אויטאָבוסן־סטאַציע. מ׳האָט זיי געהייסן קניען, די קעפּ אָנגעבויגן צו דער ערד. דער דאָזיקער גרויסער פּלאַץ האָט זיך נישט אויסגעפּולט אַזוי שנעל. ווען די דייטשע הענקער האָבן דערזען, אַז ס׳איז דאָ ווייניק יידן, האָבן זיי אַפּעלירט צו די נידעריקסטע אינסטינקטן פון די אומגליקלעכע: פאַרלאַנגט פון זיי אַרויסצוגעבן די בונקערס און באַהעלטענישן. פאַר דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער טאַט האָבן זיי צוגעזאָגט די מענער אומצוקערן זייערע פרויען און קינדער, וואָס האָבן געקניט אויף אַ צווייט אָרט אויפן פּלאַץ. לײדער, געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלאָזט צורעדן און פאַרן פּרייז פון אָפּראַטעווען זיך האָט מען די דייטשן אָנגעוויזן די בונקערס וואו ס׳האָבן זיך געפונען צו הונדערט אָדער מערער מענטשן. עס איז אויסגעגעבן געוואָרן דאָס אָרט פון דער גרויסער באַהעלטעניש אויף שפּיטאַלנע־גאַס, אין מאַנדעלבוימס הויז, וואו עס זענען געווען אויסבאַהאַלטן צוויי הונדערט יידן.

צווישן אַנדערע אומגליקלעכע אַרויסגעטריבענע פונעם בונקער האָט זיך אויך געפונען ר׳ מענדל לייב גרינשטיין, אַן אָנגעזעענער טאַרנער בירגער אַליין טיף רעליגיעז, וואָס האָט אָבער געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר די אויפגאַבן פון דער צייט און נישט געשטערט זיינע קינדער זיך צו באַטייליקן אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ר׳ מענדל לייב גרינשטיינס 3 זין — דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן ד״ר יצחק גרינשטיין (שמיר) ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ביליץ (שלעזיע) און אין דער ערשטער צייט פון מדינת ישראל אָנגעפירט מיט דער ישראל־האַנדלס־מיסיע אין פּוילן — חיים און משה גרינשטיין, און אויך זיינע טעכטער גאָלדע און מלכה — לעבן איצט אַלע אין ישראל. ר׳ מענדל לייב גרינשטיין איז פאַרשלעפּט געוואָרן פונעם בונקער קיין בעלזשעץ וואו ער איז אומגעקומען על קדש השם. כבוד זיין אָנדענק!

אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ איז פאָרגעקומען די סעלעקציע. די וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן מיט סטעמפּלען, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ באַזונדער אָרט. די וואָס האָבן נישט געהאַט דאָס פּאַפּירל, האָבן געמוזט קניען אויף אַ צווייט

אָרט. צו דער דאָזיקער גרופּע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויך די מיט סטעמפּלען, אויב מיט זיי זענען מיטגעווען זייערע קינדער ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ דריי טויזנט יידן אָן אַרבעטס־קאַרטן, אָדער וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייערע קינדער, האָט מען זיי גלייך אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין בעלזשעץ.

די דייטשע הענקער האָט אָבער אויסגעזען צו גרויס די צאָל יידן וואָס באַזיצן אַרבעטס־קאַרטן. זיי האָבן געוואָלט פאַרקלענערן זייַער צאָל. דאָס האָבן די רוצחים גלייך אַדורכגעפירט. זיי האָבן באַפוילן די באַזיצערס פון די אַרבעטס־קאַרטן פאַר־בייצומאַרשירן. יעדער צענטער איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון דער ריי, האָט גע־מוזט איבערוואַנדערן אויף אַ צווייט אָרט ,וואו עס זענען געווען די שוין פאַרמשפּטע.

דער ניינצניאָריקער משה אַלבאַן, אַ דערצויגענער אין הנוער הציוני, האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועלן צו קניען פאַר די דייטשע רוצחים. ווען אַ דייטשער סאָלדאַט האָט אים אַ זעץ געגעבן אין קאָפּ מיט דער קאָלבע פון דער ביקס, האָט אַלבאַן רעאַגירט אויף דעם ווי אַ שטאָלצער ייִדן, וואָס ווייסט צו שטאַרבן מיט ווירדע. ער האָט דעם דייטש דערלאַנגט אַ פּאַטש, אים אָנגעשפּיגן אין פּנים און אויסגע־שריגן: „איצט דערשיס מיך, באַנדיט, איצט האָסטו פאַרוואָס!״ דער יונגער משה אַלבאַן איז אויפן אָרט אומגעקומען פון אַ דייטשער קויל.

אַלטע לייט האָט מען פון „פּלאַץ וואָלנאָשטשי״ גלייך אַוועקגעפירט אויפן בית־הקברות. דאָרט האָט מען זיי נאַקעטע דערשאָסן אונטער דער מויער און אַריינגעוואָרפן אין די צוגעגרייטע גריבער. די פּאָליאַקן פון „בוי־דינסט״ האָבן אונטערן וואַכזאַמען אויג פון די געסטאַפּאָ־לייט דערכגענישטערט די בגדים פון די דערשאָסענע, זוכנדיק „יודענגוט״.

בעת די באַזיצער פון די אַרבעטס־קאַרטן מיטן סטעמפּל זענען פאַרבליבן אויפן פּלאַץ, האָט מען די צווייטע גרופּע יידן וואָס האָט געקניט אויף אַ צווייט אָרט, איבערגעשיקט אין שול א. נ. פון טשאַצקי, וואו עס האָבן זיך געפונען די מאַגאַזינען נאָך די צוגערויבטע יידישע זאַכן. דאָרט, אין דער טשאַצקי־שול, האָט מען גע־גרייט אַ צווייטן טראַנספּאָרט צום אויסזידלען. פרייטיק, דעם 13־טן סעפּטעמבער 1942, זענען אָן ערך 3.500 יידן געגאַנגען מיט דער קראָקעווער גאַס צו דער באַן־סטאַציע. ווידער זענען טאָרנער יידן אָפּגעשיקט געוואָרן אין טויטנלאַגער קיין בעלזשעץ. דאָס לעצטע מאָל זענען זיי געגאַנגען אויף די גאַסן פון דער שטאָט, וואו זיי זענען געבוירן געוואָרן, אויפגעוואַקסן און געאַרבעט. די פאַרפּייניקטע מידע געשטאַלטן זענען אונטערגעטריבן געוואָרן דורך די היטלעריסטישע הענקער. זיי זענען געגאַנגען אויף אַ מאַרטירער־טויט. צווישן די אומגליקלעכע יידן האָבן זיך דעמאָלט געפונען רבקה זילבערפעניג (פון די ראַפּאַפּאָרטס), און ווי עס גיבן איבער די לעבן־געבליבענע טאָרנער יידן, איז זי. געגאַנגען אין טויטן־מאַרש מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ, נישט געיאָמערט און נישט געוויינט. אויך גאָלדע מאָזל, ווענמענס געשטאַלט האָט זיך אויסגעטיילט אין דעם געטריבענעם המון, האָט זיך געהאַלטן ווירדיק און מוטיק.

די געסטאַפּאָ, דייטשע פּאָליציי, „גראַנאַטענע״ פּאָליציי און דער יודענראַט — אַלע האָבן זיי ווי געהעריק דערפילט זייערע אויפגאַבן בעת דער צווייטער אַקציע.

ווען דער קאָנטיגענט פאַרמשפּטע יידן איז נישט געווען קיין פולער, האָבן די דייטשע רוצחים געלאָזט זיך זוכן באַהעלטענישן, וועלכע זענען אין אַ סך פאַלן אַנטפּלעקט געוואָרן דורך יידן. די דאָזיקע שוואַכלינגען האָבן אין דער לעצטער מינוט זיך איינגעבראָכן, גלויבנדיק די דייטשע צוזאָגן, אַז פאַר אויסגעבן צוואָנציק יידן, וועט מען זיי אומקערן זייערע פרויען און קינדער. די דאָזיקע אומווירדיקע יידן זענען שפּעטער אומגעקומען פון די זעלבע רוצחישע הענט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן דרעסירטע הינט, געפירט דורך געסטאַפּאָ־לייט, געיאָגט זיך נאָך באַהעלטענישן וואו ס'האָבן זיך געפונען פרויען און קינדער, אַלטע לייט און יוגנטלעכע. אָרעמע יידישע קינדער! אָפּגעריסן פון די עלטערן, האָבן זיי נישט



אַ יידיש קינד אינעם טאַרנער געטאָ (אויפן בילד דאָס אייניקל פון מאַוריצי און אסתר לאַוב)

געווײנט און נישט געפרעגט זיך אויף גאָרנישט. דאָס קלײנוואַרג האָט גלײך פאַר־שטאַנען וואָס עס מײנט דער פּחד און די פאַרצווײפלונג אויף די פּנימער פון זײערע טאַטע־מאַמע. אײן וואָרט „אַנטלויף" איז פאַר זײ גענוג געווען צו פאַרשטײן די לאַגע. זײ האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערס, בײדעמער, לעכער, קאַסטנס, — וואו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. שטילע, צונויפגעקנוילטע, האָבן זײ מיט האַרצ־קלאַפּעניש געוואַרט, ביז וואַנען די דײטשע בעסטיע וועט זיך אײנשטילן. זײ האָבן אומזיסט געוואַרט. שווער געווען זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דײטשע מערדער און זײערע צעווילדעטע הינט.

ווער איז דען אימשטאַנד צו באַשרײבן דאָס גהינום פון יידישע קינדער און זײערע עלטערן וואָס האָבן זײ נישט געקאָנט העלפן און געגאַנגען מיט זײ צוזאַמען אויף אומקום?! שרעקלעך איז געווען דער מאָמענט ווען די עלטערן, צי אַ מאַמע אָדער אַ טאַטע באַזונדער, האָבן אין אײן מאָמענט באַדאַרפט אַנטשײדן: איבער־בלײבן לעבן, נאָר אָן דעם קינד, אַ פאַרמשפּט׳ס צום טויט, אָדער טײלן דעם קינדס גורל. דאָס איז נישט געווען קײן גײסטיקע צערודערונג, קײן אינערלעכער קאַמף. דאָס איז געווען אַן אַנטשײדונג וואָס איז אויסער דעם מענטשלעכן דענקען, וואָס שטעקט אין די טיפסטע טיפעניש פון מענטש. שווער צו באַצײכענען וואָס האָט דעצידירט אין דעם דאָזיקן מאָמענט — אַלע עלטערן האָבן געליבט זײערע קינדער.

געווען אַ פאַל, ווען דײטשע באַנדיטן האָבן דעם קירזשנער טולעק פאַכער צוגענומען זײן אײנציק קינד און אים גופא אָפּגעפירט צו דער גרופּע אַרבעטס־פעאיקע. ער האָט לאַנג נישט געקלערט און געזאָגט צום געסטאַפּאָ־רוצח: „נאָר מײן קינד וועסטו מיך דערשיסן!" דער דײטש האָט גלײך דערשאָסן דעם קירזשנער מיט זײן פרוי און קינד.

לעאָן לעזער האָט אין יענער נאַכט געזוכט אין טאַרנער געטאָ זײן זיבניאָריקן ברודערן־זון, וועמענס פאָטער איז בײטאָג אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון אַ בונקער. פאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע האָט לעזער דערצײלט די איבער־לעבונגען פון יענער שרעקלעכער נאַכט:

„איך בין אַרומגעגאַנגען כמעט איבערן גאַנצן געטאָ און נישט געפונען דאָס קינד. ענדלעך בין איך צוגעקומען צו אַ הויז וואו עס האָט זיך געפונען אַ מאַנגל, און אַנגעהויבן רופן. נאָך עטלעכע מאָל, איז דאָס קינד אַפּירגעקראָכן פון אונטערן מאַנגל, ווײל עס האָט דערקענט מײן קול, און אַ זאָג געטאָן: „פעטער"! דאָס קינד איז מיט נאָך דרײ קינדער געלעגן דאָרט פון 11 בײטאָג ביז 2 בײנאַכט. איך האָב צונויפגענומען די קינדער און זײ אָװעקגעפירט צו זײערע מוטערס, פאַרזאַמלטע אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי. דאָרט האָב איך זיך דערוואוסט וועגן אַ גוט פאַרקאָנספּי־רירטן בונקער וואָס האָט זיך געפונען אויף אַן אָפענעם פּלאַץ אונטער דער ערד און איז ביז איצט נישט אַנטדעקט געוואָרן. כ׳האָב דאָרט אָװעקגעפירט די קינדער און זיך אומגעקערט אויפן פּלאַץ, טראַכנדיק, אַז זײ זענען פאַרבליבן אויף אַ זיכער אָרט. צומאָרגנס פרי האָט מען די פאַרבליבענע דערלויבט אַהײמצוגײן. יענע (פון דער טשאַצקי־שול) האָט מען אַרויסגעפירט"...

„אונדזערע פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן פּלאַץ וואו עס האָט זיך געפונען דער בונקער וואו ס׳זענען געווען באַהאַלטן די קינדער. כ׳האָב געוואָלט

גיין נאָך זיי, כדי זיי אַהיימצונעמען. אָבער דער פֿאָטער זייערער האָט מיר געראָטן צוואַרטן נאָך אַ האַלבע שעה. עס זענען נישט פֿאַרביי קיין פינף מינוט, ווי מיר האָבן דערזען דריי געסטאַפּאָווצעס מיט אַ יידישן פּאָליציאַנט און אַ הונט. זיי זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צום בונקער. מן־הסתם האָט ווער אָנגעוויזן, ווייל זיי זענען געגאַנגען אין יענער זייט. דער הונט האָט געשמעקט, דער פֿאָטער פון די קינדער איז געווען זיכער אַז זיי וועלן נישט געפינען, ווייל דער בונקער איז געווען גוט פֿאַרמאַסקירט, אָבער די דייטשן זענען געגאַנגען אינגאַנצן זיכער. איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיט מיין שוועגערין און פֿאָטער פון יענע קינדער, שמחה טעמער, און געוואַרט אין דער גרעסטער שפּאַנונג. אין אַ ווײַלע אַרום זענען די געסטאַפּאָ־לייט אַרויס פון בונקער, נאָך זיי אַן אַלטער ייד, הינטער אים — מיין ברודערן־זונס דערשראָקן קינד, און דערנאָך די איבעריקע, אַן ערך צוואַנציק פּערזאָן. זיי האָבן געהייסן דעם קינד קניען מיטן פּנים צו דער ערד. די מוטער האָט זיך אַליין געמעלדעט און איבערגעגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ. מ׳האָט זיי געהייסן אַוועקגיין, זעענדיק ביי זיי אַרבעטס־קאַרטן, אָבער די מאַמעס האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן זייערע קינדער. מיין שוועגערין, דערזעענדיק דאָס קינד, איז אַרויסגעגאַנגען און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די רוצחים. זיי האָבן איר געהייסן קניען, איין געסטאַפּאָוויעץ האָט געעפנט די וואַליזע און געהייסן אַוועקגעבן אַלע ווערטפולע זאַכן און געלט, דראָענדיק מיט טויט. אין אָנבליק פון טויט־אַנגסט פון די דאָזיקע מאַמעס, האָבן די דייטשן נישט פֿאַרגעסן וועגן גאָלד און ביי די פֿאַרמשפּטע געוואָלט צורויבן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. מענטשן האָבן אַלץ אַוועקגעגעבן און דער געסטאַפּאָוויעץ שרעדער האָט אָנגעהויבן אַלעמען באַזוכן צי זיי האָבן עפּעס נישט באַהאַלטן. די פרוי טעמער, די מוטער פון די דאָזיקע קינדער, האָט אויף זייער באַפעל געמוזט זיך אויסטאָן נאַקעט און אין איר העמד האָט ער געפונען עפּעס פֿאַרנייט. ער האָט איר געהייסן אָפּגיין אַן אַ זייט און אויסדרייען, ווילנדיק זי דערשיסן. זי האָט געבעטן ,ער זאָל זי נישט הרגענען, זי האָט אים געכאַפּט ביי די הענט, זאָגנדיק, אַז זי האָט וועגן דעם פֿאַרגעסן, אָבער דער דייטש האָט אַלץ געשריגן זי זאָל זיך אויסדרייען. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער איר אויסגעשאָסן אין פּנים, און ווען זי איז אומגעפאַלן, האָט ער אַריינגעשאָסן נאָך עטלעכע קוילן. איך צעניאָריק מיידעלע, דערזעענדיק דאָס, האָט אַ געשריי געטאָן, אויפגעהויבן דאָס קעפּעלע, דעמאָלט איז דער רוצח צוגעלאָפן צום קינד, דערלאַנגט אים מיט אַ שטעקן אַ זעץ איבערן קאָפּ און דערהרגעט דאָס מיידעלע אויפן אָרט. איך האָב דאָס אַלץ געזען פון מיין פענסטער, אַ 3—4 מעטער ווייט פון דעם אָרט. אונדזער קינד האָט געקניט אַ צונויפגעקנוילטס, טוליענדיק דאָס קעפּל צו דער ערד, נישט אַרויסברענגענדיק אַפילו אַ קרעכץ. דערנאָך האָט מען באַפוילן די מענטשן אויפשטיין, צוגענומען ביי זיי די ווערטפולע זאַכן און זיי אַוועקגעפירט אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי, צו די איבעריקע פֿאַרמשפּטע״.

צוויי טעג האָט געדויערט די צווייטע אויסזידלונג. אַרום 7.000 טאַרנער יידן האָבן דערנאָך אויסגעפילט די גאַז־קאַמערן פון בעלזשעצער קרעמאַטאָריע. הונ־דערטער יידן און יידישע קינדער זענען באַגראָבן געוואָרן אין די מאַסן־קברים

אויפן יידישן בית־עולם. יאָ, — די געסטאַפּאָ, פּוילישע פּאָליציי און דער יודענראַט האָבן ווי געהעריק דערפּילט זייער אויפגאַבע...

12.

נאָך דער צווייטער אויסזידלונג, ווען אין טאַרנער געטאָ זענען פאַרבליבן בלויז 12.000 יידן, האָבן די דייטשן ווייטער געמאַכט זייערע טייוולאָנישע צוגריי־טונגען צו פאַרניכטן די לעבנגעבליבענע יידן. זיי האָבן זיך געגרייט סיסטעמאַטיש, פּלאַנמעסיק און אין געהיים.

דאָס איז געווען קענטיק פון יעדער דייטשער פאַראָרדענונג וואָס איז נאָך דער צווייטער אויסזידלונג אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרן געטאָ. ביסלעכווייז איז פאַרצויגן געוואָרן דער שטריק אַרום דעם האַלדז פון דער פאַרמאַטערטער יידישער באַפעלקערונג, אַן אָפּגעשוואַכטע פיזיש און גייסטיק.

חוץ פאַר געציילטע יחידים, האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסגעבן דורכלאָז־שיינען אויסער דעם געטאָ. פון איצט אָן האָבן די געטאָ־איינוואוינער געמוזט מאַרשירן צו דער אַרבעט גרופּנווייז, אויסגעשטעלט אין אַ ריי, אונטער אַ וואַך. דאָס פאַרלאָזן דאָס געטאָ איז געוואָרן באַשווערט. די וואַך־פּאָסטנס פון דער פּוי־לישער „גראַנאַטענער״ פּאָליציי זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן אַרום דעם געטאָ. מען האָט אָנגעהויבן מערער אַכטונג געבן אויף דער יידישער פּאָליציי, וואָס האָט געהיטן דאָס געטאָ פון אינעווייניק. ווייזט אויס, אַז אפילו זיי האָבן די דייטשן אויפגעהערט צו טרויען. עס איז איצט נישט נויטיק געווען צו טראָגן דווקא די אָרעם־בענדער. קיין איין ייד האָט שוין אויף אַן אינדיווידועלן אופן נישט געקאָנט אַרויסגיין פון געטאָ. דעריבער איז נישט געווען קיין פחד, אַז ווער פון די יידן זאָל קאָנען אויסבאַהאַלטן זיין אָפּשטאַמונג. די ביזאַיצטיקע אָרעם־בענדער וואָס יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן, זענען פאַרטראָטן געוואָרן מיט אַנדערע אָפּצייכנס. פאַר די דייטשן האָט איצט עקזיסטירט איין מעסטער אויף אָפּצושאַצן צי דער געטאָ־שקלאַף איז נוצלעך פאַר דער דייטשער מיליטערישער מאַשין, וואָס האָט געמיינט, אַז ער האָט נאָך אַ רעכט אויף לעבן. די דאָזיקע רעכט האָבן געהאַט נאָר די יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין איינער פון די אונטערנעמונגען וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע. די סעלעקציע איז שוין איצט געווען אַ באַשיינפּערלעכע. נישט געווען קיין אילוזיעס בנוגע דעם, אַז אָן אַן אַרבעטס־פּלאַץ און אַרבעטס־קאַרטע איז מען אַ פאַרלוירענער. אין געטאָ האָט מען זיך אָפּגעגעבן דער אילוזיע, אַז די אַרבעטס־קאַרטע מיינט אַ לאָטעריע־צעטל מיט אַ געווינס צו לעבן. אין דעם האָט כמעט יעדער געגלויבט.

איבעריקנס, די דייטשן האָבן אַלץ געטאָן, כדי שאַפן דעם רושם אַז די וואָס אַרבעטן זאָלן טאַקע מיינען, אַז זיי זענען אָפּגעראַטעוועט. זיי האָבן איצט באַקומען נייע אָרעם־בענדער מיט אַן אויפשריפט ר.וו.צ. („ריסטונג, וועהרמאַכט, ציוויל־בעטריב״). ווער עס האָט געטראָגן אַזאַ אָפּצייכענונג, איז געווען זיכער, אַז ער אַרבעט פאַר אַ וויכטיקן צוועק, אַז ער איז פאַרזיכערט פאַר ווייטערדיקע אַנטי־

יידישע אַקציעס. זיי האָבן געגלויבט, געהאַט אילוזיעס און געדולדיק געאַרבעט אין דייטשע אונטערנעמונגען.

און די אַנדערע? די צאָל אַרבעטס־פּלעצער איז דאָך געווען אַ באַגרענעצטע. אין טאַרנער געטאָ האָבן זיך איצט געפונען ביי אַ 15.000 יידן, ווייל עטלעכע טויזנט יידן זענען צוגעקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואו עס זענען ליקווי־דירט געוואָרן די דאָרטיקע געטאָס, און די לעבנגעבליבענע זענען פאַרטריבן גע־וואָרן אין געטאָ טאַרנע. די יידן וואָס האָבן נישט געאַרבעט, האָבן פאַרשטאַנען, וואָס זיי דראָט. די נישט־יידישע סביבה איז געווען גלייכגילטיק, אַפּטמאָל פיינטלעך צו די ליידנדיקע יידן. אויך דאָ זענען געווען קליינע אויסנאַמען, ווען עטלעכע פּאָליאַקן האָבן דערמעגלעכט יידן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס.

געווען פאַלן פון אַנטלויפן פונעם געטאָ. אויף דעם שריט האָבן זיך דערלויבט נאָר די, וועלכע האָבן געהאַט גענוג געלט־מיטלען צו אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן, אגב זייער ריזיקאַליש און געפערלעך, און אין די מייגסטע פאַלן האָט עס זיך פאַר־ענדיקט מיטן אומברענגען די גאַנצע משפחה פון אַנטלאָפענעם. מען איז אַנטלאָפן קיין באָכניע, און פון דאָרט איז געגאַנגען אַ וועג קיין אונגאַרן. עטלעכע יידישע משפחות איז געלונגען צו אַנטלויפן מיט דעם וועג און זיך ראַטעווען דאָס לעבן.

מערער אָנגענומען איז געווען דאָס אַנטלויפן אויף אַרישע פּאַפּירן, וואָס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט אַזויפיל געלט. מען האָט זיך איינגעקויפט טויף־מעטריקעס און קענקאַרטעס — פרעזענלעכע דאָקומענטן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן. אַזוי ווי דאָס איינשאַפן זיך אַזעלכע קענקאַרטעס איז געווען פאַרבונדן מיט שווערקייטן און מיט געפאַרן, האָט מען זיי אָנגעהויבן נאָכמאַכן.

צו יענער צייט האָבן אין טאַרנער געטאָ זיך געפונען אַ גרופּע יונגע שומרים, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז גלייך נאָך דער ערשטער אויסזידלונגס־אַקציע זענען זיי צוגעטרעטן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אָנקניפּנדיק אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערד. אין אָנהויב האָט זייער טעטיקייט זיך באַגרענעצט צו געבן הילף די יעניקע, וועלכע האָבן זיך אַנטשלאָסן צו פאַר־לאָזן דאָס געטאָ און צו אַנטלויפן קיין פּוילן אָדער קיין אונגאַרן. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער גרופּע (איצט אין ישראל) — יוסף בירקען, באַשרייבט דעם אָנטייל פון די שומרים אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין טאַרנער געטאָ („מאָסטי", אַפּריל 1947, לאָדזש). אין זיין וואוינונג, וואו עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען זיינע פאַרטרויאונגס־חברים, האָט זיין שוועסטער פראַנקאַ (איצט אין פּוילן), ביז שפּעט אין דער נאַכט „פאַבריצירט" אין דער לאַטיינישער שפּראַך טויף־מעטריקעס. נישט געקוקט אויף דער טראַגישער סיטואַציע — שרייבט ער — „האָבן מיר נישט איינמאָל געלאַכט, ביים אויסזוכן פאַמיליע־נעמען און נעמען פון טויף־עלטערן, אַקושעריגס, גלחים אדג"ל. די לאַטיינישע סטעמפּלען פון די פאַראַ־פיעס אָכאָוואַ און ליפּניצאַ מוראָוואַנאַ האָט פאַרשאַפט יאָסעק ברודער".

פונעם אַנטלויפן אויף אַרישע פּאַפּירן האָבן געקאָנט געניסן נאָר די, וועלכע האָבן געהאַט אַ „גוטן אויסזען" און אַ גוטע פּוילישע אויסשפּראַך. דאָס יידיש־לעכע אויסזען פון פּנים און דאָס שלעכטע באַהערשן די פּוילישע שפּראַך האָט געקאָנט פאַרראַטן דעם אויסבאַהאַלטענעם. און ווער האָט עס געוואָלט אין יענע

צייטן אויסבאַהאַלטן אַ ייד אָדער געבן אים הילף? געווען אָבער אויך איינצלנע פאַלן ווען פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעוויזן פיל האַרץ און פאַרשטענדעניש פאַר דער טראַגישער לאַגע פון די יידן און זיי געקומען צו הילף. אַ דאַנק דעם האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט עטלעכע פון דער משפחה פּאָסטראַנג און לאַנדמאַן. זיי זענען געווען אויסבאַהאַלטן ביים פּאָליאַק באַנעק אויפן בוידעם פון זיין הויז. אַ באַן־אַרבעטער פון מאָשטשיץ האָט אָפּגעראַטעוועט די יידישע משפחה בעטריבניס. אין אַ בונקער ביי אַ פּוילישער פאַמיליע האָט זיך אויסבאַהאַלטן די פאַמיליע מיטלער. געווען אויך פאַלן, ווען פויערים האָבן ביי זיך אויסבאַהאַלטן יידישע משפחות, אַנטלאָפענע פון געטאָ.

ווי געזאָגט, זענען דאָס געווען זעלטענע אויסנאַמען. דער כלל יידן האָט זיך געפילט אַרומגערינגלט, באַלאַגערט, און ווענדיק זיך ראַטעווען דאָס לעבן, האָט מען אָנגעהויבן בויען בונקערס און באַהעלטענישן. עס זענען אַנטשטאַנען פאַרשי־דענע באַהעלטענישן, אָפּט אין טיפע קעלערס און אויף אָפענע פּלעצער, אין אַ טייל פון זיי איז געווען עלקעטריש ליכט. עס איז פאַרגרייט געוואָרן שפּייז אויף אַ לענ־גערער צייט. די וואָס זענען נישט געווען צוגעטיילט צו קיין שום אַרבעט און האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אַרבעטס־קאַרטן, זענען געווען גרייט זיך אויסצובאַהאַלטן אונטער דער ערד, לכל־הפּחות אין דער צייט פון אַן אויסזידלונגס־אַקציע, וואָס איז דורך אַלעמען דערוואַרט געוואָרן מיט שרעק.

די נויט אין געטאָ איז געוואַקסן. הונגער און קראַנקהייטן האָבן צוגעהאָלפן די דייטשן אומברענגען די יידישע באַפעלקערונג. דאָס יידישע שפּיטאָל איז געווען איבערפולט. דער שפּיטאָל־דירעקטאָר, ד״ר עוגעניוש שיפּער, האָט זיך נישט גע־קאָנט קיין עצה געבן פון צופיל אַרבעט. די מער פאַרמעגלעכע יידן האָבן שוין געהאַט אַלץ אויספאַרקויפט און געבליבן אינגאַנצן אָן מיטלען צום לעבן. די וואָס האָבן אַמאָל געהאַט ערגעצוואו אויסבאַהאַלטן זייערע אָפּשפּאָרונגען צי ווערטפולע זאַכן, האָבן נישט געקאָנט צו זיי איצט צוקומען. זיי זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן און געבעטלט אַ שטיקל ברויט. אויך מיטן שפּייז־זאַפּאַס אין געטאָ איז געוואָרן אַלץ ערגער. דאָס געטאָ האָט אַליין געדאַרפט אויף אַן אומלעגאַלן אופן זיך איינשאַפן עסן, ווייל ווער האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר שפּייזן די געטאָ־איינוואוי־נער, אויב נישט די איינוואוינער גופא? די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן געהאַט אַ רעסטאָראַן מיט כל־טוב, וועלכער האָט זיך געפונען אויף לוואָווסקע 4. געניסן פון דעם רעסטאָראַן האָבן געקענט נאָר געסטאַפּאָ־לייט און זייערע משרתים.

אין די פאָלקס־קיכן ביים יודענראַט האָט מען אַרויסגעגעבן וואַסערדיקע זופּן, ווייל די שפּייז־צוטיילונגען פאַר די קיכן זענען געווען נישטיקע, און דער רוב געטאָ־בירגער האָט געדאַרפט אַליין זאָרגן ווי אַזוי זיך צו דערנערן. כל־זמן אין געטאָ האָבן געוואוינט סיי די אַרבעטנדיקע, סיי די נישט־אַרבעטנדיקע, איז עס נאָך געווען אַ מעגלעכע זאַך, ווייל די וואָס זענען אַוועק אויף אַרבעט אויסערן געטאָ, האָבן געקאָנט אַריינברענגען, הגם מיט שוועריקייטן און ריזיקע, געוויסע שפּייז־אַרטיקלען, איינגעקויפטע פאַר שווערע געלטער. איצט איז אָבער דער גאַנצער ענין באַשווערט און קאָמפּליצירט געוואָרן, ווייל ווען די הענקער גרונאָוו און ראָמעלמאַן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָבן זיי פאַרשטאַרקט די וואַך

ביי די געטאָ־טויערן און פאַראַרדנט דורכצופירן שטרענגע פערזענלעכע רעוויזיעס ביי די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט אין געטאָ. די געפונענע שפייז פלעגט קאָנפיסקירט ווערן, און בעת איינער אַזאַ רעוויזיע, האָט דער רוצח גרונאָוו דערשאָסן די פרוי פון פריזירער ביגעלאַייזן (געוואוינט אויף דער גאָלדהאַמער־גאַס), דערפאַר וואָס זי האָט געבראַנגט שפייז פאַרן געטאָ.

13.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט די געטאָ־באַפעלקערונג, אַן אויסגעהונגערטע און פאַרפייניקטע, דערוואַרט אַ ווייטערדיקע אַקציע. מען האָט געזוכט פאַרשידענע וועגן זיך אויסצובאַהאַלטן, אַנטלויפן פון דער אייגנאַרטיקער תפיסה. די מעגלעכ־קייטן דערפאַר זענען אָבער געווען זייער באַגרענעצטע. בלויז אַ קליין הייפל יונגע שומרים, וואָס האָט פון אַ לאַנגער צייט זיך געגרייט צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָבן באַשלאָסן טייער צו פאַרקויפן זייערע לעבנס. דער פריער דערמאָנטער יוסף בירקען דערציילט („מאַסטי", לאָדזש, אַפּריל 1947) אַ ביסל זכרונות וועגן די פרוּוון צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אין געטאָ טאַרנע. דער מחבר גיט איבער:

„נאָך דער ערשטער אויסזידלונג אין טאַרנע, איז יאָסעק ברודער אַוועק קיין לעמבערג, וואו ער האָט אויף אַרישע פּאַפּירן איינגעאָרדנט די משפחה פון זיין פרוי. מורא האָבנדיק פאַרן מאָביליזירן אים אין דער אַרמיי אויפן שטח פון געוועזענעם דיסטריקט „גאַליציע", האָט ער זיך אומגעקערט אין טאַרנער געטאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי גיזאַ גראָס, אויך אַ מיטגליד פון השומר הצעיר. אין דער צייט האָבן אַ ריי מיטגלידער פון השומר הצעיר אָנגעהויבן שאַפן אַ ווידערשטאַנד צענטער, צו וועלכן עס האָבן געהערט (אויסער יאָסעק ברודער מיט זיין פרוי): שיסלער מיט זיין שוועסטער, יחזקאל קריגער, קובטשע קופּערוואַסער, און אַ ריי אַנדערע פּערזאָנען. צווישן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט דער אָרדענונגס־מאַן (יידישער פּאָליציאַנט) שמואליק שפּרינגער, פּסעוודאָנים „זיבצענטל", און דער קאָמוניסט מלך בינענשטאָק. די איניציאַטיוו פון דער גרופּע איז געלעגן אין די הענט פון יאָסעק ברודער. אַלס געוועזענער ראש הגדוד, צו וועלכן עס האָבן געהערט י. ברודער און ר. שיסלער, ווי אויך אַלס געוועזענער מיטגליד פונעם הויפּט־ראַט אין לעמבערג, האָב איך געקאָנט פונעם צוטרוי פון דער גאַנצער גרופּע, הגם אָרגאַניזאַציאָנעל בין איך מיט איר געווען לויז פאַרבונדן אין דער ערשטער צייט, שטייענדיק אין קאָנטאַקט מיט פּוילישע גרופּן; נאָך דער צווייטער אויסזידלונג (סעפּטעמבער 1942) איז אונדזער צוזאַמענאַרבעט געוואָרן אַן ענגערע. כ'האָב דעם איינדרוק, אַז די בחורים, פאַרלירנדיק דעם קאָנטאַקט, וועלנטועל האָבנדיק שוועריקייטן אינעם קאָנטאַקטירן זיך מיט דער קראָקעווער גרופּע, איבערגעלאָזט אויף אייגענע כוחות, האָבן געזוכט אַ נענטערן אָנשפּאַר. די וויכטיקסטע אויפגאַבע, פאַרשטייט זיך, איז געווען צו באַקומען געווער. אונדז איז געלונגען זיך איינצושאַפן פיר פּיסטאָלעטן. דער אָרדענונגס־מאַן שמואליק שפּרינגער (דערשאָסן געוואָרן דורך אַ געסטאַפּאָוויעץ, ווייל ער האָט דורכן געטאָ־טויער אַדורכגעלאָזט אַ פּערזאָן,

וואָס איז נישט געווען באַרעכטיקט דערצו), האָט געווײנלעך, אײנעם פון אונדז אַרויסגעפירט פון געטאָ אויף דער אַרישער זײט אונטערן קאָנוואָי, און נאָכן נעמען דאָס געווער צוריקגעפירט אין געטאָ. ווען לנדיק האָבן אַ פאַרלײכטערטן קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זײט, האָב איך זיך באַמיט, מ'זאָל מיך צוטײלן צו דער צוואַנגס־אַרבעט אויף דער ראַמפּע אין מאָשטשיץ. דאָרט האָב איך פון פרײנט פּאָליאַקן באַקומען ראַדיאָ־ביולעטינען, אינפאָרמאַציעס וועגן די פּלענער פון די דײטשן, וועגן טערמינען פון אויסזידלונגען א.א.וו. נאָכן אומקערן זיך פון דער אַרבעט זענען אין מײן וואוינונג געקומען די בחורים".

מיר האָבן שוין דערמאָנט, ווי אין דער דאָזיקער וואוינונג האָט מען פאַבריצירט טויף־מעטריקעס אויף צו באַקומען אַרישע פּאַפּירן. אַנדערע פון דער גרופּע האָבן זיך פאַרנומען מיט דירעקטע אַקציעס אויסער טאָרנע.

„אין דער צײט — שרײבט ווײטער יוסף בירקען אין זײנע זכרונות, — האָט זיך אָפּגעטײלט פון אונדזער גרופּע יחזקאל קריגער, וועלכער האָט פאַר יעדן פּרײז געוואָלט איבערגײן צו אַ דירעקטער אַקציע. יחזקאל איז אַרויסגעפאָרן אויף מזרח, און אויף דער ליניע פּשעמישל—לעמבערג—סטרי האָט ער ליקווידירט דײטשן. צווישן אַנדערע האָט ער נעבן באַנהאָף אין פּשעמישל דערשאָסן צוויי זשאַנדאַרמען. בעת אַ שיסערײ אין סאַמבאָר איז ער אומגעקומען, ליקווידירנדיק אין אונטערשטן סך־הכל עטלעכע צענדליק דײטשן".

14.

דערווײל האָבן די היטלעריסטישע מערדער זיך געגרײט צו דער פּלאַנירטער אַקציע. עטלעכע טעג פאַרן 15־טן נאָוועמבער 1942, איז דערשינען אַ מעלדונג, אַז ייִדן וואָס באַהאַלטן זיך אויס איבער דערפער און שטעטלעך, קאָנען אָן אַ וועלכער ס'איז שטראָף זיך אומקערן אין באַשטימטע שטעט, בתנאי, אַז זײ וועלן קאָנען וואוינען נאָר אין געשלאָסענע קוואַרטאַלן, ד. ה. אין די געטאָס. צו די דאָזיקע שטעט איז אויך אַרײנגערעכנט געוואָרן טאָרנע. געווען איז דאָס אַ פּשוטע בידערטרעכטיקע לאַפּקע אויף די אומגליקלעכע ייִדן, וועלכע האָבן אויך דאָסמאָל געגלויבט די דײטשע הבטחות, אין גרויסע צאָלן פאַרלאָזט זײערע באַהעלטענישן אין די דערפער און קלײנע שטעטלעך, כדי פרײוויליק זיך צו לאָזן פאַרמאַכן אין דער ייִדישער תפיסה וואָס האָט געהײסן געטאָ.

דעם 15־טן נאָוועמבער 1942, ווען אַלע אַרבעטנדיקע זענען אַוועק אויף זײערע אַרבעטס־פּלעצער, איז דאָס גאַנצע געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער „גראַנאַטענער" (פּוילישער) פּאָליצײ, און אַ גרופּע געסטאַפּאָ־לײט זענען אַרײַן אין געטאָ .עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעך כאַפּן מענטשן, און די וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן, זענען גלײך אַרײנגעפאַלן אין די רוצחישע הענט. די געפאַנגענע ייִדן זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן באַנהאָף, וואו עס האָט זיך געגרײט אַ פרישער טראַנספּאָרט קײן בעלזשעץ. אַזוי ווי אַ גרויסער טײל נישט אַרבעטנדיקע געטאָ־אײנוואוינער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און

אין קעלערס, האָט די דייטשן אויסגעפּעלט יידן צום קאָנטיגענט וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו דער שחיטה. די געסטאַפּאָ־תלינים זענען דעריבער אַוועק אויף אַ טייל אַרבעטס־פּלעצער, צוגענומען פון דאָרט די אַרבעטער און זיי גלייך געטריבן אויפן וואָקזאַל. אַ טייל אַרבעטס־ערטער זענען דעמאָלט איינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן, אויף אַנדערע האָט מען בלויז אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע. יענעם טאָג זענען קיין בעלזשעץ אַרויסגעפירט געוואָרן 2.500 יידן. די דאָזיקע צאָל איז ווידער אָפּגעקומען פון טאָרנער געטאָ, כדי אומצוקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט אין דער בעלזשעצער מאָרד־פאַבריק.

די דריטע אויסזידלונגס־אַקציע איז דער עיקר געווען געריכטעט קעגן די נישט־אַרבעטנדיקע, אַלטע לייט און זקנים. אויך דאָסמאָל איז דעם דייטשן רוצח נישט געלונגען פולקאָם אומצוברענגען די קינדער, זקנים און נישט־אַרבעטנדיקע. אַ קליין הייפל פון זיי האָט זיך פאַרלויפיק אָפּגעראַטעוועט אַ דאַנק די נישט־אַנטדעקטע בונקערס, אַ צווייטער טייל האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַרישע פאַפּירן, און געווען אויך אַזעלכע וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פונעם טראַנספּאָרט, ווען דער טויטן־צוג האָט זיי געפירט קיין בעלזשעץ. איינצלנע פון זיי האָבן זיך אומגעקערט אין געטאָ טאָרנע צו זייערע פאַרבליבענע קרובים. געטרויפטע .און פאַרפאָלגטע, האָבן זיי אינערגעץ נישט געקאָנט געפינען אַ מקום מקלט. אמת, אין געטאָ האָבן זיי געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ — אָבער אויף ווי לאַנג? דער געטאָ־קאָמענדאַנט בלאַכע, דער סאַטראַפּישער אָבערשאַרפירער, האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די 10.000 יידן וואָס זענען פאַרבליבן אין טאָרנער געטאָ, זאָלן נישט האָבן קיין איין רואיקע מינוט. זיין טאָכטער, אַ חיה אין מענטשלעך געשטאַלט, האָט זיך באַרימט, אַז „דער פירער אַליין האָט איר פאַפּאַ געשאָנקען 8.000 יידן”.

צוזאָמענגעס נאָך דער דריטער אַקציע, האָט בלאַכע באַפוילן צו צעטיילן דאָס געטאָ אויף צוויי טיילן: געטאָ א׳ און געטאָ ב׳. אינעם ערשטן טייל זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַלע זקנים, קראַנקע, קינדער און די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטן אַרבעטס־פּלאַץ. אינעם צווייטן געטאָ האָבן געמוזט וואוינען אַלע אַרבעטנדיקע. ווער עס האָט נאָר געקאָנט, האָט זיך געריסן צו דער אַרבעט. עס האָבן ווידער אויפגעטויכט אילוזיעס, אַז אַרבעט קאָן ראַטעווען פון טויט. אין געטאָ גופא זענען געשאַפן געוואָרן פרישע אַרבעטס־פּלעצער, אַבי זיך אַריינצובאַקומען אין געטאָ ב׳.

ביידע געטאָ־טיילן זענען אָפּגעטיילט געוואָרן מיט אַ פאַרצוימונג. דאָס אַריבערגיין פון איין געטאָ אין צווייטן, איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. דער ציל פון אַזאַ פאַראָרדענונג איז געווען אַ קלאָרער. קיינער האָט שוין נישט געצווייפלט אין דעם, אַז די פון געטאָ א׳ זענען פאַראורטיילטע, וואָס אויב זיי וועלן נישט אומקומען פון הונגער, וועלן זיי פריער צי שפּעטער אַרויסגעפירט ווערן קיין בעלזשעץ, צי אין אַן אַנדערן פאַרניכטונגס־לאַגער. און ווירקלעך — אין געטאָ א׳ האָט געהערשט אַ מוראדיקער הונגער. נאָר אַ דאַנק דער געהיימער הילף פונעם געטאָ ב׳ האָבן זיי זיך געקאָנט צוביסלעך דערנערן. אין געטאָ ב׳ איז געווען אַ קיך, אויסגעהאַלטן דורך די אַרבעטנדיקע גופא. זיי האָבן אַהין אַוועקגעגעבן אַ דריטל פון די שפּייזצוטיילונגען וואָס זיי פלעגן באַקומען אַלס אַרבעטנדיקע. אַזוי ווי די דאָזיקע קיך

האָט זיך געפונען אויפן גרענעץ פון ביידע געטאָס, איז מעגלעך געווען אַרויס־צוגעבן אַ צאָל מיטאָגן די אומגליקלעכע פון געטאָ א׳. אויסער דעם האָבן זיך געפונען אַזעלכע אידעלע און טרייע יידן, ווי העניריק האַלענדער, וואָלף וועקסלער, ישראל גלאַצנער און אַנדערע, וואָס פלעגן טראָגן הילף די הונגעריקע דורך זאַמלען געלט־סומען ביי די בעסער־סיטואירטע אַרבעטנדיקע יידן לטובת זייערע ברידער פון שכנותדיקן געטאָ.

די צאָל יידן אין געטאָ טאַרנע איז געשטיגן צוליבן איבערפירן דאָרט די פאַר־בליבענע יידן פון געטאָ נייסאַנדז, וואָס איז ליקווידירט געוואָרן סוף 1942 יאָר. אַלע געטאָס אין טאַרנער סביבה זענען ליקווידירט געוואָרן, און די רעשטלעך יידן זענען איבערגעשיקט געוואָרן קיין טאַרנע. אַזוי זענען אין טאַרנער געטאָ אָנגעקומען יידן פון בריגל און זשענדזשין.

אין משך פון די וויטערדיקע חדשים זענען נישט געווען קיין מאַסן־אַקציעס. אַזוי איז די ערשטע העלפט פון 1943 יאָר אַדורך אָן אַ גרעסערער אויסזידלונג־אַקציע, נישט געווען קיין מאַסן־שחיטות, אָבער דערפאַר איז נישט געווען קיין טאָג אָן אַ שנעל־עקזעקוציע, דורכגעפירט אויף איינצלנע צי עטלעכע יידן. עס איז געגנגן געווען דער מינדעסטער אויסרייד, די כלומרשטע קלענסטע פאַרשול־דיקונג, כדי צו באַקומען אַ קויל אין קאָפ פון הינטן. איינמאָל האָט ראַמעלמאַן קאָנט־ראָלירט, צי אין געטאָ פאַר אַרבעטנדיקע האָבן זיך נישט אַריינבאַקומען קינדער אָדער זקנים פון געטאָ א׳. ער האָט אָנגעטראָפן אויף 4 פרויען נישט־אַרבעטנדיקע: לאַנדמאַן, מילער, יאַקובאָוויטש און זשעליבאָרסקאַ (די לעצטע פון וואָלאָצלאַוועק). דער בלוטיקער תליין האָט אַלע פיר פרויען דערשאָסן אויפן אָרט. ווי איז געווען דעם, וועלכער האָט זיך נישט צוגעשטעלט אויפן אַרבעטס־פלאַץ. איין שטראָף האָט דעמאָלט געגאָלטן, באַלדיקע דערשיסונג.

צו אַזעלכע איינצלנע עקזעקוציעס, צו רויב און גזילה, האָבן יידן אין טאַרנע געהאַט זיך צוגעוואוינט. וואָלט נאָר געבליבן ביי דעם. ווייל אַלע האָבן געפיבערט אין געדאַנק: ווען וועט פאַרקומען נאָך אַן אויסזידלונג? מיט פחד און צעבראָכענע הערצער זענען יידן געגאַנגען צו דער אַרבעט, בעטנדיק שטיל און מיט טרערן, ווייל וויינען און מתפלל זיין האָט מען אויך נישט געטאָרט.

בלויז אַ גרופע יונגע מיטגלידער פון השומר הצעיר האָבן זיך נישט אונטער־געגעבן און געגרייט זיך צו נקמה, צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד: שמואליק שפּרינגער, ריוועק שיסלער און מאַניעק עקסטערמאַן. זיי האָבן געזאַמלט געווער, איינגעקויפט פאַר געלט וואָס ס׳האָבן געגעבן אין געטאָ פאַרטרויאונגספולע מענטשן. עס איז אפילו רייף געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ יידישע אונטערערד מיט אַן אייגענער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. צו דער גרופע יונגעלייט וואָס האָבן זיך געוואָלט פאַרמעסטן מיטן בלוטדורשטיקן שונא, האָבן געהערט נאָך די ברידער שטראוס, וועלכע זענען בעת דער וויטערדיקער אויסזידלונג אין אָקטאָבער 1943 יאָר, אַנט־לאָפן פון געטאָ, נאָר אויפן וועג אומגעקומען, און סאַמעק שמידט, וועלכער האָט בעת דער דריטער אויסזידלונג, על פי טעות זיך לעגיטימירט מיט אַן אַרישער קענקאַרטע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך און איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן דורכן דייטש.

וועגן די אויפטועו פון דער שומרישער גרופּע אין טאַרנער געטאָ שרייבט דער שוין דערמאָנטער יוסף בירקען אין „מאָסטי“ (נומ׳ 4, דעצעמבער 1947, לאָדזש):

„דערווייל האָט די שומרישע גרופּע אין געטאָ זיך קאָנסאָלידירט. אַלס רעזערוו־אָפיציר האָב איך געלערנט די בחורים ווי אַזוי באַנוצן געווער און קאָנ־סערווירן עס. אין דעצעמבער 1942, אַ דעקאָנספּירירטער אויפן אַרבעטס־פּלאַץ און אַ געזוכטער דורך דער געסטאַפּאָ, האָב איך פאַרלאָזט דאָס געטאָ. פון דער אַרישער זייט האָב איך אַ דאַנק דער פאַרבינדלערין קאַטאַזשינאַ ה. און יאַסעק קאַך, אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער גרופּע. אין דער צייט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון יאַסעק ברודער, וואו ער טיילט מיר מיט, אַז ער האָט באַקומען 3 קילאָ „מאַקאַראָן“, וואָס האָט געמיינט 3 פּיסטאָלעטן, איינגעקויפטע ביי איטאַליענישע זעלנער. אין סעפּטעמבער 1943, דערוויסנדיק זיך, אַז די „גראַ־נאַטענע“ פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל זיך צו קאָנצענטרירן אין דער געגנט פון שטאָט, האָב איך אַלאַרמירט וועגן דעם די גרופּע. אינעם בריוו צו די בחורים האָב איך זיי געבעטן נישט צו פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט אין אַנטשיידנדיקן מאָמענט און נישט לאָזן זיך צעשפּרייטן. לויטן פּלאַן, האָב איך אין משך פון פינף אָונטן געדאַרפט וואַרטן אויף אַן אָפּגערעדטן פּונקט אויף די בחורים, כדי צוזאַמען צו פּרוּוון זיך דורכרייסן קיין אונגאַרן. עס איז געקומען דער טאָג פון ליקווידירן דאָס טאַרנער געטאָ. אויפן אָפּגערעדטן אָרט איז קיינער נישט געקומען. אינעם דריטן טאָג פון דער אַקציע האָב איך מיט דער הילף פון דער פאַרבינדלערין באַקומען אַ בריוול פון מלך ב. מיט בערך אַזאַ אינהאַלט: „מיר זענען צעשיידט, גיזאַ מיטן קינד לעבן, איך בין ביי אַ באַקאַנטן אין שטאָט. ראַטעוועט“. כ׳האָב זיך גלייך פאַרבונדן מיט מאַטעק קורץ, מיטאַרבעטער אין ר. פּ. זש. אין קראָקע, וועלכער איז צו־מאָרגנס געקומען מיט „פּאַפּירן“ נאָך מלך׳ן, נאָר ער האָט אים נישט געטראָפן אין דעם באַהעלטעניש. פונעם בעל־הבית פון דעם באַהעלטעניש האָט ער זיך דער־וואוסט, אַז מלך איז אַוועק אין דאָרף זיך אויסבאַהאַלטן (וואו, אגב, ער איז אומגע־קומען). וועגן דער גרופּע האָב איך זיך דערוואוסט ערשט אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, אַז זי האָט איבערגעוואַרט די אַקציע און אַ וואָך אַרום אַוועק אין די וועלדער און דאָרט אומגעקומען“.

„שוין נאָך דער באַפרייאונג — דערציילט י. בירקען — האָב איך געטראָפן ק. קופּערוואַסער, דעם איינציקן פון דער גרופּע וואָס האָט איבערגעלעבט. ער האָט מיר דערציילט וועגן גורל פון דער טאַרנע שומרישער גרופּע. אונטער דער אָנפירונג פון יאַסעק ברודער האָבן זיי פאַלאָזט דאָס געטאָ און אַוועק אין דער ריכטונג פון דער אונגאַרישער גרענעץ. אויפן דריטן טאָג האָט די גרופּע געהאַט זיך דערווייטערט פון טאַרנע קוים אויף 20 קילאָמעטער דרומדיק פון דער שטאָט, אין וואַלד אונטער טוכאָוו. אינאָוונט האָט מען אויפגעשטעלט אַ געצעלט אין וואַלד, און נישט זייענדיק פאָרזיכטיק, האָט מען אָנגעצונדן אַ פייער און ווי אין די אַלטע גוטע צייטן, געזונגען לידער אין דער שפּעטער נאַכט. דערנאָך זענען אַלע געגאַנגען שלאָפן, איבערלאָזנדיק אויף דער וואַך אַ יונג יינגל. אַזוי ווי עס האָט אָנגעהויבן רעגענען, האָט דער וועכטער זיך באַהאַלטן אין געצעלט, און מן־הסתמא איינגע־שלאָפן. באַגינען איז די גרופּע אויף אַן אומגעריכטן אופן אַרומגערינגלט געוואָרן

דורך אַן אָפּטיילונג „ס.ס.״־לייט, וועלכע האָט אָן אַ פריערדיקער אויפאָדערונג, געעפנט אַ פייער אויפן געצעלט. אַלע בחורים זענען דאָרט אומגעקומען, מיטן אויסנאַם פון דריי, וואָס האָבן באַנוצט געווער און דורכגעריסן די ס.ס.־ישע אַרומרינגלונג. צוויי פון זיי, פאַרוואונדעטע, האָבן זיך דערשלעפּט ביז אונטער טאַרנע, וואו שיסנדיק און פאַרוואונדנדיק עטלעכע דייטשן, זענען זיי אומגעקומען. בלויז קופּערוואַסערן איז געלונגען צוריק אַריינצוקומען אין טאַרנער געטאָ. די גרופּע איז פאַרראַטן געוואָרן דורכן וואַלד־אויפזעער, וועלכער האָט צוויסן געגעבן די דייטשן וועגן אויפהאַלטן זיך פון יידישע פאַרטיזאַנער אין וואַלד״.

אַזוי זענען מיט אַ העלדישן טויט אומגעקומען יונגע שומרים פון טאַרנע. שטאָלצע און מוטיקע בחורים, באַוואָפנט בלויז מיט רעוואָלווערן, האָבן זיי געוואָלט מיטרייסן דאָס טאַרנער געטאָ צום אומגליקלעכן קאַמף מיטן באַוואָפנטן און פאַרהאַסטן שונא. נאָר נישט לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה, טויטן וואָס מערער דייטשן פאַרן אומקום. צו פרי האָט זיי געטראָפן די לעצטע אויסזידלונגס־אַקציע. זיי זענען נאָך נישט געווען אויף אַזויפיל באַוואָפנט צו קאָנען אויפנעמען אַ וועלכן עס איז איז אָפענעם קאַמף. אָבער אַפילו דעמאָלט ווען זיי האָבן זיך דורכגעריסן דורכן אַרומגערינגלטן געטאָ און אויפגעשטעלט געצעלטן אין וואַלד, האָבן זיי נישט געטראַכט וועגן דער דראָענדיקער געפאַר. פאַרשיכורטע פון דער באַקומענער פרייהייט, האָבן זיי ביינאַכט געזונגען שומרישע לידער. זיי זענען נישט אומגעקומען דערשטיקטע אין די וואַגאָנען פאַר בהמות, נישט דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ אויפן גאַס, און נישט פאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס. פאַרן איינשלאָפן האָבן זיי געזונגען שומרישע לידער, נישט פאַרפילנדיק, אַז דאָס איז זייער לעצט געזאַנג. און די דריי בחורים וואָס האָבן זיך דורכגעריסן, האָבן נישט געווינט צי געבעטן, מ׳זאָל זיי שענקען דאָס לעבן, נאָר ביזן לעצטן אָטעם־צוג געשאָסן צו דייטשן, פאַרוואונדעט זיי און אומגעקומען ווי אמתע העלדן.
כבוד און רום די אומגעקומענע טאַרנער יידישע קעמפער!

16.

אין געטאָ איז די נויט אַלץ גרעסער געוואָרן, פאַר ברויט האָט מען געגעבן וואַליוטע און צירונג, הגם די וואָס האָבן עס געהאַט, זענען געוואָרן אַלץ ווינציקער. די אַרבעטנדיקע האָבן ווי עס איז געהאָלפן די הונגעריקע אין געטאָ א׳. הערנדיק האָלענדער, וואָלף וועקסלער, ישראל גלאַצנער און נאָך עטלעכע יידן זענען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער הילפס־אַרבעט פאַר די אָרעמסטע. אויף פסח 1943 יאָר, האָבן די אַרבעטנדיקע באַקומען צוגעטיילט קאַרטאָפל און בוראַקעס, און זיי האָבן דאָס אַלץ אָוועקגעגעבן די דריי אויבנדערמאָנטע יידן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט העלפן אַנדערע. די מעגלעכקייטן פון הילף זענען אָבער געווען זייער באַגרעניצטע. די געציילטע וואָס האָבן נאָך נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט און אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, פרווונדיק ראַטעווען אין געטאָ וואָס עס וועט זיך לאָזן, פלעגן אויך אַריינפאַלן אין ספקות און אוממעכטיקייט, צוליב דער האָפענונגסלאָזער

לאַגע אַרויסצובאַקומען די מינימאַלסטע מיטלען פאַר הילף. דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט, ווייל יעדן טאָג האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון די הונגער־ליידנדיקע.

די איינגעקלעמטע אין געטאָ יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון דערפון, אַז זיי זענען פאַרמשפּטע, אַז זיי וואַרטן אין דער ריי אָוועקגעלייגט צו ווערן אין די מאַסן־קברים. נישט קיין וואונדער, וואָס ביי אַזאַ גייסטיקער דעפּרעסיע זענען געווען פיל פאַלן פון זעלבסמאָרד. זיי זענען נאָך געהאַט פאָרגעקומען פריער, בעת דער צווייטער אַקציע. צוו. אַנד. האָט דעמאָלט זיך גענומען דאָס לעבן די פרוי אַנטאָנינאַ עדעלשטיין, אַ שטילע איידעל געזעלשאַפטלעכע טוערין, וועלכע איז אין משך פון פיל יאָרן געווען טעטיק אין דער פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט „בית לחם״. אויך איר טאָכטער ד״ר בערטאַ עדעלשטיין, איז באַגאַנגען זעלבסמאָרד.

בעת דער דריטער אויסזידלונגס־אַקציע האָבן זיך דאָס לעבן גענומען: פרוי גרין, אַקטיווע וויצאָ־טוערין; פרוי שיף, וועלכע האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם אומקום פון איר מאַן נאָך בעת דער ערשטער אויסזידלונג. די וואָס האָבן נישט געהאַט מער קיין כוח און מעגלעכקייטן צום לעבן, זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. און אַזעלכע זענען געווען אַ סך...

17.

אין דער העלפט אויגוסט 1943 יאָר איז קיין טאַרנע געקומען צו פאָרן דער בלוטיקער תליין אַמאָן געט, האַופּטשטורמפירער פון ס.ס. אים איז עס איבערגעגעבן געוואָרן צו ליקווידירן די געטאָס אין טאַרנע, באָכניע, פשעמישל און ריישע. זיין באַווייזן זיך אין געטאָ איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער שחיטה, אַ פרישע אויסזידלונג, הגם אין אָנהויב האָט מען זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן וואָס אייגנטלעך פאַר אַ ראָל עס שפּילט אַמאָן געט. דערדאָזיקער הויך־וואוקסיקער דיקער מערדער, פלעגט אַרומשפּאַצירן איבערן געטאָ. וואַרשיינלעך האָט ער אויסגעאַרבעט אַ גענויעם פּלאַן ווי אַזוי אומצוברענגען דאָס געטאָ מיט דער הילף פון די שוואַרץ־מונדירטע אוקראַינער, לעטישע פאַשיסטן, ס. ס.־לייט און אַנדערע אויסוואורפן וואָס האָבן נישט געפעלט אין טאַרנע גופא.

אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ טומל, אַ צערודערונג. מ׳האָט אויף שנעל אָנגעהויבן בויען בונקערס, יעטוועדער פאַרבאָרגן אָרט איז אויסגענוצט געוואָרן אויף אַ באַהעלטעניש — אויף ביידעמער, קעלערס, קוימענס. מיט ציטער האָט מען דערוואַרט דעם אָנקומענדיקן שטורעם. אָבער דער בלוטדורשטיקער געט האָט זיך נישט פאַרראַטן מיט זיינע פּלענער. דאָסמאָל האָט די פאַרניכטונג פון געטאָ געדאַרפט זיין אַ פולקאָמע און ענדגילטיקע. דעריבער האָט ער זיך באַמיט אַרייצופירן אין צעטומלונג די יידישע באַפעלקערונג מיט באַרואיקן און דערציילן, אַז מען דאַרף די יידן אַריבערפירן בלויז אין אַן אַרבעטס־לאַגער. אַזוי אַרום האָט ער געוואָלט באַקומען צוטרוי מצד די יידן צו זיינע צוגעטראַכטע מעשיות, כדי לייכטער דורכצופירן די בלוטיקע אַקציע. דער תליין האָט זיך געגרייט צו דער שחיטה פּלאַנמעסיק, סיסטעמאַטיש און געזאָרגט דערפאַר, אַז קיינער זאָל פון געטאָ נישט אַוועקקומען.

ווידער אַ דאָנערשטיק. דעם צווייטן סעפּטעמבער 1943 יאָר, גאַנץ פרי, האָט דייטשיש מיליטער און לעטישע פאַשיסטן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, באַשטעלט עס מיט מאַשינגעווער. עס זענען באַזייטיקט געוואָרן די פאַרצוימונגען וואָס האָבן צעטיילט דאָס געטאָ אויף צוויי טיילן — א׳ און ב׳. יידישע פּאָליציאַנטן זענען אַרומגעגאַנגען איבער די שטובן און געמאָלדן, אַז אַלע יידן ווערן איבערגעטראָגן אינעם פלאַשאָווער לאַגער. דעריבער דאַרף מען איינפּאַקן די וויכטיקסטע זאַכן און גרייטן זיך צום אָפּפאָר. די מער דרייסטערע געטאָ־איינוואוינער זענען אַוועק אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ, וואו עס האָט זיך געפונען די קאָמענדע פון דער יידישער פּאָליציי,כדי צו באַקומען דאָרט מערער פּרטים. אַרום 7 אינדערפרי איז אויפן פּלאַץ געקומען צו פאָרן אַמאָן געט אַליין. דאָסמאָל איז ער געווען אַ צוגעלאָזענער אין מילדער. ער האָט דערלויבט די יידן וואָס האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמלט, צו פרעגן וואו זיי ווערן איבערגעפירט. ער האָט אַלעמען געענטפערט מיט אַ באַרואיקונג, אַז זיי פאָרן אין פלאַשאָווער לאַגער און זיי דאַרפן מיט זיך מיטנעמען אַלע ווערט־פולע זאַכן, באַזונדערס אָנטאָן און צירונג, ווייל דאָס וועט דאָך צונוץ קומען אין לאַגער. געט איז געווען נישט נאָר אַ מערדער און הענקער, נאָך אַ פּשוטער שווינדלער און גנב, וועלכער האָט אין די געטאָס צוגענומען פאַר זיך קאָסטבאַרע חפצים. דערפאַר איז ער אין סעפּטעמבער 1944 אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, ווייל מיטן אָנגערויבטן יידישן פאַרמעגן האָט ער זיך נישט געטיילט ווי ס׳דאַרף צו זיין מיט אַנדערע דייטשע רוצחים. איצט איז ער געשטאַנען אין טאָרנער געטאָ,



דאָס הויז אויפן „מאַגדעבורגער״־פּלאַץ, וואו עס האָט זיך געפונען די קאָמענדע פון דער יידישער פּאָליציי.

איינגערעדט זיינע קרבנות מיטצונעמען מיט זיך צירונג און ווערטפולע זאַכן. ער האָט געוואָלט אי מאָרדן, אי ירשנען.

די נישט־אַרבעטנדיקע יידן פון געטאָ א׳ האָבן אין זייער גרעסטער מערהייט באַשלאָסן דאָסמאָל נישט צו לאָזן זיך פאַרנאַרן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן, פאַשטעקט זיך אין דער ערד, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. דאָס איז געווען זייער איינציקע האָפענונג פאַרלויפיק צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. די נישט־אַרבעטנדיקע האָבן נישט געהאַט דעם מינדעסטן צוטרוי צו געט׳ס פאַרזיכערונגען. מאַסנווייז האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין פריער צוגעגרייטע בונקערס. ווער עס האָט נישט געהאַט אַ באַהעלטעניש פון פריער איז פאַרשוואונדן אין די שטאָטישע קאַנאַלן.

ווייזט אויס, אַז די דייטשן האָבן פאָרט מורא געהאַט פאַר אַ ווידערשטאַנד. יענעם טאָג האָט מען אויפן מאַגדעבורגער פלאַץ געהאַט צונויפגעזאַמלט איבער 10.000 יידן, כמעט אַלע איינוואוינער פון געטאָ טאָרנע. ווי עס גיט איבער אַ געוויסער בערעק פיגאַ, וועלכער איז אַלס עדות אַרויסגעטרעטן אינעם פּראָצעס קעגן אַמאָן געט, איז דער פלאַץ וואָלנאָשטשי דעמאָלט געווען גוט באַפעסטיקט און אַרומגעשטעלט מיט האַרמאַטן און שווער מאַשינגעווער. די דייטשן און לעטן זענען געווען באַוואָפנט פון קאָפ ביז פיס.

די ערשטע האָט פון געטאָ אַרויסמאַרשירט צום פלאַץ וואָלנאָשטשי די גרופע שוואַרצאַרבעטער, באַשעפטיקטע אין מאָשטשיץ, דערנאָך אַנדערע גרופן פון די פירמעס: אָסטבאַן, מאַדריטש און אַנד. דער רוצח אַמאָן געט האָט אַליין אַכטונג געגעבן, אַז די מענטשן זאָלן זיך אויסשטעלן לויט די אַרבעטס־וואַרשטאַטן מיט אַ שילד פון יעדער פירמע באַזונדער, צו פינף, פיר און דריי אין אַ ריי. יאָ, דער דייטש האָט ליב אָרדענונג. אפילו דאָס שיקן צום טויט דאַרף צוגיין מיט אַ סדר, לויט אַ פלאַן און סיסטעם. פאַר געט׳ן האָבן אין מיליטערישער אָרדענונג פאַרביימאַרשירט די גרופן אַרבעטנדיקע, אַרויסגעשטעלט די ברוסטקאַסטנס, כדי באַווייזן פאַרן תליין זייער אַרבעטס־פעאיקייט און גוטע פיזישע קאָנדיציע. עס איז פאָרגעקומען די סעלעקציע. עס איז גענוג געווען אַ ריר מיטן פינגער, אַ סעקונדע האָט אַנטשידן צי די פערזאָן דאַרף בלייבן לעבן, צי גיין אין טראַנספּאָרט וואָס האָט דאָסמאָל געדאַרפט אַוועקגעפירט ווערן קיין אוישוויץ. איצט איז קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס מען האָט די אַרבעטנדיקע יאָ דערלויבט מיטנעמען מיט זיך זייערע קינדער. ווייל אַלע אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן געהאַט מיט זיך קינדער, האָט מען איבערגעוואָרפן אין דער צווייטער גרופע — נישט אַרבעטנדיקע. ווען די אַרבעטנדיקע האָבן זיך געכאַפּט וואָס דאָס מיינט, האָבן אַ טייל פון זיי זיך באַמיט צו באַהאַלטן זייערע קינדער אין פלעצאַקעס, טשעמאָדאַנען, פעקלעך. אויף פאַרשידענע אופנים האָט מען זיי געוואָלט דורכשמוגלען.

די סעלעקציע האָט געדויערט אַ גאַנצן דאָנערשטיק. פון די אַרבעטנדיקע האָט געט אויסגעקליבן 300 געזונטע, גוט־געבויטע יונגע מענטשן — 200 מענער, 100 פרויען, פאַר דער „זויבערונגס־קאָלאָנע״, צו אַרבעטן אינעם ליקווידירטן געטאָ. ביי אַ 3.000 יידן האָט געט אָפּגעזונדערט אויף אַוועקצושיקן אינעם אַרבעטס־ און טויטנלאַגער פלאַשאָוו. די איבעריקע — אין אַ צאָל פון בערך 8.000, זענען באַשטימט געוואָרן פאַר די קרעמאַטאָריומס אין אוישוויץ.

ווידער האָט מען טויזנטער יידן געטריבן צו דער טאַרנער באַן־סטאַציע. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געפירט די טראַנספּאָרטן מיט אויטאָס, און די בייטשן און ביקסן־קאָלבעס האָבן זיך אומאויפהערלעך אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ פון די אומגליקלעכע. דער בלוטדורשטיקער געט האָט זיך איצט געפילט אין זיין ראָל, אין זיין סטיכיע. געהאָלפן אים האָבן די שיכורע ס.ס.־לייט, די שוואַרצע אוקראַינער און די לעטישע פאַשיסטן. וועגן געטס פאַרווילדערונג ווערט דערציילט אַזאַ פאַל: אויפ׳ן פּלאַץ וואָלנאָשטשי איז צו אים צוגעגאַנגען דע כלה פונעם קירזשנער באַטיסט, איינער פון די „גליקליכע״ וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער „זויבערונגס־קאָלאָנע״, און געבעטן דערלויבן איר בלייבן מיטן חתן. געט האָט אָפּגעזאָגט. ווען זי האָט איר ביטע איבערחזרט נאָכאַמאָל, האָט זי אָנשטאָט אַן ענטפער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ פון הינטן.

דער עדות מענדעל באַלזאַם, אַ שניידער, וועלכער איז געשטאַנען צווישן דער גרופּע שניידער בעתן אַדורכפירן די סעלעקציע דורך געטן אין טאַרנער געטאָ, האָט אויפן פּראָצעס קעגן דעם דאָזיקן מענטשן־מערדער אין קראָקע, פאַרגעקומען אין סעפּטעמבער 1946, דערציילט פאַרן געריכט:

„כ׳בין געשטאַנען ביי די שניידער אין דער ערשטער ריי. געט איז צוגעקומען און געפרעגט זיך צי איך בין אַ פאַרמלחמהדיקער שניידער. איך ענטפער: יאָ! זאָגט געט: גוט! לעבן מיר איז געשטאַנען מיין חבר שפּילער. געט האָט אים געפרעגט דאָס אייגענע, נאָר ער איז געווען פיל יינגער. ער האָט אים גענומען פאַרן האַנט, צוגעפירט צום פּלויט און אויסגעשאָסן. שפּילער האָט זיך איבער־געשראָקן, אומגעפאַלן, נאָר אים איז גאָרנישט געשען. געט האָט געלאַכט צו זיינע קאָלעגן און אַוועקגעגאַנגען. דערנאָך האָב איך געזען, ווי געט האָט באַפוילן אַ פרוי צו גיין פאָראויס. זי האָט נישט געוואוסט וואו צו גיין, האָט ער אַרויסגעצויגן דעם פּיסטאָלעט און זי דערשאָסן אויפן אָרט״.

דערווייל האָבן די דייטשן און לעטן פאַרענדיקט די פאַרניכטונגס־אַרבעט אין געטאָ טאַרנע. מיט שפּיר־הינט זענען זיי אַרומגעלאָפן איבער די געטאָ־געסלעך און געזוכט בונקערס און באַהעלטענישן. אין די רוצחישע הענט זענען אַריינגעפאַלן הונדערטער יידן פון די באַהעלטנישן, און אויב זיי זענען נישט דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, האָט מען זיי גלייך געטריבן אויף דער באַן־סטאַציע. די וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קאַנאַלן, האָבן זיך אַליין פאַרראַטן. נישט קאָנענדיק פאַר־טראָגן דעם געשטאַנק און די פאַרסמטע לופט, האָבן זיי געפרעגט פאַרבייגייער צי עס איז שוין נאָך דער אויסזידלונג. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז עס לויערן אויף זיי דייטשע זעלנער. מען האָט די מיינסטע אַרויסגעשלעפּט פון די קאַנאַלן, פיל פון זיי האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט, די איבעריקע — אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען פאַר בהמות אויפן לעצטן וועג קיין אוישוויץ. הונדערטער טויטע זענען איצט געלעגן אין טאַרנער געטאָ, ווידער איז בלוט גערונען טייכנווייז.

אַן ערך 8.000 מענטשן, באַשטימטע פאַר די אוישוויצער גאַזאויוונס, האָט מען געיאָגט אויף דער באַן־סטאַציע. עס זענען שוין דאָרט געשטאַנען גרייט די פראַכט־וואַגאָנען, וואו מען האָט אַריינגעשטופּט צו 170 מענטשן, בעת פּלאַץ איז נאָר געווען פאַר 40. נאָך אויף דער סטאַציע גופא זענען געפאַלן מענטשן, צונויפגעדרענגטע,

געשלאָגענע, געשטיקט זיך אין די ענגע אויסגעקאַלכטע וואַגאָנעס. אויפן אויבנדערמאָנטן פּראָצעס קעגן געט׳ן האָט פעסטגעשטעלט ד״ר הענריק פאַבער, אַז דער דאָזיקער צוג וואָס האָט געפירט אַן ערך 8.000 יידן, און איז אויפן וועג פאַרגרעסערט געוואָרן מיט אַ נאָך 2.000 יידן פון באָכניער געטאָ, איז אָנגעקומען קיין אוישוויץ מיט מערער טויטע ווי לעבעדיקע. דער עדות, אַ דאָקטאָר אין אוישוויץ, האָט געדאַרפט אָפּנעמען דעם טראַנספּאָרט. דערזעענדיק די גרויסע צאָל טויטע וואָס זענען אַרויסגעפאַלן פון די וואַגאָנען, האָט ער אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און אַוועק. לויט די דערקלערונגען פון ד״ר פאַבער, האָט פון דעם טראַנספּאָרט זיך אָפּגעראַטעוועט איין מענטש, אַ געוויסער ווילהעלם שטערן, וועלכער איז אויפן וועג געשפּרונגען פון וואַגאָן דורכן פענסטער.

אין באַזונדערע וואַגאָנעס האָט מען אויפגעלאָדנט די, וועלכע האָבן געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן אין פּלאַשאָווער לאַגער. מיט זיי איז מען זיך אויף אַזויפיל „מילדער״ באַגאַנגען, וואָס אין יעדן וואַגאָן זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן בלויז 95 מאַן. די איבעריקע, וואָס די וואַגאָנעס האָבן זיי נישט געקאָנט אויפנעמען, זענען אַ גאַנצע נאַכט פאַרבליבן אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ. ערשט פרייטיק איבדערפרי האָט מען זיי אַלע אָפּגעפירט אויף דער באַן־סטאַנציע. מען האָט זיי נישט דערלויבט מיטנעמען מיט זיך זייערע קינדער. נאָך בעת דער סעלעקציע, האָט געט אַרויסגענומען פון דער ריי אַלע אַרבעטנדיקע וואָס האָבן געהאַט ביי זיך קינדער. די פאַרצווייפלטע מאַמעס, די אומגליקלעכע טאַטעס, האָבן זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן זייערע עופהלעך אין די פּעק, רוקזעק, טשעמאָדאַנעס — ווער האָט דען געוואָלט זיך שיידן מיטן טייערסטן? דאָס קליינוואַרג האָט אינסטיקטיוו געשפירט די דראָענדיקע געפאַר. צונויפגעדרעגנגט אין אַ רוקזאַק צי אַ טשעמאָדאַן, איז אַזאַ קינד געלעגן שטיל, נישט געוויינט צי געקרעכצט, כדי נישט צו פאַרראַטן זיך פאַרן דייטשן רוצח. טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן מיט אויסבאַהאַלטענע קינדער זיך געפונען אין וואַגאָן, האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט: ענדלעך איז די געפאַר אַריבער. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז לויט געט׳ס באַפעל האָבן דעם טאָג געדאַרפט אומקומען אַלע יידישע קינדער פון טאַרנער געטאָ. אויפן וואָקזאַל האָבן זיך אָפּגעשפּילט דערשיטערנדיקע סצענעס. די קליינע צאָל לעבנגעבליבענע עדות פון יענע טראַגישע געשעענישן, די וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גהינום־וועג קיין פּלאַשאָוו, האָבן פאַרן העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל אין קראָקע געשילדערט די דאָזיקע געשעענישן אויפן פּראָצעס קעגן מענטשן־רוצח אַמאָן געט.

דער עדות מענדל באַלזאַם, אַלס באַשטימטער צום טראַנספּאָרט קיין פּלאַשאָוו, האָט אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק געוואַרט אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי. ערשט פרייטיק אינדערפרי האָט ער מיט זיין גרופּע זיך געפונען אויפן באַנהאָף. צוו. אַנד. האָט דער עדות דערקלערט: „ווען אַלע זענען שוין געווען אויפגעלאָדנט, איז געט צוגעקומען צו יעדן וואַגאָן און געמאָלדן, אַז אויב עס וועט זיך געפינען אַ קינד אין וועלכן עס איז וואַגאָן, וועלן אַלע פון דעם וואַגאָן דערשאָסן ווערן. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה, און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די קינדער. דער אָרדענונגס־מאַן צימערמאַן *) איז אַריינגעגאַנגען

אין די וואַגאָנעס און אַרויסבאַקומען פון דאָרט אַ 40 קינדער מיט זייערע עלטערן. די אַלע קינדער זענען דורך דער געסטאַפּאָ אַוועקגעפירט געוואָרן מיט אויטאָס״.

נישט אַלע מוטערס האָבן זיך געוואָלט שיידן מיט זייערע קינדער. אייגנוויליק האָבן זיי צוזאַמען מיט די קינדער פאַרלאָזט די וואַגאָנעס און זענען אויפגעלאָדנט געוואָרן אויף די אויטאָס. וואָס איז געוואָרן מיט די דאָזיקע מאַמעס און קינדער? וואו זענען אַוועק די אויטאָס?

וועגן דעם דערוויסן מיר זיך פון די עדות־דערקלערונגען אויפן אויבנדערמאָנטן פּראָצעס מצד לעאָן לעזער (איצט אין ישראל). זיין „גליק״ איז געווען, וואָס ער איז באַשטימט געוואָרן צו דער „זויבערונגס־קאָלאָנע״ און דערפאַר איז ער מיט זיין גרופּע איבערגעבליבן אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ. אין זיינע דערקלערונגען האָט דער עדות געשילדערט אַן אויפטרייסלענדיק בילד פון דער בלוטיקער עקזע־קוציע וואָס דער רוצח געט האָט אייגנהענטיק אַדורכגעפירט איבער די אומגליק־לעכע קינדער און עלטערן, אַרויסגעצויגענע פון באַן־טראַנספּאָרט. די גאַנצע גרופּע, וואָס איז געווען באַשטימט אויפצורוימען דאָס געטאָ נאָך דער לעצטער אויס־זידלונג, איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין אַ באַראַק פון דער סטאָליערײַ, וואָס האָט זיך געפונען אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ, אַנטקעגן אַ שמאָל געסעלע אין געטאָ, וואָס האָט פאַרייניקט דעם אויטאָבוסן־פּלאַץ (מאַגדעבורגער פּלאַץ) מיט דער שפּיטאָל־גאַס, לעבנס קאַצנערס הויז. אַזוי ווי די פענסטער פון באַראַק זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דעם געסל, האָט דער עדות געהאַט אַ מעגלעכקייט גענוי צו אָבסערווירן אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין טאָרנע, צומאָרגנס נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ:

„אַלע זענען אַרויס פון געטאָ — דערציילט לעאָן לעזער — די אַנדערע, אויס־געקליבענע דורך געטן, זענען פאַרבליבן אויפן מאַגדעבורגער פּלאַץ. געט איז געפאָרן צוהיטן דאָס אויפלאָדן די יידן אין די וואַגאָנעס, אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדענונג, און מיר זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אינעם באַראַק פון דער סטאָליערײַ. ווען געט האָט זיך אומגעקערט אין געטאָ, האָב איך באַמערקט, אַז צו אים איז צוגעגאַנגען אַ ייִנגל און אים עפּעס געזאָגט. געט איז גלייך איינ־געשטיגן אין אויטאָ און אַרויסגעפאָרן. אין אַ האַלבע שעה אַרום איז געקומען צו פאָרן אַ געדעקטער לאַסט־אויטאָ, נאָך אים — געטס פּריוואַט־אויטאָ. כ׳האָב געזען, ווי פון צווייטן אויטאָ זענען צומערשט אויסגעשטיגן אַ מאַן, אַ פרוי און צוויי קינדער. אַנטקעגן דעם פענסטער ביי וועלכן איך בין געשטאַנען אין באַראַק, איז געווען אַ קליין געשלאָסן געסל. ער האָט זיי געהייסן אַריינגיין אינעם געסל און מיט אַ סעריע קוילן אַלע פיר דערשאָסן. ער האָט ווידער באַפוילן פיר מענטשן אַראָפּגיין פון אויטאָ, ווידער אַ פרוי מיט קינדער, געהייסן זיי אַרויפגיין אויף די פריערדיקע קרבנות און געשאָסן צו זיי. אַזוי זענען כסדר אַראָפּגעגאַנגען פון אויטאָ צו פיר קרבנות, עטלעכע פערציק צי עטלעכע פופציק פערזאָן, און געט אַליין האָט זיי אַלעמען דערשאָסן. אַ טייל קרבנות האָבן נאָך געלעבט, אויפגעהויבן הענט, פיס. ער האָט זיך אַזוי פאַרמאַטערט, אַז ר׳האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל און אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, דערנאָך זיך געהייסן דערלאַנגען אַ שיסל וואַסער און געוואַשן די הענט. ער איז געווען אין געזעלשאַפט פון נאָך אַ געס־

טאַפּאַ־מאַן. די וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט אויסגעענדיקט. דאָס איז געשען פֿרייטיק. מען האָט געדאַרפֿט פֿונאַנדערנעמען אַלע וואַרשטאַטן. געט האָט פֿון אונדזער קאָלאָנע אַרויסגענומען אַלע שלאָסער. ער האָט אויך מיך אַרויסגערופֿן און געגעבן אַ באַפֿעל אין משך פֿון צוויי שעה צו דעמאָנטירן אַ גאַנצע שלאָסעריי. געט גופֿא האָט געוואַרט, ביז מען וועט אויפֿלאָדן אַלע אויטאָס צו דעמזעלבן צוג מיט וועלכן די יידן האָבן געדאַרפֿט פֿאָרן קיין פּלאַשאָוו. ער האָט זיך שטאַרק געאיילט, ווייל ער האָט געוואָלט פֿאָרן קיין קראָקע. מיר האָבן אַלץ אויפֿגעלאָדנט מיט די מענטשן, און ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט אָפּצו־פֿאָרן צו דער באַן, ערשט דעמאָלט האָט געט פֿאַרלאָזט טאָרנע".

דערזעלבער לעאָן לעזער, אָפּגעבנדיק זיינע דערקלערונגען פֿאַר דער היסטאָ־רישער קאָמיסיע אין קראָקע, האָט נאָך דערציילט, אַז צווישן די קרבנות האָט ער דערקענט זיין באַקאַנטן דוד מעסינגער, אַ גאָלדשמיד פֿון טאָרנע, 33 יאָר אַלט, מיט זיין פֿרוי און קינד. אַלע פֿון דער „אויפֿרוימונגס־קאָלאָנע" האָבן דערנאָך געמוזט צונויפֿזאַמלען די טויטע קערפּער, אויפֿלאָדן זיי אויף וועגנער און געסטאַפּאָ־לייט האָבן געהיטן, אַז מען זאָל די מתים דורכנישטערן אַלע קעשענעס און די געפֿונענע זאַכן צוגענומען. בעסערע מלבושים האָבן זיי אַפֿילו געהייסן אַראָפּציִען פֿון די טויטע".

צום דאָזיקן בלוטיקן ספּעקטאַקל האָט זיך אויך צוגעקוקט פֿרוי ערנאַ לאַנדאו, וועלכע האָט אין ערשטן טאָג פֿון דער אויסזידלונג, דאָנערשטיק, זיך געפֿונען אויפֿן מאַגדעבורגער פּלאַץ, צווישן דער גרופּע וואָס איז געווען באַשטימט אָפּגעשיקט צו ווערן קיין אוישוויץ. איר איז געלונגען אומבאַמערקט אַרויסצורוקן זיך פֿון דער דאָזיקער גרופּע און באַהאַלטן זיך אין אַ בונקער וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם שוין דערמאָנטן קליינעם געסל. „דאָס איז געווען אַ קליין הייזל, — דערקלערט פֿרוי לאַנדאו אין איר עדות־זאָגן אויפֿן פּראָצעס קעגן אַמאָן געט, — אין וועלכן עס האָט זיך געפֿונען אַ ביידעמל וואו מיר איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן. כ'האָב אַרויסגענומען אַ דאַכלקע, כדי צו האָבן אַ פֿענסטערל, נישט פֿאָרשטעלענדיק זיך, אַז אין דעם געסל וועט עפּעס וואָס פֿאָרקומען. אַזוי בין איך איבערגעזעסן אויף דעם ביידעמל אַ גאַנצן דאָנערשטיק בייטאָג און ביינאַכט. צומאָרגנס, פֿרייטיק, איז דער מאַגדעבורגער פּלאַץ געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעליידיקט, עס איז דאָרט שטיל געוואָרן. פּלוצום האָב איך דערהערט אַ גערויש פֿון אויטאָס. כ'האָב זיך איבער־געשראָקן, ווייל די אויטאָס זענען פֿאַרפֿאָרן פֿאַרן הויז וואו איך בין געווען באַהאַלטן. איך כאַפּ אַ קוק, אין אויטאָ זיצן די מיר באַקאַנטע דייטשן — בלאַכע, גרונאָוו און געט, געווען אויך דאָרט אילקע און קאַסטאָריוס. איך הער: לאָז! הערויס! פֿון לאַסט־אויטאָ זענען אַרויס עטלעכע פּערזאָן. געט האָט זיי אָפּגעפֿירט, איינעם דערשאָסן, דערנאָך געהייסן דעם צווייטן אַוועקשטעלן זיך אויפֿן טויטן און ווידער געשאָסן. ער אַליין האָט געשאָסן, שטייענדיק לעבן זיין קרבן. צווישן אַנדערע איז דאָרט געווען אַ זעקסיאָריק ייִנגעלע. עס האָט זיך דערשראָקן און אַנטלאָפֿן. געט האָט אים גערופֿן: קאָם, קאָם, האָב קיין אַנגסט! דאָס קינד האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ שפּיגעלע און אַנדערע קלייניקייטן. געט האָט מיט אַ שמייכל גענומען אין איין האַנט דאָס קינדס זאַכן, און מיט דער צווייטער — דערשאָסן

דאָס יינגעלע. געווען דאָרט די פרוי ווייס מיט איר 6־יאָריק און 8־יאָריק מיידעלעך, ער האָט זיי אַלעמען דערשאָסן. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט מען אים געבּרענגט אַ שיסל וואַסער, ער האָט אָפּגעוואַשן די הענט, און דאָס איבעריקע האָבן שוין פאַר־ענדיקט זיינע חברים״.

אין דעם דאָזיקן געסל האָט אַמאָן געט דערשאָסן אייגנהענטיק 54 פּערזאָן, דער עיקר פרויען און קינדער, — שטעלט פעסט פרוי לאַנדאו, וועלכע האָט פון איר באַהעלטעניש אויך געזען, ווי געט האָט אויפן גאַס דערשאָסן די פרוי פון יחזקאל קלאָפּהאָלץ.

אַזוי האָט דער בלוטיקער הענקער אַמאָן געט זיך געזעגנט מיטן טאַרנער געטאָ. די דאָזיקע חיה אין אַ מענטשלעך געשטאַלט, פּאַראורטיילט צום טויט דורכן פּוילישן העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל דעם 5־טן סעפּטעמבער 1946 יאָר, האָט נאָך געבעטן באַגנעדיקונג ביים פּרעזידענט פון פּוילן. באַגנעדיקונג האָט געבעטן אַ פאַרברעכער, וועמען דער פּראָקוראָר פון העכסטן געריכט, מיעטשיסלאַוו שעוויערסקי, האָט אין זיין שלוס־רעדע אינעם פּראָצעס קעגן אַמאָן געט, באַצייכנט אַלס מענטש, וועמענס געשטאַלט איז נאָך ביי זיין לעבן אויסגעוואַקסן צו אַ לעגענדע, ווי אַ פּערקערפּערונג פון שלעכטס און רשעות, בעסטיאַליטעט און ראַפינירטקייט, ווי אַ היינטצייטיקע פאַרקערפּערונג פונעם ביבלישן טייוול, אַן אינדיווידואום אָן שום מאָראַלישע עמונגען, וועלכער האָט נישט אונטערשיידט פון גוטס און שלעכטס, נישט געקענט דאָס געפיל פון רחמנות, ווייל אים האָט געפעלט אַ וועלכעס עס איז געפיל פון חסד.

דער פּרעזידענט פון נאַציאָנאַלן לאַנד־ראָט אין פּוילן — דעמאָלטיקע העכסטע אינסטאַנץ — האָט נישט גענאָסן פון זיין אַמנעסטיע־רעכט און דעם 13־טן סעפּ־טעמבער 1946 יאָר איז דער מענטשן־מערדער אַמאָן געט געגאַנגען אויף דער תליה.

איז די טויטשטראָף אַ גענוגנדיקע סאַטיספאַקציע פאַר די פאַרברעכנס וועלכע עס איז באַגאַנגען אַמאָן געט? מיר ווען זיך דערלויבן אויף דעם אָרט איבער־צוחזרן די ווערטער פונעם פּראָקוראָר פונעם העכסטן טריבונאַל, ד״ר טאַדעאוש ציפּריאַן, אַרויסגעזאָגטע צום סוף פון פּראָצעס קעגן אַמאָן געט. דער פּראָקוראָר האָט דערקלערט צוו. אַנד.:

„דער באַשולדיקטער קאָן פאַר די דאָזיקע מעשים באַצאָלן נאָר מיטן לעבן, דאָס הייסט מיט אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט״. לאָמיר אויך איבערחזרן די ווערטער פון דעמזעלבן פּראָקוראָר, וואָס כאַראַקטעריזירן אַמאָן געטס מערדערייען קעגן דער מענטשהייט, וואָס האָבן זיך געצויגן פון יענער הענטשקע וועלכע ער האָט אַראָפּגענומען פון זיין האַנט נאָכן דערשיסן פופציק מענטשן אינעם שמאָלן געסל פון טאַרנער געטאָ, דורכן פאַרמעסטן זיך אויף אַ קינד וואָס איז ביי אַלע פעלקער אויף דער וועלט אַן אומבאַרירלעכע הייליקייט, ביז דער מאַסן־עקסטערמינאַציע ביזן מענטשן־מאָרד. דאָס דאָזיקע פאַרברעכן קעגן דער מענטשהייט, — האָט אונטערגעשטראָכן דער פּראָקוראָר ד״ר ציפּריאַן, — איז אַן אויסדרוק נישט נאָר פונעם אינערלעכן דראַנג פון באַשולדיקטן. עס איז אַ שפּראָצונג פונעם גייסט וואָס האָט באַהערשט דאָס פאָלק וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַשולדיקטן, אַ פאָלק וואָס

וועט פאַר די דאָזיקע פאַרברעכנס מוזן איצט ליידן, אויב די געשיכטלעכע נעמעזיס וועט זיין א יושרדיקע. דער נירנבערגער פּראָצעס האָט אַנטפּלעקט די גאַנצע מאָראַלישע צעפוילטקייט אינעם דייטשן פאָלק, אַנטפּלעקט דאָס פעלן פון וועלכע עס איז העמונגען, נאָר די שטרעבונג צו געניסן, צו מאַכט, איבער די טויטע קערפּער פון מענטשן און פעלקער. די געשיכטע וועט אַמאָל צונויפשטעלן די אַלע פּראָצעסן און שאַפן זייער סינטעז און געבן אונדז אַ בילד פון געפאַלנקייט פון אַ גרויס פאָלק אַמאָל, אַ פאָלק וואָס איז געפאַלן טיף, אַזוי טיף, אַז ס׳וועט אים נישט לייכט זיין דערפון זיך אויפצוהויבן, אויב עס וועט בכלל וועלן זיך אויפהויבן פון דער דאָזיקער געפאַלנקייט״.

אַ טאָג פאַרן אַרויסטראָגן דעם אורטייל איבער אַמאָן געט, האָט יאַנינאַ וויעזשבאָווסקאַ געשריבן אין דער וואַרשעווער טאָג־צייטונג „גלאָס לודו״ (4.9.46 נומ׳ 243), אַז „אַמאָן געט וועט היינט געמשפּ׳ט פאַרן טויט־אַנגסט פון די וואָס האָבן געגוססט אין פּיין, פאַר יעדן פינגער־קראַמף פון די וואָס האָבן געקראַצט די ערד אינעם לעצטן ספּאַזם, פאַר די פאַרשטאַרטע אין שרעק הערצער פון מאַמעס, פאַר דעם פּחד פון טאַטעס, פאַר דער שאַנד פון זייערע טעכטער, פאַר יעדן טראָפּן שווייס וואָס איז גערונען פון די פאַרמאַטערטע גופים פון די וואָס האָבן געטאָן איבערמענטשלעכע אַרבעט, פאַרן נישט אויסגעלעבטן לעבן פון יעדעס קינד וואָס איז געפאַלן פון זיין האַנט״, — אַז „צוזאַמען מיט אים ווערט פאַרמשפּט דער סיסטעם וואָס צוליב צופרידנשטעלן די אומגעצוימטע גאווה פון איין ראַסע, האָט ער אָפּגעווישט פון דער ערד־אויבערפלאַך גאַנצע פעלקער און פאַרוואַנדלט מענטשן אין בעסטיעס. און צוזאַמען מיט אים ווערט געמשפּט יעטוועדער פאַרברעכערישער געדאַנק, וואָס באַוואַפנט בלינדע הענט מיט געווער צי מיט אַ שטיין און פאַרזייט אין די פינסטערע, אומבאַוואוסטזיניקע מוחות כלערליי שנאה״.

18

די ליקווידאַציע פון געטאָ איז נאָך נישט געווען קיין פולקאָמע. עס זענען נאָך געווען קראַנקע אין יידישן שפּיטאָל. מיט זיי האָט די געסטאַפּאָ דורכגעפירט אַ בלוטיקן חשבון. אַלע שווער קראַנקע האָבן די געסטאַפּאָ־לייט דערשאָסן. קיין לייכט־קראַנקע זענען אין שפּיטאָל נישט געווען .און צו פאַרענדיקן דעם בלוטיקן ספּעקטאַקל, האָבן די דייטשע בעסטיעס צונויפגעטריבן אויף דער ווידאָק־גאַס אַ 450 יידן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן, אַלע אויס־געשאָסן און דערנאָך פאַרברענט זיי אויף אַ שייטערהויפן.

געבליבן ביים לעבן זענען דערוויל 300 יידן, באַשטימטע צו דער „אויפרוימונגס־קאָלאָנע״, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אָפּצוריייניקן דאָס געטאָ, פאַרווישן די שפּורן פון די פאַרברעכענס, צונויפזאַמלען פאר די דייטשן די פאַרבליבענע יידישע זאַכן — „יודענגוט״. די פון דער קאָלאָנע האָבן געוואוינט אין צוויי הייזער אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי — אויף שפּיטאַלנע 13 און 14. די דאָזיקע צוויי הייזער זענען איצט געווען אַן אָפּגעשלאָסענער שטח, דער לעצטער „יידישער קוואַרטאַל״ אין

טאַרנע. ווען די אַרבעטער פון דער „אויפרוימונגס־קאָלאָנע" האָבן 5 פאַרנאַכט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, האָבן אוקראַינישע וועכטער זיי אָפּגעשלאָסן אין די הייזער, היטנדיק, אַז קיין איינער פון די לעצטע יידישע אַרעסטירטע, זאָל נישט אַנטלויפן.

ביסלעכווייז איז געוואַקסן די לעצטע צאָל יידן אין טאַרנער געטאָ. עטלעכע טעג נאָך דער לעצטער אַקציע, זענען פון די בונקערס אַרויס ביי אַ 500 יידן. זיי האָבן זיך איצט געפונען אין אַ שווערער סיטואַציע, ווייל די דייטשן האָבן איצט געהאַט אַ גענויע עווידענץ פון דער צאָל אַרעסטאַנטן וואָס האָבן זיך געפונען אין די צוויי הייזער אויף שפּיטאַלנע־גאַס. די וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון די בונקערס, האָבן זיך נישט געפינען אויף די רשימות פון די אָנגעהעריקע צו דער „אויפרוימונגס־קאָלאָנע". דאָס זענען געווען אומלעגאַלע געטאָ־איינוואוינער, וועלכע זענען אין דער צווייטער העלפט סעפּטעמבער 1943 יאָר אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין שעבניע. זיי זענען אָבער אַהין נישט געקומען, ווייל נאָך אויפן וועג, אין אַ וואַלד, זענען זיי דערשאָסן געוואָרן.

דער פריער דערמאָנטער לעאָן לעזער, דערציילט וועגן די לעצטע גוואַלד־טאַטן פון די דייטשע רוצחים אינעם אויסגעליידיקטן געטאָ:

„איצט, נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, איז איבערגעבליבן בלויז אונדזער ליקווידיר־גרופּע און עטלעכע מענטשן פון יודענראַט (פּאָלקמאַן, לערהאופּט, עטלעכע באַאַמטע און אָרדענונגס־מענער). ערשט איצט האָבן די דייטשן זיך גענומען אויפ־צוזוכן בונקערס און כמעט יעדן טאָג האָבן זיי אַנטדעקט אַזאַ באַהעלטעניש. די מענטשן זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן און אויפן אָרט דערשאָסן. די דייטשן האָבן זיי געהייסן זיך אויסלייגן אין אַ ריי, געשאָסן, דערנאָך אויף די טויטע קערפּער געהייסן זיך אַוועקלייגן אַנדערע, בעת די איבעריקע וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי האָבן געמוזט שטיין און זיך צו אַלעמען צוקוקן. געווען דאָרט פרויען און קינדער, יונגע און אַלטע, שוצלאָזע לגבי די באַוואָפנטע ביז די ציין געסטאַפּאָ־לייט מיט דרעסירטע הינט. אַזעלכע אַקציעס זענען אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מוסטער־לעקציעס פאַר דער אונטערוואַקסנדיקער דייטשער יוגנט, און די געסטאַפּאָ פלעגט עס אויסנוצן פאַר אירע דערציאונגס־אויפגאַבן. אַזוי האָט בלאַכע געלערנט זיינע צוויי זין — איינער פון 10 יאָר און איינער פון 13 יאָר, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרופּע יידן וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן אין אַ בונקער — שיסן צום ציל אין די דאָזיקע מענטשן. דער טאַטע איז געשטאַנען דערלעבן און מיט אַ שמייכל געקוקט ווי זיין זון שיסט, און די געסטאַפּאָ־לייט האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ מיט אָנערקענונג און צופרידנקייט".

אַזוי איז טאַרנע אין דער העלפט סעפּטעמבער 1943 יאָר פאַרבליבן בלויז מיט אַ הייפל, אָפּגעשלאָסענע אין די צוויי הייזער, יידן — וואָס האָבן געריייניקט און געבראַנגט אין אָרדענונג דאָס געטאָ. די אָפּגעשטאַרבענע ליידיקע גאַסן האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה מיט זייער פוסטקייט.

סוף נאָוועמבער 1943 יאָר האָט מען 150 מענטשן פון דער „אויפרוימונגס־קאָלאָנע" אַרויסגעשיקט קיין שעבניע. זיי זענען שוין נישט געווען נויטיק, ווייל עס האָט זיך געענדיקט די אַרבעט אין געטאָ. מען האָט שוין געהאַט אויפגערוימט

די טויטע, אַוועקגעפירט אין די דייטשע מאַגאַזינען דאָס צוגערויבטע יידישע פאַרמעגן.

19

די פאַרבליבענע, לעצטע גרופע יידן אין אַ צאָל פון 150 מאַן, איז געזעסן אין די צוויי הייזער און מיט פחד געוואַרט איר גורל. מען האָט אָנגעהויבן פּלאַנירן צו אַנטלויפן. זיי האָט גוט געהיטן בלאַכער און קעסלער, בפרט נאָך, אַז די יידן גופא האָבן געהיטן איינער דעם צווייטן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז אין פאַל ווען עס וועט אַנטלויפן איינער, האָט געדראָט אַלעמען דערשאָסן צו ווערן. קיין איינעם פון דער דאָזיקער גרופע איז נישט דערלויבט געווען צו האַלטן ביי זיך ווערטזאַכן, אפילו חתונה־רינגלעך האָבן זיי געמוזט אַוועקגעבן די דייטשן.

אין דער צייט האָבן די געסטאַפּאָ־מערדער אויף אַ גרויזאַמען אופן פאַרענדיקט מיט די מיטגלידער פון יודענראַט, וועלכע האָבן זיי אַזוי געטריי געדינט די גאַנצע צייט. יוסף פּאָסט מיט זיין פרוי זענען צומערשט צעשלאָגן געוואָרן, און דערנאָך האָט מען זיי דערשאָסן. לערהאופּט, דער וויצע־פּרעזעס פון יודענראַט, וועלכער האָט זיך אָממיינסטן געלאָזט שפּירן די יידן אין געטאָ, איז דערשאָסן געוואָרן אין אוישוויץ, האַרט פאַרן פאַרענדיקן די מלחמה.

ווען דאָס געטאָ איז אָפּגערייניקט געוואָרן, ווען אין די דייטשע מאַגאַזינען האָט מען צונויפגעפירט דאָס צוגעגזלטע יידישע האָב־און גוטס, איז אויך די דאָזיקע לעצטע גרופע ליקווידירט געוואָרן דורך די הענקער אָש און בלאַכע. צום סאַמע סוף איז נאָך פאַרבליבן אַ קליין הייפל יידן אינעם געוועזענעם טאַרנער געטאָ, וועלכע זענען דעם 9־טן פעברואַר 1944 יאָר אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּלאַשאָוו.

אין פעברואַר 1944 יאָר איז טאַרנע געוואָרן „יודענריין".

דאָס יידישע טאַרנע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. 40.000 יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין טאַרנע צום אָנהויב פון דער מלחמה, זענען אומגעקומען על קדוש השם.

## דבורה אברמוביץ־הורוויץ

# די וועלט האט געזען און געשוויגן *)

## (בלעטער פון געטאָ טאַרנע)

אַלס אַ הקדמה וויל איך זאָגן, אַז דאַטעס, ציפערן, געדענק איך כמעט נישט, אָדער גאָר זעלטן. עס איז אויסגעמעקט געוואָרן אין מיין זכרון צייט אונטערשיידן לויטן קאַלענדאַר. איך געדענק נאָר די צייט — האַרבסט אָדער זומער. די מידקייט פונעם טאָג אָדער די טונקלקייט פון דער נאַכט. נאָר אַזוי זענען מיר די בילדער געבליבן, בילדער פון בלוט, פון תליות, פון אונטערגאַנג.

אָבער איין דאַטע געדענק איך גוט: דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. אָט די דאַטע וועלכע איז געווען דער סאַמע אָנהויב און דער סוף. דאָ האָט זיך דאָס לעבן אָפּגעשטעלט. זיך אָפּגעזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

אַ נאַכט דערפריער: מיר זענען געשטאַנען פאַר אונדזער הויז — די שטאָט טאַרנע טונקעל, אויסגעשטאָרבן. נישט ווייט פון אונדז, אינעם קאַפּעהויז, וואָס איז געווען אַקייגנאיבער, זענען נאָך געזעסן עטלעכע מענטשן, ביים שיין פון ליכט (לאָמפּן האָט מען נישט מער געברענט). די פענסטער פאַרהאָנגען און נאָר די שאָטענס האָט מען געזען אויף די ווענט — סילוועטן. דאָס בילד איז געווען אומהיימלעך. עס האָט שוין געטראָגן אין זיך דעם אָנזאָג פון דער גרויסער לעצטער געשעעניש, וואָס האָט געדאַרפט קומען אויף דער גאָרער וועלט.

צומאָרגנס איז דער טומל שוין געווען גרויס: די אַפּטייק פול געפּאַקט מיט מענטשן. דאָס האָט מען געקויפט די נויטיקע צוגרייטונגען פאַר גאַזמאַסקעס און אַנדערע סאַניטאַרע זאַכן. דאָס האָט מען זיך געגרייט צו באָמבאַרדירונגען און גאַזן (נעבן טאָרנע געפינט זיך די גרויסע אַמוניציע־פאַבריק „מאָשטשיץ״ און מען איז געווען זיכער אַז טאָרנע וועט אַלס ערשטע גיין אין דער לופט). מיר האָבן דעמאָלט נישט געוואוסט אַז דער דייטש וועט אַריינקומען קיין גאַליציע אָן יעדן קאַמף, אַזוי ווי צו זיך אַהיים. קיינער האָט עס נישט געוואוסט, און די הכנות זענען געווען גרויס. מען האָט אויך אָנגעגרייט שפּייז, ליכט און אַנדערע זאַכן. איך אַליין האָב גענייט אַ קליינע גאַזמאַסקע פאַר מיין קינד, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 5 חדשים. ס׳איז געווען אַ מאָדנע מתנה פאַר זיין יונג, ערשט דערוואַכט לעבן. מיין מאַן, בוזיעק, האָט באַקומען אַן איינבאַרופונגס־צעטל צו גיין אין מיליטער און זיינע עלטערן האָבן שוין געהאַט געפליכטעט קיין טאַרנאָבזשעג (דזשיקעוו), אַ קליין שטעטל, וואָס ליגט האַרט ביי דער ווייסל.

*) אַ פראַגמענט פון א גרעסערער אַרבעט אָנגעשריבן דורך דבורה אַברמוביץ־הורוויץ, וואָס איז דערשינען אין דער ניו־יאָרקער טאָגצייטונג: „דער טאָג״ אין סעפּטעמבער 1952.

ראַטלאָז אינמיטן פון דער גרויסער בהלה, מיטן באַוואוסטזיין אַז בוזיעק מוז אָפּפאָרן, האָב איך צוזאַמענגעפּאַקט אויף שנעל דאָס ביסל זאַכן און באַשלאָסן פאָרן וואו מיינע עלטערן זענען. בוזיעק האָט אונדז באַגלייט ביז מעליץ.

די אויטאָבוסן זענען געווען פולגעפּאַקט מיט מענטשן, פּליטים. בעת מיר זענען געפאָרן, זענען שוין גאַנץ נידעריק איבער אונדזערע קעפּ געפלויגן די דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן גאָר נישט געפונען פאַר נויטיק צו באַנוצן אַ ביסל פּולווער. יידן האָבן געזאָגט מבינות, אַז עס זענען גאָר נישט קיין דייטשע עראָפּלאַנען.

אין מעליץ זענען אַריין נאָך מער פּליטים. מיין מאַן האָט זיך מיט מיר געזעגנט. אַ לעצטער בליק אויף מיר, אויפן קינד — און מיר האָבן אים געלאָזט גיין, גיין צום פּוילישן מיליטער, בעת אַלץ איז שוין סיי ווי געווען פאַרשפּילט און פאַרלוירן. איך געדענק זיין לעצטן בליק. אייביקווייז האָט זיך דאָס לעבן אָפּגעזעגנט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טאַרנאָבזשעג. דאָס הויז, אונדזער היים פון אַמאָל, מיין טאַטנס היים, איז שוין אינעם קריג פון 1914 געוואָרן שטאַרק באַשעדיקט, אָבער עטלעכע הייזלעך זענען נאָך געשטאַנען, וואו מיין ברודער האָט געוואוינט. ס'איז געווען אַ גילדענער האַרבסט־טאָג יענעם שבת. איך בין געזעסן מיטן קינד אינעם סאָד, מיט זיינע געדיכטע גרויסע בוימער און יעדער שטיין האָט דערמאָנט קינדעריאָרן, אַמאָליקע היים.

פּלוצים, פאַרנאַכט, איז דער הימעל געשטאַנען אין רויטע פלאַמען. דאָס שטעטל אונטער אַ האָגל פון קוילן — איין דונער נאָכן צווייטן — רויטע פלאַמען און שוואַרצער רויך. עס האָט זיך געדאַכט אַז די ערד ציטערט. מיר זענען אַריין אינעם פּאָדערשטיקן שטיבל, כדי צו קאָנען תיכף אַרויס אויב די ווענט וועלן איינפאַלן. דער גרויסער לאָמפּ פון מיטן שטוב האָט מיט אַ שליידער זיך אָפּגעריסן און געפאַלן אין שפּליטער צו דער ערד. דאָס איז געווען דער ערשטער שמע־ישראל אויף אונדזערע ליפּן.

שפּעטער אַז דאָס גרויסע פייער איז אַדורך, האָט מען אָנגעהויבן קלערן פון ווייטער לויפן. וואו אַהין? מען איז געווען ראַטלאָז. מענטשן האָבן געזאָגט לובלין. סיי ווי — לויפן מוז מען. און נאָך אין דער זעלביקער נאַכט זענען מיר מיט לודקעס אַריבער אויף דער צווייטער זייט ווייסל — אויפן וועג קיין פּאָקשיוווניץ. מיט אונדז צוזאַמען דאָס האַלבע שטעטל. האַרט ביים ברעג זענען מיר געגאַנגען און ס'האָט געראוישט און געדונערט איבער אונדזערע קעפּ. דאָס קינד האָט געצוקט אין מיינע אָרעמס.

אַזוי זענען מיר דערגאַנגען ביז קיין פּאָקשיוווניץ און דאָרט דערווייל פאַר־בליבן. עס זענען דערנאָך אָנגעקומען נאָך מער פליכטלינגע און מען האָט באַשלאָסן ווייטער לויפן. אַרויפגעפּאַקט קינד און קייט אויף וועגן, כמעט ניט מער מיט אַ שמץ האָפענונג אַז מען קאָן נאָך ערגיץ וואו אַרויס — נאָר כדי עפּעס צו טון, כדי אַליין זיך צו באַטויבן. אַזוי זענען מיר אָפּגעפאָרן אַ היפּש ביסל צייט ביז סאַנדאָמיעש. ביז דעם גרויסן באָמבאַרדירן פון סאַנדאָמיעש. מיר זענען אַריין ערגיץ וואו אין אַ הויז. דער טומעל, די קולות פון די דאָרטיקע מענטשן און פּלוצים דאָס געשריי: גאַז! איך געדענק ווי איך האָב עפּיס אַרויפגעוואָרפן אויפן פּנימל

פון מיין קינד. איך געדענק ווי די מאַמע האָט זיך נעבן אים איינגעבויגן. דאָס געשריי. דאָס געטומל דער שמע־ישראל.

מיד, אָפּגעריסן, אויסגעלאָשן, האָט מען זיך דערנאָך צוריק אַרויפגעזעצט אויף די פורן און ווייטער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אַ צעשאָסענע בריק, צווי פערד דערנעבן אויפגעריסענע — מען האָט געמוזט אַראָפּ פון די וועגן. און אַזוי שטייענדיק האָבן מיר געזען אָנקומען אַ צאָל פוילישע סאָלדאַטן, אָפּגעריסן, אָפּגעפליקט. זיי האָבן געלאַכט פון אונדז וואָס מיר לויפן, בעת דער דייטש שטייט שוין אָט דאָ נעבן אונדז. מען האָט פאַרקערעוועט אויף צוריק. ווי קינדיש און האָפנונגסלאָז עס איז געווען אַזאַ מין אַרומיאָגן זיך מיטן גורל, וואָס איז שוין געשטאַנען אָנגעצייכנט פאַר יעדן ייד: אונטערגאַנג.

איך געדענק נעכט: דאָס פוילישע מיליטער האָט אָפּגעצויגן. לאַנגע שוואַרצע נעכט פון האַרבסטצייט, דריבנער רעגן און פייכטע ווינטן וועלכע האָבן געיאָגט איבערן לאַנד, און וועגן, גאַנצע קאַראַוואַנען פון וועגן האָבן זיך געצויגן — פאַר־וואונדעטע סאָלדאַטן, אָן הענט, אָן פיס — אַלץ האָט אָפּגעצויגן אויף צוריק. איך בין געלעגן אויף דער ערד אין דעם קליינעם פינסטערן שטיבל נעבן מיין קינד און מיך צוגעהערט צו דעם ראַטערן פון ידי רעדער וואָס האָט קיין סוף נישט גענומען. צומאָרגנס האָט מען געזען אַ סך רויט בלוט פאַרמישט אין בלאָטע און פייכטן ליים.

איך בין אַרומגעלאָפן זוכן עפּעס עסן פאַר מיין קינד. דאָס ביסל פּראָוויאַנט וואָס איך האָב מיטגעהאַט איז שוין געווען אויפגעברויכט און באַקומען האָט מען שוין גאָרנישט. אפילו די אַפּטייק איז געווען אַ פאַרשלאָסענע טיר און אויסגעהאַקטע שויבן. דאָס קינד האָט געהונגערט און באַקומען אַ שווערן דאַרם־קאַטאַר. איך פלעג זיצן ביי נאַכט נעבן זיין וויגל, געשאָקלט און געשאָקלט און דאָס אָרעמע נפשל האָט יעדעס מאָל מער געבראָכן, יעדעס מאָל זיך צונויפגעקאָרטשעט פאַר שמערץ. איך און די מאַמע, — ביידע אָן שלאָף, ביידע מיטן טויטשרעק אין האַרצן קוקענדיק אויף דעם קינד. און די טרערן האָבן געגאָסן; געגאָסן, פאַרטרינקען דאָס שטיבל, דאָס וויגל, דאָס קינד. דעמאָלט שוין, ביים סאַמע אָנהויב, האָט עס אויס־געזען אַז דאָס גאַנצע איז האָפנונגסלאָז פאַרלוירן.

דערנאָך איז געקומען יענער אין־דער־פרי ווען מען האָט זיי צום ערשטן מאָל דערזען. האַנטגראַנאַטן איבער אַלע דעכער. פלאַם און פייער. מיר זענען אַרויס און אין דער זעלבער מינוט איז דאָס הייזל איינגעבראָכן. אָנגעהויבן לויפן מיטן קינד אויף די הענט — איבער פלאַמען, פלאַמען פאַר וועלכע די הילצערנע הייזלעך זענען געווען אַ שפּיל אַזאַ. אַראָפּ צום וואַלד, צום ברענענדיקן וואַלד. איך בין געפאַלן. דאָס קינד האָט מיר עמיצער אַרויסגענומען פון האַנט. ווייטער געלאָפן. ביים סוף פון וואַלד, דאָרט וואו די פלאַמען האָבן שוין נאָר געצאַנקט, נעבן אַ וואַסערל, האָבן מיר זיך אַנידערגעזעצט. אָפּגעווישט דעם טויטשווייס פונעם שטערן. דאָס קינד איז געווען ביים פאַרלעשן. אַ פרעמדע פרוי האָט געוואָלט זיינע ליפּלעך באַנעצן מיטן וואַסער פון טייכעל — דער טאַטע האָט נישט געלאָזט. איך האָב פאַרגראָבן מיין קאָפּ אין דער שוואַרצער ערד כדי מיינע אויגן זאָלן נישט זען, — נישט זען —.

פֿאַרנאַכט צו זענען אָנגעקומען עטלעכע יידן אָנזאָגן די בשורה: זיי זענען דאָ. אַלע מענער מוזן זיך פֿאַרזאַמלען אויף דעם רינגפּלאַץ, אָן אויסנאַם. מיר האָבן אָנגעהויבן גיין אין שטאָט אַריין. שטומפּ, שוואַרצער יאוש אין האַרצן. מען האָט געוואוסט וואָס אַזאַ פֿאַרזאַמלען אַלע יידן באַטייט. מען האָט עס געהערט פֿון אַנדערע שטעט, ווי אַזוי זיי זענען זיך נוהג ביים אַריינקום. מיר, פֿרויען און קינדער זענען פֿאַרבליבן אין אַ שטוב. איך געדענק ווי אַזוי מיר זענען געזעסן און געוואַרט — אויף וואָס געוואַרט: אויף אַ טויט־אָנזאָג אָדער אויף אַ נס. דעמאָלט איז עס אַדורך. מען האָט די יידן נישט געשאָסן. זיי זענען אָפּגעקומען מיט טויטשווייס אויף די פּנימער און מיטן געהייליקטן שמע־ישראל.

שפּעטער איז דער טאַטע און ר' משהניו באַיאַנער געזעסן אין אַ שטוב. די מאַמע איז אַהין געגאַנגען ברענגען פֿאַר זיי עפּעס עסן. אַן ס.ס.־מאַן האָט אויפֿגעריסן די טיר: הענדע האָך! די מאַמע האָט זיך געשטעלט נעבן די צוויי הילפֿלאָזע געשטאַלטן אויף ווּעמענס ברוסט די רעוואָלווערס זענען געווען געצילט. זי האָט באַקומען מיט דער רייטפּייטש איבערן פּנים. אַ רויטער שטרייפֿן בלוט און אַ בלאָ פֿאַרלאָפֿן אויג — אַזוי איז זי צו אונדז צוריקגעקומען, אָנזאָגן אַז זיי לעבן, אַז מען האָט זיי גאָרנישט געטאָן. איך האָב געקוקט אויף דער מאַמען, אויף איר פֿאַרשוואָלן פּנים — געזען האָב איך אַלץ, אָבער איך האָב אויפֿגעהערט תופֿס זיין. נאָר פֿון מיינע אויגן האָט בלוט גערונען.

ראש־השנה. דער טאַטע זיצט אַליין, דעם טלית איבערן קאָפּ. מיין ברודער איז אַוועק ערגעץ צו אַ מנין הערן שופֿר בלאָזן. אַזוי האָבן זיך יידן איינגעשטעלט זייער אָרעם לעבן. דעם טאַטן האָבן מיר נישט געלאָזט גיין.

איך זיץ ביי דער טיר מיטן קינד אויף די הענט כדי אַכטונג צו געבן צי גייט נישט פּלוצים ווער איבערן הויף. פֿון אונטערן טלית אַפּיר דערגייען צו מיין אויער איינציקע ווערטער פֿון מלכיות, זכרונות, שופֿרות. שטיל, קוים געהויכט. פֿון אונטערן טלית אַפּיר טראָפּן אַראָפּ אויף דער זשופּיצע טרערן, איך האָב געביסן די פֿינגער ביז בלוט. איך האָב נישט אויפֿגעשריגן. דעם קאָפּ פֿאַגראָבן אינעם קינדס קישעלע און אַזוי מיין ווייגעשריי דערשטיקט.

די אָנפֿאַלן ביי מיין קינד זענען שטאַרקער געוואָרן .דער הונגער האָט דעם קליינעם גוף צעשטערט. די קליינע נשמה האָט געפּאָכעט מיטן לעצטן אָטעם. אין יענעם אינדערפֿרי איז מיין שווּעגערין אַרויס הינטער דער שטאָט ברענגען הילף — לויפֿן צו אַ מיליטערדאַרצט און קניען פֿאַר אים ער זאָל קומען. קיין אַנדערער דאָקטאָר איז נישט געווען. און זי האָט עס דערגרייכט. איר איז באַשערט געווען די גרויסע מצוה, דאָס גרויסע נס. ער איז געקומען. געקוקט אויף דעם קינד און מיך געפֿרעגט צי איך פֿאַרשטיי וואָס ער וועט זאָגן: איך מוז אויפֿן אָרט לויפֿן אין אַ שטאָט אַריין וואו עס איז פֿאַראַן אַן אַפּטייק. אַ דאָקטאָר און אַן אַפּטייק. אויפֿגעשריבן עטלעכע אָנווייזונגען און רעצעפּטן. דער עיקר ברענגען דאָס קינד לעבעדיק אין אַ שטאָט אַריין. אפֿשר וועט מען נאָך קאָנען עפּעס טאָן. מען האָט געבראַכט אַ וואָגן. די שווּעגערין איז מיטגעפֿאָרן. אָבער מיר האָבן איין זאַך פֿאַרגעסן: אַז איצט קאָן מען שוין נישט פֿאָרן אָן אַ באַווילליקונג, אָן אַ פּאַפּיר. אָבער וואו נעמען? צו וועמען זיך ווענדן? מיר גייען אַרויף אויף דעם וואָגן

אַן גאָר נישט. מיט ברכות. מיט שמות. מען האָט אונדז נישט אויפגעהאַלטן אין וועג. אַ בלאָער שטערן איז געשטאַנען איבער מיין קינדס קאָפּ.

צוריק אין טאַרנע, אין מיין שטוב. די זעלבע צימער, דאָס זעלבע מעבל. זאַכן, אומפאַרשטענדלעכע זאַכן — פרעמדע פליכטלינגע אין שטוב און בוזיעק איז נישטאָ. דאָס איז מיר לאַנגזאַם צום באַוואוסטזיין געקומען. דאָ מוז ער דאָך זיין, דאָ איז דאָך די זעלבע היים אונדזערע, אונדזער קינד — איך הויב אָן לויפן פון איין שטוב אין דער צווייטער — בוזיעק, בוזיעק... איך זע שפּיגל און בילד, איך שטויס מיך אָן פאָטעלן און אַזוינע אומבאַגרייפלעכע געגנשטאַנדן — און דאָ ערשט, מיטן גאַנצן גהינום אין קאָפּ, אין האַרצן, מיטן גאַנצן וואַנזין פון די איבערגעלעבטע פאָר וואָכן — די פרעמדקייט דאָ און דאָס עלנט — איך האָב אָנגעהויבן שרייען, שרייען, צום ערשטן מאָל ווי אָן באַוואוסטזיין.

עמיצער האָט געהאַלטן מיין פּולס און אַ פרוי אין אַ ווייסן מאַנטל האָט געהאַלטן דאָס קינד אויף די הענט. איך קוק מיך אום: אַלץ איז פרעמד און אָפּגעשייד. נאָר דאָס קינד, דאָס קינד. דער דאָקטאָר רעדט צו מיר און טרייסט מיך, אַז מען וועט אַלץ טאָן דאָס קינד צו ראַטעווען. די שוועסטער וועט דערווייל דאָ בלייבן.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער ווינטער פון 1939 אויף 1940. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך, דאָס פיבער איז כמעט אין גאַנצן געשוואונדן. מיינע עלטערן האָבן זיך אומגעקערט צוריק קיין טאַרנע. די מאַמע האָט געוואוינט מיט מיר און דער טאַטע ביי מיין ייִנגסטן ברודער אויף דעם רינגפּלאַץ. קיין היים האָבן מיר נישט מער געהאַט, נאָר נאַקעט לעבן וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך — געהאָרכט צי קלאַפּט נישט ווער. אין דעם הויז וואו איך האָב געוואוינט האָט זיך אַריינגעצויגן די ס.ס. מיטן מאַיאָר בראש. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט אויף גענוי וואָס דאָס איז אַזוינס ס.ס. ביי נאַכט פלעגט מען הערן דאָס וואַרפן פון פלעשער און דאָס פאַלן פון צעבראָכן גלאָז, דאָס פלעגן זיי מאַכן באַנקעטעט און טרינקען אויף היטלערס הייל. ביז איינמאָל אַ נאַכט: מיר האָבן שוין געשלאָפן און זיך אויפגעכאַפּט מיט טויטשרעק: אַן אומהיימלעכער גערויש, רעוואָלווער שאָסן און דאָס פאַלן פון הויפן צעבראָכן גלאָז, פענסטער. דורך די אָפענע פענסטער האָט מען דייטלעך געהערט: „יעצט שיסן וויר אויף די יודען לאָז!" מיר זענען אַראָפּ פון די בעטן, דאָס קינד אויף די הענט, צו צו דער טיר, מיטן אינסטינקט פון אַ חיה וואָס וויל אַנטלויפן. מיר האָבן איין מינוט פאַרגעסן אַז דאָס גאַנצע הויז איז אַרומגענומען פון די ס.ס. די הויזפרוי וועלכע האָט אויך נאָך געוואוינט אין הויז האָט שטיל אָנגעקלאַפּט. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט. עפּעס געשעט איצט און מיר ווייסן נישט וואָס. עפּעס איז די נאַכט אַן אָנזאָג. און מיט אַמאָל: 6—7 שאָסן, פאַלן פון שפּליטער גלאָז — „הייל היטלער, טאָד דען יודען" און מיר — שמע ישראל ד׳ אלקנו, ד׳ אחד!

נאָך אַ צייט איז שטילער געוואָרן. מען האָט אונדז נישט געשאָסן. פאָר וויפל דורות ייִדן האָבן מיר מקדש השם געווען, איך און מיין קינד?

י. ליכטערמאַן

## די לעצטע טעג פון ד״ר יצחק שיפּער *

אויפן לובלינער מיידאַנעק בין איך אָנגעקומען דעם 10־טן מאַי 1943 מיטן לעצטן טראַנספּאָרט יידן וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ. אין מיידאַנעק זענען געווען פינף פעלדער, פון וועלכע פיר זענען געווען באַשטימט פאַר מענער און איינס פאַר פרויען. מיך האָט מען צוגעטיילט צום צווייטן פעלד, צוואַנציקסטער באַראַק. איך בין דאָרט געווען 4 וואָכן, שפּעטער האָט מען מיך געשיקט אויפן דריטן פעלד, אין זעקסטן באַראַק; מ׳האָט מיך צוגעטיילט אין קיך צום שיילן קאַרטאָפל און מ׳האָט אָנגעזאָגט דעם בלאָק־עלטסטן, אַז אינדערפרי, נאָך איידער די קאָמאַנדעס פאָרמירן זיך, זאָל ער מיך אַריינפירן אין קיך. דעם צווייטן טאָג אַרום 6 פרי, בין איך שוין געווען אין אַ גרויסער האַלע, וואו ס׳האָבן זיך געפונען איבער 300 פּערזאָן. אַלע זענען געווען פאַרנומען מיטן שיילן קאַרטאָפל. געווען דאָ אַ הונדערט פּאָליאַקן, אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון די יידן. געווען דאָרט יידן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פאַבריקאַנטן, סוחרים פון די נאַלעווקעס, אפילו חזנים און רבנים. גייענדיק אין דער האַלע, האָב איך אין אַ ווינקל ביי דער וואַנט געזען זיצן דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער, געוועזענעם סיים־דעפּוטאַט ד״ר יצחק שיפּער. אַ דערשטוינטער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, ווען כ׳האָב דערזען די דאָזיקע גרויסע פּערזענלעכקייט, אַן איינגעהויקערטן, מיט אַ מעסער אין האַנט, מיט וועלכן ער האָט געשיילט קאַרטאָפל.

כ׳האָב געטראַכט, ווי אַזוי איז אים געלונגען אויסצומיידן סעלעקציעס, בעת מ׳האָט אַלטע לייט אויסגעקליבן פאַר דער גאַז־קאַמער. כ׳בין צו אים צוגעגאַנגען, באַגריסט זיך און געפרעגט צי כ׳קאָן זיך לעבן אים אַוועקזעצן. ער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן שעף פון דער האַלע, אַ געוועזענער פּוילישער פּאָרוטשניק, וואָס נאָר ער אַליין האָט געקאָנט געבן אַ הסכמה אויף מיין בקשה. ווען כ׳האָב געבעטן דעם פּאָרוטשניק ער זאָל מיר דערלויבן זעצן זיך לעבן ד״ר שיפּער, האָט ער מיר דערלאַנגט איבער דער פּלייצע מיט אַ גראָבן שטעקן, אַז כ׳האָב זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. אַזאַ אויפנאַמע האָב איך געהאַט גלייך אין אָנהויב פון מיין קאַריערע.

---

*) איבערזעצט פון פּויליש און איבערגעדרוקט פון „דאָקומענטן און מאַטעריאַלן״, ערשטער באַנד, לאַגערן, באַאַרבעט דורך מגר. נ. בלומענטאַל, לאָדזש, 1946, ז״ז 167—170, נומער פון גבית עדות 85.

מיינט נישט, אַז אין מיידאַנעק איז אַזוי לייכט געווען אַריינצובאַקומען זיך אויף דער אַרבעט ביים שיילן קאַרטאָפל. פאַר דעם דאָזיקן „פּאָסטן" פלעגט מען צאָלן מיט גאָלדענע ציין, גאָלדענע מטבעות און פאַרשידענע קאָסטבאַרקייטן. צוליב דעם וואָס מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט זיצן לעבן ד"ר שיפער, האָב איך זיך געווענדט מיט אַ בקשה צום שעף פון דער קיך. נאָך זיינס אַן אינטערווענץ און אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען האָב איך דאָס אָרט באַקומען.

דעם צווייטן טאָג בין איך שוין געזעסן לעבן ד"ר שיפער און פאַרפירט מיט אים אַ געשפּרעך. בעתן געשפּרעך האָט ער מיך געוואָרנט, אַז כ'זאָל זיך היטן, ווייל דער פאָרוטשניק דאַרף נישט וויסן אַז מיר רעדן בעת דער אַרבעט. יעדער, ווער עס זאָל נישט האָבן געווען, אויב ער איז געכאַפּט געוואָרן ביי אַ געשפּרעך, האָט באַקומען צען בייטשן אויפן געזעס. מען דאַרף שנעל און פלייסיק אַרבעטן, כדי אויסצופילן די נאָרמע .יעדער מוז אָפּשיילן זעקס קאָריטעס קאַרטאָפל, און ווער עס פילט נישט אויס די נאָרמע, ווערט אין משך פון דריי טעג אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט און אַוועקגעשיקט אויף שטראָף־אַרבעטן.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלע פאָרשריפטן, האָב איך באַשלאָסן צו שמועסן אַביסל. כ'געדענק ווי ער האָט מיר געזאָגט: „טייערער פריינט, לאַנג וועל איך שוין דאָ נישט אויסהאַלטן, כ'האָב דאָ אַ סך איבערגעלעבט. איינמאָל האָט מען מיך אַזוי צעשלאָגן ביי דער אַרבעט, אַז מ'האָט מיך געמוזט אַריינטראָגן אינעם לאַגער. ס'איז געווען אַזוי: בעת דער אַרבעט אויפן שאָסיי איז צוגעקומען אַן ס.ס.־מאַן קאָנטראָלירן צי די נומערן פון די קאַצעטניקעס זענען ריכטיק אויפגעהאָנגען. צום אומגליק האָב איך דער ערשטער זיך אונטערגערוקט צו דער קאָנטראָל. מיין פאַרברעך איז באַשטאַנען דערין, וואָס מיין נומערל איז עטוואָס אַראָפּגעהאָנגען און נישט שטאַרק צוגעלעגן צום האַלדז. דערפאַר האָט מען מיך מיט אַ גומי־שטעקן צעשלאָגן אַזוי שטאַרק, אַז כ'בין אומגעפאַלן, נישט זייענדיק בכוח צו רירן זיך פון אָרט. דער ס.ס.־מאַן שטייט איבער מיר און שרייענדיק „אויפשטיין", שלאָגט ער אָן איבעררייס, ביזוואַנען כ'האָב זיך נישט אויפגעהויבן, אָבער נישט געקאָנט זיך האַלטן אויף די פיס. דערנאָך האָט מען מיך אויפגעהויבן אינדערהייך, דעם קאָפּ אַריינגעזעצט אין אַ פאַס וואַסער און געהאַלטן אַזוי עטלעכע מינוט, דערנאָך ווידער באַפוילן צו שטיין. צונויפנעמענדיק די רעשט כוחות בין איך שטיין געבליבן און געחלשט און אַזוי געלעגן ביז דער מיטאָג־שעה; ערשט דעמאָלט האָט מען מיך אַוועקגעטראָגן אין „באַראַק". ער האָט מיר געוויזן זיינע געשוואָלענע פיס, זיי זענען געווען שרעקלעך אָנגעדראָלן. כ'האָב אים אפילו געזאָגט: „פאַרוואָס, דאָקטאָר, גייט איר נישט צו אַן אַרצט אָדער אין שפּיטאָל"? אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט, אַז פון דאָרט קומט שוין קיינער נישט צוריק. נאָך עטלעכע טעג האָט ד"ר שיפערס צושטאַנד זיך אַזוי פאַרערגערט, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט גיין. כ'האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב און אויפגאַבע, איידער כ'בין אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, אַריינגיין אין עלפטן בלאָק וואו ס'איז געשלאָפן ד"ר שיפער און צוזאַמען מיט זיין איידעם אַריבערטראָגן אים אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. אַזוי האָבן מיר אים געטראָגן בערך פיר וואָכן צייט. ביז אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען געזעסן ביי דער אַרבעט, האָבן מיר פּלוצם דערהערט אַ באַפעל, אַז אַלע אָן אויסנאַם זאָלן פאַרלאָזן די האַלע

און אַרויסגיין אויפן אַפעל־פלאַץ, וואו דער גאַנצער לאַגער וועט דורכגיין אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען וואָס אונדז דערוואַרט. נאָך אַזעלכע פלוצומדיקע אַפעלן זענען פיל אַוועק אין קרעמאַטאָריום. אַן אויפגערעגטער און איבערגעשראָקענער בין איך מיט ד״ר שיפערס איידעם געלאָפן פון איין שעף צום צווייטן, זיי זאָלן אונדז ראָטן וואָס צו טאָן. מ׳האָט באַשלאָסן צו באַהאַלטן דעם ד״ר שיפער, ווייל נאָר דאָס קאָן אים פאָרלויפיק ראַטעווען דאָס לעבן. און אַזוי איז געשען. מיר זענען אַרויס אויפן פלאַץ. דעם ד״ר שיפער האָט מען באַהאַלטן. עטלעכע שעה האָט געדויערט די אונטערזוכונג, אַדורכגעפירט דורך אַ מיליטעריש־מעדיצינישער קאָמיסיע פון ס.ס. דער רעזולטאַט איז געווען דער, אַז 300 יידן זענען אַוועק אין די אויוונס (פון אַנדערע פעלקער האָט מען נישט גענומען צו אַזעלכע סעלעקציעס). די דאָזיקע קרבנות האָט מען אַריבערגעשיקט אינעם א. ג. „גאַמעל״ (19־טער) בלאָק. דאָס וואָרט „גאַמעל״ מיינט אַ דערשעפטער מענטש, אומפעאיק צו דער אַרבעט. אינעם 19־טן בלאָק בלייבן די מענטשן אַזוי לאַנג ביזוואַנען עס זאַמלט זיך נישט אָן אַ גרעסערער טראַנספּאָרט, דעמאָלט ווערן אַלע אַריבערגעשיקט אין די גאַז־קאַמערן און פון דאָרט אין קרעמאַטאָריום צום פאַרברענען. אַזעלכע סעלעקציעס זענען פאָרגעקומען אַלע עטלעכע וואָכן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טויט־אורטייל פאַר פיל מענטשן. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון אַפעל, האָבן מיר ד״ר שיפער שוין געזען זיצן אויף זיין געוויינלעכן אָרט ביי דער אַרבעט פון שיילן קאַרטאָפל. ווען ער האָט אונדז דערזען, האָט ער זיך צעוויינט פון גרויס פרייד. מיר האָבן אים באַרואיקט, אַז אַלץ איז אַדורך גוט, אַז די קאָמיסיע איז געווען אַ גוטע, ווייל אויף 6000 מאַן האָט מען אויסגעקליבן קוים 300. אָבער ד״ר שיפער האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, ווייל ער האָט געוואוסט וואָס אים דערוואַרט. ער האָט געזאָגט: „אויב נישט היינט, איז אַן אַנדערש מאָל; דאָס וועט מיך נישט אויסמיידן, ווייל איך בין אַן אַלטער מאַן מיט געשוואָלענע פיס״. טרויעריקע, הונגעריקע און דערשלאָגענע האָבן מיר ווייטער געשיילט די קאַרטאָפל און הין־און־צוריק אַריבערגעטראָגן דעם קראַנקן דאָקטאָר.

ביז אַ געוויסן טאָג אין יולי 1943 יאָר האָט דער גרויסער יידישער היסטאָריקער אויסגעהויכט זיין נשמה. ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, נישט קענענדיק פאַרטראָגן די אַרבעט און דאָס שלאָגן. ער איז אָבער געשטאָרבן נישט ווי אַ „גאַמעל״, נישט ווי אַן אומפעאיקער צו דער אַרבעט, נאָר ווי אַ קראַנקער, דערשעפטער און דערשלאָגענער אַרעסטאַנט, אַ לאַגערניק, אינעם פאַרניכטונגס־לאַגער מיידאַנעק לובעלסקי.

## ד״ר בערנארד טעססע (ניו־יאָרק)

# דאס יידישע שפיטאל בעת דער היטלעריסטישער אקופאציע

דעם 6־טן סעפטעמבער 1939 יאָר זענען די היטלעריסטישע באַרבאַרן אַריינגעדרונגען קיין טאָרנע און אָקופּירט די שטאָט. דאָס איז געווען דער קולמינאַציע־פּונקט פון דער פּאַניק, שרעק און פאַרצווייפלונג וואָס האָט אין יענע טעג געהאַט פאַרכאַפּט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט שוין געגוי׳ געוואוסט ווי אַזוי די דייטשן זענען זיך באַגאַנגען מיט די יידן אין דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי. גאַנצע יידישע משפחות און יחידים האָבן בעסער אויסגעקליבן די וואַנדערונג אויף מזרח און אַ נע־ונד לעבן, איידער בלייבן ביי די דייטשן. פונדעסטוועגן איז אין שטאָט געבליבן אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן. שווער צו פאַרשטיין די סיבות פון אַזאַ איבערבלייבן אין דער אָקופּירטער שטאָט, נאָר איינס איז זיכער: זי איז אַרויסגעדרונגען פונעם אייביקן יידישן אָפּטימיזם — „ס׳וועט נישט זיין אַזוי שלעכט, מענטשן רעדן מערער ווי עס איז״...

צווישן די יידן וואָס האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט טאָרנע, האָט זיך אויך געפונען אַ גרעסערע צאָל יידישע דאָקטוירים. די וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט, האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם יידישן שפּיטאָל, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין די באַדינגונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אַ טייל פאַרבליבענע דאָקטוירים האָבן באַשלאָסן אינגאַנצן ווידמען זיך דער שפּיטאָל־אַרבעט, די איבעריקע — נאָר טיילווייז.

דירעקטאָר פון שפּיטאָל איז געווען און פאַרבליבן ד״ר עוגעניוש שיפּער, אַ גלענצנדער כירורג, אויסגעצייכנטער דיאַגנאָזיסט, אַ גוטער ייד, וואָס האָט מיט זיין גאַנצן וועזן געוואָלט העלפן מענטשן. אויסער אים האָבן נאָך אין שפּיטאָל געאַרבעט די דאָקטוירים ד״ר לוסטיג און דער שרייבער פון די שורות. די אַנדערע, ווי כ׳האָב שוין באַמערקט, זענען געקומען אין שפּיטאָל טיילווייז מיטהעלפן אין דער אַרבעט און אַוועקגעגעבן פיל מי און כוח, אַז די דאָזיקע הילף זאָל זיין אַן עפעקטיווע. אַזוי איז דער נעסטאָר פון דער טאָרנער מעדיצין, ד״ר מאַרטשין בלאָך, שטענדיק גרייט געווען צו דינען מיט זיין גרויסער דערפאַרונג און מעדיציניִשער טעטיקייט אויף יעטוועדן רוף. ביי טאָג צי ביי נאַכט, אין יעדער צייט, פלעגט ער גיין אויף די ערטער וואו מען האָט אים גערופן און וואו ס׳האָט זיך געפאָדערט זיין מעדיציניִשע הילף.

אין אָנהויב האָט דאָס שפּיטאָל נישט געליטן פונעם מאַנגל אין מעדיקאַמענטן, צוליב די גענוגנדע זאַפּאַסן פון פאַרן קריג. ווען אָבער די דאָזיקע רעזערוון האָבן



ד״ר בערנאַרד טעסטע און זיין פרוי אסתר מיט זייער קינד. (איצט אין ניו־יאָרק — בעת דער מלחמה האָט יעדער פון זיי געלעבט באַזונדער אין אַן אַנדער דייטשן לאַגער און ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך געטראָפן אין טאָרנע).

זיך אָנגעהויבן אויסלאָזן, איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט אויף אַן אָפיציעלן אופן זיי צו דערגאַנצן. דאָס שפּיטאָל האָט געמוזט פירן אַ שווערן גערעאַנגל פאַר דעראָבערן די נויטיקע מעדיקאַמענטן, און הגם דער יודענראַט האָט זיך באַמיט צו העלפן, איז עס אַלץ געווען ווינציק. ווילנדיק־נישט־ווילנדיק האָט מען זיך געמוזט אָריענטירן אויף זעלבסטפאַרזאָרגונג פון די נויטיקע מעדיצינען און רעצעפּטן, און ווי אַלץ צו יענער צייט — איינשאַפן זיך דאָס אַלץ פונעם שוואַרצן מאַרק, פאַר גאָר הויכע פּרייזן. די שפּיטאָל־לייטונג האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז די כירורגיש־און אינערלעך קראַנקע וואָס האָבן דערצו די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען, דאַרפן צאָלן אַזויפיל, אַז דאָס זאָל דערמעגלעכן דעם קיום פונעם שפּיטאָל. אין פיל פאַלן האָט אַ רייכער ייד, אַ פּאַציענט פון שפּיטאָל, געמוזט צאָלן פאַר אויסהאַלטן צען אָרעמע קראַנקע.

מען דאַרף אונטערשרייכן, אַז דאָס יידישע שפּיטאָל האָט צוגעצויגן פיל פרייוויליקע און הילפס־גרייטע יונגע יידישע כוחות ואָס האָבן מיטן גאַנצן ברען געהאָלפן זייערע קראַנקע שוועסטער און ברידער. יונגע מיידלעך האָבן אַלס קראַנקן־שוועסטער און סאַניטאַרינס געאַרבעט אָפּטמאָל צו 16—18 שעה אין מעת־לעת, זייענדיק שטענדיק אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר אָנצושטעקן זיך מיט אַ פלעקן־אָדער בויך־טיפוס וואָס האָבן דעמאָלט געבושעוועט אין די געדיכט־באַוואוינטע יידישע קוואַרטאַלן. קיין שום זאַך האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן פון דערלאַנגען הילף די באַדערפטיקע אומגליקלעכע קראַנקע. כ׳וויל נישט דאָ אויסרעכענען די נעמען פון די אַלע געטרייע טעכטער אונדזער, ווייל דאָס דורכלאָזן דעם אָנמען פון איינער פון זיי (כ׳וואָלט געמוזט ציטירן פון זכרון), וואָלט געווען אַ שווערע עוולה לגבי יעדער פון זיי באַזונדער. די פאַרבליבענע טאָרנער יידן וועלן מיטן גרעסטן כבוד דערמאָנען דעם ליכטיקן אָנדענק פון די אומבאַקאַנטע העלדינס.

דאָס זעלבע באַציט זיך אויך צו די יונגע יידישע בחורים — לאַבאָראַנטן, סאַניטאַרן און פלעגער וואָס האָבן אַלע זייערע כוחות אַוועקגעגעבן אויף צו

דערהאַלטן דאָס שפּיטאָל. אַן דער מיטהילף פון די דאָזיקע יחידים, וואָלט קיין מעדיצינישע באַדינונג אין טאָרנע נישט געווען און גראָד אין דער סאַמע שווערסטער צייט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. ווער ווייסט צי מיר וואָלטן כאָטש איין וואָך אָנגעגאַנגען מיט אונדזער מעדיצינישער אַרבעט, ווען נישט די פרייוויליקע אַרבעט פון די יונגע כוחות.

אין יאָר 1940 האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ רייי רדיפות אויפן יידישן שפּיטאָל אין טאָרנע. אויף דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט, וואָס איז אינספּירירט געוואָרן דורכן דירעקטאָר פון אַלגעמיינעם („פּאָווּשעכני״) שפּיטאָל, אַן אוקראַינער, האָט מען ביי אונדז צוגענומען דעם ערשטן שטאָק און איבערגעלאָזט נאָר דעם פּאַרטער. לכתחילה איז געווען באַשלאָסן צוצונעמען ביי אונדז די גאַנצע געביידע, נאָר אַ דאַנק אַ גרויסן כאַבאַר דעם אויבנדערמאָנטן שפּיטאָל־דירעקטאָר, איז אונדז געלונגען איינצוהאַלטן דעם פּאַרטער, וועלכער איז פאַר אונדז געווען גאָר וויכטיק צוליבן רענטגען, אָפּעראַציע־זאַל און איבערבינד־זאַל וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. כדי אויפצונעמען די כסדר צוקומענדיקע קראַנקע, האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינאָרדענען אין זקנים־הויז וואָס האָט זיך געפונען נעבן שפּיטאָל. טאָג־טעגלעך פלעגט ווער פון די אוקראַינישע דעה־זאָגערס פונעם אַלגעמיינעם שפּיטאָל קומען צו אונדז אויף אַ באַזוך, כדי אָוועקצורויבן אַ ווערטפולן כירורגישן צי אַנדערן אינסטרומענט. יאָ, זיי האָבן געהאַט אַן אומגעשטילטן אַפּעטיט אויף צו רויבן יידיש האָב־און־גוטס!



דאָקטוירים און שוועסטער אינעם יידישן שפּיטאָל אין טאָרנע בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין יאָר 1941 זענען מיר אינגאַנצן באַזייטיקט געוואָרן פון דער געביידע פונעם יידישן שפּיטאָל און געווען געצוואונגען אַריבערצוגיין אינעם הויז פון מושב זקנים. ווער פון די טאַרנער יידן עס דערמאָנט זיך דאָס זקנים־הויז, קאָן זיך פאָרשטעלן אין אַ וואָסערע באַדינגונגען אונדז איז אויסגעקומען צו אַרבעטן. מיט גרויס שוועריקייטן האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ פּרימיטיוון אָפּעראַציע־זאַל און אַ קינפעטאָרין־זאַל, צופּאַסנדיק זיך צו די געענדערטע באַדינגונגען און אויסגעוואַקסענע באַדערפענישן. אין טאַרנע האָבן זיך דעמאָלט געפונען נישט נאָר יידן פון דער שטאָט גופא און דער גאַנצער סביבה, נאָר מיר האָבן געמוזט אויפנעמען קראַנקע יידן פון די אַרבעטס־לאַגערן ביי ראָזוואַדאָוו און אפילו פון סאַנדז. נישט געקוקט אויף די דאָזיקע טראַגישע באַדינגונגען, האָבן אַלע קראַנקע באַקומען מעדיצינישע און פלעגערישע הילף. אַ דאַנק דעם איז די שטערבלעכקייט געווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ קליינע. די אַמבולאַטאָריע און אַפּטייק זענען געווען אָפן אַ גאַנצן טאָג און הונדערטער פּאַציענטן האָבן באַקומען אומזיסטיקע מעדיצינישע הילף.

נאָך דער דריטער אויסזידלונג, ווען עס זענען געשאַפן געוואָרן די געטאָס א׳ און ב׳, איז דאָס יידישע שפּיטאָל באַזייטיקט געוואָרן פונעם זקנים־הויז און אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ הויז וואָס האָט זיך געפונען אויף דער שול־גאַס, אַנטקעגן דער מקוה. די דייטשן האָבן אונדז אויסגעזידלט פון דער געביידע — אָן אינסטרומענטן, אָן מעדיקאַמענטן. מ׳האָט געדאַרפט אָנהייבן פונדאָסניי. צו הילף זענען דעמאָלט געקומען די טאַרנער יידן י. שוועבער און שמולעק ווייץ, וועלכע האָבן אויסגענוצט זייערע באַציאונגען אויסערן געטאָ און באַזאָרגט אונדז מיט די סאַמע נויטיקסטע זאַכן וואָס האָבן דערמעגלעכט דאָס ווייטערדיקע באַדינען די קראַנקע. נישט לאַנג האָט עקזיסטירט דאָס דאָזיקע פּרימיטיווע שפּיטאָל, ווייל מיט דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ, האָבן די ס. ס. דערשאָסן אַלע קראַנקע און דאָס שפּיטאָל דעמאָלירט. פאַר דער קליינער צאָל פאַרבליבענע יידן איז געשאַפן געוואָרן אַן אַמבולאַטאָריע אויפן אויטאָבוס־פּלאַץ, וואָס האָט עקזיסטירט ביז דער לעצטער ליקווידאַציע פונעם רעשט טאַרנער יידן, וועלכע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין טויטנלאַגער קיין פּלאַשאָוו אָדער דערשאָסן געוואָרן אין דער שטאָט גופא.

אין יענער טראַגישער תקופה האָט דאָס יידישע שפּיטאָל אין טאַרנע דערפילט זיין אויפגאַבע. קיין שום קראַנקן ייד איז נישט אָפּגעזאָגט געוואָרן די נויטיקע מעדיצינישע הילף. הונדערטער קראַנקהייטן זענען אויסגעהיילט געוואָרן, דערונטער אויך אָנשטעקנדיקע. דאָס שפּיטאָל איז נישט נאָר געווען אַ מעדיצינישער צענטער, נאָר אויך אַן אַזיל פאַר צענדליקער יידן בשעת די אויסזידלונגען. יעדן אָוונט פלעגט דאָס שפּיטאָל־פּערסאָנאַל זיך צונויפזאַמלען, און איינער פון די יונגע סאַניטאַרן, ח. אָרגאַנד, וועלכער האָט געהערט ראַדיאָ לאָנדאָן, האָט איבערגעגעבן די לעצטע פראָנט־נייעסן און פּאָליטישע ידיעות. מען האָט זיך קעגנזייטיק אונטערגעהאַלטן און באַמיט זיך אַריינצוברענגען אָפּטימיזם, כדי צו האָבן כוח איבערצוהאַלטן און ממשיך זיין אונדזער וויכטיקע אַרבעט. פאַר דער גאַנצער צייט איז אונדזער אַרבעט געווען אַ שווערע און געפערלעכע. די אָפּעראַציעס וואָס מיר פלעגן אַדורכפירן, זענען פאָרגעקומען ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון קנאַלנדיקן

מאַשינגעווער מיט וועלכן די דייטשן פלעגן מאָרדן טאַרנער יידן אויפן נאָענטן בית־עולם, וואו טויזנטער אונדזערע ברידער און שוועסטער זענען אומגעקומען.

מיט די אויבנדערמאָנטע דערינערונגען איבערן טאַרנער יידישן שפּיטאָל האָב איך געוואָלט אָפּגעבן דעם געהעריקן כבוד די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן זייערע יונגע לעבנס מקריב געווען פאַרן כלל, ברענגענדיק הילף זייערע קראַנקע ברידער און שוועסטער.

**רחל פאַסטראַנג *)**

## רעפלעקסן

מיט פשוטע ווערטער, אָן באַפּוצונגען, וויל איך אַנטפּלעקן פאַר אייך מיין ווייטיק, וואָס איז בלויז אַ ברוכטייל פון די אַלגעמיינע פּיין און יסורים וואָס אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

כ׳האָב זיך אָפּגעראַטעוועט פון דער קריגס־זאַווערוכע. וועמען האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקן? מיין כוח, צי שוואַכקייט, אָדער גליק? האָט דען געקאָנט זיין אַ רייד וועגן גליק, נאָכדעם וואָס ס׳איז מיט אונדז פאָרגעקומען?

כ׳האָב נישט געקאָנט פאַרבלייבן אויף דער ערד וואו כ׳האָב אַזוי שטאַרק געליבט די, וועמען כ׳וועל שוין מער נישט זען, די, וואָס זענען אומגעקומען אויף אַזאַ שוידערלעכן אופן. יעדער שטיין דאָרט איז מיר אַ קבר, און די גאַנצע שטאָט — אַ בית־עלמין. איך בין אַוועק פון טאָרנע, אָבער די זכרונות און דערינערונגען ווילן נישט אַוועק פון מיר. די נאַכט וואָס גיט אַנדערע רו און שלוה, פאַרוואַנדלט זיך פאַר מיר אין אַ גהינום. פאַר מיינע אויגן רוקן זיך דורך בילדער־געשפּענסטער, וואָס גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן.

איך זע די אויסגעצערטע פּנימער פון די זקנים, די מיט שרעק דורכגענומענע אייגעלעך פון די קינדער, די הילפלאָזע מאַמעס און זייערע הענט פאַרבראָכענע אין פאַרצווייפלונג.

געצייכנט האָט מען אונדז, געצייכנט דורך די דייטשן מיט אָרעמבענדער. אַ ברודער האָט נישט געקאָנט העלפן אַ ברודער, אַ שוועסטער — אַ שוועסטער, אַ מאַמע — אַ קינד. מיר זענען דאָך אַזוי זינדיק ווי אַנדערע, פאַרוואָס דאַרפן מיר טראָגן די גאַנצע שולד?

מען האָט ביי אונדז צוגענומען דאָס טייערסטע, פאַרברענט דאָס הייליקסטע, באַרויבט פונעם בעסטן און שענסטן. די אַקציע פון פאַרניכטן אונדז האָט געדאַרפט דערפירט ווערן ביזן סוף. אַלעמאָל זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן נייע פאַראָרדע־נונגען, וואָס האָבן נאָך מער באַשווערט דאָס סיי ווי שווערע לעבן.

עס זענען געקומען די צייטן פון געטאָ.

מ׳האָט אונדז פאַרמאַכט אין אַן ענגן שטח, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן, אַרומגעשטעלט מיט דייטשע און פּוילישע פּאַטראָלן פונדרויסן. דאָס געטאָ

*) געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1952. איבערגעלעבט אין טאָרנע דאָס היטלערישע גיהנום.

איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גהינום ביים לעבן. אין יעדן צימער — עטלעכע משפּחות. נישט געווען קיין אָרט פאַר אַלע, האָט מען מעבל צעבראָכן און פאַר־ברענט, כדי יעדן אָפּצוגעבן עטלעכע ברעטער, ער זאָל קאָנען ביינאַכט אַוועקלייגן זיינע מידע גלידער. ערשט דעמאָלט האָבן מיר פאַרשטאַנען ווי ווייניק מען דאַרף האָבן צום לעבן... איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן אין פיינלעכער שטילקייט, אונדזער פאַרנעפּלטער בליק, ווי די געדאַנקען, האָבן געוואָלט עפּיס פאַרשטיין פון דעם אַלעמען. דאָס לעבן איז שוין גאָרנישט געווען אַזוי טייער, מען האָט געוואַרט אויף אַ וואָס שנעלערן סוף.

עס איז געקומען די ערשטע אויסזידלונג. יעדער האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן. די ביידעמער און קעלערס זענען געווען איבערפולט. ברעטער פון פּאָדלאָגעס האָט מען אויסגעריסן, אַבי זיך באַהאַלטן. מען האָט געגלויבט און זיך איינגערעדט, אַז דאָס זענען די לעצטע שעהן פון די דייטשן, אַז אויף די פראָנטן כאַפּן זיי קלעפּ און דערפאַר ווילן זיי אָן אונדז זיך נוקם זיין. די איבעריקע האָבן געמוזט אַוועק אויפן פּלאַץ. דאָ האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט אין אַ פירעק און געציילט. כדי דער פּאַראַד זאָל זיין אַ פולקאָמער, האָט מען אונדז מושטרירט. מיר האָבן געמוזט מאַרשירן מיט דער רעכטער האַנט אינדערהייך, וועלכע האָט קראַמפּהאַפט געהאַלטן די „יודענקאַרטע". ווען מיר אַלע זענען שוין געווען אין באַוועגונג, האָט מען אויף אונדז אָנגערייצט הינט, וועלכע האָבן אַמאָל ארויסגעוויזן מערער רחמנות פון זייערע באַלעבאַטים. איין באַוועג מיטן פינגער האָט אַנטשידן וועגן פאַר־לענגערן אונדזער לעבן אָדער שיקן צום טויט. און אַזוי האָט מען אונדז צעשיידט — מענער פון פרויען, ברידער פון שוועסטער. און אַמטרויעריקסטן איז געווען דאָס בילד פון די קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך אָנגעהאַלטן אָן דער מאַמעס קלייד, גלייך זיי וואָלטן געשפּירט די גרויליקייט פון מאָמענט, אָדער די וואָס האָבן אַרומ־שפּאַצירט צווישן זייערס גלייכן כדי צום לעצטן מאָל זיך אָנצוקוקן מיט דער דאָזיקער וועלט.

יונגע מאַמעס האָבן פון זיך אָפּגערוקט זייערע קינדער, כדי צו קאָנען אָנגיין ווי איינזאַמע אַרבעטספעאיקע פרויען. אַן אינטערעסאַנט געפיל איז דעמאָלט געבוירן געוואָרן ביי איינזאַמע בחורים: זיי האָבן זיך צוגעאייגנט די אָפּגעשטויסענע קינדער און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען אויף קידוש־השם.

עס וועט קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון זכרון דאָס בילד פונעם טאָרנער מאַרק, וואו אין איינעם אַ זומער־טאָג האָט מען צונויפגעטריבן טויזנטער יידן אויפן וועג צום אומקום. די זון האָט אומברחמנותדיק געבאַקן מיט אירע הייסע שטראַלן, גלייך זי וואָלט געהאָלפן דעם שונא אונדז שווער מאַכן די לעצטע מינוטן פון לעבן.

גלייך ביים אַריינגאַנג אויפן מאַרק איז געלעגן אַ גאַנצער קנויל קליינע קינדער, איינגעוויקלטע אין קישעלעך, איינס אויפן צווייטן. עס האָט זיך געהערט זייער דערשטיקט געוויין. אַביסל ווייטער זענען געשטאַנען די אַלטע לייט, וועמען מען האָט געצוואונגען אָנצוטאָן טלית און תפילין. און כדי די מערדער זאָלן זיך נישט לאַנגווייליקן, האָט מען די זקנים געהייסן טאַנצן, שלאָגנדיק זיי דערביי אָן רחמנות. אַנטקעגן די צעטאַנצטע אַלטע לייט האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען די יוגנט און געשאָסן אין די קעפּ וואָס זענען געווען העכערע און אַרויסגעשטאַרט איבער

די רייען. די פֿאַרחלשטע פֿון אַזעלכע דערשיטערנדיקע בילדער האָט מען אַרויפֿ־געוואָרפֿן אויף לאַסט־אויטאָס און זיי אַוועקגעפֿירט, אויף קיינמאָל מער נישט צוריקצוקומען.

אַזוי איז אומגעקומען מיין גאַנצע פֿאַמיליע. כ׳האָב זיי אַלע פֿאַרלוירן. כ׳האָב זיי אַלע געזען ווען זיי זענען קוים עטלעכע מעטער פֿון מיר אַדורכגעשפּאַנט אין רייען אויפֿן לעצטן וועג. כ׳בין צו זיי צוגעלאָפֿן, געוואָלט אַרומנעמען און צוטוליען צו זיך די מיר נאָענטע מענטשן. אויף אַ ברוטאַלן אופֿן בין איך אָפּגעשטופּט געוואָרן און באַקומען קלעפּ. שטאַרקע קלעפּ. דעמאָלט זענען אַלע פֿאַראורטיילטע מיר געוואָרן נאָענט און אייגן

מיר, דאָס קליינע הייפֿל איבערגעבליבענע יידן, זענען דען פֿעאיק צו לעבן, אָדער אַרויסברענגען פֿון זיך אַ שמייכל?

מיר שטייען אויפֿן שיידונג. וואו אויסגעפֿינען דעם ריכטיקן וועג צווישן דעם לאַבירינט פֿון סטעזשקעס און שטעגן?

פּאַריז 1948.

ד״ר דוד אייכענהאלץ

## מיין שטאט — א בית-הקברות

צי ווייסט איר, אַז טאָרנע, אונדזער שטאָט, איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה כמעט ווי גישט באַשעדיקט געוואָרן? ס׳שטייען דאָרט ווייטער די הייזער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן וואָס סיי יידן האָבן אין משך פון דורות אויפגעבויט. ווי פריער ציען זיך די לאַנגע גאַסן, אָנהויבנדיק פון קראַקאָווסקע איבער דער וואַלאָווע ביזן פילזנער טויער און לוואָווסקע. עס שטייען פעסט די אַלטע מויערן, דאָס אַלטע ראָטהויז, מיט וועלכן טאָרנע פלעגט שטענדיק שטאָלצירן, אַ גאַנצע ריי קירכן מיט שפּיציקע הויכע טורעמס, עס זענען אויך גאַנץ געבליבן אַלע פאָלקסשולן און גימנאַזיעס מיט וועלכע עס זענען פאַרבונדן אונדזערע קינדער־זכרונות.

עס פעלן בלויז די קנאַפּע דרייסיק טויזנט יידן, טאָרנער יידן, דער אַמאָל אַזוי שטאַרקער, רירעוודיקער און שטאָלצער מענטשן־קיבוץ, וואָס האָט מיט פלייס און אויסדויער געווירקט, געאַרבעט און געשאַפן גייסטיקע און מאַטעריעלע ווערטן. ס׳פעלט די נייע שול מיט איר קאָפּול וואָס האָט זיך געזען מיילנווייז. ס׳זענען אויך פאַרשוואונדן די אַלטע שול, די דבורה מענקעס שול, די בתי־מדרשים און מנינים, וואָס דייטשע צינדער האָבן פאַרברענט אין די ערשטע מלחמה־וואָכן, פונקט ווי זיי האָבן אין אַש פאַרוואַנדלט דעם גאַנצן יידישן שטח פון שטאָט וואו ס׳האָט זיך געפונען דאָס געטאָ.

ווי מיט אויסגעשטאָכענע אויגן שטייען די פאַבריקס־געביידעס אויף לערע אָפּגעברענטע פלעצער — מצבות נאָכן אויסגעשאָכטענעם יידישן ישוב. אויב דער וועג פאַרפירט אייך אויפן פיש־פּלאַץ, דערזעט איר גלייך אַ מאָדנע מצבה וואָס איז דאָ איבערגעבלעבן פון דער אַלטער שול. דאָס איז דער בעלעמער פון דער אַלטער שול, וואָס שטיצט זיך עד היום אויף פיר פילאַרן, און האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון די פייער־פלאַמען. די דייטשן האָבן אים דערנאָך נישט צעשטערט, הגם זיי זענען אָפט געווען אויף דעם שטח. דער איבעריקער טייל בעלעמער איז פאַרוואַקסן מיט גראָז, ווי אַן אַלטע גרויסע בכבודיקע מצבה...

פון אַ באַקומענער פאָטאָגראַפיע וואָס שטאַמט פון דייטשע קוועלעס, זעט מען ווי די ברוינע באַנדיטן טרייבן פונעם זקנים־הויז אויפן בית־עולם אַלטע יידן, כדי זיי דאָרט אומברענגען. צווישן די מצבות זעט מען אויך די טראַגישע געשטאַלטן פון די צום טויט־פאַרמשפטע, וואָס שלייכן זיך ווי שאָטנס אין זייער לעצטן אָטעם־

צוג. יאָ, די דייטשע בלוטדורשטיקע בעסטיע האָט בירושה איבערגעלאָזט אַ דאָקו־מענט פון איר אויפשוידערנדיקער אכזריותדיקייט.

אַז איר גייט אַזוי איבער טאַרנער גאַסן, איבערצייגט איר זיך וואָס אַמאָל מערער, אַז בעת רעד גרויזאַמסטער מלחמה האָט, אייגנטלעך, געברענט, געליטן און איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן בלויז אונדזער יידישע טאַרנע. און פונקט ווי אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, דערשיינט פאַר אונדז טאַרנע ווי אַ בית־הקברות, אַ קופּע שטיינער, אַ באַרג חורבות.



דער בעלעמער פון דער צערשטערטער אַלטער שול אין טאַרנע פאַרוואַקסן מיט גראָז

לזכר עולם

# יזכור

אלהים את נשמות קדושי טרנוב
עם נשמות אחיהם שנהרגו על
קדוש השם

הי״ד

ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳

ד״ר א. כאמעט

# טארנער יידן אין דער וועלט

גאַליציע, פונקט אַזוי ווי רוסלאַנד און רומעניע, האָט געהערט צו די לענדער, וואָס האָבן אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער עמיגראַציע־באַוועגונג אין די אייראָפּעאישע און מעבר־לימדיקע לענדער. אָבער בעת אין רוסלאַנד און רומעניע, האָבן אויסער די עקאָנאָמישע סיבות, געטריבן צו עמיגראַציע אויך די פּאָליטישע אונטערדריקונג, איז אין גאַליציע, וואו יידן האָבן גענאָסן פון פאָרמעלער גלייכבאַרעכטיקונג, די עיקרדיקע סיבה פאַר עמיגראַציע געווען דער ווירטשאַפטלעכער מאָמענט, די טיפּישע אָרעמקייט פונעם גאַליצישן יידנטום.

כדאי אונטערצושטרייכן, אַז לויט דער ציילונג פון דער באַפעלקערונג וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פּוילן אין יאָר 1921, איז אויף דער אַלגעמיינער צאָל




די ערשטע אזכרה פון טאָרנער יידן אינעם יאָר 1946 אין אויגסבורג (דייטשלאַנד)

27,192,674 איינוואוינער, געווען 2,829,456 יידן, ד. ה. 10,41%. אָבער אין דער עמיגראַציע־טאַבעלע פון די יאָרן 1928—1920, איז אויף דער אַלגעמיינער צאָל עמיגראַנטן פון פוילן — 214,314 — אויסגעפאַלן 144,110 יידן, ד. ה. 67,24%. אמת, אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געפאַלן די צאָל יידישע עמיגראַנטן, דער עיקר צוליב די אויסגעוואַקסענע שוועריקייט ביים באַקומען וויזעס אין פאַרשידענע אימיגראַציע־לענדער. פונדעסטוועגן האָבן אין די יאָרן 1938—1928 אויסגעוואַנדערט פון פוילן, לויט אָפיציעלע אָנגאַבן, אַן ערך 200,000 יידן.

אין דעם דאָזיקן עמיגראַציע־פּראָצעס האָבן נישט פאַרפעלט קיין טאַרנער יידן. זיי האָבן עמיגרירט קיין צפון־אַמעריקע, דייטשלאַנד, אַרגענטינע, פראַנקרייך, בראַזיל, ארץ־ישראל, קאַנאַדע און אַנדערע לענדער. טאַרנער יידן האָט מען געקאָנט טרעפן אין אַלע עקן וועלט.

## ישראל

היינט־צו־טאָג זענען טאַרנער יידן אין ישראל אָנגעשלאָסן אינעם „ארגון יוצאי טרנוב", מיט אָפּטיילונגען אין תל־אביב, חיפה און ירושלים. בראש פונעם ארגון שטייט דער פון אַלע געשעצטער מנהיג פון טאַרנער יידנטום, ד״ר שמואל שפּאַן, דינענדיק דער אַלגעמיינער זאַך מיט זיין ענערגיע און איבערגעגעבנקייט. טאַרנער יידן אומעטום בעטן אויף זיין געזונט און ווינטשן אים אריכות ימים.



צוזאַמענפאָר פון טאַרנער יידן אין אולם (דייטשלאַנד) אין יאָר 1947 — פאַרבונדן מיט אַ יזכור־פייערונג.

וועגן דער ברייט־פאַרצוויַיגטער טעטיקייט פון ארגון יוצאי טרנוב בישראל זאָגן עדות די באַזונדערע באַריכטן פון די סניפים. אהרון אכלער, איינער פון די טעטיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אין דער טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין חיפה, שרייבט פאָלגנדעס:

„מיטן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה האָבן אין לאַנד אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע פּליטים, צווישן זיי אויך יידן פון טאַרנע. עס איז אַנטשטאַנען אַ נויטווענדיקייט צו העלפן די געראַטעוועטע יידן, באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט, אַ וואוינונג, געבן קליינע הלוואות און בכלל אַוועקשטעלן זיי אויף די פיס. די דאָזיקע הומאַניטאַרע אויפגאַבן האָבן גענומען אויף זיך איינצלנע מענטשן און איבער זייערע כוחות געטאָן אַלץ, כדי צו העלפן די נויטבאַדערפטיקטע. אברהם שעדליס־קער, דב זינגער און דער שרייבער פון די שורות — (אהרון אַכלער — רעד.) — האָבן מיט אַ סך גוטן ווילן און ליבשאַפט געווידמעט זיך דער דאָזיקער אַרבעט אין באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען זי אין אַן אָרגאַניזאַציע.




די פאַרוואַלטונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פון טאָרנער יידן אין חיפה



טאַרנער יידן אין חיפה אויף אַ פורים־נשף אין יאָר 1954

מען איז באַלד צוגעטרעטן צו אַ קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פון העלפן די נויטבאַדערפטיקע און איינגעשטעלט די נויטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. מיר האָבן אויך געפונען פאַר נויטיק אויפשטעלן ענלעכע קאָמיטעטן אין תל־אביב און אין ירושלים. אין משך פון אַ גאָר קורצער צייט האָבן מיר זיך איבערצייגט ווי ווייט נויטווענדיק עס איז געווען דאָס אויפשטעלן אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אויף צו העלפן טאָרנער יידן.

ווי נאָר ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער גרויסער יידישער טראַגעדיע, האָבן מיר אָנגעהויבן די אַרבעט פון אויפזוכן די לעבן־געבלי־בענע פליטים אין רוסלאַנד, קפריסין און אַנדערע ערטער. מיר האָבן געזאַמלט קליידער, איינגעקויפט אויך נייע, סוועטערס און שיך, צונויפגעשטעלט פעקלעך און געשיקט דאָרט אַהין, פונוואַנעט עס זענען געקומען ווענדונגען נאָך הילף. דער עיקר האָבן מיר געשיקט קאַסטנס מלבושים קיין קפריסין, אויפן אַדרעס פון דער סוכנות, מיט דער בקשה זיי זאָלן פאַרטיילט ווערן צווישן טאָרנער. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן מיר געהאַט פיל סאַטיספאַקציע וואָס האָט אונדז דערמוטיקט צו ווייטערדיקער טעטיקייט.

## תל־אביב

דער סעקרעטאַר פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין תל־אביב, א. הו״ס (הודעס), שרייבט אין זיין באַריכט:

„אינעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון דער גרויסער יידישער שטאָט תל־אביב האָבן אויך אָנטייל גענומען טאָרנער יידן, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַריין

מיט אַלע עליות פון פוילן. טאַרנער יידן האָבן זיך אין אַ געגוג גרויסער צאָל באַזעצט אין תל־אביב און פאַרנעמען אַ בכבודיקן פלאַץ אויף אַלע געביטן פון אויפבוי־ טעטיקייט, אַלס אַרבעטער, סוחרים, פקידים, ליטעראַטן, קינסטלער און פובליציסטן.

אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן טאַרנער לאַנדסלייט אין ישראל, צוערשט אין חיפה, אָנגעהויבן אַ הילפס־טעטיקייט לטובת טאַרנער יידן, וואָס זענען געבליבן אין דער אַלטער היים אָדער געפּירט אַ שווער פּליטי־לעבן אין רוסלאַנד. באַלד נאָך חיפה איז אַנטשטאַנען אַ טאַרנער לאַנדס־ מאַנשאַפט אויך אין תל־אביב. אין דער וואוינונג פונעם חשובן עסקן און באַוואוסטן כלל־טוער חיים הערש ליכטבלאו, איינער פון די גרינדער פון „אהבת ציון" אין טאַרנע אין יאָר 1896, וועלכער איז נאָך אין יאָר 1925 עולה געווען קיין ארץ ישראל מיט זיין גאַנצער משפחה און פייערט האָיאָר זיין 85־טן געבורטס־טאָג — עד מאה ועשרים — איז פאָרגעקומען די ערשטע גרינדונגס־צוזאַמענקונפט פון עטלעכע טאַרנער לאַנדסלייט, אויף וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען פון חיפה, די פריינט ד"ר שמואל שפּאַן, אברהם שעדליסקער, בעריש זינגער, אהרון אַכלער, און פון תל־אביב: יעקב ריינהאָלד ז"ל (געשטאָרבן אין יאָר 1950 אין תל־אביב), אברהם כהנא, יעקב בינענשטאָק, קאָרנילאָ און אַנדערע. די לאַנדסמאַנשאַפט אין




די פאַרוואַלטונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פון טאַרנער יידן אין תל־אביב



טאַרנער יידן אויף אַן אזכרה אין תל־אביב אין יאָר 1952



די יזכור־פייערונגען אין תל־אביב אין יאָר 1951

אויף דער רעפּרעזענטאַנץ־טריבונע זיצן פון רעכטס אויף לינקס: דניאל לייבל, חוה כשר, לעאָפּאָלד שינאַגעל ז"ל, חיים הערש ליכטבלאו, אליעזר הודעס, ד"ר שמואל שפּאַן, ד"ר אברהם כאַמעט, ד"ר דוד נייגער, א. בראַנדשטעטער, אברהם כהנא, דב זינגער.



טאַרנער יידן אויף דער אזכרה אין תל־אביב אין יאָר 1951



טאַרנער יידן אויף דער אזכרה אין תל־אביב אין יאָר 1952

תל־אביב האָט זיך באַמיט צו העלפן די נויטבאַדאַרפטיקע טאַרנער לאַנדסלייט און לויט אירע כוחות געפירט אַ נוצלעכע טעטיקייט.

נאָך דער לעצטער מאַסן־עליה, ווען ס׳איז אָנגעקומען די שארית הפליטה פון טאַרנער יידן, האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל טאַרנער לאַנדסלייט אין תל־אביב און סביבה און נאָך עטלעכע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו רעאָרגאַניזירן דעם „ארגון יוצאי טרנוב״. ס׳איז געווילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַל־טונג, וועלכע האָט מיט דער צייט אַרומגענומען אַ גרעסערן אַקטיוו טאַרנער לאַנדסלייט — ותיקים און עולים חדשים — וואָס שפּאָרט נישט קיין צייט און אַרבעט פאַרן אירגון. מיט דער טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין תל־אביב פירט אָן אַ פאַר־וואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: ר׳ חיים הערש ליכטבלאו — ערן פרעזעס — ד״ר אברהם כאַמעט (חומט), פּאַרזיצער, — אליעזר הדס (הודעס), סעקרעטאַר, שמעון רייך, קאַסירער, — און פאַרוואַלטונגס מיטגלידער: זעליג פליישער, חיים שאָפּ, אברהם רובין, דוד שיף, חיים זאַוואַדער, חיים הערצבערג, נתן ראָזענפעלד, יעקב בינענשטאָק, דניאל לייבל, דבורה אברמוביץ (הורביץ), אברהם כהנא, אהרון ריין, חיים פעפער און ליפאַ פאַנער.

דער אירגון אָרגאַניזירט יעדעס יאָר אין כ״ו סיון צו דער יאָרצייט פון דעם אומקום פון טאַרנער יידנטום אַ אזכרה־פייערונג, אין וועלכער עס נעמען אָנטייל כמעט אַלע טאַרנער לאַנדסלייט פון תל־אביב און סביבה. אין דעם טאָג, ווען עס פאַרזאַמלען זיך הונדערטער טאַרנער לאַנדסלייט צו דער אזכרה, — פאַרייניקן



די אזכרה אין תל־אביב אין יאָר 1952

אויף דער רעפּרעזענטאַנץ־טריבונע פון רעכטס אויף לינקס: חיים הערש ליכטבלאו, אליעזר הודעס, ד״ר אליהו טיש, ד״ר ישעיהו שפּירא, ד״ר אברהם כאַמעט, דניאל לייבל, אברהם כהנא און א. בראַנדשטעטער.

מיר זיך און דערמאָנען די הייליקע נשמות פון אונדזערע טייערסטע, וואָס זענען אומגעקומען אין דער שרעקלעכער מלחמה על קדוש השם. שעהן לאַנג נאָך פאַר דער פייערונג שטייען אויף דער גאַס פאַר דעם גרויסן זאַל פון בית חלוצות אויף דער קינג דזשאָרדזש אין תל־אביב, טאַרנער לאַנדסלייט און מען דערציילט זיך זכרונות פון יענע יאָרן... ווען מען האָט געאַרבעט און געווירקט אין דער שיינער יידישער שטאָט טאַרנע, וואָס איז מער נישטאָ. די פאַרוואַלטונג האָט אויך איינגעאָרדנט עטלעכע פאַרווייַלונגס־אָוונטן, וועלכע האָבן צונויפגעזאַמלט טאַרנער יידן פון אַלע עקן לאַנד.



די פאַרוואַלטונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פון טאַרנער יידן אין ירושלים
ערשטע ריי פון לינקס אויף רעכטס: ד״ר הענריק גרינבערג, ד״ר וואָלף מאַנדעל, חנא פעססעל. צווייטע ריי פון לינקס אויף רעכטס: מ. שטיגליץ, י. פייג, יונה שניידער.

## פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אמעריקע

אין די פאַרייניקטע שטאַטן געפינט זיך אַ גרעסערע קאָלאָניע טאַרנער יידן. שוין אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָט קיין אַמעריקע אָנגעהויבן שטראָמען אַ יידישע עמיגראַציע פון גאַליציע. ווייזט אויס, אַז טאַרנער יידן האָבן דאָרט געמוזט עמיגרירן נאָך פריער, וועגן וואָס עס זאָגט עדות דער ווייטערדיקער אַרטיקל פון הלל ראָגאָף, רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״, אָפּגעדרוקט דאָרט אין דעצעמבער 1953, וואו עס ווערט געבּרענגט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע וועגן טאַרנער ייד דורסט, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין די קאַמפן מיט די דרום־שטאַטן אין יאָר 1861. מיר ברענגען דאָס אַרטיקל אינגאַנצן, איבערלאָזנדיק די אָרטאָגראַפיע פונעם מחבר:



דער קאָמיטעט פון „טאַרנער לאַנדסלייט אין אמעריקאַ״ אין יאָר 1953
ערשטע ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: ס. זילבערמאַן, ל. ענדער, א. וועגער, ר. האַמער,
ס. געלערנטער, ה. דזשייקאָבס, י. אדלער. צווייטע ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס:
י. פאַסטערנאַק, א. קאָרן, פרוי קאָרן, ב. וואָלף, פרוי וואָלף, ס. לאובער.

„אַ צווייטער אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַ אידען, וואָס ווייזט אַרויס אַ זעלטענע פריינטשאַפט צו יוניאָנס און צו סטרייקער, איז דער אידישער אימיגראַנט וויליאַם דורסט פון דער שטאָט טאַרנאָוו, אין גאַליציע.

ער איז אָנגעקומען אין פילאַדעלפיע אין די ערשטע טעג פון יאָר 1861, ערב דעם בירגער־קריג, און מיט איין מאָנאַט שפּעטער האָט אָט דער אידישער אימי־גראַנט וואָלונטירט אין דער נעיווי פון דער רעפּובליק געגען דעם בונט פון דער סאַוט. און עס איז געווען דער גורל פון׳ם איד פון טאַרנאָוו צו ווערען אָנגעשלאָסען אין דער מאַנשאַפט פון דער היסטאָרי׳שער קריגס־שיף „מאָניטאָר״, וועלכע האָט שפּעטער געפירט אַ שלאַכט ביי ווירדזשיניע מיט דער קריגס־שיף „מערימעק״, פון דער קאָנפעדעראַציע פון די דרום־שטאַטען. אין דער אַמעריקאַניש־געשיכטליכער ליטעראַטור אויף אידיש איז פאַראַן אַ שילדערונג פון די צוויי קריגס־שיפן און פון זייערע שלאַכטען, אין די בענדער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטען פון הלל ראָגאָף; און אַ שילדערונג פון דער ראָל פון וויליאַם דורסט אין יענע שלאַכטען געפינט מען אין דער געשיכטע פון פילאַדעלפיער אידען, פון הענרי סעמועל מאָרעין. די געשטאַלט פון דעם גאַליציאַנער וויליאַם דורסט איז פון אַ מערקווירדיגען העלד. ער איז געוואָרען באַליבט ביי די שלאַכט־קאָמאַנדירען אויף דער שיף „מאָניטאָר״, און דער אַדמיראַל פון דער יונאַיטעד סטעיטס נעיווי האָט אים שפּעטער געווידמעט זיין בוך „די געשיכטע פון דער שיף״, אין וועלכן עס ווערט אויך דערציילט ווי אַזוי וויליאַם דורסט איז געראַטעוועט געוואָרן בעת די שיף איז געזונקען געוואָרן אין ים, און ווי אַזוי ער איז באַלד אַוועק צום דינסט אויף אַ צווייטער שיף, וועלכע האָט זיך באַטייליגט אין די שלאַכטען ביי טשאַרלסטאָן, סאַוט־קאַראָליינאַ.

ער איז פאַרבליבן אויף די קריגס־שיפען ביז דער בירגער־קריג איז אינגאַנצען אַריבער. דאַן איז ער אַהיים געקומען אין פילאַדעלפיע. מיט זיין גרויסן פּרעס־טיזש האָט ער, אַ צוויי יאָר שפּעטער, זיך געשטעלט העלפען אַ סטרייק פון פילאַדעלפיער מאַטראַזען אויף פּריוואַטע האַנדעלס־שיפען, הגם דער סטרייק איז אין שטאָט געווען אומפּאָפּולער. ער פלעגט געהן מיט די סטרייקער זונטאָג צו די קירכעס, און זיי פלעגען אָפּשטעלען קירכען־געהער צו ערקלערען זיי, אַז די סיסטעם ביי מאַטראָזן־אַרבייט איז ווי פון געקויפטע קנעכט. און ער פלעגט אויפטרעטען מיט אַרעסטירטע סטרייקער אין די פּאָליציי־געריכטען. און ווען אַ פּאָליציי־ריכטער האָט אים אַ פרעג־געטאָן וואָס פאַר אַן אינטערעס ער האָט אין דעם סטרייק, האָט ער אָפּגעענטפערט: „דעם זעלבען אינטערעס, וואָס איך האָב געהאַט ביים שטעלען זיך אין דינסט פאַר דער רעפּובליק בעת דעם בירגער־קריג״...

וועגן די באַציאונגען, געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און פאַרבינדונגען צווישן די טאַרנער יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן דערציילט דער צוגעשיקטער באַריכט פון נ י ו ־ י אָ ר ק, פון דער דאָרטיקער לאַנדסמאַנשאַפט:

## די טארנער ארגאניזאציעס אין ניו יארק

מיטן אָנהייב פון דער מאַסן־אימיגראַציע קיין אַמעריקע אין די 90־קער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן לאַנדס־מאַנשאַפטן און „סאָסייטיס״.




טאַרנער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק אויף דער אזכרה אין יאָר 1954
פון רעכטס אויף לינקס: ס. בערגער, ב. וואָלף, פּ. ראָט, ד"ר שמואל מאַרגאָשעס, הרב אהרן צימעטבאום, ש. געלערנטער, ר. האַמער, הײמאַן דזשײקאָבס, י. אַדלער, חזן שמואל פּאַסטאַלאָוו, אברהם װענגער.

דער יחיד האָט זיך געפילט איינזאַם אין דער נייער וועלט, בפרט אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואו די מערסטע יידישע אימיגראַנטן האָבן זיך אָפּגע־שטעלט, האָבן די לאַנדסמאַנשאַפטס־אָרגאַניזאַציעס אַ סך געהאָלפן דעם נייעם יידישן אימיגראַנט. אין דעם לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריין האָט זיך יעדער יחיד געפילט היימיש. דאָ האָט מען גערעדט פון דער אַלטער היים און דורך אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריין האָט מען אויך אַמאָל געקאָנט קריגן אַרבעט ביי אַן „אויפגעאַרבעטן" לאַנדסמאַן.

אין יענע יאָרן האָט זיך אויך געגרינדעט דער ערשטער טאַרנער פאַריין, וואָס איז שוין היינט אַלט 65 יאָר און וואָס טראָגט דעם נאָמען:

„Independent Tarnower Kranken Unterstitzung Verein"

דער טאַרנער פאַריין האָט זיך געפירט ווי די מערסטע פראָטערנאַלע אָרגאַ־ניזאַציעס אין אַמעריקע, און האָט באַזאָרגט זיינע מיטגלידער מיט קרקע אויף זיין אייגענעם בית־הקברות, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן.

מיט אַ 20 יאָר שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע מיט אַ יונגערן עלעמענט.

דער נייער אימיגראַציע שטראָם האָט געבראַכט יונגע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט זיין אין איין אָרגאַניזאַציע מיט די עלטערע לאַנדסלייט, און האָבן געגרינדעט אַ נייע טאַרנער אָרגאַניזאַציע פון יונגע אימיגראַנטן פון טאַרנע מיטן נאָמען: First Tarnower Young Mens Benevolent

די דאָזיקע „יאָנג מען" זיינען היינט אויך שוין נישט אַזוי יונג. זיי האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק געפייערט מיט אַ באַנקעט זייער 45־יאָריקן־יובילײ.

צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ סך יידן, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין ניו יאָרק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די „טאַרנער יאָנג מענ׳ס בי סי" האָט געטאָן אַ סך אַרבעט פאַר איר היים־שטאָט טאַרנע.

נאָך אין יאָר 1918 האָבן די טאַרנער לאַנדסמינשאַפטן געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין טאַרנע צו העלפן די יידן, וואָס האָבן געליטן פון דער וועלט־מלחמה.

די נייע יידישע אימיגראַנטן פון טאַרנע האָבן זיך צוגעטוליעט צו דער טאַרנער יאָנג מענס. זיי האָבן דורך דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע געהאַט מער ידיעות פון זייער היימשטאָט טאַרנע און געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט זייערע קרובים און פריינט פון דער אַלטער היים.

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געטאָן הילפס־אַרבעט אויף אַ באַשיידענעם אופן און אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער היים־שטאָט, ביז עס איז געקומען דאָס שוידערלעכע יאָר 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־שחיטה און די היטלער רוצחים האָבן פאַרכאַפּט פוילן.

אין יאָר 1945 האָט אַ גרופּע „יאָנג מענס", וואָלף, וועגנער און דזשייקאָבס אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן בלויז מיט הילפס־אַרבעט. אַזוי אַרום איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען: Relief Committee for Tornow and Vicinity וואָס האָט געטאָן זייער גוטע אַרבעט ביז דעם יאָר 1951.



דער קאָמיטעט פון „טאָרנער לאַנדסלייט אין אַמעריקא״
ערשטע ריי זיצנדיק פון רעכטס אויף לינקס: ל. קראַנץ, ר. האַמער, פ. ראָט, הרב אהרן צימעטבאום, ה. דזשייקאָבס, פ. שפריי. — צווייטע ריי שטייענדיק פון רעכטס אויף לינקס: מ. ליס, ל. ענדער, ס. זילבערמאַן, י. אַדלער, ש. געלערנטער, ה. שפריי. — דריטע ריי פון רעכטס איף לינקס: ב. הירש, ב. וואָלף, א. ווענגער, א. קאָרן, ס. לאובער.



טאַרנער יידן אין ניו־יאָרק נאָך דער יזכור־פייערונג אינעם יאָר 1954

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדע מיטגלידער:

ה. קליינהענדלער (ע״ה) — פרעזידענט, ר. האַמער, וויצע־פרעזידענט, י. וואָלף, פינאַנץ סעק. ח. דזשייקאָבס, קאָרעספּ. פאַר אויסלאַנד, ה. שפריי, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, ל. קראַנץ — 2־טער וויצע פרעזידענט, א. וועגנער, קאַסירער, ד. ראָט, פּובליסיטי.

מען האָט אַריינגעצויגן אין דער הילף אַרבעט אַ סך טאָרנער לאַנדסלייט, וועלכע זענען נישט געווען אָנגעשלאָסן אין דער „יאָנג מענ׳ס" אָרגאַניזאַציע.

דער רעליף־קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט מער ענערגיע. די מיטגלידער פון קאָמיטעט, ווי: קליינהענדלער ע״ה, וועגנער, האַמער און אַנדערע, האָבן געזוכט טאָרנער לאַנדסלייט, געקלאַפּט אין די טירן און געבעטן געלט צו ראַטעווען די לעבנגעבליבענע פון אונדזער בלוט און פלייט.

צווישן די מיטגלידער וואָס האָבן ענערגיש געאַרבעט אין דעם קאָמיטעט דאַרפן באַזונדערס דערמאָנט ווערן די צוויי מיטגלידער — חיים דזשייקאָבס און יוסף וואָלף. דזשייקאָבס האָט אויף זיך גענומען די הייליקע מיסיע אויפצוזוכן אַלע לעבנגעבליבענע טאָרנער יידן. ער האָט נאָכגעפאָרשט די ליסטן, וואָס די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע האָבן דערהאַלטן, און ער האָט אויך נאָכגעקוקט די ליסטעס מיט די נעמען, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין די יידישע צייטונגען. און ווי נאָר ער האָט געפונען אַ נאָמען פון אַ טאָרנער יידן, האָט ער זיך גלייך פאַרבונדן שריפטלעך מיט זיינע קרובים — דאָ אין אַמעריקע — און אויף אַזאַ אופן האָט ער צונויפגעפירט אַ סך געראַטעוועטע מיט זייערע משפחות און נאָענטע דאָ אין לאַנד. ער האָט צו די געראַטעוועטע געשריבן בריוו, זיי געטרייסט און צו אַ סך געשיקט עפידייווידס און זיי אַריינגעבראַכט קיין אַמעריקע.

חיים דזשייקאָבס (קאָרן), וועלכער וואוינט שוין לאַנג אין אַמעריקע, איז אַ געטרייער און איבערגעגעבענער אַרבעטער, וואָס שפּאָרט נישט קיין צייט און מי צו העלפן טאָרנער לאַנדסלייט. אים טאַקע איז צו פאַרדאַנקען, וואָס די נייע טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק אַנטוויקלט אַזאַ רירעוודיקע טעטיקייט. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע טאָרנער יידן, וואָס געהערן צום קאָמיטעט, איז אים געלונגען צו אַקטיוויזירן אַ גרעסערע צאָל פריינט, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרפעסטיקן דעם קאָנטאַקט צווישן טאָרנער יידן אין אַמריקע און אַוועקשטעלן די טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אויף יסודות, וואָס זאָלן איר דערמעגלעכן צו אַנטוויקלען אַ נוצלעכע סאָציאַלע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

יוסף וואָלף ווידער, האָט אַריבערגעשיקט הונדערטער בריוו צו די פּליטים פון טאָרנע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע לענדער און אויך אין ישראל.

ער האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ סך טאָרנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, ער האָט ביי זיי אויסגעפועלט עפידעווידס פאַר זייערע קרובים און אַ סך טאָרנער לאַנדסלייט געפינען זיך איצט אין אַמעריקע אַ דאַנק זיין מי און איבערגעבענער אַרבעט.

די ערשטע הילף וואָס דער רעליעף־קאָמיטעט האָט איבערגעשיקט קיין טאָרנע,

איז געווען אין יאָר 1946. עס איז געשיקט געוואָרן 1.000 דאָלער דורך ד"ר טענענ־בוים. דער רעליעף־קאָמיטעט האָט געקראָגן די באַשטעטיקונג פון דעמאָלטיקן יידישן קאָמיטעט אין טאַרנע, אונטערגעשריבן פון חיים שיפער און אָשר בליוויס.

לויט דעם בריף, וואָס מיר האָבן געקראָגן פון טאַרנער יידישן קאָמיטעט, זענען דעמאָלט געווען אין טאַרנע 306 יידישע נפשות. דער יידישער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו געבן יעדן יידן צו 900 זלאָטעס. פאַרן איבעריקן געלט איז אויפ־געבויט געוואָרן אַ דענקמאָל פאַר די קדושים. עס זענען אויך פאַרריכט געוואָרן די מצבות אויפן בית־עולם.

אין טאַרנע איז דעמאָלט אויך געווען 60 לעבנגעבליבענע קינדער, האָט מען פאַר די קינדער געעפנט אַ שול, געלערנט זיי לייענען און שרייבן יידיש און זיי געגעבן אומזיסטיקע מאָלציימן.

דער רעליעף־קאָמיטעט האָט אויך געשיקט קיין טאַרנע 412 שפייז־פעקלעך, וואָס ליידער נישט אַלע האָבן זיי דערהאַלטן.

אויך האָט דער רעליעף־קאָמיטעט געשיקט קיין טאַרנע 8 באַלן קליידער צו פאַרטיילן זיי צווישן די לעבנגעבליבענע יידן.

אַ קורצע צייט נאָכדעם איז געפאָרן קיין פוילן מר. הערבערט ב. זוסמאַן, פּרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, האָט דער רעליעף־קאָמיטעט מיט אים מיטגעשיקט טויזנט פינף הונדערט (1500) דאָלער פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין טאַרנע. פאַר דעם געלט וואָס מיר האָבן זיי געשיקט, האָבן די יידן אין טאַרנע געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוו־פאַבריק. עס איז אויך דעמאָלט געווען אויף אַ באַזוך אין פוילן, יעקב פּאַט, סעקרעטאַר פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, ער האָט באַזוכט טאַרנע און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער ביי אַ פאַרזאַמלונג פון רעליעף־קאָמיטעט, דערציילט וועגן דער ביטערער לאַגע פון די לעבנגעבליבענע יידן אין טאַרנע.

די אַרבעט פון אונדזער רעליעף־קאָמיטעט האָט געקאָנט געטאָן ווערן אַ דאַנק עטלעכע נאָבעלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך ממש מוסר נפש געווען צו העלפן אונדזערע לעבנסגעבליבענע ברידער און שוועסטער. מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען די פרוי ראָזען און די פרוי אַכטל. פרוי ראָזען איז דעמאָלט געפאָרן מיט איר מאַן קיין אייראָפּע און זיי האָבן צעטיילט טויזנטער דאָלאַרן פון זייער אייגענער קעשענע.

דער רעליעף־קאָמיטעט האָט אין די יאָרן 1946—1947 איבערגעשיקט פעקלעך שפייז און קליידער צו די טאַרנער יידן, וואו זיי האָבן זיך נאָר געפונען. די הילף האָט דערגרייכט אונדזערע טאַרנער יידן אפילו אין כינע.

אַ דאַנק אונדזער לאַנדסמאַן מ. אָסטערוויל, זענען די לעבנגעבליבענע יתומים און קינדער באַזאָרגט געוואָרן מיט וויטאַמינען. מר. אָסטערוויל האָט געגעבן דעם רעליעף־קאָמיטעט פאַר צען טויזנט (10.000) דאָלער וויטאַמינען. מינן האָט די וויטאַמינען געשיקט צו די יתומים־אַנשטאַלטן און אין די זקנים־הייזער אין טאַרנע, ווי אויך צו די טאַרנער יידישע יתומים און זקנים, וואָס האָבן זיך געפונען אין קראָקע, ווראָצלאַוו און אין די די־פּי לאַגערן אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין ישראל.

ביז דעם יאָר 1947 האָט דער רעליעף־קאָמיטעט אויסגעגעבן נאָענט צו 40.000

דאָלער. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַ טראָפּן אין ים לגבי די נויט פון די לעבנ־געבליבענע טאָרנער יידן. עס האָט זיך דעריבער געפאָדערט אַ סך אָנשטרענגונג צו שאַפן די נייטיקע מיטלען. דערצו נאָך האָבן ליידער אַ צאָל טאָרנער לאַנדסלייט אין ניו יאָרק אויפגעהערט צו געבן געלט, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז פון זייערע משפחות איז קיינער נישט געבליבן לעבן.

דער רעליעף־קאָמיטעט האָט דעריבער באַשלאָסן איינצואָרדנען אַ קאָנצערט און די הכנסה זאָל גיין פאַרן רעליעף־קאָמיטעט.

דער קאָנצערט איז אַראַנזשירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון ל. קראַנץ, וועלכער איז אין יאָר 1948 געוואָרן פרעזידענט פון רעליעף־קאָמיטעט, ווייל מר. ח. קליינהענדלער ע״ה, איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק. מר׳ קראַנץ האָט צוגע־צויגן עטלעכע נייע מענטשן, ווי י. טרויריק ע״ה, מ. גלאַזער, מ. ליסס, פרוי רייך און אַנדערע. אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון ל. קראַנץ און זיין קאָמי־טעט, איז דער קאָנצערט געווען אַ גרויסער דערפאָלג און עס איז געשאַפן געוואָרן 3.000 דאָלער.

דער רעליעף־קאָמיטעט האָט אויך געוואָלט האַלטן אָן אָנדענק פון אונדזערע קדושים, און פון דעם יאָר 1945 אָן, האָבן מיר איינגעאָרדנט יעדעס יאָר אזכרה־פאַרזאַמלונגען.

צו די הזכרה־פאַרזאַמלונגען פלעגן קומען אַ סך טאָרנער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק און פון די אַרומיקע שטעט.

די הזכרה־פאַרזאַמלונגען ווערן אָפּגעהאַלטן יעדעס יאָר אין חודש יוני. עס קומען אָנגעזעענע מענטשן אַלס הויפּט־רעדנער, ווי יעקב פּאַט, מנשה אונגער, הערבערט ב. זוסמאַן, פרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַמעריקע, און לעצטנס, אין יאָר 1954, ד״ר י. מאַרגאָשעס.

אויף די הזכרה־פאַרזאַמלונגען אַפּעלירן מיר צו די לאַנדסלייט פאַר ביישטיי־ערונגען, פאַר דעם רעליעף־קאָמיטעט, און עס ווערן געשאַפן שיינע סומעס געלט.

ביי די הזכרה־פאַרזאַמלונגען מאַכט מען אויך אַ בילדער־אויסשטעלונג פון אונדזער לאַנדסמאַן יצחק פּאַסטערנאַק, וועלכער האָט אַליין איבערגעלעבט די היטלער רציחות און ער האָט די גרויסע יידישע טראַגעדיע אין טאָרנע געמאָלן אויף בילדער און געשניצט אין האָלץ. זיין אויסשטעלונג ביי יעדער הזכרה־פאַרזאַמלונג, לאָזט תמיד איבער אַ טיפן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע.

פון זינט דעם יאָר 1947 פירט אויך דורך די הזכרה נאָך אונדזערע קדושים ביי דער הזכרה־פאַרזאַמלונג, הרב אהרן צימעטבוים, רב אין דער שול בית פּנחס, וועלכער איז דער זון פון באַקאַנטן גאון און צדיק הרב פּנחס צימעטבוים הי״ד פון טאָרנע. הרב צימעטבוים, וועלכער האָט דערוואָרבן זיין תורה אין דער גרויסער קלויז אין טאָרנע, איז אויך זייער אַקטיוו אין רעליעף־קאָמיטעט.

אָט אַזוי האָבן מיר געטאָן אונדזער הילפס־אַרבעט ביז דעם יאָר 1951. מיר האָבן געזאַמלט אַ 30.000 דאָלער. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון פּשוטע פאָלקס מענטשן, מענטשן וואָס אַרבעטן שווער אויף זייער חיונה און זיי האָבן אָוועקגעגעבן יעדעס שטיקל פרייע צייט צו העלפן אונדזערע טייערע ברידער, וואָס האָבן אַזוי־פיל געליטן פון די היטלער רוצחים.

אָבער מער ווי די פינאַנציעלע הילף האָבן מיר אונדזערע פּליטים געגעבן אַביסל וואַרעמקייט, און וועלכן זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט. מיר האָבן געטאָן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געקאָנט און וואָס אונדזער האַרץ האָט אונדז דיקטירט.

אַ שווערן פאַרלוסט האָבן מיר געליטן מיט דעם אָפּשטאַרבן פון צוויי אונדזערע געטרייע און איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער. אין יאָר 1950 איז נפטר געוואָרן יוסף טרויריג ז״ל, אַליין אַ געבוירענער אין משאַנע דאָלנאַ פון סאַנדזער קרייז, האָט ער טראָץ זיין שווערער האַרץ־קראַנקהייט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אונדזער רעליעף־אַרבעט זייט דער גרינדונג פונעם פאַריין אין יאָר 1944. תמיד האָט מען געקאָנט אויף אים רעכענען און מיט דער גאַנצער ענערגיע און וואַרעמקייט האָט ער זיך באַצויגן צו די אויפגאַבן פונעם קאָמיטעט און זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון דער שווערסטער אַרבעט. כבוד זיין אָנדענק!



יוסף טראַוריג ז״ל

אין מערץ 1951 איז נפטר געוואָרן חנינא קליינהענדלער, דער זון פון נתן און חנה קליינהענדלער, אַן אָנגעזעענע אָרטאָדאָקסישע משפחה אין טאַרנע. פון פאַך אַ הוט־אַרבעטער איז חנינא איינגעוואַנדערט קיין אַמעריקע נאָך איינעם יאָר 1912 און זיך באַלד אָנגעשלאָסן אָן די רייען פון טאַרנער לאַנדסלייט און אַ דאַנק זיין ריינעם כאַראַקטער און קרבנות־פולער אַרבעט פאַר טאַרנער יידן, איז ער געוואָרן פאַרזיצער פון דער טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפט מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט ביז צו זיין טויט. חנינא קליינהענדלער איז געווען אַ מוסטער פון אַן אמתן, געטרייען געזעלשאַפטלעכן טוער. כבוד זיין אָנדענק!



חנינא קליינהענדלער ז״ל

צום סוף ווילן מיר דאַנקען אַלע פירער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, און עס איז נישט נייטיק אויסצורעכנען קיין נעמען.

זאָלן אונדזערע טאַרנער פליטים, די וואָס זענען אין אַמעריקע און וואו זיי זאָלן נישט זיין, נאָך לעבן אין שלום און פרייד און זאָלן זיי מער פון קיין צער נישט וויסן. און אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל, ווילן מיר זאָגן: „שלום״! זאָלן מיר צוזאַמען דערלעבן אַ שטאַרקע און פרוכטבאַרע מדינת ישראל אין אַ וועלט פון שלום און גערעכטיקייט.

## די ניי־געגרינדעטע רעליעף־ארגאניזאציע

אינעם יאָר 1951 איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן די הילפס־אָרגאַניזאַציע אונטער נאָמען „טאַרנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע״. עס הויבט זיך דעמאָלט אָן אַ ניי קאַפּיטל פון אונדזער הילפס־אַרבעט.

עס זענען אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל יידן פון טאַרנע קיין אַמעריקע און אַ סך פון זיי זענען אַריינגעטראָטן אַלס מיטגלידער אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אין דעם נייעם קאָמיטעט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער ראובן האַמער און אַלס סעקרעטאַר היימאַן דזשייקאָבס (פון דער היים חיים יצחק קאָרן). דער קאָמיטעט האָט אויך פאָלגנדע מיטגלידער:

ערן פּרעזידענט הרב א. צימעטבוים. פינאַנס סעקרעטאַר, היימאַן דזשייקאָב, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, י. פּאַסטערנאַק, קאַסירער — ש. געלערנטער, קאָמיטעט: מר. וועגנער, מר. אדלער, מר. מרס. ל. ענדער, מר. מרס. א. קאָרן, מר. ס. זילבער־מאַן, מר. מרס. ב. וואָלף, מר. לאובער, מר. הערמאַן הויזמאַן „קארפ״ און טעדי שנור.

דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע ווייטער אָנצוגיין מיט דער הילפס־אַרבעט, פאַרשטייט זיך אין די ראַמען פון אונדזערע באַשרענקטע מעגלעכקייטן און אויך שאַפן און דערמעגלעכן אַ געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענקונפט פון אונדזערע לאַנדסלייט, דורך איינאָרדענען פון צייט צו צייט פאַר־זאַמלונגען און פאַרשידענע אונטערנעמונגען אין וועלכע פריינט אַדלער קען זיך ספּעציעל אויס.

עס קומען אָן הונדערטער בריוו פון אונדזערע לאַנדסלייט וועגן הילף אין פאַרשידענע פאָרמען. מיר זענען באמת צופרידן וואָס מיר קענען פון צייט צו צייט געבן די מענטשן אונדזער הילף. עס ווענדען זיך אויך לאַנדסלייט פון פאַרשידענע לענדער וועגן אויסגעפינען זייערע קרובים. אין די מערסטע פאַלן ווערן זיי פּאָזיטיוו דערליידיקט פון אונדזער פריינט דזשייקאָבס. דער קאָמיטעט פון קליידער און באַזאָרגן פון מעדיצין, וואָס טוט אַ גאָר וויכטיקע און נוצלעכע אַרבעט, באַשטייט פון פאָלגנדע מיטגלידער:

מר. מרס. אַדלער־ברוקלין, מר. מרס. ענדער, מר. מרס. א. וועגנער, מר. ס. זילבערמאַן, מר. מס. א. קאָרן און מר. פאַסטערנאַק.

צום שלוס איז כדאי צו דערמאָנען אונדזער פּרעזידענט, פריינט ראובן האַמער, מיט זיין אַקטיווער און איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת אונדזער רעליעף־אָרגאַ־ניזאַציע. אַ דאַנק זיין פּאָזיטיוון צוגאַנג צו די אַלע אונטערנעמונגען, וואָס איז דער קוואַל פון אונדזער עקזיסטענץ, דערמעגלעכט עס אונדז פאָרטצוזעצן אונדזער אַרבעט.

## קאַנאַדע

די עמיגראַציע פון טאַרנער יידן קיין קאַנאַדע, אין אַ גרעסערן פאַרנעם, דאַטירט זיך פון יאָר 1948. צו יענער צייט זענען קיין מאָנטרעאַל און טאָראָנטע אָנגעקומען אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט פון די דייטשע לאַגערן, און צווישן זיי — אורן שפּאָרן, איינער פון די אָנגעזעענסטע בונדישע טוער אין פאַרמלחמהדיקן טאַרנע. בלייבנדיק טריי דער טראַדיציע פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון טאַרנע, האָבן די פריש־געקומענע געגרינדעט טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפטן איןביידע שטעט, וועלכע האָבן אַרומגענומען אַלע אונדזערע בני־עיר פון פריערדיקן דור און די אָקאָרשט־געקומענע. וועגן דער גרינדונג און טעטיקייט פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין קאַנאַדע דערציילט אונדז דיר פאָלגנדער באַריכט:

## מאָנטרעאַל

אין יאָר 1948 איז קיין מאָנטרעאַל אָנגעקומען אַ קליינע גרופּע טאַרנער יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט אָפּגעראַטעוועט אין די דייטשע לאַגערן. נאָכדעם ווי מען האָט זיך געהאַט אַביסל איינגעאָרדנט און אָנגעהויבן אַריינפּאַסן זיך אינעם קאַנאַדער יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין קאַנאַדע. די טרעגער פון דעם געדאַנק זענען געווען: א. שפּאָרן, שלמה שילדקרויט, תרח גאָלדמאַן, א. קליין און ל. בינענשטאָק.



דער קאָמיטעט פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

מאָנטרעאָל איז געווען די ערשטע שטאָט, וואו אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אָנגעהויבן פירן אַ טעטיקייט. די וואָס זענען געקומען צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָבן פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו העלפן ניי־געקומענע אין אַ פרעמד לאַנד, פלעגן די טראַדיציע פון אַמאָליקן יידישן טאָרנע און נישט פערגעסן דעם לעצטן וועג פון אונדזער פאַרפייניקט פאָלק.

דער ערשטער אויפטו פון דעם דערמאָנטן אָקטיוו איז געווען די אזכרה־פייערונג, לויט דער אָנגענומענער דאָטע כ״ו סיון. לויט דער אָפיציעלער רעגיס־טראַציע האָבן זיך דעמאָלט געפונען 42 טאָרנער אין מאָנטרעאָל און זיי אַלע האָבן זיך באַטייליקט אינעם אָנדענק־אָוונט, וואו פריינט א. שפאָרן האָט גערעדט וועגן אומקום פון טאָרנער יידנטום. נאָכן יזכור־טייל איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייט־ווייליקער קאָמיטעט, וועמען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַרבינדן זיך מיט די טאָרנער אין ישראל און אַנדערע לענדער, ווי אויך צוגרייטן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

שוין אין נאָוועמבער 1949 איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, וואו ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פאָלגנדע חברים: א. שפאָרן — פאָרזיצער, מ. בירמאַן — וויצע־פאָרזיצער, א. קליין — סעקרעטאָר, פרוי ח. גאָלדמאַן — קאַסירערין, ש. שילד־קרויט, ר. ראָגעל, א. ראָטה, א. לאָדמער און מ. האָלענדער:

דער טאָרנער פאַריין אין מאָנטרעאַל נעמט אויך אַן אַקטיוון אָנטייל אין פאַרשידענע יידיש־געזעלשאַפטלעכע קאַמפּיינען און אָרגאַניזאַציעס, ווי: יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, הסתדרות־קאַמפּיין און פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. מיר גיבן אויך אונדזער בייטראַג אויפצושטעלן אַ שפּיטאָל אין נגב.

אין יאָר 1950 אין פריינט שפּאָרן אַרויסגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ, כדי צו גרינדן דאָרט אַ טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט. אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז מיט גרויס וואַרעמקייט אויסגעהערט געוואָרן דער רעפעראַט פון א. שפּאָרן. דערנאָך איז דערוויילט געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון די חברים אברהם זינגער און הירשהאָרן. נאָך אַ יאָר אַרבעט איז אונדזער פאַריין געוואָרן זייער טעטיק. ווען ס'איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ישראל, געחתמעט דורך אונדזער חשובען לאַנדסמאַן ד"ר שפּאַן, מיט דער ידיעה וועגן די צוגרייטונגען אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך וועגן יידישן טאָרנע, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצווייזן ממשותדיקע הילף פאַר אַזאַ וויכטיקע זאַך. און אַ דאַנק טאַקע דער לאַנדסמאַנשאַפט פון טאָרנער אין מאָנטרעאַל, מיט דער הילף פון אונדזערע יידן אין ניו־יאָרק, איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד אויף איינצוקויפן אַ טאָן פאַפּיר און אָפּשיקן עס קיין ישראל. באַזונדערס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן די אומדערמידלעכע אַרבעט פון פריינט א. שפּאַרן, וועלכער האָט פּערזענלעך צוגעהיטן די פולע דערליידיקונג פונעם פאַפּיר־טראַנספּאָרט פאַר דעם בוך.



טאָרנער לאַנדסלייט אין טאָראָנטאָ אויף אַ פאַרוויילונג אינעם יאָר 1950

## טאָראָנטאָ

די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 19־טן נאָוועמבער 1950 יאָר, מיטן אָנטייל פון פריינט אורן שפּאָרן, וואָס איז ספּעציעל צו דעם צוועק געקומען פון מאָנטרעאַל. דער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון די ברידער זינגער און באַטייליקט האָבן זיך פאָלגנדע פערזאָנען: אורן שפּאָרן, מלך הימעל־פאַרב, חייטשע קורץ, מאַקס גרעבער, אברהם זינגער, יוסף זינגער, גיטל זינגער, בלימע קאָרן, גיטל פייער, דבורה הערשענהאָרן, שמואל הערשענהאָרן, שמואל אַלבאַן, לעאָן פריילעך, חיים שפּיצער, די אויסגעוויילטע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון די פריינט אברהם זינגער, מאַקס גרעבער און שמואל הערשענהאָרן האָבן אויף דעם 24.12.1950 גערופן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג, וואו עס זענען פּרעציזירט געוואָרן אונדזערע אויפגאַבן און ס׳איז דאָרט אויסגעוויילט געוואָרן אַ סטאַבילע פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: שמואל צעטעל — פּרעזעס, רעגינאַ וואַלטשאַק — וויצע־פּרעזעס, שמואל הערשענהאָרן — סעקרעטאַר, אברהם זינגער — קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר, חיים שפּיצער — קאַסירער. די פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט פאַר זיך פאָלגנדע אויפגאַבן: א) דורכפירן יאָרצייט־פייערונגען נאָך אונדזערע קדושים. ב) העלפן די נויטבאַדערפטיקע טאָרנער אויפן אָרט. ג) העלפן אונדזערע ברידער אין ישראל און אין אַנדערע לענדער.



דער קאָמיטעט פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ
ערשטע ריי פון רעכטס אויף לינקס: ברוך ראָזענבלאַט, שמואל צעטעל, מלך הימעלפאַרב.
צווייטע ריי פון רעכטס אויף לינקס: בלומה קאָרן, אברהם זינגער, חייטשע קורץ.

פאַר דער צייט פון אונדזער עקזיסטענץ האָבן מיר טאַקע געהאָלפן אונדזערע אין ישראל און אויך פיל בייגעטראָגן צום אַרויסגעבן דאָס בוך „אוישוויץ" פון אונדזער לאַנדסמאַן יוסף ראָגעל. אויב מיר קאָנען נישט דערציילן אינעם באַריכט פיל מערער וואָס מיר האָבן זיך געהאַט אָנגעצייכנט, איז עס דערפאַר וואָס מיר האָבן געהאַט פיל אַרטיקע שוועריקייטן.

די איצטיקע פאַרוואַלטונג באַשטייט פון פאָלגנדע פריינט:

פרעזעס — שמואל צעטעל, וויצע־פרעזעס —ברוך ראָזענבלאַט, אברהם זינגער — סעקרעטאַר, חייטשע קורץ — קאַסירערין, מלך הימעלפאַרב, בלימע קאָרן.



דער ערשטער קאָמיטעט פון דער טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ
פון לינקס אויף רעכטס: שמואל הירשענהאָרן, אברהם זינגער, שמואל צעטעל, רעגינאַ וואָלטשאַק, חיים שפיצען.

## פראַנקרייך

די גרעסטע קאָלאָניע טאָרנער יידן געפינט זיך אין פאַריז. אונדזערע לאַנדסלייט אין פראַנקרייך באַשעפטיקן זיך הויפּטזעכלעך מיט שניידעריי, קירזשנעריי, הוטן, טריקאָטאַזש, קאָנפעקציע, מסחר און מעדיצין. אין פאַריז לעבט אויך דער פּאָפּולערער קולטור־טוער צווישן דער טאָרנער אַרבעטערשאַפט פון פאַר דער מלחמה — הערש פענסטער (שטאַמט פון באַראַנאָוו), היינט אַ יידישער שרייבער, מחבר פונעם בוך „אונדזערע פאַרפייניקטע קינסטלער".

צו די עלטסטע יידישע עמיגראַנטן אין פאַריז געהערן אונדזערע טאָרנער: וועקסלער, קאָן, ישראל בידערמאַן און בוטערפאַס. טאָרנער יידן אין פאַריז זענען אויך טעטיק אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס, און אין עקאָנאָמישן זין זענען זיי אַליין אַן אויסגעשפּראָכן פּראָדוקטיווער עלעמענט. די ערשטע פּרוּוון אויפצושטעלן אין פאַריז אַ טאָרנער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן נישט געגעבן די געווינטשטע רעזולטאַטן. שלמה קלאַפּהאָלץ, איינער פון די אַקטיווסטע טוער צווישן די טאָרנער אין פראַנקרייך, שרייבט אין זיין באַריכט פאָלגנדעס:

„דער ערשטער פּרוּוו צו שאַפן אַ טאָרנער סאָסיעטע אין פאַריז איז געמאַכט געוואָרן אין פעברואַר 1947, ווען אין דער פראַנצויזישער הייפּטשטאָט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פון דער שארית־הפליטה. אַזוי ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן דער לאַגע פון אונדזערע לאַנדסלייט אין די דייטשע לאַגערן, האָבן מיר



טאַרנער יידן אין פּאַריז אויף דער יזכור־פייערונג אינעם יאָר 1948

געזוכט מיטלען ווי אַזוי שנעלער און עפעקטיווער צו טראָגן זיי הילף. לײדער, איז די דאָזיקע ערשטע איניציאַטיוו דורכגעפאַלן, ווייל צו דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז געקומען דער איניציאַטאָר און נאָך איין פערזאָן..

דערפאַר אָבער האָט די צווייטע פאַרזאַמלונג שוין געהאַט מער דערפאָלג, ווייל עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט 20 לאַנדסלייט. אוונדזער ערשטער אויפגאַבע איז געווען צו העלפן די פּריש־געקומענע קיין פאַריז. און ווידער דאָס זעלבע — דער שוואַכער אינטערעס מצד די טאַרנער האָט צונישט געמאַכט אויך די דאָזיקע איניציאַטיוו.

ערשט ווען אין יאָר 1948 איז קיין פאַריז אָנגעקומען דער טאַרנער עסקן ד"ר א. כאַמעט און דער בוכהענדלער א. זיידען, האָט זיך געביטן עפּעס אין



די אַנטהילונג פונעם מאָנומענט אויפן בית־עולם אין פאריז צום אָנדענק פון טאַרנער קדושים. פון לינקס: דער פּרעזעס פון דער טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפט אין פאַריז — יצחק־קאַץ גליקמאַן, פון רעכטס דער וויצע־פּרעזעס — שלמה קלאַפּהאָלץ.

אונדזער טאַרנער וועלטל אין פראַנקרייך. זיי איז געלונגען צו באַוועגן עטלעכע היגע טוער אַרויסצווייזן מער אחריות און באַציאונג צו די הערלעכע טאַרנער טראַדיציעס און ווערן געזעלשאַפטלעך אַקטיוו. דערפאַר טאַקע זענען צו דער דריטער פאַרזאַמלונג גערופן דורך די געקומענע טוער, געקומען ביי אַ הונדערט מאַן. עס איז גלייך אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדע פערזאָן: זאַכוואַלד, קליינבערגער ז״ל, אַדאָלף זיידען, זיל׳כערמאַן, ד״ר כאַמעס, ד״ר מאַנדעל, ד״ר שוואַרץ, פרוי וואורצעל, אייזיק, גלאַזמאַן, ש. וויינשטאָק, קלאַפּהאָלץ, שאָפּ, מיצענמאַכער. די פאַרזאַמלונג און דערנאָך די פאַרוואַלטונג האָבן באַשלאָסן אויפֿצושטעלן אַ הילפס־קאַסע פירן קולטור־אַרבעט, טראָגן הילף פאַר ישראל און אא״וו.

אין דער פאַריזער יידישער פרעסע האָבן זיך באַוויזן וואַרעמע באַריכטן וועגן דער טאַרנער לאַנדסמאַנשאַפט. אין פועלי־ציוניסטישן „אונדזער וואָרט״ (1.7.48) לייענען מיר פאָלגנדן באַריכט:

„די טעג איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער טאַרנאָווער לאַנדסמאַנשאַפט ביי דער באַטייליקונג פון העכער 100 לאַנדסלייט. נאָכן פאָרטראַג פון פריינט ד״ר כאַמעס וועגן די „צילן און אויפגאַבן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט״, האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען די פריינט: זיידען, טשאָפּ, אונגער, פענסטער א.א. די איניציאַטיוו פון דעם קאָמיטעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך נאָך די טאַרנאָווער קדושים, איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ פאַרשטענדלעכער פאַראינטערעסירונג.

לויטן פאָרשלאַג פון פריינט ד״ר מאַנדל האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע באַגריסט די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה און שיקט איבער די ברידערלעכע ברכות דער קעמפנדיקער יידישער אַרמיי און דעם העלדישן ישוב פון ישראל.

אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן 30 טויזנט פראַנק פאַר דער הגנה.

זונטיק דעם 3־טן יולי 8.30 אָוונט, אין 6־טן יאָרטאָג פון דער שחיטה אין טאַרנאָווער געטאָ, קומט פאָר אין זאַל לאַנקרי 10 אַ פייערלעכע אזכרה נאָך די טאַרנאָווער קדושים. עס איז דער חוב פון אַלע טאַרנאָווער יידן, וואָס וואוינען אין פאַריז, צו קומען באַערן דעם אָנדענק פון די קדושים״.

ווען איך שרייב דעם באַריכט, עקזיסטירט שוין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט גאַנצע 5 יאָר און פאר דער דאָזיקער צייט האָט די סאָסיעטע געמאַכט פיל אָנשטרענגונגען צו רעאַליזירן די אויפגאַבן וואָס זי האָט זיך אָנגעצייכנט. יעדעס יאָר קומען פאָר אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אזכרות, פייערונגען פון נאַציאָנאַלע יומטובים.

די געפאָדערטע הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע, שטייגט אָפטמאָל איבער די מעגלעכקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע, אָבער מיר טוען אַלץ וואָס מעגלעך כדי נאָכצוקומען דעם נאָכפרעג.

מיר באַטראַכטן פאַר אַן ערנסטע דערגרייכונג דאָס איינשאַפן זיך אַ פלאַץ פאַר צוויי אייגענע קברים מיט מאָנומענטן, ווייל אין פאַריז געהערט נישט דער בית־עולם צו אַ קהילה און דאָס פראָבלעם פון אַ מקום־מנוחה נאָכן טויט איז זייער



טאַרנער יידן אין פּאַריז ביי דער יזכור פייערונג ביים אָנדענק־מאָנומענט

אַן ערנסט. עס קאָן נישט געמאָלט זיין די טעטיקייט פון אַ וועלכער ס׳איז וואויל־טעטיקער צי געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע אין פּאַריז אָן דער זאָרג פּאַר אַ קבר פּאַר אירע מיטגלידער — ביז 120 יאָר...

עטלעכע ווערטער וועגן דעם מאָנומענט: ער איז געשטעלט געוואָרן סיי אַלס מצבה פּאַר די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער, סיי ווי אַן אָנדענק־מאָנומענט נאָך אונדזערע קדושים, וועמענס נעמען זענען דאָרט אויסגעקריצט (די וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמיטעט), ווי אויך די נעמען פון די געזעלשאַפטלעכע טוער אין טאַרנע, אומגעקומענע אויף קידוש־השם.

*

אין יאָר 1954 איז אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויסגעקליבן געוואָרן אַ בייער קאָמיטעט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: באַלזאַם, אייזיק, גליקמאַן, גלאַזמאַן, צעללער, שלמה קלאַפּהאָלץ, פרוי קליינבערגער, זילבערמאַן, גרין, זאַטלער, לויפער, גערסטנער און קאָרנהייזער.

# זוכ-צעטל פון נעמען


## א

אַבערדאַם חיים 78, 90, 117, 125, 129, 131, 139, 140, 145, 146, 156, 208, 261.
אַבערדאַם שמעון 89, 129, 208.
אַדלער י. 910, 911.
אַבערדאַם זכריה מענדל 195, 227.
אַבראַמאָוויטש־הורוויץ דבורה 214, 872, 898.
אַבערדאַם שרה 308.
אַדער אַנזעלם ד״ר 69, 359.
אַדלער מאוריצי 244, 245.
אַדלער מאַקס 282.
אַדלער עמיל ד״ר 388.
אונגער יצחק דוד 164.
אונגער חיים אליעזר, הרב 194, 195, 215.
אונגער מאיר; רבי 194.
אונגער ישראל יוסף, הרב 194, 216, 219.
אונגער שלום דוד, הרב 195, 215, 337.
אונגער מנשה 337, 908.
אונגער דאָראַ 437, 450, 506, 533, 575.
אונגער אליעזר 455, 494, 554, 823, 829.
אונגער יחיאל 611.
אומאַנסקי יוסף 199, 221, 329, 412, 453, 673.
אומאַנסקי דוד 620.
אויסאיבל יהודה, הרב — זע גפן יהודה.
אָוידע מ. 370, 371.
אָוידע יעקב 374, 375.
אוסישקין מ. מ. 423, 517, 528.
אובער ערנסט, ד״ר 741.
אויערבאַך לייב 519.
אחד העם 267, 297.
איינשפרוך נחום 86, 255, 315, 470, 546, 596.
איינהאָרן מאַקסאַמיליאַן, אינזש. 120, 129, 139.
איינהאָרן דוד 315, 339.
אייכענהאָלץ דוד, ד״ר 338, 888.
אייכהאָרן שלמה 430.
אייזען שמואל 434, 447.
אייכענהאָלץ דוד (לענקאָוויץ), מגר. 478, 596, 602, 606, 761.
אייכענהאָלץ יעקב 605.
איינהאָרן הענאָך 605.
אייכענהאָלץ העלאַ 606.
איזאַק ישראל 826.
אַלבאַן חיים 244.
אַלבאַן שמואל 912.
אַלבאַן מענדל 434, 437.
אַלוויס יונה 445, 487, 554, 605.
אַמסטערדאַם משה 555.
אנסקי ש. 69, 268.
אַגיספעלד שכנא 140.
אַניספעלד גיזעלאַ 506.
אַנקער משה 603.
אָסטערווייל שמעון 141, 244, 737.
אָסטערווייל ישראל 240, 244, 737.
אָסטערווייל גבריאל 405, 737, 449, 535, 563.
אָסטערווייל, ד״ר 512.
אָסטערווייל מ. 906.
אָפנער יוסף, ד״ר 58, 117, 141, 164, 357, 813.
אַפטער משה 190.
אַפטע ד״ר, פרוי 508.
אָפנער הנא 511, 620.
אַפעל שמעון 537.
אַקערמאַן לאָלאַ 605.
אָרנשטיין יהודה, ד״ר 393, 518, 524, 533.
אָרנשטיין משה 197, 326.
אָרנשטיין יעקב, הרב 37.
אָראַנזש משה 55, 56.
אַרצט זיגמונט 64.
אָרצישער יידעלע 190.
אַראַק מאיר, הרב 191, 211, 221.
אַראַק קלמן, הרב 211, 220.
אָרמיאַן י. 251.
אָרמיאַן חיים, ד״ר 341, 342.
אַרנאָלד חיים, ד״ר 371.
אָרמיאַן הערמאַן 437.
אָרשיצער דוד 445.
אָרמיאַן סימאַ 511, 620.
אַרגאַנד 540, 541, 738.
אַרימאָוויטש הערש 650.
אַכלער אהרן 893, 895.
איזראַעלאָוויטש הערמאַן 687.

## ב

באָרגעניכט לעאָן, ד״ר 62, 132, 370, 639.
באַראָן אליהו 73, 78, 82, 143, 20?, 331, 339, 742.
באַראָן שלום, ד״ר 197, 220, 331, 339.
באַטיסט דוד 73, 85, 89, 94, 98, 100, 103, 104, 118, 138, 142, 146, 150, 153, 163, 427, 633, 642, 647, 648, 657, 664, 749, 760, 762.
האָרן יחזקאל 462, 470, 472, 475, 477, 56?.
באַראָן מינאַ 741.
באַזלער אַנזעלם, ד״ר 129, 137, 143, 164, 673.
באָרנשטיין יידל 200.
באָרנשטיין גדליהו 245, 582.
באַלזאַם מאַקס 253.
באַנד יוסף 315, 470, 472.
באָנאַט שרה 365, 373, 500.
באָרייטש מיכאַל 813.
באַלזאַם מענדל 864.
באָרגעניכט י. 514, 515.
באָדנער בנימין 590.
באָבער הערמאַן, ד״ר 740.
באַזלער פנחס 199, 327, 358.
באָרנשטיין גדלהיו 687.
בוים דוד 132, 251.
בורשטין אברהם 223, 455.
בורשטין פיניע 224, 445.
בוטערפאַס יצחק 459, 460, 462, 465, 915.
בלאָנד ע., פרוי 741.
בלאָנד ס., פרוי 741.
בינענשטאָק מאַקס, ד״ר 57, 306, 312, 332, 359, 363, 368, 462, 484, 499, 196, 189, 204, 265, 302.
בירנבוים יחיאל 69.

ביטנער יצחק 142, 483, 563, 596, 606.
ביטנער־פרידמאַן גאָלדע 603.
בירנבוים לעאָן 163, 441, 445, 447, 489, 491, 531.
בירקען, פרל. 170.
בייטש אַלטער 255, 478, 508.
ביאַליק ח. נ. 268, 329.
בירנבוים נתן 315, 354, 356, 357, 472.
בינענשטאָק פראַנצישקאַ 332, 365, 497, 502.
בירער ר. 365.
בינענשטאָק אַדאַם 365, 462.
בירקען יוסף 853, 855, 856, 859.
ביסטריצקי נתן 396, 397.
בינענשטאָק יעקב, מגר. 398, 404, 410, 412, 430, 494, 515, 529, 535, 537, 542, 563, 575, 895, 898.
בינענשטאָק ל. 911.
בינענשטאָק שרה 485, 488, 504, 506, 612, 698.
בידערמאַן ישראל 915.
ביטנער יחיאל 606.
בינענשטאָק לייזער 649.
בירמאַן מ. 912.
בלומענקראַנץ שמעון 69, 431.
בלומער הערש מענדל 69.
בלאָך־מערץ, ד״ר 750, 745
בלאָנדער פייבל 110, 208, 211.
בלומענפעלד הענריק, ד״ר 741, 756.
בלאָך מאַרטשין, ד״ר 132, 363, 880, 750, 745.
בליץ שמואל 695.
בלאָך שמעון, ד״ר 164, 259.
בלאַזער ישראל 164.
בלומענקראַנץ נחום 164, 430, 437, 440, 449, 531.
בלייוויס אשר 169, 173, 665.
בלאַזער יצחק 217.
בלאַזער מענדל, ד״ר 220.
בלוטמאַן יחזקאל 240.
בלאונער פייגע 380, 504.
בלייכער שלמה 737.
בלאָך יעקב 758.
בלאָך זאב 511, 620.
בלומענקראַנץ משה 681, 682, 684.
בלוטמאַן חיקא 606.
בן גוריון דוד 593.
בערנשטיין הערש 32.
בערנשטיין ישראל 32.
בערקעלהאַמער בערל 69.
בערקעלהאַמער ווילהעלם, ד״ר 86, 198, 307, 309, 311, 312, 335, 348, 371, 383, 389, 391, 428, 442, 485, 504, 508, 512, 614, 639.
בערקעלהאַמער לאה (ל..קע) 308, 380, 504.
בערנשטיין יעקלי 196, 190.
בערנשטיין יעקב 196.
בערגמאַן ישעיהו 296, 327, 524.
בעקער דוד 345
בעק ס. 401, 454, 552, 563.
בער אברהם 412, 415, 542.
בעטריבניס שמואל 737.
בעק דינאַ 504, 620.
בעסטער ישראל 554
בעטריגניס בנימין 597, 606, 665.
בראַנדשטעטער מרדכי דוד 37, 44, 45, 55, 196, 264, 340, 359, 369, 673, 267, 267, 320, 323, 325.
ברוה יצחק 86, 455.
בראַוו זעליג 88, 119, 129, 241, 634, 641, 646, 649.
בראַכפעלד דוד 89.
בראַנדשטעטער יהושע 200, 371, 766.
בראַנדשטעטער יצחק 194, 673.
בראַנדשטעטער שאול 236.
בראַנדשטעטער מיכאַל 267, 340, 341.
בראַמבערג־ביטקאָווסקי, ד״ר 198, 353, 357, 359, 361.
בראַנשטיין מרדכי 342, 474, 475, 479.
בראָך עמיל 359.
בראון חנינא 404, 449, 687
ברעזעל 430.
ברודער יוסף 445, 845, 853, 855, 8..
ברודער טוביה 449, 450, 540, 541.
בראון נפתלי 519.
בריג אַרטור 164, 243, 430, 435, 437, 440, 445, 449, 553, 594.
בריג עמיל 592, 594
בראַנדשטעטער דבורה 567.
ברוקנער יעקב 658.


## ג


גאָלדמאַן דוד 695.
גאָלדמאַן אלכסנדר 46.
ג..דהאַמער אליהו, ד״ר 55, 197, 256, 266.
גאָלדוואַסער ישראל 737.
גאָלדמאַן ח., פרוי 912.
גאָרליצער מאַרקוס 69.
גאָלדשטערן הענריק, ד״ר 120, 129.
גאָלדבערג שלמה, ד״ר 86, 109, 164, 198, 363, 367, 370, 375, 389, 394, 398, 404, 410, 414, 434, 437, 440, 448, 463.
גאָלדבערג עלזאַ 164, 441, 507.
געלדצעלער יוסף 689.
גאָטלאָב ליבער 143, 164.
גאָלדשטיין דאָראַ 163.
גאַנס עמיל 164, 252.
גלדמאַן תרח, 911.
גאָלדבערג נפתלי (דיין) 189, 203, 221, 229, 231.
גאָלדבערג אַלטער 190.
גאַסטווירט משה 240.
גאָלדוואַסער יעקב 242.
גאָרליצער משה 298.
גאָרדאָן א. ד. 316, 352, 555.
גאַנס משה 437.
גאָלדבערג יוליוש 471, 509.
גאָלדפאַרב ה., אינזש. 489, 519, 563.
גאָלדוואַקס לעאָן 605.
גאָלדשטיין לעאָן 634.
גלדבערג חיים 737.
גוטער ווילהעלם 487, 491.
גזשיב רפאל 389, 391.
גזשיב מאַנעק 478.
גליק יעקב 698, 699, 701, 704.
גינגער מאוריצי 86, 132, 140, 145, 242.
גלאַזער לעאָפאָלד 46.
גלאַזער מ. 908.
גליק פנחס 72, 86, 255, 473, 477, 544, 596, 602.
גלאָצנער ישראל 110, 132, 164.
גלאָצנער פנחס 169, 170.
גלאַס י. 223, 405, 455, 494, 553.
גלייכער פערעלקאַ 501
גלייכער דאָראַ 365.
גליק סאַלאַ 487, 491.
גליק הערש 596.
גלאַזמאַן 918, 919.
גערטלער לעאָפאָלד 56, 240.
געצלער וואָלף 71, 74, 78, 85, 89, 90, 100, 105, 110, 114, 119, 120, 131, 137, 140, 143, 146, 152, 156, 163, 166, 199, 208, 222, 245, 250, 253, 258, 379, 387, 392, 394, 401, 405, 412, 441, 447, 452, 494, 531, 552, 573, 831.
גצעלער, פרוי 164, 494.
געצלער ישראל 223, 554.

געווירץ אליהו 86, 89, 110, 119, 120, 125, 129, 132, 139, 140, 143, 145, 148, 156, 163, 208, 221.
גערסטן גבריאל 89.
געלב רבקה 164, 430, 434, 437, 441, 447, 449, 575.
געלב סאַלאָ 164, 251.
געצלער העננאַ 738.
געלדצעלער דוד 200, 371, 616.
געוועלב אב הם 216.
געווירץ יוסף 223, 455, 552.
גערטנער קלמן 223.
גערסטן לייב 253.
געלב איגנאַצי 337.
געלבוואַקס באַרוך 437, 440, 449, 450, 541, 542.
גערסטן הערש 477, 455.
געלערנטער שלמה 910.
גערטנער ישראל 455, 552, 695.
געלערנטער האַנקאַ 663.
גרינפעלד ווילהעלם 51.
גרינפעלד העלאַ 380, 381, 504.
גרינפעלד גוטמאַן 501.
גרינפעלד בלומה (שפאַן) 501.
גערסטנער (פאַריז) 917.
גרעבער מאַקס 912.
גרינבוים יצחק 89, 145, 650, 658, 664
גרינבוים טוביה 220.
גרינבערג ישראל 242.
גרינבערג הערש מאיר 242.
גראָסמאַן לייב 242.
גרינהוט וויקטאָר 255, 687.
גרינבערג העניק, ד״ר 370, 374, 398, 404, 407, 410, 414, 430, 437, 449, 513.
גרודער, פרוי 374, 375.
גרינשטיין מאַלאַ 379, 847.
גרינשטיין יצחק, ד״ר 391, 393, 411, 847.
גרינבוים יצחק, ד״ר 409.
גרינבערגער חיים 405, 491.
גרינשפאַן יצחק 430, 433.
גראָסמאַן מאיר 497.
גרושאָוו מ. 496.
גרינבערג, פרוי ד״ר 507, 518, 521, 577, 620.
גראָט יוסף שמואל 737.
גרין שרה 513, 612, 613.
גרין אַננאַ 741.
גראַבשריפט יונה 572.
גרשון גרשוני, ד״ר 602.
גראַליצער אברהם 605.
גרינבערגער יוסף 608, 611.
גרינשטיין מענדל לייב 847

ד

דאַאַר מענדל 237, 252, 678, 687.
דאַמאַסט נתנאל 371, 566, 615.
דאַמאַסט יוסף 583.
דורסט גבריאל 89, 120, 392.
דוד אלחנן, ד״ר 396.
דינטענפאַס שמואל 143, 251, 253.
דינטענפאַס מאַקס 164, 245, 258, 259.
דינטענפאַס עמיל, ד״ר 164, 170, 575.
דינטענפאַס מיכאַל, מגר. 410, 414, 415, 431, 436, 440, 449, 536, 538, 541.
דזשייקאָבס ח. (חיים יצחק קאָרן) 906, 910.
דרעזנער יוליוש, ד״ר 450.
דרוקער מרדכי 571, 602, 622.
דרוקער אברהם 605.

ה

האַלפערן אברהם 34.
האַבער משה 56.
האָלצאַפּעל איגנאַצי 58, 255.
האָלענדער איגנאַצי 58.
האָלענדער יעקב, ד״ר 86, 164.
האָלענדער העניק 89, 105, 110, 132, 140, 145, 163, 245, 251, 392, 398, 404, 410, 437, 445, 450, 858, 860.
האַמער ראובן 906, 910.
האַבער שמואל 89.
האָלענדער הערש לייב 742.
האַבער זיגמונט 128, 140, 242.
האָלצער לעאָן 141.
האָלענדער הירש לייב 164.
האַבער חיים, ד״ר 164.
האַלפערן ישראל 164.
האָראָוויץ שאול, הרב 190.
האָראָוויץ לייביש, הרב 190.
האָלענדער מעכל, הרב 190, 211, 221.
האַלבערשטאַם יחזקאל, הרב 124.
האַלבערשטאַם לייביש, הרב 194, 215, 220.
האַלבערשטאַם שלמה, הרב 194.
האַלבערשטאַם חיים, הרב 41, 42, 43, 193.
האַלבערשטאַם בן ציון, הרב 194.
האָראָוויץ יהושע, הרב 194, 219.
האָראָוויץ מאיר, הרב 124.
האָראָוויץ יחיאל, הרב 194, 211.
האָראָוויץ יעקעלע, הרב 196.
האָפּמייסטער אהרן 199, 371, 377, 453, 566, 584, 615.
האָראָוויץ ישראל, הרב באַראַנאָוויטש 227.
האוט נתן 243.
האָניג ישעיהו 251.
האַבער שלמה מענדל 265.
האַבערמאַן יוליוש 737.
האָלענדער מאיר 359.
האָכבערג, ד״ר 740.
האָפּשטעטער אברהם 393, 405, 411, 424, 537, 541.
האָפּמייסטער יצחק (חצרוני) 585, 587
האַנדעלסמאַן רבקה 605
האָלענדער י. 400, 484.
האָניג פראַנקאַ, מגר. 738.
הופּערט לודוויג 754.
האָכמאַן משה 453.
האוזמאַן אהרון 475.
האַמער חיים 487.
הוטער מאוריצי 78, 82, 89, 132, 140, 145, 163, 241, 435, 603, 664
הויזמאַן הערמאַן 910
הולעם שמואל 261
הולעם ז. 133
הורוויץ מנחם מענדל, הרב 211
הורוויץ חיים אליעזר, הרב (גראָדזשיסק) 194, 211, 216, 219, 227
הורוויץ אלטער, הרב (דזשיקאָוו) 194, 213, 219
הורוויץ יהודה, הרב (דזשיקאָוו) 211, 214
הורוויץ יצחק, הרב (סטושטין) 213, 219
הודעס יהושע 220
הודעס מינא 380, 504
הודעס יוסף און פתחיהו 825
הודעס אליעזר 570, 571, 894, 898
הולעס, ד״ר 575
הוטער מאַקס 658
הירש יהושע 55
הירש ברוך 58
הירשהאָרן מאוריצי 69
היימאַן יוסף 72, 89, 110, 114, 140, 145, 156, 244, 246, 251, 254, 257, 260, 387, 392, 398, 401, 404, 412, 427, 432, 494
הימעלפאַרב מלך 912, 915
הייבערג דוד 164
היימאַן אברהם יהודה 127, 204
הירש באַראָן 259
הילפּשטיין חיים, ד״ר 342, 383, 386, 424
הירשפעלד ד״ר. הרב 824

הערץ מענדל 55
הערץ יצחק מעכל 69
הערציק הערמאַן 737
העניג ישראל 163, 22?
הערצמאַן יעקב 208
הערצמאַן חיים 511, 552, 620, 698, 704
הערבסט ישעיהו 737
הערבסט זיסל 240
הערבסט בנימין 603
העניג חיים 315, 455, 473, 475, 477, 481, 608
הערצעל טעאָדאָר, ד״ר 277, 308, 326, 353, 357, 359, 361, 364, 372, 388, 442, 458, 463
העס משה 351
הערשענהאָרן דבורה 912
הערשענהאָרן שמואל 912
הערצאָג דויד 413, 430, 535, 538, 540, 537, 738
העלין יצחק 437, 449, 529
העלער עליזא 505
הערשקאָוויץ אשר 512
העכט מאַרצעל 424, 554
הערצבערג חיים 571, 622, 898
העניג יוחנן 590
הערשקאָוויץ אסתר 620

ו

וואַלאַך יצחק 866, 245, 396, 398, 401, 404
וואַכטעל, פּראָפ׳, 123
וואָלף ישראל 141
וואַקסקערץ אברהם 196
וואַקסקערץ פנחס 196
וואַשיץ אפרים פישל, ד״ר 56, 198, 373
וואַלאַך זלמן לייב 208
וואָלף שלמה ,הרב 211
וואורצעל שלמה 164, 237, 238, 554, 645, 678, 687
וואורצעל אירמא 506, 508, 756
וואַקסמאַן ראובן 250, 251, 433, 814
וואַלד יהודה 316, 331, 511, 620
וואַסערמאַן הערמאַן, ד״ר 370, 371, 430, 698
וואָלף פנחס 371, 377, 566, 615
וואָלף ב. 910
וואַרהאַפטיק שמואל, ד״ר 383, 384, 386
וואַלאָווסקי אלטער 437, 450, 541
וואַלד נתן 450
וואַלפזאַן דוד 453
וואַל בערל 475, 480, 481
וואַנדשטיין שמואל, ד״ר 478
וואָלף י. 906
וואולף יוסף 813
וואורצעל עוזר 485, 487, 489, 491, 557
וואַזניצער יוחנן 548, 596, 602.
וואָלף דוד 566.
וואָלק זלמן 695.
וואַלדמאַן־גינטער הענדל 596, 597, 606.
וואַסער ח. 647.
וואורצעל אליעזר 667.
וואָלק נחמן לייב 21.
וויינגאַרטען ליפּע 31, 32.
וויטמאיר הערש 56.
וויי?פעלד היינריך 69, 135.
וויינבערגער אליהו 120, 695.
ווינד ישראל 129, 141, 208, 220.
ווייס, פרוי ד״ר 132, 401, 452, 506, 164, 488, 489, 507, 571, 573.
ווידער עמיל, ד״ר 141, 508, 818.
ווילדשטיין מרים 163.
וויינשטאָק יוסף 164, 251, 252, 253.
וויזען משה אהרן 196, 20?, 313, 328.
ווייסמאַן חיות מרדכי, רבי 197, 204.
ווייסמאַן שמואל 197.
ווייסמאַן דבורה 197.
וויזענפעלד משה 199, 371, 372, 446, 447, 615.
ווייסבלום, הרב 211.
ווייסמאַן משה 223.
ווייט ראובן 242.
וויינפעלד מאַקס 244.
ווינטראוב שמואל 251, 258, 259, 437.
ווייסמאַן חיות פישל 265, 327.
ווייס־קעלנער אַננאַ 275, 281.
ווייס שלמה 275.
וויינרעב בערל 3.315
ווייסמאַן מרדכי 327, 455.
ווייניג נפתלי 337.
וויינמאַן בן ציון 343.
ווייסענבערג אברהם 758.
וויינמאַן הירש צבי 343.
ווייט חיים, ד״ר 391, 389, 488.
וויינבערג, פרוי 400, 401, 404, 494.
וויל שמואל 404, 406, 492, 493, 494, 495, 496.
ווייס מיכאַל 437, 440.
ווילד נתן 437.
ווייס חיים 448, 489, 491, 611.
ווייזער א. ל. 455, 578.
ווינטראוב רישאַרד 491, 515.
וויינדלינג ח. 495, 496, 497, 561.
ווייס ז אָלאַ 506.
ווייס מילעק 511, 620.
ווייץ שמואל 8?3.
וואָלשטאַק רעגיזאַ 912.
ווייסבלום דוד 538.
ווייס עמיל 574.
ווייצמאַן חיים, ד״ר 593.
ווייזער פסחיה 603.
ווייזער בעריש 605.
ווינד עטל 605.
וויעטשנער אבא 844.
וויינבערג אברהם 701.
וועקסלער מענקע 32.
וועקסלער דבורה 32.
וועסטרייך אברהם 55, 56, 240.
וועקסלער ישראל 58, 110, 117.
וועקסלער וואָלף 86, 89, 119, 208, 220, 695, 844.
וועג שמעון 140, 695.
וועקסלער משה 164, 844.
וועסטרייך לעאָן 244.
וועסטרייך אינזש. 370, 371.
וועלטש טאובקע 381, 504.
וועלנער שלמה 480, 608.
וועג אהרן 611.
וועקסנער טוביה, אינזש. 388.
וורעאובעל צבי 339.
וורעאובעל אייזיק 339.
וועגנער א. 906, 910, 911.

ז

זאָוואַדער חיים 898.
זאָלדינגער הערמאַן 56.
זאַליי אברהם, ד״ר 60, 198, 253, 358, 359, 265, 267, 349, 35?, 372, 376, 423, 442, 458, 464, 497, 639.
זאַלץ עוואַ 373, 499, 500.
זאַמער חיים 89.
זאַמערשטיין עמיל, ד״ר 155, 367, 528.
זאוערשטראָם אַדאָלף 156, 163, 413, 430, 433, 437, 445.
זאַלץ אלימלך יהודה 196.
זאַלץ משה יוסף 196.
זאובערמאַן ~~אלקה~~ הרב 211.
זאַגאַן שכנא 480.
זאוערשטראָם אפרים 511.
זאַכוואַלד (פּאַריז) 918.
זאַמערמאַן 634, 637, 641, 647.
זילביגער יוליוש 58.
זילביגער זיגמונט, ד״ר 62, 89, 92, 100, 110, 117, 120, 124, 138, 163, 241, 247, 639.

זילבערמאַן אליעזר 69.
זינגער אפרים 69.
זילבערפעניג ישעיהו 78, 195, 392, 678, 687, 694.
זיידענווערג איגנאַץ, ד"ר 56, 183, 413, 430, 437, 442, 445, 449.
זיידען אַדאָלף 917, 918.
זיידען שמעון 164, 235, 252, 649.
זיידען דוד 235, 238, 245, 250, 253, 649.
זילבער יהושע, הרב 193.
זינגער אַלטער 194.
זינגער חיים 194.
זינגער יוסף 194.
זילבערבערג זלמן 194.
זילבערפעניג זכריה (כסיף), ד"ר 199, 341, 342.
זינגער גיטל 912.
זינגער יחזקאל 242.
זינגער משה 243, 435, 474, 477, 641.
זינגער אברהם 912, 915.
זינגער יוסף (קאַנאַדע) 912.
זילבערמאַן יוסף, ד"ר 389, 396, 401, 410, 412, 494.
זילבערשטיין ה. 413, 429.
זיידען דאָראַ 437, 440, 450, 541, 542.
זיינוועל שמואל 437, 440, 450, 533.
זיידען לעאָן 494.
זילביגער זאַשקע 511.
זילבערמאַן ס. 910, 911.
זינגער, מאַרצעל, ד"ר 524 574.
זיינוועל רעגינאַ 533.
זילבערשטיין מאיר 569, 628.
זינגער בעריש 571, 622, 893, 895.

זילבערמאַן טוביה 603.
זילבערמאַן לייביש 605.
זיס שלמה 605.
זילבערמאַן שבתאי 606.
זיס יהושע 606.
זעלינגער אליעזר 164, 251, 253, 437, 533.
זעלינגער חיים 190.
זעלענפרוינד ז. ד"ר 198, 405, 516.
זעלינגער אליהו 243, 255, 469, 471, 472.
זעלינגער זישע 434, 435, 437, 450.
זרבבל 468, 469, 476, 479, 480, 549, 604.
זשיטלאָווסקי חיים, ד"ר 472.
זשאַבאָטינסקי זאב 493, 495, 497, 558.
זילבערמאַן (פּאַריז) 917, 918.
זאַטלער (פּאַריז) 917.

**ח**

חיות צבי, ד"ר הרב 120, 313.

**ט**

טאַן יהושע ד"ר, הרב 114, 193, 356, 359, 383, 387, 393, 406, 413, 438, 442, 525, 652.
טאובעלעס יעקב, מגר. 132, 143, 164.
טאַדער שמעון 164.
טאובענשלאַג אַדאָלף 245, [illegible]
טאובענשלאַג רודאָלף, ד"ר 340, 462.
טאובענשלאַג יוסף 340.
טאוב אַנשל 437, 445, 450.
טוכשערער משה 605.
טיש העניאָך 73, 86, 89, 255, 387, 463, 468, 472, 543, 596.
טייטעלבוים ירוחם 193.
טייטעלבוים משה 193.
טיש אליהו, ד"ר 198, 236, 424, 463, 466, 469, 636.
טייטעלבוים י. 489, 491.
טייטעלבוים אברהם 605.
טימבערג מאַניעק 605.
טעמפּלער פנחס 86, 129, 164, 208, 220, 252.
טעסטע בערנאַרד, ד"ר 880.
טעמפּליער יצחק 211.
טענענבוים שמעון 244.
טעראַלאַ גור אריה, ד"ר 412, 487, 491.
טענענבוים צבי 571, 622.
טרצלער עמנואל 494.
טשעכאַנאָווסקי ה. 497, 559, 561.
טשעך בערנאַרד 164.
טרינטשער פנחס 223, 455, 833.
טרוים יעטאַ 373, 374, 500.
טרוביג י. 908, 909.

**י**

יאַקובאָוויטש ברוך 58.
יאַרטנער אברהם 163, 258, 259.
יאַקובאָוויטש ראובן 196.
יאַקובאָוויטש לייב 695.
יאַכימאָוויטש פייבל 447, 449, 450.
יאַכימאָוויטש ע. 542.
יוריס א. ש. 479, 480.
יעקעלע ר' משה 190, 221.
יעקב בעראַנאַוער, הרב 194.
יעקעל יעקב, ד"ר 197, 308, 575, 620.
יערי יהודה — זע וואַלד יהודה
יערי עובדיה 519.
יאַסני א. וואָלף XX.

**כ**

כאַמעט (חומט) אברהם, ד"ר 72, 86, 110, 131, 143, 145, 148, 150, 157, 160, 165, 198, 223, 240, 255, 320, 351, 388, 393, 396, 404, 410, 412, 420, 430, 434, 436, 441, 444, 448, 452, 471, 475, 480, 516, 526, 528, 670, 891, 898, 917, 918, 533, 537, 541, 573, 620, 756, 762.
כאַמעט אסתר 164, 199, 575, 756.
כהנא אברהם 189, 199, 320, 331, 362, 371, 391, 424, 453, 615, 898, 895.
כהנא וואָלף 390, 391, 398.
כשר עווא 398, 404, 410, 413, 430, 506, 533, 571, 575.
כשר העניאָ 414, 517, 539, 684.

**ל**

לאַנדאו יהושע 61, 62, 632, 638, 639, 642.
לאַדנער ה., ד"ר 518, 704.
לאַנדמאַן יעקב 69.
לאַוייר יאשקע 163.
לאופער מאַרקוס 164, 695.
לאַנדאַו נתן נטע 196.
לאוטערבאַך הערמאַן 251.
לאוטערבאַך יוסף 413, 415, 430, 532, 537, 540.
לאוטערבאַך מאַקס 444.
לאַנדאו ל. מ. 357.
לאַשקאָוויץ אינזש. 370, 371, 463, 466.
לאַנדאו רפאל, ד"ר 386.
לאופער מרדכי 208.
לאַנגזאַם מ. פרל. 412, 430, 507, 540, 554.
לאַקער בעלר 471, 481.
לאופער שמואל 494.
לאופער זלמן 603, 605.
לאופער אברהם 605.
לאַדנער שרה 620.
לאַנדמאַן יוסף 641.
לאופּבאַן יצחק 200, 371.
לאַנדמאַן אברהם 695
לאַדנער הערמאַן 687.
לאַנגער יעקב בער 758.

ליכטבלאו חוה 756.
לוביאַניקער פּ. 487, 557.
לודמער 497, 561.
לוסטיק לעאָן 524.
לאופער (פּאַריז) 917.
לוסטיג ד"ר 880, 843.
ליכטבלאו ווילהעלם 68, 163, 164, 245.
ליכטבלאו חיים הערש 199, 359, 895, 898.
ליאָן מאוריצי 69, 251, 258, 259, 413, 414.
ליאָן איגנאַץ, ד"ר 73, 371, 389, 477.
לייכטער משה 73, 259, 373, 389, 391, 410, 437, 459.
לייבל דניאל 73, 74, 198, 264, 315, 336, 387, 462, 468, 471, 473, 475, 476, 479, 596, 639, 898, XX
לייבל דאָלאַ 381.
לייבל שבח 200.
לייבל דוד 223, 266, 554, 613.
לייבל בנימין 475.
לייבל יעקב 620.
לייבל אהרן 244.
לייבל משה 266, 377, 470.
לייבל מרדכי 363.
ליינער שמעון 9, 132, 241, 389, 391, 396, 404, 410, 430, 435.
ליבער שמשון 86, 110.
ליכטיק מענדל 89.
לייב בערנאַרד 120, 132, 141, 164, 253, 737.
ליבליך יצחק, דירעקטאָר 164, 199, 405, 412.
ליכטינגער לייב 200, 371, 377, 611.
ליכטינגער יהודה 487, 557, 566, 596, 602.
ליכטינגער מאיר 243, 430.
ליכטינגער א. 403, 430.
ליסס מ. 908.
ליכטיג חיים 433, 434, 437.
ליימאַן נפתלי 508.
לאַנדאו ערנאַ 867.
ליס קלמן 737.
ליבער רחל 570.
לייכטער בערל 597.
לייכטער רעגינאַ 602.
ליכטיג מאַניעק 605.
ליינוואַנד אברהם 251, 741.
ליינוואַנד ישראל 737.
לעמבערגער איזאַק 69.
לערהאַוכט אליהו 73.
לעוו מאיר 89, 90, 101, 104, 208.
לעפעל משה לייב 141.
לענקאָוויטש דוד, מגר. 145, 164, 696, 814.
לעזער אַלטער 196.
לעפעלהאָלץ ש. ז. 233.
לעזער וואָלף 226, 227.
לעזער דוד 227.
לעזער לעאָן 243, 435, 541, 832, 850, 866, 870.
לערפעלד דוד 244.
לעווין לוי 293.
לעווער איכל 359, 424.
לעזער מאַקס, ד"ר 384, 386.
לעזער העינריק, ד"ר 387.
לערנער זעליג 396, 398, 492, 552.
לעזער מ. 401, 404.
לעווענשטיין חיים, אינזש 433, 434, 437.
לעזער ה. 489.
לעזער מענדל 492, 495, 496.
לעפעלהאָלץ י. 495, 524, 532.
לעזער אהרן 695, 737.
לעווניאָווסקי פייגע 605.
לעדערבערגער אהרון 605.

## מ

מאַנהיימער, הרב 33, 34, 35.
מאַיערהאָף הערש 46, 55, 56.
מאַשלער יהושע 46, 55, 56, 255.
מאַשלער יוסף 56, 261, 747.
מאַשלער יאָאַכים 58, 359.
מאַשלער איגנאַצי 58, 359.
מאַשלער וועלהעלם, ד"ר 433, 689.
מאַשלער חיים 63.
מאַשלער לעאָן, ד"ר 164.
מאַשלער בעריש 73, 323.
מאַלץ דוד, ד"ר 60, 375, 458, 466.
מאורער שלמה 737.
מאַהלער רפאל, ד"ר 282.
מאַנהיימער ד"ר 74.
מאַרגוליעס יואל 55, 56.
מאַרגוליעס אַרטור 89, 90, 97, 110, 117, 120, 126.
מאַרגוליעס יוליוש 164.
מאַרגוליעס אַדאַם 241.
מאַרגוליעס יוסף, ד"ר 387.
מאַנדעל וואָלף, ד"ר 132, 163, 164, 410, 413, 430, 433, 388, 466, 467.
מאַשלער מענדל 751.
437, 440, 445, 447, 449, 450, 571, 573.
מאַנגעל וואָלף 163.
מאַן יהושע, רבי 190, 272.
מאָרגענשטערן משה ברוך 192.
מאַרדער אליעזר 216.
מאַרגאָשעס יוסף 225.
מאַרגאָשעס יהושע 225, 227.
מאַרגאָשעס ש., ד"ר 335, 336, 908
מאָנטעפיאָרי משה 321, 322, 323
מאָנדשיין עמיליאַ 373, 400, 430, 437, 449, 497, 502, 507, 741.
מאַרקוס מ. 455.
מאַרקוס אהרן 359.
מאורער אהרן 400.
מאַן מאוריצי, מגר. 413, 430, 449, 537, 539, 541.
מאַן נעללאַ 449, 541.
מאַנדעלבאום י. 413.
מאַהלער אַלטער 455.
מאָדזשעוויעצקי חנא 472.
מאַנע יהושע 494.
מאָזעל גאָלדאַ 507, 741, 744.
מאַרמאָר נ. 518.
מאַרמאָר צילאַ 535, 738.
מאָזעס יוסף, ד"ר 197.
מושקאַטענבליט ד"ר 164, 750.
מינץ לייבל 33, 34, 35.
מינץ משה 48, 455.
מיץ הערמאַן, ד"ר 89, 92, 96, 97, 99, 105, 108, 112, 117, 119, 126, 240.
מוקאַדי 343.
מיץ לעאָן, ד"ר 658.
מיצענמאַכער (פּאַריז) 918.
מילער מענדל 196.
מינץ וואָלף 222.
מילער מאַניאַ 380, 504.
מיפעלעוו 384, 386, 387.
מיכאַלעוויטש ביינעש 476.
מילער בצלאל 760.
מינצער הערש 658.
מנשה א., ד"ר 486, 487.
מערץ הערמאַן, 55, 56, 63, 189.
מערץ שלמה, ד"ר 58, 63, 189, 197.
מערץ יוליוש, ד"ר 163.
מערץ, פּרוי 163.
מערץ, אינזש. פּרל. 164.
מעהר שלמה 85, 89, 95, 101, 119, 129, 131, 140, 145, 148, 166, 208, 221, 747.
מענדערער מ. ד"ר 86, 110, 140, 145, 152, 156, 163, 368, 370, 394, 412, 439, 437, 440, 449, 450, 527.
מענדערער יוליאַן 738, 753, 756.
מענדערער, פרוי 164, 506, 527.

מעלינגער הירש 240.
מעלינגער פראַניאַ 538, 539.
מענקעס דבורה 189.
מעלצער ס. 359.
מענאַסע ס. 363, 368.
מעצגער וואָלף 470, 475.
מעללער בעריש 371.
מענדלינגער חיים הערש 605.
מעסטעל יחזקאל 605.

נ

נאָוואָטני משה 398.
נאַכמאַן וואָלף 737.
נויגאַסער עמיל, מגר. 254, 430.
נייגער חיים 62, 72, 78, 84, 89, 90, 97, 104, 108, 117, 119, 131, 133, 137, 140, 143, 198, 199, 223, 257, 268, 300, 302, 323, 328, 341, 387, 389, 391, 394, 396, 398, 399, 404, 405, 406, 408, 410, 411, 413, 490, 494, 514, 532, 562, 414, 416, 419, 430, 434, 579, 620, 639, 653, 744, 747, 678, 682, 681, 703.
נייגער משה אהרן 199, 300, 328, 453.
נייגער דוד, ד״ר 341, 653.
נייגער י. 620.
ניימאַן העגריק 69.
ניימאַן יחזקאל 145, 157, 163.
נײמאַן שמעון 195, 204.
ניימאַן ישראל 204.
ניימאַרק יעקב 338.
ניימאַרק א. 363.
ניישטאַט מלך 341.
נייפעלד נ. 359.
ניכטהאוזער י. 419, 422, 424, 5״4.
ניימאַן אברהם 470, 472.
נעבענצאַל בראָניסלאַוו 164, 253, 260.
נפתלי ראָפּטשיצער, הרב 194, 209, 211, 212, 213, 215, 218, 227.
נעקער יהושע 387, 620.

ס

סאַלאַמאָן פעבוס, ד״ר 55, 56.
סאַלאַמאָן יעקב 75, 388.
סאָבעלזאָן זאַשע 133.
סאַפּיר יוסף 196, 689.
סאַפּיר יהושע 689.
סאָקאָלאָוו נחום 348, 377, 400, 578.
סאַפּיר מ. 365, 463.
סאַפּיר־רינגעל אידאַ 365
סאַלפעטער לעאָן, מגר. 401, 411, 424, 438, 440, 449, 515, 528, 535.
סאַפּיר שמעון 535.
סוקמאַן יוסף 143, 657, 658.
סוקמאַן רפאל 199.
סופר שמעון, הרב 40, 204.
סופר משה 195.
סימחע זדזשיסלאַוו, ד״ר 75, 122, 123.
סימחע מגר. פרל. 164, 169.
סימאַ פנחס 197.
סימחע העגריק 240.
סינאי 475, 477, 481.
סמאָלענסקין פרץ 45, 319, 325, 326, 352, 353.
סקאָוראָנסקי מיכאַל, ד״ר 108, 109, 110, 112, 113.
סראָקאַ מאיר 69.
סראָקאַ ישראל, ד״ר 474, 478.
ספּאַ־עק מ. 474, 596.

ע

עבנער מאיר, ד״ר 458.
עדער איזאַק 69.
עדער הערש 132, 833.
עדער שמואל 214.
עדעלשטיין בערנאַרד 508.
עטקעס יואל 190.
עלענבערג, ד״ר 341.
עדעלשטיין אַנטאָנינאַ 861.
עלענד יעקב 465, 610.
ענגעלהאַרד שמואל 89, 245.
ענגלענדער חיים 109, 129, 208, 560
ענגעלבערג יצחק 132, 404, 410, 413, 455.
ענגעל יוסף, הרב 190, 191, 192, 209, 221.
ענגעל וואָלף, הרב 190, 216.
ענדער לעאָן 243, 244, 435, 910, 911.
עקסטערמאַן מאָניעק 858.
ענגעל יחיאל 445, 472, 475, 477, 481, 482, 546, 491.
ענגעל דוד 475.
ענגלענדער יחיאל 496, 554, 559.
ענגלענדער, שול־אינספּעקטאָר 672.
ערענפרוינד הזנריק, ד״ר 78, 86, 90, 102, 106, 109, 119, 126, 132, 164, 399, 412.
ערענבערג יעקב 129.
ערליך חיים 132, 164, 250, 391, 396, 398, 404, 410, 430, 434, 436, 527, 575.
ערענבערג, הרב 211.
ערליך יוסף שמואל 226.
עקשטיין מ. 221.
ערענפרייז מרדכי 357.
ערליך העגריק 647, 653.
ערליך יהושע 760.

פ

פאַדאַוער יוסף 695.
פאוסט אַבוש 78, 208, 220.
פאוכ. זעליג 235.
פאָסטר.גנג יחזקאל 129, 253.
פאַביאַן יעקב 163.
פאָטאַשמאַכער מענדל 164, 756.
פאַסטערנאַק יצחק 908, 910, 911.
פאַסטראָנג שלמה 695.
פאַסט דוד 358.
פאָמעראַנץ לאַזאַר 695.
פאַסט משה 470, 475.
פאָגעלפאָנג 474.
פאַנער ליפאָ 574, 898.
פאַבער יצחק 603, 606.
פאָרנעס נפתלי 695.
פוס אהרון 403, 536, 563, 491, 318. 362.
פינקעלשטיין שלמה 31.
פינקעלשטיין שאול 32.
פייגענבוים חיים לייב 31, 69.
פייג יהושע, ד״ר 73, 78, 82, 86, 89, 95, 105, 132, 198, 307, 371, 379, 392, 407, 412, 485, 490, 508, 514, 518, 557, 562, 573, 581, 614, 620.
פייג רבקה 506, 612, 754.
פיש יצחק, ד״ר 89, 118, 398, 410, 450, 508.
פייעראַייזען משה 89, 106, 145, 163, 642, 658.
פייבעל לאַזאַר, ד״ר 133.
פינק וואָלף, דיין 190, 220.
פינסקער יהודה לייב 55, 103.
פינסקער שמחה 203.
פייבעלס מרדכי אליהו 196.
פיינעס נפתלי אלימלך 208.
פייטעל יעקב 240.
פייערשטיין נח 242.
פילערסדאָרף זיגמונט 244.
פישלער שאול 251.
פישלער העשל, ד״ר 269.
פייער גיטל 912.
פליישער זענאָן 345.
פייערשטיין זאָשקע 381, 475, 477.
פינקעלשטיין י. 455, 695.
פישמאַן (מימן) הרב 455, 546.
פיש איכל 575.
פיש אביגדור 591.
פלור יחזקאל 69.

